„דיינע ווערטער זאָלן זיין פשוטע, כדי זיי זאָלן ניט דאַרפן האָבן קיין קאָמענטאַרן און זייער כוונה זאָל זיין פאַרשטענדלעך.‟

משה אבן־עזרא



*LOVE OF READING ACTS AS A HYPODERMIC FULL OF NARCOTIC DRUG FOR THE PAINE OF BOREDOM.*

P. T. STEINGROHN, M. D.

1979




עסייען — עסייעטן — עסייעטקעס — פּאָעזיע

— ערשטער באַנד —


פארלאג „מלכה“

תשל״ט ניו־יאָרק 1979

# WORT UN KLANG
## (Word and Sound)

— By —

**MORDECAI YARDEINI**

*VOL. I*

Farlag "MALKA", New York, N. Y.


465 Ocean Dr. Apt. 919
Miami Beach, Fla. 33139





הילע געצייכנט פון משה קיש

**$7.50 פרייז**

Printed in the U. S. A. By
SHULSINGER BROS. INC. • NEW YORK, N. Y.

## פון זעלבן מחבר:

„אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", ניו־יאָרק, 1955.

„לעאָ ליאָוו" (ביאָגראַפיע), ניו־יאָרק, 1960.

„50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע", ניו־יאָרק, 1964.

„אידישע דיכטער אין געזאַנג", ניו־יאָרק, 1966.

# אינהאַלט

# אַריינפירוואָרט

איך האָב זיך נישט געזעצט שרייבן קיין הקדמה אינעם אָנגענומענעם זין, און אַפילו נישט קיין געוועגלעכן אַריינפירוואָרט, כאָטש איך האָב אויבן אָנגעשריבן „אַריינפירוואָרט", נאָר אויפקלערן דעם לייענער וועגן דעם מאַטעריאַל וואָס איז אַריין אין די דריי בענדער און נאָך אַנדערע פּרטים.

קודם־כל — וועגן טיטל: „וואָרט און קלאַנג"!

אונטער דעם דאָזיקן רובריק, האָב איך לאַנגע יאָרן געשריבן פאַר־שידענע עסייען און אַרטיקלען אין די שבת־ און זונטיק־אויסגאַבעס פון ניו־יאָרקער „טאָג" — ווען דער „טאָג" איז געווען די אידישע צייטונג נישט בלויז אין אַמעריקע נאָר איך גלויב אין דער גאַרער אידישער וועלט. דער־נאָך אין „פאָרווערטס", אויך אין ניו יאָרק. שפּעטער אין „מאָרגן זשורנאַל", ווידער אין ניו יאָרק. און איצט אין דער „מאָרגן פרייהייט", אָבער־אַמאָל אין ניו יאָרק. צו דעם אין פאַרשידענע ליטעראַרישע זשורנאַלן, וועכנטלעכע און חודש'לעכע, ווי דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", „פרייע אַרבעטער שטימע", „אידישער קעמפער", אידישע קולטור", „קולטור און דערציאונג", „קולטור און לעבן", „זאַמלונגען". און אויך אין „די פרעסע", אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע; „אידישע וועלט", אין פילאַדעלפיע; „קענעדער אָדלער", אין מאָנטרעאַל; „די שטימע", אין מעקסיקאָ; און נאָך און נאָך. אונטער די אַלע מאַטעריאַלן ווערן אָנגעגעבן די נעמען פון די צייטונגען און זשורנאַלן וואו און ווען דאָס איז געווען געדרוקט, די דאַטעס, חדשים און יאָרן — אַן אָנזאַמלונג פון אַ האַלבן יאָרהונדערט שרייבן אויף כל'ערליי טעמעס, וועלכע זיינען מיר געווען נאָענט צום האַרצן.

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר 1929, אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט", דערנאָך, אין 1936, בין איך „אַרויסגעפאָרן", קודם, ווי אַ קאָנצערט־זינגער, נאָכדעם ווי אַ ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־זינגער, שפּעטער ווי אַ חזן — דאַוונענדיק אין גרויסע שולן און האָטעלן ימים־נוראים און פּסח. אינצווישן האָב איך אויך געשפּילט טעאַטער און אַריינגעזונגען אין „רעקאָרדס" (פּלאַטן) פאַר דער אַר. סי. עי. וויקטאָר קאָמפּאַניע, דעקאַ, אַש

און פעימאָוס, און בין אויך געווען אַקטיוו ווי אַ לעקטאָר וועגן מוזיק, טעאַטער און ליטעראַטור.

אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צו וועבן מיין „ראָמאַן", בעסער געזאָגט, מיין וועלט פון וואָרט און קלאַנג, קלאַנג און וואָרט — אַ וועלט פון מוזיק, ליטעראַטור, טעאַטער, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פּלאַטן, קאָנצערטן, שולן, האָטעלן — כסדר אַרומגערינגלט פון גרויסע צאָלן מענטשן מיט פאַר־שידענע גוסטן און געשמאַקן. מיט געזאַנג, ליד און וואָרט אויף מיינע ליפּן, בין איך כמעט אויסגעפאָרן די גאַרע וועלט. מיין שרייבן און מיינע פּלאַסטינקעס זיינען געווען דער „עמוד־האש", וואָס האָט אומעטום אין יעדן לאַנד פאַר מיר צוגעגרייט מיין קומען און די וואַרעמע אויפנאַמעס.

דער לייענער וועט זיך אין די דריי בענדער עסייען „וואָרט און קלאַנג" אָנשלאָגן אויף מער ווי איין עסיי, אָדער אַרטיקל, וועגן דעם אָדער אַ צווייטן קאָמפּאָזיטאָר, דיריגענט, מוזיקער, שרייבער, אַקטיאָר, חזן, און אויף נאָך אַנדערע טעמעס; זאָל אים נישט וואונדערן. איך האָב יעדעס מאָל געשריבן לויט דער שטימונג און די געפילן פון דעם געגעבענעם מאָמענט.

איך וויל דאָ אויך פאַרן לייענער אויפדעקן דעם צעטל פון מיינע פּסעוודאָנימען אונטער וועלכע איך האָב אין פאַרשידענע צייט געשריבן — אָט זיינען זיי: מ. תפוחי, שלום ראָוו, מ. מאַלקין, מ. שערמאַן, מ. יוד, מ. מאַלקאָוו, מ. סלאָוועשנער, א. ראָזאַנסקי, ל. שעריטאָן, מ. שולזינגער, מ. כאַווקין, מ. כאַנקעס. איך האָב זיך אונטערגעשריבן מיט די דאָזיקע נעמען נישט ווייל איך האָב זיך געוואָלט באַהאַלטן, נאָר ווייל איך האָב אַזוי געפילט. איך האָב קיינמאָל נישט מורא געהאַט הן ווי אַ לעקטאָר און הן ווי אַ שרייבער, צו זאָגן דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. איך בין נישט פון די וואָס באַהאַלטן זיך (זע מיין בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער") אונטער דער „מאַמעס פאַרטעך". מיין מאַטאָ איז אַלעמאָל געווען: וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער שפּיץ־פּען . . .

און נאָך עפּעס: איך האָב זיך דערלויבט איבערצודרוקן די ביאָגראַפישע נאָטיצן און קריטיק־אויסצוגן פון מיין ערשטן בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", מיט אַ צוגאָב פון נייע גרעסערע און קלענערע קריטיק־אויסצוגן, מחמת ביים איצטיקן מצב פונעם אידישן פאַרלאַג־וועזן אין דער אידישער ליטעראַטור, און קולטור בכלל, ווייס איך נישט צי זיי וועלן אַמאָל דערזען די

ליכטיקע שיין. זאָל דער לייענער אַחוץ זיין אייגענע מיינונג און אָפּשאַץ וועגן מיר פֿאַר זיך האָבן אויך מיינונגען און אָפּשאַצונגען פֿון אַנדערע.

לסוף וויל איך דאָ אויסדריקן מיין גאָרן דאַנק פֿון טיפֿן האַרץ צו נינאַ׳ן, פֿאַר איר געטרייקייט און איבערגעבנקייט צו מיר; פֿאַר איר אַרויסראַטעווען מיך פֿון טויט ווען איך בין געלעגן אין שפּיטאָל מיט דריי שווערע האַרץ־אַטאַקעס; פֿאַר איר דערמוטיקן מיך אַרויסצוגעבן די ביכער; פֿאַר איר גיין מיט מיר צום דרוקער און אויסקלייבן דאָס פּאַפּיר וכדומה — זאָל זי זיין געבענטשט!

מיט ליבשאַפֿט און אַ סך וואַרעמקייט ווידמע איך איר מיינע דריי בענד „וואָרט און קלאַנג" — זי האָט עס כשר פֿאַרדינט!

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז די ביכער ווערן טיילווייז אַרויס־געגעבן מיט דער הילף פֿונעם „נינאַ און בען ראָזענבערג־פֿאָנד" און מיט „אייגנגעלטעניו־פֿאָנד".

אַ באַזונדערן דאַנק דעם קאָמיטעט: פּראָפֿעסאָר אָסקאַר קריינעס, נינאַ ראָזענבערג־ירדני, אירווינג סקולניק און עטעל שערמאַן־ראָטבערג, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער „באַלעבאַטישקייט" פֿון דעם בוך.

מרדכי ירדני

מיאַמי ביטש, פֿלאָרידע, 1979

פּ. ס. עס ווערן צוגעגרייט נאָך ביכער מיט עסייען אויף טעמעס וועגן מוזיקער, שרייבער, אַקטיאָרן, דיריגענטן, דראַמאַטורגן, רייזע־מאָטיוון וכדומה. זאָל נאָר דער רבונו של עולם מיר שיינקען יאָרן, האָב איך מאַטעריאַל פֿאַר נאָך צען און אפשר מער ביכער.

# מישאַ עלמאַן
# דער פידל שפּילער מיטן געטלעכן טאָן

אין דרויסן פאַר מיין פענסטער גייט שטיל אויס אין פאַר׳חלש׳טער פראַכט די זון. די אנגעצונדענע פאַסן פלאַמען אין ווייטן האָריזאָנט אויף דעם גרינלעך־בלויען סאַמעטענעם הימל לעשן זיך אויס איינער נאָכן אַנדערן. אַ שטילער פאַרנאַכט נעמט זיך מנוחה׳דיג קרייזלען אין דער קילער לופט, וואָס איז אָנגעפּילט מיט מנחה־שטימונג. די ביימער וואָס אַנטקעגן קראָטאָנאָ פאַרק, שטייען אויסגעטאָנענע און פאַרזיפצטע אין האַרבסטיגן אומעט. איך בין אַליין אין שטוב. די ראַדיאָ שטייט אָפען: עס שפּילט אַ פלאַטע „אַווע מאַריע״ — שובערט׳ס שענסטער געזאַנג. עס איז אַ שטיק הייליגע טומאה, וואָס קאָן אַפילו אָנצינדן דאָס האַרץ פון א פרומען אידן...

דאָס געזאַנג וועגן דער הייליגער „בתולה״, וואָס האָט ניט אַנדערש ווי געבאָרן אַ „גאָט״ צו וועמען מיליאָנען קריסטן איבער דער גאַנצער וועלט בוקן זיך, צעגייט זיך אין אַלע ווינקעלעך. איך הער זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

די מעשה דאָ מיט דער הייליגער „בתולה״ אינטערעסירט מיך ניט נאָר שובערט׳ס פרעכטיגע מעלאָדיע, וואָס איז אָנגעפּילט מיט קדושה און השתפכות־הנפש...

וואָס פאַר אַ געטליכע קאָמפּאָזיציע ! וויפל נשמה, וויפל האַרץ שובערט האָט אַריינגעלייגט אין איר !

און ווער מיינט איר איז דער שפּילער ? אַ גוי ? ניין ! אַ איד. זיין נאָמען איז מישאַ עלמאַן — דער אידישסטער פון אַלע אידישע פידל שפּילער. דער ברילאַנטענער ווירטואָז, וועמעס טאָן איז אומפאַרגלייכנדיק.

אַ קליינינקייט: דער עלמאַן־טאָן ! דאָס איז דאָך עפּעס אַזוינס, וואָס ס׳איז ניטאָ קיין צווייטער צווישן די גרעסטע פידל־שפּילער אין דער וועלט. ס׳איז דאָס זעלביגע וואָס דער קאַרוזאָ־טאָן איז געווען צווישן זינגער. און מיט וואָס

פאַר אַ לייכטיקייט עלמאַן כישוף׳ט אויס די שווערסטע פידל־קאָמפּאָזיציעס. מיט וואָס פאַר אַ פּינקטלעכקייט עס אַרבעטן זיינע פינגער. און ווי וואונדערלעך ער פירט מיט דעם בויגן און אַלע זיינע באַוועגונגען. וויפל פרייד און דערהויבונג, וויפל חידוש און גאַפונג ער רופט אַרויס ביים עולם בּאַ זיינעם אַ קאָנצערט.

אָבער וואָס איז פאַראַן צו חידוש׳ן זיך? אַז מען שטאַמט פון טאַלנע מוז מען קאָנען אַזוי שפּילן ווי מישאַ עלמאַן.

טאַלנע! דאָס איז ניט גלאַט עפּעס נאָך אַ אידיש שטעטל אין אוקראַינע.

ס׳איז— ר׳ דוד׳ל טאַלנער! טאַלנער הויף! טאַלנער חסידים! נשמה־פייער! פאַרטיפקייט! הייליגער ציטער! דביקות! מתיקות! טראַ־דיציע!...

מען דערציילט, אַז ר׳ דוד׳ל טאַלנער איז געווען זייער אַ גרויסער ליבּהאָבער פון מוזיק און נגינה. ניט בלויז האָט ער ליב געהאַט חסידישע ניגונים, ער פלעגט אויך שטאַרק הנאה האָבן פון קלאַסישער מוזיק און פלעגט זיך מחיה זיין הערנדיג אַ גוטן פידל־שפּילער. באַרימטע אידישע קלעזמער פלעגן ספּעציעל אַרונטערקומען קיין טאַלנע צו שפּילן פאַר ר׳ דוד׳לען. סטעמפּעניו, פאַדהוצער, די צוויי באַרימטע אידישע פידל־שפּילער פון יענער צייט, פלעגן זיין אָפטע געסט אין טאַלנער הויף...

צווישן די קלעזמער, וועלכע פלעגן קומען אין הויף אַריין שפּילן פאַר ר׳ דוד׳לען איז אויך געווען מישאַ עלמאַנס זיידע, וואָס איז געווען דער שטאָט־קלעזמער און האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גוטן פידל־שפּילער. אָבער די אינספּיראַציע צו שפּילן פידל האָט מישאַ איבערגענומען ניט פון׳ם זיידן, נאָר דוקא פון׳ם טאַטן זיינעם, וואָס איז גראָד געווען אַ שוואַכער שפּילער, ווייל דער זיידע האָט דעם זון זיינעם, מישאַ׳ס טאַטע, פאַרווערט זיך צו לערנען. ער האָט ניט געוואָלט אַז דער זון זאָל ווערן אַ קלעזמער. צו יענער צייט האָט מען געקוקט אויף קלעזמער ניט מיט קיין חשיבות...

רעדנדיג וועגן זיין טאַטן זאָל מישאַ עלמאַן זיך האָבן אויסגעדריקט: אויב מיין טאַטע איז אַליין ניט געוואָרן קיין מישאַ עלמאַן איז עס בלויז דערפאַר ווייל ער האָט געלעבט אין זיין קינדהייט אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדן ווי די, וועלכע מיין טאַטע האָט פאַר מיר געשאַפן. בלויז אים אַליין האָב איך צו פאַרדאַנקען פאַר מיין קאַריערע. ער האָט פאַר מיר געטאָן מער וויפל ער האָט געקענט, מער וויפל זיינע כוחות האָבן אים דערלויבט.

מיין טאַטע האָט געהאַט אויף מיר מער אײַנפלוס ווי ווער ס׳איז אַנדערש. ער איז שטענדיק געווען בײַ מיין זייט, ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער האָט אַלצדינג פאַר מיר געטאָן. קיין זאַך איז אים ניט געווען צו שווער.

וואויל איז צום זון, וואָס האָט אַזאַ טאַטן! אָבער נאָך וואוילער איז צום טאַטן וואָס האָט אַזאַ זון, וואָס בעת ער געפינט זיך אויפן העכסטן שטאַפּל פון זיין גדולה, פאַרגעסט ער ניט די אַלע זאַכן, וועלכע דער טאַטע האָט געטאָן פאַר אים! און אויב איר מיינט, אַז די דאָזיגע וואַרעמע געפילן צום טאַטן שפּיגלען זיך ניט אָפּ אין מישאַ עלמאַנ׳ס שפּילן, מאַכט איר אַ טעות. די דאָזיגע געפילן זיינען אַ וויכטיגער באַשטאַנד־טייל ניט בלויז פון זיין כאַראַקטער, נאָר אויך פון זיין טאַלאַנט...

יאָ, מען דאַרף זיך נאָר ריכטיג וועלן צוהערן צו מישאַ עלמאַנ׳ס שפּילן און עס איז ניט שווער אויסצוגעפינען וואָס אין דעם דאָזיגן מענטשן שטעקט... פון הינטער די טענער פון זיין פידל רעדט אַרויס אַ וואַרעם אידיש האַרץ, אַ מענטש מיט הייסע געפילן, אַ קינסטלער, וואָס איז פול מיט מתיקות אין ריין־אידישליכן זין פון וואָרט, ניט געקוקט צי דאָס געפעלט אַ געוויסן טייל צושויער אָדער ניט.

מישאַ עלמאַן איז איצט, צו עטליכע און פופציג יאָר נאָך פונקט אַזוי פריש ווי ער איז געווען מיט פינף און צוואַנציג אָדער דרייסיג יאָר צוריק. ער פאַרמאָגט נאָך דעם זעלביגן גלאַנץ, דעם זעלביגן רייץ און דעם זעלביגן כישוף. דער מישאַ עלמאַן־טאָן איז נאָך אַלץ אַ יחיד במינו. אויף זיין לעצטן קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל איז עלמאַן אויפגעטראָטן אין אַ פּראָגראַם וואָס בלויז אַן ערשט־קלאַסיגער קינסטלער האָט געקאָנט אַזוינס וואַגן. ער האָט געוויזן אַז ער איז ניט בלויז אַן עמאָציאָנעלער פידל־שפּילער ווי עס איז אָנגענומען ביי איינִיגע מוזיק־קריטיקער. נאָר אַז ער איז אויך אַ העכסט אינטעלעקטועלער מוזיקער. אויסגעקליבענע ווערק פון וויטאַלי, מאָצאַרט, ריכאַרד שטראוס, וויוטאַן, וועניאַווסקי און יוסף אחרון. איינס און איינס געשאַפן בלויז פאַר מייסטער־פידלער פון העכסטן ראַנג, האָבן אויסגעפילט דאָס פּראָגראַם.

מיט עטליכע און דרייסיג יאָר צוריק האָט מישאַ עלמאַן אַלס זיבעצן יאָריג בחור׳ל זיך פאַרנייגט צום ערשטן מאָל פאַר אַן אַמעריקאַנער עולם אין ניו יאָרק. זינט דעמאָלט האָט ער געגעבן הונדערטער קאָנצערטן אין קאַרנעגי האָל און איבער׳ן גאַנצן לאַנד און אויך איבער דער גאַרער וועלט.

ער איז געווען דער ערשטער באַרימטער אינטערנאַציאָנאַלער קינסטלער צו באַזוכן דעם ווייטן מזרח, וואו ער איז אויפגעטראָטן מיט קאָנצערטן.

דאָס ערשטע מאָל האָט מישאַ עלמאַן באַזוכט כינע אין 1921 און דאָס צווייטע מאָל אין 1934. דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז דאָרטן געווען, זיינען געקומען אים הערן שפּילן דריי פערטל פון דער דאָרטיגער אייראָפּעאישער באַפעלקערונג און בלויז איין פערטל פון דער כינעזישער. דאָס צווייטע מאָל, ווען ער איז דאָרטן געווען, איז שוין געווען פאַרקערט — דריי פערטל פון די צושויער איז באַשטאַנען פון כינעזער. דאָס האָט ביי עלמאַנ׳ען אַרויסגערופן גרויס צופרידנקייט. יעדער מענטש מיט געפילן קאָן ווערן באַגייסטערט פאר מישאַ עלמאַנ׳ס שפּילן. ס׳האָט גאָרניט צו טאָן מיט׳ן קאָליר פון דעם מענטשן נאָר מיט זיין האַרץ און נשמה...

צו הערעז שפּילן מישאַ עלמאַן וויטאַלי׳ס באַרימטע „שאַקאָן״, צי מאָצאַרט׳ס „קאָנטשערטאָ אין די מעידזשאָר״, אָדער די מעלאָדיע אויף דער „דזשי סטרונע״ פון באַך איז ניט בלויז אַ גרויסער גענוס, נאָר אַ טיפע איבערלעבונג. יעדער טאָן און יעדער ניואַנס קומען ביי אים אַרויס אַזוי ריין און געשליפן, אַזוי פאַלירט און דורכזיכטיג, אַזוי קאָלירפול און שימערירנדיג, וואָס מאַכט, אַז דאָס בלוט אין אייערע אָדערן זאָלן אָנהויבן צו זינגען.

בעת איך בין געזעסן אין קאַרנעגי האָל און האָב זיך איינגעהערט צו זיין שפּילן וויטאַלי׳ס „שאַקאָן״, האָט די בינע צו מיר אויסגעזען ווי אַ גאָרטן, וואו עס צינדן זיך אייך אָנטקעגן בלומען־בייטן אין אַלע פאַרבן פון אַ רעגנבויגן, און אייערע אויגן זשמורען זיך פון די קאָלירן, וואָס פאַרפּלייצט אייך אינגאַנצן און אַ געזאַנג פון פייגל גלעט די אויערן אין זייער שירה צו דער אייביגקייט...

אויף יענעם קאָנצערט האָט מישאַ עלמאַן אויך געשפּילט יוסף אחרון׳ס „אידישע מעלאָדיע״. דאָ האָט ער באַקומען זיין „נשמה יתירה״. ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער „קליינער״ מייסטערישע קאָמפּאָזיציע מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים. פאַרטיפט זיך ממש ווי אַ טאַלנער חסיד... דאָס הייליגע געזאַנג פון „טאַלנער הויף״ האָט פון אים אַרויסגעזונגען דורך זיין אינסטרומענט. ער איז געשטאַנען פאַר דעם באַגייסטערטן עולם ניט בלויז ווי אַ גרויסער קינסטלער, נאָר אויך ווי אַ גרויסער, טיף־פילנדיקער איד. דאָס האַרץ האָט מיטגעזונגען אין איינעם מיט מישאַ עלמאַנ׳ען. ס׳איז געווען

שירה פון העכסטן ראַנג. נאָך קיינמאָל פריער האָט צו מיר ניט גערעדט מיט אַזאַ קראַפט די שפּראַך פון מוזיק ווי ביי יענעם קאָנצערט.

דאָס יאָר 1892, ווען מישאַ עלמאַן איז געבאָרן געוואָרן, וועט אַריין אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט פון מוזיק. דער נאָמען מישאַ עלמאַן וועט פאַרבלייבן לדורות. ביז איצט איז עלמאַן שוין אויפגעטראָטן אויף מער ווי דריי טויזנט קאָנצערטן אין פאַרשידענע לענדער און העכער צוויי מיליאָן רעקאָרדס זיינע צירקולירן איבער דער גאָרער וועלט. ער איז דער באַזיצער פון דריי קאָסטבאַרע באַרימטע פידלען: אַ יאַאכים־סטראַדיוואַריוס, אַן אַמאַטי־פידל און אַ פופציק טויזנט דאָלאַרדיגע רעקאַמיער־סטראַדיוואַריוס, וואָס זיין פרוי האָט אים געשאָנקען אַ מתנה צו זייער חתונה.

דער ערשטער צו באַמערקן דעם גרויסן טאַלאַנט אין מישאַ׳ן איז געווען מישאַ׳ס טאַטע, וועלכער, ווי געזאָגט, האָט אַליין געקענט אַביסל שפּילן פידל. מישאַ איז דאַן אַלט געווען פיר יאָר, ווען דער טאַטע האָט אים געקויפט אַ קליין פידעלע און מיט אים אָנגעהויבן צו לערנען שפּילן. פון די אָרימע מלמדישע פאַרדינסטן האָט ער ניט געקאָנט זיך פאַרגינען צו נעמען פאַר מישאַ׳ן אַן אמת׳ן לערער, ווי עס פירט זיך ביי לייטן. דער פאָטער האָט געקנעלט מיט אים אַזוי לאַנג ווי עס האָט זיך געלאָזט.

ווען מישאַ איז געוואָרן אַלט צוועלף יאָר, האָט דער טאַטע אים געבראַכט קיין אָדעס, וואו ער איז אַריינגעטראָטן אין דער דאָרטיגער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע. אין אָדעס האָט אים געהערט שפּילן דער באַרימטער מייסטער־לערער פון פידל, לעאָפּאָלד אַוער, ווען ער איז געווען דאָרט אויף אַ באַזוך און ער האָט מישאַ׳ן גענומען מיט זיך קיין פּעטערבורג וואו זיין נאָמען איז שנעל געוואָרן באַקאַנט. ער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אויף קאָנצערטן, צוערשט אין פּעטערבורג, שפּעטער אין בערלין און דערנאָך אין לאָנדאָן.

דעם 20טן דעצעמבער 1908 האָט מישאַ עלמאַן געמאַכט זיין „דעביוט״ אין אַמעריקע. אויף מאָרגן נאָכן קאָנצערט איז די גאַנצע ניו יאָרקער פּרעסע געווען פול מיט זיין נאָמען. ער האָט מיט זיין שפּילן וואָס ליכטיגט זיך אַרויס מיט אַזאַ רירנדיקן גלויבן און מיט אַזאַ דערהויבענעם פּאַטאָס, וואָס פאַרכאַפּט דאָס האַרץ, איבערראַשט ניט בלויז די צושויער נאָר אויך די קריטיקער, וועלכע האָבן בייגעוואוינט דעם קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל. עס איז געווען אַ מוזיקאַליש געשעעניש פון ערשטן ראַנג. עלמאַן איז דערנאָך

צוריקגעפאָרן קיין אייראָפּע און איז שפּעטער ווידער צוריקגעקומען און איז שוין פאַרבליבן אַן אַמעריקאַנער. דער נאָמען מישאַ עלמאַן איז היינט צו טאָג באַוואוסט צו מיליאָנען מוזיק־ליבנדיקע מענטשן איבער דער גאָרער וועלט, פאַר׳ן אידישן פאָלק איז אַ שטאָלץ צו האָבן אַזאַ זון...

„דער אַמעריקאַנער" פעב. 20, 1948, נ.י.

# יונה ראָזענפעלד — דער גריבלער

## (צו זיין 20־סטן יאָרצייט)

באַלד וועלן זיך אָנהויבן די פייערונגען פון הונדערט יאָר מאָדערנע אידישע ליטעראַטור. יונה ראָזענפלד׳ן, וועמעס צוואַנציקסטער יאָרצייט איז אויסגעפאַלן היי־יאָר, קומט אַן אָרט אויבנאָן ביי דעם יום טוב. עס קומט אים, ער האָט זיך דאָס אָרט כשר פאַרדינט פון גאָר אַ סך שטאַנדפּונקטן.

יונה ראָזענפעלד איז געווען דער ערשטער אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך גענומען גריבלען אינעם מענטשנס נשמה — ניט בלויז כדי צו באַשרייבן. ער האָט דער ערשטער גענומען אַריינדרינגען, אַריינביוען זיך אין די פאַרבאָרגענע קעמערלעך פונעם געפאַלענעם כאַראַקטערס נשמה, צו וועלכע מ׳דאַרף זיך גראָבן גאָר טיף, ביז מ׳דערגייט און דערקייקלט זיך צו איר. ער גיט ניט בלויז קאָנקרעטע בילדער פון זיינע העלדנס מעשים און האַנדלונגען, נאָר אויך זייער פּסיכישן אונטערשלאַק: דאָס דענקען און פילן, דאָס טראַכטן און קלערן, די פאַרוויקלטע געראַנגלענישן, פאַרפּלאָנטערנישן און פאַרהעלטענישן פון די העלדן — ביזן לעצטן טראָפּן פון די באַהאַלטענע זאַפטן, וואָס ווירקן אויף זיי און זייערע מעשים.

יונה ראָזענפעלדס פייאיקייט און טיפע מאָלונגען און שילדערונגען פונעם מענטשן און זיין סביבה, פונעם ער און די זי, פון די קעגנזייטיקע געפילן און האַנדלונגען, פון די איכישע איבערלעבונגען און באַגערן, שטימונגען און לעכצענישן, האָבן אים גלייך פון אָנהייב אַרויסגעהויבן ווי אַן אייגנאַרטיקן און ביז גאָר אינטערעסאַנטן יידישן שרייבער.

יונה ראָזענפעלד איז ניט געווען פון די אויסגעפוצטע און מאַניקירטע שרייבער ביי אונדז וועלכע איבערוועלטיקן אייך מיט זייער געשליפענעם סטיל, ווירטואָזישן לשון, ברילאַנטענעם זאַץ אָדער געטאָקטער פּראָזע. בשום אופן ניט. ער איז אויך ניט געקומען צופאָרן אין דער יידישער ליטעראַטור אַריין רייטנדיק אויף אַ ווייסן אָדער קאַרן פערד, אָדער אין אַ גאָלדענער קאַרעטע מיט ווייכע גומענע רעדער אויף אַן אויסגעבעטער בריטשקע מיט פּרונזשינעס, נאָר אויף אַ פּראָסטן דראַבינע־וואָגן מיט שאַרסקע רעדער, געקאָוועט מיט גראָבע אייזערנע שינעס, און אַ האַרטער קעלניע, וואָס האָט ניט מורא פאַר קיין בלאָטעס און שנייען, ווינטן און רעגן, דונערן און בליצן, און קאָן פירן די שווערסטע משא...

ביי יונה ראָזענפעלדן לויפן ניט די שורות, זאַצן און פּאַראַגראַפן, ווי ספרינטע פערד מיט געהויבענע קעפּ און פאַרשייטע גריוועס ווי ים־כוואַליעס, וועלכע זיינען שיין אָנצוקוקן און זיינען גרויסע בריות אויף גלאַטע שאָסייען און פיינע טראַקטן, נאָר ווי פּראָסטע וואָזקע פערד מיט שטייפע פּערסן, מוסקולירטע פיס און שטאַרקע קאָפּיטעס ווי מויערן, וועלכע קאָנען שלעפּן די שווערסטע קלעצער — אין וועלדער און אין פעלדער דורך טיפע זאַמדן און שנייען, בלאָטעס און זאַווערוכעס.

אמת, מיט אַזעלכע פערד דאַרפט איר אַרויספאָרן אַ סך פריער ווי געוויינלעך, אָבער איר זייט אַלעמאָל מיט זיי זיכערער, אַז זיי וועלן אייך ברענגען צום געהעריקן אָרט. מילא, פאָרט מען אַרויס פריער אַביסל, פאָרט מען זיך לענגער — אַבי די זיכערקייט פון דערפאָרן איז דאָ!

אַוודאי איז פיל אָנגענעמער צו פאָרן מיט אַ שפּאַן פון ספּריטנע פערד אויף גלאַטע שאָסייען און פיינע טראַקטן, אָבער אויף אַ פּראָסטן דראַבינע־וואָגן, מיט פערד וואָס יאָגן זיך ניט, וואָס איילן ניט, און אויף זאַמדיקע וועגן טראַכט זיך בעסער, קלערט זיך לויטערער — און דער עיקר פאַרגעסט מען ניט, אַז ס׳זיינען דאָ מענטשן, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט...

יונה ראָזענפעלד, ווי קיין יידישער שרייבער ביז אים און נאָך אים, האָט זיך גענומען צייט אויף צו טראַכטן און באַטראַכטן, אויף צו קלערן און באַקלערן זיינע העלדן. ער האָט זיי פריער גוט אַרומגעטאַפּט, אַרומגעזופּט פון אַלע זייטן; אַרומגעשמעקט און טיף איינגעזאַפּט אין זיך זייערע געפילן, געדאַנקען, קאָנפליקטן, גורלות, פאַרפלאָנטערנישן, קאַפּריזן, אָפענע און באַהאַלטענע, שרייענדיקע און פאַרבאָרגענע, געוואוינהייטן און שטיקעלעך,

יעדן בויג און קער, ווענד און זאַג, טראַכט און קלער, מינע און פּינטל, שפּיצל און רייצל; זיך שאַרף און גוט איינגעהערט צו זייערע אָטעמס, האַרץ־קלאַפּעונישן, ציטער און פלאַטער, טיק־טאַקס פון די פּולסן — און דערנאָך ערשט איז ער געגאַנגען מיט זיי צום שרייב־טיש.

און אפילו שוין זיצנדיק ביים שרייב־טיש, האָט יונה ראָזענפעלד נאָך אַלץ ניט געלאָזט די העלדן זיינע פריי לויפן, שפּרינגען, טאַנצן, נאָר גיין פּאַוואָליע. וואָס איז די אײַלעניש ? מ׳וועט אָניאָגן. ביי גאָט איז דאָ אַ סך צייט ! ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין זיינע העלדן, אַז ער קאָן האַלטן אָן אויג אויף זאַכן, מענטשן און סיטואַציעס; אַז פון אים אנטלויפט מען ניט; אַז ער ווייסט פון אַלע קעמערלעך און באַהאַלטעונישן, שפּאַרונעס און לעכער . . .

יאָ, דער אויבערשטער האָט יונה ראָזענפעלדן געבענטשט מיט שאַרפע דורכדרינגענדיקע שפּיזל־אויגן, וואָס קאָנען גאַר־גאַר טיף אַריינקוקן אין אַ מענטשלעכן ברונעם און זען וואָס ס׳טוט זיך אויפן סאַמע דנאָ דאָרט . . .

יונה ראָזענפעלד האָט אויך ניט געלאָזן די העלדן זיינע, אַז זיי זאָלן ווערן ווירטואָזן, אַז זיי זאָלן ווערן גאַנצע חכמים, רעדן קלוגע רייד, וועלכע קאָנען זייער גרינג אָפּנאַרן דעם לייענער, — און אויך די קריטיקער! — ער האָט די העלדן זיינע געלערנט בעסער צו זיין ערשט־קלאַסיקע מוזיקער — אַ זעלכע ווי מ׳באַגעגנט נאָר אין די סאַמע אויסגעצייכנטסטע סימפאָנישע אָרעקסטערס. ווירטואָזן זיינען ניט אלע מאָל דווקא ערשט קלאַסיקע מוזיקער . . .

ביים מאָלן און שילדערן אַ כאַראַקטער האָט יונה ראָזענפעלד קודם אינזין געהאַט ניט די שרייבערישע פאָרם, דעם פּוץ און גלאַנץ, אָדער די שיינקייט פונעם לשון, פונעם געשליפענעם זאַץ און געטאָקטער פּראָזע, נאָר דעם כאַראַקטערס פּערזענלעכקייט, די פאַרשיידענע מאַניפעסטאַציעס זיינע, אָבער מער נאָך פון אַלצדינג האָט ער געזוכט — און געפונען — די נשמה פונעם כאַראַקטער. וואָס טראַכט זי — די נשמה ? ווי אַזוי פילט זי אין דעם אָדער אין יענעם מאָמענט ? וואָס קלערט זי וועגן דעם אָדער יענער זאַך ? וואָס, אַשטייגער, אין דער אמת׳ן וואָלט זי געוואָלט ? וואָרים ניט דאָס וואָס זי טוט און האַנדלט איז דער עיקר, דער מיין, נאָר דאָס וואָס זי, די נשמה, וואָלט באמת געוואָלט טאָן און האַנדלען — און טוט און האַנדלט ניט !

יונה ראָזענפעלד האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע חריפות אין קאָנען צעפּעדעמען און פאַנאַנדערקניפּן דעם שווערסטן קנויל, די האַרבסטע

פלאַנטערס, פאַרוויקלענישן און קנופּן. מחמת וואָס איז דען דער מענטש — אויב ניט קיין בינטל פּעדים מיט פלאָנטערס, אויב ניט קיין קנויל מיט קנופּן? ער האָט דעם טאָג, די נאַכט, די ליכט און שאָטן, וואָס וואוינט אין די אַלקערס פונעם מענטשן — אויף אַ מערקווירדיקן אופן אַרויסגעטויכט און פאַר אונז אַוועקגעשטעלט ווי אַ שפּיגל; נאַ מענטש, קוק זיך אָן, ווי דו זעסט אויס אין דער אמת'ן...

אַרבעטנדיק אויף די פאַרשיידענע שפּיגלען פון יעדן העלד זיינעם באַזונדער, האָט ראָזענפעלד געוויס נישט איין מאָל זיך צעשניטן די פינגער ביז בלוט, אָבער דערפאַר איז ביי אים יעדער שפּיגל אַרויסגעקומען געטריי און ערלעך — ממש ביז צו אַריפּמעטישער פּינקטלעכקייט. ווייל נאָר און דורכאויס אויף אַזאַ שטייגער האָט ראָזענפעלד געקאָנט אַרבעטן אויף זיינע כאַראַקטערס און דערפירן זיי צו זייער פולער פּערזענלעכקייט און געשטאַלטונג, צו זייער פולער שלימות און גאַנצקייט, וואָס ער האָט דער־גרייכט אין אַלע זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען.

איך ווייס נישט פון נאָך אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט אַזוי פיל געשריבן פון אייגענער דערפאַרונג, פונעם אייגענעם קוואַל, ווי יונה ראָזענפעלד. ער האָט דעם מעטאָד פון זיין שרייבן געלערנט פון זיך אַליין, פון זיין אייגענער קינסטלערישער אינטואיציע. ער האָט קיינעם נישט נאָכגעמאַכט, קיינעם נישט אימיטירט, ער איז דורכאויס געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, אין זיינע אייגענע פוס־טריט. ניין, צו־גרינג איז עס אים נישט אָנגעקומען. מ'פילט אַז ער האָט שווער געהאָרעוועט איבער יעדן ווערק זיינעם, אָבער דערפאַר איז ער דורכאויס געווען אָריגינעל. אַן אויטאָדידאַקט אַ „סאַמאָוק" (אַ זעלבסט־געלערנטער) — יאָ, ריכטיק. אָבער איך וועל אייך אַוועקגעבן צען אַקאַדע־מיקער און צוואַנציק אוניווערסיטעט־גראַדואירטע פאַר איין טאַלאַנטפולן „סאַמאָוק". אויך בעטהאָווען איז געווען אַ „סאַמאָוק" און מוסאָרגסקי, און וואַן־גאָג, און נאָך פיל אַנדערע.

יונה ראָזענפעלד איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַוויזן מיט אַן אינעווייניקסטן טאָן אין דער נייער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, ער איז נישט געקומען מיט קיין אויבנאויפיקן געזאַנג, און נישט מיט קיין אָפענע טענער, נאָר דורכאויס מיט אַ ממעמקים־געזאַנג, און מיט גדעקטע טענער. אים איז נישט געגאַנגען אין די אויבערשטע אָקטאַוועס, נאָר דורכאויס אין די אונטערשטע אָקטאַוועס, וואָס זיינען דער פונדאַמענט פון יעדן לעבעדיקן

בנין, פון יעדער צאַפּלדיקער קונסט — דער מענטש אַריינגערעכנט. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי אַנצוהויבן בויען דעם און יענעם כאַראַקטער זיינעם, ווי אַזוי אים אויפצושטעלן, אַרומצוהובלען און אַרומצוטעסען די סוקעס, אַז ער זאָל אַרויסקומען גאַנץ און געראָטן, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

נו, יונה ראָזענפעלד איז נאָך ווייט ניט גענוג רעכט ביי אונז אָפּגעשאַצט געוואָרן, אָבער דאָס איז אַ קליינינקייט. אפשר וואָלט עס געמיינט עפּעס פאַרן לעבעדיקן יונה ראָזענפעלדן, אָבער פאַרן טויטן יונה ראָזענפעלדן מיינט אָט־די צייטווייליקע ניט־גענוגנדיקע אָפּשאַצונג — גאָרנישט... וואָרים ווען ער, יונה ראָזענפעלד, וואָלט בלויז אָנגעשריבן דעם איינעם בוך זיינעם, דעם אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „איינער אַליין" (דער ערשטער טייל), וואָס איז דערשינען אין יאָר 1941 (דער צווייטער טייל, האָב איך געהערט, ליגט פאַרטיק אין כתב־יד און וואַרט אויף אַן אַרויסגעבער), וואָלט געווען גענוג אויף אַרויסצושטעלן אים מיט די גרעסטע ליטעראַטור־שאַפער ביי יידן.

„יידישע קולטור", פעב., 1965, נ. י.

# זירא מאָסטעל

## (אַ וואָרט פון אַ פריינט)

איך הויב אויף דעם פאָרהאַנג און עס דערשיינט פאַר מיר אַ לעבן פון מיט דרייסיק יאָר צוריק — ווי נעכטן וואָלט עס געווען.

אין דרויסן פונם לעבן איז אָנגעגאַנגען דער מעקאַרטישער מכשפה־געיעג אויף קאָמוניסטן, לינקע ליבראַלן, סימפּאַטיקער — און אפילו אויף די, וואָס האָבן זיך באַגעגנט אָדער גע׳חבר׳ט מיט די דאָזיקע מענטשן. אָבער אינעווייניק ביי זיך אין די שטיבער, אין וילעדזש, אָדער סענטראַל פּאַרק וועסט, האָט מען געפּראַוועט געבוירן־טאָג־פּאַרטיס, קערמעשלעך לכבוד פאַרשיידענע ימים־טובים — און גלאַט פריילעכע הוליאַנקעס. מ׳האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן, אפילו די וואָס זייערע נעמען זיינען געווען אויפן „שוואַרצן־צעטל", פאַר מעקאַרטי׳ן און זיין געהילף ראָי קאָהן, און דער עף־בי־איי; מ׳האָט זיי געהערט ווי דעם קאָטער...

דאָס לעבן איז אַנגעגאַנגען אויך ביי די וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע שטעלעס, אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע פּאָזיציעס אין דער אָדער אין יענער קינסטלער־בראַנזשע, אַנדערע אפילו זיינען געווען מחוסר־לחם; מ׳האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער פינצטערער צייט, מיט די מכשפה־געיעגן — מ׳האָט געלעבט און שוין. מ׳האָט זיך איינער דעם צווייטן אַרויסגעהאָלפן מיט געלט, מיט אַן עצה, מיט שטאַרקן דעם געמיט; קיינער האָט דעם קוראַזש ניט פאַרלאָרן און אויך ניט אויפגעגעבן די קינסט־לערישע באַהעמישקייט — סיי אין ניו יאָרק און סיי אין האָליוואוד.

* * *

מיין זכרון פירט מיך אויף סענטראַל פּאַרק וועסט, צו אַ „חנוכה־און־קריסטמעס־פּאַרטי״ ביים אָקאָרשט פאַרשטאָרבענעם גרויסן אַקטיאָר פון דער בינע, פילם, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, זירא מאָסטעל, וואו עס איז געווען פאַרזאַמלט אַ קראַנץ פון פאַרשיידענע קינסטלער: שרייבער, אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, נאָוועליסטן, מוזיקער, זינגער, פּראָדיוסערס, דירעקטאָרן, רעזשיסאָרן. צווישן אַנדערע: דזשולי (דזשאָן) גאַרפילד, קליפאָרד אָדעטס, סעם דזשאַפע, עדוואַרד דזשי. ראָבינסאָן, דימס טיילאָר, אוירווין שאָו, נאָרמאַן מעילער, לינאַ האָרן, דזשולי סטיין, רוט (חנה׳לעס טאָכטער) און איר מאַן ניק (ריטשאַרד) קאַנטי, סאָני אָסאָטאַ, די יאַפּאַנעזישע באַלעט־טענצערין מיט איר אידישן מאַן, דזשאַרדזשיאַ ניבס און נאָך און נאָך. אַ פולע שטוב מיט מענטשן, ווי אויף אַ פּולוואַראָק, אָדער אויף אַ היימישער אידישער חתונה. חנה׳לע און איך זיינען געווען רוטי׳ס און ניקי׳ס געסט, ווען זיי האָבן אומגעבעטענערהייט מיטגעבראַכט. אָבער אַזוי האָבן זיך חנה׳לעס טאָכטער מיטן איידעם געפירט: ווען זיי פלעגן קומען צופאָרן פון האָליוואוד קיין ניו יאָרק, זיינען מיר געווען זייערע געסט און האָבן אונז אומעטום מיטגענומען. און אָט אַזוי אַרום, האָבן חנה׳לע און איך, זיך באַקענט מיט זירא מאָסטעל׳ן (מיט גאַרפילד׳ן, ראָבינסאָנ׳ען, סעם דזשאַפע, נאָרמאַן מעילער, אוירווין שאָו, לינאַ האָרן, האָבן מיר פריער זיך באַקענט, זייענדיק ביי די קינדער צוגאַסט אין האָליוואוד).

איבעריק גאָר צו דערציילן, אַז די „חנוכה־און קריסטמעס־פּאַרטי״, מיט אַן אָנגעצונדענער מנורה און אַ קריסטמעס־בוים, איז געווען אַ פריילעכע און לוסטיקע ביז גאָר! עס האָט ניט געפעלט קיין לעבן, קיין זשוואַווקייט,

קיין „פעפ״ (אגב, האָב איך וועגן דער דאָזיקער „פּאַרטי״ דערנאָך געשריבן אַן אַרטיקל אין „טאָג״). מ׳האָט פאַרבראַכט ביז שפּעט פאַרטאָג און יעדער איינער איז אַרויס אַן אויפגעלייגטער, אַ צופרידענער, און אין אַ גוטער שטימונג. די צוגעגרייטע שפּייזן זיינען געווען געשמאַקע, די בופעט־טישן זיינען געווען געגרייט און אָנגעפילט מיט כל־טוב, און די פאַרשידענע גוטע געטראַנקען האָבן זיך אַליין אין די העלזער געגאָסן. עס איז אויך דורכגע־פירט געוואָרן אַ פּראָגראַם: דזשולי סטיין און דימס טיילאָר האָבן אָפּ־געגעבן „קאָנצערט״ אויף דער פּיאַנאָ, און לינאַ האָרן מיט דזשאָרדזשיאַ גיבס האָבן געזונגען לידער פון זייער רעפּערטואַר.

*   *   *

חנה׳לעס טאָכטער האָט מיך פאַר׳ן עולם געהאַט פאָרגעשטעלט אַלס „דער פּאַלעסטינער זינגער״, וואָס זינגט אויף קאָנצערטן, אויף דער ראַדיאָ און אַלס וויקטאָר רעקאָרדינג־אַרטיסט, און מ׳האָט דעריבער מיך געבעטן צו זינגען אייניקע פּאַלעסטינער לידער, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ נייס אין אַמעריקע. צווישן די לידער וואָס איך האָב געזונגען איז געווען דאָס ליד „יפים הלילות״, וואָס איך האָב מיט אַ וואָך פריער מיט אָרגאַן־באַגלייטונג רעקאָרדירט פאַר דער „אַר. סי. עי. וויקטאָר קאָמפּאַני״. דאָס ליד האָט ביים עולם שטאַרק אויסגענומען; אַזוי, אַז דימס טיילאָר, אַליין אַ באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־קריטיקער, האָט מיך געבעטן אַז איך זאָל דאָס זעלביקע ליד נאָכאַמאָל איבערזינגען. פאַרשטייט זיך אַז איך האָב זיך ניט געלאָזט צופיל בעטן, כאָטש די הויט האָט אויף מיר גאַנץ נישקשהדיק געציטערט, אָבער איך האָב זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט אַ פרישׁ גלעזעלע קאָניאַק און דאָס זינגען איז אַוועק ווי געשמירט. דימס טיילאָר האָט מיר דערנאָך שטאַרק געדאַנקט. ס׳איז אים געפעלן געוואָרן דער אָריענטאַליש־תימנ׳ישער קלאַנג, די האַלב־עקזאָטישע טענער פונם ליד — דער עיקר פונם צוזינג, פונם רעפריין. אַזוי אַרום בין איך ניט געווען קיין אומזיסטער „פּרעסער״, איך האָב אויך מיין „חלק״ צוגעטראָגן צו דער פריילעכער פּאַרטי...

דאָס שענסטע דערביי אָבער איז געווען, וואָס איך האָב מיט מיין זינגען אָנגעוואַרעמט אי גאַרפילד׳ן, אי דעם באַלעבאָס פון דעם פּאַרטי, מאָסטעל׳ן, אַז זיי זאָלן זיך צעזינגען: ביידע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ געזאַנג־פּאַר־

מעסט. דער ערשטער האָט געכאַפּט אַ גרויסן באָקאַל מיט אַנגעגאָסענעם ווייַן און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ בענקל זאָגנדיק אַז ער גייט מאַכן „קידוש״: ער האָט אַמאָל מיט זיין טאַטן אויף דער איסט סייד אין אַ שול געהערט חזן קוואַרטין מאַכן קידוש און ער געדענקט עס ביז היינטיקן טאָג. ווייס איך ניט צי דער ניגון איז געווען אַקוראַט ווי קוואַרטין האָט געזונגען, אָבער גרייזן אין דעם טעקסט האָט גאַרפילד געמאַכט אַ סך. און נאָך אים האָט זיך אויפגעשטעלט מאָסטעל און האָט גענומען זינגען „כל מקדש״ — און דווקא מיטן ריכטיקן ניגון. און אָן איין גרייז!

דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם האָט אים וואַרעם אַפּלאָדירט און האָט הנאה׳דיק געלאַכט. מ׳האָט געזען פאַר זיך אַן אמת׳ן אידן, וואָס האָט איינגע־זאַפּט אין זיך אַלע בראַנזווילער אידישע חנ׳ען, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, און די חנ׳ען פון דער רבנישער שטוב אין וועלכער ער איז דער־צויגן געוואָרן. זיין פרוי קעידי (קעטרין — אַ קריסטלעכע) איז צוגעגאַנגען און האָט אים דריקנדיק צו זיך אַ שטאַרקן קוש געגעבן. שמואל־יואל פון בראַנזוויל האָט דעמאָנסטרירט, אַז ער שעמט זיך ניט מיט זיין אידישקייט, ניט מיט זיין אָפּשטאַם און אויך ניט מיט זיין טאַטן, דער רב, וועגן וועלכן ער פלעגט אָפט דערציילן פאַרשיידענע מעשות, ערנסטע און קאָמישע; פון אַ היימישן רב, וואָס איז געבליבן ביי זיין קליינשטעטלדיקייט, אָדער וועגן זיין היימישער מאַמע, ציליע.

* * *

דער נאָמען „זיראָ״ האָט ער זיך אַליין געגעבן — און אָט ווי אַזוי: דער טאַטע זיינער האָט געוואָלט מאַכן פון זיין זון אַ רב, אָבער דער זון איז געגאַנגען אויף אַנדערע „דרכים״ און ער פלעגט אים זאָגן: „פון דיר, מיין זון, וועט שוין קיין לייט ניט זיין, וועסט אויסוואַקסן אַ גאַרנישט!״ איז פון „גאַרנישט״ געוואָרן — זיראָ (נול), אַ נאָמען, וואָס האָט זיך צעקלונגען פון בראָדוועי ביז האָליוואוד, און פון האָליוואוד ביז טאָקיאָ, תל־אביב, לאָנדאָן, און איבער גאָר דער וועלט!

אַקוראַט מיט אַ יאָר צוריק, אין חודש סעפּטעמבער, האָבן מיר זיך באַגעגנט ביי אונזער געמיינזאַמען דענטיסט אין אָפיס, דר. מוני, אויף דער פינפטער עוועניו און אַכט און פופציקסטע גאַס, אין ניו יאָרק. ווי תמיד האָט זיך זיראָ מאָסטעל געלאָזט הערן מיט זיין זאָג: „שלום עליכם, מאָטקע גנב!״

אָבער ווען איך האָב אים דאָס מאָל אַזוי גיך ניט געענטפערט און ער האָט אַ גוטן קוק געטאָן אויף מיין טרויעריקן פּנים, איז ער געבליבן שטיין אַ שווייגנדיקער. ער האָט פאַרשטאַנען אַז עפּעס שרעקלעכס האָט געמוזט געשען. ווען ער האָט פון מיר געהערט אַז חנה׳לע איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן, האָט ער אַ שטילן ציטער געטאָן און זיינע גרויסע שוואַרצע־ברוינע אויגן, וואָס האָבן אים אַזוי באַרימט געמאַכט, האָבן זיך אָנגעפּילט פול מיט טרערן. „פּור חנה׳לע !״ האָט ער שטיל אַרויסגעמורמלט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן „פּור רוטעלע״, ווען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און פלעגט זיך שפּילן מיט איר ווי מיט אַ קינד — סיי ווען ער פלעגט קומען קיין האָליוואוד און סיי ווען רוט פלעגט קומען קיין ניו יאָרק.

יאָ, עס גלויבט זיך קוים, אַז אָט דער טאַלאַנטירער שפּרודלדיקער שויּ־שפּילער פון דער טעאַטער־בינע, פילם, ראַדיאָ, טעלעוויזיע; אָט דער וואוילער, האַרציקער גוטער מענטש, אַ מענטש אַן אַ גאַל, און אויך אַ גאַנץ געראָטענער מאָלער, מיטן נאָמען זיראָ מאָסטעל, איז געשטאָרבן ! עס גלויבט זיך ניט, ווייל ער האָט דאָך פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל לעבן, שפּילעווודיקייט, אַזויפיל קינסטלערישע וויטאַליטעט און ברויזקייט, אַזויפיל מאַניפעסטירנדיקן טאַלאַנט וואָס איז אַריבער איבער די ברעגעס, פאַסינירי־דיקע זיבן חנ׳ען, אַן אָרקעסטער פון קאָלירן, אַ גאַנצע סימפאָניע פון טעמעס און וואַריאַציעס, מעסטלען גאַנצע מיט שטימונגען, וואָס האָבן אַן עולם געקאָנט מאַכן צו לאַכן און צו וויינען, צו זיפצן און צו באַוואונדערן, צו טראַכטן און צו קלערן — אַז אָט דער גרויסער שוישפּילער מיט זיין רירעוודיקער פיגור און פול פּנים׳דיקייט מיט גרימאַסן, איז טויט !

אָבער אַ פאַקט איז אַ פאַקט: ווען מ׳זאָגט אויף איינעם אַז ער איז געשטאָרבן, זאָל מען גלויבן. אָבער — אַזוי יונג ! וואָס זיינען היינטיקע צייטן צוויי און זעכציק יאָר ? און ווען: פּונקט דעמאָלט ווען ער האָט זיך געגרייט נאָכאַמאָל איינצונעמען בראָדוועי, און די גאָרע טעאַטער־וועלט, מיט אַ נייער אויפפירונג, אַ נייער פּיעסע: „דער סוחר״, געבויט אויף שעקספּירס „דער סוחר פון וועגעדיג״, אָדער „שאַליאָק״. אוי, ס׳אַ שאָד ! ס׳אַ צער ! ווער קאָן דעם דאָזיקן שאָדן פאַרריכטן ? ווער קאָן דעם דאָזיקן קינסטלער פאַרבייטן ? איז דאָ נאָך איינער אַזאַ ווי זיראָ מאָסטעל ?!...

* * *

פאַרשטייט זיך, אַז אייביק וועט זיראַ מאָסטעל׳ן נאָכגיין זיין „קרוין־ראָלע״, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין „פידלער אָן דהי רוף״, געבויט אויף שלום עליכמ׳ס „טביה דער מילכיקער״! ווער עס האָט אים געזען אין דער דאָזיקער אויסגעמייסטערטער ראָלע, וואָס איז געווען אַ מאָדעל פון אַ כאַראַקטער, וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ס׳איז געווען אַ ראָלע פון „כל עצמותי תאמרנה״ — אַלץ וואָס ער האָט אין זיך געהאַט, אַלע שוישפּילע־רישע פּאָטענצן, אַלע אַקטיאָרישע חנ׳עז, האָבן פון אים אַרויסגעשאָלט, אַרויסגעשטערנט, אַרויסגעזונגען און אַרויסגעמאַניפעסטירט. אַ שלל פון מאָלערישע־אַקטיאָרישע חנ׳עז איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף דער דאָזיקער ראָלע, אין וועלכער ער האָט זיך טיף איינגעביסן מיט אַלע זיינע שאַרפע ציינער, — אידיש־שוישפּילעריש, טראַגיש־קאָמיש, ערנסט־סאַטיריש — אַ סינטעז פון אַ גרויסן אַרטיסטישן טאַלאַנט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט געניאַליטעט!

די בינע איז פאַר זיראַ מאָסטעל געווען אַ גרינע לאָנקע אויף אַרומ־שפּאַצירן מיט זיין טאַלאַנט, וואָס האָט געשפּראָצט פון אים פון אַלע זייטן — פון יעדער מינע, פון יעדער גרימאַסע, קער און ווענד, הויב מיט די אַקסלען, פיר מיט די הענט, דריי מיטן קאָפּ און וואונק פון זיינע אויגן. די גרינע לאָנקע — די בינע — וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ פּליוש, באַזילבערט פון פרישן טויט, האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיט די פאַלדן פון אַלע זיינע מאַניפעסטאַציעס, קעמערלעך און אַדערן. ער אַליין איז געווען דער שאַפער פון דער קאָמפּאָזיציע, וואָס די ראָלע האָט אויסגעדריקט, אָן דער הילף פון קיינעם, מיט אַ סך תמימות, לירישער צאַרטקייט, רירנדיקייט, און גלייכצייטיק האָט זיך געפילט אַ שטאָלץ פון אַ מענטשן: אין זיין אויסטענהן זיך מיטן רבונו של עולם...

ניין, ניט קיין אָפּשאַצונג בין איך דאָ אויסן געווען צו שרייבן, נאָר בלויז אָנשרייבן עפּעס אויפן טויט פון אַ נאָענטן פריינט פאַר דרייסיק יאָר צייט. אוי, ס׳אַראַ ווייטיק...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 2, 1977, נ.י.

# דוד איינהאָרן

ביים לייענען דוד איינהאָרנ׳ס לידער געפינט מען זיך אין אַן אַטמאָספערע פון חלומות, צער, ליבע און בענקשאַפט. יעדע ליד זיינס איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן געפיל פון צאַרטער בענקשאַפט און ריינע פּאָעטישע געפילן. מען ווערט ממש מיטגעריסן פון אים. די לידער זיינע ווירקן אויפ׳ן געמיט, הן מיט זייער זיידענער טיף פּאָעטישער שפּראַך, וואָס ער באַזיצט אין אַזאַ פולער מאָס, הן מיט זייער בילדלעכקייט.

עס איז גענוג איבערצולייענען זיינע „שטילע געזאַנגען״, כדי צו זיין איבערצייגט, אַז דוד איינהאָרן איז איינער פון אונזערע באַדייטנדיקסטע אידישע פּאָעטן און פון די שענסטע ליריקער, וואָס מיר פאַרמאָגן אין דער אידישער דיכטונג.

דוד איינהאָרנ׳ס לידער זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ שטילקייט, וואָס רירט ביז טרערן. ער איז ניט נאָר דער פּאָעט פון בענקשאַפט, נאָר אויך דער פּאָעט פון שטילקייט. די שטילע טענער פון די לידער זיינע רעדן מיט אַזאַ סטרונע־ציטער, וואָס עס פאַרכאַפּט ביים האַרצן. מען ווערט שטאַרק באַווירקט פון זיי און אָנגעפילט מיט שטימונג.

דוד איינהאָרן איז דער ריינער ליריקער אין דער אידישער דיכטונג. אַזעלכע שטילע איידעלע, צאַרטע, פאַרוויגנדיגע טענער, האָט מען ביי אונז פריער גאָר נישט געהערט. ער איז געווען דער ערשטער צו קומען צו אונז מיטן צאַרטן, איידעלן פאַר׳חלומ׳טן, טיף־בענקענדיגן טאָן צו דער אידישער פּאָעזיע. ער באַזיצט דעם רייכסטן אויסוואַל פון ווערטער און דערצו אַ העכסט פּאָעטישע שפּראַך, וואָס איז אַ זעלטענקייט אין דער גאַנצער אידישער דיכטונג. עפּעס ביבלישעס איז פאַראַן אין זיין שפּראַך.

דוד איינהאָרן האָט מיט זיין צאַרטער, איידעלער בענקשאַפט פון די לידער זיינע דערקוויקט די פאַר׳חלש׳טע הערצער פון דער אידישער יוגנט פון דעם אַמאָליגן רוסלאַנד און פוילן, וואָס האָט כסדר געבענקט און שטאַרק געלעכצט נאָך אַ ריין פּאָעטישן וואָרט. די גרויע וואָכעדיגקייט און די וויסטע פּוסטקייט, וואָס האָט געהערשט דאַן אין די הערצער פון דער אידישער יוגנט, וואו דער צאַר האָט קיין אידן דעם קאָפּ ניט געלאָזט אויפ־הויבן, איז פאַרביטן געוואָרן אויף יום־טוב׳דיגער שטימונגס־פולקייט,

אָנגעפילט מיט ליבע און בענקשאַפט, צער און חלומות, וואָס איינהאָרנ׳ס לידער האָבן געבראַכט מיט זיך.

די פאַרערלעכונג פון דער אידישער ליבע, וואָס האָט זיך געוועבט אין דעם ענגן אידישן געסל, דאָרט וואו שטיבער איינגעבויגענע און קרומע, מיט נידעריגע פענסטער ביי דער ערד, וואו אַ טרויעריגער אידישער ניגון האָט שטיל אַרויסגעזונגען, און די בלאַסע אידישע טאָכטער מיט אירע טיף־בלוילעכע אויגן, איז געגאַנגען מיט איר געליבטן שפּאַצירן; דאָס באַזינגען אַזוי שיין דאָס אידישן לעבן, וואָס ניט קוקנדיג אויף אַלע שווערע רדיפות האָט דאָך געבליט און געגעבן שיינע פּירות דעם אידענטום, האָט דער־נענטערט די אידישע יוגנט צוריק צו איר מקור, צו איר אייגענעם שטאַם, פון וועלכן זיי האָבן זיך מיט געוואַלד געריסן אַוועקצוגיין אין דער ניט אידישער וועלט אַריין.

דוד איינהאָרן איז דער אידישסטער פּאָעט ביי אונז. ער איז ניט קיין אידישער פּאָעט דערפאַר ווייל ער שרייבט אויף אידיש, נאָר אַ אידישער פּאָעט. מ׳קאָן שרייבן לידער אויף טערקיש, און ניט זיין קיין טערק . . .

דוד איינהאָרן איז דורך און דורך אידישלעך. די לידער זיינע זיינען דורכגעפלאָכטן מיט ריינע אידישע מאָטיוון, וואָס רעדן צו דער נשמה. ער איז טיף באַהערשט פון דעם נאַציאָנאַלן מאָטיוו, דער ריינער אידישער טאָן זינגט טיף פון אים אַרויס און ער שטעקט אייך אָן מיט אים. אייער האַרץ ווערט אָנגעפילט ביים לייענען זיינע לידער מיט עפּעס, וואָס איז אייך שטאַרק ליב און אייגן. איר פילט אַז איר האָט צו טאָן מיט זייער אַ נאָענטן מענטשן, וועמעס צער און חלומות, ליבע און בענקשאַפטן, זיינען אַ טייל פון אייך. ער וויקלט אייך אַרום מיט אַזאַ ליבע אַרום זיך און נעמט אייך דורך מיט אַזאַ וואַרעמקייט, און אַזוי נאָענט ווערן אייך די לידער זיינע, אַז איר פאַרגעסט גאָר אַז אַן אַנדערער האָט זיי געשריבן.

דוד איינהאָרן פאַרמאָגט נאָך, אַחוץ דער רייכער דיכטערישער פען, אויך אַ רייכע דיכטערישע טעכניק, וואָס שטייט אין דינסט צו זיין טאַלאַנט. און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די לידער זיינע האָבן דורך דעם גאָר אַסך געוואונען. איר געפינט ביי אים אַזעלכע פיין־געטאָקטע, ליריש־צאַרטע פערזן, וואָס פון זייער צאַרטקייט ווערן ביי אייך די אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן. אַזאַ ראָמאַנטישקייט ליגט אויסגעגאָסן איבער יעדע שורה זיינע און

אַזאַ טיפע בענקשאַפט זינגט פון זיי שטיל אַרויס, וואָס פילט אָן אייער האַרץ מיט זיסע חלומות.

דוד איינהאָרן איז פון די געציילטע אידישע פּאָעטן, וואָס אינספּירירן אייך צו שאַפן מעלאָדיעס צו זיינע לידער. עס איז דערפאַר ווייל איינהאָרנ׳ס לידער אַנטהאַלט אין זיך אינערלעכע מעלאָדיעס און קלאַנגען, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן ביים מחבר ביים שאַפן די לידער. דער מוזיקער דאַרף גאָר שווער נישט אַרבעטן אויף זיינס אַ ליד כדי צו שאַפן אַ מעלאָדיע צו איר. ער דאַרף בלויז נעמען די אינערלעכע מעלאָדיע פונ׳ם ליד און עס אויפשרייבן אויפן פּאַפּיר, און ער האָט שוין פאַרטיג אַ ליד צום זינגען. דוד איינהאָרן איז דער מוזיקאַלישסטער דיכטער ביי אונז אין דער אידישער פּאָעזיע. זיינע לידער וועלן לאַנג, לאַנג לעבן און געלייענט ווערן.

„אידישע וועלט״, נאָוו. 29, 1936, פילאַדעלפיע

# ירושלים — דער אייביקער קוואַל

פון אַלע זיסע קוואַליקע בענקענישן וואָס טליען, ווי הייסע פונקען און פילן אָן מיין האַרץ און נשמה מיט ליכטיקע האָפענונגען, איז די פייערדיקע בענקשאַפט מיינע נאָך אונזער היימלאַנד, ארץ־ישראל, די סאַמע ליכטיקסטע און ברענענדיקסטע. יעדן טאָג שיק איך מיין שטילע ברכה — דורך וואָרט און קלאַנג! — צום הימל אַרויף פאַר אונזער געבענטשטע לענדעלע, וואָס האָט מיר אַזויפיל מוט און כוח, קוראַזש און גלויבן געגעבן. מיינע חדשים און טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ארץ־ישראל זיינען פון די ליכטיקסטע, די שענסטע און פריידיקסטע, ביז איצט אין מיין יונג לעבן. איך וועל זיי אייביק געדענקען און שטענדיק דערמאָנען, אַזוי לאַנג ווי איך וועל האַלטן מיינע אויגן אָפן.

איך האָב ליב ארץ־ישראל ווי אַ מאַמע און אַ געליבטע. ווען איך טראַכט נאָר פון איר, צעפלאַקערט זיך אין מיר אַזאַ שטאַרקע ליבשאַפט, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך. ממש אַ ליידנשאַפט כאַפּט אַרום מיין גאַנצן וועזן און איך ברען מיט אַ קנאי׳שן פייער . . .

ארץ־ישראל!

וויפל נאָך אַנדערע לענדער אין דער וועלט האָב איך שוין ביז איצט באַזוכט ? פון וויפל ברונעמער דאָס וואַסער האָב איך שוין ניט געטרונקען ? אָבער צום זיסן קוואַל פון ארץ־ישראל קומט נישט קיינער פון זיי ! ארץ־ישראל — דאָס איז חלום און וואָר, ליבע און בענקשאַפט, אַלטקייט און יוגנטלעכקייט, רייכע פאַרגאַנגענהייט און טרוימערישע קעגנוואַרט, משיחישע האָפענונגען און תנכישער יושר, ישעיה און עמוס, געזאַנג און אַרבעט, בלויע הימלען און פינקלדיקע שטערן, ווייסע נעכט און צעהעלטע טעג, גאָלדענע זאַמדן און שטראַליקע זונען, צעגרינטע טאָלן און סומנע בערג, זילבערנע לבנה און לויטערער שיין, שטענדיקער זומער און אייביקער פרילינג . . .

און אַצינד, ווען איך זיץ אַזוי און זע פאַר זיך דאָס גאַנצע לאַנד, פון דן ביז באר־שבע, די אַלע קבוצות פונם עמק, די בליענדיקע קאָלאָניעס, די פּרעכטיקע שטעט חיפה, תל־אביב און ירושלים — דער אייביקער קוואַל פון בענקשאַפט ! — פיל איך ווי מיין האַרץ נעמט אין מיר קוועלן און מיין נשמה צעגייט זיך אין אַ געזאַנג, וואָס איך האָב צוזאַמען מיט אַלע אידן דערלעבט די צייט צו פייערן דעם צען יעריקן געבוירנטאָג פון מלכות־ישראל !

אָט לעבט אויף פאַר מיר ירושלים מיט אירע ליכטיקע, צעפלאַמטע פרימאָרגנס און פייערדיקע גאָלדענע פאַרנאַכטן, מיין האַרץ איז ווי אַ קרוג אָנגעלאָדן מיט בענקעניש. ווייל אַזויפיל שיינקייט און רו און צופרידנקייט האָב איך דאָרט געפונען שפּאַצירנדיק מיט יונגע אינגלשע טריט איבער די אַלטע און נייע ירושלימער גאַסן, וואָס זיינען שטענדיק באַלעבט פון פאַר־שיידענע שפּאַצירער און אַלערליי נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס, וועלכע קומען פון אַלע עקן וועלט אַהין.

ירושלים !

איז נאָך ערגעץ פאַראַן אַזאַ שטאָט אין דער וועלט, וואָס זאָל זיך קאָנען מיט דיר צוגלייכן ?

איז דאָך ירושלים די סאַמע אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט אין דער גאָרער וועלט !

שפּאַצירנדיק איבער די ירושלימער גאַסן שלאָגט מען זיך אָן אין פאַר־שיידענע פנימער און דער אויער כאַפּט אויף אַלערליי לשונות, ווייל צו וועמען האָט זיין גאָט קודם זיך דאָרט נישט באַוויזן ? און ווער האָט זיין רעליגיע דאָרט נישט געפונען ?

יעדער פאָלק וואָס איז אויף דער ערד נאָר פאַראַן, האָט זיין געצעלט דאָרט אויפגעשלאָגן און דינט פרום אויף זיין אופן צו זיין גאָט און זיין רעליגיע... ירושלים האָט געגעבן דער וועלט דאָס, וואָס קיין שום שטאָט אויפן ערד־קוגל האָט נישט איר ביישפיל! זי איז פאַרהייליקט נישט בלויז פון אידן אַליין, נאָר אויך פון אַ סך אַנדערע פעלקער אין דער וועלט.

די געשיכטע דערציילט אונז, אַז גאַנצע זיבעצן מאָל האָט מען ירושלים פאַרוויסט און חרוב געמאַכט. אָבער, צי האָט ווער פון די פאַרוויסטער און חרוב מאַכער זי געקאָנט ביזן יסוד פאַרניכטן?

ניין! דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט!

ווייל, ווי קאָן מען עס גאָר חרוב מאַכן אַ שטאָט, וואָס איז אויף אייביק געוואָרן די היים פאַר אַזויפיל פעלקער וואָס ציילן זיך אין מיליאָנען מענטשן, און רעליגיעס אויף דער ערד?!

מיט ציטעריקע פאַרבענקטע טריט פלעג איך גאַנצע טעג אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן פון ירושלים און מיין פאַנטאַזיע פלעגט מיך אַוועקטראָגן ערגעץ־ווייט; מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק ווען ירושלים האָט זיך געצירט מיט איר קרוין, מיט אירע מלאכים, כוהנים און לויים. עס פלעגן זיך נעמען אויפוויקלען איין בילד נאָך דער צווייטער פאַר מיינע אויגן, קייטן פון קאָלירנדיקע עפּיזאָדן, ליכטיקע פאַסירונגען, לעבעדיקע טיילן פון דער אידישער געשיכטע, וואָס נעם און טאַפּ זיי אָן מיט די פינגער, אַזוי קלאָר האָבן זיי צו מיר אויסגעזען...

ירושלים, די עיר־הבירה, דערציילט אונז די אידישע געשיכטע, איז אַמאָל געווען אַ העכסט־באַליבטע שטאָט מיט אַ סך גלאַנץ. די שטאָט איז געווען פול מיט שיינע בנינים, און דער בית־המקדש אַליין! אין דער צייט פון די יערלעכע יום־טובים — פּסח, שבועות און סוכות — פלעגן זיך אין ירושלים צונויפקומען מאַסן אידן פון אַלע עקן־לאַנד, פון דן ביז באר שבע, מען האָט געפּראַוועט פריילעכע סעודות; דער געזאַנג פון די לויים, וואָס פלעגט זיך טראָגן פון בית־המקדש, פלעגט אַלעמען באַגייסטערן און אַרויסרופן ביי יונג און אַלט אַ סך פרייד. בחורים און מיידלעך האָבן זיך באַגעגנט און פלעגן טאַנצן און עס איז געווען שטאַרק פריילעך אויף די גאַסן פון ירושלים!

אַז ירושלים איז אויסערגעוויינלעך שיין, דאָס קאָן יעדער איצט אויך זען. זי פאַרמאָגט אַזעלכע נאַטור־שיינקייטן, אַזויפיל קאָלירן און טאָן־

וואַריאַציעס, וואָס קיין אַנדער שטאָט אין דער וועלט האָט עס נישט. עס איז אַ שיינקייט, וועלכע פאַרכאַפּט אייך. פון אַלע זייטן אַרום הייבן זיך קיילעכדיקע בערג, ווי יאַרמולקעס — די באַרימטע יהודה־בערג! — וואָס מיניען זיך אין דער לויטערקייט פון טאָג און וואַכן איבער איר, ווי אַ קייט פון געטרייע שומרים. און הויך איבער די יהודה־בערג שפּרייט זיך אַ ווייכער, בלויער הימל, בלוי און ריין, ווי אַ חלום, אָן דער קלענסטער פּגימה. די זון אַ צעפּלאַמטע וואַרעמט אָן די ערד און מיט עכטער אָריענטאַלישער פרייד און לאַנגזאַמע טריט שפּאַצירן זיך די מענטשן איבער די ליכטיקע גאָלדענע גאַסן. עס בלאָזן כסדר פרישע ווינטעלעך וואָס קומען אָן פון די אַרומיקע בערג און פילן אָן די ירושלימער לופט מיט פאַרשיכורטקייט . . . די שענסטע פּאַנאָראַמעס, די פאַרבנרייכסטע זון־אויפגאַנגען אין פריען פרימאָרגן, און די קאָלירנדיקסטע פאַרנאַכטן, ווען די זון נעמט זיך זעצן, קאָנט איר זען אין ירושלים. די לויטערקייט פון טאָג, דאָס מיניען זיך פון די בערג, וואָס בייטן זייער אויסזען אָפט, דער ווייכער בלויער הימל, די צעפּלאַמטע זון, דאָס אַלץ רופט אַרויס אין אייך אַזאַ שטאַרקע פאַרליבטקייט, וואָס האָט קיין גלייכן נישט צו זיך.

איך פלעג מיט גרויס באַוואונדערונג קוקן אויף די הויכע רעשטאַוואַניעס, וואָס יונגע בויערס האָבן אופגעשטעלט פאַר די נייע בנינים וועלכע האָבן געהאַלטן אין אויפשפּראָצן איינער נאָכן אַנדערן אויף די גאַסן פון ירושלים, וואָס אפילו די אַראַבער און אויך די קאַלטע ענגלענדער פלעגן שטאַרק באַוואונדערן. אומעטום זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן הויפנס ראָזעווע שטיינער, קופּעס צעמענט, שטיקער אייזן, בערגלעך זאַמד, געהילצן, און נאָך אַ סך אַנדערע בוי־מכשירים.

ירושלים האָט זיך געבויט להכעיס דער ענגלישער מאַנדאַטן־רעגירונג, וואָס האָט זייער אַ סך געשטערט און נישט דערלאָזן דערצו, אַז זי זאָל באַזעצט ווערן מיט קיין צופיל אידן. אָבער אפילו ענגלאַנד מיט איר שטאַרקער אַרמיי און גרויסע קריגס־שיפן האָט נישט געקאָנט אָפּשטעלן דעם הימלשן־עקסטאַז וואָס האָט באַגלייט די אויפבויער פון ירושלים. פּונקט ווי זי האָט נישט געקאָנט אָפּשטעלן מיט איר שטאַרקער אַרמיי און גרויסע קריגס־שיפן אויך דאָס טרוקענען די זומפּן פונם עמק, אָדער מאַכן נאָך אַנדערע ווינקלען פונם לאַנד פאַר פרוכטבאַר.

איך האָב זיך אַצינד דערמאָנט אָן מיינעם אַ באַזוך ביים „כותל־מערבי״,

ביי דער „וואַנט״. וועגן דעם דאָזיקן באַזוך האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״ (דעם 6־טן אויגוסט, 1930) און איך נעם אַרויס פון דאָרט אָט די שורות:

„מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין די צוויי בריטישע טיפּשים, די צוויי שומרים, וואָס דאַרפן אַכטונג געבן אַז עס זאָל הערשן אָרדענונג ביי דער „וואַנט״. איינער פון זיי, האָט מיך אָפּגעשטעלט און פאַרפירט מיט מיר אַ געשפּרעך. ער האָט מיך גענומען שטעלן פאַרשיידענע „קלאָץ־קשיות״ און איך בין אים קיין ענטפער נישט געבליבן שולדיק. אין יעדער „קלאָץ־קשיה״ איז געלעגן באַהאַלטן אַ בייזוויליקע כוונה אויף צו טרעפן מיך אין דער זיבעטער ריפּ אַריין . . . אָבער אויף איין „קלאָץ־קשיה״ זיינע האָב איך אים אַזוי דערלאַנגט, אַז עס איז אים אַזש געוואָרן זויער אין מויל. איך האָב עס געזען אויף זיין צעפלאַמטן פּנים: איך האָב אים אָנגערירט דעם בריטישן „האָנאָר״, אָבער ער האָט עס אַרונטערגעשלונגען. ער האָט זיך פאַרקרימט, גלייך ווי איך וואָלט אים מיט אַמאָל איינגעגעבן אַ גרויסע לעפל מיט ריצנעל . . .

די לעצטע טענה זיינע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ארץ־ישראל איז אַ ריין אַראַביש לאַנד און אידן האָבן לחלוטין נישט נאָך וואָס קומען אַהער. אויף דעם האָב איך אים קורץ און שאַרף געענטפערט: „דו זעסט אָט די שטיינער, — האָב איך אים מיטן האַנט אָנגעוויזן אויפן „כותל־מערבי״ — אָט די שטיינער האָבן שוין ביז איצט באַוויזן איבערצולעבן פולע דרייצן אימפּעריעס און זיי קלייבן זיך גאָר אינגיכן איבערצולעבן אויך די פערצנטע אימפּעריע . . . ער האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר, ווי אַן אונטערגעשאָסענער, מיט שטאַרק פאַרביסענע ליפּן און האָט מער גאָרנישט געזאָגט״.

ירושלים ! אייביק וועט דיין נאָמען אָפּקלינגען אין די הערצער און אין די מוחות פונם אידישן פאָלק ! דו ביזט דער קוואַל פון אייביקער בענקשאַפט !

ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יולי 31, 1958

# חשבון־הנפש

איך שרייב די דאָזיקע חשבון־הנפש שורות אינם פּרעכטיקן רעזאָרט־אָרט מיאַמי־ביטש, פלאָרידע, וואו איך בין אויפגענומען געוואָרן אַלס חזן פאַר די היינטיקע ימים־נוראים אין דער ניי־דערעפנטער גרויסער אָרטאָדאָקסישער שול „כנסת ישראל״.

דורך די אַלע יאָרן, וואָס איך דאַוון פאַרן עמוד, — עס ווערט איצט צוואַנציק יאָר ! — האָב איך, מיט איין אויסנאַם בלויז, אויסשליסלעך געדאַוונט אין אָרטאָדאָקסישע שולן.

עס דאַרף דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז איך האָב אין מיין גאַנצער קאַריערע ווי אַ חזן, אָנגעהאַלטן ניט מער ווי צוויי יערלעכע שטעלעס — איינע אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול אינם פלעטבושער געגנט פון ניו־יאָרק, און די צווייטע — אין אַ קאָנסערוואַטיוון טעמפּל אינם פלאַשינגער געגנט פון ניו־יאָרק. די סיבה פאַר וועלכער איך האָב מער ווי אָט די צוויי שטעלעס ניט אָנגעהאַלטן, איז אַ גאַנץ פשוטע: איך בין פון דער נאַטור אַ מענטש, וועלכער נעמט ניט קיין באַפעלן פון קיינעם בכלל, און פון שול־פּרעזידענטן, גבאים, רבנים און ראַבאַיס בפרט — דאָס איז ערשטנס.

צווייטנס — ווייל נאָר די ימים־טובים און געוויסע שבתים אין יאָר, רופן ביי מיר אַרויס התעוררות. אַ גאַנץ יאָר, איז די שול, און נאָך מער די אַמערי־קאַנער שול, ניט בכח אין מיר אַרויסצורופן די געהעריקע באַגייסטערונג און דעם הייליקן פייער, וואָס דער עמוד צינדט אין מיר אָן אין די פּאָרכטיקע טעג און די אויסגערופענע שבתים אין יאָר.

איך דאַרף דאָ נאָך צוגעבן, אַז ס׳איז ניט בלויז דער פאַל אַזוי מיט דער שול אַליין, נאָר אויך מיט די אַנדערע טועכצן מיינע, מיט וועלכע איך גיב זיך אָפּ פונקט אַזויפיל יאָרן, ווי מיטן עמוד, אַחוץ שרייבן, וואָס איך האָב אָנגע־הויבן פריער. דהיינו: מיט זינגען אויף קאָנצערטן, אויף דער ראַדיאָ, מיט קאָמפּאָנירן, מיט אַריינזינגען אין רעקאָרדס, מיט האַלטן לעקציעס וועגן מוזיק און טעאַטער און, ווי איך האָב שוין באַמערקט, מיט שרייבן — הויפּט־זעכלעך אויף מוזיקאַלישע טעמעס אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן. פאַר די לעצטע צען יאָר האָב איך יעדע וואָך געשריבן אַן אַרטיקל

אויף אַ מוזיקאַלישער טעמע אין „טאָג״, וואָס פלעגן זיך אויסשליסלעך דרוקן אין די שבת־און זונטיק־נומערן.

אָט די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן, יעדע באַזונדער, פּונקט ווי די שול, איז ניט בכח מיך צו האַלטן געשפּאַנט כסדר — און אָן דער געהעריקער שפּאַנונג, וועל איך זיך ניט אונטערנעמען צו טאָן קיין שום זאַך. גוט אָדער שלעכט — אַזוי בין איך. איך בין דורכאויס געפיל און שטימונגס־מענטש.

אין משך פון די צוואַנציק יאָר, וואָס איך פאַרנעם זיך מיט די אויבנ־דערמאָנטע געביטן, האָב איך שוין באַרייזט כמעט אַ האַלבע וועלט — און אפשר טאַקע גאַנצע דריי פערטל וועלט! אייניקע לענדער האָב איך באַזוכט צו צוויי־דריי מאָל. איך בין אויסגעפאָרן בוכשטעבלעך גאַנץ אייראָפּע, אַריינגערעכנט געוויסע אינזלען, ווי מאַדעראַ, גיבראַלטאַר און נאָך אַנדערע; דעם נאָענטן אָריענט מיט ארץ־ישראל אין דער שפּיץ. וואו איך האָב פאַר־בראַכט אַ לענגערע צייט; צפון־אַפריקע; גאַנץ צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע; כ׳האָב צענדליקער מאָל דורכגערייזט די פאַראייניקטע שטאַטן, פון ברעג־לאַנד צו ברעג־לאַנד; אייניקע מאָל קאַנאַדע, אויך פון ברעג־לאַנד צו ברעג־לאַנד. איך האָב אומעטום אַרויסגעטראָטן אויף קאָנצערטן, מיט העברעאישע און אידישע לידער און תפילות, געדאַוונט שבתים און געהאַלטן לעקציעס וועגן מוזיק און טעאַטער.

איך האָב אַמאָל אויך אַ האַלבן סעזאָן, דאַכט זיך, געשפּילט אין אידישן טעאַטער ליבהאָבער־ראָלן, וואו געזאַנג, פאַרשטייט זיך, איז געווען דער עיקר. איך האָב עס אויפגעגעבן דערפאַר, ווייל איך האָב נישט געקאָנט פאַר־טראָגן די עם־הארצות׳דיקע אַטמאָספערע...

איך מוז דאָ מאַכן אַ באַמערקונג, אַז איך בין פאַר קיין פאַל דאָ ניט אויסן זיך צו באַרימען מיט די פאַרשיידענע טאַלאַנטן מיינע, אָדער מיט די צאָל לענדער, וואָס איך האָב ביז איצט שוין באַזוכט. איך דערמאָן עס נאָר דערפאַר, ווייל עס איז וויכטיק צוליבן אויספיר פון דער זאַך, וואָס איך שרייב דאָ.

אגב, גלויב איך ניט, אויב איך דאַרף זיך שעמען דערמיט? דער ענגלענדער נאָועל קאַוואַרד, איז אַחוץ אַ שרייבער, אַ דראַמאַטורג, אויך אַ שוישפּילער, אַ דירעקטאָר, אַ מוזיקער און אַ פּראָדיוסער.

איך וועל בשום אופן נישט זאָגן, אַז מיין זינגען נעמט ביי איטלעכן גלייך אויס. אָדער אַז מיין שרייבן איז אַלעמען גלייך געפעלן. צי אַז מיינע

לעקציעס רופן ביי יעדן גלייך אַרויס די זעלביקע באַגייסטערונג. אָדער אַז מיינע וויקטאָר־רעקאָרדס זיינען די שענסטע וואָס זיינען פֿאַראַן אויפֿן מאַרק פון אידישן רעקאָרדס.

ניין, איך וועל עס בשום אופן ניט זאָגן! אָבער דער ריינער פאַקט, וואָס אַט־די אַלע זאַכן האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו לעבן אַ שיין באַקוועם לעבן, און דער עיקר, אַ בכבודיקן לעבן — אַ לעבן, וואָס איך האָב צו קיינעם קיינמאָל נישט באַדאַרפט שמייכלען, און האָב צו קיינעם קיינמאָל נישט באַדאַרפט אָנקומען נאָך קיין טובות, און איך האָב געקאָנט טאָן וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט: גיין וואוהין איך וויל; פֿאָרן וואוהין איך וויל; זען די וועלט: גיין צו די בעסטע קאָנצערטן; באַזוכן די שענסטע טעאַטערס, פאַרברענגען אין די פיינסטע רעזאָרט־פּלעצער, זומער און ווינטער — רעדט פאַר זיך אַליין!

איך קאָן אויך, אויב איך זאָל נאָר וועלן, זיך גאַנץ פיין באַרימען מיט דער היפשער קאָלעקציע רעצענזיעס און קריטיקן, וואָס האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן אין פאַרשיידענע שפּראַכן — דער עיקר וועגן מיין זינגען אויף קאָנצערטן און מיין דאַוונען! איך האָב זיך כלל ניט וואָס צו שעמען מיט אַזעלכע אויפטרעטן מיינע אין אַזעלכע קאָנצערט־זאַלן אין ניו־יאָרק, ווי: קאַרנעגי האָל, טאַון האָל, מאַנהעטן אָפּערע הויז, מעדיסאָן סקוועער גאַרדן; אָדער מיט אַ רוזוועלט־מעמאָריאַל־מיטינג אין ניו־יאָרק, פּרייטיק, דעם 13־טן אַפּריל, 1945 — דער גרעסטער מעמאָריאַל־מיטינג אין לאַנד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָכן פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט, אונטערן פּרייזן הימל, וואו עס זיינען אַנוועזנדיג געווען נאָענט צו הונדערט טויזנט מענטשן — און וואָס די ניו־יאָרקער „טיימס" האָט אויף מאָרגן אינדערפרי געשריבן וועגן מיין זינגען.

און ווען דער מעיאָר לאַגוואַרדיאַ, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון די פּראָמי־נענטסטע בירגער פון ניו־יאָרק, האָט מיט וואָכן אין פאָראויס, פאַר דעם ווי די מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך געענדיקט, גענומען צוגרייטן אַ פּראָגראַם אויף צו פייערן דעם גרויסן נצחון פון „ווי. אי. דעי.", אין סענטראַל פּאַרק מאָל, וואו מ'האָט דערוואַרט אַז עס זאָלן זיך באַטייליקן מיליאָנען מענטשן — מיט די באַרימטסטע וועלט־קינסטלער, ווי: מישאַ עלמאַן, מערי ענדערסאָן, יאַשאַ חפץ, זשאַן פּיערס און נאָך אַנדערע — האָט דער מעיאָר, אויף דער רעקאָמענדאַציע פון מאָריס נאָוויק, וואָס איז געווען דער

דירעקטאָר פון דער שטאַטישער רעגירונגס ראַדיאָ סטאַנציע „דאַבעליו. ען. וואַי. סי." — מיך באַשטימט, אַז איך זאָל זיין דער, וואָס זאָל זיין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן צוזאַמענשטעלן פון דעם אידישן טייל פון פראָגראַם: אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע דריי רעליגיעס — די אידישע, קאַטוילישע און פראָטעסטאַנטישע.

איך וויל נאָכאַמאָל דאָ באַטאָנען, אַז איך דערמאָן ניט אָט די אַלע זאַכן צוליב באַרימערייַ, נאָר ווי אַ באַווארעניש, אַז מ'זאָל ניט מיינען, אַז איך באַקלאָג זיך, חלילה, אויף מיין מאַטעריעלער אָדער קינסטלערישער „דאָליע".

איך באַקלאָג זיך — ווייל איך בין ניט פון די מענטשן, וואָס פאַטשן זיך אין די בייכלעך און וואָס זוכן בלויז מאַטעריעלע גליקן און כבוד פאַר זיך און ווייטער גייט זיי קיין שום זאַך אין אידישן לעבן ניט אָן. מער נאָך איידער מאַטעריעלע גליקן און כבוד, זוך איך אינם אידישן לעבן, מער ווי ערגעץ אַנדערש־וואו: יום־טוב, שיינקייט, אחריות, ערלעכקייט און אמתדיקייט!

ניין, עס איז ניט קיין געוויין אויף פערזענלעכן מאַטעריעלן גליק און כבוד, נאָר אַ טיפער וויגעשריי אויף דער פוסטקייט, אויף דער פאַר־גליוועורטקייט, אויף דער נאַרעריי און פאַלשקייט, אויף דער ליגנערישקייט און פאַרפירערישקייט, אויף דעם ניט־אידישן לעבנס־נוסח, דער עיקר אין אַמעריקע, וואו דער גאַנצער אידישער מהות איז רעדוצירט געוואָרן צו אַ פאַנדן־אידישקייט, אַרום וועלכן עס האָבן זיך אָנגעפלאָדיעט פאַסקודנע אידישע דיקטאַטאָרישע טשינאָווניקעס...

פאַנדן־אידישקייט איז ניט קיין אידישקייט, עס איז ניט קיין אידישקייט פאַר וועלכער עס לוינט זיך מקריב צו זיין, אָוועקצוגעבן אַ לעבן, טראָגן דעם שווערן אידישן יאָך, ליידן און זיין אַ מאַרטירער. איך בין דערצויגן געוואָרן אויף אידישן לעבנס־נוסח, אידישן באַוואוסטזיין, אידישן אידעאַליזם, אידישע רעליגיע, אידישן גלויבן, אידישן גאָט אין האַרצן.

נאָך אַ שפּיטאָל־בנין דאָ, נאָך אַ שול דאָרט, נאָך אַ צענטער דאָ און נאָך אַ טעמפּל דאָרט זאָל פוסטעוועז, איז ניט קיין אידישקייט! אַ אידישקייט, וואו יעדע שול אין אַמעריקע, יעדער צענטער, יעדער טעמפּל „פּראַוועט שבת פאַר זיך", מאַכט איר אייגענעם „סידור", איר אייגענעם „מחזור" און פירט איין ביי זיך אייגענע „מנהגים" — אַזאַ אידישקייט נעמט מיך ניט און קאָן מיך ניט וואַרעמען. דאָס גלייכן קומט דאָ אויך פאַר אויפן געביט פון

דערציאונג, וואו יעדע שול, יעדער צענטער, יעדער טעמפּל, יעדע באַוועגונג, יעדע פּאַרטיי „פּראַוועט שבת פאַר זיך", האָט איר אייגענעם סיסטעם פון „דערציען" דאָס אידישע קינד ! און ווי זאָגט אַ ווערטל: פון אַ סך ניאַנקעס בלייבט דאָס קינד אָן אַ נאָז...

איידער איך גיי ווייטער, וויל איך דאָ צוגעבן נאָך איין באַמערקונג. מיין נאָמען איז באַרימט, איך קאָן זאָגן וועלט־באַרימט אפילו, אָבער זאָל מען ניט מיינען, אַז אַחוץ מיין קאַריערע, האָב איך מיט קיין שום זאַך זיך ניט אָפּגעגעבן. איך האָב געהאָט דעם כבוד צו עטלעכע און דרייסיג יאָר אויסגעקליבן צו ווערן פאַרן פּרעזידענט פון חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע. איך בין געווען דער אינגסטער פּרעזידענט אין דער געשיכטע פון חזנים פאַרבאַנד, וואָס איז איינע פון די עלטסטע קולטור־קערפּערשאַפטן אין אַמעריקע.

איך בין אויך געווען איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון נאַציאָנאַלן מוזיק־ראַט ביי דער אידישער „וועלפעיר באָארד": איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון נאַציאָנאַלן ראַט פון דער „סאָסייעטי פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער ליטורגישער מוזיק", וואָס דער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין סינסינעטי האָט געהאָלפן גרינדן און נאָך אַ סך אַנדערע קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

מיט דעם אויסנאַם פונם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין, וואָס איז אַ ריין פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, און דער חזנים פאַרבאַנד, האָב איך זיך פון אומעטום צוריקגעצויגן. ווייל דער אָנהייב פון יעדער אָרגאַניזאַציע און אינסטיטוציע אין אַמעריקע איז אַ שיינער, אַן אידעאַלער, דערנאָך ווערט עס רעדוצירט צו פּרנסה און כבוד־זוכעריי. יעדע טשינאָווניק אין זיין אָרגאַניזאַציע, פון דער קלענסטער ביז דער גרעסטער, פון די אידיש־שפּרעכנדיקע ביז די ענגליש־שפּרעכנדיקע, טוט און רעדט און האַנדלט, ווי עס וואָלט געווען זיינס אַ פּריוואַט־געשעפט, אַ פּריוואַט „אינשורענס־קאָמפּאַניע"...

און איצט איז וויכטיק אָנצוגעבן דאָ אַ פּאָר אויטאָביאָגראַפישע שטריכן, וואָס וועלן העלפן קלאָרער מאַכן און דערגאַנצן דעם ענין.

איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטעלע אין אוקראַינע, ביי אַ טאַטן אַ שוחט, אַ גמרא־מלמד און אַ בעל תפילה. ביז צו דרייצן יאָר האָב איך געקראָגן אַ רעליגיעזע און קולטורעלע העברעאישע דערציאונג. מ'האָט מיך געהאָדעוועט מיט גמרא, תנ"ך, יהודה הלוי, אבן גבירול, ביאַליק,

טשערניכאָווסקי, שניאור און אַנדערע. פון מענדעלען, שלום עליכמען און פּרצן האָב איך געגאָסן אויפן שפּיץ־מעסער. געגויער מיט זיי, ווי מיט דער גאַנצער נייער אידישער ליטעראַטור — און ליטעראַטור בכלל — האָב איך זיך באַקענט ערשט שפּעטער, ווען איך בין אין עלטער פון פופצן יאָר געקומען אין אַמעריקע.

די פעברואַר־רעוואָלוציע, און נאָך מער די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט געבראַכט אַ גרויסע איבערקערעניש אין אונזער שטעטל. אָבער נאָך אַ פיל גרעסערע איבערקערעניש האָט געבראַכט דער בלוטיקער פּאָגראָם, וואָס האָט פּלוצלינג אין אַ מיטן זומער־נאַכט אויסגעבראָכן אין שטעטל. אַ סך פרומע אידן, באַזונדערס יונגע מענטשן, מענער און פרויען, זיינען צוליב דעם געוואָרן אַפּיקורסים. מ׳האָט זיך פּשוט אַרומגעזען, אַז דער „חשבון״ שטימט עפּעס ניט. . . — ס׳טייטש ? — האָט מען געהאַלטן אין איין פרעגן — ווי אַזוי האָט עס גאָט געקאָנט צוזען ? אַריבער הונדערט נפשות, צווישן זיי אויך קליינע קינדער, האָט מען אויסגעהרג׳עט — און וואו איז געווען גאָט ?!

די ערשטע צוויי פרומע און שאַרפסטע גמרא־קעפּ אין שטעטל, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין פּראָטעסט קעגן גאָט — זיינען געווען: איציק נחום דעם האַרבאַרס, דער שפּעטערדיקער טאַלאַנטפולער דערציילער, איציק קיפּניס, און יאַנקל משה־מרדכיס, דער שפּעטערדיקער פירער פון הפּועל המזרחי אין חיפה, יעקב מלמד. גלייך נאָכן פּאָגראָם האָבן ביידע אָפּגעשאָרן זייערע לאַנגע פּאות, אונטערגעהאַקט זייערע קאַפּאָטעס, אַז זיי זאָלן אויסזען ווי פּידזשאַקעס, און האָבן אויפגעהערט צו גיין אין שול אַריין דאַוונען. דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט „רעוואָלוציע״, וואָס איר קאָנט זיך קוים פאָרשטעלן.

ווי אַזוי האָט דער פּאָגראָם אויף מיר געווירקט ? כאָטש עס איז שוין אַוועק אַזויפיל יאָרן, איז מיר לחלוטין אָבער ניט שווער זיך צו דערמאָנען. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ שטאַרק דערשלאָגענער: אי פון די בלוטיקע געשעענישן און אי פון דעם, וואָס איך האָב נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער אויף די אַלע ספיקות, וועלכע זיינען מיר מיט אַמאָל באַפאַלן.

איך בין פון דער נאַטור אַ שטאַרק רעליגיעזער און אַ גלויביקער. איך האָב טיף געגלויבט אין דער אידישער רעליגיע, מיט וועלכער מען האָט מיך געשפּייזט פון קליינערהייט־אָן, און דעם אידישן גאָט, וועלכן מ׳האָט מיך פון

קליינערהייט־אַן געלערנט ליב צו האָבן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. און דאָ מיטאַמאָל אַזאַ איבערקערעניש! וואָס הייסט עס? ווי אַזוי האָט גאָט עס געקענט צוזען, ווי מ׳שעכט אויס אידן?

די גרעסטע שחיטה איז פאָרגעקומען אויפן מיטן מאַרק, לעבן קלויסטער. עס איז געווען פרייטיק אינדערפרי; די זון האָט געבליאַסקעט, ווי אויף באַשטעלונג. פויערים מיט קאָסעס און העק, מעסערס, ביקסן און רעוואָלווערן, האָבן צונויפגעטריבן אויפן מאַרק עטלעכע הונדערט אידן, מענער, פרויען און קליינע קינדער, און מ׳האָט גענומען הרגענען — רעכטס און לינקס! ווי אַזוי וואָלט איר דערנאָך געפילט, ווען איר וואָלט צוגעזען אַזאַ מוראדיק בילד? וואָלט איר נישט געוואָרן אַן אַפּיקורס? אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין פּאָגראָם מיט זיינע אייגענע אויגן נישט געזען, ווי מען הרגעט מענטשן, וועט קיינמאָל ניט קאָנען עס באַנעמען און באַגרייפן — מעג ער לייענען באַשרייבונגען וועגן דעם פון היינט ביז מאָרגן...

נו, איך האָב קיין לאַנגע פּאות ניט געטראָגן, האָב איך דעריבער ניט געהאַט וואָס אונטערצושערן. אָבער דער טיפער גלויבן, וואָס מ׳האָט אין מיר פון קליינערהייט־אַן געזייט צו דער אידישער רעליגיע, האָט זיך גענומען פון מיר ביסלעכווייז אָפּטאָן. און די גרויסע ליבע, וואָס מ׳האָט אין מיר פון קליינערהייט־אַן געפלאַנצט צום אידישן גאָט, האָט זיך גענומען אין מיר ביסלעכווייז אויסוועפּן. דאָס איז געווען גאָר אומפאַרמיידלעך...

מיט אַמאָל האָבן זיך מיינע אויגן געעפנט. איך האָב אַנגעהויבן צו זען זאַכן, וואָס פריער האָב איך זיי ניט באַמערקט. און אפשר בין איך געווען נאָך צו יונג דערפאַר? אָבער די רעוואָלוציע, און נאָך מער דער בלוטיקער פּאָגראָם, האָט ממש מיך אויסגעצויגן פאַר די אויערן. איך בין מיט אַמאָל געוואָרן עפּעס אַ דערוואַקסענער — און אַ דערוואַקסענער זעט, נאַטירלעך, זאַכן גאָר אַנדערש, ווי אַ אינגל... דהיינו: ביז פּאָגראָם האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע שטעטל מיט אידן באַשטייט פון איין גרויסער משפחה. נאָכן פּאָגראָם, אָבער, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז ווייט ניט דאָס. איך האָב מיטאַמאָל דערזען די שאַרפע קאָנקורענץ, וואָס גייט אָן צווישן איין אידישן קרעמער און דעם צווייטן, און ווי שטאַרק צעריסן מ׳איז צווישן זיך. ווי פאַר דער מינדסטער קלייניקייט, איז מען גרייט דורס צו זיין איינע די אַנדערע.

דעם שטאַרקסטן קלאַפּ, אָבער, האָב איך געכאַפּט, ווען איך האָב אין איין שיינעם זומער־טאָג — עס איז גראָד געווען שבת! — אויסגעפונען, אַז סלאָוועשנער אידן קאָנען אויך זיין מוסרים?! דאָס וואָס איך האָב געוואוסט פון אַנדערע אידן, דאָ און דאָרט, וועלכע זיינען געווען מוסרים, איז פאַר מיר געווען ניט קיין רעאַלע זאַך און האָט צו מיר געקלונגען, ווי עפּעס אַ ווייטע לעגענדע. אָבער אַז אידן פון סלאָוועשנע — און נאָך וואָס פאַראַ אידן! — זאָלן ווערן מוסרים — אַזוינס גאָר האָב איך זיך אין מיין יונגער פאַנטאַזיע קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטעלן.

אין סלאָוועשנע האָט געלעבט אַ שטילער יונגערמאַן, אַ שוסטער — איציק מנחם דעם שוסטערס. ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קינדער און האָט געפירט אַן אָנשטענדיק לעבן. דער בלוטיקער פּאָגראָם האָט אים ניט געלאָזט רוען. עס האָט געברענט אין אים אַ העלישער פייער. ער האָט געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו נעמען נקמה פון די היימישע פויערים פאַר דעם אומשולדיקן פאַרגאָסענעם בלוט פון די אידן. האָט ער אין איין שיינעם טאָג אַוועקגעוואָרפן דעם וואַרשטאַט, אַוועקגעלייגט דעם קופּיל מיטן אַל אַן אַ זייט, און איז פרייוויליק געוואָרן איינער פון דער סאָוועטישער מאַכט אין שטעטל, וואָס האָט זיך באַזעצט באַלד נאָכן פּאָגראָם. ביזן פּאָגראָם, פלעגט בלויז פון צייט צו צייט אַרונטערפאָרן עפּעס אַן „עלטסטער" פון דער אויעזדנער שטאָט, אויף אַ טאָג אָדער צוויי, און דערנאָך צוריקפאָרן.

נאַטירלעך, אַחוץ דעם וואָס איציק האָט זיך שטאַרק נוקם געווען אין די פּאָגראָמשטשיקעס, און האָט זיך געסטאַרעט אַז מ'זאָל וואָס מער אַוועקשיקן פון זיי אויף יענער וועלט, האָט ער אויך געהאַט אויף זיך געוויסע רעגירונגס־פליכטן אויסצופירן.

איציק איז פון דער סאָוועטישער מאַכט באַשטימט געוואָרן אַלס „אינסטרוקטאָר" איבער די האַרבאַרניעס, וועלכע האָבן באַדאַרפט יעדן חודש צושטעלן אַ באַשטימטן חלק אויסגעאַרבעטן לעדער צו דער רעגירונג, און אויך אַלס אויפזעער איבער די סוחרים, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט רויע פעל און חזיר־האָר.

בעת, אָבער, די סלאָוועשנער אידן האָבן גאָר שטאַרק אָנגעקוואָלן פון איציקס ראָל אַלס נקמה־נעמער פון די היימישע גזלנים און פּאָגראָמ־שטשיקעס, זיינען אַ טייל פון זיי, באַזונדערס די האַרבאַרניקעס און די סוחרים פון רויע פעל און חזיר־האָר, שטאַרק ניט צופרידן געווען מיט דער

אַנדערער ראָל זיינער, וואָס איז באַשטאַנען אין דורכפירן זיינע רעגירונגס־פליכטן. די אייגנטימער פון די האַרבאַרניעס אינאיינעם מיט די סוחרים פון רויע פעל און חזיר־האָר זיינען אַרומגעגאַנגען ברוגזע און געבורטשעט אין דער שטיל. ריידן הויך, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי מורא געהאַט, האָבן זיי שטילערהייט געקריצט מיט די ציין, אויף איציקן, און פאַרביסן מיט די ליפּן. מ׳האָט פּרובירט אים אונטערצוקויפן, אָבער איציק האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט און האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט אַרעסטירן אַלע די, וואָס וועלן וואַגן אָנצובאָטן כאַבאַר אים.

די ציין־קריצעניש פון דער גרופּע האַרבאַרניקעס און סוחרים איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלס שאַרפער און שאַרפער. ביז ענדלעך ס׳איז געקומען די צייט זייערע אויף צו נעמען נקמה פון איציקן. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט די פּוילישע אַרמיי פּלוצלונג געמאַכט אַן אַטאַקע אויף סלאָוועשנע. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען און פון וואָס. איבער־נאַכט האָט דער פראָנט, וואו די צוויי אַרמייען האָבן זיך געשלאָגן, די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן, זיך בליץ־שנעל אַ רוק געטאָן, און דער אָנפאַל אויף סלאָוועשנע איז געקומען, ווי אַ דונער פונם הימל אַראָפּ.

אין אַזאַ פאַל, פאַרשטייט זיך, האָבן גאָר אַ סך פון דעם גאַרניזאָן, און אַ טייל פון די הויכע סאָוועטישע רעגירונגס־לייט, ניט באַוויזן צו אַנטלויפן — צווישן זיי אויך איציק. אָבער מיט איציקן איז געשען אַ נס: אים איז געלונגען זיך אַריינצוכאַפּן צו זיינעם אַ פריינט וואָס האָט געוואוינט ערגעץ אין אַ זייטיק געסל און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. קיינער האָט דערפון ניט געוואוסט און די פּאָליאַקן, וואָס זיינען דערנאָך געוואָרן די נייע באַלעבאַטים פון סלאָוועשנע, אַוודאי ניט. דאָס האָט אָבער אָנגעהאַלטן אַזוי ביז עמעצער האָט עס אויסגעפונען און צו וויסן געטאָן עמעצן פון דער גרופּע האַרבאַר־ניקעס אָדער סוחרים, און זיי האָבן עס דערנאָך איבערגעגעבן צום פּוילישן שטאַב.

יענעם שבת בייטאָג, ווען מ׳האָט איציקן אונטער אַ שטרענגער מיליטערישער וואַך געפירט איבערן מאַרק צום פּוילישן שטאַב, וואָס איז איינגעשטאַנען ביים גלח אין שטוב, אַ שונא ישראל, וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן! יעדער איינער ביי אונז אין שטעטל האָט געוואוסט, ווער די מוסרים זיינען. זיי זיינען ניט געווען קיין אַבי־ווער: אידן פון „הינטערן אויוון” — אָ, ניין! צוויי פון זיי זיינען געווען גאַנץ אָנגע־

זעענע חשוב׳ע באַלעבאַטים, פרומע שול־אידן, טשערנאָבילער חסידים — בן־ציון דער האַרבאַר און משה דער טראַסקער, איינער פון די סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט רויע פעל און חזיר־האָר... די דאָזיקע שוידערלעכע נבלה האָט ניט וויינקער אויף מיר געווירקט, ווי דער בלוטיקער פּאָגראָם! עס איז געווען נאָך אַ מעסער אין „רוקן״ אריין פון מיין טיפן גלויבן אין דער אידישער רעליגיע און פון מיין טיפער ליבע צום אידישן גאָט...

נאָך אָט דער פּאַסירונג בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. די צייט האָט פאַרהיילט אַ סך וואונדן. איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין לערנען און אין מוזיק. די יאָרן זיינען געלאָפן און איך — מיט זיי. און פּונקט ווי איך האָב אין דער אַלטער היים, אין אוקראַינע, זיך געלאָזט פאַרוויגן פון דער אַלטער תורה־אידישקייט, אַזוי האָב איך דאָ אין דער נייער היים זיך געלאָזט פאַרוויגן פון דער נייער ליטעראַטור־אידישקייט — מיט אַ ראָמאַנטישער באַפאַרבונג. דער געזאַנג צו דער אידישער רעליגיע, צום אידישן גאָט און צו אידישקייט בכלל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער נייער ליטעראַטור־אידישקייט, האָט אויפסניי אָנגעפילט מיין האַרץ און מיין נשמה מיט נייעם גלויבן און נייער ליבע — אי צו דער אידישער רעליגיע און אי צום אידישן גאָט!

און איצט, נאָך 20 יאָר זינגען אויף קאָנצערטן, אויף דער ראַדיאָ, דאַוונען פאַרן עמוד, אַריינזינגען אין רעקאָרדס, שרייבן און האַלטן לעקציעס, און נאָך אַזוי פיל אַרומרייזן איבער דער וועלט, פיל איך, אַז ס׳איז ניט דאָס... איך קאָן מער ניט אָנגיין מיט מיין אַרבעט, מיט מיין לעבן — ניט אַרומקוקנדיק זיך, וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. איך וויל וויסן: ווער איז מיין חבר, און מיט וועמען איך גיי צום טיש? פאַר וועמען דאַרף איך ליידן, און מיט וועמען דאַרף איך קעמפן? דאָס וואָס איינער רופט זיך איד, אָדער ער איז צופעליק געבוירן געוואָרן אַ איד, איז מיר ניט גענוג! איך בין שוין מיד פון רייד, איך פאָדער מעשים! אַ איד האָט פאַרפליכטונגען! סתם רייד וועגן תורה־אידישקייט, וועגן אידישער רעליגיע, וועגן דער אַלמעכטיקייט פון דעם אידישן גאָט — דאָס שטעלט מיך ניט צופרידן! עס איז שוין צייט אַז די וואָס ריידן און שרייבן טאָג און נאַכט וועגן אידן און אידישקייט, וואָס באַזינגען די אידישע רעליגיע און דעם אידישן גאָט, זאָלן אַליין אָנהייבן גלויבן אין דעם, וואָס זיי פּרעדיקן! ווי זאָגט דער אַמעריקאַנער: „טשאַריטי בעגינס עט האָום״. גענוג מיט די פּוסטע רייד!

איז עס אמת, אַז אידן דאָ אין אַמעריקע, לעבן, ווי אידן באַדאַרפן לעבן, אָדער זיי לעבן דאָ, ווי אַלע לעבן? זיינען אידן עקשנות׳דיק געבליבן טריי דער „תורה־אידישקייט״ ווי אייניקע ווילן זיך און אַנדערע איינרעדן, אָדער די גאַנצע מעשה איז ניט מער ווי אַן אויסגעטראַכטער ליגן? בין איך משוגע וואָס איך זאָג, אַז אויב איך בין אַ איד, דאַרף איך דורכאויס זיך אויפפירן און לעבן ווי אַ איד, זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע — צי די וועלכע זאָגן, אַז זיי זיינען אידן און פירן זיך אַבסאָלוט ניט אויף ווי קיין אידן און לעבן ניט ווי קיין אידן? ווער איז גערעכט: איך — אָדער זיי?!

איך געדענק זייער גוט דאָס אידישע לעבן אין פוילן, רומעניע, אונגאַרן, עסטרייך, דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, ליטע, לעטלאַנד, עסטאָניע, גאַליציע, און נאָך אַנדערע טיילן פון אייראָפּע, וואו עס האָבן געלעבט אידן. איך קען אויך זייער גוט דאָס אידישע לעבן אין נאָענטן מזרח מיט ארץ־ישראל אין דער שפּיץ, דאָס אידישע לעבן אין צפון־אפריקע — ועל־כולם: קען איך אויסגעצייכנט דאָס אידישע לעבן אין די פאַרשיידענע אַמעריקעס, מיט די פאַראייניקטע שטאַטן בראש.

איך קען יעדן טיפּ אידן פון אונזער מדינה: אָרטאָדאָקסישע און קאָנסערוואַטיווע; האַלבע און גאַנצע רעפאָרמירטע; רעליגיעזע און אויפגע־קלערטע; קולטורעלע און עם־הארצים; פאַרבאַנדניקעס און אַרבעטער־רינגניקעס; בני־ברית־אידן און אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס־אידן; „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״־אידן און לעסינג ראָזענוואַלד־אידן; צענטער־אידן און „וואַי־עם־עיטש־עי״־אידן; רבנים און ראַבאַיס; חזנים און קאַנטאָרן; סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אידן; ציוניסטישע און בונדיס־טישע אידן; אַרבעטער־אָרדן־אידן און אידישער אַרבעטער־קאָמיטעט־אידן; וועלפעיר־באָארד־אידן און „דזשאָינט דיסטריביושאָן״־אידן; שלום־עליכם־אידן און סתם־אידן; העברעאיסטישע און אידישיסטישע־אידן; פינאַקל־ און פאָוקער־שפּילער־ און הינט־ און פערד־שפּילער־אידן — און איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז סיי די אַלטע תורה־אידישקייט און סיי די נייע ליטעראַטור־אידישקייט:ביידע זיינען אַזוי ווייט פונם ווירקלעכן אידישן לעבן דאָ, ווי הימל איז ווייט פון דער ערד! עס איז בפירוש ניט אמת, אַז אידן, דער עיקר אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און נאָך מער אין אונזער אייגענער צפון־אַמעריקע, זיינען „עקשנות׳דיק געבליבן טריי דער תורה־אידישקייט״! עס איז בלויז אַן איינרעדעניש — און ניט מער! עס

זיינען געוויס פאַראַן אויסנאַמען, אָבער ערשט די אויסנאַמען באַשטעטיקן דעם כלל. דאָס אידישע לעבן, באַזונדערס דאָ אין די פאַראייניקע שטאַטן, האָט מיך איבערצייגט, אַנהויבנדיק פונם רב ביזן ראַבאַי, פונם חזן ביז דעם שמש, פונם שרייבער ביז די אַלערליי פירערס און מאַכערס, אַז ריידן און טאָן זיינען צוויי פאַרשיידענע זאַכן...

סיידן מען זאָל אָננעמען, אַז עסן הערינג מיט ציבעלעס, לאַקשן מיט יויך, געפילטע פיש, קרעפּלעך, געהאַקטע לעבער, געפילטע קישקע, הייסע קנישעס, מצה קניידלעך און גיין איינמאָל אַ יאָר אין שול אַריין, אָדער בלויז קומען צו „יזכור״ — אַז דאָס זאָל הייסן „עקשנות׳דיק געבליבן טריי דער תורה־אידישקייט״? אָבער וויפל אידן אין אונזער אַמעריקע היטן באמת אָפּ די איינע מצוה פון „בין אדם לחברו״, אָדער דעם „ואהבת לרעך כמוך״ ?! יאָ, עס שטייט ערגעץ געשריבן אַזוי — אָבער מאַלע וואָס עס שטייט געשריבן? לויט מיין איבערצייגונג פעלט מאָראַלישער כוח פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע. דער ציבור־געפיל איז דאָ אינגאַנצן נישט בנמצא...

איך גלויב, אַז די טראַדיציע פון דער תורה־אידישקייט, אַנגענומען, אַז זי האָט אויף אַן אמתן עקזיסטירט אין דעם אידישן לעבן ערגעץ־וואו, איז שוין לאַנג איבערגעריסן געוואָרן און זי עקזיסטירט מער נישט!

דעריבער איז געקומען די צייט, אַז מיר זאָלן זיך אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש פון דעם וואָס עס קומט פאָר און וואָס עס טוט זיך אינם אידישן לעבן — מיט דער אויסנאַם פון מדינת ישראל, אויף וועלכער איך וועל זיך אָפּשטעלן שפּעטער — און ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס איז דער זין פון אַזאַ אידישן לעבן ?!

און איבערהויפּט פרעג איך זיך אַליין: נאָכדעם ווי דאָס פּוילישע, רומענישע, ליטווישע און לאַטווישע אידנטומס זיינען אונטערגעגאַנגען — מיט וועמען זאָל אַזאַ איד ווי איך, זיך אינדעטיפיצירן ?! מיט הערי מאָנטאָר, וואָס קריגט פערציק טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, אַחוץ הוצאות — פאַרנדיק זיך ביים טאָפּ פון אידישע אומגליקן ?! מיט דר. ש. מאַרגאָשעס, וואָס קריגט הונדערט און פינף און זיבעציק דאָלאַר אַ וואָך ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר עטלעכע שעה אַרבעט אַ טאָג — אַחוץ זיין שטעלע אין „טאָג״ ?! מיט „רעב״ מרדכי דאַנציס און זיינע צוויי הינט: וואָס בעת מ׳האָט געקוילעט, געברענט און געבראָטן מיליאָנען אידן אין היטלערס גאַז־

אויוונס, האָב איך אים געזען אַרומשפּאַצירן מיט זיינע צוויי הינט יעדן זונטיק אין דער פרי אין גריניטש־ווילעדזש אַ רואיקן און אַ זעלבסט־צופרידענעם, ווי ער וואָלט די גאַנצע וועלט געהאַט אין דער ערד ?!

און זאָל איך זיך אפשר אינדעטיפיצירן מיט דעם אַרויסגעבער פון „טאָג", מאָריס וויינבערג, דעם געוועזענעם אַנאַרכיסט און אַרויפגעאַרבעטן ריעל־עסטייטניק, וועלכער האָט אין עלטער פון 75 יאָר געבראַכן אַ „תקיעת־כף" מיטן שרייבער פון די שורות ?! מיט איסט־בראָדוויי, וואָס האַנדלט מיט אידישע צרות, אידישע אומגליקן, אידישע טראַגעדיעס און פאַרקויפט אידישע רעליגיע אויפן אינטש ?! מיט די אַמעריקאַנער רבנים און ראַבאַיס, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן אויסגעבויט אייגענע שולן, בר־מצוה און חתונה־זאַלן און אַלע צוזאַמען רייסן זיך אַרום צווישן זיך איבער „הכשרים" ?! מיט די אַמעריקאַנער ראַבאַיס, וואָס זיינען „מוהלים" און שניידן אַרום דעם „סידור" מיט די „מחזורים" ?! מיט די אידישע שרייבערס אין אַמעריקע, וואָס זייער מערהייט זיינען געוואָרן „פּובליסיטי־פּויקערס" פאַר דער אָדער יענער אידישער אָרגאַניזאַציע און אינסטיטוציע ?! מיט די אייביקע סעקרעטאַרן און פאָרזיצערס פון אידישע באַוועגונגען, פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס קעגן וועמען די אידישע צייטונגען אין אַמעריקע האָבן מורא אויפצוהויבן אַ וואָרט פון קריטיק ?!

און — זאָל איך זיך אינדעטיפיצירן מיט אַזעלכע אידישע שטעט אין אַמעריקע, ווי באָסטאָן, דעטראָיט, וואו עס איז נישטאָ קיין איין אידישער כשר'ער רעסטאָראַן ?! מיט אַזאַ גרויסער אידישער קהילה ווי בוענאָס־איירעס, אין אַרגענטינע, וואָס האָט אויך ניט קיין איין אידישן כשרן רעסטאָראַן ?! מיט אַזאַ שטאָט ווי פילאַדעלפיע, וואָס האָט אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג און האָט ניט קיין איין רעכטע ישיבה און האָט דערלאָזט דערצו, אַז די איינציקע אידישע צייטונג, די „אידישע וועלט", זאָל אונטערגיין ?!

אָדער — זאָל איך זיך אפשר אינדעטיפיצירן מיט די יאָרצייט־אידן ?! מיט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אידן אין ניו־יאָרק, וועלכע מאַכן חתונה זייערע זין און טעכטער ביי „רעווערענדס" און „חזנים", וועלכע קענען ניט בלויז ניט איבערלייענען די „כתובה", נאָר קענען איבערהויפּט קיין עברי ניט ?! מיט די ישיבות אין ניו־יאָרק, וואָס פּראַווען „באַנקעטן" אין רייכע גויאישע האָטעלן, וואו עס נעמען אָנטייל נאַקעטע טאַנצנדיקע מיידלעך פון

בראָדוויי און מ׳דערציילט ביליקע וויצן ?! מיט די טויזנטער אָרטאָדאָקסישע שולן אין אַמעריקע, וועלכע קלייבן אויס פּרעזידענטן, וואָס פאָרן צו מיט זייערע אויטאָמאָבילן שבת צו די שולן ?! מיט די גאַליציאַנער אָרטאָ־דאָקסישע שול אין שיקאַגאָ, וואָס האָט אַנגאַזשירט ריטשאַרט טאַקערן אויף צו דאַווענען ימים־נוראים: וויסנדיק גאַנץ גענוי, אַז ער, טאַקער, זינגט שבת אין דער אָפּערע ?!

אָדער — זאָל איך זיך אינדעטיפיצירן מיט די אידן פון „קאָנקאָרד״ האָטעל אין קאַימישאַ־לעיק ?! מיט די אידן פון „גראָסינגער״ האָטעל אין פוירנדעיל ?! מיט די אידן פון „ברעיקערס״ האָטעל אין אַטלאַנטיק־סיטי ?! מיט די אידן פון „סאַקסאָני״ האָטעל אין מיאַמי־ביטש ?! מיט די אידן פון „לאָרעל אין די פּאַינס״ האָטעל אין לייקוואוד ?!

אדרבה: אידישע שרייבערס! וואָס קוואָסעט איר אויף איסט־בראָדוויי ?! פאָרט אַריין אין אָט־די אַלע אויבנדערמאָנטע ערטער און זעט: ווי אַזוי און מיט וואָס אידן אַמוזירן זיך און מיט וואָס זיי באַלעקן זיך ?!

אָדער זאָל איך זיך אינדעטיפיצירן מיט יענע צענדליקער טויזנטער אידן איבערן לאַנד, וואָס בעת מ׳האָט געברענט און געבראָטן מיליאָנען אידן אין אייראָפּע, האָבן זיי דאָ געפּראַוועט הוליאַנקעס, פאַרשווענדערישע בר־מצוות און חתונות אין די רייכסטע גויאישע האָטעלן פון אַמעריקע, אָדער זיך געפּאַשעט אין די בערג, אַטלאַנטיק־סיטי, לייקוואוד, מיאַמי־ביטש, פּאַלם־ביטש, פּאַלם־ספּרינג, סאַראַטאָגע, שעראָן ספּרינג און נאָך אַנדערע רעזאָרט־פּלעצער ?!

און וואָס האָב איך צו טאָן מיט יענע אידישע פינאַנסירן און פאַברי־קאַנטן וואָס אַזוי שפּעט ווי אין יאָר 1949, לאָזן זיי ניט אַריין קיין אַרבעטער, וואָס איז אַ מיטגליד פון אַ יוניאָן, אין זייערע פאַבריקן ?! וואָס האָב איך צו טאָן מיט אַ אידן, אַ פּרעזידענט פון אַ שול אין פלעטבוש און פון פאַר־שיידענע ישיבות און גילט ווי אַ אידישער פילאַנטראָפּ, וואָס האָט אין זיינער אַן אַלטער טענעמענט־הויז אויף דער איסט־סאַיד, וועמען די ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג האָט געוואָרנט אַז עס איז אַ „פייער־פּאַסקע״ און ער זאָל זען עפּעס טאָן דערצו — דערלאָזט, אַז ס׳זאָלן פאַרברענט ווערן ניין מענטשן ?!

און צום סאַמע לעצט: וואָס האָב איך צו טאָן מיט אַ אידן, ווי לואיס ב. מייער פון האָליוואוד, אָדער סעמיועל גאָלדווין, צי די וואָרנער־ברידער,

אָדער אַ סעלזניק, אַז איך זאָל דאַרפן הערן ווי אינטעליגענטע אַמעריקאַנער גויאים זאָגן, אַז אידן האָבן פאַרביליקט די אַמעריקאַנער מואוויס ?! (די ניט־אינטעליגענטע אַמעריקאַנער גוי׳אים געפעלט דווקא יאָ די „האָליוואודער־מאַכערייקעס״. . .),

יאָ, מיט וועמען — מיט וועמען זאָל איך זיך אינדעטיפיצירן ?!

* * *

די זון האָט געבליאַסקעט אין פענצטער אַריין, ווען איך בין געשטאַנען אין מיין „חדר־מיוחד״ פון דער „כנסת ישראל״ שול אַן אָנגעטאָנענער אין מיין ווייסן קיטל און ווייסער יאַרמולקע, מיטן טלית אויף די אַקסלען, גרייט אַריינצוגיין און אָנהויבן זאָגן „הנני״. . . עס איז געווען דער ערשטער טאָג ראש השנה אינדערפרי. די בלויקייט פונם מיאַמער הימל האָט זיך געמיניעט אין די אויגן. אַנטקעגן דער שול, אין אַ גרויסן פיין־אַרומגעצוימטן סקול־הויף, זיינען געשטאַנען יונגע אידישע בחורים, היי־סקול און קאָלעדזש־סטודענטן, מיט געזונטע ברייטע פּלייצעס און פאַרברוינטע פנימער, און אָנגעטאָן זיינען זיי געווען, אָנשטאָט טליתים אויף די פּלייצעס און יאַרמולקעס אויף די קעפּ, אין ספּעציעלע קאָסטיומען, מיט אויסגענייטע איניציאַלן פון אַ געוויסן קלוב, אין ספּעציעלע היטעלעך, און האָבן געשפּילט „בייסבאָל״ ! למאי זאָל איך לייקענען ? איך האָב זיי שטאַרק מקנא געווען, ווי נאָך קיינמאָל קיינעם אין מיין לעבן !

מיאַמי־ביטש ! דאָס איז דאָך ממש אַ צווייטע תל־אביב ! שיער־ניט אַ הונדערט פּראָצענטיקע אידישע שטאָט ! און זעט נאָר מיט וואָס פאַר אַ גרינגן געמיט אידישע קינדער שפּילן „בייסבאָל״ דעם ערשטן טאָג ראש־השנה אינדערפרי — גלייך ווי גאָרניט ! עס שרעקט זיי ניט דער „יום־הדין״. די זעקס מיליאָן אידן, וואָס היטלער און זיינע דייטשן האָבן אויסגעהרגעט, ליגט זיי ניט אין דער לינקער פּאה אפילו. . . דער געזאַנג פון דער אידישע רעליגיע האָט ניט אָנגעפילט זייערע הערצער און נשמות — פילן זיי זיך ניט אָפּגענאַרט פון איר. . . דער אידישער גאָט האָט זיי גאָרנישט ניט צוגעזאָגט.

יאָ, איך האָב זיי שטאַרק מקנא געווען, די דאָזיקע אידישע בחורים, מיט די ברייטע געזונטע פּלייצעס און פאַרברוינטע פנימער. . .

און אפשר גאָר איז עס אינגאַנצן מיין שולד ? ווער האָט מיר געהייסן צו זיין אַזוי נאַאיוו און גלויבן אַלץ, וואָס מ׳האָט מיט מיר געלערנט: אַז אַ איד

טאָר ניט שווינדלען; טאָר ניט אָפּנאַרן; טאָר ניט דרייען מיט דער צונג; אַז אַ „תקיעת־כף" איז הייליקער ביי אידן פון אַ „כתב" אפילו; אַז רעליגיע איז נישט קיין זאַך צום פאַרקויפן; אַז שרייבערס און פירערס דאַרפן זיין ערלעכע מענטשן; אַז דאָס געשריבענע וואָרט איז הייליק; אַז אַ רב דאַרף זיין אַ רב (מעג ער הייסן דאַ „ראַבאַי") און ניט קיין פּלייצע־קלאַפּער, שמייכלער, טענצער אָדער קאָרטנשפּילער; אַז פאַר זיין אַ ציוניסט אָדער העלפן אידן דאַרף מען ניט קריגן קיין באַצאָלט — און מאַלע וואָס נאָך...

און דאַך, און פאָרט — צו טיף איז אין מיר איינגעוואָרצלט דער רעליגיעזער אידישער געפיל און דער אידישער גלויבן, אַז איך זאָל זיך קאָנען פון זיי אינגאַנצן באַפרייען. איך בין קיינמאָל ניט געווען און וועל קיינמאָל ניט זיין קיין אַפּיקורס — און אַוודאי און אַוודאי ניט קיין אַטעאיסט. איך בין דורך און דורך אַ רעליגיעזער מענטש — אַזאַ איז מיין נאַטור פון מיין געבוירן אָן און וועל שוין אַזוי פאַרבלייבן. עס איז אויך ניט גרינג פאַר מיר אינגאַנצן זיך צו דערווייטערן פונם אידישן קולטורעלן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן. אויך ווייס איך, אַז אין משך פון דורות און דורות האָבן זיך פאַרט געפונען אין אידישן פאָלק אַזעלכע, סיי יחידים, סיי גרופּעס, און אויך גאַנצע קהילות, וואָס האָבן געבראַכט די גרעסטע קרבנות, כדי אָפּצוהיטן זייער גלויבן, זייער רעליגיע און די אידישע טראַדיציע...

וואָס־זשע בלייבט מיר צו טאָן? איין האָפענונג איז פאַראַן — ארץ־ישראל! הגם קיינער ווייסט ניט, וואָס די צוקונפט פון ארץ־ישראל וועט זיין. עס איז שווער צו זאָגן נביאות, לעבנדיק אין אַזאַ כאַאָטישער וועלט — דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס — מדינת ישראל איז צעריסן אויף אָן אַ שיעור פּאַרטייען און פאַרטייעלעך, וואָס איז נאָך מיין מיינונג די גרעסטע שטערונג פאַרן אויפבוי פון לאַנד. נאָך אַזוי ווייט ווי אין יאָר 1930, האָב איך, אין עלטער פון בלויז 20 יאָר, זייענדיק דעמאָלט אויף מיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישראל, שאַרף קריטיקירט אין אַן אַרטיקל די גרויסע געראַטעניש און „מזל־ברכה" פון פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך און די פאַרשיידענע פראַקציעס, וואָס רייסן זיך אַרום אינעווייניק אין די פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך גופא!

עס ווילט זיך אָבער האָפן, אַז די גרויסע געראַטעניש און „מזל־ברכה" פון פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך וועט מיט דער צייט דאָרט אויסרינען און

דאָס אידישע לעבן אין מדינת ישראל וועט אָננעמען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער.

עס ווילט זיך אויך האָפן, אַז דער נייער איד, וואָס וועט אויסוואַקסן אין ישראל, וועט אַבסאָלוט זיין אַנדערש פונם איד, וואָס מיר קענען אין פאַר־שיידענע גלות־לענדער, און באַזונדערס אין אַמעריקע.

איך האָב געלעבט אין ארץ־ישראל אַ לענגערע צייט און קען גוט די דאָרטיקע יוגנט. „אידישקייט", לויט דער אַלגעמיין־אָנגענומענער מיינונג, איז ביים רוב יוגנט אין ארץ־ישראל אַ פרעמדער באַגריף. די אידישקייט פון דער ארץ־ישראלער יוגנט איז באַזירט אויף אייגענעם באָדן און האָט אַן אָנשפאַר אינם אייגענעם לאַנד. אַחוץ דעם פילט זיך אַרויס אין זייער אידיש־קייט דער גייסט פון עמוס — דער סאָציאַלער מאָמענט; אויך פילט זיך ביי דעם רוב יוגנט אין ארץ־ישראל אַ שטאַרקער באַגער צו אַ בונד מיט דער דרויסנדיקער פּראָגרעסיווער וועלט.

וואָרים די צייט פון „פּראַווען שבת פאַר זיך" איז פאַרביי. קיין שום פאָלק אין דער וועלט קאָן היינט מער ניט לעבן פאַר זיך אַליין. בלויז דעמאָלט, ווען עס וועט מקוים ווערן דער נביאישער חלום פון פסוק: „ויעשו כולם אגודה אחת", און די „ממשלת־זדון" וועט אָפּגעווישט ווערן פונם פּנים פון דער ערד, וועט די וועלט האָבן אַ קיום — אַריינגערעכנט די אידישע וועלט . . .

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", סעפּ. 29, 1950, נ. י.

# צוויי בעסטע מלחמה־ביכער אין אַמעריקע

## דעם אָנדענק פון מיין פעטער הערשל שערמאַן

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָבן אויפ'ן ביכער־מאַרק זיך אָנגעהויבן באַוויזן פאַרשידענע ראָמאַנען, דערציילונגען, דראַמעס, מעמואַרן און פאַרצייכענונגען, וועלכע האָבן געשילדערט פאַר־שידענע איבערלעבונגען, שטימונגען און סיטואַציעס אין שייכות מיט די בלוטיגע טעג, סיי פון דער ציווילער באַפעלקערונג און סיי פון דער מיליטער אויף די פאַרשידענע פראָנטן.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק צווישן די מעמואַרן־ביכער, וואָס זיינען

דערשינען ביז איצט, האָבן געמאַכט טשוירטשיל׳ס שילדערונגען וועגן דעם גאַנג פון דער מלחמה און ראָבערט שערוואוד׳ס בוך „רוזוועלט און האָפּקינס״. פון דראַמעס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן אַרטור לאָורענס (אַ אידישער בחור) „האָום אָוו דהי ברעיוו״. האָליוואוד האָט לעצטנס פון דער דאָזיגער דראַמע געמאַכט אַ פילם, וואָס נעמט שטאַרק אויס ביים עולם. פון ראָמאַנען זיינען די צוויי בעסטע מלחמה־ביכער, וואָס זיינען געוואָרן „בעסט־סעלערס״: „יאַנג לאַיאָנס״ („יונגע לייבן״) פון אירווין שאָ, און „דהי נעיקעד ענד דהי דעד״ („די טויטע און די נאַקעטע״) פון נאָרמאַן מעילער.ביידע שרייבערס זיינען אַמעריקאַנער אידישע בחורים און נאָך גאָר יונגע מענטשן. דער ערשטער איז אַלט עטליכע און דרייסיק יאָר און דער צווייטער — עטליכע און צוואַנציק יאָר.

און איר זאָלט זען ווי פּשוט, ווי איינפאַך זיי האַלטן זיך! איר מערקט ניט ביי זיי קיין פליען אין די הימלען אַריין, קיין גלאַצעניש מיט די אויגן, און קיין קנייטשעניש מיט די שטערנס. איר זעט פאַר זיך פּשוט׳ע מענטשן מיט גרויסע שרייבערישע טאַלאַנטן, וואָס גייען צו צו זאַכן דירעקט אָן שום צערעמאָניעס. זיי שילדערן דאָס לעבן ווי עס איז און האָבן ניט מורא דערפאַר טאָמער וועט אימיצן ניט געפעלן. עס פילט זיך אַ געוואַגטקייט אין זייערביידנ׳ס שרייבן, צוזאַמען מיט אַ קלאָרקייט אין אַרויסברייינגען כאַראַקטערס און אין קאָנען פונאַנדערוויקלען קאָלעקטיווע און אינדיווי־דועלע דראַמעס און טראַגעדיעס.

נאָרמאַן מעילער אין זיין בוך „די נאַקעטע און די טויטע״, שילדערט מיט דער גרעסטער נאַקעטקייט און אמת׳דיגקייט, וואָס קאָן נאָר געבן, וועגן די איבערלעבונגען פון מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אַ בלוטיגער מלחמה־אַטמאָספערע און ווי זיי ווערן צוליב אומשטענדן פאַרוואַנדלט אין איינפאַכע חיות. עס שפּאַלט זיך ממש דער מח און עס ווערט אייך ניט גוט אויפ׳ן האַרצן צו חלש׳ן פון די אָפּשיילעכסטע אייגנשאַפטן, אויפפירונגען און באַנעמונגען, וועלכע די שוידערליכע אומשטענדן רופן ביי די מענטשן אַרויס און פאַרלירן יעדן ברעקל אַנהאַלט, יעדן מין מענטשלעכן געפיל און מענטשלעכע בושה.

דער מחבר גיט אויך אַ קלאָר בילד פון דעם אָפענעם און באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהערשט אין די רייען פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי סיי צווישן די פּראָסטע סאָלדאַטן און נאָך מער צווישן די הויכע

אָפּיצערן און גענעראַלן. איר קאָנט גרינג דערקענען דיליידן פון די צוויי אידן, וואָס נאָרמאַן מעילער שילדערט אין זיין בוך. איר פילט זייער אַנדערשקייט, זייער העכערע דערציאונג, די היימישקייט פון זייער אידישער סביבה, די בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך די אייגענע משפחות. מען האָט די צוויי אידישע סאָלדאַטן ניט ליב און דער מחבר האָט ניט מורא צו דערציילן אייך פאַרוואָס. מען האָט זיי ניט ליב, ערשטנס, ווייל זיי זיינען אידן און נאָך מער צוליב זייער אידישקייט.

די דאָזיקע צוויי אידישע סאָלדאַטן ווערן פונ׳ם מחבר העכסט וואַרעם געשילדערט. עס שיינט פון זיי אַרויס אַ סך גייסטיקע גבורה און מענטשלעכע שטאָלץ. די דראַמע פונ׳ם בוך שפּילט זיך אָפּ אויף אַ פּאַסיפישן אינזל, וואו עס זיינען פאָרגעקומען מורא׳דיגע שלאַכטן צווישן אַמערי־קאַנישע און יאַפּאַנעזישע אַרמייען.

פון אַ גאַנץ אַנדער מין איז אירווין שאָ׳ס מלחמה־בוך „יאַנג לאַיאָנס״, וואו דער אינהאַלט שפּילט זיך אָפּ אויף די שלאַכטפעלדער אין אייראָפּע. דריי סאָלדאַטן האָט דער מחבר אויסגעקליבן פאַר זיינע הויפּט־העלדן פון דעם ראָמאַן: אַ איד, אַן אַמעריקאַנער און אַ נאַצי. ווי אַזוי ער שילדערט אָפּ די דאָזיקע דריי הויפּט־העלדן אויף אַ העכסט קינסטלערישן ליטעראַרישן אופן, איז ממש צו באַוואונדערן, איבערהויפּט ווערט מייסטעריש אַרויסגע־בראַכט דער קאָנטראַסט צווישן דעם איד און דעם נאַצי. אַזעלכע שאַרפע געמאָלענע ליניעס, אַזעלכע לעבעדיקע שטריכן און טיפע איבערלעבונגען האָט דער מחבר אַריינגעהויכט אין זיין אידישן כאַראַקטער, וואָס איז זעלטן צו באַגעגענען אין אַ בוך אויף דער ענגלישער שפּראַך.

נאָהאַ (נח) אַקערמאַן הייסט דער אידישער העלד פון דעם ראָמאַן. ער שילדערט אים אין אָנהויב ווי אַ פשוט׳ן אידישן יונגערמאַן, מיט ווינציג בילדונג, ווינציג קולטור, אינגאַנצן אָן באַזונדערע פעאיגקייטן, נאָר ער פאַרמאָגט אָבער אַן ערליכע נאַטור, אַ גוטע נשמה, און איז אַ געטרייער, איבערגעגעבענער פריינט.

און אָט דער פשוט׳ער אידישער יונגערמאַן, ווען עס קומט אויס אַ סך צו ליידן פון אַנטיסעמיטיזם אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, וואַקסט ביים מחבר אויס ריזיק גרויס און ווערט דערהויבן צו אַן אמת׳ן מוסטער פאַר זיינע ניט־אידישע מיטקעמפער פון פיזישן, גייסטיקן און מאָראַלישן מוט.

אירווין שאָ איז אַ מייסטער דערציילער. יעדעס וואָרט, יעדעס בילד

לעבט און אָטעמט ביי אים. איר פילט יעדן כאַראַקטער באַזונדער. ער לאָזט ניט דורך קיין שום זאַך. זיין אויג כאַפּט אַלצדינג אויף. די עפּיזאָדן, וואָס ער שילדערט אין זיין ראָמאַן „יאַנג לאַיאַנס״, זיינען אַזעלכע קלאָרגעצייכנטע, אַז איר קאָנט זיך ממש אין זיי שפּיגלען.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז ביידע אידישע יונגעלייט, אי נאָרמאַן מעילער און אי אירווין שאָ, האָבן זיך אַליין באַטייליגט אין דער מלחמה און האָבן געקעמפט מיט די אַמעריקאַנישע אַרמייען: דער ערשטער אויפ׳ן פּאַסיפישן פראָנט, און דער צווייטער אויפ׳ן אייראָפּעאישן פראָנט. מען קאָן זאָגן, אַז די כאַראַקטערס און עפּיזאָדן, וואָס זיי מאָלן און שילדערן אין זייערע ראָמאַנען, זיינען גענומען דירעקט פון לעבן, פון זייערע אייגענע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען.

אירווין שאָ האָט מיר אויף דער „פּאַרטי״, וואו איך האָב זיך געטראָפן מיט אים, געזאָגט, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט, אַז דער ראָמאַן זיינער זאָל איבערגעזעצט ווערן אין אידיש — און נאָך מער האָט ער חשק, אַז ער זאָל איבערגעזעצט ווערן אין העברעאיש.

אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט ער מיר דערציילט, איז אים אויסגעקומען צו זיין אין ארץ־ישראל. ער האָט באַזוכט ירושלים, תל־אביב, חיפה, און עס מערקט זיך ביי אים אַ ווילן צו דערנענטערן זיך צו אידן און אידישקייט. אַמאָל איז ביי אים אָט דער ווילן ניט געווען. אַודאי ניט ווען ער האָט מיט אַ צוועלף יאָר צוריק אָנגעשריבן זיין באַרימטע דראַמע „בערי דהי דעד״. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר.

אגב, נאָך דעם גרויסן ליטעראַרישן דערפאָלג, וואָס „בערי דהי דעד״ האָט געהאַט אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט, איז אים געווען שווער צו האָבן נאָך אַזאַ דערפאָלג. ער האָט זינט דעמאָלט אָנגעשריבן פאַר־שידענע דראַמעס און קורצע דערציילונגען, אָבער קיין צו גרויסן דערפאָלג האָט ער מיט זיי ניט געמאַכט. ער איז אַ שטיק צייט אויך געווען דער טעאַטער־קריטיקער פון דעם זשורנאַל „ניו רעפּאַבליק״. „יאַנג לאַיאַנס״ איז זיין ערשטע גרויסע ליטעראַרישע אַרבעט, און ווי עס זעט אויס, וועט ער שוין פאַרבלייבן אַ דערציילער און ראָמאַנען־שרייבער.

ווי געזאָגט, אירווין שאָ איז עטליכע און דרייסיק יאָר אַלט. ער איז אַ הויכער מיט קרעפּטיקע פּלייצעס, אַ בלאָנדער, און זעט דאָך אויס אידישלעך, איבערהויפּט די נאָז. ער איז געבוירן געוואָרן אין ניו יאָרק.

דער מחבר פון דעם ראָמאַן „דהי נעיקעד און דהי דעד״, נאָרמאַן מעילער, איז, ווי עס איז שוין פריער אָנגעמערקט געוואָרן, עטליכע און צוואַנציק יאָר. ער איז אַ ברוקלינער אידישער יונגערמאַן, וואָס האָט זייער יונג זיך גענומען צו ליטעראַטור. זיינע ערשטע דערציילונגען האָבן קיין דערפאָלג ניט געהאַט. זייענדיק אויפ׳ן פראָנט האָט ער אָנגעהויבן צו פאַר־צייכענען געוויסע עפיזאָדן און כאַראַקטערס, וואָס זיינען שפעטער געוואָרן אַ טייל פון דעם גרויסן ראָמאַן, וואָס ציילט אַריבער זיבן הונדערט זייטן.

נאָרמאַן מעילער זעט אויס ווי אַ טיפּיטשנער אידישער בחור׳ל, אַביסל אַ שעמעוודיקער און מאַכט דעם איינדרוק פון נאָך זייער אַ נאַאיוון מענטשן. ער איז לעצטנס צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין האָליוואוד, וואו מען האָט אים זייער גרויסאַרטיק אויפגענומען. ער איז אַ ברונעט מיט טיפע, פאַר־טרויערטע אידישע אויגן. הפנים, אַז די איבערלעבונגען אויפ׳ן פראָנט האָבן געלייגט זייער חותם אויף אים.

דאָס איז, אין קורצן, די געשיכטע פון צוויי אַמעריקאַנער אידישע בחורים, וועגן וועמעס צוויי ליטעראַרישע ווערק מען רעדט איצט איבער גאַנץ אַמעריקע.

„דער טאָג״, סעפּ. 4, 1949, נ. י.

# אַ שפּאַציר איבער דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָט

**רייזע־מאָטיוון**

וועגן מעקסיקאָ ווי אַ לאַנד, קאָן מען זייער אַ סך שרייבן. עס איז איינע פון די אויפגייענדיקסטע לענדער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט. עס וועט לאַנג נישט נעמען און מעקסיקאָ וועט פון זיך אַראָפּ־וואַרפן די פרעמדע „מאַנטלען״ פון אירע פלייצעס און וועט אַלץ מער און מער אַרויסווייזן איר אייגענעם נאַציאָנאַלן פּנים. שוין פילט איר דעם נייעם גייסט, וואָס שלאָגט אין לאַנד; שוין זעט איר דעם טיפן בלוי, וואָס לויטערט זיך פון הינטער די גרויע שלייערן אַרויס און ווערט אַלץ בולטער. יעדער

טאָג איז אַ טראַט נעענטער צו אַ ליכטיקן מאָרגן פון מעקסיקאָ און דעם מעקסיקאַנער פאָלק.

דער 18טער מערץ פון יאָר 1938, דער טאָג ווען עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון מעקסיקאָס עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייט, וואָס איז געפאַלן ווי אַן אַטאָם־באָמבע אויף די קאַפּיטאַליסטישע קעפּ פון די ענגלישע און אַמעריקאַנער באַזיצער פון די מעקסיקאַנער אויל־פעלדער, וועלכע זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר מלוכה־אייגנטום, האָט באַפעסטיקט מעקסיקאָס אומאָפּהענגיקייט ווי אַ מלוכה, מיט אַ סאָציאַל־פּאָליטישער דעמאָקראַטישער פאָרם, וואָס האַלט אַלץ מער און מער זיך אין אויס־קריסטאַליזירן.

איך האָב וועגן מעקסיקאָ אַ סך געלייענט, אָבער דאָס וואָס דאָס אויג אַליין זעט, איז אַן אַן ערך אינטערעסאַנטער און פאַרכאַפּנדיקער. אַגב, דאָס איז שוין געווען מיין צווייטער באַזוך אין מעקסיקאָ אין די לעצטע פיר יאָר. איך בין שטאַרק באַגייסטערט פון דער מעקסיקאַנער לאַנדשאַפט; פון דער שיינקייט פון די שטענדיקע טיף־בלויע מעקסיקאַנער בערג, פּרעכטיקע טאָלן און פון דעם מעקסיקאַנער גאָלדענעם פּייזאַזש. וואָס לענגער איך האָב פאַר־בראַכט אויף דער מעקסיקאַנער ערד, אַלץ היימישער איז זי מיר געוואָרן. די שפּראַך האָט אויפגעהערט קלינגען צו מיר פרעמד, ווי אין אָנהויב. מיט יעדן טאָג האָב איך אַלץ מער אָנגעהויבן צו דערפילן און צו דערקענען דעם מעקסיקאַנער מענטשן. וואָס לענגער איך האָב אַריינגעקוקט אין זיינע קויל־שוואַרצע, פייערדיקע אויגן, אַלץ קלאָרער האָב איך אים געזען און ער איז וואָס אַמאָל מיר געוואָרן פאַרשטענדלעכער.

פונקט ווי אויף מיין ערשטן באַזוך, אַזוי בין איך אויך איצט אויף מיין צווייטן באַזוך, שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָט — מעקסיקאָ! אין ערגעץ קאָנט איר נישט זען אַזעלכע קאָלירן און שאַרפע קאָנטראַסטן, אַזעלכע מאָדנע איבערגאַנגען און טאָן־ארטן, אַזוי פיל ליכט און שאָטן, ווי אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָט. באַזונדערס שאַרף זעען אויס די קאָנטראַסטן צווישן מעקסיקאָ־שטאָט און דעם הינטער־לאַנד. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי מעקסיקאָ־שטאָט, וואָלט געווען ערגעץ אַן אינזל אַליין פאַר זיך. אָבער דאָס איז בלויז אַן איינדרוק, פאַקטיש רעדט דורך מעקסיקאָ־שטאָט דאָס גאַנצע מעקסיקאַנער פאָלק.

מעקסיקאָ־שטאָט וויגט זיך צווישן די איינפלוסן פון דער אַלטער וועלט,

אייראָפּע, — שפּאַניע, פראַנקרייך, און דער נייער וועלט — אַמעריקע — די פּאַראייניקטע שטאַטן. דאָך איז מעקסיקאָ־שטאָט גאַנץ אַנדערש פון מאַדריד, שוין אָפּגערעדט פון פּאַריז, אָדער ניו־יאָרק. וואָס לענגער איך האָב זיך באַקענט מיט מעקסיקאָ־שטאָט, אַלץ מער האָב איך אַנגעהויבן איינזען, אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט וועט מעקסיקאָ־שטאָט ווערן איינע פון די אייגנאַרטיקסטע און שענסטע שטעט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אין מעקסיקאָ־שטאָט, מער ווי אין וועלכן עס איז נישט ווינקל פון לאַנד, זינגט דורך אַלע שפּאַלטן און שפּאַרונעס, פון מעקסיקאַנער לעבן אַרויס די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג. איבערהויפּט קאָנט איר עס זען און הערן אין דער מעקסיקאַנער מאַלעריי און מוזיק. איןביידע קונסטן וועט איר געפינען דעם אַנזאָגנדיקן טאָן פון דער נייער אויפגייענדיקער מעקסיקאָ, פון דער נייער וואַקסנדיקער מעקסיקאַנער אינטעליגענץ, און וואָס די ברייטע מאַסן פון לאַנד טראַכטן און פילן.

דאָך פילט איר נאָך אַלץ דעם „ויתרוצצו", וואָס גייט אָן נאָך אפילו אין דער מאַלעריי און מוזיק, צווישן דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, וואָס איין טייל פון דער באַפעלקערונג — דער הערשנדיקער טייל — דער „מעסטיס", וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער אויסמישונג פונם ווייסן מאַן מיט דער אינדיאַנערין — זוכט די גאַנצע צייט אַרויפצוצווינגען אויפן צווייטן טייל פון דער באַפעלקערונג, אויף די מיליאָנען אינדיאַנער, וואָס זיינען דער רוב מנין ורוב בנין פון דעם מעקסיקאַנער פאָלק.

איך האָב פריער געזאָגט, אַז מעקסיקאָ־שטאָט איז אַ שטאָט פון שאַרפע קאָנטראַסטן און מאָדנע איבערגאַנגען; מען קאָן עס, פאַרשטייט זיך, זאָגן וועגן יעדער גרויסער שטאָט אין דער וועלט, ווייל אומעטום איז די באַפעל־קערונג צעטיילט אויף רייכע און אָרעמע, און אַזוי אויך מיט גאַסן און קוואַרטאַלן גאַנצע, מיט די געשעפטן און אַלץ מיט אַן אַנדערן. אין ערגעץ, אָבער, אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט שטעט און לענדער, איז עס נישט אַזוי קאַנטיק, ווי אין מעקסיקאָ־שטאָט: פון איין זייט האָט איר דאָרט שיינע קוואַרטאַלן מיט העכסט מאָדערנע וואוינונגען, פּרעכטיקע אַלייען, ברייטע גאַסן און עוועניוס, גרויסע קאַפייען, רעסטאָראַנען, האָטעלן, רייכע געשעפטן, אויף אַן אַמעריקאַנער שטייגער, און, פון דער צווייטער זייט, האָט איר דאָרט אַלטע, אָפּגעלאָזענע קוואַרטאַלן, מיט ענגע, שמוציקע געסלעך, אַז איר הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין גאָר, ווי אַזוי מענטשן לעבן דאָרט. אָט

באַגעגנט איר מענטשן גוט־געקליידטע, פּראַנטיש־אויסגעפּוצטע, און אַט באַגעגנט איר ווידער מענטשן אַנגעטאָן אין אַלטע טראַנטעס, אין פּשוט צעריסענע שמאַטעס, אַז ס׳איז אַ חרפּה אַזוינס אָנצוקוקן. עס גייען מיר נישט אַרויס פון מיין זכרון אַט די דאָזיקע בילדער, וואָס זיינען פול מיט טראַגיק, פול מיט מענטשלעכער מיזעריע...

איך האָב געהאַלטן אין איין שפּאַצירן איבער די פאַרשיידענע גאַסן און עוועניוס פון מעקסיקאָ־שטאָט, כדי אַלץ מער זיך צו דערגרונטעוועז און זיך צו באַקענען מיט אַלע ווינקלען און ווינקעלעך פון דער שטאָט, מיט איר גרויסער דריי און אַ האַלב מיליאָניקער באַפעלקערונג, מיט דעם לעבנס־שטייגער, מיט די פאַרשיידנאַרטיקייטן און שטריכן, וואו נאָר איך האָב געקאָנט. די ערשטע זאַך וואָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, סיי אין די רייכע און סיי אין די אָרעמע געגנטן, איז די צאָל ריזיקע ביכער־געשעפטן, אין וועמעס פענצטער איר געפינט אַן אויסלייג פון אַלערליי ביכער אין דער וועלט. לויט דער צאָל ביכער־געשעפטן, קאָן מען זען, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרויסער עולם, וואָס לייענט און קויפט ביכער. דאָס זעלביקע איז מיט מוזיק־געשעפטן. די צאָל פּלאַטן וואָס ווערן דאָרט פאַרקויפט, איז אַ גאַנץ גרויסע. דער הונגער נאָך קונסט איז אין אַלגעמיין אַ גוואַלדיק גרויסער ביי דער מעקסיקאַנער באַפעלקערונג בכלל — און ביי די איינ־וואוינער פון מעקסיקאָ־שטאָט בפרט. איבערהויפּט זיינען די מעקסיקאַנער שטאַרק פאַרליבט אין מאַלעריי און מוזיק.

גאָר אַ סך לעבן האָט אַריינגעבראַכט קיין מעקסיקאָ־שטאָט די שפּאַנישע פּליכטלינגע, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון פראַנקאָס דיקטאַטור, וואָס איר מערהייט באַשטייט פון הויך־אינטעליגענטע מענטשן, קינסטלער, שרייבער, מאַלער און פּאָליטיקער. זייער אויפהאַלטן זיך אין מעקסיקאָ האָט געגעבן דער מעקסיקאַנער פּאָליטיק אַ ווייטן שטויס און מעקסיקאָ־שטאָט אַ ספּעציעלן קאָליר. אויך טראָצקיס קורצע אָנוועזנקייט אין מעקסיקאָ האָט גאַנץ היפּשלעך בייגעטראָגן צום ווייטן שטויס פון דער מעקסיקאַנער פּאָליטיק. ווייטער האָט אַ סך געהאָלפן דאָס אָפּגרענעצן די קאַטוילישע קירך פון דער רעגירונג. ליבעראַלע אידייען האָבן געקראָגן אַ מער גינסטיקע לאַגע אין דער מעקסיקאַנער הויפּט שטאָט. הגם מענטשן לויפן נאָך איצט אויך מאַסנווייז אין די קירכעס אַריין, אָבער עס איז שוין מער נישט דאָס, וואָס ס׳איז פריער געווען. דער פאַקט וואָס אויף די גאַסן פון מעקסיקאָ־

שטאָט, און אין לאַנד בכלל, טאָרן זיך נישט באַווייזן קיין שום רעליגיעזע פּראָצעסיעס, האָט גאָר אַ סך צו זאָגן.

צווישן אַנדערע מערקווירדיקייטן, וועלכע וואַרפן זיך אין די אויגן אייך בעת איר האַלט אין אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן און עוועניוס פון מעקסיקאָ־שטאָט, איז די גרויסע צאָל יונגע בחורים און מענער מיט „ממזרישע" וואָנצעלעך. די מערסטע פון זיי טראָגן די האָר לאַנג געשאָרן און מאַכן דעם איינדרוק פון קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, מאָלער, אַקטיאָרן, אָדער פון דאָן זשואַנס, רודאָלף וואַלענטינאָס, קלאַרק געבלס און ראָבערט טיילאָרס. פון זייער קאַוואַליערישקייט שלאָגט עפּעס, וואָלט איך געזאָגט, אַ „פריקרע" זיסקייט. אָבער איר מוזט צוגעבן, אַז די מערסטע בחורים און מענער, וועלכע איר באַגעגנט אויף די גאַסן פון מעקסיקאָ־שטאָט, זיינען כמעט אַלע שיינע. איר זעט דאָרט מער שיינע מענער ווי פרויען. אויך גייען דאָרט די מענער שענער אָנגעטאָן פון די פרויען. איך האָב געוואָלט דערגיין פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, אָבער עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן. יעדער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז מען זעט נישט קיין שיינע פרויען אויף די גאַסן פון מעקסיקאָ־שטאָט ! אָ, וואָס פאַר אַ שיינע פרויען איר באַגעגנט דאָרט ! עס איז שווער אָפּצורייסן די אויגן פון זיי !

צו זאָגן אויפן מעקסיקאַנער, אַז ער איז ראָמאַנטיש, איז קיין וואָרט ניט. דאָס זעלביקע איז ווי צו זאָגן אויף אים, אַז ער איז סענטימענטאַל. עס איז ביים מעקסיקאַנער גאָרנישט פאַראַן קיין שיעור צו אָט דיביידע זאַכן. דער קלימאַט פון לאַנד איז אַזעלכער, אַז עס לאָזט אים נישט זיין פּאַסיוו. זיין לוסט צו לעבן איז אומגעהייער.

אַ מעקסיקאַנער מאַן וועט קיינמאָל נישט פאַרבייגן אַ פרוי, וואו ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן קוקן אויף איר. ער באַגלייט איר מיט אַזעלכע זשעדנע בליקן, גלייך ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט קיין פרוי נישט געזען. די מעקסיקאַנער פרוי, ווידער, ווייסט עס, און זי וועט זיך אַלע מאָל אומקוקן און זען, צי דער מאַן, וואָס זי איז אָקאָרשט פאַרבייגעגאַנגען, קוקט איר נאָך.

דער מעקסיקאַנער האָט זיין אייגענע מאָראַל, זיין אייגענעם וועג ווי אַזוי צו ליבן און צו האַסן. האָבן אַ ווייב, און דערצו אויך צוויי אָדער דריי געליבטע, איז ביי אים פון די קלענסטע פאַרברעכנס, ער האַלט עס נישט פאַר קיין זינד. אַגב, עס קאָסט נישט קיין סך אויסצוהאַלטן אַ געליבטע אין

מעקסיקאַ. זיי פֿאַרלאַנגען זייער ווייניק. מער ווי „מתּנות" פֿאָדערן זיי נישט . . .

ווי שוין באַמערקט, פֿאַרמאָגט מעקסיקאָ־שטאָט אַ באַפֿעלקערונג פֿון דריי און אַ האַלב מיליאָן, אָבער דער איינדרוק איז, אַז די באַפֿעלקערונג איז אַ פֿיל גרעסערע. דער געדרענג פֿון מענטשן אויף די גאַסן און דער פֿאַרקער פֿון אויטאָמאָבילן, טעקסיס און אויטאָבוסן, איז אומגעהויער גרויס. מען פֿאָרט איינער אויפֿן צווייטן ממש. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס עס זיינען נאָך נישטאָ קיין סאָבווייס אין מעקסיקאָ. נאָך אַן אורזאַך פֿאַרוואָס דער געדרענג פֿון מענטשן אויף די גאַסן איז אַזאַ גרויסער, איז ווייל דער מעקסיקאַנער האָט שטאַרק ליב דעם דרויסן. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַלע איינוואוינער פֿון מעקסיקאָ־שטאָט, וואָלטן געלעבט אויף די גאַסן, אַנשטאָט אין שטיבער. אויסער דעם, איז דער מעקסיקאַנער שטאַרק פֿאַרליבט אין זיין הויפּט־שטאָט. ער קאָן זיך גאָר מיט איר געבוג נישט אָנזעטיקן !

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", יאַנ. 31, 1952

# איזאַ קרעמער — די געשמאַקע אידישע פֿאָלקס־זינגערין

## געווידמעט חנה׳לען

צו אַלע טויזנטע חנ׳ען און פֿאַרבן פֿון אונזער אידישן צעזייטן און צעשפּרייטן פֿאָלקס־ליד, האָט די באַרימטע זינגערין מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלן נאָמען פֿון אידישע פֿאָלקס־לידער, איזאַ קרעמער, צוגעטראָגן אויך איר חן און קאָליר — דעם קאָליר פֿון דער פֿעטער בעסאַראַבישער ערד און די קלאָרע דורכזיכטיקע בלויע בעסאַראַבישע הימלען.

אַזוי באַ׳טעמ׳ט קומט ביי איר אַרויס דאָס אידישע לשון, אַזויפֿיל חן־קוואַלן זיינען דורך איר צעעפֿנט געוואָרן אין די טיפֿן און אין די שפּאַלטן פֿון דעם אידישן פֿאָלקס־ליד, אַזאַ באַהויכטקייט, קלינגעוודיגקייט און שפּילעוודיגקייט, אַז ס׳איז ממש צו באַוואונדערן איר גרויסן טאַלאַנט.

אין איזאַ קרעמער׳ס שטייגער־זינגען איז פֿאַראַן האַלב־געזאַנג, האַלב־שפּיל. זי פֿאַרמאָגט נישט קיין צו הויכען טאָן, אָבער אַזאַ בויגעוודיגקייט,

אַזעלכע לייכטע פעדערדיקע איבערגאַנגען, אַזויפיל פיינע ניואַנסען און צאַרטע קנייטשן, אַזאַ דין אַריינהעפטן זיך פון קלאַנג אין קלאַנג, און אַזאַ וואַרעמקייט, וואָס נעמט אייך דורך מיט אַ טעם, ווי איר וואָלט געטרונקען היימיש־געמאַכטן אַלטן ווייַן.

איזאַ קרעמער איז געבוירן געוואָרן אין בעלז, וואו זי האָט אירע ערשטע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט און האָט אין זיך איינגעזאַפּט די קלאַנגען פון דעם געזונטן, זאַפטיקן בעסאַראַבישן אידישן לשון, וועלכער קלינגט אַזוי פּערלדיק־שנירלדיק, האַרציק־זיס אין איר געבוירן זינגערישן מויל.

פון קליינערהייט־אָן איז זי געווען פאַרליבט אינ׳ם לעבן. און ווי אַן אייביג־פאַרליבטע איז זי שטענדיק געווען אויפגעלייגט און צוגעלאָזן צו מענטשן. די מונטערקייט פונ׳ם בעסאַראַבער אידן האָט אויף אַ מערק־ווירדיקן אופן פון איר לויטער אַרויסגעקוועלט און זי האָט שטענדיק נאָר געזונגען. וואו זי איז געגאַנגען און וואו זי איז געשטאַנען, האָט זי געזונגען. זי איז געוואַקסן מיט אַ שיינעם, רונדן פּנים — פון דאָרפישן סאָרט.

בעלז איז באַוואוסט געווען אַלס אַ שטאָט פון אידישע נגינה. פון דאָרטן האָט געשטאַמט דער באַרימטער חזן און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר ר׳ ניסע בעלזער, וואָס איז באַוואוסט צווישן אידן אין דער גאָרער וועלט.

פון בעלז שטאַמען אויך די באַוואוסטע אידישע שרייבער און דיכטער: ש. בן־ציון, יעקב פיכמאַן, אליעזר שטיינבאַרג און נאָך אַ סך אַנדערע אידישע שריפטשטעלער און קינסטלער.

אין עלטער פון צוועלף יאָר האָט איזאַ קרעמער פאַרלאָזן איר היים־שטאָט בעלז מיט דער בעסאַראַבישער ערד, וואָס האָט געשמעקט מיט וויינ־גערטנער, מיט טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס, מיט דופט פון פעלד און פעטער פּאַשע, מיט ריחות פון צענדליגערליי סאָרטן עפּל, באַרנען, גוטעסן, זיסע קאַוועגעס און זעלטענע פלוימען, און נאָך אַנדערע מינים פּרוכטן. צוזאַמען מיט אירע עלטערן האָט זי זיך אַריבערגעקליבן אין דער ליכטיגער, פריילעכער שטאָט אָדעס — „די שיינהייט פונ׳ם דרום״!

די זוניקע שטאָט מיט איר געזונטער פריילעכקייט האָט דער קליינער, שטענדיק אויפגעלייגטער, שטענדיק זינגעוודיק און שפּילעוודיגער איזאַ׳ן ממש פאַרכאַפּט. זי האָט אַזוי פיל געהערט רעדן פון אָדעס — און אָט מיט אַמאָל איז זי דאָרטן! וואָס פאַר אַן איבערראַשונג, וואָס פאַר אַ טיפן איינדרוק די נייע שטאָט האָט אויף איר געמאַכט! ס׳אַראַ ליכטיקע, פריילאַכע

גאָסן! זי קאָן זיך גאָרנישט מיט זיי גענוג אָנזעטיגן! וואו האָט זי פריער געזען אַזוי פיל מענטשן?

פאַר אַ מיידל פון צוועלעף יאָר, וואָס איז געוואָקסן אין בעלז, צו שפּאַצירן מיט חבר׳טעס צום ערשטן מאָל אויף אַזעלכע גאַסן, ווי „פּוש־קינסקע״, „דעריבאַסאָווסקע״, איז עס אַ גוואַלדאָוונע איבערלעבעניש! די קליינע איזאַ איז זיך צעגאַנגען פון נחת! זי איז ממש געשפּרונגען אין דער לופטן!

ווי איך האָב פריער געזאָגט, האָט איזאַ קרעמער פון קליינערהייט־אָן אַרויסגעוויזן אַ תשוקה צו זינגען. וואוינענדיג דערנאָך אין אָדעס האָט זי געהאַט די מעגליכקייט צו זען און צו הערן זאַכן, וואָס זי וואָלט קיינמאָל אין בעלז נישט געזען און נישט געהערט. זי פלעגט גיין אָפט צו קאָנצערטן, אין דער אָפּערע, און פון דאָרט אַהיימקומען און אַלץ נאָכקאָפּירן און איבער־זינגען. אירע עלטערן האָבן דעריבער געהאַפט, אַז זי וועט אַמאָל אויס־וואַקסן אַ באַרימטע אָפּערע זינגערין.

און כדי דאָס צו דערגרייכן האָט דער פאָטער, וואָס איז געווען אַ סוחר, כאָטש ניט קיין פאַרמעגליכער, געשיקט זי קיין איטאַליע, אַז זי זאָל דאָרטן שטודירן געזאַנג און מוזיק אין אַלגעמיין. די מוטער איז מיט איר מיטגע־פאָרן. פיר יאָר צייט האָט זי פאַרבראַכט אין איטאַליע, און מיט גרויס חשק זיך איבערגעגעבן דער קונסט פון געזאַנג און מוזיק — שעה׳ן גאַנצע האָט זי פאַרבראַכט ביים לערנען.

צו זיבעצן יאָר הויבט זי אָן אויפצוטרעטן אויף קאָנצערטן. זי טוט עס הויפּטזעכליך דערפאַר, ווייל דעם פאָטער׳ס געשעפטן אין אָדעס זיינען פלוצלינג אַוועק שלעכט, מיט דער פוטער אַראָפּ, און ער האָט זי מער נישט געקענט אויסהאַלטן. זי האָט איצט אַליין באַדאַרפט פאַרדינען, כדי צו קענען פאַרבלייבן מיט דער מוטער ווייטער אין איטאַליע און צו קאָנען פאָרזעצן איר שטודיום און מוזיקאַלישע קאַריערע.

איר ערשטער אַרויסטריט אויף דער אָפּערע בינע איז געווען אין דער מילאַנער אָפּערע הויז אין איינער פון פּוטשיני׳ס שפּילעוודיגע אָפּערעס „לאַ באָהעם״. קיין צו גרויסן דערפאָלג האָט זי נישט געהאַט. איר שטימע — אַ סאָפּראַנא — איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער אָפּערע בינע. אָבער זי האָט אַלץ גע׳חלומ׳ט צו ווערן אַמאָל אַ באַרימטע אָפּערע זינגערין. ווען זי איז דערנאָך געקומען צופאָרן צוריק פון איטאַליע קיין אָדעס, האָט מען איר

אַנגאַזשירט אין דער דאָרטיקער אָפּערע. עס איז געווען אין יאָר 1914, באַלד ווי די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

צוויי יאָר צייט האָט איזאַ קרעמער געזונגען אין דער אָדעסער אָפּערע. דאָס איז געווען פֿאַר איר געַנוג. זי האָט אינגיכן אויסגעפֿונען, אַז איר כח ווי אַ זינגערין ליגט ערגעץ־וואו אַנדערש, נישט אין דער אָפּערע, וואו שטימע איז איבער אַלעס. זי האָט איר טאַלאַנט איצט אינגאַנצן געווידמעט צו פֿאָלקס־לידער, אידישע און אויך פֿרעמד־שפּראַכיקע — אַ געביט, אויף וועלכן זי האָט זיך גאָר שנעל באַרימט געמאַכט און איז געוואָרן באַוואוסט איבער דער גאָרער וועלט.

דעם ערשטן קאָנצערט אירען פֿון פֿאָלקס־לידער האָט איזאַ קרעמער געגעבן אין מאָסקווע. דער דערפֿאָלג איז געווען ממש אַן איבערראַשענ־דיגער. פֿון רוסלאַנד איז זי דערנאָך געפֿאָרן קיין טערקיי און האָט שפּעטער באַזוכט אויך פּוילן, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און נאָך אַ סך אַנדערע לענדער. אומעטום האָט זי געקראָגן באַגייסטערטע אויפֿנאַמעס. מ׳האָט וועגן איר זייער פֿיל געשריבן, קריטיקער האָבן נישט געקאָרגט איר קיין לויב־געזאַנגען. איר קומען קיין אַמעריקע האָט דעריבער אַרויסגערופֿן ביי אַלע מוזיק־ליבנדיקע מענטשן גרויס דערוואַרטונג. ווייל גאָר אַ סך האָבן געהערט פֿון איר גרויסן טאַלאַנט איידער נאָך זי איז אַהער אָנגעקומען.

ערשט דאָ אין אַמעריקע האָט איזאַ קרעמער געפֿונען פֿאַר זיך אַ ברייטע אידישע צוהערערשאַפֿט. אירע קאָנצערטן זיינען באַזוכט געוואָרן פֿון אַ גרויסער צאָל מענטשן. זי איז אויסגעפֿאָרן דאָס גאַנצע לאַנד. אומעטום וואו זי איז געקומען, האָט מען זי ביז גאָר וואַרעם אויפֿגענומען. זי האָט געזונגען פֿאָלקס־לידער אויף עטליכע שפּראַכן: אידישע, רוסישע, פֿראַנצויזישע, איטאַליענישע, שפּאַנישע, ענגלישע און נאָך אַנדערע פֿאָלקס־לשונות. אָבער פֿון אַלע פֿאָלקס־לידער וואָס זי האָט געזונגען, האָט זי די אידישע פֿאָלקס־לידער געזונגען אַמשענסטן. אַמשענסטן, ווייל אַמנאָענסטן צו איר האַרצן, צו איר נשמה, צו אירע געפֿילן און צו איר געמיט. איר גאַנץ לייב־און־לעבן האָט זי אַריינגעגעבן אין די צעלן פֿון די אידישע פֿאָלקס־לידער.

ווער קאָן גאָר פֿאַרגעסן איר „איך בין שוין אַ מיידל אין די יאָרן״, „מחותנים״, „לאָמיר זיך איבערבעטן״, „איך גיי אַרויס אויפֿ׳ן גאַנקיל״ און נאָך אַ סך אַנדערע פֿאָלקס־לידער, וועלכע זי האָט באַלעבט מיט איר אָטעם! אַזוי פֿיל האַרץ און נשמה, אַזאַ לעבהאַפֿטיגקייט און קלינגעווודיגקייט, אַזוי

פיל פאַרליבטקייט און פלאַטערדיגקייט, אַזאַ פאָלקסטימליכקייט, קערנדיג־קייט און באַ׳טעמ׳טקייט, ווי היימיש געבאַקענער ראַזעווער ברויט...

עס האָבן דורך איזאַ קרעמער׳ס מויל אַרויסגעזונגען גאַנצע שטעטלעך מיט אידישע מיידלעך, וועמעס פרייד און געלעכטער, צער און געוויין, באַהאַלטענע ליבעס, צאַרטער באַריר, חתנ׳ישע שעפטשערייען, וואַרעמע גלעטן, פאַרבאָרגענע קושן, האַרץ־קלעמעניש, טראַגיש מיידלשע איבער־לעבונגען, פאַלשע פאַרשפּרעכונגען, ליגנערישע צוזאָגונגען, פאַרלאָרענע יוגנט, פאַרזעסנקייט, ביטערער גורל, — אָט־דאָס אַלץ האָט ביז גאָר אויף אַ מערקווירדיגן אופן אָפּגעקלונגען אין אונזערע אויערן און טיף אַריינ־געדרונגען אין אונזערע הערצער.

יאָ, איזאַ קרעמער איז געווען די „פיר־זינגערין" פון די קליין־שטעטל־דיגע אידישע מיידלעך, די היימישע כשר׳ע אידישע טעכטער, פונקט ווי די אַמאָליגע „פיר־זאָגערינס" אין דער ווייבערישער שול! זי האָט דעם פּשוט׳ן אידישן פאָלקס־ליד אָנגעטאָן דעם שענסטן קינסטלערישן טראַכט, וואָס קאָן נאָר געמאָלט זיין. און אַלס אַזעלכע וועט איר נאָמען פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות.

„דער טאָג", אַפּריל 26, 1947, נ. י.

# נקמה אין אַ ראַבאַי...*

איין דרויסן איז פרילינג. און פרילינג איז אַוודאי נישט קיין צייט פאַר קיין חשבון־הנפש־שטימונגען — אפילו נישט פאַר קיין עלטערן מענטשן, אַ פּשיטא־שוין פאַר אַ יונגן מענטשן אין די אָנפאַנג דרייסי־קער יאָרן. און דאָך, און פאָרט...

אויף דער וועלט זיינען דאָ אַלערליי מענטשן. פאַראַן, למשל, מענטשן, וואָס ווי יונג, ברויזנדיק, לעבעדיק, ראָמאַנטיש, טאַלאַנטפול און דערפאָלג־

*) ווען דאָס אַרטיקל איז געווען אָפּגעדרוקט בין איך געגאַנגען מיט חנה׳לען אויף סעקאָנד עוועניו, ערשט מיט אַמאָל איז אָנגעקומען אַ טעקסי וועלכע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג פון דער 12טער גאַס. עס עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט פון דאָרט אַרויס חיים ליבערמאַן: ירדני, האָט ער דריקנדיק מיין האַנט, איר האָט אָנגעשריבן אַ שעדעווער; אייער „נקמה אין אַ ראַבאַי" איז אַ בריליאַנט. זאָל אייך דער אויבערשטער דערפאַר בענטשן.

רייך זיי זאָלן ניט זיין, לאָזן זיי קיינמאָל פון אויג ניט אַרויס דעם און יענעם טראַגישן מאָמענט — סיי אין זייער אייגענעם לעבן און סיי אין דעם אַרום, און טראָגן שטענדיק ביי זיך אין האַרצן אַ חשבון־הנפש־געפיל, מיט וועלכן דער אַלמעכטיקער האָט זיי געבענטשט אָדער געשאָלטן—ווער קאָן וויסן? — דעמאָלט אפילו, ווען אין דרויסן איז פרילינג!

עס איז דאָס יאָר — צוליב געוויסע טעמים קאָן איך דאָ נישט אָנגעבן ווען דאָס איז געווען.

אין יענער פעריאָדע פון מיין לעבן, ווען איך בין געווען, ברוך־השם, פאַרזאָרגט הן מיט פרנסה און הן מיט כבוד און באַרימטקייט, אַ דאַנק מיינע אַלזייטיקע בינע־ראַדיאָ־און קאָנצערט־אויפטרעטן, האָב איך נאָך ניט געדאַרפט זיך אָוועקזעצן זאָרגן וועגן דעם מאָרגן. דאָך האָב איך אינם פרילינג פון מיין לעבן, אין אַ געוויסן פרימאָרגן זיך אָוועקגעזעצט איינינקער אַליין, אין אַ ווינקל אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים, אין קראָטאָנאָ פאַרק, וואָס איז געווען פונקט איבער מיין הויז וואו איך האָב געוואוינט, און האָב גענומען מאַכן אַ דין־וחשבון סיי פון מיין אייגענעם דערפאָלג און סיי פון זאַכן אַרום...

שוין דעמאָלט, קענענדיק גוט אַמעריקע, די אידישע ווי די ניט־אידישע, אַז דערפאָלגן האַלטן דאָ צו לאַנג נישט אָן; אַז די אידישע גאַס, פונקט ווי די ניט־אידישע גאַס דאָ, האָט ליב יעדן טאָג אַ פרישע בולקעלע, אַ נייעם פנים, אַ נייע סענסאַציע; אַז פון מיין גאַנצן ביז איצטיקן דערפאָלג בין איך נאָך דער־ווייל ניט בלויז קיין מיליאָנער נישט געוואָרן, נאָר אפילו קיין קליינער גביר אויך ניט; ווייל פאַר ראַדיאָ־פּראָגראַמען אויף אידיש צאָלט מען זייער ווייניק אין פאַרגלייך מיט ענגלישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען; און מיט קאָנצערטן אויף דער אידישער גאַס איז פונקט אַזוי שלעכט, ווי מיט אידישע ראַדיאָ־פּראָג־ראַמען; דער פעלד איז אַ קלענער, איינער טרעט אויפן צווייטן — נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, האָב איך גענומען קלערן פון נייע פלענער און פון נייע קוואַלן פאַר חיונה.

וואָרים איך האָב באַשיינפערלעך געזען, אַז אָט־אָט, באַלד וועט קומען די צייט, און איך וועל דאַרפן שטיין „כעני־בפתח", קלאַפּן אין די טירן פון די סעקרעטאַרן פון דער און פון יענער אידישער אָרגאַניזאַציע, אינסטיטוציע אָדער פאַרטיי; זיין אָנגעוויזן אויפן חסד פון דעם אידישן פירער; אויף דער לאַסקע פון אַ צווייטן אידישן טשינאָווניק, און אויף דער גנאָד פון אַ דריטן

אידישן ביוראָקראַט, וועלכע האַלטן די שליסלען צו אַ גרויסן טייל פון די קאָנצערטן אויף דער היגער אידישער גאַס, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע באַרימטע און פּאָפּולערע אידישע זינגער און זינגערינס אין ניו יאָרק, וואָס ווען איך זאָל דאָ דערמאָנען זייערע נעמען, וואָלט דער עולם געשטוינט...

ניין! איך וועל בשום־אופן ניט קאָנען קלאַפּן אין קיין טירן! עס ליגט ניט אין מיין נאַטור! איך בין דערפאַר צו שטאָלץ! איך מוז געפינען אַנדערע קוואַלן פאַר חיונה! דער ביסן ברויט וואָס איך עס, דאָס גלאָז מילך וואָס איך טרינק, וועט מיר בלייבן שטעקן אין האַלז, ווען איך זאָל דאַרפן אָנקומען צו אָט די „פּראָפעסיאָנעלע אידן" ... דערצו וועט מיר מיין זינגען לגמרי ניט באַקומען...

איז זיצנדיק און קלערנדיק אַזוי, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַזוי ווי איך האָב שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון דאַוונען עטלעכע ימים־נוראים און פּסח פאַרן עמוד אין שולן און האָטעלן — פאַרוואָס ניט פּרואוון אַ יערלעכע שטעלע אין אַ שול אָדער אַ טעמפּל?

קורץ: איך האָב געלאָזט וויסן אייניקע באַוואוסטע חזנים־מענעדזשערס אין ניו יאָרק, אַז איך בין גרייט אָנצונעמען אַ יערלעכע שטעלע!

צו לאַנג האָב איך מיט מיין נאָמען נישט געדאַרפט דערויף וואַרטן. אין משך פון אַ צוויי וואָכן צייט, האָט זיך געפונען אַ רייכער קאָנסערוואַטיווער טעמפּל אין אַ באַרימטן פּרעכטיקן געגנט אין ניו יאָרק, וואָס איך קאָן דאָ צוליב די זעלביקע פּריערדיקע טעמים נישט אָנרופן ביים נאָמען, מיט וועמען איך האָב אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר צייט. נאָך די דריי יאָר איז געוועזן אָפּגעמאַכט, אויב ביידע צדדים וועלן זיך געפעלן, בלייב איך דאָרט אויפן גאַנצן לעבן.

מיין דעביוט אין טעמפּל, האָב איך געמאַכט שבת, מברכים־החודש אלול. אָבער דאָס רעכטע „געדיכטע" האָט זיך אָנגעהויבן מיט סליחות־נאַכט — און נאָך מער מיט ראש־השנה, יום־כפור, סוכות, שמיני־עצרת און שמחת־תורה. די בעלי־בתים פון טעמפּל, און אויך דער ראַבאַי וועמעס נאָמען איך קאָן דאָ, ליידער, ניט דערמאָנען, צוליב די זעלביקע טעמים וואָס איך דערמאָן דאָ ניט דעם נאָמען פון טעמפּל, האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן פון מיין דאַוונען, פון מיין האַלטן זיך, און אויך פון מיין אויסזען, וואָס שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל אינם אַמעריקאַנער שול־און טעמפּל־לעבן...

די בעלי־בתים פון טעמפּל האָבן ניט געקאַרגט קיין געלט און האָבן

מיר צוגעשטעלט אַן אויסגעצייכנטן אָרגאַניסט און פיר ערשט־קלאַסיקע זינגער: צוויי פרויען — אַ סאָפּראַנאָ מיט אַן אַלטאָ — און צוויי מענער — אַ טענאָר מיט אַ באַס. גאַנצע פיר וואָכן האָבן געדויערט די פּראָבעס און די רעזולטאַטן זיינען דערנאָך געווען העכסט־צופרידנשטעלנדיקע — פאַר מיר נאָך אפשר מער ווי פאַר די בעלי־בתים, ווייל די זינגער האָבן געמוזט דורכ־אויס זינגען די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב אויסגעקליבן און געגעבן זיי און אַזוי ווי איך האָב פון זיי געפאָדערט. אין קורצן: נאָך די ימים־טובים איז דער גאַנצער טעמפּל געגאַנגען, ווי מ׳זאָגט, אויף „רעדלעך״...

איז דאָך גוט, אַ? טאָ לייענט ווייטער.

העלפט גאָט (יאָ, ער העלפט בפירוש, אָבער אָפּט ניט די ריכטיקע מענטשן...) און עס קומט אָן די וואָך, אָדער דער חודש (דער גוטער יאָר ווייסט זיי?) פון „גוד־וויל״! וואָס דאָס איז אַזוינס? שוין איינמאָל אַ „דערפינדונג״... ווער געווני די „קוואָטערס״ פון דער דאָזיקער מאָניפּאָרגע זיינען געווען: סתם אידן אָדער סתם קריסטן, צי געהויבענע ראַבאַיס אָדער גלחים, קאָן איך דאָ אייך ניט זאָגן. איך בין נישט צופיל באַקאַנט מיט דער געשיכטע פונם דאָזיקן אַמעריקאַנעם ברענד, וועמעס ציל איז צו פאַר־שפּרייטן „ברידערלעכע באַציאונגען״ צווישן אידן און קריסטן, און עס ווערט איינמאָל אַ יאָר איינגעאָרדנט איבער גאַנץ אַמעריקע אַ ספּעציעלע „גוד־וויל״־וואָך, אָדער „גוד־וויל״־חודש, פאַר דעם צוועק...

מ׳בייט זיך: ראַבאַיס ווערן פאַרבעטן צו רעדן אין די קלויסטערס, און גלחים ווערן פאַרבעטן צו רעדן אין די טעמפּלען — און אויך אין געוויסע מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע שולן, ספּעציעל אין דער פּראָווינץ. מ׳פירט אויך דורך בשותפותדיקע „גאָטעס־דינסטן״ און מ׳האַלט אָפּ בשותפותדיקע פאַר־זאַמלונגען, מיט באַנקעטן און פייערלעכע צערעמאָניעס. פרעגט ניט, וואָס פאַר אַ סאָרט קאַשע דאָס איז, אָבער יעדעס יאָר ווערט די דאָזיקע סאַלאַ־מאַכע אויפסניי פאַרקאָכט — מיט די זעלביקע פּאַטראָוועס; ראַבאַיס און גלחים גיבן זיך קאָמפּלימענטן איינע די אַנדערע און, מ׳קושט זיך אין די פּיסקעס...

איז אָט קום איך איינעם אַ פרייטיק־צו־נאַכט אַריין אין מיין טעמפּל און טרעף אַלע פלעצער, אַריינגערעכנט דער באַלקאָני, פאַרנומען. אַלע לאָמפּן ברענען, ווי אויף אַ חתונה אָדער יום־כפּור ביינאַכט צו כל־נדרי! דער גאַנצער טעמפּל זעט אויס ווי אַ לאַמטערנע! — היינט דער עולם! ווי אויסגעפּוצט

אַלע גייען עס ! מער פון אַלעמען, פאַרשטייט זיך, שיינען אַרויס די פרויען מיט זייערע אויסגעשניטענע דעקאָלטעס, האַלז־בענדער, שנירלעך פּערל, גאָלדענע האַנט־זייגערלעך, זילבערנע בראַסלעטן און בריליאַנטן אויף די פינגער. די פנימער ביי די פרויען זעען אויס פריש פונם „ביוטי־פּאַרלאָר", ווי פרישע חלה פונם אויוון... אַזעלכע אויסגעקנאָטענע, אויסגעכאַליעטע, אויסגעגלעטע און אויסגעפינגערטע; ווער מלחמה, וואָס מלחמה — ווייסיך וואָס ? ס'איז ניט צו דערקענען אפילו... היטלער קוילעט אויס מיליאָנען אידן אין אייראָפּע — „דעט איז רילי עי שעים, באָט"... (דאָס איז באמת אַ שאַנדע, אָבער)... עס פאַלן אייגענע זין, ברידער, קרובים אויף די אַמערי־קאַנער מלחמה־פראָנטן פון אייראָפּע און פּאַסיפיק — „איט איז האַרט־ברעיקינג, וועל" (עס איז האַרצרייסנדיק, נו)... דער „באָט" און דער „וועל" מיינען, אַז מ'קאָן זיך ניט אָוועקזעצן וויינען, „וואָט גוד וויל איט דו (וואָס פאַר אַ גוטס וועט עס טאָן) ? יו קענט סטאָפּ ליווינג" (דו קענסט ניט אויפ־הערן צו לעבן) ?...

און אויפהערן צו לעבן האָט ניט געמיינט, חלילה, צו אויפהערן עסן, נאָר: צו אויפהערן פרעסן, זויפן, טרינקען קאָקטיילס, פאָרן אויף „פּלעזשור", גיין אין נאַכט־קלובן, רעסטאָראַנען, שפּילן ברידזש, געמבלען אין קאָרטן, פערדלעך, הינטלעך, גיין אין ביוטי־פּאַרלאָר און צו הנאה האָבן פון נאָך אַנדערע צעלאַזנקייטן, פאַרגעניגנס און זאַכן...

איך גיב אַ פרעג ביים שמש: וואָס איז די שמחה היינט ? ווייל איך האָב זיך ווינציק־וואָס געמישט אין די עסקים פונם טעמפּל, איך האָב עס אינגאַנצן איבערגעלאָזט צום ראַבאַי. און דאָס איז טאַקע געווען איינע פון מיינע באַדינגונגען: נישט צו מישן זיך אין קיין שום זאַך אויסער מיין דאַווענען, אָדער ווי עס איז געשטאַנען אין מיין קאָנטראַקט: אויסער מיין זינגען.

איך פלעג קומען פרייטיק, „אָפריכטן" די גוט „באַרימטע" שאַבלאָנע איינגעפירטע אין אַמעריקע שפּעטע דאַווענאַכצן, אָדער ווי זיי הייסן „פראַידעי־נאַיט לעיט־סירוויסעס", וואָס הייבן זיך געוויינטלעך אָן אַכט אַזייגער און באַשטייען פון אַ פּאָר געקירצטע תפילות, וואָס אַמאָל זינגט דער חזן אַליין, אַמאָל דער חזן מיטן כאָר, אַמאָל דער כאָר אַליין, אַמאָל דער כאָר מיטן עולם, אַמאָל דער חזן מיטן כאָר און מיטן עולם צוזאַמען, און דעם ראַבאַיס דרשה — פּאַרדאָן, „סוירמען"...

וועגן וואָס רעדן די אַמעריקאַנער ראַבאַיס ? מייסטנס וועגן „בעסט־

סעלערס״, וועגן די נייעסטע טעאַטער־פּאַרשטעלונגען אויף בראָדוויי, וועגן די לעצטע פילמס פון האָליוואוד וכדומה...

שאַ, וואָס דאַרפט איר מער? מיין ראַבאַי פונם ניט־דערמאָנטן טעמפּל מיינעם, אַ שטייגער, האָט יום־כּפּור ביינאַכט, באַלד נאָך כּל־נדרי, נישט געקאָנט געפינען קיין מער פּאַסיקער טעמע אויף צו רעדן, ווי וועגן טאָלסטאָיס אַ מעשהלע מיט אַ געוויסן פּויער... איך געדענק ניט אַקוראַט, ווי אַזוי דאָס מעשהלע גייט, אָבער אַז איר וועט נעמען זוכן צווישן טאָלסטאָיס ווערק, וועט איר דאָרט דאָס מעשהלע מיטן געוויסן פּויער זיכער געפינען. פאַרשטייט זיך, אַז טאָלסטאָיס גאַנצע מעשהלע מיטן פּויער האָט זיך אַזוי געקלעפּט צו יום־כּפּור, צו כּל־נדרי נאַכט, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט...

אָבער, אַך, טאַטע זיסער, מיט וואָס פאַר אַן אָראַטאָרישן גלאַנץ, מיט וויפיל אַקטיאָרישע איינגעשטודירטע זשעסטן און טעאַטעראַלישקייט דער ראַבאַי האָט עס דאָס מעשהלע דערציילט! איך קאָן שווערן, אַז עס האָט אים גענומען לאַנגע שעהן צו שטיין פאַרן שפּיגל, ביז ער האָט די אַלע טעאַטער־אַלישע זשעסטן אויסגעחזרט אויף אויסווייניק...

ווי אַזוי האָב איך געפילט פרעגט איר? פּאַסקודנע... איך קאָן דאָ אייך נישט איבערגעבן, וואָס פאַר אַ זויערן־טעם איך האָב געפילט אין מיין מויל, ווען איך בין געזעסן אויף דער בימה און זיך צוגעהערט צום ראַבאַי, ווי ער האָט זיך, אין מיצקע־דערינען, יום־כּפּור ביינאַכט, נאָכדעם ווי איך האָב אָוועקגעלייגט אַ שטיק האַרץ ביים זאָגן דריי מאָל כּל־נדרי, גענומען דער־ציילן טאָלסטאָיס מעשהלע מיטן פּויער? „וואָס איז דאָס״? — האָט אינווייניק אין מיר גענומען אַרויסשרייען — „שוין־זשע האָט ער ניט געקאָנט געפינען עפּעס אַנדערש אויף צו רעדן יום־כּפּור ביינאַכט? און אויב ער האָט דווקא געוואָלט דערציילן עפּעס אַ מעשהלע, דאַרף ער אַנקומען צו טאָלסטאָיען? וואָס־זשע, עס פעלן אויס ביי אונז מעשהלעך, משלים? דאַכט זיך, אַז אונזערע הייליקע ספרים, מפרשים, זיינען פול מיט מעשהלעך״!

איך האָב גאָרנישט קעגן טאָלסטאָיען! ער איז זיכער געווען אַ גרויסער קריסט — און נאָך אַ פיל גרעסערער שרייבער! וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן. אָבער — יום־כּפּור ביינאַכט? ווי קומט אַהער טאָלסטאָי? פאַרוואָס ניט עפּעס פון ר׳ עקיבא? פון ר׳ סעדיה גאון? ר׳ יהודה החסיד? דער

רמב״ם ? רש״י ? ר׳ יהודה הלוי ? דער בעל־שם־טוב ? דער ווילנער גאון ? און נאָך און נאָך ?

אָבער דאָס איז ניט געווען דער איינציקער זויערער־טעם (ער איז בלויז געווען דער ערשטער), וואָס דער חשובער — פּאַרדאָן, „וואוירטי״ ראַבאַי — האָט פאַראורזאַכט און איבערגעלאָזט ביי מיר אין מויל... שפּעטער איז געקומען אַ צווייטער און — אַ דריטער. נאָך איידער איך דערצייל דאָ וועגן דעם דריטן, וועל איך קודם כל דערציילן וועגן דעם צווייטן.

מאַכט זיך, אַז איינמאָל אַן ערב־שבת, דאָס הייסט, אַ פרייטיק פאַר־נאַכט, פאַרגלוסט זיך מיר צו גיין אין טעמפּל מקבל־שבת־זיין מיט די צוויי מנינים עלטערע אידן, וואָס פלעגן געוויינטלעך אָפּדאַוונען פריער, דאָס הייסט, זיי האָבן נישט געוואָרט אויף די שפּעטע דאַווענאַכצן, נאָר פלעגן זיך שטעלן דאַוונען, מקבל־שבת־זיין אין צייט, ווי גאָט האָט געבאָטן...

איידער איך בין אַריין אינם קליינעם שולעכל (דעם גרויסן טעמפּל פלעגט מען ערשט עפענען צו די שפּעטע דאַווענאַכצן), וואו עס פלעגן מקבל־שבת־זיין די צוויי מנינים עלטערע אידן, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים ראַבאַי אין אָפיס. מיט אַמאָל פאַלט אַריין אַן עלטערער איד (און אפשר איז ער גאָרנישט געווען אַזאַ עלטערער איד ווי ער האָט אויסגעזען, נאָר די לאַנגע, שוואַרצע באָרד, אַן אויסגעקעמטע, אַ שיינע, דאָ און דאָרט דורכגעפלאָכטן מיט זילבערנע פאַסמעס, האָט אים אפשר געמאַכט אויסזען עלטער ווי ער איז געווען), וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ רב, און אויב מ׳גלויבט אים ניט, האָט ער געזאָגט, קאָן ער עס באַווייזן מיט „שוואַרץ אויף ווייס״. אונטערן האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליינעם פּעקעלע — מסתמא דעם טלית! וואָס דען קאָן אַזאַ איד טראָגן דאָרט אינם פּעקעלע ?

ער בעט דעם ראַבאַי: ער זאָל אים לאָזן האַלטן אַ דרשה — אויב ניט שבת אינדערפרי, איז כאָטש שבת פאַרנאַכט צו מנחה, אָדער ביי שלוש־סעודות ?

דער ראַבאַי זיצט אַ קאַלטער מיט אַ שטייפן פּנים ביי זיין דעסק אויבנאָן און הערט אפילו ניט וואָס דער אורח רעדט. אָדער ער הערט יאָ, נאָר ער מאַכט זיך אַז ער הערט ניט... איך קוק אויפן ראַבאַי און וואַרט וואָס וועט ער דאָ זאָגן. דער אורח, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ רב בישראל, שטייט אויף דעם שוועל פונם ראַבאַיס אָפיס און וואַרט געדולדיק אויף אַן ענטפער. דער ראַבאַי בעט ניט דעם אורח אפילו, אַז ער זאָל אַריינגיין

אינוועניק זיך אַוועקזעצן, אָדער וואָס, נאָר ער גיט אַ פּאַנפּע אַרויס — און דוקא אויף אידיש:

— מיר האָבן אַ געזעץ, אַז דער פּאָלפּיט (פּאַרוואָס ניט בימה אָדער באַלעמער, אויב דו רעדסט שוין דווקא יאָ אידיש? האָב איך דערביי שטייענדיק געטראַכט. אָבער גיי פרעג קשיות ביי אַן אַמעריקאַנער ראַבאַי...), קאָן קיינער ניט פאַרנעמען אויסער דעם ראַבאַי פון טעמפּל?

(סאַ גרויסער ליגן! קיינער האָט אַזאַ „געזעץ" נישט געמאַכט. ס'איז געווען דעם ראַבאַיס אייגענע „פאַרפאַסונג"...)

דער אורח גיט זיך אידישלעך אַ גלעט מיט די ווייסע לאַנגע, דינע גמרא־פינגער איבער דער לאַנגער, שיינער באָרד זיינער און לאָזט דערביי אַרויס אַ שטילן זיפץ:

— אָבער אַ איד דאַרף דאָך האָבן פּרנסה?

דער ראַבאַי הייבט אויף דעם קאָפּ זיינעם, גיט אים אַ מעסט אָפּ, און ענטפערט אים קאַלט־בלוטיק:

— אַז איר זיינט שוין דאָ, וועלן מיר אייך באַזאָרגן מיט אַ פלעיז (פּלאַץ) צום עסן און שלאָפן און מאָרגן אויפדערנאַכט וועט איר קריגן אַ טשעק אויף צען דאָלער.

(ניט בלויז אַ רב, נאָר אפילו סתם אַ שול־איד, וואָלט קיינמאָל נישט געזאָגט „מאָרגן אויפדערנאַכט", נאָר ער וואָלט געזאָגט: „מאָרגן, שבת־צו־נאַכט, נאָך הבדלה", אָדער צום ווייניקסטנס, „מאָרגן אויפדערנאַכט נאָך הבדלה", אָבער אַז מ'איז אַן אַמעריקאַנער ראַבאַי, איז דאָך ניט שייך צו רעדן...)

דער אורח האָט זיך ווי אויסגעגלייכט און האָט זיך מיט שטאָלץ אָנגערופן צום ראַבאַי:

— איך בין ניט קיין בעטלער! איך בין אַ רב! איך וויל האַלטן אַ דרשה און כשר פאַרדינען די צען דאָלער, וואָס איר האָט בדעה מיר צוגעבן! איך נעם נישט קיין נדבות!

דער ראַבאַי איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אַ בורטשע געטאָן — דאָס מאָל שוין אויף ענגליש:

— אַי העוו נאָ טאַים (איך האָב נישט קיין צייט)!

ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק אין אַ צווייטן חדר אַריין און האָט דעם אורח געלאָזט שטיין ביי דער טיר הענגען אין דער לופטן...

פאַרשטייט זיך, אַז אויסגעפירט האָט דער „וואוירטי״ ראַבאַי, וועלכער איז געווען דער גאַנצער בעל־הבית פונם טעמפל, פונקט ווי יעדער אַנדערער ראַבאַי פון זיין טעמפל אין אַמעריקע... עס האָט דעם אורח קיין שום זאַך נישט געהאָלפן — דער ראַבאַי האָט אים בשום־אופן נישט געלאָזט האַלטן קיין דרשה!...

שבת אינדערפרי, נאָכן דאַוונען, איז דער אורח צו מיר צוגעקומען און מיך געבעטן, אַז איך זאָל פּרובירן אַ רעדט טאָן מיטן ראַבאַי: אפשר וועל איך, דער חזן, קענען ביי אים פּועלן, אַז ער זאָל אים לאָזן האַלטן כאָטש אַ קורצע דרשה צו מנחה, אָדער צום ווייניקסטן צו שלוש־סעודות? מיינע רייד האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין אַן אייזערנער וואַנט...

ווען עס איז געקומען צו מנחה און דער אורח האָט אויסגעלייגט זיינע טענות צו די צוויי מנינים אידן, וועלכע זיינען געקומען דאַוונען מנחה און האָט זיך געריסן צו גיין צו דער בימה, האָט דער ראַבאַי אים אָנגעכאַפּט ביים אַרבל און האָט מיט גרויס רציחה אויסגעשריען:

— געט אַוט אָף היר, אָר אַל טראָ יו אַוט (גיי אַרויס פון דאַנען, אָדער איך וואַרף דיך אַרויס)!

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ איז דער אורח, דער רב בישראל, מיט דער לאַנגער, שיינער באָרד, געבליבן שטיין און האָט מיטביידע הענט פאַר־שטעלט זיך די אויגן און דאָס פּנים. קיינער פון די אַנוועזנדיקע האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט.

נו יאָ, ווי אַזוי קאָנען אַמעריקאַנער טעמפּל־אידן זיך אָנרופן מיט עפּעס אַ וואָרט קעגן אַ ראַבאַי, אַז זיי באַטראַכטן זיך פאַר די שעפעלעך און דעם ראַבאַי פאַרן פּאַסטוך — גענוי ווי ביי די קריסטן: דער גלח אין קלויסטער?!

און איך? מיר האָט אינגאַנצן אָפּגענומען דאָס לשון — ניט, חלילה, פאַר מורא פאַרן ראַבאַי, נאָר פאַר זיין חוצפּה און גראָביונגישקייט, און אויך דערפאַר, וואָס אַזוינס־אַ איז אַ „רב״ ביי אידן אין אַמעריקע!!....

נאָכדעם ווי דער אורח איז געקומען צו זיך, האָט ער אָוועקגעשאַרט די הענט פון די אויגן און פונם פּנים און האָט געגומען יאָמערן ווי ניט מיט זיין קול:

— אידן, איך דערקען אייך מער ניט! וואָס זיצט איר און שווייגט? איך בין נישט קיין בעטלער! איך וויל נישט קיין נדבות! לאָזט מיך האַלטן אַ דרשה! איך בין אַ רב, אַ רב, איר הערט! מיין טאַטע און מיין זיידע זיינען

געוועזן גרויסע רבנים אין פוילן! אידן, לאָזט זיך ניט פירן ביי די נעזער פון די דאָזיקע עוקר־מן־השורשניקעס, וועלכע גראָבן אונטער דאָס אידנטום אין אַמעריקע!

זיינע רייד זיינען געפאַלן אָבער ווי אויף טויבע אויערן... שאַ... גלייך ווי גאָרניט וואָלט דאָ פּאַסירט...

מיט אַמאָל איז פון ערגעץ אַרויסגעוואַקסן אַ הויכער איד ביים עמוד, וואָס איז געווען באַליכטן פון בלויז צוויי לעמפּלעך פון דער קליינער מנורה, וואָס האָט געוואָרפן אַ טונקעלן שיין צוזאַמען מיטן רויטן נר־תמיד, ווי אַ קיילעכיקער רויטער עפּל, וואָס איז געהאַנגען ביים ארון־קודש, און האָט שנעל ווי אַ מיל אָנגעהויבן צו מאַלן „אשרי יושבי ביתך״... די ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען אין דער האַלב טונקלקייט, ווי אין אַ פּוסטער פאַס...

דער ווינטערדיקער פאַרנאַכט האָט שעמעוודיק אַריינגעקוקט דורך די האַלב־פאַרהויכטע שויבן אינם קליינעם בית־מדרשל, וואָס האָט זיך געפונען אונטן, מיט אַ שטאָק נידעריקער פונם הויפּט טעמפּל, וואו מ׳באַגלייט געוויינטלעך טרויעריק אַרויס דעם שבת, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ בר־מינן, און מ׳דאַוונט דאָרט אין די וואָכעדיקע טעג און וואו, ווי עס איז שוין פריער אָנגעמערקט געוואָרן, די צוויי מנינים עלטערע אידן זיינען מקבל־שבת...

אויב דעם אורח׳ס „מאָדנער״ געיאָמער איז אויף די צוויי מנינים אידן, וועלכע זיינען געקומען דאַוונען מנחה און אַרויספּטורן דעם שבת, געפאַלן ווי אויף טויבע אויערן, איז ער אינגאַנצן אָבער נישט פאַרפאַלן געוואָרן. ער איז געבליבן אין חלל פון דער האַלב טונקלקייט און אויך טיף אין מיין נשמה. איך האָב געפילט, אַז איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען פאַרטרייבן פון מיין נשמה דעם אורחס געיאָמער און זיין טראַגיש־דראַמאַטישן דיאַלאָג...

דער הויכער איד ביים עמוד האָט נישט אויפגעהערט צו מאַלן ווי אַ מיל די פסוקים פון „אשרי״, וועלכע האָבן זיך לגמרי נישט געקלעפּט צום רימל... עס האָט זיך געוואָלט אָנשטאָט דעם: וויינען און לאַכן פון דער דאָזיקער טרויעריקער „קאָמעדיע״... ווי אַנדערש קאָן מען עס דען אָנ־רופן? אָבער איך בין געווען ווי פאַרגליווערט...

אין אַנדערן — די שאָטנס אויף די ווענט האָבן שוין פאַר מיר עס געטאָן! יאָ, איך האָב די שאָטנס אויף די ווענט בפירוש געהערט לאַכן!

„אשרי״ — וואויל ! וואויל — פאַרוואָס ? דערפאַר, וואָס מ׳האָט אין אַ מקום־קדוש פאַרשעמט אַ אידן — און נאָך דערצו אַ בן־תורה ?! „אשרי״ — וואויל ! וואויל — פאַרוואָס ? פאַר דעם, וואָס אידן אין אַמעריקע האָבן איבער־געגעבן זייער אידישקייט, זייער אמונה, זייער גאָט און זייער געוויסן אין די הענט פון די ראַבאַיס ?!...

מ׳העלפט בויען און אויסהאַלטן דאָ סעמינאַרן און ישיבות, כדי — וואָס ? כדי פון די דאָזיקע „פאַבריקן״ זאָלן דערנאָך אַרויסקומען ראַבאַיס און — יאָ, אויך רבנים, וועלכע טוען אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך: צו באַגראָבן דאָס ביסל אידישקייט אין אַמעריקע און לייגן עס טיף אין דער ערד אַריין ?!

איך האָב דערמאָנט רבנים !

ווייסט איר דערפון, אַז עס געפינען זיך דאָ די אַזוי־גערופענע מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע שולן, ספּעציעל אין דער פּראָווינץ, און די פּראָווינץ מיין איך ניט ערגעץ אַ קאַלאַמאַזו, נאָר שטעט און שטעטלעך, וועלכע ליגן גאַנץ נאָענט אַרום ניו יאָרק, וואו פרייטיק־צו־נאַכט נעמט מען אַרויס די ספר־תורה׳ס און מ׳גייט מיט זיי אַרום איבערן שול, ווי צו הקפות, שמחת־תורה; מ׳פּראַוועט „בר־מצוות״ פאַר מיידלעך — און מ׳רופט אויך אויף פרויען צו דער תורה ?!

און דאָס וואַגן געוויסע לייט אָנצורופן: „ניי־אידישקייט״ — „נוסח אַמעריקע״ ?!

אָ, וועט עס זיין אַ אידישקייט ! שוין איינמאָל אַ פאַרזעעניש...

און איצט קום איך צום „שפּיץ״, צום דריטן זויערן־טעם, וואָס דער „וואוירטי״ ראַבאַי, זאָל לעבן, פון מיין ניט־דערמאָנטן טעמפּל, האָט פאַר־קאָכט און איבערגעלאָזט ביי מיר אין מויל... איך קום צוריק צו יענעם פרייטיק־צו־נאַכט, ווען איך בין אַריינגעקומען אין טעמפּל און האָב דאָרט געטראָפן אַ געפּאַקטן עולם, וואָס איז געווען אויסגעפּוצט ווי צו אַ חתונה...

דער גלח, — ניין, פאַרדאַן, ניט סתם עפּעס, מיר־ניט־ דיר־ניט, אַ גלחל, נאָר איינער, וואָס האָט פאַרנומען אַ הויכן פירנדיקן אַמט אין זיין רעליג־יעזער־וועלט, — האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט. דער ראַבאַי, אויסגעפּוצט, פאַרשטייט זיך, אין זיינע בגדי־כהונה, איז אָט געזעסן אויף זיין שטול, אויף דער בימה, ביים זייט פון אַרון־קודש, ווי אויף הייסע קוילן, און אָט איז ער

געלאָפן פון דער בימה אין זיין חדר־מיוחד הין און צוריק, ווי אַ פאַרסמטע מויז. די אויגן זיינען אים ממש אויסגעלאָפן אַרויסקוקנדיק...

ווען ענדלעך, אַז דער גרויסער גאַסט האָט זיך באַוויזן אויף דער טיר פונם הויפּט־אַריינגאַנג פונם טעמפּל, אויסגעפּוצט, ווי דער שטייגער איז, אין זיינע שיינע גלחישע קליידער, מיט אַ גרויסן זילבערנעם צלם אויבנאָן אויף דער ברוסט, איז דער ראַבאַי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם שנעל אַראָפּ־געלאָפן די עטלעכע טרעפּ פון דער בימה און איז אַנטקעגנגעלאָפן אים „מקבל־פנים־צו־זיין", ווי אַן אמתער אַמאָליקער „מה־יפית־איד" — ניין, וואָס זאָג איך, ווי אַן „עכטער מאָשקע"... דערנאָך האָט ער אים אונטער דער האַנט, ווי אַ חתן, אַרויפגעפירט אויבנאָן אויף דער בימה און האָט אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך.

דער אַזוי אויך געקירצטער „גאָטעס־דינסט", איך בעט איבער אייער כבוד, האָט דאָס מאָל פונם ראַבאַי, נעבעך, געכאַפּט דעם גרעסטן אַפּשניט — ער האָט אים ממש אָפּגעקוילעט די קאַפּאַטע... ער איז באַשטאַנען פון: צוויי חרוזים פון דער גאַנצער לכה־דודי־תפילה, וואָס דער חזן האָט געדאַרפט זינגען אַליין; ויכולו, וואָס דער כאָר מיטן עולם האָבן געדאַרפט זינגען צוזאַמען; אַן ענגליש „ליד" עפּעס וועגן שבת, וועמעס מחבר איך געדענק איצט ניט, וואָס דער כאָר האָט געדאַרפט זינגען אַליין; קידוש, וואָס דער חזן האָט געדאַרפט זינגען אַליין, און אַדון עולם, וואָס דער כאָר ווידער־אַמאָל מיטן עולם האָבן געדאַרפט זינגען צוזאַמען. די הויפּט־צייט, וואָס דער „גאָטעס־דינסט" האָט געדאַרפט געדויערן פונקט צו דער מינוט, איז איבער־געלאָזט געוואָרן פאַרן גרויסן גאַסט...

איך וועל דאָ, אָן שום הקדמות, זאָגן, אַז די לעקציע פונם געהויבענעם גאַסט איז געווען אַ העכסט־אינטערעסאַנטע, אַ גוט־פאַרטראַכטע, פול מיט וויסן פון אַלטן און נייעם טעסטאַמענט, קלוג, שאַרף־צונגיק, דורכ־געפלאָכטן מיט גלייכווערטלעך — אונטער דער באַגלייטונג פון אַ גאָר רייכן אַקספאָרד־ענגליש! דער „ערל" איז ניט אַבי ווער, ער ווייסט וואָס ער רעדט, האָב איך אין דער שטיל צו זיך געטראַכט! וואו האָט עס דער ראַבאַי אים געפּאַקט? ווען דער גאַסט האָט געענדיקט זיין לעקציע, איז דער גאַנצער עולם זיך צעגאַנגען פון באַגייסטערונג.

אָבער די אמתע באַגייסטערונג, האָט דער עולם אַרויסגעוויזן ערשט דעמאָלט, ווען מ'איז נאָכן „גאָטעס־דינסט", ווי עס פירט זיך אין די טעמפּלען

אין אַמעריקע, און אויך אין די מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע שולן, ספּעציעל, ווידעראַמאַל, אין דער פּראָווינץ, אַריינגעקומען אין גרויסן זאַל, וואָס האָט אויך געהאַט אַ גרויסע בינע, אין וועלכן עס קומען געוויינלעך פאַר חתונות, בר־מצוה־פאַרטיס, קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, בעלער, טאַנץ־אָוונטן און אַנדערע פאַרווייַלונגען, וואו עס זייַנען געשטאַנען אויסגע־שטעלט גרויסע ווייס־געדעקטע טישן אויסגעפּוצט מיט בלומען און אָנגע־שטעלט מיט אַלערליי פּרוכטן, טאָרטן, ניס, היימישער נאַהיט, און אַ גרופּע פרויען, נאָכדעם ווי דער גאַנצער עולם מיטן גאַסט בראש, האָט זיך אויס־געזעצט, האָבן גענומען דערלאַנגען יעדן איינעם פּרישע טיי. אין טעמפּל האָט מען זיך איינגעהאַלטן, אָבער דאָ האָט מען זיך געפילט פרייער און די באַגייסטערונג פאַר און אַרום דעם געהויבענעם גאַסט איז זיך צעגאַנגען ממש אין פּוטער־פעטקייט...

איבערהויפּט איז די באַגייסטערונג זייער גרויס געווען צווישן די „נשים־צדקניות״! (אַ געזונט אויף זייערע קעפּ! משיחן זאָלן זיי דערלעבן!) דער געהויבענער גאַסט איז אַפּנים געבאָרן געוואָרן אין אַ הייבעלע: וואָרים ניט בלויז האָט ער געוויזן וואָס פאַר אַ גלענצנדיקער אָראַטאָר, אינטערע־סאַנטער לעקטאָר ער איז, נאָר ער איז אויך געווען אַ שיינער מאַנסביל!

אָ, איר ליבע נשים צדקניות! פאַרוואָס האָט איר נישט אַרויסגעוויזן כאָטש אַ קליינעם חלק פון אייער איצטיקער באַגייסטערונג, ווען איר האָט יענעם פרייטיק־צו־נאַכט און אויף מאָרגן שבת אינדערפרי אויסגעפּונען, אַז דער „וואוירטי״ ראַבאַי אייערער לאָזט ניט דעם אורח, דעם רב בישראל, מיט דער שיינער לאַנגער באָרד, האַלטן אַ דרשה? וואו זייַנט איר דעמאָלט געווען? קוקט אייך אָן, ליבע נשים־צדקניות, אין שפּיגל, און זעט, אדרבה, ווי אייערע פּנימער שיינען, לויכטן, אַז ס׳איז אַ פאַרגעניגן אייך אָנצוקוקן!

אַ פאַרגעניגן? ניין, ס׳איז נישט אמת! איך האָב אייך אַלעמען איצט שרעקלעך פיינט! איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז איר זעט איצט אויס שטאַרק העסלעך אין מיינע אויגן! עס שלאָגט ממש צו דער גאַל פון אייער באַגייסטערונג! פּע! ניט קיין פּערפּיום שמעקט פון אייך איצט, נאָר חניפה, געפאַלנקייט, פאַרלאַרנקייט, מה־יפית, אַ ניט־וויסן וואו איר זייַנט אין דער וועלט!...

אָ, ווען איך וואָלט געקאָנט אַריינזאָגן אייך עפּעס איצט, אַז עס זאָל אייך

פאַרגיין אין דער זיבעטער ריף, אַז איר זאָלט אייערע קעפּ דאַרפן אַראָפּבויגן פאַר בושה, וואָלט איך עס גערן געטאָן!

און דעם „וואוירטי״ ראַבאַי? וואָס אַזוינס קאָן איך אַריינזאָגן אים איצט, אַז ער זאָל דאָ אויפן אָרט באַקומען די ניכפּה? וואָס אַ שטייגער? איך האָב ניט...

גאָר פלוצלינג, אָבער, פון דער העלער הויט אַרויס, האָט דער אויבערשטער אויף מיר זיך מרחם געווען און האָט מיר צוגעשיקט גלייך אין מויל אַריין אַן אמתע טייבעלע! שוין איינמאָל אַ צוקערלעקעכל!

כדי עס זאָל גאָרנישט פאַרלאָרן גיין פונם געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן דער געהויבענעם גאַסט און מיר זיצנדיק אויבנאָן ביים הויפּט־טיש, וואו פון איין זייט איז געזעסן דער ראַבאַי, פון דער צווייטער זייט בין איך געזעסן, און אין דער מיט איז געזעסן דער געהויבענער גאַסט, וועל איך דאָ נוצן אַ סך ענגלישע ווערטער און וועל איבערגעבן גענוי ווי זיי זיינען גערעדט געוואָרן.

— יו נאָ, קענטאָר, — האָט דער געהויבענער גאַסט זיך עטוואָס אָנגעבויגן צו מיר — אַי העוו ענדזשאָיד וועריי מאָטש יור טו חרוזים פראָם דהי לכה־דודים (דו ווייסט, חזן, איך האָב זייער שטאַרק הנאה געהאַט פון דיינע צוויי חרוזים פון די לכה־דודים)!

דער אופן ווי אַזוי ער האָט אַרויסגעזאָגט די דריי ווערטער „חרוזים״ און „לכה דודים״, איז געווען ניט ווי פון אַ קריסטלעכן געלערנטן, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט העברעאיש, נאָר ווי ער וואָלט מיט די דאָזיקע ווערטער געבאָרן געוואָרן! מיין אויער האָט עס גוט אויפגעכאַפּט און איך בין געוואָרן אויף אַ מאָמענט אַ צעטומלטער! עפּעס האָט זיך מיר ניט געגלויבט, אַז איך האָב עס געהערט? עס קאָן ניט זיין, האָב איך צו זיך געזאָגט? עס איז טאַקע אמת, אַז מיין אויער איז זייער סענסיטיוו און כאַפּט אויף די קלענסטע קלאַנגען, אָבער דאָס מאָל האָב איך עפּעס גענומען צווייפלען אין דער סענסיטיווקייט פון מיין אויער...

— ווער דיד יו פּיק אַפּ די תימנישע ניגונים (וואו האָסטו אויפגעכאַפּט — דאָס איבעריקע דאַרף איך אייך דאָ ניט פאַרטייטשן)?

נאָכאַמאָל: ער האָט בפירוש אַרויסגערעדט ווי איך גיב דאָ איבער: תימנישע ניגונים! דאָ בין איך שוין טאַקע אויף אַ רעכטן אמת געוואָרן אַ צעטומלטער! מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ניט ער רעדט עס, נאָר אַז דאָס

רעדט עמיצער אַנדערש! איך האָב זיך גענומען אַרומקוקן: אפשר שטייט עמיצער הינטער מיר, אָדער הינטער אים, און רעדט סתם אין דער וועלט אַריין? אָבער איך האָב קיינעם נישט געזען!

— וואָר יו פערהעפּס אין פּאַלעסטיין (ביסטו אפשר געווען אין פּאַלעסטינע)?

— יעס, אַי וואָז (יאָ, איך בין געווען)!

— האַו לאָנג (ווי לאַנג)?

— עי נאָמבער אָוו יעירס (עטלעכע יאָר)!

— דו יו נאָ עניוואָן אין — (דו קענסט עמיצן אין — דאָ האָט ער אָנגע־רופן דעם נאָמען פון אַ געוויסער קאָלאָניע)?

— יעס, אַי דו (יאָ, איך קען)!

באַלד רופט ער אָן אַ נאָמען פון אַ מענטשן אין דער קאָלאָניע, וואָס איך האָב ניט געקענט פערזענלעך, אָבער איך האָב גוט געוואוסט ווער ער איז, ווייל ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די עלטסטע קאָלאָניסטן דאָרט.

— וועל, הי איז מאַי בראָדער, דעט איז... הי וואָז, באָט הי איז נאָ מאָר (נו, ער איז מיין ברודער, דאָס הייסט... ער איז געווען, אָבער ער איז ניט מער)...

און אין מיטן פון געשפּרעך איז ער פלוצלינג אַריבערגעגאַנגען אויף פשוט מאַמע־לשון, דאָס הייסט, אויף אידיש:

— בעסער געזאָגט, איך בין מער ניט זיין ברודער. איך בין אַוועק־געפאָרן פון ארץ־ישראל קיין ענגלאַנד און דאָרט האָב איך אויסגעביטן דאָס רענדל, זינט דעמאָלט וויל ער מיך ניט קענען און הערן פון מיר.

אָט אַזוי־אָ, פשוט! איך בין געבליבן זיצן אַ פריטשמעליעטער!!! דער גאַנצער זאַל מיטן עולם האָט זיך פלוצלינג גענומען דרייען, שווינדלען, ווי אַ קאַרוסעל... איך האָב גענומען טרייסלען מיטן קאָפּ, ווי איך וואָלט געוואָלט פון דאָרט אַרויסטרייסלען עפּעס... עס האָט גענומען אַ שטיקל צייט, ביז איך האָב זיך אויסגעטשוכעט... עס איז געווען שווער צו גלויבן מיינע אויערן. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז איך מאַך אַ טעות. עס קאָן ניט זיין, עס איז אומעגלעך, האָב איך צו זיך געזאָגט.

אָבער פאָרט: עס האָט קיין אַנדערער נישט גערעדט — ווי נאָר ער! איך האָב אים געקוקט אין מויל אַריין, איך האָב געזען זיינע ליפּן, זיינע אויגן, ווי זיי האָבן זיך באַוועגט, עס איז קיין אַנדערער נישט געווען!

ווען איך בין ענדלעך אַביסל געקומען צו זיך, האָב איך אין מיטן, בעת דער געהויבענער גאַסט איז געשטאַנען אַזויביים טיש און האָט זיך געהאַלטן אין געזעגענען מיטן עולם, זיך פּאַוואָליענקי אַריבערגעבויגן הינטן אַרום צום „וואוירטי״ ראַבאַי און האָב שטיל אַריינגעשושקעט אים אין אויער אַריין:

— אַ גלח האָט איר ? דרעק האָט איר !

דער ראַבאַי האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ, ווי פון אַ ברי, און איז געוואָרן אַ שטאַרק צוטומלטער:

— וואַט דו יו מיין, קענטאַר (וואָס מיינסטו, חזן) ? — האָט ער געוואָלט ביי מיר שנעל אויסגעפינען.

— דעט, ראַבאַי, יו וויל פאַינד אַוט לייטער (דאָס, ראַבאַי, וועסטו אויס־געפינען שפּעטער) !

מאָנטיק אינדערפרי, נאָך דעם „באַרימטן פּרייטיק״, האָב איך, אָן איבעריקע צערעמאָניעס, אָנגעשריבן אַ פּשוטן בריוול צום פּרעזידענט פון טעמפּל, אין וועלכן איך האָב אים געלאָזט וויסן, אַז איך רעזיגניר פון מיין שטעלע. די געשיכטע מיטן „גלח״ איז, דאַרף איך אייך ניט דערציילן, געווען מיין גרעסטער טריאומף איבערן „וואוירטי״ ראַבאַי ! אויף אַזאַ נקמה האָב איך זיך אַסור געריכט !

זעט איר שוין: מ׳טאָר קיינמאָל ניט זאָגן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גאָט איף דער וועלט !...

ווען דער פּרעזידענט פון טעמפּל האָט דערהאַלטן מיין בריוול מיטן מיין רעזיגנאַציע, האָט ער מיר תיכף טעלעפאָנירט אויסגעפינען: וואָס האָט פּאַסירט ? פאַרוואָס וויל איך עפּעס פּלוצלינג רעזיגנירן ? איך האָב אים געענטפערט:

— אַי וואוד ראַדער רעמיין עי פור מען, דען בי עי וויטנעס טו טראַדזשיק קאָמעדיס פּלייד אַוט אין עי דזשואיש האַוז אָוו וואָרשיפּ (איך וועל בעסער פאַרבלייבן אַן אָרעמאַן, איידער זיין אַן עדות פון טראַגי־קאָמעדיעס וואָס ווערן אויסגעשפּילט אין אַ אידישן מקום־קדוש) ! — און איך האָב אויפגעהאַנגען דעם טרייבל.

אָבער איך קאָן אַלץ ניט פאַרגעסן די דאָזיקע טראַגי־קאָמישע געשיכטע ! שוין אַזויפיל יאָרן אַוועק און זי שטייט מיר פאַר די אויגן, ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געשען...

מעגלעך, אַז איצט אפשר, אַז איך האָב זי אויפגעשריבן אויפן פּאַפּיר,

**וועל איך, קאָן זיין, קאָנען אין איר פאַרגעסן. אָבער גיי פאַרגעס, אַז דו לעבסט אַ גרויסן חלק, דירעקט און אומדירעקט, אין און אַרום, אין אַ וועלט, וואָס קאָן עפּעס אַנדערש ניט אָנגערופן ווערן ווי קאָמעדיע־אידישקייט: אַ וועלט, וואו עס שווירבלט און גריבלט און עס שפּילן זיך אָפּ פאַר דיינע אויגן אַ סך אַזעלכע** טראַגי־קאָמישע געשיכטעס, **אין וועלכע עס נעמען אָנטייל פאַרשיידענערליי קאָמעדיאַנטן:** ראַבאַיס, רבנים, חזנים, שרייבער, קולטור־פאַרזאָרגער, געזעלשאַפטלעכע־טוער, פאַרטיי־סעקרעטאַרן, אייביקע פאַרזיצערס, לאַנגסטיקע פּרעזידענטן, זעלבסטגעקרוינטע רעטערס, משיח־ברייינגערס וכדומה, **וועלכע מאַכן דיין לעבן שווער און אומעטיק...**

**עס דערגייט אָפּט אַזוי ווייט, אַז עס ווערט פּשוט שווער אַריבער־צוטראָגן די אידישע גאַס...**

„ניו יאָרקער וואָכנבלאַט", מערץ 26, 1954, נ. י.

# אַן ענטפער יעקב גלאַטשטיינען
# אין זיין אייגענעם „שייגעץ־שליסל"

**אזוי ווי איך זוך ביי קיינעם ניט קיין „סמיכה" — ניט אויף מיין זינגען און ניט אויף מיין שרייבן — בין איך ניט מחויב צו רעכענען זיך מיט יענעמס מיינונגען — איבערהויפּט מיט די מיינונגען פון יענע אידישע שרייבער אין אַמעריקע, וועלכע האַלטן זייערע פעדערס אין „אַרענדע" ביי פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, מצה־פירמעס, אונטוועש־פירמעס, צדקה־פושקע־פירמעס, און וואו נאָר מ'קאָן ערגעץ פאַרדינען אַ גראָשן פון שרייבן „פּובליסיטי" און „כפל שמונהדיקע־אַנאָנסן": האָב איך ניט קיין מורא צו זאָגן, אַז מיין פריינט יעקב גלאַטשטיין שניידט זיך אויף אַ צווייטן** מרדכי דאַנציס**! יענער שרייבט אויף „טיש און אויף בענק", וועגן אַלץ און אַלעמען, און גלאַטשטיין האָט אים אָנגעהויבן נאָכטאָן. דער חילוק איז נאָר, וואָס מרדכי דאַנציס האָט ניט וואָס צו פאַרלירן, שרייבט ער נאָך אַן אַרטיקל, נאָך אַביסל וואַסער, אָבער גלאַט־שטיין מאַכט זיך קאַליע דערמיט דעם טאַלענט...**

**גלאַטשטיין ליידט אויף נאָך אַ גרויסע מחלה: ער וויל זיין קלוג פיר און**

צוואַנציק שעה אַ טאָג, און דאָס דער׳הרגעט אָפּט זיין שרייבן. קיין שום מענטש, דער גרעסטער טאַלענט אפילו, קאָן נישט זיין קלוג אַ גאַנץ מעת־לעת! און יעקב גלאַטשטיין איז בפירוש ניט דער גרעסטער טאַלענט — ס׳איז דאָ ביי אידן פיל־פיל גרעסערע און וויכטיקערע טאַלענטן פון אים...

וועגן וואָס שרייבט יעקב גלאַטשטיין ניט? וועגן כשרות אין סאַן־פראַנציסקאָ, וועגן רבנים און רביים, וועגן כשרע מקווהס, וועגן אהבת ישראל, און מאַלע וועגן וואָס נאָך — אַלץ זאַכן, וואָס ער האָט אַמאָל (און דער אַמאָל איז מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק!), פאַרשפּיגן, פאַרצינעוועט, אָפּגעלאַכט און אָפּגעשפּעט, אָבער אַז מ׳איז אַ איד אַ „בריה״, איז דאָך ניט שייך...

דאָך וואָלט איך גע׳עצהט יעקב גלאַטשטיינען, אַז צו פּסקענען ריין־אידישע, און איבערהויפּט מוזיקאַלישע „שאלות״, זאָל ער עס איבערלאָזן צו מיר: איך האָב פון אים מער געלערנט, און לערן נאָך איצט פון אים מער — בעת ער איז זייער שטאַרק פאַרנומען מיט אַרומלויפן פראַווען „קליינזלדיקע פּאָליטיק״. דאָס ביסל „רעוואָלוציאָנערישקייט״, וואָס ער האָט אַמאָל פאַרמאָגט, האָט זיך שוין לאַנג אויסגעוועפּט. ער האָט שלום געמאַכט מיט די „באַיעס״: פאַרן נישטיקן פרייז פון צולאָזן אים צו אַרעמאַנסקן זעלבסט־געקרוינטן „אויבנאָן־טיש״ פון אונזער קליינזלדיקער אידישער ליטעראַטור אין דער אידישער אַמעריקע...

איז וועלנדיק זיין דורכאויס אַן „אַלזייטיקער״ שרייבער, האָט זיך גלאַט־שטיין אַנומעלטן צעשפּילט אין זיין קאָלום „פּראָסט און פּשוט״ (אין „מאָרגן זשורנאַל״, פון דעם 14טן מערץ, 1951), וועגן „חזנים זשורנאַל״, רעדאַקטירט פון מיין ווייניקייט — אַ קאָלום, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט נאַרישע, רשעותדיקע „חכמהלעך״, ווי אַ גאַנז מיט פּעדערן...

אַז גלאַטשטיין האָט ניט אַלץ וואָס ס׳איז געדרוקט אינם זשורנאַל געלייענט — וועגן דעם איז קיין ספק ניט: אויב אָבער ער האָט יאָ געלייענט, באַווייזט ערשט, וואָס פאַר אַ רשע ער איז!

אָט דער זעלביקער גלאַטשטיין, וואָס האָט מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק אין אידישן „קעמפער״ אַזוי שטאַרק ווי געטאָן און באַליידיקט אברהם רייזענען, וואו ער האָט פּרובירט אויפוויזן אויף זיין „חכמהדיקן שטייגער״, אַז רייזענס גוטסקייט איז אין תוך רשעות — אָט דער זעלביקער יעקב גלאַטשטיין האָט איצט אין זיין קאָלום, אָננעמענדיק זיך די קריוודע פון פּנחס יאַסינאָווסקי אויף זיין געוויינלעכן „חכמהדיקן שטייגער״, אים טיף

באַליידיקט מיט דעם, וואָס ער האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט: אַז, ראשית, איז ער, יאַסינאָווסקי, פאַרטראָטן אין זשורנאַל אי מיט אַן אינטערע־סאַנטן אַרטיקל וועגן דער „אַנטוויקלונג פון אידישן קונסט־ליד אין אַמעריקע" און אי מיט אַ ליד „אַ נאַכט אין די בערג"; און האָט אויך נישט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז אין זעלביקן זשורנאַל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן כמעט אַ פּאָעמע אויף אַ האַלבער זייט פונם דיכטער דוד אַפּאַלאָוו, וואָס הייסט: „אַ ליד צו פנחס יאַסינאָווסקי", און דערנאָך קומט אַן אונטער־שריפט: „אַ ווידמונג דעם פּיאָנער פון אידישער מוזיק אין אַמעריקע"!

גלאַטשטיין דערמאָנט, מיט אַ האַלבן מויל, אַז אברהם רייזען און א. לוצקי זיינען פאַרטראָטן אין זשורנאַל מיט לידער, און דערמאָנט ניט אפילו מיט קיין וואונק, אַז אין זעלביקן זשורנאַל איז יצחק ליבמאַן פאַרטראָטן מיט אַ ליד און דאָס זעלביקע אויך חיים סעמיאַטיצקי. איז עס בלויז פאַרגעסונג, אָדער איינפאַכע רשעות? אַנשטאָט זיך אָפּשטעלן אויפן מאַטעריאַל, האָט ער זיך פאַרנומען מיט „שטעכלקעס"...

וואָס איז שייך פאַר ניט אָנגעבן די יאָרן אין די „חזנישע ביאָגראַפיעס", וואָס זיינען געדרוקט אין זשורנאַל קעגן וואָס יעקב גלאַטשטיין זעצט אויס אין זיין צעשפּילטן קאַלום, וויל איך אים זאָגן, אַז דאָס איז ניט דער פאַל אַזוי בלויז מיט חזנים, נאָר מיט קינסטלער בכלל — אַריינגערעכנט שרייבער...

אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָבן ווייט ניט אַלע שרייבער, וואָס זיינען אין „שרייבער־לעקסיקאָן", אָנגעגעבן זייערע ריכטיקע יאָרן — נאָך מער איז עס דער פאַל מיטן „טעאַטער־לעקסיקאָן"!

איז ווען אַ גרויסער טייל שרייבער פאַרבן זיך די האָר, אַז זיי זאָלן אויסזען אינגער און פאַרלייקענען זייערע יאָרן — וויל יעקב גלאַטשטיין, אַז חזנים, זינגער, מוזיקער, דיריגענטן, זאָלן אָנגעבן זייערע יאָרן? דאָס וואָלט דאָך געווען „משיחס צייטן"...

ווייטער ווייסט גאַנץ גוט יעקב גלאַטשטיין, אַז מ׳קאָן אין אַמעריקע ניט אַרויסגעבן קיין שום זשורנאַל אָן קיין באַצאָלטע אַנאָנסן. אויך ווייסט גאַנץ גוט יעקב גלאַטשטיין, אַז אין אַמעריקע, אויב איינער באַצאָלט פאַר אַן אַנאָנס, קאָן ער שרייבן, אַז זיין סחורה איז די בעסטע און וואָס נאָר זיין האַרץ גלוסט...

גלאַטשטיין דאַרף עס וויסן פון זיין אייגענער דערפאַרונג, ווי אַ סך אַנדערע פון זיינע קאָלעגן דיכטער און שרייבער, וועלכע זיינען אָנגע־

שטעלטע אין פאַרשיידענע „אַנאָנסן־פּירמעס" און פּובליסיטי־אַגענטורן" — אַ סך בעסער ווי איך!

שענערס: ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז גאָר אָפט שרייבט די זעלביקע דיכטער־ און שרייבער־האַנט „פּובליסיטי": אי פאַר דער „רעפּובליקאַנער פּאַרטיי", אי פאַר דער „דעמאָקראַטישער פּאַרטיי", אי פאַר „טעמעני האָל", און אי פאַר דער „ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע"...

דעריבער האָב איך אַלס רעדאַקטאָר פון „חזנים זשורנאַל" געלאָזט וויסן אין מיין אַריינפיר, ווי עס פירט זיך אין דער גאָרער וועלט, אַ חוץ אין אַמעריקע, אַז די רעדאַקציע איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך: ניט פאַרן געשריבענעם נוסח און ניט פאַרן אינהאַלט פון די באַצאָלטע ביאָגראַפיעס און אַנאָנסן.

טאָ וואו איז דאָ דער „חטא" מיינער אַזוי גרויס, אַז עס קומט מיר צו קיבעצן דערפאַר? וואו ליגט די „אומלאָגישקייט" וואָס גלאַטשטיין שרייבט מיר צו אויף זיין געוויינלעכן „חכמהדיקן שטייגער"?

מיט די „86 זייטן ביאָגראַפיס און באַגריסונגען" פון חזנים, פאַר־שיידענע אָרגאַניזאַציעס, פירמעס און יחידים, פון די הונדערט און צוואַנציק זייטן פון זשורנאַל, וואָס גלאַטשטיין וואַרפט מיר אויס, איז דער חזנים פאַר־באַנד אויסן געווען ניט בלויז צו דעקן די הוצאות פונם זשורנאַל, נאָר בפירוש אַריינצוקריגן עטלעכע טויזנט דאָלאַר, אין וועלכע דער חזנים פאַר־באַנד האָט זיך שטאַרק גענויטיקט. איך וויל דאָ ניט אָנגעבן די גענויע סומע פון די פּראָפיטן, אָבער הלואי אויף אַלע אונזערע ליטעראַרישע זשורנאַלן געזאָגט געוואָרן...

איך בין אויך שטאַרק חושד, אַז אין יעקב גלאַטשטיינען שטעקט ערגעץ אַ „באַהאַלטענער חזן": אַנדערש וואָלט ער מיר פאַרגינען, וואָס איך האָב מיין נאָמען אַריינגעשטעלט צום סאַמע סוף, צווישן די „גדולים־חזנים"...

איך וויל, אַגב, דאָ אויפמערקזאַם מאַכן גלאַטשטיינען, אַז איידער איך בין געוואָרן אַ קאָנצערט־זינגער, ראַדיאָ־זינגער, אַריינזינגער אין אַר. סי. עי.־וויקטאָר רעקאָרדס און אַ חזן, בין איך געווען אַ שרייבער! איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן אין יאָר 1928, און מיין ערשטן אָפיציעלן אַרויס־טריט אַלס זינגער און חזן, האָב איך געמאַכט אין יאָר 1936.

איז ווען איך שרייב וועגן חזנים און זייערע בייטראָגן צו דער חזנישער קונסט און דערמאָן אויך ירדנין, טו איך עס ווי אַ שרייבער און בפירוש ווי

איינער וואָס האָט מיט ירדנין דעם חזן קיין שייכות ניט. און ירדני דער חזן, פאַר גלאַטשטיינס אינפאָמאַציע וועגן, האָט זינט דאָס יאָר 1936, גאָר אַ סך בייגעטראָגן צו חזנות: סיי מיט זיין דאַוונען ביים עמוד, סיי מיט זיין זינגען תפילות אויף דער ראַדיאָ און קאָנצערט־בינע, מיט זיין אַריינזינגען תפילות אין רעקאָרדס און מיט געדרוקטע רעטשיטאַטיוון. ווער־ווער נאָר אַזאַ שרייבער ווי גלאַטשטיין, האָט עס געמעגט וויסן...

„ירדני" — שרייבט גלאַטשטיין אין זיין דערמאָנטן חכמה׳דיקן קאָלום — „איז צו יונג, אַז ער זאָל זיך אַוועקלאָזן אויף די זיכערע וועגן, פון זעלבסט־כבוד".

דערויף וועל איך אים ענטפערן, אַז די דאָזיקע „תורה" פון „זיכערע וועגן", פון „זעלבסט־כבוד", איז אָרגאַניש ניט מיינע, נאָר איך האָב זי בפירוש געלערנט ביי די „קאַריפעען" פון אונזער אידישער שרייבער־גאַס — יעקב גלאַטשטיין איז איינער פון זיי...

ערשט די טעג האָב איך געלייענט אַן אַרטיקל פון ל. פיינבערג, אין וועלכן ער דערציילט וועגן אַ פאַרלעזונג, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין אַ „סטודיאָ", פון אָסיפּ דימאָוו, וואו עס זיינען אַנוועזנד געווען „באַרימטע רוסישע שריפטשטעלער" און „באַוואוסטע פּראָפעסאָרן פון דער רוסישער ליטעראַטור", און ער פאַרגעסט אויך ניט צו דערמאָנען, אַז דער „ריין־אידישער צד פון די פאַרזאַמלטע איז באַשטאַנען פון די שריפטשטעלער און דיכטער: ש. ניגער, א. גלאַנץ־לעיעלעס, נ. ב. מינקאָוו און ל. פיינבערג (מיין אונטערשטרייכונג — מ. י.)".

איר, פריינט גלאַטשטיין, ווען איר וואָלט דאָרט געווען און דערנאָך געשריבן וועגן דעם צוזאַמענקונפט, וואָלט אויך אַזוי געטאָן...

נאָכאַמאָל: איך בעט ביי קיינעם ניט קיין אָנערקענונג, ניט אויף מיין זינגען און ניט אויף מיין שרייבן — במילא פאַלט שוין אַוועק די גאַנצע פראַגע אייערע, פריינט גלאַטשטיין, פון נישט האָבן „קיין געדולד צו וואַרטן ביז אַנדערע וועלן אים געבן די אָנערקענונג"! ווער־ווער, נאָר איר יעקב גלאַטשטיין, האָט זיכער געהאַט ווייניקער געדולד פון מיר — צו וואַרטן ביז אַנדערע וועלן אייך געבן די אָנערקענונג...

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב געהאַלטן גלאַטשטיינען פאַר מיינעם אַ גוטן פריינט, דעריבער האָב איך ביי אַ סך פון זיינע „גראָבע טעותים", וואָס ער מאַכט גאַנץ אָפט ביים שרייבן אַמאָל וועגן אַ מוזיקאַלישן ענין,

געשמייכלט און פאַרבייגעלאָזט זיי. אָבער ווײַבאַלד אַז ער איז אַריבער די גרענעץ פון אָנשטענדיקייט, שוין ניט רעדן פון „גוט־ברודערשאַפט", האָב איך געמוזט ענטפערן אים אינם זעלביקן „שייגעץ־שליסל", אין זעלביקן „טאָן־אַרט", אין וועלכן ער האָט געשריבן זיין קלוגיטשקן „קאַלום". וואָס פאַר אַ „גוט־מאָרגן" — אַזאַ „גוט־יאָר"...

אויב גלאַטשטיין האָט געמיינט, אַז איך בין אים אַיאַלטי, ווען ער האָט מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק אויסגעשייגעצט אין „קעמפער" האָט ער געמאַכט אַ טעות. איך קאָן נעמען און קאָן אויך געבן צוריק „ליטעראַרישע פאַנטשעס" ווען מ'דאַרף און איך האָב פלאַץ און מעגלעכקייטן וואו: אין ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס, פאַריז, תל־אביב — אַמאָל טו איך עס מיט דער פען, און אַמאָל מיטן מויל, פאַר אַן עולם דירעקט פון דער בינע, ביי אַ קאָנצערט אָדער ביי אַ לעקציע.

איך וויל אויך צוגעבן, אַז איך האָב ניט קיין שום דרך ארץ פאַר סתם עלטערע שרייבער, איך האָב נאָר דרך־ארץ פאַר ערלעכע שרייבער! טאַלענט אַליין אַן מענטש מיינט גאָרנישט...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", מערץ 30, 1951, נ. י.

# חיים גרינבערג

## (אַ טרער)

טראַגעדיע גרענעצט זיך שטענדיק מיט קאָמעדיע — און דאָס זעלביקע פאַרקערט. עס קאָן ניט זיין קיין מער טראַגישערער געפיל, ווי אַז עס שטאַרבט דיינער אַ נאָענטער משפחה־מענטש — דיינער אַ נאָענטער פריינט, אָדער בלויז אפילו דיינער אַ נאָענטער באַקאַנטער.

און דאָך, און פאַרט, ווען איך האָב געלייענט די אַלע עדיטאָריעלס, אַרטיקלען און נעקראָלאָגן פול מיט לויב־געזאַנגען און פאַסיקע אַדיעקטיוון — ווי ער האָט עס באמת און כשר פאַרדינט! — אין די היגע אידישע צייטונגען וועגן דעם אָקאָרשט פאַרשטאָרבענעם חיים גרינבערג ע"ה, האָב איך ניט ווילנדיק געשמייכלט — מיט יאַשטשערקעס, פאַרשטייט זיך, אָבער געשמייכלט...

אויך ער, חיים גרינבערג, ווען ער וואָלט אויף אַ מינוט צוריק לעבעדיק געוואָרן און געלייענט די אַלע עדיטאָריעלס, אַרטיקלען און נעקראָלאָגן מיט לויב־געזאַנגען וועגן זיך, וואָלט מסתמא, ניין, ניט מסתמא, נאָר זיכער געשמייכלט — מיט איראָניע, פאַרשטייט זיך, פונקט ווי איך. און ניט בלויז וואָלט ער געשמייכלט, ער וואָלט אויך וועגן דעם, קענענדיק גרינבערגן, געלאָזט פאַלן אַ געוויסע באַמערקונג אויף זיין באַרימטן שאַרפן־סאַטירישן שטייגער, וואָס וואָלט געהאַט דעם עכט־גרינבערגישן טעם, פון וועלכן מיר אַלע האָבן אַזוי שטאַרק הנאה געהאַט, ווען ער פלעגט זיך אַמאָל שטיפעריש און גאַלאַנט — צעשפּילן מיט דער פען אָדער אין זיינע שמועסן.

איצט, ווען חיים גרינבערג האָט זיך שוין כלל ניט געניטיקט אין זיי, ווען זיין פּאָזיציע אינם אידישן לעבן פון אַמעריקע איז שוין געווען אַן אָנער־קענטע און באַפעסטיקטע, וואָס ער אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָט דער־וואָרבן מיט זיינע אייגענע אינטעלעקטועלע כוחות, מיטן זיין קלאָרן גראַדן שכל און הויכע קולטור, מיט זיין ווירטואָזן־טאַלאַנט אַלס ברילּיאַנטענער אָראַטאָר, שאַרפער דעבאַטאַנט, פּרעכטיקער לעקטאָר, טיפער דענקער, ראַפינירטער שרייבער, באַגאַבטער רעדאַקטאָר און גלענצנדיקער פּאָלי־טישער לייטער — איצט האָבן זיי זיך אַלע אַרויסגעכאַפּט אויפן „בענד־וואַגן", איצט האָבן זיי זיך אָפּגערופן, איצט זיינען זיי אַלע געקומען מיט פולע קוישנס לויב־געזאַנגען וועגן אים ?!

וואו אָבער, צו אַלדי־גוטע־יאָרן, פרעג איך, זיינען אָט די אַלע אונזערע „שיינע" עדיטאָריעליסטן, אַרטיקל־שרייבער און נעקראָלאָגן־באַזינגער געווען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, ווען דער זעלביקער חיים גרינבערג איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט דאָ אומעטום געפונען פאַרשלאָסענע טירן, אין די אידישע רעדאַקציעס אַזוי גוט ווי אין די פאַרשיידענערליי אידישע באַוועגונגען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וועלכע האָלטן די שליסלען צו פּרנסה, און ווען ניט אייניקע פון דער קליינער פּריש־ און ניי־אָריבערגעקומענער גרופּע צעירי־ציון פון בעסאַראַביע, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט אין בראָנזוויל, מיט די חברים לייב גלאַנץ, דער באַרימטער חזן, און אברהם לוי אין דער שפּיץ, וואָס האָבן גרינבערגן אַרויסגעהאָלפן אי מיט חיונה און אי מיט דירה־געלט, וואָלט געווען זייער ביטער — איז וואו זיינען אָט די אַלע איצטיקע באַזינגער פון גרינבערגן געווען דעמאָלט ?!

מיט יאָרן שפּעטער האָט גרינבערג ע"ה, אויף די שפּאַלטן פון „אידישער

קעמפּער״, ביי אַ געלעגנהייט דערציילט, אַז ער איז דעמאָלט, אין יענע „גוטע צייטן״, געקומען מיט אַ „וויזיט״ אין רעדאַקציע אַריין פון „טאָג״, האָט ב. צ. גאָלדבערג, וועלכער איז דעמאָלט, צוזאַמען מיט דר. ש. מאַרגאָשעס (איינער פון די איצטיקע באַזינגער פון גרינבערגן), געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „טאָג״, אים אויפגענומען און אָנשטאָט צו געבן אים עפּעס צו פאַרדינען האָט ער אים געגעבן אַן עצה אַז ער זאָל ווערן אַ מיטגליד פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין — אפשר וועט ער דעמאָלט קאָנען קריגן אַמאָל אַ באַשטעלונג אויף אַן אַרטיקל. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אָט דעם „וויזיט״ איז שוין גרינבערג — דער געבאָרענער אַריסטאָקראַט, גרויסער עסטעט, ראָמאַנטיקער און מאָראַליסט, דער מענטש פון גרויס אחריות, וואָס האָט דורכאויס געהאַט זיינע אייגענע וועגן, זיינע אייגענע מיינונגען, וואָס האָט זיינע געדאַנקען און געפילן קיינמאָל ניט אונטערוואָרפן צו קיין פּאַרטיי־דאָגמעס, צו פּאַרטיי־דיסציפּלין — צו די אַנדערע אידישע רעדאַקטאָרן, פון „פאָרווערטס״ און פון „מאָרגן זשורנאַל״, נישט געגאַנגען... ערשט שפּעטער, ווען די צעירי־ציון און די פּועלי־ציון האָבן זיך דאָ פאַראייניקט, האָט זיך גרינבערגס עקאָנאָמישע מערכה אָנגעהויבן שטופנווייז פאַרבעסערן.

איבערהויפּט וועל איך נישט אויפהערן צו פרעגן: וואו זיינען געווען דעמאָלט ספּעציעל אָט די „כוהנים״ פון דער ליטעראַטור און „לויים״ פון דער פּרעסע, וועלכע האָבן די לעצטע צען־פופצן יאָר געשמאַיעט און געפינעט אַרום דעם „אידישער קעמפער״ און זיך געחנפהט צו גרינבערגן — וואו זיינען זיי אַלע געווען דעמאָלט אין זיין נויט? צי ווייסן זיי, וואָס פאַר אַ טיפע וואונד דאָס האָט איבערגעלאָזט אויף זיין גאַנץ לעבן?! ניין, זיי ווייסן ניט — דאָס האָבן בלויז געוואוסט די גאָר נאָענטע מענטשן פון יענער צייט, מיט וועלכע גרינבערג פלעגט זיך באַגעגענען, פון צייט צו צייט, אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן...

צוויי זיינען זיי געווען, די צוויי איינזאַמסטע אויף דעם אַמעריקאַנער אידישן אינזל: דר. א. קאָראַלניק און חיים גרינבערג — און ביידע זיינען שוין נישטאָ...

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״ (דאַטע אומבאַקאַנט), נ. י.

# באָגאָטאַ — קאָלאָמביאַ

## געווידמעט מיין ברודער יאָסל

אײנע פון די אײגנאַרטיקסטע שטעט אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, איז בלי־שום ספק די הויפּט־שטאָט פון קאָלאָמביאַ — באַגאָטאַ. זי איז אַ שטאָט מיט אַן אייגענעם פּנים, אייגענעם אויסזען, פאַרנעם, אייגענער מאַלערישקייט, מוזיק און ריטם. שוין איר געאָגראַפישער געלעגער אַליין מאַכט זי נישט בלויז פאַר דער אייגנאַרטיקסטער שטאָט אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, נאָר דאַכט מיר אַז אין דער גאַרער וועלט. עס איז מיט איר געשען אַ זייער מאָדנע פּאַסירונג: נישט גענוג וואָס זי האָט זיך געלאָזט אויסבעטן אויף אַ מאַיעסטעטישן באַרג, ווי אויף אַ פּערענע, אַזוי הויך איבערן אויבערפלאַך פונם ים אַ וואָסערע אַכט און אַ האַלב טויזנט מעטער, איז זי דערצו אַרומגערינגלט מיט שליאַרעס פון נאָך פּיל העכערע בערג, וועלכע דערלאַנגען שיעור נישט דעם הימל. און ווייל זי ליגט אויס־געבעט אויף אַזאַ הויכער פּערענע, איז זי דעריבער אויסגעזעצט צו פאַר־שיידענע קאַפּריזן און קאַפּריזעלעך פון דער מאַמע־נאַטור — אַט די זעלביקע מאַמע־נאַטור, וואָס האָט פאַר איר צוגעגרייט דעם הויכן געלעגער.

אויב עס געפינען זיך אויף דער וועלט שטעט, וואָס קענען ווערן אָנגע־רופן „קאַפּריזנע דאַמעס״, איז באַגאָטאַ איינע פון זיי. מיט דעם נאָמען „קאַפּריזנע דאַמע״ בין איך דאָ אויסן מער ווי אַלץ דעם קלימאַט פון באַגאָטאַ, וואָס איז נישט בלויז ניט אַלע טעג גלייך, נאָר ער בייט זיך כמעט יעדער פּאָר שעה, ווי אַ קאַפּריזנע דאַמע בייט אירע קליידער. איר זייט קיינמאָל נישט זיכער ווען די זון וועט דאָרט שיינען און ווען עס וועט רעגענען, ווען דער הימל וועט אויסזען מילד און בלוי, ווי אַ בלויער געשלי־פענער דימענט, פריש און צאַרט, ווי אַ זעכצן יעריק מיידל, און ווען עס וועט דאָרט זיין פאַרכמורעט און גרוי, ווי אַ גרויער ערדישער טאָפּ, עסעדיק און יאַזשעדיק, ווי אַן אַלטע יאַדעשליוועו שוויגער. דער פרימאָרגן הויבט זיך דאָרט כמעט שטענדיק אָן מיט אַזאַ ראַזלעכער פרישקייט און לויטערקייט, וואָס לאָזט דיר אין בעט נישט איינליגן, עס ציט דיך צום פענצטער, צום דרויסן, דערנאָך גיט זיך פּלוצלונג אַ בייט איבער, עס ווערט שטאַרק גרוי און דו זעסט מער נישט דעם דרויסן — ווי דער טאָג וואָלט ערשט געהאַלטן

אין געבוירן ווערן. איז אויב דו דאַרפסט זיך נישט איילן גיין צו דער אַרבעט, אָדער אין אָפיס, צי אין געשעפט, לייגסטו זיך אַריין צוריק אין בעט און דער פוילער גרויער דרויסן שלעפערט דיך שנעל איין. שפּעטער כאַפּסטו זיך אויף און דו געפינסט שוין אַ געשטעלטן טאָג, מיט אַלע זיינע קאַפּריזן און קאַפּריזעלעך וואָס באָגאָטאָ פאַרמאָגט.

אין אַ טאָג אָבער ווען דו שטייסט אויף, שוין נאָכן געוויינלעכן פרי־מאָרגן, און די זון שיינט איבער באָגאָטאָ, דעמאָלט קוקט זי אויס ווי אַ שיינע אינדיאַנישע פּרינצעסין, אין וועמעס אָריגינעל און געשמאַק פּנים מ׳קען זיך אָן אַן אויפהער שפּיגלען, ווי אין אַ לויטערן קוואַל. דער געזאַנג פון גאָטס שכינה פילט אָן אַלע ווינקעלעך, אַלע זעמדעלעך און שטיינדעלעך פון דער שטאָט — עס קוועלט מיט צעפלאַמטער שירה. די שטאָט פון אַ מיליאָן איינ־וואוינער זעט פון דער שאַרפער זון אויס, ווי אַ ריזיקע צעליכטיקטע לאַמטערנע, וועמעס חלפימדיקע שטראַלן פליצן זיך פאַנאַנדער, ווי לויטערע שטראָמען וואַסער פון אַ הויכן באַרג אַראָפּ. עס לאַכן די גאַסן און עס שמייכלען די מענטשן, יונג און אַלט, קינד און קייט, און פייגעלעך אַלערלייאיקע הערן נישט אויף צו זינגען און צו צוויטשען לויב־געזאַנגען צו גאָט און צום בלויען הימל, צו דער שאַרפער זון מיט אירע חלפימדיקע שטראַלן און צו דער צעליכטיקטער לאַמטערנעקייט. די אַרומיקע שורות בערג, האַלטן אין איין מיניען זיך און בייטן זייערע קאָלירן: אַט אין העלן, אַט אין גרינלעכן, אַט אין בלוילעכן, אַט אין מאַטן און סומנעם אָפּשיין, און קוקן שטאַרק צופרידענע אויף די צעהעלטע גאַסן, אויף די צעפּראַלטע הייזער, אויף די צעגרינטע סעדער און גערטנער, הויפן און פּאַרקן, הערן זיך איין צום טומל פון די שנעל־לויפנדיקע אויטאָמאָבילן, אויטאָבאָסן, צום לאַנג־זאַמען געמיטלעכן שפּאַצירן פון די מענטשן, צום געזאַנג און צוויטשען פון די פייגעלעך — און צעגייען זיך פון נחת. אין אַזאַ טאָג, איז זיי, די אַרומיקע שורות בערג, וואויל און גוט, זיי טוען ממש אָנקוועלן, וואָס זייער שטאָט בליאַסקעט ווי אַ שפּיגל, שיינט ווי אַ בת־מלכה, לויכט פריידיק און לוסטיק, מאָנענדיק און רופנדיק, און באַוועגט זיך יוגנטלעך, ווי אין אַ לעגענדאַרישן חדוהדיקן אינדיאַנישן טאַנץ.

יאָ, אַ שטאַרק קאַפּריזנע דאַמע איז באָגאָטאָ, אָבער אַ געשמאַקע און אַ זאַפטיקע. עס ווילט זיך אין איר איינבייסן, ווי אין אַ וויניקן עפּל. די קאַפּריזענקייט פּאַסט איר, ווי אַ שיינער פרוי פּאַסט אַלץ וואָס זי טוט אָן. אַ

חוץ איר אָריגינעלן געשמאַק פּנים, מיטן חן פון אַן אינדיאַנישער פּרינצעסין, האָט זי נאָך אַנדערע מעלות אויך: זי איז לעבעדיק און יונג, כאָטש זי איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין דרום־אַמעריקע. זייענדיק די הויפּטשטאָט, איז זי נאַטירלעך דער גלאַוונער נערוו פון לאַנד. דאָ זיצט נישט בלויז די הויפּט־רעגירונג, נאָר אויך די נשמה פונם פאָלק. אַחוץ וואָס פון דאַנען ציען זיך אַלע פעדים איבער דער ברייט און לענג פון דער מדינה, איז זי אויך דאָס האַרץ דורך וועלכער דאָס קאָלאָמביאַנער פאָלק רעדט — סיי צו זיך און סיי צו דער וועלט. זי איז דאָס פענצטער פון קאָלאָמביאַ, דורך וועלכער אַ גאַסט אויף אַ ווייל קען אַריינקוקן אויף אַ מייל. אין באָגאָטאָ קענסטו פילן ווי שטאַרק אָדער ווי שוואַך דער דופק פונם קאָלאָמביאַנער קלאַפּט, הערן זיין קול, אָנטאַפּן זיין געוויסן; דאָ קומען צום אויסדרוק אַלע זיינע געפילן, שטימונגען, פאַרלאַנגען, אידעאַלן, אַנטוויקלונגען, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, קולטורעלע, קינסטלערישע, געזעלשאַפטליכע, מאָדעס און שטייגערס. פון דאַנען גייט די אַלטע קאָלאָמביאַ איבער צו דער נייער קאָלאָמביאַ — דער דערוואַכטער, דער אויפשטייגנדיקער, וואָס האַלט זיך אין איבער־בויען, אין גיין פאָראויס.

דורך מיין גרויסן סטודיאָ־פענצטער אויפן פערצטן גאָרן פונם האָטעל טיקענדאַמאַ, וואו איך בין אין משך פון עטלעכע וואָכן איינגעשטאַנען, פלעג איך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַרויסקוקן אויף דער שטאָט, וועמעס מאַלערישקייט האָט אָנגעפילט מיין אויג. דער האָטעל טיקענדאַמאַ, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַרן גרעסטן און שענסטן פון קאָלאָמביאַ, געפינט זיך אין סאַמע האַרץ פון שטאָט צופוסנס פון אַ באַרג, וועמעס שפּיצן עס איז שווער אָנצוזען — סיידן די לופט איז זייער אַ קלאָרע און אַ דורכזיכטיקע. אויף אַ שפּיץ־קאָפּ פונם דאָזיקן באַרג, געפינט זיך אַן אַלטער לעגענדאַרישער קלויסטער, אַ שטאַרק פאַרהייליקטער ביי די קאָלאָמביאַנער, צו וועלכן מ׳קען צוקומען דורך אַ ספּעציעל־אויפגעבויטער הייב־מאַשין אַזאַ, אָדער מיין לופט־באַן, וואָס קאָסט נישט קיין סך געלט פאַרן אַרויפפאָרן. אָבער שטאַרק פרומע קאַטאָליקן, און אויך זייער אָרעמע, קלעטערן אַהין אַרויף צופוס — זיך דראַפּנדיק אויף די קני. אַפּנים אַז מיטן כוח פון רעליגיע קען מען אַלץ בייקומען. אמתע רעליגיעזע מענטשן זיינען אויף אַלץ גרייט, זיי שרעקן זיך נישט אָפּ פאַר קיין הויכע בערג, פאַר קיין טיפע טאָלן, פאַר קיין פייער און פאַר קיין וואַסער. און די קאָלאָמביאַנער זיינען שטאַרק פרומע קאַטאָליקן,

זיי לויפן אין די קלויסטערס אינדערפרי, בייטאָג און ביינאַכט. און עס פעלן אַוודאי נישט קיין קלויסטערס אין קאָלאָמביאַ, דאָס לאַנד איז פול מיט זיי. וואו דו גיסט אַ טראַט — שטייט אַ קלויסטער. און ניט סתם עפּעס אַבי קלויסטערס, נאָר וואונדערבאַרע קאַטעדראַלן, אַלטע און נייע.

נו גוט, זאָלן מענטשן זיין פרום! פון מענטשן מיט גאָט אין האַרצן, קען מען אפשר דערוואַרטן בעסערע מעשים, מער יושר, טאָלעראַנץ און אַ פיל שענערע וועלט. כאָטש צוריקגעשמועסט: וואָס פאַר אַ טענות קען מען האָבן צו דער וועלט? זי איז קיין זאַך ניט שולדיק! די וועלט איז אַוודאי אַ שיינע, אַ ליכטיקע און אַ וואונדערלעכע! וואָס איז זי, די וועלט, שולדיק, אַז די מענטשן ווייסן נישט ווי זיך מיט איר צו באַגיין? זי האָט דאָך פאַרן מענטשן אָנגעגרייט פון אַלעם גוטן, אים באַזאָרגט פון פויגל־מילך, אַי דער מענטש איז אַ חזיר, אַ גזלן און אַ מערדער אויף זיך אַליין — טאָ ווער איז אים שולדיק?!...

קוקנדיק דורך מיין סטודיאָ־פענצטער אויף באָגאָטאַ, אויף אירע גאַסן און הייזער, עוועניוס און בולוואַרן, סקווערן און פאַרקן, אַרומיקע שורות בערג און גרינע לאַנקעס וואָס ליגן מחוץ דער שטאָט, האָב איך יעדעס מאָל אין איר זיך אויפסניי פאַרליבט. כ'האָב זיך ניט געקענט גענוג אָנשפּיגלען אין איר פּנים — אַ פּנים, וואָס איז, ווי שוין באַמערקט, אָריגינעל און געשמאַק, חנעוודיק און רייצנדיק, אַ פּנים, וואָס ווילט זיך דיר אַרומנעמען און קושן און מיט אים שלאָפן. דער אָפּשיין פון די אַרומיקע שורות בערג, לאָזט דיך נישט אָוועקגיין פונם פענצטער, ער האַלט דיין אויג געשפּאַנט — אַזוי פיל כישוף איז אין אים פאַראַן. צוזאַמען מיטן דאָזיקן אָפּשיין, פילסטו אַז עס גייט אויך אויף פון זיי אַ מין אייגנאַרטיקער געזאַנג, וואָס טראָגט זיך צו דיינע אויערן — אַ ספּעציעלער באַרג־געזאַנג אַזאַ, אין לויטערן גוסט, וועמעס מעלאָדישע טענער קלינגען שטיל, האַלב שטימיק, פּיאַניסימאָ, אָבער טיף דורכדרינגענדיקע און אַריינדרינגענדיקע, ווייט און הויך אָנשלאָגנדיקע, מעלאָדישע טענער, וואָס רעדן אַ מיליאָן מאָל שטאַרקער פון אַ מיליאָן ביכער... און אַז ניגון און בוך, וואָרט און געזאַנג, אות און קלאַנג, איז מיין טעגלעך־ברויט, דאָס דאַרף איך קיינעם נישט דערציילן. און דאָך, און פּאָרט, קיין שום זאַך אויף דער וועלט רעדט צו מיר נישט אַזויפיל, ווי אַ ניגון — בפרט אַ ניגון, וואָס קוועלט אַרויס פון די סאַמע טיפענישן פון דער נאַטור! אַך, ווי איך פלעג מיינע אויערן האַלטן אָנגעשפּיצט צו אָט דעם ספּעציעלן

געזאַנג פון די שורות בערג אַרום באָגאָטאַ! וויפיל שיינקייט, וויפיל פרייד אַט די אַרומיקע שורות בערג גיבן עס צו אָט דער אייגנאַרטיקער דרום־אַמעריקאַנער שטאָט! איך ווייס נישט אויף וויפיל די אָרטיקע באַפעל־קערונג זעט זיי אָן, אָדער הערט זיך איין צו זייער ספּעציעלן געזאַנג, אָבער איך וואָס בין געקומען צופאָרן קיין באָגאָטאַ נישט בלויז צו זינגען, נאָר אויך צו זען און צו הערן, האָב דעם טעם פון אָט די בערג מיטגענומען מיט זיך אין מיין נשמה און וועל זיי לאַנג, לאַנג נישט פאַרגעסן. דער עיקר פון אַלץ וועל איך נישט פאַרגעסן זייער אייגנאַרטיקן ניגון — אָט דעם ניגון, וואָס האָט אין מיר איינגעפלאַנצט אַ בענקשאַפט נאָך באָגאָטאַ, און נאָך קאָלאָמביאַ בכלל.

ווי שוין געזאָגט, באָגאָטאַ איז איינע פון די עלטסטע שטעט אויף דער דרום־אַמעריקאַנישער ערד. אַ היפּש ביסל סימנים פון איר אַלטקייט קען מען נאָך געפינען אויך איצטער. זיי ליגן צעלייגט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער שטאָט. אָבער באָגאָטאַ, פּונקט ווי קאַראַקאַס, די הויפּט־שטאָט פון ווענעזועלאַ, האַלט זיך אין איבערבויען. אויף טריט און טראָט שלאָגט איר זיך אָן אויף נייע אויסגעברייטערטע גאַסן און בולוואַרן, נייע געביידעס, מאָדערנע אינסטאַלאַציעס, נייע אויסגעפוצטע געשעפטן, נייע פּרעכטיקע רעזידענץ־געגנטן, נייע געשאַפענע סקווערן, וואָס דאָס אַלץ ווייזט אַז די שטאָט גייט דורך אַ רענעסאַנס. עס פילט זיך אָן אויפשטייג, אַ וואוקס, אַ דערוואַכונג, וואו נאָר איר גיט אַ וואָרף מיט אַן אויג. די נייקייט שימערירט און שמעקט פריש מיט איינפלוסן פון אייראָפּע און צפון־אַמעריקע. די דאָזיקע נייע „בגדים" פּאַסן זיך זייער גוט באָגאָטאַ — זאָל זי זיי טראָגן געזונט.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", מאַי 24, 1957, נ. י.

# העמינגוויי — דער נאָבל־פּרייז געווינער

## געווידמעט חנה׳לען — צו אונזער באַגעגעניש מיט אים אין האָטעל „כענאָוואַ״ אין מעקסיקאָ־סיטי

עס איז גענוג ווען מ׳לייענט איבער אָט די 2 גרויסע ווערק „די סאָן אָלסאָ ראַיזעס״ (די זון גייט אויך אויף) און „פאַר הום די בעל טאָולס״ (פאַר וועמען דער גלאָק קלינגט), אַז מ׳זאָל ווערן אַ גרויסער חסיד פון אוירנעסט העמינגווייס שרייבן. און נאָכדעם ווי מ׳לייענט דורך זיין נאָוועלע „די אָלד מען ענד די סי״ (דער אַלטער און דער ים) ווערט מען שוין ממש אַ פאַרשיכורטער פון זיין טאַלאַנט. דאָ האָט איר פאַר זיך העמינגוויי דעם שריפטשטעלער אויפן העכסטן לייטער פון זיין אייגנאַרטיקן סטיל און אייגנאַרטיקער דערציילערישער פאָרם.

די גאַנצע קאָנדענסירטקייט העמינגווייס פון וואָרט און בילד, קלאָר־קייט פון כאַראַקטער און עמאָציע, געשליפנקייט פון זאַץ און דיאַלאָג, מייסטערשאַפט פון געדאַנק און האַנדלונג, טיפקייט פון דערקענען דעם מענטש און די נאַטור, שאַרפקייט פון געהער און אויג און פון אויפכאַפּן זאַכן, האָט ער אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער נאָוועלע.

די אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז פאַרגלייך מיט אַנדערע ליטעראַטורן פון דער וועלט, איז נאָך אַ גאָר יונגע. דאָך האָט זי שוין באַוויזן צו געבן דער ליטעראַרישער וועלט אָט די צוויי גרויסע דערשיינונגען: אַן אַמעריקאַנער סטיל אין דער פּאָעזיע, פון וועלכער וואָלט וויטמאַן איז געווען דער נאָוואַטאָר און דערפינדער און אַן אַמעריקאַנעם סטיל אין דער פּראָזע, פון וועלכן אוירנעסט העמינגוויי — דער איצטיקער נאָבל־פּרייז געווינער — איז דער נאָוואַטאָר און דערפינדער. זייערע ביידנס איינפלוסן וועט איר געפינען נישט בלויז אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע און פּראָזע אַליין, נאָר אויך אין דער פּאָעזיע און פּראָזע פון גאָר דער וועלט.

ס׳איז איבעריק אפילו צו זאָגן אויף העמינגווייען, אַז דער נאָבל־פּרייז איז אַ העכסט פאַרדינטער. מיט אָדער אָן דעם נאָבל־פּרייז, וואָלט העמינגוויי אַלץ געבליבן — העמינגוויי! דער נאָבל־פּרייז איז בלויז איין פאָרם — אפשר אַ הויכע פאָרם — פון אָנערקענונג.

עס וואָלט געווען זייער טרויעריק, ווען דער נאָבל־פּרייז וואָלט געווען

די איינציקע און אויך די לעצטע פאָרם פון אָנערקענונג צו אַ שרייבער. וואָרום מ׳קען דאָ אויסרעכענען אַ גאַנץ פיינעם צעטל פון גרויסע און באַרימטע רוסישע, פראַנצויזישע, ענגלישע, אַמעריקאַנער און אידישע שרייבער, וועלכע וואָלט באַדאַרפט קריגן דעם נאָבל־פרייז און האָבן נישט געקראָגן און זיי וועלן איבערלעבן אייניקע נאָבל־פרייז געווינער — און אפשר טאָקע דעם נאָבל־פרייז אַליין אויך...

אָבער דאָס קלינגט שוין ווי פּאָלעמיק, און דאָס וויל איך היינט אויס־מיידן. כאָטש — וואָס איז שלעכט פּאָלעמיק? פּאָלעמיק איז אויך אַ פאָרם פון ליטעראַטור און אַ גוטע זאַך אין אַלגעמיין — אויב מ׳האָט נאָר דערפאַר די געהעריקע כלי־זין...

ווען מ׳לייענט העמינגוויס ביכער שטויסט מען זיך לייכט אָן וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש ער איז, וואָס ער האָט ליב און וואָס ער האָט פיינט, פון וואָס ער האַלט מער און פון וואָס ער האַלט ווייניקער, וואָס ער באַוואונדערט און וואָס ער לאַכט אויס, ווער זיינע חברים און פריינט זענען, צו ווען ער קוקט אַרויף און אויף וועמען ער קוקט אַרונטער, וועלכע זאַכן אין לעבן גייען אים אָן מער און וועלכע ווייניקער, וועלכע מענטשן עס געפעלן אים און וועלכע נישט — מיט איין וואָרט: איר פילט עס אַרויס פון יעדן וואָרט, פון יעדער שורה, און פון נישט זיצן און וואַרטן ביז עמיצער וועט קומען אים דערציילן, אַז העמינגוויי איז אַ פאַרקאַכטער (אַביסל צופיל פאַרקאַכט) ספּאָרט־ליבהאָבער פון: באָקסינג, יאַגד, אָקסן־קאַמפן, פיש־פאַנג און — כ׳האָב מורא צו זאָגן — אויך פון — מלחמה...

העמינגוויי, לויט מיין מיינונג, קוועלט צופיל אָן פון שיסן און הרג׳נען, פון שלאָגן זיך און באַרען זיך, האָט צופיל ליב דעם ריח פון בלוט וואָס גיסט זיך פון מענטשן און חיות, באַלעקט זיך צופיל מיט דער ברוטאַליטעט פונם מענטש און דער חיה, וואָס רופט ביי מיר אַרויס אַ ווידער־געפיל — נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז איינער פון מיינע באַליבטסטע אַמערי־קאַנער שרייבער.

איך בין זיך דאָ מודה ומתודה, אַז פאַר אַזעלכע שרייבער ווי העמינגוויי ציטער איך... עפּעס געטרוי איך זיי נישט. יעדעס מאָל וואָס איך נעם אין דער האַנט אַריין זיינס אַ בוך און הויב אָן צו לייענען, — מיט דעם אויסנאַם פון זיין קורצער נאָוועלע „דער אַלטער און דער ים״, קומען מיר באַלד אויפן געדאַנק: עזרא פאַונד און קנוט האַמסון. עפּעס האָב איך אַ געפיל, אַז

העמינגוויי, וועלכער לאָזט זיך אָפּט אַרויס אין דיווילדע דזשאָנגלס פון אַפריקע און אַנדערע ווילדענישן: כדי מיט די אייגענע הענט צו שיסן חיות און פאַרגיסן בלוט, זאָל, ווען די שעה זאָל נישט קומען, אין אַ געגעבענעם מאָמענט, איבערקערן דעם פעלץ און ווערן אַ צווייטער — אַמעריקאַנער עזרא פאָונד, אָדער נאַרוועגישער קנוט האַמסון... עפּעס מוז שטעקן דערין טיף אין די אייגענע אָדערן פון אַ מענטשן און אַ שרייבער אינם כסדר׳דיקן פינען און יאָגן זיך נאָך ברוטאַליטעט און בלוט...

אפראָפּאָ עזרא פאָונד און קנוט האַמסון. דעם שאָק וואָס אַ גרויסער טייל פון דער ליטעראַרישער וועלט האָט געקראָגן דורכן מיאוסן פאַראַט פון אָט די צוויי דערמאָנטע באַרימטע שריפטשטעלער: דורכדעם וואָס דער ערשטער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון מוסאָליניס איטאַליענישן בלוטיקן פאַשיזם און דער צווייטער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די גרעסטע קאַניבאַלן, די שוידערלעכסטע מענטשן־מערדער אין דער וועלט־געשיכטע, פון היטלערן און זיין דייטשיש־פאָלק, איז אונזער אייגענע שולד. מיר האָבן נישט טיף גענוג אַריינגעקוקט אין זייערע ווערק, נישט גענוג געזיפּט זייערע שורות. וואָלטן מיר אַזוי נישט געווען פאַרשיכורט פונם פאַרגעניגן וואָס אָט די צוויי העסלעכע פאַרעטער האָבן אונז פאַר־שאַפט ביים לייענען זיי און וואָלטן מיר זיך מער געגריבלט און טיפער זיך געגראָבן אינם ערשטנס לידער און אינם צווייטנס ראָמאַנען — וואָלטן מיר זיי שוין דעמאָלט געווען דערקענט... ווי זאָגט דער אוקראַינער: „מאָזשאַ פּאַנאַ פּאָזאַנט פּאָ כאַליאַווי״ (מ׳קען דערקענען אַ פּריץ לויט זיינע שטיוול)...

העמינגווייס בוך „עי פערוועל טו אַרמס״ (אַ געזעגענונג מיט וואָפן) איז נישט בלויז אַ קינסטלערישע שילדערונג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון אַ שרייבער און פון איינעם וואָס האָט געזען די מלחמה מיט די אייגענע אויגן און זי געפילט מיט דער אייגענער הויט דינענדיק אין דער אַמערי־קאַנער אַרמיי אויפן מערב פראָנט, נאָר אַ פּאַסמאַקעניש און באַלעקעניש... דעם זעלביקן געפיל האָט איר אויך ביים לייענען „פאַר הום די בעל טאָולס״, וואָס שילדערט מייסטעריש, לעבעדיק און שפּאַנענדיק ביז גאָר דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע, וואו ער, העמינגוויי, האָט באַלד נאָכן אויס־ברעכן זיך באַוויזן אויף די פראָנטן דאָרט. די נאָוועלע אַליין פאַר זיך איז אַ מאָנומענטאַל ווערק, וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן.

אָבער אָט איז נאָך אַ פּאַל, וואָס דאַרף באַקרעפטיקן מיין טעזע, ווי שטאַרק עס ציט העמינגווייען צו מלחמות. עס ווערט דערציילט, אַז אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, נישט קענענדיק צוליב זיין עלטער אַריינטרעטן אין אַקטיווער מיליטער־דינסט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, האָט ער, העמינגוויי, זיך נישט געקענט צופרידנשטעלן און באַנוגענען מיט בלויז שרייבן אַליין וועגן דער מלחמה נאָר ער האָט מיט זיין פּריוואַטער סאַבמאַרין זיך אַרויסגעלאָזט אין די טיפע וואַסערן פונעם קאַריבעאישן ים אויף צו זוכן דייטשישע סאַבמאַרינס...

און פון העמינגווייס גרויסע ליבע צו אָקסן־קאַמפן, איז געקומען זיין ערשטע נאָוועלע וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט: „די סאַן אָלסאָ ראַיזעס" (די זון גייט אויך אויף) — אַ ווערק, וואָס אָטעמט מיט לעבן און שמעקט מיט בלוט... איך האָב זייענדיק אויף אַ באַזוך אין שפּאַניע זיך געלאָזט אַנרעדן פון פריינט און בין געגאַנגען זען אַן אָקסן־קאַמף און האָב אַלע ווײַלע זיך געמוזט פאַרשטעלן מיטביידע הענט די אויגן. איך האָב פאַר קיין פאַל נישט געקענט צוזען די ברוטאַליטעט, דאָס וואַרפן פון די שפּיזן אינם אָקס, וואָס נישט געקוקט אויף זיין גרויסקייט און שטאַרקייט האָט ער זיך יעדעס מאָל געקאַרטשעט פון ווייטאָק ווען אַ שאַרפע שפּיז איז אין אים אַריינגעפּיילט געוואָרן, דאָס שפּריצן פונם בלוט ווען דער מאַטאַדאָר לסוף האַקט אין אים אַריין די שאַרפע שווערד און דער שטאַרקער אָקס גיט אין אַנמאַכט אַ פאַל אַוועק און הויבט אָן אויסציען מיט די פיס, וואָס איז אַ צער צו קוקן און צו זען אַזוינס!...

און דאָ קומט אַ שרייבער און באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט אָנשרייבן אַליין אַ גוטן בוך וועגן דעם מיט אַ קרעפטיקער שרייבערישער האַנט און מעכטיקן שרייבערישן טאַלאַנט, נאָר שלינגט אויך די סלינע דערפון...

ווידער פון זיין ליבע צו פיש־פאַנג, האָט העמינגוויי אָפּגעשפּאָרט די שוין עטלעכע מאָל פריער דערמאָנטע קורצע נאָוועלע „די אָלד מען ענד די סי" (דער אַלטער און דער ים), פאַר וועלכער ער האָט איצט געקראָגן, ווי אַלע ווייסן שוין, דער נאָבל־פּרייז פאַר ליטעראַטור פאַרן יאָר 1954.

לויט דער צוואה פון אַלפערד נאָבעל, דאַרף דער שרייבער קריגן אַ פּרייז, וועלכער האָט אין זיין ווערק אויסגעדריקט אַ אידעאַליסטישע טענדענץ. די שופטים פון דער אַקאַדעמיע, וועלכע טיילן אויס דעם פּרייז פאַר ליטעראַטור האָב אין העמינגוויי'ס קורצער נאָוועלע „די אָלד מען ענד

די סי" (דער אַלטער און דער ים), וואו עס ווערט דערציילט וועגן אַ דריי טאָגיקן קאַמף וואָס איז אָנגעגאַנגען אויפֿן אַטלאַנטישן ים צווישן אַן אַלטן קובאַנישן פֿישערמאַן און אַ ריזיקן פֿיש; דער פֿיש וויל איבערקערן דאָס פֿישער־שיפֿל און דער אַלטער קובאַנער פֿישערמאַן וויל רק דעם ריזיקן פֿיש פֿאַנגען; און אין קאַמף צווישן דעם אַלטן קובאַנער פֿישערמאַן און דעם ריזיקן פֿיש קומען אויך אַריין שאַרקס; מיט יעדן מאָמענט ווערט דער בלוטיקער ים־קאַמף אַלץ מער הייסער און טראַגישער: די טראַגיק פֿונם מענטש און דער נאַטור, די קאַפּריזן פֿונם ים און די עקשנות פֿונם מענטש שרייען ממש ביז צו די הימלען — דערזען אַן אידעאַליסטיש ווערק.

אָבער מען מוז צוגעבן, אַז די אָפּשאַצונג פֿון די שופֿטים איבער העמינגוויי'ס ווערק, איז בדרך־כלל, אַ ריכטיקע. מחמת די קורצע נאָוועלע „די אַלד מען ענד די סי" איז ווירקלעך העמינגווייס ערשטער בוך: וואו ער טרעט אָפּ פֿון זיין געוויינלעכן גאַנג אין די פֿריערדיקע ווערק; וואו אַ חוץ דער מייסטערשאַפֿט זיינע מאָלן אין אַ דראַמאַטיש־קאָמפּאַקטן סטיל דעם טראַגישן איינזאַמען מענטש און זיין מלחמה מיט די סטיכישע אויסברוכן פֿונם מעכטיקן ים און דער ריזיקער פֿיש לאָזט זיך אויך פֿילן אַן אידעאַליסטישע טענדענץ.

עס מאַכן אָבער אַ טעות די שופֿטים פֿון דער אַקאַדעמיע, די אויס־טיילער פֿונם נאָבל־פּרייז פֿאַר ליטעראַטור, אַז די דאָזיקע נאָוועלע אַלס אַ גאַנצע קען באַטראַכט ווערן פֿאַר אַ פֿולשטענדיק אידעאַליסטיש ווערק. צו דעם איז העמינגוויי נאָך דערוייל נישט דערגאַנגען — אפֿשר וועט ער דערגיין דערצו שפּעטער: אין זיינע וויטערדיקע ליטעראַרישע ווערק, וואָס מיר האָפֿן אַז ער וועט אונז געבן...

„האַוואַנער לעבן", יאַנ. 19, 1955, האַוואַנאַ, קובאַ.

# מיין באַזוך בײַ עדוואַרד דזשי. ראָבינסאָן

## געווידמעט מיין שוועסטער עטעלען

איך ווייס ניט פון וואָס איך בין שנעלער שיכור געוואָרן בעת מיין וויזיטביים וועלט־באַרימטן אידישן האָליוואודער פילם־סטאַר עדוואַרד דזשי. ראָבינסאָן, צי פון דעם שטאַרקען וויין, וואָס איך האָב געטרונקען, צי פון דעם רייך־אויסגעשטאַטן מאַגנאַטישן פּאַלאַץ, צי פון דער פיינער קונסט־גאַלעריי, וואָס באַטרעפט מיליאָנען דאָלאַרס? ס׳איז מעגליך, אַז פון אַלע דריי. מען קאָן אויך שיכור ווערן פון דער פּערזענליכ־קייט ראָבינסאָן, ווייל אַ מענטש, וואָס קען און רעדט פליסיג אויף ניין שפּראַכן — לעבן אַזאַ מענטשן איז לייכט שיכור צו ווערן...

געבראַכט האָט מיך אַהין דער באַוואוסטער אידישער בינע און פילם־אַקטיאָר סעם דזשאַפע, ווען איך קען גוט פון ניו יאָרק. איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל מיט אים באַקענט אויף אַ „פּאַרטי״ אין ניו יאָרק, וואו עס זיינען אַנוועזענד געווען באַרימטע בראָדוויייער אַקטיאָרן, פילם־סטאַרס, מוזיקער, שרייבער, זינגער — צווישן אַנדערע דימס סיילאָר, דזשאָן גאַרפילד און דר. פרענק קינגדאָן. זינט דעמאָלט טרעפן מיר זיך, דזשאַפע און איך, גאַנץ אָפט. ער איז אַ וואוילער בחור ביז גאָר. ער האָט ליב אַריינצוּוואַרפן אידישע ווערטלעך, און האָט ניט מורא צו זאָגן, אַז די גויים האָבן אונז ניט ליב. כ׳גלויב, אַז דזשאַפע ווייס וואָס ער רעדט. ער איז לאַנג גענוג אויף דער בינע און האָט געשפּילט מיט פאַרשיידענע אַקטיאָרן סיי אויף בראָדוויי און סיי אין די פילמס אין האָליוואוד.

דזשאַפע איז אַ גאַנצער בן־בית ביי ראָבינסאָן׳ען אין שטוב. ער שטייט דאָרט איין, עסט און טרינקט און פילט זיך ווי ביי זיך אין דער היים. ראָבינסאָן האָט אים ליב, און ווען נאָר ער קומט צופאָרן קיין האָליוואוד, איז דאָרט זיין סטאַנציע. די דינערשאַפט פון הויז קען אים זעהר גוט און ער איז מיט איטלעכן אויסגעבונדן. ער ווייס וואו אַ טיר עפנט זיך, און אַז מען דאַרף עפּעס געפינען, ווייס ער וואו דאָס ליגט. די היימישקייט זיינע רעדט אַרונטער פון אים, און ער שטעקט אייך אָן. עס נעמט ניט לאַנג צו מאַכן אים פאַר אייער פריינט.

עס איז געווען נאָכמיטאָג. ראָבינסאָן איז נאָר־וואָס געהאַט געקומען צוריק פון דער סטודיאָ, וואו ער האָט שווער געאַרבעט ביים אַרויספאַרטיגן

אַ ניי בילד. איז דזשאָפּע געווען דער, וואָס האָט אונז (מיך, חנה׳לען און רוטי׳ן) אַרומגעפירט איבער׳ן גאַנצן פּאַלאַץ און האָט אונז דערנאָך אויך מכבד געווען מיט אַ גוט ביסל ווייַן און געשמאַקע צובייסעכץ — ווי ער וואָלט געווען דער באַלעבאָס פון שטוב. ביים טרינקען האָט ער ניט פאַר־געסן צו זאָגן „לחיים״, און אָנשטאָט דעם געוויינליכן „דרינק האַרטי״ האָט ער געזאָגט „טרינקט געזונט״ — אויפ׳ן עכטן אידישן שטייגער. אָט דאָס איז סעם דזשאָפּע. ער איז דורך און דורך אידישלעך — אויף בראָדוויי, אין האָליוואוד — ער איז אומעטום און שטענדיג דערזעלביגער, דער געבוירענער גוטער ברודער...

ראָבינסאָן האָט גרויס הנאה דערפון. עס געפעלן אים דזשאָפּע׳ס געגעלאַך, זיינע חכמה׳לאַך און זיינע אידישע ווערטלאַך. וואָרים טיף אין האַרצן ביי זיך איז ראָבינסאָן פונקט אַזאַ וואַרימער איד ווי דזשאָפּע. עס קאָן זיין, אַז ער ווייס אפשר ניט דערפון, אָבער זיינע אויגן, זיין פּנים, זיינע קנייטשן זאָגן עדות. עס זינגט אַרויס פון אים דאָס אידישע געפיל, כאָטש ער איז שוין אַזוי לאַנג אַוועק פון אידישן לעבן, פון אידישער טראַדיציע, פון אידישע מנהגים. דאָס טעאַטער־לעבן האָט אים אינגאַנצן פאַרשלונגען. די בינע און דער לייוונט זיינען געוואָרן זיין רעליגיע, זיין גאָט...

פונדעסטוועגן ווען זיין זון מעני איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט ער געפּראַוועט אַ בר־מצוה. ער איז ניט געגאַנגען מיט אים אין קיין אָרטאָ־דאָקסישער שול, נאָר אין איינעם פון די האָליוואודער טעמפּלען, וואו מען האָט זייביידן אויפגערופן צו דער „תורה״, געגעבן „עליות״, ווי אידן — מעגן זיי זיין אפילו רעפאָרמירטע אידן — פירן זיך. און ראָבינסאָן האָט קיינמאָל ניט פאַרלייקנט זיין אידישן אָפּשטאַם. אין אַלע באַשרייבונגען וועגן אים, וועלכע האָבן צו טאָן מיט ביאָגראַפישע דעטאַלן, ווערט דאָרט אָנגעגעבן, אַז ער איז אַ איד, געבוירן געוואָרן אין בוקאַרעסט, רומעניע, איז געקומען קיין אַמעריקע ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד און זיין אידישער נאָמען איז גאָלדבערג. ער באַהאַלט זיך ניט מיט דעם, און ניט בלויז האָליוואוד, נאָר די גאַנצע וועלט ווייס דערפון. בכלל וועט איר געפינען זייער ווינציק אידישע פילם־סטאַרס אין האָליוואוד, וואָס פאַרלייקענען זייער אידישקייט, זייער אידישן אָפּשטאַם. דאָס וואָס זיי נעמען אָן אַנדערע נעמען, האָט גאָרנישט צו טאָן. אויך ניט־אידישע סטאַרס נעמען אָן אַנדערע נעמען צוליב אַזאַ אָדער אַן אַנדער אורזאַך.

כ׳האָב אין אָנהויב געזאָגט, אַז איך ווייס ניט פון וואָס איך בין שנעלער שיכור געוואָרן בעת מיין וויזיט ביי ראָבינסאָנ׳ען. ווען איר קומט נאָר אַריין אין שטוב, פילט איר ניט די דורכשניטליכע באַנאַלע רייכקייט, וועמעס צעיורענקייט איר דערשמעקט תיכף, נאָר איר טאַפּט גלייך אָן די געשמאַק־פולע, די זעלטענע קינסטלערישע איינאָרדענונג, וואָס גיסט זיך האַרמאָניש צונויף ווי אַ סימפאָניע. די מאַלערייען אויף די ווענט זיינען אַזוי צוגע־פּאַסט, אַזוי צוגעמאָסטן צום מעבל, אַזוי אין איינקלאַנג מיט די ביכער, מיט די בלומען, מיט די וואַזעס, מיט דער פּיאַנאָ, מיט די טעפּיכער, אַז איר שמעקט אַזש די גאַנצקייט פון דער קאָמפּאָזיציע. איר שפּאַנט פון איין צימער אין דעם אַנדערן אַ באַרוישטער און אייערע אויגן וואַנדערן פאַרגאַפט פון ווינקל צו ווינקל. און ווידער־אַמאָל: עס איז ניט די רייכקייט, וואָס פאַר־בלענדט אייך, נאָר דער וואונדערליכער געשמאַק, דער גוסט, די השגה, וואָס איר טרעפט אַזוי זעלטן — אפילו צווישן קולטורעלע מענטשן. איר פילט די נשמה פון דעם הויז, דעם גייסט וואָס לעבט און אָטעמט דאָרט.

ווייסנדיק מיין אינטערעס אין מוזיק, האָט סעם דזשאָפּע פאַר מיר אויפ־געהויבן דעם אויבערשטן דעק פון דער פּיאַנאָ, וואו עס איז אויף דער צווייטער זייט אונטערגעשריבן אַ רייע נעמען — די גרעסטע גייסטער פון דער מוזיקאַלישער וועלט: יאַשאַ חפץ, מישאַ עלמאַן, אַרטור רובינשטיין, אַרטוראָ טאָסקאַניני, לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי, דזשאָזעף שיגעטי, ראַכמאַ־נינאָוו, פּראָקאָפיעוו, גאָדאָווסקי, דזשאָזעף האָפמאַן, כאָזע איטורבי — און ווער ניט? אָט די אַלע מענטשן זיינען אין פאַרשיידענע צייטן געווען ראָבינסאָנ׳ס געסט און האָבן דאָרטן געשפּילט, געגעסן און געטרונקען און פאַרבראַכט צו „פּאַרטיס״. די דאָזיקע פּיאַנאָ וועט אַמאָל שטיין אין אַ מוזייאום און וועט האָבן אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט — אַזויפיל חתימות פון באַרימטע פּערזענליכקייטן מיטאַמאָל אויף אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט איז אַ זעלטנקייט צו געפינען! איך האָב אַן עצה פאַר ראָבינסאָן: אויב ער וועט האַלטן ביים אָוועקגעבן די פּיאַנאָ אין אַ מוזייאום, זאָל ער ניט פאַרגעסן אין ארץ־ישראל! דאָס וואָלט געווען די שענסטע מתנה אויף אָוועקצוגעבן דעם ישוב, וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב מוזיק!

ערגעץ־וואו האָב איך אויך דאָרט באַמערקט שטיין אַ פּאָרטרעט פון פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט רוזוועלט׳ן, אונטערגעשריבן: „צו עדוואַרד דזשי. ראָבינסאָן״.

נאָכ׳ן שפּאַציר איבער אַלע צימערן פון ראַבינסאָנ׳ס געשמאַקפולן פּאַלאַץ, האָט דזשאָפע אונז אַריינגעפירט אין דעם ספּעציעלן שטיבל, וואו עס געפינען זיך די קונסט־גאַלערייע — אַ קאָלעקציע בילדער, וואָס ווערט געשאַצט אין די הויכע מיליאָנען! די דאָזיקע קונסט־גאַלערייע איז אָפן פאַר באַזוכער. איר דאַרפט נאָר אָנקלינגען און זאָגן ווען איר קומט. דאָס איז ראַבינסאָנ׳ס גרעסטע הנאה. קיין זאַך שטעלט אים ניט אַזוי פיל צופרידן ווי אַז איר זאָגט אים, אַז די בילדער געפעלן אייך — גלייך ווי זיין גאַנץ לייב און לעבן וואָלט אָפּגעהאַנגען אָן דעם.

דאַרף איך אייך דען דערציילן ווי פיין די קונסט־גאַלערייע איז איינגע־אָרדנט? דאָס איז דאָך קלאָר. דער שענסטער מוזיי קאָן ניט זיין שענער! און ווער הענגט דאָרט ניט אויף די ווענט? שאַגאַל׳ס „איד מיט דער תורה״. מאַקס באַנד׳ס „אַלטער איד״, רעמבראַנד, ריוועראַ, פּיסאַרא, רענואַר, גאָגען — און ווער פון די אַנדערע גרויסע מאָלער איז דאָרט ניט פאַרטראָטן? עס ווילט זיך אייך פּשוט ניט אַוועקגיין פון דאָרט! ווי שטילע מוזיק גיסן זיך צונויף די פאַרשיידענע מאָטיוון און זינגען פאַרביק אַרונטער פון זייערע רעמלאַך — גלייך צו אייך אין האַרצן. עס ווערט אייך גאָר פּלוצלינג וואויל אויף דער נשמה, און איר פאַרגעסט אין אַלע פּלאָגן, וואָס קומען פאָר אויף דער וועלט. אַ טיפער גלויבן נעמט אייך אַרום, אַז סוף־כל־סוף וועט די קונסט ווערן די הערשערין איבער דער וועלט. ווי לאַנג דאָס וועט נאָך געדויערן, ווייס איך ניט — אָבער עס וועט מוזן זיין אַזוי. די וועלט ועט זיך מוזן באַפרייען פון איר פינסטערער הערשאַפט...

און בעת איך האָב אַזוי געקוקט אויף די בילדער, איז מיר פּלוצלונג אַרויפגעקומען אויפ׳ן געדאַנק די קשיא: ווי איז עס מעגליך, אַז אַ מענטש ווי ראַבינסאָן, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן זינט ער איז פאַרבונדן מיט האָליוואָוד, געשפּילט מערסטנס געגנסטער־ראָלן — ווי קומט צו אים אַזאַ חשק גראָד צו מאָלעריי? דאָס וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז ראַבינסאָן קען און רעדט פליסיג אויף ניין שפּראַכן, דאָס איז נאָך אַלץ ווינציק. איך האָב שוין באַגעגנט אין מיין לעבן העכסט־געלערנטע מענטשן און זייער געשמאַק זאָל אַריינגיין אין אַ הונט... עפּעס מוז זיין אין דעם. כ׳האָב גענומען אויספאָרשן און האָב אויסגעפונען: ערשטנס, מאָלט ראַבינסאָן אַליין אויך; צווייטנס, איז זיין פרוי אויך אַ מאָלערין, און דריטנס — געשמאַק איז איין זאַך און פּרנסה ווידער איז אַ צווייטע זאַך...

אין האָליוואוד, ווי אין גאַנץ אַמעריקע, איז עס קיין נייעס ניט. פּרנסה קומט דאָ צוערשט — מיט׳ן געשמאַק קאָן יעדער טאָן ביי זיך אין דער היים וואָס ער וויל.

אַז ראָבינסאָן איז אַן אַקטיאָר, וועלכער קאָן שפּילן אַ חוץ גענגסטער־ראָלען אויך אַנדערע ראָלען, האָט ער באַוויזן אין נייעם בילד פון אַרטור מילער, „אָל מאַי סאַנס״ (אַלע מיינע זין), וואָס מען ווייזט איצט איבער גאַנץ אַמעריקע. עס איז איינס פון יענע בילדער, וועלכע קומען אַזוי זעלטן אַרויס פון האָליוואוד, וואו די העלדן האַנדלען אויף אַ נאַטירליכן שטייגער און איז לאָגיש אויסגעהאַלטן ביז׳ן סוף. דער דיאַלאָג, די געשפּרעכן, די געשעעענישן, די קאָנפליקטן זיינען דאָ העכסט נאַטירליך. ראָבינסאָן שפּילט אויסגע־צייכנט דעם געטרייען מאַן און פאָטער, וואָס איז גרייט צוליב דער ווייב און קינדער מקריב צו זיין סיי זיך, סיי אַנדערע.

דער וויזיט ביי ראָבינסאָן האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט פאַרנאַכט. יעדעס מאָל וואָס מיר — חנה׳לע און איך — האָבן זיך געגרייט אַוועק־צוגיין, האָט סעם דזשאַפּע אָנגעהויבן צו דערציילן אַן אַנדער מעשה, און אַז דזשאַפּע דערציילט עפּעס, מוז מען זיך צוהערן — ווייל זיינע מעשה׳ס פאַר־מאָגן אַלע מאָל הומאָר — און ווער וויל עס ניט היינטיגע צייטן אַביסעלע לאַכן? . . .

„דער טאָג״, מאַי 23, 1948, נ. י.

# די גרויסע אבידה פון אידישן טעאַטער

דער טויט פון מאָריס שוואַרץ האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן חלל אין דער אידישער טעאַטער־וועלט בכלל און אין דער אַמעריקאַנער אידישער טעאַטער־וועלט בפרט. מער פון אַלעמען ווייסן עס די אידישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע — און נאָך מער די, וואָס שטייען דאָ אין דער שפּיץ פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן. נאָך אַזאַ קאָלירנדיקן פּראָזשעקטאָר אַרויסצושטעלן, וואָס זאָל פון אַלע זייטן אַרום באַלויכטן די אידישע בינע, האָט ניט די אידישע טעאַטער־פּראָפעסיע אין אַמעריקע — און אפשר אין דער גאַנצער וועלט.

מאָריס שוואַרץ האָט נישט געהאַט קיין שונאים, אָבער ער האָט געהאַט

זייער אַ סך ניט פּאַרגינערס. דראַמאַטורגן האָבן אים נישט געקענט מוחל זײַן, וואָס ער שרײַבט אַליין פּיעסעס, אַרבעט זיי איבער אָדער דראַמאַטיזירט אַליין ראָמאַנען. קאָמפּאָזיטאָרס האָבן אים נישט געקענט מוחל זײַן, וואָס ער איז געווען אַ געבאָרענער מנגן און האָט אַליין מיט דער הילף פון אַ נאָטן־פאַרצייכענער געקענט פאַרפאַסן אַ ניגון. רעזשיסאָרן האָבן אים נישט געקענט מוחל זײַן, וואָס אָן גראַדואירטע אַקאַדעמיעס, דראַמאַטישע שולן און אָן דיפּלאָמען האָט ער געקענט אויסרעזשיסירן די שענסטע און קאָליר־רײַכסטע ספּעקטאַקלען, דראַמעס און קאָמעדיעס. אַקטיאָרן האָבן אים נישט געקענט מוחל זײַן, וואָס ער האָט געקענט זײַן גוט, גרויס, אויסגעצייכנט און אפילו געניאַל אין פאַרשיידענע ראָלן. און שרײַבערס האָבן אים נישט געקענט מוחל זײַן, וואָס ער האָט געשריבן אַרטיקלען וועגן טעאַטער און זײַנע רייזעס איבער דער וועלט וכדומה.

קורץ: מען האָט שוואַרצן נישט פאַרגונען זײַן אַלזײַטיקייט.

בײַ די אומות־העולם האָב איך נאָך ביז איצט נישט געלייענט, אַז מען זאָל האָבן טענות צום ענגלענדער נאָועל קאָורד, הלמאי ער איז אַן אַקטיאָר, אַ דירעקטאָר, אַ רעזשיסאָר, אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ דראַמאַטורג און אַ ליריציסט. איך האָב נאָך ביז איצט אויך נישט געלייענט, אַז מען זאָל האָבן טענות צו אַ צווייטן ענגלענדער, פּיטער יוסטינאָוו, הלמאי ער איז אַן אַקטיאָר, אַ דראַמאַטורג, אַ רעזשיסאָר און אַ דערציילער. אויך האָב איך ביז איצט נישט געלייענט, אַז מען זאָל האָבן טענות צו טשאַרלי טשאַפּלינען, הלמאי ער שרײַבט אַליין סצענאַריעס, מוזיק, איז אַליין דער כאָרעאָגראַפער, רעזשיסירט אַליין און איז אַליין אויך דער פּראָדוצירער („ליימלייט״). בײַ אונדז אָבער האָט מען כסדר געריסן שטיקער פון מאָריס שוואַרצן — און ווער? מענטשן, וועלכע האָבן נישט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס טעאַטער איז און ווי אַזוי מען שטעלט אַ פוס אויף אַ בינע...

מײַן באַקאַנטשאַפט מיט מאָריס שוואַרצן האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1929, ווען איך האָב אָנגעפאַנגען צו שרײַבן מײַנע ערשטע טעאַטער־אַרטיקלען. פון דעמאָלט אָן האָט אונזער פרײַנדשאַפט אָנגעהאַלטן דורך די אַלע יאָרן און מיר האָבן זיך דערנאָך באַגעגנט אין פאַרשיידענע לענדער: אָט אין אַמעריקע און אָט אין ארץ־ישראל; אָט אין אַרגענטינע און אָט אין מעקסיקע; אָט אין בראַזיל און אָט אין אורוגוויי; אָט אין פּאַריז און אָט אין האָליוואוד.

קיינער האָט זיך מיט מאָריס שוואַרצן נישט געקענט פאַרמעסטן אין דינאַמישקייט און גרויסער טעאַטער־פּאַליבטקייט. ער האָט געשלונגען טעאַטער מיט ברויט; ער האָט כסדר גערעדט און געחלומט פון טעאַטער, ווי אַ פאַרליבטער, ווי איינער, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן זיין קאַריערע. איך דערמאָן זיך אַ געוויסן אָוונט ביי שוואַרצן אין הויז (דאָס איז געווען נאָך זיין באמת ערשטער וויכטיקער און אימפּאָזאַנטער ראָלע אינעם פּרעכטיקן האָליוואודער פילם „די שקלאַפן פון בבל״), וואָס איז צוליב דעם אַראַבישן דרוק נישט געוויזן געוואָרן אין די גרויסע קינאָס פון ניו יאָרק, נאָר אין זייטיקע טעאַטערס פון ברוקלין און איבערן לאַנד און אויך אין אויסלאַנד. קומענדיק צוריק פונעם ספּעציעלן קליינעם טעאַטערל אויף בראָדוויי, וואו מען האָט געוויזן דעם דערמאָנטן פילם פאַר דעם גאַנצן פּערסאָנאַל אַקטיאָרן, פילם־קריטיקערס און געלאַדענע געסט, בין איך מיט מיין חנה׳לען דערנאָך פאַרבעטן געוואָרן צו שוואַרצן אַהיים, וואו ער איז געזעסן ביז האַלבער נאַכט און געהאַלטן אין איין ריידן סיי פונעם פילם און סיי וועגן טעאַטער בכלל. ער האָט געשפּילט די דריטע וויכטיקע סטאַר־ראָלע אינעם פילם, אָבער גערעדט האָט ער ווי ער וואָלט געווען די צענטראַלע פיגור פונעם פילם, און איך בין זיכער, אַז דאָס איז געווען נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געווען שיכור מיט טעאַטער. מיר האָבן פאַרלאָזן מאָריס שוואַרצס הויז נאָך האַלבער נאַכט, אָבער אויף מאָרגן זיבן אַזייגער אין דערפרי האָט שוין געקלונגען דער טעלעפאָן: מאָריס שוואַרץ געהאַט עפּעס צוצוגעבן צו אונזער נעכטיקן שמועס און דער „עפּעס״ האָט גענומען איבער אַ שעה צייט.

מאָריס שוואַרץ האָט געהאַט אַ מערקווירדיקן זכרון; ער האָט געדענקט די קלענסטע דעטאַלן, ניואַנסן, קנייטשן, מאַניפעסטאַציעס, סיי אין שמועסן מיט אים און סיי אויף דער בינע, אַרום דער בינע אין זיין שפּילן, רעזשיסירן. דער קאָפּ האָט ביי אים תמיד געאַרבעט; ער האָט שטענדיק עפּעס פּלאַנירט און געבויט שלעסער...

מאָריס שוואַרצס בינע־קרעאַציעס, ווי זיין געניאַלע געשטאַלט פון „טביה דער מילכיקער״, וועלן בלייבן אייביקע מאָנומענטן אין דער אידישער טעאַטער־געשיכטע. ביז אים האָט די אידישע טעאַטער־בינע, באַזונדערס אין אַמעריקע, נישט געזען אַזעלכע אויסגעהאַמערטע טעאַטער־פיגורן, לעבעדיקע טעאַטער־געשטאַלטן, אויסגעפורעמטע סקולפּטאַרישע פּנימער און אַזאַ האַרמאָניע פון טאָן און וואָרט, זשעסט און מאַניער, מוזיקאַלישקייט

און דראַמאַטישקייט. ער איז געווען גרויס אפילו אין זיינע בלאָנדזשענישן, ווייל אומעטום האָט זיך געפילט פּאַרמעסט, דער ווילן צו דערגרייכן עפּעס, אָנשלאָגן צו געוויסע הייכן, צו שאַפן אַ צאַפּלדיקע סביבה, וואָס זאָל שמעקן מיט עכטער טעאַטער־קולטור און טעאַטער־מאַניפעסטאַציע.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין דער פּאָרזיצער פונעם באַנקעט, וואָס די אידישע אַקטיאָרן־יוניאָן האָט איינגעאָרדנט לכבוד מאָריס שוואַרצן פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין ישראל. גאָט אין הימל! מיט וויפל התלהבות דער מענטש האָט עס גערעדט וועגן זיין פאָרן קיין ישראל! מיט וואָס פאַר אַ יוגנטלעכקייט, גלויבן און האָפענונג, גלייך ווי ער וואָלט געפאָרן ערשט מאַכן זיך דאָרט אַ קאַריערע!

נאָכן אויסהערן דעם ישראל־קאָנסיל פון ניו־יאָרק, דוד ריוולין, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע, אַז איך זאָל נישט פאַרגעסן מודיע צו זיין דעם עולם, אַז ער האָט קיין ישראל אַוועקגעשיקט דעם גרעסטן טייל פון זיינע אָנגעזאַמלטע טעאַטער־רעקוויזיטן אין ווערט פון שווערע טויזנטער דאָלער, ווי אויך סקולפּטורן פון אַ גאַנצער ריי באַרימטע אידישע דראַמאַטורגן, וועלכע האָבן אַמאָל באַצירט דעם אידישן קונסט־טעאַטער אויף דער צוועלפטער גאַס און סעקאָנד עוועניו, וואָס איז ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרן פאַר אים, און נאָך אַנדערע טעאַטער־חפצים.

אייביק וועלן אין מיינע אויערן קלינגען מאָריס שוואַרצס האַרציקע געזעגענונגס־ווערטער, וואָס זיינען געווען באַגלייט מיט טרערן אין זיינע אויגן: „איך פאָר צום ערשטן מאָל, — האָט ער געזאָגט, — אין אַ לאַנד, אין וועלכן די מלוכה איז פאַראינטערעסירט אין מיין קומען!"

„איך גיב אייך די פאָן פונעם אידישן טעאַטער!" האָב איך געזאָגט צום יום־טוב'דיקן עולם פאַרשטעלנדיק שוואַרצן. און איצט — געווען אַ פאָן און נישטאָ מער. נישטאָ מער מאָריס שוואַרץ!

„פרייע אַרבעטער שטימע", יוני 15, 1960, נ. י.

# וידבר — משה שטאַרקמאַן

א יידער איך הויב אָן, ווי׳ל איך דאָ באַמערקן, אַז משה שטאַרקמאַן איז נישט מיין אידעאַלער אידישער שרייבער און אויך ניט מיין אידעאַלער אידישער מענטש. אָבער ער איז באין אופן נישט צווישן די ערגסטע פונם היגן געזינטל אידישע שרייבער און זשורנאַליסטן.

ווי גייט דאָס פאָלקס־ווערטל: „די קליינע קייען, וואָס די גרויסע שפּייען״...

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז די אינגערע און אויפגייענדיקע אידישע שרייבער און זשורנאַליסטן דאָ, זאָלן פון די עלטערע און באַרימטערע אידישע שרייבער און זשורנאַליסטן איבערנעמען ניט בלויז זייער אופן שרייבן, זייער קוק און אויפפאַסונג פון זאַכן, נאָר אויך זייער ציניזם, כאַפּ־לאַפּ־געשעפטן, קליינלעכקייט, ביליקייט, שמאַל־קעפּקייט און די גרייטקייט צו פאַרקויפן זייער פען פאַר אַלץ און אַלעמען.

אויך די פאַרמירונג דאָ פון „ליטעראַרישע קליקעס״, פון טרייבן נאַרישע, אָפט אויך סאַדיסטישע „ליטעראַרישע פּאָליטיק״, פון פאַרכאַפּן אַלע אויבנאַנען, פון קרוינען זיך אַליין אַלס „גדולים״, פון רויכערן „וויי־רויך״ אַרום איינער דעם צווייטן, צי דו האָסט טאַלאַנט אָדער נישט, אַבי נאָר דו געהערסט צו מיין קלייזל, האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף די געמיטער און גייסטער פון די היגע אינגערע אידישע שרייבער און זשורנאַ־ליסטן, וועלכע די מייסטע פון זיי האָבן אָנגעהויבן געטריי נאָכצוגיין אין די פוסטריט פון זייערע עלטערע און באַרימטערע קאָלעגן...

און איצט צום וידבר — משה שטאַרקמאַן.

אַז משה שטאַרקמאַן איז אַ לאַנג־יאַריקער מיטאַרבעטער פון „טאָג״ און איז אַ לענגערע צייט געווען דער נייס־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, דאָס ווייסן די צענדליקער טויזנטער לייענער פון „טאָג״ און אויך לייענער פון אַנדערע אידישע צייטונגען. ער איז אויך עטלעכע מאָל אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין און איך געדענק נישט די צייט ווען ער איז נישט געווען קיין מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין? אַחוץ דעם איז ער אַ נאָענטער מיט־אַרבעטער פון די „איוואָ״־בלעטער און „איוואָ״־אויסגאַבן און איינער פון די

רעדאַקטאָרן פונם יאָר־בוך, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין ענגליש, אידיש און העברעאיש. ער ווערט פאַררעכנט אַלס אַ פאָרשער און ביבליאָגראַף, און ער שרייבט אויך פון צייט צו צייט ליטעראַרישע קריטיק.

און אָט האָט אָט דער משה שטאַרקמאַן גאָר פלוצלונג, אַרונטער־גענומען די האַנט פונם האַרצן און האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן כמעט דאָקומענטאַלן אַרטיקל, אונטערן קאַפּ: „אַן אָפענער בריוו צום קומענדיקן היסטאָריקער" („פרייע אַרבעטער שטימע", פרייטיק, דעם 19טן דעצעמבער, 1952), וואָס וועט זיינע אויגן „ווענדן צו אונזער אידישער פרעסע פון היינט, כדי אויסצוגעפינען ווי אַזוי אַמעריקאַנער אידן פון איצט האָבן געלעבט, וואָס זיי האָבן געטראַכט און צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט".

צווישן די אַנדערע זאַכן, וואָס משה שטאַרקמאַן דעקט אויף, וואָרנט און זאָגט אַן דעם קומענדיקן אידישן היסטאָריקער — זיינען:

א) „אונזער דור איז דאָך דער דור, וואָס איז אין משך פון אַ בערך קורצער צייט געווען דער עדות פון צוויי גרויסע געשעענישן אין אונזער געשיכטע, — דער עדות פונם אומקום פון זעקס מיליאָן אידן, און דער עדות פונם אויפקום פון מדינת ישראל. ס'איז מיין חוב צו וואָרענען אייך, ערשטנס, אַז איר זאָלט ניט אָנעמען פאַר בוכשטעבלעך קאָרעקט אַלץ, וואָס איר געפינט אין אונזער פרעסע, צווייטנס, אַז די אידישע פרעסע האָט ניט געשילדערט אפילו פינף פּראָצענט פון דעם, וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאָר דאָס אידישע לעבן דאָ אין לאַנד. אויב איר טרעפט יאָ אין דער אידישער פרעסע פון אונזערע טעג עפּעס אַזוינס, וואָס איז אינטערעסאַנט, אינטרי־גירנדיק און באַלערנדיק, איז דאָס ניט, חס־וחלילה, די „שולד" פון די מענטשן וואָס פירן־אָן מיט דער פרעסע, נאָר ס'איז אַ רעזולטאַט פון דער אייגענער איניציאַטיוו מצד טייל הויך־ראַנגיקע שרייבער אין דער פרעס".

ב) „די מאַטעריעלע שפע, וואָס האָט יאָרן נאָכאַנאַנד געשטראָמט פון זיך אַליין צו די אידישע צייטונגען, האָט פאַרטונקלט די וויזיע און אָפּגע־שטעמפּלט די איניציאַטיוו ביי די לייט, וועלכע פאַרוואַלטן מיט דער געשעפטלעכער זייט פון אונזער פרעסע. אַחוץ דעם האָבן אין די פאַר־וואַלטנדיקע אָפּטיילונג פון אונזערע צייטונגען זיך אויך באַזעצט מענטשן פון לאַ־יוצלח־טיפּ, — מענטשן, וואָס וואָלטן געקענט ברענגען צו גרונט גרעסערע און שטאַרקערע אונטערנעמונגען. אָט וועט איר זיך דערוויסן, אַז אין אונזערע טעג האָט די אידישע פרעסע פאַרלאָרן לייענער. קענט איר דאָך

מסתמא מיינען, אַז די ירידה אין דער לייענערשאַפט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס עלטערע אידישע לייענער זיינען געשטאָרבן און קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען; — הויבט זיך גאָרנישט אָן. אמת, אַמעריקאַנער צייטונגען בכלל, די צייטונגען אויף ענגליש, האָבן פאַרלאָרן לייענער דורך דער שטאַרקער אַנטוויקלונג פון דער אינפאָרמאַציע־באַדינונג מצד ראַדיאָ און טעלעוויזיע; אָבער די אידישע פּרעסע האָט געקענט אָנהאַלטן איר לייענער־צאָל, ווייל אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר־צענדליק זיינען אַריינגעקומען קיין אַמעריקע געווּג יונגע און מיטל־יאָריקע אידיש־רעדערס צו דעקן די פאַר־לוסטן דורך שטאַרביקייט. די צרה באַשטייט אין דעם, וואָס די אידישע צייטונגען פאַרלירן לעבעדיקע לייענער. דער רוב אידיש־באַנוצער איז קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעט. נו, קומט איצט פאָר צווישן די גרויס־שטאָטישע אידן אַן אויסוואַנדערונג פון די מעטראָפּאָליעס צו די אַרומיקע רעזידענץ־שטעטלעך, וואו עס זיינען ניט פאַראַן קיין צייטונגס־קיאָסקן ביי וועלכע צו קויפן בלעטער. אַז מ׳קען ניט קויפן קיין צייטונג, ווערט מען אָפּגעוואוינט פון איר. דאָס פאַרשטייען, למשל, אַזעלכע פּרעסע אונטער־נעמונגען ווי די ניו־יאָרקער גרויסע צייטונגען „טאַימס״ און „העראַלד טריביון״. אין יעדן נומער דערמאָנען זיי די לייענער, אַז זיי, די רעדאַקציעס, פאַרזאָרגן דעם צושטעל פון די צייטונגען צו די פּריוואַטע היימען. אָבער די אומפּעאיקע „מאַכערס״ אין דער אידישער פּרעסע האָבן עד־היום ניט געמאַכט דעם דאָזיקן נאַטירלעכן פּרוואו, אפילו די מינדסטע אָנשטרענגונג פון אַזאַ פּרוואו, צוריק צו פאַרבינדן דעם לייענער מיט זיין צייטונג.

ג) „די געשעפטס־מענטשן״, מ׳שטיינס געזאָגט, אין דער אידישער פּרעסע, רוקן תמיד אַרויס די טענה, אַז יעדע אידישע צייטונג איז „באַלאַדן״ מיט צופיל שרייבער. דער אמת איז, אַז עס פעלן ממש „הענט״ אין די אידישע רעדאַקציעס. אפילו אין יענע זייער זעלטענע פאַלן, ווען אין אַ אידישער רעדאַקציע איז פאַראַן אַ טענדענץ עפּעס מחדש צו זיין אויפן געביט פון אָריגינעלע נייעס און רעפּאָרטאַזש, זיינען נישטאָ קיין רעפּאָר־טער דאָס צו באַזאָרגן, כאָטש פון די רייען פון די גראַדואירטע פון די אידישע מיטל־שולן קען מען קריגן גענוג אַזעלכע יונגע זשורנאַליסטן. אָבער, אַז מ׳האָט ניט די פעאיקייט און דעם ווילן מאַטעריעל צו באַרייכערן די פּרעסע, איז אפילו יעדער מינימאַלער סכום מיטאַרבעטער אַ „באַלאַסט״, וואָס לייגט זיך שווער אויף די געשעפטלעכע לאָ־יוצלחס.

ד) „ס'איז אַ ליגן, אַז די אידישע פּרעסע גייט אונטער. דער אמת איז, אַז די אידישע פּרעסע ווערט דערמאַרדעט" (מיין קורסיוו — מ. י.).

ה) „אויב איר געפינט יאָ אין די אידישע טאָג־בלעטער אידישע לאָקאַלע נייעס, האָט מען דאָס, אין דער גרעסטער מאָס, צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס די גרויסע אידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס האָבן אייגענע פּרעסע־אַגענטן, וועלכע שטעלן־צו אינפאָרמאַציע וועגן די באַטרעפנדיקע קערפּערשאַפטן. אמת, די צוגעשטעלטע אינפאָרמאַציע איז געשריבן סוביעקטיוו, באַפּאַרבט (אַלץ הייסט „באַפאַרבט"! — מ. י.), אָבער ס'איז בעסער סוביעקטיווע אינפאָרמאַציע (לייען: לויב־געזאַנג! — מ. י.) איידער אינגאַנצן קיין אינפאָרמאַציע ניט.

ו) „פון דעם ריין־אידישן מאַטעריאַל, וואָס ווערט געדרוקט אין אונזערע צייטונגען, קען זיך שאַפן דער איינדרוק, אַז מחוץ ניו־יאָרק און איר סביבה וואוינען ניט קיין אידן אין אַמעריקע, אָדער אויב ס'וואוינען יאָ אידן אין אַנדערע טיילן לאַנד, געשעט גאָרנישט צווישן זיי. אַמאָל אין אַ שמיטה און צוויי מאָל אין אַ יובל געפינט דער ניו־יאָרקער איד אין זיין צייטונג אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָס־אַנדזשעלעס צי פון סאַן פראַנציסקאָ, פון שיקאַגאָ אָדער פון דעטראָיט, — צו דערמאָנען, לדוגמה, בלויז עטלעכע פון אַ סך גרויסע שטעט מיט היפשע אידישע געמיינדעס. די גרויסע אידישע צייטונגען האָבן ניט באַוויזן צו דערגרייכן דאָס, וואָס עס האָבן באַוויזן מיט זיבעציק־אַכציק יאָר צוריק דער „קול מבשר" און דאָס „אידישע פאָלקס בלאַט", די „הצפירה", דער „המליץ" און „המגיד", — דהיינו: צו דער־מוטיקן די לייענער אויף די ערטער אַריינצושיקן קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דעם לעבן און געשעענישן אין זייערע קהילות.

ז) „ווען אַלע וועלדער זאָלן זיין פּענעס און אַלע טייכן זאָלן פאַר־וואַנדלט ווערן אין טינט, וואָלט דאָס אַלץ ניט גענוג געווען צו שילדערן פאַר אייך די חולאתן (מיין קורסיוו — מ. י.) פון וועלכע עס ליידט די אידישע פּרעסע, — „די געשיכטע פונם היינט", — מחמת ניט־פּאַסיקע מענטשן אין אַנפירערישע פּאָזיציעס".

עס קומט באמת אַ דאַנק משה שטאַרקמאַן'ען, כאָטש פאַר אָט די אמתן! אָבער — וואָס איז מיט די אַנדערע אמתן ?! פאַרוואָס וואַרפן די גאַנצע שולד בלויז אויף די „לאַ־יוצלחס אין די פאַרוואַלטנדיקע אָפּטיילונגען פון אונזערע צייטונגען"; וואָס איז מיט די „לאַ־יוצלחס" אין די רעדאַקציע

אָפּטיילונגען פון אונזערע צייטונגען, מיין טייערער משה שטאַרקמאַן ?! פאַרוואָס האָט איר זיי אינגאַנצן אויסגעלאָזט פון אייער כמעט דאָקו־מענטאַלן אַרטיקל ? פאַר ווענען האָט איר מורא ? און אויב יאָ, איז ביז וואַנען דער שיעור מורא צו האָבן ? פאַרוואָס דערציילט איר דעם קומענ־דיקן היסטאָריקער בלויז, אַז „עס איז אַ ליגן, אַז די אידישע פרעסע גייט אונטער. דער אמת איז, אַז די אידישע פרעסע ווערט דערמאָרדעט", און איר דערציילט אים ניט, אַז אינם מאָרד פון דער היגער אידישער פרעסע האָבן גאָר אַ גרויסן חלק די אידישע שרייבער און זשורנאַליסטן — די „לאַ־יוצלחס" אין די רעדאַקציעס ?!

פאַרוואָס דערציילט איר ניט דעם קומענדיקן היסטאָריקער, אַז עס זיינען ביי אונז יאָרנלאַנג געווען אידישע רעדאַקטאָרן און שרייבער דאָ, וועלכע האָבן געקוקט אויף דער אידישער שפּראַך, ווי אויף זשאַרגאָן; וועלכע האָבן באַקעמפט די אידישע שולן; וועלכע האָבן גע'חוזקט פון אידישן רעליגיעזן לעבן; וועלכע האָבן אויסגעלאַכט אידישע ימים־טובים; וועלכע האָבן געפּרעדיקט אַמעריקאַנישקייט מיט אַ שלעכטן, פאַרדאַרבנ־דיקן צוגאַנג; וועלכע האָבן געבראַקט אַנגליציזמען, צי דאָס איז נויטיק געווען אָדער נישט, אין זייערע לייט־אַרטיקלען און אַנדערע שרייבעכצן; וועלכע האָבן אַרונטערגעקוקט אויף דער אידישער ליטעראַטור און האָבן זיך געבוקט אין דרייען, געפאַלן „כורעים" — פאַר דער רוסישער ליטעראַטור, פאַר דער ענגלישער ליטעראַטור, און, פאַר יעדן שמענדריק, וואָס האָט געריידט רוסיש אָדער ענגליש, אַבי נאָר ניט קיין אידיש ?!

און פאַרוואָס באַהאַלט איר אויך פונם קומענדיקן היסטאָריקער, אַז די סאַמע אָנגעזעענסטע אידישע פובליציסטן, דיכטער און זשורנאַליסטן פון היינט, זיינע פרעסע־אַגענטן און פובליסיטי־פויקערס ביי פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, פאַרטייען און מצה־פירמעס און מ'טאָר דעריבער זייערע שרייבעכצן נישט געטרויען ?! פאַרוואָס דערמאָנט איר נישט זייערע נעמען, כדי דער קומענדיקער היסטאָריקער זאָל זיין פאַר־זיכטיק און וויסן מיט וועמען ער האָט צו טאָן ?!

וואָס איז דער שכל פון רעדן פאַרשטעלט, וועלכע נוצן קען עס ברענגען ? יצחק באַשעוויס טוט דאָס זעלביקע אין „פאָרווערטס": ער רעדט כסדר פון זינד און עוולות און האָט מורא אויסצוזאָגן, ווער עס זיינען די דאָזיקע שרייבער, וואָס באַגייען די עוולות ?! עס איז פונקט דאָס זעלביקע,

ווי צו שטעלן יענעם אַ פּייג הינטערן פאַרטוך. עס מיינט גאָרנישט מיט גאָרנישט. און קיין העלדישקייט, לויטן אַמעריקאַנער באַגריף, איז עס אַוודאי ניט. דער אַמעריקאַנער זאָגט: „איף יו העוו סאַמטינג טו סעי — סעי איט!״ (אויב דו האָסט עפּעס צו זאָגן — זאָג עס!) קום אַרויס מיט לשון!

דער קומענדיקער היסטאָריקער מוז און דאַרף און זאָל וויסן, אַז ער וועט לייענען אין דער אידישער פּרעסע פון היינט, אַרטיקלען (לייען: לויב־געזאַנגען!), לאָמיר זאָגן, וועגן דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, פון יעקב גלאַטשטיין, זאָל ער וויסן זיין, אַז דער דאָזיקער „באַרימטער דיכטער״ און ספּעץ אויף ליטעראַרישער גימנאַסטיק, איז געזעסן אויף קעסט ביים אידישן וועלט קאָנגרעס!

צי אַז דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט לייענען אין דער אידישער פּרעסע פון היינט, אַרטיקלען (לייען: לויב־געזאַנגען!), לאָמיר זאָגן, וועגן דעם פּוילישן פאַרבאַנד, וועגן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס וועגן דעם ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צי וועגן קרן־קימת, פון ראַבאַי דר. ש. מאַרגאָשעס, זאָל ער וויסן זיין, אַז דער דאָזיקער „באַרימטער פּובליציסט״, איז געווען אַ קעסט־קינד ביי די דאָזיקע דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס!

אָדער ווען דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט לייענען אין דער אידישער פּרעסע פון היינט, אַרטיקלען (לייען: לויב־געזאַנגען!), לאָמיר זאָגן, וועגן געווערקשאַפטן־קאַמפּעין, הסתדרות, פּועלי־ציון, פאַרבאַנד, פון אפרים אויערבאַך, זאָל ער וויסן זיין, אַז דער דאָזיקער „באַרימטער דיכטער״ האָט ניט דערלייגט זיין „באָבעס־ירושה״ צו די דערמאָנטע קערפּערשאַפטן! צי אַז דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט לייענען אין דער אידישער פּרעסע פון היינט, „אַרטיקלען״ פון איינעם אַ שרייבערוק אַ. אַלפּערן, זאָל ער וויסן זיין, אַז דער דאָזיקער קליינער אידעלע מיטן גרויסן מיילכעלע, האָט געסלוזשעט אַלס פּובליסיטי־פּויקער אין אַ האַלבן טוצן אָרגאַניזאַציעס אויף אַמאָל! צי אַז דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט לייענען אין דער אידישער פּרעסע פון היינט, באַגייסטערטע אַרטיקלען, לאָמיר זאָגן, וועגן „גרויסע אויפטואונגען״ פון דער אַסימילאַטאָרישער „וועלפעיר־באָארד״, פון משה שטאַרקמאַן צי מ. חזקוני, זאָל ער וויסן זיין, אַז דער דאָזיקער „פאָרשער״ און „ביבליאָגראַף״, איז געווען אַ פּרעס־אַגענט ביי דער דערמאָנטער „יאַהודישער״ אָרגאַניזאַציע!

יאָ, איך וואָלט דאָ געקענט אויסרעכענען אַ גאַנץ היפּשן צעטל מיט

נעמען פון „באַרימטע" און „באַקאַנטע", און נאָך אַ פּיל גרעסערן צעטל מיט נעמען פון ווייניקער „באַרימטע" און „באַקאַנטע", אידישע שרייבער, דיכטער, פּובליציסטן און זשורנאַליסטן, רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן פאַר־קויפט זייערע פעדערס צו פאַרשידענערליי אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, פאַרטייען, מצה־פירמעס און אַנדערע געשעפט־פירמעס, אָבער אַ שאָד דאָס פלאַץ.

ווען איך האָב אָנגעהויבן אַלס שרייבער אין מיין ערשטן אַרויספּאָר אין לעבן צו פאַרדינען אַן אייגן שטיקל ברויט, זיבן יאָר פריער איידער איך בין געוואָרן אַ קאָנצערט־ און ראַדיאָ־זינגער, דערנאָך שפּעטער אויך אַ ימים־נוראים, פּסח־ און שבועות־חזן, האָב איך אַוודאי נישט גע'חלומט, אַז איך וועל זען דעם היגן שרייבערטום אין אַזאַ אויסגעטאָנענעם נאַקעטן צושטאַנד, ווי איך זע אים איצט אַזוי בולט אין 1953 !..

ווי אַזוי האָב איך דעמאָלט געזאָלט וויסן, אַז אין 1952 וועט קומען דווקא זייערער אַ מענטש און וועט שרייבן ווי ס'איז שוין פריער דאָ איינמאָל ציטירט געוואָרן: „ווען אַלע וועלדער זאָלן זיין פּענעס און אַלע טייכן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין טינט, וואָלט דאָס אַלץ ניט גענוג געווען צו שילדערן פאַר אייך די חולאתן (מיין קורסיוו — מ. י.) פון וועלכע עס ליידט די אידישע פּרעסע, — „די געשיכטע פונם היינט", — מחמת ניט־פּאַסיקע מענטשן אין אָנפירערישע פּאָזיציעס". — ווער האָט עס דעמאָלט געזאָלט וויסן ?!

ווי שוין געזאָגט, עס קומט באמת אַ דאַנק משה שטאַרקמאַנען, כאָטש פאַר אָט די אמתן וואָס ער האָט אין זיין כמעט דאָקומענטאַלן אַרטיקל אויפגעדעקט פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער ! קיין „קניפּ אין בעקל" פאַר די דאָזיקע אויפגעדעקטע אמתן, וועט ער פּאָזיטיוו נישט קריגן פון זיינע קאָלעגן — פּונקט ווי איך וועל נישט קריגן קיין „קניפּ אין בעקל" פאַר מיין היינטיקן אַרטיקל. אָבער דאָס אַרט מיך זייער ווינציק...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", יאַנואַר 10, 1953, נ. י.

# 30־יאָריגער יובילײ פון אַרבעטער רינג כאָר

## געווידמעט חנה׳לען, וואָס האָט אירע ערשטע זינגערישע־טריט געשטעלט אין אַרבעטער רינג כאָר

געזאַנג איז אַ פּאָפּולערע קונסט ביי אַלע פעלקער — און ביי אונז אידן בפרט. עס ברענגט אַריין יום־טוב׳דיגקייט אין דעם מענטשנ׳ס לעבן, אין דעם מענטשנ׳ס געפילן און זיין גייסט ווערט דורך דעם דער־הויבן. די מענטשליכע נשמה ווערט דורך געזאַנג, און מוזיק בכלל, דער־וואַרעמט און דערהויבט זיך צו אַ מדרגה פון הויכן עקסטאַז, וואָס מאַכט דאָס האַרץ ווייכער און שאַפט אַ ברידערליכע באַציאונג פון מענטש צו מענטש.

פאַר דעם אידישן וואָרט, פאַר׳ן אידישן ליד, און הויפּטזעכליך פאַר דעם אידישן קלאַנג, פאַר דער אידישער מוזיק, זיינען די אידישע פאָלקס־כאָרן, וועלכע זיינען דאָ געגרינדעט געוואָרן פון פאַרשיידענע אידישע אָרגאַני־זאַציעס, אַ לעבעדיקער קוואַל פון באַגייסטערונג און אינספּיראַציע. ווען נישט די כאָרן, וואָלטן גאָר אַ סך פון די מוזיקאַלישע שאַפונגען אין אַמעריקע קיינמאָל ניט געבוירן געוואָרן. די כאָרן זיינען געווען דער סטימול, די טרייב־קראַפט, וואָס האָט געשטויסן דער אידישער מוזיק צו גיין פאָראויס. אַ דאַנק זיי, האָבן אידישע מוזיקער דאָ געשאַפן וויכטיקע מוזיקאַלישע ווערק פון גרויסן באַדייט.

ביז היינט איז נאָך פון קיינעם ניט באַרירט געוואָרן און ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן דער גרויסער בייטראַג צו דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן. פון די איינפאַכסטע, האַרציקסטע, אינטימע, נשמה׳דיקע פאָלקס־געזאַנגען, ביז צו די פאָרנעמיקע, גאַנץ וואָגיקע, פּרעכטיקע אידישע קאַנטאַטעס און גרויסע אָראַטאָריעס. די אידישע מוזיק־ליטעראַטור איז דאָ אויסגעוואַקסן סיי אין איכות און סיי אין כמות. ס׳איז דאָ מיט וואָס זיך איבערצונעמען און מ׳קען מיט שטאָלץ אָנ־ווייזן אויף די וויכטיקע ביז איצטיקע דערגרייכונגען.

אין דער געשיכטע פון אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמעריקע, וועט דער אַרבעטער רינג כאָר, וועלכער פייערט זיין דרייסיק־יאָריקן יובילײ מיט אַ גרויסן רייכן קאָנצערט אין טאַון־האָל, דעם 29טן אַפּריל, פאַרנעמען אַ

גרויסן פלאַץ. עס איז ניט נויטיק דאָ איבערצו׳חזר׳ן, אַז דער אַרבעטער־רינג כאָר ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די פיינסטע אידישע כאָרן דאָ אין לאַנד. זיין דרייסיק־יאָריקע עקזיסטענץ רעדט פאַר זיך אַליין. אין לויף פון אָט דער צייט, האָט ער געגעבן צענדליקער קאָנצערטן אין טאַון־האָל, און אין קאַרנעגי האָל, און האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע רעפּוטאַציע, סיי מיט זיין קינסטלערישן געזאַנג און סיי מיט דעם רייכן רעפּערטואַר אין וועלכער ער איז אויפגעטראָטן.

דרייסיק יאָר אידיש־געזאַנג, דרייסיק יאָר אידישע קולטור.

וויפיל מי, נשמה־איבערגעגעבנקייט, ליבע און מסירת־נפש, גייסט און טאַלאַנט, סיי מצד די זינגער און סיי מצד די פאַרשיידענע דיריגענטן, איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין משך פון אָט די יאָרן!

מ׳דאַרף זיין באַקאַנט מיט די ספּעציעלע אומשטענדן פון אַ כאָר, די אַלע פאַזען וואָס אַ כאָר מאַכט דורך, די לעבנס־דערפאַרונגען, די פאַרשידענע קריזיסן וואָס אַ כאָר גייט־דורך, כדי צו קענען פאַרשטיין און באַגרייפן דעם פולן ווערט און באַדייט, וואָס עס מיינט פאַר אַ כאָר צו קענען פייערן זיין דרייסיק־יאָריקן יובילײ!

מיר ווייסן, אַז די מיטגלידערשאַפט פון אַרבעטער רינג כאָר, ווי פון די מערסטע אַנדערע אידישע פאָלקס־כאָרן, באַשטייט ניט פון קיין פּראָפעס־יאָנעלע זינגער, נאָר פון פּשוט׳ע, האַרציקע אידישע פאָלקס־מענטשן, אין מערסטן פאַל, האַרעפּאַשנע מענטשן, שאַפּ־אַרבעטער, וואָס גיבן אַוועק זייער פרייע צייט, זייערע פרייע שעה׳ן, זייער אָפּרו פאַר דער קונסט פון געזאַנג, נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן עס שטאַרק ליב; ווייל זיי געפינען אין מוזיק אַ גוואַלדיקע באַפרידיקונג און סאַטיספאַקציע. זינגענדיק, לעבן זיי זיך אויס און זייערע נשמות ווערן דורך דעם באַווירקט פון העכערע מענטשליכע געפילן, פון העכערע מענטשליכע פאַרלאַנגען און שטרע־בונגען.

און ניט סתם זינגען, נאָר די זינגער פון אַרבעטער רינג כאָר האָבן זיך פאַרמאָסטן צו געבן דעם אידישן מענטשן, דעם אידישן אַרבעטער, געזאַנג פון אַ הויכער קוואַליטעט, וואָס זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען פאַר לייטן! דער אָנהויב איז געווען אַ שווערער. עס איז ניט געגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין. פאַרשיידענע שטרויכלונגען זיינען אים געשטאַנען אין וועג. ניט אַלעמאָל זיינען די מיינונגען פון די מיטגלידער געווען גלייכע. פאַרשיידענע

טעמפּעראַמענטן זיינען געקומען צום אויסדרוק. אָבער איין גרויסער געפיל האָט אַלעמען באַהערשט — די ליבע צו געזאַנג. דאָס איז געווען דער צעמענט, וואָס האָט דעם כאָר געהאַלטן צוזאַמען. דאָס איז געווען דער כח, וואָס האָט בייגעקומען אַלע שטורמישע וואַסערן. די פאַרשידענע מאָמענטן און קריזיסן וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צוליב אַזאַ אָדער אַן אַנדער אורזאַך, זיינען אויסגעגלעט געוואָרן און דער כאָר איז כסדר געגאַנגען פאָראויס. אָבער עס האָט גענומען צייט ביז דער כאָר האָט געפונען דעם ריכטיגן וועג און — דעם ריכטיגן דיריגענט.

יאָ, אַ דיריגענט פאַר אַ כאָר מיינט גאָר אַ סך. דער דערפאָלג פון יעדן כאָר איז זייער פיל אָפּהענגיק אָן דעם דיריגענט. אונטער דעם דיריגענט׳ס פירערשאַפט קען אַ כאָר שטייגן און פאַלן. דער דיריגענט איז דער קאַפּיטאַן, וואָס דאַרף וויסן געננוי ווי אַזוי צו קערעווען זיין שיף.

אונטער דער לייטונג פונ׳ם איצטיקן דיריגענט, לאַזאַר וויינער, איז דער אַרבעטער רינג כאָר געוואָרן איינע פון די שענסטע מוזיקאַלישע אינסטי־טוציעס אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. דער כאָר זינגט ביי אים מיט אַזאַ שיינקייט און מוזיקאַלישער פּערפעקטקייט, וואָס מ׳הערט זעלטן אפילו פון די גאָר גוטע פּראָפעסיאָנעלע באַרימטע כאָרן דאָ אין לאַנד. ווי אַ מוסטער, וואָלט איך אייך געוואונטשן אַמאָל צו הערן דעם כאָר זינגען ראַסיני׳ס „רכילות״ פון „באַרבער דע סעוויל״, וואָס איז אַ פּראַכט פון שיינעם כאָר־געזאַנג און פון פיינער קינסטלערישער אויסגעהאַלטנקייט.

אין אונזער אידישן מוזיקאַלישן לעבן פאַרנעמט לאַזאַר וויינער אַ גאַנץ באַזונדער פּלאַץ, סיי אַלס כאָר־דיריגענט און סיי אַלס קאָמפּאָזיטאָר. אין זיין שטרענגער מוזיקאַלישער אָפּגעהיטקייט און מוזיקאַלישער ציל־באַוואוסט־קייט, ליגט דער כח סיי פון זיין דיריגענטשאַפט און סיי פון זיין קאָמפּאָ־זיטאָרשאַפט. דער קלאַנג דאַרף עפּעס אויפטאָן, עפּעס געבן דער נשמה פון דעם צוהערער, וואָס זאָל סטימולירן און אויפוועקן אַ העכערן אינטערעס ביים מענטשן צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אין לעבן. ניט סתם טענער און קלאַנגען זוכט וויינער, נאָר טענער און קלאַנגען, וואָס זאָלן איבערגעבן דאָס, וואָס דער מענטש פילט און טראַכט, חלומ׳ט און שטרעבט, דעם גענויען טייטש פון וואָרט, די נשמה פון דיכטער׳ס ליד, מיט אַלערליי שאַטירונגען און ניואַנסן. אַלס דיריגענט האָט ער ווינציק איינזען מיט די זינגער. ער וועט מוטשען די זינגער שעה׳ן לאַנג ביז ער וועט אַרויסקריגן פון זיי דאָס וואָס

ער וויל. איין און די זעלבע פראַזע קען מען ביי אים איבערזינגען צענד־ליקער מאָל, אָבער די זינגער שטעלט עס ניט אָפּ, ווייל זיי פילן, אַז יעדער גוטער דיריגענט און קינסטלער איז שטרענג אין זיינע פאָדערונגען.

בלויז אויף אַזאַ וועג האָט דער כאָר דערפילט די האָפענונג, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט געלייגט אויף אים. דורך שווערע האַרעוואַניע האָט דער כאָר דערגרייכט אַ פּלאַץ פאַר זיך אין דער מוזיקאַלישער וועלט. אין לויף פון די דריי צענדליג יאָר האָט זיין געזאַנג דערגרייכט צענדליגער טויזנטער צוהערער. גאַנצע דריי צענדליק יאָר האָט דער אַרבעטער רינג כאָר געהאָלפן שמידן די גאָלדענע קלאַנגען פון דעם דור־דורות׳דיקן אידישן וואָרט, אידישן ליד, אידישן טאָן און אידישן ניגון. גאַנצע דריי צענדליק יאָר האָט דער אַרבעטער רינג כאָר געטראָגן די פאָן פון דער אידישער מוזיק, געבראַכט דאָס אידישע ליד צו די אידישע מאַסן אויף די שענסטע קאָנצערט־בינעס פון אַמעריקע. יאָר נאָך יאָר, סעזאָן נאָך סעזאָן, קאָנצערט נאָך קאָנצערט זיינען די זינגער געקומען צו פּראָבעס, געהאָרעוועט, געשוויצט, ניט־דערעסן אין צייט, ניט אויסגערוט, ניט דערשלאָפן. און יאָר נאָך יאָר, סעזאָן נאָך סעזאָן, איז ביי זיי געוואָקסן דער צובונד צום כאָר. די גרויסע ליבע צו דער קונסט פון געזאַנג און צו מוזיק האָט געצויגן די זינגער, ווי אַ מאַגנעט און זיי געהאַלטן צוגעפעסטיקט צום כאָר. די גרויסע איבערגע־געבנקייט און די ליבע צום אידישן וואָרט און קלאַנג, האָט די זינגער פאַר־אייניגט אין איין משפחה און זיי געהאָלטן צוזאַמען. צום דרייסיגסטן יובילײ קומט דער כאָר אַ מוזיקאַליש־געלייטערטער און קולטור־באַוואוסטזיניגער.

דער אַרבעטער רינג פאַרמאָגט איבער צוואַנציק כאָרן איבער׳ן לאַנד. אָבער דער ניו יאָרקער כאָר איז געווען און איז ביז היינט פאַרבליבן דער מוסטער פון אָט די מוזיקאַלישע קערפּערשאַפטן. ער דערמוטיגט און אינס־פּירירט די אַנדערע כאָרן איבער׳ן לאַנד אָנצוגייין מיט זייערע מוזיקאַלישע טעטיגקייטן און צו געבן די אידישע מאַסן כאָר־געזאַנג פון הויכער קוואַליטעט. צום דרייסיגסטן יובילײ קומט דער כאָר אַן אויסגעפּרובירטער, אַ זעלבסט־דיסציפּלינירטער מיט אַ הויך־פאַרדינטן נאָמען. דער כאָר איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד, אַן אַנגעזעענער טייל פון דער אידישער קולטור דאָ אין לאַנד. אין דער האַלטונג פון יעדן איינציקן מיטגליד פון כאָר פילט זיך אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט, אַ געטריישאַפט צו דער קערפּערשאַפט אין וועלכער זיי זיינען אָנגעשלאָסן. די עפנטליכע אַרויסטרעטונגען פון כאָר

און די מוזיקאַלישע אַטמאָספּערע האָט אויף יעדן זינגער אַרויפגעלייגט אַ געוויסע חשיבות פון זעלבסט־דערהויבנקייט און פון העכערן באַגער.

מיר לעבן איצט אין אַ צייט, ווען יעדער איינער דאַרף צוטראָגן זיין חלק אין דעם שווערן קאַמף פאַר אַ בעסערער, ליכטיקער וועלט. דורך די דריי צענדליק יאָר, וואָס דער אַרבעטער רינג כאָר עקזיסטירט, האָט ער זיין אייגענעם צושטייער צוגעטראָגן צו אָט דעם שווערן קאַמף דורך באַרייכערן די אידישע מוזיק־קולטור דאָ אין לאַנד. אין משך פון זיין דרייסיק־יאָריקער עקזיסטענץ, האָט דער כאָר אַריינגעטראָגן אַן שיער באַגייסטערונג ביי די פאַרשיידענע צוזאַמענפאָרן און יום טובים, וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט געפּראַוועט, און האָט צוגעגעבן גאַר אַ סך חשיבות דער אָרגאַניזאַציע.

עס דאַרפן דאָ ביי אָט דער יובילײ־געלעגנהייט דערמאָנט ווערן די פאַרשידענע דיריגענטן, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט'ן אַרבעטער־רינג כאָר אין לויף פון זיין עקזיסטענץ: מיכל געלבאַרט, קרעמער, פּיראָזשניקאָוו, מאיר פּאָזנער. דער לעצטער האָט דעם כאָר אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכער מדרגה. דורך די עלף יאָר, וואָס פּאָזנער איז געווען דער דיריגענט, האָט ער דעם כאָר געגעבן אַ מוזיקאַלישן פּנים. לאַזאַר וויינער האָט דערנאָך דעם כאָר איבערגענומען און פאַראויסגעפירט צו אַלץ גרעסערע מוזיקאַלישע דערגרייכונגען.

אין דעם איצטיגן מאָמענט איז שווער צו פייערן יובילייאומס. אָבער ניט מיט טרערן, ניט מיט וויינען, ניט מיט קלאָגן קענען מיר ווייטער פאָרזעצן אונזער לעבן, נאָר מיט בויען, מיט שאַפן נייע קולטור־ווערטן, מיט זינגען אונזער ליד פון באַפרייאונג, פון באַנייאונג, פון אויסלייזונג און דער־הויבונג — מיט געזאַנג צו גאולה!

„דער טאָג", אַפּריל 27, 1945, נ.י.

# „ליטעראַרישע איינשטעלונגען"

גוואַלד, ווילט זיך שרייען, וואָס טוט מען מיט די „ליטעראַרישע איינ־שטעלונגען" ? וואו אַנטלויפט מען פון זיי ?

און וואָס עפּעס נאָר מיט „ליטעראַרישע איינשטעלונגען" ? וואָס איז מיט די מוזיקאַלישע, מאָלערישע, טעאַטעראַלישע און פון אַנדערע קונסט־געביטן „איינשטעלונגען" ? ווייניק צרות, וינציק שאָדן טוען זיי אָן די פאַרשיידענע קונסטן ?

הערט אַ מעשה ! באשר יאַנקל, אָדער זרח בן־פלעקל, שרייבט אַזוי און אַזוי לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען, עסייען, קריטיק, און איך ווייס וואָס נאָך, דעריבער דאַרפסטו, ראובן, אויך אַזוי שרייבן. אַי, אפשר געפעלט ניט ראובנען, ווי אַזוי יאַנקל, אָדער זרח בן־פלעקל שרייבט, אָדער עס געפעלט אים גראָד יאָ, נאָר ער, ראובן, וויל ניט זיין קיין נאָכמאַכער, קיין אימיטאַ־טאָר, ער וויל דורכאויס זאָגן זיין אייגן וואָרט אויף זיין אייגענעם אופן, גוט אָדער שלעכט — ניין, דו מוזסט טאַנצן מיט אַלעמען גלייך. ווער פסקנט עס אַזוי ? וואָס הייסט ווער ? רעדאַקטאָרן, קריטיקער ! אַי, די קריטיקער . . .

שטעלט אייך פאָר, ווי אָרעם עס וואָלט געווען די מוזיק־ליטעראַטור אָן טשייקאָווסקיס באַרימטער פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ ?!

און דאָך, און פאָרט, ווען טשייקאָווסקי האָט זיין פריש־אָנגעשריבענע פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ צום ערשטן מאָל געבראַכט צו ניקאָלאַי רובינשטיין, דער דירעקטאָר פון דער מאָסקווער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע, האָט ער זיך שטאַרק אויף אים צעבייזערט, גענומען טופּען מיט די פיס און האָט געהייסן טשייקאָווסקין, אַז ער זאָל שוין צערייסן די קאָמפּאָזיציע, וואָרן, האָט ער געשריען, די נאָטן זיינען ניט ווערט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זיינען געשריבן געוואָרן !

נו, ווער געדענקט אַצינד ניקאָלאַי רובינשטיין, אַחוץ מוזיקער ? קיינער ניט . . .

דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט מיט טשייקאָווסקיס באַרימטער פידל־קאָנטשערטאָ. ווען די פידל־קאָנטשערטאָ איז צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן אין ווין, אין דער שטאָט פון מוזיק, האָט אַ דאָרטיקער „חכם", אַ

מוזיק־קריטיקער, געשריבן אַז עס שמעקט פון דער קאָנטשערטאָ מיט שטאַל און פערדן־אַפּפאַל . . .

נו, ווער געדענקט איצטער אָט דעם „גרויסן מבין״, דעם דאָזיקן מוזיק־קריטיקער פון ווין ? אַפילו נישט קיין מוזיקער — און פון דעם אַלגעמיינעם עולם איז שוין אָפּגערעדט . . .

שאַ ! וואָס דאַרפט איר מער ?

מיט וויפל אָרעמער, אַ שטייגער, וואָלט אַצינד געווען אונזער אידישע ליטעראַטור אָן א. לוצקין ? קענט איר זיך פאָרשטעלן דעם דאָזיקן גרויסן בלויז ?

דאָך, האָט ש. ניגער וועגן אים געשריבן, אַז זיינע לידער זיינען ניט ווערט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זיינען געדרוקט !

און וועגן יעקב גלאַטשטיינס אַ ליד, האָט דער זעלביקער ש. ניגער געשריבן, אַז ער, גלאַטשטיין, וואָלט מיטן ליד געדאַרפט זיך ווענדן צום „בינטל בריוו״ אין „פאָרווערטס״ !

און ש. ניגער, טאָרט איר ניט פאַרגעסן, איז דאָך געווען אונזער באַרימטסטער ליטעראַטור־קריטיקער !

איז דאָס אַלץ אָנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט; גיי פאַרלאָז זיך אויפן געשמאַק און אויף דער מבינות פון רעדאַקטאָרן, קריטיקער און — „איינשטעלונגען״ . . .

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״ (דאַטע — אומבאַקאַנט)

## ש. ניגער ע״ה

ש. ניגערס קריטיקן און עסייען וועגן ביאַליקן, אַשן און בערגעלסאָנען, זיינען שטיקער ביאַליק, שטיקער אַש און שטיקער בערגעלסאָן . . . ש. ניגער האָט געקענט די קונסט פון ליטעראַטור־קריטיק, ער האָט אָבער אויך געקענט די קונסט פון בוכהאַלטעריע — וועגן וועמען יאָ און ניט צו שרייבן . . . אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז מער פאַר שרייבער, ווי פאַר לייענער . . . ש. ניגער האָט געקענט זיין דער שליח־ציבור פון אַ גרויסער עדה אידישע שרייבער אין

אַמעריקע, ער האָט אָבער אויסגעקליבן צו זיין דער בעל־תפילה פון אַ האַלבן מנין — ווייל אַזוי האָבן געפאָדערט סיי די אייגענע אינטערעסן און סיי די אינטערעסן פון די, וועלכע האָבן אַרום אים אַרומגעסטאַמפּעוועט... וויפל שרייבער און קריטיקער האָט ניגער געהאָלפן דערציען און אַרויספירן?... דער פאַראויסלויפער, אַנטדעקער, נאָוואַטאָר און צעפּויקער פונם יונגן ה. לייוויקן איז ניט געווען ש. ניגער, נאָר ב. ריווקין... אַ מענטש מיט אָפענע אויגן און מיט אַ קאָפּ אויף די אַקסלען האָט מיט אַ סך פון ניגערס ליטער־אַרישע און פּובליציסטישע מיינונגען, געדאַנקען און אַרויסזאָגונגען נישט בלויז ניט מסכים געווען, נאָר זיי האָבן אַרויסגערופן אַ ביטערן פּאַר־דראָס... ש. ניגערס באַיאָונג פונם אַמעריקאַנעם אידישן לעבן, למשל, וואָס ער האָט אָנגערופן „מנהג אַמעריקע"; אָדער זיין נאָכגעביקייט צו אַריבער־געלויף פון אידיש אויף ענגליש, וועלן בלייבן פלעקן אין דער קרוין פון זיין אַזויפיל באַטראַכטער און קילער פּובליציסטיק... ש. ניגער האָט געקענט געבאָרן ווערן און אויסוואַקסן נאָר אין אַ ריין אידישע סביבה, אָבער ניט אין אַ אַטמאָספערע פאַר וועלכער ער האָט זיך די לעצטע יאָרן שטאַרק איינגע־שטעלט...

אַ שאָד, אַ שאָד!... ש. ניגער וועט אויספעלן ניט בלויז זיינע פריינט, נאָר אויך זיינע שונאים, וועלכע האָבן פאַרלאָרן אַ וויכטיקן ציל־ברעט...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" (דאַטע — אומבאַקאַנט), נ. י.

# דער סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן

**געווידמעט ניינאַן**

פּאַריז, 1937. ס'איז פריילעך, ס'איז לעבעדיק אויף די פּאַריזער גאַסן און בולוואַרן. דער „טויער פון טריאומף", דער לוקסעמבורגער גאָרטן, די פּרעכטיקעביימער פון דעם גאָרטן, דער בולוואַר מאָנפּאַרנאַס, בולוואַר סאַן מישעל, דער באַרימטער „נאָרט־דאַם", מאָנמאַרט; די באַרימטע שאַנזעליזעי, דער טייך סען, וואָס איז אַרומגעשטעלט פון ביידע זייטן מיט געשמאַקע קאַשטאַן־ביימער, די צענדליקער קאַפּעס, צווישן זיי די קאַפּעס „דאָם" און „ראָטאָנד", באַרס, די אָפּערע, טעאַטערס, טאַנץ־

זאַלן, קינאָס; דאָס אידישע „פּלעצל" מיט די גרויסע לאָבן ברויט, געפּלאָכטענע קוילעטשן — עס זידט און עס קאָכט, אַן אמת׳ער ווענזעוויוס! קיינער טראַכט ניט, קיינער זאָרגט ניט וועגן דעם מאָנסטער אין בערלין, וועגן היטלער׳ן און זיינע שטורעם־טרופּערס, וועלכע שאַרפן די מעסערס אויף חרוב צו מאַכן די וועלט. מען איז פאַרטאָן אין „עולם הזה", און שוין.

איך האָב געזאָגט „קיינער טראַכט ניט, קיינער זאָרגט ניט", אָבער דאָס וואָלט געווען ניט אינגאַנצן ריכטיק. געוויסע טיילן אין פראַנקרייך, און אויך אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט, און איבערהויפּט די אידישע וועלט, טראַכט שוין יאָ און איז שוין גאָר באַזאָרגט וועגן די פינצטערע כמאַרעס וואָס רוקן זיך פון דייטשלאַנד. אידן פילן מער די אַנקומענדיקע שרעק, ווייל וואו נאָר עס באַווייזט זיך אַ המן, אַ טאָרקוועמאַדאַ, אַ כמעלניצקי, אַ פּעטליוראַ, איז דאָס ערשטע „כפּרה־הינדל" דער איד...

איז אָט גיי איך אַרום מיט מיין בינטל יונגע יאָרן איבער די גאַסן און בולוואַרן פון פּאַריז, די לעבעדיקסטע שטאָט אין דער וועלט, וואָס ווייסט ווי צו לעבן, ווי צו הנאה האָבן; ווי צו געניסן פון דער חייה־שעה, באַזוך איין קאַפע, אַ צווייטע, אַ דריטע; איין טעאַטער, אַ צווייטן; איין קאָנצערט, אַ צווייטן; איין אָפּערע, אַ צווייטע; איין מוזעאום, אַ צווייטן; און פון דעם לואוור איז דאָך אָפּגערעדט, ווייל זיין אין פּאַריז און ניט באַזוכן דעם לואוור וואָלט געווען אַ פאַרברעכן! ווער מיטגעריסן, באַגייסטערט, פאַר׳שיכור׳ט פונ׳ם פראַנצויזישן עספּרי, פון דער פראַנצויזישער שפּילעווודיקייט, זאָרג־לאָזיקייט, פריילעכקייט, צוגעלאָזנקייט און גוט־מוטיקייט.

איך ווייס, אַז עס דאַרף באַלד אין פּאַריז פאָרקומען אַ גרויסער אידישער צוזאַמענפאָר פון אידישע שרייבער, אינטעלעקטואַלן, קינסטלער, מוזיקער, מאָלער, סקולפּטאָרן, פון אַלע טיילן פון דער וועלט, און אַז אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר וועט געגרינדעט ווערן אַן אַל־וועלטלעכע אידישע קולטור אָרגאַניזאַציע: אַ צוזאַמענפאָר, וואָס וועט זיין ענלעך און אפשר נאָך אַריבערשטייגן די היסטאָרישע קאָנפערענץ וואָס איז אין 1908 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין טשערנאָוויץ, וואו עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן די קאָריפעען פון דער אידישער ליטעראַטור פון גאָר דער וועלט. אָבער איך קאָן, ליידער, זיך ניט דערוואַרטן אויף דער גרויסער פאַרזאַמלונג, ווייל מיין פּלאַן פון אַרומפאָרן איבער אייראָפּע האָט זיך געענדיקט, איך מוז דרינגענדיק, צו אַ באַשטימטער דאַטע זיין צוריק אין אַמעריקע. איך רייס אויף זיך די הויט,

וואָס איך בין געצוואונגען דורכצולאָזן אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט, אָבער איך קאָן זיך ניט העלפן...

* * *

צווישן די איינדרוקן, וואָס איך האָב אַוועקגעפירט פון מיין דריטן באַזוך אין פּאַריז, איז געווען מיין באַקאַנטשאַפט מיט'ן באַרימטן אידישן סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן און מיינע עטלעכע באַזוכן אין זיינע רייכע סטודיאָס מיט קונסט־ווערק. דאָס איז געווען אַ מזל־טוב אויף וועמען ס'האָט גערוט די שכינה און אַ קינסטלער בחסד־עליון! ער האָט מיר פּאַקטיש געעפנט די אויגן צו דער פּלאַסטישער קונסט. ביז אים האָב איך געקוקט אויף אַ סקולפּטור מיט אויגן פון יאָ־און־ניט פאַרשטאַנען, פון איינעם, וואָס קאָן נאָר ענטפערן מיט יאָ־און־ניט געפעלן, ווייטער גאָרניט. אָבער נאָכדעם ווי איך האָב זיך נעענטער באַקענט מיט אַראָנסאָנ'ען און ער האָט מיר אויפגעקלערט דעם „תמצית" פון זיינע קונסט־ווערק, האָב איך אָנגעהויבן בעסער צו פאַרשטיין און באַנעמען, וואָס די פּלאַסטישע קונסט באַטייט, וואָס סקולפּטור מיינט.

ווען ער האָט פאַר מיר אויפגעדעקט דעם יילעך איבער זיין אויסגעהאַמערטן ווייס־מאַרמאָרדיקן בעטהאָווען־ווערק, האָב איך מיטאַמאָל דערזען בעטהאָוונ'ס גאָרע געניאַלקייט, וואָס דער קינסטלער אַראָנסאָן האָט פאַראייביקט אין זיינע הענט, ריכטיקער, אין זיינע צען פינגער. פון בעטהאָווענ'ס צען פינגער האָבן געטריפט און אַרויסגעזונגען זיין גאַרע מוזיק וואָס ער האָט געשאַפן. ניט בלויז האָב איך בעטהאָווענ'ען געזען, נאָר איך האָב אים אויך געהערט אין אַלע זיינע פאַרפאַסטע קאָמפּאָזיציעס: די פינפטע סימפאָניע, די ניינטע סימפאָניע, די פידל־קאָנטשערטאָ אין רע־מאַזשאָר, די „עמפּעראָר" פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ, די זיבעטע סימפאָניע, די לבנה־סאָנאַטע און זיינע אַנדערע פּרעכטיקע סאָנאַטעס, די „עראָאיקאַ", די גאָרע סקאַלע פון זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען — אַ ירושה פאַר דורות.

דערנאָך, ווען דער קינסטלער האָט פאַר מיר אויפגעדעקט זיין מאָנומענטאַלע טאָלסטאָי־פיגור, האָב איך פאַר זיך דערזען דעם גאון לויט זיין פילגעקאַרבטן שטערן און צעפאָכעטער באָרד, אַ גאַנצע ליטעראַטור האָט אַראָפּגערעדט צו מיר. די געשטאַלטן פון „אַננאַ קאַרענינאַ", „דער טויט פון איוואַן איליטש", „קריג און שלום", „תחית־המתים", זיינען פאַר מיינע

אויגן געשטאַנען אין זייער גאָרער צאַפּלדיקייט. איך האָב געזען דעם גאון פון דער רוסישער ליטעראַטור אין זיין גאַנצן פאַרנעם און באַנעם, מיט זיין אַלץ־אַרומנעמענדיקן אויג, האַרץ און נשמה.

און אַט פירט מיך צו דער קינסטלער צו אַ פּרעכטיקער סקולפּטור פון נאָך אַ צווייטן גרויסן רוסישן שרייבער, איוואַן טורגעניעוו, דעם אויסגעצייכנטן מאָלער פון דער רוסישער נאַטור, פון רוסישע פעלדער, רוסישע סטעפּעס, רוסישע וועלדער, וועמענס גאַמע פון פאַרבן און קאָלירן עס האָבן זיך מיר שאַרף איינגעקריצט אין מוח. טורגעניעוו, דער מחבר פון דער פּרעכטיקער קליינער דערציילונג „אַסיאַ״, און פונעם „ווײַנשל־סאָד״, איז ווי אַ לעבעדיקער פאַר מיינע אויגן געשטאַנען. איך האָב געפילט זיין הייסן אָטעם, זיין האַרץ־קלאַפּ, און דעם שטילן זייד פון זיין שיינער אַריסטאָקראַטישער באָרד.

און אַט שטיי איך מיט'ן קינסטלער פאַר דער מעכטיקער פיגור פונם רוסישן טאָרקוועמאַדאַ, דעם גרויסן הולטיי, ראַספּוטין, דורך וועמענס צעבליצטע, פייערדיקע אויגן איר זעט — און פילט — דעם גאָרן אכזר, דעם ווילדן נפש, די צעיושעטע עראָטישקייט, דעם ווייבערניק, וואָס בליצלט אַרויס פון זיינע ברענענדיקע חיה'שע אויגן. איר פילט זיין באַזויפנקייט, וואָס האָט געשטעקט אין אים, זיין וואָלפישן הונגער נאָך פרויען, וואָס האָט ניט געקאָנט געזעטיקט ווערן. אָט דער דאָזיקער אכזר האָט זיין איינפלוס אויף דער צאַרינע אויסגעאיבט מיט אַזאַ כוח און כישוף, פון וועלכן זי האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען.

אויף איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, נאָכ'ן באַטראַכטן דעם הולטייסקן ראַספּוטינ'עז, האָט מיך דער קינסטלער צוגעפירט צו דער ראָמאַנטישער פיגור פונ'ם צאַרטן און איידעלן קאָמפּאָזיטאָר און ווירטואָז פרעדעריק שאָפּען, דעם פאָטער פון דער פיאַנאָ־ליטעראַטור און דעם געליבטן פון דער באַרימטע זשאָרזש סאַנד, מיט וועמענס ליבע עס האָט געקאָכט גאַנץ אייראָפּע. אַלע צאַרטע שטריכן האָט נחום אַראָנסאָן אַריינגעקאָרבט אין זיין פיגור פון שאָפּען, אַלע איידעלע געפילן האָט ער אין אים אַריינגעדלאָטעוועט, און זיין פנים האָט פאַר אייך געשיינט ווי אָט שטייט ער. די מאַזורקעס און נאָקטורן האָבן ממש אַרויסגעזונגען פון זיינע אויגן.

דערנאָך האָט מיך דער קינסטלער געבראַכט צו דער מעכטיקער פיגור, צום ריז פון אַלע ריזן משה רבינו. איר זעט אים מיט גאָט'ס וואָרט אויף זיינע

ליפּן, דעם „איש־האלוקים״, דעם טרעגער פון די לוחות, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקריצט די „צען געבאָט״, אויף וועמען די געטלעכע שכינה ליגט אויסגעגאָסן איבער׳ן גאַנצן פּנים. אַזוי פיל זאַגעוודיקייט, רעדעוו־דיקייט און אויטאָראַטיווקייט האָט אַראַנסאַן אין אים אַריינגעפורעמט, וואָס מ׳קאָן נאָר באַוואונדערן.

און אָט שטייען מיר פאַר דער פיגור פון לואי פּאַסטעיר, דער וואָס האָט „צעשפּאָלטן״ דעם „אַטאָמישן־גיפט״ און האָט באַוויזן געזונט צו מאַכן אַלע מילכיקע שפּייזן וואָס מיר עסן. יעדן טאָג ווען מיר זעצן זיך צום טיש, ווען מיר טרינקען מילך, דערמאָנען מיר זיין נאָמען, ווייסן מיר אַז מיר טרינקען פּאַסטעריזירטע מילך, וואָס איז געזונט און מחיה׳דיק.

און אָט שטיי איך מיט׳ן קינסטלער אַראַנסאַן פאַר׳ן פיינעם ביוסט פון לענינ׳ען, דעם אַרכיטעקט פון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איר זעט אים ממש אַ לעבעדיקן, אַ צעפלאַמטן, וואָס רייסט זיך צו די מאַסן. אַ סך קראַפט האָט דער קינסטלער אין אים אַריינגעהאַמערט, אַ שטאָלענקייט; איר זעט עס פון לענינ׳ס פאַרקנייטשטן שטערן, דורכנעמענדיקע קלוגע אויגן, מיט׳ן גרייטן וואָרט אויף די ליפּן, און טיפער אַנטשלאָסנקייט וואָס ליגט אים אויסגעגאָסן אויף די באַקן פון זיין פּנים.

„וואָרט אַ ווײַלע״, האָט דער קינסטלער מיר געזאָגט, „באַלד וועט איר זען די באַקאַנטע פיגור פון דער וועלט־באַרימטער אָריגינעלע טענצערין, איזאַדאָראַ דאַנקאַן. קוק איך אויף איזאַדאָראַ דאַנקאַן, דער טענצערין מיט אַ אינטערנאַציאָנאַלן נאָמען, און עס ווייזט זיך מיר אויס: אָט נעמט זי און טוט זיך אויס אַ נאַקעטע ביז׳ן לעצטן העמד און לאָזט זיך אַוועק אין פאַר־שיידענע טענץ — אָט אין רימסקי־קאָרסאַקאָוו׳ס פאַנטאַסטישער־אָריענטאַ־לישער „שעהערעזאַדע״; אָט לאָזט זיך אַוועק טאַנצן אין מאָריץ ראַוועל׳ס פאַרשייטן טאַנץ „באָלעראָ״; אָדער אין אַ טאַנץ פון איר אייגענע אויס־טייטשונג פון שעקספּיר׳ס „קלעאָפּאַטראַ״; אָדער אין אַ פאַרצייטישן־ביבלישן טאַנץ פון מרים הנביאה; צי גאָר אין אַ טאַנץ פון דער גריכישער געטין ווענוס, וועלכע לאָזט זיך מיט איר שיינקייט אַוועק פאַנגען מענערשע הערצער. אַזויפיל גראַציע, טאַנץ־מאַניערן האָט דער קינסטלער אַריינגע־שניטן אין די פאַלדן פון דער טענצערין, אַז כאָטש נעם זי אַרום און גיי מיט איר אַוועק אַ טאַנץ איבער דער סטודיאָ.

* * *

אַוועקגעפאָרן בין איך דאָס מאָל פון פּאַריז אַ מער צופרידענער, ווי ווען עס איז פריער. רייך מיט איינדרוקן, אָבער דער העכסטער צווישן זיי איז געווען די באַקאַנטשאַפט מיינע מיט דעם געניאַלן קינסטלער נחום אַראָנסאָן, מיט דעם אויסערגעוויינלעכן באַשיידענעם מענטש, וואָס האָט גערעדט שטיל, מיט אַזעלכע בנעימות׳דיקע טענער, עניוות׳דיק, אָן שום פּאָזע, אָנשטעל אָדער פּאַריסנקייט.

אַפּנים, אַז ס׳איז טאַקע אמת: וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ ווייניקער פּאָזע, ווייניקער אָנשטעל, אַלץ מער מענטש, שכל׳דיקער, קליגער, באַגרייפנדיקער, וועלכער זעט די וועלט דורך אַ פּריזמע פון לויטערקייט, שיינקייט און יושר׳דיקייט. אַזאַ איז נחום אַראָנסאָן געווען ווען איך האָב אים באַגעגנט אין פּאַריז, און אַזאַ איז ער אויך געווען ווען מיר האָבן זיך מיט יאָרן שפּעטער, בעת דער ווילדער היטלער־מגפה באַגעגנט אין ניו־יאָרק, וואו אונזער פרינטשאַפט האָט זיך אויסגעברייטערט און אויסגעשניטן אין אַן ענגערער נאָענטקייט.

געשאַפן צווישן אונז האָט זיך די נאָענטקייט, אַ דאַנק די פריילעכע סעודה׳דיקע פרייטיק־צו־נאַכטסן, כמעט וואָך־איין וואָך־אויס, אין דער אויסערגעוויינלעכער וואַרעמער הויז פון די צוויי ליבע מענטשן, דר. משה און פּעני פּען, אויף דער דריטער גאַס און וויליאַמסבורג, ברוקלין, וואוהין עס פלעגט זיך פאַרקלייבן אַ געזינטל פון אָנגעזעענע אידישע שרייבער, קינסטלער, מוזיקער, מאָלער, זינגער, אַקטיאָרן — צווישן אַנדערע: דער אַקטיאָר פון „הבימה״, בן־אַרי, וועלכער איז געווען אַ גאַנצער בן־בית ביי די פּענס; חיה׳לע גראָבער, נח נאַכבוש, בען באַסענקאָ, אויך אַ בן־בית ביי די פּענס, לעאָ ליאָוו, פּראָפעסאָר יעקב ווײַנבערג, פּראָפעסאָר אַרטור וואָלף, פּראָפעסאָר זאַדרי, ה. לייוויק, א. אַלמי, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי. אויבן־אָן ביים טיש האָט אַרויסגעשיינט דער ליכטיקער געשטאַלט פון נחום אַראָנסאָן מיט׳ן זילבער גרויען־בערדל און וואַרעמע אויגן, און ביי זיין זייט די יונגע פלימעניצע, אָדער קוזינע, וואָס איז אין אמת׳ן געווען זיין ווייב — ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זי איז מער ווי אַ העלפט יאָרן געווען פון אים. צווישן די בן־בית׳ן ביי די פּענס איז אויך געווען חיים קאַטילאַנסקי, בעת ער איז געווען אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך מיט זיי געקענט נאָך פון דער שווייץ, וואו דר. פּען האָט שטודירט מעדיצין.

די פּענס האָבן ניט געהאַט קיין קינדער און די אַלע דערמאָנטע, און נאָך

פיל אַנדערע, האָבן זיי אַדאַפּטירט און געמאַכט פאַר זייערע אייגענע, פאַר זייערע קרובים, אַנדערע פאַר זייערע קינדער — צוויי גאַר ליבע מענטשן, וואָס זייער גליקן איז ניט געווען צו געפינען אין גאַנץ ניו־יאָרק! איבער־הויפּט האָבן זיך די פּענס שטאַרק אָפּגעגעבן מיט די גערעטעוועטע אידישע קינסטלער פון׳ם דייטשן גיהנום, פון די דייטשע לאַפּעס, ווי פּראָפעסאָר אַרטור וואָלף, אַ באַרימטער געזאַנג־לערער פון ווין, און נחום אַראָנסאָן מיט זיין פרוי, וועמען זיי האָבן מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט. די סעודה׳דיקע פּרייטיק־צו־נאַכטסן זיינען געווען העכסט פייערלעכע — אַ געמיש פון ליטעראַטור, מוזיק, מאָלעריי, געזאַנג, טעאַטער און סקולפּטור.

אַט שטעלן זיך אויף די אַקטיאָרן בן־ארי, נח נאַכבוש, בען באַסענקאָ, יעדער פון זיי טראָגט צו זיין חלק צו דער שבת־מלכה׳דיקער פייער־לעכקייט. דערנאָך שטעלט זיך אויף פּראָפעסאָר זאַדרי מיט זיין סטראַדי־וואַריוס און שפּילט אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס צענעמט אַלעמען מיט זיין זאַפטיקן טאָן און פּרעציזער מוזיקאַלישקייט. דערנאָך זעצט זיך אַוועק פּראָפעסאָר יעקב וויינבערג צו דער פּיאַנאָ און גיט אָפּ זיין חלק קאָנצערט. און אַט שטעלט זיך אויף אַ זינגער, וועמען ליאָוו באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ, און ברענגט אַריין זיין חלק יום־טוב׳דיקייט.

און אַט וואַקסן אויס אויפ׳ן טיש די ביכער־לידער פון לייוויק׳ן, אַלמי׳ן, ביאַליסטאָצקי׳ן, יעדער פון זיי לייענט זיינע לידער. ס׳איז דאָ אַן עולם, ס׳זיינען דאָ אויערן — פאַר דראַמע, מוזיק, געזאַנג, פּאָעזיע, פאַר אינטערע־סאַנטע שמועסן, פאַר „דברים העומדים ברומו של עולם״ — אַן אויסנאַם פון אַ אידישער שטוב אין דער גרויסער אידישער ניו־יאָרק!

טאָ ווי קאָן מען עס פאַרגעסן? ווי קאָן מען ניט אויפציטערן ביים דערמאָנען זיך וועגן אָט־די פריידיקע, יום־טוב׳דיקע פּרייטיק־צו־נאַכטסן? ניין, מ׳קאָן עס ניט פאַרגעסן! דאָס האַרץ בענקט, גייט אויס נאָך אַזעלכע אידישע יום־טוב׳דיקע באַגעגענישן, גייסטיקע דערהויבונגען, ליכטיקע מאָמענטן, נאָך אַזעלכע נחת־רוח׳דיקע פּנימער. קאָן ווער ס׳האָט איינמאָל באַגעגנט אַזאַ פּערזענלעכקייט, אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי נחום אַראָנסאָן, פאַרגעסן אַזאַ ליכטיקע געשטאַלט, אַזאַ בנעימות׳דיקע באַנעמונג, אַזאַ איידלקייט, ווי דער דאָזיקער מענטש האָט פאַרמאָגט? קיינמאָל ניט!

איך האָב ערגעץ געזאָגט, אַז ביים אַרומשפּאַצירן מיט׳ן קינסטלער אין זיינע רייכע אַטעליעס מיט קונסט־ווערק אין פּאַריז, האָט אויף זיין פּנים

געשיינט די שכינה — און דאָס איז אַ האָר ניט איבערטריבן געוועזן. די שכינה פון זיין פנים האָט זיך ניט אָפּגעטאָן אפילו נאָכדעם ווי ער איז, נאָך פּופּציק יאָר אָפּלעבן אין פראַנקרייך, אַ לאַנד וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב באַקומען, אַנטלאָפן פון די דייטשע מערדער און האָט זיך געראַטעוועט קיין ניו־יאָרק — איבערלאָזנדיק זיין גאַנצע אַנזאַמלונג פון גרויסע קונסט־ווערק הינטער זיך.

נחום אַראָנסאָן איז שטאַרק באַליבט געוועזן ביים פראַנצויזישן פאָלק, איבערהויפּט אין פּאַריז, מ׳האָט אַרויפגעקוקט צו אים מיט׳ן גרעסטן דרך־ארץ און פאַרערנדיקייט. די פראַנצויזן ווייסן ווי אַזוי אָפּצושאַצן אַ קינסטלער, אפילו ווען דער קינסטלער איז אַן אימיגראַנט, ווי ס׳איז געווען נחום אַראָנסאָן און ווי עס איז מאַרק שאַגאַל, וועמען די פראַנצויזן פאַרגעטערן ממש.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די פאַר׳יתום׳דיקייט פון די דאָזיקע צוויי געניאַלע קינסטלער אין ניו־יאָרק. פונקט אַזוי, געדענק איך, האָט אויך געפילט דער באַרימטער צייכענער אַרטור שיק, ווען ער איז געווען אין ניו־יאָרק. דאָס איז אַ „פרשה״, וועגן וועלכער מ׳וועט אַמאָל דאַרפן שרייבן ברייטער — געבן דעם געמיט־צושטאַנד פון די דאָזיקע פאַרוואָגלטע געניאַלע קינסטלער און נאָך אַנדערע ווי זיי — אַ שטייגער דער גרויסער פּאָעט יוליאַן טובים.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אויפ׳ן גרויסן היסטאָרישן אידישן קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז אין 1937 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז, וואו עס זיינען אַנוועזנד געווען לייוויק, אָפּאַטאָשו, דר. מ. מוקדוני, קלמן מרמד, ז. וויינפּער, בן־אַדיר, פרענק קוירק, משה אָלגין, האָט אויך אַרויסגעשיינט דער ליכטיקער פּנים פון נחום אַראָנסאָן, דער פאָרזיצער פון אָריגינעלן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר׳ן קאָנגרעס, וועלכער איז בלב־ונפש געווען פאַרליבט אין דער אידישער ליטעראַטור, אידישע קולטור — דער איד, מיט אַ וואַרעם אידיש האַרץ...

„מאָרגן פרייהייט״, דעצ. 29, 1977, נ. י.

# האַוואַנאַ און די קובאַנער

## רייזע־מאָטיוון

פון מיאַמי ביז האַוואַנאַ, די הויפּט־שטאָט פון קובאַ, איז ניט מער ווי אַ קאַצן־שפּרונג. עס נעמט מיטן עראָפּלאַן אַריבערצופליען דעם פּאַס ים, וועלכער טיילט אָפּ אַמעריקע פון קובאַ, ניט מער ווי עטלעכע און פערציק מינוט. און דאָך — וואָס פאַר אַ צוויי באַזונדערע וועלטן ? ווי אַנדערש דאָס לעבן איז פון אַמעריקע ?

מיך אינטערעסירט זייער שטאַרק די געשיכטע פון פעלקער. אָבער מער נאָך ווי די געשיכטע, אינטערעסירט מיך דאָס לעבן גופא פון יעדן פאָלק באַזונדער. דער חשק ביי מיר צו קומען כסדר אין באַרירונג מיט נייע מענטשן, נייע לענדער, נייע שטעט, נייע גאַסן, נייע לעבנס־שטייגערס, לאָזט מיך ניט צו לאַנג זיצן אויף איין אָרט. אייניקע לענדער האָב איך שוין באַזוכט מער ווי איין מאָל, אַריינגערעכנט קובאַ — אַ קליינע מדינה מיט גרויסע ליידנשאַפטן . . .

איך בין זיך מודה, איך האָב אַ געוויסע שוואַכקייט ניט נאָר צו די טראָפּישע הימלען, נאָר אויך צו די טראָפּישע לאַנדשאַפטן — און טראָפּישע ליידנשאַפטן, וואו די געמיטער זיינען הייסע, זודיקע און קאָכיקע, וואו מ׳רעדט מיט טעמפּעראַמענט, און די אויגן הערן קיינמאָל ניט אויף צו ברענען, איבערהויפּט ווען זיי דערזעען אַ פרוי ! אין דער הינזיכט, איז דער לאַטיין־אַמעריקאַנער גאָר שטאַרק ענלעך אויף דעם אַראַבער. ווען ער דערזעט אַ פרוי, עסט ער זי אויף מיט די אויגן. נאָך מער איז, ווען ער דערזעט אַ ווייס־הויטיקע פרוי און, אויב נאָך אַ בלאָנדע דערצו, הויבן אָן צו ברענען ביי אים די אויגן, ווי ביי אַ וואָלף. בלאָנדקייט פאַרן לאַטיין־אַמעריקאַנער, ווי פאַרן אַראַבער, איז דאָס זעלביקע, ווי רויט פאַרן אָקס אויף דער קאַמפּס־אַרענע . . .

ווי שוין געזאָגט, קובאַ איז אַ קליינע מדינה, אָבער שטאַרק רייך אין קאָלירן. עס איז אַ העכסט בליענדיקער אינזל. דאָס אויג טונקט זיך ממש אין פאַרבן. די ערד גיט פון זיך אַרויס אַלערליי געוויקסן און פרוכטן און איז רייך אין פּלאַנטאַציעס. ניט אַלע אָבער געניסן דערפון. די באַפעלקערונג איז, ווי אומעטום, צעטיילט אויף רייכע און אָרעמע. אָבער פון דער נאַטור־

שיינקייט געניסן אַלע גלייך. די זון שטראַלט און לויכט פאַר יעדן. און יעדערער ווער עס וויל קען קוקן אויף די הויכע פּאַלמעס, וועלכע זעען אויס, ווי שלאַנקע באַלערינעס. און אַלע קענען באַוואונדערן די גרויסע שטערן, וואָס גלאַנצן אַזוי זילבערדיק בייַנאַכט אינם טראָפּישן הימל. און יעדער איינער קען טרינקען פון דער ווייכער, פאַרשיכורנדיקער לופט.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מ׳רעדט פון קובאַ, מיינט מען — האַוואַנאַ! ווארעם דאָס איז קובאַ! פון דער קובאַנער פּראָווינץ, איז נישטאָ פון וואָס צופיל באַגייסטערט צו ווערן. האַוואַנאַ איז דאָס האַרץ מיט דער נשמה פון דער גאַנצער מדינה! פון דאַנען ציען זיך אַלע פעדים איבערן לאַנד. דאָ זיצט די רעגירונג, וואָס פירט אָן מיטן פּאָליטישן ווי מיטן עקאָנאָמישן לעבן פון דער מדינה. דאָ וואַרפט מען אַרונטער — און דאָס ווערט געטאָן זייער גרינג און אויך זייער אָפט, ווי אין די מערסטע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער — אַלטע רעגירונגען און מ׳זעצט אַרויף נייע. אויף די גאַסן פון האַוואַנאַ שפּיגלען זיך אָפּ אַלע ליידנשאַפטן פונם קובאַנער פאָלק. איר פּולט די ליבע און דעם האַס סיי צום אייגענעם און סיי — צום פרעמדן. וואָרעם פונקט ווי די מערסטע לאַטיין־אַמעריקאַנער מדינות, איז אויך קובאַ ניט פריי פון פרעמדן באַדריקער, פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל, וואָס זויגט אויס דאָס פעטסטע פונם לאַנד...

אייגנטלעך זיינען פאַראַן צוויי האַוואַנאַס — אַ נייע און אַן אַלטע. דער חילוק צווישן דיביידע איז אַ גרויסער, אָבער נאָר אינם אויסזען. אינם אַלגעמיינעם לעבן פון די צוויי האַוואַנאַס, איז קיין גרויסער אונטערשייד נישט פאַראַן. וואָרעם אויך אין דער אַלטער האַוואַנאַ לעבן גאַנץ פאַר־מעגלעכע קובאַנער, פונקט ווי אין דער נייער האַוואַנאַ שלאָגט איר זיך אָן אויף גאַנץ אָרעמע. דער שטייגער־לעבן פונם קובאַנער איז כמעט אומעטום דער זעלבער.

די גאַסן, סיי אין דער אַלטער האַוואַנאַ און סיי אין דער נייער, טראָגן די נעמען פון באַרימטע פּאָעטן, קאָמפּאָזיטאָרס, מאָלערס, קינסטלערס, פילאָסאָפן און פּאָליטיקער. זאָל דאָס זיין אַ סימן פון הויכער קולטורעלער אַנטוויקלונג? איך ווייס ניט. אָבער עס געפעלט מיר. איך האָב דאָס זעלבע אויך אָנגעטראָפן אין מעקסיקאָ און אין אַנדערע צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

האַוואַנאַ פאַרכאַפּט אייך מער מיט איר עקזאָטישקייט, ווי מיט איר

גרויס־שטאַטישקייט. די גאַסן זיינען פול מיט קובאַנערינס, וועלכע נעמען אייך דורך מיט זייערע שוואַרצע קויל־אויגן. איר פילט די זשעדנעקייט פון זייערע בליקן און די גרייטקייט זייערע זיך איבערצוגעבן צום מאַן. די תאווה זינגט ממש אַרויס פון יעדן אבר זייערע און איר קענט זיי גלייכגילטיק ניט פאַרבייגיין...

קובאַ איז אַחוץ אַלעמען אַ לאַנד פאַר טוריסטן, איבערהויפּט אַמעריקאַנער, וועלכע קומען אַריינכאַפּן אַ ביסל עולם־הזה. מ׳קען אין האַוואַנאַ אַ לעב־טאָן אַ גוטן טאָג, פּונקט ווי אין ניו־יאָרק, אָדער פּאַריז, אויב נאָר מ׳האָט דעם דאָלאַר אין קעשענע. איר קענט דאָ קריגן פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. דער קובאַנער איז בטבע אַ צוגעלאָזענער, אַ פריינטלעכער און באַרעדעוודיקער. ער באַהאַלט זיך מיט קיין שום זאַך ניט, אַלץ איז ביי אים אויף דער האַנט. ער וועט אייך דערציילן פון זיך, פון זיין ווייב, פון זיינע קינדער, פון זיין געליבטע, אָט אַזוי ווי איר זעט. באַזונדערס צוגעלאָזן זיינען די שאָופערס. עס נעמט ניט לאַנג און זיי ווערן מיט אייך גאַנצע „פּאַניבראַט״. ווילט איר שיינע מיידלעך — וועלן זיי אייך פירן. ווילט איר אַ קאַבאַרע, אַ קאַפע, אַ רעסטאָראַן, טעאַטער, מאָוויס — זיי וועלן אייך אומעטום פירן. בעת ער זיצט און דרייט מיטן רעדל, האַלט ער אייך אין איין פאַרלייגן פלעצער, וואו איר קענט אַריינכאַפּן אַ ביסל עולם־הזה...

אַ ספּעציעלער „טריט״ פאַר די טוריסטן, זיינען די „קאַרניוואַל־פייערונגען״, וואָס ווערן איינגעאָרדנט אויף די גאַסן פון האַוואַנאַ. עס קומט זיך צונויף צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס קוקן זיך צו צו די עקזאָטישע טענץ, וועלכע קומען פאַר אונטערן פרייען הימל. צעוואַרעמטע געמיטער און ליידנשאַפטן פלעכטן זיך צוזאַמען אין גרויסע קאַראַהאָדן, וועלכע טראָגן זיך מיט לייכטע טריט און שוועבן אין דער ריינער לופט, ווי די פייגלען. אָרעם און רייך מישן זיך אויס, נעמען זיך אַרום און וויגן זיך אין אַ ים פון פאַרביקע קאָסטיומען און מאַסקעס. די טראָפּישע ליידנשאַפט פילט אָן די גאַנצע לופט און מאַכט דאָס בלוט אין די אָדערן צו זינגען ביים טוריסט, וועלכער שטייט און קוקט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

צווישן די טאַנצנדיקע פאַרלעך, קען מען אויך זען ווייס־הויטיקע, אַריינגערעכנט אידן. האַוואַנאַ, און גאַנץ קובאַ, פאַרמאָגט שוין אַן אייגענעם אידישן קיבוץ. קליין אין צאָל דערווייל, אָבער עס וועבט זיך אַ ניי אידיש לעבן. אָט־דער יונגער אידישער ישוב, האָט דעם לעצטן יאָר געשאַפן

אַריבער פופציק טויזנט דאָלאַר נאָר פאַר דער הסתדרות אַליין. איך האָב זיך באַגעגנט מיט פאַרשיידענערליי אידן און האָב געפילט די פרישקייט, די נייקייט פונם אידישן לעבן, וואָס וועבט זיך לאַנגזאַם אויס אויף דער קובאַנישער ערד.

דער אידישער אימפּעט האָט אַריינגעבראַכט גאָר אַ סך לעבן אין לאַנד אַריין. דערביי טאָר מען ניט פאַרגעסן די אַלע שוועריקייטן, וועלכע זיינען געלעגן אין וועג דעם אידישן איינוואַנדערער. איצט זיינען זאַכן אַ ביסל אַנדערש, אָבער מיט דריי צענדליק יאָר צוריק, האָט אַ אידישער אימיגראַנט געהאַט זייער אַ סך אויסצושטיין אין קובאַ. עס איז אָנגעקומען מיט דער „גרינער גאַל", ביז מ'האָט זיך געשטעלט אויף די פיס...

„ווי האַלט עס מיטן אידישן קולטור־לעבן אין קובאַ?" — האָב איך אַ פרעג געטאָן ביי איינעם פון מיינע באַקאַנטע. „עס האַלט ניט שלעכט, אָבער עס וואָלט געקענט זיין בעסער". האָט ער מיט אַ האַלבער שטימע צוגעגעבן.

פון מיין אייגענער דערפאַרונג, האָב איך זיך לחלוטין ניט וואָס צו באַקלאָגן אויף די קובאַנער אידן. איך האָב געזונגען די זעלביקע לידער, העברעאישע און אידישע, און תפילות, וועלכע איך זינג שטענדיק אויף מיינע קאָנצערטן אין ניו־יאָרק. די אויסגעהונגערטקייט נאָכן בעסערן אידישן וואָרט, אידישן ליד, לאָזט זיך שטאַרק פילן.

ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, מערץ, 1948, נ. י.

# די פּעטערבורגער אידישע מוזיק־געזעלשאַפט

## (60־יאָריקער יובל; אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער אידישער מוזיק)

עס איז באמת אַ גרויסער פאַרדראָס, וואָס אַזאַ וויכטיקע היסטאָרישע דאַטע ווי דער 60־יאָריקער יובל פון דער פּעטערבורגער אידישער מוזיק־קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1908 איז ביי אונז לגמרי פאַרזען געוואָרן. בעת אַרום און וועגן דער טשערנאָוויצער אידישער שפּראַך־קאָנפערענץ האָט מען אַ סך געשריבן, און מיט רעכט, איז מען גלייכגילטיק פאַרבייגעגאַנגען אַזאַ וויכטיקע קולטור־דאַטע, ווי די

פעטערבורגער אידישע מוזיק־קאָנפערענץ, וואָס האָט געשאַפן געשיכטע אין דער אידישער נגינה און מוזיק.

איך האָב פרובירט נאָכזוכן, אויספאָרשן ווי אַזוי די קאָנפערענץ איז צוגעגאַנגען, ווער פון די מוזיקערס האָט געהאַלטן רעפעראַטן, ווער זיינען געווען די הויפּט־טאָן־געבער, אָבער עס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. פון דעם דרינג איך, אַז די כוונה פון דער קאָנפערענץ איז לכתחילה באַשטאַנען דער עיקר אין לייגן דעם פונדאַמענט און אויסאַרבעטן פּלענער פאַר דער גרינדונג פון דער שפּעטערדיקער אַזוי גוט־באַוואוסטער „געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק״.

יאָ, צו קומען אין סאַמע צענטער פון די אידישע אַסימילאַטאָרישע קרייזן, וואָס האָבן צו יענער צייט געהערשט אין דער צאַרישער הויפּט־שטאָט, פעטערבורג, און אויפהויבן די פאָן, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דאָס ווידערגעבוירן ווערן און די באַנייאונג פון דער אידישער נגינה און מוזיק, האָט מען געדאַרפט האָבן גאָר אַ סך קוראַזש, גלויבן און געוואַגטקייט.

דאָס יאָר 1908 וועט באַשטימט בלייבן אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער אידישער מוזיק־געשיכטע. פונעם דאָזיקן יאָר אָן האָבן אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס און מוזיקערס גענומען צעמענטירן, רעמאַנטירן, קנעטן און פורעמען די אידישע נגינה און מוזיק אין אַלע אירע אויסדרוקן. פון טיפער פאַרוואָרלאָזיקייט, פון ענגע פיר ווענט, פון קאַמערן און שטיבלעך, ווינקלען און וואַרשטאַטן, האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיינען און אַרויסלייכטן מוזיקאַלישע פּערל, וואָס האָבן שטאַרק איבערראַשט ניט בלויז דעם אידישן עולם, נאָר אויך דעם ניט־אידישן עולם, די מאַסן און די אינטעליגענץ צוגלייך.

אָבער וואָס, אַשטייגער, האָט יענער גרופּע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקערס, די „פּאַטערס״ פון דער פעטערבורגער אידישער מוזיק־קאָנפערענץ, וואו עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק״ — געטריבן צו פאַרמעסטן זיך צוריק אויפלעבן און באַנייען די אידישע נגינה און מוזיק?

וועגן דעם און אַרום דעם ווערן דערציילט פאַרשידענע מעשות, און איך ווייס באמת ניט אין וועלכער פון זיי איך זאָל גלויבן...

זייענדיק צום ערשטן מאָל אין בערלין, אין יאָר 1928, האָב איך געהערט איין געשיכטע וועגן דעם. שפּעטער, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל

געקומען קיין ארץ־ישראל, אין יאָר 1930, האָב איך פון פּראָפעסאָר שלמה ראָזאָווסקי, ווידער, געהערט אַ צווייטע מעשה וועגן דעם. אַ דריטע געשיכטע וועגן דעם זעלביקן ענין, האָב איך דערנאָך געהערט פון פּראָפעסאָר יעקב וויינבערג בעת מיין צוריקקערן זיך קיין אַמעריקע. פונעם באַרימטן חזן דוד רויטמאַן, וועלכער איז עטלעכע יאָר געווען דער חזן פון דער באַרימטער פּעטערבורגער כאָר־שול, האָב איך געהערט אַ שפּאָגל־נייע געשיכטע וועגן דעם. און ערשט דאָ לעצטנס, האָט מיין נאָענטער פריינט און עלטערער חבר, דער וועלט־באַרימטער חזן פינטשיק, וועלכער איז אויך געווען דער חזן אין דער פּעטערבורגער כאָר־שול, מיטן טאַלאַנטירטן און באַרימטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר משה מילנער אַלס דיריגענט, מיר דערציילט אַ גאַנץ נייע מעשה אין שייכות מיט דער פּעטערבורגער קאָנפערענץ און דער גרינדונג פון דער געזעלשאַפט פאַר דער אידישער פאָלקס־מוזיק.

פון אַלע מעשות אָבער, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט און וואָס ווערן דערציילט, אמתע און אויסגעטראַכטע, פיל איך אַרויס איין זאַך, און דאָס איז — דער גרויסער באַגער אין די הערצער פון דער גרופּע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקערס צוריקצוגיין צום אידישן מקור, צום אייגענעם אידישן קוואַל, און אויפלעבן און באַנייען די אַלטע און פון אַלע צייטן, די רייכע, וואונדערלעך־שיינע אידישע ניגונים, מאָטיוון און מעלאָדיעס פון אַלע צווייגן פון דער זאַפּטיקער אידישער נגינה און מוזיק דורך נייע מאָדערנע מוזיקאַלישע מיטלען און פאָרמען.

איך גלויב לגמרי ניט, אַז ווער עס איז פון אָט יענער גרופּע טאַלאַנטירטע אידישע מוזיקער האָבן געדאַרפט וואַרטן דערויף, אַז רימסקי־קאָרסאַקאָוו, מוסאָרגסקי, צי טשייקאָווסקי, אָדער ווער עס איז אַנדערש זאָל אים אָנווייזן, וואָס פאַר אַ רייכע און זאַפּטיקע נגינה און מוזיק אידן פאַרמאָגן, און — „צו וואָס דאַרפן אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקערס קריכן אין פרעמדע וויינגערטענער״? דאָס איז, אגב, איינע פון די פיל געשיכטעס, וועלכע צירקולירן וועגן דער פּעטערבורגער אידישער מוזיק־קאָנפערענץ און אַרום דער גרינדונג פון דער געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק.

אפשר האָט די אָדער אַ צווייטע באַמערקונג פון דעם אָדער יענעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר געהאַט אַ באַשטימטע ווירקונג. אָבער דעם גאַנצן געדאַנק פון דער פּעטערבורגער אידישער מוזיק־קאָנפערענץ און דער

גרינדונג פון דער געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער באַמערקונג, איז, לויט מיין מיינונג, נישט ריכטיק.

יוסף אַחרון, יואל ענגעל, משה מילנער, שלמה ראַזאָווסקי, און די אַנדערע פון דער דאָזיקער גרופּע, זיינען אַלע געקומען פון איינגע־וואָרצלטע אידישע היימען און האָבן געהאַט טיפע אינעווייניקסטע שייכותן מיט דער אידישער נגינה און מוזיק. איינעמס טאַטע איז געווען אַ באַרימטער חזן, אַ צווייטער האָט געהאַט אַ טאַטן אַ בעל־תפילה, און אַ דריטער — אַ טאַטן אַ קלעזמער.

דער טאַטע פון שלמה ראַזאָווסקי איז געווען דער באַרימטער ריגער חזן מיט אַ וועלט־נאָמען — ברוך־לייב ראַזאָווסקי, דער מחבר פון אַ גרויס ווערק מיט וואונדערלעכע ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס. משה מילנער, וועמעס אמתער נאָמען איז געווען מעלניקאָוו, איז פון זיין פריסטער קינדהייט־אָן געווען אַ משורר ביי חזנים — דער עיקר, אין כאָר פון דער באַרימטער בראָדסקיס שול אין קיעוו, וואו דער דיריגענט איז געווען דער באַגאַבטער מוזיקער אברהם דזימיטראָווסקי. יענער כאָר האָט זיך גערעכנט צווישן די בעסטע כאָרן אין קיעוו.

משה מילנער, דער מחבר פון דער מוזיק צו ביאַליקס „אל הצפור״, אָדער פּרצעס „צען לידער״, צי דאָס קאַפּיטל תהילים י״ג, אָדער די תפילה „ונתנה תוקף״, די מוזיק צי לייוויקס דראַמע „דער גולם״, די מוזיק צו ריכאַרד בער האָפמאַנס דראַמע „יעקבס חלום״, וואָס די „הבימה״ האָט אויפגעפירט, זיינע פינף פּיאַנאָ־קאָמפּאָזיציעס, אָפּערעס און אָראַטאָריעס, אידישע טענץ, אַ פידל־סאָנאַטע, — אָט דער העכסט־טאַלאַנטפולער אידישער קאָמפּאָזיטאָר האָט ניט געדאַרפט וואַרטן, אַז עמיצער זאָל אים „אונטערזאָגן״, „אָנווייזן״, אָדער „איבערזעצן״, וואָס אין די קעלערן פון דער אידישער נגינה און מוזיק טוט זיך ?

און יוסף אחרון, וועמעס טאַטע איז געווען אַ היימישער האַרציקער בעל־תפילה, דער מחבר פון דער קליין־גרויסער פידל־קאָמפּאָזיציע, וואָס ווערט געשפּילט אויף אַלע קאָנצערט־בינעס פון דער וועלט סיי פון פידלער־ווירטואָזן און סיי פון סימפאָנישע אָרקעסטערס, די „העברייאישע מעלאָדיע״, אָדער פונעם ווערק „קבלת־שבת״, די „סטעמפעניו־סואיטע״, און נאָך און נאָך, האָט אויך ניט געדאַרפט וואַרטן, אַז עמיצער זאָל קומען אים

„אַנווייזן" די סטעזשעקס און וועגן צו דער קוואַליקער אידישער נגינה און מוזיק.

שלמה ראָזאָווסקי, דער סאַמע קענטיקסטער און אַנערקענטסטער מוזיקאָלאָג און פאַרשער פון אידישן „טראָפּ", איז אויך ניט געווען קיין „שיפּע זיבעלע", אַז ער זאָל דאַרפן זיצן און וואַרטן ביז עמיצער וועט אים טייטלען מיט אַ פינגער, וואו אַן „אַלף" אין דעם אידישן מוזיק־סידור געפינט זיך...

צווישן די, וועלכע האָבן אַ סך בייגעטראָגן זייער חלק, ווער פריער, ווער שפּעטער צו דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק, דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן די נעמען: יואל ענגעל, אַלעקסאַנדער קריין, מיכאיל גנעסין, א. זשיטאָמירסקי, פּ. לוואָו, לאַזאַר סאַמינסקי, א. שקליאַר, מ. שאַליט, ש. קיסעלגאָף, ל. צייטלין. יעדער באַזונדער האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער געהאָלפן צעמענטירן און בויען דעם בנין פון דער אידישער נגינה און מוזיק — ווער דורך וואָקאַלער, ווער דורך אינסטרו־מענטאַלער, און ווער דורךביידע פאָרמעס.

די דאָזיקע גרופּע אויסגעצייכנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקערס איז ניט אַרונטערגעפאַלן פונעם הימל. זיי זיינען געווען זאַפטיקע צווייגן פונעם גייסטיקן אידישן לעבנס־בוים, וואָס האָט גענערט און געשפּייזט גאַנצע דורות.

תחילת, האָט די דאָזיקע גרופּע אָפּגעגעבן זיך מיט זאַמלען, אַראַנזשירן און באַאַרבעטן, מיט אָנטאָן האַרמאָנישע קליידער, אַרומשייערן און אַרומ־פּוצן דאָס פּרימיטיווע אידישע פאָלקס־ליד, דעם אידישן פאָלקס־מאָטיוו און אידישן פאָלקס־ניגון. דערנאָך האָט זי זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צו אָריגינעלע אידישע שאַפונגען, סיי וואָקאַלע און סיי אינסטרומענטאַלע. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אויך איינגעשלאָסן אין דעם אידישן מוזיק־קאָמפּלעקס די ליטורגישע נגינה, ווייל פאַרבייגיין זי וואָלט געמיינט אַוועק־גיין פונעם הויפּט־שורש — און דאָס האָט דער געזונטער אינסטינקט פון דער דאָזיקער גרופּע קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיקערס אונטערגעזאָגט, טאָר מען ניט.

די מוזיקאַלישע רעוואָלוציע, וואָס די פּעטערבורגער אידישע מוזיק־קאָנפערענץ און די גרינדונג פון דער געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק האָט אַרויסגערופן אין די ספערן פון דער אידישער נגינה און מוזיק, איז

ממש ניט אָפּגעשאַצן. די אויפטואונגען און דערגרייכונגען פון דער געזעל־שאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק האָבן געהאַט גאָר ווייטע אָפּקלאַנגען, נישט בלויז אין לאַנד וואו זי איז געגרינדעט געוואָרן, נאָר אויך אין דער גאָרער אידישער קולטור־און מוזיק־וועלט. איר איינפלוס לעבט נאָך ביז איצט צווישן די רייען פון די שאַפערס און בויערס פון דער אידישער נגינה און מוזיק.

די אידישע נגינה און מוזיק זיינען די שאַפונג פונעם אידישן פאָלק און פונעם גאַרן אידישן לעבן. זיי זיינען ניט געקומען צום לעבן אַן וואָרצלען און אויך ניט איבערנאַכט. יעדער דור האָט צוגעטראָגן זיין חלק און יעדע סביבה האָט צוגעטראָגן איר קנייטש, קאָליר, טאָן און גוסט. די פּעטער־בורגער אידישע מוזיק־קאָנפערענץ האָט געגעבן דעם געהעריקן גרויסן שטויס, אויף וועלכן די אידישע נגינה און מוזיק האָבן לאַנג, לאַנג אַרויס־געקוקט. פון די אויבנאָניקע נוסחאות ביז צו די אידישע פאָלקס־לידער, חסידישע ניגונים, מיט ווערטער און אָן ווערטער, פאַרשיידענע אידישע טענץ, אידישע טעאַטער־מוזיק — אַט די כלערליי גוסטן און וואַריאַנטן, דער סכום פון די אידישע נגינה און מוזיק, זיינען אַדאַנק דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק צום ערשטן מאָל אַרויסגעפירט געוואָרן פון די ענגע שטיבער, בתי־מדרשים און קלויזן, חתונה־זאַלן, חתונה־הויפן, שאַלאַשן, באַלמעלאָכעשע קעלערס, פינצטערע חדרים — פאַר דער ברייטער ליכטיקער וועלט, די אידישע ווי די ניט־אידישע.

דער חן פון אַ אידיש פאָלקס־ליד ליגט אין זיין נשמהדיקייט און אייגנ־אַרטיקייט. מען קאָן ביי יעדן פאָלק געפינען פאַרשיידענע פאָלקס־לידער. ניט ביי יעדן פאָלק אָבער קאָן מען געפינען די ספּעציפישע איבערלעבונגען און אויך די אופנים פון די דאָזיקע איבערלעבונגען, ווי ביים אידישן פאָלק. מיר זיינען אַנדערש, ווייל מיר זיינען אַנדערש, ווייל מיר האָבן במשך פון צוויי טויזנט יאָר געלעבט אין אַנדער לעבן, אונטער באַזונדערע הימלען און פאַרשיידענע קלימאַטן... דעריבער זיינען אונזערע פאָלקס־לידער אויך אַנדערש — אַנדערש אין אינהאַלט, וועזנטלעכקייט, מאָטיוו, קאָליר, סטרוקטור, און בויגעוודיקייט.

גאָר אַן אינטערעסאַנטער צווייג אין דער אידישער נגינה און מוזיק זיינען די חסידישע ניגונים, מיט ווערטער און אָן ווערטער, וואָס זיינען דורכויס און אַבסאָלוט אַ „חד־במינם", וואָס מען געפינט ניט ביי קיין שום

פּאַלק אין דער גאַרער מוזיק־געשיכטע. דער אוצר פון די כלערליי שיטהדיקע און גזעדיקע חסידישע־ניגונים איז אַ גאַנץ היפּשער — דער עיקר: אַ ווערטיקער, אַ קוואַלדיקער, אַ פּיל־קנייטשיקער, פּיל־פּאַליקער, אַ פּיל־גוסטיקער און פּיל־פּאַרביקער. מען קען פון אַט־די חסידישע־ניגונים אויס־קנעטן און אַנהויפּן צענדליקער מינים מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס פון אַלערליי שאַטירונגען און מאָדולירונגען.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער פאַרצווייגטער אידישער נגינה און מוזיק, פאַרנעמען די חתונה־טענץ. אויך דאָ איז פאַראַן עפּעס מער ווי אייגנס, וואָס מען געפינט ניט זייער גלייכן. אַ „ברוגז־טאַנץ" איז ניט קיין „מאַזורקע"; אַ „כשר־טאַנץ" איז ניט קיין „פּאָלקע"; אַ „כלה־באַזעצן־אויפשפּיל" אָדער אַ „כלה־באַזינגען" איז ניט קיין „קאַדרעל"; אַ צו דער „חופּה־פירן־מאַרש" איז ניט קיין געוויינלעכער מאַרש; אַ „פון דער חופּה־מאַרש" אָדער אַ „מחותנים־טאַנץ" איז ניט קיין „לאַנסיי"; אַ „וויינענדיקס" אָדער אַ „געזעגענונגס" איז ניט קיין „וואַלעכל"; אַ „דרשה־געשאַנק" איז ניט קיין „ראַק־ען־ראָל"; אַ „וויוואַט" איז ניט קיין „ווירדזשיניאַ ריל"; אַ „רעטאַנדע" איז ניט קיין „האָפּקע"; אַ „שניידערשער שער", אָדער אַ „שוסטערשער שער" איז ניט קיין „רעטשקע"; סתם אַ „שער" אָדער דער „סאַרווערנס שער" איז ניט קיין „קראַקאָוויאַק"; אַ „מזל־טוב" אָדער אַ „דאַבראַנאַטש" איז ניט קיין „טשאַרלסטאָן", און אַ אידישער „פריילעכס" איז ניט קיין „קאַמאַרענסקי". די אַלע אויסגערעכנטע טענץ האָבן אין זיך אַ דורכאויס אידישן טעם און אַטעמען מיט זייער אייגענעם לעבן, דופּטן מיט זייערע אייגענע נשמות און זיינען פאַרוועבט מיט אַן אַבסאָלוטן אייגנאַרטיקן שטייגער־לעבן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט במשך פון לאַנגע דורות — דאָס זיינען דורכאויס טיף־ירושה׳דיקע איינגעוואָרצלטע אידישע טענץ.

אויך די אידישע טעאַטער־מוזיק אַנהויבנדיק מיטן פּיאָנער אברהם גאָלדפאַדן, הערמאַן וואָהל ביז צו די מער פּראָמינענטע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, ווי פּרץ סאַנדלער, יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, ביז צום סאַמע יינגסטן אברהם עלשטיין, קאָן מען בשום־אופן ניט פאַרבייגיין. די אידישע טעאַטער־מוזיק איז אויך ניט אַרונטערגעפאַלן סתם פונעם הימל אַראָפּ, נאָר וואָרצלט אין אַלע קוואַלן פון דער אידישער נגינה און מוזיק. איר קענט אין אַ אידיש טעאַטער־ליד, אָדער וועלכן עס איז טעאַטער־מאָטיוו אַנטאַפּן דאָ אַ פאָדעם פון שול־נגינה; דאָרט — אַ פרענדזל

פון חסידישע נגינה; דאָ — שלייפל פון אידישע פאָלקס־לידער — אַ געווירץ, וואָס האָט צוגעגעבן אַ סך טעם דער אידישער טעאַטער־מוזיק.

אין דער אימפעריע פון דער אידישער נגינה און מוזיק, איבער אַלע ניגונים און מאָטיוון, וואָקאַלע און אינסטרומענטאַלע, פאַרנעמט דעם אויבנאָן דער סאַמע באַרימסטער גוסט, דער פרעגיש, וועלכער איז צווישן אמתע אידישע מנגנים באַוואוסט אונטערן נאָמען אַלס דער „אהבה־רבה־גוסט". מיט דעם דאָזיקן „גוסט" קוויקען זיך סיי אַלטע, סיי יונגע.

זינגט אויף, אָדער שפּילט אויף אַ אידן, אַן אַלטן, אַ יונגן, וועלכע עס איז זאַך מיט אַן „אהבה־רבה־גוסט", און ער צעשמעלצט זיך ווי פּוטער קעגן דער זון. אַזוי אין אַ תפילה, אַזוי אויך אין אַ פאָלקס־ליד, קונסט־ליד, חסידישער־ניגון, טעאַטער־ליד, טעאַטער־מאָטיוו, טאַנץ — און דאָס אידישע האַרץ גיט דערביי אַ ציטער־אויף. דאָס איז דער סאַמע באַליבטסטער און פּאָפּולער־סטער גוסט אין אַלע צווייגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק ביי אידן. ווען איר קוקט אַריין אין אַ קאָמפּאָזיציע, וואָקאַלע אָדער אינסטרו־מענטאַלע, וואו דער שליסל ווייזט אייך פינף בעמאָלן („פּלעטס") און די „לאַ" („עי") איז אויפגעלייזט, מיינט עס „פאַ־פרעגיש" („עף־פרעגיש"), וואָס אויף אידיש באַטייט עס: דער „אהבה־רבה־גוסט".

יאָ, די פּעטערבורגער אידישע מוזיק־קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס איז געבוירן געוואָרן די געזעלשאַפט פאַר אידישע פאָלקס־מוזיק, האָט געזאָגט איר וואָרט סיי צו דער אידישער וועלט און סיי צו דער ניט־אידישער וועלט: ביז איצט איז די אידישע מוזיק געלעגן צעוואָרפן, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט, אָן אַ טאָלק און אָן אַ סדר, איצט איז געקומען די צייט אויסצובויען אַ גרויסן מוזיק־שייער, וואו מען וועט קודם צונויפנעמען דעם אָנגעזאַמלטן מוזיקאַלישן האָב־און־גוטס אונטער איין דאַך, דערנאָך וועט מען זיך אָוועקזעצן אויססדרן דאָס פאַרמעגן, באַאַרבעטן, איבערשאַפן, איבערשמעלצן און אַרויסברענגען פאַר דער ליכטיקער וועלט. ס'איז שווער אויסצומאָלן די איבערגעבנקייט און פלייסיקייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפּאַרעט און געעסקט סיי אַרום דער דאָזיקער היסטאָרישער אידישע מוזיק־קאָנפערענץ און סיי אַרום דער געשאַפענער געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק.

אינטערעסאַנט דאָ צו באַמערקן, אַז דער נאָמען „פאָלקס־מוזיק" און ניט „אידישע מוזיק" איז אַרויסגעוואָקסן דערפון, וואָס דער פּעטערבורגער

גראַדאַנאַטשאַלניק, וועלכער איז מסתם געווען אַ גרויסער „למדן" אין מוזיק, האָט ניט געוואָלט אָנערקענען, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי „אידישע מוזיק", ער האָט אָבער געפּסקנט, אַז אידישע „פאָלקס־מוזיק" איז כשר...

דער סאַמע אַקטיווסטער צווישן די בויערס און טוערס פון דער געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר יואל ענגעל. מען קען זאָגן, אַז ער איז געווען דער סטימול, די הויפּט טרייב־קראַפט, צווישן דער גאַרער גרופּע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע האָט זיך געעסקט אַרום דער דאָזיקער היסטאָרישער מוזיק־געזעלשאַפט. ער האָט זיך, קודם, אַליין אַרויסגעלאָזט איבער אַלע אידישע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע צו פאַרצייכענען און צונויפזאַמלען וואָס מער אידישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים. דערנאָך האָט ער, מער ווי ווער עס איז אַנדערער, זיך אַוועקגעזעצט צו באַאַרבעטן די אָנגעזאַמלטע אוצרות, מאַכן פון זיי אַ „מוזיקאַלישן־לייט", און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער די אוצרות אַרויסגעבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט.

געוויס דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן די פאָלקס־לידער־זאַמלונגען פון ש. מ. גינזבורג און פּ. ש. מאַרעק „יעווריעיסקיאַ נאַראָדניאַ פּעסני", וואָס די רעדאַקציע „וואָסכאָד" האָט אַרויסגעגעבן אין פּעטערבורג, אין יאָר 1901; „אידישע פאָלקס־לידער" פון נח פּרילוצקי, וואָס איז אַרויס אין וואַרשע, אין יאָר 1917; „100 פאָלקס־לידער" מיט נאָטן פון מנחם קיפּניס, וואַרשע, פאַרלאַג א. גיטלין; „אידישע פאָלקס־לידער מיט מעלאָדיעס" פון י. ל. כהן; „אידישע פאָלקס־לידער", פון שמואל לעהמאַן, וואַרשע, פאָלקס־ביבליאָטעק, 1921; „אידישע פאָלקס־לידער", אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „לעבן און וויסנשאַפט", ווילנע, 1910; „אידישע פאָלקס־לידער", געזאַמלט דורך ש. באַסטאָמסקי, ווילנע, 1924. איך בין זיכער, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע פאָלקס־לידער זאַמלונגען, וואָס איך האָב ניט אונטער דער האַנט ביי זיך. לעצטנס, זיינען אויך דערשינען אידישע פאָלקס־לידער זייט ביי זייט מיט העברייאישע איבערזעצונג און מעלאָדיעס, געזאַמלט פון מיין עלטערן פריינט און קאָלעגע משה ביק, אין חיפה, ישראל. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון אידישע חתונה־טענץ, וועלכע דאַרפן באַאַרבעט ווערן אויף אַ גרעסערן פאַרנעם, אָבער ס'איז גוט וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר משה ביק האָט זיי פאַרצייכנט און אַרויסגעגעבן אין אַ זאַמלונג — זאָל זיין

בחיפוזנדיק אפילו. די צייט וועט קומען און זיי וועלן קריגן זייער פאַרדינטן ברייט־קאַנעוודיקן מוזיקאַלישן תיקון.

ווען יואל ענגעל איז אויפגעטראָטן צום ערשטן מאָל פאַר אַ מאָסקווער עולם פון אידן און ניט־אידן מיט אַ רעפעראַט וועגן אידישע פאָלקס־לידער, אידישער מוזיק בכלל, מיט מוזיקאַלישע אילוסטראַציעס, האָט ער געשאַפן אַ גרויסע סענסאַציע. דער רייכער אידישער פאָלקלאָר ווי די גאַרע מאַנטל־דיקע אידישע מוזיק בכלל, איז געווען סיי פאַר דער אידישער און סיי פאַר דער רוסישער אינטעליגענץ אַן איבערראַשענדיקע אַנטפּלעקונג — קוואַלן פון וועלכע זיי האָבן קיין מאָל פריער ניט געטרונקען, קיין מאָל פריער ניט טועם געווען זייער מחיהדיקע פרישע וואַסער. די רוסישע אינטעליגענץ, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַנגעזעענע קאָמפּאָזיטאָרס, מוזיקערס, שרייבער און קינסטלער מכל המינים, זיינען ממש אַנגעצונדן געוואָרן מיט התפעלות פאַר די האַרציקע אידישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים, פון וועלכע עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט פרישע אייגענע ריחות און נייקייטן.

צווישן די רוסישע געסט איז אויך בייגעווען דער באַרימטער קונסט־קריטיקער וולאַדימיר סטאַסאָוו, וועלכער האָט זיין באַגייסטערונג אויסגעע־דריקט אין אַ ענטוזיאַסטישן אַרטיקל וועגן די „האַרציקע אידישע פאָלקס־לידער״ און „זיסע אידישע ניגונים״, וועלכע יואל ענגעל האָט בעת זיין רעפעראַט דעמאָנסטרירט.

צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן, האָט די רוסישע אינטעליגענץ און די רוסישע מוזיק־שאַפערס דורך יואל ענגעל דערהערט — און אויך דערפילט — דעם קלאַנג, דעם טעם, דעם ריח פון אונדזערע אידישע פאָלקס־לידער, פאָלקס־ניגונים, זמירות, חסידישע ניגונים, אידישע חתונה־מעלאָדיעס און מאָטיוון, לידער און ניגונים פון פאַרשיידענע גוסטן, פון פרייד און אומעט, שבת־יום־טוב־לידער, בעל־מלאכהשע־לידער, פריזיוו־לידער, מלחמה־לידער, לידער פון נחת און זאָרג, פון גירושים און בלוטיקע פּאָגראָמען, פון גורלות און מזלות — די גאַנצע גאַמע פונעם אידישן שטייגער־און גייסטיקן לעבן אין זיין גאָרער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט.

דער כוח וואָס ליגט באַהאַלטן אין אַ אידיש פאָלקס־ליד און אין אַ אידישן פאָלקס־ניגון איז פון אַזאַ מין, וואָס מען קען עס ניט אויסמאָלן מיט קיין ווערטער, מען דאַרף עס דורכאויס פילן — פילן ווי די אייגענע הויט אויפן לייב, עס מוז רינען אין די אָדערן. ס׳איז דאָס זעלביקע ווי מיטן אידישן

לשון; עס איז אמת, אַז אידיש רעדט זיך פון זיך אַליין, אָבער מען דאַרף עס אויך פילן, שטאַרק פילן טיף אין די ביינער. פונקט ווי מען קען ניט אָפּטיילן דעם אידישן מאָטיוו, דעם אידישן ניגון פונעם אידישן וואָרט, אַזוי קען מען אויך ניט אָפּטיילן דאָס אידישע וואָרט פונעם אידישן ניגון. וואָס מער מען טראַכט זיך אַריין, זעט מען, דערפילט מען ערשט וואָס דער אידישער ניגון פאַרמאָגט, און וואָס אידיש באַטייט.

דאָס וואָס רוסישע פאָלקס־לידער, פאָלקס־מוזיק, איז געווען פאַר גלינקאַן, טשייקאָווסקין און רימסקי־קאָרסאקאָוו; די פוילישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־מוזיק — פאַר שאָפּענען; די נאָרוועגישע פאַר גריגן; די טשעכישע — פאַר סמעטאַנאַ, זיינען פאַר דער פעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישע מוזיק און אירע טוערס וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום איר, געווען די אידישע פאָלקס־לידער און די אידישע פאָלקס־מוזיק בכלל.

די גרופּע טאַלאַנטירטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום דער געזעלשאַפט האָבן געפילט און קלאָר פאַרשטאַנען, אַז נאָר דורך דער אידישער פאָלקס־מוזיק וועלן זיי קענען באַווייזן אמתע שאָפערישע כוחות, זייער אייגן פּנים, און דערגייין צו אַ מדרגה פון אייגענער קינסטלערישער מוזיק, קינסטלערישער קולטור מיט אַן אייגענעם נאַציאָ־נאַלן מעדיום. וואָס טיפער זיי וועלן אַריינדרינגען אין דער מהות פון דער אידישער פאָלקס־מוזיק אין אַלע אירע צווייגן, אַלץ גרעסער און העכער וועלן זיי שטייגן, אַלץ גרינגער וועט זיי אָנקומען אָנערקענט ווערן ניט בלויז צווישן אידן אַליין, נאָר אויך צווישן ניט־אידן *.

יאָ, די געזעלשאַפט פאַר אידישע מוזיק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער פעטערבורגער אידישער מוזיק־קאָנפערענץ, אין יאָר 1908, איז בפירוש געווען דער פונדאַמענט און דער מורה־דרך פאַר די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס ניט בלויז אין רוסלאַנד אַליין, נאָר פאַר אידישע קאָמפּאָ־

---

*) זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין צו מאַכן אַ זייטיקע באַמערקונג. בעת די פריער־דערמאָנטע זאַמלער און פאָרשער פון אידישע פאָלקס־לידער, פאָלקס־ניגונים, זיינען אויסגעריסן געוואָרן, אַרומפאָרנדיק איבער די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין וואָלין, פּאָדאָליע און נאָך אַנדערע גובערניעס אין אוקראַינע, און איבער שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, לאַטוויע, גאַליציע, רומעניע, קומען לעצטנס מענטשן, איבערהויפּט אין אַמעריקע, מענטשן וואָס האָבן ניט געפּאַקט און ניט געמאָזלט, און שרייבן איבער פון גרייטן, פון די אַלע שווער־פאַרהאָרוועטע אַלערליי פאַרטיקע זאַמלונגען מיט אידישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים און דרוקן אָפּ ביכער אונטער זייער נאָמען — גלייך ווי זיי וואָלטן „אַנטדעקט" אַמעריקע! דאָס איז ניט בלויז אַ גרויסע עוולה, נאָר בפירוש אַ גרויסער פאַרברעכן...

זיטאָרס אין דער גאַרער וועלט. די געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק איז געווען דער שפּיגל, וואו מען האָט זיך געקאָנט זען און זיך געבן אַ „דין־וחשבון״.

אידישע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן גענומען טראַכטן: מיט וועמען גיי איך, און מיט וועמען שטיי איך? מיט וועמעס פּען שאַף איך? אונטער וועמעס פּנים, אונטער וועמעס מאַסקע באַהאַלט איך זיך? זאָל איך ווייטער שאַפן „אַלאַ״־טשייקאָווסקי, „אַלאַ־שובערט, „אַלאַ״־גלינקא, אָדער „אַלאַ״־מאָצאַרט, צי איינטונקען די פּען אין די אייגענע טינטערס — אין די אייגענע קוואַלן, וואָס קומען פון די טיפעניש̈ן פון דער אייגענער נשמה.

וואָסער ווירקונג די פּעטערבורגער געזעלשאַפט האָט געהאַט אויף דער אידישער מוזיק! נישטאָ קיין איין ווינקל אין דער וועלט, וואו אידישע קאָמפּאָזיטאָרס מכל־המינים האָבן ניט געהאָלפן באַרייכערן די אידישע מוזיק־ליטעראַטור. אונזער אידישע אַמעריקע האָט אַ גאַר גרויסן חלק אין דעם אָנגעזאַמלטן אוצר פון דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור. די גרעסטע צאָל אידישע כאָר־קאָמפּאָזיטאָרס איז געשאַפן געוואָרן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. עס האָבן אין אַמעריקע אויך פונקציאָנירט צוויי אידישע מוזיק־פאַרלאַגן: דער „יוסף פ. קאַץ״ מוזיק־פאַרלאַג און דער „מעטראָ מוזיק״־פאַרלאַג. אונדזער אידישע אַמעריקע האָט אויך פאַרמאָגט די גרעסטע צאָל אידישע פאָלקס־כאָרן. אידישע קאָמפּאָזיטאָרן ווי: לעאָ ליאָוו, יעקב שייפער, מיכל געלבאַרט, לאזאר וויינער, מאַקס העלפמאַן, וולאַדימיר חפץ, און נאָך אַנדערע, האָבן נאָכאַנאַנד צוגעשטעלט נייע אידישע כאָר־קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע זיינען ספּעציעל געשאַפן געוואָרן פאַר די יערלעכע כאָר־קאָנצערטן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין אַזעלכע גרויסע שטעט ווי: ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, דעטראָיט, באָסטאָן, קליוולאַנד, לאָס־אַנדזשעלעס, מיאַמי, צו וועלכע עס פלעגן כסדר קומען גרויסע מאַסן אידן.

אַ גרויסע גערעטעניש אין דער אידישער אַמעריקע איז געווען אויף אידישע סאָלאָ־לידער. אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי: סאָלאָמאָן גאָלוב, פּנחס יאַסינאָווסקי, דער שוין פריער־דערמאָנטער מיכל געלבאַרט, לאזאר וויינער, האָבן געשאַפן די מערסטע צאָל אידישע סאָלאָ־לידער, ווייל די צאָל אידישע קאָנצערט־ און שפּעטער ראַדיאָ־זינגערס איז געווען אַ גאַנץ היפּשע. און דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אונטער דעם איינפלוס פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק, וועמעס 60־יאָריקן יובל איך האָב דאָ אויף

מיין באַשיידענעם אופן פּרובירט פאַרצייכענען און דערמאָנען בפני כל עם ועדה...

דער פונדאַמענט, וואָס די געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק האָט פאַרלייגט, איז געווען אַ גרונטיקער. דער בנין פון דער אידישער מוזיק האַלט אין וואַקסן — אַ בנין מיט גאַר אַן אייגענעם אַרכיטעקטאַנישן סטיל, וואָס לאָזט זיך דערקענען און אָנערקענען.

„אידישע קולטור", יוני-יולי, 1969, נ. י.

# חזן לייבעלע וואַלדמאַן

## (אַ טרער אויף זיין פרישן קבר)

חזן לייבעלע וואַלדמאַן איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַמעריקע. דאָס דאַרף מען געדענקען.

חזן לייבעלע וואַלדמאַן האָט ניט איבערגעלעבט קיין מלחמות, פּאָגראָמען, בלוטיקע רעוואָלוציעס, האָט ניט געליטן קיין הונגער און קעלט, ניט געגאַנגען נאַקעט און באָרוויס, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, ניט געוואַקסן אין אַן אַטמאָספערע פון פחד.

און דאָך האָט ער פאַרמאָגט אַ וואַרעמען אידישן אוי, אַ טיפן אידישן קרעכץ און אַן אמתן אידישן וויי.

ווי אַזוי דערקלערט מען עס?

גאַנץ פשוט: ער איז געבוירן געוואָרן מיטן אידישן פונק אין האַרצן, און אויך מיטן אידישן אוי, קרעכץ און וויי אין מויל. און דאָס האָט אים אויסגעטיילט פון די אַנדערע אַמעריקאַנער געבוירענע און דערצויגענע חזנים. ער האָט פאַרמאָגט אַן עכטן אידישן אָדער און דערפאַר האָט פון זיין חזנות געשלאָגן מיט וואַרעמקייט און עכטקייט.

איך בין זיך מודה: חזן לייבעלע וואַלדמאַן איז ניט געווען מיין ראָמאַן, מיין „טעפּעלע טיי", אָבער איך האָב אים געזען און געפילט דורך די אויערן פון דעם פאָלק. און אַזוי ווי כ'האַלט מיך, פיל מיך נאָענט צום פאָלק, דעריבער איז ער מיר אויך נאָענט געוואָרן — נאָענט און ליב. כ'האָב ליב געהאַט זיין אויפריכטיקייט און נאַאיוויטעט — ער האָט שטאַרק געגלויבט

אין דעם וואָס ער האָט געזונגען. ער איז ניט געווען איבערקלייבעריש, ווייל אַזוי איז ער געווען — דאָס און ניט מער.

לייבעלע וואַלדמאַן האָט ניט פאַרמאָגט קיין אָריגינעלעס, אָבער ער איז געווען אַ גאָלדענער איבערזעצער. ער האָט איבערגעזעצט אויף אַזוי ווייט יאָסעלע ראָזענבלאַטן, אַז ער אַליין איז שיעור ניט געוואָרן אַ יאָסעלע ראָזנבלאַט. יאָ, קיינער האָט אַזוי ניט געקענט נאָכזינגען יאָסעלע ראָזנבלאַטן, ווי ער. דאָס איז געווען זיין פּאַרטאַ, זיין „גרויסער געווינס״...

צו קענען אַדאַפּטירן אַ סטיל, איז ניט פון די קליינע זאַכן. מ׳דאַרף זיין דערצו געבוירן און פאַרמאָגן ניט ווייניק טאַלאַנט. צו קענען איבערזעצן שעקספּירט אַ סאָנעט, היינעס, באַדלערס, פּושקינס, בייראָנס, שעליס, וואָלט וויטמאַנס, ביאַליקס, לייוויקס אַ ליד, דאַרף מען אַליין זיין אַ פּאָעט.

לייבעלע וואַלדמאַן איז ניט געבוירן געוואָרן קיין יאָסעלע ראָזנבלאַט, און אַוודאי ניט קיין פּינטשיק, אָבער ער איז געבוירן געוואָרן אַ לייבעלע וואַלדמאַן — מיט אַן איינגעבוירענעם חזנישן טאַלאַנט און אַ סך חזנישע מעלות־טובות.

ניין, עס מאַכן אַ טעות יענע חזנים, וואָס האָבן סיי אין דער שטיל און סיי אין דער הויך, אונטערגעמורמלט, און אַמאָל מער ווי אונטערגע־מורמלט, אַז ער, וואַלדמאַן, האָט בלויז קאָפּירט יאָסעלע ראָזנבלאַטן און ווייטער גאָרנישט. וואָס לייבעלע וואַלדמאַן האָט געטאָן איז דאָס: ער האָט גענומען יאָסעלע ראָזנבלאַטס סטיל, שטייגער, קנייטש, מאַניער און פּאַל און עס גלענצנדיק איבערגעגאָסן פון איין כלי אין דער צווייטער — און עס איז געוואָרן אַ לייבעלע וואַלדמאַן־כלי. און פון אָט דער כלי האָבן צענדליקער טויזנטער אידן איבער דער ברייטער אַמעריקע געשמאַק געטרונקען און שטאַרק הנאה געהאַט. ניין, ניט בלויז הנאה געהאַט, נאָר זיך ממש פּאַסמאַ־קעוועט און געלעקט דערפון די ליפּן. לייבעלע וואַלדמאַן איז געווען באַרימט ניט בלויז צווישן אידן אין אַמעריקע, נאָר אַ שם־דבר אין דער גאָרער אידישער וועלט.

אַוודאי האָבן די דריי הספּדים־האַלטער ביי זיין לויה געטאַפּט אַ וואַנט און ניט אָנגעהויבן צו וויסן ווי אַזוי דעם נפטר צו כאַראַקטעריזירן. עס האָט זיי פּשוט געפעלט דער נגינהדיקער־וויסן, די געהעריקע נגינהדיקע טערעמי־נאָלאָגיע און די נויטיקע נגינהדיקע־געדאַנקען; האָבן זיי געשאָטן סתם אין דער וועלט אַריין מיט ווערטער ווי „גרויס״ און נאָכאַמאָל „גרויס״, אָבער

דער עיקר, דעם תמצית פון לייבעלע וואַלדמאַנס חזנות און נגינהדיקן־מהות האָבן זיי ניט אָנגערירט — און דאָס איז אַ שאָד... עס וואָלט בפירוש געווען אין כבוד פון דעם נפטר, וואָס איז אַזוי יונג און אַזוי פּלוצלינג אַוועקגעריסן געוואָרן, ווען אַ פֿאַסיקער מענטש מיט דעם געהעריקן מוזי־קאַלישן לשון און וויסן, וועלכער איז בכוח אַריינצודרינגען אין דעם מהות פון דער חזנישער־קונסט און פון נגינה בכלל, וואָלט ביי דעם מאָמענט אַרויסגעבראַכט כאָטש אַ קליינעם שפּיגל פון דעם חזנישן־געשטאַלט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען לייבעלע וואַלדמאַן.

פיר צענדליק יאָר האָט לייבעלע וואַלדמאַן אויסגעטראָגן די חזנישע קונסט אויף זיינע פּלייצעס, זי געבראַכט צו די ברייטע אידישע מאַסן סיי דורך פּערזענלעכע אויפטרעטן אין שולן ביים עמוד, סיי דורך קאָנצערטן אויף דער בינע, סיי דורך דער ראַדיאָ און פּלאַסטינקעס. די וואַרעמקייט פון זיין קול (אַ לירישער באַריטאָן און כמעט פון דעם זעלבן קאַליבער און טעמבער וואָס יאָסעלע ראָזנבלאַטס קול), האָט שטאַרק אַפּעלירט און זיך געלייגט געשמאַק אויפן אויער. זיין קול האָט אויך געהאַט דעם זעלביקן דאַברי־מזל, וואָס יאָסעלע ראָזנבלאַטס קול:ביידנס שטימעס זיינען ווי געבוירן געוואָרן פאַרן מיקראָפאָן און פאַרן רעקאָרד. דאָס איז אַ באַזונ־דערע מתנה פון גאָט. אין שולן און זאַלן וואו ס'איז נישט געווען קיין מיקראָפאָן, האָט לייבעלע וואַלדמאַנס קול שטאַרק געליטן, אָבער פּונקט אַזוי האָט אויך יאָסעלע ראָזנבלאַטס קול דערפון געליטן. דאָס זיינען געבוירענע שטימעס פון דעם מין, וואָס ווערן אין דער מוזיקאַלישער וועלט באַצייכנט אַלס מיקראָפאָן־ און רעקאָרד־פּערזענלעכקייטן. נעמט אַוועק דעם מיקראָפאָן פון דער גרעסטער צאָל זינגערס אין אַמעריקע — צווישן זיי די סאַמע באַרימטסטע אַפילו — און זיי וועלן טאַפּן אַ וואַנט...

מיט וואָס פאַר אַ חזנות איז לייבעלע וואַלדמאַן געקומען צום פאָלק?

עס איז געווען אַ פאָלקסטימלעכער און דורכאויס צוגענגלעכער חזנות, אָן פוצן, אָן פליטערלעך, אָן פאַרטראַכטאַכצן, אָן פאַרקלערעכצן, אַ ווייט ניט קיין פאַרטיפטער, אָבער אַ געשמאַקער, ווי אַ היימישער געשמאַקער מאכל, ווי דער מאַמעס אַ מאַכל, ווי דעם טאַטנס אַ היימישער ניגון, אָן אַפּעלירנ־דיקער; אַ חזנות, ווי אַ פראָסטער מאַנטיק אָדער דאָנערשטיק, אָבער אויך אָט די צוויי „פראָסטע טעג" פאַרמאָגן אין זיך עליותדיקייט, דערהויבנדיקייט, ווייל סיי מאָנטיק או סיי דאָנערשטיק לייענט מען די תורה — און דעריבער

איז דער ריזח פון אַט די צוויי טעג שוין גאָרניט קיין געוועגטלעכע וואָכעדיקע־טעג . . .

איר קענט יאָ אָדער ניט מסכים זיין מיטן פאָלקסטימלעכן און צוגענג־לעכן חזנות, אָבער אים אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, קען מען ניט. און דאָ ליגט דער טעות צווישן גאָר אַ סך פון מיינע קאָלעגן חזנים. איך מעג זיין אַנדערש איז מיין חזנות, אין מיין גאָרער קאָנצעפּציע פון דער טיפער און אָריגינעלער חזנישער קונסט, אָבער איך בין אַלעמאָל גרייט אויסצוהערן, אויפצונעמען און צו פאַרשטיין אפילו דאָס סאַמע געוועגטלעכסטע חזנות, וואָס ליגט אַבסאָלוט ניט אין מיין געשמאַק. מ׳דאַרף האָבן אויערן פאַר אַלצדינג. וואָרום עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג: יעדער מענטש פונקט ווי ער ווערט געבוירן מיט זיין אייגענעם פּנים, אַזוי ווערט ער אויך געבוירן מיט זיין אייגענעם געשמאַק . . .

איך קאָן ניט זאָגן, אַז איך בין געווען צו נאָענט מיט לייבעלע וואַלדמאַן, אָבער איך בין אויך מיט אים ניט געווען צו ווייט. מיר האָבן יאָרן לאַנג צוזאַמען געזונגען אויף דער זעלביקער ניו־יאָרקער ראַדיאָ־סטאַנציע, די „פאָרווערטס״ סטאַנציע דאַבעליו. אי. ווי. די. — יעדן זונטיק נאָכמיטאָג: ער אַ שעה פריער און איך — אַ שעה שפּעטער. ער האָט געזונגען פאַר דער „וואָרלד קלאָטהינג״ פירמע, אונטער זיין אייגענעם נאָמען חזן לייבעלע וואַלדמאַן, און איך האָב געזונגען פאַר דער „מזרחי אויל״ פירמע, אונטערן נאָמען „דער פּאַלעסטינער זינגער״. ער האָט דורכאויס געזונגען חזנישע תפילות און אידישע לידער וואָס זיינען געווען עטוואָס ווייניקער ווי פון אַ פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער, עפּעס פון אַ סאָרט „תחינה־שניט״, און איך האָב געזונגען דער עיקר ארץ־ישראל־לידער, אָדער ווי מ׳האָט זיי דעמאָלט באַצייכנט „פּאַלעסטינער לידער״, און אויך אידישע פאָלקס־און קונסט־לידער.

ווען מיין פאַרשטאָרבענער קאָלעגע האָט אויף זיינעם אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם איינמאָל פּרובירט זינגען מיין קאָמפּאָזיציע „אשא עיני אל ההרים״, האָב איך אים דערנאָך געזאָגט: „לייבל, אויב דו קענסט ניט צוליב דער אָדער אַן אַנדער סיבה זינגען אַזוי ווי די קאָמפּאָזיציע איז פאַרפאַסט געוואָרן, זינג עס מער ניט״. און ער האָט מיך געפאָלגט. ער האָט מיר גאַנץ אָפנהאַרציק דערקלערט: אַזוי ווי די קאָמפּאָזיציע איז פאַרפאַסט געוואָרן קען ער ניט זינגען, ווייל ער פילט אַז ער וועט ניט זיין קיין דערפאָלג. דעריבער

האָט ער געמוזט די צווייטע העלפט פון דער קאָמפּאָזיציע פאַראיינפאַכן און מאַכן עס צוגענגלעכער, פאַרפּאַלקסטימלעכן מיט זיינעם אַ געוועטלעכן „שטייגער". מיר אָבער איז עס ניט געפעלן געוואָרן, מחמת זיין צוגע־געבענער „שטייגער" האָט זיך לחלוטין ניט געפּאַסט פאַרן תהילים־טעקסט און אויך ניט פאַרן גאַנג און סטיל פון דער נגינה מיט וועלכער איך האָב דאָס קאַפּיטל תהילים באַקליידט. ער האָט עס פאַרשטאַנען און מיר זיינען געבליבן די זעלביקע גוטע פריינט וואָס מיר זענען געווען.

מיט דריי יאָר צוריק, ווען לייבעלע וואַלדמאַן איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן, ווי ער איז איצט פּלוצלונג געשטאָרבן, און האָט ניט געקענט דאַווענען ראש השנה און יום־כיפּור אין דעם באַרימטן ברעיקערס האָטעל אין אַטלאַנטיק סיטי, האָבן די צוויי באַלעבאַטים פון האָטעל, מעלצער און געלער, גענומען אַרומזוכן אַ חזן מיט אַ נאָמען און האָבן מיך אויסגעקליבן פאַר זיין ממלא־מקום.

ניין, איך האָב נישט געהאַט קיין לייכטן „שליט־וועג", מחמת לייבעלע וואַלדמאַן איז געווען שטאַרק באַליבט סיי ביי די צוויי באַלעבאַטים פון האָטעל און סיי ביי די געסט — אַ סך מער באַליבט ווי ווער עס איז פון די פריערדיקע וועלט־באַרימטע חזנים (מיט דער אויסנאַם פון חזן פּינטשיק), וועלכע האָבן דאָרטן געדאַוונט ימים־נוראימס און פּסחס...

איידער איך האָב דעם ערשטן טאָג ראש השנה אינדערפרי זיך געשטעלט זאָגן „הנני", האָב איך מיין קראַנקן קאָלעגע, סיי אין מיין אייגענעם נאָמען און סיי אין דעם נאָמען פון די קרוב צו צוויי טויזנט געסט־מתפללים, געוואונטשן אַ „רפואה־שלימה". איך האָב אויך צו די מתפללים געזאָגט, אַז איך וועל אַבסאָלוט אויף אייך ניט זיין ברוגז ווען איר וועט זאָגן, אַז איך בין ניט ווי לייבעלע וואַלדמאַן, ווייל איך ווייס ווי איר אַלע האָט אים שטאַרק ליב. אָבער אַז איר וועט מיך הערן דאַוונען און איר וועט דערנאָך זאָגן, אַז איך בין ניט געווען מרדכי ירדני, דאָס וועט מיך זייער שטאַרק אַרן...

„די שטימע", סעפּ. 12 1969, מעקסיקאָ

# מאָמענטן — אַרגענטינע

## רייזע־מאָטיוון

עס איז געווען אַ פֿאַרטאָג אין חודש יוני. דער עראָפּלאַן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפֿן בוענאָס־איירעסער לופֿט־פֿעלד און איך האָב געשטעלט מיינע ערשטע טריט אויף אַרגענטינער באָדן.

אויפֿן וועג פֿון מאָנטעווידעאָ, די הויפּט־שטאָט פֿון אורוגוואַי, האָב איך אין עראָפּלאַן זיך באַקענט מיט אַ ניו־יאָרקער אידישן יונגנמאַן, סילווער־סטיין, אַ פֿאַרטרעטער פֿון דער עם. דזשי. מאָאווי־פֿירמע אין האָליוואוד, וואָס מאַכט אָפּטע רייזעס קיין דרום־אַמעריקע. מיר האָבן זיך אין דער קורצער צייט, וואָס נעמט אַריבערפֿליען פֿון מאָנטעווידעאָ קיין בוענאָס־איירעס אַזוי שטאַרק באַפֿריינדעט, אַז ער האָט מיך דערנאָך ניט אָפּגעלאָזט שוין ביז ער האָט מיך געבראַכט צום האָטעל „קאָנטינענטאַל”, וואו איך האָב געהאַט רעזערווירט אַ צימער. ער קען, פֿאַרשטייט זיך, די שטאָט און האָט אויך געקענט שפּאַניש.

דער עראָפּלאַן האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע זעקס שעה און מיין דאַרטיקער אימפּרעסאַריאָ, וואָס איז געקומען מיך באַגעגענען, איז מיד געוואָרן וואַרטנדיק און איז אַוועק אַהיים. מ׳האָט אין לופֿט־פּאָרט בשום אופֿן ניט געקענט אים זאָגן גענוי, ווען דער עראָפּלאַן וועט אָנקומען? צוליב דעם כסדרדיקן שלעכטן וועטער, האָט דער עראָפּלאַן געהאַלטן אין איין פֿאַר־שפּעטיקן.

דער האָטעל „קאָנטינענטאַל” געפֿינט זיך אין סאַמע האַרץ פֿון בוענאָס־איירעס און דער געדרענג פֿון מענטשן און אויטאָמאָבילן, איז דאָרט זייער אַ גרויסער. מ׳גייט און מ׳פּאָרט איינער אויפֿן צווייטן, ווי אויף טיימס־סקווער, אין ניו־יאָרק. איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט אַ פֿרעמדער צווישן פֿרעמדע און האָב אויף אַלצדינג געקוקט. אויפֿן האַרצן איז מיר ניט געווען צו פֿריילעך, איך ווייס ניט פֿאַרוואָס. דער בייסיקער, כמורנער וועטער איז חוצפּהדיק געקראָכן אין די ביינער אַריין. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין אין לאָנדאָן . . . איך האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן אין דעם, אַז אין אַרגענטינע איז איצט ווינטער, און אַז אָט־דער וועטער, איז כמעט אַ שטענדיקער גאַסט דאָרט אין לויף פֿון די ווינטער־חדשים.

פאַרבייגייענדיק אַ גרויסע געביידע, האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ שילד מיט אַ גרויסן אויפשריפט: „בערנאַרדאָ פּייפערמאַכער"... ווייס איך ניט וואָס ס'איז מיט מיר געשען, נאָר איך האָב מיטאַמאָל אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, אַז איך האָב מיך אַזש פאַרשעמט פאַר זיך אַליין!

שפּעטער האָב איך גענומען איינטענהן מיט זיך: „וואָס־זשע, סעם איצקאָוויץ, אָדער דזשעק יאָסעליעוויטש אין ניו־יאָרק, צי אין שיקאַגאָ, קלינגט בעסער? וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאַכט? ס'איז דער זעלביקער בייגעשמאַק, דער זעלביקער גרילץ אין אויער — און מ'דאַרף גראָד ניט זיין קיין מוזיקער דערפאַר: צו דערפילן אָט דעם דאָזיקן גרויסן דיסאָנאַנס...

בוענאָס־איירעס, ווי באַוואוסט, איז די הויפּט־שטאָט פון אַרגענטינע, מיט אַ באַפעלקערונג פון אַריבער דריי מיליאָן מענטשן, אַריינגערעכנט אַ וואָסערע דריי הונדערט טויזנט אידן. און ווי יעדער אַנדער גרויסע שטאָט אין דער וועלט, אַחוץ ניו־יאָרק, ווערט אויך בוענאָס־איירעס באַצייכנט אַלס אַ „צווייטע פּאַריז". אַנדערע רופן בעונאָס־איירעס: „די פּאַריז פון דרום־אַמעריקע". אַרט דאָס מיך ניט.

אָבער דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז בוענאָס־איירעס איז אַזוי ווייט פון פּאַריז, ווי איך פונם שטערן מאַרס. זי קומט אפילו ניט צו דער פאַר־מלחמהדיקער וואַרשע. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס פעלט איר לחלוטין די אַלטע טראַדיציע, סיי פון פּאַריז און סיי פון וואַרשע...

אין איין זאַך אָבער איז בוענאָס־איירעס יאָ ענלעך אויף פּאַריז און דאָס איז אין דער גרויסער צאָל קאַפעען און רעסטאָראַנען. עס מאַכט דעם איינדרוק: ווי גאַנץ בוענאָס־איירעס, וואָלט געווען איין גרויסע קאַפע־הויז! דערביי וואַרפט זיך אייך אין די אויגן זייער אַ טשיקאַווע דערשיינונג: די מייסטע קאַפעען און רעסטאָראַנען זיינען אָנגעפּאַקט מיט בלויז מענער? איך האָב זיך אָנגעפרעגט ביי מיינע באַקאַנטע, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָט קיינער מיר ניט געקענט געבן דערויף קיין באַשטימטן ענטפער. אָבער מאָדנע איז עס, ווייל עס פילט זיך אַ געוויסע טרוקנקייט, עס פעלט די ווייכקייט, וואָס די פרוי טראָגט מיט זיך אַריין.

בכלל האָב איך אויף די גאַסן פון בוענאָס־איירעס באַמערקט אַ גרעסערע צאָל מענער איידער פרויען, כאָטש ס'איז אומעטום אָנגענומען, אַז עס זיינען פאַראַן מערער פרויען ווי מענער. בלויז שבת און זונטיק, האָב איך געזען פרויען און מענער גיין צוזאַמען.

אַחוץ דער גרויסער צאָל קאַפעען און רעסטאָראַנען, קען בוענאָס־איירעס זיך באַרימען מיט איר היפשער צאָל קינאָס און טעאַטערס, וואָס שטייגט אַפילו אַריבער פּאַריז! ס׳איז ממש אַ פאַרפלייצעניש פון קינאָס און טעאַטערס. דאָס איז גראָד אפשר אַ גוטער סימן. די בילדער וואָס מ׳ווייזט, זיינען מייסטנס האָליוואודער און האָבן, פאַרשטייט זיך, שפּאַנישע אויפשריפטן. עס איז באמת שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס מיט אַזאַ ליבשאַפט צו קינאָס אין אַרגענטינע האָט מען ביז איצט ניט אַנטוויקלט קיין אייגענע מאָווי־אינדוסטריע ?! אַחוץ די האָליוואודער מאָוויס, ווייזט מען דאָרט אויך פראַנצויזישע און איטאַליענישע פילמס.

בוענאָס־איירעס האָט אויך אַ וואונדערלעכע אָפּערע־הויז, „טעאַטער־קאָלאָן", וואָס איז אָפן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר. עס קומען אַהין די גרעסטע אַרטיסטן, אָפּערע־זינגער, קאָנצערטיסטן און ווירטואָזן פון גאָר דער וועלט. נישטאָ קיין איין באַרימטהייט, וואָס האָט ניט באַזוכט בוענאָס־איירעס — אָנהויבנדיק מיט קאַרוסאָ, דזשילי, טאָסקאַניני און נאָך אַ סך אַנדערע פענאָמענען!

אַ באַזונדער אינטערעסאַנט קאַפּיטל, איז דאָס נאַכט־לעבן אין בוענאָס־איירעס, וואָס איז זייער שטאַרק פּאָפּולער צווישן דער אַרגענטינער באַפעל־קערונג. די הויפּט־גאַסן זיינען שטאַרק באַלויכטן און בוכשטעבלעך אַ גאַנצע נאַכט באַגעגנט מען מענטשן. אַלע קאַפעען און רעסטאָראַנען און ספּעציעלע נאַכט־קלובן, זיינען אומעטום געפּאַקט. איבער אַ געוויינלעכער טעפּעלע קאַווע קענט איר אָפּזיצן אַ פאָר שעה און מער. קיינער וועט אייך גאָרנישט זאָגן און וועט ניט קוקן אויף אייך קרום — גאָר אַנדערש ווי ביי אונז אין אַמעריקע (דעם אמת מעג מען זאָגן אפילו דעם אייגענעם טאַטן אָדער דער אייגענער מאַמע...). אין די מייסטע קאַפעען, רעסטאָראַנען און נאַכט־קלובן שפּילן אָרקעסטערס און עס טרעטן אויך אויף זינגער און טענצער. איך בין געווען אַן אָפטער גאַסט אין אייניקע פון די אויסגעצ־רופענע נאַכט־קלובן און קאַפעען און ס׳איז באמת געווען אינטערעסאַנט דאָרט צו פאַרברענגען. באַזונדערס אין די נאַכט־קלובן און קאַפעען, וואו עס קומען אַריין פאַרשיידענע קינסטלער, שרייבער, פּאָליטיקער און הויכע מיליטער־לייט.

בוענאָס־איירעס איז די גרעסטע שטאָט אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. זי פאַרמאָגט וואונדערלעכע שיינע געגנטן, פּאַרקן, מוזעומס,

קונסט־גאַלעריעס, זאָאָלאָגישע און פּרעכטיקע באָטאַנישע גערטנער, וואָס פאַרכאַפּן ממש דאָס אויג. אויך דער בוענאָס־אײַרעסער האַפן איז אײנער פון די שענסטע און גרעסטע אין דער וועלט. עס קומען אַהין אָן שיפן מאַרבע פינות העולם, וואָס ברענגען סחורות און טוריסטן. איר קענט דאָרט הערן אויף די גאַסן פאַרשיידענע לשונות.

פאַרשטייט זיך, אַז בוענאָס־אײַרעס, איז דאָס האַרץ מיט דער נשמה סײ פונם לאַנד און סײ פונם אַרגענטינער פאָלק. זי באַווירקט דאָס גאַנצע לאַנד — עקאָנאָמיש, סאָציאַל, קולטורעל און פּאָליטיש. ווי גוט אָדער שלעכט, איז אַ פראַגע וואָס איך וויל זי ניט באַרירן. ס׳וועט זײַן גענוג צו זאָגן, אַז די איצטיקע רעגירונג איז פול מיט ווידערשפּרוכן. עפּעס וויל ער, גענעראַל פּעראָן, דער פּרעזידענט פון אַרגענטינע, נאָר ס׳איז ניט קלאָר וואָס אַזוינס וויל ער... אָבער איך בין ניט געפאָרן קײן אַרגענטינע עפּעס דאָרט צו ענדערן אָדער איבערצומאַכן די רעגירונג. דאָס האָב איך איבערגעלאָזט צו די אַרגענטינער גופא. עס איז זייער זאַך. קײן זייטיקער טאָר זיך ניט אַרײַנ־מישן.

איר קענט געפינען גענוג קריטיק אויף דער רעגירונג אין די צוויי גרעסטע און אײַנפלוסרײַכסטע בוענאָס־אײַרעסער טעגלעכע צײַטונגען: „לאַ־פּרענזאַ" (די פּרעסע) און „לאַ־נאַסיאָן" (די נאַציע), וואָס האָבן זיך כלל ניט וואָס צו שעמען מיט זייער פאַרנעם, רעדאַקציע, אײַנריכטונגען מיט די רײַכסטע צפון־אַמעריקאַנער טאָג־צײַטונגען: די „לאַ־פּרענזאַ" קען פאַרגליכן ווערן צו דער „ניו־יאָרק טײַמס" און די „לאַ־נאַסיאָן" צו דער „ניו־יאָרק טריביון". דאָס זײַנען אָבער ווײַט ניט די אײנציקע טאָג־צײַטונגען, וואָס גייען אַרויס אין בוענאָס־אײַרעס. די צאָל איז אַ גאַנץ היפּשע.

אַוודאי איז ניט אַלץ אין אָרדענונג, שיין און גלאַטיק אין בוענאָס־אײַרעס, פּונקט ווי אין ניו־יאָרק, פּאַריז אָדער ערגעץ אַנדערשוואו. מ׳קען, למשל, זייער פיל אויסזעצן קעגן דעם איבערפלוס פון שמאָלע גאַסן און קלײנע געסעלעך, פון וועלכע די שטאָט לײַדט דערפון גאָר אַ סך. די צאָל ברייטע גאַסן, עוועניוס און בולוואַרן אין בוענאָס־אײַרעס זײַנען ניט גענוג פאַרן ריזיקן פאַרקער. נאָך מער איז ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ שטאָט פון איבער דרײַ מיליאָן מענטשן, האָט נאָך ביז איצט ניט קײן טראַפיק־ליכט? יעדעס מאָל, וואָס איר גייט איבער אַ גאַס, דאַרפט איר בענטשן „גומל". אויסער דעם וואָס ס׳זײַנען נישטאָ קײן „טראַפיק־ליכט", זײַנען נאָך די

אויטאָמאָביל־טרייבערס דערצו שרעקלעך אומפּאַרזיכטיק. מ׳פּאַרט ניט גלייך, נאָר זיגזאַגיש! איך בין אָפּט געשטאַנען און באַוואונדערט די מענטשן, ווי אַזוי זיי האָבן באַוויזן דורכצוגיין די גאַס? איר ווייסט קיינמאָל ניט פון וואַס פאַר אַ זייט אַן אויטאָמאָביל, אָדער אַ טראַק קען אויף אייך אָנפליען. רעדט איר אָבער וועגן דעם מיט בוענאָס־איירעסער איינוואוינער, לאַכן זיי פון אייך...

עס ווילט זיך אויך מאַכן אַ באַמערקונג וועגן דעם דוחק פון מאָדערנע אַפּאַרטמענטס מיט צענטראַלע באַהייצונג, וואַרעמע וואַסער און נאָך אַנדערע נייקייטן. צופיל אַלטע הייזער קענט איר געפינען אין בוענאָס־איירעס, וואו קיין ליכט דרינגט קיינמאָל ניט אַריין. דאָס מוז זיך זייער שלעכט אָפּרופן אויפן געזונט פון דער באַפעלקערונג. די אַלטע הייזער האָבן מיך דערמאָנט אין געוויסע אָרעמע געגנטן אין דער מעטראָפּאָליע ניו־יאָרק און אויך אין אַ סך אַנדערע שטעט פון אַמעריקע ווי: שיקאַגאָ, באָסטאָן, פילאַדעלפיע, באַלטימאָר, וועמעס „סלאַמס״ רופן ביי מיר אַלע מאָל אַרויס טיפן האַרץ־ווייטיק. אַך, ווען מ׳וואָלט די דאָזיקע אַלטע חורבות געקענט פון אומעטום באַזייטיקן...

אויף צו קענען גוט אַ מענטשן, דאַרף מען מיט אים זיין נאָענט. דאָס זעלביקע איז אויך מיט אַ פאָלק, מיט אַ לאַנד. אויב מ׳וויל באמת זיך באַקענען מיט אַ פאָלק, איז נישטאָ קיין בעסערער מיטל, ווי צו פאָרן אָנקוקן אים מיט די אייגענע אויגן, פילן אים מיט די אייגענע חושים, זיין מיט אים, עסן מיט אים, טרינקען מיט אים אַ גלאָז ביר אָדער וויין, פאַרברענגען מיט אים אין אַ קאָפע אָדער רעסטאָראַן, זיצן מיט אים ביי אַ קאָנצערט, אָדער אין דער אָפּערע צי אין טעאַטער, גיין אַהיים צו אים צו גאַסט, אאַז״וו.

עס איז זייער גרינג צו דערקענען דעם פראַנצויז אין פּאַריז, ווי ס׳איז גרינג צו דערקענען און אויך דערפילן — דעם פּאָליאַק אין וואַרשע. אָבער ס׳איז לחלוטין ניט גרינג צו דערקענען — און נאָך מער צו דערפילן — דעם אַרגענטינער אין בוענאָס־איירעס... איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די אמתע פיזיאָנאָמיע פונם אַרגענטינער, איז נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעפורעמט געוואָרן. עפּעס איז דער אַרגענטינער פון בוענאָס־איירעס אַ געמיש פון: טונקל, ברוין, בלאָנד... ער דערמאָנט אייך, אַגב, אין דעם קובאַנער, דער עיקר אין האַוואַנאַ, וואָס איז אויך אַ ביסל אַן ענלעכער געמיש...

אָבער ווי אַנדערש, די טונקל אָדער ברוינע אַרגענטינערין, איז פון דער

טונקל אָדער ברוינע קובאַנעריןו! די ערשטע זיינען אפשר מער קולטורעלער און ראַפינירטער, אָבער דערפאַר זיינען די אַנדערע צוויי, מער טעמפּע־ראַמענטפולער, מער פייערדיקער, מער רייצנדיקער און גערנוויליקער! די טונקל אָדער ברוינע קובאַנעריןו, עסט אייך ממש אויף מיט די אויגן...

אין אַלגעמיין איז אַרגענטינע אַ מערקווירדיק לאַנד און ביז גאָר אַ מערקווירדיקער פאָלק. דאָס לאַנד איז ריזיק גרויס און די באַפעלקערונג, ווי שוין געזאָגט, איז קליין. דאָס לאַנד איז רייך און דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג לעבט שטאַרק אָרעם. דער אַרגענטינער ווערט פאַר־רעכנט פאַרן קולטורעלסטן צווישן די לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער, אָבער קיין צופיל ליבע פאַר אַרגענטינע, וועט איר ביי די לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער נישט געפינען — און דאָס זעלביקע פאַרקערט. אַרגענטינע באַוואונדערט זייער שטאַרק אונזער אַמעריקע, אָבער זי האָט זי נישט צופיל ליב. גענעראַל פּעראָן ווערט מיט רעכט באַטראַכט אַלס דער דיקטאַטאָר פון אַרגענטינע, דאָך דערשיינען אין בוענאָס־איירעס קאָמוניסטישע, אַנאַרכיס־טישע, סאָציאַליסטישע און נאָך אַנדערע „איסטישע" צייטונגען און זשורנאַלן! אין די פענצטער פון די פאַרשיידענע ביכער־געשעפטן, ליגן צעלייגט אַלערליי סאָרטן ביכער — פון יעדן מין „איזם", וואָס ס'איז נאָר פאַראַן אויף דער וועלט...

נו, פאַר איינעם, וואָס קומט פון ניו־יאָרק און וואָס איז אויסגעפאָרן אַ וועלט און האָט איינציקע מאָל באַזוכט פּאַריז, לאָנדאָן, בערלין, בוקאַרעסט, בערן, בודאַפּעסט, ווין, אַלעקסאַנדריע, ירושלים, רוים, אַלזשיר, תל־אביב, קאַירא, האַוואַנאַ, ניו־אָרלינס, מעקסיקאָ־שטאָט, בריסעל, לאָס־אַנדזשעלעס, סאַן־פראַנציסקאָ, שיקאַגאָ, באָסטאָן, פילאַדעלפיע, דעטראָיט, מאָנטרעאָל, קאָפּענהאַגען, סטאָקהאָלם, מאַדריד, אַמסטערדאַם, אַטען און נאָך אַ סך אַנדערע גרויסע באַרימטע שטעט אין איירעפּע און אַמעריקע, קען ניט צופיל ווערן איבערראַשט פון בוענאָס־איירעס. דאָך ראָט איך יעדן פון מיינע פריינט, אַז ער זאָל פאָרן אָנקוקן די דאָזיקע שטאָט: ער וועט דאָרט געפינען זייער פיל אייגנאַרטיקעס. בוענאָס־איירעס איז בלי־שום־ספק אַ שטאָט מיט אַן אייגענעם פּנים, אייגענעם קאָליר און פאַרב!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", נאָוו. 17, 1950, נ. י.

# יעקב שייפער

## אַ וואָגיקער קאָמפּאָזיטאָר

ס'איז מערקווירדיק וואָס גראָד אויפ'ן שטיינערנעם באָדן פון אַמעריקע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אַ רייכע אידישע ליטע־ראַטור. און נאָך מער אינטערעסאַנט איז, וואָס דווקא דאָ, אויפ'ן זעלביקן האַרטן באָדן, האָט זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אַן אָריגינעלע אידישע מוזיק — איבערהויפּט דער נגינה־צווייג.

מיר האָבן ביז איצט ניט קיין פולן באַגריף, וואָס פאַר אַ רייכע מוזיק־אוצרות עס זיינען געשאַפן געוואָרן אין אַמעריקע. עס זיינען ביז איצט אויך ניט געגעבן געוואָרן קיין גענויע אָפּשאַצונגען פון די אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן — ווער אין אַ גרעסערער און ווער אין אַ קלענערער מאָס — דער אַנטוויקלונג פון אידישער מוזיק אין אַמעריקע. דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן די אידישע כאָר־דיריגענטן, וואָס האָבן במשך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אָנגעפירט מיט גרויסע אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמעריקע, וועמעס פאַרדינסטן פאַר'ן אידישן ליד, אידישער פּאָעמע איז אין־לשער. די אידישע מוזיק, פונקט ווי די אידישע ליטעראַטור, דער אידישער טעאַטער, איז האַסטיק געוואָקסן — אָנהויבנדיק פון סאָלאָ־געזאַנגען, ביז די גרויסע וויכטיקע כאָר־אַרבעטן, פאַר־מעסטונגען, ווי קאַנטאַטעס, אָראַטאָריעס וכדומה.

די צאָל געדרוקטע אידישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס פילן אָן די קאַטאַלאָגן, איז אַ גרויסע, אָבער פיל גרעסער איז די צאָל פון ניט־געדרוקטע אידישע מוזיקאַלישע שאַפונגען, וואָס ליגן ביי די קאָמפּאָזיטאָרס אין די שופלאָדן. איך זאָג עס אויפ'ן סמך פון מיינע פערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט אידישע קאָמפּאָזיטאָרס אין אַמעריקע. ווען מען זאָל צוזאַמענעמען אַלע מוזיק־שאַפונגען און זיי אָפּדרוקן, וואָלט זיך באַקומען אַ רייכער אוצר פון אידישער מוזיק.

אָפט טראַכט זיך: מען גיט ביי אונז אַרויס אַנטאָלאָגיעס פון אידישע פּאָעזיע, דערציילונגען, עסייען, געשיכטעס וועגן דער אידישער ליטעראַטור, לעקסיקאָנען פון אידישע שרייבער — פאַרוואָס גיט מען ניט אַרויס קיין אַנטאָלאָגיעס פון אידישע מוזיק שאַפונגען, סאָלאָ־און כאָר־אַרבעטן, אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציעס (פאַראַן אַזעלכע אויך !),

געשיכטעס וועגן דער אידישער מוזיק, לעקסיקאָנען פון אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס און כאָר־דיריגענטן? פאַרוואָס זאָל דער קומענדיקער דור ניט וויסן, ווער די אַלע מוזיק־שאַפער זיינען געווען און די ווערק, וואָס יעדער פון זיי האָט פאַרפאַסט? אַ סך פון די שאַפונגען, וואָס ליגן ביי די אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס אין די שופלאַדן, וועלן מיט דער צייט צעפליקט, פאַרלעגט ווערן און פאַרלאָרן גיין. דער דאָזיקער געדאַנק גיט מיר פּשוט ניט קיין מנוחה. מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז אָן אידישער מוזיק מיט אַלע אירע צווייגן, קאָן ניט זיין קיין פולע גאַנצע אידישע קולטור.

אַ גאָר, גאָר וויכטיקן אָרט אינ׳ם אידיש־מוזיקאַלישן לעבן פון אַמעריקע, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, דיריגענט, בויער און גרינדער פון אידישע פאָלקס־כאָרן, פאַרנעמט דער יונג־פאַרשטאָרבענער יעקב שייפער. דאָס איז געווען אַ טאַלאַנט פון גרויס באַדייט, איבערהויפּט אַלס וויכטיקער שאַפער פון גרויסע כאָר־קאָמפּאָזיציעס. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך פאַר־מאָסטן צו פאַרפאַסן עכט־אידישע קאַנטאַטעס און אָראַטאָריעס, וואָס וועלן בלייבן לדורות. זיין מוזיק, אַשטייגער, צו פּרצ׳עס „צוויי ברידער״, אָדער צו באָוושאָווער׳ס באַוואוסט ליד „הייב אויף דיינע אויגן״, זיינען פּערל פון אידישע מוזיקאַלישע שאַפונגען.

יעקב שייפער האָט געוואוסט פון וואַנען ער קומט, און וואָס ער וויל אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען. ער איז ניט געגאַנגען צו קיין פרעמדע קוואַלן זוכן טענער און טעמעס, ער האָט זיי געהאַט אין זיין בלוט, האַרץ און נשמה. זייענדיק דורכגעזאַפּט מיט דער אידישער נגינה פון זיין פריסטער יוגנט אָן, ווי אַ משורר ביי חזנים, ווי אַ דיריגענט אין שולן, האָט ער געשעפּט די נגינה פון אידישע קוואַלן. אַלטע אידישע נוסחאות האָבן געקראָגן אַ תיקון אין זיינע מוזיקאַלישע ווערק — דער עיקר אין אָט די צוויי פריער דערמאָנטע פאַרנעמיקע קאָמפּאָזיציעס.

אַז יעקב שייפער איז געווען איינער פון אונזערע באַגאַבטסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס אין אַמעריקע, וועגן דעם איז קיין ספק ניטאָ. אַז ער איז אויך געווען אַ פּראָדוקטיווער מוזיק־שאַפער, אויך דאָס איז גוט באַקאַנט. אָבער דער קען־צייכן פון אַ קאָמפּאָזיטאָר, ווי פון יעדן שאַפער, איז ניט בלויז זיין באַגאַבטקייט אָדער זיין פּראָדוקטיווקייט אַליין, נאָר אויך וויפיל זיין טאַלאַנט שניידט זיך אין דער טיף, און אויך אין וואָס פאַר אַן אופן ער דריקט זיך אויס; אויף וויפיל איז ער אָריגינעל און אין וואָס זיין אייגנאַרטיקייט

באַשטייט: צי האָט ער געשאַפן אַן אייגענעם סטיל אָדער ער איז געגאַנגען אויף די וועגן וואָס אַנדערע פאַר אים האָבן אויסגעטראָטן; ווי גרויס איז געווען זיין נאָוואַטאָרישקייט; וועלכע שליאַכן האָט ער אויסגעפלאַסטערט פאַר די צוקונפטיקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און פאַר זיינע מיטצייטלער.

יעקב שייפער איז געקומען קיין אַמעריקע אַן אַנגעלאָדענער מיט אַ ירושה פון ליטורגישער נגינה, וואָס איז באַשטאַנען פון קאָמפּאָזיטאָרישע שאַפונגען, צווישן זיי גאַנץ פּרימיטיווע, ווי די קאָמפּאָזיציעס, אַשטייגער, פון אַ זיידל ראָווגער און זיין גלייכן, און אויך פון גאַנץ וואָגיקע ווערק פון אַ געראָוויטש, נאָוואַקאָווסקי, ברוך שאָר, דונאַיעווסקי, בייער, לעוואַנ־דאָווסקי, סולצער, אָבער צום מייסטן — מיט די פשוט'ע, אָבער גאָר רייכע היימישע כל'ערליי אַלטע אָנגעדאָווגטע אידישע נוסחאות — די, מיט וועלכע מ'האָט זיך באַנוצט אין די שולן און קלויזן אין זיין וואָלינער היימשטעטל קרעמענעץ. אָט־די היימיש־אויסגעזונגענע אַלטע כל'ערליי אָנגעדאָוונטע נוסחאות, ווי אויך די דבקות'דיקע און חדווה'דיקע חסידישע ניגונים, זיידעשע און טאַטעשע זמירות, אַזוי גוט ווי דער רייכער אוצר פון אָנגעזאַמלטע פאָלקס־לידער, פאָלקס־מאָטיוון, זיינען דער סאַמע קערן־צייכן פון יעקב שייפער'ס גרויסן טאַלאַנט און קאָמפּאָזיטאָרישן מהות.

ניט אין זיין באַוואוסטער „אָקטאָבער"־אָראַטאָריע; אויך ניט אין דער נאָך מער וואָגיקער „בירא־בידזשאַן"־אָראַטאָריע אָדער אין דער „צוועלף"־אָראַטאָריע, וועט איר געפינען שייפער'ס פולן און גאַנצן קאָמפּאָזיטאָרישן טאַלאַנט און קערנדיקייט פון זיין מוזיק, פון זיין שאַפונגס־קראַפט, נאָר זוכן זאָלט איר אים און געפינען וועט איר אים דורכאויס אין דער אָראַטאָריע די „צוויי ברידער" — און נאָך מער אין אַ ריי קלענערע כאָר־אַרבעטן, ווי „הויב אויף דיינע אויגן", „נישקא", און אין אַזעלכע טרעפלעכע אַראַנזשירונגען ווי דאָס פאָלקס־ליד „יאַשקע פאָרט אַוועק". דאָ וועט איר שייפער'ן געפינען אַ גאַנצן, אַ רייפן, ביז צו דער קלענסטער נאָטע און פויזע.

געוויס האָט יעקב שייפער אין אָט־די אויסגערעכנטע אָראַטאָריעס, ווי „אָקטאָבער", „צוועלף", „בירא־בידזשאַן" און אַ גאַנצע ריי קלענערע כאָר־קאָמפּאָזיציעס, באַוויזן אַ סך מוזיקאַלישע חריפות'ן, אָבער בעת אין די־אַ ווערק איז ער געגאַנגען אויפן וועג וואָס אַנדערע פאַר אים האָבן אויסגע־טראָטן, האָט ער אין דער אָראַטאָריע די „צוויי ברידער", און נאָך מער אין די צוויי קלענערע כאָר־קאָמפּאָזיציעס „הייב אויף דיינע אויגן" און „נישקא",

אָדער אין דער אַראַנזשירונג פון פאָלקס־ליד „יאָשקע פאָרט אַוועק״, אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר אַנדערע נאָך אים — אַ וועג, וואָס איז אָריגינעל מיט אַן אייגענעם מוזיקאַלישן סטיל און נוסח.

ווען איר הערט זיך איין אין די שאַפונגען פון די „צוויי ברידער״, „הויב אויף דיינע אויגן״, „נישקאָ״, אָדער אין דער באַאַרבעטונג פון „יאָשקע פאָרט אַוועק״, פילט איר בפועל־ממש די גרינגקייט פונם מחבר׳ס האַנט און פיר מיט דער פען, ווי ער איז געלאָפן איבער די בויגנס נאָטן־פּאַפּיר, ווייל עס האָט זיך אים געשריבן ווי פון זיך אַליין — פון אינווייניק אַרויס. ער האָט געפילט יעדע נאָטע, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט אויפ׳ן פּאַפּיר — און יעדע נאָטע האָט אים געפילט. עס האָט געהערשט אַ לעבעדיקער קאָנטאַקט צווישן אים און דער מוזיק — און דער מוזיק און אים. דער זאַפּט פון די היימישע אַלטע נוסחאות און כל׳ערליי ניגונים, חסידישע און פאָלקישע, האָט אַראָפּ־גערונען אויף די בויגן נאָטן־פּאַפּיר און באַפּרוכטיקט די ווייסע און שוואַרצע ליניעס מיט האַרציקע סאָלאָ און פיל־שטימיקע געזאַנגען.

אַ וואָכעדיקער מנחה־טאָן; אַ פּראָסטער מעריב׳דיקער־קלאַנג; אַ מעביר־סדרה׳דיקער־פּזר; אַן אקדמות׳דיקער־שאַל; אַ לכה־דודי׳דיקער־אָפּשיין; אַ תהילים׳דיקער פונק; אַ משנה׳דיקער גלאַנץ; אַ גמרא־פינגער׳־דיקער דריי; אַ ימים־נוראים׳דיקער־קריאת־התורה׳דיקער בליץ; אַ ראש־השנה׳דיקער־פלאַם; אַ שבת־שחרית׳דיקער־און מוסף׳דיקער־עכאָ; אַ משניות־לערנענ׳דיקער־קנייטש — זיינען פון שייפער׳ן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איבערזעצונגען פון אויסגעפורעמטע מאָדולירנדיקע נאָטעס און גאַמעס, טענער און אַקאָרדן אין ריטמישן געזאַנג; איבערגעקנאָטן געוואָרן אין סדר׳דיקע גראַמאַטיקאַלישע מוזיקאַלישע זאַצן און פּאַראַגראַפן, פראַגמענטן און קאַפּיטלען, וואָס האָבן זיך אויסגעשמאָלצן אין פאַר־רונדיקטע נגינה׳דיקע ווערק.

דאָ ליגט יעקב שייפער׳ס אמת׳ע מוזיקאַלישע גבורה, שאַפערישער כוח און אָריגינאַליטעט. דאָ שיינט ער אַרויס מיט זיין פאַרביקייט און טיפקייט. דאָ רירט ער אָן אינ׳ם צוהערער עפּעס, וואָס איז אים אייגן; עפּעס, וואָס וואָרצלט טיף אין אים; עפּעס וואָס רופט אַרויס דערמאָנונג און מאָנונג אין אים. דאָס איז די העכסטע מדרגה פאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר — און פאַר יעדן שאַפער.

לאַנג האָט די אידישע מוזיק אין אַמעריקע געוואַרט אויף שייפער׳ן.

אָבער ס'איז כדאי געווען דאָס וואַרטן. עס האָבן זיך באַוויזן פּאָר איר גאַנץ נייע האָריזאָנטן. פון שמאָלע סטעזשקעס איז זי אַרויס אויף ברייטע וועגן. פון קליינע מיניאַטור־לידער און קורץ־אָטעמדיקע כאָר־אַרבעטן צו פּאַרנעמיקע אָראַטאָריעס, קאַנטאַטעס אונטער דער באַגלייטונג פון גרויסע סימפאָנישע אָרקעסטערס. פון אַ הייפעלע מענטשן צו גרויסע, פול־געפּאַקטע אוידיטאָריעס אין טאַון האָל, קאַרנעגי האָל, מעקאַ טעמפּל, האַנטער קאָלעדזש, מעדיסאָן סקווער גאַרדן, בראָנקס קאָליסעאום.

און דאָס אַלץ האָט באַוויזן איין מענטש, וועמעס השפּעה האָט זיך תיכף געלאָזט פילן. די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן פאַרקאָטשעט די אַרבל און מיט פרישן ברען און יוגנטלעכן אימפּעט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. עס איז מיטאַמאָל אַנטשטאַנען אַ שפע (שעפע) פון גרויסער כאָר־שאַפונגען. שייפער איז געווען דער, וואָס האָט געוויזן דעם וועג און די אידישע מוזיק און דורך דעם געוואָרן רייכער, פאַרביקער, שענער און באַדייטנדיקער. דער נאָמען יעקב שייפער וועט דעריבער בלייבן אין דער געשיכטע פון דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע: יעקב שייפער — דער אָריגינעלער שאַפער ביי אידן פון אידישע אָראַטאָריעס.

שייפער'ס אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט, זיין ווילנס־קראַפט, זיין גייסט און נשמה, דערהויפּט זיין מוזיקאַלישער טאַלאַנט, לאָזט זיך באַזונדערס דערקענען אין דעם גאַנג פון זיין אייגענעם סטיל, טאָן און מוזיקאַלישער פראַזע, אין די אַלע מאָטיוון און מעלאָדיעס, וועלכע ער האָט אַזוי גלאַטיק „אַריינגעהובליעוועט" (ער איז געווען אין דער יוגנט אַ סטאָליאַר), אין זיינע פיל־צאָליקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס צו די טעקסטן פון פאַרשיידענע אידישע דיכטער, וועמעס געפילן און שטימונגען ער האָט געהאָלפן פאַר־פעסטיקן אין אידישן לעבן צווישן די אידישע פאָלקס־מאַסן איבער גאַנץ אַמעריקע.

זינט זיין געבוירן אָן איז יעקב שייפער'ס לעבן באַשטאַנען פון אויס־דריקן זיך דורך דעם געזונגענעם, שפּרודלדיקן שאַפנדיקן וואָרט. ער האָט אָנגעהויבן פונ'ם רעליגיעזן וואָרט אין שול אין זיין וואָלינער היים־שטעטל און האָט פאַרענדיקט מיט'ן מאָדערנעם אידיש ליד און פּאָעמע אין קאַרנעגי האָל און נאָך אַנדערע גרויסע קאָנצערט־זאַלן אין ניו יאָרק. עס איז אַ גאַנץ ווייטער מהלך אָט דעם וועג דורכצומאַכן, מען דאַרף האָבן כוחות אים דורכצושפּאַנען; עס פאָדערט זיך צו זיין אָן אמת'ער גיבור כדי ניט צו

פֿאַרפֿאַלן ווערן ערגעץ אונטערוועגנס; אָבער אַן אמת׳ער געבענטשטער טאַלאַנט שלאָגט זיך דורך אפֿילו דורך פֿעלזן־שטייגער.

און יעקב שייפֿער איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט, אַ גאָט־געבענטשטער מוזיקער, אַ געבוירענער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט אין זיך איינגעזאַפּט דעם אידישן מאָטיוו, דעם אידישן פֿאָלקס־נוסח און פֿאָלקס־טאָן און פֿון וואַנען עס האָבן געשלאָגן גאָר באַזונדערע טיפֿע קוואַליקע שטראָמען פֿון אידישן געזאַנג און מוזיק.

שייפֿער׳ס קאָמפּאָזיציעס זיינען דורכגעדרונגען סיי מיט זיין אייגענער לעבנס־אָנשויאונג און סיי מיט די לעבנס־אָנשויאונגען פֿון די אידישע פֿאָלקס־מאַסן, וואָס זיינען שטענדיק געווען אין אַלע צייטן זיין איינציקע נאַרונגס־שפּייז; דערפֿון נעמט זיך די קרובה׳שאַפֿט צווישן אים און די ברייטע אידישע פֿאָלקס־שיכטן. ער האָט אויף אַ דירעקטן אופֿן אויסגעדריקט די געפֿילן און שטרעבונגען, וואָס פֿלאַקערן טיף אין די הערצער פֿון די אידישע פֿאָלקס־מענטשן. ער איז מיטגעריסן געוואָרן פֿון זייערע פֿאַרלאַנגען און וואונטשן, פֿון זייער קעמפֿערישקייט און אמת׳דיקייט און ער האָט עס אויף זיין אייגענעם מוזיקאַלישן שטייגער דורך לעבעדיקע טענער און האַרמאָנישע קלאַנגען געבראַכט צום אויסדרוק אין זיינע פֿאַרשיידענע שאַפֿונגען.

אין יעדער פֿון שייפֿער׳ס קאָמפּאָזיציעס שפּירט זיך דער טיפֿער גלויבן אינ׳ם מענטשן און אין אַ בעסערער וועלט. דורך די קלאַנגען פֿון זיין אָראַטאָריע „אָקטאָבער״, אַ שטייגער, זאָגט ער אַן אין אויפֿשאַלנדיקע, צעהעלטע טענער דאָס אָנקומען פֿון אַ נייער וועלט, וואָס וועט זיין אַנדערש ווי די אין וועלכער מיר לעבן איצטער. דאָס וואָס איצט זיינען פֿאַראַן ערנסטע פּראָבלעמען איז ניט זיין שולד. ער דריקט דאָרט אויס דעם קאַמף, דעם גאַנצן שטורעם און אויפֿברויז, וואָס דער מענטש מאַכט דורך, דערהויבט אים און פֿילט אים אָן מיט שטאָלץ און האָפֿענונג. די מוזיק פֿון דער „אָקטאָבער״־אָראַטאָריע איז אָנגעלאָדן מיט רעוואָלוציאָנערע אידייען, געדאַנקען און שטימונגען. מיט אַ סטיכישער קראַפֿט וויקלט שייפֿער פֿאַנאַנדער פֿאַר אונז דעם גאַנג פֿון אָקטאָבער מיט זיין קריגערישקייט, מיט זיין קעמפֿערישקייט און די געפֿילן, וואָס שלאָגן טיף אין די הערצער פֿון יענע וועלכע נעמען אין אים אַן אָנטייל.

שייפֿער׳ס גאַנצער שאַפֿן, אָנהויבנדיק מיט אברהם ליעסינ׳ס

„מאַרטירער־בלוט״, אַלעקסאַנדער בלאָק׳ס „צוועלף״, פּרץ׳עס „צוויי ברידער״, „אָקטאָבער״ און פאַרענדיקנדיק מיט „בירא־בידזשאַן״ און אַ גאַנצע ריי קלענערע זאַכן ווי י. א. ראָנטש׳ס „אונזער פירער״, יוסף באָוושאָווער׳ס „הויב אויף דיינע אויגן״, און מאָריס ווינטשעווסקי׳ס „קאַמף־געזאַנג״, טראָגן אין זיך דעם רוף צו פאַרברידערונג, צו מענטשלעכקייט, צו אַ ליכטיקער צוקונפט. ער האָט אין יעדער קאָמפּאָזיציע נייע פּעדים אַריינגעוועבט און אין יעדן פון זיי געלאָזן אויפדעקן פאַר אונז נייע וועגן און מעגלעכקייטן.

כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר איז פאַר שייפער׳ן געווען דאָס זוכן פאַר זיינע שאַפונגען נייע אויסדרוקס־פאָרמען; ער האָט שטענדיק געזוכט פאַר זיך נייע וועגן און מעגלעכקייטן, ווי אַזוי צום בעסטן אַרויסצוברענגען דעם אינהאַלט פונ׳ם ליד און פאָעמע מיט דער הילף פון מוזיקאַלישע קלאַנגען. אָבער ניט אומעטום און ווייט ניט אין אַלץ איז אים געלונגען אַרויסצוברענגען דווקא דאָס וואָס אים האָט זיך געגלוסט און דורכאויס געוואָלט. ערגעץ וואו האָט ער אַוודאי געמוזט בלייבן אַן אומצופרידענער מיט זיך, צוליב אַ געוויסער פראַזע דאָ און אַ געוויסער פראַזע דאָרט. בדרך־כלל אָבער איז שייפער דערגאַנגען צו אַ שלימות אין זיינע שאַפונגען, וועלכע גאָר אַ סך מוזיקער וואָלטן זיך עס געוואונטשן.

נעמען מיר פון אַ ריין מוזיקאַלישן שטאַנדפּונקט, איז זיין אָראַטאָריע „בירא בידזשאַן״ בלי שום ספק שייפער׳ס גרעסטע מוזיקאַלישע ווערק. דאָ באַווייזט ער זיך ווי אַ רייפער און צייטיקער מוזיקער אין זיין פולער פּרוכט־קייט און צעהעלטקייט. אָבער דער גאָלדענער גלאַנץ פון צייטיקן האַרבסט, וואָס רוט אויף דער אָראַטאָריע „בירא־בידזשאַן״ קאָן באין־אופן ניט קאָנקורירן מיט דעם צעפּרילינגטן באַגינען, וועלכער גרינט אויף דער אָראַטאָריע די „צוויי ברידער״ — צוליב דעם אויסערגעוויינלעכער פאָלקס־טימלעכקייט פון דער מוזיק מיט וועלכער דאָס דאָזיקע ווערק איז אָנגעלאָדן.

די מוזיק פון די „צוויי ברידער״ איז דורכאויס מעלאָדיש און ליריש פון אָנהויב ביז׳ן סוף. זי באַשטייט פון גאָר אַ סך פאָלקס־נוסחאות, פאָלקס־מאָטיוון, פאָלקס־טענער, וואָס זיינען איטלעכן באַקאַנט. דאָס פאָלק האָט זיך דאָרטן דערקענט — און דאָס מיינט אַ סך פאַר׳ן שאַפער. דאָס פּנים פון פאָלק שיינט אַרויס אין יעדער פראַזע, אין יעדן זאַץ. אין דער דאָזיקער אָראַטאָריע זינגט שייפער געני ווי דאָס פאָלק האָט געפילט און געוואָלט, אַז

ער זאָל זינגען, אָבער אין „בירא־בידזשאַן״ זינגט שייפער ניט לויט די פאָלקס־געפילן, נאָר לויט זיינע אייגענע קינסטלערישע געפילן, וואָס האָבן אים דיקטירט. ער האָט פּרובירט אַוועקגיין אַן אַ זייט, האָט דאָס פאָלק זיך ניט דערקענט, און דעריבער האָט ער „בירא־בידזשאַן״ ניט אויפגענומען מיט דער זעלביקער באַגייסטערונג, ווי ער האָט אויפגענומען די „צוויי ברידער״.

געוויס האָט שייפער אין „בירא־בידזשאַן״ אַריינגעטראָגן עפּעס נייעס, גאָר אָריגינעלעס, וואָס וועט ניט ווינציק באַאיינפלוסן די קאָמפּאָזיטאָרס פון זיין דור, שאַפנדיק אַ געוויסער מאָס אַן אייגנאַרטיקן סטיל. אָבער עס דאַרף נאָך געדויערן ביז די אידישע פאָלקס־מאַסן וועלן זיך מוזיקאַליש אויסבילדן אויף אַזויפיל, אַז זיי זאָלן קאָנען אויפנעמען אַזאַ הויך־מוזיקאַליש ווערק.

שוין די ערשטע זאַצן פון די „צוויי ברידער״ לייגן זיך מחיה׳דיק אויפ׳ן אויער. די קלאַנגען פון די שטייגער־מאָטיוון דערציילן אייך דאָס גאַרע „מעשה׳לע״ פון דער אָראַטאָריע, וואָס שיילט זיך אויס עפּעס ווי אַ חלום, פון אַ דורכזיכטיקן ווייטן אַמאָל, קודם ווי אַ זון־אויפגאַנג, דערנאָך ווי אַ ברייטער טוך, וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער און לייגט זיך אויס אין פאַר־שיידענע וואַריאַנטן, פאַלדן און קנייטשן, אין אויסערגעוויינלעכע צאַרטע מעלאָדישע טענער, וואו דער ריטם בייט זיך פון צייט צו צייט, לויט דער סצענע, לויט דעם בילד, לויט דער שטייגונג — אויף דער קאַנווע פון היימישע האַרציקע ניגונים און אָרקעסטרירונגען.

שייפער איז אָבער ניט נאָר געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר, ער איז „אויך״ געווען אַ דיריגענט פון גרויסע כאָרן. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַ סך ליבשאַפט, וואָס האָט אים געוואַרעמט און געמוטיקט אין זיין אַרבעט. ער האָט פאַר דער דאָזיקער וואַרעמקייט זיי צוריקגעצאָלט מיט שעפערישע ווערק, וואָס וועלן בלייבן אויף גאַנצע דורות. ער האָט אפשר ווי אַ דיריגענט ניט געגלאַנצט ווי אַלס קאָמפּאָזיטאָר, אָבער ער האָט פאַרמאָגט גענוג כוח אויף צו באַהערשן און באַווירקן די זינגער, אַז זיי זאָלן אינגאַנצן אים זיך איבערגעבן אין די הענט אַריין. עס האָט זיך געפילט אַ גאַנצקייט, אַן איינהייטלעכקייט צווישן אים און די זינגער, ווייל איין אידעאַל, איין גלויבן האָט זיי באַהערשט — אי אים אי זיי.

אין דעם איז באַשטאַנען יעקב שייפער׳ס דערפאָלג, סיי אַלס דיריגענט און נאָך מער אַלס קאָמפּאָזיטאָר.

„מאָרגן פרייהייט״, מאַי, 8, 1977, נ. י.

# וועגן וואַרעמער און קאַלטער חזנות

## דעם אָנדענק פון מיין זיידן מאיר־דוד

אויף די שפּאַלטן פונם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" ווערט איצט געפירט אַ הייסע מוזיקאַלישע דעבאַטע, אין וועלכער עס נעמען אַנטייל פּשוטע לייענער, פּאַך־מענטשן, קאָמפּאָזיטאָרס, טעאָרעטיקער און קריטיקער. די דעבאַטע איז אַרויסגערופן געוואָרן צוליב דעם נייעם סאָרט חזנות, וואָס ווערט אין די שטאָטן אָנגערופן „קאָנסערוואַטיווער" חזנות — אַ חזנות, וואָס איז נישט מילכיק און נישט פליישיק און לאָזט איבער דעם היימישן אידן און דעם אמתן ליבהאָבער פון חזנות קאַלט...

דער ענין „קאָנסערוואַטיווער חזנות" איז ניט בלויז אַ פראַגע פון אַ נייער שיטה אין חזנות, כאָטש דאָס אַליין איז גענוג שלעכט, ווייל ער דער־ווייטערט זיך פון די אמתע קוואַלן פון חזנות, נאָך פיל ערגער איז וואָס ער קומט צו אַנטקרויפּן די אמתע ראָל פונם חזן, וואָס האָט במשך פון דורות געשפּילט אינם אידישן לעבן. אין אַנדערע ווערטער: ער קומט ניט בלויז ווי אַ באַגראָבער פונם סאָרט חזנות צו וועלכן אידן זענען פון לאַנגע דורות אָן געוואוינט געווען, נאָר אויך ווי אַ באַגראָבער פון זיין טרעגער, פונם חזן, בכן, די סכנה איז אַ דאָפּלטע און מ'דאַרף זי באַקעמפן.

איך וועל צוערשט אָנהייבן מיטן ראָל פונם חזן. אַז די ראָל פונם חזן איז באַשטאַנען בלויז אין דאַוונען פאַרן עמוד, אין טראַכטן און קלערן בלויז וועגן דער נגינה, ווי האַרציקער און זיסער אויסצוזינגען די תפילות, ווי שענער און פיינער אַרויסצוברענגען די פאַרשידענע אידישע נוסחאות, דאָס איז אַלעמען באַוואוסט. מיט דעם און נאָר מיט דעם האָט זיך דער חזן כל־ימיו פאַרנומען. דער עמוד איז געווען דעם חזנס מזבח, פון עפּעס אַנדערש האָט ער ניט געטראַכט און ניט געדאַרפט טראַכטן, ווייל עס איז אַ גענוגנדיקע מלאכה און מלוכה — גענוג אויף צו האַלטן אַ מענטשלעכן מח פאַרנומען.

זענען געקומען אָבער די אַמעריקאַנער ראַבאַיס פונם קאָנסערוואַטיוון חדר און זאָגן צום חזן אַזוי צו זאָגן: מיר דאַרפן נישט דיין דאַוונען, מיר דאַרפן נישט דיין זינגען, דיינע נוסחאות, דיין גאַנצן טראַכטן און קלערן, אונז איז אַ קנאַפּער חילוק צי דער ניגון פון „קדושה" שטאַמט פון אידישע

נוסחאות אָדער פון „ראָק ענד ראָל״ מוזיק, דער עיקר וואָס מיר פאַרלאַנגען פון דיר איז: זאָלסט זיין דעם ראַבאַיס „נושא־כלים״, זאָלסט אים קוקן אין די אויגן אַריין, לערנען מיט די בר־מצוה־קינדער די „הפטורה׳ס״, נישט זינגען קיין סך, וואָס ווייניקער אַלץ בעסער, כדי זיי זאָלן האָבן גענוג צייט אויף צו האַקן וואָס מער אַ טשייניק (רעדן), דערציילן די מתפללים וועגן די בעסטע פאָרשטעלונגען אויף בראָדוויי, וועגן די „בעסט־סעלער״־ביכער, וועגן פּאָליטיק וכדומה...

האָבן זיך געפונען גענוג אידיאָטישע חזנים, וואָס האָבן זיך געטראַכט: אָלראַיט, ראַבאַיס! איר ווילט נישט אונזער חזנות, איר ווילט מיר זאָלן זיין אייערע אונטערשטופּערס, ניאַנקעס, מלמדים, אויגן־גלאָצערס וואָס זאָלן צו אייך אַרויפקוקן, וואָס זאָלן פאַר אייך שפּרינגען קדוש, אויסהערן מיט התפעלות ווי איר רופט אויס „פּעידזש טווענטי סעווען״, אויסהערן געדולדיק און נאָכגעביק אייערע נודנע דרשות — מיר זענען גרייט, אָבער איר מוזט דערפאַר גוט באַצאָלן! און די דאָזיקע חזנים האָבן אָנגעהויבן צו קריגן צו צען, צו פופצן, צוואַנציק טויזנט דאָלער אַ יאָר שכירות פאַר זייער לאָזן זיך טרעטן מיט די פיס פון די ראַבאַיס. איז אַלץ וואָלט שטיל געווען, קיינער וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט אין זייערע עסקים, ווען ניט — ווידעראַמאָל די זעלביקע ראַבאַיס, וואָס האָבן מיטן עסן באַקומען גרויסע אַפּעטיטן...

דאָס וואָס די חזנים האָבן צוליב די פּעטע שטעלעס זיי אין אַלץ נאָכגעגעבן, זיינען געוואָרן ניאַנקעס, „הפטירה־מלמדים״, איז פאַר די ראַבאַיס געווען ווינציק. זיי, די ראַבאַיס, האָבן זיך געכאַפּט, אַז ווי נאָכגעביק די חזנים זאָלן נישט זיין, איז אָבער ביים ביסעלע דאַווענען וואָס זיי דאַווענען, גנבענען זיי דאָ און דאָרט אַריין אַן עכט אידישן נוסח, וואָס די ראַבאַיס שמעקט עס ניט, מחמת אָט די קנייטשעלעך, אָט די האָרעלעך אמתע אידישע נוסחאות וואַרעמען אָן אפילו די קאַלטסטע געבאָרענע אַמעריקאַנער אידן, דעריבער טויג עס ניט. וואָס־זשע טויג יאָ? מ׳דאַרף, טענהן די ראַבאַיס צו די דאָזיקע חזנים, זוכן נייע „מקורות״ פון נגינה אויף צו באַגלייטן די אידישע „פּרעיערס״ (תפילות), די אַלטע אידישע נוסחאות זיינען צו „אָלד־פעשאָנד״ (אַלט־מאָדיש)...

וואָס קענען, נעבעך, די דאָזיקע חזנים טאָן, אַז דער ריח פון די טויזענטער דאָלערס איז אַזאַ געשמאַקער — ווי קען מען עס נעמען און

אַוועקוואַרפֿן ? איך פֿרעג ביי אייך ? מאַכט מען ווידער אַ קנייטש אין סידור און — מ׳גייט צו גויאישע קאָמפּאָזיטאָרס און מ׳באַשטעלט ביי זיי מוזיק צו אידישע תפילות — אָט ווי מ׳באַשטעלט אַ גאַרניטער ביי אַ שניידער, כ׳מיין, ביי די ראַבאַיס איז עס אַ קליינער חילוק, און ביי די מערסטע פֿון די דאָזיקע חזנים, וועלכע דער גרעסטער טייל פֿון זיי זיינען שוין אַמעריקאַנער געבאָרענע, איז עס שוין אויך נישט קיין צו גרויסער חילוק. נו, יאָ, ווער דאַרף עס טאַקע האָבן אַזאַ סאָרט חזנות, ווי עס זינגען די „אָלד־פֿעשאָנד״ (אַלט־מאָדישע) חזנים: קוואַרטין, ראָזנבלאַט, הערשמאַן, רויטמאַן, צווישן די ניט־לאַנג־פֿאַרשטאָרבענע, אָדער צווישן די לעבעדיקע ווי: פּינטשיק, קוסעוויצקי, גלאַנץ, ירדני, וועמעס קאָמפּאָזיציעס עס איז אָקאָרשט דערשינען אין גרשון אפֿרת׳ס חזנישער אַנטאָלאָגיע ?

נאָר עס זעט אָבער אויס, אַז „לא אלמן ישראל״ ! אַ סימן: די פֿריער דערמאָנטע הייסע דעבאַטע וואָס ווערט איצט געפֿירט אויף די שפּאַלטן פֿונם ניו־יאָרקער „פֿאָרווערטס״. וואו דער אַלטער אויספּרובירטער, אין טרערן־אויסגעווייקטער חזנות, אָט דער חזנות וואָס האָט במשך פֿון דורות דער־קוויקט מיליאָנען אידישע הערצער, ווערט סיי פֿון פּשוטע לייענער, סיי פֿון פֿאַך־מענטשן, טעאָרעטיקער, קאָמפּאָזיטאָרס און קריטיקערס גאַנץ וואַרעם פֿאַרטיידיקט. וואָרים זאָל, חלילה, אָפּשטאַרבן אָט דער חזנות, וועט אויך אָפּשטאַרבן דאָס אַלטע אידישע דאַוונען מיט דער אַלטער שוהל צוזאַמען — און צו דעם טאָר נישט דערלאָזט ווערן, און צו דעם וועט עס נישט דערגיין, ווייל סיי אין אַמעריקע און סיי איבער גאָר דער וועלט זיינען נאָך פֿאַראַן מיליאָנען אידן, וואָס קוויקן זיך מיט אַ גוט שטיקעלע חזנות — איינגע־שלאָסן אפֿילו ראַדיקאַלע אידן...

דער גייסט פֿון די אידישע תפילות איז אַזעלכער, וואָס קען נישט פֿאַרטראָגן קיין פֿרעמדע ניגונים, טענער און מעלאָדיעס. די אידישע נגינה און די אידישע נוסחאות, זיינען ווי לכתחילה באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר די אויסגעבענקטע און אויסגעזיפֿצטע תפילות. איינס איז געבונדן מיטן צווייטן, די תפילה און דער ניגון זיינען צוויי גלייכע שותפים, ווייל זיי שטאַמען פֿונם זעלביקן קוואַל — פֿון די טיפֿענישן פֿון דער אידישער נשמה.

„די שטימע״, יוני 29טער, 1957, מעקסיקאָ

# אברהם עלשטיין

## (אַ טרער)

דער טויט האָט אַרויסגעריסן פון אונזערע רייען איינעם פון די באַגאַבטסטע אַמעריקאַנער אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און דיריגענטן.

ער איז געשטאָרבן בעת ער איז פּרייטיק־צו־נאַכט געשטאַנען אויף דער בימה פון דער „עדת ישראל" שול, אין בראָנקס, אינמיטן רעדן וועגן אַ קאָלעגעס ניי־געשאַפענער קאָמפּאָזיציע — „קבלת־שבת".

אברהם עלשטיין איז געבוירן געוואָרן אויף דער איסט־סאַיד, אין ניו־יאָרק. ער האָט יונג אָנגעהויבן, ווי אַ משורר ביי חזנים (אַזוי אויך זיין עלטערער ברודער, הערי, וואָס איז יונג פון דער וועלט אַוועק!); געזונגען אין קינדער־כאָר פון נ. י. מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז; געוואונען אַ סטיפּענדיע פון דער „דזשוליאַרד סקול אָוו מיוזיק" אין נ. י.; געוואָרן אַ פּיאַנאָ־באַגלייטער; אַרומגעפאָרן מיט יאָסעלע ראָזנבלאַט, מאָלי פּיקאָן און יעקב קאַליך איבער אַמעריקע און אייראָפּע; ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט געווען פאַרבונדן מיטן אידישן טעאַטער, פאַר וועלכן ער האָט געשריבן מוזיק צו צענדליקער אָפּערעטעס. ער האָט אויך געשריבן מוזיק צו אידישע פילמען, ווי „מאַמעלע", „יידל מיטן פידל".

עלשטיין איז דערנאָך געוואָרן אַקטיוו אויף דער אידישער ראַדיאָ, ווי אַ פּראָגראַם־דירעקטאָר, אַנאַנסירער, אָנפירער פון אַ כאָר און אָרקעסטער אויף די צוויי ראַדיאָ־סטאַנציעס: „דאַבעליו־אי־ווי־די" און „דאַבעליו־עם־דזשי־עם". ער האָט אויך באַגלייט פאַרשיידענע אידישע זינגערס, חזנים, וואָס האָבן אַריינגעזונגען אין פּלאַטן; ער האָט מיט אַן אָרקעסטער אויך רעקאָרדירט פּאָפּולערע אידישע „טענץ" און „פריילעכס", מיט דעם פּאָפּולערן אידישן קלאַרנעטיסט, דעיוו טערעס; ער פלעגט יעדן פּסח, שבועות און ימים־נוראים דיריגירן אַ כאָר אין אַ גרויסער שול, אָדער אין אַ באַרימטן האָטעל ערגעץ אין די בערג.

עלשטיין האָט געשריבן מוזיק צו לידער פון אָנגעזעענע אידישע דיכטער, און פאַרפאַסט מוזיק צו צוויי אָפּערעס. זיין איינאַקטיקע אָפּערע „דער גנב און דער תליון", איז אויפגעפירט געוואָרן אויף דער טעלעוויזיע און אין אַ צאָל אוניווערסיטעטן איבערן לאַנד. לויטן פאַרשלאַג פון דער

„פאַרד פאונדעישאַן" האָט ער אָנגעשריבן מוזיק פאַר אַן אָפּערע פון ה. לייוויקס דראַמע „דער גולם", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אינעם נ. י. „סיטי־סענטער".

ניט לאַנג צוריק איז עלשטיין געפלויגן קיין ווין (עסטרייך), וואו ער האָט דיריגירט דעם „ווינער שטאַאטס־אָרקעסטער", פאַרן באַרימטן אידישן אָפּערע־זינגער, דזשען פּירס, וואָס האָט דאָרט רעקאָרדירט אַן „אַלבום" פון אידישע פאָלקס־לידער.

זיין פאָטער, דער איינבינדער, האָט דערצויגן זיינע קינדער אויף אַ אידישן שטייגער. איך האָב געקענט די צוויי ברידער, הערין און אייבעלען. ביידע אַמעריקאַנער געבוירענע, זיינען זיי געווען אידישע מנגנים און שטאַרק פאַרליבט אין דער אידישער נגינה, און אין די אידישע נוסחאות.

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט עלשטיינען איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, אין 1928, ווען ער איז געקומען מיט יאָסעלע ראָזנבלאַטן, ווי זיין פּיאַנאָ־באַגלייטער. איך בין געקומען קיין וואַרשע מיט מיכל געלבאַרטן און זיין פרוי, הינדעלע. די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין אידישן „ליטעראַטן פאַראיין", וואו מיכל געלבאַרט האָט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן אידישן פאָלקלאָר: הינדעלע האָט געזונגען — און עלשטיין האָט איר באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ.

וועגן זיין ערשטער קאָמפּאָזיציע פאַר פידל און פּיאַנאָ „אין בית־המדרש", האָב איך געשריבן אַ באַגייסטערטן אַרטיקל. די קאָמפּאָזיציע האָט באַוויזן, אַז דער מחבר האָט טאַלאַנט,אַז ער קען גוט די קוואַלן פון דער אידישער נגינה און מוזיק, אידישן נוסח. די קאָמפּאָזיציע האָט ער געשריבן פאַר דער פידלערין, פלאָרענס סטוירן, וועמעס פּיאַנאָ־באַגלייטער ער איז געווען.

עלשטיין האָט פאַרמאָגט אַ פייער, וואָס האָט אַלעמען אָנגעצונדן. ווען ער האָט דיריגירט אַ כאָר, — זיינען די זינגערס מיטגעריסן געוואָרן. אַזוי אויך, ווען ער האָט דיריגירט אַן אָרקעסטער, אַדער ווען ער האָט עמעצן באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ. איך פלעג אים זאָגן: „אייבעלע, דו וועסט שנעל אויסברענען! וואָס פלאַקערסטו אַזוי?" עס האָט אים געפעלט, לויט מיין מיינונג, קאָנצענטראַציע, געזעצטקייט, אויסדויער. עס האָט אים נישט געפעלט קיין אַמביציע, ער האָט אָבער אַ סך פון זיין אַמביציע פאַרוועגדט אָפּט אויף קלייניקייטן.

ווען ער האָט געשריבן מוזיק צו לייוויקס „דער גולם", פלעגט ער מיר זאָגן: „ירדני, וועסט הערן עפּעס, וואָס וועט דיר פאַרשאַפן אַ סך נחת!" און צוגעגעבן אין ענגליש: „סאָמטינג טו בי פּראַוד אָף!" ער האָט אויף דער דאָזיקער שאַפונג געלייגט אַ סך האָפענונגען. ער האָט זיין מוזיקאַלישע קאַריערע געשטעלט אויף אָט־דעם ווערק! דער פאַרמעסט איז געווען אַ גרויסער, אָבער די רעזולטאַטן זיינען, ליידער, נישט געווען די, וואָס ער האָט דערוואַרט.

עס האָט אים נישט אויסגעפעלט דער נויטיקער טאַלאַנט אויף אָנצו־שרייבן אַ פולע אָפּערע, אַ ברייט־אָטעמדיק ווערק. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג — ניט מיטן גאַנג פון דער מוזיק און ניט מיטן אינהאַלט פון לייוויקס דראַמע „דער גולם". וואָלט ער עס באַגריפן, וואָלט זיין פאַרמעסט געווען אַ גרעאַטענער. מוזיקאַליש איז דער גאַנג פון דער מוזיק אויסגעהאַלטן לויט אַלע כללים פון אַן אָפּערע, אָבער מוזיקאַליש־איינהאַלטלעך איז עס, ליידער, געווען אַ דורכפאַל.

ווען דער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר, ראָקאָ, האָט זיך אַמאָל פאַר־מאָסטן צו שרייבן מוזיק פאַר אַן אָפּערע צו אַנסקיס „דיבוק", איז ער פון איטאַליע אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע, זיך באַגעגנט מיט אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס און מוזיקערס, און זיך באַקענט מיט די קוואַלן פון דער אידישער נגינה, פאָלקלאָר, מאָטיוון, נוסחאות, טענץ און אַנדערע אידישע מוזיקאַלישע „כלי־זיין".

אברהם עלשטיין האָט עס נישט באַדאַרפט, — ער איז דאָך געווען אַ שטיק פון דער אידישער נגינה. ער איז געווען אָנגעפילט מיט איר, ווי אַ מילגרוים מיט קערעלעך, פון זיין האַרץ און נשמה האָבן זיך ממש געגאָסן אידישע טענער און קלאַנגען, מאָטיוון און מעלאָדיעס, ניגונים און נוסחאות, געזאַנגען און ברומענישן.

אָבער ווען ער האָט געשריבן מוזיק צו לייוויקס „דער גולם", האָט ער זיך געלאָזט פירן פון איר — אָנשטאָט זי פון אים. ער האָט זיך געלאָזט שווימען אין פרעמדע וואַסערן. ער איז אַריינגעפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ פרעמדער מוזיקאַלישער נעץ. די מוזיק איז געווען פרעמד פון אידישן מעלאָס — בלויז דאָ און דאָרט אַ שפּרענקעלע און ניט מער.

די מוזיק־קריטיקער פון דער אַמעריקאַנער ניו־יאָרקער פרעסע זיינען צו אים געווען אומגערעכט מיט זייער שאַרפער קריטיק, וואָס האָט אים ווי

געטאָן. ער האָט מיט טרערן אין די אויגן און מיט ווייטאָק און פאַרדראָס געזעגנט ווען דעם.

אָ, ווי יונג, ליבער אייב עלשטיין דו ביסט פאַרשניטן געוואָרן! וויפל נאָך שעפערישקייט, מוזיקאַלישע שטרעבונגען און באַגערן זיינען מיט דיר אין דער אייביקייט אַוועק!

„אידישע קולטור“, מאַי 1963, נ. י.

# אַלזשיר

## רייזע־מאָטיוון

צוליב אַ קלאַפּ מיט אַ פעכער וואָס דער הערשער פון אַלזשיר, דעי הוסעין, האָט מיט העכער הונדערט יאָר צוריק זיך פאַרגונען צו געבן דעם פראַנצויזישן קאָנסל, האָט די פראַנצויזישע רעגירונג דערקלערט קריג דעם אַלזשירער הערשער און נאָך דריי יאָר צייט איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד.

עס איז העכסט אינטערעסאַנט זיך צו באַקאַנען מיט דער דאָזיקער מדינה, און נאָך מער מיט דער שטאָט אַלזשיר גופא. עס איז ביז גאָר אַ מערקווירדיקע שטאָט מיט אַן אויסערגעוויינלאַכן קאָנטראַסט פון קולטור און ווילדקייט, פון לוקסוס און אָרעמקייט, פון אויפגעפּרעסענע, אויסגע־צערטע, פריצייטיקע פאַרוועלקטע פּנים׳ער צווישן די איינגעבראָכענע — און זאַטע אייראָפּעער. פון ענגע, שמאָלע, שמוציקע געסלעך פון איין זייט, און ברייטע, ליכטיקע, אַספאַלטירטע גאַסן מיט שורותביימער פון ביידע זייטן, פּראַכטפולע בולוואַרן, אויסגעפּוצטע רייכע מאַגאַזינען אויפן עכטן פּאַריזער שטייגער, שיינע רעסטאָראַנען, פּראַכטפולע קאַפעען, מיט אויג־פאַרכאַפּנדיקע עלעקטרישע שילדן, פּרעכטיקע געביידעס — פון דער צווייטער זייט.

די שטאָט אַלזשיר איז צעטיילט אויף צוויי טיילן: די איינגעבאָרענע טייל, און די אייראָפּעאישע טייל. דער פאָדערשטער טייל פון שטאָט, וואָס ליגט ביים ים ברעג, איז דורכאויס באַזעצט מיט ווייסע אייראָפּעער, הויפּט־זעכליך מיט פראַנצויזן. און דער אויבערשטער טייל פון שטאָט, העכער

אַרויף, איז געדיכט באַזעצט מיט איינגעבאָרענע אַראַבער פון אַלזשיר. דער קאָנטראַסט צווישן די דאָזיקע צוויי באַזונדערע טיילן פון שטאָט, איז אַן אומגעהייערער. איר קענט זיך, ניט זייענדיק דאָרט אפילו, גרינג משער זיין: ווי אַנדערש דער אייראָפּעאישער טייל פון שטאָט זעט אויס פון דעם אַראַבישן? דער איבערגאַנג פון קולטור צו ווילדקייט איז אַזאַ שאַרפער, אַזאַ שניידנדיקער, אַז איר גלויבט קוים אייערע אויגן... עס ווילט זיך אייך גאָרניט גלויבן, אַז אין שכנות מיט עכטער קולטור, געפינט זיך אַזאַ רויע שטיק ווילדקייט, עכטע אַפריקע!

די באַוועגונג אויף די גאַסן אין דעם אייראָפּעאישן טייל פון שטאָט, קען זיך פאַרגלייכן מיט פאַריז. איר וועט ניט געפינען קיין גרויסן אונטערשייד אין דעם הינזיכט צווישן די ביידע שטעט. די גאַסן באַוועגן זיך מיט עפּעס אַזאַ רעש, מיט אַזאַ טומל, און אויף די טראָטואַרן שפּאַצירן מאַסן מענטשן אויף אַן עכטן פאַריזער שטייגער. אַרום די אויסגעפּוצטע שוי־פענסטער פון די רייכע מאַגאַזינען הענגען מענגעס מענטשן, אַז עס איז ניט מעגלאַך צו צוטרעטן נאָענט.

אַז איך האָב אָפּגעשטעקט אַ באַזוך אין דער דאָרטיקער פּאָסט־געביידע, האָב איך ביי זיך געטראַגט: אַז די עכטע, די אמת׳ע פאַריז פון פראַנקרייך, קען זיך מיט אַזאַ שיינער פּאָסט־געביידע ניט באַרימען. דער אָרט וואו די פּראַכטפולע פּאָסט־געביידע געפינט זיך, איז פון די שענסטע סקווערן אינם אייראָפּעאישן טייל פון אַלזשיר.

און דאָס זעלביקע האָב איך אויך געטראַכט וועגן דעם אויסטערלישן באָטאַנישן גאָרטן וואָס אַלזשיר פאַרמאָגט. דער פּלאַץ איז רייך אין אַלערליי פּלאַנצונגען. און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, ווערט ער פאַררעכנט פאַר דעם שענסטן און רייכסטן באָטאַנישן גאָרטן אויף דער וועלט!

דער גייסט פון אייראָפּע האָט אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אַהין און זיך מערקווירדיק שיין צונויפגעגאָסן מיט דער באַזונדערער שיינקייט פון אָריענט.

ליידער אָבער קען איך עס ניט זאָגן, וועגן דער אַראַבישער טייל פון אַלזשיר. איך ווייס ניט ווער ס׳איז שולדיק אין דעם, צו די פראַנצויזן וואָס שענקען ווינציק אויפמערקזאַמקייט די איינגעבאָרענע, צו די שולד פאַלט אויף די איינגעבאָרענע גופא, מחמת זייער פוילקייט און נאַכלעסיקייט...

אָבער איך מוז דאָ זאָגן, אַז די אָרעמקייט פונם איינגעבאָרענעם טייל,

האָט מיך געשניטן ביים האַרצן. די קראַנקהאַפטע פּנים'לאַך פון די קינדערלאַך, וועלכע האָבן זיך געשפּילט אויף די גאַסן לעבן די שמוציקע הייזלעך, און די אויפגעפּרעסענע, אויסגעצערטע יונגע מאַמעס מיט די פאַר־עלטערטע און שטאַרק פאַרטרוקענטע פּנימ'ער, האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שוידערלאַכן איינדרוק. פאַרוואָס, האָב איך זיך אין דער שטיל געפרעגט, זעען אויס די מענער אַלע אַזעלכע געזונטע, שלאַנקע, ווירעדיקע, מיט בלישטשענדיקע אויגן, און די פרויען אַזעלכע קראַנקהאַפטע און פאַר־עלטערטע?

נאָר וואָס איז פאַראַן זיך צו חידוש'ן אַ סך. אַז צו דרייצן יאָר, העכסטנס פערצן, איז מען שוין אַ מאַמע... עס איז גאָר קיין קליינינקייט ניט צו זיין אַ באַלעבאָסטע, באַאַרבעטן דאָס הויז, געבוירן אַלע יאָר אַ קינד, זיין אַ שקלאַף צום מאַן, אים באַדינען, וואַשן אים די פיס און קושן די טריט זיינע...

וואו נאָך ערגעץ איז די פרוי אַזאַ שקלאַפין צו איר מאַן, ווי די פרוי אין אָריענט? ווער נאָך פאַרשקלאַפט אַזוי די פרוי, זי הרג'ענען אפילו, ווי דער מאַן פון אָריענט?

ער, דער מאַן, פאָרט רייטנדיק אויף אַן אייזעלע, אַ לאַכנדיקער, אַ צופרידענער, און זי, די פרוי, טראָגט אַ שווערן פּאַק אויפן קאָפּ און גייט צו פיס... און ווי גלייכגילטיק זי איז צו דעם? זי נעמט עס אויף עפּעס מיט אַזאַ פאַרשטענדלאַכקייט, קיין סימן פון פּראָטעסט מערקט איר ניט אויף איר פּנים. אַ מערקווירדיקע אונטערטעניקייט, וואָס איז אַ זעלטנקייט צו געפינען ערגעץ אַנדערש וואו...

און געוויס פעלן ניט קיין אידן אין אַלזשיר. זייער צאָל גרייכט אַזוי ווייט, ווי הונדערט טויזנט. דעם גרעסטן אָרט פאַרנעמען דאָרט די ספרד'ישע אידן. אָבער איר טרעפט דאָרט אַ גאַנצע היפּשע צאָל אידן פון פוילן, פון רוסלאַנד און פון אַנדערע לענדער. מען טרעפט זיי מערסטנס אַלס איינגענטימער פון רייכע רעסטאָראַנען און קאַפעען. באַזונדערס גרויס איז די צאָל פון רוסישע אידן אויף דעם דאַזיקן פעלד. זייערע געשמאַקע רוסישע מאכלים זיינען אַ שם־דבר צווישן דער ווייסער באַפעלקערונג פון אַלזשיר. זייערע רעסטאָראַנען זיינען שטענדיק איבערגעפּאַקט.

און אַ מאָלצייט קאָסט דאָרט זייער ביליק. פאַר פופציק אַמעריקאַנער סענט, קענט איר עסן דאָרט דעם בעסטן מאָלצייט, מיט גוטן וויין דערצו, אין דעם שענסטן רעסטאָראַן.

ניין, איך האָב גאָרנישט געהאַט דאַגעגן צו בלייבן וואוינען דאָרט אַ שטיקל צייט. אָבער די שיף אין האַפן, האָט ניט געוואָלט וואַרטן אפילו קיין איין טאָג מער...

„פאָלקס־צייטונג", מאַי 29, 1936, לאָס אַנדזשעלעס

# יעקב מעסטל

## אַ שמועס

וועגן דעם אַז רעזשי שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער טעאַטער־קונסט איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן. פּונקט ווי דער בעסטער אָרקעסטער אין דער וועלט קען זיך ניט באַגיין אָן אַ דיריגענט אַזוי קען די בעסטע טעאַטער־טרופּע אין דער וועלט זיך ניט באַגיין אָן אַ רעזשיסאָר (וועגן פורצע־טרופּעס רעדן מיר ניט...).

דער רעזשיסאָר איז דער שר איבער אַלע „נשמות", וואָס פלאַטערן אין דער טעאַטער־קונסט. ער איז דער, וואָס דאַרף געבן אַ תיקון צו יעדער מאַניפעסטאַציע, צו יעדן עלעמענט, צו יעדן צווייג, וואָס באַוועגט זיך אינם טעאַטער־ראָד אויף דער בינע.

דער רעזשיסאָר דאַרף ניט בלויז געבן דעם שליסל צו דעם אינהאַלט און דער גרונט־אידייע פון דער פּיעסע, דראַמאַטישע ליניע און אַקציע; די טאָנאַרטן צו יעדן שוישפּילער; די אַנווייזונגען אויף די טעמפּאָס און ריטמס, טאַקטן און אַקצענטן, קרעשטשענדאָס און אנדאַנטעס, אַלעגראָס און מאָדעראַטאָס, אַדאַזשיאָס און אַפּיסיאָנאַטאָס, פאָרטעס און פּיאַניסימאָס; די הויפּט־שטריכן פונם גרים; די אינסטרוקציעס צום כאָרעאָגראַף וועגן דעם כאַראַקטער פון די טענץ, אויב אין דער פאָרשטעלונג זיינען דאָ טענץ; די בינע־מאָלער וועגן דעם כאַראַקטער פון די דעקאָראַציעס וואָס ער דאַרף מאָלן; דעם ליכט־טעכניקער אויף די פאַרשיידענערליי ליכט־עפעקטן; דעם קאָסטיומער אויף די קאָסטיומען; דעם קאָמפּאָזיטאָר וועגן דעם כאַראַקטער פון דער מוזיק; דעם בינע־מייסטער אויף דער מאָדעל פון דער בינע; דעם בינע־אויסשטאַטער ווי אַזוי און מיט וואָס אויסצושטאַטן די בינע; — מיט איין וואָרט: דער רעזשיסאָר איז דער הויפּט־אַרכיטעקט, דער גלאַוונער

אינזשיניער, וואָס בויט אויף און שאַפט די פאָרשטעלונג, הגם מ׳זעט אים ניט און מ׳הערט אים ניט אויף דער בינע.

נאָר די גרעסטע אויפגאַבע וואָס דער רעזשיסאָר האָט פאַר זיך, נאָכדעם שוין ווי אַלע האָבן געקראָגן זייערע אָנווייזונגען און אינסטרוקציעס, איז: ער דאַרף זען אַריינצוברענגען לעבן סיי אינם שפּילן פון די אַקטיאָרן און סיי אין די אַלע עלעמענטן, וואָס שטעלן צונויף די פאָרשטעלונג. אַלץ וואָס דאָס אויג זעט אויף דער בינע און דאָס אויער הערט אַראָפּרעדן פון דער בינע, מוז אָטעמען מיט חיות, מוז קוועלן מיט בלוט און פלייש, מוז שמעקן מיט לופט און קלימאַטישן טעמפּעראַמענט. דער צושויער אין טעאַטער דאַרף פילן די לעבעדיקייט פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג אין יעדן אבר זיינעם. דאָס וואָס עס ווערט פאַר אים אָפּגעשפּילט אויף דער בינע, דאַרף צו אים ריידן דורך אַלע חושים, מוז אָנרירן די סטרונעס פון זיין האַרץ, נשמה און מוח; מוז אָנפילן יעדן גליד זיינעם. אויב אַ רעזשיסאָר קען דאָס דערגרייכן, איז אַ באַווייז אַז די פאָרשטעלונג פאַרמאָגט פולע הונדערט פּראָצענט לעבן.

* * *

אָפּשטעלנדיק זיך דאָ, אין קורצן, אויף רעזשי אין דער טעאַטער־קונסט, דאַרף באַמערקט ווערן, אַז קיין סך רעזשיסאָרן ביים אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, האָבן מיר ניט געהאַט... מיר האָבן זיי ניט געהאַט דערפאַר, ווייל מ׳האָט זיי ניט באַדאַרפט... דער „סטאַר״ פון טעאַטער איז אין די מייסטע פאַלן במשך פון לאַנגע יאָרן דאָ געווען: דער רעזשיסאָר, דער דירעקטאָר, דער „פּראָדיוסער״ און אַלץ מיט אַן אַנדערן... דאָס מיינט ניט, אַז אַ „סטאַר״ קען אויך ניט זיין קיין רעזשיסאָר — אַוודאי זיינען פאַראַן אויסנאַמען... אָבער עס איז דאָך קלאָר: פּונקט ווי ניט יעדער רעזשיסאָר קאָן זיין אַ „סטאַר״, אַזוי קען אויך ניט יעדער „סטאַר״ זיין אַ רעזשיסאָר. ווי אַנדערש וואָלט דער אידישער טעאַטער אין אַמעריקע איצט אויסגעזען, ווען די מייסטע אידישע אַקטיאָרן, דירעקטאָרן און באַלעבאַטים וואָלטן די אַלע יאָרן זיך ניט אויסגעלאַכט פון אַזאַ וויכטיקן געביט אין דער טעאַטער־קונסט...

עס וועט אויך דאָ זיין אין פּלאַץ צו זאָגן, אַז דער העלד פון מיין היינטיקן אינטערוויו, יעקב מעסטל, איז פון די סאַמע געציילטע רעזשיסאָרן וואָס מיר האָבן ביים אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. אָבער אַחוץ דעם, איז יעקב מעסטל אויך אַ שוישפּילער, אַ דיכטער, אַ עסייאיסט, אַ ליטעראַטור־

און טעאַטער־קריטיקער, אַ טעאַטער־פאָרשער, אַ רעדאַקטאָר און אַ לעקסיקאָ־גראַף. עס איז אַ גאַנץ וואַזשנער יחוס־צעטל פאַר איין מענטשן, וואָס קען אים אָנפילן ניט בלויז מיט אַ סך שטאָלץ, נאָר אויך מיט אַ היפּשער מאָס פאַרריסנקייט... אָבער יעקב מעסטל איז ווייט דערפון, ווי הימל פון דער ערד. ער האַלט זיך פּשוט, קאָלעגיאַל און איז מיט יעדן איינעם אַ גוטער־ברודער. ער ווייסט, אַז וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ פּשוטער האַלט ער זיך. פונקט ווי אין קונסט איז פּשטות אַ גאָר הויכע מדרגה, אַזוי אויך אין לעבן איז פּשטות אַ גאָר הויכע מידה...

יעקב מעסטל זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן האָט שוין באַוויזן צו פייערן זיין 70־יאָריקן יובל. און דאָך — ווי יונג, ווי זשיוואָוו ער איז נאָך! אויך דאָס איז אַ באַזונדערע זכיה, פונקט ווי די פאַרשיידענע טאַלאַנטן, וועלכע ער פאַראייניקט אין זיך.

עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך אַז איך זאָל אָנהויבן מיין שמועס מיט יעקב מעסטלען וועגן רעזשי. דער שמועס איז געפירט געוואָרן אין אַ רעסטאָראַן אויף בראָדוויי אינם באַרימטן טעאַטער־גאַרטל, וואו מיר האָבן פריער אָפּגעמאַכט צו טרעפן זיך, ביי אַ געשמאַק טעפּעלע קאַווע מיט פרישע „דאָונאַטס" פונם אויוון, וואָס האָבן געשמעקט אַ מחיה און זיינען באַטעמט זיך צעגאַנגען אין מויל. פון דרויסן האָט אַריינגעקוקט אַ מילדער מערצאָווער פאַרנאַכט, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז דער פרילינג איז שוין אויפן וועג. באַלד וועט ער קומען, און עס וועט נעמען גרינען: גראָזן און בוימער וועלן זיך צעשפּראָצן און די זון וועט נעמען פלייצן מיט גאָלדענע שטראַלן איבער הייזער און גאַסן און מענטשן וועלן אומגיין ווי פאַרשיכורט...

— דערקלערט מיר, פריינט מעסטל, ווי אַזוי איז די אַלע יאָרן מעגלעך געווען פאַר די מייסטע אידישע טעאַטערס אין אַמעריקע זיך צו באַגיין אָן רעזשיסאָרן?

— דער ענטפער, מיין ליבער ירדני, איז, הגם די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן, ווי די ענגלישע „עקוויטי", אָנערקענט נישט נאָך ביז היינט־צו־טאָג קיין אָפיציעלע מיטגלידערשאַפט פון רעזשיסאָרן (כדי צו רעזשיסירן אין אַ יוניאָן־טעאַטער, מוז ניט דער רעזשיסאָר זיין קיין מיטגליד אין די דאָזיקע יוניאָנס), קען מען אָבער נישט זאָגן, אַז דער אידישער טעאַטער האָט לחלוטין ניט געהאַט קיין רעזשיסאָרן. איר אַליין באַטאָנט, אַז בלויז די „מייסטע אידישע טעאַטערס" זיינען זיך באַגאַנגען אָן רעזשיסאָרן: אין זין

האַבנדיק מסתם, אַז „טיילווייז״ האָט דער אידישער קונסט־טעאַטער, די ווילנער־טרופּע, די בן־עמי־טרופּעס, די שילדקרויט־טעאַטער, אונזער טעאַטער, דער אַרטעף, דער אַנסאַמבל, די פרייע אידישע פאָלקס־בינע און אַנדערע האָבן יאָ געהאַט רעזשיסאָרן. אָבער אפילו די „פּרימיטיוועסטע״ טרופּעס (אין זין פון רעזשי) האָבן שטענדיק געהאַט אַן „אויפפירער״, וועלכער איז געווען אַ „במקום־רעזשיסאָר״.

— דהיינו?

— צום באַדויערן איז אַזאַ „אויפפירער״, בפרט אין די ערשטע יאָרן, געווען מייסטנס דער סופליאָר (ווייל געוויינטלעך איז ער געווען דער „גראַמאַטנער״ אין דער טרופּע). נאָר מיר ווייסן, אַז אויך די פּיעסן־מחברים, ווי גאָלדפאַדען און גאָרדין, האָבן אָפט אַליין רעזשיסירט זייערע אייגענע פּיעסן (ווי ס׳איז לעצטנס געוואָרן אויך אַ מאָדע אויף בראָדוויי). שפּעטער איז דער „סטאַר״ געוואָרן דער „אויפפירער״ (מחמת ער האָט באַקומען די גאַנצע דעה אין טעאַטער). אָבער אַזוי ווי אָט־די „במקום־רעזשיסאָרן״ האָבן מייסטנס ניט געהאַט קיין רעזשיסאָרישע אויסבילדונג און זעלטן דעם רעזשי־טאַלאַנט, האָבן זיי „רעזשיסירט״ לויט אַן אַנגענומענער „קאַפּיטע״ פון זייער פּראָפעסיאָנעלער דערפאַרונג (אַ טישל רעכטס — אַ טישל לינקס — אינמיטן דער סטאַר...) — אַזוי, אַז יעדע אויפפירונג איז געוואָרן אַ שטאַמפּ און געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די זעלביקע אַקטיאָרן וואָלטן יאָרנלאַנג געשפּילט איינע און די זעלביקע פּיעסע.

— פאַרוואָס־זשע האָבן די דאָזיקע פאָרשטעלונגען פאָרט צוגעצויגן הונדערטער טויזנטער טעאַטער־גייערס?

— דאָס איז מעגלעך געווען, קאָלעגע ירדני, ערשטנס, ווען אונזער טעאַטער־עולם איז נאָך געווען אין די טעאַטראַלע קינדער־שיכלעך; און צווייטנס, ווען גוטע אַנסאַמבלען פון געקליבענע שוישפּילער האָבן אַליין „אַריבערגעטראָגן״ די פאָרשטעלונג.

— און וואָס איז פאָרגעקומען דערנאָך?

— מיט דער צייט איז אפילו אונזער „בעסערער״ טעאַטער געוואָרן קנאַפּ איבערקלייבעריש און געוומען „צוזאַמענוואָרפן״ אַנסאַמבלען פון „אַבי־וועמען״ — איז טאַקע געקומען אַ קינסטלערישע און פינאַנציעלע ירידה. און אונזער טעאַטער־גייער, וועלכער האָט דערווייל זיך „אויסגע־

מענטשלט״ און אַנטוויקלט זיין טעאַטער־געשמאַק, האָט דעריבער גענומען זיך אָפּקערן פון דאָזיקן טעאַטער.

— ביי וואָס־זשע האַלטן מיר איצט?

— גראָד לעצטנס האָט אונזער טעאַטער זיך געכאַפּט, אַז דער רעזשיסאָר „מיינט אויך עפּעס״, און מ׳האָט גענומען אַנגאַזשירן ספּעציעלע רעזשיסאָרן. כ׳האָב נאָר מורא, אַז דאָס איז געקומען אַ ביסינקע צו שפּעט...

— האַלט איר, אַז דאָס איז בלויז איין רינגעלע אין דער קייט, וואָס האָט געפירט צו דער ירידה פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע?

— מיין תשובה איז: „יעדעס פאָלק האָט אַזאַ טעאַטער, ווי עס פאַרדינט״ — וואָס מיינט צו זאָגן, אַז דער מין טעאַטער איז אָפּהענגיק פון זיין טעאַטער־גייער, וועלכן מ׳קען, פאַרשטייט זיך, דערציען אָדער פאַרדאַרבן. דערביי דאַרף מען אין זין האָבן, אַז אפילו ביי די קולטורעלסטע פעלקער איז שטענדיק געווען אַ טעאַטער פון צוויי סאָרטן: פון דעם אינטעליגענטערן טעאַטער־גייער (ווי, אַ שטייגער, דער ווינער בורג־טעאַטער, דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער) און פאַר דעם ברייטערן עולם טעאַטער־גייער (די אַזוי גערופענע פאָלקס־טעאַטערס). דער אידישער טעאַטער איז, אין דעם פּרט, ניט קיין אויסנאַם. זיין אויפשטייג און זיין ירידה איז געגאַנגען לויט דער זעלביקער טענדענץ.

— למשל?

— נעמט דעם פּאַראַלעל אין רעפּערטואַר (אין זעלביקן פּעריאָד): גאָלדפאַדן — לאַטיינער און הורוויץ; גאָרדין — זאָלאָטאַרעפסקי; קונסט־טעאַטער־רעפּערטואַר — און מעלאָדראַמעס און אָפּערעטעס. בעת אַ פרישער אידיש־רעדנדיקער אימיגראַנט האָט געבליט ביי ביידע סאָרטן טעאַטערס. קוים האָט דער איינגעזעסענער אינטעליגענטערער אימיגראַנט זיך אויסגע־לערנט די לאַנד־שפּראַך און דער „ליטעראַרישער״ טעאַטער האָט מער ניט געקענט באַפרידיקן זיין אַנטוויקלטן העכערן חוש פאַר טעאַטער, איז ער אַוועק צום ענגלישן טעאַטער... דעריבער אפשר איז דער אידישער קונסט־טעאַטער פריער פאַרשוואונדן, ווי די אַנדערע טעאַטערס... אָפּגעשטעלט זיך ביים אידישן טעאַטער האָט ס׳רוב דער פּרימיטיווערער פאָלקס־מענטש, דער באַזוכער פון מעלאָדראַמע און אָפּערעטע, וועלכער קען מער ניט קאָנקורירן מיטן בראָדווייער „פּאַרנעם״ (און נעמט שוין אויך במילא

„אויסוועפן", מחמת דער הי־געבאָרענער ענגליש־רעדנדיקער דאָמינירט בהדרגה איבערן עלטערן דור).

— האַלט איר אויך, קאַלעגע מעסטל, אַז ס'הערשט איצט ניט בלויז אין אידישן טעאַטער נאָר אַן אַלגעמיינע ירידה פון טעאַטער?

— יאָ, קאַלעגע ירדני. די אַלגעמיינע ירידה פון טעאַטער ניט נאָר פון אידישן נעמט זיך פון דער געענדערטער נייגונג צו „אַמוזירן זיך": ספּאָרט, פילם און טעלעוויזיע נעמען צו אַלץ מער שיכטן פון טעאַטער (אמת, ניט די אינטעליגענטסטע שיכטן!). ביים טעאַטער וועט מיט דער צייט פאַרבלייבן אַן אינטעליגענטערע מינאָריטעט. דאָס וועט אפשר זיין אַ ברכה פאַרן טעאַטער, בפרט פאַרן בעסערן (דעם אידישן אַריינגערעכנט), וועלכער וועט אָבער מוזן זיך באַשרענקען אין זיינע „אויסערלעכע השגות" און מיט דער הילף פון געזעלשאַפטלעכע סובסידיעס זיך צוריקציען אין קלענערע טעאַטער־בנינים.

— אַצינד, זאָגט מיר, וואָס איז געווען דער בייטראָג צום אידישן טעאַטער פון אונזערע דראַמאַטורגן? האָבן זיי ריכטיק פאַרשטאַנען דעם אידישן טעאַטער, זיינע באַזוכער, די אַקטיאָרן און דעם גאַנצן טעאַטער־קאָמפּלעקס?

— ניין, ניט אַלע אידישע דראַמאַטורגן האָבן ריכטיק פאַרשטאַנען די פּאַקטישע באַדערפעניש פון אידישן טעאַטער־גייער — למשל, י.ל. פּרץ און פּרץ הירשביין אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן. מיטגעגאַנגען מיטן טעאַטער־עולם פון זייער צייט זיינען גאָלדפאַדן און גאָרדין, שפּעטער אויך הירשביין, קאָברין, שלום עליכם־בערקאָוויטש, טייללוויי ה. לייוויק. די מעלאָדראַמע־און אָפּערעטן־שרייבער האָבן זיך אין זין געהאַט „זייער" עולם (ביים קאַסע־פענצטערל).

— וואָס איז, אין קורצן, אייער מיינונג וועגן פּרץ הירשביינס בייטראָג צום אידישן טעאַטער?

— פון הירשביינס עטלעכע און פופציק איינאַקטערס און פולע פּיעסן האָבן דער עיקר זיינע פאָלקסטימלעכע קאָמעדיעס געשלאָגן וואָרצלען צווישן טעאַטער־פּראָפעסיאָנאַלן אַזוי גוט, ווי צווישן טעאַטער־עולם, און זיינען פאַרבליבן אייגנאַרטיק ביז אויפן היינטיקן טאָג. הירשביינס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל" האָט געגעבן דעם ערשטן אמתן דערפאָלג מאָריס

שוואַרצס טעאַטער, און מיט דעם געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן אידישן קונסט־טעאַטער.

— זאָגט־זשע מיר אויך, אויף ווי ווייט איז יעקב גאָרדין מיטגעגאַנגען מיטן טעאַטער־עולם אין זיין שאַפן?

— דער ברייטער אידישער טעאַטער־גייער האָט דערפילט אין גאָרדינס פּיעסן עפּעס נייעס, וואָס איז אים געווען צום האַרצן. זעלטן ווען האָט אַ רעפּערטואַר אין טעאַטער אַזוי אָנגעשלאָגן דעם טאָן און געשמאַק פון זיין עולם, ווי דער גאָרדין־רעפּערטואַר. און נישט דערפאַר, ווייל יעקב גאָרדין האָט געשריבן „דאָס וואָס דער עולם וויל״, ריכטיקער — וואָס די טעאַטער־באַלעבאַטים דענקען, אַז דער עולם וויל. פאַרקערט, גאָרדין איז אין דעם פּרט געווען אַ פאַרביסענער עקשן, אָבער, ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ געוויזענער לערער, האָט ער פאַרמאָגט דעם חוש צו דערזען די עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלעכע לאַגע און אָפּצושאַצן דעם קולטור־מצב פון זיין עולם. ער האָט דערשפּירט „וואָס עס קוועטשט זיי ביי דער נשמה״, זיך צוגעהערט צום אופן פון זייער אויסדרוק — און האָט דאָס מיט אַ מער דידאַקטישן, ווי אַ קינסטלערישן מעטאָד, געפּרואווט „אַראָפּדרשענען״ פון דער בינע. ער אַליין האָט, אַזוי אַרום, עפּעס געוואָלט און געהאַט וואָס צו זאָגן.

— וואָס איז בנוגע זיינע פרעמדע סוזשעטן וואָס ער האָט גענומען ביי אַנדערע?

— מאַכט ניט אויס, פריינט ירדני, וואָס גאָרדין האָט גענומען זיינע סוזשעטן, און טיילווייז אויך דעם טעכנישן אויפבוי, פון פרעמדע מוסטערן. דאָס האָבן אויך גרעסערע פון גאָרדינען געטאָן. אָבער גאָרדין האָט זיך באַמיט דאָס אַלץ צו „פאַראידישן״, און דער עיקר — עס אונטערגעטראָגן זיין עולם אין טעאַטער אויף אַן אופן, וואָס איז געווען צוגענגלעך פאַר דער מענטאַליטעט פון יענעם עולם. ער האָט געגעבן זיין טעאַטער־גייער אַ צאַפּלדיקן אינהאַלט אין אַ צוגענגלעכער פאָרם, און אַזוי אַרום אים באַרייכערט מיט עמאָציע און געדאַנקלעכקייט. דאָס, ווי אויך דאָס קענען צופּאַסן ראָלן פאַר זיינע אַקטיאָרן, האָט געשאַפן דעם יסוד פאַר זיין דערפאָלג אין טעאַטער. גאָרדינס פאָלקסטימלעכער, מערסטנס אויך סאָציאַלער רעפּערטואַר, אויף וועלכן עס האָבן זיך דערצויגן די בעסטע אידישע שוישפּילער פון יענער צייט, האָט דערפאַר מיט רעכט פאַרדינט די

באַצייכענונג פון „גאָלדענער עפּאָכע" פון אידישן טעאַטער. אין דעם ליגט אויך דער סוד, וואָס אַ טייל פון זיינע פּיעסן („גאָט, מענטש און טייוול" און „מירעלע אפרת") זיינען נאָך היינט אַקטועל און ווערן נאָך אַלץ אויפגענומען פון טעאַטער־עולם מיט גרויס אינטערעס.

— קען מען אין פאָרויס זאָגן, קאָלעגע מעסטל, צי אַ פּיעסע וועט זיין אַ דערפאָלג, אָדער אַ דורכפאַל ?

— עס איז באמת שווער אין פאָרויס צו אורטיילן, צי אַ פּיעסע, וואָס קומט אין באַטראַכט פאַר אַן אויפפירונג, וועט זיין אַ דערפאָלג, אָדער אַ דורכפאַל. פון דעם נעמען זיך אָפּטע „אַנטוישונגען" אין טעאַטער און די אַזוי זעלטענע „איבעראַשונגען". וואָרעם דעם אויפפירער געפעלט דאָך די פּיעסע — אַנדערש וואָלט ער זי ניט אויפגעפירט. ווען די פּיעסע און דערנאָך אַ דערפאָלג, איז עס פאַרן אויפפירער אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט; איז זי אַ דורכפאַל — קומט די ביטערע אַנטוישונג. די „איבעראַשונג" קומט בלויז, ווען מ'האָט אַ צווייפלהאַפטע פּיעסע אַוועקגעשטעלט געצוואונגענערהייט — „אויס נויט" — און דאָך איז זי „צופעליק" אַ דערפאָלג. מ'דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז די פּיעסע איז בלויז איין טייל פון די פאָרשטעלונג; בעת איר צווייטער, אָדער דער הויפּט־טייל, געהערט צום שוישפּילער און רעזשיסאָר. האָט דאָך שוין אין טעאַטער ניט איינמאָל פּאַסירט, אַז אַ גוטער שוישפּילער־אַנסאַמבל האָט „אַריבערגעטראָגן צום עולם" אַ שוואַכע פּיעסע, און פאַרקערט — אַ שוואַכער שוישפּילער־אַנסאַמבל האָט די בעסטע פּיעסע „דערהרגעט".

— וואָס איז בנוגע נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט אין דעם אידישן רעפּערטואַר ?

— בנוגע נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, קאָלעגע ירדני, איז דער אידישער רעפּערטואַר שטענדיק געווען „אויסגעהאַלטן". אידישע דראַמאַטיקער האָבן בכלל זעלטן־ווען באַהאַנדלט ניט־אידיש לעבן. אין דעם זין טאָר מען אפילו ניט מינימיזירן דעם גרויסן ווערט פון די „קאַפּאָטע און בערד"־פּיעסן. דאָס אייגנאַרטיק־אידישע, אויב נאָר באַהאַנדלט אויף אַן אייגנאַרטיק־אידישן שטייגער, איז אַ גרויסע מעלה און קען זיין, אפילו בלויז ווי עקזאָטיק, אַנציענדיק און דערציענדיק פאַר דער אַמעריקאַניזירטער אידישע יוגנט. אפילו די איבערזעצונגען זיינען מייסטנס געמאַכט געוואָרן פון פּיעסן, וואָס האָבן אַ ניצוץ פון „אידישקייט" (די טעמע, אָדער כאַטשבי

איין כאַראַקטער אין דער פּיעסע איז אַ אידישער. די גרויסע צאָל איבער־זעצונגען פון רוסיש נעמט זיך פון דעם, וואָס אַ סך אידישע דראַמאַטיקער האָבן זיך געפילט, ווי נאָענטע מחותנים מיט דער רוסישער דראַמע — גאָרדין, קאָברין, דימאָוו זיינען אין תוך פּאַראידישטע רוסן). די ירידה פון אידישן טעאַטער אין די לעצטע יאָרן האָט אַ גרויסן שייכות מיט דעם, וואָס דער רעפּערטואַר האָט אָנגעוואוירן זיין אידישע אייגנאַרטיקייט.

— קענט איר מיר זאָגן, אויף וויפל דער אידישער רעפּערטואַר אין אידישן טעאַטער אין אַמעריקע איז געווען אידיש־אַמעריקאַניש ?

— אויב מיר זאָלן זיך האַלטן ביי דער דעפיניציע פון אַריסטאָטעל, אַז דראַמע איז קודם־כל „אימיטאַציע" פון „אַקציע", וואָלט יעדע דראַמע באַ־דאַרפט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן (די „אַקציע") פון דער סביבה, אין וועלכער דער דראַמאַטיקער האָט זי געשריבן. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל גראָד אין די מוסטער־ווערק פון דער דראַמע־ליטעראַטור. שעקספּירס „קעניג ליר", „דער סוחר פון ווענעדיג", „מאַקבעט", „האַמלעט", „אָטעלאָ" זיינען אפילו ניט קיין ענגלענדער. נאָך ווייניקער קען דאָס אָנגעווענדט ווערן אויף דראַמעס, וואָס זיינען באַזירט אויף היסטאָרישע טעמעס. אין דעם פּרט האָט די אידישע דראַמע אפשר געזינדיקט קעגן אַריסטאָטעלס דעפיניציעס, אָבער זי האָט געהאַלטן שריט מיט דראַמאַטורגן פון אַנדערע פעלקער. וואָרעם הגם צוויי־דריטל פון די אידישע דראַמאַטיקער האָבן דאָס רוב פון זייערע פּיעסן געשריבן אין אַמעריקע (אָדער האָבן בכלל ערשט אין אַמעריקע אָנגע־הויבן שרייבן), איז זייער טעמאַטיק מייסטנס גאָר ווייט פון אַמעריקע. אַ סך פון די ערשטע פּיעסן־ליפעראַנטן אין אַמעריקע האָבן אין די ערשטע יאָרן באַהאַנדלט ס'רוב „היסטאָרישע", אָדער ביבלישע טעמעס. פון די הונדערטער דורכגעשפּילטע פּיעסן בעת דעם גאָרדין־פּעריאָד, זיינען בלויז אַ נישטיקע צאָל געווען פון אַמעריקאַנער לעבן. ערשט מיטן שטראָם פון דער מאַסן־אימיגראַציע נעמט זיך וועקן דער אינטערעס צום אידישן לעבן אין אַמעריקע. און אויך דעמאָלט שפּילן נאָך מייסטנס די ערשטע אַקטן פון דער פּיעסע אין אייראָפּע, און די אַנדערע אין אַמעריקע. דאָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם, אַזוי־גערופענעם, „לעבנס־בילד" און דער אָפּערעטע.

— ווי זעט אויס בכלל די רעפּערטואַר־ליניע פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע ?

— די רעפּערטואַר־ליניע פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, אין אַלגעמיין, שלענגלט זיך זיגזאַגיש אין דער לענג און ברייט, מיט געוויסע פּאַראַלעלן אין ווערט פון קינסטלעריש־דראַמאַטורגישע הויכן און טיפן, מיט פאַרשיידנאַרטיקע סטילן און „שולן", וואָס וואָלטן געקענט סטייען פאַר צענדליקער דורות. פאַרשטייט זיך, אַז דאַ דאַרף מען מאַכן אַ חילוק צווישן דעם בעסערן „ליטעראַרישן" רעפּערטואַר און דעם „ניט־ליטעראַרישן".

— וואָס איז דעם דורכשניטלעכן אידישן דראַמאַטורגס דעפיניציע וועגן אַ פּיעסע?

— דעם דורכשניטלעכן אידישן דראַמאַטורגס „דעפיניציע" וועגן אַ פּיעסע איז: שרייב, וואָס דער עולם פאַרלאַנגט!... דאָס האָט געפירט צו אַ צווייטער „הנחה": צו שפּראַכלעכן קוידערוועלש אויף דער בינע, מחמת — „מ'דאַרף רעדן, ווי דער עולם אין גאַס רעדט"!...

— וואו איז אַהינגעקומען דער בעסערער דראַמאַטישער טעאַטער, ווי דער אידישער קונסט־טעאַטער?

— דער דראַמאַטישער טעאַטער, קאַלעגע ירדני, אויסמיידנדיק די לעצטע יאָרן דעם אידישן דראַמען־שרייבער, האָט נישט געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר אַן אויפבלי און אַנטוויקלונג פון דער אידישער דראַמע. ניט האָבנדיק „וואָס צו זען" אין דאָזיקן טעאַטער, האָט דער טעאַטער־גייער זיך אָפּגעקערט פון אים. און — אַנגעוואוירן די „קליענטעל" האָט דער דראַמאַטישער טעאַטער פאַרמאַכט די טירן, — ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, און צי וועט ער בכלל אַמאָל ווידער זיך עפענען...

— און ווי האַלט עס, קאַלעגע מעסטל, מיט דער אידישער אָפּערעטע, וואָס איז אַלעמאָל געווען אַ גרויסער דערפאָלג אין אידישן טעאַטער אין אַמעריקע?

— די אידישע אָפּערעטע ווידער, באַמיענדיק זיך נאָכצוהינקען בראָדוויי, האָט פאַרוואַנדלט איר אַמאָליקע געזאַנג־פּיעסע אין אַ מין אינהאַלטלאָזער רעוויו, וואָס איז קנאַפּ געזאַנג און נאָך ווייניקער פּיעסע. איז קלאָר, אַז אויך דאָ האָט ניט דער פּיעסן־שרייבער קיין גרויסע מעגלעכקייט פאַר זיין טעטיקייט.

— זאָל דאָס מיינען שוין דער סוף פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע?

— ניין, קאַלעגע ירדני, עס מיינט בשום אופן ניט אַז דאָס איז שוין דער סוף פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע! עס עקסיסטירט נאָך אַלץ אַ

אידישער טעאַטער־גייער, וואָס איז זשענדע צו זען אַן אָנשטענדיקע פּיעסע, מעג עס זיין אַ דראַמע, אַ קאָמעדיע, אָדער אַן אָפּערעטע. אַ באַווייז זיינען די דערפאָלגרייכע ניי־אויפפירונגען (שוין אין די לעצטע יאָרן) פון אַזעלכע פּאָפּולערע פּיעסן, ווי יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול״, פּרץ הירשביינס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל״ און „גרינע פעלדער״, אברהם גאָלד־פאַדענס „שולמית״ און „בר־כוכבא״ און אַנדערע.

— וואָס דענקט איר קען געטאָן ווערן, כדי צוריק אויפצולעבן דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע?

— אַ געזעלשאַפטלעכער טעאַטער מיט אַ געקליבענעם רעפּערטואַר וואָלט נאָך באַוויזן דעם נס פון אויפלעבונג.

— איצט וויל איך ביי אייך פרעגן, קאָלעגע מעסטל, וואָס פאַר אַ ראָל האָבן געשפּילט די אידישע טעאַטער־קריטיקער אין אַמעריקע, צי האָבן זיי אַלע מאָל געשריבן דעם אמת?

— אידישע טעאַטער־קריטיקער אין אַמעריקע, קאָלעגע ירדני, זיינען ווי אַלע קריטיקער — יעדערער האָט זיך זיינע „סימפּאַטיעס״ און זיינע „ליבלינג״. איך גלויב אָבער, אַז דער אידישע טעאַטער־קריטיקער האָט יאָ געהאָלפן אַנטוויקלען אַ בעסערן טעאַטער־גייער. די צרה איז נאָר געווען, וואָס בעת דער מעלאָדראַמע און אָפּערעטע האָבן די דאָזיקע טעאַטער־קריטיקער באַהאַנדלט „מהיכי־תיתאדיק״ (מיט אַ באַציאונג, וואָלט איך געזאָגט, ווי אונזערע אַמאָליקע „יהודים״ האָבן געהאַט צום „אָסט־יודן״: וואָס ווייסן זיי, נעבעך, די „פּינצטערלינגע״), זיינען זיי צוגעגאַנגען צו דער קינסטלערישער פאַרשטעלונג און דראַמע מיט שאַרפע חלפים, דאָס האָט אַ ביסל צעטומלט דעם טעאַטער־גייער און ממילא אים, ניט ווילנדיק, פאַרפירט.

— און וואָס איז בנוגע דער ראָל פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן אין אַמעריקע, וואָס איז געווען איר בייטראָג צום אידישן טעאַטער אין אַמעריקע — אויף וויפל האָט זי געהאָלפן אָדער געשטערט דעם גאַנג און וואוקס פון אידישן טעאַטער דאָ?

— די אידישע אַקטיאָרן־יוניאָן האָט געהאַט איין אויפגאַבע: צו פאַר־טרעטן די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון אידישן אַקטיאָר. זי האָט אין משך פון יאָרן אַרויפגעאַרבעט זיין מינימום צו 82.50 אַ וואָך; געשאַפן אַ באַשיידענעם הילפס־פאָנד פאַר נויט־באַדערפטיקע אַקטיאָרן. זי האָט זיך

אָבער שטענדיק צוגעפּאַסט (אַמאָל שוין צו „ברייטהאַרציק״...) צו די עקאָנאָמישע באַדינגונגעןביים אידישן טעאַטער.

— און וואָס איז געווען איר אויפטו אויפן קינסטלערישן געביט?

— אויפן קינסטלערישן געביט האָט זי, די יוניאָן, קיין דעה ניט געהאַט. די אַמאָליקע „שטרענגע פּראָבן״ ביים אויפנעמען נייע מיטגלידער (וואָס דאָס האָט גורם געווען אַ מאַנגל אין יונגע כוחות פאַר דער אידישער בינע) זיינען לעצטנס אָפּגעשאַפט געוואָרן.

— ווי קוקט איר אויפן אידישן אַקטיאָר אין אַמעריקע, וואָס איז געווען זיין באַציאונג צום אידישן טעאַטער?

— דער אידישער אַקטיאָר האָט אין זיין „פּאַרליבטער נאָכגעביקייט״ אַ סך מיטגעהאָלפן צום „עקאָנאָמישן קיום״ פון אידישן טעאַטער. קינסטלעריש האָט ער, אַחוץ אויף דער בינע גופא, בלויז „הינטער קוליסן״ געקענט האָבן אַ שטיקל השפעה אויפן מצב פון טעאַטער. די הויפּט־דעה האָט געהאַט דער „סטאַר־סיסטעם״, וואָס האָט אַ סך דירעקט געשעדיקט דעם גאַנג פון אידישן טעאַטער, בפרט בנוגע רעפּערטואַר.

— וועלכע פּיעסן זיינען צוגעפּאַסטער פאַרן אידישן טעאַטער־עולם אין אַמעריקע?

— די אידעאַלסטע פּיעסע וואָלט, גלויב איך, זיין: אַ בינע־מעסיקע דראַמע, אָדער קאָמעדיע אויף אַ אידישער טעמע פון היינטצייטיקן אַמערי־קאַנער אידישן לעבן.

— וואָס איז אייער אייגענער קוק אויף טעאַטער בכלל, און אידישן טעאַטער — בפרט?

— טעאַטער, קאָלעגע ירדני, ווי אַ סינטעז פון כמעט אַלע קונסט־צווייגן, מיט דעם לעבעדיקן אינסטרומענט פון פלייש און בלוט (ניט אויף לייוונטן) — דעם אַקטיאָר, איז דער אידעאַלסטער מעדיום פאַרן אויסלעבן זיך פון יעדן קולטור־מענטש. דער אידישער טעאַטער איז באַזונדערס לעבנס־נויטווענדיק פאַרן קיום פון אידישער קולטור בכלל.

— וועלכע ביכער, קאָלעגע מעסטל, האָט איר ביז איצט אַרויסגעגעבן, און אויף וועלכע טעמעס?

— ביז איצט, קאָלעגע ירדני, האָב איך אַרויסגעגעבן אין פּאָעזיע: „פאַר־חלומטע שעהן״ (1909); „אַ ליבעס־ליד״ (1911); „וויטאַ הייזד״ (1913); „דמיונות״ (1921); „סאָלדאַטן — און פּאַיאַצן־לידער״ (1928); אין פּראָזע:

„מלחמה־נאָטיצן פון אַ אידישן אָפיציר" (צוויי בענדער אין דריי אויפלאַגעס) און „לוקרעציאס טויט". אין איבערזעצונגען פון דייטש: „זריעה־צייט" פון לעאָ קאַץ און „אָט גייט אַ מענטש" פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך. איך האָב איבערגעזעצט צענדליקער פּיעסן פון ענגליש, דייטש און פּויליש, וועלכע זיינען געשפּילט געוואָרן אויף פאַרשיידענע בינעס אין צפון־און דרום־אַמעריקע און אין אייראָפּע. פון זיי איז געווען געדרוקט: אַרטור מילערס „דער טויט פון אַ סעילסמען".

— און וואָס איז מכח ביכער וועגן טעאַטער?

— וועגן טעאַטער, קאָלעגע ירדני, האָב איך אַרויסגעגעבן צוויי ביכער: „אונזער טעאַטער" און „70 יאָר טעאַטער־רעפּערטואַר". איך בין אויך, ווי אייך איז מסתם באַקאַנט, מיטרעדאַקאָר פון „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער"; מיטאַרבעטער פון דער „אידישע ענציקלאָפּעדיע" און „גרויסער אידישער ווערטער־בוך".

— כ'גלויב, פריינט מעסטל, אַז אונזער שמועס איז פאַרענדיקט. לאָמיר האָפן, אַז די שעה פון אויפלעבונג פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע וועט נאָך קומען!

— הלוואי.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", מאַי 31, 1955, נ. י.

# טשייקאָווסקי'ס טאָג־ביכער

## געווידמעט קלאַראַ'ן

דער ווינט אין דרויסן הערט ניט אויף צו וואָיען. ער רייסט לעבעדיקע שטיקער פון אַלץ. די נאַקעטע ביימער פון פּאַרק קעגנאיבער מיין פענסטער בויגן זיך אין דרייען פון זיינע קלעפּ. אַ שרעקליכער וועטער. אין אַזאַ טאָג איז גוט צו זיצן אין שטוב און לייענען אַ בוך און דערביי זיך אויך איינהערן צו דער ראַדיאָ. עס איז אַ וואונדערליכע קאָמבי־נאַציע צו זיצן און לייענען און זיך איינהערן צו מוזיק. דו ווערסט דורכ־גענומען פון געפילן פון וואָרט און קלאַנג און עס ווערט דיר גרינגער אויף דער נשמה. פאַרגעסט וואָס אין דרויסן טוט זיך און ווערסט אינגאַנצן אַריינ־געטאָן אין די צוויי קונסטן. געבענטשט זאָלן זיין זייערע באַשאַפער...

איך האָב אָקאָרשט פאַרענדיקט לייענען די „טאָג־ביכער" פון דעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר, פּיאָטאָר איליטש טשייקאָווסקי, וואָס איז ניט־לאַנג צוריק דערשינען אין אַ פולער אויסגאַבע אויף ענגליש. האַלטנדיק שוין ביים סוף, האָט דער ראַדיאָ־אַנאָנסער פון דער סטאַנציע צו וועלכער די ראַדיאָ איז געווען אָנגעשטעלט, געמאָלדן, אַז דער קומענדיקער נומער אויפ'ן פּראָגראַם וועט געשפּילט ווערן טשייקאָווסקי'ס „פּאַטעטישע סימפאָניע". אַלץ אין מיר האָט אויפגעציטערט. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן און מיט אַלע חושים זיך איינגעהערט. דער דאָזיקער צופאַל האָט די הנאה פון איבערלייענען טשייקאָווסקי'ס „טאָג־ביכער" נאָך פולער געמאַכט. עס איז געווען אַ סאָרט באַשטעטיקונג אויף אַלץ, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשריבן סיי וועגן זיך און סיי וועגן אַנדערע.

אין דער דאָזיקער סימפאָניע שפּיגלט זיך אָפּ טשייקאָווסקי'ס גאַנצער איך. ער האָט אַלצדינג אין איר פאַרקערפּערט. ניט בלויז זעט איר אים, נאָר איר פילט אים ממש. איר הערט און פילט זיין אָטעם, דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ, די פאַרשידענע שטימונגען גייען אייך פאַרביי פאַר די אויגן, איר קענט זיי אָנטאַפּן מיט די פינגער, אַזוי בולט, אַזוי קלאָר קומען זיי אַרויס. איר פילט ווי עס שפּריצט אויף אייך אַ פאָנטאַן מיט בענקשאַפט, אומ־צופרידנקייט, נשמה־ליידן, ליבעס־באַגערן, אַן אומאויפהערליכע מעלאַנכאָליע, פרייד געמישט מיט צער, טרערן, געוויין, און גלייכצייטיק אַ ברויזענדיקע ענערגיע געמישט מיט זעלבסט־גלויבן, וואָס וואַרפן אַ ספּעציעלע ליכט. ניט אומזיסט איז עס געוואָרן זיין באַרימטסטע ווערק, די קרוין פון אַלע זיינע שאַפונגען.

אגב אורחא, ווען די דאָזיקע סימפאָניע איז צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן אין אַמאָליקן פּעטערבורג, האָבן ניט די שפּילער פון אָרקעסטער, ניט די מוזיק־קריטיקער און ניט דאָס פּובליקום, אַרויסגעוויזן צופיל באַגייסטערונג פאַר איר. איז דאָס פּובליקום — מילא. אָבער וואו זיינען געווען די שפּילער פון אָרקעסטער, און איבערהויפּט די מוזיק־קריטיקער! הפנים, אַז זיי זיינען איינגעשלאָפן אָדער זיינען געווען צו מיד צו הערן...

און אַז איך האַלט שוין דערביי, וויל איך דאָ איבערגעבן נאָך דריי אַנדערע עפּיזאָדן, וואָס ווייזן אויף וויפיל מען קען זיך פאַרלאָזן אויף מיינונגען פון קריטיקער און מבינות־זאָגעריי...

ווען טשייקאָווסקי האָט אָנגעשריבן זיין פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ, איז ער

געקומען מיט איר צו זיין נאָענטן גוטן פריינט, ניקאָלאַי רובינשטיין, אַ ברודער פון באַרימטן אַנטאָן רובינשטיין, וועלכער איז געווען דער הויפּט פון דער מאָסקעווער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע, אַז ער זאָל זי אויסהערן און זאָגן מבינות. טשייקאָווסקי באַשרייבט ווי אַזוי רובינשטיין האָט אויס־געהערט די פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ און וואָס עס איז נאָכדעם געשען.

„אַ שטראָם פון ווערטער האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון רובינשטיינ׳ס מויל. דערנאָך האָט זיין קול ליידנשאַפטליך געהויבן, און אויפ׳ן סוף האָט ער גענומען ווי צו שיסן מיט פּרייד. עס האָט אויסגעזען, אַז מיין פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ איז ווערטלאָז און איז אַבסאָלוט ניט־שפּילבאַר, אַז זי טויג אויף צען קלאַגן, מען טאָר עס אין האַנט ניט נעמען, עס איז אַזוי שלעכט אָנגע־שריבן, אַז מען קען עס גאָרניט פאַריכטן, פון דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע האָבן בלויז צוויי אָדער דריי זייטן אַ ווערט, און דאָס איבעריגע דאַרף מען צערייסן און פאַרניכטן. ווען אַ זייטיקער וואָלט דערבי געזעסן און דאָס געהערט וואָלט ער געקענט טראַכטן נאָר איין זאַך, אַז איך בין אַ נאַר, אַ טאַלאַנטלאָזיקייט, אַז איך מאַך אומזיסט קאַליע נאָטן־פּאַפּיר, און האָט נאָך דערצו די חוצפה צו קומען ווייזן זיינע שמאַטעס צו אַזאַ באַרימטן מענטשן״.

טשייקאָווסקי איז אַ פּאָעט ניט בלויז אין זיין מוזיק, נאָר אויך אין זיין שרייבן. זיינע „טאָג־ביכער״ זיינען פול מיט פּאָעטישע שטעלן. איבערהויפּט אין זיינע בריוו צו זיין פריינדין און שטיצערין, נאַדעזשדאַ פאָן מעק, און צו זיין באַליבטן ברודער מאָדעסט, אַ מוזיק־און טעאַטער־קריטיקער, וואָס האָט אַ סך מאָל אים פּשוט דערהאַלטן ביים לעבן. די גרעסטע הנאה וועט דער לייענער געפינען אין איין בריוו טשייקאָווסקי׳ס צו דער שוין פריער־דער־מאָנטער נאַדעזשדאַ פאָן מעק — דער, וואָס גיט אַן אויספירליכע אויס־טייטשונג און באַשרייבונג פון דער „פערטער סימפאָניע״. דורך דעם דאָזיקן בריוו וועט זיך דער לייענער אגב דערוויסן פון זיינע באַציאונגען מיט דער טשיקאָווער פרוי, וואָס איז געבליבן אַ רייכע אלמנה און האָט געשטיצט טשייקאָווסקי׳ן מיט אַ יערליכע סומע פון זעקס טויזנט רובל, און מיט וועמען ער האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָרעספּאָנדענץ און האָבן זיך קיינמאָל ניט געטראָפן. אַזוי איז געווען איר וואונטש. בלויז איינמאָל האָבן זיי זיך באַגעגנט אויפן גאַס פון דערווייטנס. דרייצן יאָר האָט צווישן זיי אָנגעהאַלטן די קאָרעס־פּאָנדענץ. זי איז געווען עלטער מיט ניין יאָר פון טשייקאָווסקי׳ן און איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין דער מוזיק פון דעם ליידנדיקן גאון. אַזוי פיל

געפילן, מיינונגען, שטימונגען, איבערלעבונגען, אויסטייטשונגען, און דער־קלערונגען וועגן זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען און פּלענער, גיסט ער פאַר איר אויס אין זיינע בריוו, אַז דער קאָפּ ווערט אַזש שיכור פון זיי...

אָבער נאַדעזשדאַ פאָן מעק איז ניט געווען די איינציקע פּרוי אין טשייקאָווסקי׳ס לעבן. אין עלטער פון 28 יאָר האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ פראַנצויזישער אָפּערע־זינגערין, וואָס איז געווען מיט פינף יאָר עלטער פון אים. זי האָט אים שפּעטער איבערגעלאָזן און האָט חתונה געהאַט מיט אַ שפּאַנישן זינגער. צו 47 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט זיינער אַ תלמידה פון דער קאָנסערוואַטאָריע, אַנטאָנינאַ מיליוקאָווא, וואָס האָט אים ניט אָפּגעלאָזט און געסטראַשעט צו באַגיין זעלבסטמאָרד אויב ער וועט מיט איר ניט חתונה האָבן. נאָך עטליכע שוידערליכע וואָכן פון צוזאַמענלעבן, זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז טשייקאָווסקי האָט געליטן פון אַ פּסיכיש־סעקסועלער אַבנאָרמאַליטעט, און זי איז אויך ניט געווען שוה־בשוה מיט איר געשלעכטליכן לעבן — צוויי קעץ אין איין זאַק קענען ניט הויזן צוזאַמען. דאָס איז פאַרשטענדליך. ער איז דערנאָך שטענדיק געווען איינזאַם, כאָטש ער האָט געהאַט אַזוי פיל פאַרהערער, און זיין נשמה האָט תמיד געבענקט... ער האָט אויך געליטן פון צופיל באַשיידנ־קייט און צופיל שעמעוודיקייט. עס קען זיין, אַז דאָס האָט אפשר אים געטריבן צו זיין געשלעכטליכער אַבנאָרמאַלקייט... ער האָט אויך געליטן פון שלאָפלאָזיקייט און פון אַנדערע קערפּערליכע ווייטאָקן.

מעגלעך אויך, אַז דער מוטער׳ס טויט האָט אויף אים שטאַרק געווירקט. ער איז געווען 14 יאָר אַלט, ווען זי איז געשטאָרבן. טשייקאָווסקי איז געווען דאָס צווייטע קינד אין אַ משפּחה פון פינף זין און איין טאָכטער. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 7טן מאַי, 1840, אין וואָטקינסק, רוסלאַנד, דער פאָטער איז געווען אַ אינזשינער און די מוטער האָט געשפּילט אַביסל פּיאַנאָ. קיינער פון די אַנדערע קינדער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט, אַ חוץ זיין ברודער מאָדעסט, וועלכע איז, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, געווען אַ מוזיק־און טעאַטער־קריטיקער. מיט דעם דאָזיקן ברודער זיינעם האָט ער זיך געהאַלטן זייער נאָענט און חבר׳יש. ער איז אים געווען שטאַרק איבערגעגעבן און ליב.

וואו ער איז ניט געווען אויף זיינע רייזעס, האָט ער אַלץ געבענקט צוריק קיין רוסלאַנד. קיין לאַנד איז אים ניט געווען אַזוי ליב, אַזוי אייגן און

אַזוי טייער. ער האָט באַרייזט אַ סך לענדער, אַמעריקע אַריינגערעכנט. ער איז געקומען אַהער צו דער דערעפענונג פון קאַרנעגי האַל, וואו מען האָט צום ערשטן מאָל דאָ געשפּילט זיין „פּאַטעטישע סימפאָניע״, וועלכע ער אַליין האָט דיריגירט. אָט איז אַן אויסצוג פון אַ בריוו זיינעם פון דער שווייץ:

„אַרומגערינגלט מיט אָט־די מאַיעסטעטיש־שיינע לאַנדשאַפטן און דורכ־לעבענדיק אַלע פריידן פון אַ רייזענדן, בענק איך נאָך אַלץ נאָך רוסלאַנד מיט מיין גאַנצער נשמה, און מיין האַרץ זינקט איין ווען איך דערמאָן זיך אין אירע סטעפּעס, גרינע לאָנקעס און וועלדער. אָ, מיין געליבט לאַנד, דו ביסט אַ הונדערט מאָל מער פאַרכאַפּנדיק און רייצנדיק, ווי אָט־די שיינע, קאָלאָסאַלע בערג, וועלכע זיינען אין דער אמת׳ן בלויז די שטיין־פאַר־גליווערטע קאָנוואולסיעס פון דער נאַטור. אין מיין לאַנד ביזטו (די נאַטור) רואיק הערלעך! אָבער — אַלץ ווייזט אויס צויבערדיג פון דערווייטנס״...

„דער טאָג״, פעב. 21, 1948, נ. י.

# פון ביאַליסטאָק צו דער אָפּערע

צווישן די אויסגערופענע וועלט־באַרימטע קינסטלער, מאַלער, שריפטשטעלער, פּאָעטן, אַרטיסטן, זינגער, מוזיקער, דיריגענטן, וועלכע ביאַליסטאָק האָט געגעבן דער וועלט, פאַרנעמט די אָפּערע־זינגערין ראָזאַ ראַאיסאַ אַ פּראָמינענטן פּלאַץ. אויך וועלט־באַרימטע דיפּלאָ־מאַטן, רעוואָלוציאָנערן האָט ביאַליסטאָק געגעבן דער וועלט. צו דערמאָנען בלויז מאַקסים ליטווינאָוו, וועלכער איז אַ ביאַליסטאָקער איד.

ביאַליסטאָק איז געווען איינע פון די לעבעדיגסטע אידישע שטעט סיי פריער אונטער דעם צאַר און סיי דערנאָך אונטער פּוילן. ווער ס׳האָט נאָר איינמאָל באַזוכט ביאַליסטאָק, וועט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַזויפיל אידיש לעבן האָט אַרויסגעזונגען און אַרויסגעשטראַלט פון אַלע ווינקלאַך, פון די הייזער, פון די הויפן, פון די גאַסן, וועלכע זיינען שטענדיק באַלעבט געווען מיט אידישע שפּאַצירער, אַלטע און יונגע, פון אַלע שיכטן און קלאַסן, רייכע און אָרעמע, אינטעליגענטן און פאָלקס־מענטשן, פּראָפעסיאָנאַלן און אַרבייטער, סוחרים און קרעמער, לומדים און פּראָסטאַקעס — אַלע אַזעלכע

האַרציקע, שטראַלענדיקע אידן, וועלכע די דייטשע רוצחים און מערדער האָבן באַוויזן אכזריות'דיק אומצובריינגען.

איך בין געווען אין ביאַליסטאָק צוויי מאָל. איך האָב זיך געטראָפן דאָרט מיט פאַרשיידענע מענטשן. אָבער די מערסטע צייט האָב איך פאַרבראַכט צווישן דער יוגנט. און וואָס פאַר אַ גאָלדענע יוגנט ביאַליסטאָק האָט געהאַט! גאָט מיינער! ווען איך נאָך אַמאָל ערגעץ־וואו באַגעגנען אַזאַ אינטעליגענטע, באַוואוסטזיניקע אידישע יוגנט?!

ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן, העברעאיסטן, אידישיסטן, אַלערליי איסטן און איזמען. אָבער — וויפיל שיינקייט, וויפיל חן, וויפיל טעם עס איז אין דעם געווען! וואָס פאַר אַ פיינע שמועסן, ויכוחים, דיסקוסיעס מען האָט צווישן זיך געפירט!

ווער קאָן פאַרגעסן די וואונדערליכע טעג און נעכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָק, די לאַנגע שפּאַצירן אין די שפּעטע אָוונט־שעה'ן פון די קילע זומער־נעכט, און די האַרציקע לידער, סיי אין העברעאיש און סיי אין אידיש, וואָס מ'האָט אַלע צוזאַמען געזונגען? וויפיל רירענדיקע געפילן, קלעמענישן, בענקענישן דאָס רופט ביי מיר איצט אַרויס...

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

צווישן די וועלט־באַרימטע אָפּערע־זינגער און זינגערינס, צייכנט זיך ראָזאַ ראַאיסאַ אויס סיי מיט איר זינגען און סיי מיט איר אידישקייט. דורך די אַלע יאָרן, וואָס זי זינגט אין דער אָפּערע איז זי ניט פאַרפרעמדט געוואָרן. זי האָט קיינמאָל ניט געלייקנט, אַז זי איז אַ אידישע און אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק. דער טעם פון ביאַליסטאָק גייט איר ניט אַרונטער פון די ליפּן. די שטאָט מיט די מענטשן ליגן איר טיף איינגעבאַקן אין האַרצן. זי געדענקט אירע ערשטע טריט, איר ערשטן געזאַנג־לערער, יעקב בערמאַן, וואָס איז געווען דער דיריגענט פון דער ביאַליסטאָקער כאָר־שול און איז אויך געווען אַ באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר. זיין רעטשיטאַטיוו „עד הנה עזרונו רחמיך" (פון „נשמת"), וואָס איז איינע פון די שענסטע חזנ'אישע „זאַגאַכצן" איז באַרימט צווישן חזנים איבער דער גאַרער וועלט. ניט ווינציקער באַרימט זיינען זיינע צוויי לידער, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר מענער־כאָר „משמר־הירדן" און „עם אחד".

ראָזאַ ראַאיסאַ'ס אמת'ער נאָמען איז רייזל בורשטיין. איר פאָטער איז געווען אַ פשוט'ער איד און האָט זיך באַשעפטיקט מיט בויען הייזער. אָבער

ער איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ חשוב׳ן באַלעבאָס, כאָטש ער איז ניט געווען צווישן די למדנים. די מוטער אירע איז געשטאָרבן ווען ראָזאַ איז געווען נאָך גאָר אַ קליין מיידל. אָבער דאָס האָט איר לגמרי ניט געשטערט אַרויסצואווייזן געוויסע פייאיגקייטן סיי אין אירע אַלגעמיינע לימודים און דערהויפּט אויף׳ן געביט פון זינגען. עס האָט איר געצויגן צו געזאַנג ווי אַ מאַגנאַט. אין דער שול וואו זי האָט געלערנט, האָבן איר אַלע ליב געהאַט און זי איז געווען זייער פּאָפּולער צוליב איר זינגען. דערצו איז זי געווען זייער אַ שיינע, מיט אַ סך אידישן חן. זי איז געוואַקסן אַ שלאַנקע און בויגעוודיקע ווי אַ סטרונע.

ווי שוין געזאָגט, איז דער ערשטער געזאַנג־לערער ראָזאַ ראַאיסאַ׳ס געווען יעקב בערמאַן, דער דיריגענט פון דער ביאַליסטאָקער כאָר־שול. ער האָט זיך גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין איר אויסערגעוויינליכן מוזי־קאַלישן טאַלאַנט און ביז זי איז אַוועקגעפאָרן קיין איטאַליע איז זי געווען אונטער זיין אויפזיכט. ער האָט איר געלערנט אַלגעמיינע מוזיק און האָט געהיט איר שטימע ווי מען היט אָפּ אַן „אבן־טוב״. ער האָט געציטערט איבער איר ווי איבער אַן אייגן קינד. אונטער זיין רשות האָט זיך איר טאַלאַנט צעבליט וואָס אַ טאָג מערער און מערער. זי איז ניט געווען די איינציקע תלמידה ביי אים. ער האָט געהאַט נאָך אַ סך אַנדערע תלמידים, וועלכע זיינען שפּעטער גרויס און באַרימט געוואָרן אַלס קינסטלער. אָבער זי איז געווען ביי אים זיין „באַליבט קינד״. ער האָט איר געשענקט גאָר אַ סך אויפמערקזאַמקייט. איר ליריש־דראַמאַטישע סאָפּראַנאָ האָט וואָס אַ טאָג אָפּגעקלונגען שענער און שענער. אַלע האָבן געקאָנט זען אַז עס וואַקסט אַ „כלי...״

דער חלום פון יעדן זינגער אָדער זינגערין איז צו פאָרן שטודירן אין איטאַליע. אויך ראָזאַ ראַאיסאַ האָט וועגן דעם גע׳חלומ׳ט. אָבער ניט אַזוי גרינג איז איר אָנגעקומען דעם חלום דורכצופירן. קיין צו גרויסער גביר איז דער טאַטע ניט געווען, און בכלל, ווי לאָזט מען עס אַ מיידל אַליין אַוועק־פאָרן אין דער פרעמד? אָבער מיט איר גאַנצער ליבע צו ביאַליסטאָק האָט ראָזאַ ביי זיך געפילט, אַז זי האָט דאַרטן ניט וואָס צו טאָן. אויב זי וויל עפּעס ממשות׳דיקעס דערגרייכן און ווערן אַ זינגערין, אַז די גאַנצע וועלט זאָל מיט איר קלינגען, מוז זי דורכאויס אַוועקפאָרן קיין איטאַליע פאַרזעצן איר מוזיקאַלישן שטודיום. און אַזוי איז געווען.

קיין נחת האָט זי ניט געלעקט אין איטאַליע, זי האָט געגוג טעג אונטער־געהונגערט. געווען צייטן ווען זי פלעגט חלש'ן פון הונגער, פשוט אויסגייען ווי אַ ליכט. אָבער זי האָט ניט אויפגעגעבן דאָס לערנען אויף קיין איין טאָג. ווי אַן אמת'ע ביאַליסטאָקער „מתמידה" איז זי אַנגעגאַנגען מיט איר שטודיום. איר נשמה האָט געדאַרשט נאָך מוזיק, נאָך געזאַנג, און זי האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשראָקן. עס האָט געברענט אין איר אַן אויסער־געוויינליכער באַגער צו דער אָפּערע־בינע. און דאָס האָט איר געגעבן קראַפט און אויסדויער. זי האָט געפילט אַז זי וועט איר ציל דערגרייכן.

אין עלטער פון צוואַנציק יאָר איז ראָזא ראַאיסאַ אויפגעטראָטן אין ווערדי'ס אָפּערע „אָבערטאָ". דאָס איז געווען איר ערשטער אָפּיציעלער אַרויסטריט אין איטאַליע פאַר אַן אָפּערע־עולם. דער „דעביוט" איז פאַר־געקומען אין דער שטאָט מילאַן, וואו עס זיינען אויפגעטראָטן די גרעסטע אָפּערע זינגער. דער דערפאָלג פון איר ערשטן אויפטרעט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי איז גלייך נאָכדעם אויפגעטראָטן אין „אַאידאַ". די קריטיקער האָבן שטאַרק געלויבט איר זינגען. זי האָט מיט איר שטימע אַלעמען פאַר־שיכור'ט און באַגייסטערט. זי האָט מיט די ערשטע צוויי אויפטרעטן אירע גלייך באַוויזן, אַז זי איז אַ געבוירענע אָפּערע־פרימאַדאָנע און איז ראוי צו שטיין אויף איין ברעט מיט די גרעסטע אָפּערע־זינגערינס אין דער וועלט. דער דערפאָלג פון אירע צוויי אויפטריטן האָט זיך צעקלונגען איבער דער גאַרער וועלט און פאַרשיידענע אָפּערע־קאָמפּאַניס האָבן גענומען שיקן צו איר שלוחים. אויך פון אַמעריקע זיינען געקומען אָנבאָטן איינער נאָכ'ן אַנדערן. די שיקאַגאָ אָפּערע קאָמפּאַניע, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה, איז געווען איינע פון די אָפּערע־קאָמפּאַניס, וואָס האָט זיך געווענדט צו ראַאיסאַ'ן און זי האָט דעם אָנבאָט אָנגענומען. און דאָ ערשט הויבט זיך אָן איר דערפאָלג.

ראָזא ראַאיסאַ איז גאָר שנעל געוואָרן באַרימט אין אַמעריקע. איר דערפאָלג מיט דער שיקאַגער אָפּערע קאָמפּאַניע האָט אָפּגעקלונגען איבער'ן גאַנצן לאַנד. יעדער נייער אויפטריט האָט איר געבראַכט מער רום. די קריטיקער האָבן זיך צעריסן לויבנדיק זי. איבערהויפּט האָט זי זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער אָפּערע „נאָרמאַ", אויף וועמען די קריטיקער האָבן געזאָגט, אַז זי האָט ניט צו זיך קיין גלייכן. די אָפּערע „נאָרמאַ" איז ווי ספּעציעל פאַר איר געשריבן געוואָרן. דאָ האָט זי אַרויסגעוויזן איר פולן

טאַלאַנט און די גאַנצע קראַפט פון איר שטימע. עס איז אַ געזאַנג־ראָלע, וואָס האָט איר געשאַפן דעם גרעסטן נאָמען אין דער וועלט פון אָפּערע־זינגערינס.

אַ סך מענטשן פרעגן זיך נאָך, וואו זי געפינט זיך איצט. קאָן איך זיי דאָ מיטטיילן, אַז זי וואוינט אין שיקאַגאָ. צוזאַמען מיט איר מאַן דזשיאַקאָמאָ רימיני, וואָס איז אַליין געווען אַ באַרימטער אָפּערע־זינגער, האָט זי געעפנט אַ געזאַנג־סטודיאָ. זי האָט זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון דער אָפּערע־בינע און ניט נאָר לערנט זי אַנדערע זינגען בלויז, נאָר זי העלפט זייער פיל יונגע קינסטלער, עפנט פאַר זיי טירן. איבערהויפּט איז זי גרייט אַרויסצוהעלפן אידישע קינסטלער פאַר וועמען די טירן זיינען ניט אַלעמאָל אָפן.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז אויף דעם קאָנצערט אין היפּאָדראָם, וואָס דער ביאַליסטאָקער רעליף אין ניו יאָרק, האָט קורץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איינגעאָרדנט, איז דעמאָלט אויפגעטראָטן ראָאיסאַ מיט אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער. דער קאָנצערט האָט אַריינגעבראַכט צען טויזנט דאָלער. זעלבסטפאַרשטענדליך אַז ראָאיסאַ האָט פאַר איר זינגען קיין געלט ניט גענומען. זי איז נאָך ביז היינט צו טאָג אַ מיטגליד פון ביאַליס־טאָקער צענטער אין ניו יאָרק און אינטערעסירט זיך מיט'ן אידישן לעבן אומעטום.

הפּנים אַז מען ווערט געבוירן אין ביאַליסטאָק קאָן מען אינגאַנצן פונ'ם אידישן לעבן ניט אַוועקגיין. עפּעס מאָנט און דערמאָנט. אַמאָל איז עס די קינדהייט, אַמאָל איז עס אַ בענקענישט נאָך פאַרשוואונדענע צייטן, נאָך חדשים און טעג, נאָך היימישע שבתים און ימים־טובים, נאָך חברים און פריינט, נאָך אייגענע משפּחה, נאָך יאָרן, וואָס וועלן זיך שוין מער קיינמאָל צוריק ניט אומקערן...

ראָזאַ ראָאיסאַ האָט אַ סך אַרומגערייזט איבער דער וועלט. זי איז געווען אין פאַרשיידענע שטעט. אָבער דעם אָרט, וואָס ביאַליסטאָק פאַרנעמט ביי איר אין האַרצן, קאָן קיינער ניט פאַרנעמען. און זי איז ניט די איינציקע וואָס פילט אַזוי — ווייל דאָרט וואו מען ווערט געבוירן קאָן מען אַזוי גרינג ניט פאַרגעסן. דאָס געזאַנג פון די ערשטע טריט, וואָס מען שטעלט אויף היימישער ערד, קלינגט אָפּ אין די אויערן, אין האַרצן, זינגט אַרויס פון דיר דורכאַנאַנד — מעג עס זיין ווי לאַנג צוריק שוין, דער זכרון לאָזט ניט רוען...

„דער טאָג", מאַי 10, 1947, נ.י.

# מאיר פאַזנער — אַ פאַרדינסטפולער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט

(חנה׳לע האָט ביי מיר געהאַלטן אין איין מאָנען אַן אַרטיקל וועגן פאַזנער׳ן, און מיט רעכט, ער האָט דער ערשטער איר איינגעלאַדן צו זינגען אַלס סאָליסטקע אויף אַ קאָנצערט פון אַרבעטער רינג כאָר אין קאַרנעגע האָל.)

מאיר פאַזנער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דעם אַרבעטער־רינג־כאָר געגעבן אַ פּנים, אַ האַרץ און אַ נשמה — עפּעס וואָס די פריערדיקע דיריגענטן, ווי י. פּיראַזשניקאָוו, מיכל געלבאַרט, האָבן נישט באַוויזן. די סיבות זיינען געווען פאַרשידענע: י. פּיראַזשניקאָוו איז הויפּטזעכלעך געווען אַ קאָנצערטינאָ שפּילער. מיכל געלבאַרט, ווידער, האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט די כאָר־דערפאַרונג וואָס ער האָט שפּעטער געהאַט.

דער ערשטער דיריגענט, וועלכער איז באמת ווערט געווען דעם נאָמען, איז געווען מאיר פאַזנער, אַ מענטש מיט טיפער מוזיקאַלישער ערודיציע, דורך און דורך טעאָרעטיקער, אַ טאַלאַנטפולער אַראַנזשירער, אַ באַגאַבטער און דערפאַרענער.

איך זאָג „דערפאַרענער״, ווייל ער איז געקומען פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע אַ פאַרטיקער דיריגענט: ער האָט אָנגעפירט מיטן כאָר אין דער „דיוקס פּלעיס סינאַגאָג״ אין לאָנדאָן, וואו מ׳האָט געדאַרפט זיין „עפּעס מער״ ווי אַ דורכשניטלעכער כאָר־דיריגענט, און אויך מיט די צוויי אידישע פאָלקס־כאָרן פון „הזמיר״ און „אַרבעטער־רינג״.

געוויס איז מוזיקאַלישע ערודיציע אַ ביז גאָר וויכטיקער „ענין״ פאַר אַ דיריגענט פון אַ כאָר אָדער אַן אָרקעסטער, אָבער מ׳דאַרף דערצו אויך האָבן אַ געבאָרענעם טאַלאַנט — און מאיר פאַזנער האָט אים געהאַט. ער האָט אויך געוואוסט ווי אַזוי אָנצוגיין מיט אַ כאָר, איבערהויפּט מיט אַ כאָר פון „ליוביטעלעס״, פון אַמאַטאָרן — און טאַקע מיט פאָלקס־מענטשן. ער אַליין איז געווען אַ פאָלקס־מענטש און האָט ליב געהאַט צו אַרבעטן און צו זיין מיט פאָלקס־מענטשן.

זיין דערפאַרונג מיט די צוויי דערמאָנטע אידישע פאָלקס־כאָרן אין לאָנדאָן, האָט ער אויסגענוצט אין אַרבעטער־רינג כאָר דאָ. די זינגערס האָבן אים ליב באַקומען פון דער ערשטער פּראָבע מיט זיי. זיי האָבן גלייך דערפילט, אַז זיי האָבן פאַר זיך אַ היימישן מענטשן, כאָטש ער רעדט ענגליש

מיט אַן עכט־בריטישן אַקצענט, אָבער ער האָלט זיך פּשוט, ניט פאַרריסן.

עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע „ליבע" אויפן ערשטן קוק. די זינגערס האָבן געזונגען מיט חשק און דער נייער דיריגענט האָט זיי אַרויסגעוויזן אַ נאָענטקייט און אַ חברשאַפט. טאַקע אַ דיריגענט מיט אַ „דיפּלאָם" פון דער באַרימטער „גילדהאָל־קאָנסערוואַטאָריע" אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, אָבער אַ מענטש מיט „לייטן" גלייך...

מאיר פאָזנער איז געווען דער, וועלכער האָט דעם אַרבעטער־רינג־כאָר אַרויסגעפירט ניט בלויז פון די ענגע ראַמען אויף דער ברייטער גאַס אַרויס, נאָר ער האָט אים אויך אַרויפגעפירט אויף די „רעלסן" פון אַ העכערן מוזיקאַלישן רעפּערטואַר — פון קליינע מיניאַטור־לידער און לייכטע אַראַנזשירונגען צו מער פאַרנעמיקע אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס און צו פיינערע אַראַנזשירונגען סיי פון פאָלקס־לידער און סיי פון אַנדערע לידער.

קיין צו גרויסן רעפּערטואַר פון אידישע כאָר־לידער, אידישע כאָר־געזאַנגען, ווען מאיר פאָזנער האָט איבערגענומען די „ממשלה" פונעם אַרבעטער־רינג־כאָר, איז נאָך נישט געווען. די השגות און אַמביציעס זיינען נישט געווען אַזעלכע גרויסע און ווייטגייענדיקע, ווי שפּעטער מיט עטלעכע יאָרן, ווען עס האָט זיך ווי איבערנאַכט געטאָן אַ וואַקס אויס אַ קייט פון אידישע פאָלקס־כאָרן איבער אַמעריקע, ספּעציעל אין די גרעסערע שטעט, און צוזאַמען מיט דעם האָבן אויך אָנגעהויבן צו וואַקסן די השגות און פאַר־מעסטונגען פון די אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, די „אַפּעטיטן" זיינען געוואָרן גרעסער — און דער עולם איז עפּעס אויך ווי ראַפּטאָם געוואָרן גרייט דערפאַר.

עס איז געווען אַ מין רענעסאַנס: אידישע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן פאַר־קאַטשעט די אַרבל און מ'האָט גענומען שאַפן מוזיק אַנשטאָט צו צוועלף־שורהדיקע לידער, צו גרויסע פאָעמעס און עס האָבן געטאָן אַ שפּראָץ אויף קאַנטאַטעס, אָראַטאָריעס פאַר פיל־שטימיקע כאָרן, וועלכע האָבן אַרויס־גערופן איבעררַאַשונג. אַנשטאָט אויפצוטרעטן אויף קאָנצערטן אין קליינע זאַלן, האָבן אידישע פאָלקס־כאָרן אָנגעהויבן אַרויסצוטרעטן אין טאַון־האָל, קאַרנעגי־האָל, און דאָס זעלביקע די אידישע פאָלקס־כאָרן איבערן לאַנד. מאיר פאָזנער איז געווען איינער פון די דאָזיקע דיריגענטן און קאָמפּאָ־זיטאָרן, וועלכער האָט צוגעטראָגן זיין חלק צו אָט דער וואונדערלעכער אויפשוואונג־צייט.

שוין מיט זיין קאָמפּאָנירן מוזיק צום „אַרבעטער־רינג־הימן״, אויף די ווערטער פונעם גרויסן דיכטער א. ליעסין, אין אַ ספּעציעלן מוזיק־קאָנטעסט, האָט מאיר פאָזנער זיך אַרויסגעהויבן ווי איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַמעריקע.

דער פלאַצקער אינגל פון פוילן, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אין עלטער פון פופצן יאָר געקומען קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד, האָט זיך נישט פאַרלאָרן ווי אַ סך אידישע קינדער פון זיין עלטער; ער איז ניט בטל־בששים געוואָרן מיט זיינע היימישע מיטגעבראַכטע לימודים, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון גמרא, תנ״ך און העברעאיש, לגבי דער רייכער ענגלישער שפּראַך.

זיין ערשטע שטעלע ווי אַ כאָר־דיריגענט, האָט מאיר פאָזנער אָנגענומען אין דער דערמאָנטער „דיוק פלעיס סינאַגאָג״, וואָס איז געווען פאַררעכנט פאַר איינע פון די באַרימטסטע סינאַגאָגעס ניט בלויז אין לאָנדאָן, נאָר אין דער גאַנצער בריטישער מדינה. אויך דאָס ווערן דער דיריגענט פון די צוויי אידישע פאָלקס־כאָרן אין לאָנדאָן, „הזמיר״ און „אַרבעטער־רינג״, זיינען געווען ווי טרעפּ צו העכערע קלעטערונגען. צווישן זיינע ערשטע פאַרמעסטן ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן זיין כמו־אָפּערעטע „עזרא און נחמיה״, וואָס איז נאָך אין לאָנדאָן אויפגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג.

מיט אָט דעם „באַגאַזש״ איז מאיר פאָזנער געקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע, וואו ער איז גיך באַקאַנט געוואָרן הן ווי אַ דיריגענט, הן ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט דיריגירט כאָרן ביי די גרעסטע חזנים פון ניו־יאָרק, ווי יאָסעלע ראָזנבלאַט, דוד רויטמאַן, דוד־משה שטיינבערג, בערעלע חגי, אליהו קרעטשמאַר, יאָסעלע שליסקי. ער האָט פאַר זיי אַלעמען געשריבן אַראַנזשירונגען סיי פאַר פּיאַנאָ און סיי פאַר אָרקעסטער. ער איז אויך אין דער שטיל געווען אַ „גאָוסט־רייטער״ אויף בראָדוויי. ער האָט געהאַט די פעאיקייטן און די מוזיקאַלישע קענטענישן. אָבער דער אַרבעטער־רינג־כאָר איז געווען זיין „בן־יקיר״, אין וועמען ער האָט זיך „געקעכלט״ און מיט וועמען ער האָט זיך געצאַצקעט. צווישן זיינע אַראַנזשירונגען פון פאָלקס־לידער, וועלכע האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, איז געווען „פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיה״.

עס ליגט פאַר מיר אַ זאַמלונג „כאָרן זינגען״, בוך צוויי, רעדאַקטירט פון לאַזאַר וויינער און אַרויסגעגעבן פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק, 1940. די דאָזיקע זאַמלונג האָט אַ פאָרוואָרט פונעם בילדונגס־קאָמיטעט, אונטער־געשריבן פון ד״ר ב. האָפמאַן (ב. צביון), פאָרזיצער, און נ. כאַנין, בילדונגס־דירעקטאָר. צווישן די זעכצן ווערטיקע כאָר־געזאַנגען געפינט זיך אַ „מיי־ליד״ פון סאָרע ריוועס, צו וועלכער מאיר פאָזנער האָט געשריבן די מוזיק. דער טעקסט, פשוטע, האַרציקע שורות, דריקט אויס די פרייד ווען עס „קומט צו גיין דער ערשטער מיי״. דאָ איז פאַראַן דער „תמצית״ פון פאָזנערס גערעכטענער מוזיק, ווי ער האָט צוזאַמענגעוועבט די האַרציקע שורות מיט דער מוזיק, וואָס קלינגט אָפּ דורך דעם פיר־שטימיקן כאָר.

נו, איך וויל נאָך דאָ דערמאָנען צוויי סאָלאָ־לידער פאָזנערס, וועלכע ער האָט ספּעציעל געשריבן פאַר חנהלע סטראַמבערג, וואָס איז געווען פריער אַ זינגערין אין כאָר און האָט דערנאָך זיך געמאַכט אַ קאַריערע ווי אַ פאָלקס־זינגערין און באַלאַדיסטן, און איז אויך געווען די ערשטע פרוי־זינגערין וואָס דער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעשיקט אויף אַ קאָנצערט־טורנעי איבערן לאַנד. די לידער זיינען: אברהם רייזענס „מיך ציט אַהין״ און יהואָשעס „צען טויזנט פלישתים״.

זאָל שוין דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז פאָזנער האָט געשאַפן גערעכטענע מוזיק צו מאָריס ראָזנפעלדס ליד „הערבסט־בלעטער״; ער האָט געשריבן די מוזיק צו יעווערעאינאָווס „די שיף מיט צדיקים״, וואָס יעקב בן־עמי האָט אין 1926 אויפגעפירט אין ניו־יאָרקער „אורווינג פּלייס״־טעאַטער. ער האָט אויך געשריבן די אַנטראַקטן־מוזיק צו שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס״, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט אין אידישן קונסט־טעאַטער. און ער איז אויך געווען פּראָפעסאָר פון מוזיק אין „מאַסטער אינסטיטוט אָוו יונייטעד אַרטס״.

לסוף דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן זייער אַ וויכטיקער בייטראַג: ער איז געווען דער ערשטער אידישער מוזיקער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן צוויי מוזיק טעקסט־ביכער אויף אידיש: „עלעמענטאַרער מוזיק־לערער״ און „האַרמאָניע״, וועלכע פאַרדינען בפירוש אַז מ׳זאָל זיי דערמאָנען.

אַ גרויסער שאָד, וואָס דער דאָזיקער טאַלאַנטפולער אידישער מוזיקער איז אַזוי יונג געשטאָרבן. מאיר פאָזנער האָט דער אידישער מוזיק געהאַט זייער אַ סך צו געבן.

„קולטור און לעבן״, יאַנ.־פעב. 1975, נ.י.

# מיין טאַטע

ווען איך טראַכט פונם קוואַל פון אידישן תפילה־ניגון און פון די אידישע נוסחאות פון וועלכן איך האָב גאָר פרי אָנגעהויבן צו טרינקען, האָב איך אין אויג מיין טאַטן וועלכער איז געווען דער ערשטער פון וועמעס ליפּן איך האָב געהערט דעם אידישן תפילה־ניגון און די אידישע נוסחאות. די האַרציקייט פון זיין זינגען, איז מיר אַריין אין די ביינער.

דעם ערשטן ניגון מיט ווערטער, וואָס דער טאַטע מיינער האָט געזונגען ביי מיין וויגעלע, געדענק איך איז געווען: „הבן יקיר לי״, וואָס איך האָב פּרובירט נאָכזינגען איידער נאָך איך האָב געוואוסט וואָס אַן „אלף״ מיינט.

שפּעטער, ווען איך האָב דעם טאַטן מיינעם דאָס ערשטע מאָל געזען און געהערט דאַווענען פאַרן עמוד, האָב איך זיך צעוויינט...

זיבן יאָר בין איך געווען אַלט, ווען מיין טאַטע איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, אָבער ער האָט מיר איבערגעלאָזט אַ מתנה: דעם אידישן ניגון מיט תפילה־וואָרט, וואָס איז געוואַקסן אינאיינעם מיט די יאָרן אין מיר.

די מנגנישע־טענער, וואָס ער האָט יונגערהייט אין מיר פאַרזייט האָבן מיר יאָרן שפּעטער געקראָגן זייער תיקון...

און איצט, ווען איך בין שוין אַריבער די שוועל פון פערציק יאָר, בין איך גאָר פלוצלונג פאַר־יתומט געוואָרן: איך האָב מער ניט קיין טאַטן — געשטאָרבן דער טאַטע...

שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן. מיטן זעלבן שמייכל אויפן פּנים, ווי ביים לעבן. גלייך ווי גאָרניט וואָלט פּאַסירט.

ער איז אַהיימגעקומען פון שחיטה־הויז, געזאָגט דער מאַמע מיינער אַז ער פילט עפּעס ניט מיט אַלעמען, זיך אַריינגעלייגט אין בעט, און אויף מאָרגן אינדערפרי צוגעשלאָסן די אויגן — אויף אייביק...

איך חזר איבער: שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן.

וויפיל דו זאָלסט ניט טראַכטן, אַז דער טויט איז אומפאַרמיידלעך, פריער־שפּעטער, ער מוז קומען, ווערט דיר דערויף אויף אַ האָר ניט גרינגער.

דו פילסט דעם שניט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט. עס העלפט אויך ניט

קיין וועגן און קיין מעסטן, צי איינער איז מיט אַ פּאָר יאָר אינגער אָדער עלטער, ווען עס שטאַרבט אַן אייגענער — טוט וויי!

און וואָס קאָן נאָך זיין אייגענער פון אַ טאַטן...

זייער ווייניק טאַטעס פאַרשטייען זייערע קינדער — און דאָס זעלביקע פאַרקערט. עס איז ניט קיין נייע זאַך.

דער טאַטע מיינער איז ניט געווען קיין אויסנאַם, אָבער ער האָט פּרובירט אויף וויפיל עס האָט זיך געלאָזט, פאַרשטיין מיך און מיינע וועגן — אפילו די מיט וועלכע ער איז מיט מיר ניט געווען איינשטימיק. און דאָס האָט אַזויפיל גרינגער געמאַכט מיין לעבן...

איז דער טאַטע מיינער געווען אַן אויפגעקלערטער?

איך ווייס ניט.

איך ווייס נאָר, אַז ער איז געווען אַ איד מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים.

ער איז קודם כל געווען אַן איש־אמת, און אַן איש־טוב. ער האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. ער האָט זיך באַניגנט מיט דעם וואָס ער האָט געהאַט. און וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער זיך געטיילט מיט זיין ווייב, מיט זיינע קינדער און אייניקלעך.

דער טאַטע איז געווען פון די ערשטע צוויי ציוניסטן ביי אונז אין שטעטל. מיינע באַזוכן אין ארץ ישראל זיינען געווען אַ פאַרווירקלעכונג פון זיין יוגנט־חלום, פון זיין יוגנט־ראָמאַן.

איך ווייס ניט וואו ער האָט זיין ציוניזם גענומען, צי אין דער בערדיט־שעווער ישיבה, וואו ער האָט געלערנט, צי ערגעץ אַנדערש־וואו, אָבער ער האָט געלעבט און געטעמט מיטן חלום פון „שיבת־ציון״ און האָט געהאָפט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל אַהין פאָרן. ער האָט לגמרי ניט געטראַכט אַז ער וועט אַזוי גיך שטאַרבן. ער איז אַלט געווען 68 יאָר.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז דער טאַטע מיינער און איך, זאָלן האָבן אַנדערע געשמאַקן, אָבער איין זאַך האָבן מיר אַבסאָלוט געהאַט איין און דעם זעלביקן געשמאַק — און דאָס איז חזנות!

ער האָט ליב געהאַט דעם זעלבן סאָרט חזנות, וואָס איך — און די זעלביקע חזנים! ער איז ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון קיין הויכן טאָן, נאָר פון דער שיינער תנועה, פונעם טייטשן פון וואָרט און האַרציקער נגינה!

צווישן זיינע באַליבטע שרייבער, וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו

לייענען, זיינען געווען: דר. קאַראַלניק, מ. אַלגין, דר. מוקדוני, צביון און דער פאַרשטאָרבענער ש. ראָזנפעלד.

פאַר דערציילונגען, ראָמאַנען, אָדער לידער, האָט ער ניט געהאַט קיין געדולד. פון צייט צו צייט פלעג איך אים זען אַריינקוקן אין אַ קליין ביכעלע לידער פון ר׳ יהודה הלוי.

דער טאַטע פלעגט רעדן מיט מיר איבער פאַרשיידענע זאַכן. אָבער זיינע סאַמע באַליבסטע טעמעס זיינען געווען: חזנות און — פּאָליטיק... ער פלעגט אי לייענען און אי זיך אָפּט צוהערן צו די נייעסן אויף דער ראַדיאָ.

יאָ, איך האָב געהאַט אַ טאַטן — און ער איז ניטאָ מער.

אוי, טאַטע...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, מערץ 16, 1951, נ. י.

# רעי לעוו׳ס פּיאַנאָ־מייסטערשאַפט

## דעם אָנדענק פון מיין שוועסטער חנה

אזוי פאַר׳קנס׳ן זיך צו דער פּיאַנאָ, מיט האַרץ און נשמה, מיט ליבע און לעבן, קאָן נאָר אַ פרומע אידישע טאָכטער, אין וועמעס אָדערן עס זינגט אַרויס דאָס געזאַנג פון דורות. איך האָב אָט דעם געפיל געשפּירט אין זיך זיצנדיק ביי דעם אויסערגעוויינליכן רעי לעוו פּיאַנאָ־ריסייטל מיטוואָך אָוונט, דעם 4טן נאָוועמבער, אין קאַרנעגי האָל. דער זאַל איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ זעלטענעם עולם פון מוזיק־פאַרשטייער און מוזיק־געניסער. וואָרום רעי לעוו האָט דערגרייכט דעם שפּיץ, צו וועלכן יעדער קינסטלער שטרעבט: צו שלימות און פּערפעקטקייט, — און האָט מיט דעם פאַרכאַפּט גאָר די אַמעריקאַנער מוזיק־וועלט.

רעי לעוו, אַ חזנ׳ס אַ טאָכטער, וואָס האָט זיך פון קליינוווייז אָן געווידמעט דער פּיאַנאָ מיט עכטער קנאי׳שער איבערגעבנקייט, וואו זי האָט איר מיידלשן חלום אַריינגעוועבט אין די טיפן פון די איידעלע וויברירענ־דיקע פּיאַנאָ־סטרונעס, וועלכע ציטערן און פלאַטערן ווי זומער־בלימעלעך, באַזונטע און באַשטראַלטע, אונטער וועמעס צאַרטע מיידלשע פינגער־באַרי־רונגען עס זינגען די קלאַווישן „שירה״, האָט מיטוואָך נאַכט באַוויזן אַריינ־

צוגיסן אַזוי פיל אמת'ן געפיל אין איר שפּילן, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם ביי יעדן פון די צושויער אין זאַל. די פיינסטע שאַטירונגען און ניואַנסן, וועלכע די פּיאַנאָ איז נאָר פעאיג אַרויסצוגעבן פון זיך, האָט די יונגע פּיאַנאָ־ווירטואָזין, מיט אירע אויסערגעוויינליכע קינסטלערישע פעאיגקייטן, אַרויסגעצויגן פון די קלאַווישן און עס געבראַכט פאַר'ן עולם אין זאַל.

אַ קאָנצערט פון דעם מין האָט נאָך קיינמאָל, דוכט מיר, ניט גערעדט אַזוי צום האַרצן פון מוזיק־ליבנדיקע מענטשן, ווי אין דער איצטיקער חושכדיקער צייט, ווען וועלטן גאַנצע ווערן חרוב און די קונסט ליגט אַ דערשלאָגענע פון די שווערע קלעפּ, וואָס דער נאַצי־באַרבאַר האָט איר דערלאַנגט אין יענע צענטערן, וואו קונסט האָט אַלע מאָל געבליט און מענטשן האָבן געקאָנט פריי בייוואוינען וועלכן עס איז קאָנצערט וואָס זיי האָבן געגלוסט.

רעי לעוו באַזיצט, אַ חוץ איר וואונדערליכע טעכניק, אויך די וואַרעמ־קייט פון אַ העכסט טעמפּעראַמענטפולער קינסטלערין. עס באַקומט זיך דער איינדרוק ווי זי וואָלט דער פּיאַנאָ אָפּגעטאָן אַ כישוף, ווייל אַלץ, וואָס זי האָט געשפּילט, איז פון איר אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט אַ שטוינענדיקער קלאָרקייט און פלינקייט. די פאַרשידענע עפעקטן האָבן זיך איבערגעגעבן אויף אַ העכסט מאַלערישן אופן. זי שפּינט און וועבט אַריין אין דער פּיאַנאָ איר גאַנצן מיידלשן וועזן און יוגנטליכע קראַפט, וואָס זי פאַרמאָגט, ווי איינע, וואָס האָט ניט פאַר זיך קיין אַנדער ציל אין לעבן, ווי די פּיאַנאָ וואָלט געוועזן דער איינציקער קוואַל, פון וועלכן זי טרינקט און שיכור'ט זיך אָן מיט אַ שיכרות, וואָס האָט ניט קיין גלייכן...

עס איז צו באַוואונדערן, ווי אַזוי אַ מענטש פון היינט קאָן אַזוינס באַווייזן, אָבער יעדער אמת'ער קינסטלער מוז זיין איבערגעגעבן זיין פאַך אויף הונדערט און איין פּראָצענט. רעי לעוו האָט עס פאַקטיש באַוויזן, און דער־פאַר האָט זי מיט איר שפּילן פאַרכאַפּט גאַנץ אַמעריקע. הערנדיק איר שפּילן שאַפּען, דוכט זיך אייך, אַז זי האָט ניט צו זיך קיין גלייכן. זי איז ווי געבוירן געוואָרן פאַר אים. אַזאַ צאַרטקייט, אַזאַ איידעלען צוגאַנג, ווי זי ווייזט אַרויס צו זיינע פּיאַנאָ־קאָמפּאָזיציעס, איז זעלטן צו באַגעגנען צווישן אַ סך באַרימטע פּיאַנאָ־קינסטלער...

זי האָט געעפנט דעם פּראָגראַם מיט דער וויוואַלדי־באַך פּיאַנאָ־

קאָנטשערטאָ אין די־מינאָר, און שוין פון די ערשטע קלאַנגען, וואָס די פיאַנאָ־קלאַווישן אונטער אירע הענט האָבן אַרויסגעזונגען, האָט זיך געטראָגן אַזאַ וואַרימער געפיל, וואָס איז זיך צעגאַנגען איבער׳ן גאַנצן זאַל. טענער אויף טענער, קלאַנגען אויף קלאַנגען, קאָלירן אויף קאָלירן; ווי די כוואַליעס האָבן זיי איינער געיאָגט דעם אַנדערן, איין איבערגאַנג נאָכ׳ן צווייטן; און עס האָבן זיך געמישט פאַרבן אין פאַרבן, מאַלעריש־דיכטעריש; און עס האָט זיך געדוכט, אַז די פיאַנאָ — ניט בלויז זי שפּילט, נאָר זי רעדט צו אייך: אָט אויף אַזאַ שטייגער, אָט אויף אַ צווייטן. מיט אַ פאַרקלערט פּנים זיצט זי איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם „האַרץ״ פון דער פיאַנאָ, די אויגן האַלט זי פאַרמאַכט און דעם מח פאַר׳דמיונ׳ט, ווי אַן עילוי איבער דער גמרא, — און אַזוי האָט זי פאַרענדיקט דעם ערשטן נומער.

דערנאָך קומען צוויי שווערע נומערן פון בראַמס. ווידער אַמאָל, די זעלבע פאַרקלערטקייט, ווייטער די זעלביקע פאַרטיפטקייט; דער מיידלשער פייער צעברענט זיך אין איר מערער און מערער; זי שלינגט מיט גרויס דורשט די הייסע קלאַווישן פון דער פיאַנאָ, ווי אַ פאַרליבטע די ליפּן פון איר געליבטן; באַוועגט שטיל מיט׳ן קאָפּ, ווי אַ פרומער איד, ווען ער שטייט די שטילע שמונה־עשרה; לעבט זיך אַריין וואָס אַמאָל טיפער און טיפער און די שווערע בראַמס־קאָמפּאָזיציעס ווערן דורך איר באַלעבט פון איר הייסן, מיידלשן אָטעם אין פייער־גליענדיקע פינגער. ווען זי ענדיקט, ווערט דער עולם ניט מיד איר צו אַפּלאָדירן.

דערנאָך ווידער קומט שאָפּענ׳ס באַרימטע סאָנאַטאָ אין „בי־פלעט״ מינאָר. די סאָנאַטאָ פאַרמאָגט פיר טיילן פון וועלכער דער דריטער טייל, איז דער באַרימט געוואָרענער שאָפּענ׳ס „לויה־מאַרש״. דער גאַנצער טרויער פון דער איצטיקער וועלט, וואָס איז איין גרויסער יאָמער־טאָל, איז פון דער יוגנטליכער ווירטואָזין אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט אַזאַ שטוינענדיקער טיפקייט און קלאָרקייט, וואָס האָט געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק אויף די צושויער. אַזוי פיל געוויין, אַזוי פיל טרערן און עכט־תפילה׳דיקס איז געלעגן אין איר שפּילן, גלייך ווי איך וואָלט אָט דעם באַרימטן „טרויער־מאַרש״ צום ערשטן מאָל געהערט.

כדי צו פאַרהיילן די „וואונדן״, וואָס שאָפּענ׳ס „טרויער־מאַרש״ האָט דערוועקט ביים עולם, האָט זי דערנאָך געגעבן אַ גרופּע פון אַכט וויג־לידער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, געזאַמלט און אַראַנזשירט פון דאָראָטי

בערלינער־קאָמינס. פון דער גרופּע האָבן זיך שטאַרק אַרויסגעזען מיט זייער אויסערגעוויינליכער מעלאָדישקייט, אַ שפּאַניש און אַ כינעזיש וויג־ליד. מיס לעוו האָט די דאָזיקע אַכט וויג־לידער געשפּילט אַזוי מאַמעדיג־צאַרט, ווי זי וואָלט פאַרוויגט איר אייגן קינד...

דערנאָך האָבן נאָכגעפאָלגט אַ גרופּע אַלטע ענגלישע טענץ, געזאַמלט און אַראַנזשירט פון דער פריער שוין דערמאָנטער קאָמפּאָזיטאָרין. די טענץ זיינען ניט אַרויסגעקומען אַזוי געראָטן, ווי די פריער דערמאָנטע גרופּע וויג־לידער.

לסוף האָט די פּיאַנאָ־קינסטלערין פאַרענדיקט איר אָפיציעלן פּראָגראַם מיט דעבוסי׳ס צוויי פּיאַנאָ־נומערן, וואו טעכניק האָט געשפּילט גרויס אַנזען און איז זייער שיין ארויסגעבראַכט געוואָרן, מיט דער זעלבער קראַפט און קלאָרקייט, ווי די פריערדיקע נומערן פון דער פּראָגראַם, דעבוסי איז באמת אַ האַרבער נוס איינצובייסן, אָבער ניט צו האַרב פאַר אַזאַ באַגאַבטער פּיאַנאָ־קינסטלערין ווי רעי לעוו!

פאַרשטייט זיך, אַז נאָכדעם ווי דער פּראָגראַם איז שוין געווען אָפיציעל פאַרענדיקט, האָט דער עולם דורכאויס פאַרלאַנגט פון דער יונגער פּיאַנאָ־קינסטלערין „אַנקאָרס״. און מען מוז צוגעבן, אַז זי איז געווען אויסער־געוויינליך גוט צום עולם און האָט געגעבן איין אַנקאָר נאָכ׳ן אַנדערן. דער עולם האָט זי פּשוט ניט געוואָלט אַרונטערלאָזן פון דער בינע.

„דער טאָג״, נאָוו. 10, 1942, נ.י.

# לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי

## מאָמענטן און זכרונות

וןי אַ דאַרשטיקער אין מדבר בין איך, באַלד נאָך מיין קומען קיין אַמעריקע, צוגעפאַלן צו די קוואַלן, הן פון דער אידישער נגינה און מוזיק און הן פון דער אַלגעמיינער וועלטלעכער נגינה און מוזיק.

מיין „באַגאַזש״ וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, פון מיין שטעטל סלאַוועשנע, אין אוקראַינע, איז באַשטאַנען פון „אַביסל״ קענען לייענען אַ נאָטע, אָבער אינם אוצר פון דער כלל׳יקער מוזיק־ליטעראַטור איז

עס געווען ווי אַ טראָפּן אין ים. און דער ים פון דער מוזיק־ליטעראַטור איז ביז גאָר אַ טיפער, אַ ברייטער און אַ פאַרשידנאַרטיקער — אַזוי פאַרשיידן ווי פעלקער, לשונות און לענדער זיינען. וויפיל פעלקער, לשונות און לענדער, אַזויפיל קאָלירן, תנועות און פאַרב פאַרמאָגט דער מוזיק־אוצר. וויפיל שטערן אין הימל, אַזויפיל הויפּנס טענער, קנייטשן, פאַלדן און חנ׳עָן האָט די מוזיק. ווי פאַרשיידנאַרטיק עס איז די וועלט, די מענטשהייט, אַזוי פאַרשיידנאַרטיק איז די מוזיק. דעריבער האָב איך געקוקט אויף זיך, ווי אַ קינד, וואָס הויבט ערשט אָן צו לערנען זיך גיין, פּלאַפּלען, און צו רעדן.

איך האָב געהאַט אַ סך „וועג־ווייזער", צווישן זיי איז געווען דער ערשטער מיין טאַטע, אַ האַרציקער בעל־תפילה, וואָס האָט אין באַרדיטשעוו לערנענדיק אין דער ישיבה געזונגען אין כאָר ביי זיידעל ראָוונער און האָט אויסגעלערנט זיך צו לייענען נאָטן — פּונקט ווי ער איז אויך געווען דער ערשטער, איידער איך האָב אין עלטער פון פינף יאָר אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, וואָס האָט מיך אויסגעלערנט דעם „אלף־בית".

מיין צווייטער „וועג־ווייזער" אין מוזיק איז געווען מיין חשוב׳ער לאַנדסמאַן פון סלאַוועשנע, דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער באַוואוסטער אידישער שריפטשטעלער, איציק קיפּניס,וועלכער האָט געשפּילט אויפן פידל און האָט אויך געקענט לייענען „בלאַט". פון וואַנען, פון וואָס, ווייס איך ניט, אָבער ער האָט מיין „וויסן" אין נגינה פאַרטיפערט. און מיין דריטער „וועג־ווייזער" אין מוזיק איז געווען שוין נאָכדעם ווי איך בין געקומען צו מיין טאַטן אין פילאַדעלפיע: דער באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט, מיכל געלבאַרט, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין פילאַדעלפיע — זייענדיק דער דיריגענט פונם „פרייהייט געזאַנג פאַריין".

דאָס איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער מין לערנען „חכמת־המוזיק": מעטאָדיש, מיט אַ „פּאַטשיוקע" — מיט אַ צוגרייטונג אויף צו קאָנען ווייזן זיך פאַר מענטשן. די דאָזיקע צוגרייטונג האָט מיך, אין קורצן, געפירט גלייך אין דער „סקול אָוו מיוזיק ענד דראַמאַ", אין פילאַדעלפיע, פון וועלכער דער באַגאַבטער פּראָפעסאָר ע׳. האָקסי איז געווען דער דירעקטאָר.

פּראָפעסאָר האָקסי איז געווען דער, וואָס האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב ווען בייגעוווען אַ קאָנצערט אין דער „אַקעדעמי אָוו מיוזיק" פונם פילאַ־דעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער מיט לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי׳ן אַלס דיריגענט? און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז ניין, האָט ער מיך טראַקטירט

מיט אַ פיינעם בילעט אין דער „אַקעדעמי אָוו מיוזיק״, וואו איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען און געהערט אַזאַ גרויסן אָרקעסטער שפּילן און אָנגעפירט פון אַזאַ וועלט־באַרימטן דיריגענט, לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי!

* * *

איבעריק נאָר צו זאָגן, אַז די איבעראַשונג איז געווען אַ גרויסע! איך בין געזעסן מיט אַן אָפענעם מויל און מיר האָט זיך ניט אַנדערש אויסגעוויזן, אַז איך געפין זיך ערגעץ אויפן הימל, און אַז ניט קיין מענטשן זיינען די, וואָס שפּילן אויף זייערע אינסטרומענטן, נאָר „מלאכים״ איבער וועמען עס שיינט גאָט׳ס „שכינה״, און אַז דער וואָס שטייט אויף דער בינע און פירט אָן מיט די „מלאכים־שפּילער״, איז ניט קיין אַנדערער ווי אליהו הנביא אַליין! זיינע הענט, ווי פון אַ הייליקן „כהן־גדול״, האָבן געשוועבט אין דער לופטן און עס האָט זיך געגאָסן מוזיק, ווי שטראַלן פון דער זון אין אַ צעהעלטן נאָכמיטאָג אין מיט־זומער. איך בין געזעסן און מיין האַרץ האָט געקלאַפּט ווי ביי אַ גנב: איך האָב דאַרשטיק געשלונגען יעדן טאָן, יעדע פראַזע, יעדן איבערגאַנג, ווי אַ פאַרטייערטער און אַ פאַר׳חלש׳טער, ווי אַן אויסגעהונגערט קינד, וואָס כאַפּט זיך צו צו דער מאַמעס ברוסט...

אין קורצן, נו, לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי איז געוואָרן מיין גאָט, מיין חלום, מיין לוסט און גלוסט, מיין אידעאַל! איך האָב, וויפיל נאָר איך האָב געקאָנט, איינגעקויפט פּלאַסטינקעס פונם פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער, געשפּילט אונטער לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי׳ס גאָלדענע הענט, וואונדער־לעכע צען מוזיקאַלישע פינגער, וועמענס מנגנ׳ישקייט ס׳איז מיר טיף אין די ביינער אַריין.

יעדע פרייע שעה פלעג איך שטיין ביים גראַמאָפאָן און הערן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די פּלאַסטינקעס שפּילן און איבערשפּילן פונם מייסטערדיקן פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער, אונטער דער ברילּיאַנטענער אָנפירערשאַפט פון זיין געבענטשטן און געקרוינטן דיריגענט, לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי.

מיין מאַמע פלעגט מיר זאָגן: „אפשר וואָלסטו דעם גראַמאָפאָן אין בעט אַריין צו זיך גענומען! וויפיל איז דער שיער די זעלביקע פּלאַסטינקעס נאָכ־אַמאָל און נאָכאַמאָל איבערצושפּילן? קרעפּלעך עסן זיך דאָך אויך צו?״

„מאַמע“, פלעג איך איר ענטפערן, „דו פאַרשטייסט ניט וואָס דאָס איז, האָסט נישט קיין באַגריף: דאָס שפּילן מלאכים און דער אָנפירער איז אַ נביא, וואָס זיין נאָמען איז לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי!“

טאַקע, אדרבה, אין וואָס אַקוראַט איז באַשטאַנען לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי׳ס גרויסקייט? וואו איז געלעגן זיין פענאָמענאַלקייט, זיין גאונות׳שאַפט, זיין געניוס? איז ער דאָך נישט געווען דער איינציקער געניאַלער אָרקעסטער־דיריגענט, ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען און זיך איבערצייגט — אַ שטייגער: אַרטוראָ טאָסקאַניני, סערגעי קוסעוויצקי, ברונאָ וואַלטער, דימיטרי מיטראָפּולאָס, וועלכע זיינען געווען פונם זעלביקן פאַרנעם און קאַליבער ווי סטאָקאָווסקי? און נאָך ווי אַזוי! אָבער לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי איז דורכאויס געווען קלאַסיש אין זיין אופן דיריגירן און האָט געהאַט הענט און פינגער, וואָס איך האָב ביי די אַנדערע נישט געזען — נישט געפילט און ניט געאַנט!

קיינער פון זיי האָט ניט אַזוי אויסגעטייטשט בעטהאָווען׳ען, בראַמסן און טשייקאָווסקי׳ן! אָבער דער עיקר און מער פון אַלץ — באַכ׳ן! אים האָט ער ממש אויף די שפּיצן פון זיינע צען פינגער געהאַט! קיינער פון די דער־מאָנטע האָט ניט אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין באַכ׳ן, ווי סטאָקאָווסקי, ער האָט אים געקענט אויף אַלערליי אופנים, און ער האָט טאַקע איניקע פון באַכ׳ס קאָמפּאָזיציעס באַאַרבעט און אַרקעסטרירט אויף זיין אייגענעם שטייגער.

זיין שטיין אויף דער בינע און אויפהייבן מיט די הענט, איז געווען ווי פון אַ „כהן־גדול“ אויפן „מזבח“ אין „בית־המקדש“ — אַזוי האָב איך זיך פאַרגעשטעלט אים! ער האָט פאַרמאָגט אַ גוואַלדיקן כוח פון איינפלוס אויף די שפּילער פון אָרקעסטער, יעדער אינסטרומענט איז ביי אים געווען וויכטיק, יעדער אינסטרומענט ביי אים האָט געמוזט זינגען — און אויך רעדן. מ׳האָט געפילט, אַז ער דרינגט טיף אַריין אין די הערצער און נשמות פון יעדן איינציקן שפּילער באַזונדער און ציט פון זיי אַרויס די עצמות מיט די אברים. פּונקט ווי ער אַליין האָט טיף אַריינגעלעבט זיך אין יעדער קאָמפּאָזיציע, אַזוי האָט ער די שפּילער פון אָרקעסטער געמאַכט טיף אַריינצולעבן זיך אין יעדן זאַץ, אין יעדער פראַזע, איבערגאַנג, קנייטש, פאַלד און מיין.

* * *

איך ווייס ניט וויפיל סטודענטן פונם „קורטיס אינסטיטוט אָוו מיוזיק״ לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי האָט באַווירקט, אַז זיי זאָלן ווערן און אויסוואַקסן גרויסע אָרקעסטער־דיריגענטן. אָבער איך ווייס פון איינעם און זיין נאָמען איז: אייזלער סאָלאָמאָן, וועלכער איז, איינס און צוויי, געוואָרן דער דיריגענט פונם מינעאַפּאָליס׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער און נאָך פון אַנדערע באַרימטע סימפאָנישע אָרקעסטערס. איך ווייס אויך, אַז ווען אַרטוראָ טאָסקאַניני האָט אָנגעפירט מיט די קאָנצערטן פון באַרימטן „ען־בי־סי״ סימפאָניע אָרקעסטער אין די שבת־צו־נאַכטס׳ן אויף דער ראַדיאָ, צו וועלכע מיליאָנען מענטשן אין אַמעריקע און אויך אין אַנדערע לענדער האָבן זיך צוגעהערט, האָט ער צווישן די פאַרבעטענע גאַסט־דיריגענטן אויך איינגעלאַדן אייזלער סאָלאָמאָנ׳ען. דאָס איז געווען אַ גאַנץ פיינער „אַטעסטאַט״ פאַר׳ן יונגן אָרקעסטער־דיריגענט. און ווען איינער פון די שפּילער פון דערמאָנטן אָרקעסטער האָט ביי אַ פּראָבע אויפגעשטעלט זיך און געזאָגט צום גאַסט־דיריגענט, אייזלער סאָלאָמאָן, אַז די און די „שטעל״ אין דער און אין דער „סימפאָניע״ האָט דער גרויסער דיריגענט טאָסקאַניני אויסגעטייטשט „אַזוי און אַזוי״, האָט דער יונגער גאַסט־דיריגענט דעם שפּילער געענטפערט: „יאָ, ביסט גערעכט, אָבער איצט דיריגיר איך, ניט טאָסקאַניני״. מיט דעם האָט ער באַוויזן זיין איך, זיין פּערזענלעכקייט.

כ׳וועל ניט זאָגן, אַז אייזלער סאָלאָמאָן איז געוואָרן אַ צווייטער סטאָקאָווסקי, אָבער ער איז געוואָרן אַ דיריגענט, וואָס שטייט אויף זיינע אייגענע פיס. זיין פריער דערמאָנטע באַמערקונג צום שפּילער פונם „ען־בי־סי״ סימפאָנישן אָרקעסטער רעדט פאַר זיך אַליין און איז די בעסטע באַשטע־טיקונג דערויף. אגב, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז אייזלער סאָלאָמאָן איז אַן איידעם פונם פאַרשטאָרבענעם אידישן שרייבער און געוועזענעם מיט־אַרבעטער פון דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״, משה מלמד, אַ ברודער פונם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם באַקאַנטן קאָנצערטינע־שפּילער, לעאָן מאַלאַמוט. מלמד׳ס טאָכטער, שרה׳לע, איז געווען אַ סטודענטקע פונם „קורטיס אינסטיטוט אָוו מיוזיק״, וואו זי האָט זיך געלערנט פּיאַנאָ — אַזוי אַרום איז געשלאָסן געוואָרן דער שידוך. שרה׳לע, אייזלער און איך פלעגן זיך אָפט באַגעגענען ביים אַריינגאַנג פון דער „אַקעדעמי אָוו מיוזיק״ צו די קאָנצערטן פונם פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער און זיין מאַעסטראָ

לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי. אויך שרה׳לע און אייזלער סאָלאָמאָן זיינען געווען גרויסע חסידים הן פון סטאָקאָווסקין און הן פון אָרקעסטער.

אָפּזיין אין אַ שטאָט דער דיריגענט פון 1912 ביז 1938, דאָס איז ניט גלאַט אַזוי עפּעס אַן ענין. סטאָקאָווסקי האָט דעם פילאַדעלפיער מוזיק־עולם, די באַלעבאַטים, די „טראַסטיס״ פון אָרקעסטער און די קריטיקער, געהאַלטן, ווי מען זאָגט אויף ענגליש, „ספּעלבאַונד״ — געשפּאַנט. און ווען ער האָט אין 1938, צוליב אַ „סיכסוך״ מיט זיינע באַלעבאַטים פאַרלאָזט דעם אָרקעסטער, זיינען זיינע טויזנטער פאַרערער, הייסע חסידים — און אויך דער אָרקעסטער געבליבן „כצאן בלי רועה״, ווי אַ טשערעדע אָן אַ פּאַסטוך...

אַוודאי איז סטאָקאָווסקי געווען אַ קאַפּריזנער מענטש, אַ „פּרימאַ־דאָנאַ״, ער האָט דורכאויס געמוזט אויספירן זיינס, האָבן זיינע אייגענע וועגן, מעטאָדן, אופנים און אויפפירונגען, אָבער דערפאַר איז ער דאָך געווען דער גרויסער לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי, דער יחיד־במינו, וואָס האָט דעם פילאַדעלפיער אָרקעסטער באַרימט געמאַכט ניט בלויז אין אַמעריקע אַליין, אַלס דער ערשטער סימפאָנישער אָרקעסטער אויפן צעטל פון די סאַמע פּראָמינענטסטע אָרקעסטערס אין לאַנד, נאָר אויך אין גאָר דער וועלט.

אַז איך בין אין די דרייסיקער יאָרן געקומען צופאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן ניט נאָר אַלע סטודענטן פון די מוזיק־קאָנסערוואַטאָריעס אין תל־אביב, ירושלים, חיפה, און סתם מוזיק־ליבהאָבער, געהערט און נאָכגע־פרעגט זיך ביי מיר סיי וועגן סטאָקאָווסקי׳ן און סיי וועגן דעם אָרקעסטער. שענערס: זיי האָבן געוואוסט פונם פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער און זיין דיריגענט סטאָקאָווסקי מער, ווי אַ סך אַמעריקאַנער האָבן געוואוסט. די ציידענע טענער פון די שפּילער פון פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער האָבן געהאַט אַ גרויסן שם איבער דער וועלט — און דער מייסטער פון די דאָזיקע אויסגעכאָוועטע און אויסגעשניצטע ציידענע טענער איז געווען סטאָקאָווסקי, וואָס האָט געוועלטיקט איבערן אָרקעסטער מיט זיין גאַנצער מוזיקאַלישער קראַפט, גאונות און געניאַליטעט.

איך וועל אַלעמאָל געדענקען, אַז מיין „וועג־ווייזער״ צו די קוואַלן פון דער רייכער סימפאָנישער מוזיק־ליטעראַטור בכלל, איז געווען און וועט בלייבן לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי און דער וואונדערלעכער פילאַדעלפיער סימפאָנישער אָרקעסטער, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אויפן סאַמע

העכסטן פּיעדעסטאַל אין גאַנץ אַמעריקע. דאָס איז אַ חסד, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן, וועל אַלעמאָל געדענקען אים און טראָגן ביי מיר אין האַרצן. אַ חסד, וואָס באַווייזט זיך איינמאָל אין לעבן פון אַ מענטשן, וואָס איז בלב־ונפש אַריינגעטאָן אין נגינה און מוזיק. דער איינפלוס און דער איינדרוק וואָס סטאָקאָווסקי און דער פילאַדעלפיער סימפאָנישער אָרקעסטער האָבן אין מיר איינגעפלאַנצט און איבערגעלאָזט, איז פון מיינע דערהויבנסטע און שענסטע מאָמענטן און דעראינערונגען פון מיינע יונגע פינף יאָר לעבן ביי מיינע עלטערן אין פילאַדעלפיע — דער סינאָנים פון מוזיק, פונקט ווי דער „אינדעפּענדענס סקווער" איז דער סינאָנים פון די בירגער פון דער שטאָט פילאַדעלפיע...

„מאָרגן פרייהייט", אָקט. 9, 1977, נ. י.

# מרדכי געבירטיג

## צו זיין 20טן יאָרצייט

רעדעס פאָלק פאַרמאָגט זיינע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־מנגנים — אייניקע מיט מער טאַלאַנט און אייניקע — מיט ווייניקער. זיי ווערן אָנגערופן פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס צוליב דעם, וואָס זיי שרייבן און קאָמפּאָנירן אין לשון און קלאַנג, ווי דאָס פאָלק רעדט און זינגט. דערפון נעמט זיך, וואָס דאָס פאָלק טוליעט זיי אַזוי צו זיין האַרצן. דאָס פאָלקסטימלעכע, סיי אין וואָרט און סיי אין קלאַנג, האָט אַ שטאַרקע צוציאונגס־קראַפט, אַ מאַגישן כוח, וואָס ווירקט אוממיטלבאַר. דער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר קאָן אָפּטמאָל ברענגען טיפער צום אויס־דרוק אָן איבערלעבונג, שטייגער, סביבה, פאַסירונג, געשעעניש, פרייד און אומגליק, ווי דער באַגאַבטסטער דיכטער אָדער קאָמפּאָזיטאָר. אין דער אומבאַהאָלפנקייט פונעם פאָלקס־דיכטער אָדער פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר ליגט אָפט באַהאַלטן די נאַציאָנאַלע עכטקייט און האַרציקייט, די שורשדיקייט און נשמהדיקייט פון אַ פאָלק.

אונזערע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־מנגנים באַווייזן זיך אין לעבן מיט

דעם אויפשטייג פון דער נייער אידישער קולטור, ליטעראַטור, טעאַטער, נגינה, מוזיק. עס זיינען געקומען די בדחנים מיט זייערע לידער און נגונים, די פורים־שפּילער מיט זייערע לידער און געזאַנגען, די בראָדער־זינגער מיט זייערע לידער און מאָטיוון. אָט איז געקומען וועלוול זבאַרזשער מיט זיינע לידער און געזאַנגען; אליקום צונזער מיט זיינע לידער און מאָטיוון; דערנאָך האָט אַ בליץ־געטאָן אברהם גאָלדפאַדן מיט זיינע דראַמאַטישע און געזאַנג־שאַפונגען; שפּעטער — מאַרק וואַרשאַווסקי מיט זיינע לידער און מעלאָדיעס; און נאָך אים האָט אויף דער פּוילישער ערד אויפגעשיינט מרדכי געבירטיג, וואָס האָט מיט זיינע לידער און ניגונים איינגענומען אַ שטיק אידישע וועלט.

פון אַלע ביז איצטיקע אידישע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרן, וועמעס ווערטער און טענער ווירקן אוממיטלבאַר אויפן אידישן עולם און לייגן זיך צום געשמאַקסטן און מחיהדיקסטן אויפן אידישן אויער, טיילן זיך אויס די דריי: אברהם גאָלדפאַדן, מאַרק וואַרשאַווסקי און מרדכי געבירטיג. דערלאַנג אַ זינג אברהם גאָלדפאַדנס „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" און דער עולם, יונג און אַלט, ווערט פאַרכאַפּט. גיט אַ זינג אויף מאַרק וואַרשאַווסקיס „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל" און דער עולם ווערט מיטגעריסן. אברהם גאָלדפאַדנס „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" און מאַרק וואַרשאַווסקיס „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל" זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשידענע פרעמדע לשונות און ווערן געזונגען אין אַלע עקן־ווינקלען פון דער וועלט. דאָ, ביי אונז אין אַמעריקע, קאָנט איר אָט־די צוויי פאָלקסטימלעכע לידער, אין וואָרט און קלאַנג, אָפט הערן זינגען אויף ענגליש אויף דער קאָנצערט־בינע, אויף דער ראַדיאָ און אויף דער טעלעוויזיע. זיי זיינען אויך אָרקעסטירט געוואָרן און ווערן געשפּילט פון גרויסע סימפאָנישע אָרקעסטערס איבערן לאַנד. ווייניק פון אונזערע גרויסע און באַרימטע דיכטער האָבן זוכה געווען צו דערגרייכן אַזאַ וועלט־פּאָפּולערקייט, ווי עס האָבן אָנגעשלאָגן אָט־די דריי דערמאָנטע פאָלקס־דיכטער — און פיל־ווייניקער האָבן פון אונזערע גרויסע און באַגאַבטע קאָמפּאָזיטאָרס זוכה געווען צו אַזאַ וועלט־באַקאַנטקייט ווי די דריי פאָלקס־מנגנים אונזערע.

אויף איינעם פון אָט־די דריי וועל איך זיך דאָ אָפּשטעלן, און דאָס איז אויף דעם קדוש מרדכי געבירטיג, וועלכער ווען ער וואָלט איצט געלעבט,

וואָלט מען אויף דער גאָרער אידישער וועלט געפייערט זיין 85סטן געבוירנטאָג. אַנשטאָט זיין 20סטן יאָרצייט.

מרדכי געבירטיג איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן מאַי, 1877. ער איז דורך די דייטשישע מערדער דערשאָסן געוואָרן דעם 4טן יולי, 1942, אין דער קראָקאָווער געטאָ — די היימשטאָט זיינע, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און צו וועמען ער האָט אין דער פינצטערער געטאָ אָנגעשריבן צוויי לידער: „בלייב געזונט מיר, „קראָקע״ און „געהאַט האָב איך אַ היים״.

עס איז ניט לייכט צו אַנאַליזירן געבירטיגס לידער און געזאַנגען, ווייל נישט אַלע טעקסטן זיינען פונעם זעלביקן פּאָעטיש־פאָלקסטימלעכן ווערט, פונקט ווי די ניגונים געבירטיגס זיינען נישט אַלע פונעם גלייכן מנגניש־פאָלקסטימלעכן באַטייט. אָבער אַז מרדכי געבירטיג איז געווען איינער פון אונזערע לויטערסטע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־מנגנים, וועגן דעם איז גאָר קיין שום ספק נישטאָ. וועגן וואָס מרדכי געבירטיג האָט ניט געשריבן און געזונגען, איז דער אייגנטימלעכער פאָלקס־טאָן דער דאָמינירנ־דיקסטער. ער באַשטראַלט יעדע שורה, יעדן קלאַנג זיינעם. אפילו די שוואַכע שטעלן, וואָס מען געפינט אין געבירטיגס לידער, ווערן פאַרגלעט דורך דער געלייטערטער האַרציקער פאָלקסטימלעכקייט, וואָס רעדט פון זיי אַרויס. דאָס זעלביקע איז אויך מיט אייניקע פון געבירטיגס ניגונים, וואו עס הערן זיך פרעמדע טענער, אָבר זיי ווערן פאַראידישט דורכן אידישן קנייטש, מיט וועלכן ער האָט זיי באַ׳חנ׳ט. ער רעדט און זינגט אוממיטלבאַר; די טעקסטן מיט די ניגונים גיסן זיך ממש אין האַרצן אַריין. דערפון — זיין באַליבטקייט און פּאָפּולערקייט. און דעריבער איז ער אַזאַ אָפטער גאַסט אויף אַלע אידישע קאָנצערט־בינעס, אומעטום, וואו עס טרעטן אַרויס אידישע זינגערס און שוישפּילער.

אַן אמת׳ר דיכטער קוקט אָפט פון אויבן אַראָפּ אויפן פאָלקס־דיכטער, ווי עס איז דער פאַל אויך מיטן פּראָפעסיאָנעלן קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער קוקט פון אויבן־אַרונטער אויפן פאָלקס־מנגן. צוויי פון אונזערע אויבנדערמאָנטע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־מנגנים, אברהם גאָלדפאַדן און מאַרק וואַר־שאַווסקי, זיינען אַמאָל שטאַרק קריטיקירט געוואָרן פונעם באַוואוסטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר יואל ענגעל (דער פאַרפאַסער פון דער מוזיק צו אַנסקיס „דיבוק״, וואָס די הבימה האָט אויפגעפירט). אָבער צי ער איז גערעכט געווען — דאָס איז שוין אַן אַנדער פראַגע. שלום עליכם האָט

בשעתו געפירט אַ גאַנץ הייסע פּאָלעמיק מיט ענגעלן איבער וואַרשאַווסקיס פאָלקס־ניגונים, ווי עס דערציילט נחמן מייזיל אין זיין ביכל „אידישע טעמאַטיק און אידישע מעלאָדיעס ביי באַוואוסטע מוזיקער" (איקוף־פאַרלאַג, 1952). צווישן אַנדערעס האָט יואל ענגעל געשריבן „אין וואָסכאָד", נומער 25, 1902) אויף דעם, וואָס וואַרשאַווסקי האָט זיך פאַררופן אויף גאָלדפאַדן, אַז ער, „גאָלדפאַדן איז אין תוך אַזאַ מין דעליטאַנט ווי וואַרשאַווסקי. ער איז אַ דערפאַרענער אין מוזיקאַלישע אָנגעלעגנהייטן, ער איז טאַלאַנטפולער, נאָר מוזיקאַליש איז ער אַן אַנאַלפאַבעט", א.אַז.וו.

אָבער כדי צו בלייבן אומשטערבלעך ביים פאָלק דאַרף מען קאָנען אָנשרייבן אַזעלכע צוויי וועלט־באַרימטע־געוואָרענע לידער, ווי „ראָזשינ־קעס מיט מאַנדלען" און „אויפן פריפּעטשיק ברענט אַ פייערל", ווי עס האָבן באַוויזן אָנצושרייבן אונזערע צוויי „מוזיקאַלישע אַנאַלפאַבעטניקעס": אברהם גאָלדפאַדן און מאַרק וואַרשאַווסקי!

ווען אייניקע פון אונזערע איצטיקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס וואָלטן זיך ניט געשעמט, וואָלטן זיי דאָס זעלביקע אויך מסתמא געשריבן וועגן מרדכי געבירטיג, אָבער כדי צו בלייבן אומשטערבלעך ביים פאָלק דאַרף מען קאָנען אָנשרייבן אַזעלכע באַרימט־געוואָרענע לידער ווי: „רייזעלע", „מאָטעלע", „דריי טעכטערלעך", „יאַנקעלע", „קינדער־יאָרן", „אברהמ'ל דער מאַרוויכער", „הוליעט, הוליעט, קינדערלעך", ועל כולם: „אונזער שטעטל ברענט", ווי עס האָט באַוויזן אָנצושרייבן מרדכי געבירטיג!

אין „אברהמל דער מאַרוויכער" זעט ער און פילט די טראַגעדיע פונעם דרייצן־יעריקן אברהמל, וואָס איז יונג אַן אַ היים געבליבן און וועמען די ביטערע נויט האָט אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס „אין דער פרעמד, ווייט פון אַ מאַמעס אויגן", און עס איז פון אים געוואָרן „אַ וואוילער יאַט". אברהמל האָט זיך אויסגעלערנט צו אַרבעטן „לייכט און זיכער", דאָך וועט ער „געדענקען ביזן טויט", ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל „אַריין אין תפיסה פאַר לקחנען אַ ברויט". ער איז „אַ יאַט אַ קליינער אַריין אין קוטשעמענט" און איז פון דאָרט אַרויס „אַ מזיק, אַ זעלטענער טאַלאַנט". אברהמל „פאַרט נישט אויף קיין מאַרקן, ווי יענע פראָסטע יאַטן, כ'צופּ נאָר ביי קאַרגע, שמוציקע מאַגנאַטן", ווייל ער האָט „ליב אַ מענטשן, אַ מילדן, אַ נאַש־בראַט", וואָרום ער איז „אברהמל גאָר אַ וואוילער יאַט".

לסוף האָט ער „נאָר איין בקשה, כ'וואָלט אַזוי געוואָלט — נאָך מיין

טויט, אין אַ טאָג אַ טריבן, זאָל אויף מיין מצבה שטיין געשריבן מיט אותיות גרויסע און פון גאָלד: דאָ ליגט אברהמל, דער פייאיקסטער מאַרוויכער, אַ מענטש אַ גרויסער געוועזן וואָלט פון אים זיכער, אַ מענטש אַ פיינער, מיט האַרץ, מיט אַ געפיל, אַ מענטש אַ ריינער, וואָס גאָט אַליין נאָר וויל, ווען איבער אים וואָלט געוואַכט אַ מאַמעס אויגן, ווען ס׳וואָלט די פינצטערע גאָס אים נישט דערצויגן, ווען נאָך אַלס קינד ער אַ טאַטן וואָלט געהאַט, דאָ ליגט אַברהמל, יענער וואוילער יאַט״. דאָס זיינען ווערטער, ווי פונעם פאָלקס־מויל אַרויסגענומען, און דער ניגון איז אויך ווי פונעם פאָלקס־מויל אַרויס־געזונגען.

און ווי באַזינגט מרדכי געבירטיג די אידישע ליבע ? וויפל נאָך אַזעלכע פאָעטיש־פאָלקסטימלעכע פערלדיקע אידישע ליבע־לידער, ווי „רייזעלע״ זיינען ביי אונז פאַראַן, וואָס זאָלן מיט אַזאַ ברייטער פאָפּולאַריטעט אַרום־וואַנדערן אויף דער אידישער גאַס ? וועלכער זינגער אָדער זינגערין, אַשטייגער, האָט עס נישט אויספּרובירט זיין אָדער איר קול אויף אָט־דעם ליבע־ליד ? און ווי ענג עס איז צונויפגעשמידט געוואָרן די ווערטער מיטן ניגון ! מ׳דאַרף זיין דערויף אַ גרויסער מייסטער ! אָבער נאָך מער און דער עיקר פון אַלץ: „רייזעלע״ איז אַ דורכאויס אידיש ליבע־ליד פון ריינסטן סאָרט — איר האָט דאָ דאָס כאַראַקטעריסטישע קליינע אידישע געסעלע: דאָס פאַרטראַכטע אידישע הייזעלע, וואו עס וואוינט „מיין טייער רייזעלע״: איר הערט אויך דעם פאַרשייטן „פייף״, וואָס דודל גיט און עס געפעלט נישט רייזעלעס פרומער אידישער מאַמע, ווייל „פייפן, זאָגט זי, איז ניט אידיש״: און דודל גיט זיך אַ שבועה, אַז איר, רייזעלען, צוליב וועט ער „אפילו ווערן פרום״ און ער וועט „יעדן שבת גיין אין קלייזל״: און זי, רייזעלע, ענטפערט אים: „כ׳גלויב עס דיר, מיין ליבינקער, און דערפאַר דיר, דודל, שטריק איך אַ שיין תפילין־זעקל מיט אַ מגן־דודל״. דאָס איז ניט בלויז אַ ליד, פּאָעזיע, מוזיק, נאָר סביבה, שטייגער, היימישקייט, טראַדיציע.

און וויפל אידישע משפחה־לעבן, שטייגער, קאָליר און טאָן, ליגט אין די „דריי טעכטערלעך״ ? דער געמיט פון אַ אידישן טאַטן, ווען ער האָלט שוין ביים אויסגעבן די מיזינקע, די לעצטע פון די „דריי טעכטערלעך ?״ וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע פאַלן עס זיינען אַריינגעוועבט געוואָרן אין די פאַלדן פון אָט־דער דאַזיקער ריין־אידישער שטייגערישער אידישער באַלאַדע !

ווען עס האַלט נאָך ביי דער ערשטער טעכטערל, זינגט דער אידישער טאַטע:

„ווען מיט מזל געזונט און לעבן
ס׳עלטסטע טעכטערל מיר ווען אויסגעבן,
וועל איך טאַנצן מיר האָפּ, האָפּ!
אַראָפּ אַז עול פון קאָפּ,
וועל איך טאַנצן, אוי, וועל איך טאַנצן —
אַראָפּ אַז עול פון קאָפּ.

שפּילט קלעזמאָרים! שפּילט מיין לעבן —
ס׳ערשטע טעכטערל היינט אויסגעגעבן,
נאָר געבליבן אונז מיידלעך צוויי,
ווי האַלט מען שוין ביי זיי!

אָבער אַז מען האַלט שוין ביי דער דריטער טעכטערל, די מיזינקע, אַ דעמאַלט, זינגט שוין דער אידישער טאַטע גאָר אַן אַנדער „לידל״:

שפּילט, קלעזמאָרים, באַזעצט די כלה,
ציגענומען אונז די קינדער אַלע,
שווער געווען אונז די טעכטער דריי,
אוי, שווערער נאָך אַז זיי.

שפּילט, קלעזמאָרים, אַרויס אונז טרערן,
ס׳לעצטע בעטל וועט היינט ליידיק ווערן,
ס׳גאַנצע שטיבל, איר קליידער־שאַנק —
אוי־וויי, ווי פּוסט און באַנג.

איר האָט דאָ אידישע פרייד, טרערן, געוויין, בענקשאַפט, האָפענונג, באַגער, צוגעבונדנקייט און פאַרקלעמטקייט. ווידער־אַמאָל: ס׳איז אידישער שטייגער, אידישע סביבה, — אויסגעמאָלן מיט אַזעלכע פאַרבן און טענער, וואָס נאָר אַזאַ פאָלקס־טאַלאַנט, קאָן איבערגעבן אין וואָרט און קלאַנג.

און האָט מיין טאַטע, ז״ל, מיך נישט גע׳מוסר׳ט: „מאַטעלע, ביסט שוין אַ גרויסער אינגל, און דו שפּילסט זיך נאָך מיט פּאַדאַלסקיס טויבן? שעמסט זיך גאָרנישט, האַ?״ דער „גרויסער אינגל״ איז דעמאָלט געווען אַלט אפשר זיבן יאָר, אָבער אין אַ אידיש שטעטל איז אַ אינגל פון זיבן יאָר שוין געווען אַ „גרויסער אינגל״ — שיער נישט אַ „חתן־בחור״! און דעריבער, ווען איך הער אַדער איך אַליין זינג געבירטיגס ליד „מאַטעלע״, דערמאָנט זיך מיר אַלעמאָל יענער פאַל מיט מיין טאַטן, ז״ל... ווי וואונדערלעך עס קלינגען די

ווערטער צוזאַמען מיט דעם ניגון אינעם דאָזיקן ליד! „וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל? ענטפער דערויף: די שכנים זאָגן, כ'מוז זיי גלויבן", טענהט דער טאַטע צו מאָטעלען, „דו יאָגסט זיך גאַנצע טעג אַרום אין הויף, און חברסט זיך מיט יאַנקעס טויבן, — צי איז דאָס שיין פאַר אידן, זאָג אַליין, מיט טויבן זיך אַרומצויאָגן?" און מאָטעלע ענטפערט אים: „איך יאָג זיך נישט, איך קוק זיך צו נאָר בלויז, ווי שיין די טייבעלעך זיך שוועבן, ווי פריי זיי שפּרינגען זיך אַרום אין הויף, ווי שיין זיי פּיקן" א.אַז.וו. אָבער דער אידישער טאַטע האַלט זיך ביי זיינס: „אַ איד מוז לערנען תורה מיט גרויס פרייד, נישט האָבן נאַרישקייטן אין זינען".

„קינדער־יאָרן"! ווער האָט נישט געהערט זינגען אָט דאָס ליד, געבירטיגס? און וועלכער באַיאָרנטער האָט ביים הערן זינגען אָט דאָס ליד נישט אַ ציטער געטאָן? סאַראַ כישוף און סאַראַ ציטער זיי פאַרמאָגן!

קינדער־יאָרן, זיסע קינדער־יאָרן,
אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון:
ווען איך טראַכט פון אייער צייט,
ווערט מיר אַזוי באַנג און לייד —
אוי, ווי שנעל בין איך שוין אַלט געוואָרן.

נאָך שטייט מיר דאָס שטיבל פאַר די אויגן,
וואו איך בין געבוירן, אויפגעצויגן,
אויך מיין וויגל, זע איך דאָרט,
שטייט נאָך אויף דעם זעלבן אָרט —
ווי אַ חלום איז דאָס אַלץ פאַרפלויגן.

ס'איז נישט קיין טיפע פּאָעזיע, וועט איר זאָגן? יאָ! אָבער שטיקער נשמה ליגן אין דעם!

דאָס זעלביקע קאָן אויך געזאָגט ווערן בנוגע געבירטיגס „הוליעט, הוליעט, קינדערלעך", וואָס איז פול מיט בענקשאַפט נאָך די פאַרגאַנגענע טעג, יוגנט, קינדערשע־צייטן, חדשים און יאָרן. דער באַיאָרנטער מענטש איז שטאַרק מקנא די קליינע קינדערלעך, וועלכע שפּילן זיך אין שטוב, אויפן הויף, אין דער גאַס:

שפּילט אייך, ליבע קינדערלעך —
דער פרילינג שוין באַגינט!
אוי, ווי בין איך, קינדערלעך,
מקנא אייך אַצינד.

הוליעט, הוליעט, קינדערלעך,
כל־זמן איר זייט יונג,
ווייל פון פרילינג ביז צום ווינטער
איז אַ קאַצן־שפּרונג.

שפּילט אייך, ליבע קינדערלעך,
פאַרזוימט קיין אויגן־בליק.
נעמט מיך אויך אַריין אין שפּיל,
פאַרגינט מיר אויך דאָס גליק.

פּשוט, אָבער האַרציק און אמתדיק. דאָס ליד איז צווישן די פּאָפּו־לערסטע אויף דער אידישער גאַס. אין אידישע טעאַטערס און אויף קאָנצערט־בינעס איז דאָס דאָזיקע ליד געהערט געוואָרן — און דאָס פאָלק זינגט עס נאָך.

איך קום צו געבירטיגס אַ ליד, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט טיפן צער און צאַרן, מיט חורבן און פאַרניכטונג — „אונזער שטעטל ברענט״.

פון דעם דאָזיקן ליד שרייט אַרויס די וועלט־שריפה, וואָס האָט פאַר־ברענט און פאַרצערט ניט איין אידיש שטעטל, נאָר אַלע אונזערע אידישע שטעט און שטעטלעך, צוזאַמען מיט אונזערע ברידער און שוועסטער, יונג און אַלט, קינד און קייט. אומעטום וואו עס זיינען געווען איינגעזעסענע אידישע ישובים במשך פון דורות, האָט די גרויסע וועלט־שריפה פאַר־ברענט אַלץ, אַלץ חרוב־געמאַכט.

אָט ווי דער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־מנגן, דער קדוש, מרדכי געבירטיג, האָט אַרויסגעבראַכט די גרויסע אידישע טראַגעדיע:

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט!

דאָס איז געווען אַ פייערדיקער רוף! און ווען דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביזן האַלז, איז געקומען דער אויפגעפלאַמטער ענטפער: דער אויפשטאַנד פון דער וואַרשעווער געטאָ!

אין דער הקדמה צו דער ערשטער אויפלאַגע פון מרדכי געבירטיגס לידער, וואָס איז אַרויס אין קראָקע אין יאָר 1936, שרייבט דער באַוואוסטער פאָלקס־זינגער און מוזיק־קריטיקער, מיין לאַנדסמאַן, דער קדוש מנחם קיפּניס: „מרדכי געבירטיג איז דער הונדערט־פּראָצענטיקער געבענטשטער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער, וואָס זינגט, שאַפט און וויינט אויס זיין ליד אין שטוב, דאָס ליד זיינס פּראַלט אויף טיר און פענצטער און פילט אָן די גאַס מיט שירה, באַזינגט דאָס אידישע אייגנאַרטיקע לעבן, די אידישע ליבע, דאָס אידישע פאַמיליע־לעבן, מאַמע און קינד, אידישע נויט און אָרעמקייט, מאָלט עס מיט אַזעלכע וואַרעמע, עכט ניט־געפעלשטע פאָלקס־פאַרבן, וואָס נאָר אַזאַ פיינע, ערלעך־פילנדיקע פאָלקס־נשמה ווי מרדכי געבירטיג קאָן דידאַזיקע פאַרבן און טענער שאַפן.

„געבירטיגס אַ ליד קלעמט דאָס האַרץ, וואַרעמט און פילט אָן די אידישע נשמה מיט זיסער מעלאַנכאָליע און פריידיקן ציטער. נישט פון רייכן סאַלאָן זינגט מרדכי געבירטיג, נאָר פון די הוילע ווענט פון דער אידישער שטוב און פון אידישן באַלמלאָכע.

„און נאָך אַ סימן פון עכטער נישט־געפעלשטער פאָלקס־דיכטונג און פאָלקס־געזאַנג: וואָס מער מען הערט עס, אַלץ מער באַגייסטערט עס, וואַרעמט און ווירקט".

מרדכי געבירטיג איז מיט זיינע לידער און געזאַנגען באַליבט ביים אידישן פאָלק איבער גאָר דער וועלט.

„אידישע קולטור", יוני־יולי, 1962, נויאָרק

# אין אַ מנחה׳דיקן פאַרנאַכט

## רייזע־מאָטיוון

פון דעם קאַפּיטאַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ווען די שיף וועט זיך דערנענטערן אַ וואָסערע פינף אָדער זעקס מייל פון דעם אינזל טרינידאַד, וועלן מיר דעמאָלט פאָרן אויף די קברים פון זיבעצן געזונקענע קריגס־שיפן אין דער צווייטער מלחמה — מערסטנס דייטשע!

אָט־דער „מערסטנס״, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער שיף־קאַפּיטאַנס מויל, האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ סך פרייד. דער אינזל טרינידאַד און אויך דערבייאיקער אינזל טאָבאַגאָ, האָבן אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געדינט אַלס אָנפיל־סטאַנציעס פון אויל פאַר די קריגס־שיפן פון די אַליאירטע אַרמייען און די נאַצישע סאָבמאַרינען און קריגס־שיפן פלעגן דאָרט אַרומפּאַדיען ווי די בינען.

עס פלעגן אויף דעם דאָזיקן פּאַס־ים, אַ וואָסערע פופצן־צוואַנציק מייל, וועלכע טיילן אָפּ די אינזלען טרינידאַד און טאָבאַגאָ איינס פון אַנדערן, פאַרקומען מוראדיקע שלאַכטן. אין מלחמה־צייט האָב איך אַ סך געלייענט וועגן דעם, אָבער איך האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט אַז עס וועט מיר אַמאָל אויסקומען צו פאָרן אויף דעם דאָזיקן פּאַס־ים?

עס איז געווען אַ טאָג אין חודש אויגוסט. איך בין געשטאַנען אין דרויסן אויפן שיף־דעק, אין פראָנט פון דעם קאַפּיטאַנס בריקל, מיטן פּנים צום נאָז פון דער שיף, און צוגעקוקט פון ווייטן, ווי פון איין זייט האָט זיך מאַיעסטעטיש־באַרגיק געהויבן פון דעם ים אַרויס דער פּרעכטיקער אינזל טרינידאַד, און פון דער אַנדערער זייט האָט זיך געמיניעט דער אינזל טאָבאַגאָ, אויך מאַיעסטעטיש־באַרגיק, און אין מיטן איז געלעגן דער פּאַס־ים — דער קבר פון אַ צאָל דייטשע קריגס־שיפן!

דאָס האַרץ האָט ממש אָנגעקוואָלן. איך בין זיך מודה ומתודה: כ׳האָב געפילט דעם טעם פון נקמה אין אַלע מיינע גלידער — אַזאַ זיסער טעם! אָבער אַ איד בלייבט — אַ איד... גראַד דעמאָלט, ווען איך האָב זיך אַזוי שטאַרק געפרייט און די נקמה האָט מיר אַזש געגרונעט פון די ליפּן אַראָפּ, איז מיטאַמאָל מיר שטאַרק טרויעריק געוואָרן. מיינע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן צו וואַנדערן איבער די אידישע חורבות פון פּוילן, אוקראַינע, ליטע,

לאַטוויע, רומעניע, אונגאַרן, עסטרייך, דייטשלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד, עסטאָניע, פראַנקרייך, וואו די „קולטורעלע" דייטשן, די גרעסטע מענטשן־מערדער אין דער וועלט, האָבן אויסגעשאָכטן זעקס מיליאָן אידן! איך ווייס נישט צי ס'איז ווירקלעך אַזוי מיר שטאַרק טאַקע פינצטער געוואָרן אין די אויגן פון די טרויעריקע געדאַנקען, צי דער קאָליר פון דעם וואַסער האָט זיך פלוצלונג פון טיף־בלוי געביטן אויף טיף־שוואַרץ? איך גלויב אַז ס'איז געוועזן מיין שולד, ווייל אונטער מיינע פלייצעס האָב איך געהערט ווי מענטשן האָבן באַוואונדערט: „לוק, האַו בלו דהי וואָטער איז!"

וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק, קיעוו, זשיטאָמיר, באַרדיטשעוו, לעמ־בערג, לאָדזש, האָבן געקלאַגט און געיאָמערט צום הימל אַרויף און האָבן מיטאַמאָל אָפּגעטויט אין מיר די פרייד. אַנשטאָט די מאַיעסטעטישע בערג פון די ביידע אינזלען, וועלכע האָבן אַזוי וואונדערלעך שיין אַרויסגעטויכט פונם ים אַרויס, האָב איך פאַר מיינע אויגן געזען די מאַסן קברים, וואו צענדליקער און הונדערטער טיזנטער אידן זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן און די ערד האָט זיך געהויבן לאַנג נאָכדעם שוין ווי מ'האָט זיי פאַרשאָטן. שוואַרצע שלייערן רויך האָבן זיך פאַר מיינע אויגן געצויגן און האָבן געמאַכט אויפלויפן די הויט אונטער מיין העמד. עס האָט זיך געוואָלט אַרונטערשרייען צום טיפן ים: פאַרוואָס, פאַרוואָס האָסטו נישט דער־טרונקען גאַנץ דייטשלאַנג?!

נאָר איך האָב פלוצלונג אויף זיך דערפילט אַ וואַרעמע פרויען־האַנט, וואָס האָט איבערגעשלאָגן מיינע טרויעריקע געדאַנקען. איך האָב אויף אַ ווײלע שטאַרק צוגעמאַכט די אויגן און דערנאָך זיי צוריק געעפנט. איך האָב אַ טיפן אָטעם געגעבן און עס האָט מיר אָנגעהויבן צו ווערן ביסלעכווייז לייכטער. די שיף איז לאַנגזאַם פאַרבייגעשוואומען טרינידאַד און האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג צום אינזל קוראַסאַאָ. דאָס אויג האָט צוריק אָנגעהויבן לויטערער קוקן. גאָטס באַשאַף האָט ווידער־אַמאָל אָנגעהויבן צו כישופן און צו שייערן. די בלויקייט פון דעם ים איז אין פולער צעשטראַלטקייט אויפגע־לאָפּן דעם לויטערן הימל אַנטקעגן. פיש האָבן פריילעכע פון וואַסער אַרויסגעטאַנצט. די שיף איז געשוואומען אין אַן אַרומנעמענדיקן גאַרטל, וואָס האָט דעם הימל מיטן ים פאַראייניקט, ווי אין אַ ריזיקן אויסגעהיילטן קיילעכדיקן עפּל.

דער גאָלדענער נאָכמיטאָג האָט ביסלעכווייז גענומען אָפּגיין און

אַוועקרוקן זיך פאַרן אַנקומענדיקן שטילן פאַרנאַכט, וועלכער האָט מיט שטילע מנחהדיקע טריט זיך גענומען צו שאַרן אַלץ נעענטער. אַלע כוחות פון דער זון האָבן זיך מיטאַמאָל קאָנצענטרירט אין אַ ווינקל אויפן מערב־זייט פון דעם הימל, ווי אַן אַרמיי זאַמלט צונויף אַלע אירע כוחות אין אַ לעצטער פראָנט־אַטאַקע אויפן שלאַכט־פעלד. עס האָבן אָנגעהויבן צו פליען פייערדיקע ראַקעטן, וועלכע זיינען פון דעם צעפלאַמטן הימלדיקן שלאַכט־פעלד אויפן מערב־האָריזאָנט אַרויסגעשאָסן געוואָרן און האָבן דערנאָך זיך צעשאָסן אין פאַקוסדיקע קאָלירן און רעפלעקסיעס איבערן גאַנצן קיילעך. דער פאַרמעסט צווישן דער פאַרגייענדיקער „גענעראַל״ זון און דעם אָנקומענדיקן „גענעראַל״ פאַרנאַכט, איז געווען אַ גענימאַלער.ביידע אַרמייען זיינען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן אָנגעצילעוועט און די סטראַטעגיע האָט בייביידן געאַרבעט פינקטלעך, ווי אַ זייגער.

שטרענג נייטראַל איז די גאַנצע צייט די שיף — דעל מאַר — געשוואומען, זיך געהאַלטן ביי איר אָנגעצייכנטער ליניע, אָבער ווען זי האָט באַדאַרפט אַריבערשווימען די גרענעץ פון איין ים אין דעם צווייטן — פון דעם דרום־אַטלאַנטיק אין דעם קאַראַבעאישן ים אַריין — איז דער „שלאַכט־פראָנט״ אויפן מערב־זייט פון דעם הימל איר אַנטקעגנגעקומען אַ פאַנאַנדערגעפלאַקערטער און צעשניטענער אין פאַסן. די פאָנען פון יעדער אַרמיי באַזונדער, וואו יעדערער איז געשטאַנען אויף איר אָנגעצייכנטע פּאָזיציע און האָט פייערדיק פאַרטיידיקט איר ליניע, האָבן קאָלירפול געפלאַטערט, יעדער מיט איר פאַרב, ווי פאַנאַנדערגעשפּרייטע זיידענע פעדערן פון אַ גרויסער מאַיעסטעטישער פּאַווע...

מנצח געווען, נאַטירלעך, האָט דער שטילער מנחהדיקער פאַרנאַכט. צוערשט האָט ער איינגענומען דעם ים. ער האָט ביסלעכווייז אים איינגע־שלעפערט, איינגעוויגט, ווי מען פאַרוויגט אַ קינד, ביז ער האָט שטיל צוגעמאַכט זיינע בלויע אויגן און האָט אָנגעהויבן איינדרימלען... דערנאָך האָט „גענעראַל״ פאַרנאַכט אויפן מזרח־זייט פון דעם הימל אַרויסגעשיקט די לבנה, וועלכע האָט זיך באַוויזן ווי אַ „מרגל״, אַן אויסגעקיילעכטע, אַן אויסגעזילבערטע, אַ פרישע און אַ צאַפּלדיקע און האָט סטראַטעגיש אָנגעהויבן שאַרף אַריינצוקוקן מיט אירע שפּאַקטיווע־אויגן אין די פראָנט־ליניעס פון „גענעראַל״ זונס אַרמייען, וועלכע זיינען שוין ביי דער צייט געווען שטאַרק אויסגעמאַטערטע און האַלב־טויטע.

הינטער די פראָנט־ליניעס פון „גענעראַל״ זונס אַרמייען האָט מען געזען אַלערליי הימל־פעלדער מיט פאַרשידענע תבואות, געוויקסן און גרינע גראָזן, ווי זיי האַלטן ציטערדיק אַרונטערגעבויגן זייערע קעפּ. הימל־ביימער מיט צעפּאַכעטע בלעטער, ווי איבערגעשראָקענע גענז. הימל־טייכן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויסצוטריקענען. הימל־דערפער און שטיבלעך, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַנאַנדערפאַלן זיך. הימל־סטעזשקעס, שמאָלע און ברייטע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגיין און אויסלעשן זיך. הימל־וועלדער, וועלכע האָבן זיך געטרייסלט, ווי פאַר אַ בליץ־אָפּשיין. די שעה פון אונטערגאַנג האָט געשלאָגן. דער פאַרהאַנג פון שקיעה האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן. ווי אַ צאַנקענדיקע ליכט האָט דער שטילער דעמער גענומען אויסגיין...

אין קורצן, דער רינג פון „גענעראַל״ זונס אַרמייען, איז געוואָרן ענגער צוזאַמענגעצויגן. וואָס אַמאָל איז דער גאַרטל געוואָרן שמעלער. די ליניעס האָבן זיך גענומען ברעכן און פאַנאַנדערפאַלן. „גענעראַל״ זון האָט געהאַלטן אין איין פאַרלירן איין שלאַכט נאָך דער צווייטער, ביז אַלע אַרמייען זיינען געבליבן ליגן טויטע. דעמאָלט האָט „גענעראַל״ זון ניט געהאָט קיין אַנדער ברירה און האָט זיך אויסגעצויגן מיליטעריש ווי עס באַדאַרף צו זיין, ער האָט ענגער צוזאַמענגעצויגן דעם גאַרטל אַרום זיינע לענדן און נאָכדעם ווי ער האָט זיך בראַוו און דזשענטלמעניש פאַרנויגט אויף אַ „גענעראַלסקן״ שטייגער פאַרן זיגער, — „גענעראַל״ פאַרנאַכט — וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה „אָוונט־אַדיוטאַנטן״ פון פאַרשידענע ראַנגען, אויף וועמעס עפּאָלעטן עס האָבן געבלישטשעט פינקלדיקע שטערן, איז ער אַרויפגעקראָכן אויף אַ פייערדיקער בריק — דער לעצטער שיין וואָס האָט זיך געהאַלטן אויפן הימל און איז פון דאָרט אַראָפּגעשפּרונגען אין טיפן ים אַריין. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די ממשלה פון דעם זיגער האָט זיך גענומען גיך אויסשפּרייטן. עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן אינצווישן ווי אין מצרים...

אַלץ וואָס איך קען דאָ צוגעבן איז, אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען אַזאַ בילד־שיינעם פאַרנאַכט זיך עס גאַרנישט אויסמאָלן. אַזעלכע פאַרבן און קאָלירן, אַזעלכע פאָקוסן און רעפלעקסיעס פון אַ זון־אונטערגאַנג, און פון אַזאַ שטילן אָנקומענדיקן פאַרנאַכט, האָב איך נאָך קיינמאָל פריער אין מיין לעבן נישט געזען. דער קאַראַבעאישער ים איז טאַקע ספּעציעל באַרימט פאַר

זיינע בילד־שיינע מאָלערישע פאַרנאַכטן. ס'איז כדאי כאָטש איינמאָל אין לעבן צו פאָרן אַזוינס אָנקוקן!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", אָקט. 20, 1950

# אַ מאָנומענטאַל ווערק וועגן אידישער ליטורגישער נגינה

## דעם אָנדענק פון מיין פעטער שלמה פיטלער

שטיל, אָן טאַראַראַם, מיט אמתער ליבשאַפט און מסירת־נפש, האָט אַ אידישער מוזיקאָלאָג איינער אַליין גענומען אויף זיך די אויפגאַבע פון זאַמלען, צונויפקלייבן און אַרויסגעבן אַ פינף־בענדיקע אַנטאָ־לאָגיע פון אידישע ליטורגישער נגינה אונטערן נאָמען: „אנתולוגיה חזנית". דער מוזיקאָלאָג און מחבר פונם דאָזיקן מוזיקאַלישן ווערק איז דער באַוואוסטער אידישער נגינה־פאָרשער, גריבלער און עקספּערט, זאַמלער און אַראַנזשירער גרשון אפרת, וואָס איז שטאַרק באַליבט און געאַכטעט אין די אַמעריקאַנער אידישע מוזיקאַלישע קרייזן.

ביי „לייטן" אַרבעטן געוויינטלעך אויף אַזעלכע אונטערנעמונגען אַקאַדעמיעס מיט גאַנצע שטאַבן עקספּערטן, ביי אונז אָבער ווערן געשאַפן ווערטן פון יחידים. אין דער אידישער ליטעראַטור, למשל, האָט זלמן רייזען, איין מענטש אַליין, אויפגעבויט דעם לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור און פּרעסע. אין אידישן טעאַטער האָט אַ צווייטער זלמן — זלמן זילבערצווייג, ווידעראַמאָל איין מענטש אַליין, געשאַפן דעם לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער. און אין דער אידישער ליטורגישער נגינה האָט אויך איין מענטש אַליין אויפגעשטעלט אַ קאָלאָסאַלן מוזיקאַלישן בנין, וואָס וועט בלייבן לדורות: אַ פינף בענדיקע אַנטאָלאָגיע פון אָנגעזאַמלטע אוצרות אין דער אידישער ליטורגישער נגינה במשך פון דורות אויף טויזנטער בלעטער, אָנהייבנדיק מיט די סאַמע עלטסטע ביז צו די סאַמע אינגסטע שאַפער, וואָס באַשטייען פון חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן.

דער ערשטער באַנד באַשטייט דורכאויס מיט קאָמפּאָזיציעס פון ראש

השנה׳דיקע תפילות. דער צווייטער — דורכאויס פון יום־כפור׳דיקע תפילות; דער דריטער — דורכאויס מיט שלוש־רגלים׳דיקע תפילות; דער פערטער — דורכאויס מיט שבת׳דיקע תפילות, און דער פינפטער — דורכאויס מיט וואָכעדיקע תפילות. דער שרייבער פון די שורות באַטראַכט עס פאַר אַ באַזונדער זכיה, וואָס אין פיר בענדער פון אָט דעם גרויסן פינף־בענדיקן מוזיקאַלישן בנין, איז ער פאַרטראַטן מיט פיר פאַרשידענע קאָמפּאָ־זיציע.

דרייסיק יאָר האָט דער מחבר געאַרבעט אויף זיין מאָנומענטאַל ווערק. אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט ניט בלויז זיין טיפן מוזיקאַלישן און פאַרשערישן וויסן, נאָר אויך זיין גאַנץ לייב־און־לעבן. איר פילט די וואַרעמע ליבשאַפט און די גרויסע מסירת־נפשדיקייט פון יעדן בלאַט נאָטן. צוזאַמען מיט די געזאַנגען פון די פאַרשידענע קאָמפּאָזיציעס, סאָלאָ, רעטשיטאַטיוון און כאָראַלע געזאַנגען, זינגט אויך אַרויס דער קרבנות־דיקער ניגון פונם שאַפער פון אָט דעם גרויסן בנין. וואָרים ס׳איז ניט קיין שפּילעכלע איינער אַליין זיך צו פאַרמעסטן אויף אַזאַ קאָלאָסאַלער אונטער־נעמונג. אַ חוץ מוזיקאַלישן וויסן און אַקאַדעמישקייט, צייט, געדולד און שווערע האַרעוואַניע, פאָדערט זיך אויך זייער אַ סך קרבנות־גרייטקייט און מקריב׳דיקייט — איבערהויפּט ווען מ׳לעבט אין אַזאַ קאָמערציעל לאַנד ווי אַמעריקע, וואו מען דאַרף קענען גובר זיין אין זיך דעם אַפּעטיט צום דאָלאַר, וואָס באַהערשט שטאַרק די אַלגעמיינע גאַס און דעם ברייטן עולם פון דער מדינה...

יאָ, ערשט ווען מ׳באַקענט זיך גוט מיט די הונדערטער און הונדערטער פאַרשידענע קאָמפּאָזיציעס, וואָס דער מחבר האָט אַריינגענומען אין זיין מאָנומענטאַלער אַרבעט, האָט מען פאַר זיך אַ וואונדערלעכן שפּיגל פון דער אידישער ליטורגישער נגינה, וואו די אידישע נשמה זינגט רעגנבויגנדיק אַרויס דורך מאָטיוון און טענער, גוסטן און קנייטשן, וואָס האָבן ניט צו זיך קיין גלייכן אין דער גאָרער מוזיק־וועלט, ספּעציעל אויפן ליטורגישן געביט. דאָ זעט מען, און נאָך מער פילט מען, דעם גאַנג און די געשיכטע, די רעלי־גיעזע איבערלעבונגען, האָפענונגען און חלומות פון אַ פאָלק, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ סך אייגנאַרטיקייטן. עס איז דורותדיקער געזאַנג פאַרוועבט אין די טיפסטע טיפענישן פון דער אידישער נשמה, וואָס האָט זיין אור־שפּרונג מיט טויזנטער יאָרן צוריק, פון די צייטן פונם ערשטן און צווייטן

בית המקדש, און ציט זיך ווי אַ רויטער זיידענער שנור דורך פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן, אומעטום וואו אידן האָבן געלעבט און געשאַפן.

צווישן די אַלע באַארבעטע נוסחאות, גוסטן און שטייגערס אין דער פינף־בענדיקער אַנטאָלאָגיע, שיינען פערלדיק אַרויס די נוסחאות פון ימים־נוראים: ראש־השנה און יום־כפור. איר געפינט דאָ אַזעלכע אוצרות פון רחמימדיקע טענער, האַרציקע „זאָגעכצן", השתפכות־הנפש'דיקע אויסגוסן, מוזיקאַלישע געפילן און געדאַנקען, אַז איר ווייסט ניט אויף וואָס פריער זיך אָפצושטעלן.

אָט בליצט פאַר אייך אויף דער אור־אַלטער בית־המדרש'דיקער געזאַנג און אָט — דאָס געזאַנג פון אַ חזן און קאָמפּאָזיטאָר ווי שלמה ראָסי, וואָס האָט געלעבט אין 16טן יאָרהונדערט אין איטאַליע. אָט גיט פאַר אייך אַ שפרודל דאָס פאָלקסטימלעכע געזאַנג פון אַ זיידעלע ראַוונער, און אָט — פון אַ דוד רויטמאַן. אָט יחיאל קאַרניאָל, און אָט — זאַוול קוואַרטין. אָט ניסע בעלזער, און אָט — יאָסעלע ראָזנבלאַט. אָט ברוך שאָר, און אָט א. דונאַיעווסקי. אָט סאַלאָמאָן זולצער, און אָט — לואיס לעוואַנדאָווסקי. אָט דוד נאָוואַקאָווסקי, און אָט — אליעזר גערשאָוויטש. אָט לעאָ ליאָו, און אָט — לאַזאַר וויינער. אָט לייב גלאַנץ, און אָט — פּנחס יאַסינאָווסקי. אָט משה קוסעוויצקי, און אָט — זיין ברודער דוד קוסעוויצקי. אָט מאַקס העלפמאַן, און אָט — זאַוול זילבערטס. אָט ערנעסט בלאָך, און אָט — יעקב וויינבערג. אָט בערעלע חגי, און אָט — אהרן קאַטשקאָ. אָט שלמה ראָזאָווסקי, און אָט — אברהם־משה בערנשטיין. אָט פיניע מינקאָווסקי, און אָט — דוד־משה שטיינבערג. אָט שלמה וויינטרויב, און אָט — שמואל נאומבערג. אָט זאב־וואָלף (וועלוועלע) שעסטאַפּאַל, און אָט ירוחם הקטן (בלינדמאַן). אָט ברוך־לייב ראָזאָווסקי, און אָט — אברהם־בער בירנבוים. אָט אפרים־זלמן ראָזומני, און אָט — דוד אייזנשטאַט. אָט ראובן קאַזאַקאָף, און אָט — איזידאָר פריד. אָט זיגפריד לאַנדוי, און אָט — הערבערט פראָם. אָט פ. פינטשיק, און אָט — יעקב־לייב וואַסילקאָווסקי. אָט יהושע וויסער, און אָט — יעקב ביימעל. אָט יעקב ראַפּאָפּאָרט, און אָט — יוסף אחרון. אָט אברהם־יצחק שערמאַן, און אָט — משה מילנער. אָט אברהם בינדער, און אָט — דאַריוס מילאָ. אָט מאַריאָ טעדעסקאָ, און אָט — ישראל אלתר.

דער צעטל מיט נעמען פון חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן איז צו גרויס, אַז איך זאָל דאָ אַלעמען אויסרעכענען. עס וואָלט פאַרנומען גאַנצע קאָלומס.

און עס איז אויך אוממעגלעך זיך אָפּצושטעלן אויף יעדער קאָמפּאָזיציע באַזונדער. אָבער נאָכדעם ווי איר שפּאַצירט דורך אָט דעם וואונדערלעכן גרויסן סאַד מיטביימער אָנגעלאָדענע מיט כלערליי פּרוכטן און אַראָמאַטן, פילט איר טויזנטער טעמען אין מויל. די געמיטער און שטייגערס פון יעדן קאָמפּאָזיטאָר זינגט און רעדט צו אייך דורך זיינע קאָמפּאָזיציעס, זיין אַריינ־דרינגען אין די טעקסטן און דעם אויסטייטש פונם וואָרט. די לויטערע אידישע נוסחאות און גוסטן גיסן זיך אייך ממש אַריין אין מויל, ווי גוטער וויין. די הייליקע אידישע געזאַנגען דערציילן אייך מער ווי טויזנטער געשריבענע בלעטער געשיכטע, פאַר ווען זיי רעדן — און צו וועמען זיי זיינען געווענדעט. איר פילט דעם ציטער און פלאַטער פון די נאָטן, פון די בויגן און קנייטשן, תנועות און פאַלן, וואוהין זיי צילן, די טרייסט און די האָפנונג וואָס עס ליגט אין זיי. עס איז דאָס געזאַנג פון אַ פאָלק, וואָס האָט מיט ציין און נעגל געקעמפט פאַר זיין גלויבן, פאַר זיין תורה, פאַר זיין לעבן, מיט טויזנטער יאָרן פון אויסדויער און קרבנות׳שאַפט — אַ געזאַנג, וואָס איז אייביק!

יאָ, עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן דעם גרויסן אויפטו פון אָט דעם שטילן און אַרבעטזאַמען מוזיקאַלאָג גרשון אפרת וואָס האָט אויפגעשטעלט אָט דעם פּרעכטיקן מוזיקאַלישן בנין — אַ בנין וואָס וועט זיין אַן אייביקער קוואַל פאַר אַלע קאָמפּאָזיטאָרס, איבערהויפּט אידישע, פון וועלכן זיי וועלן שעפּן טעמעס פאַר זייערע שאַפונגען אויף ברייטע קאַנוועס פון פאַרשידענע פאָרמען.

„די שטימע״, יולי 27, 1957, מעקסיקאָ

# זשאַן פּירס — טאָסקאַניני׳ס ליבלינג־טענאָר

## דעם אָנדענק פון מיין ברודער יאַנקעלען

צו זיין טאָסקאַניני׳ס „ליבלינג־טענאָר", דאַרף מען זיין אַ געבוירענער זשעני. זשאַן פּירס האָט זוכה געווען, אַז דער וועלט־באַרימטער דיריגענט זאָל אים רופן: „מיין ליבלינג־טענאָר".

ס׳איז איצט געוואָרן פינף יאָר, אַז זשאַן פּירס פאַרנעמט דעם פּלאַץ אַלס איינער פון די הויפּט־טענאָרן אין דער מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז. ער איז דאָרט אויפגעטראָטן אין געזאַנג־ראָלן: פון „ריגאָלעטאָ", „לאַטראַוויאַטאַ", „לוטשיאַ", „טאָסקאַ", „לאַ באָהעם" און נאָך פילע אַנדערע גוט־באַוואוסטע אָפּערעס.

לכבוד דער פייערונג פון זיין ערשטן אויפטריט מיט פינף יאָר צוריק אין דער מעטראָפּאָליטן, האָט די „נעשאַנאַל בראָדקעסטינג קאָמפּאַני" פון ניו יאָרק דורכגעפירט צוויי ספּעציעלע ראַדיאָ־פּראָגראַמען: דעם 1־טן און 2־טן דעצעמבער, מיט זשאַן פּירס אין דער ראָלע פון דער אָפּערע „לאַ טראַוויאַטאַ", אין וועלכער ער האָט געמאַכט זיין „דעביוט". די גאַנצע אָפּערע איז דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער לייטונג פון „אַרטוראָ טאָסקאַניני, וואָס האָט אַ גאָר גרויסן חלק אין זשאַן פּירס׳עס אַרויפשטייג.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז זשאַן פּירס איז היינט צו טאָג איינער פון די סאַמע בעסטע, אויב ניט דער בעסטער זינגער, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט, סיי אין שטימע און סיי אין איינגעבוירענעם טאַלאַנט. עס איז ביז איצט שוין אָנגעשריבן געוואָרן אַ גאַנץ גרויסע ליטעראַטור, וואו זיין זינגען ווערט פון איטליכן שטאַרק געלויבט. ניט בלויז ווייסט ער גענוי די אַלע כללים פון זינגען, נאָר ער באַמיט זיך אויך זיי ווי ווייט מעגליך אָפּצוהיטן. דעריבער קלינגט זיין שטימע שטענדיק פריש, ריין, ווייך ווי אַ פיינער סאַמעט, ליריש, און ער ווערט זעלטן הייזעריק.

פּירס׳עס מייסטערשאַפט אויף דעם געביט פון קלאַסישן געזאַנג, זיין אויסלויטערן אַ פראַזע, אַ טאָן, אַ טרעל, האָט צו זיך ניט קיין גלייכן. ווער סע האָט פּירס׳ן געהערט זינגען דעם „קידוש" פון הלוי׳ס אָפּערע „לאַ זשוויף" (די אידן), וועט צוגעבן, אַז אַמעריקע האָט זינט נאָכ׳ן טויט פון קאַרוזאָ׳ן נאָך ניט געהערט אַזאַ האַרציקן זינגער. עס איז ניט בלויז דאָס

זינגען אַליין, נאָר דאָס איבערלעבן די זאַך גופא, דאָס אַריינפילן זיך. אָ, וויפיל האַרץ און נשמה, קאָליר און פאַרב, אידישן צער און ווייטאָק, פירס, לייגט אַריין, זינגט אַריין זינגענדיק הלוי׳ס „קידוש״!

האָט עס אפשר צו טאָן מיט זיין אידישקייט? מיט זיין עכט־רעליגיעזער דערציאונג? מיט זיין זינגען. אַלס משורר ביי חזנים? — געוויס האָבן די אַלע זאַכן צו טאָן. מען דערציילט, אַז ער טראָגט נאָך ביז׳ן היינטיקן טאָג אַן „ארבע כנפות״...

פירס איז אַ קינד פון דער איסט־סייד, אַ פּראָדוקט פון ניו יאָרק. ער איז דאָ אין אַמעריקע געבוירן געוואָרן און האָט זיך דערצויגן ביי עכט־פרומע אידישע טאַטע־מאַמע, וועלכע האַלטן נאָך ביז היינט צו טאָג אַ „פלאַץ״, וואו מען פּראַוועט אידישע חתונות אויפ׳ן אַלטן היימישן שטייגער און פאַר־שידענע אַנדערע אידישע שמחות.

עס ווערט וועגן אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט געקראָגן אַן אמת׳דיקע אידישע דערציאונג און האָט גאַנץ געשמאַק געלערנט אין אַ אידישן חדר. מ׳זאָגט אפילו, אַז ער האָט געלערנט ניט בלויז חומש מיט רש״י, נאָר אויך אַ בלאַט גמרא. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט נגינה און מוזיק, ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג. ער האָט צוערשט, ווי דאָס רוב אידישע קינדער אומעטום אויספּרובירט זיין טאַלאַנט אויפ׳ן פידל — אַן אינסטרו־מענט צו וועלכן אידן ווייזן אַרויס אַ באַזונדערע „שוואַכקייט״ פון תמיד אָן. ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען ביי אים אַרויסשיילן אַ שטימע, איז ער אַריבער צו געזאַנג און האָט געזונגען אַלס משורר ביים באַרימטן פאַרשטאָרבענעם חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט און ביי פאַרשידענע אַנדערע חזנים פון ניו יאָרק. ער פלעגט אויך שפּילן פידל און זינגען אויף אידישע חתונות. אין דער זעלביקער צייט איז ער געגאַנגען אין קאָלעדזש און האָט שטודירט מעדיצין. ער האָט דעמאָלט נאָך ניט געהייסן יאַן פירס, נאָר איז געווען באַקאַנט מיט דעם נאָמען „פינקי פּוירל״.

דעם נאָמען יאַן פירס האָט ער געקראָגן ערשט נאָכדעם ווי ער איז אַנגאַזשירט געוואָרן צו זינגען אין ראַדיאָ סיטי מוזיק האָל, און געגעבן דעם דאָזיקן נאָמען האָט אים דער באַרימטער פאַרשטאָרבענער ראָקסי ראָטאַפעל, וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער בראָדווייער טעאַטער־קעניג פון דעם „ווייסן מילך־וועג״ אין אַמעריקע. ער האָט צופעליק ערגעץ געהערט פירס׳ן זינגען און ער האָט אים באַלד אויסגעכאַפּט פאַר זיין ניי־אויפגע־

בויטן טעאַטער־טעמפּל, וואו אַחוץ דעם וואָס מ׳ווייזט דאָרט מואוויס, הערט מען אויך זינגען פאַרשידענע באַרימטע ערשט־קלאַסיקע זינגער און מ׳זעט גאַנצע לעבעדיקע סצענישע פאַרשטעלונגען און העכסט־קאָלירפולע ספּעק־טאַקלען מכל המינים. דאָס איז געווען דער אָנהויב. בעסער געזאָגט, די ערשטע „טרעפ״ אויף דעם לייטער פון יאַן פּירס׳עס ווייטערדיקן דערפאָלג אַלס זינגער.

אין פּירס׳עס קאַריערע האָט אויך געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אַ צווייטע פּערזאָן אַחוץ דעם שוין דערמאָנטן ראָקסי. דאָס איז געווען דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער הויפּט־דיריגענט פון ראַדיאָ־סיטי — ערנאָ ראַפּעי. ער האָט גאָר אַ סך אַרויסגעהאָלפן פּירס׳ן אין זיין מוזיקאַלישן דערפאָלג. ראַפּעי איז געווען דער יעניגער, וואָס האָט אים געגעבן די פאַרשידענע געלעגנ־הייטן ווי אַזוי צו שטייגן העכער און העכער. יעדן זונטאָג פון דער וואָך, פּונקט האַלב נאָך צוועלף בייטאָג, פלעגט פּירס אויפטרעטן אויף דעם ספּעציעלן ראַדיאָ־פּראָגראַם פאַר׳ן טעאַטער אויף דער סטאַנציע „דאַבעליו־דזשיי־זי״, וואָס איז געהערט געוואָרן איבער גאַנץ אַמעריקע. זיין שטימע האָט זיך צעטראָגן איבער די כוואַליעס פון דער לופט דורך דער מעכטיקער און ווייט־פאַרשפּרייטער ראַדיאָ־נעץ צו וועלכער מיליאָנען מענטשן איבער׳ן לאַנד פלעגן זיך איינהערן. עס האָט לאַנג ניט באַדאַרפט נעמען, אַז יאַן פּירס זאָל ווערן דער ליבלינג פון גאַנץ אַמעריקע. מיליאָנען מענטשן, וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל געהערט פּירס׳ן אויף דער ראַדיאָ, זיינען פּשוט פאַר־כאַפּט געוואָרן פון זיין וואַרימער לירישער שטימע.

שפּעטער איז געקומען ווידער אַ נייע געלעגנהייט פאַר יאַן פּירס׳ן צו באַווייזן זיין גרויסן זינגערישן טאַלאַנט און גלענצענדע טענאָר־שטימע, וואָס האָט ווייט אַריבערגעשטיגן אַלע זיינע פריערדיקע דערפאָלגן.

דאָס איז געווען, ווען דער וועלט־באַרימטער מאַעסטראָ אַרטוראָ טאָסקאַניני, דער דיריגענט, וואָס האַלט די גאַנצע מוזיקאַלישע וועלט פאַר׳־כישוף׳ט, האָט איינמאָל אויפגעפירט בעטהאָווען׳ס „ניינטע סימפאָניע״ — די קרוין פון אַלע סימפאָניעס אין דער וועלט, — האָט ער אויסגעקליבן פּירס׳ן צו זינגען אינ׳ם לעצטן טייל פון דער כאָראַלער סימפאָניע. און ער האָט דעמאָלט באַוויזן, אַז אויף דער וועלט זיינען פאַראַן גאָר ווייניק זינגער, וואָס זאָלן קענען זיך פאַרגלייכן מיט אים אין זינגען אָט דעם טייל פון בעטהאָווען׳ס גרעסטן גאונ׳ישן ווערק. מען דאַרף ניט בלויז זיין אַ גרויסער

מנגן, נאָר אַ געבוירענער זשעני בכלל צו קענען זינגען אונטער דעם „כישוף־שטעקעלע״ פון אַזאַ מייסטער־דיריגענט ווי טאָקסאַניני, דאָס איז פאַר זיך אַליין אַ גרויסע דערגרייכונג. און דאָס איז געווען דער לעצטער טרעפּ צו זיין וואַקסנדיקער קאַריערע, וואָס האָט אים שפּעטער געבראַכט צו דער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז.

ס׳איז באַוואוסט, אַז אַנצוקומען אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז, וואָס איז היינט צו־טאָג דער גרעסטער פון אַלע מוזיק־טעמפּלען אין דער גאָרער וועלט, דאַרף מען זיין אַ העכסט טאַלאַנטירטער און באַזונדערס אויסדער־ווײלטער זינגער.

דער וועג, וועלכער פירט אַהין, איז פול מיט שטרויכלונגען און איז אַ גוואַלדיק שווערער. אַ חוץ טאַלאַנט און אַ שיינע שטימע, דאַרף מען האָבן „מזל״, אַביסעלע „פּול״ שאַדט אויך ניט. אָבער פאַר אַזאַ זינגער ווי יאַן פּירס איז עס געווען העכסט נאַטירליך, אַז ער זאָל אויפגענומען ווערן דאָרט אָן שום שוועריגקייטן און „ספּעציעלן״ איינזען.

איך האָב ניט לאַנג צוריק געהערט פּירס׳ן זינגען אין דעם פילם „הימנעס פון די פעלקער״, וואָס דער „אָפיס פאַר מלחמה־אינפאָרמאַציע״ אין וואַשינגטאָן האָט פּראָדוצירט. אַרטוראָ טאָסקאַניני פירט דאָרט אָן מיט אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער און ריזיקן כאָר און פּירס איז דער סאָליסט. וואָלט איר זיך געמעגט פאַרגינען צו הערן אים זינגען דאָרט! אַזאַ וואַרים־קייט, אַזאַ לויטערקייט פון טאָן, אַזוי אויסבליצן אַ מוזיקאַלישן געדאַנק, האָב איך שוין לאַנג ניט געהערט פון אַ זינגער. אַ צייט פאַר דעם האָב איך אים געהערט איבער דער ראַדיאָ אין בעטהאָווען׳ס „פידעליאָ״, און ווידער אַמאָל איז עס געווען אונטער דער לייטונג פון טאָסקאַניני׳ן. עס זעט אויס, אַז ווען עס קומט צו עפּעס אויסערגעוויינליכעס קען זיך דער אַלטער מאַעסטראָ אָן אים ניט באַגיין. מיט פּירס׳ן איז טאָסקאַניני שטענדיק זיכער, אַז ער וועט פולשטענדיק צופרידנשטעלן זיין איבערנאַטירליכן מוזיקאַלישן געשמאַק. ווי שווער די מוזיקאַלישע אויפגאַבע זאָל ניט זיין, וועט ער, פּירס, זי דורכפירן מיט אַ סך קאָמפּעטענץ און אַרטיסטישן גלאַנץ.

מיר איז פיל מאָל אויסגעקומען צו הערן פּירס׳ן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אין קאַרנעגי האָל, אויף ספּעציעלע קאָנצערט־ריסאַיטעלס, וואו ער האָט געזונגען איטאַליענישע, פראַנצויזישע און דייטשע אָפּערע־

אַריעס, און אויך אויף גרויסע אידישע אונטערנעמונגען, וואו ער האָט אַ חוץ באַרימטע אָפּערע־אַריעס אויך געזונגען אידישע פאָלקס־לידער.

עס איז אפילו אַ גאַנץ וואַזשנער „שפרונג" פון אַזעלכע באַוואוסטע אָפּערע־אַריעס ווי, לאָמיר זאָגן, „דאָס פרילינג ליד" אין ערשטן אַקט פון דער אָפּערע „וואַלקירע", אָדער די אַריע פון הלוי'ס אָפּערא „לאַ זשוויף", צי אַזאַ אַריע ווי „לאַ דאָנא מאָבילע", אָדער „אונע פורטיוואַ לאַגרימאַ" און נאָך פיל אַנדערע גוט־באַוואוסטע אָפּערע־אַריעס ביז — ר' לוי יצחק באַרדיט־שעווער'ס „אַ דין־תורה מיט גאָט", צי אַ „חזנ'דל אויף שבת". אָבער וואָס פאַר אַ וואונדער פּירס באַווייזט! וויפיל אַרטיסטישן באַנעם, קינסטלערישן חוש!.

פּירס'עס הויפּט כח, ווי אַ זינגער פון ערשטן ראַנג, ליגט, מיין איך, אין דעם פאַקט, וואָס ער פאַרמאָגט ניט בלויז אַ פּרעכטיגע לירישע טענאָר־שטימע, אַ זעלטענע וואַרעמקייט אין זיין טאָן, וואָס גיט זיך איבער אין דער פאָרם פון „בעל־קאַנטאָ", נאָר עס העלפט זייער פיל אַרויס דאָס, וואָס ער איז אַ איד און זינגט דורכאויס מיט אַ אידיש האַרץ, מיט אַ אידישער נשמה, מיט אַ סך געפיל און אמתדיקן אידישן פּאַטאָס. עס געוועלטיקט אין אים טיף אַ מערקווירדיקער באַלאַנס צווישן שטימע און געפילן. זיין זינגען איז טאַקע פון אַ העכסט־טעמפּעראַמענטפולן כאַראַקטער, ער פאַרמאָגט אָבער צו גלייכער צייט אַ וואונדערליכן קאָנטראָל סיי איבער זיין שטימע, סיי איבער זיינע עמאָציאָנעלע רעזערוון. ער זינגט לייכט, פעדערדיק, אָן וועלכער עס איז אָנשטרענגונג. יעדער געזאַנג־נומער — צי דאָס איז די ראַדיאָ, קאָנצערט־בינע, אָדער אין זיין ראָלע אַלס אָפּערע־זינגער אויף דער וועלט'ס גרעסטער אָפּערא־בינע — ווערט פון אים באַלעבט מיט'ן אָטעם פון אַ העכסט־עמאָציאָנעלן קינסטלער מיט אַ גאַר טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דער מוזיק־שפּראַך. זיין קול קלינגט ווי דאָס זיסע רוישן פון אַ קוואַל, וואָס שלאָגט פון אַ באַהאַלטענעם פעלז אַרויס און די טענער שטראָמען גלייך אין האַרצן אַריין.

איך וויל פאַרענדיקן מיט אַ באַמערקונג ווי אַזוי פּירס באַהאַנדלט אַ אידיש פאָלקס־ליד, און דעם איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט. אין תוך גענומען זיינען דאָך אידישע פאָלקס־לידער אַזוי אַנדערשדיק פון אַלע אַנדערע פאָלקס־לידער. די עכטקייט פון אידישן פאָלקס־ליד, די באַזונדערע אייגנאַרטיקייט און ספּעציעלער חן, — אָט די אַנדערשדיקייט, אין עצם

געמומען, פאַדערט דאָך פונם זינגער גאָר אינגאַנצן אַן אַנדער צוגאַנג, ווי דער צוגאַנג פונם אַרטיסט צו פאָלקס־לידער פון אַנדערע פעלקער.

ווי הימל־ווייט־אַנדערשדיק עס דאַרפֿן קלינגען די ווערטער: „איך וועל פון אָרט ניט אָוועקגיין, אַ סוף זאָל עס זיין״, פון ר׳ לוי־יצחק באַרדיט־שעווערס „אַ דין־תורה מיט גאָט״, וואָס האָט קוים אַ גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור פון פאָלקס־לידער, סיי מיט איר טעמאַטיק און סיי מיט איר טיפֿער כוונה — אין דעם מויל פון אַ זינגער. און פּירס האָט מיך פולשטענדיק איבערצייגט, אַז ניט בלויז פילט ער און פאַרשטייט די מוזיק אַליין, וואָס איז די נשמה פון יעדן פאָלקס־ליד — וואָרים יעדער פאָלקס־ליד, אין דער ווירקלעכקייט גענומען אין דער וועלט בכלל, ווערט דאָך לכתחילה געבוירן און געשאַפֿן נאָר מיט דער איינציקער כוונה אויף צו זינגען, — נאָר אַז ער פילט און פאַרשטייט גאַנץ גוט אויך די אַנדערע „העלפֿט״ פון דער „נשמה״ וואָס ליגט טיף באַהאַלטן אינם פאָלקס־ליד — דאָס וואָס איז ספּעציפֿיש און יחידיש אידיש...

„דער טאָג״, דעצ. 21, 1946, ניו־יאָרק

# „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״

## דעם אָנדענק פון מיין מאַמע מלכה ע״ה

טעאַטער פאַרנעמט אַ פּראָמינענט אָרט ביי יעדן פאָלק. דאָס אידישע טעאַטער שפּילט ניט קיין קליינע ראָלע אין דעם אידישן קולטורעלן לעבן. אומעטום וואו דאָס אידישע וואָרט לעבט אין מויל פון דעם פאָלק איז דאָס אידישע טעאַטער אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אין דעם אידישן געזעלשאַפטליכן לעבן. צי אויף דער בינע שפּילן פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, אָדער בלויז אַמאַטאָרן, ליבהאָבער; צי מען שפּילט ליטעראַרישע פּיעסן, אָדער ביליגע מעלאָדראַמעס און צונויפגעשטופּעווטע שונד־אָפּערעטעס, צי נאַרישע וואָדעוויל־קאָמעדיעס, איז נישט וויכטיק דאָ. וויכטיק איז, אַז אידיש טעאַטער ווערט אומעטום אין דער גאָרער וועלט געשפּילט און פּראַקטיצירט.

די שטים פון דעם אידישן טעאַטער האָט דערגרייכט די ווייטסטע ווינקעלעך אויף דעם ערד־קוגל, וואו עס לעבן אידן. ניט בלויז אין דער רייכער אַמעריקע, וואו דאָס אידישע טעאַטער האָט אין איין צייט געשאַפן פאַר זיך קאָלאָסאַלע ווערטן, אָדער אין אַרגענטינע, וואו עס בליט אַ ניי אידיש לעבן, אָדער אין דער פאַר׳מלחמה׳דיקער פוילן, וואו דאָס אידישע לעבן האָט געווירקט אַמבעסטן, אָדער אין ארץ ישראל, וואו אַ ניי, געזונט אידיש לעבן גייט־אויף פאַר אונזערע אויגן און עס צייכענען זיך שטאַרק אויס אויפ׳ן טעאַטער־געביט די באַרימטע „הבימה״, דער אַרבעטער־טעאַטער „אוהל״ און דער סאַטירישער טעאַטער „מטאטא״, אָדער דער אידישער מלוכה־טעאַטער אין מאָסקווע, נאָר אויך אין פאַרוואָרפענע ערטער פון דער וועלט — אין כאַרבין, שאַנכאַי, יאָהאַנעסבורג, קעיפּטאַון, מעלבורן און נאָך און נאָך עקזיסטירן אידישע דראַמאַטישע קרייזן און אַמאַטאָרן־גרופּעס, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט שפּילן אידיש טעאַטער.

אָבער מיין כוונה דאָ איז ניט צו שרייבן וועגן דעם אידישן טעאַטער סתם, נאָר וועגן דער אידישער טעאַטער־מוזיק, וואָס פאַר אַן אָרט זי פאַר־נעמט אין דעם אידישן לעבן. איך וויל אויך באַמערקן, אַז איך האָב ניט בדעה צו געבן דאָ קיין שטרענגע וויסנשאַפטליכע, מוזיקאַליש־היסטאָרישע אָפּשאַצונג, נאָר אַלגעמיינע שטריכן פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק און בעיקר וועגן גאָלדפאַדן, געבויט אויף ריין פּערזענליכע איינדרוקן.

מוזיק איז שטענדיק געווען ענג צונויפגעבונדן מיט טעאַטער. פון זינט די וועלט איז אַ וועלט האָט זיך קיין שפּיל ניט אָנגעהויבן אָן מוזיק. אָנהויבנ־דיק מיט׳ן רעליגיעזן צערמאָניאַל ביז צו דער גריכישער טראַגעדיע האָט דער מוזיקאַלישער עלעמענט געשפּילט אַ באַדייטונגספולע ראָל. אַ שפּיל אָן מוזיק איז ווי אַ גאָרטן אָן בלומען. מוזיק איז די נשמה פון טעאַטער. זי איז ניט בלויז אַ מיטל פאַר דראַמאַטישן אויסדרוק — זי איז דער אָטעם, דער נערוו פון דער פאָרשטעלונג. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָ אין זינען יענעם שטייגער מוזיק, וואָס ווערט אָרגאַניש פאַרוועבט אין דער שפּיל. אָבער אפילו די געלעגנהייט־מוזיק אין אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג שפּילט אַ וויכטיקע ראָל. די באַהעפטונג פון מוזיק מיט טעאַטער איז אַן אָרגאַנישער. אויך דאָס אידישע טעאַטער איז אין דער הינזיכט ניט קיין אויסנאַם. מוזיק און נגינה האָט שטענדיק אין אים פאַרנומען אַ גרויס אָרט. נאָך חזנות, וואָס שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין דעם גייסטיקן אידישן לעבן, און נאָכ׳ן

פאָלקס־ליד און פאָלקס־ניגון איז די טעאַטער־מוזיק דער פּאָפּולערסטער און פאַרשפּרייטסטער סאָרט מוזיק ביי אידן.

עס געפינען זיך ביי אונז איניגע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס זיינען סופער־קריטיש און פּרובירן אָוועקמאַכן מיט דער האַנט די אידישע טעאַטער־מוזיק. זיי זעען אין איר בלויז חסרונות און ווייטער גאָרנישט. אָבער דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, אַ פאַלשע באַציאונג. יעדער איינער, וואָס קוקט אויף דער זאַך ערנסט, וועט מיט רעכט אָנערקענען דעם גרויסן ביטראַג פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק צום אַלגעמיינעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער אידישער נגינה און מוזיק. עס איז זייער גרינג צו פאָדערן פּערפעקציע, אָבער מען דאַרף זיך רעכענען מיט די פאַרהעל־טענישן און די ספּעציעלע אומשטענדן מיט וועלכע דער אידישער טעאַטער איז גלייך פון אָנהויב־אָן, פון דעם ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג, באַסדר געוועזן און איז נאָך איצט אַרומגערינגלט. עס פאָדערט זיך דעריבער אַן אָלזייטיקע, יושר׳דיקע באַציאונג און באַטראַכטונג.

האָט מען דאָס אין זינען, וועט מען איינזען, אַז די אידישע טעאַטער־מוזיק האָט, טראָץ אַלע חסרונות, דערגרייכט גאָר אַ וואַזשנעם פּונקט. עס זענען אין משך פון זיבעציק יאָר אידיש טעאַטער געשאַפן געוואָרן העכסט־אינטערעסאַנט מוזיקאַלישע אָפּערעטעס, פון וועלכע אַסך נומערן קאָנען אויך באַפרידיקן דעם מענטשן מיטן גוטן געשמאַק. מיך אינטערעסירט ניט דער מוזיקאַלישער זשאַרגאָן, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן במשך פון דער צייט. דאָס איז אומפאַרמיידליך אין יעדער קונסט. מיך אינטערעסירט בלויז דאָס גוטע, דאָס פיינע אין דער ראָם פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק, דער פאָנאָנדערבלי.

די ערשטע טעאַטער־מוזיק, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן, איז געוועזן די מוזיק פון גאָלדפאַדנ׳ס פאַרכאַפּענדיקער, קאָלירפולער אָפּערעטע „שולמית". אָבער אַ סך פריער נאָך ווי איך האָב געזען און געהערט דאָס שפּיל אין טעאַטער האָב איך געהערט זינגען דאָס פּראַכטפולע ליד „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", וואָס איז געוואָרן אַ פאָלקס־ליד, סיי מיט די ווערטער, סיי מיט׳ן ניגון. וואָרים ניט איין אידישע מאַמע איבער גאָר דער וועלט האָט ביי דעם וויגעלע פון איר קינד האַרציק אויסגעזונגען אָט דאָס פּרעכטיקע טעאַטער־ליד, וואָס פאַרמאָגט אַ ים פון אידישער בענקשאַפט און רירענדיקער צאַרטקייט.

גאָלדפאַדנ׳ס מעלאָדיעס האָבן זיך אַריינגעפילט און אַריינגעזונגען אין דער אידישער נשמה, אין אידישן האַרץ, זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס אידישע געמיט. אַזוינע זינגענדיקע מעלאָדישע טענער, ווי, ספּעציעל, אין זיינע צוויי אָפּערעטעס „שולמית״ און „בר־כוכבא״, לייגן זיך מחיה׳דיק אויפ׳ן אידישן אויער, וואַרעמען אָן די געפילן און רופן אָפּ אַרויס טרערן אין די אויגן.

און מערקווירדיק: אין דער אמת׳ן איז גאָלדפאַדן קיין מוזיקער אין פולער זין פון וואָרט קיינמאָל נישט געווען. גאָלדפאַדן אַליין שרייבט וועגן זיך: „קודם כל בין איך זיך מודה ומתודה: דער מחבר פון דער מוזיק פון „שולמית״ און אַ סך אַנדערע אידישע זינג־שפּילן האָט ניט קיין שום טעאָרעטישע ידיעות אין מוזיק און קען אפילו נישט לייענען קיין נאָטן״. (לויט זלמן זילבערצווייג׳ס און יעקב מעסטעל׳ס „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״). און דאָך האָט ער זייער פיל משפּיע געווען אויף די שפּעטער־דיקע פּראָפעסיאָנעלע אידישע טעאַטער־מוזיקער, וועלכע האָבן ביי אים גאָר אַ סך „געלערנט״. גאָלדפאַדן, דער „ניט־מוזיקער״, האָט באַוויזן אַזעלכע „וואונדער״, אַז איר קאָנט גאָר אַנדערש ניט טראַכטן וועגן אים (ווען אונטער אַנדערע אומשטענדן), ווי נאָר וועגן אַ צווייטן זשאַק אָפּענבאַך. דאָס, וואָס דער איד אָפּענבאַך האָט אויפגעטאָן פאַר דער פרעמדער וועלט־אָפּערעטע, וואָלט גאָלדפאַדן געווען געקאָנט אויפטאָן פאַר דער אידישע אָפּערעטע.

הלואי וואָלטן מיר געווען געהאַט אַ סך אַזעלכע גאָלדפאַדנ׳ס ביים אידישן טעאַטער. דער מענטש האָט ממש געשפּרודלט מיט מוזיקאַלישן טאַלאַנט. אפילו אויף צו קענען צופּאַסן פרעמדע מעלאָדיעס דאַרף מען האָבן טאַלאַנט!

„כאָטש גאָלדפאַדן — שרייבט דער פאַרשטאָרבענער מוזיקאָלאָג אברהם־צבי אידלסאָן אין זיין וויסענשאַפטליך באַרימט ווערק „דזשואיש מוזיק אין היטס היסטאָריקאל דעוועלאָפּמענט״ — קאָן ניט קרעדיטירט ווערן מיט אָריגינעלע מוזיקאַלישע שאַפונגען אין די דאָזיקע צוויי אַנאַליזירטע אָפּערעטעס („שולמית״ און „בר־כוכבא״), האָט ער אָבער אַרויס־געוויזן אַ סך מוזיקאַלישן געשמאַק אין צופּאַסן צויבערדיקע מעלאָדיעס, וואָס זאָלן אַפּעלירן צו די אידישע מאַסן. די מעלאָדיעס זיינען גוט צוגע־קליבן אויך אין זין פון זייער דראַמאַטישער ווירקזאַמקייט״.

איר קענט הערן אין גאָלדפאַדנ׳ס אָפּערעטעס מאָטיוון פון אוקראַינישע לידער, פון רומענישע, ציגיינערשע, פראַנצויזישע און אונגאַרישע, דער

עיקר אָבער פון אידישע פאָלקס־לידער, פאָלקס־ניגונים, פון שול־נוסח, פון חזנ'ישע שטייגערס און רעטשיטאַטיוון, וואָס ער האָט אויסגעבאָרגט ביי פאַרשידענע חזנים, ווי ירוחם הקטן, וועלוועלע שעסטאָפּאָליער, דונאַיעווסקי, נאָמבערג, האַלפּערן, קופּער און נאָך אַ סך אַנדערע. ער האָט פאַרמאָגט אַ זעלטן מוזיקאַליש אויער און האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי איבערצואַרבעטן, איבערצוגיסן פון איין כלי אין דער אַנדערער; ווי אַזוי איבערצושמעלצן אַ קאָמפּאָזיציע און דערנאָך זי צופּאַסן צו אַ טעקסט אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל זיך שאַפן דער איינדרוק ווי דאָס וואָלט געווען אַ דורכאויס אָריגינעלע זאַך.

גאָלדפאַדן, וועלכער איז געווען אַלץ אינאיינעם — דראַמאַטורג, אַקטיאָר, רעזשיסאָר און דירעקטאָר, — האָט דורכאויס געהאַלטן, אַז אין אַ טעאַטער־שפּיל זיינען די לידער און די מוזיק דער הערשענדער עלעמענט. אָן מוזיק און אָן לידער האָט ער גאָרניט געקענט זיך פאָרשטעלן קיין אידישע אויפפירונג, אַזוי „פאַרקאָכט" איז ער געווען אין נגינה און מוזיק. ער האָט כסדר געשאַפן טעקסט און מוזיק צוזאַמען. ער האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענעם חוש פאַר דער אייגנאַרטיגקייט פון דער אידישער פאָלקס־מוזיק און זיך באַנוצט מיט איר אַזוי אָפט ווי נאָר מעגליך. אַפילו דאָרט וואו מוזיק איז לחלוטין געווען איבעריג, האָט ער געזוען אַריינצופלעכטן אַ לידל, אַ טענצל, ווייל מיט דעם איז ער געווען זיכער אויסצונעמען ביי די אידישע מאַסן.

יוסף טשערניאַווסקי, אַליין אַ באַגאַבטער אידישער מוזיקער, שרייבט וועגן גאָלדפאַדנ'עז: „ווען גאָלדפאַדן וואָלט, אין דער תקופה פון זיין וואַנדערן, אָפּריכטן גלות און שאַפונגס־אַנטוויקלונג, אויסגעשטודירט אַ וועלכן עס איז „קלאַוויר" פון די אומשטערבליכע קלאַסיקער פון דער וועלט־אָפּערעטע און וואָלט אונטער דער דאָזיקער השפעה געשאַפן אין אידישן סטיל, וואָלטן זיינע ווערק געבליבן פאַר אונז לעולם ועד אַלס אַ מוזיקאַליש טיש־בוך, אַלס אַ קלאַסישער מוסטער" („לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער").

סיי־ווי אָבער איז גאָלדפאַדן דער „ניט־מוזיקער" פאַר פיל יאָרן געווען דער וועגווייזער פון אַ סך פון אונזערע היינטיקע באַרימטע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרן. מיר האָבן אין רומשינסקי'ן, אין אָלשאַנעצקי'ן, אין עלשטיינ'עז, אין לאָסקאָווסקי'ן, און אַ סך אַנדערע, ביז גאָר טאַלאַנטפולע און באַגאַבטע אידישע טעאַטער־מוזיקער, וואָס זיינען גאָרניט צו פאַרגלייכן

מיט גאָלדפאַדן. אָבער ער איז געווען פאַר זיי דער „עמוד האש", וואָס האָט געוויזן זיי דעם וועג. ער האָט געשאַפן פאַר זיי אַ סטיל, אַן אייגענעם נוסח. גאָלדפאַדן האָט אין זיינע קאָמפּאָזיציעס אַריינגעוועבט אַ ים מיט אידישן חן, מיט אידישער שיינקייט און טראַדיציאָנעלן קאָלאָריט, אַז ווילנדיק ניט ווילנדיק מוזט איר זיך אין זיי איינהערן און ווערן פון זיי פאַרכאַפּט, באַגייסטערט, ווי פּרימיטיוו און ניט־דערפינדעריש דאָס זאָל ניט קלינגען, ווי איינפאַך דאָס זאָל ניט זיין. די פיל־פאַרביקע מעלאָדישע עשירות פון „שולמית" זינגט אַרויס פון יעדער סצענע מיט איר באַזונדערן קאָלאָריט, חן און שיינקייט. פאַר׳ן פשוט׳ן מענטשן איז אפשר ניט אַזוי גרינג זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין דעם געזאַנג און דער אָרקעסטער־עשירות, וואָס געפינט זיך אין אַן אָפּערע אָדער אין אַ סימפאָניע, אָבער גאָלדפאַדנ׳ס מוזיק פון „שולמית" קען יעדער איינער פאַרשטיין און פילן די האַרציקע, זיסע מעלאָדיעס, מיט וועלכע די אָפּערעטע איז אָנגעלאָדן.

אויף גאָלדפאַדנ׳ס מוזיק האָבן זיך דערצויגן עטליכע דורות, מיט זיינע מאָטיוון האָבן אַ סך אידישע מאַמעס אין וואָלין און מיליאָנען אידישע מאַמעס איבער גאַר דער וועלט פאַרוויגט זייערע קינדער. ער איז געווען אַ הייסער איד מיט אַ טיפער פּאָעטישער נשמה, ער האָט געפילט דעם אידישן ניגון, דעם אידישן טאַנץ און פריילעכס, דעם אידישן זיפץ, קרעכץ, שטייגער און אידישן נוסח. ער האָט געוואָרצלט טיף אין דעם טראַדיציאָנעלן אידישן לעבן. ער האָט געקענט גענוי געוואוסט וואָסער מוזיק עס וועט געפעלן ווערן די אידישע מאַסן און האָט דערפאַר זיך געהאַלטן נאָענט צו די קוואַלן פון דעם אידישן פאָלקס־ליד און פון דער ליטורגישער מוזיק. ער האָט זיך געפילט דאָרט ווי אַ היימישער מענטש.

נאָך דער אויפפירונג פון גאָלדפאַדנ׳ס „שולמית" אויף אונגאַריש אַלס אַן אָפּערעטע, שרייבט דר. פעליקס אַדלער אין אידיש־דייטשן זשורנאַל „די וועלט": „מען קאָן רואיק זאָגן, אַז אין דער גאַנצער ביז איצטיקער אָפּערעטן־ליטעראַטור איז עפּעס ענליכס ביז היינט ניט געווען. ניט ווילנדיק מוז מען זיך דערמאָנען אין יענע אַלטע טעמפּל־געזאַנגען, וואָס מען קאָן עס נאָך ביז היינט הערן אין קליינע פרומע שולן. דאָס ווערט פון דער דאָזיקער מוזיק ליגט אין דער גאַנץ אייגנאַרטיקער האַרמאָניע און אויך אין דער מעלאָדיע, וואָס ווירקט פולשטענדיק פרעמד אויף אַן אויער, וואָס איז געוואוינט צו דער מאָדערנער מוזיק. קוים אָבער האָט מען זיך צוגעוואוינט צום

עקזאַטישן, געפינט מען אויס, אַז די דאָזיקע אַלטע אידישע געזאַנגען האָבן אַ מערקווירדיקע קראַפט. זייער טאַנץ באַזיצט אַ ווייכע און מילדע גראַציע. יעדער נומער ברייגנט נייעס און אָריגינעלעס, אַזוי דאָס עס ווערט ניט מאָנאָטאָן און עס באַקומט זיך ניט קיין לאָקאַלער קאָלאָריט, און דערפאַר פאַרלירט מען ניט דעם אינטערעס צו דער זאַך. אָבער ניט נאָר אין דעם רייַן־מעלאָדישן און ניט נאָר אין דעם עקזאָטישן ריטם געפינט זיך דער רייץ פון דער דאָזיקער מוזיק. זי באַזיצט אויך אַ געוויסע דראַמאַטישע אויסדרוקס־פעאיקייט, וואָס שטייגט לויט די פאָדערונגען, לויט די סיטואַציע" („לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער").

זייענדיק אַ תלמיד אין דער זשיטאָמיר ראַבינעל־שול, האָט ער געוויס געהאַט די געלעגנהייט זיך אָנצוהערן מיט די בעסטע חזנים און משוררים פון יענער צייט. וואָרים זשיטאָמיר, פונקט ווי בערדיטשעוו און אָדעס, האָט גע'שמ'ט איבער גאַנץ וואָלין מיט אירע פּראָמינענטע חזנים און געקליבענע משוררים. אין די זומער־חדשים, בעת מ'האָט ניט געלערנט אין די ראַבינער־שול, פלעגט גאָלדפאַדן, ווערט דערציילט, אַרומפאָרן איבער וואָלינער שטעט און שטעטלאַך און צונויפזאַמלען פאַרשידענע ניגונים און זיי נאָכדעם אויסנוצן פאַר זיינע לידער. דאָס האָט אים וואַרשיינליך שפעטער געדינט אַלס שטאָף פאַר אַ סך פון זיינע שפּילן און פאַרסן.

גאָלדפאַדן האָט גאָר אַ סך פון זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין וואָלין. דאָס האָט אים וואַרשיינליך געקרעפטיקט און געגעבן פליגלען צו זיין רייכער פאַנטאַזיע. די אידישע נגינה, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך פון וואָלין, האָט נאָכדעם פאַרקלונגען די גאַנצע אידישע וועלט, אומעטום וואו אידן געפינען זיך נאָר.

עס איז אָנגענומען, אַז גאָלדפאַדן האָט דער אידישער וועלט געגעבן דעם אידישן טעאַטער, און די אידישע וועלט האָט אים דערפאַר געקרוינט מיט'ן נאָמען „פאָטער פון דעם אידישן טעאַטער".

אָבער, צי ער איז ווירקליך געווען דער פאָטער פון דעם אידישן טעאַטער, אָדער ניט — זיכער איז, אַז ער איז געווען און וועט פאַרבלייבן דער פאָטער פון דער טעאַטער־מוזיק ביי אידן.

„דער טאָג", נאָוועמבער 9, 1946, ניו־יאָרק

# בענקשאַפט

## חנה׳לען

בענקשאַפט! וואָס איז עס פאַר אַ מאכל? מיט וואָס עסט מען עס? ווי דערקלערט מען עס?

נו, עס קענען אַוודאי זיין פאַרשידענע דערקלערונגען, אָבער איך האָב איין דערקלערונג פאַר דעם:

בענקשאַפט איז אַ זיס־נאַגנדיקער געפיל, וואָס ציט דעם מאַרך פון די ביינער...

פשוט? יאָ, אָבער מיר געפעלט עס.

עס געפעלט מיר, ווייל איך האָב ניט ליב קיין פּאָמפּעוואַטע דער־קלערונגען, אויסטייטשונגען, זאָגעכצן און פראַזן.

אין עסן בין איך פונקט אַזוי. איך וועל אייך אָוועקגעבן אַ גאַנצע ווייסע חלה פאַר איין שטיקל קאָרענעם ברויט. אַ פעטן „סטעיק" פאַר איין גלאָז מילך. אַ גאַנצן עוף פאַר אַ שיסעלע קעז מיט סמעטענע. אַ געפּרעגלטע גאַנז פאַר איין געשמאַקער גלאָז פוטער־מילך. אַ גילדענע יויך פאַר אַ געוויינלעכן קאַלטן פּאַרווייסטן שטשאַוו־באַרשט, אָדער אַ הירזשענע צי רעטשענע קאַשע. אַ חתונה־טאָרט פאַר אַ שטיקל שוואַרצן ברויט מיט פוטער.

אין קליידונג — אויך דאָס זעלביקע. איך האָב ליב זיך אָנטאָן שיין, אָבער ניט קיין אויסגעפּוצטקייט. איך האָב פיינט געפּוצטקייט. זעט איר ריינקייט — אָ, ברודער! דערויף בין איך שטאַרק מקפּיד!

הקיצור, בענקשאַפט איז אַ זיס־נאַגענדיקער געפיל, וואָס ציט דעם מאַרך פון די ביינער...

נאָך שאַרפער און צופנדיקער איז די בענקשאַפט ווען דו ביסט אַליין ערגעץ אין דער פרעמד...

ווען מיר זיינען אינדערהיים, אַרומגערינגלט פון די אייגענע, נאָענטע און ליבע, זיינען מיר גרויסע צעלייגערס, יאַטעבעדאַמס און העלדן...

עס דאַכט זיך אונז: עט, עס ווילט זיך זיין אַליין, ווייט פון די אַרומיקע, ערגעץ אין דער פרעמד, צווישן נייע פנימער, הערן נייע רייד, קומען אין קאָנטאַקט מיט נייע מענטשן, נייע דערפאַרונגען, אָבער — אָט ביסטו שוין אַליין, טויזנטער און טויזנטער מיילן ווייט אַוועק פון דער היים, פון די אַרומיקע, אייגענע, נאָענטע און ליבע, און... אוי, ווי עס בענקט זיך!

און זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז די בענקשאַפט האָט אין זיך מאָדנע טענדענצן: אַ געמיש פון אַ קאָלעקטיוון־געפיל — פון אַ זיסער נאַגעניש נאָך עטלעכע מענטשן אויף אַמאָל און נאָך אַ סך זאַכן, און אַ יחידישן־געפיל — פון אַ זיסער ציעניש נאָך איין מענטשן און נאָך איין זאַך, וואָס איז דער דאָמינירנדיקער, דער צענטראַלער און מאַניפעסטירנדיקער אין דער ספערע פון בענקשאַפטן.

אָט בענק איך איצט גאָר שטאַרק נאָך מיין מאַמע, נאָך מיינע צוויי שוועסטער און זייערע מענער, נאָך מיינע צוויי שיינע פלימעניקלעך, נאָך מיין איינציקן אינגערן ברודער, אָבער די ערשטע פידל אין דער גרויסער בענקשאַפט־סימפאָניע שפּילט די בלאָנדע פרוי פון לאָנג־איילאַנד, מיטן זוניקן פנים און ליכטיקן שמייכל, אָט די מיטן קלינגענדיקן טאָן אין איר קול און זאַפטיקע ליפּן — חנה׳לע!

נו יאָ, דאַכט זיך אין בענק נאָך אַלעמען גלייך, כ׳וואָלט געקענט שווערן אפילו אַז בנשימה אחת, ד.ה. אין איין אָטעם, אָבער עפּעס שאָלט זי אַרויס ווי אַ טרומפּייט, רייסט זיך דורך עפּעס ווי אַ סאַזשאַלקע דורך די שפּאַלטן פון די שטיינער, ווי אַ זון צווישן די וואָלקנס, מיט איר ניגון אין דער אָרקעסט־ראַלער בענקשאַפט — מער פון אַלעמען!

ווי דערקלערט מען עס? זאָל עס טאַקע זיין ווי מ׳זאָגט, אַז אַ געליבטע, אָדער אַ ווייב איז נעענטער ווי אַ מאַמע, אַ טאַטע — שוין נישט רעדנדיק פון שוועסטער און ברידער? הפנים אַז אָט דאָס איז עס טאַקע! אַ וועלט קען דאָך נישט זיין משוגע?!

דאָך, האַקט מיך און בראָקט מיך, עפּעס לייגט זיך עס מיר נישט אויפן שכל. אַ וועלט זאָגט טאַקע אַז אַזוי איז עס, אָבער איך בין זיך מודה, אַז איך קען נישט אַזוי לייכט מסכים זיין דערצו, עפּעס איז מיר שווער צו פאַר־ענטפערן אָט די האַרבע קשיא, וואָס איז אין תוך מער מיסטעריע...

* * *

עראָפּלאַנען פון דער פּאַן־אַמעריקאַן ליניע טראָגן מיך אויף זייערע פליגלען פון איין לאַטיין־אַמעריקאַנער לאַנד צו דער צווייטער, פון איין שטאָט צו דער אַנדערער. אָט זינג איך דאָ, אָט זינג איך — דאָרט. פון איין האָטעל אַרויס און דעם צווייטן — אַריין. איך טרעף זיך כסדר מיט נייע מענטשן, נייע פּנימער, אַלץ איז וואויל און גוט און פיין; עס פעלן נישט קיין

אַפּלאַדיסמענטן, קיין בראַוואָ־אויסגעשרייען, קיין שמחה׳לעך, וואַרעמע אויפנאַמעס, וויזיטן, פאַרבעטונגען, אַבער — עס בענקט זיך, אַז דער גוטער יאָר זאָל עס נעמען!

פרייד! וואָס איז פרייד? ביי איינעם איז פרייד אַ פעטער באַנק־ביכל, קעשענעס פול מיט געלט; ביי אַ צווייטן איז פרייד אַ גוטער פּרעס, אַ זויף: ביי אַ דריטן — זשוליקעריי, הפקר־פּעטרישקע, שיכּרות, געמבלעריי; ביי אַ פערטן — נאָך אַ „פּובליסיטי־דזשאָב״ ווי ביי אַ טייל אידישע שרייבער אויף איסט־בראָדוויי. ביי אַ פינפטן — באַשווינדלען יענעם, אַרויסרייסן ביי יענעם דאָס ביסן ברויט פון מויל; ביי אַ זעקסטן, ביי אַ זיבעטן — עפּעס אַנדערש.

ביי מיר אָבער איז פרייד: אַן אייגענער ווינקל, אַ וואַרעמע נעסט, אַ שיינע פרוי, מיט אַ געזונטן קאַליר אין פּנים, אַ זוניקער טאָג, אַ בלויער הימל, אַ שטילע וואַסערל, דער טיפער ים, אַ גרינע לאַנקע, אַ פעלד מיט תבואה, אַ געדיכטער וואַלד, אַ סאַד מיט פּירות, אַ מורמלדיקער קוואַל, אַ צעגרינטער טאָל מיט קליינע ווייסע פאַרם־שטיבלעך, אַ פאַרברוינטער באַרג, אַ פאַסטוך מיט זיין טשערעדע שאָף, מוזיק, טעאַטער, ליטעראַטור, מאָלעריי, גוטסקייט, חברשאַפט, פּשוטקייט — און מאַלע וואָס נאָך?

אין קורצן, סיי דער סכום פון בענקעניש און סיי דער סכום פון פרייד, איז ביז גאָר אַ פאַרשיידענער און נישט ביי אַלעמען גלייך. דאָס איז קלאָר.

אָט בענק איך איצט, למשל, אויף זייער שטאַרק, צווישן אַנדערעס, נאָך די צוויי ניו־יאָרקער ראַדיאָ־סטאַנציעס: די מוניציפּאַלער „דאַבעליו, ען, וואַי, סי״, און דער ניו־יאָרק טיימס, „דאַבעליו, קיו, עקס, אַר״, מיט זייערע וואונדערלעכע פאַרשידענע מוזיקאַלישע פּראָגראַמען, וואָס איך בין יעדן טאָג, אַבי נאָר איך בין אין ניו־יאָרק, געוואוינט צו הערן גלייך ווי איך זעץ מיך אַנידער אינדערפרי צום טיש עסן אָנבייסן.

שאַט! וואָס דאַרפט איר מער? איך בענק אפילו נאָך דער ניו־יאָרקער אידישער ראַדיאָ־סטאַנציע: „דאַבעליו, אי, ווי, די״ — ניט געקוקט אויף דעם, וואָס געוויסע פּראָגראַמען רופן ביי מיר אַרויס אַ פאַרדרוס, מחמת זיי זיינען אַ באַליידיקונג פאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן, אָבער געפינענ־דיק זיך אין דער פרעמד, טראַכט איך נאָר פון די פיינערע אידישע פּראָגראַמען וואָס ווערן געגעבן אויף דער דאָזיקער ראַדיאָ־סטאַנציע.

ניט איינמאָל שטעל איך אַן אָט די סטאַנציע און הער אַ גוטן חזן, אַן

אָרקעסטער שפּילן אַ אידישן פּריילעכס, אַ האַרציקן זינגער, אַ געשמאַקן קאָמיקער, אַ שטייגער, ווי מיין שכן און קאָלעגע בנימין פישביין, אָדער הער די שטימעס פון מיינע אַנדערע קאָלעגן, ווי: צבי סקולער, בען באַסענקאָ, מיכל גאָלדשטיין, מרים קרעסין, סימאָר רעכצייט, אברהם עלשטיין. און אַוודאי דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן דער „פאָרווערטס״־פּראָגראַם, וואָס ווערט געהערט יעדן זונטיק אויף דער דאָזיקער סטאַנציע, אונטער דער אָנפירער־שאַפט פון הענרי גרינפעלד, דער לאַנג־יעריקער פאַרוואַלטער פון דער סטאַנציע און געוועזענער צירקולאַציע־פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס״.

נו, וועגן דער שטאָט ניו־יאָרק גופא איז דאָך אָפּגערעדט, אַז מען פאָרט אַוועק בענקט מען נאָך איר עד כלות נפש! וואָרים קיין צווייטע ניו־יאָרק איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט! כ׳האָב ליב פּאַריז, בוענאָס־איירעס, ריאָ דע זשאַנעיראָ, מאָנטעווידעאָ, מעקסיקאָ־שטאָט, רוים, לאָנדאָן, ווין, און מ׳קען זיך נישט סמ׳ען מיט אַזעלכע שטעט אויך ווי באָגאָטאָ, תל־אביב, חיפה, — ירושלים איז אַ קלאַס פאַר זיך אַליין! — קאָפּענהאַגן, באַזעל, ציריך, שטאָקהאָלם, אָסלאָ, ראָטערדאַם, אָבער צו ניו־יאָרק קומען זיי קיינער נישט! ניו־יאָרק איז דער סכום פון אָט די אַלע שטעט מיט אַ צולאָג פון נאָך אַ טוצן אָדער מער אַנדערע באַוואוסטע שטעט! ניו־יאָרק איז אַ וועלט־אויס־שטעלונג!!!

מ׳דאַרף אָבער צוגעבן, אַ ניו־יאָרק איז איצט געוואָרן זייער אַ שווערע שטאָט צו וואוינען. מ׳דאַרף צו איר האָבן אַ סך כוחות און אי שווערע בייטלען מיט געלט. אַלצדינג קאָסט בראַנד־טייער און דאָס לעבן בכלל פאַלט זייער שווער. די קאָמוניקאַציע אין ניו־יאָרק, סאָבוויים, אויטאָבוסן, טאַקסיס, איז מער נישט דאָס וואָס ס׳איז אַמאָל געווען, מ׳פאַרלירט דאָס געדולד ביים וואַרטן אויף אַ סאָבוויי, אָדער אַ קאַמיאָן. און די מערסטע טאַקסי־שאָפערס אויף די ניו־יאָרקער גאַסן זיינען גראָב און באַליידקנדיק. ווידער אין די רעסטאָראַנען, באַרס, קאַפעען, נאַכט־קלובן, קאַפעטעריעס, הערשט שטענדיק אַן ענגשאַפט און די קעלנערס ווייזן נישט אַרויס קיין איבעריקע העפלעכקייט. און צו קריגן אַ נייע דירה אין ניו־יאָרק, איז אויך נישט פון די גרינגע זאַכן, אויסער דעם וואָס עס קאָסט אַ סך געלט. קורץ: ניו־יאָרק איז איצט געוואָרן אַ שטאַרק שווערע שטאָט צו וואוינען.

און דאָך, און פאָרט, ואף־על־פּי־כן, וועל איך נישט אויסבייטן ניו־יאָרק אויף קיין שום שטאָט אין דער וועלט! ווייל ניט געקוקט אויף אַלע אירע

גוואַלדיקע חסרונות און שרייאיקע קאָנטראַסטן, פאַרמאָגט זי אָבער אין תוך אַ ביליאָן מעלות, שטריכן, חנ׳עו, וואָס קיין שום שטאָט אין דער וועלט האָט ניט! און דערפאַר אַז איך קום פון אַ יאַזדע צוריק קיין ניו־יאָרק, ספּעציעל נאָך אַ לענגערער אַפּוועזנקייט, ווילט זיך מיר איר אַרומנעמען און קושן אירע שטיינער!

איך ווייס: מ׳וועט מיך באַשולדיקן אין פּאַטריאָטישקייט. נו, און אַז פּאַטריאָטישקייט איז וואָס? וואָס איז דען דער חסרון פון פּאַטריאָטישקייט? ס׳איז גאָרנישט קיין חסרון צו זיין פּאַטריאָטיש — אויב נאָר דער פּאַטריאָטיזם צו וועלכער עס איז זאַך ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין אַ בלינדען האַס, אָדער פינסטערן שאָוויניזם!

איך קער זיך אום צום אָנהייב פונם אַרטיקל: וואָס איז בענקשאַפט? בענקשאַפט איז אַ זיס־נאַגנדיקער געפיל, וואָס ציט דעם מאַרך פון די ביינער...

„די שטימע״, דעצ. 31, 1957, מעקסיקע

# דזשאָרדזש גוירשווין

## (צו זיין 25־סטן יאָרצייט)

עס וואַקסט אַלץ מער דער אָנזען פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, טאַנץ, מאַלעריי אין די אויגן פון דער וועלט. דער אייגנאַרטיקער טאָן פון אַט־די אַמעריקאַנישע קונסט־צווייגן הייבט־אָן וואָס מער און מער אַריינצודרינגען אין די הערצער און מוחות פון דער וועלט און רוקט זיך אַלץ נעענטער צו דער מזרח־וואַנט.

היינט איז דער פערטער יולי — אַ וויכטיקער טאָג אין דער אַמערי־קאַנער געשיכטע. איך זיץ און לייען און הער מיך אויך צו צו דער מוזיק, וואָס טראָגט זיך פון דער ראַדיאָ. עס שפּילן אויף פאַרשיידענע קלאַנגען פון אַמעריקאַנער געשאַפענער מוזיק, אָבער דעם אויבן־אָן פאַרנעמט דזשאָרדזש גוירשווין — אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס, אַלע מאָל ווען עס קומט דער פערטער יולי. וואָס פאַר אַ סטאַנציע אויף דער ראַדיאָ איר זאָלט נישט אָנשטעלן, דערטראָגן זיך קלאַנגען פון גוירשווינס שאַפונגען.

און אַזוי זיצנדיק, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דעם 11טן יולי, 1962,

ווערט 25 יאָר אַז אָט־דער פענאָמען אין דער נאָך יונגר אַמעריקאַנער מוזיק איז געשטאָרבן. דער־דאָזיקער געדאַנק האָט מיך אַ טראָג־געטאָן פונעם בענקל אָנצושרייבן אָט־דעם אַרטיקל.

דער נאָמען דזשאָרדזש גוירשווין איז נישט בלויז איינער פון די באַרימטסטע, באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע אין דער מוזיקאַלישער אַמעריקע אַליין, נאָר אויך וויט אַריבער די גרענעצן פון זיין לאַנד און זיינע מענטשן. ער ווערט, מיט רעכט, פאַררעכנט פאַרן „פאָטער״ פון דער אַמערי־קאַנער ערנסטער מוזיק.

די אַנטוויקלונג און דער וואוקס פון דער אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלע מוזיק דריקט זיך אויס אויף פאַרשידענע געביטן פון פאָלקס־מוזיק, קאַמער־מוזיק, אָפּערע, אינסטרומענטאַלע, וואָקאַלע, כאָראַלע, אָראַטאָריעס, קאַנטאַטעס, סימפאָניעס וכדומה.

מער ווי יעדער איינער שיינט־אַרויס מיט זיינע וויכטיקע אויפטוען און דערגרייכונגען דער יונג־פאַרשניטענער קאָמפּאָזיטאָר דזשאָרדזש גוירשווין, אַ זון פון אידישע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען אַהער געקומען פונעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד. גוירשווין איז געבוירן געוואָרן אין ברוקלין, ניו־יאָרק, דעם 26טן סעפּטעמבער, 1898.

אייגנאַרטיק און פּראָליפיש איז די געשטאַלט פון דזשאָרדזש גוירשווין נישט בלויז דערמיט אַליין, וואָס אַזוי שפּעט ווי צו דרייצן יאָר האָט ער זיך אַ נעם־געטאָן צו לערנען שפּילן פּיאַנאָ, נאָר אויך דערמיט, וואָס נאָך פיר חדשים לערנען האָט ער שוין געשפּילט אַזוי גוט, אַז פריינט פון דער משפחה האָבן גע׳עצה׳ט צו שיקן אים קיין אייראָפּע, ער זאָל דאָרט שטודירן. איך ווייס ניט צוליב וועלכער סיבה אָדער אַ גאַנצער ריי סיבות גוירשווינס עלטערן האָבן ניט אָנגענומען די עצה פון זייערע גוטע פריינט, אָבער דער יונגער גוירשווין איז דעמאָלט קיין אייראָפּע נישט געפאָרן. אָנשטאָט דעם האָבן די עלטערן אים געשיקט צו פאַרשידענע מוזיק־לערערס אין ניו־יאָרק. איך האַלט, אַז דאָס איז אַבסאָלוט געווען לטובת דעם שפּעטער־געוואָרענעם העכסט־באַגאַבטן און סאַמע־אָריגינעלסטן אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר. צו זעכצן יאָר האָט גוירשווין שוין אָנגעהויבן צו שרייבן פּאָפּולערע מוזיק צו „לידלעך״ פאַר אַ געוויסער ניו־יאָרקער מוזיק־פירמע און האָט אַליין אויך פון צייט־צו־צייט געשפּילט פּיאַנאָ אין פאַרשידענע וואָדעוויל־הייזער פון ניו־יאָרק, ווי אויך אין קאַפע־הייזער און נאַכט־קלובן.

אָבער גלייכצייטיק האָט דזשאָרדזש גוירשווין זיך אויך פאַרנומען אין דער שטיל מיט ערנסטער מוזיק און האָט געשאַפן אַ ציקל קינסטלערישע לידער, מיט וועלכע ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אויף אַ ניו־יאָרקער קאָנצערט־בינע און האָט מיט זיי געהאַט גרויס דערפאָלג. די לידער האָבן געקראָגן אַ וואַרעמע אויפנאַמע צווישן עולם און צווישן עקספּערט־מבינים.

ווערנדיק דערמוטיקט פון זיין ערשטן גרויסן דערפאָלג, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר פון ערנסטער מוזיק, קומט ער שפּעטער אַרויס מיט זיין איצטיקער וועלט־באַרימטער „ראַפּסאָדי אין בליו", וואָס ווערט צום ערשטן מאָל געשפּילט פון אים אַליין ביי דער פּיאַנאָ מיט דעם דעמאָלטדיקן פּאָול וויטמאַנס באַרימטן און פּאָפּולערן אָרקעסטער. פון דאַנען הייבט זיך אָן גוירשווינס גרויסער דערפאָלג און פּאָפּולאַריטעט סיי אין אַמעריקע און סיי אין דער גאַרער וועלט.

וואָלטער דעמראָש, דער בשעתו באַרימטער מוזיקער און דיריגענט פונעם ניו־יאָרקער סימפאָנישן אָרקעסטער, וועלכער איז אגב געווען דער ערשטער צו אָנערקענען און דערקענען גוירשווינס מוזיקאַלישן טאַלאַנט, האָט נאָכן גרויסן דערפאָלג פון זיין ערשטער פאַרנעמיקער מוזיקאַלישער שאַפונג „ראַפּסאָדי אין בליו", ביי אים באַשטעלט אַ „קאָנטשערטאָ" פאַר פּיאַנאָ און אָרקעסטער, וואָס האָט דעמאָלט אַרויסגערופן נישט קיין קליינע איבערראַשונג און אויך סענסאַציע אין די מוזיקאַלישע קרייזן פון אַמעריקע.

אָבער נאָך אַ פּיל גרעסערע איבערראַשונג, און אויך נאָך אַ פּיל גרעסערע סענסאַציע ווי די ערשטע, האָט אַרויסגערופן די באַקאַנטמאַכונג, וואָס איז גלייכצייטיק אַרויסגעקומען, אַז נאָך איידער דזשאָרדזש גוירשווין האָט באַוויזן אָנצושרייבן אפילו די ערשטע נאָטע פון דער באַשטעלטער „קאָנטשערטאָ", האָט ער שוין געהאַט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט מיט גאַנצע זעקס באַרימטע סימפאָנישע אָרקעסטערס פון איבערן לאַנד, וועלכע וועלן זיין צווישן די ערשטע צו שפּילן דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן...

ווען די „קאָנטשערטאָ" האָט ענדלעך דערזען די ליכטיקע שיין, וואָס גוירשווין האָט אַ נאָמען געגעבן „קאָנטשערטאָ אין עף", און ווען זי איז צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן, האָט זי פאַראורזאַכט ממש אַ פורור איבער גאַנץ אַמעריקע. היינט־צו־טאָג ווערט די דאָזיקע „קאָנטשערטאָ" פאַררעכנט

פאַר איינער פון די סאַמע אייגנאַרטיקסטע מוזיקאַלישע שאַפונגען, וועלכע טראָגט אַ דורכאויס אַמעריקאַנער כאַראַקטער און ווערט געשפּילט אויף אַלע קאָנצערט־בינעס פון אַמעריקע און פון גאָר דער וועלט.

ס'איז גאָר קיין פראַגע נישט, אַז דזשאָרדזש גוירשווינס מוזיק פאַרמאָגט אין זיך מער אַמעריקאַנישן קאָלאָריט און אַמעריקאַנישקייט, ווי די מוזיק פון וועלכן־עס־איז אַנדערן אַמעריקאַנער־געבוירענעם קאָמפּאָזיטאָר. עס האָבן נאָך פיל אַנדערע היגע געבוירענע קאָמפּאָזיטאָרס קאָמפּאָנירט גאַנצע סימפאָניעס, קאָנטשערטאָס, אָפּערעס, קאַמער־מוזיק, אָבער מ'קאָן בשום אופן נישט זאָגן, אַז זייער מוזיק קלינגט אמת'דיק אַמעריקאַניש. געוויס איז עס פיינע און גלאַטע מוזיק, אָבער עס איז קאָמפּאָנירט געוואָרן אינעם אַלטן אייראָפּייאישן סטיל, גוסט און גייסט פון די קלאַסיקער, און האָט מיט אַמעריקע לחלוטין נישט צו טאָן. עס דריקט אין קיין פאַל נישט אויס דעם גוסט און גייסט, דעם ריטם און טעמפּאָ פון אַמעריקע, ווי דאָס איז אַזוי שטאַרק ניכר, כאַראַקטעריסטיש און בולט ביי גוירשווינען.

דער גייסט פון אַמעריקע ליגט אויסגעגאָסן אין פולן גלאַנץ, מיט זיין גאַנצער עספּרי, אויף גוירשווינס אַלע שאַפונגען. איר קאָנט זיי נישט פאַר־בייטן אויף קיין שום אַנדער לאַנד און אויף קיין שום אַנדער פאָלק. עס איז דער סאַמע וויטאַלסטער און פולסטער אויסגוס, אויפּפראַל פון דער אמתער אַמעריקאַנער נשמה, האַרץ און מוח, מיט אַן אייגענעם סטיל און קאָליר, טאָן און ריטם. אין דעם באַשטייט גוירשווינס געניאַליטעט און פּאָפּולאַריטעט ביים אַמעריקאַנער עולם און אויך אין אויסלאַנד. איר קאָנט זייער גרינג אָוועקלייגן אייער פינגער אויף אים: אָט דאָס איז ער! מען דערקענט אים און מען דערפילט אים גלייך. און דערפאַר פאַרנעמט ער דעם סאַמע וויכטיקסטן און אָנגעזעענסטן אָרט אין דער אַמעריקאַנער מוזיק־ליטעראַטור.

* * *

דזשאָרדזש גוירשווין איז נישט אַנטלאָפן פונעם אַמעריקאַנעם דזשעז, וואָס איז אַזוי פּאָפּולער דאָ־הי און אויך אין דער גאַנצער וועלט, נאָר גיכער אַנשטאָט דעם, האָט ער דער ערשטער אַריינגעפירט אים אין דער סימפאָ־נישער מוזיק און אויך אין דער אָפּערע. ער האָט גענומען די גאַנץ־געוויי־לעכע און פּאָפּולערע דזשעז־טענער און אָנגעטאָן זיי סימפאָנישע קליידער און אָפּערע־קאָסטיומען, און עס זיינען ביי אים אַרויסגעקומען אמתע

מוזיקאַלישע מייסטער־ווערק. ער האָט דעם אַמעריקאַנער ריטם, וואָס איז ווייט אַנדערש פונעם אייראָפּייאישן ריטם, דעם אַמעריקאַנער טעמפּאָ, וואָס באַוועגט זיך מיט אַזאַ שנעלקייט, עקספּרעס־מעסיק, אַנגעטאָן אין מוזיקאַלישע בילדער און פאַרבן, אין צאַפּלדיקע זינגערישע טענער, מיט אַ קלאָרקייט פון אַ פרישן וואַסער־קוואַל.

איר הערט ביי גוירשווינען דאָס הודזשען פון פאַבריקן; דאָס קלאַפּן פון מאָטאָרן; דאָס געיעג פון שנעל־לויפנדיקע באַנען, סאַבוועיס; דאָס גערויש פון עראָפּלאַנען; דאָס געדרענג פון מיליאָנען מענטשן, וועלכע פילן אומעטום אָן די גאַסן, סקווערן, בראָדוועי, טאַימס סקווער, פינפטע עוועניו, מעדיסאָן עוועניו, וואָל סטריט, אין ניו־יאָרק; סטעיט סטריט — אין שיקאַגאָ; מאַרקעט סטריט — אין פילאַדעלפיע; ווילשאַיער בולוואַרד — אין לאָס־אַנדזשעלעס; לינקאָלן ראָוד — אין מיאַמי ביטש, און נאָך פיל אַנדערע גאַסן, בולוואַרן און סקווערן פון גרויסע שטעט אין אַמעריקע — דעטראָיט, באָסטאָן, אַטלאַנטאַ, באַלטימאָר, קליוולאַנד, פּיטסבורג, סט. לואיס. קענזעס סיטי, ניו אָרלינס, א. אַנ. איר פילט ביי אים דעם אָטעם פון די שטאָלצע הימל־קראַצערס פון מאַנהעטן; די כוואַליעס פון די פאַרשידענע טייכן, לעיקס, ריווערס, קעניאָנס און פּרעיריס; די גלאַנציקע טראַקטן און שליאַכן, אויף וועלכע עס גליטשן זיך מיליאָנען יאַגנדיקע אויטאָמאָבילן, אָנגע־לאָדענע גרויסע שווערע טראָקס; דאָס אויסגעמיש פון פעלקער, ראַסן, שבטים, לשונות, קאָלירן פון פאַרשידענע פנימער, אויגן, קליידונג — מיט איין וואָרט: איר הערט און פילט אין גוירשווינס מוזיק, אַז דאָס איז אַמעריקע!

אָט־דאָס אַריינצופּאַקן אין מוזיק, אין סמפאָניעס, קאָנטשערטאָס, ראַפּסאָדיעס, פּרעליודן, אָפּערעטעס און אָפּערעס, איז נישט גרינג. עס איז טאַקע אמת, אַז יעדע זאַך האָט איר מוזיק — אפילו אין כאָאָס איז פאַראַן מוזיק, אָבער געראַטעוועט האָט דזשאָרדזש גוירשווינען נישט דאָס, וואָס יעדע זאַך פאַרמאָגט איר מוזיק, נאָר דאָס, און מער ווי אַלץ, וואָס ער איז געווען אַ געבוירענער מעלאָדיסט און האָט דעריבער פון אַלצדינג געקאָנט שאַפן אַ זינגעוודיקע מוזיק! ער איז פון די קאָמפּאָזיטאָרס, וועמענס מאָדערניזם און די היינטיקייט פאַלן ניט שווער אויף אייך — נאָר אדרבה, ער האָט אין זיין היינטיקייט אַריינגעזונגען גאָר אַ סך מאָרגנדיקס און איבערמאָרגנדיקס. אין דעם, ווי אינעם פריערדיקן פאַל, וואָס איז דאָ

באַמערקט געוואָרן, אַז ער איז געווען אַ געבוירענער מעלאַדיסט, ליגט זיין כוח!

אין זיין „ראַפּסאָדי אין בליו", וואָס וועט בלי־ספק פאַרבלייבן אַן אייביקער מאָנומענט אינעם אוצר פון דער אַמעריקאַנער מוזיק־ליטעראַטור, זינגט דער גייסט פון אַמעריקע גלייך אַרויס פון די ערשטע אַקאָרדן. איר פּילט דעם פּולס, דעם אָטעם, די לופט פון דער אַמעריקאַנער מילעיע, פונעם אַמעריקאַנער שטייגער, פּלי און פאַל, כאַפּ און לויף, יאָג און אַריבעריאָג, פאַרמעסט און אַריבערשטייג, סיי אינעם ריטם און סיי אין דער האַרמאָניע, וועלכע פאַרכאַפּט אייך מיט דער אייגנאַרטיקייט, אָריגינעלקייט, היינטיקייט, מאָרגנדיקייט און איבערמאָרגנדיקייט.

דאָס זעלביקע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן זיין וועלט־באַרימטער פאָלקס־אָפּערע „פּאָרגי ענד בעס" און זיינע אַנדערע ווערק, ווי די „קאָנטשערטאָ אין עף", פאַר פּיאַנאָ און אָרקעסטער, און מיט קליינע רעזער־וואַציעס וועגן „ען אַמעריקן אין פּעריז" (אַן אַמעריקאַנער אין פּאַריז), וועלכע זיינען אַמעריקאַנער שאַפונגען פון ריינסטן סאָרט. ער האָט אויך קאָמפּאָנירט אַ צאָל פּרעליודן, וועלכע זיינען, מיט רעכט, פאַררעכנט צווישן די סאַמע אָריגינעלסטע און פיינסטע קאָמפּאָזיציעס פאַר פּיאַנאָ פון אַן אַמעריקאַנער־געבוירענעם קאָמפּאָזיטאָר.

* * *

ווען דזשאָרדזש גוירשווין איז געשטאָרבן, דעם 11טן יולי, 1937, אין עלטער פון נאָך נישט קיין פולע 39 יאָר, האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז זיין „ראַפּסאָדי אין בליו", וואָס איז אַ מוסטער פון האַרמאָנישער פאַראייניקונג פון פאָרם און אינהאַלט, האָט ער אַליין נישט געקאָנט אָנ־שרייבן, מחמת עס האָט אים געפעלט דער נויטיקער מוזיקאַלישער וויסן. איבערהויפּט, אַז די אָרקעסטראַציע פון „ראַפּסאָדי אין בליו", ווייסן אַלע, איז געמאַכט געוואָרן דורך עמיצן אַנדערש, איז דעריבער שוין אָנגענומען געוואָרן, אַז אויך אין אַלע אַנדערע גרעסערע זאַכן, וואָס גוירשווין האָט געשריבן, האָט ער זיך גענויטיקט אין עמיצנס הילף.

נאַרישע מיילער! אָ, בייזע צינגער! אָ, נישט־פאַרגינערס! ווי פאַר־דאָרבנדיק איר זיינט אין אַלע דורות און אין אַלע צייטן געווען! מ׳קאָן זיך

פון אייך קיינמאָל און אין ערגעץ ניט אויסבאַהאַלטן! אומעטום געפינט מען אייך און אומעטום שפּרינגט איר אַרויס!

און אַז מוסאָרגסקי האָט זיך אפשר געניטיקט אין אַזאַ הילף ווי גוירשווין, איז ער דען נישט, און וועט ער דען נישט פאַרבלייבן — דער גרויסער געניאַלער מוסאָרגסקי?!

אָנגענומען, אַז „פּאָרגי ענד בעס" איז נישט קיין „אַאידאַ", אָדער „פּאַרסיפאַל", צי „קאַרמען", מיינט עס דען, אַז גוירשווין האָט נישט אָנגעשריבן קיין אָפּערע, וואָס איז גענוג צו פאַראייביקן אַ קאָמפּאָזיטאָר? אפילו ווען ער וואָלט מער ווי אָט־די איינע שאַפונג ניט אָנגעשריבן, וואָלט זיין פּלאַץ ווי אַ באַדייטענדיקער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן. ווייל אַזעלכע פאָלקס־אָפּערעס ווי „פּאָרגי ענד בעס", שרייבט מען ניט יעדן טאָג, יעדן חודש און אפילו ניט יעדן יאָר, נאָר אפשר איינמאָל אין אַ יאָר־הונדערט!

פולע צוויי יאָר צייט האָט גוירשווין'ען געמען אָנצושרייבן די מוזיק צו „פּאָרגי ענד בעס", וואָס באַשטייט פון דריי אַקטן און ניין באַזונדערע סצענעס. דאָס נעגערשע לעבן אין דער „סאַוט" זינגט צאַפּלדיק אַרויס פון יעדער נאָטע, פון יעדן זאַץ אויף אַ גאָר מערקווירדיקן מוזיקאַלישן שטייגער. די טענער זיינען העכסט קאָלירפול, געשמאַק, זינגעוודיק און קוועלן־אַרויס פון די סאַמע טיפענישן פונעם נעגערס נשמה. בלויז אָט־די דריי לידער אַליין: „סאָמטאַימס אַי פיל לאַיק עי מאָדערלעס טשאַילד" (אָפטמאָל פיל איך ווי אַ פאַר'יתומ'ט קינד); „סאָמערטאַים" (זומער־צייט) און „אַי גאָט פּלענטי אָוו נאָטינג ענד נאָטינג איז פּלענטי פאָר מי" (איך האָב צופיל פון גאָרנישט און גאָרנישט איז צופיל פאַר מיר), וואָס קאַרבן זיך איין טיף אין זכרון פון יעדן צוהערער, זיינען, חוץ שטייגער לעבן, אמתע מייסטער־קאָמפּאָזיציעס. די גאַנצע אָפּערע „פּאָרגי ענד בעס" איז אַ הערלעך געזאַנג פון פרימיטיווע הערצער, פון אָרעמע שטאַרק־ליידנדיקע מענטשן, וואָס איז אַזוי זעלטן צו געפינען אין דער אָפּערע־אָדער אָפּערעטע־ליטעראַטור, וואו אין די מערסטע פאַלן האָט מען צו טאָן מיט קעניגן און קעניגינס, פרינצן און פרינצעסינס, גראַפן און גראַפינעס, און נאָך אַנדערע אַדעליקע...

גוירשווין האָט פאַר דעם צוועק ספּעציעל זיך באַזעצט אויף אַן אינדזעלע לעבן טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָלאַינאַ, כדי אויפן אָרט צו שטודירן, צו זען און צו הערן, זיך צו באַקענען מיט די אמת'ע נעגערשע

מאָטיוון, מעלאָדיעס, קנייטשן און ניואַנסן, און אויך מיט זייערע היימישע לעבנס־שטייגערס, מנהגים, פירעכצן און לעבנס־באַדינגונגען. ער האָט געוואָלט דורך זיין מוזיק מאָלן אַן אמת׳דיק בילד פונעם נעגערשן פאָלקס־לעבן אין די דרום־שטאַטן, און ס׳איז אים געלונגען אויף פולע הונדערט פראָצענט! עס פילט זיך ביי גוירשווינען אַ שטאַרקע ליבשאַפט און גרויסע פאַרערונג צום נעגערשן מענטשן, וועלכער איז דער יסוד פון דער אַמעריקאַנער מוזיק, אַזוי גוט ווי פונעם אַמעריקאַנער טאַנץ — צי עס געפעלט עמיצן אָדער נישט...

דער פריצייטיקער טויט פונעם דאָזיקן אָריגינעלן און געניאַלן יונגן אידיש־אַמעריקאַנישן קאָמפּאָזיטאָר, איז געוועזן ביז גאָר אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער אַמעריקאַנער מוזיק — און מעגלעך אפשר אויך פאַר דער אידישער מוזיק. ווער ווייסט? אפשר ווען ער וואָלט געלעבט לענגער און וואָלט מיטגעמאַכט די פינצטערע טעג פון דער בלוטיקער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער אידן האָבן באַצאָלט אַזאַ גרויסן פּרייז פון זעקס מיליאָן נפשות, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצי־דייטשישע רוצחים אויפן סאַמע גרויזאַמסטן אופן, וואָלט ער מעגלעך, אונטערן דרוק פון די שוידערלעכע געשעענישן, אויך קאָמפּאָנירט מוזיק אויף אַ ריין־אידישלעכער טעמע, פונקט ווי לעאָנאַרד בערנשטיין, וואָס האָט אונטערן דרוק פון די בלוטיקע פּאַסירונגען אָנגעשריבן זיין אידישע סימפאָניע „ירמיהו״ — ווער קאָן עס וויסן?!

זאָל דאָ, אגב, באַמערקט ווערן, אַז ערגעץ־וואו קאָנט איר אין גוירשווינ׳ס מוזיק, דאָ־און־דאָרט, אָנטאָפּן אַ פאַרטושירטן אידישן קלאַנג, אידישן טאָן, און אַמאָל אַ גאַנצע פראַזע אפילו, וואָס ער האָט אפשר „געכאַפּט״ אין שול, וואו ער איז אַמאָל געגאַנגען מיטן טאַטן דאַוונען און האָט דאָרט געהערט דעם חזן זינגען; אָדער אין אידישן טעאַטער אויף סעקאָנד עוועניו, וואו ער פלעגט זיין אַן אָפטער באַזוכער; צי פון זיין מאַמען, וואָס האָט ליב געהאַט צו זינגען אידישע פאָלקס־לידער, און, ווער ווייסט, פון וואַנען נאָך...

סיי־ווי אָבער, דערמיט וואָס גוירשווין האָט מער ווי ווער־עס־איז אַנדערש געהאָלפן לייגן און צעמענטירן דעם פונדאַמענט פון דער אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלער מוזיק, האָט ער זייער אַ סך בכלל באַרייכערט די אַמעריקאַנער קולטור, פון וועלכער אויך מיר, אידן, געניסן אין אַ גרויסער

מאָס און זיינען אַ גלייכער טייל מיט יעדן, וועלכער לעבט דאָ. דער דאָזיקער בייטראָג וועט אין דער ריכטיקער צייט נאָך געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן. גוירשווינ׳ס נאָמען וועט מיט גאָלדענע אותיות אַריינגעשריבן ווערן — אָדער איז שוין אַריינגעשריבן געוואָרן — אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער מוזיק־ליטעראַטור, וואָס הייבט־אָן צו פאַרנעמען אַלץ מער אַן אָנגעזעען אָרט אין דער גאָרער וועלט.

זאַמלונגען, האַרבסט, 1962, נ. י.

# רייזע־בלעטער

## געווידמעט מיין שוועסטערל קונצעלע

מיט יאָרן צוריק, בין איך, אַ פּופּצן יעריק אינגל, איינער אַליין אויף דער שיף „עסטאָניאַ״ געפאָרן צום טאַטן קיין אַמעריקע. עס איז געווען מיין ערשטע רייזע אויפן ים. וואָס רעד איך „רייזע״? עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אַ ים! און איך האָב דעמאָלט אויך גאָר ווייניק פאַרשטאַנען און זייער ווינציק געוואוסט. מיין קולטור־רעלער „באַגאַזש״ איז געווען זייער אַן אָרעמער. דערפאַר אָבער איז שוין דעמאָלט דער „באַגאַזש״ פון מיינעליידן געווען אַ גאַנץ רייכער. אָ, ווי רייך! צו רייך פאַר מיינע יאָרן... דאָס וואָס איך האָב ביז מיין פאָרן קיין אַמעריקע דורכגעלעבט, וואָלט געקלעקט פאַר מער ווי איין בוך...

און איצט, בלויז מיט איניקע יאָר שפּעטער, פאָר איך דעם זעלביקן וועג אויף צוריק — פון אַמעריקע קיין אייראָפּע. אָבער, ווי אַנדערש? דעמאָלט האָב איך געקוקט אויפן ים מיט שרעק אין מיינע אויגן, און אַצינד — מיט באַוואונדערונג פאַר גאָט׳ס באַשאַף! דעמאָלט האָב איך זיך געשראָקן נישט בלויז פאַר פרעמדע מענטשן, נאָר אויך פאַר מיין אייגענעם שאָטן. איך האָב געהאַט מער ווי איין סיבה זיך צו שרעקן סיי פאַר פרעמדע מענטשן און סיי פאַר מיין אייגענעם שאָטן. ווייל איך האָב מיט די אייגענע אויגן מיינע צוגעזען, ווי מ׳האָט, פּשוט און פּראָסט, געקוילעט אידן אויף די גאַסן, אויף די הויפן, אין די שטיבער, אין די גערטנער, אין די סעדער, אין די שטאַלן, אויף די בוידעמער און אין די קעלערן — אין אַ בלוטיקן פּאָגראָם וואָס איז פאָרגעקומען אין אונזער שטעטל סלאָוועשנע; און אויך בעת אָנפאַלן פון

פאַרשידענע באַנדעס, וואָס האָבן געבושעוועט אין אוקראַינע אין די יאָרן 20־1919. און פאַר מיין אייגענעם שאָטן, — ווייל נישט איינמאָל האָט דער שאָטן מיך פאַרראַטן צום גזלן פון באַהעלטעניש אַרויס, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן ערגעץ אויף אַ וואַנט, אָדער אין עפּעס אַנדערש...

וגם, דעמאָלט, קיין אַמעריקע, בין איך אויך געפאָרן אַן אויסגע־הונגערטער, אַ פיזיש און גייסטיק צעבראָכענער אידישער אינגל, פריש פונם מבול צרות אַרויס, און איצט פאָר איך צוריק שוין אַ זאַטער, כמעט אַ באַרו־איקטער פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען, אַן אַמעריקאַנער בירגער אויף דעם טאַטנס בירגער־פּאַפּירן, און אין קאָפּ וועבן זיך ביי מיר פאַרשידענע מוזיקאַלישע און ליטעראַרישע חלומות...

די שיף „בעלגיע־לאַנד״ אויף וועלכער איך פאָר אַצינד, איז אַ וועלט פאַר זיך. זי איז אַ סך שענער און גרעסער פון דער שיף „עסטאָניאַ״ מיט וועלכער, ווי איך האָב שוין באַמערקט, איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע. דער עולם אויף דער „בעלגיע־לאַנד״ עסט און טרינקט און פאַרברענגט זייער גוט. יעדער פילט זיך אויפגעלייגט און די פּנים׳ער שיינען ביי אַלעמען יום־טוב׳דיק. פרעמדע מענטשן האָבן זיך פאַרברידערט, דערנעענטערט איינער מיטן צווייטן, אַלטע, יונגע, אַלע זיינען פריילעך. יעדערער האָט זיך אָפּגעזוכט זיינס. צווישן די דריי קלאַסן — טוריסט, צווייטע און ערשטע — גייען אָן פריינטלעכע פאַרבינדונגען.

איך פאָר קיין אייראָפּע, כאָטש איך האָב פון אַמעריקע נאָך גאָר ווייניק געזען. מער ווי די זעקס שטעט: פילאַדעלפיע, ניו־יאָרק, באַלטימאָר, וואַשינגטאָן, דעטראָיט און שיקאַגאָ, האָב איך דערווייל נישט געזען און נישט געקענט. קיין גרויסע פאָרשטעלונגען פון אַמעריקע ווי אַ לאַנד און ווי אַ פאָלק, האָב איך נאָך דערווייל נישט. אמת, די געשיכטע פון אַמעריקע איז מיר נישט פרעמד, איך האָב עפּעס געלערנט פאַר די עטלעכע יאָר, אָבער איך בין נאָך נישט גענוג דורכגעדרונגען מיט איר. איך פיל, אַז עפּעס פעלט מיר נאָך, און מעגלעך אַז אַ גאַנצע סך. איך האָב דאָס אַמעריקאַנער לעבן נאָך נישט גענוג פאַרדייט. איך פיל נאָך נישט די אַמעריקאַנער קולטור, די אַמעריקאַנער ליטעראַטור, טעאַטער און מוזיק, ווי איך האָב געפילט די רוסישע — און פון דער אידישער איז דאָך אָפּגערעדט!

און מערקווירדיק איז דאָס, וואָס סיי מיט דער רוסישער ליטעראַטור און סיי מיט דער אידישער ליטעראַטור, בין איך באַקאַנט געוואָרן ערשט אין

אַמעריקע, אָבער איר טעם ליגט מיר אויף די ליפּן. אַפּנים, אַז אָט דאָס איז עס: עס האָט צו טאָן מיטן אָרט וואו מ׳ווערט געבאָרן. עס זעט אויס, אַז מיט אַ לאַנד וואו מ׳ווערט געבאָרן שיידט מען זיך נישט אַזוי גרינג — נישט געקוקט אויף די אַלע צרות, וואָס איך האָב מיך דאָרט געהאַט אָנגעליטן...

איך האָב די רוסישע שרייבער: גאָגאָלן, פּושקינען, טורגעניעוון, טאָלסטאָיען, דאָסטאָיעווסקין, טשעכאָוון, גאָרקין, לערמאָנטאָוון און נאָך אַ סך אַנדערע געלייענט ניט פון אָריגינאַל, נאָר דורך איבערזעצונגען, מייסטנס אין ענגליש און טיילווייז אין אידיש. און דאָך, ווי נאָענט איך האָב זיי געפילט, גלייך ווי איך וואָלט מיט זיי געבאָרן געוואָרן. דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט די רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן: גלינקאָ, באָראָדין, רובינשטיין, טשייקאָווסקי, רימסקי־קאָרסאַקאָוו און מוסאָרגסקי, ווי זיי וואָלטן געווען מיינע ברידער. פון וואַנען, פון וואָס, און ווי אַזוי? ווער קען עס מיר באַשטימט זאָגן? איך גיב דאָ איבער אַ פאַקט, און שוין.

עס ציט מיך קיין אייראָפּע, נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין שום פּלאַן קיין ספּעציפישעס, וואָס איך וויל דאָרט צום מייסטנס זען און באַקענען זיך. איך ווייס נאָר, אַז מיין ערשטער אָפּשטעל וועט זיין בעלגיע. דערנאָך זאָב איך בדעה צו באַזוכן פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, שווייצאַריע, פּוילן, און איך וואָלט אויך געוואָלט זייער שטאַרק באַזוכן רוסלאַנד, מיין שטעטעלע סלאָוועשנע. די שאַנסן אויף צו קריגן אַ וויזע צו קענען אַריינ־פאָרן קיין רוסלאַנד זיינען קליינע, אָבער איך וועל פּרובירן אין בערלין ביים רוסישן קאָנסול צו קריגן אַ וויזע. וועט זיך עס מיר איינגעבן, וועל איך אַוודאי זיין צופרידן. אויב נישט, וועל איך זיך מוזן דערווייל באַגיין מיט אָט־די אויסגערעכנטע לענדער.

מיט מיר צוזאַמען אויף דער „בעלגיע־לאַנד" פאָרן אויך דער באַקאַנטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט מיכל געלבאַרט און זיין פרוי הינדעלע. מיר האַלטן זיך אַלע דריי צוזאַמען. מיר עסן ביי איין טיש און מיר גייען צוזאַמען שפּאַצירן. פון צייט צו צייט גנב׳ע איך מיך פון זיי אַוועק און פאַרברענג אויך מיט אַנדערע. דער אויסוואַל פון די פּאַסאַזשירן אויף דער „בעלגיע־לאַנד" איז אַ גרויסער און אַ פאַרשיידענער. די געלבאַרטס ווילן שטאַרק נישט ליידן וואָס איך גיי אַוועק, אָבער זיי זאָגן עס מיר נישט אויס. מיר איז זייער אָנגענעם מיט זיי צו פאַרברענגען, אָבער עס ציט מיך צו מענטשן פון מיינע יאָרן, וואָס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך...

אויף דער שיף זיינען פאַראַן בחורים און מיידלעך מיט וועמען מ׳קען אַ לאַך טאָן, אַ שטיף טאָן, און אפשר אויך אַריינכאַפּן אַ קוש. די פרישע געזאַל־צענע ים־לופט, די מילדע יוני־ווינטעלעך, העלפן אַ סך אַרויס. די מיידלעך זיינען צוגעלאָזענער און די בחורים זיינען — ראָמאַנטישער, ווי אויף דער יבשה. בפרט, ווען מ׳זעט אַז די עלטערע שטייען אויך נישט אָפּ. אַלע נאַשן — ווילט זיך אויך נאַשן. איך בין טאָקע אַ שעמעוודיקער, אָבער קיין מלאך — בין איך נישט...

עס איז שוין היינט דער זעקסטער טאָג זינט די שיף האָט פאַרלאָזן דעם ניו־יאָרקער האַפן. אַחוץ פאַרברענגען, שפּאַצירן, טראַכט איך אַ סך — אַ געבאָרענע געוואוינהייט אַזאַ ביי מיר פון וועלכער עס איז שווער זיך צו באַפרייען. אָבער אין דער מאָמענט, וואָלט איך אַלצדינג פון זיך אַראָפּגע־וואָרפן און פאַרגעסן. עס ווילט זיך זיין פריי, טאַנצן, זינגען, זיך פאַרליבן, ווי פאַר אַ אינגל פון מיינע יאָרן, נאָר עפּעס שטערט מיר. עס איז ניט בלויז מיינע שווערע איבערלעבונגען, וואָס לאָזן מיך נישט אינגאַנצן פריי אָפּאָטעמען, נאָר אויך אַנדערע זאַכן. אָט דאַכט זיך מיר, אַז איך בין גרייט צו נעמען פון לעבן אַלצדינג, וואָס נאָר עס וועט מיר קומען צו דער האַנט. איך וואַרף אַוועק אַלע טראַכטאַכצן, ווער פריילעך, שפּילעוודיק, זינגעוודיק, טאַנצנדיק, און, גאָר פּלוצלונג, באַפאַלט מיך אַ שטימונג און מיין האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט אַן אומעט, וואָס איך אַליין קען עס נישט דערקלערן...

די שיף הוידעט זיך, ווי אַ וויגעלע. ניט אַנדערש, ווי זי וויל פאַרוויגן מיינע געפילן און מיינע געדאַנקען. איך טראַכט לעצטנס זייער אַ סך פון גאָט. זינט דעם פּאָגראָם אין סלאָוועשנע, בין איך נישט אינגאַנצן „שוה־בשוה״ מיט אים. קיין צו גרויסער „שמעלקע״ בין איך מיט אים קיינמאָל נישט געווען. דאָס איז דער ריינער אמת, עפּעס איז מיר די גאַנצע זאַך, זייער מאָדנע, איך פאַרשטיי אים נישט. איך געפין אים אומעטום — מער ווי אין אַלצדינג געפין איך אים אין דעם באַשאַף פון דער וועלט, אין דער שיינקייט פון דער נאַטור, אָבער ווען עס קומט צו דעם מענטשן און זיינע טואונגען, הערט ער אויף צו עקזיסטירן. עס איז ביז גאָר טשיקאַווע אפילו, ווי ער קען קאָנטראָלירן דעם ווינט, דעם דונער, דעם בליץ, דעם שטורעם, די זון און די לבנה, דעם טאָג און די נאַכט, דעם רעגן און דעם שניי, דעם פרילינג און דעם האַרבסט, דעם זומער און דעם ווינטער, די אַלע פלאַנצן, קרייטעכ־

צער, געוויקסן, פרוכטן און תבואות, דעם הימל און די ערד, די ים׳ען און די טייכן, נאָר ווען עס קומט צום מענטשן און זיינע מעשים — פאַרלירט גאָט זיין קאָנטראָל איבער אים? פאַרוואָס זאָל עס אַזוי זיין? קען מיר ווער עס איז אויפקלערן, אַ?

שוין־זשע איז די מענטשלעכע רשעות באמת טאַקע שטאַרקער אפילו פון די ווינטן, דונערן און בליצן, שטורעמס און רעגנס, און נאָך אַ סך אַנדערע נאַטור־דערשיינונגען און נאַטור־אויסברוכן, אַז גאָט זאָל עס נישט קענען קאָנטראָלירן? אלא־וואָס דען: ווען עס קומט צום מענטשן און זיינע מעשים, ווערט גאָט אוממעכטיק, טאָ — וואָס פאַר אַ גאָט איז ער?! עפּעס איז מיר דאָ נישט קלאָר, עפּעס לייגט זיך עס מיר נישט אויפן שכל. חוץ דעם: ווי קען איך זאָגן, אַז ווען עס קומט צום מענטשן און זיינע האַנדלונגען, ווערט גאָט אוממעכטיק, אַז גאָט — איז פאַרט גאָט?! ווי קען איך אַ אידישער אינגל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט אַ טיף־רעליגיעזער נאַטור, עס אַזוינס זאָגן? קען דען עמיצער אַוועקמאַכן מיט דער האַנט גאָט, אַז ער איז פאַרט דאָ!

די רייזע אויף דער שיף איז אויסערגעוויינטלעך גוט. דאָס עסן איז געשמאַק, און אַלצדינג גייט צו אויפן בעסטן אופן. עס איז ריין, ציכטיק און אַ מחיה אַריינצוגיין אין דער קאַבינע. ווי אַנדערש די דאָזיקע שיף איז פון דער שיף, וואָס איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע? עס ווילט זיך פאָרן און פאָרן, גאָר אָן אַן אָפּשטעל! איך האָב דאָ געשלאָסן אַ סך באַקאַנטשאַפטן — מיט אינטערעסאַנטע און ווייניקער אינטערעסאַנטע מענטשן, אַלטע און יונגע. יעדערער פאָרט ערגעץ אַנדערש, און מיט אַן אַנדער ציל. איינער פאָרט באַזוכן זיין אַלטער היים; אַ צווייטער — זיינע עלטערן, משפחה; אַ דריטער — פאָרט גלאַט אַזוי. און איך? איך פאָר זיך באַקענען מיט דער אַלטער וועלט, מיט פעלקער און לעבן־שטייגערס, וואָס איך קען בלויז פון ביכער. איך טראַכט איצט אויך, אַז ווען איך וועל צוריקקומען פון אייראָפּע וועל איך זיך אַרויסלאָזן איבער אַמעריקע. עפּעס פיל איך זיך אַ ביסל שולדיק קעגן דעם, וואָס איידער איך האָב געזען אַמעריקע, מיין נייע היים, פאָר איך פריער קיין אייראָפּע. נאָר עס איז אַ געפיל אַזאַ — און קעגן אַ געפיל איז שווער צו קעמפן. איך בין זיכער, אַז ווען איך וועל צוריקקומען אַהיים, וועט מיין טאַטע ווידער אַמאָל זיין גוט צו מיר און וועט מיר געבן געלט אויך אויף צו קענען פאָרן זען און באַקענען זיך מיט אַמעריקע. מיין טאַטע איז טאַקע נישט קיין מיליאָנער, אָבער זייער אַ גוטער. און דער עיקר

— ער פֿאַרשטייט מיך. ער פֿילט, אַז עפּעס וויל איך, אַז עפּעס ציט מיך, און ער איז אַלעמאָל גרייט מיר נאָכצוגעבן אין מײַנע פֿאַרלאַנגען...

אייגנטלעך האָב איך אין די עטלעכע יאָר פֿון מײַן זײַן אין אַמעריקע געלערנט צען מאָל אַזויפֿיל, ווי אין די אַלע יאָרן פֿון מײַן זײַן אינם קליינעם שטעטל אין רוסלאַנד — פֿריער אונטערן צאַר און דערנאָך אונטער די צוויי רעוואָלוציעס: די קערענסקי און די באָלשעוויסטישע. איך האָב אָנגעהויבן צו גיין אין חדר ווען איך בין אַלט געווען פֿינף יאָר און האָב געלערנט ביז דער בר־מצווה. ווייטער פֿון אַ פּרשה חומש מיט רש״י, אַ בלאַט גמרא מיט תּוספֿות, תּנ״ך און אַ פּאָר העברעאישע ביכלעך, בין איך נישט געגאַנגען. רוסיש האָב איך געלערנט נישט מער, ווי אויפֿן שפּיץ מעסער. עס איז זיכער נישט געווען מײַן שולד, נאָר די שולד פֿון מײַנע רבײם, און אויך די שולד פֿון מײַן מאַמען, וואָס האָט מיך נישט געלאָזט גיין אין דער גוי׳אישער שקאָלע, ווײַל אַזוי האָט דער טאַטע מײַנער פֿאַר זײַן אַוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע איר אָנגעזאָגט. מער ווי די נעמען ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שניאור, פֿיכמאַן און פֿרישמאַן, פֿון וועמען איך האָב אויף אַ ניט־סיסטע־מאַטישן אופֿן גענאַשט, שטיקלעך און ברעקלעך, האָב איך פֿון קיין אַנדערע אידישע שרײַבער נישט געוואוסט. איך האָב אויך געדענקט עפּעס פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים און שלום עליכם, אָבער נישט פֿון אָריגינאַל, נאָר דורך העברעאישע איבערזעצונגען. און פֿון באַרימטע חזנים ביי אידן, וואָס איך האָב געהערט אויף פּלאַסטינקעס און האָבן איבערגעלאָזט אויף מיר אַ גאָר טיפֿן אײַנדרוק, זײַנען געווען קוואַרטין און סיראָטאַ. אָבער איך האָב באַוויזן אײַנצוזאַפּן אין זיך אַלע אידישע נוסחאות, ווי איך וואָלט געבאָרן געוואָרן מיט זיי. ווען דער טאַטע מײַנער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, בין איך נאָך נישט אַלט געווען קיין פֿולע זיבן יאָר, דאָך האָב איך געקענט צוגיין צום עמוד און דאַווענען וועלכן נוסח מ׳האָט געוואָלט. איך האָב אויך געקענט די קונסט פֿון נאָכמאַכן ווי איינער רעדט, ווי איינער לאַכט, ווי איינער גייט, שטייט, מאַכט מיט די הענט, הייבט מיט די אַקסלען, וכדומה. איבערהויפּט האָב איך זיך אויסגעצייכנט אין נאָכזאָגן „תּורה״ די פֿאַר־שידענע חסידישע רבײם, וועלכע פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט קומען צופֿאָרן קיין סלאָוועשניע. מײַן מאַמע פֿלעגט מיך אַזש וועלן דערפֿאַר שלאָגן. „וואָס הייסט, מאַטעלע, דו קרימסט נאָך אַ רבי׳ן ?״

אָט מיט־אָ דעם־אָ ביסל אָרעמען „באַגאַזש״, בין איך עס געקומען

צופאָרן צום טאַטן קיין אַמעריקע, וואָס איז, פּונקט ווי אין דער היים, געווען אַ שוחט, אַ גמרא־מלמד, אין אַ ישיבה און אַ בעל־תפילה, און האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גוטן פאַרדינער. איך ווייס נישט צי מיין טאַטע האָט פון מיר דערוואַרט מער, ווייל איך האָב געקענט ווען ער האָט מיר פאַרהערט, וואָרום ער האָט דאָך בפירוש אַנגעזאָגט דער מאַמען מיינער, אַז זי זאָל למען־השם זען מיך ניט לאָזן גיין אין דער גוי׳אישער שקאָלע, ווייל אַ איד דאַרף לערנען תורה — און תורה האָט געמיינט גאָר עפּעס אַנדערש, ווי דאָס וואָס מ׳האָט געלערנט אינם ניט־אידישן חדר. אָבער נאָכדעם ווי מיין טאַטע האָט מיך פאַרהערט, האָט ער אויסגעדריקט צופרידנקייט מיט מיר. עס איז נישט געווען קיין זאַך, וואָס איך האָב ביי אים נישט געקענט אויס־פירן. אַלץ האָב איך ביי אים אויסגעפירט, אפילו דאָס „טעלערל פון הימל״...

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז קיין צו גרויסן חשק צום חדר האָב איך ניט געהאַט, כאָטש דאָס לערנען איז מיר אָנגעקומען זייער גרינג. איך האָב נישט געדאַרפט שווער האָרעווען נישט בלויז איבער אַ פּרשה חומש מיט רש״י, אָדער אַ קאַפּיטל תנ״ך, נאָר אפילו איבער אַ בלאַט גמרא מיט תוספות אויך. אָבער איך האָב אַ סך מער ליבער געהאַט ווי צו גיין אין חדר אַריין, פאַר־לאָרן צו ווערן אין די געדיכטע תבואה־פעלדער אַרום סלאָוועשניע, אָדער צו פאַרבלאָנדזשען ערגעץ אויף די גרינע לאָנקעס ביים טייך, וואו עס האָבן זיך געפּאַשעט יונגע לאַשעקלעך, יונגע גענזעלעך, אָדער צו זיצן ביים אַזיעראָ און זיך איינהערן ווי דער מיל רוישט, צי גאָר פאַרקריכן ערגעץ אין טיפן סאָסנע־וואַלד, וואָס האָט געצויגן צו זיך, ווי אַ מאַגנעט. איך האָב אויך שטאַרק ליב געהאַט יעדן זונטיק אינדערפרי, אָדער אין אַ חגא, אַרומצו־הענגען נישט ווייט פונם פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען אויפן מיטן מאַרק און זיך צוהערן צום געזאַנג, וואָס אַ כאָר פון שקצים און שיקסעס האָט געזונגען און עס האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל. איך פלעג שטיין ווי אַ צוגעקאָוועטער אויף איין אָרט און איך בין געווען אינ־גאַנצן פאַרכאַפּט פון די וואונדערלעכע קולות און געזאַנגען. ווייל די מאַמע מיינע האָט צו מיר נישט גע׳טענה׳ט אַז מען טאָר עס נישט טאָן, האָב איך פאַר קיין פאַל אָבער, זיך נישט געקענט אַפּרייסן פונם אָרט. איך האָב געפילט, אַז דער געזאַנג האַלט מיך צו, ווי מיט צוואַנגען און איך קען זיך גאָרניט אַפּרייסן...

יאָ, איך האָב אין אַמעריקע געדאַרפט אַניאָגן זייער אַ סך. צווישן אַנדערש האָב איך זיך מיט גרויס חשק אַ נעם געטאָן צו מוזיק, וואָס האָט קענטיק אין מיר געטליעט פון געבאָרן אָן. וואָרן, איידער נאָך איך האָב געוואוסט אַז עס איז אויף דער וועלט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי נאָטן, האָב איך שוין געהאַט „פאַרפאַסט" מיינע אייגענע ניגונים. פונקט ווי איידער נאָך איך האָב געוואוסט אַז עס זיינען אויף דער וועלט דאָ שרייבער, האָב איך שוין געהאַט נאָטיץ־ביכלעך אין וועלכע איך פלעג מיט אַ בלייפעדער פאַרשרייבן פאַרשידענע אינגלשע „טראַכטאַכצן". אַחוצן לערנען, צו וועלכן איך האָב זיך אין אַמעריקע שטאַרק צוגעכאַפּט, האָב איך טאָג און נאַכט געלייענט און געשלונגען ביכער, ווי מ'שלינגט הייסע לאַקשן...

אגב, איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון פילאַדעלפיע, האָב איך זיך באַקענט מיט משה קאַטצ'ן, דער רעדאַקטאָר פון דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט". פונקט ווי דער פילאַדעלפיער סימפאָנישער אָרקעסטער איז געווען דער ערשטער גרויסער סימפאָנישער אָרקעסטער וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהערט שפּילן; פונקט ווי לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי איז געווען דער ערשטער ווירטואָז־דיריגענט, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען דיריגירן, אַזוי איז משה קאַטץ אויך געווען דער ערשטער אידישער רעדאַקטאָר, וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַגעגנט. באַקענט מיך מיט אים, האָט דער בליציקער שרייבער ב. ריווקין, אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון דער „אידישע וועלט", וואָס האָט צופעליק, זייענדיק ביי די געלבאַרטס אין הויז, דערזען ביי מיר אַ קורצע אַכט־שורה'דיקע אָנגעשריבענע ליד און עס איז אים געפעלן געוואָרן. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אָט די שורות, וואָס איך שרייב דאָ אַצינד, זאָלן געדרוקט ווערן אין דער „אידישע וועלט", ווייל אַזוי האָט קאַטץ מיט מיר אָפּגערעדט, אַז איך זאָל פון די אַלע לענדער וואָס כ'וועל באַזוכן אים צושיקן איינדרוקן. צי דאָס וועט זיך מיר איינגעבן, ווייס איך נישט. איך קען איצט נישט זאָגן. צווישן די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף האָב איך זיך אויך באַקענט מיט אַ יונגער פרוי פון קאַליפאָרניע, וואָס פאָרט צו אַ שוועסטער קיין בריסעל. דער מאַן אירער, האָט זי מיר דערציילט, פירט גרויסע געשעפטן און איז אַזוי שטאַרק פאַרנומען, אַז ער האָט אפילו קיין צייט נישט גאָר צו טראַכטן פון עפּעס אַנדערש. וואָס זי האָט געמיינט אַקוראַט מיטן „עפּעס אַנדערש", ווייס איך נישט. זי האָט מיר אויך דער־ציילט, אַז איר מאַן גיט איר אַלצדינג נאָך, אַז ער שטערט איר אין קיין זאַך

נישט, זי קען טאָן וואָס זי וויל און גיין מיט וועמען זי וויל. אים וואָלט נישט געאַרט אפילו, ווען זי זוכט זיך אָפּ אַ געליבטן. צי דאָס איז אמת, וואָס זי האָט מיר דערציילט, אָדער נישט, ווייס איך נישט, אָבער איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז ווען נישט מיינע פריינט, די געלבאַרטס, וואָלט איך מיט קיינעם אויף דער שיף זיך נישט גע׳חבר׳ט, ווי נאָר מיט איר.

ניין, זי איז נישט קיין גלעמאַר־מיידל, קיין קראַסאַוויצע, די קאַליפאָר־ניערין, אָבער זי פאַרמאָגט אַ העכסט סימפּאַטישן אויסזען. מיר געפעלט שטאַרק ווי זי טוט זיך אָן, און ווי ריין זי האַלט זיך. יעדע זאַך פּאַסט איר, און זי גייט זייער שיין די האָר פאַרקעמט. זי האָט בלויע אויגן און אַ חנ׳ווודיקן מויל. אירע באַקן זיינען אַנגעגאָסן מיט זון, און איר קול קלינגט זייער ווייך. קיין גוואַלדיק געלערנטע איז זי נישט, אָבער זי פאַרמאָגט אַן איינגע־באָרענע אינטעליגענץ, דאָס געפינט מען שנעל אויס ווען מ׳רעדט מיט איר בלויז אַ פּאָר מינוטן. און דער עיקר פון אַלצדינג — זי איז ווייבלעך! זי איז אַ פרוי פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיק, אָבער דאָס מאַכט נישט אויס. דאָס איז דאָך דער אָנהויב פון די רייפע יאָרן פון אַ פרוי — און גראָד אָט די רייפקייט רייצט מיך מער, ווי אייניקע פון די יונגע מיידלעך וואָס געפינען זיך אויף דער שיף. זי האָט מיך שוין עטלעכע מאָל פאַרבעטן צו זיך אין איר קאַיוטע אינם צווייטן קלאַס (איך פאָר מיט „עמך": טוריסטן־קלאַס!), וואָס זי האָט פאַר זיך אַליין, אָבער זייענדיק פון דער נאַטור אַביסל אַ שעמעוודיקער און ווייט ניט קיין געוואַגטער, פּרוביר איך זיך אַלעמאָל דערפון אַרויסדרייען. עס איז אַוודאי נאַריש פון מיר, אָבער אַזוי בין איך. ווי לאַנג איך וועל זיך קאָנען קעגן איר ווערן, ווייס איך נישט, וואָרן פּונקט ווי זי זוכט מיך, אַזוי זוך איך איר... מיר ווילן זיך ביידע...

איך שרייב די דאָזיקע שורות אונטערן פרייען הימל. פון צייט צו צייט, כאַפּ איך אַ קוק אויפן בלויען ים, וואָס גלאַנצט שפּיגלדיק און הייבט זיך ווי אַ בלויער דעקטוך. די זון גיסט מיט גאַנצע צעבערעס ליכט, וואָס שפּרייט זיך פאַנאַנדער אין מילי־מיליאַסן גאָלדענע שטראַלן, וועלכע זעען אויס ווי בליאַסקענדיקע שפּיזן. מילדע ווינטלעך לאַשטשען מיין פּנים, גלעטן מיינע האָר און פילן אָן מיינע אויערן מיט זיידענע רוישן. עס איז אַ טאָג היינט, ווי אויף באַשטעלונג. אין מיין מוח פּיקעט זיך אַ ניגון, וואָס בעט זיך צו פאַר־נאָטירן. איך הייב ערשט פאַקטיש אָן צו פילן דעם טעם פון דער רייזע. אויפן האַרצן ווערט וואָס ווייטער גרינגער, זוניקער און יום־טוב׳דיקער. איך האָף,

אַז מיין ערשטער אַרויספאָר צו זען און זיך באַקענען מיט דער וועלט, וועט זיין פאַר מיר אַ גוטער אָנהויב... שאַ, וואָס פאַר אַ חודש איז היינט? אָ, יאָ, דער חודש יוני — אַ געשמאַקער חודש...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", יאַנ. 30, 1959

# סאָלאָמאָן גאָלוב — אַ פּיאָנער פון אידישע מוזיק

אוועק זיינען די הייליקע, פאָרכטיקע טעג — די „ימים־נוראים". אָפּגעדאַוונט, אָפּגעזונגען, די הייליקע שטימונג נעמט זיך ביסלעכווייז אויסוועפּן, די וואָך רוקט זיך אונטער, פּוסטער טומל איז ווידער דאָ...

אויף מיין שרייב־טיש ליגט צעוואָרפן אַ פּעקל „שנה טובה'ס", וועלכע גוטע פריינט האָבן מיר צוגעשיקט. צווישן אַנדערע געפין איך אַ „שנה טובה" פון דעם באַקאַנטן אידישן מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר סאָלאָמאָן גאָלוב. און אָט וואָס עס שרייבט זיך דאָרט:

„אַמאָל איז געווען אַ בעל־חלום אַ מאַן.
געלעבט אין אַ היים אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן.
כאָטש קליין איז געוועזן זיין היים, זיין געצעלט,
דאָך טיף אָנגעדרונגען האָט ער אין דער וועלט.

„קיין שפּייזן, קיין שווערדן האָט ער ניט געדאַרפט.
צו נעמען די הערצער — אַ ניגון באַדאַרפט.
גענומען אַ לאַנד, גענומען אַ טראָן,
באַזונגען זיין פאָלק אין אַ ליכטיקן טאָן.

„זיין ליד האָט געקלונגען אַזוי און אַזוי:
„איך זינג דיר פון צער און פריידן כל'ערליי".
נו, וועל איך אויך זינגען פון זינגער'ס געביט,
און קאָנט איר זיין ניגון, דאַן זינגט מיט מיר מיט".

ווער נאָך ביי אונז האָט אַזוי „באַזונגען זיין פאָלק אין אַ ליכטיקן טאָן",

ווי סאָלאָמאָן גאָלוב? ווער נאָך ווי ער „אַ בעל־חלום אַ מאַן״, האָט געהאָלפן פירן דעם קאַמף דאָ אין אַמעריקע פאַר דעם בעסערן דיכטערישן ליד?

אָבער זייער ווינציק מענטשן ביי אונז ווייסן, אַז סאָלאָמאָן גאָלוב ליגט אַן ערנסט קראַנקער און וואַרט, אַז זיינע הונדערטער פריינט איבער׳ן לאַנד זאָלן זיך אָפּרופן מיט אַ גוט וואָרט און טאַקע מיט ממשות׳דיקער הילף, וואָס איז שטאַרק נויטיק פאַר אים.

יאָ, סאָלאָמאָן גאָלוב איז אַ חולה מסוכן. ווייל תמיד געלעבט אין אַ היים „אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן״. קיין געזונט פון דעם קומט קיינעם נישט צו... שוין אַ פּאָר יאָר ווי סאָלאָמאָן גאָלוב ליגט אַ צוגעקאָווערטער צום בעט און קאָן זיך פון אָרט נישט רירן. די קראַנקייט האָט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט די האַנט, וועלכע האָט אַזוי פיל פּרעכטיקע מעלאָדיעס געשאַפן און געהאָלפן אויס־שמידן די אידישע מוזיק דאָ אין אַמעריקע.

ער, וועלכער איז אויסגעפאָרן דאָס גאַנצע לאַנד, האָט באַזוכט אַ סך שטעט, האָט געלערנט די אידישע פאָלקס־מאַסן זינגען זיינע לידער, אויפגע־טראָטן אויף קאָנצערטן, אַרויסגעגעבן עטליכע לידער־זאַמלונגען און די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו וועקן ביים אידישן עולם, אין די רעדאַקציעס, דעם אינטערעס צו דער אידישער מוזיק, צו דער אידישער פּאָעזיע. — אָט דער מוזיקאַלישער „קוועקזילבער״ מיט דעם אומרואיקן גייסט, דאַרף עס איצטער ליגן אַ צוגעשמידטער צו זיין קראַנקן־בעט און טראַכטן פון זיינע אַמאָליקע פּרוכטבאַרע יאָרן...

ווען מען רעדט וועגן פּיאָנערן אין דער אידישער מוזיק, פאַרנעמט אָן ספק סאָלאָמאָן גאָלוב אַ גאָר וויכטיקן אָרט, באַזונדערס אָבער אויף דעם היגן אַמעריקאַנער אידישן באָדן.

אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן גאָר אַ סך אידישע פּיאָנערן אויף פאַר־שידענע געביטן, אָבער קיין איין געביט דאָ איז ניט געווען אַזוי פאַרוואַר־לאָזט און פאַרוואָקסן, ווי דער געביט פון אידישער מוזיק...

אויב דער אידישער ליטעראַטור איז אויסגעקומען דאָ צו פירן אַ קאַמף מיט דעם מבול פון שונד, מיט וועלכן די אַמעריקאַנער אידישע גאַס איז געווען פאַרפלייצט, און עס האָט איר גענומען לאַנגע יאָרן, איידער זי האָט דעם קאַמף געוואונען, פירט די אידישע מוזיק נאָך איצט אַן אַ שווערן קאַמף קעגן דעם מוזיקאַלישן שונד און עם הארצות, וואָס דער גרעסטער טייל געוועלטיגט נאָך, סיי אויף די לופט־כוואַליעס פון די אַזוי־גערופענע

„אידישע ראַדיאָ שטונדן״, און סיי אויף דער קאָנצערט־בינע. עס הערשט נאָך ביי גאָר אַ סך דער באַגריף, אַז וואָס מער „קליאַטשע״, וואָס מער לאַקריצדיקע „סענטימענטאַלעכץ״, אַלץ אַ גרעסערן דערפאָלג האָט עס...

איז שטעלט אייך פאָר, ווי שווער עס מוז זיין דער וועג, ביי אַזעלכע באַדינגונגען, פאַר׳ן מער ערנסטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער גיט זיין לעבן אַוועק פאַר׳ן בעסערן אידישן ליד. אָבער דער אמת׳ער קינסטלער שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ. מעגן די „ביי מיר ביסטו שיין״ און ענלעכע לידער, ווי שטאַרק אָנרייסן ביים עולם...

אמת, דער אָפּזאַץ פאַר׳ן בעסערן ליד איז נאָך איצט אויך זייער אַ קליינער, אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס איז געווען מיט אַ דריי צענדליק יאָר צוריק, האַלט עס איצט ביי אַ סך אַ בעסערן צושטאַנד.

און געהאָלפן פירן דעם קאַמף פאַר דעם בעסערן דיכטערישן ליד האָט מער ווי ווער עס איז, מער ווי יעדער אַנדער אידישער קאָמפּאָזיטאָר אין אַמעריקע — דער מוזיקער, דיכטער און פּיאָנער סאָלאָמאָן גאָלוב.

ווי אַ פּיאָנער אויפ׳ן געביט פון בעסערן אידישן ליד, האָט סאָלאָמאָן גאָלוב געוויזן דעם וועג דעם ערנסטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, ווי אַזוי מען קומט צו צום בעסערן אידישן עולם. ער האָט ניט געוואַרט ביז אַנדערע וועלן קומען און זינגען זיינע לידער, נאָר ער איז אַליין געגאַנגען צום פאָלק, אויפטרעטנדיק אויף קאָנצערטן אין פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע. דערפאַר זיינען גאָלוב׳ס לידער אַזוי פאַרשפּרייט און באַליבט ביי אַלעמען. מען קאָן אים אין יעדער שטאָט און שטעטל פון אַמעריקע.

ווי אַ מוזיקער האָט ער ווייט און ברייט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר די אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע עס קומט איצט אָן פיל גרינגער צוצוקומען מיר זייערע ערנסטע שאַפונגען צום אידישן עולם בכלל. גאָלוב איז צו קיינעם ניט געקומען זיך איינבעטן, אַז מען זאָל אים אַ טובה טאָן און אויס־הערן זיינע לידער, נאָר האָט פון יעדן איינעם שטרענג געמאָנט, געפאָדערט און געוועקט דרך ארץ צום אידישן קינסטלער, צום אידישן וואָרט, צום אידישן קלאַנג. ער האָט געבראַכט דאָס אידישע קונסט־ליד, די אידישע פּאָעזיע, צו יעדן איינעם אַהיים, צו מיר, צו אייך, אין קאָנצערט זאַל, אין די פאַרשידענע אידישע זומער־רעזאָרטן, וואו מענטשן קומען זיך צונויף אין גרויסע צאָלן. ער האָט קיינמאָל נישט גערוט, טאָג און נאַכט אַרומגעלאָפן,

דאָ, דאָרטן, כדי וואָס מער מענטשן צו פאַראינטערעסירן אין דעם וואוקס פון דער נייער, מאָדערנער אידישער מוזיק.

גאָר אַ סך לידער — אפילו די בעסטע צווישן זיי — וואָלטן אָן ספק געבליבן אומבאַקאַנט אָדער פאַרגעסן געוואָרן (מעגן זיי געהערן אפילו צו די אָנגעזעענסטע דיכטער ביי אונז) ווען גאָלוב און די אַנדערע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן וואָלטן ניט געשאַפן מוזיק צו דעם אָדער יענעם ליד. נישטאָ נאָך קיין בעסערע מיטל אויף אויפצוהאַלטן אַ ליד, ווי אַ מעלאָדיע!

גאָלוב׳ס אַלע שאַפונגען צייכענען זיך אויס מיט זייער פאָלקס־טאָן און מיט אַ ניט־איבערגעלאָדענעם אַקאָמפּאַנימענט. ער „קינצלט״ זיך ניט. ער האָט פיינט אָנשטעל. ער קריכט ניט אויף די גלייכע ווענט. ער האָט אַ באַשטימטע אידייע און גייט צו זיין ציל. ער אַנטלויפט ניט פונ׳ם פאָלק, נאָר פאַרקערט. דער פאָלקס־מאָטיוו איז גאָלוב׳ן שטאַרק נאָענט. ער שטייט אויך ניט אָפּ פון דער ליטורגישער מוזיק. יעדעס ליד זיינס האָט אַ קלאָרע, באַשטימטע אויסטייטשונג, לויט זיין אינהאַלט. גאָלוב האָט אויך זיין אייגענעם צוגאַנג צו לידער. ניט אַלע מאָל קלייבט ער דוקא אויס די „קלאַסיקער״ אונזערע, די דורכאויס באַרימטע און שוין אָנערקענטע פּאָעטן פאַר זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען. ער שאַפט זייער אָפט מוזיק צו אַ ליד פון אַ גאַנץ אומבאַקאַנטן אָדער נאָך ניט אָנערקענטן יונגן פּאָעט. און מען פילט, אַז ער האָט גוואַלדיק הנאה פון זיין אויפטו — אַזאַ איז גאָלוב!

גאָלוב האָט זיך באַזונדערס שטאַרק באַרימט געמאַכט מיט זיין ליד „תנחום״, וואָס דער פאַרשטאָרבענער חזן און פאָלקס־זינגער מרדכי הערשמאַן האָט אַריינגעזונגען אין אַ פאָנאָגראַף־רעקאָרד. „תנחום״ איז ניט בלויז גאָלוב׳ס בעסטע שאַפונג, נאָר איז בכלל איינע פון די שענסטע לידער אין דער אידישער געזאַנג־ליטעראַטור. ער איז, אגב, אויך דער מחבר פון די ווערטער. דער נשמה־אָפּקלאַנג פונ׳ם „ישיבה־בחור״ ביי גאָלוב׳ס „תנחום־מוזיק״, איז דער זעלביקער ווי אין אברהם רייזנ׳ס „מאי קא משמע לן״. איר הערט און פילט דעם אָטעם פון דעם אידישן „מתמיד״, וואָס זיצט איינגע־בויגן איבער אַ גרויסער גמרא און דערשטיקט אין זיך זיין צער, זיין טיפן ווייטאָק איבער דער אָדער אָן אַנדער זאַך...

אָבער גאָלוב האָט נאָך פיל אַנדערע לידער, וועלכע זיינען ניט ווייניקער באַרימט געוואָרן ווי „תנחום״. עס איז ניטאָ קיין לאַנד אויף דער וועלט, וואו מען זינגט ניט גאָלוב׳ס „חלומ׳ען חלומות״, „טויבן שטייען ביי מיין

פּענסטער", „אויף יענער זייט טייך", „דער בעכער" און נאָך אַ טוצן אַנדערע לידער־געזאַנגען, וועלכע פאַרכאַפּן דאָס אויער. עס איז ממש צום שטוינען, ווי פּאָפּולער די אויבנדערמאָנטע לידער זיינען צווישן דעם אידישן עולם, איבערהויפּט צווישן דעם אידישן עולם ביי אונז אין אַמעריקע.

„דער טאָג", אָקטאָבער 28, 1944, נ.י.

# רייד פון אַ שליח־ציבור

## דעם אָנדענק פון מיין טאַטן חיים־אברהם ע"ה

מוזיק איז געבונדן מיט לעבן, מיט מענטשן און מיט גאָט. בפרט נגינה — און נאָך מער אידישע נגינה...

מוזיק אָן לעבן, אָן מענטש און אָן גאָט, איז קיין מוזיק ניט. בפרט נגינה — און נאָך מער אידישע נגינה...

דאָס זעלביקע, קען געזאָגט ווערן, איז אויך מיט לעבן, מיט מענטש און גאָט.

אַ לעבן אָן מוזיק, איז פּוסט... אַ גאָט אָן מוזיק, איז קיין גאָט ניט... און מיט אַ מענטשן וואָס האָט נישט ליב קיין מוזיק, איז אַ מורא צו זיין מיט אים אין איין חדר...

מוזיק איז דער „שיר־השירים" פון אַלע קונסטן אין דער וועלט!

מוזיק רעדט צו אונז מיט פרילינג־טענער און האַרבסטיקע געוויינען: מיט זומערדיקן צייטיק גאָלדענעם ווייץ און מיט ווינטערדיקע שנייאיקע פּרעסטלעך; מיט זוניקער ליכטיקייט און גרויער וואָלקנדיקייט; מיט דונערן און בליצן און מיט לויטערקייט און רעגנבויגנדיקייט; מיט קינדערשן שמייכל און דערוואַקסענעם שכל — דאָס, און נאָך אַ סך, אַ סך מערער, איז דער סכום פון מוזיק! בפרט פון נגינה — און נאָך מער אידישע נגינה!

מוזיק, בפרט נגינה, איז אויך די נשמה פון אַ פאָלק! יעדעס פאָלק ווערט געבאָרן מיט זיין ניגון, זיין מאָטיוו, מיט זיין מעלאָדיע אין מויל!

וואויל איז דעם פאָלק וואָס ווייסט זיין ניגון!

ווי און ווינד איז צו אַ פאָלק, וואָס ווייסט ניט זיין ניגון, אָדער וואָס פאַרלירט זיין ניגון, פּונקט ווי זיין לשון, און הערט אויף צו זינגען...

אַ פאָלק וואָס זינגט, וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין, וועט אייביק לעבן, תמיד געדייען!

דאָס אידישע פאָלק לעבט, און האָט באַוויזן צו לעבן נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט קיינמאָל אין זיין יאָרנדיקסטער געשיכטע נישט אויפגעהערט צו זינגען — אין צרות און אין פריידן!

איז אָט דערנעענטערן זיך ווידער־אַמאָל, די ימים־נוראים, די פּראַכטיקע טעג, די גרויסע יום־טובדיקע טרילאָגיע, — סליחות, ראש־השנה, יום כפור — וואָס איז פול מיט שפּאַנונג און דראַמע, און איך וועל זיך, ווידער־אַמאָל, דאַרפן שטעלן פאַרן עמוד און בעטן ביים רבונו של עולם נישט בלויז פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר מיין גאַנצע עדה — אין מיין ראָל אַלס שליח־ציבור...

צו זאָגן, אַז עס איז אַ גרינגע ראָל, קאָן איך נישט. אפשר קאָנען עס אַנדערע זאָגן, די מער „גליקלעכע" — איך נישט. צופיל אחריות פיל איך אויף מיינע פּלייצעס, און נאָך מער אין די טיפענישן פון מיין נשמה, אַז איך זאָל קאָנען צוגיין מיט אַ גרינג האַרץ צום עמוד...

אמת, דאָס זינגען קומט מיר נישט אָן שווער, וואָרן שוין מיטן אָנקום פונם חודש אלול הייבן די געשמאַקע ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות אָן צו שפּילן די סטרונעס פון מיין לירע מיט אַזאַ געטלעכן כוח וואָס שטאַמט ביי מיר פון אַן איינגעבאָרענער גאָט־פאַרשיכורטקייט, אַזוי, אַז אַלע מיינע אברים ווערן אָנגעטרונקען און אָנגעצונדן און עס זינגט זיך ממש אַליין...

שוין שטייענדיק ביי סליחות, פיל איך: ווי הימל און ערד, גאָט און מענטש דערקענען זיך און דערנעענטערן זיך. איך זע ממש ווי פון דער גייסטיקער פרומער באַהעפטיקונג נעמען בליצן פייערן; הייליקע אותיות פינקלען זיך פאַנאַנדער, ווי ברילי־אַנטענע טראָפּנס פון אַ פאָנטאַן אַרויס; אַלע ווינקעלעך און שפּעלטעלעך פון דער שול ווערן באַליכטיקט, ווי די זון וואָלט געשיינט בייטאָג אין מיטן תמוז, און אַ וואָרקעריי פון קולות ווי פון טויבן טראָגן זיך פון די אָפענע מיילער פון די מתפללים, וועלכע מישן זיך אויס מיט די מחברים פון די האַרציקע תפילות, וואָס זיינען געקומען מארבע פינות העולם צו פילן דעם פייער פון זייער אייגענעם וואָרט...

און ווי דער פלאַם פון אַ ברענענדיקן קנויט, אַזוי ציט זיך מיין נשמה אַלץ העכער און העכער צו גאָט אין הימל, צום אָב־הרחמים, וואָס הערט זיך צו צו מיינע טענער, צו מיין שירה, מיט אַלע זיינע חושים, ווייל אַלע מיינע חושים זיינען דעמאָלט דורכאויס געווענדט צו אים — און נאָר צו אים! מיט

אויסגעשטרעקטע הענט שטייג איך צו אים — און איך פיל אויף זיך אַליין זיין ווייסע געטלעכע־האַנט: די האַנט, וואָס רשות׳ט און געוועלטיקט, וואָס פירט און מלכות׳ט איבער דעם גאַנצן כדור־הארץ...

יאָ, די לייטערונג קומט נישט אָן גרינג. דער גייסטיקער פּאַרמעסט איז אַן אומגעהויער גרויסער. אָבער פאַר אידן מיט גאָט אין האַרצן, איז דאָ האָ־פענונג, איז דאָ גלויבן, איז פאַראַן בטחון, אַז ער וועט זיין כוונה דער־גרייכן. איך פיל תמיד ווי איך ווער ווי אַ רייף אַרומגעוויקלט פון די הייליקע ימים־נוראים׳דיקע תפילות און זייערע געשמאַקע נוסחאות און ווער פון זיי דורך דעם פייערדיקן בריק געטראָגן, עד לב־השמים... די גייסטיקע ציבור־מאַניפעסטאַציע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער נאַכט פון סליחות און דורך די צוויי טעג ראש־השנה און דורך דעם מעת־לעת יום־כיפור, דערגייט צו אַזאַ לייטערונג ביי מיר, אַז איך שפּיר די געטלעכקייט אין אַלע מיינע חושים, אין אַלע מיינע רמ״ח אברים און שס״ה גידים...

און דעריבער, ניט געקוקט אויף דער גרויסער אחריות וואָס איך פיל אויף מיינע פּלייצעס און אין די טיפענישן פון מיין נשמה אין דער ראָל פון אַ שליח־ציבור, איז די באַפרידיקונג אָבער צו שטיין ימים־נוראים פאַרן עמוד אַ גרויסע! אויב עס געפינען זיך אַזעלכע, וואָס בייטן אויס די קרוין פונם עמוד אויף עפּעס אַנדערש, איז אַ סימן, אַז זיי זיינען קיין אמת׳ע חזנים קיינמאָל נישט געווען. עס איז גרינג צו ווערן אַן אָפּערע־זינגער, אויב מ׳האָט נאָר די שטימע־מיטלען דערפאַר. מען קען אָבער נישט ווערן קיין אמת׳ער חזן, סיידן מען ווערט דערצו געבוירן...

אַ נייער יאָר האַלט ביים געבוירן ווערן; און עס איז מיין האָפענונג און וואונטש, אַז דער נייער יאָר זאָל און וועט ברענגען אונז אידן, און אַלע מענטשן איבער גאָר דער וועלט, ברכה און הצלחה, ליכט און פרייד, סיי דעם יחיד און סיי דעם כלל!

אָ, דערבאַרעמדיקער טאַטע אין הימל! איך בעט צו דיר, און רוף צו דיר, פון די טיפענישן פון מיין נשמה: פאַרשווינדן זאָל די וועלט פון האַס און קנאה; זאָל הערשן שלום איבער דער גאַנצער וועלט! וויש אָפּ דאָס בייז פון דער ערד; זאָל פייערלעכקייט און קדושה פאַרנעמען דעם אָרט! הער זיך צו צו מיינע עכטע רייד און צום געבעט פון אַ אידן, וואָס זיין האַרץ און נשמה איז אַ גאַנץ יאָר מיט דיר, און וואָס זיין איינציקע שטרעבונג איז דיך ליב צו האָבן, און צו רימען און צו באַזינגען דיין באַשאַף, און צו באַוואונדערן תמיד

דיין גרויסקייט. נעם זיך אָן פאַר אַלע באַעוולטע און געקריוודעטע, פאַר אַלע קראַנקע און צעבראָכענע, הילפלאָזע און שוואַכע, זקנים און זקינות, יתומים און אלמנות, פאַר די ברוגז׳ע און צעקריגטע — מיט איין וואָרט: זאָל דיין גייסט אָנפילן אַלע הערצער און אָנצינדן אַלע נשמות...

הנני! איך וועל קומען מתפלל זיין צו דיר פאַר דיין פאָלק ישראל. היה נא מצליח דרכי! זאָלסט טאָן באַגליקן, טאַטע־זיסער, מיין וועג. וקבל תפילתי! און זאָלסט אָנעמען מיין תפילה. נבואה שעריך! זאָלסט אונז לאָזן אַריינקומען אין דיינע טויערן. רנתי תהא בכתרך בשירה! מיין געזאַנג זאָל זיין אָנגעקניפּט אין דיין קרוין. זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולתיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה! און איך וועל דיך געדענקען דעם חסד פון דיין יוגנט, די ליבע פון דיין חתונה־צייט, דיין נאָכגיין נאָך מיר אין מדבר, אַ ניט־פאַרזייט לאַנד...

יאָ, נישט פאַרגעסן וועל איך מיין קינדהייט, מיין יוגנט, מיינע ערשטע שפּראָצן, מיין היים, מיינע עלטערן, מיינע חברים און פריינט, דאָס פּינטעלע וואו איך בין געבאָרן געוואָרן — סלאָוועשנע — און האָב מיינע ערשטע טריט אויף דער וועלט געשטעלט; איך וועל אייביק געדענקען און נישט פאַרגעסן די אַלע, וואָס האָבן מיך געהאָלפן דערציען און וואַקסן סיי ווי אַ מענטש און סיי אין מיין קאַריערע; אייביק וועל איך אייך דערמאָנען, און שטענדיק וועל איך צו אייך זינגען מיין שירה, מיין ליד!

זאָלן מיינע תפילות, האַרציקער פאָטער אין הימל, וואָס איך וועל פאַר דיר אויסשפּרייטן און אויסזינגען, דערגרייכן דיינע אויערן, וואָרן: ממעמקים קראתיך אדוישם! פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן וועל איך רופן צו דיר; שמע בקולי! הער זיך צו צו מיין קול!...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, סעפּ. 26, 1958, נ.י.

# קוערנאַוואַקאַ
## רייזע־מאָטיוון

ר עדער לאַנד האָט איר פאַרכאַפנדיקע ווינקלען, וואָס פאַר׳כישופ׳ן אייך מיט זייער נאַטור־שיינקייט, זעטיקן און גלעטן דאָס אויג ביז פאַר׳שיכור׳טקייט. איר פילט דעם באַשאַף, גאָט׳ס וואונדער, אין אַזאַ שאַרפקייט און קלאָרקייט, אַז איר טאַפּט עס ממש אַן מיט די הענט. די שירה פונם באַשאַף דרינגט אין אייך אַריין דורך אַלע חושים. איר בלייבט שטיין אָטעמלאָז, מיט אַן אָפענעם מויל, אַן אַרומנעמענדיקער מיט הוילער באַוואונדערונג און גאַפונג. אין אַנגעזיכט פון אַזאַ פאַר׳כישופ׳טן ווינקל ווערט דער מענטש ווי אויפסניי באַשאַפן און ווען ער זאָל נאָר קענען און זיך אָנהאַלטן אין דעם געפיל שטענדיק, וואָלט דעמאָלט דאַכט זיך גאָר קיין רשעות אויף דער וועלט נישט געווען...

ווי געזאָגט, יעדער לאַנד האָט אירע פאַר׳כישופ׳טע ווינקלען — און מעקסיקאַ בפרט! ווייניק לענדער זיינען אויפן ערד־קוגל פאַראַן מיט אַזויפיל קאָלירן, טענער און שאַטירונגען. זי איז קלאַסיש אין אַ סך זאַכן — און נאָך מער מיט אירע וואַראירונגען אין פאַרבן. נישט אומזיסט האָט מעקסיקאַ אַרויסגעגעבן אַזאַ גרויסע צאָל באַרימטע מאָלער! דאָס גאַנצע לאַנד איז איינגעטונקט אין אַ ים פון פיקטשורעסקקייט.

צווישן די סאַמע אויסגערופענע ווינקלען פון מעקסיקאַ, ווערט באַצייכנט דאָס רעזאָרט־שטעטל קוערנאַוואַקאַ, וואָס געפינט זיך לעבן מעקסיקאַ שטאָט. ס׳נעמט מיטן אויטאָמאָביל אַ שעה און אַ האַלב פאָרן אַהין. דאָס שטעטל ליגט אין אַ טיפן טאָל און איז אַרומגענומען מיט הויכע בערג, וואָס דערמאָנען אין דער שווייץ. דער אַריינפאָר קיין קוערנאַוואַקאַ, בעסער געזאָגט, דער אַראָפּפאָר, ווייל מען פאָרט כסדר פון מעקסיקאַ־שטאָט באַרג־אַרונטער, ווי פון הימל אַראָפּ, איז אַ פּרעכטיקער. דער שליאַך שלענגלט זיך גאַמעדיק, עס בייטן זיך זיינע טענער: אָט טיפע, אָט מיטעלע, אָט הויכע, ווי אַ פּערפעקטע אַריע!

אַז מ׳קומט אָן קיין קוערנאַוואַקאַ און מ׳גייט אַרויס פון אויטאָמאָביל נעמט עטלעכע מינוט, ביז מ׳הויבט אָן הערן צוריק אויף די אויערן, פונקט ווי מ׳פליט און מ׳גייט אַרויס פון אַן עראָפּלאַן. דאָס באַווייזט ווי הויך מעקסיקאַ־שטאָט געפינט זיך און ווי נידעריק דאָס שטעטל קוערנאַוואַקאַ ליגט. די לופט

איז אַ זעלטן קלאָרע און אַ מחיה׳דיקע. עס דערקוויקט פּשוט דאָס האַרץ. נאָר מער פון אַלץ ווילט זיך אייך קניען צו די מאַיעסטעטישע בערג, אַזוי שיין זיינען זיי! פון זייערע רוקנס וויקלט זיך אַ ראָזלעכע פרישקייט, וואָס פאַרקייכט זיך אין אַ טולענער בלוילעכקייט און ציט זיך לענטעדיק צום לויטערן הימל מיט אַ מאַגנעטישער ליכט. די טרוקענע, קרישטאָל־ריינע לופט פּילט אָן אייערע לונגען, ווי דער מאַמעס מילך וואָלט אין אייך אַריינגערונען. אַן אַרומנעמענדיקער געזאַנג, אַ שטומער ניגון אָן ווערטער, אין פּיאַניסימאָ־פאָרם, וואָס לאָזט זיך גאַנץ דייטלעך הערן, זינגט אַרויף, ווי אַ פרישער אויפגייענדיקער פרימאָרגן, פון דער געקנייטשטער טאָליקייט, אין וועלכן דאָס שטעטל ליגט איינגעפּאַסט מיט אירע ווייסע און ראָזלעכע פּאַלאַצן, גרויסע און קליינע, אייניקע ווי דאָרף־שטיבלעך, מיט טויאיקן גלאַנץ און פּאַסטאָראַלער פרייד. חלום און וואָר מישן זיך פאַר אייערע אויגן, גלייך ווי איר וואָלט געהאַלטן אין טרינקען גוטן שאַמפּאַניער...

און אָט אינם דאָזיקן שטעטל, האָט די אידישע קהילה „נדחי־ישראל" פון דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָט אויסגעבויט אַ פּרעכטיקע „אָפּרו־הויז" פאַר געסט, צוזאַמען מיט אַ „מושב־זקנים". אַזאַ „מושב־זקנים" אויף אַלע אידישע ישובים אין דער וועלט געזאָגט געוואָרן! מ׳דאַרף זיך קענען פאַרגינען אויסצובויען אַזאַ „אָפּרו־הויז", וואָס באַשטייט פון עטלעכע גראַמע בנינים, מיט אַ גרויסן פּרעכטיקן גרינעם הויף אין דער מיט און פאַרשידענע איינריכטונגען.

איך בין באמת געווען דאַנקבאַר דעם פּרעזידענט פון „נדחי־ישראל" ה׳ שמשון פעלדמאַן, אַ וואַרעמער אוקראַאינער איד, פאַר דער איינלאַדונג צו באַזוכן, דאָס „אָפּרו־הויז" און אויך פאַר דעם וואָס ער אַליין איז געקומען צו מיר אין האָטעל אַריין מיט זיין אויטאָמאָביל מיך נעמען אַהין.

אָבער דער קאָמפּאָט פון מיין באַזוך אין קוערנאַוואַקאַ, איז געווען די אומדערוואַרטע באַגעגעניש מיטן אַמאָליקן אידישן טעקסטיל־קעניג פון פוילן, ה׳ אָסקאַר (אָשר) קאָן, וועמען דער באַוואוסטער פאַרשטאָרבענער שריפטשטעלער י.י. זינגער האָט געמאַכט פאַר דעם הויפּט־העלד פון זיין באַרימטן ראָמאַן „די ברידער אַשכנזי", וואָס איז אַרויס אין ניו־יאָרק אין אַן ענגלישער איבערזעצונג און איז אַ לענגערע צייט געווען אַ „בעסט סעלער" און איז אויך געווען אַ גרויסער דערפאָלג אַלס דראַמע, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן פון מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט־טעאַטער.

איך האָב די גאַנצע צייט ביי דער באַגעגעניש נישט אַרונטערגענומען די אויגן פון זינגער׳ס „העלד״. איך האָב געהאַלטן אויף אים אין איין קוקן. ער איז שוין איצט אַ מאַן פון 85 יאָר, אָבער לויט זיין האַלטונג, לויט זיין גאַנג, לויט זיין רעדן און זשוואַוקייט, קוקט ער נישט אויס די יאָרן. ער וואוינט צוזאַמען מיט זיין פרוי אין אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, וואָס איז די צווייטע שטוב פון דער „אָפּרו־הויז״. ער איז אַן אָפּטער אַריינגייער אַהין און נעמט אַ גרויסן אָנטייל אין אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם „אָפּרו־הויז״. ער קומט יעדן טאָג דאַוונען אין דער שול, וואָס די „אָפּרו־הויז״ האָט ספּעציעל אויסגעבויט, און קהל׳ט זיך אַרום די „עליות״ און האָט אויך ליב צו האַלטן „דרשות״ פאַרן עולם — איבערהויפּט אין אַ יום־טוב, ווען עס פאַרן זיך צונויף אַ סך געסט און אָנגעזעענע באַלעבאַטים פון מעקסיקאָ־שטאָט.

און ער קען און האָט וואָס צו זאָגן אין זיינע „דרשות״ — אַזוי האָט מען מיר איבערגעגעבן און דאָס איז אויך מיין אייגענער איינדרוק. וואָרעם אָט דער געוועזענער מולטי־מיליאָנער פון פּוילן, וואָס האָט נישט געוואָלט, אַז אידן זאָלן ביי אים אַרבעטן אין זיינע פאַבריקן אין לאָדזש, אין וועלכע ער האָט באַשעפטיקט 30.000 פּוילישע אַרבעטער, און האָט בכלל קיין אידן צו זיך צו נאָענט נישט צוגעלאָזט, איז אַ גרויסער תלמוד׳יסט און אַ טיפער קענער פון אידישער און וועלטלעכער בילדונג. דער תירוץ פאַר ניט באַשעפטיקן קיין אידן אין זיינע פאַבריקן איז געווען: ער האָט נישט געוואָלט, אַז אידישע אַרבעטער זאָלן „מחלל־שבת״ זיין, ווייל די פאַבריקן האָבן געאַרבעט זעקס טעג אַ וואָך. אַ פיינער תירוץ — מ׳קען נישט זאָגן...

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין פּוילן, האָט זיך דעם געוועזענעם טעקסטיל־קעניג איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין שווייצאַריע. פון דאָרט איז ער דערנאָך אַוועקגעפאָרן קיין ענגלאַנד. שפּעטער איז ער מיטן „ביסל״ געלט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט אין די שווייצאַרישע און ענגלישע בענק, געקומען קיין מעקסיקאָ. גענוי וויפיל די סומע האָט באַטראָפן, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז ווען ער איז געקומען צופאָרן קיין מעקסיקאָ, האָט ער צוערשט געקויפט דעם פּאַלאַץ אין קוערנאַוואַקאַ און דאָס איבעריקע געלט האָט ער אַוועקגעשענקט דעם „קרן־קימת״ אין מעקסיקאָ, וועלכער, לויט אַן אָפּמאַך, דאַרף אים יעדן חודש געבן דריי טויזנט פּעזעס אויף צו לעבן. דער דאָזיקער אָפּמאַך דאַרף דויערן אַזוי לאַנג, ווי ער און זיין פרוי וועלן לעבן. נאָך זייער ביידנס טויט, געהערט אויך דער פּאַלאַץ צום „קרן־קימת״.

ס'איז קלאָר, אַז דער געוועזענער אידישער מולטי־מיליאָנער זוכט דורך פאַרשידענע וועגן און מיטלען צו ווערן אַ „בעל־תשובה". ווען איך האָב אויפמערקזאַם געמאַכט אים דערויף, אַז ער האָט זיך אַמאָל אָפּגעזאָגט אויפצונעמען אוסישקינ'ען, דעם לאַנג־יאָריקן פּרעזידענט פון „קרן־קימת" און אַז ער האָט אויך נישט געוואָלט אויפנעמען י. י. זינגער'ן, ווען ער האָט זיך געווענדט צו אים נאָך אַן אינטערוויו, האָט ער נישט געהאַט וואָס מיר צו ענטפערן. עס האָט אַ ווײַלע צווישן אונז געהערשט אַ שטיל־שווײַגן. זײַנע קלוגע זשוואַווע אויגן האָבן פאַרלאָרן אַרומגעבלאָנדזשעט. ער האָט נישט געקענט געפינען קיין אָרט פאַר זיי...

כדי איבערצורײַסן די אָנגעצויגענע שטימונג, האָט ער פּלוצלונג צו מיר אַ זאָג געטאָן: איר ווייסט, מר. ירדני, אַז איך בין אויך אַ קאָמפּאָזיטאָר, איך האָב פאַרפאַסט אייניקע רעטשיטאַטיוון. און ער האָט אָנגעהויבן אויסצו־רעכענען צו וועלכע תפילות ער האָט פאַרפאַסט ניגונים. נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אומגעבעטענערהייט שטיל אָנגעפאַנגען מיט אַ געבראָכענעם קול צו זינגען „אלוקי נשמה"...

ווען ער האָט געזען, אַז עס „נעמט" מיך נישט, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ שאַפע און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ דיקן ספר, אויף וועמעס שער־בלאַט ס'איז געשטאַנען אָנגעשריבן: „מעדני מלך" און ער אַליין איז דער מחבר. דאָס ספר איז געשריבן אין אַ גוטן העברעאיש, אַ פּירוש אויף „משלי", מיט אַ פאָרוואָרט פון הלל צייטלין, ז"ל. נאָך אַ ווײַלע, ווען ער האָט דער־פילט, אַז אויך דאָס „נעמט" מיך נישט, האָט ער אַ ברוגז'ער ביי מיר צוגע־נומען דעם ספר פון האַנט און האָט זיך אָנגערופן:

— איר זעט אויס, ווי איר וואָלט געווען אַ קאַלטער גזלן!

די שטימונג צווישן אונז איז ווידער געוואָרן אַן אָנגעצויגענע. קיין סך צייט אָבער איז מיר שוין ניט געבליבן. דער נאָכמיטאָג איז שנעל אַנטלאָפן און איך האָב נאָך געדאַרפט דעם זעלביקן טאָג צוריקפאָרן קיין מעקסיקאָ־שטאָט.

פאַרן געזעגענען זיך, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און האָב דעם אַמאָליקן אידישן טעקסטיל־קעניג פון פוילן געזאָגט בזה הלשון:

— ר' אשר קאָן, איך האָב פאַר אייך אַן עצה, וואָס דאָס קען מיך מאַכן פאַר אויס „קאַלטער גזלן", ווי איר האָט מיך אָקאָרשט באַצייכנט.

— למשל? — האָט ער איבערגעפּרעגט.

— למשל, אַזאַ איד ווי איר, דאַרף איצט טאָן איין זאַך: אַרויסקומען פאַר דער וועלט מיט אַ דערקלערונג: „איך, אָסקאַר קאָן, דער געוועזענער אידישער טעקסטיל־קעניג פון פוילן, שלאָג זיך עפנטלעך „על חטא" פאַר מיינע גרויסע זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען קעגן מיינע אידישע ברידער, ווען איך האָב נישט געוואָלט באַשעפטיקן אין מיינע פאַבריקן און איך האָב בכלל קיין אידן צו זיך צו נאָענט נישט צוגעלאָזט. מיינע פאַבריקן, מיין גאַנצער האָב און גוטס ליגן איצט אין אַש'עס. אויף דער עלטער האָב איך געפונען אַ וואַרעם ווינקל צווישן אידן; אָט די אידן פון וועלכע איך האָב געזוכט צו אַנטלויפן און נישט צוגעלאָזט צו זיך. זאָל עס זיין אַ וואָרנונג און אַ ביישפיל פאַר אַלע אידישע מיליאָנערן פון גאָר דער וועלט!"

ער האָט מיך אויסגעהערט און איז געבליבן שטיין מיט אַן אַרונטער־געלאָזענעם קאָפּ...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", סעפּ. 26, 1952, נ.י.

# פנחס יאַסינאָווסקי

## קאָמפּאָזיטאָר, פאָלקס־זינגער און חזן

פאַר די וואָס אינטערעסירן זיך מיט אידישער קונסט און ספּעציעל מיט נגינה איז כדאי, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז די טעג איז געוואָרן 25 יאָר זינט דער באַקאַנטער קאָמפּאָזיטאָר, פאָלקס־זינגער און חזן, פּנחס יאַסינאָווסקי, איז געקומען קיין אַמעריקע. מיט זיין באַווייזן זיך אויף דעם היגן באָדן, האָט ער גאָר אַ סך ביגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און באַריי־כערונג פון דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע.

די אידישע מוזיק־ליטעראַטור מיט 25 יאָר צוריק איז געווען ביז גאָר אַ מאָגערע און האָט זיך זייער ווייניק דאָ אַנגעזען. אין דער צייט ווען די אידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע איז כסדר געגאַנגען באַרג אַרויף, האָט זיך די אידישע מוזיק געפונען אין אַ צושטאַנד פון „ווילד־גראָז" און פאַרוואָרלאָזי־קייט. די פּאָר אידישע מוזיקער, וועלכע זיינען דאָ געווען שוין פון פריער, האָבן זיך געפילט פאַרלאָרן אינם מבול פון ביליגע שונד־לידלעך, וועלכע האָט דעמאָלט פאַרפלייצט אין אַמעריקע די אידישע גאַס.

אין אַלגעמיין גענומען, האָט זיך דער אידישער קינסטלער, בפרט דער אידישער מוזיקער, דאָ געפילט און פילט זיך מורא׳דיק עלענט און שטאַרק פאַר׳יתום׳ט. עס הערשט ביי אונז אַ מאָדנע קאַלטע באַציאונג צום אידישן מוזיקער און זיינע שאַפונגען. און גראָד איז דער אידישער מוזיקער דער יעניגער וועמען די אידישע גאַס, די אידישע פאָלקס־מאַסן, דאַרפן אַממערסטן האָבן.

עס האָט זיך שוין פון לאַנג אַרויסגעוויזן, אַז דאָרט וואו וואָרט קאָן ניט גרייכן, דאָרט וואו טיר און טויערן זיינען פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן פאַר דער אידישער פּאָעזיע מיט אירע אַלע באַרימטקייטן, האָט די אידישע מוזיק יאָ אַן אַריינגאַנג און די מעגלעכקייט אַהין אַריינצודרינגען. ווייל דער כח פון מוזיק בכלל איז פיל שטאַרקער און קרעפטיקער פונם וואָרט. מוזיק רעדט דירעקט צום האַרצן, צו די געפילן פון דעם מענטשן און דאַרף ניט אָנקומען צו אויסערלעכע עפעקטן, ווי דאָס איז דער פאַל מיט פּאָעזיע און מיטן גערעדטן וואָרט אין אַלגעמיין.

אונזערע וואָרט־זאָגער, וואָרט־שאַפער, שרייבער און רעדאַקטאָרן האַלטן אָבער, אַז מוזיק פאַרנעמט קיין פּלאַץ ניט ביי די אידישע מאַסן. דער־פאַר טרעפט איר אָן אין זעלטענע פאַלן אַן אַרטיקל אין דער אידישער פּרעסע וועגן אַ אידישן קאָנצערט, אָדער וועגן אַן אַרויסטריט פון אַ אידישן כאָר. אָבער אַן ערנסטע אָפּהאַנדלונג וועגן אַ אידישן מוזיקער און זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען — דאָס וועט איר אין די ניו יאָרקער אידישע צייטונגען ניט געפינען.

פּנחס יאַסינאָווסקי שטעלט מיט זיך פאָר אַ סינטעז פון קאָמפּאָזיטאָר, פאָלקס־זינגער און חזן. איז עס נאָך מיין מיינונג אַ גליקלעכער צוזאַמענ־שטעל און אַ גרויסער געווינס פאַר דער אידישער מוזיק. דאָס וואָס ער האָט זיך געפונען אַזוי נאָענט, טאָג איין טאָג אויס, פּנים אל פּנים, מיט דעם קוואַל פון דער אידישער מוזיק, האָט אים פאַרהיט פון דעם, אַז קיין פרעמדער טאָן זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן אין זיינע שאַפונגען און אַז זיינע קאָמפּאָזיציעס זאָלן זיין ריין פון דער פּסולת, וואָס האָט זיך ביי אונז אָנגעקליבן אין לויף פון יאָרן...

און דאָס וואָס ער איז אַ זינגער פון לידער און אַליין טאַקע אויך אַ דיכטער, איז באַזונדערס גרינג געווען פאַר אים אויפצוכאַפּן דעם לעבע־דיקן פּאָדעם און די נשמה פון דער דיכטונג פון אונזערע בעסטע וואָרט־

קינסטלער און איר אַריינשטעלן אין אַ מוזיקאַלישער ראָם. דאָס וואָס אונזערע אידישע פּאָעטן האָבן באַוויזן אַריינצוגיסן אין די ווערטער פון זייערע לידער, האָט יאַסינאָווסקי געגעבן אויף צוריק, דורך טאָן און קלאַנג, דורך האַרציקע, שיינע אידישע מעלאָדיעס. די זילבערנע כלי פון פּאָעזיע האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער זילבערנער כלי פון מוזיק, און קלאַנג מיט קלאַנג האָבן זיך באַהעפט און געוואָרן איינס.

יעדער מאָטיוו פונם אידישן לעבן, צי דאָס איז אין דעם פאָרם פון ליד אָדער תפילה, אַלץ וואָס האָט נאָר אַ שייכות מיט אידישער קולטור, מיט אידישער קונסט, איז פאַר יאַסינאָווסקי'ן אַ קוואַל פאַר מוזיק. עס איז פאַראַן ביי אים אַ גאָר נאָענטע קרובה'שאַפט צווישן דער רעליגיעזער תפילה און מאָדערנעם ליד. אַמאָל איז ביי אים דאָס ליד — תפילה, און די תפילה — ליד. עס ווענדט זיך וואָס דער אינהאַלט איז. ווייל קיין סתם טענער געפינט איר ניט ביי יאַסינאָווסקי'ן. דער טעקסט און די מוזיק זיינען ביי אים צוויי גלייכע שותפים, וואו איינער דערגאַנצט דעם צווייטן.

דער גרונט־טאָן פון יאַסינאָווסקי'ס מערסטע שאַפונגען איז דער אַלטער קוואַל — דער אידישער נוסח. אין פרייד און אין טרויער, אין שמחה און אין אומעט, אין ליבע און אין פיינטשאַפט, אין צאָרן און אין רחמנות — דאָס איז זיין סטיל.

ער באַזינגט די אידישע דיכטונג פון אַמאָל און די אידישע פּאָעזיע פון היינט. די רעליגיעזע תפילה און דאָס אידישע רענעסאַנס ליד. עס קומט ביי אים פון איין קוואַל, פון איין לעבנס־שטראָם, וואָס הייסט אידיש לעבן, אידישע קולטור, אידישע קאַמפן און אידישע עקזיסטענץ.

ערשט ניט לאַנג צוריק האָב איך דערהאַלטן פון יאַסינאָווסקי'ן פינף נייע געדרוקטע אידישע קאָמפּאָזיציעס פאַר סאָלאָ און כאָר. ווי אַלע פריערדיקע זאַכן זיינע, צייכענען זיך אויך די קאָמפּאָזיציעס אויס מיט נאַטירלעכער שאַפונג, מיט פשטות און קערנדיקער פּאָלקסטימלעכקייט, מיט אַן אינטי־מיטעט און האַרציקייט. דאָס לעצטע איז ביז גאָר וויכטיק. ווייל אויב אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע פעלט „האַרץ", פעלט איר אַלץ...

פאַראַן אין זיי דער יאוש פון איוב (מאָריס ראָזנפעלד'ס „גרויע האָר") און דער ליבע־מאָטיוו פון שיר־השירים (י. ראַלניקס „מיידל, מיידל"), דער געוויין פון איכה (מאני לייב'ס „דער בלינדער בעטלער") און דער טרייסט־מאָטיוו פון נחמו, נחמו עמי („והיה באחרית הימים" פון ישעיה).

יאָ, איך האָב שיער ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען דאָ לייוויק׳ס „דרימ־לענדער אינגעלע״, וואָס איז איינע פון יאַסינאָווסקי׳ס לירישסטע שאַפונגען און אין דער אידישער מוזיק אין אַלגעמיין. איך האָב וואַרשיינלעך דורכ־געלאָזן נאָך פיל אַנדערע יאַסינאָווסקי׳ס קאָמפּאָזיציעס, ספּעציעלע אַראַנזשירונגען פון אייניגע פּאָפּולערע פאָלקס־לידער, וואָס איז מיר אומ־מעגלעך זיך אָפּצושטעלן דאָ אויף יעדן פון זיי באַזונדער. און עס איז אפשר ניט נויטיק. וואָרים ניט אין דער צאָל פון די לידער און ספּעציעלע באַאַרבע־טונגען גייט דאָ, נאָר אין די אַלע שטריכן, טייכעלעך און שטראָמען, איבער־לעבונגען און שטרעבונגען, וועלכע זיינען אַריינגעגאָסן געוואָרן אין יאַסינאָווסקי׳ס מוזיק.

אויף אַזוי פיל וועגן יאַסינאָווסקי׳ן דעם קאָמפּאָזיטאָר. וועגן יאַסינאָווסקי׳ן דעם פאָלקס־זינגער און חזן, דאַרף געזאָגט ווערן דאָ פאָלגנ־דיקס: קיין קאַרוזאָ־שטימע האָט ער ניט, אָבער ער באַזיצט אַ טענאָר, וואָס אָפּעלירט צום אינטעליגענטן אויער און פיינעם געשמאַק. ער ווייסט די קונסט פון געזאַנג, ווייל ער האָט דערויף שטודירט אין אַ קאָנסער־וואַטאָריע. ער איז אַ פאָלקס־זינגער און אַ חזן פון איידעלערן סאָרט. איך וועל גיכער זיך איינהערן צו יאַסינאָווסקי׳ס זינגען מיט דער קליינער געפיל־פולער שטימע, איידער צום עמיצן אַנדערש׳ס געזאַנג מיט אַ גרויסן „קאָלעץ״.

ווען יאַסינאָווסקי׳ן וואָלט אויסגעקומען צו האַלטן פּראָבע מיט געוויסע חזנים, אָדער מיט אַ געוויסן טיפּ זינגער אויף דער בינע, וואָלט ער די פּראָבע ניט אויסגעהאַלטן. מחמת דעם וואָס יאַסינאָווסקי׳ס שטייגער זינגען, סיי חזנות און סיי לידער, איז דורכאויס גוטער געשמאַק פאַרבונדן מיט הויכער אינטעליגענץ און פיינעם מוזיקאַלישן געפיל. ער קאָן מיט שרייערס אָדער מיט קאָמעדיאַנטן אויף איין ברעטל ניט שטיין. ער יאָגט זיך ניט נאָך קיין ספּעציעלע וואָקאַלע שמד־שטיק, נאָך אויסערלעכער טעאַטראַלישער אַקראָבאַטיק, כדי מיט דעם צו פאַנגען דעם עולם... דאָס וואָלט געווען אַ באַליידיקונג פאַר זיין אינטעליגענץ און קינסטלערישן געשמאַק. זיין האַלטונג — סיי אויף דער בינע און סיי אין שול ביים עמוד, איז דורכאויס פון אַ קולטור־מענטש, — ווייל אַזאַ איז ער.

„מאָרגן פרייהייט״, מערץ 9, 1943, נ. י.

# וועגן דעם אידישן ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע

## דעם אָנדענק פון מיין מומע פערל

ווי עס האַלט איצט מיטן אידישן ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע, דאַרף מען פיל נישט מאריך זיין. די זעלביקע סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו דעם באַרג־אַראָפּ און צו דער פאַרשמעלערונג פונם אידישן טעאַטער־וועזן, פון דער אידישער צייטונג, זשורנאַל, בוך־וועזן און דעם גאַנצן היגן אידישן קולטורעלן לעבן, האָבן אויך געבראַכט צום באַרג־אַראָפּ און צו דער פאַר־שמעלערונג פונם אידישן ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע.

שטעלט אייך נאָר פאָר: אין ניו־יאָרק אַליין האָבן ביז נישט לאַנג צוריק עקזיסטירט אַ וואָסערע אַכט אָדער צען אידישע ראַדיאָ־סטאַנציעס, ביי וועלכע עס זיינען געווען באַשעפטיקט אידישע אַקטיאָרן, זינגערס, אַנאַנ־סירער, פּראָגראַם־דירעקטאָרן, מוזיקער, — מיט איין וואָרט: עס איז געווען לעבעדיק. איצט „זשיפּעט" בלויז איין ראַדיאָ־סטאַנציע, וואָס, אָט־אָט, און זי וועט מיט דער צייט אפשר אויך זיך מוזן ליקווידירן.

און דאָס איז אַ שאָד...

אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען סיי אין ניו־יאָרק און סיי אין אַזעלכע שטעט ווי פילאַדעלפיע, באַלטימאָר, באָסטאָן, קליוולאַנד, דעטראָיט, שיקאַגאָ, סינסינעטי, סט. לואיס, לאָס־אַנדזשעלעס, האָבן דאָך זייער פיל בייגעטראָגן צום אידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, — הגם אַ סך פון זיי זיינען נישט געשטאַנען אויף קיין קולטור־קינסטלערישער הויך. אגב, לאָס־אַנדזשעלעס האָט נאָך איצט אַ זייער בכבוד'יקע אידישע ראַדיאָ־סטאַנציע (אָנגעפירט פון זלמן זילבערצווייג).

דער נאָמען פון דער איינציקער אידישער ראַדיאָ־סטאַנציע אין ניו־יאָרק איז אַלעמען באַקאַנט: „דאַבעליו. אי. ווי. די.". און נאָך היינט אפילו האָט די דאָזיקע ראַדיאָ־סטאַנציע גוטע עטלעכע צענדליקער טויזנטער אידישע צוהערערס. און דאָס טאָר מען זיכער נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. איר ווערט פאַר דער היגער אידישער גאַס, טאָר מען נישט מינימיזירן. מ'מעג זי קריטיקירן — און עס איז דאַ פאַרוואָס זי צו קריטיקירן, — אָבער, מ'טאָר זי נישט מבטל מאַכן. הגם עס געפינען זיך אַזעלכע, וואָס זאָגן: „איידער אַזאַ

אידישע ראַדיאָ־סטאַנציע מיט אַזעלכע וואַלוועלע פּראָגראַמען, איז שוין גלייכער גאָרנישט!״.

איינער אַ טעאַטער־קריטיקער איז אַמאָל געגאַנגען זען אַ אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג אין אידישן טעאַטער אין בראָנזוויל, האָט ער דערנאָך געשריבן: „איידער אַזאַ אידיש טעאַטער, איז שוין בעסער גאָרנישט!״

ניין, דאָס איז נישט ריכטיק!

מ׳מעג און מ׳דאַרף קריטיקירן דאָס אידישע טעאַטער, אָבער אינגאַנצן נישט קיין אידיש טעאַטער איז נאָך פיל ערגער...

עס איז גרינג אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט אויף דאָס שוין פאַראַנענע, אָבער עס איז שווער עפּעס נײַ אויפצובויען...

והראיה: יענער אידישער טעאַטער אין בראָנזוויל איז אונטערגעגאַנגען און קיין נײַער אידישער טעאַטער אויף זײַן אָרט איז דאָרט נישט געקומען. דאָס זעלביקע איז מיט די דרײַ אונטערגעגאַנגענע אידישע טעאַטערס אויך אין די בראָנקס (פּראָספּעקט, לינקאָלן און בראָנקס־אַרט). דאָס זעלביקע איז מיט די דרײַ כמעט־אונטערגעגאַנגענע אידישע טעאַטערס אויך אין מאַנהעטן (פאָלקס, פּאַבליק און סעקאַנד עווועניו). דאָס זעלביקע איז מיטן צווייטן אונטערגעגאַנגענעם אידישן טעאַטער אויך אין בראָנזוויל (האָפּקינסאָן). מיטן אונטערגעגאַנגענעם אידישן ליריק טעאַטער אין ברוקלין. מיט די צוויי אידישע טעאַטערס אין פילאַדעלפיע. און מיט די אידישע טעאַטערס אין באָסטאָן, באַלטימאָר, קליוולאַנד, דעטראָיט, שיקאַגאָ. אונטערגעגאַנגען און שוין!

אַז ס׳איז דאָ אַ נאָענטע שייכות פונעם אידישן טעאַטער־וועזן מיטן אידישן ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע, באַדאַרף מען קיין איבעריקע ראיות נישט ברענגען. ווער זײַנען דען געווען די אַלע אידישע ראַדיאָ־אַרטיסטן, זינגער, אַנאָנסירער און פּראָגראַם־דירעקטאָרן, אויב נישט קיין אידישע שוישפּילערס?

נעמט, למשל, דעם באַקאַנטן אידישן ראַדיאָ־אַנאָנסירער און פּראָגראַם־דירעקטאָר פונעם אידישן ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע, נחום סטוטשקאָוו — איז ער דען נישט געווען פריער אַ אידישער אַקטיאָר, אַ סופליאָר און דראַמאַטורג?

אמת, ער איז, נעבעך, געווען אַ שוואַכער אַקטיאָר און דראַמאַטורג,

אָבער ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אויסגעצייכנטער אידישער ראַדיאָ־אַנאָנסירער און ראַדיאָ־פּראָגראַם־צושטעלער.

אָדער נעמט אַ צווייטן פּאָפּולערן ראַדיאָ־אַנאָנסירער און פּראָגראַם־דירעקטאָר, דעם פאַרשטאָרבענעם וויקטאָר פּעקער, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן „געקיניגט" איבער דער ראַדיאָ־סטאַנציע „דאַבעליו. על. טי. עיטש.". איז ער דען נישט געווען פריער אַ באַוואוסטער אידישער שוישפּילער?

צי נעמט, ווידער, דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם אידישן זינגער און אַקטיאָר מישאַ ראַפּעל, וועלכער איז צוערשט געווען דער אַנאָנסירער און פּראָגראַם־דירעקטאָר פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע „דאַבעליו. עף. עי. בי.", און דערנאָך דער פּראָגראַם־דירעקטאָר פון די ענגליש־אידישע פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ־סטאַנציע „דאַבעליו. עם. דזשי. עם."?

אָדער נעמט איצט נאָך אַ פּאָפּולערן אידישן ראַדיאָ־אַנאָנסירער און ראַדיאָ־אַרטיסט, צבי סקולער, איז ער דען נישט געווען פריער אַ אידישער שוישפּילער? דאָס זעלביקע אויך מיט די אידישע אַקטיאָרן מיכל גאָלדשטיין, דוד אָפּאַטאָשו, בען באָסענקאָ, חיים טויבער, מרים קרעסין, סימאָר רעכצייט, וועלכע זיינען באַשעפטיקט געווען — אייניקע פון זיי זיינען נאָך איצט אויך באַשעפטיקט — ביי דער ראַדיאָ סיי אַלס פּראָגראַם־אַנאָנסירערס, סיי אַלס ראַדיאָ־אַרטיסטן.

פון דער גרויסער צאָל אידישע שוישפּילער, וועלכע זיינען אין פאַרשידענע צייטן אויפגעטראָטן פאַר די אַלערליי ראַדיאָ־סטאַנציעס, איז דאָ אוממעגלעך גאָר זיי אַלעמען אויסצורעכענען, אָדער צו דערמאָנען די אַלע, אַזוי־גערופענע, אידישע „ראַדיאָ־סטאַרס", וועלכע האָבן זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען דירעקט דורך דער ראַדיאָ און זיינען געווען שטענדיק „פּיטשורס" (אַטראַקציעס), ווי: „די אידישע מאַמע" (אסתר פעלד); „דער בראָנזווילער זיידע" (ברוך לומעט); „דער פּאַיאַץ" (הערמאַן יאַבלאָקאָוו); „דער זינגער־פּאָעט" (חיים טויבער); „דער פּאַלעסטינער זינגער" (מרדכי ירדני); „דער אידישער טרובאַדור" (סימאָר רעכצייט); „דער אידישער גאַסן־זינגער" (איסאַק גלאַדסטאָן); „פריידעלע די חזנ'טע" (פריידעלע אוישער); „די אידישע שיקסע" (ווערא ראָזאַנקאָ); „דער טרום־וועבער" (מאַקס ראָזנבלאַט); „דער אידישער פאַרשטשיק" (דוד מעדאָף); „דער אידישער ציגיינער" (מעקס קלעטער); „פישעלע" (בנימין פישביין); „די אידישע פאָלקס־זינגערין" (חנה'לע סטראָמבערג); „דער אידישער ליטוואַק"

(בעז געילינג); „דער אידישער טאַטע״ (חזן יעקב אַלטמאַן); „דער זינגער פון זיין פאָלק״ (משה אוישער); „דער פריילעכער חזן״ (חזן יעקב מייסאַן); „דער אידישער פילאָזאָף״ (ישראל לוצקי).

איך מיין, אַז דאָס זיינען גענוג באַווייזן וועגן דער נאָענטער שייכות פונעם אידישן טעאַטער מיט דער ראַדיאָ. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב דאָ „געדעקט״ די אַלע „ראַדיאָ־סטאַרס״ פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט, וואָס אייניקע פון זיי זיינען נאָך איצט אַקטיוו. נאָר טאָמער האָב איך דאָ עמעצן אויסגעלאָזט, בין איך גרייט פאַרריכטן עס. אדרבא: אויב עס איז דאָ עמעצן צוצוגעבן, לאָזט וויסן דער רעדאַקציע פון דער „אידישער קולטור״. עס איז ביז גאָר וויכטיק פאַר דער אידישער ראַדיאָ־געשיכטע אין אַמעריקע צו וויסן: ווער און וואָס עס האָט עפּעס בייגעטראָגן.

אָבער געדענקט איין זאַך: דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן סתם באַרימטע און פּאָפּולערע אידישע שוישפּילערס און זינגער פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט, נאָר וועגן אַזעלכע וואָס זיינען באַצייכנט געוועזן מיט אַ „פירמע״ און זיינען פאַררעכנט געוועזן ווי „ראַדיאָ־פּיטשורס״.

אָט האָב איך זיך איצט געכאַפּט, אַז איך האָב אויסגעלאָזט אַזאַ לאַנג־יאָריקע אידישע „ראַדיאָ־פּיטשור״, ווי „דאָס זינג־פייגעלע״ (איזאַבעל וואַלטערס)! מן־הסתם וועל איך זיך שפּעטער דערמאָנען נאָך אין אַנדערע...

יאָ, דאָס אידישע ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע איז ביז נישט לאַנג צוריק געוועזן אַ גאָר באַדייטענדיקע אידישע קולטור־אינסטיטוציע, נישט געקוקט אויף אַלע ערנסטע חסרונות וואָס עס האָט פאַרמאָגט. אָבער עס איז פאָרט געוועזן אַ אידישער מאַניפעסטאַציע־אַקס, אַרום וועלכער עס האָט זיך געדרייט און געררוישט און געקלונגען דאָס אידישע וואָרט און דער אידישער קלאַנג. גוט־שלעכט: עס האָט זיך אָבער געטומלט, באַוועגט. אידישע שוישפּילער, אידישע זינגער, זיינען געוועזן פאַרנומען מיט צוגרייטן פרישע פּראָגראַמען, נייעם רעפּערטואַר, נייע לידער, נייע געזאַנגען, נייע דראַמאַטישע סצענעס, סקעטשעס, און אפילו גאַנצע פּיעסן. און די צאָל אידישע ראַדיאָ־צוהערער, וואָס האָבן ממש געשלונגען יעדעס וואָרט און יעדן קלאַנג, האָט דערגרייכט אין צענדליקער און צענדליקער טויזנטער, אויב נישט קיין גאַנצע הונדערטער טויזנטער — נישט בלויז אין ניו־יאָרק אַליין, נאָר איבער גאַנץ אַמעריקע!

אָבער איצט האַלטן מיר ביי איין אידישער ראַדיאָ־סטאַנציע אין דעם גרויסן צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָניקן אידישן ניו־יאָרק! היינט קאָנט איר זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס עס טוט זיך אויף דעם פּראָווינץ? אין פילאַדעלפיע האָט יאָרן־לאַנג אָנגעפירט מיט אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען דער יונג־פאַר־שטאָרבענער אָקסאַר גאָרין. ער פלעגט, למשל, פאַר זיינע זונטיק׳דיקע ראַדיאָ־פּראָגראַמען ספּעציעל אַרונטערברענגען באַרימטע אידישע שוישפּילער און זינגער פון ניו־יאָרק. „דער זינגער־פּאָעט״ (חיים טויבער) איז ביי אים געווען כמעט אַ שטענדיקע „פּיטשור״. דאָס זעלביקע אויך מיטן „פּאַלעסטינער זינגער״ (מרדכי ירדני) און נאָך אַנדערע פּאָפּולערע אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען. היינט האַלט עס מיטן אידישן ראַדיאָ־וועזן אין פילאַ־דעלפיע פּונקט ווי מיטן אידישן טעאַטער. איין מאָל אין אַ „שמיטה״ שפּילט מען דאָרט אידיש טעאַטער, און איין מאָל אין אַ „שמיטה״ הערט מען דאָרט אַ אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַם...

דאָס אידישע ראַדיאָ־וועזן אין אַמעריקע האָט געהאַט אַ קורץ לעבן — אַ געשיכטע פון אַ וואָסערע דריי אָדער פיר צענדליק יאָר, וואָס האָט אויפגע־בליצט, זיך פאַנאַנדערגעבליט און שנעל געמומען גיין באַרג־אַראָפּ.

ווען נישט געוויסע כוחות, וועלכע האָבן געהאָלפן שטופּן דעם וואָגן צום באַרג־אַרונטער פונעם אידישן ראַדיאָ־וועזן, וואָלט אין ניו־יאָרק נאָך איצט געקאָנט עקזיסטירן מער ווי איין אידישע ראַדיאָ־סטאַנציע — נישט געקוקט אויף דער אַמעריקאַניזאַציע, וואָס מען וויל אונז איינרעדן, אַז דאָס זאָל זיין די הויפּט־שולד! איך מיין, אַז מיר האָבן נאָך גענוג אידיש־רעדנ־דיקע אידן אין ניו־יאָרק, וואָס וואָלטן זיך איינגעהערט צו אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען! אָבער פּונקט ווי מ׳האָט אינעם אידישן טעאַטער גענומען בראָקן חצי־אידיש און פּאַלאַווינע־ענגליש, אַזוי האָט מען אויך אויף די אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען גענומען בראָקן דעם זעלביקן מיש־מאַש־אידיש — און דאָס האָט געמוזט פירן צו דער ירידה... צו וואָס זאָל אַ איד זיך איינ־הערן צו אַ צעקאַליעטשעטן ענגליש, אַז ער קאָן גרינג אָנשטעלן די ראַדיאָ ...ינע און הערן אַ גוטן עכטן אַמעריקאַנער ענגליש? איך רעד שוין דאָ נישט וועגן דעם קוואַליטעט פון די פּראָגראַמען גופא, וואָס דאָס קאָן מען זיכער נישט אָוועק׳פּטר׳ן מיט דער האַנט...

עס איז שווער צו האָבן טענות, ווען עס איז דאָ נאָר איין אידישע ראַדיאָ־סטאַנציע, אָבער די דאָזיקע סטאַנציע איז נישט גלאַט עפּעס אַ ראַדיאָ־

סטאַנציע: זי איז דאָך אַ ראַדיאָ־סטאַנציע מיט אַ „פּאַטשיווקע״ — און צו אַזאַ סטאַנציע מעג מען ביי דעם איצטיקן שלעכטן מצב זיכער האָבן טענות...

וואָס איז די „פּאַטשיווקע״ פון „דאַבעליו. אי. ווי. די.״? די דאָזיקע ראַדיאָ־סטאַנציע איז נישט קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג, קיין פּריוואַטע געשעפטס־פירמע, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע. זי געהערט דאָך דער „פאָרווערטס״־אַסאָסיאַציע. די סטאַנציע טראָגט דעם נאָמען פונעם באַרימטן און זעלטענעם־טיפּ אַמעריקאַנער סאָציאַליסט: יודזשין ווי. דעבס! ווער דעבס איז געווען דאַרף מען דעם אינטעליגענטן אידישן לייענער נישט דערציילן. ער איז געווען פון די זעלטענע אידעאַליסטן אין אַמעריקע, און זיין נאָמען איז באַוואוסט אויך איבער דער גאַרער וועלט. אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, וועט זיין נאָמען אייביק לויכטן ווי אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט!

דער ערשטער פאַרוואַלטער פון „דאַבעליו. אי. ווי די״. איז געווען דער פאַרשטאַרבענער פאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס״, ב. וולאַדעק. אונטער זיין אָנפירערשאַפט האָט די סטאַנציע קודם אינזינען געהאַט די קולטורעלע זייט, דערנאָך ערשט די געשעפטלעכע זייט. וואָרום ב. וולאַדעק האָט פאַרמאָגט אַ רייכן אידישן קולטור־באַגאַזש און איז דערצו אויך געווען אַ אידישער שרייבער. ער האָט טאַקע געוואוסט, אַז אויב די סטאַנציע וועט נישט טאָן קיין גוטע געשעפטן, וועט זי נישט קאָנען עקזיסטירן, אָבער ער האָט פאַרט דעם טראָפּ געלייגט אויף קולטור.

דער איצטיקער פאַרוואַלטער פון „דאַבעליו. אי. ווי. די.״, מר. העגרי גרינפעלד, איז פון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט שטאָף געשניטן... ביי אים איז קודם און דערנאָך געשעפט און קולטור איז — באַנק... עס קאָן אָבער זיין, אַז ער איז נישט אינגאַנצן שולדיק? נאָך אַלעמען איז ער דאָך נישט מער ווי דער אויספירער פון אַ העכערער „אינסטאַנץ״, וואָס האָט די דעה איבער דער סטאַנציע! דאָך, האַלט איך, אַז דער איצטיקער פאַרוואַלטער איז גאָר אַ סך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן היינטיקן פּנים, וואָס „דאַבעליו. אי. ווי. די.״ פאַרמאָגט. איך זאָג עס נישט סתם אין דער וועלט אַריין. און מיינט נישט, אַז ער איז עפּעס גלאַט אַ „פּראָסטאַק״ אַ איד, — ניין, דווקא נישט! וואָס דען? עס פעלט אים אָבער דער פאַרנעם, דער פייער, אַ קליינע מאָס כאָטש פונעם אַמאָליקן אידעאַליזם, צו וועלכן ער האָט זיך אין זיין יוגנט צוגעטוליעט, און אַן אינטעליגענטע באַציאונג... ער איז פאַרקאָכט בלויז אין איין זאַך: די

סטאַנציע זאָל מאַכן וואָס מער און גרעסערע פּראָפיטן! ווייטער גייט אים נישט אָן...

וואָס דער סוף פון דער דאָזיקער איינציקער אידישער ראַדיאָ־סטאַנציע אין ניו־יאָרק וועט זיין, ווייל איך נישט טרעפן. הגם קיין צו גרויסער נביא דאַרף מען דערויף נישט זיין. עס איז גרינג זיך אָנצושטויסן: מ׳וועט די סטאַנציע אָדער פאַרקויפן, אָדער זי פאַרוואַנדלען אין אַ דורכאויס־ענגלישער און פרעמד־שפּראַכיקער ראַדיאָ־סטאַנציע — אַחוץ אידיש... אסור: צי איך ווינטש עס איר! דאָס וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע אינעם ניו־יאָרקער אידישן לעבן און אינעם אידישן לעבן אין אַמעריקע בכלל...

ווי שלעכט עס האַלט נישט איצט סיי מיט דער קוואַליטעט פון די אידישע פּראָגראַמען, וואָס ווערן „געבראָדקעסט" טאָג־איין טאָג־אויס אויף „דאַבעליו. אי. ווי. די." און סיי דער געשעפטלעכער זייט פון די אידישע פּראָגראַמען, קאָן נאָך אָבער זייער אַ סך געטאָן ווערן: אי פאַר דער קוואַליטעט און אי פאַר דער געשעפטלעכער זייט פון די פּראָגראַמען!

אמת, די אַלטע ספּאָנסערס פאַלן אַרויס, און קיין נייע באַווייזן זיך נישט. איז אָבער די פראַגע: פאַרוואָס פאַלן די אַלטע ספּאָנסערס אַוועק, און פאַר־וואָס באַווייזן זיך נישט קיין נייע?

ענטפערט מען אייך: אַלטע ספּאָנסערס פאַלן אַוועק, ווייל זיי האָבן „אויסגעפונען" דעם „סוד", אַז די צאָל אידישע ראַדיאָ־צוהערער האָט זיך פאַרקלענערט. קיין נייע ספּאָנסערס, ווידער, קומען נישט צו, מחמת דעם זעלביקן „סוד"...

אָבער וואָס טוען די ענגלישע ראַדיאָ־סטאַנציעס, כדי נישט בלויז אָנצו־האַלטן, נאָר טאַקע צו געווינען אויך נייע צוהערער? עס זיצן פייאיקע מענטשן אין די ענגלישע ראַדיאָ־סטאַנציעס, וועלכע האַלטן אין איין קלערן און צוטראַכטן פּראָגראַמען און מיטלען, ווי אַזוי אָנצוהאַלטן די אַלטע צוהערער און ווי אַזוי צו געווינען נייע! וואָס טוט אָבער אונזער אידישע „דאַבעליו. ען. בי. סי.", אָדער אונזער אידישע „דאַבעליו. סי בי. עס."?

עס איז באַקאַנט, אַז דער פאַרוואַלטער העגרי גרינפעלד וועט זיך באַדאַי אַרויסנעמען ביידע אויגן, איידער אויסצוגעבן אַ דאָלער אויף אַ נייער פּראָגראַם, אָדער צו־צוטראָגן עפּעס, וואָס זאָל מעגלעך צוציען אַ נייעם צוהערער!

אגב, וועגן דעם פריער־דערמאָנטן „סוד", וואָס די ספּאָנסערס האָבן

כלומרשט „אויסגעפונעןי", קאָן מען זייער אַ סך דעבאַטירן... און אַז מ׳וועט זיך נעמען דעבאַטירן, קאָן מען אָנווייזן: ווער די „אויסגעפינערס", די „אויפ־דעקערס" פונעם דאָזיקן „סוד" פאַר די ספּאָנסערס־וועגן זיינען!

דער דאָזיקער „סוד" איז באַקאַנט: צוליב קאָנקורענץ־וועגן, גייען געוויסע „מענטשן" אַוועק צו די פאַרשידענע פירמעס, וועלכע זיינען געווען די ספּאָנסערס פון דעם אָדער אַ צווייטן אידישן פּראָגראַם און מען זאָגט צו זיי: „די צאָל אידישע ראַדיאָ־צוהערער האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט; אידן רעדן שוין מער נישט קיין אידיש: פאַרוואָס נישט פּרובירן אידישע פּראָג־ראַמען אויף ענגליש?"

נו, עס איז שוין געווען פאַלן, ווען דער אָדער אַ צווייטער ספּאָנסער האָט זיך געלאָזט איינרעדן פון די דאָזיקע „סוחרים" און „אויפדעקער" און האָט ביי זיי באַשטעלט אַ אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַם, אָדער אַ אידישע טעלעוויזיע־פּראָגראַם אויף ענגליש. נאָך דעם אָבער ווי דער ספּאָנסער האָט זיך צוגעהערט צו דער אידישער פּראָגראַם אין ענגליש אויף דער ראַדיאָ, אָדער ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער אידישער פּראָגראַם אויף ענגליש אויף דער טעלעוויזיע, האָט ער זיך שנעל דערפון אָפּגעטרייסלט. מחמת אויב מען האָט דעם דאָזיקן ספּאָנסער ווי עס איז נאָך געקאָנט פאַרקויפן אַ „פאַר־זעעניש־פּראָגראַם" אויף אידיש, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען און ער האָט דאָך געמיינט אַז עס איז עפּעס, האָט ער אָבער די זעלביקע „פאַרזעעניש־פּראָגראַם" אויף ענגליש שוין זייער גוט פאַרשטאַנען — און ער האָט געמאַכט די נויטיקע אויספירן...

הכלל, ביי אַזאַ טרויעריקן מצב האַלט עס איצט מיטן אידישן ראַדיאָ־וועזן אין ניו־יאָרק, און טיילווייז און ענלעך צו דעם — אין אַנדערע שטעט.

„אידישע קולטור", יוני־יולי, 1958, נ.י.

# סליחות־נאַכט אין דער אַלטער היים און אַמעריקע

## דעם אָנדענק פון דעם קדוש מרדכי לייזער

סליחות־נאַכט — די שעה פון געבעט און געזאַנג האָט געשלאָגן. פּאָעזיע און נגינה פילן אָן דאָס האַרץ. דאָס געזאַנג פון דורות ווידערט אָפּ, קלינגט זיך פאַנאַנדער, גייט אויף מיט ריח פון פרישן טוי פון דער ערד אין דער שפּעטער שעה פון דער פאַרטאָיעטער אלול־נאַכט.

גאָט׳ס שאַפונגען, יעדעס גרעזל און בלעטל, יעדעס ווערימל אויף דער ערד און אין דער ערד — אַלץ האָרכט זיך איין מיט אַ פאַרכטיק שווייגן צו דער מתיקות׳דיקער שטילקייט, וואָס טראָגט זיך אום אין חלל פון דער סליחות־נאַכט. הימל און ערד גיסן זיך צונויף, באַהעפטן זיך אין אַ פייער־דיקער הייליגקייט.

אידן איבער דער גאַרער וועלט, מיט הערצער געריינִיקטע און נשמות געלייטערטע, שטייען פאַר דעם בורא עולם. דער חזן שרייט אויס: „אשרי יושבי ביתך!...״ דער קהל ציטערט אויף, ווערט מיטגעריסן — צערוישט זיך ווי ביימער אין אַ וואַלד.

אַ געזאַנג אין בלויען קאַיאַר, געוויקלט אין בטחון׳דיקע ווערטער און קלאַנגען, אַ רחמים׳דיקע „אָווערטורע״ צו דער דור־דורות׳דיקע געהיי־ליקטע סימפאָניע ביי אידן, וואָס רופט זיך „ימים־נוראים״, ווערט האַרציק אויסגעזונגען פון חזן און קהל.

סליחות־נאַכט איז דער „שליסל״ צום „היכל״ פון די ימים־נוראים׳דיקע תפילות און ניגונים, מיט וועלכע מען דאַרף אויפעפענען די שערי־רחמים, די טויערן פון געבעט...

יעדע רעליגיע האָט איר ניגון. די אידישע רעליגיע איז ניט קיין אויסנאַם. זי האָט איר מעלאָס, איר ניגון, איר מעלאָדיע, טאָן און אינערן ריטם. דער ניגון, די מעלאָדיע, דער טאָן און ריטם, די גאַנצע מוזיקאַלישע אַטמאָספערע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַרום דעם תפילה־וואָרט פון דער אידישער רעליגיע, איז שטאַרק אַפּעלירנדיק, האַרציק און פאַרכאַפּענדיק.

אין שווערע טעג, ווי די היינטיקע, ווי אַלעמאָל אין דער אידישער

געשיכטע, אין מאָמענטן ווען ס׳קלייבט זיך אָן אַ געדיכטע כמאַרע פון צער, אַז מען קען זי ממש שניידן מיט אַ מעסער, ווען דאָס האַרץ ווערט אָנגעלאָדן סיי מיט פערזענליכן און סיי מיט נאַציאָנאַלן אומעט און טרויער, איז דאָס פאַרטרונקען ווערן אין דער אידישער רעליגיעזער נגינה פאַר מיר דער בעסטער מיטל. דער שטראָם פון דער אידישער רעליגיעזער נגינה באַפרישט מיך און באַנייט מיך. זי ברענגט מיר נייע פרייד, נייעם לעבן און נייעם אינהאַלט.

יעדער געפינט וואָס ער זוכט. איך האָב געזוכט און געפונען — דעם פייער און פלאַם פון דער אידישער נגינה, און דער עיקר, פון דער אידישער רעליגיעזער נגינה. אין איר זיינען פאַראַן מאָטיוון פון פאָלקס־אויסלייזונג, פון פלאַמענדיקע נשמה־בענקענישן, פון חסיד׳ישן ברען און דביקות, פון האָפענונג אויף משיח׳ן, פון ליכט און טרייסט, פון גאָט־פאַרליבטקייט.

סליחות־נאַכט — אָפּקלאַנגען פון ווייטע פאַרגאַנגענע טעג דערגייען צו מיינע אויערן און אַ טיפע בענקעניש נעמט נאָגן דאָס האַרץ. ערגעץ ווייט, אויף יענער זייט ים פונעם אַטלאַנטיק, האָט אַמאָל געבליט אַ אידיש לעבן.

וואו איז איצט מיין געבורט־שטעטל? ניטאָ מער. היטלער׳ס מערדער האָבן איר פאַרטיליגט.

וואו זיינען איצט מיינע קרובים, מיינע זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס, שוועסטערקינדער, פריינט און חברים? ס׳איז קיינער מער ניט פאַרבליבן. די דייטשע רוצחים האָבן איטליכן אויסגעמאָרדעט, פאַרברענט און דערשטיקט אין די גאַז־אויוונס און קאַלך־אויוונס.

איך קען אויך ניט פאַרגעסן דאָס ציטעריקע קול פונ׳ם אַלטן בעל־תפילה ר׳ וועלוול, וועמעס קולות האָבן הימלען געשפּאָלטן און טויטע פון זייערע קברים געוועקט אין דער נאַכט פון סליחות. ס׳האָט אויסגעזעזן, ווי די טשערנאָבילער קלויז גייט־אויף אין פלאַמען פון דעם פייער וואָס האָט געשלאָגן פון ר׳ וועלוול׳ס האַרץ, אויסגעמישט מיט דער ליכטיגקייט פון די בליץ־לאָמפּן, וואָס האָבן געברענט. עפּעס אַ מיסטישע שטילקייט האָט אויף די מתפּללים זיך אַרונטערגעלאָזן, ווען ר׳ וועלוול האָט גענומען עפּעס זאָגן. ווי דער אָטעם פון דער וועלט וואָלט זיך אָפּגעשטעלט.

סליחות־נאַכט אין מיין שטעטל!

ווער קען עס גאָר אויסמאָלן אויפ׳ן פּאַפּיר? אָבער אין האַרצן ביי מיר

פיל איך זי, ווי איך פיל דעם ריח פון די גראָזן און געוויקסן, וואָס איך אָטעם איצט איין אויף דעם אָרט, וואו איך שרייב די דאָזיקע שורות.

אַ כוואַליע פון פאַרכאַפּענדיקער, ריינער פּאָעזיע, מיט וועלכער סליחות־נאַכט אין מיין שטעטל איז געווען אַרומגעוויקלט, האָט זיך פאַרביי־געקייקלט און איז ווי אַ וואַרעמער שטראָם דורכגעגאַנגען איבערן לייב און האָט אָנגערירט מיין האַרץ, פון וועלכן געזאַנג האָט אויפגעציטערט.

מיינע אויגן באָדן זיך אין דעם גרינעם ים פון גראָזן אוןביימער, וואָס אַנטקעגן מיר. איך זע די צעבראָכענע ליכט פון דער גאָלדענער זון, וואָס זיינען צעגאָסן איבער דעם גרינעם שטח. איך הער זיך איין צו דעם געזאַנג פון די פייגל, וואָס טראָגט זיך אין דער ריינער לופט. מיינע אויערן פאַרנעמען דאָס שטילע רוישן פונעם וואַסער׳ל אין דעם דערבייאיקן טייכל, וואָס קלינגט פון וייטן ווי אַ כישוף־ליד. איך הער אויך דעם ריטמישן קלאַפּן פון אַ טראַקטאָר אויף אַ דערבייאיקן פעלד, אויסגעמישט מיט פריילעכע קלאַנגען פון אַ פּיאַנאָ, וואָס טראָגן זיך פון ערגעץ ווי רוישיקע כוואַליעס אויף אַ גרויסן טייך.

ס׳איז אַ טאָג היינט, וואו אַלץ זינגט אין דער נאַטור. יעדעס גרעזעלע, יעדער בלעטעלע, די צווייגן פון די ביימער, די פעלד־בלימעלאַך, אומעטום געזאַנג, דער אַזאַ זמר, יענער אַזאַ ניגון — אַ סימפאָניע פון טענער און פאַרבן.

אין דער דאָזיקער געלייטערטער אַטמאָספערע איז וואויל צו טראַכטן וועגן דער אָנקומענדיקער שעה פון סליחות — די שעה פון געבעט און געזאַנג.

שוין פיל איך דעם ריח פון דעם פרישן טוי פון דער ערד, וואָס גייט־אויף אין דער שפּעטער שעה פון דער דאָזיקער פאַרטאָגיקער אלול־נאַכט. איך קען זען די ערנסטע פּנים׳ער פון די מתפּללים, איך קען שפּירן דעם באַגער זייערן צו וועלן דערנענטערן זיך צום הימל, איך קען פילן די חרטה אין זייערע הערצער און די בענקעניש נאָך גאָט׳ס וואָרט.

עס מאַכט ניט אויס וואָס אַ גאַנץ יאָר איז מען פאַרהאָרעוועט, פאַריאָגט און פאַרשמאַיעט, אַז מען ווייס גאָר ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז. ווי נאָר אָבער עס דערנענטערן זיך די פאַרכטיקע טעג, אַזוי גיט זיך אַ בייט איבער די שטימונג. מ׳בלייבט שטיין. מען הויבט זיך פּלוצלינג אָן צו פאַרטראַכטן, צו פאַרטיפן, צו קלערן ביי זיך, מיט זיך און אַרום זיך.

ווי אַ חזן ביים עמוד, ווייס איך, אַז ס׳איז ניט פון די גרינגע אויפגאַבעס צו נעמען אַ אידן, וואָס קומט איינמאָל אַ יאָר אין שול אַריין, ווי עס איז דער פאַל מיט די מערסטע אידן אין אַמעריקע, און אים אַרויסהייבן פון זיין גרויער וואָכעדיגקייט, אין וועלכער ער איז אַריינגעטאָן אַ גאַנץ יאָר. אָבער איך ווייס אויך, אַז פאַר אַ חזן מיט פאַנטאַזיע, מיט דער געהעריקער מאָס אינטעליגענץ און נויטיקן וויסן, דאַרף עס ניט זיין גאָר איבעריק שווער. וואָרום די תפילות וואָס ווערן געזאָגט סליחות ביינאַכט, זיינען אַזעלכע, אַז זיי זינגען זיך ממש אַליין. דער חזן דאַרף נאָר באַזיצן דעם געהעריקן חוש. און דער עיקר, ער דאַרף וויסן וואָס ער זאָגט. וואָרום סליחות־נאַכט איז ניט קיין ענין פון „געזאַנג״, נאָר פון „זאָגן״...

ווי נאָר דער חזן שרייט אויס: „אשרי יושבי ביתך״, דאַרף גאַנץ קהל אַ ציטער געבן, מיטגעריסן ווערן, זיך אַ טרייסל טאָן, ווי ביימער אין אַ וואַלד פאַר׳ן אָפּשיין פון אַ בליץ, ווען עס האַלט ביים אויסברעכן אַ שטורעם. ניט פונעם חזנ׳ס געשריי, חלילה, נאָר פונעם זאָג, פונעם דערציייל, פונעם קומען אָנגעלאָדן מיט עפּעס, פונעם טיפן מיין, דאַרף קהל אויפציטערן. אין דעם גייט עס...

געבענטשט איז די שול, וואָס ווייסט וועמען אויסצוקלייבן פאַר איר „בעטער״. די אידישע נגינה — און טאַקע אויך די אידישע רעליגיע — געווינט גאָר אַ סך דורך דעם. וואָרום, ס׳איז געווען, אַז אַן אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער יונגערמאַן זאָל הערן, ווי דער חזן פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ מיט זיין „נגינה״ אין פרעמדע וויינגערטנער (אַמעריקאַנער אידישע יונגעלייט זיינען מבינים אויף מוזיק!) אַז דאָס זאָל אים פאַרטרייבן און ער זאָל שוין מער קיינמאָל ניט וועלן קומען אין שול. איך ווייס עס פון פאַקטן, וואָס פאַרשידענע מענטשן האָבן מיר איבערגעגעבן, און אויך פון בריוו, וואָס קומען אָן צו מיר אין רעדאַקציע פון „טאָג״.

ווען מען פאַרבייט „באָטשווינע״ אויף „קאַשע״, ווען מען זאָגט „שמע קולנו״, אָדער אַן אַנדער תפילה, מיט אַ נוסח אָדער ניגון פון „הפטורה״. בעסער געזאָגט, מיט מעלאָדיעס פון ביליגע אַמעריקאַנער גאַסן־לידלעך, ווען מען זינגט ראש השנה „היום תאמצנו״ מיטן ניגון פון „גאָד בלעס אַמעריקאַ״, דאַרף מען זיך ניט חידוש׳ן דערויף, פאַרוואָס אַן אַנשטענדיקער מענטש זאָל וועלן דערפון אַנטלויפן...

סליחות — דאָס איז איינער פון די דערהויבנסטע און גייסטיקע מאָטיוון

אין דעם אידישן רעליגיעזן לעבן. אַ, וויפיל פּאָעזיע, האַרץ און נשמה עס שטעקט אין דעם!

פון דער ערד רויכערט זיך אַ קילע־פּרעסטעלע. דאָס געזאַנג פון די שטערן דרינגט אַריין אין דער נשמה. אַ טיפער סוד הילט איין די נאַכט. שאָטנס באַוועגן זיך אין דער טונקלקייט. דער ריטם פון שפּאַנענדיקע טריט עכאָט־אָפּ אין קאַלטן חלל. לאָמפּן אין די הייזער צינדן זיך — און פאַרלעשן זיך. ס׳קומט פאָר אַ געאייל. דאָס שטעטל האָט זיך אויפגעכאַפּט. די געסלעך און שטיבלעך, בתי־מדרשים און חסיד׳ישע קלויזן, מענער און פרויען, יונג און אַלט — אַלץ האָט אויפגעוואַכט אין פלאַמיקן ציטער...

„לכו נרננה לד׳״ — קומט, לאָמיר זינגען צו גאָט! לאָמיר אויסשטרעקן אונזערע הענט צו אים. לאָמיר שרייען, וויינען, בעטן. „שומר ישראל״ — היטער פון ישראל!...

אַ תהום פון אייביקייט טיילט מיך אָפּ פון מיין שטעטל. איך בין שוין אין מיין לעבן אויסגעפאָרן גאָט׳ס וועלט אין דער לענג און אין דער ברייט. שיפן האָבן מיך געפירט איבער אַלע ימים און טייכן, וואָס זיינען צעגאָסן איבער גאָט׳ס וועלט. אָבער דער גייסט פון סליחות־נאַכט אין מיין שטעטל האָט זיך דורך די אַלע יאָרן פון מיר ניט אָפּגעטאָן. עס ווידערט־אָפּ, קלינגט זיך פאַנאַנדער אין מיר ווי אַ זייגער, יעדעס מאָל ווען די שעה פון סליחות זאָגט אָן איר אָנקום!

„דער טאָג״, סעפּ. 6, 1947, נ.י.

# דזשעראָם קוירן — קאָמפּאָזיטאָר פון באַרימטן ליד „אָלד מען ריווער״

אין עלטער פון זעכציק יאָר איז פאַריקע וואָך געשטאָרבן אין ניו יאָרק דזשעראָם קוירן, איינער פון די באַרימטסטע מוזיק־פאַרפאַסערס אין אַמעריקע. זייער ווייניקע האָבן ביי זיין לעבן געוואוסט, אַז ער איז אַ איד. דער נאָמען זיינער האָט געקלונגען ניט־אידיש.

רייכע אוצרות אין דער אַמעריקאַנער מוזיק זיינען ביז איצט שוין אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך אידישע קאָמפּאָזיטאָרס; דזשעראָם קוירן איז געווען איינער פון זיי.

זיין קאַריערע האָט דזשעראָם קוירן אָנגעהויבן ווי אַ פאַרפאַסער פון פּאָפּולערע „לידלאַך“ אין דער מוזיק־אָפּטיילונג פון וואַנאַמעיקער׳ס דעפּאַרטמענט סטאָר פאַר זיבן דאָלאַר אַ וואָך. און שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן באַרימט, האָט ער שוין פאַרדינט אַלס קאָמפּאָזיטאָר אַ וואָסערע דריי טויזנט דאָלאַר אַ וואָך. ער פלעגט צוהאַנדלען מיט סטאָקס אין וואָל סטריט און שטענדיק געמאַכט פּראָפיט.

אָבער אונז אינטערעסירט ניט זיין געלט, נאָר זיין מוזיקאַלישער טאַלאַנט, און דאָס האָט דער פאַרשטאָרבענער קאָמפּאָזיטאָר פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס. ער אַליין האָט וועגן זיין טאַלאַנט ווינציק גערעדט. ער איז פון דער נאַטור געווען אַ העכסט באַשיידענער מענטש, און דער גרויסער דערפאָלג זיינער, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין מוזיק, האָט אים נישט שיכור געמאַכט. מען קען אויף אים זאָגן, אַז ער איז געווען די באַשיידנקייט אַליין — אַ זאַך, וואָס מען טרעפט זעלטן צווישן קינסטלער...

ער פלעגט זאָגן וועגן זיך: „דער פאַקט, וואָס דאָס טעאַטער־פּובליקום און די מיליאָנען מענטשן, וואָס באַזוכן די מאָוויס, האָבן ליב מיין מוזיק, גיט מיר נאָך ניט קיין אַטעסטאַט. עס זיינען פאַראַן פילע אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס שרייבן בעסערע מוזיק ווי איך, און דאָס פּובליקום האָט זיי ניט ליב“.

ווי אַ מוזיקער איז דזשעראָם קוירן געווען אַ ראָמאַנטיקער. ער האָט געשאַפן מעלאָדישע, זיסע, פאַר׳חלומ׳טע מוזיק. אָבער ווי אַנדערש איז זיין מוזיק פון אירווינג בערלינ׳ס. אָדער פון די אַנדערע באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס שרייבן אויך מעלאָדישע, זיסע, פאַר׳חלומ׳טע מוזיק אין אַמעריקע. דזשעראָם קוירן איז געווען אַ שול פאַר זיך.

די העכסטע מדרגה פון זיין טאַלאַנט האָט דזשעראָם קוירן דערגרייכט מיט זיין מוזיק פאַר דער אָפּערעטע „שאָובאָוט“. אין דער דאָזיקער אָפּערעטע איז פאַראַן אַ ליד „אָלד מען ריווער“, וואָס איז געוואָרן איינע פון די באַרימטסטע לידער ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר ווייט אַריבער אַלע ימים. „אָלד מען ריווער“, וואָס איז איינע פון אַ צאָל נשמה׳דיקע לידער, וואָס דזשעראָם קוירן האָט געשריבן, ווערט פאַררעכנט אַלס אַן אַמעריקאַנער פאָלקס־ליד, פּונקט ווי די לידער פון דעם אַמעריקאַנער פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר סטיפען פאָסטער.

אָבער בעת סטיפען פאָסטער האָט געזוכט אַריינצוברענגען דעם אַמערי־

קאַנער פאָלקס־טאָן אין די מערסטע פון זיינע לידער, ווי „אָלד בלעק דזשאָו", „אָלד קענטאַקי האָום" און נאָך פילע אַנדערע, האָט דזשעראָם קוירן דורכאויס געשריבן אָריגינעלע מוזיק, וואָס האָט געקוואָלן פון די טיפענישן פון זיין אייגענער נשמה. זיין מוזיק איז דורכאויס אָנגעפילט מיט זיינע געפילן.

וואָלטער ווינטשעל, דער באַרימטער קאָלומניסט און ראַדיאָ־קאָמענ־טאַטאָר, האָט אויף זיין וועכנטליכער ראַדיאָ־פּראָגראַם וועגן דזשעראָם קוירנ'ען זיך אויסגעדריקט:

„פּאָר אונז, קינדער, האָט דזשעראָם קוירן געמיינט זייער אַ סך. ער האָט אונז דערצויגן. ער האָט אונז פאַרבונדן. זיינע לידער האָט געקענט זינגען אַ מאַמע צו אַ טאָכטער, און אַ ברודער צו אַ שוועסטער".

פאַרוואָס איז דזשעראָם קוירן געווען אַזוי שטאַרק באַליבט ביי דער אַמעריקאַנער יוגנט? ווייל די מערסטע אַמעריקאַנער יונגעלייט און מיידלאַך פאַרמאָגן אַ מוזיקאַלישן חוש. דאָס איז אַ וויכטיקער פאַקט.

היינט צו טאָג עקזיסטירן אין יעדער שטאָט און שטעטל אין אַמעריקע פאַרשידענע מוזיקאַלישע קלובן, אָרקעסטערס, כאָרן. כמעט אין יעדער שול און אוניווערזיטעט אין אַמעריקע געפינט זיך אַ כאָר און אַן אַמאַטאָרן־אָרקעסטער. דער נייער דור אין אַמעריקע איז אַ מוזיק־ליבענדער.

אָבער דער גרויסער דערפאָלג ביי דער אַמעריקאַנער יוגנט פון דזשעראָם קוירנ'ס מוזיק באַשטייט דער עיקר אין דעם, וואָס זי דריקט אויס דעם איינגעבאָרענעם אַמעריקאַנער גוסט און גייסט, דעם אַמעריקאַנער געמיט און לעבנס־לוסט. זי רעדט די שפּראַך פון אַמעריקע מיט אַן אייגענעם ריטם, אַן אייגענער מעלאָדיע און אייגענער האַרמאָניע.

פערציג יאָר פון זיין לעבן האָט דזשעראָם קוירן אָוועקגעגעבן צו שאַפן מוזיק פאַרן אַמעריקאַנער טעאַטער און די מואָוויס. אין לויף פון אָט־דער צייט האָט ער אָנגעשריבן מער ווי אַ פּאָר צענדליג דערפאָלגרייכע אָפּערעטעס און מוזיק צו פאַרשידענע בילדער אין די מואָוויס. פילע פון זיינע אָפּערעטעס פלעגט מען אויפפירן אין דער זעלבער צייט אין ניו יורק, לאָנדאָן און פאַריז.

דעם גרעסטן דערפאָלג האָט דזשעראָם קוירן געהאַט מיט זיין שוין־פריער דערמאָנטער אָפּערעטע „שאָובאָוט", וואָס ווערט איבערגעשפּילט

נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און וועט פאַרבלייבן פאַר אַלעמאָל אַ ווערק אין דער אַמעריקאַנער מוזיק־ליטעראַטור.

עס ווערט דערציילט, אַז צו דער ערשטער דערעפענונג פון „שאָו־באָוט", וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ דעצעמבער נאַכט, אין יאָר 1927, האָבן מענטשן געצאָלט פאַר אַ טיקעט אַזוי הויך ווי הונדערט דאָלאַר.

צו פאַרוואַנדלען עדנאַ פערבער'ס באַרימטן ראָמאַן „שאָובאָוט" אין אַן אָפּערעטע, איז געווען דזשעראָם קוירנ'ס אייגענער איינפאַל. נאָכדעם ווי ער האָט דעם ראָמאַן איבערגעלייענט, האָט ער זיך געווענדט צו זיין פאַר־שטאָרבענעם פריינט, דעם שרייבער אַלעקסאַנדער וואולקאָט, אַז ער זאָל אים באַקענען מיט דער שרייבערין פון דעם ראָמאַן. אויף אַזוי ווייט איז גע־גאַנגען דזשעראָם קוירנ'ס באַשיידנקייט, אַז ער האָט ניט געוואַגט אַליין אָנ־צוקלינגען דער שרייבערין און זאָגן איר, אַז ער וויל זיך מיט איר באַקענען. גלייך ווי דער נאָמען דזשעראָם קוירן וואָלט אין אַמעריקע געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט...

נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער וואולקאָט האָט זיי ביידן געהאַט צוזאַמענ־געפירט, איז דער „שידוך" צווישן די צוויי קינסטלער געשלאָסן געוואָרן. דזשעראָם קוירן האָט זיך מיט גרויס חשק אַוועקגעזעצט שרייבן די מוזיק און אין אַ קורצער צייט אַרום איז די אָפּערעטע געווען שוין פאַרטיג. ער איז געווען אינספּירירט פון דעם ראָמאַן און דאָס איז געווען די אורזאַך, פאַר־וואָס די מוזיק האָט אים אַזוי געלונגען. ער האָט אין איר אַריינגעלייגט זיינע שענסטע געפילן, זיין פאַר'חלומ'טקייט און זיין גאַנצן מוזיקאַלישן טאַלאַנט.

נאָך אַ וויכטיקער באַווייז פון דעם גרויסן ווערט פון דער מוזיק צו „שאָובאָוט" קען געבראַכט ווערן דאָ דער פאַקט, וואָס אַזאַ אָנגעזעענער מוזיקער און דיריגענט, ווי אַרטור ראָדזינסקי האָט זיך געווענדט צו דזשעראָם קוירנ'ן, אַז ער זאָל די מוזיק פון „שאָובאָוט" איבערשאַפן אין אַ „סימפאָניע" און ער וועט זי שפּילן מיט אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער. אָבער דזשעראָם קוירן האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך ניט געשעמט צו זאָגן, אַז דאָס איז פאַר אים אַ צו גרויסע אויפגאַבע. און דאָס איז נאָך אַ גרויסער באַווייז פון זיין איינגעבאָרענער באַשיידנקייט.

„שאָובאָוט", וואָס גאַנץ אַמעריקע קוויקט זיך דערמיט, איז אַלזאָ אַ שאַפונג פון צוויי אידן — עדנאַ פערבער און דזשעראָם קוירן.

נאָר פון אַלע אידיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרן, איז דזשעראָם קוירן

געווען פֿאַררעכנט פֿאַרן „גוי׳אישסטן״ פֿון זיי אַלע. דאָך איז אויך זיין מוזיק ניט אינגאַנצן ריין פֿון אידישן איינפֿלוס. מען געפֿינט ביי אים אַ סך ווייניקער אידישע טענער ווי אין דזשאָרדזש גוירשווינ׳ס מוזיק, אָבער אינגאַנצן זיך אויסטאָן פֿון זיין אידישקייט האָט אפֿילו דזשעראָם קוירן ניט געקענט — און קיין שום אידישער קינסטלער קען עס ניט...

דזשעראָם קוירן איז געבאָרן געוואָרן אין ניו יאָרק דעם 27־טן יוני, 1885. זיינע עלטערן זיינען ניט געווען קיין אָרעמע, אָבער אויך ניט קיין רייכע. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן זייער אידישקייט. זיי זיינען ניט געווען קיין פֿרייע, אָבער אויך ניט קיין פֿרומע. די אַטמאָספֿערע איז געווען אַזאַ, וואָס קיין צופֿיל אידישקייט האָט דער יונגער קוירן ביי זיי ניט געקענט איינזאַפּן אין זיך. מיט דעם אידישן לעבן האָבן קוירנ׳ס עלטערן זיך ניט צופֿיל געמישט. עס האָט געפֿעלט די טראַדיציע וואָס מען טרעפֿט אין די מערסטע אידישע הייזער פֿון ניו יאָרק. עס איז אויך ניט באַקאַנט צי דזשעראָם קוירן איז אַמאָל געגאַנגען אין אַ אידישן חדר.

די ערשטע זאַך, וואָס די עלטערן האָבן געזוכט צו געבן זייער זון, איז געווען אַ מוזיקאַלישע דערציאונג. זיין מאַמע, וואָס איז אַליין געווען אַ מוזיקערין, האָט די ערשטע אים געלערנט פּיאַנאָ שפּילן. זיין טאַלאַנט האָט זיך גלייך פֿון אָנהויב אָן אַרויסגעוויזן ניט בלויז אין דעם וואָס ער האָט געקענט זיצן לאַנגע שטונדן ביי דער פּיאַנאָ און פּראַקטיצירן און ניט מיד ווערן, נאָר אויך אין דעם אופֿן ווי אַזוי ער האָט געשפּילט. אויך האָט ער גלייך אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו פֿאַרפֿאַסן אייגענע קאָמפּאָזיציעס. ער פֿלעגט די קאָמפּאָזיציעס צוערשט ווייזן דער מאַמען זיינער, און אויב זיי זיינען איר געווען געפֿעלן, פֿלעגט ער דערנאָך זיי ווייזן צו זיינע פֿריינט. די מאַמע האָט אים אַ סך געהאָלפֿן זיי אויסצובעסערן.

נאָכדעם ווי דזשעראָם קוירן האָט דורכגעמאַכט פּאָבליק סקול און האַי־סקול, איז ער אַריינגעטראָטן אַלס סטודנט אין דעם ניו יאָרק „קאָלעדזש אָוו מוזיק״. דאָ האָט זיך זיין טאַלאַנט גענומען אויסברייטערן, סיי אַלס פּיאַניסט, סיי אַלס קאָמפּאָזיטאָר. שפּעטער איז ער געפֿאָרן קיין אייראָפּע און האָט דאָרטן שטודירט מוזיק, צוערשט אין דייטשלאַנד, דערנאָך אין פֿראַנקרייך.

ווען ער איז געקומען צוריק קיין ניו יאָרק איז זיין גייסט געווען באַ־רייכערט מיט די ווערק פֿון דער אייראָפּעאישער מוזיק־ליטעראַטור. אָבער קיין סך אויפֿטאָן דערמיט האָט ער ניט געקענט. ער איז אַוועק אַרבעטן אין

דער מוזיק־אָפּטיילונג פון וואַנאַמעיקער׳ס דעפּאַרטמענט סטאָר פאַר זיבן דאָלאַר אַ וואָך.

זיין סאַמע ערשטע גרויסע געלעגנהייט איז געווען, ווען די באַרימטע אַקטריסע פון יענער צייט, מערי דרעסלער, האָט געזוכט אַ פּיאַניסט, וואָס זאָל איר אַקאָמפּאַנירן, ווען זי פלעגט אויפטרעטן אויף דער בינע. אימעצער פון אירע פריינט האָט איר רעקאָמענדירט דזשעראָם קוירן. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין קאָלירפולע מוזיקאַלישע קאַריערע.

צווישן זיינע דערפאָלגרייכע אָפּערעטעס קען דאָ אויך דערמאָנט ווערן: „ראָבערטאָ״, „סאַלי״, „די קעט ענד די פידל״, „מיוזיק אין דהי עיר״ און „סוויט אַדעליין״. אין דער צייט וואָס די איצטיקע מלחמה איז אָנגעגאַנגען, האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד וואָס האָט געהייסן „דהי לעסט טאַים אַי סאָ פּעריז״, און איז ווי אַלע זיינע זאַכן, וואָס ער האָט געשריבן, געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

„פאָרווערטס״, נאָוו. 25, 1945, נ.י.

# וואַנדאַ לאַנדאָווסקאַ — קעניגין פון האַרפּסיקאָרד

## מיין חבר און קאָלעגע לייב גלאַנץ

ייער וויינציג מענטשן, צווישן זיי אפילו אַ סך פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער און מוזיק־ליבהאָבער, שטענדיקע באַזוכער פון מוזיקאַלישע קאָנצערטן, ווייסן אָדער האָבן געהערט, אַז וואַנדאַ לאַנדאָווסקאַ, די באַרימטע ווירטואָזין פון האַרפּסיקאָרד, איז אַ אידישע פרוי פון פוילן. זי איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, די קרוין־שטאָט פון פוילן, וואו עס האָט אַמאָל געבליט אַ פיל־פאַרביק אידיש לעבן במשך פון דורות און האָט געגעבן דער וועלט אַ סך געניאַלע קינסטלער אויף פאַרשידענע קונסט־געביטן. ניט בלויז אידן, נאָר די גאַנצע וועלט, און באַזונדערס די מוזיקאַלישע וועלט, האָט גאָר אַ סך פאַרלאָרן מיט דעם אונטערגאַנג פונעם פוילישן אידנטום.

עס איז געווען די שטאָט לובלין, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די צוויי גע־ניאַלע מוזיקער, די ברידער וועניאַווסקי, הענרי און דזשאָזעף. און לאָדזש

האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן פּיאַנאָ־ווירטואָז אַרטור רובינשטיינ׳ען. כעלם האָט אַרויסגעגעבן דעם גרעסטן טשעליסט וואָס האָט געלעבט, עמנואל פויערמאַנ׳ען. טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעגעבן איינעם פון די באַרימטסטע פידלער, דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם בראָניסלאַוו הובער־מאַנ׳ען, דער גרינדער פונעם ארץ ישראל׳דיקן סימפאָנישן אָרקעסטער.

איך וואָלט דאָ געקענט אויסרעכענען אַ גאַנץ היפּשן צעטל מיט נעמען פון באַרימטע אידישע מוזיקער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין פאַר־שידענע שטעט פון פוילן. דאָס וואָלט מיך אָבער צו ווייט פאַרפירט. מיין היינטיקן אַרטיקל וויל איך דורכאויס ווידמענען צו דער געניאַלער פרוי־קינסטלערין, וואַנדא לאַנדאָווסקאַ׳ן, וועמענס שפּילן אויפן האַרפּסיקאָרד־אינסטרומענט ווערט באַוואונדערט אין דער גאַרער וועלט.

ווירטואָזען פון פיאַנאָ האָבן מיר אַ סך, אָבער ווירטואָזען פון האַרפּסיקאָרד האָבן מיר זייער ווינציק. מען קען זיי איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט — און אפשר דאָס אויך ניט. עס איז אַ סאָרט אינסטרומענט, וואָס ניט יעדערער וועלכער שפּילט אויף אים, קען אַרויס־רופן די געהעריקע באַגייסטערונג און באַוואונדערונג. דער האַרפּסיקאָרד איז אַ ביסל ענליך צו דער פיאַנאָ, אָבער דער טאָן זיינער איז ניט אַזאַ לעבע־דיקער, אַזאַ קלינגעוודיקער, ער גיט אַרויס דינע טענער און קלינגט היפּש מאָנאָטאָניש. מען מוז זיין גאָר אַן ערשט־קלאַסיקער קינסטלער צו קענען פאַרדעקן די דאָזיקע מאָנאָטאָנקייט זיינע, און אַזעלכע קינסטלער זיינען קיין סך אויף דער וועלט נישט בנמצא. בפרט צו אָנגערופן ווערן „ווירטואָזין״ פונעם דאָזיקן אינסטרומענט.

וואַנדא לאַנדאָווסקאַ ווערט פאַררעכנט פאַר די קעניגן פונעם דאָזיקן דינעם אינסטרומענט אין דער גאַנצער וועלט. אונטער אירע איידעלע, צאַרטע פרויען־פינגער, ווערט דער דאָזיקער זעלטענער אינסטרומענט באַלעבט און שטאַרק דערהויבן. זי גיט צו מיט איר שפּילן אויף אים אַזוי פיל באַדייט, אַזוי פיל חשיבות און מוזיקאַלישקייט. דער האַרפּסיקאָרד באַקומט אונטער אירע הענט אַ תיקון.

כ׳האָב שוין אויך געהערט אַ סך אַנדערע שפּילן אויפ׳ן האַרפּסיקאָרד, צווישן זיי אַזאַ באַרימטן קינסטלער ווי איטורבי, אויף וועמען מען קען ניט זאָגן אַז ער שפּילט שלעכט, אָבער צו וואַנדא לאַנדאָווסקאַ׳ן קומט ער ניט. ער איז טאַקע אַ גרויסער פּיאַנאָ־ווירטואָז, אָבער ווען עס קומט צו האַרפּסי־

קאָרד, האָט וואַנדא לאַנדאָווסקאַ צו זיך קיין גלייכן ניט. קיינער באַהערשט ניט אַזוי פיל די טעכניק פונעם האַרפסיקאָרד ווי זי. דער אינסטרומענט זינגט און שאַלט ווען זי זיצט לעבן אים.

דער האַרפסיקאָרד איז אַ גאַנץ אַלטער מוזיקאַלישער אינסטרומענט און עס איז ספּעציעל אָנגעשריבן געוואָרן אַ מוזיק־ליטעראַטור פאַר אים. מען דאַרף אָבער קענען פולשטענדיק באַהערשן סיי דעם אינסטרומענט און סיי דעם אָנגעשריבענעם מאַטעריאַל. וואַנדא לאַנדאָווסקאַ, זעט אויס, איז ווי לכתחילה געבוירן געוואָרן פאַר ביידן: אי פאַר דעם אינסטרומענט און אי פאַר דעם אָנגעשריבענעם מאַטעריאַל. זי האָט נישט געהאַט קיין שום פאַר־גייער פון וועמען זי זאָל געוועזן קענען קאָפּירן, זי האָט אַליין געמוזט זוכן און געפינען דעם „שליסל" צום „האַרץ" פונעם דאָזיקן אַנטיקוואַרן אינסטרו־מענט און אויך צו זיין מוזיק־ליטעראַטור. איר גאַנץ לייב־און־לעבן, דאָס האַרץ מיט דער נשמה, זינגען איינפאַך אַרויס דורך די סטרונעס פונעם האַרפסיקאָרד. איר פילט איר פאַרוועבטקייט, איר צוגעבונדנקייט, ווי טיף זי האָט אין אים אַריינגעדרונגען און איר מערקווירדיקע פאַרשטענדעניש פאַר אָט דעם זעלטענעם אינסטרומענט, וועמענס דינקייט פאַרגייט זיך און ציט די עצמות פונעם צוהערער.

וואַנדא לאַנדאָווסקאַ איז ניט קיין פנים חדשות אין דער מוזיקאַלישער וועלט. מען קען זי שוין אַ שיין ביסל יאָרן. זי איז פונקט אַזוי באַרימט אַלס פּיאַנאָ־שפּילערין, ווי אַלס ווירטואָזין פון האַרפסיקאָרד. זי איז אויפגע־טראָטן אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער וועלט. אַ חוץ אַ ווירטואָזין, ווערט זי אויך פאַררעכנט פאַר אַ באַגאַבטע מוזיקערין. זי קען ניט בלויז יעדע קאָמפּאָזיציע וואָס זי שפּילט אויף אויסווייניק, נאָר אויך דעם קאָמפּאָזיטאָר גופא, זיין לעבן, זיין צייט, זיין סביבה און די גאַנצע עפּאָכע אין וועלכער ער האָט געלעבט. איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די מוזיקאַלישע וועלט האַלט זי פאַר אַ גרויסן אויטאָריטעט און מען רעכנט זיך מיט אירע מיינונגען איבער מוזיק און מוזיקער. אירע ליטעראַרישע ווערק וואָס זי האָט ביז איצט פאַרעפנטליכט וועגן מוזיק און באַרימטע מוזיקער ווערן באַטראַכט פאַר העכסטע וואָגיקע מוזיקאַלישע אַרבעטן. מען שטודירט זיי מיט מוזיק־סטודענטן אין די קאָנסערוואַטאָריעס איבער דער גאַנצער וועלט.

דער הויפּט סעקרעט פון וואַנדא לאַנדאָווסקאַ'ס קונסט באַשטייט אין דעם, וואָס נאָכדעם ווי זי האָט דורכגעשטודירט און אויסגעפאָרשט אַ

געוויסן מוזיקאַליש ווערק, טראָגט זי צו איר אייגענעם קינסטלערישן צושטייער, איר אייגענעם שאַפערישן חלק, און ס׳באַקומט זיך דער איינדרוק, גלייך ווי זי אַליין וואָלט דאָס ווערק אָנגעשריבן. די אָנגעשריבענע נאָטן פון אַ קאָמפּאָזיציע זיינען פאַר איר בלויז אַן „אַפיר״, דער עיקר און דאָס וואָס עס שטייט צווישן די שורות־נאָטן — אויף דעם איז וואַנדא לאַנדאָווסקאַ אַ גרויסע מומחה׳טע. זי קען זייער פיל אַריינטייטשן, בויגן און פראַזירען, וואַרפן איר אייגן מוזיקאַליש־ליכט אויף אַלץ און אַלעמען, באַלויכטן און באַשטראַלן יעדן ווערק באַזונדער. מיט איר טיפער אימאַזשינאַציע און מוזיקאַלישן וויסן, ברענגט זי אַרויס יעדן קאָמפּאָזיטאָר אַנדערש. איר פילט די אַנדערשקייט פון די סטילן אפילו ניט זייענדיק קיין מוזיקער — אַ דאַנק איר מערקווירדיקן שפּילן און זעלטענער אויסטייטשונג, וואָס איז ביז גאָר אָריגינעל און פאַרכאַפּנדיק.

פון קליינערהייט אָן האָט וואַנדא לאַנדאָווסקאַ אַרויסגעוויזן אַ גוואַל־דיקע תשוקה, אַ שטאַרקן חשק און געבוירענעם טאַלאַנט צו מוזיק. זי האָט אָנגעהויבן צו שפּילן פּיאַנאָ און וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ טיפער און טיפער האָט זי באַנומען די נשמה פון דער מוזיק־קונסט. זי איז געוואָרן אַ הייסע חסידה פון באַכ׳ן, וועמענס מוזיק האָט גערעדט צו איר מער ווי ווער עס איז אַנדערש פון די גרויסע מוזיק־שאַפער. דער רעליגיעזער הינטער־גרונט פון באַכ׳ס מוזיקאַלישע ווערק האָט זי אַרומגענומען און ממש איינגע־שלונגען. עס קען זיין, אַז איר אייגענע פרומע נשמה האָט געשפּילט ניט קיין קלענערע ראָלע, ווי באַכ׳ס רעליגיעזע מוזיק.

וואַרשע איז טאַקע געווען אַ גרויסע שטאָט, אָבער דאָס אידישע לעבן איז ווייט ניט געווען אַזוי הפקר׳דיק דאָרט. די מערסטע וואַרשעווער אידישע היימען זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אידישע פרומקייט, מיט שבת און יום־טוב, מיט רעליגיעזן ציטער, מיט חשבון־הנפש און פאַרקלערטקייט. און אויב אפילו מען איז געבוירן געוואָרן אין אַ ריין אַסימילאַטאָריש הויז, האָט זיך פון דער וואַרשעווער פרומקייט ווי ניט איז דאָך עפּעס צוגעקלעפּט — און מען טראָגט עס מיט זיך, צי מען וויל צי מען וויל ניט.

אין משך פון די לעצטע פאַר יאָר צייט איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אַ גרויסער צאָל באַרימטע אידישע קינסטלער פון פאַרשידענע קונסט־געביטן, וועלכע האַלטן זיך ווייט פונעם אידישן לעבן. ס׳איז אָבער מערקווירדיק ווי גאָר אַ סך פון זיי טראָגן זיך אַרום מיט אידיש רעליגיעזע

געפילן און היטן אַפּ געוויסע אידישע ימים־טובים און האַלטן פון געוויסע אידישע מנהגים. דער אידישער רעליגיעזער געפיל באַגלייט זיי אויף זייערע פאַרשידענע קונסט־וועגן. עס לאָזט זיך פילן אין זייערע טאָונגען, אין דעם ברען און פייער וואָס שפריצט פון זיי, אין דעם הייליקן ציטער, וואָס גיט זיך איבער אין זייער קונסט.

איך ווייס ניט אויף ווי וויים טיף־אידישלעך אָדער ניט־אידישלעך וואַנדא לאַנדאָווסקאָ איז, אָבער אין איר שפּילן אויפן האַרפּסיקאָרד מערקט זיך אַ טיפע רעליגיעזע פאַרקלערטקייט, וואָס קען ניט אַנדערש אָנגערופן ווערן ווי נאָר אַלס אידיש. מען קען אָט דאָס געפיל ניט אויסמאָלן אין ווערטער, מ'דאַרף עס קענען אָנען, שפּירן דערשמעקן און באַנעמען.

מעגליך אַז וואַנדא לאַנדאָווסקאָ וועט מיט מיר ניט זיין איינשטימיק, אָבער דאָס איז מיין איינדרוק. זי איז רעליגיעז אידישלעך אין איר שפּילן, אפילו ווען זי האַלט זיך ווייט פונעם אידישן לעבן.

„דער טאָג", נאָוו. 7, 1948, נ. י.

# ברונאָ וואַלטער דערציילט

צווישן די וועלט־באַרימטע אידישע און ניט־אידישע דיריגענטן, סיי אין דער סימפאָניע און סיי אין דער אָפּערע, ליכטיקט און שיינט אַרויס דער נאָמען ברונאָ וואַלטער, וואָס איז באַוואוסט אַלס אַ זעלטענע מאַגנעטישע מוזיקאַלישע פערזענליכקייט אין דער מוזיקאַלישער וועלט. שוין מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט, אַז ברונאָ וואַלטער רעדט צו מיליאָנען מענטשן איבער גאָר דער וועלט אויף אַ שפּראַך, די פּולקאָ־מענסטע און די נאָענטסטע צו דער מענטשלעכער נשמה, צום מענטשלעכן האַרץ, וואָס הייסט מוזיק — די שפּראַך פון שפּראַכן!

ברונאָ וואַלטער איז אויך דער מחבר פון עטלעכע וויכטיקע ביכער איבער מוזיק, און איצט איז ניט לאַנג צוריק אַרויס זיין אויטאָביאָגראַפיש־בוך, וואָס טראָגט דעם מוזיקאַלישן נאָמען „טעמעס און וואַריאַציעס", און האַלט דעם לייענער געשפּאַנט פון אָנהויב ביז'ן סוף. ניט נאָר איז ער אַן

אויסגעצייכנטער דיריגענט, נאָר ער קאָן אויך אויסגעצייכנט דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע און בילדליך איבערגעבן געוויסע לעבנס־דערפאַרונגען, עפּיזאָדן און געשעענישן.

דער בוך איז אָריגינעל געשריבן געוואָרן אויף דייטש און איז דערנאָך איבערזעצט געוואָרן אויף ענגליש פון דזשיימס א. גאַלסטאָן, וואָס האָט זיך קענטיק שטאַרק געמיט זיך צו האַלטן ביים אָריגינעל אַזוי נאָענט ווי נאָר מעגליך. דער באַרימטער אַמעריקאַנער פאַרלאַג אַלפרעד קנאָפּף איז דער אַרויסגעבער פונ׳ם בוך.

„טעמעס און וואַריאַציעס״ איז ניט קיין געוויינליכע ביאָגראַפיע. עס איז אַ שטודיום פון אַ מענטשן, פון אַ מוזיקאַלישן גאון, וואָס האָט דערגרייכט דעם אָלימפּ אין דער קונסט פון דיריגענטשאַפט און פון קענען אויסטייטשן די גרעסטע מוזיקאַלישע גאונים, וואָס די וועלט האָט ביז איצט אַרויס־געגעבן. ער בלאָזט אַריין זיין אייגענע נשמה אין יעדער שאַפונג, אין יעדער קאָמפּאָזיציע, וואָס ער שפּילט אויס מיט אַן אָרקעסטער, אָדער זינגט אויס אין דער אָפּערע.

צו הערן שפּילן באַכ׳ס אַ קאָמפּאָזיציע אונטער זיין דיריגענץ און ניט פילן קיין רעליגיעזן ציטער, איז אוממעגליך. און מאָצאַרט זינגט אונטער זיינע הענט, ווי מלאכים אין הימל וואָלטן זאָגן שירה. פון זיין אויסטייטשן מענדעלסאָנ׳ען ווייעט ער אויף אייך אָן אַזאַ ראָמאַנטישקייט, אַז עס גלוסט זיך אייך אויפסניי אין אימיצן פאַרליבן. און בעטהאָווענ׳ס שטורמישער גייסט צערוישט זיך קלאַנגפול אונטער זיין אָנפירערשאַפט, ווי אַ געדיכטער וואַלד מיט הויכע סאָסנעביימער. וואַגנער פאַרלירט ביי אים אַ סך פון זיין דייטשער שווער־לייביגקייט. ער ווערט ביי אים מער מענטש און ווייניקער דייטשער וואַלד־גזלן. און מיט טשייקאָווסקי׳ן רעדט ער זיך מערער דורך ווי ער שפּילט אים אויס. אַזוי אויך מיט יעדן אַנדערן באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר פון דער גאונים־צייט. ער פילט דעם מהות פון יעדן איינציקן, זיין גייסט און זיין נשמה, דער ציטער און פלאַטער פון יעדן קלאַסיקער, וואָס איז אויפגע־קומען אין דעם 17טן, 18טן און 19טן יאָרהונדערט.

ברונאָ וואַלטער האָט אַ סך אַרומגערייזט און האָט אָנגעפירט מיט אָרקעסטערס און אָפּערעס אין די גרעסטע שטעט פון אייראָפּע. ער דער־ציילט וואָס ער האָט אומעטום געטאָן, און באַמיט זיך מאָלן אויך אַ בילד פון דעם מוזיקאַלישן לעבן אין יעדער שטאָט באַזונדער. ער שטעלט זיך אויך אָפּ

אויף אייניקע אינטערעסאַנטע באַגעגענישן זיינע מיט באַרימטע פּערזענליכ־קייטן, קינסטלער, מאַלער, שרייבער, מוזיקער. באַזונדערס שטעלט ער זיך אָפּ אויף זיין לאַנג־יאָריקער פריינטשאַפט מיט גוסטאַוו מאלער׳ן, וועמען ער באַטראַכט פאַר זיין רבי׳ן און רעדט וועגן אים מיט גרויס ליבשאַפט און פאַרערונג. ער האָט אַ סך געלערנט ביי מאלער׳ן און ער איז אים געבליבן אַן אייביקער פריינט. אַ דאַנק ברונאָ וואָלטער׳ן ווערן מאלע׳ס ווערק איצט אָפטער געשפּילט פון סימפאָנישע אָרקעסטערס אין גאָר דער וועלט.

וועגן ווין, די שטאָט פון מוזיק און פּאָעזיע, וואָס איז געווען דער מוזיק־צענטער פון דער וועלט, צעגיסט זיך ברונאָ וואָלטער מיט אַזאַ לירישקייט, מיט אַזאַ סענטימענטאַלקייט, אַז איר ווערט ממש גערירט. פאַר ברונאָ וואָלטער׳ן איז עס העכסט נאַטירליך, ווייל אין ווין האָט זיין נאָמען אָנגע־הויבן צו שיינען און פון דאָרט האָט זיך זיין רום צעטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט. זיין גאַנצער קאַריערע איז פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער שטאָט. נאָך מאַלער׳ן איז ברונאָ וואָלטער געווען דער באַרימטסטער דיריגענט אין ווין. זיינע אויפפירונגען פון מאָצאַרט׳ס אָפּערעס, ווערדי׳ס אָפּערעס, און די מוזיק־דראַמעס פון וואַגנער׳ן האָבן געמאַכט אַ רושם. עס האָט זיך געפילט אין זיי אַן אייגענער צוגאַנג, אַן אייגענער באַנעם, אַן אייגענער טאָן. אין דער ווינער אָפּערע האָט ער זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען. ער איז אויך געווען דער דיריגענט פון דער ווינער פיל־האַרמאָ־נישער סימפאָניע, וואָס איז געווען וועלט־באַרימט, און האָט אויך אָנגעפירט מיט די זאַלצבורגער מוזיק־פעסטן.

ברונאָ וואָלטער האָט זייער יונג אָנגעהויבן צו שטייגן אויף דעם מוזיקאַלישן לייטער. שוין צו זיבעצן יאָר איז ער אָנגעקומען אין דער אָפּערע אין קעלן, וואו זיין אַרבעט איז באַשטאַנען איינצושטודירן ראָלעס און צוגרייטן די זינגער פאַר דער בינע. די אַרבעט איז ניט קיין גרינגע. עס פאָדערט זיך פאַכמאַנשאַפט און זייער אַ סך געדולד, און ברונאָ וואָלטער האָט פאַרמאָגט ביידע זאַכן. ער האָט געהאַט געדולד און צייט פאַר אַלץ, און, דער עיקר, ער איז שטענדיק געווען זיכער מיט זיך. ווען עס איז אים אָנגע־פאַטרויט געוואָרן צו דיריגירן די ערשטע אָפּערע אין קעלן לאָרטסינג׳ס בוף־אָפּערע, „דער וואַפענשמיד״, האָט ער זיך פאַר דעם ניט דערשראָקן. ער האָט אויף קיין איין מאָמענט ניט געצווייפלט וועגן זיין קענטשאַפט צו קאָנען עס דורכפירן. ער האָט געפילט, אַז ער איז באַרופן דערצו.

פון קעלן איז ער דערנאָך אַריבער קיין האַמבורג, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט גוסטאַוו מאַלער׳ן און זיי האָבן דאָרט צוזאַמען געאַרבעט. עס איז זעלטן צו באַגעגענען אין דער קיסטלערישער וועלט אַזאַ פריינטשאַפט ווי עס איז געוואָרן צווישן די צוויי קינסטלער. מאַלער׳ס מוזיקאַלישער איינפלוס האָט איבערגעלאָזן טיפע שפורן אין ברונאָ וואַלטער׳ן און ער מאָלט פון אים אַ וואונדערליכן פּאָרטרעט אין אַ ראַם פון אויסערגעוויינ־ליכער ליבשאַפט. זיבעצן יאָר האָט אָנגעהאַלטן זייער פריינטשאַפט און זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין קריוודע איינער קעגן אַנדערן. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער תלמיד האָט אַלעמאָל אַרויפגעקוקט צום רבי׳ן און דער רבי האָט קיינמאָל ניט אַרונטערגעקוקט צום תלמיד. זיי האָבן זיך געפילט ווי צוויי גלייכע און האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען איינע די אַנדערע.

דער דערפאָלג, וואָס ברונאָ וואַלטער האָט געהאַט אין האַמבורג, האָט אים שפּעטער געפירט קיין ברעסלאַו, דערנאָך קיין פּרעשבורג, ריגע, בערלין, ווין, מינכען און אַזוי ווייטער, איינשליסנדיק כמעט יעדן לאַנד אין אייראָפּע און אויך די גרעסטע שטעט פון אַמעריקע. ווען ער איז געוואָרן דער דיריגענט פון דער אָפּערע אין ריגע, איז ער אַלט געווען 22 יאָר, און כדי ער זאָל אויסזען עלטער, האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ באָרד. אין ריגע איז ברונאָ וואַלטער אַרויסגעטראָטן אויף אַ ציוניסטישן קאָנצערט מיטן שפּילן די פּיאַנאָ. איינער פון די אַראַנזשירער פון יענעם קאָנצערט איז געווען דער באַוואוסטער אידישער פּובליציסט ב. צביון. דער דאָזיקער אינצידענט ווערט צוליב אורזאַכן ניט דערמאָנט אין זיין ביאָגראַפיע, פּונקט ווי עס ווערט ניט אָנגעגעבן דער אינצידענט, אַז ווען ברונאָ וואַלטער׳ס מוטער איז געשטאָרבן אין בערלין, האָט ער געמוזט בלייבן שטיין פון יענער זייט גדר פון בית עולם, דערפאַר וואָס ער האָט אויסגעביטן דעם „רענדל״...

דעם ערשטן פאַל האָט מיר דערציילט ב. צביון אַליין, וועלכער זאָגט, אַז ער איז מיינער אַ שטענדיקער לייענער. און איך מוז באַמערקן, אַז איך נעם זיך שטאַרק איבער מיט דעם. דעם צווייטן פאַל האָט מיר איבערגעגעבן גרשון סוועט, דער מוזיק־קריטיקער פון „הארץ״ אין תל־אביב, ווען ער איז דאָ ניט לאַנג געווען מיט אַ באַזוך אין אַמעריקע.

צווישן אַנדערע זאַכן שטעלט זיך ברונאָ וואַלטער אויך אָפּ אין זיין בוך אויף דער נאַצי־געפאַר, וואָס ער האָט — גיט ער צו — פאַרפעלט אין אָנהויב צו זען. אפילו שוין נאָכדעם ווי היטלער איז אין יאָר 1933 געקומען

צו דער מאַכט, האָט ער ניט געטראַכט, אַז די נאַציס וועלן מיט אַזאַ אכזריות פאַרפאָלגן דייטשע קינסטלער פון אידישער אָפּשטאַמונג. עס באַקומט זיך דער איינדרוק ביים לייענען, אַז ווען ניט דאָס, וואָלט אַלץ גוט געווען. די נאַצישע אכזריות אין באַצוג צו אידישע קינסטלער איז געקומען צו אים, שרייבט ער, ווי אַ גרויסע איבערראַשונג. אָבער איצט זעט ער איין, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות — ער האָט צופיל געגלויבט אין דער דייטשער קולטור! מוז מען ביים לייענען אָט די שורות פונקט אַזוי ווערן איבער־ראַשט, וואָס עס האָט דעם גרויסן קינסטלער גענומען אַזוי לאַנג אויסצו־געפינען די דייטשע בייזקייט, וועלכע האָט געשטעקט הינטער דער דייטשער אויסגעפּוצטער קולטור!...

בעת היטלער האָט אין יאָר 1938 פאַרכאַפּט עסטרייך, איז ברונאָ וואָלטער געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן קיין פראַנקרייך, וואו די פראַנ־צויזישע רעגירונג האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ער האָט דאָרט אָנגעפירט מיט דעם סימפאָנישן אָרקעסטער פון דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אים באַלד ביי זיין אָנקומען אים באַשאָנקען אי מיט בירגערשאַפט און אי מיט אַן אויסצײ־כענונג פון „דעם לעגיאָן פון ערע". פון פראַנקרייך איז ברונאָ וואָלטער דערנאָך געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע אויף דער איינלאַדונג פון אַרטוראָ טאָסקאַניני צו דיריגירן מיט דעם ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער אַ געוויסע צאָל קאָנצערטן. זינט דעמאָלט איז ער פאַרבליבן אין אַמעריקע און איז לעצטנס געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בירגער.

מיט זיין קומען דאָ אַהער האָט ער זייער אַ סך בייגעטראָגן צו דער מוזיקאַלישער קולטור דאָ אין לאַנד. ער איז לעצטנס באַשטימט געוואָרן צו שטיין אין דער שפּיץ פון דעם ניו יאָרקער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער. די דירעקטאָרן פון אָרקעסטער האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אַן אויג אויף אים, ווייל ער איז דער פּאַסענדסטער צו פאַרנעמען אָט דעם הויכן מוזיקאַלישן פּאָסטן. ער וועט אַליין דיריגירן אַ געוויסע צאָל קאָנצערטן און וועט אויך האָבן די דעה ניט בלויז איבער דעם אויסוואַל פון די פּראָגראַמען, נאָר אויך איבער דעם אויסוואַל פון די געסט־דיריגענטן, וועלכע טרעטן אויף אין משך פון סעזאָן מיט'ן אָרקעסטער.

ברונאָ וואָלטער איז געבוירן געוואָרן אין בערלין דעם 15טן סעפּטעמבער, 1876, ביי האַלב־פאַרמעגליכע אידישע עלטערן. ווען ער האָט

שפּעטער פאַרלאָזן דעם אידישן גלויבן, האָט ער אויך אויסגעביטן זיין אידישן נאָמען בנימין שלעזינגער. פון זיין באַשרייבונג איז צו זען, אַז ער האָט געלעבט אַ צופרידענע קינדהייט, אַז עס האָט אים קיין זאַך ניט געפעלט. ער האָט צוערשט זיך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ אין עלטער פון צוועלף יאָר. ער איז דאַן געגאַנגען צו אַ קאָנצערט פון דעם בערלינער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, וואו ער האָט מקנא געווען דעם דיריגענט, וואָס ער דיריגירט מיט אַזאַ גרויסן אָרקעסטער, און ער האָט טאַקע דעמאָלט באַשלאָסן, אַז ער מוז ווערן אַ דיריגענט. זיין וואונטש איז מיט אייניקע יאָרן שפּעטער מקוים געוואָרן. היינט צו טאָג דאַרף מען זיין שטאַרק אומ־וויסנדיק ניט צו וויסן אָדער ניט האָבן געהערט דעם נאָמען ברונאָ וואַלטער!

„דער טאָג״, מערץ 20, 1948, נ.י.

# „אויף קידוש השם״

## געווידמעט די סלאָוועשנער קדושים

ביים זעצן זיך שרייבן וועגן ירחיאל בריקס „אויף קידוש השם״ טאָר ניט זיין די כוונה פון אַ רעצענזיע אָדער אַ קריטיק, ווייל דאָס וואָלט דורכאויס געווען אַ חילול־השם. דאָס איז נישט קיין בוך, נאָר אַ הייליקער ספר׳ל, וואָס איז געשריבן געוואָרן נישט מיט קיין געוויינלעכער בלעכענער, שטאָלענער אָדער גאָלדענער פען, נאָר די אותיות זיינען ווי מיט אַ געגנזענער פעדער אויסגעקריצט געוואָרן אויף הייליקן פּאַרמעט. ביים שרייבן „אויף קידוש השם״ האָט דער מחבר, ירחמיאל בריקס, דעמאָלט געמוזט זיין מער ווי אַ שרייבער, ער האָט געמוזט זיין דורכאויס — אַ סופר...

עס איז שוין מער ווי אַ חודש אַז איך האָב אָט דאָס הייליקע ספר׳ל געלייענט און איך קען נאָך אַלץ ניט שלאָפן רואיק. איך האָב אַלצדינג געלייענט פון דעם חורבן־ליטעראַטור, אָבער דאָס וואָס בריקס גיט אונז איז אַ סך מער ווי ליטעראַטור. דערצו האָט ער באַוויזן דעם נס: דורך אַ מינימום פון ווערטער, שורות און בלעטלעך פאַר אונז אָפּצומאָלן דעם סאַמע מאַקסימום פונעם גרויסן בראַך, וואָס אונז אידן האָט געטראָפן אין מיטן

העלדן טאָג פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. קיין איד וועט מיר ניט קענען זאָגן אַז ער האָט מיטגעפילט דעם גרויסן צער פונעם יאָמערלעכן בראָך, אפילו ווען ער האָט אין די גאַז־און קאַלך־אויוונס, אָדער דורך וועלכער ס׳איז אַנדער מיתה־משונה פאַרלאָרן זיינע אייגענע, אויב ער האָט נישט געלייענט בריקס׳ „אויף קידוש השם״! וואָרום אויך איך האָב פאַרלאָרן אייגענע אינם שרעקלעכן חורבן, און דאָך, און פאָרט, בין איך זיך מודה ומתודה, אַז זייענדיק דעמאָלט, בעת די אויסראָטונג פונעם אידישן פאָלק אין אייראָפּע דורך די דייטשן, ימח־שמם, איז אָנגעגאַנגען, אין דער זיכערער אַמעריקע, האָב איך אַזוי טיף און ווייטאָקדיק ניט געפילט דעם גרויסן וויי־געשריי, ווי אַז איך האָב געלייענט בריקס׳ „אויף קידוש השם״!

אין תוך גענומען איז עס אפילו אַ רעטעניש פאַר מיר אַליין. וואָרים דער טעם פון טויט, פון זען אַ ביקס פאַר די אויגן, פון זען ווי מ׳הויפּט אויף אַ האַק איבער דיין קאָפּ, פון לויפן ווי אַ מויז זיך באַהאַלטן אין לעכער פון פינסטערע שטאַלן און בוידעמער, אונטער גאַנקעס, צווישן ברעטער און שטויסן האָלץ, אָדער אין געדיכטע וועלדער וואו עס לויפן אום ווילדע חיות, צי צווישן בייטן, טיפע גראַזן, אין שנייען, אין קעלטן, אין זאַווערוכעס, נאַסע בלאָטעס, צווישן תבואות אויף פעלדער, צווישן שטיינער, אין גערטנער, און נאָך אַ סך אַנדערע מייזן־לעכער אין זאַקאַמורקעס, האָב איך אַליין איבער־געלעבט ווען איך בין נאָך געווען אַ אינגל פון דרייצן־פערצן יאָר. אָבער, הפּנים, אַז מ׳לעבט לאַנג אין דער זאַטער רואיקער אַמעריקע, פאַרגעסט מען עס... היינט אַז איך, וואָס האָב עס אַליין אַלץ איבערגעלעבט, האָט געקענט עס „פאַרגעסן״, טאָ ווי קענען מענטשן וואָס האָבן עס קיינמאָל אויף זייערע אויגן נישט אָנגעזען — ווי קענען זיי זאָגן אַז זיי האָבן מיטגעפילט דעם גרויסן צער פונעם שרעקלעכסטן חורבן אין דער אידישער געשיכטע?!

ניין, ר׳ איד, דו מוזט לייענען בריקס׳ „אויף קידוש השם״, דעמאָלט וועסטו קענען זאָגן, אַז דו האָסט געהערט: דאָס בלוט פון דיינע ברידער שרייען פון דער ערד!

דער זעלביקער מחבר האָט אויך אָנגעשריבן „אַ קאַץ אין געטאָ״. אָבער מיין האַנט לייגט זיך איצט ניט אויף צו שרייבן וועגן דעם. מחמת „אַ קאַץ אין געטאָ״ איז שוין ריינע ליטעראַטור — אַ טראַגישע דערציילונג ביז גאָר! איך האַלט, אַז דער מחבר האָט די צוויי זאַכן נישט געטאָרן צוזאַמענשטעלן און עס אַרויסגעבן צווישן די זעלביקע טאָוולען. „אויף קידוש השם״ האָט

געדאַרפט זיין און בלייבן אַ באַזונדער ספר׳ל. איך האַלט אויך, אַז דער נאָמען „אויף קידוש השם״ איז אויך ניט אינגאַנצן דער פּאַסיקסטער. אָבער דאָס זיינען נישט מער ווי זייטיקע באַמערקונגען. דער פאַקט בלייבט, אַז דער שרייבער האָט אונז געגעבן אַ מאָנומענטאַלע שילדערונג פון דער היטלער־יסטישער־דייטשישער אכזריות, וואָס מ׳געפינט ניט עפּעס ענלעכעס אין דער גאַנצער חורבן־ליטעראַטור וואָס איז ביז איצט אָנגעשריבן געוואָרן.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, יאַנואַר 28, 1955, נ.י.

# אַטען

## רייזע־מאָטיוון

אַטען, די הויפּט שטאָט פון גריכנלאַנד, איז אַמאָל געווען זייער אַ שיינע שטאָט. אַטען איז אויך אַמאָל געווען זייער אַ באַרימטע שטאָט. זי איז געווען באַרימט פאַר אַ סך גרויסע זאַכן, וואָס זי האָט דער וועלט געשענקט. די שענסטע פון אַלע מתנות אָבער וואָס אַטען האָט דער וועלט געשענקט, איז די גריכישע פילאָזאָפיע.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל.

מיט דער היינטיקער אַטען האָט דאָס נישט צו טאָן, פון דער היינטיקער אַטען קענט איר זיך קיין זאַך נישט אָפּלערנען. עס איז נישטאָ פון איר וואָס צו ווערן באַווירקט.

די היינטיקע אַטען, וואָס פאַרמאָגט אפילו אַן אונטער־ערדישע באַן מיט אַ באַפעלקערונג פון אַריבער דריי הונדערט טויזנט, איז אַן אָפּגעלעבטע שטאָט, אָן נשמה, אָן לעבן.

שפּורן פון דער אַמאָליקער אַטען געפינט איר נאָר ווען איר זייט זיך שטאַרק מטריח און קלעטערט אַרויף אויפן הויכן באַרג, אַקראָפּאָליס. דאָרט שלאָגט זיך אייער אויג אָן אין טויזנטער קאָלאָנען, מאַסיווע מאַרמאָרענע זיילן פון פאַרשידענע קונסט־סטילן, רואינען פון די מאָנומענטאַלע טעמפּלען, קונסט־אַקאַדעמיעס, הויכע טריבונעס, פּראַכטפולע זאַמל־פּלעצער און גראַנדיעזע אַמפיטעאַטערס, וואָס זיינען מיט העכער צוויי טויזנט יאָר צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן.

דאָס זיינען די איינציקע „עדות״, וואָס זיינען איבערגעבליבן פון דער אַמאָליקער אַטען. און ניט ווינציק התפעלות רופן די דאָזיקע רואינען ביי אייך אַרויס. מיט דער גרעסטער באַוואונדערונג קוקט איר אויף די דאָזיקע מאָנומענטאַלע טעמפּלען, פּרעכטיקע טריבונעס, רייכע קונסט אַקאַדעמיעס און זעלטענער אַרכיטעקטור פון די פאַרשידענערליי געביידעס, וועלכע געפינען זיך אויפן אַקראָפּאָליס, וואָס זיינען געבויט געוואָרן מיט דער געניאלסטער קונסט!

אָ, ווי ניט ענלאַך עס איז די היינטיקע אַטען אויף דער אַמאָליקער. און פונקט אַזוי אויך ניט ענלאַך איז דאָס היינטיקע גריכישע פאָלק אויפן אַמאָליקן. ניט גייסטיק ענלאַך, און ניט אין דער שיינקייט פונעם קלאַסיש־גריכישן באַגריף!

די היינטיקע אַטענער, מערסטנטייל מיט אויסגעבויגענע נעזער קרומע און אויגן, וועלכע זיינען ווי מיט פלוימען־יויך באַשמירט, זיינען ווייט פונם אַלטן טיפּ און האָבן קיין שום ענלעכקייט אויף די קלאַסיש־געטאַקטע אַמאָליקע אַטענער, וועלכע זיינען אין קאַלטן מאַרמאָר פאַר דער אייביקייט פון גרויסער מייסטער־הענט פאַרקערפּערט געוואָרן אַז מענטשן זאָלן זיך איבערצייגן אין דעם.

איר וואַרפט אַ בליק פון דעם הויכן באַרג אַראָפּ אונטן וואו די שטאָט געפינט זיך און אייך נעמט אַרום אַזאַ רחמנות געפיל, אַז איר פאַרמאַכט שנעל אייערע אויגן ניט צו קוקן אַהין דאָרט... ווייל כאָטש די גאַסן זיינען דורכאויס באַגאָסן מיט אַ סך זון, איז די אָרימקייט אָבער אַזאַ וואָס שטעכט אייך דורך די אויגן ממש...

ניט אַזוי האָב איך זיך אין דער פאַנטאַזיע אויסגעמאָלט אַטען, די הויפּט שטאָט פון גריכנלאַנד...

די זון האָט גע׳שרפ׳ט, ניט געלאָזט איינשטיין צו לאַנג אויף איין אָרט. עס האָט זיך געוואָלט מערער אַביסל פאַרברייגען אויפן אקראָפּאָליס, זיך פאַרטיפן אין די כל׳ערליי טעמפּלען און פאַרשידנערליי געביידעס וואָס געפינען זיך דאָרט, באַטראַכטן נאָכאמאָל די רואינען, זיך בעסער איינקוקן אין די פאַרשידנערליי סטילן און עפּעס לערנען דערפון. נאָר די זון האָט אכזריות׳דיק געברענט און איך האָב זיך אַרונטערגעלאָזט פון הויכן באַרג אַרונטער אונטן אין אַ טאָל, וואו מען האָט מיר אָנגעוויזן עפּעס אויף אַ האַלבער חורבה־שטיבל: ווי אויף דער תפיסה וואו דער באַרימטער

גריכישער פילאָזאָף סאָקראַטעס איז געזעסן פאַרשפּאַרט און האָט דאָרט זיין לעבן פאַרענדיקט.

דעם אמת געזאָגט האָב איך ניט צופיל געגלויבט אין דעם דאָזיקן אמת, אַז דאָס איז טאַקע געווען דאָס שטיבל. וואָרום קוקנדיק פון וויטן האָט זיך גאָר אַזוינס עפּעס ניט געוואָלט גלויבן. דער „גאַיד" אָבער וואָס איז געגאַנגען ביי מיין זייט, האָט מיר געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן אַז דאָס איז דאָס שטיבל און ניט עפּעס אַנדערש.

מילא, האָב איך זיך געטראַכט, לאָמיך דאָס מאָל זיין נאָכגעביק צום „גאַיד" און האָב זיך געלאָזט פירן פון אים צו דער חורבה־שטיבל. דער אַריינגאַנג אַהין, איז ווי אין אַ טיפער גרוב אַראָפּצוגיין. דער דאַך ליגט אייך ממש אויפן קאָפּ, איר דאַרפט זיך שטאַרק אַנבויגן כדי איר זאָלט קענען אַהין אַריינגיין. קיין ליכט איז נישטאָ, די זון קוקט אַהין אַריין נאָר דורך זייטיקע שפּאַרונעס, קוים וואָס מ'זעט זי אָן... דער „גאַיד" נעמט מיך אָן פאַר אַ האַנט און טאָפּטשעט פאָרזיכטיק מיט מיר אין דער פינסטער, די ערד איז פייכט און קלעפּיק... איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך וועל באַלד דערשטיקט... קיין לופט קומט פון ערגעץ ניט אַריין... איך וויל זאָגן דעם „גאַיד" ער זאָל זיך מטריח זיין און מיך שנעלער אַרויספירן פון דאָרט, ווייל...

זאָל עס טאַקע זיין אַן אמת, האָב איך געטראַכט ביי זיך, אַז אין אָט דער־אָ פינסטערער גרוב האָט דער גרויסער פילאָזאָף פאַרבראַכט זיינע לעצטע טעג, און אַז דאָ האָט ער אויך אויסגעהויכט זיין אָטעם?...

געפינענדיק זיך צוריק אויף דער פרייער לופט, האָב איך לייכטער אָפּגעאָטעמט, זיך דערפרישט מיט די וואַרעמע שטראַלן פון דער זון און האָב זיך צוגעזעצט אַביסל אויפן גראָז אָפּרוען. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן, דער „גאַיד" האָט זיך אויך צוגעזעצט לעבן מיר אויף דער ערד... איך האָב די אויגן שפּעטער צוריק געעפנט און האָב פאַרפירט אַ געשפּרעך מיטן „גאַיד". הגם ער האָט גערעדט זייער שלעכט ענגליש, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך פאַרשטאַנען איינס דאָס אַנדערע. ער האָט מיר דערציילט פונם לעבן פון דער איצטיקער גריכנלאַנד, פון דער גרויסער אָרעמקייט וואָס עקזיסטירט און ווי דאָס פאָלק מוטשעט זיך און ליידט.

ער אַליין, האָט ער מיר דערציילט, שטאַמט אָפּ פון רייכע עלטערן, אָבער איצט זיינען זיי שטאַרק אָרעם און עס איז נישטאָ קיין שטיקל ברויט אין שטוב... דער פאָטער לעבט שוין מער ניט, בלויז אַן אַלטע מוטער און

ער דאַרף זי אויסהאַלטן. עס איז געווען צו מערקן, אַז אַלץ וואָס ער דער־ציילט איז דער ריינער אמת. זיין פּנים האָט עדות געזאָגט דערויף. מיר זיינען געזעסןביידע אַזוי, ביז גאַנץ שפּעטלאַך.

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו זעצן, איך האָב אַרויסגענומען געלט און אים באַצאָלט, אַ סך מער ווי איך האָב זיך מיט אים באַדונגען, האָב געדונגען דערנאָך אַ טעקסי און געהייסן זיך פירן צו דער שיף וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט אויף מיר אין האָפן.

ווען די שיף האָט פאַרלאָזט אַטען, איז שוין געווען פינסטער. די לבנה האָט באַלויכטן דעם פאַר׳כישופ׳טן אַקראָפּאָליס פון אַלע זייטן. זילבעריק האָבן די מאַסיווע מאַרמאָרענע זיילן און האַלב חרוב׳ע טעמפּלען זיך אָפּגע־שפּיגלט אַנטקעגן. דער הימל האָט פון גאַנץ הויך ערגעץ אַראָפּגעקוקט צו די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף און זיך געהילט אין אַ בלויען שלייער.

און אַזוי האָב איך זיך געזעגנט מיט אַטען...

„פאָלקס־צייטונג״, יוני 12, 1936, לאָס־אַנדזשעלעס

# קאַרל סאַנדבורג און דער ניו־יאָרקער פילהאַרמאָניק

**חנה׳לען**

קאַרל סאַנדבורג ווערט היינט־צו־טאָג פאַררעכנט פאַרן סאַמע באַרימטסטן אַמעריקאַנער פּאָעט אין ביאָגראַף, וואָס מיר האָבן. דערצו איז קאַרל סאַנדבורג באַוואוסט אויך ווי אַ זינגער פון אַמערי־קאַנער פאָלק־לידער און מעשה־דערציילער. זיין לינקאָלן־ביאָגראַפיע איז איינס פון די מאָנומענטאַלסטע ווערק אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. דער פּאָעט איז שוין 80 יאָר אַלט, אָבער ער איז נאָך גאַנץ אַקטיוו און באַוועגלעך. זיין אויפטריט אין קאַרנעגי האָל ווי אַ נאַראַטאָר, צוזאַמען מיטן ניו־יאָרקער פילהאַרמאָניק, האָט עס קלאָר באַשטעטיקט. ער איז געווען דער נאַראַטאָר פון זיין באַרימטער פּאָעמע „אַ לינקאָלן פּאָרטרעט״, צו וועלכער דער באַוואוסטער אידיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר אהרן קאָפּלאַנד האָט געשריבן מוזיק און וואָס איז געשפּילט געוואָרן פונעם ניו־יאָרקער פילהאַר־

מאָניק, אונטער דער לייטונג פונעם באַקאַנטן אידיש־אַמעריקאַנער דיריגענט אַנדרעי קאָסטעלאַנעץ.

דער גאַנצער פילהאַרמאָניק־קאָנצערט האָט דאָס מאָל געטראָגן אַ דורכאויס אַמעריקאַנעם כאַראַקטער. דאָס קען געזאָגט ווערן נישט בלויז וועגן קאָפּלאַנדס מוזיק צו סאַנדבורגס פּאָעמע אַליין, נאָר אויך וועגן דימס טיילאָרס „די ווייסע נאַכט", אַ פראַגמענט פון זיין סויטע „דורך אַ שפּיגל"; וויליאַם שומאַנס פאָלקסטימלעכע קאָמפּאָזיציע, „אַ שמעק־אַריין אין ניו־ענגלאַנד"; סעמועל באַרבערס „אינטערמעצאָ" פון זיין „וואַנעסאַ", און פערדע גראָפיעס „די גרענד־קעניאָן־סויטע". אָבער דער „שפּיץ" פונעם דאָזיקן קאָנצערט, צו וועלכן עס איז געקומען אַ גרויסער עולם, איז געווען צו הערן קאָפּלאַנדס מוזיק צו סאַנדבורג׳ס פּאָעמע — און נאָך מער טאָקע צו הערן סאַנדבורג׳ן אַליין ווי אַ נאַראַטאָר און אויך צו זען אים אויף דער בינע. און עס איז בפירוש געווען וואָס צו הערן און צו זען.

אויף דער בינע פון קאַרנעגי האָל איז געשטאַנען אַ גרייז־גרויער פּאָעט, מיט אַ פשטות, וואָס מ׳זעט עס זעלטן ביי דיכטער און שרייבער — און קינסטלער בכלל. און פונקט ווי עס איז געווען געשמאַק צו הערן קאָפּלאַנדס טרעפלעכע מוזיק, און דעם סימפאָנישן אָרקעסטער אַזוי איז אויך געווען אַ מחיה צו הערן סאַנדבורג׳ן ווי דער נאַראַטאָר. די האַרמאָניע פון וואָרט און קלאַנג, פון טאָן און מאָדולאַציע, איז געווען אַ פּערפעקטע, וואָס האָט זיך וואונדערלעך איבערגעגעבן צום עולם אין זאַל. עס איז נישט געווען ביים נאַראַטאָר קיין שום אָנשטעל, קיין שום געמאַכטע טענער, פשוט, ווי אַ קאָרן־ברויט, און ריין, ווי אַ קוואַל, וואָס שלאָגט אַרויס פון אַ ווייטן באַרג־אַראָפּ. די פּאָעמע איז איינע פון סאַנדבורג׳ס פיינסטע ליטעראַרישע שאַפונגען און איז פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה דורכגעזונגען סיי מיטן גייסט פון לינקאָלן און סיי מיט אַמעריקע.

אהרן קאָפּלאַנד האָט שוין נישט איינמאָל אין זיין מוזיק אָנגעכאַפּט דעם גוסט און גייסט פונעם עכטן אַמעריקאַנער מעלאָס, טענער און קלאַנגען, אָבער אין דער דאָזיקער קאָמפּאָזיציע זיינער גיט ער אייך אויף אַ באַזונדערן אופן צו פילן, וואָס עס מיינט אין דער אמת׳ן אַמעריקאַנער מוזיק און וואָס אַמעריקאַנער מוזיק דאַרף זיין. קאָפּלאַנד קען די קוואַלן פון דער אַמערי־קאַנער מוזיק, און ער ווייסט אויך ווי זיך צו באַנוצן מיט זיי. ער קען דעם אַמעריקאַנער קנייטש, דעם אַמעריקאַנעם קאָליר און דעם אַמעריקאַנעם

זאַפט, און ער ווייסט וואָס מ׳דאַרף דערפון שאַפן. סאַנדבורגס פּאָעמע „אַ לינקאָלן פּאָרטרעט״ איז פון קאָפּלאַנדס וואַגיקסטע מוזיקאַלישע דערגריי־כונגען.

„פרייע אַרבעטער שטימע״, יולי 1, 1958, נ. י.

# לאַרי אַדלער — ווירטואָז פון מויל־האַרמאָניקאַ

צווישן שפּילער אויף מויל־האַרמאָניקאַס, איז לאַרי אַדלער דער גרעסטער ווירטואָז, וואָס איך האָב געהערט. דאָס איז וועגן דער באַהערשונג פון דעם אינסטרומענט. לאַרי אַדלער איז אָבער אויך פונקט אַזאַ גרויסער מוזיקער, ווי ער איז אַ גרויסער שפּילער, אַ גרויסער ווירטואָז פון דער דאָזיקער קליינער שפּיל־כלי. ער האָט דערהויבן די מויל־האַרמאָניקאַ צו דער זעלביקער הויך, וואָס סעגאָוויאַ האָט דערהויבן די גיטאַרע. נאָר דאָס איז שוין לאַנג צוריק געזאָגט געוואָרן: נישט די כלי איז וויכטיק, נאָר ווער עס שפּילט אויף איר. און לאַרי אַדלער שפּילט אויף דער קליינער מויל האַרמאָניקאַ ממש געטליך! מען פילט אין זיין שפּילן, אַז ער איז דער „שר״ איבער דעם דאָזיקן קליינינקן קלאַנג־אינסטרומענט! באַך׳ס אָדער בלאָך׳ס אַ קאָמפּאָזיציע, איז פאַר לאַרי אַדלער, און זיין קליינער מויל־האַרמאָניקאַ דאָס זעלביקע, ווי פאַר מישא עלמאַן, יאַשא חפץ, יהודי מנוחין און זייערע פידל.

דעריבער האָט איר געקענט זען, ווי דער זאַל פון טאַון האָל איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אַ גרויסער טייל פון דעם עולם איז באַשטאַנען פון אָנגעזעענע קינסטלער: אַקטיאָרן פון בראָדוועי און האָליוואוד, מוזיקער, שרייבער, דראַמאַטורגן, רעזשיסאָרן. די באַגייסטערונג איז געווען גאָר אין־לשער. איר האָט געהערט שפּילן נישט קיין מויל־האַרמאָניקאַ, נאָר אַ גאַנצן אָרקעסטער!

אין תוך ווייסן אַלע, אַז די מויל־האַרמאָניקאַ איז אַן אינסטרומענט, וואָס זיינע מעגליכקייטן זיינען באַגרעניצט. נאָר ביי לאַרי אַדלער פילט איר עס אַבסאָלוט נישט! ער שפּילט אויף זיין מויל־האַרמאָניקאַ מיט אַזאַ מייסטער־

שאַפט, וואָס מאַכט אייך צו פאַרגעסן, אַז דאָס איז דער סאַמע פאַר־שפּרייטסטער שפּיל־כּלי צווישן קינדער איבער גאָר דער וועלט, נאָר עפּעס אַ שפּאָגל־נייער אינסטרומענט, וואָס לאַרי אַדלער האָט אים דערפונדן!

איך האָב שוין אַ סך מאָל געהערט באַרימטע פידל־שפּילער אויסזינגען בלאָך׳ס „בעל־שם־ניגון״. אָבער אַזוי אויסזינגען דעם „בעל־שם־ניגון״, ווי לאַרי אַדלער אויף זיין קליינער מויל־האַרמאָניקאַ, האָב איך נישט געהערט! עס איז געווען נישט בלויז געזאַנג, נאָר אַן אמת׳ע תּפילה בלחש...

ווערק, וואָס זיינען לכתּחילה געשריבן געוואָרן פאַר פידל, פלויט, קלאַרינעט, אָבאָ און שטימע זיינען אויף זיין מויל־האַרמאָניקאַ מיט אַזאַ פּרעציזקייט און פולער באַהערשונג, אַז מ׳האָט געזען באַשיינפּערליך, ווי דער אינסטרומענט לעבט אין זיינע הענט און איז „כּחומר ביד היוצר״! די קלאַנגען, וועלכע ער ברענגט אַרויס פון דער האַרמאָניקאַ, זיינען אַזעלכע פולע, ווי צייטיקע טרויבן. און די ניואַנסן זיינען אַזעלכע קאָלירפולע, ממש רעגנבויגנדיק.

ניט אומזיסט האָט לאַרי אַדלער צוגעצויגן פאַרשידענע באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס האָבן ספּעציעל פאַר אים געשריבן קאָמפּאָזיציעס. ער האָט זיי מיט זיין שפּילן איבערצייגט, אַז די מויל־האַרמאָניקאַ איז אַ סך מער ווי אַ געוויינליכע קינדערשע־צאַצקע, נאָר אַ „כּלי״ פאַר וועלכער עס לוינט זיך צו שאַפן!

די צוויי נייע קאָמפּאָזיציעס פאַר דער האַרמאָניקאַ און אָרקעסטער, וועלכע זיינען ספּעציעל געשריבן געוואָרן פאַר לאַרי אַדלער און זיינען צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן אויף דעם קאָנצערט, מיט דער באַגלייטונג פון דעם „ליטעל סימפאָני אָרקעסטער״, דיריגירט פון דעניעל זיידנבערג, זיינען געווען: וואַהען וויליאַמס „ראָמאַנס״ און מאַקס לאַוורי׳ס „ישראל־סיאוטע״. די לעצטע קאָמפּאָזיציע איז געווען אַ סך מער צוגעפּאַסט פאַר דער האַרמאָניקע, ווי די ערשטע. לאַווריס „ישראל־סואיטע״ איז לייכטער, שפּילעוודיקער, פאַרמאָגט אַ סך חן און איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר דעם דאָזיקן אינסטרומענט. לאַוורי האָט מיט זיין קאָמפּאָזיציע באַוויזן, אַז ער האָט זיך שטאַרק אַריינגעלעבט אין דעם אינסטרומענט און האָט אויסגענוצט זיינע בעסטע מעגליכקייטן. דער ווירטואָז אַדלער — האָט שפּילענדיק די קאָמפּאָזיציע געבליצט מיט אַלע זיינע חנ׳ען.

אַ חוץ די צוויי דערמאָנטע קאָמפּאָזיציעס וואָס זיינען געשפּילט געוואָרן

מיט דעם „ליטעל סימפאָני אָרקעסטער״, איז לאַרי אַדלער אויסגעצייכנט באַגלייט געוואָרן אויף דער פּיאַנאָ פון לי דעלאַנאָ.

„מאָרגן זשורנאַל״, יוני 30, 1954, נ. י.

# מנחם קיפּניס

## פאָלקס־זינגער, זאַמלער פון אידישע פאָלקס־לידער טעאַטער און מוזיק־קריטיקער און פעליעטאָניסט

צווישן די הונדערטער קדושים, אידישע קינסטלער, מאָלער, שריפט־שטעלער, פּאָעטן, אַרטיסטן, זינגער און מוזיקער, וואָס זיינען אומגעקומען אין דער וואַרשעווער אידישער געטאָ, איז אויך געווען דער באַוואוסטער אידישער פאָלקס־זינגער, זאַמלער און אַרויסגעבער פון אידישע פאָלקס־לידער, פעליעטאָניסט, טעאַטער־און מוזיק־קריטיקער אין די וואַרשעווער אידישע צייטונגען און זשורנאַלן, מנחם קיפּניס.

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל מיט אים באַגעגנט אין וואַרשע אין 1928. עס איז געווען זומער. איך האָב געקענט וואַרשע נאָך פון פריער. פאַרנדיק קיין אַמעריקע, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרשע. אָבער מיר איז דעמאָלט נישט געלעגן אין קאָפּ צו גיין זיך באַקענען מיט קיפּניס׳ן. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער אַנטלויפן, זיך אַרויסרייסן פון אָט־דעם לאַנד און אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַ פּוילן אויף דער וועלט. דאָס וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט אין פּוילן, אין משך פון אַ קאַרגן יאָר צייט, איז געווען צופיל פאַר אַ אינגעלע פון מיינע יאָרן. דאָך, ווען איך האָב אין 1928 זיך אַרויסגעלאָזט איבער אייראָפּע, האָב איך ניט געקענט זיך איינהאַלטן און בין אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו איך האָב געהאַט די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט אַ סך פון די אָנגעזעענסטע אידישע און העברעאישע שרייבער, קינסטלער, מוזיקער — און איינער פון זיי איז געווען מנחם קיפּניס.

איך האָב געוואוסט אַז קיפּניס שטאַמט פון אושאָמיר, אַ קליין שטעטעלע אין וואָלין, ניט ווייט פון קאָראָסטין. מיר איז דאָס שטעטעלע זייער גוט באַקאַנט און איך האָב אויך גוט געקענט די גאַנצע קיפּניס־פאַמיליע. איינער

פון די קיפּניס׳עס איז געווען מיין רבי. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אין מיר דערוועקט אַ חשק צו שפּילן טעאַטער. אויב ער לעבט, דאַרף ער זיך געפינען ערגעץ אין קאָלאָמביאַ. אייניקע פון דער קיפּניס־משפּחה לעבן איצט אין ארץ־ישראל. דער באַרימטער אָפּערע־זינגער אַלעקסאַנדער קיפּניס, וועלכער געפינט זיך אין אַמעריקע, געהערט צו אָט־דער משפּחה, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַ חוץ זינגער אויך שרייבער. מיר דוכט, אַז דער העברעאישער שרייבער פון קינדער־לידער, לוין קיפּניס, אין תל־אביב, געהערט אויך צו אָט־דער פאַמיליע.

ווען איך האָב אין ליטעראַטן־פאַראיין אין וואַרשע, אויף טלאָמאַצקע 13, זיך פאַרגעשטעלט פאַר מנחם קיפּניס׳ן און האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ געבוירענער אַ סלאָוועשנער, מאיר־דוד דעם באראנ׳ס אַן אייניקל, איז ער ממש אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל. פון סלאָוועשנע קיין אושאָמיר נעמט נישט לאַנג פאָרן. אָבער נאָך מער דערפאַר, ווייל מיין באָבע פון מיין מאַמע׳ס צד איז געווען אַ געבוירענע אין אושאָמיר. קיפּניס האָט זיך אויף אַן אמת׳ן מיט מיר דערפרייט. ווען ער האָט פאַרלאָזט אושאָמיר און איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, איז ער אַלט געווען אַ פאַר־און־צוואַנציק יאָר. זייט דעמאָלט איז ער פאַרבליבן אין וואַרשע און האָט זיך שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעקערט קיין אושאָמיר. וואָס די אורזאַכן זיינען געווען, ווייס איך ניט. אפשר האָבן די שווערע איבערלעבונגען פון זיינע קינדער־יאָרן און זיין יוגנט געהאַט צו טאָן דערמיט. די סימנים פון פאָקן אויף זיין טונקל פּנים זיינען געווען שטילע עדות...

דורך דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרבראַכט אין וואַרשע, פלעגן מיר כמעט יעדן טאָג זיך טרעפן אָדער אין ליטעראַרישן־פאַראיין, אָדער ביי אים אין דער היים. עס האָט זיך אים געלעבט מאַטעריעל זייער גוט. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין שילערין, די באַקאַנטע פאָלקס־זינגערין זמרה זעליגפעלד. צוזאַמען פלעגן זיי אַרומפאָרן איבער פּוילישע שטעט און אויפטרעטן אויף קאָנצערטן מיט אידישע פאָלקס־לידער. קיפּניס איז געווען פאַררעכנט פאַר דעם „קעניגליכן״ זינגער פון אידישע פאָלקס־לידער אין פּוילן. ער האָט געהאַט אַ ליריש טענאָר און איז געווען אַ גרויסער מומחה אויף אויסצוטייטשן אַ פאָלקס־ליד. זיינע פאַרדינסטן פאַר פּאָפּולאַריזירן, זאַמלען און אַרויסגעבן אידישע פאָלקס־לידער זיינען אין־לשער. אַ חוץ דעם האָט קיפּניס אַ סך געשריבן וועגן אידישער מוזיק און

אויך וועגן אידישן טעאַטער. דערצו איז ער געווען אַ קלוגער פּעליטעאַניסט און מען האָט אים אַ סך געלייענט. ער איז געווען ביז גאָר אַן אַנגעזעענע פּערזענליכקייט אין דעם אידישן געזעלשאַפטליכן לעבן פון פּוילן, מיט וועלכן ער האָט זיך שטאַרק צונויפגעלעבט. דער עיקר האָט ער זיך שטאַרק אַסימילירט מיט וואַרשע. ער פלעגט שפּאַצירן איבער די וואַרשעווער גאַסן מיט אַזאַ טאָן, גלייך ווי גאַנץ וואַרשע וואָלט געווען זיינע.

איינמאָל זיצנדיק מיט אים אין ליטעראַטן־פאַראיין, האָב איך זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז איך האָב בדעה צו מאַכן געזאַנג פאַר מיין לעבנס־קאַריערע. איך האָב נאָך דעמאָלט ביי זיך נישט געקענט באַשליסן: צי זאָל איך ווערן אַ קאָנצערט־זינגער, אַ חזן, אַן אַקטיאָר, אָדער אַ שרייבער? ער האָט געקוקט אויף מיר מיט זיין אויסדרוקספולן פּנים און דורכדרינגענדיקע קלוגע אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט לעבן און באַוועגונג, מיט אַ צומיש פון אַ שטילן טרויער, וועלכער האָט פון זיי אַרויסגעזונגען און איז זיך פאַרגאַנגען אין עפּעס אַ באַהאַלטענער ניט־באַפרידיגטקייט. זיינע ליפּן האָבן שטיל עפּעס געשעפּטשעט, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ תפילה. ער איז נישט געווען קיין הויכער און זיצנדיק האָט ער אויסגעזען פיל קלענער ווי ער איז. עס האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע שטימונג צווישן אונז. איך האָב ניט געקענט באַנעמען זיין שווייגן. אַלעמאָל איז ער געווען אַזאַ באַרעדעוודיקער, שטענדיק מיט אַ וויץ, מיט אַ קלוג וואָרט, מיט אַ כעלעמער מעשה׳לע, מיט אַן אַנעקדאָט — און דאָ פלוצים איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. ענדליך האָט ער אַ שטילן זיפץ געטאָן און האָט זיך אָנגעבויגן נעענטער צו מיר: „דו מיינסט עס ערנסט, אַז דו האָסט בדעה זיך פאַרנעמען מיט איינעם פון אָט־די געביטן? אויב יאָ, ברודער׳ל, זאָלסטו וויסן, אַז דו האָסט פאַר זיך אַ שווערן וועג ביז דו וועסט צו עפּעס זיך דערשלאָגן. דאַרפסט זיין גרייט אויף שווערע ליידן. מיט טאַלאַנט אַליין וועסטו גאָרניט אויפטאָן. זע, האַנדל זיך איין אַ פּאָר שטאַרקע עלענבויגנס״. ער האָט עטליכע מאָל געהאַלטן עס אין באַטאָנען.

אינטערעסאַנט איז, אַז ער האָט ניט געמיינט מיך צו אַנטמוטיקן. ער איז נאָר אויסן געווען מיך צו וואָרענען, אַז איך זאָל זיין גרייט און זיך ניט אָפּ־שרעקן פאַר קיין זאַך, „אויב דו האָסט נאָר די נויטיקע וויטאַליטעט, וועסטו אַלץ דערגרייכן. די הויפּט זאַך איז, מען טאָר ניט פאַרלירן געדולד. נעם זיך צייט. דאָס איז איינע פון די וואונדערבאַרסטע זאַכן, וואָס די וועלט האָט

באַשאַפן". און ער האָט געוואוסט, וואָס ער רעדט. וואָרום ער האָט אויף זיך אַליין עס אויספּרובירט. ווען ניט זיין אויסערגעוויינליכע וויטאַליטעט, זיין אויסערגעוויינליכער געדולד, וואָלט ער קיינמאָל ניט זיך דערשלאָגן צו דעם וואָס ער האָט דערגרייכט.

קיפּניס איז געווען איינער פון די פּאַרנומענסטע מענטשן אין וואַרשע, און דאָך האָט ער אויף אַלצדינג געהאַט צייט. ער האָט געהאַט צייט אויף אַרומצופאָרן אויף קאָנצערטן, אויף צו שרייבן, אויף צו גיין צו אַ זיצונג אין ליטעראַטן־פאַראיין, אויף צו זיצן אין בטל'ענען, אויף צו אַראַנזשירן זיין יערליכן קאָנצערט אין וואַרשע, אויף צו זאַמלען און אַרויסגעבן אידישע פאָלקס־לידער — מיט איין וואָרט: ער האָט פאַר אַלץ געפונען צייט. און דאַכט זיך ער פלעגט גיין אַזוי פּאַמעלאַך, קיינמאָל האָט מען אים ניט געזען זיך יאָגן. זעלטן ווען אַ מענטש האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל פייאיגקייטן אויף פאַרשידענע געביטן ווי ער. ער האָט זיך אין אַלץ אויסגעצייכנט.

אָבער די קאָנטיגסטע מעלות זיינע זיינען געלעגן אין זיין זינגען אידישע פאָלקס־לידער און אין זיין שרייבן — דערהויפּט וועגן טעאַטער און מוזיק. ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע ווי אַ משורר ביי חזנים, דערנאָך, אַז ער איז געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע, איז ער אַריינגעטראָטן אַלס אַ זינגער אין כאָר פון דער וואַרשעווער מלוכה־אָפּערע, שפּעטער האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו זינגען אידישע פאָלקס־לידער און צו שרייבן וועגן אידישע נגינה און מוזיק און דערנאָך אויך וועגן אידישן טעאַטער.

קיפּניס איז דאַכט זיך געווען דער ערשטער מוזיק־קריטיקער ביי אידן אין דער אידישער שפּראַך. זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער אידישער נגינה און מוזיק האָבן אַרויסגערופן גרויס אָנזען ניט בלויז אין פּוילן, נאָר אומעטום. ער איז צוגעגאַנגען צום ענין באַלאַדן מיט אַ סך דערפאַרונג און מיט וויסן. ער האָט גערעדט און געשריבן וועגן דער אידישער נגינה און מוזיק ווי איינער, וואָס האָט אַ סך געטרונקען דירעקט פון'ם קוואַל. ער האָט געפילט דעם אָטעם, די נשמה פון דער אידישער נגינה און מוזיק, ווייל דאָס איז געווען זיין אייגענער אָטעם, זיין אייגענע נשמה. די סטרונעס פון דער אידישער נגינה און מוזיק זיינען געווען זיינע אייגענע סטרונעס. ער האָט געקענט די נשמה פון דעם חזן, פּונקט ווי ער האָט געקענט די נשמה פון דעם משורר, פון דעם אָפּערע־זינגער, פון דעם זינגער פון קאָנצערטן, פון דעם אַקטיאָר אויף דער בינע. ער האָט דאָס אַליין איבערגעלעבט, דורכגע־

פילט און דורכגעטראָגן אויף זיינע אייגענע פּלייצעס. ער האָט געוואוסט די מעלות און די חסרונות פון דעם און פון יענעם, די דערפאָלגן און די דורכפאַלן, אַקוראַט אויפ׳ן האָר. מען האָט גאָרנישט געקענט פון אים באַהאַלטן, ווייל ער איז געווען אַ געבוירענער פאַכמאַן און מיט אַ סך טאַלאַנט דערצו.

ווי יעדער קינסטלער, האָט אויך קיפּניס ליב געהאַט דערפאָלג. אָבער ער האָט דאָס דערגרייכט אָן ווערלכע עס איז ביליגקייטן. ער האָט ניט גענוצט קיין שמד־שטיק אויף אויסצונעמען ביים עולם. עס איז געווען ביי אים ריינע קונסט, ריינער געזאַנג, אָן קונצן און אָן דריידלעך. ווי אַנדערש האָט ביי אים געקלונגען אַ „חזנ׳דל אויף שבת״, אָדער אַ „דודעלע״, צי גאָר אַ „ליבעס־ליד״, אָדער רייזנ׳ס „מאַי־קאָ־משמע־לן״, צי מילנער׳ס „אין חדר!״ עס האָט זיך געפילט אין זיין זינגען, אַז ער איז אַ מענטש פונ׳ם פאָלק, אַז ער איז געקניפּט און געבונדן מיט׳ן אידישן לעבן. ער האָט געזונגען די פאַר־שידענע לידער און ניגונים ניט אַנדערש ווי עס האָט זיי געזונגען דאָס פאָלק, ער האָט זיי בלויז איבערגעשאַפן אין אַ קינסטלערישער פאָרם. ער האָט זיי געגעבן אַ מוזיקאַלישן און קינסטלערישן תיקון. דעריבער האָט ער אַזוי שטאַרק אויסגענומען מיט זיין זינגען ביים פאָלק. ער איז געווען דער באַרופענער פאָלקס־זינגער, וואָס האָט געוואוסט ווי אַזוי צו „דאַוונען״ פאַר זיין „צבור״. ער איז ניט געקומען פון דער פרעמד ערגעץ, נאָר פון די טיפן פון די אידישע פאָלקס־מענטשן — זיין אייגן בלוט און פלייש. אושאָמיר און וואַרשע האָבן פון אים אַרויסגעזונגען גאָר אויף אַ דערהויבענעם שטייגער — מיט זייערע ליידן און פריידן.

„דער טאָג״, פעב. 22, 1947, נ. י.

# מישאַ אַלעקסאַנדעראָוויטש

**חנה׳לען**

איך געהער ניט צו די זינגער וואָס זאָגן: „אני ואפסי עוד״. דעריבער פריי איך זיך מיט׳ן קומען קיין אַמעריקע פון מישאַ אַלעקסאַנ־דראָוויטש. איך פריי זיך דערפאַר, ווייל מיט זיין קומען האָט ער אַריינגעבראַכט נייעם לעבן, פרישן אינטערעס אין דעם אידישן און העברע־אישן ליד, תפילה־וואָרט און ניגון. אונזערע קולטור און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער פאַרבאַנד, אַרבעטער רינג, הסתדרות, נאַציאָנאַל פאָנד, ישראל באָנדס, לאַנדסמאַנשאַפטן און ישיבות דאַרפן זען אַרויסווייזן די גרעסטע מאָס פון הכנסת־אורחים׳דיקייט. זיין קומען דערמאָנט אין יענע גוטע צייטן אין אַמעריקע, ווען עס זיינען געקומען אַהער אַזעלכע באַגאַבטע אידישע זינגער ווי משה רודינאָוו, חיים קאָטיליאַנסקי, איזאַ קרעמער, וויקטאָר כענקין, וועלכע האָבן מיט זייערע קאָנצערט אויפטריטן געשאַפן דאָ מוזיקאַלישע געשיכטע אויפן פעלד פון אידישן ליד און קלאַנג.

מישאַ אַלעקסאַנדראָוויטש איז היינט־צו־טאָג איינער פון די סאַמע שענסטע און פיינסטע זינגער ביי אידן, דאָס האָב איך זיך איבערצייגט ביים „מנחה־מעריב״־קאָנצערט אין דער גרויסער „שערי צדק״ שול אין מאַנהעטן. איינגעאָרדנט דעם קאָנצערט האָט די „מאַנהעטן סקול״ פאַר חזנים, פון וועלכער דער באַקאַנטער חזן צבי אהרני איז דירעקטאָר.

דעם אמת געזאָגט, בין איך געגאַנגען צום קאָנצערט מיט אַ „קלאַפּענדיק״ האַרץ, אָבער ווי אָנגענעם איבערראַשט איך בין געווען! הערנדיק מישאַ אַלעקסנדראָוויטש׳ן זינגען, האָב איך, זייענדיק דאָס וואָס איך בין, הן ווי אַ זינגער און הן ווי אַ מוזיק־קריטיקער, געמוזט ווערן איבערראַשט פשוט דערפאַר, ווייל אַזעלכע זינגער מיט אַזאַ אופן געזאַנג, זיינען קיין סך נישט בנמצא.

אַ חוץ אַ וואַרעמען, שיינעם, באַ׳טעמ׳טן ליריש טענאָר פון „בעלקאַנטאָ״־גוסט, ווי אָנגעגאָסן מיט האָניק, פאַרמאָגט אַלעקסאַנ־דראָוויטש אויך אַ פול האַרץ מיט געזאַנג — און דערצו אַ געוואַלדיקן דרך־ארץ פאַרן ליד, פאַר דער תפילה, פאַרן ניגון און פאַרן עולם.

ער האָט געזונגען לידער, תפילות, און ער ווייסט גענוי, וואָס ער זינגט

— און ווי מ׳דאַרף זינגען. אוי, ווייסט ער! ער האָט געוויזן, אַז ניט בלויז איז ער אַן ערשט־קלאַסיקער זינגער, נאָר אַ „שולע״ פאַר געזאַנג. די בעסטע אידישע — און אויך ניט־אידישע זינגער מעגן זיך, דאַרפן זיך, לויט מיין מיינונג, ביי אים גיין לערנען ווי צו זינגען!

מישאַ אַלעקסאַנדראָוויטש איז אַ קאָמבינאַציע פון געפיל און מוזיקאַ־לישקייט, אינטעליגענץ און ראַפינירטקייט, אָרקעסטרירט מיט האַרציגקייט און נשמהד׳יגקייט. קורץ: אַ זינגער בחסד עליון!

איך וועל דאָ נישט אויסרעכענען וואָס ער האָט געזונגען, נאָר דער עיקר ווי אַזוי ער האָט געזונגען. זיין ערנסטער צוגאַנג צום ליד, צו דער תפילה, זיין באַהאַנדלונג פון ניגון און זיין קינסטלערישער „שטעל״, וואָס רעדט פאַר זיך אַליין.

דאָס ליד איז ביי אים „כחומר ביד היוצר״; און אין זיין אופן זינגען אַ תפילה פילט זיך אַ רעליגיעזער ציטער, אַן אבות׳דיקע פאַרקלערטקייט, און אין זיין אויסזינגען אַ ניגון לאָזט זיך הערן אַ מיושב׳דיקע פאַרוועבטקייט, ריינע קדושה.

„אלגעמיינער זשורנאַל״, יוני 7, 1974, נ.י.

# די נעגער־זינגערין — מאַריאַן אַנדערסאָן

## מיין נאָענטן פריינט און קאָלעגע פ. פינטשיק

צו הערן זינגען מאַריאַן אַנדערסאָן, איז אַ טיפע נשמה־איבערלעבונג: אַ חוץ דער געשליפנקייט און פּאָליטרקייט פון איר באַרכאַכטנעם קול, זינגט זי מיט האַרץ און נשמה אויפן סאַמע בריליאַנטענסטן שטייגער. יעדער טאָן, יעדער קלאַנג קומט ביי איר אַרויס אויסגעשליפן און ווערט באַגלייט פון אַ זעלטענער מענטשלעכער וואַרעמקייט און פילבאַר־קייט. איר פילט די פולקאָמענקייט פון איר געזאַנג ממש אין אייערע ביינער. זי דערגרייכט צו דער העכסטער שלימות פונעם דאָזיקן קונסט צווייג אין דער מוזיק, וואָס איז דער סאַמע העכסטער, ווייל קיין שום אינסטרומענט קען זיך נישט פאַרמעסטן מיט דעם מענטשלעכן־אינסטרומענט — שטימע!

די שיינקייט פון איר זינגעוודיקער נשמה גיסט זיך אַריין אין אייך און איר גוטסקייט שיינט ממש אַרויס פון אירע אויגן, וואָס גליען ווי צוויי שוואַרצע קוילן, בעת זי שטייט אויף דער בינע און זינגט.

און, ווי איינפאַך, ווי פּשוט זי האַלט זיך עס אויף דער בינע! דער גרויסער דערפאָלג האָט זי נישט קאַליע געמאַכט. דער קאָפּ האָט זיך איר נישט פאַרדרייט, ער שטייט אויפן זעלביקן אָרט, ווי פריער. זי איז געבליבן ביי דער זעלביקער ענווות׳דיקייט, ווי ביי איר ערשטן אַרויסטריט. זי שטייט פאַר אייך אויף דער בינע, ווי איינע פון פאָלק, ווייל אָט דאָס איז זי. דאָס איז דער סימן־מובהק פונעם אמת׳ן גרויסן קינסטלער. ניט קיין גאווה רעדט פון איר אַרונטער, נאָר עכטע פאָלקסטימלעכקייט, ליבשאַפט, מאַדאַנישקייט, טאָלעראַנץ און טיפע איינגעבאָרענע אינטעליגענץ.

ארטוראָ טאָסקאַניני, דער גרעסטער לעבעדיקער אָרקעסטער־דיריגענט היינט צו טאָג, באַטראַכט מאַריאַן אַנדערסאָן פאַר דער גרעסטער זינגערין, וואָס די וועלט פאַרמאָגט היינט. ער האָט זיך אַ סך מאָל אויסגעדריקט, אַז איינמאָל אין הונדערט יאָר קען געבאָרן ווערן אַזאַ סאָרט שטימע, ווי מאַריאַן אַנדערסאָן! אַמעריקע דאַרף זיך פילן שטאָלץ און גליקלעך, וואָס זי האָט אַזאַ גרויסע קינסטלערין! די מוזיקאַלישע וועלט איז דורך איר אַ סך רייכער געוואָרן! וואויל איז צו די שאַפער פון די לידער, באַלאַדן און אַריעס, אויף וועלכע מאַריאַן אַנדערסאָן וואַרפט איר זינגעוודיקע ליכט!

צווישן אירע מערסטע געזונגענע קאָמפּאָזיטאָרן זיינען: באַך, הענדל, מאָצאַרט, שובערט, ווערדי, און סיבעליוס. אָבער אַלע זיינען מיט דער מיינונג, אַז צום בעסטן און געשמאַקסטן איז מאַריאַן אַנדערסאָן אין איר אייגענע נעגערשע ספּיריטואַלע לידער. דאָ פילט זי זיך נישט בלויז אינדער־היים, נאָר עס קוועלט ממש אַרויס דאָס געזאַנג פון איר מויל ווי פון אַ נאַטירלעכן קוואַל. אַלע שליווזן פון איר נשמה עפענען זיך ברייט פאַנאַנדער און זי הייבט אָן צו פינקלען, ווי אַ שפּריצנדיקער פאָנטאַן מיט בריליאַנטענע טראָפּנס. איר הערט דאָס געזאַנג פון איר פאָלק, וואָס קומט ביי איר פון די סאַמע טיפענישן פון איר נעגערשער נשמה מיט אַזאַ שיינקייט, וואָס פאַר־כאַפּט דעם אָטעם. יעדעס ליד איז אַ לעבעדיקע דראַמע, אַן אויסגעשניצט בילד, אַ מאָלעריי פון העכסטן סאָרט און אַ טיפע איבערלעבונג.

מאַריאַן אַנדערסאָן איז געבאָרן געוואָרן ביי אַ שטאַרק אָרעמע נעגער־משפחה אינם האַרץ פונם נעגער־קוואַרטאַל אין פילאַדעלפיא. איך קען די

שטאָט און בין גוט באַקאַנט מיט דער געגנט — סאַוט־פילאַדעלפיע. עס איז דער סאַמע אָרעמסטער קוואַרטאַל אין שטאָט, מיט אַ געדיכט־באַזעצטער נעגערשער באַפעלקערונג. פון די פינסטערע קעלערס אין דער דאָזיקער אָרעמער געגנט איז עס אַרויסגעוואַקסן מאַריאַן אַנדערסאָן (אָט דאָס הייסט אָפּגעטאָן דאָס לעבן אַ שפּיצל!), וועמעס טאַטע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ וועגעלע איבער די גאַסן און הייזער און האָט פאַרקויפט ווינטער־צייט — קוילן און זומער — אייז. שוין איינמאָל אַ פּרנסה... ער איז געשטאָרבן, ווען מאַריאַן אַנדערסאָן איז אַלט געווען 12 יאָר.

די עלטערן זיינען געווען די ערשטע צו דערשמעקן זייער טאָכטערס זינגערישן טאַלאַנט און האָבן איר אַריינגעגעבן צו זינגען אין אַ קלויסטער־כאָר. זי איז דעמאָלט געווען אַלט אַכט יאָר. דער קלויסטער־כאָר איז געווען מאַריאַן אַנדערסאָנ׳ס ערשטע קאָנסערוואַטאָריע. שפּעטער האָט זי אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אויף קאָנצערטן פאַר פאַרשידענע וואויל־טעטיקע פּרויען־אָרגאַניזאַציעס, אָבער די פאַרדינסטן זיינען געווען אַזעלכע בידנע, אַז ס׳איז נישט געווען גענוג צו באַצאָלן פאַר די מוזיק־לעקציעס, וועלכע זי האָט אָנגעהויבן נעמען. דערצו איז דער פאָטער אירער פּלוצלינג געשטאָרבן און די מוטער, כדי צו קענען עקזיסטירן, איז געגאַנגען וואַשן גרעט, קאָכן און באַקן אין פרעמדע הייזער.

מיט גרויסע שוועריקייטן איז מאַריאַן אַנדערסאָן אָנגעגאַנגען מיט איר מוזיקאַלישן שטודיום. מיט דער הילף פון דעם קלויסטער, וואו זי האָט געזונגען, און סתם פיינע מענטשן, האָט זי באַוויזן צו דערגרייכן זייער אַ סך. אין דעם יאָר 1926, ווען ס׳איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ געזאַנג־קאָנקורס, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט דריי הונדערט זינגערס פון איבערן גאַנצן לאַנד, איז מאַריאַן אַנדערסאָן אַרויס די געווינערין. דער „פּריז״ האָט איר באַרעכטיקט אַרויסצוטרעטן אויף אַ קאָנצערט צוזאַמען מיט דעם ניו־יאָרקער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין לואיסאָן־סטאַדיום, אין ניו־יאָרק. גלייך נאָכדעם האָט זי געקראָגן אַ „דזשוליוס ראָזנוואַלד־סקאָלערשיפּ״ צו פאָרן שטודירן אין אייראָפּע.

און פּונקט ווי דער גרעסטער אַמעריקאַנער פּאָעט, וואָלט וויטמאַן, וועלכער איז פריער באַרימט געוואָרן אין אייראָפּע, דערנאָך ערשט האָט אים זיין אייגן היימלאַנד אָנערקענט, אַזוי איז אויך דאָס זעלביקע געשען מיט מאַריאַן אַנדערסאָן. זי האָט זיך פריער באַרימט געמאַכט מיט אירע

קאָנצערטן אין גאַנץ אייראָפּע, דערנאָך ערשט, אין יאָר 1935, האָט זי דער באַרימטער אַמעריקאַנער אידישער אימפּערסאַריאָ, סאָול יוראָק, וועלכער האָט זי געהערט זינגען אין פּאַריז, אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע און האָט תיכף מיט איר ערשטן קאָנצערט אין טאַון האָל, אין ניו־יאָרק, גענומען דעם עולם און אויך די מוזיק־קריטיקער מיט שטורעם. די מוזיק קריטיקער האָבן זיך צעריסן ממש לויבנדיק זי. איר נאָמען האָט, נאָך אָט דעם אָוונט, גענומען קלינגען איבער גאַנץ אַמעריקע. פון אַלע שטעט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נאָכפראַגן מיט בקשות, אַז זי זאָל קומען אָפּגעבן קאָנצערטן. היינט צו טאָג איז מאַריאַן אַנדערסאָן אַן אַמעריקאַנער אינסטיטוציע.

דאָך, ניט קוקנדיק אויף איר גרויסקייט און באַרימטקייט, איז מאַריאַן ענדערסאָן אַ סך מאָל אויסגעקומען אויסצושטיין טיפע באַליידיקונגען צוליבן קאָליר פון איר הויט. צום שטאַרקסטן האָבן זי באַליידיקט די שאָוויניסטישע אַזוי־גערופענע „דאָטערס אָוו די אַמעריקאַן רעוואָלושאָן״ („די טעכטער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע״), וועלכע האָבן נישט דערלאָזט, אַז זי זאָל געבן אַ קאָנצערט אין דעם באַרימטן „קאָנסטיטושאָן האָל״, אין וואַשינגטאָן, ד.ס., די הויפּט שטאָט פון אַמעריקע.

מיסעס רוזוועלט איז צוליב דעם אַרויסגעטראָטן פון דער הויך־פּאַר־ריסענער אַריסטאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. אַ צייט שפּעטער האָבן די זעלביקע „טעכטער״ חרטה געהאַט אויף זייער נאַרישן „טאַט״ און האָבן איינגעלאַדן מאַריאַן אַנדערסאָן צו זינגען אַ קאָנצערט אין דעם פריער־דער־מאָנטן „קאָנסטיטושאָן האָל״.

און מאַריאַן ענדערסאָן, פילנדיק ביי זיך, אַז זי שטייט מיט צען קעפּ העכער פון דער דאָזיקער הויך־שאָוויניסטישער פּרויען־אָרגאַניזאַציע, מיט דעם אויסנאָם פון אַזעלכע פרויען ווי מיסעס רוזוועלט, האָט זיך ניט גערעכנט מיט די נאַרישע באַליידיקונגען און האָט די איינלאַדונג אָנגע־נומען.

דער דרוק אויף די „טעכטער״ איז געקומען פונם גרויסן שטורם, וואָס די מיאוס׳ע האַנדלונג זייערע האָט אַרויסגערופן ביים ברייטן אַמעריקאַנער עולם. די צייטונגען פון לאַנד האָבן וועגן דעם אַ סך געשריבן און מ׳האָט די „טעכטער״ שטאַרק געטאַדלט דערפאַר, דערדאָזיקער אידיאָטישער אַרויס־טריט מצד די „טעכטער״, האָט שאָקירט די גאַנצע מוזיקאַלישע וועלט. די „טעכטער״ האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן צו דעם ווילן פון דער אמת׳ר

אַמעריקע, וואָס פאַראורטיילט ראַסן־דיסקרימינאַציע צום ווילן פון פרייהייט און גלייכהייט!

מאַריאַן ענדערסאָנ׳ס בייטראַג צו דער אַמעריקאַנער קונסט און קולטור, וועט אייביק בלייבן!

„די שטימע״, דעצ. 20, 1952, מעקסיקאָ

# אייזלער סאָלאָמאָן — אַן אויפגייענדיקער דיריגענט

## מיין נאָענטן פריינט און קאָלעגע לעאָ ליאָוו

דער נייער מוזיק־סעזאָן אין ניו־יאָרק, — און דאָס מיינט, אייגנטליך, פון גאַנץ אַמעריקע, ווייל ניו יאָרק גיט דעם טאָן, — האָט זיך שוין אָנגעהויבן. די צוויי גרעסטע אויסגערופענע קאָנצערט זאַלן אין ניו יאָרק, קאַרנעגי האָל און טאַון האָל, זיינען ווידעראַמאָל גרייט אויפצונעמען די טויזנטער קאָנצערט־באַזוכער מיט אַ רייע העכסט־אינטערעסאַנטע מוזיקאַלישע פּראָגראַמען, וואָס פאַרשידענע וועלט־באַרימטע קינסטלער און באַוואוסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס, מיט וועלט־באַרימטע דיריגענטן, האָבן צוגעגרייט צו זייערע אויפטריטן אין משך פון דעם קומענדיקן ווינטער־סעזאָן.

צוזאַמען מיט דעם, האָבן אויך די גרויסע ראַדיאָ־סטאַנציעס פון אַמעריקע, געלאָזט וויסן דעם פּובליקום, אַז גאָר אינגיכן וועלן זיך אָנהויבן די באַוואוסטע ווינטער־קאָנצערטן, מיט די באַרימטע סימפאָנישע אָרקעס־טערס, צו וועלכע עס הערן זיך איין מיליאָנען מענטשן איבערן לאַנד, ווי: דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער, מיט סערגעי קוסעוויצקי, און דער ען־בי־סי אָרקעסטער, מיט אַרטוראָ טאָסקאַניני.

מיר שיינט, אַז איינער פון די וויכטיקסטע אויפטואונגען פון דער „נעשאָנאַל בראָדקעסטינג קאָמפּאַני״ אין אַמעריקע, ליגט אין דער שאַפונג פון דעם דאָזיקן אָרקעסטער. אָבער נאָך מער צוליב דעם, וואָס דער איינפלוסרייכער ראַדיאָ־סטאַנציע איז געלונגען צו האָבן דעם גרויסן איטאַליענישן מאַעסטראָ פאַרן דיריגענט, וועלכער פירט־אָן מיט די מערסטע

קאָנצערטן פון סעזאָן. אפילו ווען עס טרעטן־אויף אין משך פון סעזאָן פאַר־שידענע גאַסט־דיריגענטן, פילט זיך אַלץ דער איינפלוס פון טאָסקאַניני׳ן אויפן אָרקעסטער. אַ דאַנק אים איז דער אָרקעסטער געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע אין לאַנד און אין דער גאָרער וועלט.

מיט עטליכע וואָכן צוריק האָב איך געשריבן אַן אַרטיקל וועגן דעם וועלט־באַרימטן אידישן דיריגענט פון דעם באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער, סערגעי קוסעוויצקי. צווישן זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון מוזיק אין אַמעריקע, האָב איך דאָרט דערמאָנט דעם פאַקט, וואָס אַ דאַנק אים האָבן אַ סך אַמעריקאַנער געבוירענע מוזיקער געקראָגן אַ צוטריט צום מוזיקאַלישן „עמוד״ און זיינען ווי איבערנאַכט נתגלה געוואָרן. דער באָסטאָנער אידישער יונגערמאַן לעאָנאַרד בערנשטיין איז איינער פון זיי.

היינט וויל איך שרייבן וועגן אַ צווייטן אידישן יונגערמאַן, וואָס איז אַ דאַנק דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם אידישן וועלט־באַרימטן פּיאַנאָ־ווירטואָז און דיריגענט אָסיפּ גאַברילאָוויטש, אויך ווי איבערנאַכט נתגלה געוואָרן און ער ווערט היינט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די באַגאַבטסטע יונגע דיריגענטן פון סימפאָנישע אָרקעסטערס אין לאַנד. דאָס איז אייזלער סאָלאָמאָן, אַן איידעם פון דעם באַקאַנטן אידישן ראָמאַנען־שרייבער און מיטאַרבעטער פון „טאָג״, מ. מלמד.

אייזלער סאָלאָמאָן איז פון דער „נעשאָנאַל בראָדקעסטינג קאָמפּאַני״ איצטער איינגעלאַדן געוואָרן אויף טאָסקאַניני׳ס פּלאַץ צו עפענען די סעריע מזיק־קאָנצערטן פאַרן ווינטער־סעזאָן 1947 מיטן ען־בי־סי אָרקעסטער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נעכטן, דעם 28טן סעפּטעמבער, און וועט דערנאָך אויך דיריגירן אַ צווייטן קאָנצערט מיטן אָרקעסטער שבת, דעם 4־טן אָקטאָבער.

עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער יונגער דיריגענט פירט אָן מיטן ען־בי־סי אָרקעסטער. ער איז אויפגע־טראָטן מיטן אָרקעסטער שוין פריער, אין יאָר 1939, דערנאָך אין 1940, דערנאָך ווידער אין 1942. אָבער דאָסמאָל, אָנשטאָט טאָסקאַניני׳ן, וועט אייזלער סאָלאָמאָן עפענען די העכסט אינטערעסאַנטע און אויסערגעוויינ־ליכע מוזיקאַלישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען אויף דער לופט מיטן ען־בי־סי אָרקעסטער, און דאָס מיינט זייער אַ סך. צו 37 יאָר, אַז מען דערגרייכט שוין אַזאַ קאַריערע, איז פאַראַן מיט וואָס זיך איבערצונעמען. מען מוז זיין אַ

העכסט־באַגאַבטער מוזיקער, און דער עיקר, אַן ערשט־קלאַסיקער דיריגענט, צו קאָנען אָנפירן מיט אַזאַ אָרקעסטער און נאָך אַזעלכע אָרקעסטערס איבערן לאַנד.

יעדער דיריגענט אין אַמעריקע, מעג ער זיין דער גרעסטער און אָנער־קענסטער, באַטראַכט עס פאַר אַ באַזונדערן כבוד איינגעלאַדן צו ווערן אַלס גאַסט־דיריגענט פון דעם ען־בי־סי אָרקעסטער, אָדער ווי ער ווערט גאַנץ אָפט אָנגערופן „טאָסקאַניני׳ס אָרקעסטער". אַ פּשיטא שוין איינגעלאַדן צו ווערן צו דערעפענען דעם סעזאָן אויף טאָסקאַניני׳ס אָרט — וואָס נאָך קאָן זיך אַ דיריגענט, בפרט אַ יונגער דיריגענט, ווינטשן!

דעם ערשטן מאָל, וואָס איך האָב געזען אייזלער סאָלאָמאָנ׳ען דיריגירן דעם ען־בי־סי אָרקעסטער, און צו זען אים דיריגירן בכלל, איז געווען אין יאָר 1942. וואָס מיך האָט דעמאָלט שטאַרק איבערראַשט, איז די אַבסאָלוטע זיכערקייט זיינע און דעם זעלבסטגלויבן אין זיינע אייגענע מוזיקאַלישע כוחות, וואָס ער האָט אויף פאַרשידענע אופנים געגעבן צו פילן סיי דעם אָרקעסטער און סיי די צושויער, וועלכע האָבן מיט גרויס אינטערעס נאָכגע־פאָלגט יעדן בויג, יעדן באַוועג, יעדן קנייטש זיינעם אין שייכות מיט יעדער געשפּילטער קאָמפּאָזיציע באַזונדער. עס האָט זיך געפילט אין זיין דיריגירן אַן אייגענער צוגאַנג, אַן אייגענער נוסח און אַן אייגענער פאָרם.

מיר האָט נאָכן קאָנצערט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ מיטגליד פון אָרקעסטער, דערציילט, אַז ביי אַ פּראָבע האָט איינער פון די מוזיקער פּרובירט אים אָנווייזן אויף אַ געוויסער שטעל ווי אַזוי טאָסקאַניני טייטשט־אויס און דיריגירט, האָט ער אים קורץ געענטפערט: „איצט דיריגיר איך, ניט טאָסקאַניני". דאָס איז געווען אַ מין וואָרענונג צום גאַנצן אָרקעסטער, אַז ער וועט דאַרפן שפּילן לויט דעם ווי ער פאַרשטייט, ד. ה., אויף די אָנווייזונגען פון זיין אייגענעם דיריגיר־שטעקעלע...

איך קאָן ניט פאַרגעסן די באַגייסטערונג, וואָס יענער קאָנצערט האָט אַרויסגערופן ניט בלויז ביים פּשוט׳ן עולם, נאָר דער עיקר ביי די שפּילער פון אָרקעסטער, וועלכע האָבן אַלע ווי איינער זיך אויפגעשטעלט נאָכן שפּילן פאַר אים. מען האָט לייכט געקאָנט באַמערקן דעם דרך־ארץ, וואָס ער האָט ביי די מוזיקער פון אָרקעסטער אַרויסגערופן סיי מיט זיין יוגנטליכן ברען און סיי מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, וואָס האָט בעת׳ן דיריגירן קאַלירפול אַרויסגעקוואָלן, ווי פון אַ פייער־שפּריצנדיקן פאָנטאַן.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אייזלער סאָלאָמאָנ׳ען איז פאָרגע־קומען מיט יאָרן צוריק ביי די קאָנצערטן פון דעם פילאַדעלפיער אָרקעסטער אין דער אַקאַדעמי אָוו מוזיק, אונטער לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי׳ס „רעזשים״. באַקענט מיך מיט אים האָט די טאָכטער פונעם „טאָג״־מיטאַרבעטער מ. מלמד, שרה׳לע, וואָס איז, ווי דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, געווען אַ שטענדיקע באַזוכערקע פון דעם פילאַדעלפיער אָרקעסטער. שטייענדיק אין דרויסן אין דער רייע, האָט זי מיך באַקענט מיט סאָלאָמאָנ׳ען, וועלכער איז דעמאָלט נאָך געווען אַ יונגער סטודענט אין דעם „קוירטיס אינסטיטוט אָוו מוזיק״, וואו ער האָט זיך געלערנט שפּילן פידל. צוזאַמען מיט אונז פלעגט אויך שטיין אין דער רייע נאָך אַ יונגער אידישער בחור׳ל, אַ שכן מיינער, ער האָט געוואוינט די צווייטע הויז פון מיינע עלטערן — סעם ליפשיץ. דאָס איז דער איצטיקער באַרימטער ענגלישער קאָלומניסט פון דער ניו יאָרקער „פּאָסט״, סעמיועל גרעפטאָן.

נאָכדעם ווי אייזלער סאָלאָמאָן האָט זיך נעענטער באַקענט מיט שרה׳לע מלמד, האָט ער זיך אַריינגעקליבן אַלס „באָרדער״ צו די מלמד׳ס אין שטוב, אין וועסט פילאַדעלפיע, וואו ער האָט אָפּגעוואוינט דריי יאָר צייט, און ווען ער איז דערנאָך אַהיים געפאָרן צו זיינע עלטערן אין קענזעס סיטי, מיזורי, האָט ער אַרויסגערופן שרה׳לען צו זיך און זיי האָבן דאָרט חתונה געהאַט.

אייזלער סאָלאָמאָן איז געבוירן געוואָרן אין סעינט פּאָל, מינעסאָטאַ, אין יאַנואַר, 1910. זיינע עלטערן האָבן זיך שפּעטער באַזעצט אין קענזעס סיטי, מיזורי. ווען אייזלער סאָלאָמאָן איז אַלט געווען זעקס יאָר, האָט ער אָנגע־הויבן אַרויסווייזן אַ חשק צו פידל. אין עלטער פון פופצן יאָר איז ער געקומען צו פאָרן קיין פילאַדעלפיע און האָט דאָרט פאָרגעזעצט זיין מוזיקאַלישן שטודיום. זייענדיק אַן אָפטער באַזוכער פון די קאָנצערטן פון דעם פילאַדעלפיער אָרקעסטער, האָט ער זייער אַ סך איינגעזאַפּט אין זיך פון דעם איינפלוס, וואָס דער באַרימטער דיריגענט, לעאָפּאָלד סטאָקאָווסקי האָט אויסגעאיבט אויף דעם אָרקעסטער און אויף יונגע מוזיקער בכלל. ער האָט פון די קאָנצערטן גאָר אַ סך געלערנט. דער איינפלוס פון סטאָקאָווסקי׳ס אופן פון דיריגירן לאָזט זיך שטאַרק דערקענען אין סאָלאָמאָנ׳ען.

אין יאָר 1928 האָט אייזלער סאָלאָמאָן באַזוכט אייראָפּע אינאיינעם מיט זיין לערער, פּראָפעסאָר מייקל פּרעס. ווען ער איז צוריקגעקומען פון

איירָאָפּע איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס געהילף־פּראָפעסאָר פון מוזיק אין „מישיגן סטייט יוניווערסיטי", וועלכער געפינט זיך אין לענסינג, מיש.

זיין ערשטער „דעביוט" אַלס דיריגענט איז געקומען דורך אַ צופאַל. דער דיריגענט פון דעם לענסינגער סימפאָנישן אָרקעסטער, וואָס איז מערסטנס באַשטאַנען פון ליב־האָבער און אייזלער סאָלאָמאָן איז געווען דער קאָנצערט־מייסטער, איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און ער, סאָלאָמאָן, איז געווען געצוואונגען איבערצונעמען דאָס דיריגיר־שטעקעלע. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, און דערווייל האָט ער זיך אַנטוויקלט און עס איז געוואָקסן אין אים דער כוח פון אַ דיריגענט. פילנדיק ביי זיך, אַז ער האָט זיך שוין מיט וואָס צו באַווייזן, האָט ער פאַראינטערעסירט דעם באַרימטן אידישן פאַרשטאָרבענעם פּיאַנאָ־וירטואָז און דיריגענט, אָסיפּ גאַברילאָוויטש'ן, וועלכער איז געווען דער דיריגענט פון דעם דעטראָיטער סימפאָנישן אָרקעסטער, און ער איז אים געקומען הערן. גאַברילאָוויטש איז שטאַרק נתפעל געוואָרן פון דעם אופן ווי אַזוי סאָלאָמאָן האָט אָנגעפירט מיטן אָרקעסטער און ער האָט אָנגענומען זיין איינלאַדונג צו קומען אויפטרעטן אַלס סאָליסט מיט'ן אָרקעסטער. גאַברילאָוויטש האָט אויך פאַר־אינטערעסירט די דעטראָיטער מוזיק־קריטיקער, אַז זיי זאָלן פאָרן איינהערן זיך צו סאָלאָמאָנ'ס קאָנצערט. אַזוי אַרום האָט ער אָנגעהויבן באַקאַנט ווערן איבערן לאַנד.

אין יאָר 1936 איז אייזלער סאָלאָמאָן איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען דיריגירן דעם אילינאָי סימפאָנישן אָרקעסטער אין שיקאַגאָ. ער האָט דערנאָך, אין 1938, איבערגענומען דעם שיקאַגער פרויען סימפאָנישן אָרקעסטער פון נייציק פּערזאָן, און איז אונטער זיין אָנפירערשאַפט געוואָרן איינער פון די פיינסטע אָרקעסטער אין לאַנד. ער איז אויך אויפגעטראָטן אַלס גאַסט־דיריגנט מיטן פילאַדעלפיער אָרקעסטער אין ראָבין־הוד דעל, אין פילאַדעלפיע, און מיט סימפאָנישע אָרקעסטערס אין מאָנטרעאָל, וואַנקואווער, דעטראָיט, באַפאַלאָ און האָליוואוד באָל, אין קאַליפאָרניע.

אייזלער סאָלאָמאָן ווייזט אויך אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס צו אידישע מוזיק־שאַפונגען. ער האָט אייניקע מאָל אויפגעפירט בלאָכ'ס סימפאָניע „ישראל", חיות'עס אַ קאַפּיטל תהילים קמ"ב פאַר כאָר און אָרקעסטער און לענאַרד בערנשטיינ'ס סימפאָניע „ירמיהו".

איך בין זיכער, אַז אין אייזלער'ס אידישע געפילן האָט אַ גרויסן חלק זיין

פרוי, שרה׳לע מלמד, וואָס איז פון איר פריסטער קינדהייט אָן געווען דורכגעדרונגען מיט אַ אידישן גייסט, סיי פון דער מאַמעס צד, מרים מלמד, וועלכע איז פאַר לאַנגע יאָרן געווען אַן אַקטיווע טוערין אין די אידישע פאָלקס־שולן פון פאַרבאַנד אין פילאַדעלפיע, און אויך פונעם טאַטנס צד, וואו דער איינפלוס פון אַ אידישן שרייבער האָט זיך כסדר געלאָזט פילן אין שטוב. דערצו פלעגן אידישע שרייבער, אידישע קינסטלער זיין אָפטע אַריינגייער ביי די מלמד׳ס. דער פאַרשטאָרבענער דערציילער ב. עפּעלבוים, דער פאַרשטאָרבענער ליטעראַטור־קריטיקער. ב. ריווקין, דער פאַרשטאָרבענער פובליציסט משה קאַטץ, דער לאַנג־יאָריקער רעדאַקטאָר פון דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״, און פון די אינגערע, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, פלעגן זיין פון די אָפטע געסט ביי די מלמד׳ס.

שרה׳לע האָט ליב געהאַט זיך איינצוהערן צו די געשפּרעכן, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף פאַרשידענע אידישע טעמעס. זי האָט דאָס איינגעזאַפּט אין זיך און איצט שפּייזט זי מיט דעם איר באַרימטן מאַן, ווען די אידישקייט גיט־צו ניט בלויז אַ ספּעציעלן חן, נאָר אַ הייליקן פייער, וואָס באַלויכט שטאַרק זיין גרויסן טאַלאַנט. די וועלט וועט נאָך אַ סך הערן פון אייזלער סאָלאָמאָן.

„דער טאָג״, סעפּ. 29, 1947, ניו יאָרק

# מיכל געלבאַרט — קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט

מיטן טויט פון מיכל געלבאַרט איז אַוועק פון אונז ניט בלויז אַ טאַלאַנטפולער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, כאָר־דיריגענט און געזאַנג־לערער, נאָר אויך אַ געטרייער אידישער קולטור־מענטש.

מיכל געלבאַרט איז געבוירין געוואָרן, געשטאַנען ביי דער אידישער מוזיק פון וויגעלע אָן: פריער ווי אַ משורר ביי חזנים, דערנאָך ווי אַ כאָריסט אין אידישן טעאַטער, שפּעטער ווי אַ חזן, דערנאָך ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר פאַר יונג און אַלט, כאָר־דיריגענט, פאַר יונג און אַלט, און געזאַנג־לערער אין די אידיש־וועלטלעכע שולן.

מיטן טויט פון מיכל געלבאַרט איז אויך אַוועק אַ שטיק פון מיין

אייגענער ביאָגראַפיע, פון מיין פריסטער יוגנט, פון מיין בראשית. אָן געלבאַרטס הויז וואָלט איך אפשר פאַרלאָרן געגאַנגען, אינאיינעם מיט די טויזנטער אַנדערע אידישע קינדער, אינעם תהום פונעם גרויען, וואָכעדיקן לעבן...

מיכל געלבאַרט איז געווען דער ערשטער אין מיין יונג לעבן, אין עלטער פון 15־16 יאָר, וואָס האָט מיך באַקענט מיטן אידישן פאָלקס־ליד, און מיט דער אידישער מאָדערנער מוזיק בכלל, און אויך מיט דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור און אידישן טעאַטער.

ביי געלבאַרט'ן אין שטוב, אויף דזשיראַרד עווועניו, אַרום פערמאָונט פּאַרק, אין פילאַדעלפיע, האָב איך דאָס ערשטע מאָל זיך באַקענט מיט ב. ריווקין, משה קאַטץ (רעדאַקטאָר פון פילאַדעלפיער „אידישע וועלט"), ב. עפּעלבוים, משה מלמד, סאָלאָמאָן גאָלוב, יעקב שייפער, ש. ניגער, דר. חיים זשיטלאָווסקי, ז. וויינפּער, קלמן מרמר, משה נאַדיר, מ. אָלגין, מענדל עלקין, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק, אברהם רייזען, מאָריס שוואַרץ, לאַזאַר פריד, סעמיועל גאָלדינבורג, א. אַנד.

מיין ערשטע רייזע פון אַמעריקע קיין אייראָפּע האָב איך איבער־געלעבט אינאיינעם מיט הינדע'לען און מיכל געלבאַרט'ן, וועלכע האָבן נאָך שווערער מי קוים געפּועלט ביי מיין טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן מיך, אַ יונג בחור'ל דעמאָלט פון קוים 19 יאָר, לאָזן מיט זיי פאָרן. איבערהויפּט האָבן זיי געדאַרפט שווער אַרבעטן איבער מיין מאַמע, וואָס האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזן מיך פון זיך. זי איז בכלל אומצופרידן געווען מיט די געלבאַרטס, וועלכע האָבן מיך כמעט ווי אַדאָפּטירט און איך פלעג זיין מער ביי זיי, ווי אין דער היים...

אָבער איך שרייב ניט איצט מיין ביאָגראַפיע.

מיכל געלבאַרט איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטעטעלע אַרום לאָדזש, אָזערקאָוו, אין פּוילן. זיין טאַטע איז געווען אַ בעל־תפילה, ביי וועמען דער קליינער מיכל האָט אָנגעהויבן ווי אַ משורר. איך האָב געלבאַרט'ס טאַטן שוין נישט פאַרכאַפּט, אָבער ווען איך בין געווען אין לאָדזש מיט הינדע'לען און מיכל'ען, האָב איך זיך דעמאָלט באַקענט אי מיט הינדע'לעס משפחה, שוועסטער און ברידער, און אי מיט מיכל'ס משפחה, די מאַמע, וועלכע איז געווען אַ קאָפּיע פון איר זון, אָדער דער זון איז געווען אַ קאָפּיע פון דער מאַמע, מיט די שוועסטער; וואָלף געלבאַרט, מיכל'ס עלטערער ברודער,

האָט געוואוינט אין פּעטערסאָן. אגב, וואָלף געלבאַרט איז געווען אַ אידישער שרייבער: געשריבן דערציילונגען, ראָמאַנען און פלעגט זיך דרוקן אין „טאָג". זיין זון, דר. געלבאַרט, איז אַ פּראָפעסאָר אין „ישיבה־אוניווערסיטעט" און דער רעדאַקטאָר פון „סקריפּטאַ מאַטעמאַטיקאַ". ער פאַרנעמט די שטעלע פון רעדאַקטאָר־אַמט פון מיין חשוב'ן פאַרשטאָר־בענעם לאַנדסמאַן, וועמעס טאַטע אין סלאָוועשנע איז געווען מיין העברע־אישער לערער, פּראָפ. יקותיאל גינזבורג, אַ ברודער פון די צוויי ברידער־שרייבער, דער העברייאישער פּאָעט שמעון גינזבורג, און דער זשורנאַליסט פּסח גינזבורג — אַלע דריי ברידער זיינען שוין אויפן עולם האמת. די איינציקע לעבן־געבליבענע פון אָט־דער מיוחס'דיקער־משפחה, איז די בת־יחידה, כייקע גינזבורג־פרידמאַן, וועלכע וואוינט אין מיאַמי־ביטש, וואו די שורות ווערן געשריבן.

נאָכן פאַרלאָזן דעם אידישן טעאַטער איז געלבאַרט געוואָרן דער דיריגענט פון די באַרימטע „הזמיר"־כאָרן אין צאַר'ישן פּוילן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַזעלכע פּיאָנערן־דיריגענטן ווי: יוסף רומשינסקי, זאַוועל זילבערטס, לעאָ ליאָוו. ער איז אויך אַרומגעפאָרן מיט פאַרשידענע אידישע טעאַטער־טרופּעס איבער דער פּראָווינץ, ווי דער מוזיק־לייטער.

אין יאָר 1912 האָט געלבאַרט חתונה געהאַט און אין זעלביקן יאָר איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי, הינדע'לע, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך קודם באַזעצט אין פּעטערסאָן, ניו־דזשוירזי, וואו עס האָט געוואוינט זיין עלטערער ברודער וואָלף; פון פּעטערסאָן איז ער שפּעטער מגולגל געוואָרן קיין ראָטשעסטער (ניו־יאָרק), באַלטימאָר, ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, לאָס־אַנדזשעלעס, און צוריק — קיין ניו־יאָרק. דאָס איז געווען זיין לעצטע היים. ער האָט דיריגירט כאָרן פון אַרבעטער־רינג, דעם „פרייהייט געזאַנג־פאַראיין" אין פילאַדעלפיע, קינדער־כאָרן פון די אַרבעטער־רינג־שולן, אומפּאַרטייאישע שולן, און איז געווען געזאַנג־לייטער אין קעמפּ „קינדערלאַנד", אַרבעטער־רינג־קעמפּ, קעמפּ גן־עדן, קעמפּ האָפּענונג אין פילאַדעלפיע, און געזאַנג־לערער אין די אומפּאַרטייאישע שולן און אַרבעטער־רינג שולן אין פילאַדעלפיע און ניו־יאָרק, וואָס איז געווען זיין לעצטע סטאַנציע פאַר די לעצטע 25 יאָר. ער האָט אויך אָנגע־פירט מיט אַ קינדער־כאָר אויפן אַרבעטער־רינג „דריטן סדר", פונעם ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג אין ניו־יאָרק. דער אַרבעטער־רינג האָט אַרויסגע־

געבן אַ גרויסן טייל פון זיין מוזיק צו קינדער־לידער, זאַמלונגען פון אַראַנזשירטע און אָריגינעלע פאָלקס־און קונסט־לידער. געלבאַרט האָט אויך אָנגעשריבן אַ צענדליק קינדער־אָפּערעטעס.

מיכל געלבאַרט האָט געשריבן קריטיק וועגן מוזיק אין „טאָג", „פאָרווערטס", „פרייהייט", און לעצטנס — אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל".

ווען איך האָב אים „מבקר־חולה" געווען דריי טעג פאַר זיין שטאַרבן, האָט ער שטאַרק געדריקט מיין האַנט און זיינע אויגן זיינען געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן.

— מאָטעלע, — האָט ער צו מיר געזאָגט, — איך גלויב, אַז דאָס איז דער סוף, כאָטש עס ווילט זיך נאָך שטאַרק לעבן. איך האָב זיך ערשט אַריינגעקליבן אין אַ נייער דירה און כאָשע (זיין צווייטע פרוי) איז אַ גאָלדענער מענטש. איך וויל אייך אויך זאָגן, ווי איך האָב עס אַלעמאָל געזאָגט, אַז איר זייט דער איינציקער וואָס קאָן שרייבן וועגן מיר און מיין לעבנס־געשיכטע. טוט עס ווי איר האָט עס געטאָן מיט ליאָוו'ן. אויף די דאָזיקע רייד איז פונקט דעמאָלט אָנגעקומען אַן אַרבעטער רינג־לערער, וועמעס פּנים איך קען זייער גוט, אָבער זיין נאָמען ווייס איך ניט. ער איז אַמאָל געווען אַ לערער אין אַ אַרבעטער־רינג־שול אין באָראָ־פּאַרק, ער וואוינט איצט אין די בראָנקס. ער האָט אויך, ווי איך, פּרובירט טרייסטן געלבאַרט'ן און אים דערמאָנען פאַראַיאָריקע „חנוכה־שמחה", וואו עס זיינען געווען פאַרבעטן אייניקע אַרבעטער־רינג־לערער צו אים. „געלבאַרט, — האָט דער לערער געזאָגט צו אים — „איר וועט נאָך געזונט ווערן, און איך וועל ווידער פאַראַווען אַ „חנוכה־שמחה", אויף וועלכער איר וועט אַנוועזנדיק זיין". די דאָזיקע רייד פונעם לערער האָבן אים, קאָנטיק, געשטאַרקט, צוגעגעבן מוט און ער האָט זיך צערעדט וועגן פאַלן צווישן אים מיט ליאָוו'ן מיט אַזאַ חשק, אַז סיי דער לערער און סיי איך האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל נישט רעדן אַזוי פיל, ער זאָל אונז לאָזן רעדן. און ווען דער לערער איז אַוועק, בין איך דערנאָך געבליבן מיט געלבאַרט'ן אַליין.

— איר ווילט עפּעס, געלבאַרט ? — האָב איך אים געפרעגט.

— דערווייל וויל איך אייך בעטן, — האָט ער געענטפערט, — איר זאָלט זיין אַזוי גוט און מיר אַרויפברענגען אַ קליין פּאַרציע אייז־קרים, און אַז איר וועט זיין ביי מיר נאָך שבת (ס'איז געווען פרייטיק), וועל איך מיט

אייך רעדן אַ פּאָר ערנסטע ווערטער, וואָס איך וויל פון אייך, איר זאָלט עס דורכפירן פאַר מיר.

נו, איך וועל שוין קיינמאָל ניט וויסן, וואָס פאַר אַ „שליחות" ער האָט געהאַט אינזינען, אַז איך זאָל פאַר אים דורכפירן — און דאָס איז אַ שאָד . . .

פונקט ווי מיט ליאָוו'ן, אַזוי האָט אויך דער זעלביקער גורל געפירט, אַז ווען געלבאַרט איז געשטאָרבן, בין איך געווען אויסער ניו־יאָרק. איך בין צוריקגעקומען נאָכמיטאָג, אַ שעה־אַנדערהאַלבן נאָך דער לוויה.

צווישן דער טאַלאַנטפולער גרופּע אידישע מוזיקער אין אַמעריקע האָט מיכל געלבאַרט פאַרנומען אַ גאַנץ באַזונדערן אָנגעזעענעם אָרט. מיטן נאָמען מיכל געלבאַרט זיינען פאַרבונדן צענדליקער מוזיקאַלישע שאַפונגען פאַר סאָלאָ און כאָר, וואָס זיינען דערשינען אין פאַרשידענע צייטן, סיי אין באַזונדערע איינצעלנע נומערן, סיי אין בוך־פאָרם, צו די לידער און פּאָעמעס פון אונזערע גרעסטע וואָרט־זאָגער אין דער אידישער פּאָעזיע.

מיכל געלבאַרט איז באַוואוסט געווען אויך אין אייראָפּע, לאַטיין־אַמעריקע, אפריקע, ארץ־ישראל, אומעטום וואו עס האָבן געלערנט אידישע קינדער אין חדרים און שולן, וואו געזאַנג איז אַ טייל פון די לימודים. קיין שום אַנדערער אידישער קאָמפּאָזיטאָר האָט ניט געשאַפן אַזוי פיל מוזיק צו קינדער־לידער, ווי מיכל געלבאַרט!

געלבאַרט האָט מיט זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען באַרייכערט דאָס אידישע וואָרט, דאָס אידישע ליד, די אידישע פּאָעמע. אַדאַנק געלבאַרט'ס האַרציקע מעלאָדיעס זיינען צענדליקער לידער פון אונזערע באַרימטסטע דיכטער באַליבט געוואָרן אויף דער אידישער גאַס. די ברייטע פאָלקס־מאַסן האָבן גרינג אויפגעכאַפּט זיינע מאָטיוון.

געלבאַרט איז פאַררעכנט געווען אויף דער אידישער גאַס פאַר דעם מעלאָדישסטן קאָמפּאָזיטאָר. זיין ליד „וואַנדער איך אַליין" (רויזנבלאַט) איז געוואָרן אַ שם־דבר סיי צווישן פּראָפעסיאָנעלע זינגער און סיי צווישן פאָלק. דאָס זעלביקע איז מיט זיין סאַמע ערשטער ליד, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין ניו־יאָרק „קום צו מיר אין חדר'ל", וואָס דער באַרימטער חזן און פאָלקס־זינגער, בערעלע חגי, האָט פאַראייביקט אין אַ קאָלאָמביע־פּלאַסטינקע.

אין געלבאַרט'ס לידער איז פאַראַן פּשטות, מתיקות און פאָלקס־טאָן. אָט־אָ־די אייגנשאַפט איז געלבאַרטס קען־צייכן. עס דרינגט אַריין טיף אין די מוחות און הערצער פון יעדן זינגער און צוהערער. געלבאַרט האָט זיין

גאַנצע יניקה געצויגן פון פאָלק. ער איז אָנגעזאַפּט מיט אידישן נוסח, פאָלקסטימלעכקייט. ער איז פּשוט, אָבער מוזיקאַליש און דערקוויקנדיק.

צווישן געלבאַרט׳ס שאַפונגען זיינען פאַראַן פיל מיט סאָציאַלע מאָטיוון. אין זיין ערשטן בוך „צען לידער״, למשל, געפינט זיך איינע פון די שטאַרקסטע און פּרעכטיקסטע אידישע כאָר־קאָמפּאָזיציעס צו פּרצ׳ס ווערטער „מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע״, וואָס ווערט געזונגען פון די גרעסטע אידישע כאָרן אין גאַר דער וועלט. דאָס איז אַ מעכטיקער מוזיקאַלישער פּראָטעסט צו די הערשער פון דער אומגערעכטער וועלט — אַ זעלטענער צונויפגוס פון וואָרט און קלאַנג.

געלבאַרט׳ס צווייט בוך „געזאַנגען״ איז אויפגענומען מיט ניט ווייניקער באַגייסטערונג, ווי זיין ערשטער. 25 קאָמפּאָזיציעס געפינען זיך אינעם דאָזיקן בוך — צווישן זיי לידער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע אידישע פּאָעטן: אברהם רייזען, מאַני לייב, ליעסין, לייוויק, ביאַלאָסטאָצקי, י. י. שוואַרץ. זיינע טענער טרייסטן און מונטערן דעם פאַרצווייפלטן; וועקן, רופן און רעגן צום קאַמף דעם אונטערדריקטן; מוטיקן און באַגייסטערן דעם קעמפער; ליכטיקן און באַ׳יום־טוב׳ן דעם מאָרגן, די פרייע טעג, וועלכע וועלן קומען. מ׳דאַרף הערן געלבאַרטס העכסט־צוגעפּאַסטע טענער צו לייוויקס „גיין, דאַרף מען גיין״; לידער פון נעכטן; די וועק־און־רוף צום קאַמף־טענער צו „מחנות גייען״ פון היינט, און די ליכטיקע יום־טוב־קלאַנגען צו רייזענ׳ס נייעם ישוב פון מאָרגן.

אין דער אָפּטיילונג „פאַר די קינדערס וועגן״, אינעם דערמאָנטן בוך, ווייזט אונז געלבאַרט, וויפל פאַרשטענדעניש און ליבע ער האָט פאַרמאָגט פאַר דער שאַפונג פון קינדער־מוזיק! דער דאָזיקער רויטער שנור גייט דורך פון זיין סאַמע ערשטן בוך קינדער־לידער „לאָמיר קינדער זינגען״, וואָס דער בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט מיט לאַנגע יאָרן צוריק אַרויסגעגעבן.

פאַראַן אין דער אָפּטיילונג אַ ליד פון ב. י. ביאַלאָסטאָצקי׳ס „וויג־וויגעלע״:

„וויג־וויגעלע קינדערשע געזאַנגען,<br>
מיט מיין באַבען, מיט מיין זיידן זיינען זיי פאַרגאַנגען.<br>
זי — מיט דער געפלעקטער ציג און מיט דער ראָבער הון,<br>
ער — מיטן חומש און יהושע בן־נון״.

ווען מען הערט די מוזיק צו די ווערטער, דערפילט מען ערשט דעם קאָלאָסאַלן ווערט אירן. געלבאַרט באַווייזט אין דעם ליד טאַקע, אַז די פון דורות אָנגעזאַמלטע פאָלקס־ניגונים זיינען ניט פאַרגאַנגען מיט דער באָבען און מיטן זיידן, נאָר זיינען פאַר אונז אויפדאָסניי אָנטפּלעקט געוואָרן סיי מיט דעם אַלט־אידיש־טראַדיציאָנעלן חן און סיי מיט דעם היינט־וועלטיקן, מאָדערנעם מוזיק־ריטם, און האָבן אַ באמת קולטור־היסטאָרישן ווערט.

אַוועק איז דער זינגער, אָבער זיינע פאַרבליבענע געזאַנגען וועלן אייביק קלינגען!

„אידישע קולטור”, פעברואַר, 1963, נ. י.

# סערגעי קוסעוויצקי — דיריגענט פון באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער

דער נאָמען סערגעי קוסעוויצקי איז אויף אַלעמענס ליפּן, איבער־הויפּט אין דער מוזיקאַלישער וועלט. ער איז איינער פון די באַליבסטע נעמען ביי מוזיק־ליבהאָבער אין דער וועלט און דער עיקר אין אַמעריקע. ער האָט אין די עטליכע און צוואַנציק יאָר, וואָס ער איז אין אַמעריקע, באַוויזן צו ווערן אַ גרויסער כוח אין דער מוזיק־לעבן פון דעם ריזיקן לאַנד. אונטער זיין אָנפירונג איז דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער אויסגעוואָקסן צו איינעם פון די פיינסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין דער וועלט.

דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער האָט דורכגעמאַכט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַנטוויקלונג. צווישן די יאָרן 1905 און 1918 האָט דער אָרקעסטער דערגרייכט אַ הויכע שטופע און איז געווען באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד, אַ דאַנק דער מוזיקאַלישער לייסטונג פונעם גרויסן דייטשן דיריגענט קאַרל מאַק. אָבער ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן און אַמעריקע איז שפּעטער אַריין אין קריג קעגן דייטשלאַנד, האָט קאַרל מאַק, זייענדיק אַ פאַרברענטער דייטשער שאָוויניסט, געמוזט פאַר־לאָזן זיין פּאָסטן.

מיטן מאַק׳ס אַוועקגיין האָט דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער

אַנגעהויבן צו פאַרלירן זיין גלאַנץ. צוערשט האָט אים איבערגענומען אַנרי ראַבאָ, דערנאָך איז געקומען דער פראַנצויזיש־אידישער דיריגענט פּיער מאָנטע, אָבערביידע האָבן ניט געקענט באַווייזן צוריק אים אויפצוהויבן צו זיין פריערדיקער הויך. מיט דער צייט איז דער באָסטאָנער אָרקעסטער אַזוי אַרונטערגעפאַלן, אַז מען האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ געוויינליכן מיטלמעסיקן אָרקעסטער.

אין יאָר 1942 האָט די פאַרוואַלטונג פון דעם באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער געבראַכט פון אייראָפּע סערגעי קוסעוויצקי׳ן, וועלכער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט, און דער אָרקעסטער איז, אונטער זיין קינסטלערישער פירערשאַפט און מאַגנעטישער פערזענליכקייט, אין אַ גאָר קורצער צייט געוואָרן צוריק דאָס, וואָס ער איז געווען אַמאָל אונטער קאַרל מאָק, אויב ניט נאָך העכער.

אין די הענט פון זיין נייעם אָנפירער האָט דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער ניט בלויז גענומען שפּילן ווי אַן ערשט־קלאַסיקער אָרקעסטער דאַרף שפּילן, נאָר ממש זינגען. דער אָרקעסטער האָט גענומען רעדן, דערציילן, זאָגן.

דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער איז געוואָרן די קרוין פון סערגעי קוסעוויצקי׳ס מוזיקאַלישער דערגרייכונג אין די עטליכע און צוואַנציק יאָר, וואָס ער געפינט זיך דאָ אין אַמעריקע. דער דאָזיקער אויפטו זיינער האָט אים געמאַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלע פיגור אין דעם אַמעריקאַנער מוזיק־לעבן. ער האָט באַוויזן אויפצוטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַר־שפּרייטונג פון מוזיק־קונסט און מוזיק־פאַרשטענדעניש אין אַמעריקע מער איידער וועלכער עס איז אַנדער מוזיקער און דיריגענט.

קוסעוויצקי האָט ניט בלויז דאָ דער ערשטער גענומען שפּילן גרויסע מוזיק־ווערק פון די מערב־אייראָפּעאישע און רוסישע מאָדערניסטן, נאָר ער האָט אויך דאָ דער ערשטער גענומען שפּילן די מוזיק פון גאָר אַ סך מאָדערנע אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס, שוין ניט רעדנדיק פון די אַלטע קלאַסיקער, אין וועלכע קוסעוויצקי צייכנט זיך אַזוי שטאַרק אויס מיט זיין וואונדערליכער אויסטייטשונג.

אַ גרויסע צאָל טאַלאַנטירטע יונגע אַמעריקאַנער מוזיקער, צווישן זיי דאַרף דערמאָנט ווערן דער יונגער אידישער דיריגענט לעאָנאַרד בערנ־שטיין, האָבן צו פאַרדאַנקען קוסעוויצקי׳ן פאַר זייערע מוזיקאַלישע

קאַריערעס און דערגרייכונגען. דורך קוסעוויצקי׳ן האָבן זיי געקראָגן די געלעגנהייט אַריינצוקומען אין אַ וועלט, וואָס איז פאַר אַמעריקאַנער כמעט געווען פאַרשלאָסן. דערפאַר איז ער אַזוי באַליבט ביי אַמעריקאַנער מוזיקער.

צוויי יאָר נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע האָט דער הויך־אַריסטאָקראַטישער, יחסנ׳ישער בראַון־אינוווערסיטעט פון פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד, אים באַערט מיטן מיטל „דאָקטאָר פון מוזיק״.

קוסעוויצקי איז אויך דער גרינדער און פירער פון די מוזיק־פעסטן אין די בוירקשאַיר בערג, אַרום באָסטאָן, וואָס קומען פאַר יעדן זומער. די טענגעלוואוד זומער־קאָנצערטן זיינען זינט זייער גרינדונג (1935) געוואָרן אַ שם־דבר איבער אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט. די מוזיק־פעסטן אין טענגלוואוד זיינען געוואָרן דאָס, וואָס די מוזיק־פעסטן אין זאַלצבורג, עסטרייך, זיינען געווען פאַר דער היטלער־מהומה.

קוסעוויצקי האָט דערביי אויך געגרינדעט אין טענגלוואוד אַ מוזיק־שול, וואָס האָט שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן טאַלאַנטפולע יונגע דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרס און שפּילער אויף פאַרשידענע אינסטרומענטן.

נאָך אין דעם אַלטן רוסלאַנד האָט קוסעוויצקי געגרינדעט אַן אייגענעם אָרקעסטער פון עטליכע און אַכציק מענטשן, און זיינע קאָנצערטן אין מאָסקווע און פּעטערבורג זיינען געווען וויכטיקע מוזיקאַלישע געשעענישן אין רוסישן לעבן. ער האָט דורך דער הייראַט מיט זיין צווייטער פרוי, די טאָכטער פון אַ מיליאָנערסקן טיי־הענדלער אין מאָסקווע, געקראָגן גענוג מיטלען ניט בלויז אויסצוהאַלטן אַן אייגענעם אָרקעסטער, נאָר ער האָט אויך געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט יונגע טאַלאַנטפולע קאָמפּאָזיטאָרס און האָט געגרינדעט אַ פאַרלאַג אַרויסצוגעבן זייער מוזיק.

קוסעוויצקי האָט אויך זיך געקענט פאַרגינען אָפּצודינגען אַ שיף פאַר זיין אָרקעסטער און פאַר אַ קליינער גרופּע פריינט צו פאָרן איבערן טייך וואָלגאַ און אין יעדער גרעסטער שטאָט געגעבן קאָנצערטן. אין אַ סך ערטער זיינען קיין פּאַסיקע קאָנצערט־פּלעצער ניט געווען. פלעגט מען איינאָרדנען די קאָנצערטן ביי דעם ברעג פון טייך און אַזוי אַרום געבן די איינוואוינער פון די שטעט און שטעטלעך אַרום דער וואָלגע די מעגליכקייט צו הערן די גרעסטע מייסטערווערק פון רוסישע און אייראָפּעאישע מוזיקער, קלאַסישע און מאָדערניסטישע. די דאָזיקע מוזיקאַלישע אַרויספאָרן האָבן אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, ביז דעם אויסברוך פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו אָט די מערקווירדיקע מוזיקאַלישע אונטערנעמונגען.

שפּעטער ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, האָט קוסעוויצקי פּרובירט פאַרזעצן ווייטער זיין מוזיקאַלישע טעטיקייט, אָבער ער האָט עפּעס ניט געקענט שלום מאַכן מיט די נייע רעגירער, כאָטש מען האָט אים אין קיין זאַך ניט געשטערט.

אין יאָר 1920 האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, וואו ער האָט אין אַ קורצער צייט באַוויזן צוזאַמענשטעלן אַן אייגענעם אָרקעסטער, און די „קוסעוויצקי קאָנצערטן״ זיינען באַלד געוואָרן דער געשפּרעך ניט בלויז אין פּאַריז, נאָר איבער גאַנץ אייראָפּע. קוסעוויצקי האָט מיט זיין אָרקעסטער דערנאָך באַזוכט די צענטערס פון גאַנץ מערב אייראָפּע. איידער ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע האָט אים די פראַנ־צויזישע רעגירונג געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון „ערן־לעגיאָן״. זיין נאָמען האָט זיך דעמאָלט פאַנאַנדערגעקלונגען און ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די בעסטע דיריגענטן.

האָבנדיק הינטער זיך אַזוינע גרויסע אויפטואונגען און פאַרדינסטן, איז שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ גרויסער קינסטלער האָט געקענט מאַכן אַ טומל איבער אַ בוך, וואָס אַ באַוואוסטער מוזיק־קריטיקער פון באָסטאָן, מאָזעס סמיט, האָט וועגן אים אָנגעשריבן. זאָל עס זיין דערפאַר, וואָס אין דעם בוך דערציילט זיך גאָר אַ סך פון קוסעוויצקי׳ס פּריוואַט לעבן: וועגן זיין ערשטער פרוי, אַ באַלעט־טענצערין, מיט וועלכער ער האָט זיך גע׳גט, אָדער דאָס, וואָס זיין צווייטע פרוי איז געווען די טאָכטער פון אַ מיליאָ־נערסקן טיי־הענדלער אין מאָסקווע און אַ דאַנק דעם האָט ער געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט; צי דערפאַר אפשר, וואָס מאָזעס סמיט זאָגט אויס פון חדר, אַז ניט קוקנדיק אויף קוסעוויצקי׳ס באַרימטקייט און גרויסקייט אַלס דיריגענט, איז ער אָבער פונדעסטוועגן זייער „שטומפּיג״ אויף דער מוזיקאַלישער „עברי״ ?

און וויסן דאַרפט איר, אַז מאָזעס סמיט (אַ איד, פאַרשטייט זיך !), דער מחבר פון דעם בוך, וואָס רופט זיך „קוסעוויצקי״, איז ניט אַבי ווער. ער ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן עקספּערט פון מוזיק אין אַמעריקע. ער איז 15 יאָר געווען אַ מוזיק־קריטיקער פאַר באָסטאָנער צייטונגען. טשיקאַווע איז אויך צו וויסן, אַז סמיט דענקט וועגן קוסעוויצקי׳ן זייער הויך און האַלט פון

אים זייער שטאַרק אַלס דיריגענט. ער באַטראַכט אים פאַר איינעם פון די גרעסטע קינסטלער, וואָס די מוזיקאַלישע וועלט פאַרמאָגט איצט אָדער וואָס האָט ווען עס איז פאַרמאָגט. צוזאַמען מיט דעם ווייזט אָבער סמיט אויך אָן אויף קוסעוויצקי׳ס איניגע „חסרונות״. און דאָס האָט קוסעוויצקי׳ן ניט געשמעקט און ער האָט זיך געווענדט אין געריכט פאַר אַן „אינדזשאַנקשאָן״ קעגן דעם דאָזיקן בוך.

נו, איצט ווייסן שוין אַלע, אַז דער ריכטער, פאַר וועלכן דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, האָט צוריקגעוויזן קוסעוויצקי׳ס קלאַגעס, אָבער דערווייל האָט ער אַרויסגערופן אַ סענסאַציע און דער עולם האָט זיך געשמאַק אַ כאַפּ געטאָן צום בוך.

די פאַקטן פון קוסעוויצקי׳ס לעבן און קאַריערע, וואָס מאָזעס סמיט באַשרייבט אין זיין בוך, זיינען באַוואוסט צו יעדן פון פריער, האָט דער ריכטער דערקלערט. קוסעוויצקי איז אַ באַרימטע פּערזאָן און אַ סך האָבן שוין וועגן אים געשריבן, און מען דאַרף ביי אים ניט בעטן קיין דער־לויבעניש, ווען מען וויל וועגן אים שרייבן. און די „חסרונות״, אויף וועלכע סמיט שטעלט זיך אָפּ אין זיין בוך, זיינען אויך אַזוינע, וואָס יעדער מוזיק־קריטיקער האָט אַ רעכט אָנצואווייזן אויף זיי. יעדער קינסטלער, מעג ער אפילו זיין דער גרעסטער, איז ניט פריי אינגאַנצן פון חסרונות. אין סך־הכל איז דער בוך אַ גרויסער לויבגעזאַנג פאַר קוסעוויצקי׳ן.

מאָזעס סמיט זאָגט ניט, אַז קוסעוויצקי איז איצט שוואַך אויף דער „עברי״. ער דערציילט נאָר, אַז ער איז עס געווען, און דערביי גיט ער איבער, אַז קוסעוויצקי אַליין האָט דאָס אָנערקענט און האָט צו פופציק יאָר גענומען ערשט לערנען די תורה פון מוזיק, וואָס אַנדערע דיריגענטן האָבן זיך אויסגעלערנט אין זייער יוגנט, ביים סאַמע אָנהויב פון זייער קאַריערע. איצט אָבער, גיט צו סמיט, צו 73 יאָר, איז קוסעוויצקי ניט נאָר אַ מייסטער אַ דיריגענט, נאָר אויך אַ באַגאַבטער מוזיקער. עס זיינען געווען צייטן, דער־ציילט ווייטער סמיט, ווען ס׳איז קוסעוויצקי׳ן געווען איבערדריסיק צו שטודירן די נאָטן פון אַזוינע אָנערקענטע ווערק, ווי בראַהמס׳ס שאַפונגען אָדער אַנדערע קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס, און ער האָט זיך דעריבער פאַר־לאָזן, אַז זיינע געהילפן אָדער די מוזיקאַלישע סעקרעטאַרן זאָלן פאַר אים אָפּשפּילן די ווערק אויף דער פּיאַנאָ־שפּילער פונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַן אָרקעסטער.

„דער טאָג״, אויג. 30, 1947, נ. י.

# צילי אַדלער דערציילט

## (צוויי בענדער מעמואַרן)

דאָס וואָס צילי אַדלער דערציילט אונז אין אירע צוויי בענד טעאַטער־מעמואַרן אונטערן נאָמען „צילי אַדלער דערציילט" וועגן איר לעבן, ראָלע אויף דער אידישער בינע, אַקטיאָרן, מוזיקערס, דראַמאַטורגן, דירעקטאָרן, רעזשיסאָרן און אידישן טעאַטער אין אַמעריקע בכלל, — איז אַוודאי זייער אינטערעסאַנט. איך מיין אָבער, אַז צילי אַדלער האָט אַ סך מער פון אונז באַהאַלטן ווי זי האָט דערציילט — און דאָס איז אַ שאָד. צילי אַדלער האָט ניט בלויז געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויף דער אידישער בינע אין אַמעריקע און אין אידישן טעאַטער בכלל, נאָר זי האָט אויך געלעבט אַן אינטערעסאַנטן לעבן — דורכגעפלאָכטן מיט רייכע ראָמאַנטישע עפּיזאָדן, און די דאָזיקע „מאָמענטן" פעלן לחלוטין אין אירע צוויי בענד טעאַטער־מעמואַרן.

דאָ און דאָרט הערט זיך אַ טאָן פון אַזאַ צי אַ צווייטן ניגון אין צילי אַדלערס ראָמאַנטישן לעבן, אָבער דאָס איז ניט מער ווי אַן אָפּקלאַנג, אַן עכאָ... נאָר אפשר בין איך נישט גערעכט ? אפשר האָט צילי אַדלער בכיוון געוואָלט שרייבן אַזוי איר לעבנס־געשיכטע ? וויבאַלד אַזוי, קאָן מען אירע צוויי בענד טעאַטער־מעמואַרן נישט אָנרופן קיין אויטאָביאָגראַפיע, נאָר עפּיזאָדן פון איר לעבן און פון און אַרום אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. דעמאָלט איז שוין די מאָס גאָר אַן אַנדערע. אויב בלויז עפּיזאָדן, האָט צילי אַדלער איר ציל פולשטענדיק דערגרייכט. מען מוז אויך צוגעבן, אַז דאָס זיינען גאַנץ רייכע עפּיזאָדן, קלאָר און לעבעדיק איבערגעגעבן אין אַ פּשוט׳ער שפּראַך, אָן שום אָנשטעל און צערעמאָניעס.

אויפן שער־בלאַט ווערט אָנגעגעבן, אַז די צוויי בענד מעמואַרן זיינען געשריבן געוואָרן מיט דער הילף פון יעקב טיקמאַן — אַ לאַנגיאָריקן פריינד פון צילי אַדלער. ווער פון זיי האָט אַ גרעסערע האַנט אינעם צוזאַמענשטעל פונעם מאַטעריאַל, אָדער ווער פון זיי איז געווען דער „דיריגענט" — דאָס קאָן קיינער ניט זאָגן. וויכטיק איז, אַז די מעמואַרן זיינען אַ גרויסער צושטייער צו אונזער קנאַפּ געדרוקטער טעאַטער־ליטעראַטור.

די גרעסטע מעלה פון צילי אַדלער׳ס טעאַטער־מעמואַרן איז דאָס, וואָס

זי דערציילט אונז אויפריכטיק און דירעקט. צום תוכ׳יקסטן שיינט זי אַרויס אין די עפּיזאָדן, וואו זי דערציילט וועגן אירע קינדער־יאָרן, וועגן איר מאַמע, דער באַוואוסטער אידישער אַקטריסע דיינאַ פיינמאַן און איר זייער באַרימטן פאָטער — יעקב פּ. אַדלער. עטלעכע שטעלן אין אָט די עפּיזאָדן קאָנען אויך באַצייכנט ווערן ווי עכט אויטאָביאָגראַפיש.

צילי אַדלער, ווי באַוואוסט, איז געווען די פרוי פון לאַזאַר פריד, וועלכער איז געווען פאַררעכנט פאַר איינעם פון די פיינסטע, טאַלאַנטירסטע און אינטעליגענטסטע אידישע אַקטיאָרן ביים אידישן טעאַטער. שפּעטער האָט זי אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיטן באַקאַנטן אידישן טעאַטער־דירעקטאָר דזשייקאָב קאָן. דאָס זיינען געוויס צוויי פון די סאַמע וויכטיקסטע עפּיזאָדן אין צילי אַדלערס לעבן, אָבער קיין פּרטים וועגן זיי דערציילט זי אונז נישט. זי גייט זיי דורך, פּונקט ווי זי גייט דורך נאָך ענלעכע וויכטיקע „מאָמענטן״, אויף וועלכע זי וואָלט געדאַרפט און געקאָנט ברייטער זיך אָפּשטעלן און מער באַלויכטן. דערפאַר איז צילי אַדלער נישט קאַרג אויפן וואָרט אין אירע עפּיזאָדן וועגן עטלעכע קאָלעגן־אַקטיאָרן און אַנדערע טעאַטראַלן אין און אַרום אידישן טעאַטער. כאָטש אויך דאָ זיינען די מייסטע עפּיזאָדן שיטערלעך אָנגעוואָרפן, אָן אַ דורכגעזיפּטן פּלאַן — נאָר דאָס מינערט אָבער ניט זייער אינטערעסאַנטקייט און שפּאַנענדיקייט.

דער לייענער וועט אָן שום ספק שטאַרק פאַרכאַפּט ווערן פון צילי אַדלערס מעמואַרן, און דער טעאַטער־היסטאָריקער וועט באַשטימט אין זיי געפינען אַ סך מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

דאָס וואָס צילי אַדלער באַשרייבט איז נישט בלויז אַ רייכער צוגאָב צום אידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, נאָר עס האָט אויך אַ היפּשן ליטעראַרישן און היסטאָרישן ווערט. איר האָט דאָ אַן אוצר פון נאָסטאַלגישע איבערלעבונגען און פּאַסירונגען, וואָס שניידן זיך איין טיף אין זכרון. איר גייט דורך אין די מעמואַרן אַ וואָסערע פופציק יאָר אידישע טעאַטער־געשיכטע און באַקענט זיך מיט די סאַמע באַרימטסטע אידישע אַקטיאָרן, וואָס די אידישע בינע האָט אַרויסגעגעבן. איר שלאָגט זיך אָן אויף אַזעלכע זיילן פונעם אידישן טעאַטער ווי: סעמועל גאָלדינבורג, בערטאַ קאַליש, מאָריס שוואַרץ, פּאָול מוני, יעקב בן־עמי, בערטאַ גערסטיין, אַנאַ אַפּעל, דוד

קעסלער, סאַראַ אַדלער, באָריס טאָמאַשעווסקי, קלאַראַ יאַנג, זיגמונד מאָגולעסקאָ, לודוויג זאַץ און נאָך אַ סך אַנדערע.

צילי אַדלער איז אַ קינד פון דער סאַמע באַרימטסטער אידישער טעאַטער־דינאַסטיע אין אַמעריקע און דערצו איז זי אַליין אויך געווען איינע פון די פיינסטע און טאַלאַנטירטסטע אידישע אַקטריסעס, וואָס האָט פאַר־נומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אויף דער אידישער בינע. אין דער צייט פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע האָט איר נאָמען אַרויסגעלויכטן מיט „גאָלדענע אותיות". זי איז געווען פון די סאַמע אויבנ־אַניקע אידישע אַקטריסעס אין מאָריס שוואַרץ'ס אידישן קונסט־טעאַטער. מען האָט זי פאַרגעטערט — און דאָס קאָן מען זען פון דעם, ווי אַזוי דער „בוך־קאָמיטעט" האָט אַרויסגעגעבן אירע צוויי ביכער, זיך ניט אָפּשטעלנ־דיק, משמעות, פאַר די גרויסע קאָסטן. דאָס באַווייזט אויך, אגב, אַז אידישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע האָבן נאָך איצט הייסע חסידים, פּונקט ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.

צילי אַדלער דערציילט טאַקע גאָר אַ סך אין אירע עפּיזאָדן וועגן דער ראָלע פון די אַמאָליקע „טעאַטער־פּאַטריאָטן" אַרום אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. עס איז אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל ביז גאָר. אַקטיאָרן ווי דוד קעסלער, טאָמאַשעווסקי, יעקב פּ. אַדלער, בערטאַ קאַליש, קעני ליפּצין — יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ גרופּע „חסידים", וועלכע זיינען געווען גרייט צו גיין „אין פייער און אין וואַסער" פאַר דעם באַליבטן אַרטיסט. אויך צילי אַדלער האָט געהאַט — און האָט נאָך איצט — איר גרופּע „חסידים", און אַט די גרופּע „חסידים" טאַקע האָט עס אַרויסגעגעבן אירע טעאַטער־מעמואַרן — ניט בלויז אין אַ געוויינטלעכער אויסגאַבע, נאָר אויך אין אַ „דע־לוקס"־איינבונד.

„פרייע אַרבעטער שטימע", סעפּ. 15, 1961

# ווענעזועלאַ

## רייזע־מאָטיוון

פון די 21 לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער ווערט געזאָגט אויף ווענע־זואַלע, וואָס ליגט נאָענט ביים עקוואַטאָר, אין סאַמע צפון פון דרום אַמעריקע, אַז אָט דאָס ווייטע טראָפּישע מדינה איז די רייכסטע און פעטסטע פון זיי אַלע. אַ חוץ רייכע אויל־קוואַלן, וואָס איז ביים היינטיקן טאָג דער סאַמע טייערסטער אַרטיקל אין דער וועלט, פאַר וועלכן פעלקער און מלוכות זיינען גרייט ווי די הענער אַריינצושפּרינגען איינער אין אַנדערן און צו פאַרפירן בלוטיקע מלחמות, דורכצופירן שחיטות איבער מענטשן און חרוב מאַכן לענדער, פאַרמאָגט ווענעזועלאַ אויך אַנדערע טייערע נאַטור־אוצרות, ווי: קופּער־מינען, גאָלד־גרובן, אייזן, בריליאַנטן, פּערל, קאַווע — און ווער ווייסט וויפל נאָך פאַרשיידענע אַנדערע מינים רייכקייטן עס ליגן באַהאַלטן אין די טיפענישן פון דער ערד און פונעם ים־ברעג פון אָט דער דאָזיקער גליקלעכער מדינה, וואָס גוטע 80 פּראָצענט איז נאָך אַלץ מדבר, וויסטעניש, געדיכטער דזשאָנגל און ווייט ניט אויסגעפאָרשט.

אין דער קאַראַקאַסער טעגלעכער ענגלישער צייטונג „דעילי דזשורנאַל״, האָב איך געלייענט אַ באַריכט, אַז גאַנצע 57 פּראָצעט פון דער הכנסה, וואָס די ווענעזועלאַ מלוכה קריגט אַריין אין איר רעגירונגס־קאַסע, קומט פונעם פּעטראָלעאום און פון די פאַרשידענע מינעס, וואָס האָבן זיך שוין ביז איצט אַנטוויקלט.

ווענעזועלאַ איז צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי דייטשלאַנד, אָבער אַ באַפעל־קערונג האָט זי ניט מער ווי פון 5 מיליאָן. עס ווערט אויך אָנגעגעבן, אַז ניט מער ווי 20 פּראָצענט פון איר גרויסן שטח איז באַוואוינט מיט מענטשן, דאָס איבעריקע, ווי שוין געזאָגט, איז נאָך אַלץ מדבר, וויסטעניש, געדיכטער דזשאָנגל, וואָס וואַרטן אויף אויסלייזערישע הענט. נאָך שטעלט אייך פאָר, וואָס דאָס מיינט: 5 מיליאָן איינוואוינער אין אַזאַ רחבות׳דיק־רייך, פּעט לאַנד! פאַרוואָס קומט עס דעם ווענעזועלאַנער פאָלק אַזאַ גרויסער גליק, אַזאַ באַזונדערע זכיה? אָבער ווער קען עס ווייסן, פאַרוואָס דעם אָדער יענעם פאָלק ווערט צוגעטיילט אַזוי פיל רייכטום? מסתמא האָט זיך עס דאָס דער ווענעזועלאַנער פאַרדינט...

אַז ווענעזועלאַ האַלט ערשט אין וואַקסן, אין זיך בויען, אין אויפגיין, אין גרויס ווערן און זיך אַנטוויקלען, דאָס זעט מען גלייך אויפן ערשטן אויגנ־בליק. אָבער דער עיקר וואַרפט זיך גאָר שטאַרק אין די אויגן אַריין: דער שנעלער גיגאַנטישער וואוקס און גראַנדיעזער אויפבוי און איבערבוי, ווי אויף הייוון ממש, פון דער ווענעזועלאַנער הויפּט־שטאָט — קאַראַקאַס!

אַך, וואָס פאַר אַ שיינע שטאָט קאַראַקאַס איז שוין — און וועט גאָר אינ־גיכן ערשט זיין! לויט מיין מיינונג, איז קאַראַקאַס שוין איצט איינע פון די פּרעכטיקסטע און פאַרנעמסטע הויפּט־שטעט אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע!

גאַנצע גאַסן און עוועניוס, מיט הייזער און געביידעס, זיינען קאָמפּלעט און טאָטאַל מיט די וואָרצלען אַרונטערגעריסן געוואָרן, איבערגעאַקערט און איבערגעבויט געוואָרן אויפן סאַמע מאָדערנסטן שטייגער, וועלכע דאַרפן זיך אַבסאָלוט ניט שעמען לגבי די שענסטע און פאַרנעמסטע גאַסן, עוועניוס און בולוואַרן פון פּאַריז, ניו־יאָרק, רוים, לאָנדאָן, לאָס־אַנדזשעלעס, בוענאָס־איירעס, מאָנטעווידעאָ, ריאָ־דע־זשאַנעראָ, מעקסיקע און נאָך פיל אַנדערע באַרימטע שטעט אין דער וועלט.

דער דאָזיקער גראַנדיעזער פּלאַן פון אַרונטעררייסן און איבערבויען גאַנצע גאַסן און עוועניוס, מיט הייזער און געביידעס, גייט נאָך אַלץ אָן און וועט נאָך אָנהאַלטן היפּשע עטלעכע יאָרן — און ערשט דעמאָלט וועט קאַראַקאַס באַשטימט זיין אַ מוסטער־שטאָט ניט בלויז אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, נאָר אין דער גאָרער וועלט!

וואָס־זשע באַווייזט עס? עס באַווייזט איין זאַך: דאָרט וואו אַ מלוכה פאַרמעסט זיך טאַקע אויף אַ רעכטן אמת, מיט חשק און פאַרנעם, אויפצוטאָן עפּעס ממשות׳דיקס, ניט גלאַט בעבן אין דער וועלט אַריין, זיינען ניטאָ קיין שום שוועריקייטן. עס עקזיסטירט גאָרניט ביי אַ מלוכה אַזאַ זאַך ווי ניט קענען באַווייזן — מ׳דאַרף נאָר טיף און אמת׳דיק וועלן! און אָט דאָס האָט די ווענעזועלאַנער מלוכה, מיט דער הילף פונעם ווענעזועלאַנער פאָלק, בפירוש באַוויזן!

איך בין זיך מודה, אַז איך בין שטאַרק מקנא דעם ווענעזועלאַנער פאָלק אויף זיין הויפּט־שטאָט — און אויף זיין רייך לאַנד בכלל! אַ חוץ איר שיינעם, מאָדערנעם גרויס־שטאָטישן פּנים, וואָס קאַראַקאַס קריגט צו מיט יעדן פרישן פרימאָרגן, ליגט זי געאָגראַפיש אויסגעבעט אין אַזאַ פּראַכט און כישוף, וואָס פאַרכאַפּט ממש דאָס אויג! זי געפינט זיך אויף אַ הויכקייט פון

1,000 מעטער איבערן ים און איז אַרומגענומען מיט גאַנצע הויפנס בערג פון פאַרשידענע מינים: אייניקע זיינען האַלב נאַקעטע מיט ווייסע אויסגע־שייערטע שטיינער, ווי האַלב נאַקעטע טראַגנדיקע פרויען מיט זייערע ווייס־געקליאַרעוועטע ברוסטן אינדרויסן, געוואַשענע פון יאָר־טויזנטער שטאַרקע וואַרעמע טראָפּישע רעגנס און אויסגעקושטע פון די אייביקע גאָלדענע טראָפּישע זונענשטראַלן; אַנדערע זעען אויס ווי גרויסע אויפגע־גאַנגענע געפלאָכטענע פוטער־קוכן פון אויבן באַשאָטן מיט צימערינג פריש פונעם אויוון אַרויס ברוין־פאַרברענטע, און נאָך אַנדערע טונקען זיך אין אַ פליושענעם ים פון גרינע גראָזן, קוסטעס, ביימער און ביימעלעך, און ווילדע קרייטעכצער. צופוסנס פון אָט די בערג שלענגעלט זיך די שטאָט, וועלכע וואַכן טאָג און נאַכט איבער איר, ווי געטרייע שומרים, און האַלטן זי אַרומ־גענומען, ווי יונגע בחורים האַלטן אַרומגענומען זייערע מיידלעך ביי די טאַליעס, און לאָזן זי ניט אָפּ אויף קיין איין מינוט. דערצו נאָך איז די לופט פון קאַראַקאַס אַזאַ געשמאַקע, אַזאַ ערדיש־געזונטע און באַ׳טעמ׳טע, ווי גוטער איטאַליענישער וויין, וואָס מאַכט אייך פשוט שיכור! און אַזוי פיל ליכט און זון פאַרמאָגט זי — אַ ים!

איך בין ניט מיד געוואָרן גאַנצע שעה׳ן צו שטיין אויפן קליינעם באַלקאָנטשיק פון מיין חדר אין האָטעל פּאָטאָמאַק, וועלכער געפינט זיך אינם סאַן־בערנאַדינער געגנט פון דער שטאָט, ביים סאַמע צופוסנס פון אַ גרינער לענטע בערג, וועמעס שפּיציקע קעפּ, ווי היטלעך צוקער, אַרויסהויבנדיקע איינער איבערן אַנדערן און זעען אויס פון ווייטן אין דער קלאָרער דורכ־זיכטיקער לופט: ווי לופנדיקע הירשן מיט זייערע הויך־האַלטנדיקע קעפּ פון מאַעסטעטיש־פאַרשניצטע הערנער און זוכן איינער דעם צווייטן אַריבער־צויאָגן און דערביי פאַרטשעפּן זיי זיך איינער אין אַנדערן, — רירן שיעור ניט אָן דעם בלויען, לויטערן הימל.

אַבי נאָר עס רעגנט ניט, אָדער עס איז ניט פאַרוואָלקנט, פאַרמאָגט קאַראַקאַס אַזאַ ליכטיק־בלויען, קרישטאָל־לויטערן הימל, וואָס איז אַ זעלטנ־קייט צו זען. אַ דין־דינע צאַרטקייט, ווי דאָס שמייכל פון אַ קינד אין וויגעלע, ליגט אויסגעגאָסן איבער זיין ליכטיק־בלויען, קרישטאָל־לויטערן דעקטוך, וואָס איז ווי געמאַכט פון סאַמע איידלסטן, און דורכזיכטיקסטן טול, ווי אַ דינער דורכזיכטיקער זיידענער שלייער, וואָס דעקט איבער דאָס צאַרטע פּנים פון אַ יונגער שיינער כלה.

קאַראַקאַס! שטאָט פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט! איך האָב זיך אין דיר פאַרליבט, ממש ווי אין אַ יונג, שיין מיידל!

פאַר צוויי לאַנגע וואָכן האָסטו מיך, קאַראַקאַס, געהאַלטן פאַר׳כישופ׳ט אין די אָרעמס פון דיין אייגנאַרטיקער מוזיק, וואָס האָט הויפּנווייז געשטראָמט צו מיר אין מיינע איינגעבאָרענע סענסיטיווע מוזיקאַלישע אויערן, וואָס קענען דערהערן אפילו דעם קלענסטן שאָרך פון אַ גרעזעלע, פון אַלע זייטן, ווי כוואַליעס צום ברעג ים. וואו נאָר איך האָב זיך אַ קער געטאָן, האָב איך געהערט דעם אייגנאַרטיקן ריטם פון דיין אייגן־פאַר־פאַסטער מוזיק, וואָס פליסט מעלאָדיש און האָט אָנגעשלאָגן ניט בלויז צו מיינע אויערן, נאָר אויך צו מיין האַרץ, צו מיין נשמה און צו אַלע מיינע חושים, ווי די ערשטע פּאָר איינציקאַרטיקע אָנשלאָגטענער פון בעטהאָווענ׳ס באַרימטער פינפטער סימפאָניע!

וויפל מאָל, אַ שטייגער, האָב איך אין מיין לעבן אָט די דאָזיקע וואונדערלעכע סימפאָניע שוין געהערט שפּילן — און בין יעדעס מאָל פון איר פאַר׳כישופ׳ט געוואָרן אויפסניי? שווער צו זאָגן! און פונקט אַזוי בין איך יעדעס מאָל אויפסניי פאַר׳כישופ׳ט געוואָרן פון קוקנדיק אויף קאַראַקאַס: קאַיאָר און אינדערפרי, בייטאָג און שפּעט נאָכמיטאָג, פאַרנאַכט און אין אָוונט — און אויך אינמיטן דער נאַכט, אַראָפּגייענדיק פון מיין געלעגער. איך בין, ווי אַ צוגעקאָוועטער, געשטאַנען אין דרויסן אויפן באַלקאָנטשיק פון מיין האָטעל־חדר און זיך אַ דורשטיקער צוגעהערט צו איר אייגנאַרטיקער מוזיק, וואָס זינגט ממש אַרויס פון יעדן אָדער איר׳ן.

אָ, ווענעזועלאַנער קאָנסיל פון ניו־יאָרק! האָסט זיך מיט מיר געדונגען, ריכטיקער געזאָגט, איך האָב זיך מיט דיר געדונגען: דו האָסט מיר געוואָלט געבן אַ וויזע נאָר אויף 10 טעג, און איך האָב זיך ביי דיר געבעטן: כאָטש נאָך 5 טעג! ענדלעך ביזטו איינגעגאַנגען אויף מיין בקשה און האָסט מיך געשאָנקען די נאָך 5 טעג. וואָס, אַ שטייגער, האָסטו מורא געהאַט? אַ?!

אָט זע: וואָס פאַר אַ פריינט, וואָס פאַר אַ גרויסן חסיד ווענעזועלאַ, דיין ווענעזועלאַ, האָט צוגעקראָגן! וואָס פאַר אַ ליבשאַפט און באַגייסטערונג עס טליען איצט אין מיין האַרצן צו דיין הויפּט־שטאָט — און אויך צו דיינע מענטשן! מיר וועט נאָך אויסקומען צו שרייבן וועגן דיינע מענטשן באַזונ־דער.

זע־זשע, דיין עקסעלענץ, היט טאַקע ווי ווייט מעגלעך אָפּ די אינטע־

רעסן פון דיין לאַנד און פון דיין רעגירונג, דאַרפסט אָבער זען מאַכן אַ צווישנשייד: ווער עס קומט צו דיר נאָך אַ וויזע! אַזאַ ווי איך אין וועמעס אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט עס שטייט פּאַררעגיסטרירט פּראָפעסיע: „זינגער און מוזיק־קריטיקער" — דאַרפסטו מיט דיין קלאָרן קאָנסילשן־קאָפּ פאַר־שטיין, אַז איך פאָר ביי דיר גאָרניט אַוועקנעמען...

נו, אָ, עס שטייט אויך אין מיין אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט (איך האַלט עס פאַר אַ בפירוש׳ער גרויסער עוולה מצד מיין אַמעריקאַנער רעגירונג אין וואַשינגטאָן: קיינער דאַרף ניט וויסן וואו איך בין געבאָרן געוואָרן — דער סטייט־דעפּאַרטמענט דאַרף עס אַבסאָלוט האַלטן פאַר זיך און ניט אַריינ־שרייבן עס אין פּאַספּאָרט און דערמיט אַנטאָן עגמת־נפש אַן אַמעריקאַנער נאַטוראַליזירטן בירגער!) פּאַררעגיסטרירט געבאָרן: „רוסלאַנד" — און דאָס האָט אַודאי געמוזט זיין דער גרויסער „חטא" מיינער, וואָס האָט אויסגעזען אין דיינע שטרענגע קאָנסיל׳שע אויגן?

אָבער — פון וואַנען ווייסטו, מיין ליבער קאָנסול, ווי אַלט איך בין געווען ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, און ווען איך האָב פאַרלאָזט — און אונטער וועלכע אומשטענדן — רוסלאַנד? פאַרוואָס זאָלסטו אָט די אַלע זאַכן ניט פּרובירן אויף אַ לייטישן אופן אויסגעפינען? דו פרעגסט אַזוי פיל איבעריקע פראַגעס און פאַרלאַנגסט אויף זיי דורכאויס ענטפערס אין דיינע אַפידייוויטס ביים אַרויסנעמען אַ וויזע — נו, פרעגט מען שוין נאָך אַ פּאָר איבעריקע פראַגעס און מ׳געפינט אויס: מיט וועמען מ׳גייט צום טיש...

און, אפשר גאָר דערפאַר, וואָס איך בין — אַ איד? ווער קען עס היינטיקע צייטן וויסן? גלויב מיר, ה׳ קאָנסיל, אַז איך ווייס דיר ניט וואָס צו זאָגן...

וואָרים נאָכדעם, ווי איך האָב מיך באַקענט מיטן אידישן קאָלעקטיוו אין ווענעזועלאַ, מיט זיינע קאָלאָסאַלע אויפטואונגען און דערגרייכונגען אויפן געביט פון האַנדל און אינדוסטריע, פון אימפּאָרט און עקספּאָרט, וואָס ניט בלויז דער אידישער קאָלעקטיוו אַליין געניסט, נאָר עס געניסט אויך פון דעם דאָס גאַנצע לאַנד, איז מיר שווער צו טראַכטן אַז דו, ה׳ קאָנסיל, האָסט, אָדער דיין רעגירונג וועמען דו פאַרטרעטסט, האָט אויסצוזעצן עפּעס קעגן אידן?

איך האָב אויך אויסגעפונען, אַז דער אידישער קאָלעקטיוו אין ווענע־זועלאַ האָט שטאַרק ליב דיין לאַנד: ער וועט ניט אויסבייטן ווענעזועלאַ אויף

קיין שום מדינה אין דער וועלט! און איך קען דיר, דיין עקסעלענץ, אויך אָפּגעבן אַ גרוס ניט בלויז פון די לעבעדיקע אידן אין ווענעזועלאַ, נאָר אויך פון די טויטע, פון די פאַרשטאַרבענע אידן, וועלכע האָבן געפונען זייערע קברים אויף דער ווענעזועלאַנער ערד.

אדרבה, ה׳ קאָנסיל! גיי אַרויף אויפן אידישן בית־עולם אין קאַראַקאַס, וועסטו מיט דיינע אייגענע אויגן זען: מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט, געטריי־שאַפט און איבערגעבנקייט, מיט וואָס פאַר אַ ממש הייליקע געפילן, ריינקייט און ציכטיקייט עס ווערן געהאַלטן די קברים פון די פאַרשטאַרבענע אידן אויף דער ווענעזולאַנער ערד און זיינען באַצירט מיט די קאָסטבאַרסטע מצבות פון ווייסן און שוואַרצן מאַרמאָר — און מיט די שענסטע ווענעזו־לאַנער בלומען,ביימער און גראָזן.

אגב, וויל איך דאָ באַמערקן, אַז דאָס איז דער שענסטער און רייכסטער אידישער בית־עולם, וואָס איך האָב ביז איצט געזען אויפן גאַנצן אַמערי־קאַנער קאָנטינענט!

איך וויל פאַרענדיקן, דיין עקסעלענץ, מיט דער פאָלגנדיקער עצה צו דיר: אין דער צוקונפט, אַז עס וועט קומען צו דיר אַזאַ איינער ווי איך נאָך אַ וויזע אויף צו באַזוכן דיין לאַנד, גיב עס אים מיט ליבשאַפט, זיי ניט קאַרג אויף דער צייט פונעם באַזוך, זאָל דער טוריסט ניט אַרומגיין מיט אַ ציטערניש אין האַרצן: „אָט לויפט שוין אויס דער טערמין״, און ער וועט דיר און דיין לאַנד און דיין פאָלק צוריקצאָלן מיט ליבשאַפט — אָט אַזוי ווי איך טו עס איצט נאָך מיין קורצן וויזיט.

געדענק: ס׳איז בעסער צו געווינען איין פריינט, איידער צען שונאים...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, אפריל 12, 1957, נ. י.

# ערנסט בלאָך — דער פּערטעטער „בית"

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָב איך בייגעוואוינט אַ קאָנצערט פונעם ניו־יאָרקער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער און קאַרנעגי האָל, וואו ס'איז געשפּילט געוואָרן ערנסט בלאָכ'ס מוזיקאַלישע שאַפונג „קאָנטשערטאָ גראָסאָ" פאַר שטרייך־אָרקעסטער. פאַר דעם האָט די „דזשוליאַרד מוזיק־סקול" פון ניו־יאָרק איינגעאָרדנט אַ סעריע פון דריי קאָנצערטן, וועלכע זיינען געווען געווידמעט אויסשליסליך די מוזיקאַלישע ווערק פון ערנסט בלאָך. די דאָזיקע דריי קאָנצערטן זיינען אויך געהערט געוואָרן אויף דער שטאָטישער ראַדיאָ־סטאַנציע „דאַבעליו־וואַי־ען־סי". און מיליאָנען מוזיק־ליבענדע מענטשן האָבן אַזוי־אַרום געהאַט די געלעגנהייט אויפסנייַ זיך צו באַקענען מיט די גאָניאַלע שאַפונגען פון דעם דאָזיקן אידישן זשעני.

ערנסט בלאָך ווערט פאַררעכנט פאַר דעם גיגאַנט צווישן די היינטיקע לעבעדיקע קאָמפּאָזיטאָרס. ערנסט בלאָך איז אויך פון די געציילטע גרויסע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס מיט אַ וועלט־נאָמען וואָס נישט בלויז שעמט ער זיך נישט, נאָר אדרבה, ער נעמט דורכאויס אידישע מעלאָדיעס, אידישע ניגונים פאַר זיינע מוזיקאַלישע טעמעס און רופט זיינע שאַפונגען אָן מיט אידישע נעמען, ווי „ישראל", „שלמה" און דער „בעל־שם־ניגון".

היינט גיי זיי אַ נביא און טרעף, פונוואַנען די אידישע גאולה קאָן אַמאָל קומען? וואָלט זיך עס עמיצער געריכט, אַז גראָד אַ שווייצאַריש־געבוירענער איד זאָל ווערן דער מוזיקאַלישער אַמבאַסאַדאָר פון אידן אין דער וועלט? זאָגט אייך וואָס איר ווילט, אידן זענען פאָרט אַ וואונדערלעך פאָלק...

עס פעלן נישט אין דער מוזיקאַלישער וועלט קיין גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס אידן מיט אידישע און נישט־אידישע נעמען. איך קאָן דאָ אָנרופן אַ היפּשע צאָל פון זיי. אָבער גרויסע וועלט־באַרימטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע זאָלן דירעקט שעפּן פונעם אידישן קוואַל און אָנרופן זייערע מוזיקאַלישע שאַפונגען מיט ריין־אידישע נעמען — אַזוינע זענען פאַראַן ווינציק. מען קאָן זיי ממש איבערציילן אויף די פינגער. איך האָב מורא צו זאָגן, אַז קיין צווייטער ערנסט בלאָך איז נאָך נישטאָ. און אויב ער איז ערגעץ־וואו פאַראַן, הערט מען פון אים נישט.

ערנסט בלאָך איז אַ קאָמפּאָזיטאָר, וועמעס מוזיקאַלישער אוניווער־סאַליזם און טיף־אידישע גייסטיקע פּאַרוואָרצלטקייט גיסן זיך צונויף און בינדן זיך צוזאַמען. מען וועט אפשר פרעגן: פונוואַנען קומט צו בלאָכ׳ן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דער שווייץ און האָט אַלע זיינע יאָרן געלעבט אין אַ ריין־אַסימילאַטאָרישער סביבה, טיף־אידישע פּאַרוואָרצלט־קייט ?

איז דער ענטפער: ער האָט געשעפּט זיין באַגייסטערונג, זיין אינספּי־ראַציע פון תנ״ך, פון דער ביבל, פון די אידישע נביאים, פון זיין אינער־ליכער טיף־אידישער נשמה, וואָס לעבט אין אים און וואָס קוועלט מיט אַ נאַטירליכן אידישן פּאַטאָס, מיט אידישן גלויבן, מיט אידישן בטחון און אידישן קיום!

פון ערנסט בלאָכ׳ס מוזיק זינגט אַרויס דער אייביקער אידישער קאַמף פאַר גערעכטיקייט, דער געפּיל פאַר מענטשליכע ליידן, וואָס ער טראָגט טיף אין זיין נשמה צוזאַמען מיט זיין פאָלק; דער אייביקער אידישער באַגער צו פרייהייט, צו אַ ליכטיקער וועלט, צו פעלקער־ברודערשאַפט. ער אַליין האָט ווינציק געליטן, אָבער ער איז דורכגעדרונגען מיט די ליידן פון איוב׳ן, מיט דעם געוויין פון ירמיהו׳ן, מיט די זעאונגען פון ישעיהו׳ן, מיטן יושר פון עמוס׳ן, וועלכע ער דערמאָנט שטענדיק, ווען עס קומט אים אויס צו רעדן אָדער שרייבן עפנטליך. ער רעדט אויך וועגן דער סענסואַליטעט פון „שיר־השירים״ ביי געוויסע געלעגנהייטן.

בכלל קאָן געזאָגט ווערן אויף בלאָכ׳ן, אַז ער איז אַ מענטש פון תנ״ך, מיט וועלכן ער הערט זיך נישט אויף אַרומצונעמען. ער הערט נישט אויף צו טרינקען פונעם דאָזיקן טיפן אידישן ברונעם אויף קיין איין טאָג.

דאָס מיינט אָבער נישט, אַז ערנסט בלאָך איז כולו ראָמאַנטיקער. ער איז טאַקע אַ ראָמאַנטיקער, אָבער ער געהערט נישט צו דעם סאָרט ראָמאַנ־טיקער, וועלכע שליסן זיך אויס פון דער געזעלשאַפט און פון די פּראָבלעמען פון דער היינטיקער צייט. דער אידישער געוויסן היט אים אויס און האַלט אים אָפּ דערפון. אַ מענטש מיט אַזעלכע טיפע געפילן קאָן זיך נישט אַוועקזעצן אין אַ וועלט פון בלוט און טרערן פּראַוועז התבודדות. דאָס וועט דער געבוירענער אידישער כאַראַקטער נישט דערלאָזן. ער בינדט די ליידן און קאַמפן, וואָס אידן האָבן אַנגעפירט אַמאָל מיט די קאַמפן און ליידן, וואָס אידן פירן אָן אין דער וועלט היינט. זיין מוזיק איז דורכגעוועבט מיט

אידישן קאַמף און נצחון. נישט בלויז געוויין און טיפע לײדן הערט איר ביי אים, נאָר אויך אַ סך לעבנס־קראַפט און שטאַרקן אידישן אָפּטימיזם.

אמת, בלאָך איז נישט פון די גאָר פּראָדוקטיווע קאָמפּאָזיטאָרס, אָבער עס זיינען פאַראַן טיפע אורזאַכן פאַר דעם. ערשטנס, ווען ער קיינמאָל ניט אָנשרייבן אַ נאָטע ביז וואַנען ער האָט זי פריער נישט גוט דורכגעלעבט. צווייטנס, האָט ער נאָך ביז היינטיקן טאָג נישט געפונען קיין ריכטיקע, אמת׳ע היים פאַר זיך, וואו ער זאָל זיך באמת קאָנען פולשטענדיק אויסלעבן סיי נאַציאָנאַל און סיי גייסטיק. פאַר אַן אמת׳ן קינסטלער איז עס אַ גרויסער שטערונג. עס שאַפט זיך דעריבער ניט אַזוי אָפט, ווי מען וואָלט געקאָנט און געוואָלט...

ווען איר הערט זיך איין צו בלאָכ׳ס מוזיק, האָט איר דעם געפיל, אַז דאָס איז נישט קיין מוזיק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן לויט אַ פאָראויס־צוגעגרייטן פּלאַן, נאָר ריינע אימפּראָוויזאַציע, וואָס פליסט ממש פון זיך אַליין ווי אַ טייך, וועמעס שטראָמען ס׳ווערן געיאָגט פון עפּעס אַן אומזעבאַרע קראַפט. אויך הערט איר אין בלאָכ׳ס מוזיק אַ מורמלען, אַ שטענדיקן דיאַלאָג, אַ רעדן פון שטימעס גיכער, ווי פון שפּילן פון געוויסע אינסטרומענטן. דער געפיל פון כסדר וועלן אונז זאָגן עפּעס, דאָמינירט אין אַלע זיינע מוזיקאַלישע ווערק, וואָס ער האָט ביז איצט געשאַפן אין אַזאַ אָדער אַ צווייטער פאָרם.

צווישן בלאָכ׳ס הויפּט־ווערק, וואָס זיינען געהערט געוואָרן אויף די קאָנצערטן, וואָס די „דזשוליאַרד מוזיק־סקול" האָט איינגעאָרדנט, זיינען געווען די סימפאָניע „ישראל", די ראַפּסאָדיע „שלמה" פאַר טשעלאָ און אָרקעסטער און אַ רייע קלענערע זאַכן. זיי האָבן אַן איבעריקן מאָל באַוויזן זייער הויכע קינסטלערישקייט, טיפע מוזיקאַלישקייט, קאָלאָריט־רייכקייט, קלאָרקייט פון אויסדרוק און אויסערגעוויינליכע אָריגינאַליטעט, וועמעס גלייכן מען געפינט נישט ביי קיין שום אַנדערן קאָמפּאָזיטאָר פון אונזער צייט.

בלאָך האָט ביי אַ געלעגנהייט וועגן זיך אַליין געשריבן: „איך בין אַ איד, און אַלס אַזעלכער איז מיין באַגער דורכאויס צו שרייבן אידישע מוזיק. איך טו עס נישט צוליב דעם, ווייל איך זוך אַזוי־אַרום פאַר זיך באַרימטקייט, נאָר ווייל איך בין איבערצייגט, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, ווי אַזוי איך קאָן באמת שאַפן ווערטפולעס אין דער מוזיק פון אַ באַדייטונג־פולן כאַראַקטער".

הערנדיק נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיין סימפאָניע „ישראל", געפינט איר ערשט דעמאָלט אויס, וואָס פאַר אַ מייסטערווערק דאָס איז, וויפיל אידישע לייב־און־לעבן עס איז אין איר אַריינגעלייגט געוואָרן פונעם מחבר. די מוזיק איז דורכגעוועבט מיט אידישער וויזיע, נביא'ישע זעאונגען, האָפענונגען אויף דעם צוגעזאָגטן לאַנד, מיט אויפברויז, מיט פּראָטעסט, מיט קאַמף און נצחון — נצחון פון דעם גייסט, וואָס אידן שטעלן כסדר אַרויס דער וועלט — און ווייזט אָן אויף דעם פינסטערן זומפּ, אין וועלכן די גאַנצע וועלט טרינקט זיך — און אויב זי וועט זיך באַצייטנס ניט ראַטעווען, וועט זי מוזן אונטערגיין. און ווי גלענצענד, ווי וואונדערליך בלאָך האָט באַהערשט דעם מאַטעריאַל און די פאָרם פון אָט דער שאַפונג! מען ווערט ממש מיטגעריסן פון זיין מוזיקאַלישער וויטאַליטעט!

ספּעציעל באַרימט איז ערנסט בלאָך מיט זיין „בעל־שם־ניגון" פאַר פידל און פיאַנאָ. איך זאָג ספּעציעל, ווייל עס איז נישטאָ קיין קינסטלער, קיין איין גרויסער פידל־שפּילער, ווירטואָז, אויף וועלכער עס איז קאָנצערט־בינע פון דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבן געשפּילט בלאָכ'ס „בעל־שם־ניגון". דער ברייטער אידישער עולם פילט דעם אָטעם פון דעם דאָזיקן „ניגון", מער פון אַלץ, וואָס בלאָך האָט געשאַפן.

דער „בעל־שם־ניגון" איז איינער פון די, וואָס שטעלן צונויף דעם מוזיקאַלישן ציקל, „דריי בילדער פון חסיד'ישן לעבן", וועלכע דער געניאַלער מייסטער האָט פאַרפאַסט. דער חסיד'ישער קוואַל וועט נאָך ניט איין מוזיקער אינספּירירן צו שאַפונגען פון אַזאַ אָדער אַ צווייטער פאָרם. ווער נאָר עס רירט זיך צו צו אים, ווערט ממש אָנגעצונדן מיטן ליכט, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין דעם געשטאַלט פון בעל־שם־טוב!

דער ציקל „דריי בילדער פון חסיד'ישן לעבן" איז איינער פון די פּרעכטיקסטע שאַפונגען אין דער גאַנצער מוזיק־ליטעראַטור. בלאָך האָט געמוזט זיין שטאַרק פאַרכאַפּט פון עפּעס אַ חסיד'יש־ראָמאַנטישער שטימונג ביים שאַפן אָט דעם ציקל. מען פילט דעם דאָרשט, מיט וועלכן ער איז צוגע־פאַלן צום חסיד'ישן קוואַל און דעם זיסן טעם פון זיין טרינקען. מיט וואָס פאַר אַ פרישקייט ער ברענגט אונז צו טראָגן דעם מיסטישן רויש פון די אַלטע, אויסגעריבענע אַטלעסענע און זיידענע חסיד'ישע קאַפּאָטעס, וועמעס פאָלעס האָבן יום־טוב'דיק געפלאַטערט ווי פליגל אַרום דעם רבינ'ס טיש ביים ציטער פון אַן אויפזינגענדיקן ניגון, וואָס אַ חסיד אָדער דער רבי אַליין

האָט פאַרצויגן! איר פילט ממש ווי די אידישע נשמה וויברירט אין די מיסטישע טענער, די גרויסע התפעלות, וואָס פלעגט דעם חסיד אַרומ־נעמען, די באַגייסטערונג, אין וועלכער ער פלעגט אַריינפאַלן, זיין פאַר־כלינען זיך, זיין פאַרגיין זיך, זיין פאַרקייכן זיך, זיין שפּרינגען אין די עולמות העליונים, ווי ער וואָלט ממש טאַקע אַנגעכאַפּט גאָט פאַר די פאָלעס... אָט די חסיד׳ישע „שטריכן״, וואָלט איך געזאָגט, זיינען פון בלאָכ׳ן אויף אַ מערקווירדיקן מוזיקאַלישן אופן אַריינגעוועבט געוואָרן אין דעם „בעל־שם־ניגון״!

פונקט אַזוי אויך צייכנט זיך אויס זיין מוזיק צו די פאַרשידענע קאַפּיטלעך תהילים; און אויך זיין גרויס ווערק „עבודת הקודש״, אַ שבת׳־דיקן דאַווענען, וואָס ער האָט מיט גרויס קינסטלערישן פלייס געשאַפן און וועט בלייבן אַן אייביקער מאָנומענט אין דער אידישער, ווי אין דער ניט־אידישער, ליטורגישער מוזיק. דאָ האָט ער אויף אַן אמת׳ן געלאָזן פריי לויפן זיינע אידישע געפילן, און דער רעזולטאַט — אַ ווערק פון קאָלאָסאַלע דער־גרייכונגען. איר וואונדערט זיך נאָר ווי טיף ער האָט אַריינגעדרונגען אין דעם טייטש פון די ווערטער, ווי קלאָר ער האָט פאַרשטאַנען דעם מיין פון יעדער תפילה באַזונדער — ער, דער שווייצאַרישער איד. דער כח פון אַ זשעני!

דעם 24טער יולי, 1870, דאָס יאָר און דער טאָג, ווען ערנסט בלאָך איז געבוירן געוואָרן אין זשענעווא, וועלן פאַרבלייבן היסטאָרישע דאַטעס אין דער געשיכטע פון מוזיק.

זינט דעם יאָר 1916 האָט זיך ערנסט בלאָך באַזעצט אין אַמעריקע. עס איז אַ שטאָלץ פאַר אַ לאַנד צו האָבן אַזאַ בירגער!

„דער טאָג״, סעפּ. 18, 1948, נ.י.

# יוסף ווינאָגראַדאָוו — דער ווילנער

בײַ אַן אָרעמען אידישן טאַטן, שלמה ווינאָגראַדאָוו, וואָס האָט זיך גענערט פון קירזשנערײַ, איז אין דעם יאָר 1866, אין ווילנע, ירושלים דליטא, געבאָרן געוואָרן אַ אינגל יוסף, וועלכער איז דערנאָך, מיט יאָרן שפּעטער, געוואָרן אַ באַרימטער אָפּערע־זינגער, וואָס זײַן נאָמען איז געווען באַוואוסט איבער דער גאָרער וועלט.

ווי שווער עס איז געווען פאַר דעם אָרעמען קירזשנער צו דערנערן זײַן משפּחה, האָט ער פונדעסטוועגן זיך געסטאַרעט צו געבן זײַן יוסף׳קען אַ גוטע אידישע דערציאונג. ער האָט אים צוערשט געשיקט אין אַ אידישן חדר, דערנאָך ווען ער האָט דערזען אין אים אַ מוזיקאַלישן טאַלאַנט, האָט ער אים אַרײַנגעגעבן אין דער ווילנער מוזיק־שול, וואו דאָס אינגל האָט געקראָגן אַ פּאַסיקע מוזיקאַלישע לערע. גלײַכצײַטיק איז דער קלײנער יוסף׳קע, אין עלטער פון אַכט יאָר, שוין געווען אַ „משורר׳ל״ אין דער גרויסער ווילנער כאָר־שול, וואו ער האָט געזונגען בײַם חזן אין כאָר.

דער יונגער משורר׳ל איז גאָר שנעל באַליבט געוואָרן אין שטאָט ניט בלויז צוליב זײַן זיסער אַלט שטימע, נאָר טאַקע צוליב זײַן שײן זינגען. חזנים רײַסן זיך איבער אים, יעדער וויל אים האָבן בײַ זיך אין זײַן כאָר. ער ווײַזט אַרויס זעלטענע מוזיקאַלישע פעאיגקײטן און אַ גאָר פײַנעם חוש פון געזאַנג. זײַן נאָמען ווערט באַקאַנט אין דער גאַנצער אומגעגנט, ניט בלויז אין ווילנע...

טאַטע־מאַמע צוגײען זיך פאַר נחת... צו זעכצן יאָר פאַרענדיקט יוסף׳קע די ווילנער מוזיק־שול און האָט אויך שוין דורכגעמאַכט עטליכע קלאַסן אינעם ווילנער לערער־אינסטיטוט. עס ציט אים אָבער ווי מיט צוואַנגען צו געזאַנג, צו מוזיק, און ער הויבט זיך אויף און פאָרט אַוועק קײן אָדעס. קומענדיק אַהין דאָרט, ווען מ׳האָט זיך געהאַלטן אין צוגרײטן אויף ימים־נוראים, פאַרדינגט ער זיך אַלס משורר אין כאָר בײַם באַרימטן חזן פּיצי. דאָס גליק האָט אים צוגעשפּילט. עס הערט אים פּיצי׳ס אײדעם, באָריסאָוו, וועלכער איז אַלײן געווען אַ באַרימטער זינגער, און ער ווערט שטאַרק באַגײַסטערט סײַ פון זײַן שטימע און סײַ פון זײַן מוזיקאַלישער פעאיגקײט. ער הערט אים זינגען אײנמאָל און נאָכאַמאָל, באַקענט זיך מיט אים נענטער און זײַן אינטערעס צום ווילנער באַגאַבטן אינגל ווערט גרעסער פון טאָג צו

טאָג. ער דערמוטיקט אים, אַז ער זאָל פאָרזעצן זיין ווייטערדיקע מוזיקאַ־לישע קאַריערע און העלפט אים גאָר אַ סך אַרויס, סיי מיט ראָט און סיי מיט טאָט...

נאָכדעם ווי ווינאַגראַדאָוו איז אָפּגעווען אַ שטיקל ציט אין אָדעס, גיט ער אויף זיין שטעלע אַלס משורר ביי פּיצי׳ן און טרעט אַריין אַלס כאָריסט אין אַ וואַנדערענדיקע אָפּערע־טרופּע, וואָס פאָרט אַרום איבער פאַר־שידענע פּראָווינץ־שטעט, ביז ער קומט אָן שפּעטער קיין מאָסקווע. דאָ פאַר־לאָזט ער די „טרופּע" און נעמט זיך ערנסט שטודירן מוזיק, אויסבילדן די שטימע און זעצט פאָר זיין מוזיקאַלישע קאַריערע.

ער ווענדט זיך צום באַקאַנטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר יואל ענגעל, וועלכער איז געווען דער מוזיק־קריטיקער פון דער צייטונג „רוסקיא ווערמאסט", אין מאָסקווע, נאָך הילף. ענגעל זאָגט אים ניט אָפּ און העלפט אים מיט וואָס נאָר ער קאָן אויף פאַרשידענע אופנים, ווינאַגראַדאָוו אָרדנט זיך ווי עס איז איין און גייט גאַנץ געשמאַק אָן מיט זיין לערנען אין דער מאָסקווער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע, וואו ער צייכנט זיך גאָר באַזונדערס אויס. ער ווייזט אַרויס זעלטענע פלייסיגקייט און אַלע פּראָפעסאָרן האָבן אים זייער ליב. ער איז געהאָרכזאַם און לערנט אויס זיינע לעקציעס בעסער פון יעדן איינעם. יעדער באַמיט זיך אויף זיין שטייגער מיט עפּעס אים אַרויסצוהעלפן.

ניט האָבנדיק אַלס איד קיין וואוינרעכט, איז ווינאַגראַדאָוו׳ן אויסגע־קומען אַ גאַנץ לאַנגע צייט אַרומצובלאָנדזשען גאַנצע נעכט איבער די מאָסקווער גאַסן. עס איז געווען אוממעגליך פאַר זיינע פריינט אויסצו־ווירקן ביי דער מאָסקווער פּאָליציי אַ שטענדיקע וואוינרעכט פאַר אים. פלעגט ער היינט איבערנעכטיקן — דאָ, מאָרגן — דאָרט. מערסטנס אָבער איז ער געשלאָפן ערגעץ הינטער אַ בריק, הינטער אַ פּלויט, אָדער פלעגט אַרומבלאָנקען פון איין גאַס אין דער אַנדערער, פון איין ווינקל צום צווייטן, ביז עס פלעגט ווערן ליכטיק און ער פלעגט זיך אָוועקאיילן צו זיין דער ערשטער אין קלאַס, און לערנענדיק געשמאַק מיט טיפער התמדה און גרויס חשק, ווי נאָר אַ ווילנער אידישער בחור איז געווען פעהיג דערויף, האָט ער אַזוי אַרום פאַרגעסן אָן זיינע שווערע ליידן... ניט איין ווילנער אידיש אינגל וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער ברייטער וועלט אַריין, אָן אַ גראָשן געלט, איז שפּעטער באַרימט געוואָרן דורך זיין גאונות׳שאַפט, שאַרפער

חריפות, טיפער התמדה און טאַלאַנט! און אַז שלמה דעם קירזשנער׳ס זון, יוסף האָט געהאַט טאַלאַנט, וועגן דעם האָט גאָר קיינער ניט געצווייפלט...

אָבער ניט פריער ווי עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט פאַר ווינאַגראַדאָוו׳ן אַרויסצואווייזן זיין טאַלאַנט אין דער עפנטליכקייט, ערשט דעמאָלט האָט די מאָסקווער פּאָליציי אים דערלויבט צו בלייבן וואוינען אין מאָסקווע אויף אַ געזעצליכן שטייגער.

געשען איז עס אויף אַזאַ אופן: עס איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן דער הויפּט באַריטאָן־זינגער פון דער מאָסקווער אָפּערע און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל פאַרנעמען זיין אָרט. בעלנים זיינען גראָד געווען אַ סך, אָבער קיינער פון זיי איז ניט געווען גוט גענוג. האָט זיך ווער ס׳איז דאָרט דער־מאָנט אָן ווינאַגראַדאָוו׳ן און מ׳האָט גלייך געשיקט נאָך אים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געקענט די ראָל פיל בעסער איידער דער גלאַוונער זינגער, וואָס איז קראַנק געוואָרן — עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער ראָל פון „פערנאַנדאָ״ אין דער אָפּערע „טרובאַדור״.

דער ערשטער אַרויסטריט ווינאַגראַדאָוו׳ס פאַר דעם מאָסקווער פּובליקום איז געווען אַ קאָלאָסאַלער דערפאָלג. עס זיינען דערשינען וועגן אים אין אַלע מאָסקווער צייטונגען העכסט באַגייסטערטע קריטיקן. ענגעל האָט ביי דער געלעגנהייט פאַרעפנטליכט אין „רוסקיא וועדאָמאָסט״, עטליכע אַרטיקלען אויף אַמאָל און האָט אים גאָר באַזונדערס שטאַרק געלויבט. פון דעמאָלט הויבט זיך אויף אָן אמת׳ן אָן ווינאַגראַדאָוו׳ס מוזיקאַ־לישע קאַריערע.

אָבער צו ברייט זיינען די טירן פון דער מאָסקווער אָפּערע איצט נאָך אויך ניט געווען אָפן פאַר ווינאַגראַדאָוו׳ן, און אַלץ דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ איד. „אָט ווען איר נעמט אָן אונזער פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן — האָט זיך צו אים איינמאָל אָנגערופן פירשט דאָלגאָרוקאָוו, וועלכער איז געווען דער מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, וואָלט איר באַשטימט זייער הויך געשטיגן. איר וואָלט אפילו געקאָנט ווערן דער הויפּט באַריטאָן־זינגער אין דער מאָסקווער אָפּערע. איך בין גרייט צו ווערן אייער טויף־פאָטער און אייך גליקליך מאַכן״. דערויף אָבער האָט אים דער יונגער צוויי־און־צוואַנציק יעריקער ווינאַגראַדאָוו מיט שטאָלץ געענטפערט: „איך האָף אַז איך וועל זיך אויסצייכענען אַלס איד מיט מיין טאַלאַנט״, און ער האָט זיך ווי עס איז אויסגעדרייט פון דעם גענעראַל גובערנאַטאָר׳ס הענט... עס איז

בפירוש געווען אַ געוואַגטקייט פון אים אַזוי צו ענטפערן אין יענער צייט פונעם פינסטערן רעזשים אין רוסלאַנד, ווען עס האָט געהערשט אויפן בענקל דער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער...

פון דעם דאָזיקן ענטפער זיינעם איז גרינג זיך פאָרצושטעלן פון וואָס פאַר אַ טייג ווינאַגראַדאָוו איז געווען געקנאָטן. ניט בלויז האָט ער זיין אידישע אמונה ניט אויסגעביטן, נאָר ער האָט זיך מיט זיין אידישקייט ניט באַהאַלטן ווי אַ סך אַנדערע אידישע קינסטלער טוען עס און פאַרשטעלן זיך אונטער פאַרשידענע אויסגעטראַכטע גוי׳אישע נעמען...

ווינאַגראַדאָוו איז געווען פאַרעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע וועלט־באַריטאָנען. צו דעם נאָך איז ער אויך געווען אויסערגעוויינליך מוזיקאַליש און האָט געקענט אויס׳חזר׳ן אַ נייע ראָל אין דער מעגליך־קורצסטער צייט וואָס קאָן נאָר געבן. ער פלעגט פאָרן יעדעס יאָר קיין איטאַליע און אַ חוץ דעם וואָס ער איז דאָרט אויפגעטראָטן אין מילאַן און אַנדערע שטעט, פלעגט ער אויך דאָרט איבערגיין זיינע ראָלן ביי די גרעסטע מוזיק־פּראָפעסאָרן און געזאַנג־עקספערטן. ער האָט גאַסטראָלירט אין די גרעסטע שטעט פון אייראָפּע: פּאַריז, בריסל, אַנטווערפּן, בערלין, לאָנדאָן, וואו ער איז אויפגעטראָטן צוזאַמען מיט די באַרימטסטע וועלט־זינגער פון יענער צייט, ווי: מאַזיני, פאַטי, מעלבאַ, אלבאַני, די ברידער רעשקע, סקאָלסקי, און נאָך אַנדערע גרויסע אָפּערע־זינגער.

ווען ער האָט זיך געפונען אויף איינע פון זיינע רייזעס אין איטאַליע, האָט ער פון אַדעס דערהאַלטן אַן איינלאַדונג צו קומען דאָרט אַהין אויפטרעטן אין רובינשטיין׳ס אָפּערעס: „דעמאָן״ און „די מאַקאַבייער״ אונטער דער לייטונג פון׳ם קאָמפּאָזיטאָר. רובינשטיין איז דערנאָך געווען גאָר שטאַרק באַגייסטערט ניט בלויז פון ווינאַגראַדאָוו׳ס זינגען, נאָר אויך פון זיין דראַמאַטישן טאַלאַנט. אויף דעם זעלביקן אופן האָט אויך אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג דער באַרימטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר פּיאָטאָר טשייקאָווסקי וועגן ווינאַגראַדאָוו׳ן, נאָכדעם ווי ער האָט אים געהערט זינגען אין זיין אָפּערע „מאַזעפּאַ״.

אָבער נאָך די אַלע גרויסע דערפאָלגן, וואָס ער האָט ביי די גויים, בלייבט ער דאָך אַן אומצופרידענער... עפּעס „טאָטשעט״ זיין אידיש האַרץ... עפּעס גיט אים ניט קיין רו... וואָס זאָל דאָס זיין?... ער ווייס ניט...

די צייט — ס'איז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, ד.ה. די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן ערשט מיט אַ יאָר און אַ האַלב שפּעטער. אָבער אין לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין, בריסל, פּעטערבורג און אַנדערע הויפּט־שטעט פון אייראָפּע און די באַלקאַן־לענדער רעדט מען שוין וועגן איר גאַנץ געשמאַק... דיפּלאָמאַטן, אַמבאַסאַדאָרן שלאָפן נישט קיין נעכט... עס פליען „שטאָפּעטן" פון איין מלוכה צו דער אַנדערער...

דערווייל האַלט מען אין לאָנדאָן אין גרינדן אַ אידישן „קונסט־טעמפּל" פאַר דער אידישער אָפּערע און דראַמע. די זאַך קומט פאָר אין „ווייטשעפּל" — דאָס האַרץ פונעם ענגלישן אידנטום... אַ קאָמיטעט פון אָנגעזעענע מענטשן קומען צו ווינאַגראַדאָוו'ן און לייגן אים פאָר: ער זאָל ווערן דער דירעקטאָר און זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון דער אָפּערע אָפּטיילונג. ער כאַפּט זיך אָן אָן דעם מיט ביידע הענט. זעט אויס אַז ער האָט נאָכדעם שוין פון לאַנג געבענקט... ס'האָט פון דער פרעמד אים געצויגן צוריק צו דער מאַמע־ווילנע מיט איר היימישן, געשמאַקן אידיש... אין „ווייטשעפּעל" זיינען פאַראַן אידן פון ווילנע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, פּוילישע אידן, רוסישע אידן, און ער וועט דאָרט שטילן זיין בענקשאַפט און זיך פילן היימיש...

אין חודש מערץ פון יאָר 1912, באַווייזט ווינאָגראַדאָוו אויפצופירן אין נייעם געגרינדעטן לאָנדאָנער אידישן „קונסט־טעמפּל" די ערשטע אָריגינעלע אידישע אָפּערע אין דער אידישער שפּראַך: „מלך אחז" פונעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר שמואל אַלמאַן. עס געלינגט אים דערנאָך אויפצופירן אין דער אידישער שפּראַך די פאָלגנדיקע וועלט־אָפּערעס: „ריגאָלעטאָ" פון ווערדי, „קאַוואַלעריאַ רוסטיקאַנאַ" פון מאַסקאַני, „די מאַקאַבייער" פון רובינשטיין, „פאַוסט" פון גונאָ, „דער באַרבער פון סעוויל" פון ראָסיני, און „מאַזעפּאַ" פון טשייקאָווסקי.

צוליב סיבות אין וועלכע מיר ווילן דאָ ניט אַריינגיין, ברעכט צונויף דאָס טעאַטער. די טרופּע, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן מיט גאָר אַ סך מיה, צעפאַלט זיך. עס גייט אַוועק דערנאָך אַ שטיקל צייט און מ'הערט ניט פון ווינאָגראַדאָוו'ן קיין שום זאַך. אָבער שפּעטער דערשיינט ער אין אַ גאַנץ נייעם ליכט: ער טרעט אַרויס אויף קאָנצערטן מיט אידישע פאָלקס און קונסט־לידער, און אָפּערע־אַריעס אין דער אידישער שפּראַך און גאַנץ לאָנדאָן גייט דערפון אויף „רעדלעך". דער דאָזיקער איינפאַל איז שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם לאָנדאָנ'ער עולם, דערהויפּט אָבער האָט ער אויסגע־

נומען מיט די אידישע פאָלקס און קונסט־לידער. לאָנדאָן האָט ביז דעמאָלט אַזעלכעס ניט געהערט. זיינע קאָנצערטן פון דעם מין האָבן פאַראורזאַכט אַ שטורעם צווישן אידן און קריסטן. די צייטונגען האָבן וועגן אים געשריבן מיט די העכסטע לויב־ווערטער. דאָס אידישע פאָלקס־ליד האָט דורך אים געקראָגן אַ סך חשיבות ביי די, וואָס האָבן כסדר אַרונטערגעקוקט צו אידיש מיט ביטול...

דערווייל ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, און ווען זי ענדיקט זיך, לאָזט זיך ווינאָגראַדאָוו, אין יאָר 1919, אַרויס אויף אַ קאָנצערט־טור איבער דער נייער יונגער פוילישער רעפובליק. די ערד איז נאָך פריש און ניט אינגאַנצן טרוקן פונעם פאַרגאָסענעם מענטשליכן בלוט: סימנים פון די שרעקליכע שלאַכטן, וואָס די פיינטליכע אַרמייען האָבן צווישן זיך געפירט, זיינען נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן: יונג פוילן לערנט זיך ערשט ווי אַזוי צו פירן זיך און ווי צו זיין אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה. כאָטש אין הלכות אַנטיסעמיטיזם און אין שפּאַלטן אידישע קעפּ, האָט די נאָך זייער יונגע פוילישע רעגירונג שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן גאָר־גרויסע בקיאות... די דעראָבערונג פון ווילנע האָבן די פוילישע לעגיאָנערן געפייערט מיט דער דערמאָרדונג פונעם אידישן שריפטשטעלער א. ווייטער, און אַנדערע שטעט מיט נאָך צענדליקער אומשולדיקע אידן...

ווינאָגראַדאָוו׳ס באַזוך אין פוילן איז געווען פאַר אים אַ געוואַלדיקער טריאומף. די אידישע באַפעלקערונג איז געווען אויסגעהונגערט ניט בלויז נאָך ברויט, נאָר אויך נאָכן אידישן קינסטלערישן געזונגענעם וואָרט, וואָס איז אין די מלחמה־יאָרן, אין דער צייט ווען די פראָנטן זיינען געווען טעטיג, איבערגעהאַקט געוואָרן. און דאָ קומט צופאָרן פון לאָנדאָן אַ אידישער זינגער, און נאָך דערצו אַ וועלט באַרימטער, און זינגט אידישע פאָלקס־לידער מיט אַזאַ האַרציגקייט און ראַפינירטקייט, אַז עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם... ער רייזט דורך גאַנץ פוילן: וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, ביאַליסטאָק און נאָך אַנדערע אידישע שטעט און אומעטום זעט ער פאַר זיך באַגייסטערטע פּנים׳ער, וואָס גיבן צו מוט אין דער אַרבעט און רופן אַרויס אַזעלכע וואַרעמע געפילן ביי אים.

אָבער אויף צו פאַרבלייבן וואוינען אין פוילן — דאָס ניט... עס געפעלן אים ניט די פוילישע פּאַנעס מיט זייערע „פּאַראַנדקעס״... די מלוכה איז נאָך אפילו אַ יונגע, אָבער דער גאַנצער קערפּער אירער איז שוין דורכגעפרעסן

מיט אנטיסעמיטיזם, ווי מיט אַן אומהיילבאַרן קענסער... ער פאַרלאָזט דעריבער פוילן און פאָרט אָפּ קיין אַמעריקע. אין יאָר 1920 טרעפן מיר שוין ווינאַגראַדאָוו'ן אין דעם גאָלדענעם לאַנד...

דאָ טרעט ער אַרויס אויף קאָנצערטן אין גרויסע קאָנצערט־זאַלן פאַר גרויסע אידישע מאַסן. ער קריגט באַגייסטערטע אויפנאַמעס. זיין נאָמען ווערט שנעל באַוואוסט איבערן גאַנצן לאַנד. דער אידישער עולם האָט שטאַרק הנאה פון די לידער, וואָס ער זינגט, ספּעציעל פון יענע לידער, וואָס זיינען דעמאָלט נאָך דאָ ניט געווען אַזוי באַקאַנט ווי איצטער. צווישן אַנדערע: „אַ דין־תורה מיט גאָט", „אַ חזנ'דל אויף שבת", „אַ דודעלע", און נאָך אַנדערע פאָלקס־לידער פון דעם מין. אָבער די הויפּט זאַך איז געווען ווינאַגראַדאָוו'ס זינגען. ער האָט די לידער מער נאָך אויסגעשפּילט מיט זיין אַרטיסטישן טאַלאַנט, ווי אויסגעזונגען.

ער האָט געזוכט ווי אַמבעסטן איבערצוגעבן דעם פאָלקס־כאַראַקטער פון די לידער, איידער זיך אַרויסצואווייזן מיט זיין קרעפטיקער באַריטאָן־שטימע, וואָס איז געווען פון אַ גאַר ברייטן אומפאַנג און מעטאַלענעם קלאַנג, דאָך איז זי געווען ווייך און עלאַסטיש און ער האָט איר געקענט בויגן ווי אַזוי ער האָט געוואָלט. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך זייער פיל פונעם שוישפּילערישן עלעמענט, וואָס עס האָט צוגעגעבן זיין זינגען אַ באַזונדער סאָרט באַצווינגערישקייט אויף צו באַהערשן אַן עולם... דער געבאָרענער משורר אין אים האָט זיך ביים זינגען גרינג געלאָזט דערקענען און ער האָט מיטגעריסן זיינע צוהערער. ער האָט פאַרמאָגט אַ ברויזענדיקן טעמפּעראַמענט. אַלץ וואָס ער האָט אין זיך געהאַט, האָט ער אַרויסגעגעבן. ער האָט ניט געזשאַלעוועט און ניט געקאַרגט זיינע כחות אויף שפּעטער...

ווינאַגראַדאָוו איז אין אַמעריקע, אויסער זיינע קאָנצערטן, און אַ חוץ דעם וואָס ער איז דאָ אויפגעטראָטן אין אידישן טעאַטער איבער פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע אין גאָלדפאַדנ'ס „בר־כוכבא", אויך געוואָרן אַ חזן און האָט דאָ געדאַוונט אייניקע מאָל ימים־נוראים. זיין חזנות האָט זיך אים ניט איינגעגעבן אין אַזאַ מאָס, ווי זיין זינגען אידישע פאָלקס און קונסט־לידער, אָדער אָפּערע־אריעס. כאָטש ער האָט געפייערט אַ טריאומף ביים עמוד, ניט ווייניקער ווי אויף דער בינע, אָבער עס האָט געפעלט די נאַטירליכע וואַרעמקייט, וואָס דאָס דאַוונען פאַרלאַנגט... אָבער פאַר אים פערזענליך זיינען די־אָ מאָמענטן געווען זייער טייער: ער האָט זיך געפונען

פנים אל פנים מיט דעם קוואַל פון וואַנען ער האָט אָנגעהויבן זיין געזאַנג־קאַריערע — יענע אומפאַרגעסליכע טעג ווען ער איז געווען אַ „משורר׳ל״ און האָט געזונגען אַלט אין דער גרויסער ווילנער כאָר־שול...

פון אַמעריקע איז ווינאַגראַדאָוו דערנאָך געפאָרן קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט, נאָך אַ קורצער צייט זיין דאָרט, געפונען זיין אייביקע רו...

„דער אַמעריקאַנער״, סעפּ. 12, 1947, נ. י.

# הערמאַן יאַבלאָקאָוו

## (אַ שמועס)

אין צענטער פון דער טעאַטער־קונסט שטייט דער שוישפּילער. ער איז די אַקס אַרום וועלכער דער ראָד פון דער גאַנצער טעאַטער־קונסט דרייט זיך. מעג דער אינהאַלט פון דער פּיעסע זיין אַזוינס ווי אַזעלכעס; מעג דער רעזשיסאָר זיין מר. בר רב אַשי אַליין; מעג די באַלויכטונג אַרבעטן מעשים; די מוזיק — די סאַמע מעלאָדישסטע; די דעקאָראַציעס — די שענסטע אין דער וועלט; די כאָרעאָגראַפיע — די סאַמע פיינסטע, אָבער אָן דעם הויפּט־מחותן, אָן דעם שוישפּילער, זיינען די אַלע „זאַכן״ אַזוי גוט ווי אַרויסגעוואָרפן. וואָרים צו וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן? דער שוישפּילער איז, אַזוי־צו־זאָגן, דער מלך מלכי המלכים פון טעאַטער! אויב אָבער דער מלך טויג ניט — טויג ניט די גאַנצע מלוכה...

עס זיינען פאַראַן אַקטיאָרן אויסגעשטודירטע און אַקטיאָרן געבאָרענע טאַלאַנטן.ביידע זיינען וויכטיק פאַר דער בינע. וואָרים דאָס וואָס איינער קען באַווייזן, קען אָפּט ניט באַווייזן דער צווייטער. דער רעזשיסאָר קען אַמאָל האָבן „צו זינגען און צו זאָגן״ אַ סך מער מיטן אויסגעשטודירטן אַקטיאָר, ווי מיט דעם געבאָרענעם טאַלאַנט. אָבער ניט דאָס מיין איך. דער אַקטיאָר, צי ער איז אַן אויסגעשטודירטער אָדער אַ געבאָרענער טאַלאַנט, דאַרף אי קענען שפּילן טעאַטער און אי ליב האָבן זיין פּראָפעסיע. אָן אָט די צוויי „זאַכן״ טאָר ער נישט אַרויפגיין אויף דער בינע...

רעדנדיק וועגן געבאָרענע טאַלאַנטן. איך גלויב ניט צי ס׳איז פאַראַן נאָך ערגעץ־וואו אַ טעאַטער אויף דער וועלט, וואָס קען זיך באַרימען מיט

אַזויפיל רויע, קערנדיקע שוישפּילערישע טאַלאַנטן, וויפל דער אידישער טעאַטער! איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די צאָל אַקטיאָרן פון דער אידישער בינע וואָס זיינען געגאַנגען אין אַ דראַמאַטישער שול, קען מען איבערציילן אויף די פינגער. און דאָך, און פאָרט, וואָס פאַר אַ שפע פון העכסט־טאַלאַנט־פולע אַקטיאָרן מיר האָבן געהאַט — און האָבן אויך איצטער!

אודאי איז רויער טאַלאַנט אַליין ניט גענוג. מ׳מוז אים קולטיווירן, שלייפן, פּאָלירן און ראַפינירן. אייניקע אידישע שוישפּילער אונזערע האָבן עס פאַרשטאַנען און האָבן ניט אויפגעהערט אויף זיך צו אַרבעטן. וואָרים וואָס פאַר אַ טעם קען האָבן דאָס שפּילן פון אַן אַקטיאָר, ווען ער באַזיצט ניט גוט דאָס לשון אין וועלכן ער שפּילט, לייענט ניט קיין אידיש, איז ניט באַקאַנט מיט דער אידישער ליטעראַטור, מיט דער אידישער קולטור, אידישער געשיכטע, און מיטן אידישן לעבן אין אַלגעמיין? אויף וויפל אַנדערש וואָלט אונזער אידישער טעאַטער איצט אויסגעזען, ווען ניט בלויז אייניקע נאָר אַ גרויסער טייל פון אונזערע אַקטיאָרן וואָלטן עס געוועזן פאַר־שטאַנען...

ווי שוין געזאָגט, אין צענטער פון דער גאַנצער טעאַטער־קונסט שטייט דער שוישפּילער. דורך אים רעדט די גאַנצע טעאַטער־קונסט פון דער בינע־אַראָפּ אַדרעסירט צו די צושויער. ער איז, אַזוי־צו־זאָגן, דער שליח־ציבור פון די אַלע קונסט־צווייגן, וואָס שטעלן צונויף דעם גאַנצן טעאַטער־קאָמפּ־לעקס. דעריבער, שטייענדיק אויף דער בינע פאַרן פּובליקום, טאָר ער בשום אופן ניט אין זינען האָבן בלויז זיך אַליין, טראַכטן בלויז פון זיין אייגענעם איך, נאָר ער דאַרף אויך אין זינען האָבן און טראַכטן פונם גאַנצן גאַנג טעאַטער, גלייך ווי דאָס וואָלט געוועזן ער אַליין.

און אויך: שטייענדיק אויף דער בינע פאַרן פּובליקום, טאָר ער ניט טראַכטן אַז ער שפּילט פאַר יחידי־סגולה, נאָר ער דאַרף אין זינען האָבן אַלעמען אין טעאַטער. אָבער ער טאָר זיך נישט אַראָפּלאָזן צו אַלעמען, נאָר זען אַלעמען אויפהויבן צו זיך. אויב אַן אַקטיאָר האָט נישט אָט די כוונה, אויב אַן אַקטיאָר קען דאָס נישט באַווייזן, טאָר ער ניט אַרויפגיין אויף דער בינע צו שפּילן קיין טעאַטער...

געוויס מיינט זייער אַ סך וואָס פאַר אַ פּראָזע דער אַקטיאָר רעדט אויף דער בינע. וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן. אָבער איר און איך ווייסן גאַנץ גוט, אַז מ׳קען זייער גרינג איינוויקלען קדושה אין — טומאה, און

טומאה אין — קדושה; פונקט ווי מ׳קען פאַרוואַנדלען יום־טוב אין — וואָך, און וואָך אין — יום־טוב. עס ווענדט זיך אָן דעם, ווי אַזוי מ׳שטעלט דעם טראָפּ!

דער אַקטיאָר, ווי דער שרייבער, מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָר, מאָלער, זינגער, טענצער, און יעדער אַנדער קינסטלער, טאָר ניט איינשפּאַנען זיין טאַלאַנט בלויז אין אַ קוואַל פאַר פּרנסה; טאַלאַנט איז מחייב צו עפּעס, טאַלאַנט מיינט אויך — אחריות...

דער אידישער אַקטיאָר האָט גאָר אַ סך געגעבן דעם אידישן טעאַטער, אָבער ער האָט אויך גאָר אַ סך געזינדיקט קעגן דעם אידישן טעאַטער. „לעטס פעיס איט״, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט. לאָמיר קוקן דעם אמת אין די אויגן אַריין. און אָט פאַר די זינד, באַצאָלט דער אידישער אַקטיאָר איצט אַ גרויסע פּרייז. וואָרום קיינער, אָבער קיינער, ליידט ניט אַזויפיל, גייסטיק און מאַטעריעל, פון דער איצטיקער ירידה אין אידישן טעאַטער, ווי דער אידישער אַקטיאָר! פאַר אַן אַקטיאָר ניט צו שפּילן קיין טעאַטער איז נאָך פיל ערגער, ווי צו ליידן הונגער...

נאָר זאָל אָבער דער היגער אידישער אַקטיאָר ניט מיינען, אַז די ירידה פון אידישן טעאַטער קומט פאָר נאָר אין אַמעריקע אַליין; איך האָב די ירידה פונעם אידישן טעאַטער אויך געזען ווען איך בין מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אין אַרגענטינע, אין אורוגוואַי, אין בראַזיל, אין מעקסיקאָ, אין קובאַ. עס איז ניט בלויז אַ פראַגע פונעם אידישן טעאַטער אַליין, עס האָט צו טאָן מיט די אַלגעמיינע אומשטענדן פונעם אידישן לעבן אויפן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט... די איינזאַמקייט און פאַרלאָרנקייט פונעם אידישן אַקטיאָר צו וועמען איך האָב אומעטום אויף מיינע רייזעס זיך געטוליעט אַ סך מערער, ווי צו שרייבער, מוזיקער, זינגער, חזנים, דיריגענטן, ווייל איך האַלט דעם אידישן אַקטיאָר פאַרן וואָרעמסטן צווישן אונזערע קינסטלער־קרייזן, האָט מיך געשניטן ביים האַרצן...

אונזערע גייסטיקע מנהיגים, אַריינגערעכנט אונזערע שרייבער, הייבן ניט אָן צו פאַרשטיין דעם ווערט פונעם אידישן אַקטיאָר, און הייבן ניט אָן צו באַגרייפן ווי גרויס עס איז דער פאַרלוסט פונעם אידישן טעאַטער פאַר דער אידישער קולטור און פאַרן אויפהאַלט פונעם אידישן וואָרט! אויב דאָס אידישע טעאַטער זאָל, חלילה, אינגאַנצן אונטערגיין, וועט דאָס ממש זיין אַ קאַטאַסטראָפע...

דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן און וועל לאָזן רעדן דעם העלד פון מיין היינטיקן שמועס — הערמאַן יאַבלאָקאָוו.

כ׳גלויב, אַז דער אידישער עולם אין אַמעריקע, און אויך איבער דער גאָרער אידישער וועלט, ווייסט גאַנץ גוט ווער הערמאַן יאַבלאָקאָוו איז. אויסער דעם וואָס ער איז אַ „סטאַר״ און אַ דירעקטאָר פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, איז ער אויך געוועזן דער פּרעזידענט און איז איצט דער וויצע־פּרעזידענט פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן אין אַמעריקע. זיין באַווייזן זיך אויף סעקאָנד עוועניו, די אידישע טעאַטער־גאַס, די אידישע בראָדוויי, פון אַמעריקע, וואו עס האָט געשוויבלט און געגריבלט, געקאָכט און געזאָטן פאַר לאַנגע יאָרן מיט אידיש טעאַטער, אידישע אַקטיאָרן, דראַמאַטורגען, טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, מיט רעסטאָראַנען און קאַפעיס, צווישן זיי די באַרימטע „ראָיאַל קאַפעי״, וואוהין עס פלעגן זיך צונויפקומען אַלע טעאַטער־מענטשן, שרייבער און קינסטלער מכל המינים, האָט געשאַפן אַן אייגענעם קאַפּיטל טעאַטער־געשיכטע.

יאַבלאָקאָוו האָט זיין טעאַטער געפירט מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט ניט געקאַרגט קיין געלט אויף אַ פאָרשטעלונג, ער האָט דורכאויס געוואָלט אַז זיינע אַן אויפפירונג זאָל אויסזען וואָס אימפּאָזאַנטער, רייכער און קאָליר־פולער. ער איז געקומען אויף סעקאָנד עוועניו מיט אַ סך אונטערנעמונגס־גייסט, ענערגיע, אַמביציע, מיט אַ גרויסן אַפּעטיט, און ער האָט גענומען דעם ברייטן אידישן טעאַטער־גייער מיט „שטורם״. ער האָט זיך ניט אָפּגע־שראָקן פאַר קיין הוצאות, פאַר קיין גרויסן אָרקעסטער, גרויסן באַלעט, גרויסן כאָר, פאַר די טייערסטע דעקאָראַציעס, באַלויכטונג, פאַר קיין גרויסער טרופּע אַקטיאָרן, אַבי נאָר דער צושויער זאָל זיצן אין טעאַטער און כסדר אַרויפקוקן צו דער בינע און גאַפן. יאָ, גאַפן!

דערצו, דאָס הייסט, צו זיין אונטערנעמונגס־גייסט און גרויסן אַפּעטיט, האָט ער, יאַבלאָקאָוו, אויך געבראַכט אויף סעקאָנד עוועניו אַ באַקאַנטן נאָמען אונטער וועלכן ער פלעגט זינגען, וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און באַליבט ביים ברייטן אידישן עולם דורך דער ראַדיאָ — „דער פּאַיאַץ״! די לידער וואָס יאַבלאָקאָוו האָט געזונגען אויף דער ראַדיאָ, זיינען געווען פון אַ פּאָפּולערן און אַפּעלירנדיקן כאַראַקטער, וואָס האָט דירעקט גערעדט צו די הערצער פון די טויזנטער אידישע ראַדיאָ־צוהערער. און ווען זייער „ליבלינג״ האָט זיך באַוויזן אויף סעקאָנד עוועניו מיט פּיעסן וואָס האָבן

געטראָגן די נעמען פון באַקאַנטע לידער וואָס ער האָט פּאָפּולער געמאַכט אויף דער ראַדיאָ, איז דער עולם מאַסן־ווייז געלאָפן אין טעאַטער אַריין אים זען שפּילן אויף דער בינע. עס האָט לאַנג ניט גענומען און ער איז געוואָרן אַן אַנערקענטער „סטאַר" פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

דער שמועס מיטן פּאָפּולערן שוישפּילער איז פאָרגעקומען אינעם אידישן אַקטיאָרן קלוב, אויף 31 איסט, 7טע גאַס, אין ניו־יאָרק. אין דער זעל־ביקער געביידע, מיט אַ שטאָק נידעריקער, געפינט זיך אויך די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן. אין קלוב איז, ווי אַלעמאָל געוועזן לעבעדיק, אַקטיאָרן און אַקטריסעס זיינען געזעסן ביי טישלעך און געשמועסט, די ווענט האָבן אָפּגעקלונגען מיט פאַרשידענע רייד, מיט געלעכטער און מעשות — ניט געקוקט אויף די שלעכטע אומשטענדן, וואָס הערשט איצט אין דער היגער אידישער טעאַטער־וועלט.

איך האָב אָנגעהויבן:

— ווי אַ סטאַר און דירעקטאָר ביים אידישן טעאַטער, וואָס דיינקט איר, פריינט יאַבלאָקאָוו, האָט געפירט צו דעם איצטיקן שאַרפן קריזיס פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע?

— כ'גלויב, פריינט ירדני, אַז איר מאַכט דאָ אַ טעות. מיט צוואַנציק אָדער דרייסיק יאָר צוריק, האָט מען אפשר געקענט רעדן פון אַ קריזיס אין אידישן טעאַטער אין אַמעריקע: מ'האָט געקענט האָבן טענות צו די שוישפּילער, צו די באַלעבאַטים, וואָרפן די שולד אויף די פּיעסן און טויזנטערליי אַנדערע זאַכן, אָבער איצט איז עס אַ נאָרמאַלע עוואָלוציע. ווי אַ מינאָריטעט האָבן מיר איבערגעלעבט אַלע אַנדערע מינאָריטעטן־גרופּעס מיט זייערע טעאַטערס אין אַמעריקע. אַרויסגעהאָלפן אין דעם האָט אונז די גרויסע עקשנות מיט וועלכער מיר אידן זיינען פון אייביק אַן געבענטשט; מיר האָבן ביז איצט אַלצדינג אין דער וועלט געטאָן און טוען אויך היינט אויף אָנצוהאַלטן דעם אידישן טעאַטער, מיר קעמפן פאַר דעם מיט אַלע כוחות און איך מוז אייך זאָגן, אַז מיר אַלע אַקטיאָרן זיינען אמת'ע גבורים!

— קענט איר מיר דערקלערן, פריינט יאַבלאָקאָוו, וואָס איר האָט געמיינט מיט אייער באַצייכנונג די איצטיקע שלעכטע אומשטענדן פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע אַלס „נאָרמאַלע עוואָלוציע"? עס איז מיר נישט גענוג קלאָר.

— מיין מיינונג איז, קאָלעגע ירדני — כ'גלויב אַז איך מעג אייך רופן

„קאַלעגע״, ווייל מיר האָבן אַ סך יאָרן צוזאַמען געזונגען אויף דער ראַדיאָ: איך אַלס — „דער פּאַיאַץ״, און איר אַלס — „דער פּאַלעסטינער זינגער״, חוץ דעם זיינט איר דאָך אַ מיטגליד פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן — מיין מיינונג איז, אַז דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין אַמעריקע וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג, האָט געמוזט אויך האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויפן אידישן טעאַטער. דורך די מלחמה־יאָרן האָבן מיר אין אַמעריקע דורכגעלעבט אַ כאַאָטישע־צייט: אידיש טעאַטער האָט אַ בלי געטאָן דערפאַר, ערשטנס, ווייל געלט איז געווען גענוג, געשעפטסלייט האָבן געמאַכט גרויסע געשעפטן: אַרבעטער, ווידער, האָבן גוט פאַרדינט, געקראָגן גרויסע שכירות: און צווייטנס, די טרויעריקע נייעס פון אייראָפּע וועגן דעם גרויסן חורבן אויף די דאָרטיקע אידן האָט טיף אָנגערירט יעדן אידן אין אַמעריקע, און דאָס, אפשר מער ווי אַלץ, האָט געבראַכט מאַסן אידן אין אידישן טעאַטער אַריין, וועלכע האָבן פּשוט געזוכט צו פאַרגעסן זיך. אין דער דאָזיקער פּעריאָדע האָט די מוזיקאַלישע־קאָמעדיע אָדער אָפּערעטע פאַרנומען דעם אויבנאָן אויף דער אַמעריקאַנער אידישער בינע, ווייל דאָס פּובליקום האָט געוואָלט פאַרגעסן די צרות כאָטש אויף אַ ווײַלע... די איינאַמעס אין די קאַסעס זיינען געווען גרויסע, און אַלע די וואָס זיינען געשטאַנען ביים אידישן טעאַטער האָבן דערפון גענאָסן.

— און וואָס איז געוואָרן נאָך דער מלחמה?

— נאָך דער מלחמה, ווען דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן, און מיט דער צייט האָט מען גענומען הערן פון ניט אַזעלכע פויגלדיקע געשעפטן און פון אַרבעטסלאָזיקייט, האָט די שפע אין אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער ביסלעכווייז גענומען אויסרינען. דערביי וויל איך באַמערקן, אַז די שטענדיקע טעאַטער־גייער אונזערע זיינען דורך דער זעלביקער צייט עלטער געוואָרן. דער צווייטער דור, ווידער, וואָס פלעגט נאָך מיטגיין מיט די עלטערן אין אידישן טעאַטער, איז אויך עלטער געוואָרן און דורך דער צייט איז ער אויך מער אַמעריקאַניזירט געוואָרן און האָט גענומען זוכן פאַרווײַלונג אין אַמעריקאַנער טעאַטערס. דערצו האָט זיך ווי אַ בליץ אַ יאַווע געטאָן די טעלעוויזיע, וואָס האָט ניט בלויז געשטערט דעם אידישן טעאַטער אַליין, נאָר אויך די אַמעריקאַנער טעאַטערס און אפילו די „מואוויס״, וואָס זיינען אַזוי פּאָפּולער געווען ביים אַמעריקאַנער עולם.

— איר האָט דאָ דערמאָנט, פריינט יאַבלאָקאָוו, דעם צווייטן דור, וואָס פלעגט נאָך מיט גיין מיט די עלטערן אין אידישן טעאַטער אַריין. און וואָס איז מיטן דריטן דור?

— דער דריטער דור, קאָלעגע ירדני, איז שוין בכלל אויסגעוואַקסן אין אַן ענגלישער אַטמאָספערע, וואָס ניט בלויז רעדט ער ניט קיין אידיש, נאָר ער פאַרשטייט שוין אפילו קיין אידיש ניט.

— איז דאָס וואָס איר האָט געמיינט מיט אייער באַצייכנונג „נאָרמאַלע עוואָלוציע”?

— יאָ, אָט די דאָזיקע נאָרמאַלע עוואָלוציע אין די לעצטע צען־פופצן יאָר, האָט געבראַכט צום איצטיקן צושטאַנד פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

— איצט, קאָלעגע יאַבלאָקאָוו, קענט איר מיר זאָגן, וואָס פאַר אַ ראָל אינם לעבן פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע עס האָט געשפּילט די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן?

— די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן, פריינט ירדני, האָט קאָלאָסאַלע פאַר־דינסטן סיי פאַרן אידישן שוישפּילער און סיי פאַרן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. זי, די אַקטיאָרן יוניאָן, האָט, קודם־כל, אָפּגעשאַפט די הפקרות, וואָס עס האָט דאָ געהערשט אין און אַרום דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, און זי האָט אויך דערהויבן די חשיבות פון אידישן אַקטיאָר אין די אויגן פון דער אַמעריקאַנער אידישער געזעלשאַפט. זי האָט איינגעפירט אַ שטאַרקע דיסציפּלין צווישן די אייגענע מיטגלידער, און האָט אויך געצוואונגען די פאַרשידענע פאַרוואַלטער און באַלעבאַטים ביים אידישן טעאַטער צו האַנדלען פאַראַנטוואָרטליך. סיי די אַקטיאָרן און סיי די טעאַטער־אייגנטימער האָבן אונטערן דרוק פון דער יוניאָן געמוזט איינזען, אַז זיי טראָגן אַ געוויסע אחריות הן בנוגע דער אידישער עפנטלעכקייט און הן צום לאַנד וואו מיר אַלע וואוינען. די אידישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע קען מיט שטאָלץ אָנווייזן אויף דעם גרויסן בייטראָג אירן צום היגן קולטורעלן אידישן לעבן אין שייכות מיטן טעאַטער־געביט, וואָס איז פון אַ קאָלאָסאַלן באַדייט און דאַרף נאָך ערשט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן.

— דענקט איר אַז די אַקטיאָרן יוניאָן האָט אין אַלצדינג געהאַנדלט ריכטיק, און האָט גאָר נישט געמאַכט קיין טעות׳ן?

— טעות׳ן, מיין פריינט ירדני, מאַכט יעדער איינער, אונזער יוניאָן איז

נישט קיים אויסנאַם, אָבער איך האַלט פאַר פיל וויכטיקער די אויפטואונגען און דערגרייכונגען וואָס אונזער אַקטיאָרן יוניאָן האָט מיט גאָלדענע אותיות אַריינגעשריבן אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פונעם אידישן לעבן אין אַמעריקע, וועמעס דריי הונדערט יאָריקער יובל עס ווערט איצט געפּייערט. ווען מ׳וועט שרייבן די געשיכטע פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, וועט די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן דאָרט פאַרנעמען אַ גאַר אַנגעזעענעם פּלאַץ. מיט דעם אויפקום פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, האָט זיך פּאַקטיש אָנגעפאַנגען דער אמת׳ער וואוקס און אַנטוויקלונג פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער גאַרער אידישער וועלט. דער אידישער טעאַטער האָט דאָ דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, סיי אויפן פּאָפּולערן געביט און סיי אויפן קינסטלערישן געביט. אַי, דער איצטיקער צושטאַנד? — איז דאָס ניט אונזער שולד, נאָר ווי איך האָב שוין פריער דערקלערט: די שולד ליגט דורכאויס אין דער נייער ווענדונג, וואָס דער אַרומיקער אַמעריקאַנער אידישער לעבן האָט אָנגענומען...

— וועלכע פּיעסן, קאָלעגע יאַבלאָקאָוו, זיינט איר מיט דער מיינונג זיינען געווען מער צוגעפּאַסט פאַרן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע: אָפּערעטעס, קאָמעדיעס, מעלאָדראַמעס, דראַמעס, אָדער ספּעקטאַקלען?

— מיין טייערער ירדני, איך האַלט, אַז דאָס איז דורכאויס אַ פראַגע פון געשמאַק. עפּעס מוז אַ פּיעסע האָבן אין זיך, וואָס ציט צו און ברענגט אַן עולם אין טעאַטער אַריין. גענוי וואָס דער „עפּעס״ איז הייב איך נישט אָן צו וויסן. מ׳קען ניט זאָגן אַז דערפאַר, וואָס עס איז געווען אַן אָפּערעטע צי אַ מעלאָדראַמע, אַ קאָמעדיע, אָדער אַ ספּעקטאַקל, האָט געבראַכט אַן עולם אין טעאַטער. עס איז דערפאַר, וואָס די אָפּערעטע, די מעלאָדראַמע, קאָמעדיע, אָדער ספּעקטאַקל האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ געוויסע „ראַזשינקע״, און דאָס האָט געבראַכט די טעאַטער־גייער אין טעאַטער אַריין! דערביי, נאַטירלעך, האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָל דער סטאַר און די גאַנצע טרופּע־אַקטיאָרן, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין דער פּיעסע. עס האָבן וואַר־שיינליך אויך געשפּילט אַ ראָל נאָך געוויסע אַנדערע עלעמענטן אינם דער־פאָלג פון אַ פּיעסע. אָבער מ׳קען בשום אופן ניט פאַראויסזאָגן, אַז די אויפ־פירונג וועט זיין אַ דערפאָלג און יענע אַ דורכפאַל, אָדער גענוי אָנגעבן די סיבות פאַרוואָס די אָפּערעטע, די קאָמעדיע, מעלאָדראַמע, ספּעקטאַקל,

אָדער דראַמע נעמט יאָ אויס ביים עולם, און יענע אָפּערעטע, צי קאָמעדיע נעמט ניט אויס ביים עולם.

— וואָס דיינקט איר, פריינט יאַבלאָקאָוו, וועגן דעם אידישן שוישפּילער? ווי פאַרהאַלט ער זיך צו זיין פּראָפעסיע, און וואָס איז זיין באַציאונג צום טעאַטער?

— לויט מיין מיינונג, פריינט ירדני, איז דער אידישער שוישפּילער אין אַמעריקע דער סאַמע דיסציפּלינירטער. איך רעד נישט בלויז פון מיין דער־פאַרונג מיט אידישע שוישפּילער אין אַמעריקע אַליין, נאָר אויך פון מיין דערפאַרונג מיט אידישע אַקטיאָרן פון אַרומרייזנדיק איבער דער וועלט.

— מיט וואָס אַ שטייגער, מאָטיווירט איר עס?

— איך מאָטיוויר עס מיט דעם, וואָס דער אידישער שוישפּילער אין אַמעריקע איז ניט געווען דער וואַנדערנדיקער־טיפּ שוישפּילער, מיט קליינע אויסנאַמען, ווי עס זיינען געווען אידישע אַקטיאָרן אין אייראָפּע און פון אַנדערע לענדער. דער אַמעריקאַנער שוישפּילער, זיצנדיק אויף אַן אָרט, האָט געטראָגן אַן אחריות אַלס מענטש, אַלס איד, אַלס בירגער פון לאַנד און האָט באַטראַכט זיין פּראָפעסיע אַלס שיינדל. די מערסטע אַמעריקאַנער אידישע שוישפּילער האָבן היימען, משפּחות, האָבן דאָ דערצויגן קינדער, האָבן ליב דאָס לאַנד, זיינען געטרייע בירגער פון אַמעריקע — און דאָס אַלעס האָט געווירקט אַז דער אידישער אַקטיאָר אין אַמעריקע זאָל אויף זיך קוקן אַנדערש.

— און וואָס איז מיט דער באַציאונג פונעם היגן אידישן שוישפּילער צו טעאַטער?

— וועגן דער באַציאונג פונם אידישן אַקטיאָר צו טעאַטער, גלויב איך ניט צי ס'איז פאַראַן נאָך שוישפּילער אין דער גאָרער וועלט, וואָס זאָלן אין אַלע צייטן אַזוי זיך מקריב זיין פאַרן טעאַטער, פאַר דער בינע, ווי אידישע אַקטיאָרן האָבן זיך מקריב געווען! קיינער האָט דעם אידישן טעאַטער אַזוי ניט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, ווי דער אידישער אַקטיאָר. קיינער האָט אַזויפיל ניט געליטן און ליידט אויך איצט פאַרן אידישן טעאַטער, ווי דער אידישער שוישפּילער. קיינער ביי אונז האָט ניט געבראַכט אַזויפיל קרבנות פאַרן אידישן טעאַטער, וויפיל עס האָבן געבראַכט אידישע אַקטיאָרן און אַלע אַנדערע אידישע טעאַטער־מענטשן.

— נו, יאָ, פריינט יאַבלאָקאָוו, ס'איז אמת וואָס איר האָט דאָ געזאָגט.

אָבער דענקט איר ניט, אַז אַ גרויסער טייל אידישע אַקטיאָרן זיינען באַגאַנ־גען עוולות מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך צופיל פאַרלאָזן אויף זייערע איינ־געבאָרענע טאַלאַנטן און האָבן אויפגעהערט אָדער האָבן לכתחילה ניט אָנגעהויבן זיך צו לערנען און צו קולטיווירן זיך? דענקט איר ניט אַז אַ אידישער אַקטיאָר דאַרף לייענען יעדן טאָג אַ אידישע צייטונג, אַ אידישן זשורנאַל, אַ אידישן בוך? צי וואָלט מעגלעך געווען פאַר אַן אַקטיאָר אויף בראָדוויי אַרויפצוגיין אויף אַ בינע ניט קענענדיק גוט קיין ענגליש, אָדער ווען ער וואָלט גערעדט מיט אַן אַקצענט? דאָס זעלביקע אויך איז מיט ראַדיאָ און טעלעוויזיע? ביי אונז אָבער...

— כ׳מיין, פריינט ירדני, אַז איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין יעדער פּראָפעסיע זיינען פאַראַן אויסנאַמען, אָבער אין אַלגעמיין גענומען לעבט און אָטעמט דער אידישער אַקטיאָר אָדער אַקטריסע מיטן אידישן וואָרט אין מויל, לייענט אידישע צייטונגען, זשורנאַלן און איז מער־ווייניקער באַ־האַוונט סיי מיט דער אידישער ליטעראַטור און סיי מיטן אידישן קולטורעלן לעבן. אין דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, ווי אויך אין אידישן אַקטיאָרן קלוב, קומען אָן אידישע צייטונגען און זשורנאַלן פון גאָר דער וועלט און יעדער איינער וואָס קומט אַהין אַריין, קען צוגיין און לייענען וואָס זיין האַרץ גלוסט. די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן האָט אויך אַ רייכע קאָלעקציע פון פאַרשיידענערליי אידישע ביכער און זאַמלונגען. געוויס דאַרף דער אידישער אַקטיאָר אָדער אַקטריסע כסדר אַלץ מער זיך באַרייכערן מיט אידישן וויסן, אידישער ליטעראַטור און קולטור, ווייל דאָס העלפט זייער פיל אַרויס אויף דער בינע. ווען אַן אַקטיאָר הערט אויף צו לערנען, הערט ער אויך אויף צו זיין אַ שוישפּילער.

— וואָס איז, פריינט יאַבלאָקאָוו, אייער אייגענער קוק אויף טעאַטער בכלל, און אידיש טעאַטער — בפרט?

— ס׳איז קיין פראַגע ניט, אַז איך האַלט גאָר שטאַרק פון טעאַטער. טעאַטער איז אַ מעדיום, וואָס מ׳קען זיך אָן דעם ניט באַגיין. טעאַטער רעדט דירעקט צום עולם און איז אַ וויכטיקער כוח ביז גאָר. אונזער אַמעריקאַנער רעגירונג האָט לעצטנס גענומען אַרויסשיקן איבער דער וועלט פאַר־שיידענע טעאַטער־גרופּעס אַלס „אַמבאַסאַדאָרן״, וואָס זאָלן מיט זייער קונסט דירעקט רעדן צו די פאַרשידענע מענטשן און מיט דעם דערגרייכן דאָס, וואָס מ׳קען אפשר ניט דערגרייכן דורך אָפיציעלע רעגירונגס־

דיפּלאָמאַטן און אָפיציעלע רעגירונגס־אַפּמאַכן, אויף וועלכע מ׳פאַר־שווענדט מיליאָנען ווערטער און רייד... דאָס איז וועגן טעאַטער אין אַלגע־מיין. און וועגן אידישן טעאַטער איז די מעשה אַזוי. אַז איך האָב ליב אידיש טעאַטער ווי מיין אייגן לעבן, דאַרף איך דאָך אייך, ירדני, נישט דערציילן. און וואָס מיר אַלע לעבן איבער צוזעענדיק דעם איצטיקן צושטאַנד אין אידישן טעאַטער, ווייסט איר אויך. אָבער כדי אייך צו געבן אַ דירעקטן ענטפער אויף אייער פראַגע, בין איך געצוואונגען אויך צו זאָגן פאָלגנ־דיקס: כ׳גלויב, אַז מיר די עקשנים וועלן שוין אויסלעבן אונזערע יאָרן ביים אידישן טעאַטער, נאָך אונז איז שוין ביי מיר אַ פראַגע צי ס׳וועט זיין אַ אידיש טעאַטער אין אַמעריקע? ס׳איז זייער אַ פיינלעכער געפיל, עס וואָלט זיך געוואָלט גלויבן אַז נאָך אונז וועט אידיש טעאַטער עקזיסטירן ווייטער, אָבער, ליידער, אָט דעם געפיל האָב איך ניט — און איך זאָג עס מיט גרויס צער און ווייטאָק...

— וואָס דענקט איר קען געטאָן ווערן פאַרן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע אַז ער זאָל ווייטער לעבן?

— עס קען זייער אַ סך געטאָן ווערן, אָבער דאָס ווענדט זיך ניט אין אונז אַליין. ביז וואַנען די אַלע וואָס שטייען ביים רודער פונעם אידישן לעבן, און איבערהויפּט די וואָס שטייען אויף דער וואַך פונעם אידישן לשון, אידישן וואָרט, אידישער פּרעסע, אידישער ליטעראַטור וועלן ניט אָנער־קענען דעם אידישן טעאַטער און דעם אידישן אַקטיאָר פאַר אַן אַליאירטן און וועלן צוזאַמען אַרויסגיין אין קאַמף פאַר אַ באַנייטן אידישן לעבן אין אַמעריקע, זע איך דאָ ניט קיין צוקונפט ניט פאַרן אידישן טעאַטער און ניט פאַר אונזער מאַמע־לשון. איך האַלט, אַז ס׳איז נאָך ניט צו שפּעט און מ׳קען נאָך זייער פיל אויפטאָן. אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך, איז נייע כחות, פרישער ווילן און נייער אידעאַליזם. מיר מוזן צוריק אָנפאַנגען פונעם אָנהויב: יעדער איינער פון אונז, דאַרף דאָ ווערן אַ פּיאָנער אויפן געביט פונעם אידישן לעבן, וואָס זאָל צוריק אָננעמען אַ אידישן פּנים!

— פון אייער מויל אין גאָטס אויערן — און אויך אין די אויערן פון אַלע די, וואָס וועלן לייענען אָט די שורות...

„ניו יאָרקער וואָכנבלאַט", מערץ 31, 1955, נ.י.

# יאַשאַ חפץ — דער „מכשף״ פון דער פידל

**געווידמעט מאַשע׳ן דעם זיידנ׳ס**

ס׳איז שווער אומצובריינגען אַ פאָלק וואָס גיט אַרויס אַ יאַשאַ חפץ! אַזאַ פאָלק וועט אייביק געדייען! אַזאַ פאָלק קען ניט מיד ווערן צו זיין — צו לעבן!

די היטלער׳ס, די מוסאָליני׳ס און די המנ׳ס פון אַלע דורות און אַלע צייטן זיינען בלויז פאַרבייגייענדיקע שטורעמס, וויסטע חלומות, וואָס קומען און פאַרשווינדן, ווי וויכערס, שדים און רוחות... אָבער אַ יאַשאַ חפץ, דורך וועלכן עס רעדט אַרויס דער אידישער גייסט, אידישער טאַלאַנט, אידישע גאונות, דער מהות פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק — אַזאַ איינער קומט און בלייבט שוין אויף אייביק...

אָט די געדאַנקען זיינען מיר געקומען אויפן זינען בעת׳ן הערן ניט לאַנג צוריק אין קאַרנעגי האָל דעם געטליכן ריסייטל פון יאַשאַ חפץ, דער פרינץ פון דעם פידל מיט דעם קרישטאָל־ריינעם טאָן און זילבערפאָלירטער טעכניק.

מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק דעמאָלט אַ זעכצן יאָריקער אינגל, איז יאַשאַ חפץ צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן אין קאַרנעגי האָל פאַר אַן אַמעריקאַנער עולם. דאָס איז געווען דעם 27טן אָקטאָבער, 1917, אין מלחמה צייט, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען איינגעוויקלט אין פלאַמען רויך, און מענטשן האָבן זיך געראַנגלט מיטן טויט. דער דייטשער קייזער, ווילהעלם דער צווייטער, האָט דעמאָלט פונקט אַזוי געפאַכעט מיט דער שווערד, ווי זיין שפּעטערדיקער טרויעריקער נאָכפאָלגער היטלער. אָבער דעם סוף סיי פון ווילהעלמ׳ען און סיי פון היטלער׳ן דאַרף מען קיינעם ניט דערציילן. דאָס איז דער סוף פון אַלע בלוטיקע מערדער, וועמעס הענט עס זיינען איינגעטונקען אין מענטשלעכן בלוט.

פון זיין ערשטן „דעביוט״ אָן, האָט יאַשאַ חפץ געפאַנגען אַלעמענס הערצער און זיין נאָכפאָלגערשאַפט איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. אויף זיין לעצטן קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, איז ניט בלויז דער גאַנצער זאַל געווען איבערגעפּאַקט, נאָר אויך די בינע. אויף דער בינע זיינען געזעסן אַרום דריי הונדערט מענטשן. אויך אין די דורכגאַנגען זיינען מענטשן געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך פרום איינגעהערט צו די גאָלדענע

פידל־טענער, וואָס האָבן געפינקלט מיט ברילִיאַנטענער שיינקייט און זילבער־קלאָרקייט פון אַ שפּרודלדיקן קוואַל. עס איז שווער צו געפינען ווערטער, וואָס זאָלן קענען איבערגעבן דעם פולן פּראַכט און כּישוף פון אַזאַ מייסטער־פידלער, ביי וועמען דער בויגן אָטעמט און די טעכניק ברענט און די געפילן זינגען.

זיין שפּילן דערהויבט זיך צו אַ הויך, וואָס רירט באַרג און טאָל, וועלכער גיט איבער פּערלדיק דעם ריטם פון פרייד און דעם זאַפט פון לעבן, דעם געבריל פון דעם עלענט, וואָס וויינט אין זיין אומעט און די נאָגענדיקע בענקשאַפט פון הייסן באַגער; דעם צאַרטן זאַפּראַן פון אויפ־גייענדיקן באַגינען און דעם בלוי פון אַ קילן פאַרטאָג; די גאָלדענע שטראַלן פון אַ צעזונטן נאָכמיטאָג און דעם זיידענעם רוישן פון שטילע, סודות־דיקע, לירישע זומער־פאַרנאַכטן.

יאַשאַ חפץ איז דער קינסטלער מיט דעם געבענטשטן חוש פאַר מאָס און פּראָפּאָרציע און פון קענען איבערגעבן די מיה און גאונות׳שאַפט און טיף אַריינדרינגען אין אַ ווערק און מיט בליציקער קלאָרקייט אַרויסברענגען אַלע דעטאַלן זיינע. עס מערקט זיך ביי אים ניט אין ערגעץ קיין שום אָנשטרענגונג; ער שפּילט די שווערסטע פידל־קאָנטשערטאָ מיט דער גרינג־קייט פון אַ פעדער אין ראַזליכע פאָרמען.

ווי אַ פלי פון אַ פויגל, מיט שימער און פינקל, באַוועגט ער מיט דעם בויגן איבער די ציטעריקע, זינגענדיקע סטרונעס, וואָס טרעלן און שאַלן אין פריידן און שעפּטשען אין אומעט און שפּילן אַרויס אַלס גאָמעס פון דעם לעבן, וואָס גאָט האָט באַשאַפן!

שובערט, מענדלסאָן, בעטהאָווען, מאָצאַרט, באַך, סקאַרלאַטי, בראַהמס, וויואַטאַן, וועלכע האָבן מיט זייערע מוזיקאַלישע שאַפונגען יענעם אָוונט אויסגעפילט דעם פּראָגראַם, זיינען באַשטראַלט און באַהויכט געוואָרן מיט דעם הייסן אָטעם פון דעם גרויסן אידישן פידל־ווירטואָז, וועמעס אידיש־קייט איז אַלעמען גוט בעקאַנט און ס׳האָט אים פון דעסטוועגן ניט געשטערט צו דערגרייכן דעם אָלימפּ אין דער קונסט פון מוזיק און מיליאָנען ליבענדע מענטשן איבער גאָר דער וועלט בויגן זייערע קעפּ פאַר אים.

דער אינטערעסאַנטער נומער אויפן פּראָגראַם פון יענעם קאָנצערט איז געווען וויואַטאָני׳ס באַרימטע פידל־קאָנטשערטאָ נומער פינף, אויף וואָס איטליכער אין זאַל האָט געוואַרט.

חפץ האָט מיט זיין שפּילן אָט די דאָזיקע שטאַרק קאָמפּליצירטע קאָנטשערטאָ ממש אָנגעצונדן אַלעמענס הערצער מיט באַגייסטערונג, וואָס האָט זיך ווי אַ וואַלד־פייער צעטראָגן איבערן גרויסן קאָנצערט־אוידי־טאָריום. די קונסט איז געלעגן דער עיקר אין דער פּראַכטפולער קאָמבינירונג פון טאָן און טעכניק, וואָס האָט זיך ווי אַ זילבערנער טייך צעגאָסן אין מאַסן קאָלירפולע לויפיקע דינע ליניעס, וועלכע האָבן זיך געקנייטשט אין ווייכע זיידענע רוישן און זיך געמיניעט, ווי שטערן אין הימל ביינאַכט.

מ׳קען דאָ זאָגן, אַז ער האָט די קאָנטשערטאָ געשפּילט מיט אַ געטליכן ציטער אין זיינע הענט און אַ רעליגיעזן פייער אין זיין האַרצן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די הענט זיינע, ניט בלויז שפּילן זיי, נאָר זיי דוכענען!

דער אידישער געניוס, וועלכן דער וואַלד־גזלן היטלער און אַנדערע טיראַנען, פריער פאַר היטלער׳ן האָבן געוואָלט אַזוי גערן פאַרניכטן, האָט באַוויזן, אַז מיט פאַרשפּאַרן אונז אין פינסטערע געטאָס, מיט אויפשטעלן פאַר אונז פאַרמויערטע ווענט, וועט מען אונז ניט אומברענגען! אין אונזער לאַנגער גלות געשיכטע האָבן מיר שוין אַ סך מאָל מיט אונזער גייסט דורכגעלעכערט און צעבראָכן ניט איין געטאָ־וואַנט!

אידישע קינדערלעך, וועלכע זיינען אין פאַרשידענע צייטן געבאָרן געוואָרן צווישן די פינסטערע געטאָ־ווענט אין פאַרשידענע לענדער, האָבן דער ציוויליזירטער וועלט צוגעשטעלט, און וועלן נאָך צושטעלן אַ סך אַזוינע גאָט־געבענטשטע „יאַשעלעך״ אויף פאַרשידענע געביטן!

וואָרום אויך דער איצטיקער וועלט־באַרימטער יאַשאַ חפץ איז מיט יאָרן צוריק געבאָרן געוואָרן אין ניט־ווייניקער שרעק און מורא אונטערן צאַר׳ישן רעזשים אין אַלטן רוסלאַנד, וואו מען האָט שטאַרק פאַרפאָלגט אידן...

ווילנא, „ירושלים דליטא״, די שטאָט פון דעם באַרימטן גאון, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט תורה, חכמה און וויסן, דער גייסטיקער צענטער אפשר פון גאַנצן גלות־אידנטום, איז געווען די מזל׳דיקע שטאָט וואו דער געניאַלער קינסטלער יאַשאַ חפץ איז געבאָרן געוואָרן. דאָס איז געווען דעם צווייטן פעברואַר, אין יאָר 1901. יאַשאַ׳ס פאָטער, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ פידלער, האָט אים אין עלטער פון פינף יאָר, גענומען לערנען שפּילן פידל. דער קליינער יאַשאַ האָט שטאַרק ליב באַקומען דאָס פידעלע. עס האָט אים געצויגן צו איר ווי מיט אַ מאַגנעט. די קלאַנגען פון די סטרונעס

האָבן אים פאַר׳כישופ׳ט. ער האָט מיט זיין יונג נשמה׳לע גלייך דערשפּירט דעם צאַפּל פון דער „נשמה״, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דער פידל, פון וואָס אידן זיינען די גרעסטע „מכשפים״...

צווישן די אינטערנאַציאָנאַלע קינסטלער אין דער וועלט איז ניטאָ נאָך אַ צווייטער וואָס זאָל זיין אַזוי באַרימט און פּאָפּולער ווי יאַשאַ חפץ.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צוריק צום ביאָגראַפישן טייל. אין עלטער פון זיבן יאָר טרעט חפץ אַריין אין דער רעגירונגס מוזיק־שול פון ווילנע. ער לערנט זיך דאָרט מיט גרויס התמדה. וואָס אַ טאָג אַלץ מער באַנעמט ער דעם תמצית פון דער פידל און ער ווערט פון איר אַלץ מער פאַר׳כישופ׳ט. עס וואַקסט אין אים די ליבשאַפט צו איידעלן אינסטרומענט פון וואָס זיין נשמה ווערט אַלץ מער באַווירקט און אַלץ מער באַהעפט מיט אים.

דער לערער אין דער קאָנסערוואַטאָריע וואָס האָט געלערנט מיט חפצ׳ן, מאַלקין, איז געווען העכסט באַגייסטערט פון זיין יונגן תלמיד. ער האָט געטראָגן זיין נאָמען אויף די ליפּן מיט זיך וואו ער איז געגאַנגען און געשטאַנען. גאַנץ ווילנע האָט געקאָכט מיט דעם יונגן יאַשאַ חפץ!

איינמאָל איז קיין ווילנע געקומען צופאָרן פון פּעטערבורג, פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד אַוער, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס דער גרעסטער פידל־פּעדאַגאָג און איז אַליין אויך געווען אַ באַרימטער פידל־שפּילער. מאַלקין, חפצ׳עס לערער, אַ געוועזענער תלמיד פון פּראָפ. אַוער, האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געבראַכט צופירן דעם קליינעם יאַשאַ׳ן צו פּראָפעסאָר אַוער׳ן אין האָטעל ער זאָל אים פאַרהערן. און ווען חפץ, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען בלויז ניין יאָר, האָט אויפן וואונק פון זיין לערער גענומען דאָס פידל אין די הענט אַריין און האָט געשפּילט צוערשט פּאַגאַניני׳ס 24טן „קאַפּריז״ און דערנאָך מענדעלסאָנ׳ס אַ קאָמפּאָזיציע איז פּראָפ. אַוער געבליבן זיצן אַ דערשטוינטער מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן און האָט ניט געקענט עפענען דאָס מויל צו ריידן, אַזוי איבערראַשט געוואָרן איז ער פון דעם קינדס טאַלאַנט. דער גרויסער מייסטער האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט, אַז ער האָט אין זיין לעבן שוין ניט איין „וואונדער־קינד״ פאַרהערט, אָבער אַזוינס האָט ער נאָך ביז דאַן ניט געהערט. ער האָט גלייך אויפן אָרט באַשלאָסן אים אַריינצונעמען אַלס סטודענט פון זיין פידל־קלאַס אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע, וואו ער איז געווען פּראָפעסאָר.

פאַר יאַשאַ׳ס עלטערן איז די זאַך אָבער ניט געווען אַזוי גרינג עס דורכצופירן. וואָרום דאָס האָט געמיינט, אַז די גאַנצע משפּחה האָט געדאַרפט פאַרלאָזן ווילנע און זיך איבערקלייבן קיין פּעטערבורג. קיין גביר איז יאַשאַ׳ס טאַטע ניט געווען. פון זיין שפּילן אַלס פידלער אין אַ טעאַטער־אָרקעסטער האָט ער קיין געלט ניט געקענט אָפּשפּאָרן. אָבער וואָס טוען עלטערן נישט צוליב קינדער — און נאָך צוליב אַזאַ קינד ?!

אין עלטער פון צען יאָר איז יאַשאַ אַריינגענומען געוואָרן אַלס סטודענט אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. צוליב די צאַרישע געזעצן, וואָס האָבן געמאַכט שווער פאַר אידן צו באַזעצן זיך אין פּעטערבורג, האָט יאַשאַ׳ס טאַטע, וואָס איז דעמאָלט שוין געווען אַ איד אין די פערציקער, לפנים וועגן זיך געמוזט פאַרשרייבן אַלס סטודענט פון דער קאָנסערוואַ־טאָריע, כדי אָפּצונאַרן דער צאַרישער רעגירונג, אַז ער זאָל מעגן וואוינען אין פּעטערבורג מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. פּראָפעסאָר אָוער איז געווען דער וואָס האָט געהאָלפן עס איינאָרדענען. ער האָט עס געטאָן בלויז צוליב דעם, ווייל ער האָט דערפילט דעם גרויסן מוזיקאַלישן טאַלאַנט, וועלכער איז געלעגן באַהאַלטן אין דער נשמה פון דעם יונגן חפצ׳ן.

די חפץ־פאַמיליע איז פאַרבליבן אין פּעטערבורג ביז דעם יאָר 1917. מיטן אָנקום פון דער רעוואָלוציע איז געוואָרן אומרואיק. דעם זעלבן יאָר האָט די פאַמיליע פאַרלאָזט פּעטערבורג און אויסגעוואַנדערט דורך סיביר און יאַפּאַן קיין אַמעריקע. און ווי שוין פריער באַמערקט, דעם 27טן אָקטאָ־בער, 1917, האָט חפץ, אין עלטער פון 16 יאָר, געמאַכט זיין ערשטן „דעביוט״ אין קאַרנעגי האָל פאַר אַן אַמעריקאַנער עולם. צומאָרגנס אין דער פרי איז די גאַנצע ניו יאָרקער ענגלישע פּרעסע געווען פול מיט חפצ׳עס נאָמען; ווי די מוזיק־קריטיקער וואָלטן זיך אַרויסגעלאָזן אין אַ געוועט: ווער וועמען עס וועט אַריבערשטייגן אין „לויב־געזאַנג״ צום יונגן פידל־ווירטואָז, וואָס האָט אַלעמען איבערראַשט מיט זיין וואונדערליכן שפּילן. פון יענעם אַרויסטריט אָן, האָט זיך אָנגעהויבן חפצ׳ס באַרימטקייט פאַרשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט.

צווישן זיינע פילע רייזעס אַרום דער וועלט, וואו ער האָט אומעטום אַרויסגערופן גרויס באַוואונדערונג, האָט חפץ אויך אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין ארץ ישראל. דאָס איז געווען אין יאָר 1926. פון די פינף קאָנצערטן וואָס חפץ האָט דאָרטן געשפּילט, האָט ער די גאַנצע איינאָמע אָוועקגעשענקט פאַר אַ

פאַנד צו בויען אין ארץ ישראל אַ נאַציאָנאַלע מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע אין ירושלים. מיט דעם האָט חפץ באַוויזן אַז דער גייסט פון ווילנע איז נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן ביי אים. ער לעבט נאָך אין אים, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער נעמט ניט קיין שום אָנטייל אין דעם אידישן לעבן...

„דער אַמעריקאַנער", אָקטאָבער 10, 1947, נ. י.

# מעדעלין — אַ שטאָט אין קאָלאָמביע

## רייזע־מאָטיוון

פון אַלע גרויסע שטעט, וואָס איך האָב באַזוכט אין קאָלאָמביע, בין איך צוגעזאָטן געוואָרן צו מעדעלין, וועלכע איז נישט בלויז די צווייטע גרעסטע שטאָט, נאָך דער מעטראָפּאָליע באָגאָטאַ, מיט אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער, צווישן זיי אַרום הונדערט אידישע משפחות, נאָר אויך איינע פון די הויפּט־שטעט פון די זעכצן שטאַטן אין קאָלאָמביע, וואָס רופט זיך אַנטיאָקיאַ און האָט הינטער זיך זייער אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, סיי מיט איר אַנשטייאונג און סיי מיט איר אָנגעזעענער ראָל, וואָס זי שפּילט אין לאַנד. עס דאַרף דאָ אָבער תיכף דערקלערט ווערן, אַז מ׳קען באָגאָטאַ, אָדער קאַלי, צי באַראַנקיאַ, אָדער די אַלטע היסטאָרישע האַפן־שטאָט קאַרטאַכענאַ נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. יעדע פון אָט די דערמאָנטע שטעט איז געבענטשט מיט איר אייגענער שיינקייט, זיי קומען אָבער נישט צו מעדעלין!

נאָר אפשר בין איך פּאַרטייאיש? — פרעג איך זיך. אפשר דערפאַר ווייל מעדעלין האָט מיך אַזוי וואַרעם אויפגענומען? איז דאָך דאָס ביסעלע וואַרעמקייט פאַר אַ מענטש בכלל, און פאַר אַן אַרטיסט בפרט, ווי טוי פאַר אַ גאָרטן! אין משך פון די צען וואָכן צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין קאָלאָמביע, איז מיר אויסגעקומען דריי מאָל צו באַזוכן מעדעלין און דאָרט צו זינגען. אָבער איך קען דאָך אויך נישט זיך באַקלאָגן אויף די וואַרעמע אויפנאַמעס, וואָס איך האָב געקראָגן אין באָגאָטאַ, קאַלי, באַראַנקיאַ, און קאַרטאַכענאַ — דער עיקר אויף באָגאָטאַ, וואו איך האָב אַ געגעבן צוויי קאָנצערטן און אַ געדאַוונט די פאַרגאַנגענע ימים־נוראים. דעריבער גלויב

איך, אַז ס׳איז טאַקע די שטאָט מעדעלין אַליין, וואָס האָט זיך אין מיר טיף איינגעזונגען מער פון אַלץ!

און דאָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין תוך גענומען איז מעדעלין אַן אמת׳ע אינדוסטריעלע שטאָט און ווערט פאַררעכנט פאַר דער מאַנטשעסטער פון קאָלאָמביע, וואו עס געפינען זיך גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן, לעדער זאַוואָדן און נאָך פאַרשידענע אַנדערע אינדוסטריעס, אין וועלכע, אגב, דאָס פריער־דערמאָנטע הייפעלע אידן האָבן אַ גאַר־גאַר היפּשן חלק. געאָגראַפיש מאַכט מעדעלין דעם איינדרוק פון אַן עכטער רעזאָרט־שטאָט. זי ליגט בערגלדיק אויסגעבעט אויף אַ הויך פון וואָסערע פופצן הונדערט מעטער איבערן ים־פלאַך, אַרומגעקרייזלט מיט אַ קייט פון הויכע בערג, וועלכע פאַלדעווען זיך איינער אויפן צווייטן, ווי קעפּ מיט פאַרשידענע גריוועס פון אַ טאַבון פערד אויף אַ גרינעם לאַנקע אונטער אַ בלויען הימל. די זון שיינט געוויס אויך אין באָגאָטאַ, קאַלי, באַראַנקיאַ, אין קאַרטאַכענאַ, אָבער אין ערגעץ איז זי נישט אַזוי רעגנבויגנדיק־גאָלדיק, וואָס שפּריצט ממש ווי אַ פאָנטאַן מיט בריליאַנטענע טראָפּנס, ווי אין מעדעלין. אירע שטראַלן, ווייכע און גלעטנדיקע, ווי גאָלדענע זאַנגען אין פעלד, נעמען דיך אַרום און טוליען דיך צו זיך, ווי אַ מאַמע און אַמאָל ווי אַ געליבטע. און וואָס קען נאָך זיין בעסער פון אַ מאַמע אָדער אַ געליבטע?

שוין דער נאָמען מעדעלין האָט אין זיך עפּעס אַ ספּעציעלן מוזיקאַלישן קלאַנג, וואָס לייגט זיך  גוט אויפן אויער. כ׳האָב דעם דאָזיקן נאָמען ליב געקראָגן אינאיינעם מיט די מענטשן וואָס וואוינען דאָרטן. עפּעס איז מיר דער מעדעליען׳ישער פּיל נעענטער געווען, ווי די איינוואוינער פון די אַנדערע שטעט אין קאָלאָמביע. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר עפּעס פלעג איך אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן פון מעדעלין, ווי איך וואָלט אין דער דאָזיקער שטאָט אָדער געבאָרן געוואָרן, אָדער צום ווייניגסטנס געהאַט זייער נאָנטע משפּחה. דער אַרטיקער קלימאַט, וואָס ווייסט ניט פון קיין היצן און קיין קעלטן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, און ווערט פאַררעכנט פאַרן סאַמע געזונטסטן אין לאַנד, האָט מיך פּשוט פאַר׳שיכור׳ט. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ ליבער וואַרעמקייט, וואָס הערט נישט אויף אייך צו גלעטן און צו צערטלען בייטאָג און אין אָוונט.

דורך מיין פענסטער פון האָטל נוטיבאַראַ אויפן פינפטן עטאַזש, פלעג איך יעדן טאָג אַרויסקוקן צו די וואונדערליכע רייצענדיקע בערג, וועמענס

משופע׳דיקע רוקנס, איינגעטונקען אין גרינס, פלעגן אָפּט בייטן זייערע קאָלירן און שימערירן אין דער לויטערער לופט, ווי זיידענע קאָלירטע לענטעס. און נישט בלויז האָב איך דורכן פענסטער פון מיין גרויסן ליכטיקן צימער געקענט זען די בערג אַליין, נאָר איך האָב אויך מיט׳ן אויג געקענט אַרומנעמען אַ גוטן טייל פון דער שטאָט, וואָס האָט בערגלדיק זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, ווי אַ שטייגענדיקער ניגון וועמעס זינגענדיקע פאַלן קייטלען זיך איינס אין אַנדערן, ווי רינגען אין אַ קייט, — איבערהויפּט דעם שיינעם רעזידענץ־געגנט מיטן הויפּט קאַטעדראַל אין דער שפּיץ, צו וועלכן מיין האָטעל מיטן עכטן אינדיאַנישן נאָמען, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַרן גרעסטן אין שטאָט, האָט, ווי אַ פאַרליבטער, קאַוואַלעריש אַריבערגעקוקט.

דערמאָנענדיק דעם הויפּט קאַטעדראַל, וויל איך דאָ זיך אָפּשטעלן אויף אַ זייער מאָדנע דערשיינונג, וואָס איז אפשר פאַר דער דרויסענדיקער וועלט אינגאַנצן אומבאַקאַנט, אַ דערשיינונג וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף אַ גאָר טשיקאַווען אופן יעדן פרייטאָג פאַרנאַכט אין מעדעלין — און אויך אויף אַ פערזענליכן פאַל, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין דער שטוב, פון מיין מעדעלינ׳ער אַקאָמפּאַניאַטאָר, דער זייער טאַלאַנטירטער פּיאַניסט און באַגלייטער, סאַנטאָ מאַריאָ.

קיינער אין מעדעלין האָט מיר נישט געקענט דערקלערן פּינקטליך פון וואַנען אָט דער מאָדנער „מנהג״ שטאַמט אָפּ, אָבער אַז עס קומט פרייטאָג פאַרנאַכט לויפן די מערסטע מעדעלינ׳ער קאַטוילישע פרויען אין די קלויסטערס אַריין „בענטשן ליכט״! פון די אַלע השערות וואָס איך האָב וועגן אָט דער טשיקאַווער דערשיינונג געהערט, לייגט זיך אויפן שכל בלויז איינע: אייניקע היסטאָריקער פון קאָלאָמביאַ, דער עיקר פון אַנטיאָקיער שטאָט, האָבן באַוויזן, (אַנדערע פּרובירן עס פאַרלייקענען), אַז צווישן די גאָר ערשטע איינוואוינער אין מעדעלין, און אַנטיאָקער שטאָט בכלל, וועלכע האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן באַזעצן מיט אַ פיר הונדערט יאָר צוריק, זיינען געוועזן אַ סך אַנטלאָפענע אידישע משפחות, אנוסים, מאַראַנען, אָדער נייע קריסטן, ווי מ׳האָט זיי גערופן, פון שפּאַניע — און פון יענער צייט שטאַמט עס אָט דער דאָזיקער טשיקאַווער „מנהג״. זעט אויס, אַז אָט די „נייע קריסטן״ האָבן זיך נישט געקענט אינגאַנצן אָפּרייסן פון זייער שורש...

די זעלביקע היסטאָריקער, אגב, ווייזן אויך אָן, אַנדערע פּרובירן עס פאַרלייקענען, אַז סיי צווישן די געוועזענע און סיי צווישן די היינטיקע

שטאַטסלייט, פּאָליטיקער, אַקאַדעמיקער, וואָרט־זאָגער, פּען־מענטשן, פון דער ליטעראַטור און פּרעסע, געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע פירער פונ׳ם שטאַט אַנטיאָקיאַ, ווי אין קאָלאָמביאַ בכלל, זיינען פאַראַן גאָר אַ סך, וואָס קומען אַרויס פון יענע אַנטלאָפענע אידישע משפחות, אנוסים פון שפּאַניע, וועלכע, ווי שוין געזאָגט, זיינען געווען צווישן די גאָר ערשטע תושבים אין מעדעלין און אַנטיאָקיער שטאַט בכלל, די דאָזיקע היסטאָריקער גייען אפילו אַזוי ווייט און דייטן אָן, אַז 26 צווישן די געוועזענע פּרעזי־דענטן פון קאָלאָמביאַ, וועמעס אומאָפּהענגיקייט איז אַלט 150 יאָר, זיינען געווען אָפּשטאַמיקע אָדער דירעקט פון מעדעלין, אָדער פון אַנטיאָקיער שטאַט.

אַז אידיש בלוט פליסט אין די אָדערן פון די מייסטע משפחות צווישן די פעלקער פון לאַטיין־אַמעריקע, דאָס איז גאַנץ גוט באַוואוסט. אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניזאַציע און אויפבוי פון די מייסטע לאַטייניש־אַמעריקאַנער פעלקער, האָבן אָט־אָ די „נייע קריסטן", און ניט בלויז די וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון שפּאַניע אַליין, נאָר אויך פון פּאָרטוגאַל און נאָך פון אַנדערע לענדער, וואו עס זיינען פאָרגעקומען אינקוויזיציעס אויף אידן, געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל. עס וועט נישט העלפן דעם אָדער יענעם היסטאָריקער צו פּראָבירן עס פאַרלייקענען. אויב איינער פאַלשעוועט, קומט אַן אַנדערער און דערציילט דעם אמת. אַזוי איז שוין מיט געשיכטע — זי לאָזט זיך פאַלשעווען, אָבער זי לאָזט זיך ניט פאַרלייקענען, זי קריכט אַרויס ממש פון הינטער דער ערד...

וועגן דער שטאַרקער ענליכקייט אין אויסזען פונעם קאָלאָמביאַ׳נער פון דער אַנטיאָקיער געגנט און ספּעציעל פון מעדעלין אויף אידן, איז ביז גאָר אַ מערקווירדיקע. און מחמת דעם אפשר קען זיין האָב איך אין מעדעלין זיך געפילט אַ סך היימישער, איידער אין די אַנדערע שטעט פון קאָלאָמביאַ. עס האָט זיך מיר כסדר געדאַכט, אַז איך זע אידישע פּנים׳ער סיי פון מענער און סיי פון פרויען. עס דאַרף דאָ אויך צוגעגעבן ווערן, אַז אַ חוץ דעם וואָס דער קאָלאָמביאַ׳נער פונעם אַנטיאָקיער שטאַט, דער עיקר דער מעדעלינ׳ער, ווערט פאַררעכנט פאַרן אינטעליגענטסטן און קולטורעלסטן פון קאָלאָמביאַ, האַלט זיך דער אַנטיאָקיער אַ היפּש ביסל „סנאָביש" בנוגע זיינע אַנדערע קאָלאָמביאַ׳נער ברידער. אַז איר באַגעגנט, למשל, ערגעץ אַן אַנטיאָקיער און איר פרעגט ביי אים ווער ער איז, וועט ער אייך נישט ענטפערן ווי אַן אַנדער

קאָלאָמביאַ׳נער ענטפערט אייך מיט שטאָלץ: „איך בין אַ קאָלאָמביאַ׳נער!״ נאָר ער וועט אייך ענטפערן נאָך מיט מער שטאָלץ: „איך בין אַן אַנטי־אָקיער!״

אָבער נישט אין היסטאָרישע אמת׳ן גייט דאָ, ווייל, ווי שוין געזאָגט, דער אמת פון געשיכטע, פריער אָדער שפּעטער, קומט אַרויס, ווי בוימל אויפן וואַסער, כ׳האָב בלויז געוואָלט איבערגעבן די פריער דערמאָנטע טשיקאַווע דערשיינונג מיט די „ליכט בענטשן״, וואָס שפּילט זיך יעדן פרייטאָג פאַרנאַכט אָפּ אין מעדעלין — דאָס און ניט מער. מיט דער זעלביקער כוונה וויל איך דאָ אויך איבערגעבן דעם פּערזענליכן פאַל, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין דער שטוב פון מעדעלינ׳ער אַקאָמפּאַניאַטאָר סאַנטאָ מאַריאָ, וואָס איך האָב שוין דערמאָנט פריער.

עס איז געווען נאָכמיטאָג. דער ליכטיקער דרויסן האָט דורך די אָפענע פענסטער אַריינגעקוקט אין דער סטודיאָ, וואו דער סעניאָר סאַנטאָ מאַריאָ און איך האָב געמאַכט פּראָבע. עס איז געווען אַ טאָג פאַר מיין קאָנצערט און מיר זיינען יעדן נומער דורכגעגאַנגען צוויי מאָל, אַנדערע דריי מאָל — איבערהויפּט די חזנ׳ישע רעטשיטאַטיוון. אַ אידיש אָדער העברעאיש ליד קען נאָך אַ ניט־אידישער מוזיקער ווי עס איז פאַרדייען, אָבער אַ חזנ׳ישן רעטשי־טאַטיוו, מעג ער זיין אויסגעשריבן ביז צום קלענסטן פּינטעלע, בלייבט פאַר אַ ניט־אידישן אַקאָמפּאַניאַטאָר אַ פאַרשלאָסענע זאַך. דאַכט זיך ער קוקט אויף די נאָטן, אַלץ איז דאָרט אָנגעשריבן, פאַרצייכנט און אָנגעמערקט, אָבער ער ווערט עפּעס צעפּוטיעט און שוין. דאָס איז וועגן אַ ניט־אידישן באַגלייטער אפילו ביי אונז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ספּעציעל אויסער ניו־יאָרק, היינט שטעלט אייך פאָר אַ ניט־אידישן אַקאָמפּאַניטאָר אין דרום אָדער צענטראַל אַמעריקע, ווען עס קומט זעלטן אויס צו הערן זינגען אַזאַ סאָרט מוזיק. אַ סך מאָל פאַלט עס זייער שווער, אָבער אַן אַרטיסט דאַרף זיין אַ סאָלדאַט — ער דאַרף קענען שמעקן פּולווער...

צום שבח אָבער פון סעניאָר סאַנטאָ מאַריאָ דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז קיין סך שוועריקייטן מיט אים, ווי מיט די אַנדערע אַקאָמפּאַניטאָרס אויף מיין זעקס חדשים׳דיקן קאָנצערט־טורנע איבער דרום און צענטראַל אַמעריקע, האָב איך נישט געהאַט. מיט דעם אויסנאַם פון איין קאָמפּאָזיציע, אַ חזנ׳ישער רעטשיטאַטיוו, וואָס איך האָב געמוזט אַוועקליי גן, האָט ער סיי די אידישע און העברעאישע לידער און סיי די חזנ׳ישע רעטשיטאַטיוון גוט

אויפגעפּאַסט תיכּף ביי דער ערשטער פּראָבע. און אַט ביי דער ערשטער פּראָבע טאָקע, האָב איך בייגעוואוינט דעם פֿאַל וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן.

נאָכדעם ווי מיר זיינען פּאַרטיק געוואָרן מיט דער פּראָבע, האָט מיך סעניאָר סאַנטאָ מאַריאָ איינגעלאַדן אין אַ צווייטן חדר אַריין, וואו ער האָט מיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר זיין פֿרוי און געהייסן דערלאַנגען קאַפֿע מיט צובייסעכץ. דער חדר האָט אויסגעזען ווי אין אַ פֿרום קאַטוילישער הויז, מיט צלמים, איקאָנעס א.ד.ג. נאָך דער פֿריינטליכע אויפֿנאַמע, האָט דער סעניאָר סאַנטאָ מאַריאָ זיך אויפֿגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו אַן אַלטן פֿאַרמאַכטן אייזערנעם קופֿערט און פֿון דאָרט אַרויסגענומען אַ פּעקל מיר צו ווייזן. אינעם פּעקל איז געלעגן אַן אַלטער אידישער מחזור מיט געלע צעריבענע בלעטלעך, אַ האַלב־צעפּליקטער וואַלענער טלית און אַן אָפּגעקראָכענע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַן עלטערן אידן מיט אַ לאַנגער באָרד און אַ יאַרמולקע אויפֿן קאָפּ. אין אָנהויב האָב איך עפּעס ניט פֿאַרשטאַנען וואָס ער איז דערמיט אויסן געווען, אָבער איך האָב זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער וויל פֿאַר מיר מיט דעם דעמנאָנסטרירן זיין אידישע אָפּשטאַמונג. איך האָב אים טיפֿער גענומען אַריינקוקן אין פּנים אַריין און איך האָב געזען ווי ער שטאָלצירט מיט זיין אידישן יחוס. קיין סך האָט ער מיר נישט געקענט אָדער אפשר נישט געוואָלט דערציילן, אָבער ביים צונויפֿלייגן צוריק דאָס פּעקל האָט ער פֿרום געקושט אי דעם מחזור, אי דעם טלית און אי די פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז אים געבליבן אַ ירושה פֿון זיין עלטער־זיידן. איך בין געווען שטאַרק גערירט און האָב זיך דעריבער געאיילט וואָס גיכער אַוועקצוגיין...

ווען איך האָב עס דערנאָך דערציילט מיינע אידישע באַקאַנטע פֿון מעדעלין׳ער תושבים, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז מ׳קען אין פֿילע פֿרומע קאַטוילישע הייזער פֿון דער שטאָט געפֿינען אַלטע אידישע מעשענע לייכטער, מנורות, תפֿילין, טליתים, בילדער פֿון עלטער־זיידעס מיט לאַנגע בערד און יאַרמולקעס, באָבעס מיט טשיפּיקעס און קופּקעס אויף די קעפּ, מחזורים, סידורים, און נאָך אַנדערע אידישע ספֿרים, וואָס ווערן פֿון די אייגענע אָפּגעהיט און מען יחוס׳ט זיך דערמיט...

יאָ, איך וועל מעדעלין אַזוי גיך נישט פֿאַרגעסן. איך וועל זי נישט פֿאַרגעסן סיי צוליב איר קליינער וואַרעמער אידישער קהילה און סיי צוליב די אַנגענעמע טעג און נעכט וואָס איך האָב דאָרט פֿאַרבראַכט בכלל. די ליבשאַפֿט צו איר וואָס זי האָט אין מיר אַריינגעזונגען, וועט לאַנג געדויערן.

אירע ריידעוודיקע בערג וועל איך לאַנג געדענקען, אַזוי אויך איר אייביקן פרילינג, אייביקן זומער, מיינע אָפּטע שפּאַצירן איבער אירע ליכטיקע גאַסן, מיט קאַפעס וואָס זיינען שטענדיק געפּאַקט מיט מענטשן, האָבן זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון. די מענטשן אויף די גאַסן, כאָטש נישט אַלע זיינען געווען רייך געקליידעט, טייל אפילו גאַנץ אָרעם, אָבער אין זייערע טריט האָב איך געפילט דעם „שיר השירים" פון לעבן. זיי האָבן מיך אָנגע־שטעקט מיט זייער זאָרגלאָזיקייט און אויך מיט זייער פוילקייט, מיט וועלכער זיי שעמען זיך לגמרי ניט. ווייל וואָס איז פאַראַן זיך צו שעמען מיט אַ „פוילקייט" וואָס האָט הינטער זיך אָט די פילאָזאָפיע: „איך לעב ניט צוליב שווער אַרבעטן, לויפן, האַוועןן; איך לעב — צוליב לעבן!"

„קענעדער אַדלער", מערץ 31, מאָנטרעאָל

# מאַרק שווייד

## (צו זיין ערשטן יאָרצייט)

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַ ספּעציעלע שוואַכקייט פאַר געוויסע מענטשן, קולטור־טוער, געזעלשאַפטליכע עסקנים — און דער עיקר פאַר געוויסע שרייבער, קינסטלער, זינגערס, מוזיקערס, קאָמפּאָ־זיטאָרס, חזנים, דיריגענטן וכדומה, וואָס גייען אַוועק פון דער וועלט אָן אַ „זיי־געזונט". דעם אָן אַ „זיי־געזונט" מיין איך, וואָס מען שרייבט וועגן זייער פאַרלאָזן די „ערדישע וועלט" זייער ווייניק, אָדער, צום מייסטנס, גאָרניט. העכסטנס קומט מען אָפּ ביי אונז מיט אַ לענגערן אָדער קורצן נאָטיץ וועגן זיי — און פאַרטיק אַן עסק. אַוועק און שוין. אַי, די דאָזיקע כל׳ערליי מענטשן, האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לייב־און־לעבנס, הערצער און נשמות מיט דעם וואָס זיי האָבן זיך פאַרנומען — נו, האָט איר ביי דער אידישער גאַס אַן עוולה...

אָט איז ניט לאַנג, מיט אַ יאָר צוריק אַוועק פון אונז דער באמת פיינער, קולטורעלער און אינטעליגענטער אידישער אַקטיאָר, פּאָעט און איבער־זעצער, מאַרק שווייד — וואו האָט איר וועגן אים געליינט כאָטש איין וויכטיקע אָפּשאַצונג? און אָט האָט מען ערשט־אַ, די טעג, אים געשטעלט אַ

מצבה, איז ערגעץ וואו, אַ חוץ אַ קליינעם נאָטיצעלע דאָ און דאָרט, פאַר־שטופּט אין אַ זייטיקן ווינקל, צו אָט דער געלעגנהייט סיי פון זיין ערשטן יאָרצייט און סיי פון זיין מצבה־שטעלן — געווען געדרוקט איין קורץ אַרטיקעלע, פון אַ לענגערן איז שוין אָפּגערעדט, וועגן אים? אַ נעכטיקער טאָג. שאַ, שטיל, גלייך ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען — ניט געווען אַזאַ אידישער שוישפּילער, און ניט געווען אַזאַ אידישער פּאָעט, און שוין...

אָבער מאַרק שווייד איז בפירוש יאָ געווען — און ער וועט בלייבן. ער איז געווען אַנזעענדיק הן ווי אַ אידישער שוישפּילער און הן ווי אַ אידישער דיכטער — אַן אַקטיאָר און אַ פּאָעט מיט אַן אייגענעם פּנים. ער איז ניט געווען פון די „פּלי־פּלאָם" אַקטיאָרן, און פּונקט אַזוי אויך ניט פון די „פּיף־פּאַף" פּאָעטן. מאַרק שווייד איז געווען אַ פּאַרטיפּטער שוישפּילער און אַ ראַפינירטער, פיין־פילנדיקער דיכטער. די ווערטיקייט פון דער טעאַטער־בינע, ווי די זינגעוודיקייט פונם פּאָעטישן־וואָרט, האָט ביי אים געמיינט פיל באַדייטיקייט, מאַנעוודיקייט, אחריות'דיקייט און זעלבסט־דערקענעוו־דיקייט. דער צושויער אין טעאַטער, און דער לייענער פון פּאָעזיע, האָט פאַר זיך געזען אַ מענטש מיט טאַלאַנט אויףביידע איידעלע און סענסיטיווע געביטן, וואָס פאַרשאַפן הנאה און רופן אַרויס פאַרטראַכטקייט און נאָכקלערקייט.

יאָ, מאַרק שווייד, ווי איך האָב אים געקענט, איז געווען זייער אַן איידעלער און פיינער מענטש. ער האָט ניט געליאַרמט, ער האָט גערעדט שטיל, איינגעהאַלטן און ראַפינירט. די דאָזיקע צוויי אַטריבוטן, איידלקייט, און ראַפינירטקייט, האָבן זיך ביי אים שטאַרק אָנגעזען. זיי זיינען געווען אַ טייל פון זיין איך — ניין, ניט קיין טייל, נאָר דאָס איז ער באמת געווען.

ווער קען פאַרגעסן זיין „ר' עליע" און ה. לייוויקס דראַמע „שמאַטעס", וואָס מאָריס שוואַרץ האָט מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט אין אידישן קונסט טעאַטער? און וואָס איז מיט זיין „סולטאַן" אין זשולאַווסקיס „שבתי צבי", אָדער דער „מרא דאתרא" אין אַנסקי'ס „דיבוק" — ווידער אַמאָל, אין זעלביקן אידישן קונסט טעאַטער? אי די ראָל פון „ר' עליע", אי די ראָלן פון „סולטאַן" און „מרא דאתרא", זיינען ביי מאַרק שווייד אַרויסגעקומען ווי אויסגעהאַמערטע פיגורן, מיט אַ ליריש־פּאָעטישער אויסגעשניצטקייט — אמת'ע שטיק מאַלערישע און סקולפּטאַרישע קונסט־ווערק.

אַב. קאַהאַן האָט אין „פאָרווערטס״ שטאַרק געלויבט ניט בלויז לייוויק׳ס דראַמע „שמאַטעס״ און די גאַרע אויפפירונג אין אידישן קונסט־טעאַטער, נאָר האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף מאַרק שווייד׳ס „ר׳ עליע״. און דאָס האָט אַן איבעריקן מאָל באַוויזן, אַז אַן אמת׳ער שוישפּילער נויטיקט זיך דווקא ניט אין קיין גרויסער ראָל — כדי אויף אַ הויך־גראַדיקן אופן אַרויסצושיינען. מען קאָן אויך אַרויסוואַקסן פון אַ קליינער ראָל — אפילו אין אַ ראָל, וואָס האָט ניט מער ווי צוויי־דריי ווערטער, אָדער גאָר קיין ווערטער ניט, אין אַ שטומער ראָל. אמת׳ער טאַלאַנט איז ניט באַגרעניצט אויף קיין אַרשיניקער גרויס פון אַ ראָל, נאָר ווי גרויס ס׳איז דער שוי־שפּילער! מען דאַרף זיך קאָנען פאַרטיפן אין אַ ראָל — און דאָס האָט מאַרק שווייד געקאָנט. אפילו דאָרט וואו עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן אויף קיין פולע הונדערט פּראָצענט, איז ער אַלץ געווען דער אינטעליגענטער שוי־שפּילער — מיט געצוג חוש פאַר דער בינע־קונסט און איז קיינמאָל פון די טעאַטער־רעלסן ניט אַראָפּ. ער האָט געהאַט ניט קיין שטאַרק קול, אָבער אַ הערעדיקס — אַן אַקטיאָר און אַ פּאָעט מיט אַן אייגענעם קלאַנג אין טעאַטער אויף דער בינע, ווי אין זיין פּאָעזיע. ער האָט ניט געדונערט אויף דער בינע, פּונקט ווי ער האָט ניט געבליצט אין זיינע לידער, אָבער סיי די פיינקייט פון זיין שפּילן, און סיי די ראַפינירטקייט פון זיין ליד, האָבן שטענ־דיק פאַרכאַפּט דאָס אויער פונעם אינטעליגענטן טעאַטער־צושויער און פיינעם פּאָעזיע־לייענער.

מאַרק שווייד האָט אַ חוץ אידיש, העברעאיש, אויך אויסגעצייכנט געקענט: פּויליש, רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט זיך שטאַרק גענויטיקט אין אַזעלכע מענטשן פאַר איר מיליטערישער מאַשין, האָט לעאָן קרישטאַל, וואָס איז לאַנגע יאָרן פריער געווען דער נייעס־רעדאַקטאָר און דערנאָך דער זונטיק־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״ און אַ נאָנטער חבר פון מאַרק שווייד׳ן, אים רעקאָמענדירט צו די געהעריקע אינסטאַנצן אין וואַשינגטאָן, וואו מען האָט שווייד׳ן אויפגענומען און דערנאָך אים געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף צו טאָן דאָרט געוויסע אַרבעט.

געדענק איך, אַז נאָכדעם ווי מאַרק שווייד איז אַ צייט שפּעטער צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, האָבן אַ גרופּע פריינט זיינע פאַר אים

איינגעאָרדנט אַ „קבלת פּנים" אין אוירווינג־פּלייס האָל, צו וועלכן ס'איז געקומען אַ פיינער אידישער עולם, אָבער קיין קאָלעגן־אַקטיאָרן, אָדער קאָלעגן־שרייבער, פּאָעטן, זשורנאַליסטן, האָט מען צווישן דעם עולם ניט געזען — אפילו ניט אויף קיין „רפואה". דער פאָרזיצער פונם „קבלת־פּנים" איז געווען דער שוין פריער־דערמאָנטער לעאָן קרישטאַל, וואָס איז קורץ נאָכדעם געווען אינסטרומענטאַל אים שווייד'ן, אַריינצונעמען אַלס שטענדיקן מיט־אַרבעטער פון „פאָרווערטס". דער מאָטיוו פונם קבלת־פּנים איז געווען צו הערן אַ גרוס פון דער נאָך־מלחמה'דיקער וויסטער דייטש־לאַנד — דורך די אויגן פון אַ אידישן שוישפּילער און אידישן פּאָעט. דער עולם האָט מיט גרויס שפּאַנונג אויסגעהערט וואָס מאַרק שווייד האָט געהאַט צו דערציילן — אָן באָמבאַסטישער רעטאָריק, שטיל, מיט אַ טאָן פון אחריות און דרך ארץ. דער צער פון די זעקס מיליאָן אידישע קדושים, וואָס די דייטשן האָבן אומגעבראַכט האָט פון אים מיט שטילן ווייטאָג אַרויסגעוויינט און גלייכצייטיק האָט זיך ביי אים געפילט אַ פריידיקער טאָן איבער דעם נצחון פונעם רוצח'ישן פאָלק, וואָס טראָגט דעם פינסטערן נאָמען — דייטשן.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין גרוס, האָט מאַרק שווייד־אויף אַ לייכטן איראָנישן אופן און מיט אַ דינעם שמייכל אויף זיינע ליפּן, געלאָזט פאַלן די פאָלגנדיקע באַמערקונג: עס זעט אויס, אַז אַלע מיינע קאָלעגן שוי־שפּילער, פּאָעטן און שרייבער זיינען ניטאָ אין ניו־יאָרק — די איינציקע באַקאַנטע פּנים'ער וועמען איך זע דאָ צווישן דעם עולם, איז קאָלעגע מרדכי ירדני און די פאָלקס־זינגערין חנה'לע סטראַמבערג. דאַנק איך זיי פאַר זייער קאָלעגיאַלער און פריינטלעכער באַציאונג.

ווי שוין געזאָגט, מאַרק שווייד איז געווען אַ שוישפּילער און דיכטער מיט אַן אייגענעם פּנים. פונקט ווי זיין שוישפּילעריי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אייגענעם טאָן און פאָרם, אַזוי האָבן אויך זיינע לידער זיך אויסגע־צייכנט מיט אַן אייגענעם טאָן און פאָרם. אַ געשמאַקער ריח פון פיינקייט האָט זיך געטראָגן פון זיין שפּילן אויף דער בינע, און אַ מיט־זומערדיקע וואַרעמקייט האָט געווייעט פון זיינע לידער. די איידלקייט פון זיין שוי־שפּילעריי האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיטן כאַראַקטער וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט אויף דער בינע, ווי דאָס וואָרט פון זיין ליד האָט זיך האַר־מאָניש צונויפגעזונגען מיט דער מוזיק. ניט ער האָט זיין שוישפּילעריי

געשטעלט אויף קיין אויסערלעכע שמד־שטיק, וואָלוועלע מאַניפעס־טאַציעס, און ניט ער האָט זיין ליד געבויט אויף פוסטער רעטאָריק, באָמבאַס־טישע טענער אָדער געדאַנקען־פלעכטערייען. זיין פּאָעזיע איז געווען אַן איידעלער געמיש פון דינעם ליריזם און שטילער איראָנישקייט, און זיין טעאַטער־שפּילן — אַ ראַפינירטער סינטעז פון אויסגעפורעמטער געשטאַלטנקייט און טעאַטערלישער פּאַרטיפקייט. ער האָט זיינע כאַראַק־טערן אויף דער בינע, ווי זיינע לידער, אויסגעטראָגן, דורכגעלעבט און אויסקריסטאַליזירט. אַ חוץ שפּילן טעאַטער און שרייבן לידער, האָט ער אויך פאַרפּאַסט איניקע איינאַקטערס און האָט איבערגעזעצט פאַרשידענע וועלט־באַרימטע דראַמאַטורגן סיי פאַר דער אידישער און סיי פאַר דער ענגלישער בינע. ער האָט אויך מיט־געשפּילט אויף דער אַמעריקאַנער בינע און רעזשיסירט איניקע פאַרשטעלונגען, סיי אין אידישן טעאַטער און סיי אין ענגלישן טעאַטער.

עס ווילט זיך דאָ נאָך צוגעבן, אַז די איינגעבוירענע אָדער מעגלעך־קולטיווירטע אַריטאָקראַטישקייט, וואָס האָט זיך ביי מאַרק שווייד׳ן געשפּירט סיי אין זיין טעאַטער־שפּילן, סיי אין זיינע לידער, ווי אין זיין טאָג־טעגליכער אויפפירונג, אויף באַגעגענישן מיט קאָלעגן און פריינט און אפילו אין זיין אויספּוץ, אין זיינע רעש׳יקע קאָלירטע שניפּסן, איז צייטנווייז דער־גאַנגען צו אַ געוויסער פאַרשפּיצקייט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אַן איבערטריבענער צירלעך־מאַניערלעכקייט... אָבער ס׳איז פאַרט געווען אָנגענעם מיט אים צו פאַרברענגען, צו זיצן מיט אים ביי איין טישל אין קאַפע „ראָיאַל״, צו זען אים שפּילן אויף דער בינע און צו לייענען זיינע לידער.

איך דערמאָן זיך אויך אַ פאַל: מיר זיינען צוזאַמען אַרויסגעטראָטן אין אַ שבת־אָוונט, אין לייבאָר־טעמפּל, אויף דער פערצנטער גאַס נעבן סעקאָנד עוועניו, ביי אַ „ליטעראַלישן יום־טוב״, וואָס דער י.ל. פרץ שרייבער פאַראיין האָט איינגעאָרדנט; וויליאַם עדלין, דער טעאַטער־קריטיקער און שפּעטערדיקער צום צווייטן מאָל רעדאַקטאָר פון „טאָג״, איז געווען דער פאָרזיצער. דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעטראָטן איז געווען מאַרק שווייד: ער האָט צווישן די לידער און פּאָעמעס וואָס ער האָט פון אויסווייניק געלייענט, אויך אָנגעהויבן צו לייענען ביאַליק׳ס באַרימט־געוואָרענע פּאָעמע „דאָס לעצטע וואָרט״. נאָכן אָפּלייענען אַ גוטע העלפט פון דער גרויסער פּאָעמע איז ער געבליבן שטיין אינדערמיט און האָט ווייטער ניט

געקאָנט גיין: ער האָט פאַרגעסן דעם טעקסט און האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט דערמאָנען די ווייטערדיקע שורות. ער האָט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אָנגעהויבן די פּאָעמע צוריק פון אָנהויב און יעדעס מאָל איז ער געבליבן שטעקן ביי די זעלביקע שורות וואָס פריער. זיין פּנים האָט אַזש געפלאַמט פון צונטער־רויטקייט, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן; ער האָט מיט גרויס פאַרדראָס און ווייטאָג פאַרלאָזט די בינע...

— ירדני — האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן, ווען ער איז אַ פיר־געקומען הינטער די קוליסן — איך פיל ווי זיך צו באַגראָבן אַ לעבעדיקער פאַר שאַנדע און ווייטאָג.

איך האָב אים פּרובירט טרייסטן, אַז אַזעלכע זאַכן אויף דער בינע זיינען קיין נייעס ניט — הלוואי זאָל זיך אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט זיך.

— ניין — האָט ער ממש געקריצט מיט די ציין פאַר פאַרדראָס — אַזאַ זאַך האָט ביי מיר ניט געטראָט פּאַסירן, עס איז ניט דערלאָזבאַר.

— גייט, שוין גייט — האָב איך אים אָנגענומען ביי דער האַנט — אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר פאַרגעסן אין דער גאַנצער פּאַסירונג.

— אָ, ניין — האָט ער מיר קאַטעגאָריש צוריק געענטפערט — איך וועל עס ניט פאַרגעסן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. איך ווייס ניט ווי ביי אַנדערע, נאָר ביי מיר האַלט איך עס פאַר אַ גרויסער טראַגעדיע.

נו, אוודאי, פאַר אַזאַ סענסיטיוון קינסטלער ווי מאַרק שווייד איז געווען, איז אַזאַ פּאַסירונג געווען באַטראַכט פאַר אַ טראַגעדיע. אויך איך, ווען ביי מיר וואָלט פּאַסירט אַזאַ פאַל אויף דער בינע, וואָלט אַ האָר ניט געווען אַנדערש, ווי ער האָט געפילט. קינסטלער ווי מאַרק שווייד, וואָס באַציען זיך מיט חשיבות און דרך־ארץ צו דער בינע, מיט חשיבות און דרך־ארץ פאַרן עולם, איז ווען עס טרעפט אַזאַ פאַל, ווייל מען זיך ממש באַגראָבן אַ לעבע־דיקער... אַ שטיק צייט נאָך דער דאָזיקער פּאַסירונג האָבן מיר ביידע, ביי אונזערע באַגעגענישן אין „פאָרווערטס״ רעדאַקציע, אָדער אין דער אַקטיאָרן יוניאָן, צי אויף אַ פאַרזאַמלונג פונם י.ל. פּרץ שרייבער פאַראיין, אָדער אין קאַפע „ראַיאַל״, כסדר וועגן דעם גערעדט. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם דאָזיקן עפּיזאָד — און אין דעם האָט זיך קלאָר אָפּגעשפּילט זיין שטאַרקע סענסיטיווקייט, זיין גרויסע ערנסטקייט פאַר זאַכן, פּאַסירונגען, מענטשן, ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, קונסט און לעבן בכלל.

איך וויל דאָ פאַרענדיקן מיין דערמאָנונג וועגן מאַרק שווייד׳ן, לכבוד זיין ערשטן יאָרצייט און מצבה־שטעלן, מיט אַ קורץ ליד, ווי אַ מוסטער פון זיין ראַפינירטן וואָרט, אימאַזש, לירישקייט און איראָנישקייט — אַ ליד פון זין בוך „בורשטינענע שיסלען״:

„אין פריען אָנהויב פון לעצטן האַרבסט
האָב איך מיר איינגעקויפט מיט מיינע גרויע גראָשנס
דריי בורשטינען שיסלען.
אין איינער פלעג איך וואַשן מיין אָרעם גרעט,
אין איינער קנעטן מעל מיט בוימל,
און אין דער דריטער פלעגט אַ גאַנצן ווינטער
אַרומשווימען אַ לעבעדיק פישל,
וואָס איך האָב יעדן טאָג געקויפט אויפן מאַרק״.

אידישע שרייבער און שוישפּילער, געבוירענע ציניקער און ניט קיין פאַרגינערס (און אַזעלכע פעלן קיינמאָל נישט!) אין קאָפּע „ראַיאַל״ פלעגט זשמורען מיט די אויגן און זיך וויצלען: וואָס איז מאַרק שווייד מער — שוי־שפּילער אָדער דיכטער?

עפנט מען אָבער אויף אַ בוך לידער און מען לייענט איבער אַזאַ דין־ליריש, ראַפינירט־אויסגעשניצט ליד, ווי דאָ איז געבראַכט געוואָרן, מוזן אַזעלכע שרייבער און שוישפּילער, געבוירענע ציניקער און ניט־פאַרגינער, בלייבן מיט זייערע צינגער אינדרויסן...

„קענעדער אָדלער״, סעפּ. 25, 1970, מאָנטרעאָל

•

# לייב יאַמפּאָלסקי

## (צו זיין 80־טן געבוירנטאָג)

די אידישע פּאָעזיע איז די סאַמע גליקלעכסטע אין דער וועלט. זי ווערט געלייענט ניט בלויז אין איין לאַנד, נאָר אומעטום, וואו אידן זיינען צעזייט און צעשפּרייט. דאָס זעלביקע איז אויך מיט דער אידישער נגינה און מוזיק, וואָס ווערט געזונגען ניט אין דעם אָדער יענעם לאַנד, נאָר אין דער גאָרער וועלט, וואו נאָר עס זיינען פאַראַן אידן. אידישע לידער, וואָס ווערן געזונגען היינט אין ניו־יאָרק, ווערן מאָרגן אָדער איבער־

מאָרגן געזונגען אויך אין בוענאָס־איירעס, מעקסיקע, פּאַריז, מאָנטעווידאָ, ריאָ־דע־זשאַניירא, באָגאָטאָ, אָדער תל־אביב. דעריבער איז דער יובל פון אַ אידישן שרייבער, אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר אָדער קינסטלער, ניט קיין לאָקאַלער יום־טוב, נאָר אַ יום־טוב פאַר איטליכן, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען.

דעם נאָמען פון דעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי קען איך ניט פון היינט, פון נעכטן, אָדער אייער־נעכטן, נאָר פון אַ סך, אַ סך אייער־אייער־נעכטנס, וואָס אַז איך זאָל זיי נעמען אויסרעכענען וועט מיר ניט סטאַיען קיין אָרט דאָ. איך קען דעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי׳ן, ווי איך קען יעדן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט עפּעס בייגעטראָגן צו דער אידישער נגינה און מוזיק — בפרט אַז דער חשוב׳ער בעל־היובל אָדער יובילאַר האָט צוגעטראָגן צו דער אידישער נגינה און מוזיק אַ סך מער ווי „עפּעס״. און עס קומט מיר ניט קיין דאַנק דערפאַר, ווייל אַחוץ וואָס איך בין אַ אידישער פאָלקס־זינגער וואָסערע דריי־צענדליק יאָרן, זיץ איך פונקט אַזויפיל יאָרן שוין אויף דער „קעלניע״ פון דער אידישער נגינה און מוזיק מיט אַ פען אין דער האַנט און פיר אַ חשבון כמעט וועגן אַלצדינג וואָס עס קומט פאָר אין דער אידישער מוזיק־וועלט און אין דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור.

אַוודאי איז ניט יעדער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, ווי פאַרליבט איך זאָל ניט זיין אין דער אידישער נגינה און מוזיק, מיין „ראָמאַן״. איך קען אָפּשאַצן, שרייבן וועגן דעם און יענעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר, אָבער ניט מיט יעדן אידישן קאָמפּאָזיטאָר שפּיל איך אַ ליבע. אַזעלכע קען איך בלויז איבערציילן אויף די פינגער — און איינער פון זיי איז דער איצטיקער בעל־יובל: דער קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי, וועלכער געפינט זיך ערגעץ אין דער ווייטער מאָסקווע.

לייב יאַמפּאָלסקי איז געוואָרן אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר דורכן אידישן טעאַטער, אָנהויבנדיק מיט אַ טעאַטער אין כאַרקאָוו, דערנאָך אין מאָסקווע מיט דער „הבימה״. ער האָט געשריבן מוזיק צו די היסטאָרישע דראַמעס „הורדוס״, „מרים״, „המבול״, שפּעטער צו ה. לייוויקס „הירש לעקערט״, צו שלום עליכמ׳ס „סטעמפּעניו״ און „בלאָנדזשענדע שטערן״, צו י.ל. פּרצעס „אין פּאָליש אויף דער קייט״, צו משה קולבאַקס „בויטרע גזלן״, צו א. וועוויאָרקעס „נפתלי באָטווין״ און נאָך און נאָך. אַ גאַנץ פיינער צעטל פאַר אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר צו באַווייזן זיך און צו דעמאָנסטרירן זיין טאַלאַנט.

דאָס זיינען שוין גאָרנישט קיין קליינע פּאַרמעסטונגען, — מען דאַרף אַ סך פּאַרמאָגן אין זיך פּאַר אַזעלכע מוזיקאַלישע אונטערנעמונגען: מען מוז געבוירן ווערן מיט אַ גאַר ברייטן און טיפן אָטעם, כדי איינצובייסן אַזעלכע מוזיקאַלישע־אַרויספאָרן; מען דאַרף זיין אָנגעגורט מיט אַ שווערן אידישן, מיטן טראָפּ אויף אידישן, מוזיקאַלישן־באַגאַזש — פון אַלף ביז תיו...

איך קען אָבער דעם קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי ניט פון זיינע מוזי־קאַלישע פּאַרמעסטונגען אין אידישן טעאַטער, מיט דער אויסנאַם פון דער מוזיק וואָס ער האָט געשאַפן צו די צוויי דראַמעס „הורדוס" און „מרים" און „המבול" פאַר דער „הבימה", נאָר דער עיקר פון זיינע לידער, ד.ה. פון די אידישע לידער צו וועלכע ער האָט פּאַרפּאַסט מוזיק. אַוודאי האָט לייב יאַמפּאָלסקי׳ס מוזיק צו די פריערדיקע דערמאָנטע צוויי דראַמעס אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. אָבער דעם אמת׳ן קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי האָב איך ריכטיק אָנגעהויבן צו דערפילן דעמאָלט ערשט, ווען עס האָבן אָנגעפאַנגען צו מיר דערגייען זיינע סאָלאָ־לידער. דאָ האָב איך אָנגעהויבן צו דערשפּירן זיין כוח ווי אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר, מיטן טראָפּ אויף אידישן — אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט תיכף געוואונען מיין האַרץ: אַ קאָמפּאָזיטאָר, מיט וועמען איך האָב אָנגעהויבן צו „פירן אַ ליבע"; אַ קאָמפּאָזיטאָר, וועל־כער איז צוגלייך מיט אַנדערע ווי ער, געוואָרן מיין ראָמאַן...

די ערשטע קאָמפּאָזיציע פון דעם חשוב׳ן יובילאַר־קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט, איז געווען צו די ווערטער פון איזי כאַריקס „וויג־ליד", וואָס הויבט זיך אָן: „ס׳איז קיין ברויט אין שטוב ניטאָ נאָך"... פון דעם דאָזיקן ליד האָט אַ ווייע־געגעבן אויף מיר מיט אַזאַ פרישקייט פון דעם אַלטן ווייז מיט וועלכן דער מאָטיוו איז דורכגע־ווייקט, אַז איך בין כמעט ווי שיכור געוואָרן. כ׳האָב דאָס ליב תיכף־ומיד אַריינגענומען אין מיין זינג־רעפּערטואַר.

דערביי וויל איך דאָ באַמערקן, אַז דער באַרימטער אידישער קאָמפּאָ־זיטאָר משה מילנער האָט אויך פּאַרפּאַסט מוזיק צו דעם זעלביקן ליד — און גאַנץ גוטע מוזיק! וואָרים קיין שלעכטע מוזיק האָט דער הויך־באַגאַבטער משה מילנער גאָרנישט געקאָנט אָנשרייבן. אלא וואָס דען? ווי אַלע מזל־זאַכן, איז דאָס אויך אַ מזל־זאַך: דער גאָלדענער שר, וועלכער זיצט איבערן גרויסן קופערנעם „פאַן" מיט די קאָמפּאָזיציעס און טיילט אויס מעלאָדיעס, האָט דאָס מאָל אָבער אויסגעקליבן ניט קיין אַנדערן ווי דעם קאָמפּאָזיטאָר

לייב יאַמפּאָלסקי׳ן, אַז ער זאָל זיין דער מחבר פון אָט דער וואונדערלעך־שיינער האַרציקער מעלאָדיע צו איזי כאַריקס „וויג־ליד", וואָס איז אַן אמת׳ער פּערל אין דער קרוין פון דער אידישער נגינה און מוזיק.

דאָס איז געווען דער בראשית פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי. שפּעטער זיינען אין די הענט מיר אַריינגעפאַלן נאָך אַנדערע לידער זיינע אויף די טעקסטן פון משה קולבאַק, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, ש. האַלקין. די לעצטע פאַר יאָר האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף זיינע קאָמפּאָזיציעס אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע", אויף די טעקסטן פון שיקע דריז, אהרן ווערגעליס און נאָך אַנדערע אידישע דיכטער: קאָמפּאָזיציעס פון אַ דורכ־אויס אידישן כאַראַקטער, אידישע מעלאָדיע, קנייטש און טעם.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז אַזעלכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס ווי לייב יאַמפּאָלסקי זיינען אַ גרויס געווינס פאַר דער אידישער נגינה און מוזיק. ער איז אויסגעקנאָטן מיט דער אידישער מעלאָדיע, קאָליר, טאָן און חן. דער פאַרמעסט וואָס איז די טאַלאַנטירטע גרופּע אידישע מוזיקער האָבן מיט זעכציק יאָר צוריק אָנגעהויבן אין דער צאַרישער פּעטערבורג מיט דער גרינדונג פון דער „געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק", ווערט פון אַזעלכע קאָמפּאָזיטאָרס ווי לייב יאַמפּאָלסקי פאַרגעזעצט אין שענסטן און פיינסטן זין — אַ באַרייכערונג פון דער אידישער נגינה און מוזיק, וואָס גיסט זיך צונויף מיט די שאַפערס פון דער אידישער נגינה און מוזיק דאָ ביי אונז אין אַמעריקע. די מי פון אַ יואל ענגעל, אַ שלמה ראָזאָווסקי, אַ יוסף אַחרון, אַ אַלעקסאַנדער קריין, מיכאַאיל גנעסין, לאַזאַר סאַמינסקי, זשיטאָמירסקי, קיסעלגאָף, שקליאַר, שאַליט, צייטלין. יעדער באַזונדער, וואָס האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער געהאָלפן צעמענטירן און פורעמען די אידישע נגינה און מוזיק אַרום דער פריער־דערמאָנטער געזעלשאַפט, ווערט פון אַזעלכע קאָמפּאָזיטאָרן ווי דער יובילאַר אין מאָסקווע, צוזאַמען מיט אַזעלכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן אין אַמעריקע ווי עס זיינען געווען אַ לעאָ ליאָוו, אַ יעקב שייפער, אַ מיכל געלבאַרט, אַ מאַקס העלפמאַן, אַ פנחס יאַסינאָווסקי, אַ סאָלאָמאָן גאָלוב, און די וואָס לעבן נאָך — אַ לאַזאַר וויינער, אַ וולאַדימיר חפץ און נאָך אַנדערע, האָבן ווייטער געשמידט און געפירט צו אַלץ העכערע דערגרייכונגען.

דער חשוב׳ער יובילאַר־קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי האָט מיט זיינע

שאַפונגען באַוויזן, אַז ער איז דורכאויס ראוי צו שאַפן אידישע מוזיק. ער איז אויסגעוויקט מיטן פאָלקישן מעלאָס, מיט דער מוזיקאַלישער ירושה פון אידישע דורות, וואָס שטעקט סיי אין דעם טראָפּ, סיי אין דעם פאָלקס־ליד, אין חסיד׳ישן ניגון, אין דער טאַנץ־מוזיק — אויסגעצייכנטע קאַנוועס פאַרן אידישן קונסט־ליד. — זיינע מעלאָדיעס לייגן זיך גוט אויפן אויער און ער באַלאַדט זיי ניט מיט קיין צו שווערע האַרמאָניזאַציעס; די באַגלייטונגען זיינען שכל׳דיקע און אַלעמאַל אין פּלאַץ. ער זוכט ניט קיין איבערגע־שפּיצטקייטן, נאָר דאָס פילנדיקע, דאָס זיך אַליין־אַריינזינגענדיקס, וואָס זאָל זיך וועלן גלוסטן צו הערן — און נאָכזינגען.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען ניט מער ווי אָנגעוואָרפענע שטריכן, אויבנאויפיקע באַמערקונגען און פאַרצייכענונגען, וועלכע וועלן אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט דינען דעם שרייבער פון די שורות פאַר אַן אַרבעט פון אַ ברייטערן פאַרמעסט, אָבער ביז וואָס־ווען, וויל איך דערווייל פון ווייטן ווינטשן מיין פיל־עלטערן און אומבאַקאַנטן קאָלעגע נאָך אַ סך פּרוכטיקע יאָרן. זאָל די אידישע מוזיק וואַקסן און בליען וואו זי זאָל ניט זיין — און צוזאַמען מיט דער מוזיק אַלע אירע שאַפער און טרעגער.

„אידישע קולטור״, דעצ. 1969, נ. י.

# איציק קיפּניס פון סלאָוועשנע

## (צו זיין פלוצלונגדיקן טויט)

ער איז געווען אַ „שם דבר״ אין אונזער שטעטל סלאָוועשנע, וואָלי־נער גובערניע. אַ יחיד־במינו הן מיט זיין כאַראַקטער און הן מיט זיין אויפפירונג. דערצו איז ער אויך געווען אַ שטיקל „טשודאַק״, פונקט ווי דער טאַטע זיינער, נחום דער האַרבאַר, אָדער דער אַמעריקאַנער פעטער זיינער, דער מולטי־מיליאָנער סעם קיפּניס, וועלכער וואוינט איצט אין מיאַמי, פלאָרידע. בלויז אין איין זאַך איז איציק נישט געווען גערואַטן אין זיין טאַטן: אין דער שטרענגקייט און אָנגעכמורעטקייט. אָבער אין אויסזען, אין דעם קאָליר פון פּנים, אין די אויגן, האָט ער אויסגעזען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ווי דער טאַטע.

אָבער וואָס איז שייך כאַראַקטער, אין דעם איז ער אינגאַנצן געווען געראָטן אין דער מאַמע זיינער, ליבקע, וועלכע איז געווען אַ ווייכע, אַ צאַרטע, אַ שטילע, און האָט ליב געהאַט מענטשן — אַלע מענטשן. אָרע־מעלייט האָבן געוואוסט, אַז ביי ליבקע׳ן כאַפּט מען אַריין דעם גרעסטן חלק. און אַזוי איז אויך געווען איציק׳ס שוועסטער, דינקע, די שפּעטערדיקע פּאָעטעסע, דינקע ליבקעס, אַזוי האָט זי זיך גע׳חתמ׳ט. זי איז געווען איינע פון די געשמאַקסטע און האַרציגסטע אידישע מיידלעך אין סלאָוועשנע. ווי פון איין שטיק געשניטן מיטן ברודער.

איציק, ווי נאָך אַנדערער סלאָוועשנער בחורים, האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע פּעריאָדן: אַט איז ער געווען שטאַרק פרום, און אַט איז ער גע־ווען ניט־פרום. אַט האָט ער זיך אין דער אַליקער קלויז געשאָקלט ביים דאַוונען ווי אַן אמת׳ער אַליקער חסיד, און אַט האָט מען אים ניט געזען אין קלויז פאַר וואָכן־לאַנג. אַט האָט ער זיך גע׳חבר׳ט מיט מיין שוועסטער־קינד, מיין מומע פערל׳ס זון, מאָטל, מיט משה׳קען דעם רב׳ס, מיט לייב׳לען ברוך אייזיק׳ס דעם שוחט׳ס, מיט בער׳לען ברוך דעם אינדיקס, און אַט מיט קיינעם פון זיי ניט. אַט האָט ער זיך געשאַרט צו מאַשען פּייגעס, און אַט צו כייטשיקן ברוך־אייזיק׳ס, און אַט מיטאַמאָל האָט ער זיך גענומען אַרומפירן מיט בוזי׳ן, מיט וועלכער ער האָט טאַקע חתונה געהאַט און גאַנץ סלאָוועשנע איז גע־גאַנגען אויף רעדלעך... דאָס איז טאַקע די זעלביקע בוזי, וועלכע ער האָט אַזוי שיין באַזונגען און געמאָלן אין זיין ערשטן בוך „חדשים און טעג״, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער גאָרער אידישער ליטעראַרישער וועלט. די דערשיינונג פון „חדשים און טעג״ האָט ווי אַ פריש פרילינג־ווינטעלע אַ בלאָז געטאָן מיט מיאַטנע ריחות — איינע פון די ערנסטע ביי־טראָגן צו דער אידישער ליטעראַטור אין די צוואַנציקער יאָרן.

אגב, אין רוסלאַנד גופא, וואו דאָס בוך איז דערשינען, האָט מען פון קיפּניס׳ן געשניטן פאַסן: ס׳איז קליין־שטעטלדיק, קליין־בירגערלעך, ניט־פּראָלעטאַריש, און וואָס ניט? ווי פּאַסט עס פאַר אַ סאָוועטישן אידישן שרייבער צו באַזינגען קליין־בירגערליכע דאָנערשטאָגס, פרייטאָגס, שבתים, שבת נאָכמיטאָגדיקע שפּאַצירן פון אינגלעך מיט מיידלעך אין די ליפּקעס, אין דער שיניצע, ביים וואַסער־מיל, שבת׳דיקע חלות און פּוטערקוכן, וואָס שמעקט מיט „פאַרשימלטער בורזשואַזיע״?

אָבער די לייענער, סיי אין רוסלאַנד גופא און סיי אין אויסלאַנד, האָבן

זיך פּאַסמאַקעוועט מיטן בוך „חדשים און טעג", ווי מיט אַ גוטן היימישן מאכל, ווי מיט פּסח׳דיקן ווייַן, ווי מיט שטיקער היימישן טאָרט, שבת־יום־טוב׳דיקע חלות, און דער מאַמע׳ס פּוטערקיכלעך...

אידישע ליטעראַטור־קריטיקער פון אומעטום, אין פּוילן, אין אַמעריקע, אין אַרגענטינע, ווי: ש. ניגער, יעקב באַטאַשאַנסקי, נחמן מייזעל אין די „ליטעראַרישע בלעטער", און אויך ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטור־קריטיקער, ווי משה נאַדיר, דוד בערגעלסאָן, ב.צ. גאָלדבערג און נאָך אַנדערע האָבן נישט געקאַרגט קיין לויב־געזאַנג דעם בוך „חדשים און טעג" און זיין מחבר. דוד בערגעלסאָן האָט געשריבן, אין דעם זעלביקן גוסט האָט אויך געשריבן ש. ניגער, אַז איציק קיפּניס איז אַ יורש פון „שלום עליכם".

אגב, דאָ ניט־לאַנג צוריק איז אין ישראל אַרויס אַ נייע אויסגאַבע פון „חדשים און טעג", און פאַרדינט בפירוש אַ ספּעציעלן אַרטיקל, פּונקט ווי זיינע צוויי ביכער, וועלכע זיינען אויך דערשינען אין ישראל, „סלאַוועשנע", אָבער דאָס דאַרף מען איבערלאָזן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט.

איך דערמאָן זיך, אַז ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָב איך דערהאַלטן פון קיפּניס׳ן אַ קאַרטל (ער האָט ליב געהאַט צו שרייבן קאַרטלעך!), אין וועלכן ער האָט מיך געבעטן אַז איך זאָל אים צושיקן אַ תנ"ך און אַ סידור אין אַ רוסישער איבערזעצונג — „וגם", שרייבט ער ווייטער, „עפּעס פון פראַנץ קאַפקאַ און א. לוצקי".

אַז ער איז נאָך זיין אַרעסטירונג און פאַרשיקונג אין אַן אַרבעט־לאַגער ערגעץ אין סיביר, געוואָרן צוריק פרום, דאָס האָט ער מיר געזאָגט ווען איך בין אין 1963 געווען אין קיעוו באַזוכן מיין משפחה. ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט באַהאַלטן מיט זיין „באַנייטער" פרומקייט, און אויך ניט מיט זיין וואַרעמקייט צו ישראל און צו אידישער טראַדיציע...

אויבנאָן פון זיינע קאַרטלעך פלעגט ער קיינמאָל ניט שרייבן דעם וועלטליכן דאַטום, נאָר אַלעמאָל דעם „אַלטמאָדישן" אידישן דאַטום, דהיינו: „יום ד׳, פּרשה וישלח, תשל"ד". נחמן מייזעל האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ער טוט עס אויף להכעיס זיינע מושלים...

איך גלויב נישט, אַז ער איז געווען אַ להכעיס׳ניק, אָט דאָס איז ער געווען און שוין. איך מיין, אַז איך האָב אים גוט געקענט: ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פּחדן, קיין איבערגעשראָקענער און קיין ליגנער. ווען מ׳האָט אים אין דער צייט פון די אַרעסטירונגען פון אידישע שרייבער אין

סאָוועט רוסלאַנד אַרעסטירט און געשטעלט צום משפט, און אויסהערנדיק דעם לאַנגן צעטל מיט די שווערע „פאַרברעכנס״, וואָס דער פּראָקוראָר האָט פאַר אים געלייענט, האָט ער, קיפּניס, געזאָגט צום „אינקוויזיטאָר״, אַז ער וויל צוגעבן נאָך עטלעכע שווערע „פאַרברעכנס״, וואָס ער איז באַגאַנגען און ער ווייסט ניט דערפון. דער פּראָקוראָר איז געבליבן זיצן, ווי מ׳וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט אַן אייז־קאַלטן עמער וואַסער, און האָט מיט באַנומענע קולות געמומען שרייען: „פירט אים אַרויס, ער איז אַ משוגע׳נער״! עס איז געווען אַן אָפענער חוזק מצד קיפּניס׳ן געשליידערט אין פּנים אַריין דעם סאָוועטישן פּראָקוראָר...

מ׳דאַרף האָבן אַ סך מוט און אַ ספּעציעלן כוח, ווען מ׳שטייט פאַר אַ תליון אַזוי צו רעדן, אָבער איציק קיפּניס האָט עס געהאַט. דער פריער דער־מאָנטער בוך זיינער „חדשים און טעג״ איז געווען אַן אָנזאָג, אַז ער וועט זיך ניט בויגן און קניען פאַר קיינעם ניט, אַז ער וועט ניט שרייבן „פּאָ־זאַקאַזו״, נאָר גענוי אַזוי ווי ער פילט און וויל, אַפילו ווען מ׳וועט אים ניט דרוקן און ניט אַרויסגעבן זיינע ביכער — און אַזוי איז עס טאַקע אַ לאַנגע צייט געווען.

ער איז אַרומגעגאַנגען, האָט ער מיר דערציילט, איבער די קיעווער הויפן האַקן האָלץ, אַרויפטראָגן גרויסע עמער וואַסער, אָבער ער האָט ניט געשריבן ווי „זיי״ האָבן געוואָלט, נאָר דורכאויס ווי ער האָט געוואָלט. פעפער אין קיעוו און בראָנשטיין אין מינסק האָבן אים ניט געקענט „ברעכן״, ער איז פאַר זיי געווען אַ צו האַרטער ביסן, אַ צו גרויסער „עקשן״...

ווען עס האָבן זיך אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע״ גענומען דרוקן קאַפּיטלען פון די פריער־דערמאָנטע צוויי בענד „סלאָוועשנע״, האָט מיר דר. א. שולמאַן געזאָגט: „ירדני, מען דאַרף זען אַז די דאָזיקע אינטע־רעסאַנטע באַשרייבונגען זאָלן קריגן אַ תיקון צווישן טאָוולען אומ־באַדינגט״. קיפּניס׳עס משפּחה אין קאַנאַדע, פריינט און לאַנדסלייט אין אַמעריקע, האָבן געזען אַז די באַשרייבונגען פון סלאָוועשנע זאָלן ניט בלייבן ליגן אויף די שפּאַלטן פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע״, וואו זיי האָבן זיך געדרוקט, ווייל דאָס איז ניט בלויז אַ „ביאָגראַפיע״ פון אַ שטעטעלע אין וואָלינער גובערניע מיט׳ן נאָמען „סלאָוועשנע״, נאָר אַ קרישטאָל־לויטערער שפּיגל פון אַ אידיש שטעטל מיט אַן אייגנאַרטיקן פּנים, שטייגער און איינ־געוואָרצלטקייט, שטריכן און פאַרבן, ווי נאָר ער אַליין, איציק קיפּניס, האָט געקענט שרייבן.

איציק קיפּניס איז פון סלאָוועשנע קיינמאָל ניט אַוועק, כאָטש ער האָט זינט די אַנהויב צוואַנציקער יאָרן געלעבט אין קיעוו. זיינע וואָרצלען זיינען געווען און געבליבן אין סלאָוועשנע — און מיט סלאָוועשנע. אָט דאָס קליינע פּאָסאָלקע־שטעטעלע, אַרומגערינגלט מיט אַ דריי־עקיקן געדיכטן וואַלד, און פון דער אַנדערער זייט מיט רייכע פעלדער תבואות און פול מיט סעדער און גערטנער, האָט אים געשפּייזט און געגעבן אינספּיראַציע, לעבן, אַ תיקון. ער איז געווען דורכגענומען מיט דער גרינער שיניצע, מיט די ליפּקעס, מיט פּאָדאָלסקי׳ס וואַסער־מיל, מיט׳ן אָזיראָ, מיט דער דאָלינע, וואו עס איז געלאָפן דער גרינער טייך, מיט דער סאַזשאַלקע, מיט דער גרעבליע, מיטן בית־מדרש און קלויזן, חדרים, מיט דער רויטער באַלניצע, מיט דער גרינער שקאָלע, מיטן אָפּגעקראָכענעם וואַלאָסט, מיטן מאַרק, וואו ס׳איז געשטאַנען אינמיטן דער קלויסטער, מיט די גבירים און אָרעמעלייט, למדנים און פּראָס־טאָקעס, מלמדים און בעל־מלאכות, מיט די האַרבאַרניעס און שמאַטע־קלייבער פון דער וואָלאָכייסקער געסל, שוסטער און שניידער, הענדלער און שטעקל־דרייערס, שטוב־זיצערס און לופט־כאַפּערס, וואַזאַקעס און לייכטע פאַרדינסטלעך־זוכער, פעטע רווחים און גראָשנדיקע ביינדלעך־אָפּלעקער. דאָס איז די וועלט, די סביבה, וואָס איציק קיפּניס האָט אין זיך איינגעזאַפּט און אַרויסגעזאַפּט אין זיינע דערציילונגען און ביכער.

מיט צוויי נעמען פלעגט מען אים רופן: אַמאָל איציק נחום דעם האַרבאַרס, און אַמאָל איציק ליבקעס. די מאַמע זיינע איז אַלעמאָל געווען אויף זיין זייט, ווען ער האָט געהאַלטן ביי חתונה האָבן מיט בוזי׳ן און דער טאַטע זיינער איז שטאַרק ניט געווען צופרידן מיטן שידוך. עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען דער „יחוס", איז די מאַמע געווען די ערשטע צו געבן איר הסכמה.

אַוודאַי בין איך צופרידן פון דעם וואָס מיין חשוב׳ער בן־עיר אין זיינע דערמאָנטע צוויי בענד „סלאָוועשנע", דערמאָנט מיין מאַמען מיטן טאַטען. איציק האָט שטאַרק ליב געהאַט מיין טאַטן פאַר זיין גמרא־קענטעניש און מנגנ׳ישקייט. איך פלעג זיי אָפטביידן זען שמועסן — אין דער אָליקער קלויז אָדער אויף דער גאַס.

מיין אייגענע נאָענטקייט צו איציק׳ן איז געווען אַ ריין „מוזיקאַלישע". שפּילן פידל האָבן אויך געקענט משה׳קע דעם רב׳ס און לייבל ברוך־אייזיק דעם שוחט׳ס, אָבער ער האָט מיך געצויגן מער ווי די אַנדערע. איך פלעג,

זומער־צייט, שטיין גאַנצע שעה׳ן ביי די אָפענע פענסטער פון נחום דעם האַרבאַר׳ס דירה אויף דער גרינער שיניצע און זיך צוהערן ווי איציק שפּילט פּידל. די נעמען פון די קאָמפּאָזיציעס און זייערע פאַרפאַסערס האָב איך שפּעטער ערשט אויסגעפונען — צווישן זיי: די „העברעאישע מעלאָדיע״ פון יוסף אחרון, מאַרק וואַרשאַווסקי׳ס מאָטיוו פון „אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל״, גאָלדפאַדען׳ס „אין בית־המקדש״ — איך בין פון זיי געווען אינגאַנצן פאַר׳כישופ׳ט...

אגב, וועגן דעם האָבן מיר, איציק און איך, אַ סך געשמועסט בעת אונזער זיך זען אין קיעוו. ער האָט מיך געהאַלטן אין איין בעטן, אַז איך זאָל פאַר אים זינגען — און דווקא ניט קיין לידער, נאָר דורכאויס תפילות: „דו ווייסט גאָרניט, מאָטעלע, וואָס פאַר אַ נחת דיינע חזנ׳ישע פלאָטן פאַרשאַפן מיר. לידער הער איך דאָ פון אַלעקסאַנדראָוויטש׳ן, פון נחמה ליפשיץ, אָבער חזנ׳ישע תפילות הערט מען ביי אונז ווינציג. אַנומעלטן האָט מיר מיין פריינט בוראָק פון לענינגראַד, אייער אַמעריקאַנער סאָל יוראָק׳ס ברודער, צוגעשיקט אַן אַלטע אָפּגעריבענע פלאַסטינקע פון חזן סיראָטאַ, בין איך זיך פשוט מיט אים מחיה.

דערמאָנענדיק יוראָק׳ס ברודער האָט מיר קיפניס דערציילט, אַז ער, דער ברודער, האָט מיר איינמאָל געשיקט אַ לענגערן בריוו, געשריבן אין העברעאיש, אין וועלכן ער האָט געהאַט דערציילט, אַז ער האָט געלערנט אין גאָמעל, אָדער האָמלע, ביי הלל צייטלין ז״ל, און איך האָב אויף דעם בריוו ניט געענטפערט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ פאַרזען מצד מיין ווייניגקייט און דער ענין האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן.

און אָט האָב איך זיך ווידער געקליבן פאָרן קיין רוסלאַנד זען מיין משפחה — און אויך מיט איציק׳ן. נו, איז דער טויט מיר פאַרלאָפן דעם וועג און — נישטאָ מער איציק קיפניס! אַ גרויסער שאָד! 78 יאָר איז טאַקע שוין באַלד אַ שיינער עלטער, אָבער ניט פאַר מיין איציק׳ן פון סלאָוועשנע! ער האָט נאָך געקענט — און געדאַרפט לעבן!

„אלגעמיינער זשורנאַל״, מאַי 24, 1974, נ.י.

# אויף אַ ליטעראַרישער טעמע

וועגן דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע היינט צו טאָג איז שווער צו ריידן. עס איז שווער אַרויסצוקומען מיטן אמת אויף דעם שטייגער, ווי עס האָבן געטאָן אַמאָל: צוערשט די „יונגע״ און דערנאָך די „אינזיכיסטן״. מ׳איז דעמאָלט אויך באַפאַלן פאַרן אמת זאָגן, סיי די „יונגע״ און סיי די „אינזיכיסטן״, אָבער עס זיינען דעמאָלט אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַר זיי. היינט אָבער, אַז איינער, (ווייל קיין גרופעס ווי אַמאָל זיינען ניטאָ), וואָגט אַרויסצוקומען מיט אַן אמת׳דיק וואָרט, מיט זאָגן אַז „דער קעניג גייט נאַקעט״, איז ניט פאַראַן ווער עס זאָל זיך פאַר אים אָננעמען. מיר לעבן איצט אין אַ שאַ־שטיל צייט...

אַ חוץ דעם שאַ־שאַ־טאַנץ, וואָס כמעט אַלע, מיט זייער ווייניק אויס־נאַמען, טאַנצן מיט, ווערט די איצטיקע אידישע ליטעראַטור וואָס ווערט געשאַפן אין אַמעריקע אויך באַהערשט פון אַזעלכע גוזמאות, כפול־שמונה׳־דיקע פאַרהייליקייטן, און פון אַזאַ איבערטריבענער ראָמאַנטיק, וואָס קערט ממש אויף ברעכן ... אמת׳ע גאָט־ליבהאָבער, און אמת׳ע רעליגיעזע מענטשן, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן פון שרייבן, רעדן אַ סך ווייניקער פון גאָט און רעליגיע, ווי די, ביי וועמען גאָט און רעליגיע איז ניט מער ווי ליטעראַטור.

וואָס איר זאָלט ניט נעמען אין דער האַנט אַריין לייענען איצט, פּאָעזיע אָדער פּראָזע, פּובליציסטיק צי זשורנאַליסטיק, אַ דעראינערונג אָדער אַן עסיי, איז סיי פונעם אינהאַלט, סיי פונעם לשון, און סיי פונעם סטיל, טריפט אַזאַ בוימל, אַזאַ איבערטריבענע פאַרגלאַצקייט, וואָס לייגט זיך שוידערלעך שווער אויפן געמיט. די לאַקעריצדיקייט גייט אַריבער אַלע ברעגעס, אַזאַ פאַרערלעכונג פון זאַכן, וועלכע האָבן קיינמאָל אין דער ווירקלעכקייט ניט עקזיסטירט, געפינט מען ניט אין קיין שום ליטעראַטור...

אויך ביי אונז איז געווען אַמאָל אַ צייט, ווען די אידישע ליטעראַטור האָט אויף אַן אמת׳ן טאַקע אָפּגעשפּיגלט דאָס אידישע לעבן, די גרויסע שטאָט און דאָס קליינע שטעטל, דעם למדן און דעם עם־הארץ, דעם גביר און דעם קבצן, דעם שניידער און דעם שוסטער, דעם סוחר און דעם שטעקל־דרייער, דעם בלוט־זויגער און דעם האָרעפּעשניק, דעם בעל־טאַקסע, די פאַרשידענע קהל׳שע קליאַמקעס, און די ברייטע פאָלקס־מאַסן,

דעם אידעאַליסט און דעם קאַריעריסט, דעם גריבלער און דעם פעלשער און גנאַרניק, דעם עניו און דעם אַלץ־ווייסער, דעם איידל־מאַן און דעם גראָבן־יונג, דעם באַשיידענעם און צוריק־געהאַלטענעם, דעם עזות־פּנים און שייגאַץ — קורץ, איר האָט געלייענט און געזען פאַר זיך גאַנצע קאַפּיטלעך אידיש לעבן.

מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, שפּעטער אַש, רייזן, נאָמבערג, בערגל־סאָן, יונה ראָזנפעלד און זייער גלייכן, האָבן ניט געפעלשט, האָבן קיין זאַך ניט באַהאַלטן פונעם לייענער, זיי האָבן געמאָלן די גוטע און די שלעכטע זייטן פונעם אידישן לעבן און פונעם אידישן מענטשן, דער קאָליר פון ליכט און שאָטן האָט געגלאַנצט פון יעדער דערציילונג, פון יעדער ליד און פון יעדן ראָמאַן זייערן. זיי זענען אַלע געווען גרויסע מנגנים אין זייער שרייבן און האָבן געפילט און פאַרשטאַנען דעם ווערט פון טאָן־אַרטן אין דער ליטע־ראַטור — אַזוי גוט ווי אין דער מוזיק. איר האָט געפילט די עכטקייט פון זייער וואָרט, דעם אמת פון זייער קלאַנג און די אויפריכטיקייט פון זייער גאַנצן געמעל. דער לייענער האָט געגלויבט דעם שרייבער און איז פון אים געוואָרן באַווירקט — צום בעסערן פאַרשטייט זיך.

תחילת דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, איז עס אויך געווען אַזוי מיט דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, די ערשטע בויער און שאַפער פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, האָבן ניט מורא געהאַט אָנצואווייזן אין לידער און אין פּראָזע, פון דער פּובליציסטיק און זשורנאַליסטיק איז אָפּגע־רעדט, די און יענע זייט פונעם אידישן לעבן אויפן נייעם באָדן, וואָס האָט געהאָלפן אויסבעסערן און פאַריכטן, דערציען און דערהויבן, באַקעמפן דאָס שלעכטסקייט צווישן אַנדערע, די שווידערלעכע עקספּלואַטאַציע וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די אַמאָליקע „סוועט שעפּער“; געהאָלפן אין דער גרינדונג פון די אידישע יוניאָנס, ספּעציעל אין דער נאָדל אינדוסטריע, אין קולטי־ווירן אַ בעסערן אידישן לייענער, אין אויספיינערן דעם געשמאַק, אין אויס־קריסטאַליזירן דעם און יענעם אידעאַל; אין דער שטרעבונג צו אַ העכערן און שענערן לעבן, צו סאָציאַלער פאַרבעסערונג, צו אַ העכערער מאָראַל, צו נאַציאָנאַלער ווערדע און דער דערקענונג פון טראַדיציאָנעלע און קולטו־רעלע ווערטן.

עס זיינען געווען אין אַמעריקע אידישע טאָג־צייטונגען, זשורנאַלן, וועכנטלעכע און חודש׳לעכע, שרייבער, פּאָעטן, עסעיאיסטן, דערציילער,

ראָמאַניסטן, פּובליציסטן און זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן פּאָרטראַטן באַזונדערע שטאַנדפּונקטן און אידעאָלאָגיעס, שטרעבונגען און שטרעמונגען, פֿאַר וועלכן יעדער איינער האָט געקעמפּט מיט ציין און נעגל. דער „מאָרגן זשורנאַל" האָט געהאַט זיין פּנים; דאָס „אידישעס טאַגעבלאַט" האָט געהאַט איר פּנים; דער „פֿאָרווערטס" זיין פּנים; די „וואָרהייט" איר פּנים; דער „טאָג" ווידער זיין פּנים — און אַזוי אויך די שרייבער וואָס האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט: און אַזוי אויך די ביכער מיט לידער, דערציילונגען און ראָמאַנען, וועלכע זיינען דעמאָלט דערשינען.

איצט אָבער, סיי די גאַנצע אידישע טאָג־פּרעסע אין אַמעריקע, סיי כמעט אַלע זשורנאַלן און ביכער וועלכע גייען אַרויס אין אַמעריקע, און סיי כמעט אַלע אידישע שרייבער אין אַמעריקע — אַלע זינגען איין לידל, אַלע האָבן זיי איין פּנים און איין נוסח! קיינער וויל גאָרניט, קיינער דאַרף גאָרניט, מ׳האָט שוין אַלצדינג אויסגעקעמפּט, אויסגעבעסערט, אַרויסגעהויבן און דערהויבן, אויסגעגלעט און אויסגעפּיינערט, כאַטש נעם און גיי אַ טענצל...

פֿון די איצטיקע לידער טריפֿט גאַלער שמאַלץ מיט בוימל; פֿון די איצטיקע דערציילונגען און ראָמאַנען קאַפּעט גאַלער האָניק און סאָק, און פֿון דער איצטיקער עסייאיסטיק, פּובליציסטיק און זשורנאַליסטיק רינט אייך מעד און לאַקעריץ ממש גלייך אין מויל אַריין... אָנשטאָט זיך אָפּצוגעבן מיט מאָלן דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, וואו דער גרעסטער טייל פֿון אונזער פֿאָלק לעבט היינט, גייט מען אים פֿאַרביי; העכסטנס קומט מען אָפּ מיט פֿאָרעווע שרייבעכצן — און גאָר מייסטנס מיט איבערטריבענע לויב־געזאַנגען, מיט באַצאָלטער פּובליסיטי, מיט אַן אויג אויף צו קריגן אַן „עליה" אין דער אָדער יענער באַוועגונג, אָרגאַניזאַציע, אינסטיטוציע, מצה־פֿירמע, בוימל־פֿירמע, טשאָקאָלאַד־פֿירמע; און דעם גאַנצן שרייבערישן „דאַברי־מזל" טוט מען אַריין און מ׳פֿאַרווענדט אין גוזמאות און ראָמאַנטיק וועגן דעם אַמאָליקן אידישן שטעטל, וועגן דעם פֿאַרגאַנגענעם אידישן לעבן, היימישע חדרים, מקוה׳ס, לאַנג־פֿאַרשטאָרבענע צדיקים, רביים, אמת׳ע און אויסגעטראַכטע; וועגן דעם משיח און יענעם משיח; וועגן דער גרויסקייט פֿון שבת וואָס אַליין האַלט מען ניט און עס פּאַסירט אויך, אַז דער מחבר פֿונם לויב־געזאַנג וועגן שבת, שרייבט זיין אַרטיקל דוקא אום שבת (אַ, מיר ווייסן זייער גוט פֿון אַזעלכע שרייבער); וועגן ר׳ עקיבא׳ן, וועגן איוב׳ן,

גלייך ווי זיי וואָלטן געווען עפּעס גאַנץ נייע פיגורן אין דער אידישער געשיכטע; דער ספר איוב אַליין איז ניט גענוג, גייט מען אים ערשט אַנדעקן פאַר אונז; דאָס זעלביקע איז אויך מיט ר׳ עקיבא׳ן און מיט נאָך אַנדערע; איינער ווידער זיצט איצט אין לאָנדאָן און שרייבט אַ „ראָמאַן״ וועגן ישעיה׳ן, גלייך ווי דער ספר ישעיה אַליין איז ניט גענוג פאַר אונז, און נאָך און נאָך...

געוויס איז דער אַמאָל זייער וויכטיק, ווער לייקענט עס דען אָפּ? אָבער קען דען געמאָלט זיין אַ נעכטן אָן אַ היינט? צי ווייסן דען ניט די דאָזיקע שרייבער, אַז דער היינט און דער מאָרגן און דער איבערמאָרגן, זיינען פּונקט אַזוי וויכטיק ווי דער אַמאָל! צי קען מען טאַקע גלאַט אַזוי פאַרבייגיין דעם פינף מיליאָניקן אַמעריקאַנער אידישן לעבן? מיר דאַכט זיך, אַז וועגן דעם אידישן לעבן אין אַזעלכע שטעט און שטעטלעך פון אַמעריקע, ווי: סאַ־וואַנאַ, דזשאָרדזשיא, גערי, אינדיאַנאַ, פלינט, מישיגן, ראַסין, וויסקאָנסין, סקרענטאָן, פענסילווייניע, סאַקראַמענטאָ, קאַליפאָרניע, וואָטערבערי, קאָנעקטיקעט, ספּרינגפילד, אילינאָיס, וואָוסטער, און נאָך און נאָך — שוין ניט רעדנדיק פון אַזעלכע גרויסע שטעט מיט הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען, האַלבע־מיליאָנען און פערטל־מיליאָנען אידן, ווי: ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס, פילאַדעלפיע, דעטראָיט, באָסטאָן, באַלטימאָר, סאַן־פראַנציסקאָ, ניו־אָרלינס, פּיטסבורג, קליוולאַנד און אַ סך אַנדערע קען מען פּונקט אַזוי שאַפן ווערק, ווי וועגן ווילנע, וואַרשע, אָדעס, קאָוונע, מאָלין, טשערנאָביל, זשיטאָמיר, קאָצק, וויטעבסק, גראָדנע, לאָדזש און ביאַליסטאָק אָדער קיעוו!

אמת, די סביבה אין די דערמאָנטע אַמעריקאַנער שטעט און שטעטלעך איז אַ גאַנץ אַנדערע; אָבער — ערשט דאָס איז וויכטיק! פאַרוואָס זאָל אָט די סביבה פאַרלאָרן גיין פון אונזער ליטעראַטור? גוט צי שלעכט, אַ טויטע צי אַ קאָלירפולע סביבה, אָבער זי איז אונזער סביבה, און זי דאַרף קינסטלעריש און אויפריכטיק באַלויכטן ווערן פון אַלע זייטן און פאַרנעמען אַן אָרט אין אונזער ליטעראַטור — בפרט אַז אָט די סביבה שטעלט מיט זיך איצט פאָר דעם גרעסטן טייל פון אונזער פאָלק?

נו, איך ווייס אין פאָרויס, אַז איך וועל מיט מיין איצטיקן אַרטיקל זיך אויסריכטן דעם אמת׳ן „מפטיר־יונה״, ווייל ווי שוין געזאָגט: אַמאָל איז אין אַמעריקע געווען ווער עס זאָל זיך אָננעמען סיי פאַר די „יונגע״ און סיי פאַר

די „אינזיכיסטן" פאַר זאָגן דעם אמת אין פּנים אַריין: היינט אָבער איז אין אַמעריקע ניטאָ קיינער ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר איינעם, וואָס וואָגט צו זאָגן דעם אמת אין פּנים אַריין. ניט בלויז האָט מען אַזאַ איינעם ניט ליב, נאָר מ׳פאַרשליסט פאַר אים אַלע טירן...

דער פּרייז, וואָס אַזאַ איינער באַצאָלט איז אַ גאָר טייערער — ניט בלויז מיט ניט האָבן וואו צו דרוקן זיך, נאָר גאַנץ אָפט אויך מיט פּרנסה... אָבער פאַר זאָגן דעם אמת איז קיין שום זאַך ניט צו טייער — אַזוי האַלט דער שרייבער פון די שורות, וואָס רופט זיך: מרדכי בן חיים אברהם הלוי, המכונה מרדכי ירדני.

„די שטימע", מערץ 18, 1954, מעקסיקאָ

# די וואַן גאָג אויסשטעלונג

אין טריבע מאָמענטן, ווען דער געמיט איז שווער, איז נישט פאַראַן קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווי זיך צו פאַרטיפן אין לייענען, הערן מוזיק, שפּאַצירן אין פּאַרק, באַזוכן מוזעאומס, גיין צו אויסשטעלונגען, דערקוויקן דאָס אויג מיט פאַרבן פון פאַרשידענע מאָלערס, גיין אין טעאַטער, מואוויס, עטצעטרא. דאָס זיינען זאַכן וואָס דערהויבן און הויבן אַרויס דעם מענטשן, וואָס האָט אַ נשמה און אַ חוש פאַר דאָס עסטעטישע און וואָס זוכט כסדר צו דערפרישן און באַפרישן זיך מיט נייע געדאַנקען, נייע אידייעס און טראַכטונגען.

דער ערשטער פון ווען איך האָב דערפילט דעם טעם פון מאָלעריי, איז געווען רעמבראַנדט מיט זיין „אידישע כלה" און „דער ראַבאַי". און דער ערשטער פון ווען איך האָב דערפילט דעם טעם פון סקולפּטור, איז געווען נחום אַראָנסאָן מיט זיין „בעטהאָווען" און „טאָלסטאָי". זינט דעמאָלט לאָז איך זעלטן דורך אַן אויסשטעלונג און איך בין געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער פון קונסט־מוזעאומס. צווישן מיינע באַליבטסטע מאָלערס גייט אויך אַריין וואַן גאָג, צו וועמען איך פיל ממש אַ נאָענטקייט. ווייל ניט נאָר רעדט ער צו מיר, נאָר ער זינגט צו מיר.

די וואַן גאָג אויסשטעלונג, וואָס קומט איצט פאָר אינם מעטראָפּאָליטן

מוזעאום פון קונסט אין ניו־יאָרק, איז איינע פון די גאָר אינטערעסאַנסטע און פאַרכאַפּענדיקסטע, ווייל וואַן גאָג איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער מאָלער, נאָר אויך אַ גרויסער מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס האַרץ און אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשנס ליידן.

גרויסע קינסטלער זיינען פאַראַן אַ סך, אָבער קינסטלער גרויסע מענטשן, וועלכע זיינען גרייט מקריב צו זיין פאַר יענעם, אַזוינע זיינען פאַראַן ווייניק. און אַזוי ווי איך געהער צו די, וואָס טיילן ניט אָפּ דעם קינסטלער פון זיינע ווערק, איז די גרויסקיט פון אַ וואַן גאָג און זיינס גלייכן, נאָך מערער אָנגעלייגט ביי מיר.

עס איז געוואָרן זעכציק יאָר, זינט וואַן גאָג האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין אייגן לעבן, וואָס איז געווען איין שטיק טראַגעדיע. אָבער אין זיינע מאָלע־רייען פילט איר נישט קיין סימן פון פאַרביטערונג. ליכטיקע, פריידיקע קאָלירן באַהערשן כמעט אַלע זיינע בילדער — אפילו די, וואו ער שטעלט אַרויס די אָרעמקייט אין איר פולער נאַקעטקייט. וואָרום פון דער אָרעמקייט זיינער שיינט ביי אים אַרויס אַ יום־טוב׳דיקייט, דורכגעוועבט מיט ליכטיקע האָפענונגען, מיט אַן אינערלעכן פייער, וואָס גליט אין די וואַרעמע הערצער פון די אָרעמע „קאַרטאָפליעס־עסער״ און „קאַרטאָפליעס־קלייבער״.

אין זיינע אָנפאַנג־יאָרן איז וואַן גאָג געווען באַווירקט פון רעמבראַנדטן און אַנדערע גרויסע מאָלערס, אָבער שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו גיין זיין אייגענעם וועג און איז דערגאַנגען ביז צו די טיפסטע סודות פון מישן פאַרבן און קאָלירן, וועלכע זאָלן ניט בלויז רעדן צו אייך, נאָר אויך זינגען צו אייך, ווי מאָצאַרט׳ס אָדער בעטהאָווענ׳ס אַ סימפאָניע.

וואַן גאָג׳ס פאַרבן און קאָלירן פאַרמאָגן אין זיך דעם געזאַנג פון מאָצאַרט׳ן און דעם שטורם און דראַנג פון בעטהאָווענ׳ען. ריינער, צאַרטער ליריזם געמישט מיט צער און צאָרן און דראַמאַטישן פּראָטעסט. איר קענט ממש אָנטאַפּן מיט די פינגער זיינע פאַרבן און ליניעס, וועלכע זיינען אָנגע־טאָן אין פלייש און בלוט. דועטן און פוגעס, ריינע מעלאָדיע און קאָנטראַ־פונקט רעדן זיך דורך, מישן זיך איינער אין אַנדערן, פורעמען זיך אין באַהעפטונג און דערגייען ביי אים צו אַן אחד.

דאָס געזאַנג פון זיינע פאַרשידענע גערטנער, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו מאָלן, קלינגט אָפּ און שימערירט, ווי די שטערן ביינאַכט אויף אַ טראָפּישן הימל. און דער ריח פון זיינע פעלדער גייט אויף פאַר אייך מיט אַ

פרישקייט פון פריש־געקאָסעטן היי. און פון זיינע ציפּרוס־ביימער טראָגט זיך אַ ציטער, ווי פון פרישע לייבעלעך פון ניי־געבוירענע קינדערלעך. און זיינע זונען קוועלן מיט מענטשלעכע אָטעמס. און זיינע פישער און וועבער און זעלבסטפּאָרטרעטן רעדן מיט דורותדיקע לעבנס.

וואַן גאָג, ווי רעמבראַנדט, האָט מער פון אַלץ ליב געהאַט מענטשן און די נאַטור. ביידע זיינען צוגעגאַנגען סיי צום מענטשן און סיי צו דער נאַטור מיט די העכסטע רעליגיעזע געפילן. וואָרים ביידע זיינען געווען שטאַרקע רעליגיעזע נאַטורן און האָבן געזוכט דעם וועג צו דער גאָטהייט דורך אַלערליי שליאַכן.

וואַן גאָג איז אפילו גרייט געווען אינגאַנצן זיך צו פאַרבינדן מיט רעליגיע: ער האָט געוואָלט ווערן אַ גלח. אָבער ווען ער איז געקומען נעענטער אין באַרירונג מיט די, וואָס פּראַקטיצירן רעליגיע, מיט זייערע מעטאָדן, רעדן אין איר נאָמען און אין נאָמען פון דער גאָטהייט, האָט ער זיך אָפּגעקערט...

ער האָט געגומען זוכן רעליגיע ערגעץ אַנדערש־וואו און ער האָט זי געפונען אין זיין אַרבעט, וואָס ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט ברענגען ליכט און האָפענונג דער מענטשהייט. מענטשן וועלן זיך אויסלערנען ווי אַזוי צו לעבן, ווי אַזוי צו ליבן און ווי אַזוי צו בויען אַ וועלט צוזאַמען.

דערווייל האָבן מענטשן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט אָט־די אַלע זאַכן, אָבער די האָפענונג אין וואַן גאָג׳ס בילדער לעבט, וועקט און רופט צו דער דאָזיקער נביא׳ישער פאַרווירקלעכונג.

מענטשן דאַרפן גיין צו דער וואַן גאָג אויסשטעלונג ניט נאָר צוליב זעטיקן דאָס אויג, נאָר צו באַקענען זיך מיט זיין טראַגישן לעבן, פון וועלכן מ׳קען זייער אַ סך לערנען. אין איין פאַלד פון זיינס אַ בילד ליגט באַהאַלטן מער ליבשאַפט, ווי אין טויזנטער ביכער. אין ליכט פון זיינע בילדער ווערן אַלע רשעים צעגאַנגען, ווי שניי אַנטקעגן דער זון...

וואַן גאָג האָט דער עיקר געמאָלן זיין געבורט־לאַנד האָלאַנד און פראַנקרייך, אָבער די גוטסקייט, די ערלעכקייט און די פרידלעכקייט וואָס ער האָט פאַרקערפּערט אינם האָלענדישן „זייער״, קען אָנשטעקן מיליאָנען „זייערס״ פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און סתם מענטשן.

און ווער קען אָפּמעסטן די גוטסקייט, די ערלעכקייט און די פרידלעכ־קייט, וואָס וואַן גאָג האָט אַריינגעוועבט אינעם „וועבער״ און אין „דאָרפס־

דאָקטער״? אָדער די תמימות, וואָס ער האָט אַריינגעזונגען אין זיין אייגענעם באַשיידענעם אָרעמען „שלאָף־חדר״? בלויז אָט־די דריי בילדער אַליין זיינען גענוג אויף ווייך צו מאַכן אייער האַרץ.

זיבן־און־דרייסיק יאָר איז וואָן גאָג אַלט געווען, ווען ער האָט מיט אַ שאָס פון אַ קויל אונטערגעשניטן זיין אייגן לעבן. צו זיינע ליידן און אַנטוי־שונגען איז גאָר ניט געווען קיין ברעג. עס איז אים ניט געגאַנגען אין אַ סך זאַכן, אָבער ווייניקער ווי אין אַלץ איז אים געגאַנגען אין ליבע. ער האָט ממש געלעכצט נאָך אַ פרוי, וואָס זאָל אים ליב האָבן, גלעטן און וואַרעמען.

יעדעס מאָל וואָס ער פלעגט זיך פאַרליבן, איז עס געווען אין אַ פרוי, וואָס האָט אים צום ווינציקסטנס פאַרשטאַנען. דער אָרעמער דאָרפס־אינגל האָט ניט געהאַט קיין מזל צו פרויען, וועמען ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו מאָלן און האָט ניט אויפגעהערט צו באַזינגען מיט זיינע ליכטיקע פאַרבן, פון וועלכע ער אַליין האָט געוואוסט דעם סוד.

די איצטיקע אויסשטעלונג אינם מעטראָפּאָליטן מוזעאום פון קונסט אין ניו־יאָרק איז די ערשטע פולע צונויפזאַמלונג פון דער רייכער ירושה, וואָס דער גרויסער מייסטער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט — אַ ירושה, וואָס פון יאָר צו יאָר שטייגט איר ווערט אין געלט און נאָך מער — אין קינסטלע־רישן פאַרנעם!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, דעצ. 2, 1949, נ.־י.

# חיים נחמן ביאַליק — דער זינגער און זאָגער

## (צו זיין 100־סטן געבוירנטאָג)

עס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז נאָר אויף דער פעטער ערד פון וואָלין, אין אוקראַינע, באַזייט מיט געדיכטע וועלדער און באַזעצט מיט איינגעוואָרצלטע דורות־דיקע שטייגערישע טראַדיציאָנעלע אידישע שטעט און שטעטלעך, האָט געקאָנט אַרויסוואַקסן אַזאַ פענאָמע־נאַלער זינגער און זאָגער, אַזאַ גרויסער פּאָעט, העברעאישער, און אידישער, ווי חיים־נחמן ביאַליק, וועמעס הונדערסטער געבוירנטאָג ס׳איז דעם יאָר אויסגעפאַלן און ווערט געפּראַוועט איבער דער גאָרער וועלט.

עס איז אויך מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז ביז ביאַליק׳ן האָבן מיר אינעם גאָרטן פון דער העברעאישער און אידישער פּאָעזיע ניט געהאַט נאָך אַזאַ פאַרנאַנדערגבליטן און צעצווייגטן דיכטער וואָס האָט אונזער פּאָעזיע אַוועקגעשטעלט אויף דער זעלביקער הויכער מדרגה אינאיינעם מיט אַזעלכע באַרימטע דיכטער ווי לערמאָנטאָוו און פּושקין.

חיים־נחמן ביאַליק איז געקומען מיטן פאַרטיקן פּאָעטישן וואָרט און פאַרטיקן מוזיקאַלישן קלאַנג, אויסגעשליפן און אויסגעיואווילירט אין זיין אייגענער „קוזניע״, מיט פּירות פון זיינע אייגענע סעדער, מיט גרינסן פון זיינע אייגענע גערטנער און תבואות פון זיינע אייגענע גאָלדענע פעלדער. שוין זיין ערשטלינג „אל הציפור״ האָט גלייך אָנגעזאָגט, ווי אַ שופר, דעם אָנקום פון אַ גרויסן מאָסשטאַביקן משורר, אַ סאָליסט מיט אייגענע טענער און פאַרבן, מיט אייגענע קנייטשן און תנועות, קאָלאָראַטורן און טרעלן, אַ זינגער מיט אַן אייגענעם טעמבער און דיאַפּאַזאָן.

פון וועלכע קוואַלן פון ביאַליק׳ס פּאָעזיע איר זאָלט נישט טרינקען גייט איר נישט בלויז אַוועק אַ דערפרישטער, נאָר אויך אַ ניי־געבוירענער. ער דערקוויקט אייער גומען, אייער האַרץ און נשמה, אייערע געפילן און געדאַנקען. ער ווייעט אויף אייך אָן אַזאַ שטימונג, וואָס נעמט אייך אַרום ווי אַ זון מיט אַ פראָסט, אַ פרייד און אַ צער, אַ בענקעניש און אַ לעכצעניש, אַ פרילינגדיקייט און אַ האַרבסטיקייט, אַ זומערדיקייט און אַ ווינטערדיקייט, אַ האַרבקייט און אַ טערפּקייט, אַ אינגלשקייט און אַ דערוואַקסנקייט, אַ מנוחה׳דיקייט און אַ שטורמדיקייט, אַ לאַשטשענדיקייט און אַן אויפבראויזנ־דיקייט, אַלץ צוזאַמען. איר וויגט זיך אויף וואַגשאַלן פון בילד און קאָליר, פון וואָרט און קלאַנג, פון אימאַזש און קראַפט, פון רעאַלקייט און פאַנטאַזיע, פון זעאונג און פאַרקלערטקייט, פון חלום און וואָר, פון הימל און ערד, פון ליכט און שאָטן, פון טאָג און נאַכט, פון קאַיאָר און בין־השמשות, פון שבת און וואָך, פון יום־טוב און חול־המועד.

חיים־נחמן ביאַליק האָט אי דעם אויפגעקלערטן, דעם אינטעליגענט, אי דעם ישיבה־בחור, און אפילו דעם חדר־אינגל, אָנגעטאָן פליגל. ער האָט זיי אויפגעהויבן פון דער האַרטער ערד און אַוועקגעטראָגן איבער גערטנער און סעדער, איבער הייזער און מויערן, איבער דעכער און שפּיצן. ער האָט זיי אָנגעפילט מיט זעאונגען וואָס זיי האָבן ביז אים נישט געזען, און מיט געפילן וואָס זיי האָבן ביז אים נישט געפילט. ער האָט פאַר זיי אויפגעדעקט די

„סאַזשאַלקע״ וואָס איז געלעגן הינטערן שטעטל, אָבער זיי האָבן זי נישט געזען. אַזוי אויך מיטן וואַלד וואָס יעדער איינער האָט מיט דער האַנט געקאָנט דערלאַנגען, אָבער זיי האָבן דעם וואַלד נישט געזען ביז ביאַליק האָט פון אים אַרונטערגענומען די שרעק. און אַזוי אויך מיט די גאָלדענע פעלדער תבואות וואָס זיינען געלעגן הינטער די שטעט און שטעטלעך, נאָר ביאַליק האָט זיי פאַר זיי אַנטפּלעקט.

ניט פון הפקר איז ס׳ליד מיר געקומען,<br>ניט פון טאַטן בירושה געקראָגן;<br>נאָר פון אייגענעם פעלד, אים געשפּאָלטן,<br>פון מיין האַרצן אַרויס אים געשלאָגן.

דערפון — זיין גרויסקייט, זיין ווירקונג, זיין השפּעה. ער האָט געזונגען און געזאָגט, דורכאויס פון זיין אייגענעם פעלד, און געטרונקען פון זיין אייגענער קרעניצע.

און ווייטער זינגט־זאָגט ער דאָרט אינ׳ם זעלביקן ליד, וואָס הייסט „ניט פון הפקר״:

„כ׳טראָג אין האַרצן אַ קליינעם פונק פייער,<br>קליין דער פונק — נאָר איז מיינער אין גאַנצן;<br>ניט געבאָרגט, ניט גע׳גנב׳עט ביי קיינעם,<br>ער איז מיינער, אין מיר טוט ער גלאַנצן.״

יאָ, דער פונק איז דורכאויס זיינער, דערפאַר טוט ער אַזוי גלאַנצן, דערפאַר איז דער פונק, ווי קליין ער איז נישט געווען, פול מיט ברען, עס איז דורכאויס זיין אייגענער פייער, זיינע אייגענע פלאַמען, דעריבער גליט ער אַזוי, דער פונק, דעריבער וואַרעמט ער אַזוי — וואַרעמט ביז מחיה׳דיקייט.

און נאָך ווייטער אינם זעלביקן ליד:

„אונטערן האַמער פון ליידן פון גרויסע,<br>ווען מיין האַרץ, שטאַרקער פעלדז, טוט זיך שפּאַלטן —<br>פליט דער פונק און שפּרינגט אַפ אין מיין אויג זיך,<br>טוט פון אויג אין מיין פערז זיך באַהאַלטן״

דער דאָזיקער מזל׳דיקער פונק שיינט ווי אַ שטערן פון אַלע זיינע לידער און גרויסע פּאָעמעס אַרויס וואָס ער האָט געשריבן, ווייל דער זעלביקער האַרץ וואָס איז ווי אַ „שטאַרקער פעלדז״ האָט אַלע זיינע לידער און פּאָעמעס אויסגעקאָוועט און ער האָט אין זיין יעדן „פערז זיך באַהאַלטן״.

ער לויכט און זינגט פון יעדער שורה זיינער אַרויס, ווייל ער האָט אים טיף פון זיין האַרצן אַרויסגעשלאָגן.

און צום סוף פונעם ליד זינגט ער און זאָגט דאָרט:

„און פון פּערז טיף אין אייערע הערצער,
און פאַרלירט זיך אין אייערע גלוטן —
פאַר דער שריפה וואָס איך האָב פאַרצונדן
טו איך צאָלן מיט מאַרך און מיט בלוטן."

טיף, גאָר טיף אין אונזערע הערצער האָט ביאַליק׳ס פּערז זיך פאַר־קליבן, ביז העט־העט אַריינגעדרינגען מיט זיין וואָרט און קלאַנג וואָס האָט זיך פאַרלאָרן אין אונזערע „גלוטן", און ער האָט אונז געגומען מיט זיין „מאַרך" און מיט זיינע „בלוטן", דערפאַר האָט ער אין אונז אָנגעצונדן אַ „שריפה", אַ פייער, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלעשן.

ביאַליק איז געווען איינער פון די שטראַליקסטע אידן וואָס איך האָב באַגעגנט. ווער עס האָט אים נישט געזען שפּאַצירן ביים תל אביב׳ער ים־ברעג, ווייס ניט וואָס שפּאַצירן באַדייט. און ווער עס האָט אים נישט געזען „שמחת־תורה" פון זיין הויז־באַלקאָן אויף רחוב דיזענגאָף אַ צעשטראַלטן אַראָפּקוקן צום פאַרזאַמלטן טאַנצנדיקן עולם, יונג און אַלט, מענער און פרויען, האָט קיין פרייד נישט געזען. זיין שפּאַצירן ביים תל אביב׳ער ים־ברעג איז געווען קלאַסיש־אויסגעהאַלטן, ווייל טאָג־איין, טאָג־אויס, אַלע־מאָל אין דער זעלביקער צייט, אויפן זעלביקן גאַנג, ווי אויסגעמאָסטן אינזשיניעריש. עס האָבן אים תמיד באַגלייט אָדער דער ליריש־פאַר־חלומ׳טער און בנעימות׳דיקער יעקב פיכמאַן, אָדער דער קילער היימיש אויסזעענדיקער און שכל׳דיקער י. ח. רבניצקי.

צו ביאַליק׳ס פאַרבענקטקייט איז נישט געווען קיין שיעור, ער האָט אַלעמאָל געבענקט נאָך אַן „ערגעץ". דער „ערגעץ" האָט געקאָנט זיין היינט תל אביב, מאָרגן ירושלים, איבערמאָרגן חיפה; היינט פּאַריז אָדער ווין, און מאָרגן בערלין אָדער וואַרשע. ער איז געבוירן געוואָרן מיט „פליגלען", ווייל ער האָט תמיד געוואָלט רק פליען, כאָטש ער איז אין תוך געווען אַזאַ „געזעצטער" אין זיין טראַכטן און קלערן, אין זיינע מחשבות׳ן און שמועסן. דערצו האָט ער אויך געקאָנט זיין שטיפעריש און לאַכן ביז פאַרקייכן זיך.

וועל איך ווען פאַרגעסן די שבת־צו־נאַכטסן אין דר. יהודה קויפמאַנ׳ס ליכטיקער שטוב אויף רחוב גאולה, נישט ווייט, אַ שפּאַן פונעם ים? קיינמאָל

אין מיין לעבן ניט! אפילו דער קילער און היימישער רבניצקי פלעגט ווערן אַנגעשטעקט פון ביאַליק׳ס שטיפערייען, ווען ער פלעגט, אַ שטייגער, אימיטירן זיינע וואָלינער אידן (זיינע, ווייל ער איז שטאַרק פאַרליבט געווען אין דעם כרך וואָלין!), וואָס פלעגן זאָגן „בריך״, אַנשטאָט „ברוך״, אָדער „אלוקיני״, אַנשטאָט „אלוקינו״, אָדער „וואוס״, אַנשטאָט „וואָס״, אָדער „פיטער״ אַנשטאָט „פוטער״, צי „פירל״ (אַ נאָמען), אַנשטאָט „פערל״, און נאָך און נאָך.

ביאַליק האָט אויך ליב געהאַט דערציילן מעשה׳ס פון וואָלינער אידן, וואָס פלעגן גאַנצע וואָכן פאַרברענגען אין די וועלדער ווי אַנגעשטעלטע: דער ווי אַ „נאמן״ און יענער ווי אַן „אָפּנעמער״, דער ווי אַן „אויסצאָלער״ (אויסצאָלן די פויערים פאַר די אַנגעשניטענעביימער, קלעצער, ברעטער און געהילצן) און יענער ווי אַ „בוכהאַלטער״.

וועגן איינעם אַ בוכהאַלטער האָט ער דערציילט, אַז ער פלעגט טאָג און נאַכט זיצן מיט דער גרויסער גמרא און לערנען, ביז מ׳האָט סוף־כל־סוף אים משלח געווען פון דער שטעלע. ער איז אָבער נישט געווען פאַרצווייפלט, מחמת דער רייכער שווער זיינער האָט אים צוגעזאָגט פינף יאָר „קעסט״ און ער האָט בלויז געגעסן „קעסט״ דריי יאָר, איז אים געקומען נאָך צוויי יאָר. האָט ער זיך נישט געדאַרפט זאָרגן.

ביאַליק איז געווען אַ גרויסער „אוהב נגינה״. פון אַלע אינסטרומענטן האָט ער ליב געהאַט אַ פידל. ער איז אויך געווען אַ פאַרקאַכטער אין געזאַנג — דער עיקר אין חסיד׳ישע־ניגונים, מיט ווערטער און אָן ווערטער, און מער פון אַלץ אין אַ געשמאַק „שטיקעלע חזנות״. ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געהערט חזן פּינטשיק זינגען זיין באַרימטן „רזאַ־דשבת״ (טאָקע ביי דר. יהודה קויפמאַנ׳ען אין שטוב), האָט ער ממש אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל פון באַגייסטערונג. און ווען דר. יהודה קויפמאַן, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ גרויסער „אוהב־נגינה״, בפרט פון חזנות, האָט דערנאָך אַנגעשטעלט פּינטשיק׳ס „מה נאמר לפניך יושב מרום״, איז ביאַליק שיעור נישט פון די „כלים״ אַרויס. „אוי״, האָט ער הויך אויפן קול אויסגעשריען אַן עקזאלטיר־טער און אַ צעשטראַלטער ביז גאָר, „ביי וועלכער אומה־ולשון קאָן מען הערן אַזאַ מתוודה זיין זיך פאַר׳ן רבונו־של־עולם!״.

און ווען אין „אוהל־שם״, ביי אַן „עונג־שבת״, וואָס איז גלייכצייטיק געווען פאַר ביאַליק׳ן אויך אַ „קבלת־פנים״, וועלכער איז צוריקגעקומען פון

אַ נסיעה איבער אייראָפּע, אין יאָר 1930, ער האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט מרדכי ירדני׳ן זינגען דאָס קאַפּיטל תהילים „אשא עיני אל ההרים״, און דער גאַנצער זאַל, וואו מ׳איז ממש אויף די ווענט געהאַנגען, האָט געדונערט מיט אַפּלאָדיסמענטן, האָט ער נאָך „הבדלה״ געזאָגט צו ירדני׳ן: איך וויל אייך, בחור׳ל, אומבאַדינגט שפּעטער זען ביי דר. יהודה קויפמאַנ׳ען, איר מוזט פאַר מיר נאָכאַמאָל איבערזינגען אייער „אשא עיני אל ההרים״.

און כך־הווה. שפּעטער אין אָוונט, ביי דר. יהודה קויפמאַנען אין שטוב, אין דער אָנוועזנהייט פון רבניצקי׳ן און פיכמאַנ׳ען, האָט מרדכי ירדני נאָכ־אַמאָל איבערגעזונגען דאָס קאַפּיטל תהילים און ביאַליק איז דערנאָך צוגע־גאַנגען צו איינער פון די שאַפעס ספרים און האָט פון אַ פּאָליצע אַראָפּגע־נומען אַ תנ״ך און האָט אויפגעמישט פון ירמיה דאָס קאַפּיטל „ח״ אָנווייזנ־דיק מיט׳ן פינגער אויפן פּסוק „מבליגיתי עלי יגון״, האָט ער געזאָגט צו ירדני׳ן: „איך וויל, בחור׳טשיקל, אַז איר זאָלט אָנשרייבן מוזיק אויף די דאָזיקע ווערטער און אַז איר וועט פאַר מיר זינגען און עס וועט מיר געפעלן, וועל איך אייך לאָזן די קאָמפּאָזיציע מיר ווידמענען״.

עס איז אַוודאי געווען ניט קיין קליינע „זאַדאַטשע״, אָבער מרדכי ירדני איז אין צוויי טעג שפּעטער געקומען צו ביאַליק׳ן מיט אַן אָנגעשריבענער קאָמפּאָזיציע וואָס האָט ביי אים שטאַרק אויסגענומען און ער האָט געזאָגט צו ירדני׳ן: „איצט קאָנט איר אָנשרייבן אַז איר ווידמעט די קאָמפּאָזיציע פאַר מיין כבוד־וועגן״.

אין 1931, האָט דער „מעטראָ מוזיק פאַרלאַג״, אין ניו יאָרק, אָפּגע־דרוקט די קאָמפּאָזיציע מיט ביאַליק׳ס פאַרגעלייגטן טיטל: „צעקת הנביא״...

ביאַליק איז געווען אַ גוואַלדיקער שמועסער. ער האָט געקאָנט רעדן וועגן אַלץ און אַלעמען — און עס איז תמיד געווען וואָס צו הערן. זיין שאַרפער אָפענער מוח האָט אַלצדינג אויפגעכאַפּט, אַלצדינג באַנומען און פאַרשטאַנען. דער געדאַנק איז ביי אים געווען „כחומר ביד היוצר״. דערצו האָט ער געקאָנט אַזוי אָרקעסטרירן אַ געדאַנק, אַז ס׳איז ממש געוואָרן אַ סימפאָניע. ער האָט פאַרמאָגט אַ ים מיט התלהבות, אַז ער פלעגט זיך אַוועק־לאָזן שווימען אין רייד האָט געגומען שפּריצן גאַנצע שטיקער פייער. די רייד האָבן ביי אים פונעם מויל זיך געגאָסן, ווי הייסע לאַווע. ער האָט געבליצט מיט חריפות, מיט שטיקער חכמה און אידישן וויסן. אַלע קוואַלן פון דער

דורות׳דיקער אידישער גייסטיקער־מהות זיינען פאַר אים געווען אָפן — אַן אומאויסשעפּלעכער „מעין־המתגבר״...

ביאַליק, ווי באַוואוסט, האָט נישט געהאַט קיין קינדער, און ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך אַ קינד. אויך זיין ליבע איידעלע פרוי, מאַניאַ, איז שטיל אויסגעגאַנגען נאָך אַ קינד, אָבער אויף איר האָט די דאָזיקע בענק־שאַפט אַזוי זיך נישט אָנגעזען, ווי אויף ביאַליק׳ן. דעריבער, אַז ער פלעגט אַ שבת אין דער פרי קומען אין דער גרויסער שול, אויף רחוב אַלענבי, אין תל אביב, האָט ער פאַרבראַכט מער מיטן קליינוואַרג אין פּאָליש, ווי אינווייניק אין שול מיט די דאַוונערס — כאָטש אויך די גרויסע האָבן אים ניט געלאָזט צו רו און מ׳פלעגט אים אַרומרינגלען, ווי אַ „רבי׳ן״...

קיינער אין ארץ־ישראל איז דעמאָלט נישט געווען אַזוי באַליבט ביים עולם, ווי ביאַליק. ער איז געווען דער „הבן יקיר לי אפרים״ פון תל אביב, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ „זאַמל פונקט״ פון „סולת׳דיקע״ יונגע און יוגנטלעכע אידישע מענטשן פון גאַנץ מזרח־אייראָפּע. די פאַרערלעכקייט אין תל אביב, און איבערן גאַנצן לאַנד, דעמאָלט פאַר ביאַליק׳ן איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. קינד־און־קייט האָבן ביאַליק׳ס נאָמען אויף די ליפּן געטראָגן. ווען מ׳האָט פאַראויס געוואוסט, אַז ביי דעם אָדער יענעם „עונג־שבת״ וועט ביאַליק זיין, פלעגן מענטשן קומען פון איבערן גאַנצן לאַנד. דעם שבת פון יאָר 1930, וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט, ווען ביאַליק איז צוריקגעקומען פון אַ לענגערער נסיעה איבער אייראָפּע, איז נישט בלויז אינווייניק דער „אוהל־שם״ געווען געפּאַקט מיט מענטשן, נאָר דער דרויסן אַרום דעם „אוהל־שם״ איז געווען שוואַרץ פון מענטשן.

חיים־נחמן ביאַליק איז געווען אַן איינמאָליקע דערשיינונג, אַן אויפ־בליץ, וואָס וועט אַזוי גיך זיך ניט איבער׳חזר׳ן; אַ ליכט, וועמענס פייער עס וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלעשן — ער וועט בלייבן אין דער אידישער געשיכטע, און דער עיקר אין דער העברעאישער און אויך אידישער ליטעראַטור, אַ פייערדיקער צייכן אויף דור־דורות.

„מאָרגן פרייהייט״, סעפּ. 9, 1973, נ.י.

# אַרטור רובינשטיין

**געווידמעט מאַשען פייגעס**

דאָס אידישע פוילן, מיט אַ טויזנט יעריקער לעבנס־געשיכטע, וואָס די דייטשישע מערדער צוזאַמען מיט די היימישע פּאָליאַקן האָבן אכזריות׳דיק אָפּגעווישט, האָט אַרויסגעגעבן פּראָמינענטע קינסטלער, וועלכע זיינען באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט: מוזיקער, פידל־און פּיאַנאָ־ווירטואָזן, מאָלער, סקולפּטאָרן, פּאָעטן עסייאיסטן וכדומה. צווישן אַנדערע: די צוויי באַוואוסטע מוזיקער וועניאַווסקי ברידער פון לובלין; דער טשענסטאָכאָווער באָגיסלאַוו הובערמאַן, איינער פון די גרעסטע פידל־ווירטואָזן און דעם גרינדער פון דער ישראל׳דיקן סימפאָנישן אָרקעסטער; דער קאַלאָמייער עמנואל פאָיערמאַן, אַ טשעליסט בחסד־עליון, די וואַרשעווער וואַנדאַ לאַנדאָווסקאַ, די איינציקע וועלט־באַרימטע האַרפּסיקאָרדיסטקע און דער לאָדזשער פּיאַנאָ־ווירטואָז אַרטור רובינשטיין.

לאָדזש, די צווייטע גרעסטע שטאָט אין פוילן נאָך וואַרשע, איז געווען באַוואוסט פאַר אַן אינדוסטריעלן־און האַנדלס צענטער, מיט גרויסע וועבע־רייען וואָס איז דורכאויס געלעגן אין אידישע הענט און האָט צוגעשטעלט מאַניפאַקטור פאַר גאַנץ פוילן און רוסלאַנד; לאָדזש מיט אירע פיל־פאַרביקע מאַגאַזינען און געשעפטן און פאַרשידענאַרטיקן פולסירענדיקן אידישן לעבן, פיגורירט איצט גאַנץ פּראָמינענט צווישן די בלעטער פון דעם אינטערע־סאַנטן ביאָגראַפיש־בוך, „מיינע יונגע יאָרן״, וואָס איז נישט לאַנג דער־שינען און איז דורכגעדרונגען מיט די קינדער־און יוגנטלעכע יאָרן, חדשים און טעג, עפּיזאָדן און מאָמענטן פון דעם פּיאַניסט אַרטור רובינשטיין, וועלכער איז אַליין דער מחבר, פון זיין ביאָגראַפיע.

זאָגן מוז איך דאָ, אָן שום רעזערוואַציעס, אַז איך האָב גרויס הנאה געהאַט צו לייענען דאָס בוך בכלל, און נאָך מער דערפון וואָס דער גרויסער פּיאַנאָ־ווירטואָז, דער וועלט באַרימטער קינסטלער שטאָלצירט אַזוי שטאַרק מיט דעם וואָס ער איז אַ איד.

אַרטור רובינשטיין באַהאַלט זיך נישט, ער רעדט גאַנץ קלאָר וועגן זיין זיין אַ איד, וועגן זיינע אידישע עלטערן און וועגן זיין אידישער משפחה,

וועגן זיין געבורט־שטאָט לאָדזש, דירעקט, אָפנהאַרציק, אָן דריידלעך און אָן קנייטשעניש — גאַרנישט ווי אַנדערע וועלט־באַרימטע אידישע קינסט־לער, וואָס ציטערן פאַר זייערע אייגענע „שאָטנס" און רעדן פאַרשטעלט, האַלבע ווערטער, אָדער בחפזון׳דיק־פאַרבייגייענדיק, וועגן זייער אידישער אָפּשטאַמונג...

אַרטור רובינשטיין שעמט זיך נישט צו דערציילן, אַז נישט איינמאָל בעת׳ן שפּילן טרעפט, אַז אַ „נאָטע", און אַמאָל אפשר מער ווי אַ „נאָטע" פון אַ קאָמפּאָזיציע ווערט ביי אים פאַרלאָרן געגאַנגען, אָבער נישט די קאָמפּאָ־זיציע און אויך נישט זיין שפּילן ליידן אַ האָר דערפון. דאָס איז דערפאַר וואָס אַרטור רובינשטיין געהערט ניט צו די קאַלטע, פאַרפרוירענע „קינסטלער" מיט הוילע מוזיקאַלישע קאַלקולאַציעס און אַ מאַטעמאַטישן שפּיגל אין דער האַנט; ער איז פון קאָפּ ביז די פיס אַ שטיק פייער, וואָס צינדט אָן מיט זיינע פינגער די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ, ביז די פלאַמען דערגייען צום הימל. ניין, ער שפּילט ניט קיין טרוקענע „נאָטן", נאָר מוזיק אין איר סאַמע העכסטער פאָרם, טיפסטן אויסדרוק, פאַרקלערטסטן געדאַנק, פאַרטראַכ־סטער מחשבה, געפילטסטער נשמה׳דיקייט, און דער עיקר, ער שפּילט זיך — אַרטור רובינשטיין.

אָט דאָס איז עס. ער אימיטירט קיינעם ניט, ער פאַרמאָגט זיין אייגענעם באַנעם און קאָנצעפּציע פון אַ קאָמפּאָזיציע, ווי אַזוי זי דאַרף געשפּילט און אויסגעטייטשט ווערן, און אויך זיין אייגענעם צוגאַנג צו דער פּיאַנאָ, ווי ער „זעט" זי און פילט זי. מ׳דאַרף די פּיאַנאָ פאַרשטיין פונקט ווי אַ מענטשן, ווי אַ לעבעדיקן־ווען, און ער פאַרשטייט זי דורך און דורך, מיט אַלע אירע אברים; ער באַלעבט זי מיט זיינע מאַגנעטישע מנגנ׳ישע פינגער, מיט זיין אָטעם, מיט זיין דוך, האַרץ און נשמה. און דערפאַר זינגט ביי אים די פּיאַנאָ ווי אַ מענטשלעכער קול, ווי אַ לעבעדיקע שטימע, ווי ביי ווייניק זיין גלייכן.

אַוודאי האָט די וועלט געהאַט — און האָט אויך איצט — גרויסע פּיאַנאָ־ווירטואָזן, אָבער אַרטור רובינשטיין איז דאָ נאָר איינער — איינער, ווייל אַזוי איז באַשטימט געוואָרן „ערגעץ" אין די הימלען. וואָרים פונקט ווי עס קען ניט זיין, און עס זיינען נישטאָ, קיין צוויי גלייכע מענטשן, אַזוי האָט מען פון דער השגחה באַשטימט, אַז עס זאָלן ניט זיין קיין צוויי נאָר איין אַרטור רובינשטיין.

און איינער איז ער, און איינער וועט ער בלייבן. ער האָט איינגענומען

די גאַרע וועלט, ווייל ער איז געקומען מיט אייגענעם מוזיקאַלישן־חוש און געטלעכן־פונק, און איצט צו 84 יאָר איז ער ביי דער וועלט, ביי דער מוזיקאַ־לישער־וועלט, נאָך אַלץ אַ „בן־יחיד׳ל״, וועמעס זינגעוודיקער שפּילן ציט אייך מאַגנעטיש צו זיך, עד־כלות־נפש...

ניין, מ׳פאַלט נישט אַראָפּ סתם פונעם בוים אַ גרויסער קינסטלער, אַ גרויסער פּיאַניסט, אַ גרויסער פידל־שפּילער, טשעליסט, זינגער, קאָמפּאָ־זיטאָר, מאָלער, סקולפּטאָר, פּאָעט, אָדער עסייאיסט. אָן „יחוס אבות״, און אָן „זכות אבות״, קען מען עס קיינמאָל נישט ווערן. נאָר דאָס פרומע און טראַדיציאָנעלע אידישע לעבן אין פּוילן, די איינגעוואָרצלטע אידישע סביבה, דער היימישער אידישער שטייגער, דער אָרקעסטירטער אידישער דרך, אידישער גאַנג, די ריחות וואָס האָבן געבלאָזן פון אַ לובלין, אַ קאָצק, אַ גער, פון אַ אידישער וואַרשע און אַ לאָדזש, איז ביכולת געווען אַרויס־צוגעבן אַזאַ העכסט־באַגאַבטן קינסטלער, האָט גורם געווען אַרויסצו־ברענגען אַזאַ טיפע מוזיקאַלישע־נשמה, ווי אַרטור־רובינשטיין.

ער איז געקומען צו דער ברייטער וועלט אָן אָנגעלאָדענער מיט דורות׳־דיקן אידישן לעבן הינטער זיך, מיט שאַרפע אידישע מוח׳דיקע־קעפּ, מיט געשליפענער לומדות, מיט טיפן אידישן באַנעם, געפיל און שכל. דערפון — זיין אייגענער צוגאַנג צו דער פּיאַנאָ; דערפון — זיין אייגענער אופן פון שפּילן און אויסטייטשן אַ קאָמפּאָזיציע; דערפון — זיין אָנווייזן אין דעם בוך מיט שטאָלץ אויף זיין זיין אַ איד.

מהאי טעמא, ווי ער דערציילט אונז אין דעם בוך, האָט דער קורצער „פלירט״ זיינער, בעת זיין אויפהאַלט אין בערלין, מיט דער „מאַדאַם״ אַסימי־לאַציע, לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ער האָט זיך גיך באַפרייט פון די „שעדלעכע״ איינפלוסן און האָט אָנשטאָט דעם זיך אָנגעהויבן צו פאַרטיפן אין אידישער געשיכטע. און זיך צו באַקענען מיט פאַרשידענע אָנגעזאַמלטע אידישע ווערטן, אידישע נצחונות, מאַרטירערטום און מסירת נפש... ער האָט זיך צוריק אָנגעהויבן פילן ווי אַ שטאָלצער איד פון פּוילן, ווי אַ איד מיט טויזנטער יאָרן געשיכטע הינטער זיך, וואָס האָט דער וועלט געגעבן דעם תנ״ך, די צען געבאָט, מיט דורות קאַמפן קעגן בלוטיקע טיראַנען, ברוטאַלע געצנדינער, ווילדע מענטשן־מערדער, צערייצטע מענטשן־חיות און קולטור־פאַרדאַרבער.

די בלוטיקע רציחות קעגן אידן, פריער פון די רוימער, וועלכע האָבן

חרוב געמאַכט דעם בית המקדש און פּאַרוויסטעט ירושלים, שפּעטער די צעפלאַמטע שייטער הויפענס אין שפּאַניע, דערנאָך די שוידערלעכע פּראָג־ראַמען אין רוסלאַנד, פריער אונטערן פּעטליורע׳ן. דעניקין, זעליאַנאָווצעס, סטרוקאָווצעס, בולאַכאָווצעס, און אונטער דעם נייעם פּוילן פון פּאַדערעווסקי׳ן און פּילסודסקין, און די סאַמע לעצטע גרויזאַמע מערדערייען דורך די „קולטורעלע" דייטשן, האָבן רובינשטיין׳ען ביזן טיפסטן ביין אויפגעטרייסלט.

דעריבער, באַלד נאָך דער בלוטיקער מלחמה, און נאָך דער אויסמאָר־דונג פון זעקס מיליאָן אידן דורך די דייטשן, אַז די מערב־דייטשישע רעגירונג האָט איינגעלאַדן רובינשטיין׳ען צו קומען קיין דייטשלאַנד אָפּ־געבן קאָנצערטן, האָט ער די איינלאַדונג ווי אַ שטאָלצער איד, צוריקגע־שליידערט. ניט ווי אַ צווייטער וועלט־באַרימטער אידישער קינסטלער, דער פידל־ווירטואָז יהודי מנוחין, וואָס האָט אַזאַ איינלאַדונג יאָ אָנגענומען פון דער מערב־דייטשישער רעגירונג און איז געפאָרן שפּילן פאַר די מערדע־רישע דייטשן. אַזוי טוט און האַנדלט איינער, וואָס איז דורכגעדרונגען און דורכגענומען מיט אידישער צער, מיט די ליידן און פריידן פון זיין פאָלק...

יעדעס מאָל וואָס רובינשטיין קומט צו פאָרן קיין ישראל אָפּגעבן קאָנ־צערטן, דערפילט ער זיך ניי־דערהויבן און ניי־געבוירן. נישט בלויז די לופט פון ישראל, נישט נאָר די געשיכטע פון ישראל, נאָר אויך דאָס ברויזנדיקע אידיש־לעבן, די באַנייטע אידישע מלוכה, די נצחונות פון דער יונגער אידישער מדינה, פאַר׳שיכור׳ט און טרינקט אים אָן מיט נייע כחות, מיט פרישן שטאָלץ און יוגנטלעכקייט. איך וואַג דאָ צו זאָגן, אַז זיין שפּילן אין ישראל, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין אומעטום, קלינגט אַ סך שענער און האַרציקער.

אַרטור רובינשטיין וועט אַוודאי נאָך שרייבן אַ צווייטן ביאָגראַפיש־בוך, וואָס וועט אַרומנעמען זיינע מיטעלע און עלטערע יאָרן, סיי פון זיין פאַר־ביקער מוזיקאַלישער קאַריערע און סיי פון זיין לעבן בכלל. איך בין זיכער, אַז ער וועט האָבן גאָר אַ סך צו דערציילן. ער איז טאַקע שוין 84 יאָר, אָבער ווער ס׳האָט דאָ ניט לאַנג צוריק געזען אים אויף דער טעלעוויזיע, האָט קלאָר באַנומען, אַז דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך נאָך גענוג יוגנטלעכע כוחות, אי צום שפּילן, אי צום לעבן, און אַז זיין מוח איז קלאָר. עס איז

באַוואוסט, אַז קינסטלער ווערן קיינמאָל ניט אַלט — און אַזעלכע קינסטלער ווי אַרטור רובינשטיין בפרט...

צו דער דערשיינונג פון זיין אינטערעסאַנטן ביאָגראַפיש־בוך „מיינע יונגע יאָרן״, וואָס דער באַרימטער אַמעריקאַנער פאַרלאַג „אַלפערד קנאָפּ״ האָט אַרויסגעגעבן, און אויך צו דער פייערונג פון זיינע 84 יאָר, בלייבט צו זאָגן: צו הונדערט און צוואַנציק יאָר!

„אַלגעמיינער זשורנאַל״, נאָוו. 30, 1973, נ.י.

# זלמן זילבערצוויַיג

## זאַמלער, פאָרשער און רעדאַקטאָר פון אידישן טעאַטער לעקסיקאָן

עס ווערט אַ יאָר, אַז דער באַוואוסטער פאָרשער און טעאַטער־לעקסיקאָגראַף, זלמן זילבערצווייג, איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט. ער איז פאַראַיאָרן, אין חודש יולי, געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס, ווייט אַוועק פון ניו יאָרק, דער צענטער פון אידישן טעאַטער און אידישן צייטונגס־וועזן, דער „וואָקזאַל״ פון אידישן אַקטיאָרן, דראַמאַ־טורגן, טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, מוזיקערס, דירעקטאָרן, אידישע שרייבער און קולטור־מענטשן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ „ירושה״, נישט קיין „געלט־ירושה״, חלילה, פאַר זיין אלמנה, אָדער פאַר זיין בן־יחיד, נאָר אַן „אוצר״ פון אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן פון און וועגן און אַרום דעם אידישן טעאַטער־וועזן אין גאָר דער וועלט — זעקס באַנדן טעאַטער־לעקסיקאָנען און אַ זיבעטער, דער לעצטער, וואַרט אויף אַ דערלייזער.

וויל איך דאָ פאַר דעם לייענער אויפדעקן אַ „סוד״, וואָס איז אין דער אמת׳ן קיין „סוד״, נאָר גיכער פון אַלץ אַ פאַקט: אין דער שטאָט מעקסיקאָ, ביי דעם פאַרלעגער פינטלער (וועמען איך קען, אגב, פערזענליך פון מיינע באַזוכן אין מעקסיקאָ און איז דער שוואָגער פון דעם באַוואוסטן אידישן און מעקסיקאַנישן פאַרשטאָרבענעם מוזיק־קריטיקער און איינער פון די גלענצנ־דיקע קענער פון שפּאַניש, סאַלאָמאָן קאָהן) ליגט דער זיבעטער און לעצטער באַנד פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן שוין אָן אויפגעזעצטער, אָבער... עס פעלט די סומע געלט אים אויסצולייזן פון דעם דרוקערס הענט.

איך האַלט עס פאַר מיין חוב, ווי איינער וואָס איז געווען אַ נאָענטער פריינט פון זלמן זילבערצווייג׳ן און אַ מיטגליד פון דעם „לעקסיקאָן קאָמיטעט״, אַז אָט דער „סוד״ האָט געדאַרפט אויפגעדעקט ווערן בפני כל עם ועדה — און וואָס פריער אַלץ געזינטער. איך זאָג „געזינטער״, ווייל עס איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז דער דרוקער זאָל נעמען דעם גאַנצן זאַץ און אַרויס־וואַרפן אויפן מיסט...

ווער דאַרף שאַפן די געלט?

קודם כל, די אַלע אידישע אַקטיאָרן־געזעלשאַפטן, ווי די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן, דער אידישער טעאַטריקל אַלייענס, די אידישע אַרטיסטן און פריינט, דער אידישער אַקטיאָרן קלוב, דער אַרבעטער רינג, דער פאַר־באַנד, דער אידישער קולטור קאָנגרעס, און אַלע, אַלע די וואָס האַלטן זיך פאַר פריינט פון אידישן טעאַטער, פאַר פאַטריאָטן פון אידישע אַקטיאָרן.

זלמן זילבערצווייג האָט פאַר לאַנגע יאָרן אַליין געשלעפט דעם „וואָגן״ פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן. ער האָט געטאָן די אַרבעט פון צען מענטשן, פאַר אַ גאַנצן שטאַב שרייבער, זאַמלער, פאָרשער, רעדאַקטאָרן, ווי עס פירט זיך ביי „לייטן״ ביים צוגרייטן און אַרויסגעבן אַ לעקסיקאָן! איך האָב אים געזען ביי דער אַרבעט ווי ער האָט זיך אויסגעדליבעט די אויגן פון גאַנץ פרי אָן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ווי ער האָט זיך געגראָבן און גענישטערט אין אַלטע שטויביקע צייטונגען, זוכנדיק ידיעות, ווי ער איז געלאָפן פון איין ביבליאָטעק אין דער אַנדערער, אַלץ אבי צו געפינען אינפאָרמאַציע, „עפּעס״ וועגן דעם און יענעם, אַ דאַטע אָדער אַ באַשרייבונג? און קיין פרנסה איז נישט געווען — אפילו ווען דער אויבערשטער האָט שוין געהאָלפן און ער איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דעם „אַמעריקאַנער״, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט, אַלעמאָל מיט אַ שמייכל, אַלעמאָל מיטן ווערטל אויף די ליפּן ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען זיינע...

יאָ, אַזאַ מזל האָט געהאַט די אידישע ליטעראַטור, אַרום וועלכער איין מענטש — זלמן רייזען — האָט שווער געאַרבעט און האָט אייניקער אַליין צוגעגרייט און אַרויסגעגעבן דעם לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור. און אַזאַ מזל האָט אויך געהאַט דער אידישער טעאַטער: אייניקער אַליין האָט זלמן זילבערצווייג באַוויזן אַרויסצוגעבן זעקס באַנדן פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן.

עס געדענקען זיך די „מלחמות״, וואָס אַ דר. א. מוקדוני, אַ דר. יעקב שאַצקי און נאָך אַנדערע האָבן פאַרפירט קעגן דעם מחבר פון טעאַטער־לעקסיקאָן, די „מלחמות״ זיינען געפירט געוואָרן אין ניו יאָרק, אין וואַרשע און אין בוענאָס איירעס. עס זיינען געפלויגן „טענות״ הין און צוריק, גערעכטע און אומגערעכטע, דער עיקר אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ אין וואַרשע, וואו די „טענות״ זיינען געווען אַ סך שאַרפערע ווי אין די טעג־ליכע צייטונגען. זילבערצווייג איז קיינעם נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. אים האָט אויך אַרויסגעהאָלפן דער שוישפילער יעקב מעסטל, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ פּאָעט און דער געהילפס־רעדאַקטאָר פון לעקסי־קאָן. דער לעצטער האָט דער עיקר געפירט זיינע „שלאַכטן״ קעגן מוקדוני׳ן, מחמת קעגן מוקדוני׳ן האָט מען זיך געדאַרפט פאַרמעסטן...

אָבער, יאָ איינשטימיג צי ניט איינשטימיג, דער „בנין״ איז געוואָקסן, עס איז אַרויס איין באַנד נאָכן צווייטן, וואָס האָט אין דער טעאַטער־וועלט אַרויסגערופן אמת׳ע איבעראַשונג.

וואָס קען געטאָן ווערן איצט, אַז דער זיבעטער באַנד פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן זאָל וואָס־גיכער אַרויס? וועלן די אַלע פריער־דער־מאָנטע אידישע אַקטיאָרן־געזעלשאַפטן, געזעלשאַפטליכע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, און אויך די פּריינט פון דעם אידישן טעאַטער און די פּאַטרי־אָטן פון אידישע אַקטיאָרן — וועלן זיי זיך ממשות׳דיק אָפּרופן? וועט די נויטיקע סומע געלט אויף אַרויסצוגעבן דעם זיבעטן און לעצטן באַנד פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן אַריינקומען?

איך מיין, אַז זלמן זילבערצווייג האָט פאַרדינט, אַז מיר זאָלן ענדיקן זיין מאָנומענטאַל ווערק.

„סעקאָנד עוועניו״ איז פאַר געוויסע ,פיינשמעקער׳ געווען אַ „חוזק־נאָמען״, אָבער „סעקאָנד עוועניו״, טאָר מען נישט פאַרגעסן, איז פאַר לאַנגע יאָרן געווען אַ „היים״, וואו אַ אידיש־רעדנדיקער איד, ספּעציעל דער אידיש־היימישער אימיגראַנט, איז געקומען הערן אַ אידיש וואָרט, זאָל זיין אפילו געמישט מיט ענגליש, הערן אַ אידיש ליד, אַ אידישן ניגון, איז געקומען זיך אויסוויינען, איז געקומען שטילן זיין בענקשאַפט, זיין עלנד־קייט, זיין אָפּגעריסנקייט פון דער משפּחה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויף יענער זייט ים, זיין פאַרוואָרפן־ווערן פון זיין היימיש שטעטל, היימישן שטייגער...

פאַר מיר איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז ווען אַ איד הערט אויף צו רעדן אידיש, הערט אויף גיין אין אידישן טעאַטער, הערן אַ אידישן קאָנצערט, הערט אויף צו לייענען אַ אידישע צייטונג, ווערט ער אַן זיין אידיש האַרץ. איך זאָג נישט אַז ער ווערט אויס איד, אָבער ער איז נישט מער דער זעלבי־קער... דאָס קען נאָר עדות־זאָגן איינער, וואָס פאָרט כסדר אַרום איבער אַמעריקע און קומט אין נאָענטע קאָנטאַקטן מיט אידן און דעם גאָרן אידישן לעבן אין אַלע זיינע שאַטירונגען. מעג איך זיין ברוטאַל? — זאָג איך גאַנץ אָפן, אַז מען האַקט אָפ דאָס אייגענע לשון, האַקט מען אָפ די צונג, דעם קאָפ, דאָס האַרץ...

דאָס אידישע טעאַטער ווי אַ גאַנצער, האָט אפשר ניט צופיל געכאָוועט, נישט איבעריק אָפגעהיט דאָס אידישע לשון, דער עיקר אין אַמעריקע, אָבער עס וואָלט געווען בפירוש אַן עבירה נישט צו דערמאָנען דעם אידישן קונסט־טעאַטער, דעם אוירווינג פלעיס טעאַטער, בראָנקס אַרט טעאַטער, אַ מאָריס שוואַרץ, אַ יעקב בן־עמי, אַ שילדקרויט, וואו מ׳האָט דאָס אידישע לשון יאָ געכאָוועט, יאָ אָפגעהיט, און מען האָט זיך יאָ באַצויגן מיט פיעטעט און דרך ארץ!

ניין, דער אידישער טעאַטער אין אַמעריקע האָלט נאָך נישט ביים אָפגעזעגענען זיך. אויב אַ אידישער „מוזיק פעסטיוואַל״ אין סענטראַל פּאַרק האָט געקאָנט אין אַ הייסן זומער־טאָג ברענגען אַ צוואַנציק טויזנט קעפּיקן אידישן עולם צו הערן אַ אידיש וואָרט, אַ אידיש ליד, אַ אידישע דעקלאַמאַציע, אַ אידישן ניגון, איז... „לא אלמן ישראל״!

דאַרפן מיר, ווי ווייט מעגליך, זען אָפּהיטן די אַנגעזאַמלטע קולטור־אוצרות, טעאַטער־ און מוזיק־אוצרות, ניגונים, חסיד׳ישע און וועלטלעכע, לדור דורות...

„אַלגעמיינער זשורנאַל״, יולי 27, 1973, נ.י.

# עמאַ שייוועֶרס נייע פּלאַטן

די קוואַלן פון אידישער נגינה זיינען פאַרשידנאַרטיק און רייך. פּונקט אַזוי זיינען פאַרשידן זייערע גלגולים. אָבער ערשט סוף 19טן און אָנהייב 20טן יאָרהונדערט האָט די אידישע נגינה זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צו דער אידישער גאַס און דערנאָך צו דער גרויסער וועלט. ביז דאַן איז זי לגמרי געלעגן אין די ד׳ אמות פון דער שול, קלויז, שטיבל; אין די אידישע היימען ביי די שבת־יום־טוב׳דיקע טישן און אין די שפּאַלטן פון די רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע צערעמאָניעס.

מיטן אויפקום פון די אידישע וויין־קעלערן, אידיש טעאַטער, נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, קולטור־קעמערלעך און ליטעראַרישע קרייזן האָט די אידישע נגינה געשטעלט אירע ערשטע טריט אויף דער גאַס און זיך גענומען קליידן אינעם ליד.

אָבער בעיקר האָט זיך די אידישע נגינה גענומען פאַנאַנדערבליען מיטן אויפקום פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט — וואָס האָט זיך געגרינדעט אין רוסלאַנד — פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרשפּרייטונג פון דער אידישער נגינה און מוזיק. מיט איר זיינען פאַרבונדן געוועזן אַזעלכע, שפּעטער־באַרימטע, אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי: יואל ענגעל, משה מילנער, יוסף אחרון, שלמה ראָזאָווסקי, לאַזאַר סאַמינסקי, גענסין, אַלעקסאַנדער קריין און אַנדערע. דער סאַמע נייסטער גלגול וואָס די אידישע נגינה מאַכט איצט דורך, איז אין ישראל.

דאָ און דאָרט ווייזן זיך סימנים פון אַ ניי־אויפגייענדיקער אידישער מוזיק, סיי אויפן געביט פון געזאַנג און סיי אינסטרומענטאַל. דערווייל אָבער הערשט אויפן דאָזיקן שטח אַ היפש ביסל בלאָנדזשעניש. איינער שלעפּט די אידישע מוזיק צו דער מערב־ספערע און דער צווייטער — צו דער מזרח׳־דיקער. צום גליק איז דאָרט פאַראַן אַ צד השווה, וואָס פירט די אידישע מוזיק צו די מקורות פון אידישן נוסח, צום ברילּיאַנטענעם אידישן טראָפּ, פאָלקס־ליד, חסיד׳ישן ניגון, תימנ׳יש־אָידישן מאָטיוו.

בכדי דאָס צו פילן, איז כדאי צו הערן דעם נייעם „לאָנג־פּלייאינג״ רעקאָרד פון אידישע און העברעאישע לידער, וואָס די באַוואוסטע אידיש־אַמעריקאַנער זינגערין עמאַ שייוועֶר האָט אַריינגעזונגען אין ישראל. זי איז

באַגלייט געוואָרן פונעם סימפאָנישן אָרקעסטער ביי „קול ישראל" און פון אַ גרויסן, ערשטקלאַסיקן כאָר וואָס איז דיריגירט פונעם באַוואוסטן ישראל־קאָמפּאָזיטאָר מאַרק לאַורי. דער דאָזיקער רעקאָרד, וואָס האָט דריי העברעאישע און אַכט אידישע טעקסטן, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער אָנגעזעענער „מוירקוירי רעקאָרדינג קאָמפּאַני" אין אַמעריקע.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך קוים געקענט פאַרצייכענען געציילטע פּלאַטן מיט אידישע לידער, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן מיט אַ ברייטן פאַרנעם, באַגלייט פון אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער. צווישן זיי: די אַר־סי־עי וויקטאָר רעקאָרדס, וואָס דער באַרימטער אידיש־אַמעריקאַנער אָפּעראַ־זינגער יאַן פּירס האָט אַריינגעזונגען. אָבער אפילו די פּירס־רעקאָרדס קענען זיך נישט פאַרגלייכן, וואָס שייך דעם ברייטן פאַרנעם און צוגאַנג מיט עמאַ שייוועראָ'ס לאַנג־שפּילנדיקע רעקאָרדס. דאָס איז נישט דערפאַר וואָס דער איינריכטונג־פּראָצעס אין ישראל איז אַ בעסערער ווי אין אַמעריקע — נאָר ווייל דער צוגאַנג צו אידישער מוזיק אין ישראל איז אַן אַנדערער, אַן אייגענער. אויך עמאַ שייוועראָ איז נישט קיין אידיש־אַמעריקאַנער זינגער ווי יאַן פּירס, נאָר זי שטייט נאָענט און איז אין קאָך פון אידיש־נאַציאָנאַלן לעבן.

איצט — צו די טעקסטן: שיר השירים געהערט צו דער מוזיקאַלישער פּעדער פון לאַזאַר סאַמינסקי. אני מאמין — צו דער אייביק־גאָלדענער שאַפונג פונעם פאָלק, און כנרת — פון מאַרק לאַורי. לאַזאַר סאַמינסקי האָט געבויט זיין מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע אויפן בריליאַנטענעם אידישן טראָפּ און דעם האַרציק־אידישן נוסח. דערפון האָט זיך באַקומען אַ גאָלדענער זיווג. די צונויפשמעלצונג פון טראָפּ און נוסח גיט זיך איבער מיט אַ שיינקייט, וואָס איז ווי אָנגעמאָסטן פאַרן טעקסט פון שיר השירים. אויך מאַרק לאַורי'ס אָרקעסטראַלע אַראַנזשירונג איז לגמרי אין הסכם מיטן גייסט פונעם קאָמפּאָזיטאָרס שאַפונג. די באַגלייטונג, דער אָרקעסטער זיינען אויך אין פולער האַרמאָניע מיט דער ספערע פון דער אָריגינעל־געשאַפענער קאָמפּאָזיציע — איינדרוקספול און פּרעציז.

וועגן עמאַ שייוועראָ'ס אופן פון זינגען די קאָמפּאָזיציע, איר פאַרזיכטיקע געמאָסטנקייט קען געזאָגט ווערן: סובטיל, אַבסאָלוטע פאַרשטענדעניש אי פאַרן טעקסט און פאַר דער מוזיק — און זייער אימפּרעסיוו.

אני מאמין, וואָס געהערט צו דער פאָלקס־שאַפונג, קען אויך דינען ווי אַ

מוסטער פון ריין־אידישער נגינה. דאָס איז אַ געזאַנג פון די סאַמע אידישסטע האַרץ־טיפענישן. דער אידישער נוסח האָט דאָ אַרויסגעקוואָלן מיט חסיד׳ישן קאָלאָריט, התלהבות און גלויבן. דער ניגון וועקט און רייסט מיט צו די ווייטע אייביקייטן.

לאוורי׳ס אָרקעסטראַלע כאָראַלע אַראַנזשירונג, ווי אויך דער אָרקעסטער און כאָר, לאָזן אייך איבער אַ פאַרקלערטקייט, טיף־רעליגיעזע און אָנצינדנדיקע איבערלעבונג. פונקט ווי אין שיר השירים גיסט זיך דאָ עמאַ שייווער׳ס האַרציק־סאָפּראַנאָ־קול אינעם רעליגיעזן טעקסט אַריין מיט לירישער וואַרעמקייט און רירנדיק. אין איר שטייגער זינגען שפּירט זיך די טיפע איבערלעבונג פון וואָרט און ניגון.

מאַרק לאוורי׳ס קאָמפּאָזיציע „כנרת״ קען זיין אַ שפּיגל פון דער ניי־אויפגייענדיקער אידישער נגינה אין ישראל, סיי מיט איר מעלאָדיש־זינגעוו־דיקן גאַנג און סיי מיט איר אָרקעסטראַלער שאַפונג. זי איז געבויט אויף אידישן פאָלקס־קוואַל, מיט אַ צולאָג פון מזרח־אָריענטאַלישן קאָליר און קלאַנג, וואָס פּאַסט פאַרן פּרעכטיקן כנרת. דער צונויפגוס פון טעקסט און מעלאָדיע איז ביז גאָר געלונגען. עס שלאָגט פון אים נייקייט, פרישקייט און מיט פרימאָרגנדיקע טענער.

אויך אין דער קאָמפּאָזיציע גיט זיך איבער עמאַ שייווער׳ס געפּילפּול געזאַנג, פאַרשטענדעניש פאַרן טעקסט און מוזיק — אָבער מיט ווייניקער דערפאָלג ווי אין די ערשטע צוויי. איך מיין, אַז די פריערדיקע קאָמפּאָ־זיציעס זיינען מער צוגעפּאַסט פאַר איר שטים און געמיט.

דאָ איז כדאי צו באַמערקן: ווען די פרומע געטאָ־אידן האָבן געווענדעט זייערע הערצער — ביים זוכן אַ ניגון צו זייער הימן — צו די אייגענע קוואַלן, האָט זיי קיינער נישט געקענט פאַרוואָרפן, אַז אין זייער אויסוואַל געפינט זיך אַ צומיש פון פרעמדקייט. דערפאַר אָבער האָבן די וועלטלעכע פאַרטיזאַנען — ביים זוכן אַ ניגון צו זייער „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״ — געמוזט זיך ווענדן צו פרעמדע קוואַלן, וואָס זיינען נישט ווייניק שולדיק אין דער גרויסער אידישער טראַגעדיע.

עס ווערט אונז גאָרנישט גרינגער דערפון, וואָס די אַדאַפּטירטע מעלאָדיע צום פאַרטיזאַנען־הימן איז די שאַפונג פון די צוויי באַקאַנטע, אידיש־רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן — די ברידער דימיטרי און דניאל פּאָקראַס. זיי האָבן די דאָזיקע מעלאָדיע לכתחילה געשריבן צו אַ רוסישן קאָזאַקן־ליד

פון רוסישן פּאָעט א. סורקאָוו מיטן נאָמען „ניע טוטשי גראָזאָוויע אָבלאַקאַ״. אמת, מיר אידן, האָבן נישט איינמאָל פאַראידישט אַ פרעמדן ניגון און אים אפילו פאַרהייליקט. אָבער דאָ איז גאָר עפּעס אַנדערש.

דערביי — אַ טענה צום פירנדיקן קאָמפּאָזיטאָר לאַוורי: אויסער דעם וואָס די מעלאָדיע פון „זאָג נישט קיינמאָל...״ איז אַ פרעמדע — פאַרוואָס נאָך צוגעבן פרעמדקייט צו דער אָרקעסטראַלער אַראַנזשירונג? מאַרק לאַוורי האָט לייכט געקענט „אידישן״ די אַדאַפּטירט־רוסישע מעלאָדיע דורכן באַגלייטן זי מיט חיל־ורעדה׳דיקע טענער, געבויט אויף שופר׳דיקע שאַלונגען — וועלכע זאָלן אילוסטרירט ווערן דורך אַנדערע אינסטרו־מענטן אין וועלכע עס הערן זיך רוף און אַנקום, דערוואַכונג און מאַנונג, גלויבן און האָפענונג — במקום די דערעסן־שאַבלאָנע און איבערגעקייט־מיליטאַריסטשע פויקן, וואָס לאָזן זיך הערן סיי אינעם אַריינפיר און סיי אינעם סוף פון דער אָרקעסטראַציע. דערמאָנט עס נישט די כאַראַקטע־ריסטיש־דייטשע מאַרשן פון סאָלדאַטישע „געגנזן־טריט״, וואָס רופן ביי אונז אַרויס אַזויפיל פּחד?

מיך וואונדערט אויך אויף לאַוורי׳ן, וואָס האָט אויפן רעקאָרד צום אידישן „וויגליד״ אָנגעגעבן דעם קאָמפּאָזיטאָר ווי „אומבאַקאַנט״. ווייסן דען נישט סיי לאַוורי און סיי עמאַ שייוועער, אַז די קאָמפּאָזיציע האָט אַ טאַטן — יאַמפּאָלסקי; און אַז די מוזיק איז אָריגינעל געשאַפן געוואָרן צו אַן אַנדער אידיש „וויגליד״ מיט די ווערטער פונעם יונג־פאַרשניטענעם פּאָעט איזי כאַריק?

מען דאַרף דאָ אויך דערמאָנען די אַנדערע לידער און קאָמפּאָזיציעס פון דעם „לאַנג־פּלייאינג״־רעקאָרד, ווי: לאַזאַר ווײַנערס „ניגון״, מ. געבירטיק׳ס „עס ברענט״ און „רייזעלע״, סאָלאָמאָן גאָלוב׳ס „טויבן״, נ. זאַסלאַווסקי׳ס „דריי אינגעלעך״ און דער „טויטנמאַרש״ (מעלאָדיע אומבאַ־קאַנט). אין קורצן קען מען וועגן זיי זאָגן, אַז לאַוורי׳ס אַראַנזשירונגען סיי פאַרן אָרקעסטער און סיי פאַרן כאָר צו די דערמאָנטע לידער פאַרמאָגן מוזיקאַלישן שוואונג און געשמאַק. הלוואי זאָלן מיר באַרייכערט ווערן מיט אַ סך אַזעלכע לאַנג־שפּילנדיקע, אידישע רעקאָרדס!

דאָס זינגען פון עמאַ שייוועער אין דער דערמאָנטער לידער־גרופּע גיט זיך איבער אויף אַ פיינעם אופן, מיט אַ געשמאַק, און עס גלוסט זיך הערן. מען פילט דאָ דער זינגערינס ערלעכקייט אין יעדן טאָן און קנייטש. איר

ערנסטער צוגאַנג צום אידישן וואָרט און קלאַנג דריקט זיך אויס אין אַ דרך־ארץ צוביידע. זי ברענגט אַריין אין זיי דאָס וואָס עס פעלט נישט בלויז אידיש־אַמעריקאַנער זינגער, נאָר אויך אַ סך פון אונזערע אידישע זינגער וואָס גיבן זיך לחלוטין אָפּ מיט אידיש־העברעאישן ליד.

„אידישער קעמפער״, אָקט. 21, 1955, נ.י.

# ב. צביון

צו דערלעבן פייערן דעם 80־יאָריקן געבוירנטאָג, דאַרף מען זיין אַ גרויסער בעל־זוכה ביי גאָט. בפרט אַז מ׳איז נאָך ביים פולן שכל און מ׳קען אויך אָנגיין מיט דער זעלביקער אַרבעט ווי מ׳איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצן לעבן, איז אַוודאי און אַוודאי אַ גרויסע זכיה.

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן אין שייכות מיט ב. צביונ׳ס 80־יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס ווערט איצט געפייערט אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. אויב ב. צביון האָט ביים אויבערשטן ניט זוכה געווען אַזאַ טיפן עלטער מיט זיין אויסגעשפּראָכענער אַפּיקורסות און אַנטי־ציוניזם, האָט ער אַוודאי געמוזט עס זוכה זיין מיט זיין אויסערגעוויינלעכן שרייבערישן טאַלאַנט.

ב. צביון איז נישט בלויז געבענטשט מיט חכמה, נאָר אויך מיט שרייבערישן גלאַנץ. ער איז בלתי־ספק איינער פון אונזערע בריליאַנטסטע פעליעטאָניסטן אין דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע. ער שרייבט מיט אַ סך וויסן און מיט אַ זעלטענער ליכטקייט און קלאָרקייט, וואָס לייענט זיך מחיה׳דיק גוט.

ב. צביון איז פון מיינע שרייבער, ווענען איך פאַרפעל קיינמאָל ניט צו לייענען, סיידן אַז איך געפין זיך אויסער ניו־יאָרק, אָדער פאַררייזט איבער פרעמדע מדינות. דאָס מיינט ניט אַז איך שטים איין מיט אַלץ, וואָס ב. צביון שרייבט — בשום אופן ניט!

ערשטנס איז צביון אַ „פאַרפאַלענער״ בונדיסט, און צווייטנס איז ער אויך אַ „פאַרפאַלענער״ סאָציאַליסט, אָבער נאָך פיל ערגער איז: וואָס ער איז ביידע זאַכן בלויז ביים שרייב־טיש — אַנדערש וואָלט ער — ווען ער איז אין

די קריזיס יאָרן געווען דער פּרעזידענט פון י.ל. פּרץ שרייבער פּאַראיין און אַ סך אידישע שרייבער אין אַמעריקע זיינען געווען אַרבעטסלאָז — זיך ניט אויסגעדריקט: „שרייבער זיינען נישט קיין שניידערס וואָס דאַרפן זיך טיילן מיט דער אַרבעט מיט זייערע אַרבעטסלאָזע ברידער". אַגב, דעם דאָזיקן זויערן אומסאָציאַליסטישן זאָג, האָט דער פּאַרשטאַרבענער ב. ריווקין פּאַראייביקט אין אַ שאַרפער סעריע אַנקלאַגע־אַרטיקלען קעגן צביון׳ען און דעם פּרץ־שרייבער־פּאַראיין אונטערן נאָמען „דבר אחר אינקאָרפּאָרייטעד", אין יצחק ליבמאַנ׳ס דעמאָלטיקן וואָכנבלאַט „אונזער פאָלק".

לעבט נאָך לאַנגע יאָרן חשוב׳ער ב. צביון, און — אַנטשולדיקט פאַר דער באַמערקונג! עס איז ניט מיין שולד...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", (דאַטע אומבאַקאַנט)

# עדעלשטאַט־בוך

ש

ווין לאַנג ניט געהאַלטן אין האַנט אַזאַ ציכטיקן אידישן בוך, וואָס איז אין פּולן גייסט און האַרמאָניע מיטן צאַרטן, איידעלן יונג־פאַר־שניטענעם אידישן דיכטער, וועלכער האָט זיין לעבן אויסגעהויכט פאַר דער צייט — אין סאַמע בראשית פון זיין ליד!

אַ קליינע ירושה האָט דוד עדעלשטאַט איבערגעלאָזט נאָך זיך, אָבער אַ רייכע אין גייסט, ערלעכקייט, פּאַרמעסט, בענקשאַפט נאָך יושר און גערעכטיקייט, נאָך אַ שענערער וועלט פאַר אַלע מענטשן־קינדער. אויב זיין ליד דאָ און דאָרט גלאַנצט ניט מיט קיין ריינער פּאָעזיע, מעטאַפאָר און מוזיק, גלאַנצט זיין ליד אָבער מיט ריינקייט פונעם אמת, וואָס האָט שטענדיק ניגון׳דיק אַרויסגעזונגען פון די טיפענישן פון זיין האַרצן און זיידענער נשמה.

און אַז דער אמת פון אַ דיכטער שטייט אַ סך העכער אפילו פון דער סאַמע ריינסטער פּאָעזיע, איז ביי מיר גאָר קיין פראַגע ניט.

אַ סימן: שוין אַריבער זעכציק יאָר ווי עדעלשטאַט איז געשטאָרבן און מ׳רעדט און מ׳שרייבט נאָך אַלץ פון אים!

ב. ביאַלאָסטאָצקי, דער רעדאַקטאָר פונעם עדעלשטאַט־בוך, פאַרדינט אַ

האַרציקן יישר־כוח סיי פאַר רעדאַקטירן דעם פּרעכטיקן ספר און סיי פאַר זיין גוט־אויפגעבויטער און גוט־באַלאַנסירטער עסעי „פיר זיינען זיי געווען", אין וועלכער ער באַהאַנדלט מאָריס ווינטשעווסקי'ן, מאָריס ראָזענפעלד'ן, דוד עדעלשטאַט'ן און יוסף באָוושאָווער'ן. ער האָט אויך געטאָן אַ גרויסן חסד דעם אומפאַרגעסלעכן צאַרטן דיכטער, וואָס ער האָט אַריינגענומען אינעם בוך אַן אויסוואַל פון זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען און דערציילונגען.

ביים לייענען די אַרטיקלען: „פּרינציפּנלאָזיקייט פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור": „זשאַרגאָנישע דיכטער": „פּאָיאַצירט": „די אידישע אַרבעטער באַוועגונג", און „אידישע סאָציאַל דעמאָקראַטן", פילט איר, ווי זיי וואָלטן אַט איצט ערשט געשריבן געוואָרן! מחמת עס האָט זיך זינט יענער צייט, ווען עדעלשטאַט האָט מיט בלוט פון זיין האַרצן די אַרטיקלען געשריבן, באמת גאָרנישט געענדערט — אדרבה!

די „פּרינציפּנלאָזיקייט" אויף דער אידישער שרייבער און אידישער אַרבעטער־גאַס אין אַמעריקע, איז איצט אַ סך ערגער נאָך ווי זי איז געווען דעמאָלט...

מיט וואַרטפולע עסייען און אָפּשאַצונגען אינעם בוך זיינען פאַרטראָטן: דר. י. נ. שטיינבערג „די שווערד און דער פלאַם": רודאָלף ראָקער „פון אַמאָל ביז איצט": ח. שאַטאַן „עדעלשטאַט'ס אידייען": מ. קאַטץ „זיין געשטאַלט": דר. הערמאַן פראַנק „פּאָעט, רעדאַקטאָר און פּובליציסט": ש. יאַנאָווסקי „עדעלשטאַטס איינפלוס": ה. לאַנג „הימנעס און תפילות": מיכל געלבאַרט „ליד און ניגון": און ח.ש. קאַזדאַן „עדעלשטאַט אין דער אַרבעטער ליטעראַטור".

מיט בעסערע לידער וועגן דוד עדעלשטאַט'ן זיינען פאַרטראָטן די דיכטער: י.י. סיגאַל, יעקב סטאָדאָלסקי, ה. לייוויק, ז. וויינפּער, מ.א. סול און ל. פיינבערג.

פאַרשטייט זיך, אַז ווי גוט ביאַלאָסטאָצקי האָט ניט רעדאַקטירט דעם עדעלשטאַט־ספר, איז ער נישט אינגאַנצן אָן קיין חסרונות. עס זיינען, למשל, פאַראַן דאָרט בילדער, וואָס זיינען — היסטאָריש — דורכאויס נויטיק געווען. אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען לחלוטין איבעריק און מאַכן דעם איינדרוק, ווי פון אַ „גאַלעריע פון פאַרשוואונדענע מענער", וועלכע ווערן געדרוקט אין דער טעגלעכער פּרעסע. אָבער דאָס און נאָך

אַנדערע דיסאַנאַנסן, פּאַרמינערן אויף אַ האָר ניט דעם ווערט פונעם ציכטיקן, מאָנומענטאַלן ווערק.

דער דוד עדעלשטאַט געדענק־בוך, ווי ער הייסט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון צוזאַמענגעשטעלטע קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק, לאָס־אַנדזשעלעס און סאַן־פראַנציסקאָ, 1953, און פאַרמאָגט 624 זייטן.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, יולי 30, 1954, נ. י.

# מאַקסים בראָדין — דער זינגער מיט דרך ארץ פאַר'ן וואָרט און קלאַנג

מאַקסים בראָדין האָט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען ווי איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע אידישע קאָנצערט־זינגער אין אַמעריקע און וועלכער האָט דער עיקר זיך אָפּגעגעבן מיטן אידישן דיכטערישן ליד. ס'איז נישטאָ קיין שטאָט און שטעטל אין אַמעריקע, וואו מאַקסים בראָדין האָט נישט געזונגען. ער איז עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָרן איבערן לאַנד פאַרן אַרבעטער רינג, פאַר דער אידישער „וועלפעיר באָאָרד״, און נאָך אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס; לעצטנס אויך פאַר דעם אידישן מוזיק פאַרבאַנד, וועמעס נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר ער איז. ער איז בוכשטעבלעך אויסגעפאָרן ווי אין פּסוק שטייט: „מעיר לעיר, מכפר לכפר״, פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, דערפרייען אידישע הערצער מיטן אידישן ליד און אידישן ניגון.

מאַקסים בראָדינ'ס באַליבטע אידישע פּאָעטן זיינען: מאַני לייב זישע לאַנדע, משה־לייב האַלפּערין, ה. לייוויק, זישע וויינפּער, ה. רויזענבלאַט, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, אברהם רייזען, אברהם ליעסין, חיים־נחמן ביאַליק. און זיינע באַליבטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס זיינען: מיכל געלבאַרט, סאָלאָמאָן גאָלוב, פּנחס יאַסינאָווסקי, זאַוועל זילבערטס, וולאַדימיר חפץ און יעקב שייפער.

מאַקסים בראָדין איז געבוירן געוואָרן מיט אַ הויכן, דראַמאַטישן טענאָר מיט אַ מעטאַלישן קלאַנג. ער האָט זיין אייגענעם שטייגער פון אויסזינגען און אויסטייטשן אַ ליד. איר קאָנט מיט אים אַמאָל ניט זיין איינשטימיג, אָבער

עס איז דורכאויס זיין אייגענער צוגאַנג, זיין אייגענער באַנעם און אַריינ־דרינג פונעם ליד און פון דער מוזיק, וואָס ער זינגט.

אַ חוץ מאַקסים בראַדינ׳עז, האָבן אין אַמעריקע זיך באַפעסטיקט מיטן אידישן דיכטער־ליד: נ. זאַסלאַווסקי, סאָלאָמאָן גאָלוב, פנחס יאַסינאָווסקי און נאָך אַנדערע. אָבער אַט־די דריי דערמאָנטע זיינען נישט געווען קיין קאָנצערט־זינגערס אינעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט, נאָר קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרשפרייטן די לידער, צו וועלכע זיי אַליין האָבן געשריבן די מוזיק. איבערהויפּט די לעצטע צוויי, הגם פנחס יאַסינאָווסקי האָט געהאַט אַן אָנגענעמע טענאָר־שטימעלע, האָט אים אָבער געפעלט די „ראָזשינקע״. סאָלאָמאָן גאָלוב, ווידער, האָט געוואָלט זינגען — און האָט געזונגען! — אָבער ער האָט געהאַט אַ שוואַכע שטימע, אָדער בכלל קיין שטימע ניט. אָבער זיינע פאַרדינסטן פאַרן פאַרשפרייטן דאָס אידישע, דיכטערישע ליד, אַ חוץ זיינע קאָמפּאָזיטאָרישע פאַרדינסטן, זיינען גאַנץ היפּשע, און מ׳דאַרף אים שטענדיק דערמאָנען צווישן די טרעגער פונעם אידישן ליד און אידישן ניגון אין אַמעריקע. און דער דריטער, נ. זאַסלאַווסקי, האָט גראַד יאָ געהאַט אַ גוטע שטימע, אַ באַריטאָן, אָבער עס האָט אים נישט „געקליידט״ דאָס זינגען, ער איז געווען אַ בעסערער „טעמפּל־חזן״ — ווי אַ לידער־זינגער.

ווי שוין באַמערקט, מאַקסים בראַדין גיט דער עיקר זיך אָפּ מיטן אידישן דיכטערישן ליד, וואָס ער כאַוועט מיט אַ סך ליבשאַפט און מיט גרויס חשיבות און דרך־ארץ — פאַרן וואָרט און קלאַנג. ער האָט שטאַרק הנאה דערפון — דאָס קאָן מען גרינג פילן פון זיין שטייגער זינגען, זיין פּנים זאָגט עדות דערויף. און דאָס איז גוט: אַ זינגער דאַרף הנאה האָבן פון זיין זינגען, דעמאָלט דערפילט דער עולם דעם אמת׳ן טעם פון געזאַנג!

זאָל דאָ באַמערקט ווערן: אַז אמת׳ער זינגער טאָר נישט טראַכטן, אַז דער צוהערער פאַרשטייט גאָרנישט און ווייסט גאָרנישט. פאַראַן אַוודאי אַזעלכע אויך — אָהאָ! — אָבער דער רוב אידישער עולם האָט אין תוך שטאַרק ליב געזאַנג און פאַרשטייט זיך אויף נגינה. איז דאָך נגינה אַ וויכטי־קער און אַ גרויסער טייל פונעם גאַנצן אידישן לעבן, פונעם אידישן שטייגער און פון דער אידישער געשיכטע — אין דער היים און אין קאַמף אויף דער גאַס.

ניט לאַנג צוריק האָב איך בייגעוואוינט מאַקסים בראַדינ׳ס אַ לעקציע און

ער האָט דערביי אויך געזונגען אייניקע לידער פון זיין רייכן רעפּערטואַר און — ס׳איז געווען אַ מחיה אים צו הערן, דער זינגער פון אים האָט אַרויסגעזונגען אויף אַלע אופנים. קורץ — אַז מ׳ווערט געבוירן מיטן ניגון אין מויל, בלייבט ער אויף תמיד; יאָרן קאָנען אָפּשוואַכן אַ שטימע, אָבער דער ניגון בלייבט! דאָס קאָן קיינער ביים געבוירענעם זינגער נישט אַוועקנעמען, ער בלייבט אין אים און מיט אים אויף אייביק.

וואויל איז דעם קינסטלער, וואָס איז אָרנטלעך מיט זיין קונסט־געביט. אָרנטלעכקייט, נאָך מיין מיינונג, דאַרף זיין די איינציקע קריטעריע און קונסט — ווי אין לעבן — און מ׳קאָן עס גרינג אָנטאַפּן מיט די פינגער, דערפילן און דערשמעקן, אויב נאָר מ׳האָט די ריכטיקע „נאָז״ דערפאַר.

מאַקסים בראָדין׳ס צוגאַנג צום אידישן ליב און צום אידישן ניגון איז אַ העכסט־אָרנטלעכער, אַ ציכטיקער און אַ ריינער. ער לאָזט זיך געדענקען, ער איז נישט קיין „אָפּזינגער״, נאָר אָן איינזינגער, איינער, וואָס רופט ביים צוהערער אַרויס וואַרעמע געפילן דערהויבונג און אַ פאַרלאַנג צו אַ שענערן לעבן, צו אַ בעסערער וועלט. ער זינגט מיט כוונה און אחריות — צו זיך און צום עולם; נישט „פויגל פריי״, נאָר ציל־באַוואוסטזיניק.

און דערפאַר, אַז מ׳הערט בראָדין׳ען זינגען לידער ווי זישע לאַנדוי׳ס „אין דער פינצטער״, י. פּאַפּערניקאָוו׳ס „זאָל זיין״, אָדער אַזעלכע לידער ווי רויזענבלאַט־געלבאַרט׳ס „אַליין״, ביאַלאָסטאָצקי־געלבאַרט׳ס „אומרו״, משה לייב האַלפּערין־בען יאָמין׳ס „די זון וועט אַרונטערגיין אונטער׳ן באַרג״, אַלמי־גאַלוב׳ס „חלום, חלום״, לייוויק־געלבאַרט׳ס „גיין, דאַרף מען גיין״, עליזה גרינבלאַט־גאַלוב׳ס „חלומ׳ען חלומות״, לייוויק־חפצ׳עס „ערגעץ ווייט״, מאַני לייב־גאַלוב׳ס „אויף יענער זייט טייך — ווערט יום־טוב׳דיק אויפן האַרצן און מחיה׳דיק אויף דער נשמה. די דאָזיקע דערמאָנטע פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרס האָבן מיט זייערע לידער און ניגונים אויסגעפּלאָסטערט אַ שליאָך צום אידישן מענטשן און אויפגעוועקט אין אים איידעלע געפילן און אויסגעפיינערט זיין געשמאַק.

געוויס האָט אין זיין לאַנג־יאָריקער קאַריערע, פּונקט ווי אַ סך פון זיינע קאָלעגן, מאַקסים בראָדין מן־הסתם „געזינדיקט״ מיט אַ ליד פון „לייכטן זשאַנד״; אַז מ׳לעבט אין אַ סביבה פון „בראַזגעדיקן דזשאַז״, פון „ביטעלס״ און נאָך אַנדערע „קרעכצנדיקע״ און „אָכצענדיקע״ זינגרס, קאָן פּאַסירן, אַז מ׳ווערט אַמאָל „געשטרויכלט״. אָבער דאָס האָט נישט קיין באַדייט, דאָס איז

נישט מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקע זאַך, וואָס ווערט דעם פיינערן זינגער נישט גערעכנט. עס איז דער גוטער „וועקסל״, וואָס דער און יענער פיינער אידישער זינגער שרייבט אָן — דאָס איז דער עיקר!

אין דער גאַלערייע פון אידישע זינגער אין אַמעריקע, וועלכע האָבן צוגעטראָגן וויכטיקעביישטייערונגען צום פיינערן אידיש ליד און צום שענערן אידישן ניגון, וועט דער נאָמען מאַקסים בראָדין באַשטימט פאַר־שריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות, מיט קלאָרער שריפט און ווערטיגקייט.

„מאָרגן פרייהייט״, יוני 25, 1974, נ. י.

# איציק קיפּניס

## זיין יוגנט, זיין סלאָוועשנע און זיין לירישער־טאָן

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן אין די הייסע זומערדיקע טעג, טיילווייז אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע, וואו עס לעבט קיפּניס'עס משפּחה, — אשר און שואל, די צוויי ברידער פון זיין ערשטער פרוי, זיין הייס־געליבטע יונג־פאַרשטאָרבענע בוזי, בוזי כייטשיקס, וואָס ער האָט באַזונגען אין זיין ערשטן רושם־מאַכנדיקן בוך „חדשים און טעג״, און טיילווייז אין שיקאַגאָ און ניו יאָרק, וואו עס לעבן קיפּניס'עס סלאָוועשנער לאַנדסלייט און חברים. פון זיינע סאַמע נאָענטסטע חברים דאַרפן דאָ דער־מאָנט ווערן: מאַשאַ שולמאַן און ראָזאַ האָפמאַן אין שיקאַגאָ, און דוד שערמאַן אין ניו יאָרק. פון די אַנדערע חברים זיינע, וועלכע געפינען זיך אין קיעוו און אין מאָסקווע, דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן: מאָטל פערלס, לייבל ברוך־אייזיק דעם שוחט'ס, משה'קע דעם רב'ס און שיינדל פייגעס.

אָט די דאָזיקע, זיינען געווען קיפּניס'עס סאַמע נאָענטסטע חברים, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געלערנט, געגאַנגען שפּאַצירן, פאַרבראַכט שבתים נאָכמיטאָגס אין די ליפּקעס, אויף דער שיניצע, וואו ער האָט געוואוינט און ס'האָט געהייסן: נחום דער הארבאר'ס שטוב, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער רויטער באַלניצע, אַנטקעגן דעם אָפּגעקראָכענעם וואַלאַסט און דער גרויער שקאָלע מיטן גרינעם דאַך.

אָבער כאָטש קיפּניס האָט געהאַט נאָענטע חברים, איז ער שטענדיק

אַרומגעגאַנגען ווי ער וואָלט געווען פּאַרטאָן מיט זיך, אָבער קיינמאָל ניט — פאַר זיך. ער האָט אַלעמאָל געטראַכט פון דעם און פון יענעם נאָענטן חבר זיינעם, שכן און פרעמדן. ער האָט געוואָלט וויסן: וואָס דער טוט, און וואָס יענער מאַכט, ווי עס גייט דעם און יענעם, און האָט זיך אָנגענומען אַלעמענס קריוודעס...

אין סלאָוועשנע האָבן אַלע געוואוסט, אַז איציק שפּילט פידל און שרייבט העברעאישע „שירים". אָבער ווי גוט, אָדער ווי שלעכט, די „שירים" זיינען, דאָס האָבן נאָר געוואוסט לייבל ברוך אייזיק׳ס און דוד סטישע׳ס. דער לעצטער האָט אַליין אויך געשריבן העברעאישע „שירים", אָבער פון זיין שרייבן איז גאָרניט געוואָרן. זעט אויס, עס האָט אים געפעלט דער נויטיקער פּאָעטישער טאַלאַנט. ער איז איצט איינער פון די הונדערטער קליינע לאַיערס (אַדוואָקאַטן) אין דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק.

קיין צופיל נחת פון זיינע חברים האָט קיפּניס ניט געהאַט, ניט פון לייבלען ברוך־אייזיק׳ס; ניט פון משה׳קען דעם רב׳ס, וואָס האָט אויך, ווי ער, געשפּילט פידל; ניט פון מאָטל׳ען פערל׳ס, וואָס איז עד־היום געבליבן אַ „בטלן"; ניט פון מאָשע שולמאַן, וועלכע איז געווען אַ שיינע און אַ קלוגע, אָבער זי האָט געהאַט דעם „מזל" צו חתונה האָבן מיט אַ מאַן, וואָס איז געווען פּונקט דער היפוך פון איר, אָבער זי איז נאָך איצט אויך, אין איר טיפן עלטער אפילו, פּונקט אַזוי שיין און קלוג ווי זי איז געווען און לעבט אין שיקאַגאָ; און ניט פון ראָזא האָפּמאַן, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ רייכן פוטער־פאַבריקאַנט און איז געוואָרן אַ רייכע דאַמע...

איין־איינציקער לאַנדסמאַן זיינער, אַ פיל אינגערער, פון וועמען קיפּניס האָט פון דערווייטן געקליבן נחת, איז — דער באַקאַנטער אידישער פאָלקס־זינגער, מוזיק־קריטיקער און שרייבער, קאָמפּאָזיטאָר, לעקטאָר און קולטור־טוער, מרדכי ירדני, וועמען מ׳האָט אין סלאָוועשנע גערופן: מאָטעלע מלכה דעם באַראַנ׳ס, אָדער „באַראַנטשיק", צוליב זיינע קוטשעראַווע האָר.

עס דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז ביידע רעוואָלוציעס, פון 1917, סיי די פעברואַר־רעוואָלוציע און סיי די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, זיינען געקומען קיין סלאָוועשנע מיט היפּשער פאַרשפּעטיקונג. די נייעס וועגן דער פעברואַר־רעוואָלוציע האָט דערגרייכט סלאָוועשנע אַרום פּסח־צייט, און די נייעס וועגן דעם אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אָנגעשלאָגן קיין סלאָוועשנע אַרום חנוכה־צייט. אָבער ביז די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט זיך אין

סלאָוועשנע באַפעסטיקט, האָבן אין דער צווישן־צייט געבושעוועט פאַר־שידענע געגנטלעכע „פּאָוסטאַנצעס״, ווייט ניט מיט קיין לויטערע „כוונות״. די הויפּט „פּאָוסטאַנצעס״, די גרעסטע אין צאָל, זיינען געווען די „פּאָקאַליאָווצעס״, וועלכע האָבן זיך גערופן אויפן נאָמען פונעם גרויסן דאָרף פּאָקאַליאָוו, וואָס איז געלעגן אויפן וועג צווישן דער אויעזדנער שטאָט אָוורוטש און סלאָוועשנע.

דאָס וואָס די „פּאָקאַליאָווצעס״ האָבן פאַרברענט די אָרומיקע גרויסע פּריצישע־הויפן און האָבן צעטיילט די פּריצישע־פעלדער צווישן די אָרימע פּויערים, האָט די סלאָוועשנער אידן אַוודאי ניט געאַרט. אָבער אַז די זעלביקע „פּאָקאַליאָווצעס״ האָבן אָנגעהויבן אויף די סלאָוועשנער אידן אַרויפלייגן שווערע „קאָנטריבוציס״, און נאָך מער ווען מ׳האָט גענומען באַראַבעווען די אידישע הייזער, די אָרימע ווי די רייכע, דאָס האָט סלאָוועשנע שטאַרק געטראָפן. אמת, אַז עס זיינען אין סלאָוועשנע אַוודאי געווען רייכע אידן, אָבער די מערהייט איז באַשטאַנען פון מיטל־קלאַס און אָרימע מענטשן.

עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז די „פּאָקאַליאָווצעס״ זיינען אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס, אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּשוט׳ע רויבער און מערדער. מיט פּעטליורע׳ס איבער־נעמען די מאַכט אין אוקראַינע, האָבן זיי זיך געשטעלט אויף זיין זייט און צוזאַמען געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס...

די ערשטע „חתונה״, וואָס די פּעטליוראָווצעס האָבן אין אונזער געגנט אָפּגעשפּילט, איז געווען דער פּאָגראָם אין אָוורוטש, אונטער דעם מערדער באַטקאָ קאָזיר זירקאָ! אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז דאָס געווען דער ערשטער פאַרשפּיל־פּאָגראָם אין אוקראַינע פון „פּעטליורע׳ס באַנדעס. אויב אָבער איר וועט זאָגן, אַז ס׳איז ניט אַזוי, — אַז דער ערשטער בלוטיקער פּאָגראָם וואָס די מערדערישע פּעטליוראָווצעס האָבן „פאַרקאָכט״ איז פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו, וועל איך זיך מיט אייך ניט שפּאַרן. איך ווייס פון אָוורוטש, וואָס איז געווען אונזער אויעזדנע שטאָט און געפינט זיך אַ צוואַנציק ווערסט פון סלאָוועשנע.

אין איין שיינעם ווינטער־טאָג, האָבן זיך אין סלאָוועשנע באַוויזן אידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון אָוורוטש און קוים זיך געראַטעוועט מיטן לעבן. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט אויף די גאַסן געכאַפּט אידן, און אויך

געשלעפּט פון די הייזער אידן, און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אויף אַ פעלד ניט ווייט פונעם וואָקזאַל און אַלעמען אויסגעשאָסן. זייער ווייניק האָבן זיך געראַטעוועט, און די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט זיינען געווען שטאַרק פאַרוואונדעטע, צעלעכערטע און צעביילטע.

די נייעס וואָס מ׳האָט געטאָן מיט די אידן אויפן ליידיקן פעלד, ביים וואָקזאַל, האָט זיך בליץ־שנעל צעטראָגן איבערן גאַנצן שטאָט און מ׳האָט פון אַלע זייטן גענומען לויפן ווער עס האָט נאָר געקאָנט.

די וועגן וואָס האָבן געפירט פון אָוורוטש קיין נאַרינסק, קיין וולעדניק, קיין סלאָוועשנע, זיינען געווען פאַרפלייצט מיט צעשראָקענע אידן. מ׳איז ניט געווען זיכער, אַז היינט, אָדער מאָרגן, וועלן די זעלביקע פּעטליור־ראָוועס ניט זיך אַראָפּלאָזן אויף די דערמאָנטע שטעטלעך און אָפּשפּילן די זעלביקע טרויעריקע „חתונה״, וואָס אין אָוורוטש! ס׳איז ניט געווען קיינער אין די דאָזיקע שטעטלעך ווער עס זאָל זיך זיי אַנטקעגן שטעלן, קיין שום מאַכט איז ניט געווען, די שטעטלעך זיינען געלעגן אָפן פאַר זיי, ווי אַ ביסן ברויט אַרונטערצושלינגען.

דער פּחד וואָס איז געפאַלן אויף סלאָוועשנע, איז געווען אין־לשער. מ׳האָט די „בעזשענצעס״ פון אָוורוטש אַריינגענומען אין די הייזער און זיך מיט זיי געטיילט מיטן לעצטן ביסן. מ׳האָט אַלעמען באַזאָרגט מיט אַ געלעגער, מיט וואַרימע קליידער, מיט שיך, ווייל אַ סך זיינען געקומען צו־לויפן באָרוועסע און האַלב־נאַקעטע. פון יעדן איינעמס אויגן האָט אַרויס־געקוקט שרעק, צעטראָגנקייט, מחמת מיט עטלעכע טעג פריער, פאַר דער בלוט־מאָרד, האָט דער פּעטליורישער באַטקאָ קאָזיר זירקאָ אויפגענומען אַ אידישע דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון די אָנגעזעענסטע אידן אין אָוורוטש און ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז עס וועט זיי קיין בייז ניט געשען...

וואָס איז דאָ צו דערציילן? ס׳איז געווען אַ מורא׳דיקע צייט. מ׳האָט ניט געוואוסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. אויף די גאַסן, אין די שטיבער און אין די קלויזן, האָט מען זיך געשושקעט: איין „פּאַטשט״ איז געווען שרעק־לעכער פון דער צווייטער: דער האָט דאָס דערציילט, און יענער האָט עפּעס אַנדערש דערציילט: דער האָט דאָס געהערט, און יענער האָט עפּעס אַנדערש געהערט: מ׳האָט ניט געקאָנט דערגיין קיין „טאָלק״. די נייעס האָבן אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ ציטער, אָבער עפּעס טאָן האָט מען נישט געוואוסט וואָס? ס׳איז געווען נאָר איין זאַך: וואַרטן! וואָס גאָט וועט געבן,

דאָס וועט זיין... אפילו די היימישע פויערים, מיט וועלכע מ׳האָט לאַנגע יאָרן געוואוינט אין שכנות, האָבן אָנגענומען אַ מרה־שחורה׳דיקן אויסזען: עפּעס ווי פרעמדע פּנים׳ער, ווי אינגאַנצן ניט קיין היגע און וואָלטן לחלוטין ניט געהאַט צו טאָן מיט סלאָוועשנע...

די שרעקלעכע לאַגע האָט זיך געצויגן אַזוי עטלעכע וואָכן צייט, ביז גאָט האָט געהאָלפן און די באָלשעוויקעס האָבן פאַרטריבן די פּעטליור־ראַוועצעס ניט בלויז פון אָוורוטש, נאָר אויך פון קאָראָסטעז, און מאַלין, פון כאַבנע, פון טשערנאָביל, און פון נאָך אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואו די כוליגאַנעס האָבן געשאַלטעוועט, און די פּנים׳ער ביי די אידן האָבן אויפגע־לויכטן. פּטור געוואָרן פון די פּעטליורישע מערדער! אויף ווי לאַנג? דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט, אָוורוטשער אידן האָבן גענומען פאָרן צוריק אַהיים. מ׳האָט זיי באַזאָרגט מיט באַלעגאָלעס, אַלערליי פורן, און זיי אָרויס־באַגלייט מיט עסן, ברויט, מילכיגס, אַנטועכץ. „פאָרט געזונטערהייט! מ׳זאָל איינער פון אַנדערן הערן גוטע בשורות, ס׳זאָל מער קיין בלוטיקע פּאָגראָ־מען ניט זיין! די פּעטליוראַוועצעס זאָלן איינעמען אַ מיתה־משונה! ווער דאַרף האָבן אַזאַ באַפרייטע אוקראַינע? זאָלן זיי גיין מיטן קאָפּ אין דער ערד! ימח־שמם וזכרם?״

* * *

ווען אין אַ שיינעם טאָג, האָט זיך אין סלאָוועשנע באַוויזן אַן אינסטרוק־טאָר, וועלכער איז פון דער מאַכט ספּעציעל, אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון אָוורוטש, צו אָרגאַניזירן אַ „פּראָפסאָיוז״, איז איציק קיפּניס, וואָס האָט שוין דעמאָלט געאַרבעט ביי זיין טאַטן אין גאַרבאַרניע, געווען צווישן די ערשטע זיך צו מעלדן און אָנגעשלאָסן צו ווערן. דער צווייטער צו אים איז געווען מענדל גיטל׳ס, דער איינציקער אין סלאָוועשנע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ בונדיסט. מ׳האָט זיי ביידן אויפגענומען מיט „נשיאות־חן״, מחמת פון אַלע בעל־מלאכות אין סלאָוועשנע זיינען זיי געווען די סאַמע איידעלסטע, געלערנטסטע, דער עיקר איציק, וועלכער איז געשטאַנען מיט צען קעפּ העכער פון איטלעכן.

איציק האָט אַלצדינג געטאָן, אַז דער „פּראָפסאָיוז״ זאָל ווערן אַ „יש״, זאָל אָנהויבן צו פונקציאָנירן. צוזאַמען מיט הערשל, מנחם דעם שוסטער׳ס, וועלכער איז געווען אַ דורכגעטריבענער יונג, אַ בחור מיט אַ שטעל, און

אויך שלמה עלטשיק דעם שוסטער׳ס, וואָס איז גראָד אַליין ניט געווען קיין בעל־מלאכה, ווי אויך יאַנקל באַשעס, אַ סטודענט — זיי אַלע האָבן צוזאַמען איבערגענומען די פירערשאַפט פונעם „פּראָפּסאָיוז״, מיט וועלכן מ׳האָט זיך גאָר שנעל גענומען רעכענען אין סלאָוועשנע. ניט אַלעמען האָט עס געשמעקט, מ׳האָט געדרייט מיט די נעזער, אָבער מ׳האָט די דאָזיקע געהערט ווי דער „קאָטער״... וויפיל נאָר בעל־מלאכות עס זיינען געווען אין סלאָוועשנע, האָבן אַלע זיך אָנגעשלאָסן אינ׳ם „פּראָפּסאָיוז״: שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס, הארבאַרניקעס, קאָוואַלעס, סטעלמאַכער, רימערס, שטריקל־דרייערס, היטל־מאַכערס, בייגל־בעקערס און נאָך אַנדערע אַרבעטער.

נאָכדעם ווי דער „פּראָפּסאָיוז״ איז איינגעשטעלט געוואָרן, האָט דער ספּעציעלער אַרונטערגעשיקטער פון אָוורוטש אינסטרוקטאָר גענומען זיין „פּאַפּקע״ אונטערן האַנט און איז אַוועקגעפאָרן. קיפּניס און די אַנדערע האָבן בשלימות געטאָן זייער אַרבעט און סלאָוועשנער בעל־מלאכות האָבן אָנגעקוואָלן פון זייערע „דאָמאַשנע״ (היימישע) פירער. דער עיקר האָבן זיי אָנגעקוואָלן פון איציק׳ן, כאָטש אַ טאַטנ׳ס אַ זון, און אויך אַ גביר׳ס אַ זון, דאָך מישט ער זיך מיט אַלע בעל־מלאכות, ווי איינער פון זיי. זיין אויפפירן זיך, האָט אַלעמען אָנגעשטעקט...

ס׳איז געווען אַ פריילעכער זומער. סלאָוועשנע האָט זיך גע׳רעש׳ט מיטן „פּראָפּסאָיוז״ (פּראָפעסיאָנעלע פאַראיין, יוניאָן), מ׳האָט אויך איינגע־שטעלט אַ ביבליאָטעק מיט אידישע, העברעאישע און רוסישע ביכער, אַ פרייע „קיך״ פאַר אָרימע קינדער, וואו מ׳האָט געגעבן צוויי מאָל אַ טאָג עסן: מיטאָג און וועטשערע. אינצווישן צייט האָט מען די קינדער געלערנט זינגען לידער און פאַרשידענע שפּילערייען.

איציק קיפּניס פלעגט יעדן טאָג אַריינקומען אין דער קינדער־היים, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן ביי בן־ציון דער האַרבער אין דער גרויסער רייכער דירה, שפּילן פידל, און די קינדער האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן. ער פלעגט אויך מיטברענגען זיין שוועסטער דינקע, די שפּעטערדיקע אידישע פּאָעטעסע דינה ליבקעס, וועלכע פלעגט דערציילן די קינדער פאַרשידענע מעשה׳לעך. די מאַמעס פון די קינדער זיינען געווען די „קוכערס״, די „צעטיילערס״ פונעם עסן, און אויך די „איינקויפערס״ פאַרן געלט, וואָס דער „פּראָפּסאָיוז״, צוזאַמען מיט עטלעכע אָנשטענדיקע רייכע באַלע־

באַטים, ווי שלמה מאיר־דוד דעם באַראַנס, וועלוול באַשעס, ברוך דער צעלניקער, מאָטל ראַטנער, אברהמ׳ל דער טראַסקער, האָבן געהאַלפן שאַפן.

עס האָבן דעם זומער אין סלאָוועשנע אויך ניט געפעלט קיין חתונות. דער האָט חתונה געהאַט מיט די, און די מיט יענעם. די טאַטע־מאַמע איז יאָ געווען דער „שידוך״ געפעלן, און די טאַטע־מאַמע ניט. מ׳האָט זיך געבלאָזן, געי׳חוס׳ט, גע׳ברוגז׳ט — און זיך צוריק איבערגעבעטן. דער עיקר: ס׳איז געווען אַ פריילעכער זומער אין שטעטל!

דעם גרעסטן „שטורעם״ אין סלאָוועשנע, האָט אַרויסגערופן די נייעס, אַז איציק נחום דעם האַרבאַר׳ס, איציק ליבקעס, קלייבט זיך חתונה האָבן מיט בוזי כייטשיק׳ס! איציק׳ס טאַטן איז שטאַרק ניט אַנגעשטאַנען דער „שידוך״, אָבער איציק׳ס מאַמע, ליבקען, איז דער שידוך דווקא יאָ געפעלן געוואָרן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ „חתונה״: ניט געפעלן, יאָ געפעלן; ניט אַנגעשטאַנען, יאָ אָנגעשטאַנען. עס האָט זיך געדרייט און געדרייט, ביז איציק האָט חתונה געהאַט מיט בוזי׳ן, ווייל אַזוי האָט ער געוואָלט און אַזוי האָט ער געטאָן. די מעשה מיטן ניט אָנשטיין דער „שידוך״ איז געווען דערפאַר, מחמת אי בוזי, אי בוזי׳ס מאַמע, זיינען געווען מאָדיסטקעס. דער טאַטע בוזי׳ס, יואל, איז ווי אַ סך סלאָוועשנער, געווען אין אַמעריקע, ריכטיקער — אין קאַנאַדע.

נו, איז דאָס געווען אַ ליבע! גאַנץ סלאָוועשנע האָט גערעדט פון איציק׳ס און בוזי׳ס ליבע! אַן גאַנץ סלאָוועשנע האָט אָנגעקוואָלן, ווי אַזוי זיי האָבן ביי שרה־לאה׳ן דער אלמנה אין אַן אַלקיר איינגעשטעלט אַ באַלע־באַטישקייט. מ׳האָט אין סלאָוועשנע גערעדט אַז איציק קעכלט בוזי׳ן, ווי זי וואָלט געווען ניט קיין ווייב זיינע, נאָר זיינס אַ קינד; אַז ער וואַשט זי, קעמט איר די האָר, טוט איר אָן די שיך, דערלאַנגט איר עסן, קאָכט פאַר איר און ראַמט — און וואָס ניט? אַלע מיידלעך און יונגע ווייבלעך פון סלאָוועשנע האָבן שטאַרק מקנא געווען בוזי׳ן. אָט דאָס הייסט אַ מזל, אָט דאָס הייסט אַ גאָלדענער שידוך! שוין איינמאָל אַ געראָטענער שידוך — אויף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן!

וואָס־זשע טוט גאָט? ברעכט אויס אַ פּאָגראָם! יאָ, אַן אמת׳ער פּאָגראָם מיט אַלע פּיטשעווקעס, אויף וועלכע סלאָוועשנע האָט זיך אסור געריכט! ווער, אַ שטייגער, האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז די היימישע פּויערים, מיט וועלכע מ׳וואוינט אַלע יאָרן אין שכנות, וועט זיך פּלוצים, מיר־ניט, דיר־ניט, פאַרגלוסטן צו מאַכן אַ פּאָגראָם?! ווער וואָלט זיך עס געגלויבט? ווי קומט

צו די סלאָוועשנער פּויערים גאָר אַזאַ וויסטער, פינצטערער געדאַנק, אַזאַ משוגע׳נער בלוטיקער איינפאַל?!

* * *

געווען איז עס ניט אין קיין פּשוט׳ן דינסטאָג, אָבער אין אַ דינסטאָג, „שבעה־עשר״ בתמוז. מיט אַמאָל, ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפן: טראַך, טראַך, טראַך! עס האָבן זיך גענומען טראָגן שיכור׳ע קולות, געשרייען, גוואַלדן, אַ בראַזגען פון פענצטער, אַ ברעכן פון טירן, אַ רייסן פון שלעסער, אַ טופּען פון פיס, ווי אַ ווילדע טשערדע, וואָס ווערט געיאָגט פון בייזע חיות, צערייצטע וועלף און צעיושעטע בערן. די שיכור׳ע קולות זיינען געגאַנגען ביזן הימל. באַלד האָבן זיך דערהערט געיאָמערן „אוי, מאַמע!״, ווי שאַרפע מעסערעס האָבן דורכגעשניטן די זומערדיקע ביינאַכט לופט. ווער יאָמערט עס, וועמעס לעצטער „אוי״, וועמעס שניידנדיקער „קרעכץ״, ווי מיט אַ חלף?...

דריי טעג צייט און דריי נעכט, האָט אָנגעהאַלטן דער היימיש־געמאַכטער־בלוטיקער פּאָגראָם פון די שכני׳שע פּויערים, אין וועלכן הונדערט נפשות האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס, אַ חוץ דעם זיינען געווען אַ סך פאַרוואונדעטע, צעקאַליעטשעטע, צעביילטע, צעראַניעטע.

די וועלכע זיינען לעבן געבליבן, אָדער וואָס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, האָבן מיט פאַרשפּעטיקונג געגעבן צו וויסן אין אָורוטש דער באָלשעוויסטישער מאַכט, וועלכע האָט גלייך אַרונטערגעשיקט אַ קאַוואַלע־רייסקן אָטריאַד. אָבער ביז וואָס ווען, זיינען דערוויַיל אַוועק דריי טעג מיט דריי נעכט און אידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער...

אָנגעהויבן האָט זיך דער פּאָגראָם, ווי שוין געזאָגט, דינסטאָג האַלבע־נאַכט, און ערשט שבת איז אָנגעקומען דער באָלשעוויסטישער אָטריאַד און האָט גענומען איינשטעלן אַ לאַך. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן טייער באַצאָלט פאַר זייערע בלוטיקע מעשים, אָבער די גע׳הרג׳טע זיינען דערפון צוריק ניט לעבעדיק געוואָרן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ חורבן: די געוויינען פון די וועלכע האָבן פאַרלאָרן זייערע טייערסטע האָבן געשפּאָלטן דעם הימל...

די מערסטע שטיבער זיינען געשטאַנען מיט אויסגעזעצטע פענצטער, מיט אויסגעהאַקטע טירן, ווי סקעלעטן, ס׳האָט געהערשט אַן אמת׳ער

„תשעה־באב״... דער האָט פאַרלאָרן אַ טאַטן, דער אַ מאַמע, יענערביידן, דער אַ ברודער, דער אַ שוועסטער, און דער אַ זון, דער אַ טאָכטער, אַ שנור, אַ שוויגער, גאַנצע משפחות זיינען געבליבן פאַר׳יתומ׳ט...

שוועער איז נאָכ׳ן פּאָגראָם דאָס לעבן געוואָרן אין סלאָוועשנע. אַוועק איז די פריילעכקייט פונעם זומער; אָפּגעטאָן האָט זיך די האַרציקייט, די מנוחה׳דיקייט, די איינגעהיימישטע רואיקייט... אַלע האָבן אויסגעזען דער־שלאָגן, אָבל׳דיק און צעווייטאָגט... איציק מיט בוזי׳ן האָבן זיך געראַטע־וועט, אָבער בוזי׳ס מאַמע מיט צוויי אינגערע ברידערלעך האָט מען גע׳הרג׳עט. און די אינגערע שוועסטערל, רחל׳ע, האָט דער שרייבער פון אָט די שורות געפונען הינטער ברוך אייזיק, דעם שוחט׳ס גאַניק מיט אַ ניט־דערקוילעט העלזעלע, און ווי דורך אַ נס איז זי געבליבן לעבן און האָט נאָך געקאָנט פאָרן צוזאַמען מיט אירע צוויי עלטערע ברידער, אשר און שואל, צום טאַטן קיין קאַנאַדע, וואו זי האָט חתונה געהאַט, אָבער זי איז יונג געשטאָרבן...

* * *

איציק און בוזי זיינען ביידע אַרומגעגאַנגען ווי צוויי מתים... פון גרויס ערגערניש האָט בוזי אָנגעהויבן אונטערצוקרענקן. דער פּאָגראָם האָט אין עטלעכע חדשים אַרום אויך געבוירן אַ שרעקלעכן טיפוס, וועלכער האָט אַוועקגעלייגט יונג און אַלט. צווישן די טיפוס־קרבנות איז אויך געווען — בוזי!

אַלע האָבן געמיינט אַז איציק וועט עס ניט אַריבערטראָגן? בוזי איז גע־שטאָרבן! ווי קאָן דאָס זיין? ווי אַזוי וועט ער אָן איר לעבן? ער וועט עס ניט אַריבערטראָגן...

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן, האָט זיך איציק אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין אָוורוטש, און פון דאָרט קיין קיעוו. נאָך וואָס און נאָך ווען ער איז געפאָרן, האָט קיינער ניט געוואוסט. די איינציקע צוויי מענטשן, וועלכע האָבן אפשר יאָ געוואוסט, זיינען געווען די מאַמע זיינע און זיין באַליבטע שוועסטער — דינקע. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז איציק איז געפאָרן קיין קיעוו זוכן זיין שרייבערישן „מזל״! אין קיעוו האָבן זיך געפונען אידישע זשורנאַלן, פאַרלאַגן, באַוואוסטע אידישע שרייבער, ווי דוד בערגעלסאָן, נחמן מייזיל, דער נסתר, און נאָך אַנדערע. אַהין איז עס איציק נחום דעם האַרבאַרס, איציק ליבקעס פון סלאָוועשנע, געפאָרן...

ווי לאַנג האָט געגומען איציק'ן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ „מעמד"? ס'איז ניט שייך צו ציילן די וואָכן, חדשים און טעג, אָנגעפּילט מיט שווערע אַנטוישונגען, מיט ווייטאָג, און קלעמעניש, מיט ניט האָבן אַ טאָג אָפּצועסן, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, מיט קלאַפּן אין פאַרמאַכטע טירן, מיט זוכן אַן עצה, אַ גוט־וואָרט, מיט געפינען עמיצן וואָס זאָל וועלן דיך אויסהערן, וואָס זאָל זיין גרייט דיר צו העלפן... אָבער איציק'ן האָט דאָס אַלץ ניט אָפּגעהאַלטן. ער האָט געהונגערט — און געשריבן. געשלאָפן אויף אַ האַרטער באַנק — און געשריבן. זיך אַרומגעשלעפּט איבער די קיעווער גאַסן, הויפן, ווי אַ בעטלער, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן — און געשריבן. געשריבן און געשלייפט, געשלייפט און געשריבן: לידער, קינדער־מעשה'לעך, ביז... ביז...

אָט באַווייזט זיך אַ קליין ביכעלע מיט אייגנאַרטיקע לידער, וואָס טראָגט אַזאַ טשיקאַוון נאָמען, אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר איציק'ן: „אָקסן", הייסט דאָס ביכעלע! באַלד דערנאָך קומט אַ צווייט דין ביכעלע מיט קינדער־מעשה'לעך, מיט'ן נאָמען, ווידער כאַראַקטעריסטיש פאַר איצטיק'ן — „אַ בער איז געפלויגן". קיין צו גרויסן רושם האָבן די דאָזיקע צוויי דינע ביכעלעך ניט געמאַכט: עפּעס זיינען זיי געווען צו מאָדנעדיק־פרעמד; עפּעס ווי פון אַן אַנדער וועלט... ווער איז ער דער קליינשטעטלדיקער, דער אַראָפּגעקומענער פון סלאָוועשנע? וואו געפינט זיך ערגעץ דאָס שטעטל? וואו ליגט עס? אויף דער מאַפּע איז עס נישטאָ. ווער איז ער, דער טשודאַק, איציק קיפּניס?

אָבער איציק האָט געטראַכט: וואַרט, איך וועל אייך באַלד ווייזן ווער דער „טשודאַק" איז! אין אַ שיינעם טאָג איז ער אַרויסגעקומען מיט זיין ערשטן דערציילערישן בוך „חדשים און טעג" און אַלע האָבן אויפגעעפנט די מיילער מיט די אויגן! עס האָט אויף אַלעמען געטאָן אַ ווי מיט פרישקייט, מיט נייקייט, מיט שיר־השירים'דיקייט, יוגנטלעכקייט, מיט'ן ריח פון קווייטן און שמעקנדיקע האָפּן!

„חדשים און טעג" איז אַ בוך, וואָס איז אינגאַנצן סלאָוועשנדיק: סלאָוועשנער נוסח, סלאָוועשנער לשון, סלאָוועשנער קאָליר, קלימאַט, פאַר־שוינען, סביבה, מיט האַק און פּאַק! אַזוי האָט מען גערעדט, און אַזוי האָט מען געלעבט אין סלאָוועשנע. איציק איז ניט „מאַטל פּייסע דעם חזנ'ס", ווי אַנדערע האָט זיך אויסגעדאַכט, נאָר נחום דעם האַרבאַר'ס, איציק ליבקעס,

דינקע׳ס ברודער, בוזי׳ס געליבטער, בוזי׳ס מאַן, אַ טויזנט און איין פּראַצענ־טיקער סלאָוועשנער!

צו קענען שרייבן אַזוי וועגן פּאַגראָם אין סלאָוועשנע, האָט מען געדאַרפט זיין ניט קיין קאַסרילעוווקע, אָדער בויבעריק, נאָר מען האָט געדאַרפט זיין אַ געבוירענער אין סלאָוועשנע! דורך דער פּריזמע פון שטילע פּיאַניסימאָ־טענער, דאָרטן וואו אַנדערע וואָלטן געשריען מיט הויכע דראַמאַטישע טענאָרישע־טענער, האָט איציק ליריש־רעאַליסטיש, מייסטעריש־דערציילעריש אויסגעמאָלן דעם גאַרן גרויל און שוידער, וואָס סלאָוועשנע האָט איבערגעלעבט ערב, בעת און נאָכ׳ן פּאָגראָם. מיט ווייכע שטעק־שיך טריט, האָט קיפּניס אַריינגעדרונגען אין די טונקעלע לאַבירינטן, אין די טיפסטע שפּאַלטן פונעם גאַרן פּאַגראָם־פּסיכאָז, וואָס האָט אין די דאָזיקע גרויליקע בלוטיקע טעג באַהערשט סלאָוועשנע.

און די ליבע, וואָס ער מאָלט אויס צווישן אים און בוזי׳ן, איז ניט קיין נאָכמאַכעניש אויף דער אָדער יענער גרויסער „ליבע־אידיליע״ פון אַ „ראָמעאָ און דזשוליעט״, אָדער עפּעס ענלעכעס, נאָר איז דורכאויס אַ קוואַליק־ריינע קיפּניסשע־סלאָוועשנער ליבע!

בוזי האָט נאָר געקענט געבוירן ווערן און אויסוואַקסן אין סלאָוועשנע. און אַזוי אויך מיט איציק׳ן. ניט אויף אַלעביימער וואַקסן אויס בוזי׳ס און איציק׳ס! ניט אויף אַלע פעלדער קאָנען אויפגיין בוזיס און איציקס! און ניט אין אַלע סעדער קאָנען אויפבליען אַזעלכע געשמאַקע פּירות! ניט אַלע גערטנער און באַשטאַנען קענען אַרויסגעבן אַזעלכע גרינע געוויקסן! עס דאַרף זיין דער קלימאַט, די נאַטור, דער געמיט, דער הימל, די ערד דערפאַר.

סלאָוועשנע האָט עס געהאַט, ווייל זי איז דורכאויס געווען אַנדערש פון אַלע אַרומיקע אידישע שטעטלעך, וועלכע זיינען געלעגן צעזייט און צעש־פּרייט איבער דער רייכער פעטער ערד פון וואָלין.

* * *

פונקט ווי די סלאָוועשנער מלמדים און בעל־תפילות זיינען געווען אַ „שם־דבר״ אינעם גאַנצן קאַנט, אַזוי זיינען אויך די סלאָוועשנער מיידלעך און אינגלעך אַנדערש געווען. פונקט ווי די אַרומגעאַרטלטע געדיכטע וועלדער אַרום סלאָוועשנע, וועלכע האָבן געהאַט זייער באַזע־קאַנטאָרן אין

אוסאָוו, אַזוי האָבן אויך די אַרומגעגאַרטלטע פעלדער אַרום סלאָוועשנע אַנדערש אויסגעזען — הן בעת זייער בליעכץ און הן בעת זייער צייטיקייט. אָט פון דאַנען האָט קיפּניס געירשנ׳ט זיין שרייב־מתנה, ניט פון שלום־עליכמ׳ען, ווי אַנדערע האָבן געשריבן, אָדער פון עמעצן אַנדערש...

קיפּניס׳עס אופן שרייבן איז ניט קיין אָנשטעלעריש־געמאַכטער, ניט קיין צוגעטראַכטע פּאָזע, נאָר אַן איינגעבוירענער אופן, וואָס קוועלט פון אים אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער, ווי די סאַזשעלקע וואָס האָט צווישן די געדיכטע סאָסנע־ביימער שטיל געפלאָסן אויפן וועג קיין אוסאָוו. ער איז אפשר אַביסל צו באַרעדעוודיק און שטעלט זיך צופיל אָפּ דאָ און דאָרט אויף דעטאַלן, אָבער זיינע כאַראַקטערן זיינען צאַפּלדיקע, היימיש־געבאַקענע, וואַרעם־אויסגעקנאָטענע, אויף דער ערד־גייענדיקע, פליען ניט אין די הימלען אַריין און רעדן ניט קיין הויכע געפלאָכטענע רייד מיט פאַר־גלאָצטע אויגן, און שיטן ניט מיט קיין פּוסטע פראַזן, נאָר דורכאויס לעבע־דיקע מענטשן פון בלוט און פלייש — סלאָוועשנער מענטשן!

מיין מאַמע, זאָל אַ ליכטיקן גן־עדן האָבן, האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט אָן אַ גראַם. און סטישע יהודה־בער דער באַלעגאָלעס, איינע פון איציק׳ס כאַראַקטערן אין זיינע צוויי ביכער „סלאָוועשנע״, האָט געהאַלטן אין איין שיטן מיט קלוגע גלייכווערטלעך. און נפתלי, דער ליים־פירער, ווידער איציק׳ס אַ כאַראַקטער, האָט ניט געקאָנט אַרויסקומען אַנדערש, ווי נאָר אַזוי ווי קיפּניס האָט אים אויסגעמאָלן — אין זיין הילוך, אין זיין טראַכט, און אין זיין גאַרער אויפפירונג. און יאָסל דער בעדער, נאָכ־אַמאָל קיפּניס׳עס אַ כאַראַקטער, איז געבוירן געוואָרן אַזוי ווי ער איז געווען און אַזוי ווי קיפּניס האָט אים אויסגעמאָלן. איציק האָט צו אַלע זיינע פאַר־שוינען גאָרנישט צוגעלייגט און גאָרנישט אַראָפּגענומען. ער האָט זיי דורכ־אויס געשילדערט, אַזוי ווי ער האָט זיי געזען, מיט הכל־בכל מכל־כל...

דער שטילער בנעימות׳דיקער קול האָט קיפּניס׳ן קיינמאָל נישט פאַר־לאָזט, ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינע פיאַניסימאָ־טענער, ביי זיינע ווייכע שטעק־שיך־טריט, שטילע צמצום׳דיקע־פאַרבן, דינע שיכטן, איידעלע ליניעס, היימיש־געשניצטע פאַסאַדן; ערדיש, אָבער ניט עראָטיש, צניעות׳־דיק, אָבער ניט גלאַנצנדיק־פרום, סלאָוועשנעדיק אויסגעהאַלטן. דאָס איז געווען זיין גאָרער אופן שרייבן, זיין תופס־זיין דאָס לעבן, זיין זען און פילן זיינע כאַראַקטערן, ביזן לעצטן טאָג פון זיין שטאַרבן.

וועלכן בוך זיינעם איר זאָלט ניט נעמען אין דער האַנט אַריין, אַנהויבנ־דיק פון „חדשים און טעג״, „אונטערוועגנס״, ביז די לעצטע צווי בענד „סלאָוועשנע״, וועט איר אומעטום געפינען דעם זעלביקן איציק קיפּניס, דעם זעלביקן לירישן מייסטער־דערציילער, — דעם שרייבער מיט אַן אייגענעם פּנים, פּען און נוסח. איר פּילט ווי איר וואָלט זיך געפינען אין אַ היימישן גאָרטן, וואָס די מאַמע האָט פּאַרזייט, די בייטן, וואָס דער טאַטע האָט צעגראָבן, די פּאַסאָלקעלעך, וואָס די קליינע שוועסטערלעך האָבן פּאַר־זעצט, — פון אַלץ שלאָגט אַ ריח־ניחוח, אַ מיאַטנעקייט און אַ זיסער טעם.

ס׳איז אַזוי גוט צו שפּאַצירן איבער די גרינע בלעטער פון קיפּניס׳עס ביכער, זיך צו הערן צו זייער שאָרך, צו זייער אָטעם, פילן זייער טעם און ריח, זיך אויסמישן מיט די אַלע אויסגעמאָלענע פּאַרשוינען זיינע, זיך צו באַ־קענען מיט זייערע וועלענישן, גלוסטענישן, שטימונגען, געדאַנקען און אידעאַלן. ס׳איז אמת, איציק קיפּניס׳עס כאַראַקטערן ווילן ניט קיין סך, אָבער זיי ווילן — זיי ווילן אַ שטיל, רואיק, ערלעך־אָרנטלעך לעבן. אָן ערלעכ־קייט און אָרנטלעכקייט, רואיקייט און צופרידנקייט, האָט דאָס לעבן קיין טעם און קיין זין ניט. דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו, הן פון קיפּניס׳עס שרייבן און הן פון קיפּניס׳עס כאַראַקטערן.

ניט איינגעמען קיין וועלט פאַר זיך, ניט אָפּנאַרן יענעם, ניט רויבן און מאָרדן, ניט לעבן אויף עמעצנס פּראַצע, זיך באַרייכערן אויף יענעמס חשבון, ניט אַרויסנעמען פון יענעם די נשמה, דעם דם־התמצית, און ניט אַרויס־רייסן ביי יענעם דעם ביסן פון מויל...

גוט־מידה׳דיק איז קיפּניס געווען אין זיין פּריוואַטן לעבן, און גוט־מידה׳דיק איז ער אויך געווען אין זיין שרייבן. ער האָט די וועלט געזען דורך שטילע אויגן און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און טיפע געפילן. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס גלייכע און דאָס קרומע, דאָס פיינע און דאָס בייזע. ער האָט אַלצדינג געזען, אַלצדינג געהערט, קיין זאַך איז אים נישט פאַרבייגעגאַנגען, אָבער ער האָט זיך כסדר געהאַלטן ביי זיין מעטאָדע פון דערציילן, פון איבערגעבן און שילדערן זאַכן און כאַראַקטערן. ער איז ניט געגאַנגען מיטן שטראָם, מיטן דרך־המלך, זיין גאַנג און וועג איז געווען דורך זייטיקע שמאָלע סטעזשקעס. נישקשה: מ׳קאָן מיט זייטיקע שמאָלע סטעזשקעס אויך אָנקומען צום געוואונטשטן ציל און ברעג. אַיי, וואָס צילן און ברעגן זיינען דאָ פאַרשידענע, טאָ קלייב זיך, מענטש אויס, וועלכן ציל

און ברעג דו ווילסט, וועלכער דיר געפעלט. דאַרפסט קיינעם ניט נאָכגיין, דאַרפסט זיך בלויז צוהערן צו דיין אייגענעם געוויסן און צו דיין אייגענעם האַרץ.

און דאָס איז געווען קיפּניס׳עס וועג, און אויף אים איז ער די גאַנצע צייט געגאַנגען. איי, ער האָט ביי דעם און ביי יענעם ניט אויסגענומען, — האָט ער זיי פּשוט אַרויסגעשטעלט אַ צונג... מאַלע וואָס דעם און יענעם געפעלט ניט? זיין כוונה איז בשום־אופן ניט געווען אַלעמען צו געפעלן, נאָר די ערלעכע און אָרנטלעכע, די אָן־פּניות׳דיקע און פאַרגינענדיקע...

* * *

קיפּניס׳ן האָט קיינער ניט געקאָנט ברעכן — אפילו ניט דער בייזער „קולט״... ווען עס האָבן זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אָנגעהויבן די אַרעסטן פון אידישע שרייבער און קינסטלער, אַקטיאָרן און מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָרס און אַקאַדעמיקער, האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט אַז מ׳וועט אין אַ שיינעם טאָג, אָדער אין אַ פינצטערער נאַכט, אויך אָנקלאַפּן אין זיין טיר ער איז געווען גרייט דערצו: גרייט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים און שס״ה גידים; גרייט אויף דאָס סאַמע ערגסטע און דאָס סאַמע בייזסטע. קיעוו ליגט ניט ווייט פון מאָסקווע: די זעלביקע האַנט, וואָס האָט דערמאָרדעט מיכאָעלס׳ן, בערגלסאָנ׳ען, מאַרקיש׳ן, פעפער׳ן, וועט אויך אים געפינען.

און די פינצטערע נאַכט, מיט דער וויסטער שעה, איז געקומען אַ סך שנעלער, ווי קיפּניס האָט גערעכנט. דער „קולט״ האָט ניט געהאַט קיין צייט, ער האָט געאַרבעט שנעל — עקספּרעס! צו וואָס אָפּלייגן דעם אַרעסט פון אַזאַ שעדלעכן מענטש, ווי דער אידישער שרייבער איציק קיפּניס? איז ער דאָך אַ מיטגליד פון דער זעלביקער משפחה אידישע פאַררעטער און סאַבאָטאַזשניקעס, וועלכע ווילן אומברענגען און פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד! יאָ, מ׳טאָר ניט אָפּלייגן, מ׳דאַרף זיך צואיילן און אַלעמען אויסראָטן וואָס שנעלער — דערשיסן!...

די יאָרן, וואָס איציק קיפּניס האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אין סיביר, האָבן אים ניט פאַרביטערט, ער איז געבליבן דער זעלביקער, ער האָט זיך מיט קיין זאַך ניט געביטן ניט אַ האָר אַנדערש. איי, וואָס ער איז פאַר דער צייט גרוי און אַלט געוואָרן — מילא. איי, זיין האַרץ איז דורך דער דאָזיקער ביטערער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אָבער זיין גייסט און מוט זיינען ניט אָפּשגע־

שוואַכט געוואָרן! זיין אָפּטימיזם, די האָפענונג אויפן לעבן האָט ער ניט אויפגעגעבן — אפילו אין די דאָזיקע מורא׳דיקע שווערע אומדער־טרעגלעכע טעג... ער האָט געהאָפט, אַז עס וועלן קומען בעסערע טעג און ער וועט אַרויס אַ לעבעדיקער פונעם פייערדיקן גיהנום — עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין!

מיט וואָס, אַ שטייגער, האָט ער זיך פאַרזינדיקט? וועמען האָט ער גע׳הרג׳עט? פון וואָס באַשטייט זיין שולד? בסך־הכל ווייסט ער ניט פון וואָס צו רעדן: ער הויבט ניט אָן צו וויסן פאַרוואָס מ׳האָט אים אַרעסטירט, און פאַרוואָס מ׳האָט אים פאַרשיקט? ביים אויסהערן דעם משפט, האָט ער דעם בייזן פּראָקוראָר אָפּן געלאַכט, אין פּנים אַריין, וואָס האָט אים, דעם פּראָקוראָר, נאָך מער בייז געמאַכט און ער האָט ווי אַ ווילדע חיה גענומען שרייען: „פירט אים אַרויס פון דאַנען, דעם משוגענעם!" — האָט ער באַ־פוילן צו די געזעץ־היטערס פון געריכט.

צו די אַלע ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע „חטאים", וואָס דער בייזער פּראָקוראָר האָט אויסגערעכנט, וועלכע קיפּניס איז באַגאַנגען, האָט ער, קיפּניס, דערנאָך אַליין צוגעגעבן אַ צעטל „חטאים", זיך ווענדנדיק צום פּראָקוראָר: „חבר פּראָקוראָר! איך בין באַגאַנגען נאָך אַ טוצן אַנדערע פאַר־ברעכנס, פון וועלכן איר ווייסט גאָרנישט!" אָט, אַ משוגענער!

אָט דאָס איז געווען דער אידישער שרייבער איציק קיפּניס: איציק נחום דעם הארבארס; איציק ליבקעס; איציק קיפּניס, דער באַזינגער פון בוזי׳ן אין „חדשים און טעג"; איציק קיפּניס פון סלאָוועשנע, וואָס האָט אין די אָקאָרשט צוויי דערשינענע בענד אונטער׳ן טיטל „סלאָוועשנע", געשטעלט אָן אייביקן מאָנומענט — אי זיך און אי זיין באַליבט־שטעטעלע סלאָוועשנע.

„מארגן פרייהייט", סעפּ. 1, 1974, נ.י.

# הענעך קאָן — קאָמפּאָזיטאָר און שרייבער

צום ערשטן יאָרצייט פון מיין קאָלעגע און נאָענטן פריינט, הענעך קאָן, ווילט זיך מיר פאַרצייכענען אָט די דערמאָנונג, און אויך אַ קורצע אָפּשאַצונג וועגן אים, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, שרייבער און מעשה־דערציילער פון חסיד׳ישן און אַלגעמיינעם אידישן שטייגער־לעבן אין אַמאָליקן פוילן, וואו ער איז געווען שאַפעריש און האָט גאָר באַזונדער געווירקט אויפן פעלד פונעם אידישן טעאַטער — דער עיקר אין די צוויי שטעט: לאָדזש און וואַרשע.

ביי מיר ליגן פאַרשידענע בריוו פון הענעך קאָן, אָבער נישט איצט און נישט דאָ איז דאָס אָרט זיי צו פאַרעפנטלעכן, מיר וועלן עס איבערלאָזן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט. איך וועל דאָ אויך נישט באַרירן, כאָטש מען וואָלט עס געדאַרפט טאָן, דעם אופן פון זיין אַוועקגיין פון דער וועלט, אָבער אויך דאָס וועל איך איבערלאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל.

הענעך קאָן, דער מוזיקער האָט טיף געווייקט אין די קוואַלן, וואָס איז כולל אַלע צווייגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק. ווען אפילו ער וואָלט געוואָלט זיין עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס ער איז געווען, וואָלט ער עס נישט באַוויזן, מחמת זיין קאָפּ, האַרץ און נשמה, זיין גאַרער לייב־און־לעבן איז דורכאויס געלעגן אין די פאַלדן פון דעם אידישן קלאַנג, תנועה און קאָליר. צום נאָנטסטן זיינען אים געווען דאָס אידישע פאָלקס־ליד און דער חסיד׳ישער ניגון, דאָס איז געווען זיין באַזע, זיין פונדאַמענט אויף וועלכן ער האָט געבויט די מערסטע פון זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען — סיי פאַרן טעאַטער און סיי פאַר דער קאָנצערט־בינע. ער האָט זיך גאָר אַ סך אויך באַנוצט מיט די פאַרשידענע אידישע נוסחאות, מיט וועלכע ער איז געווען אויסגעקנופּט און אויסגעבונדן.

די שטאָט לאָדזש מיט איר פאַרצווייגטן אידישן לעבן, אידישן שטייגער, מנהגים, פאַרוויילונגען, פרייד און צער, וואָך און יום־טוב, האָט טיף געשטעקט אין זיינע ביינער. וואוהין ער איז געפאָרן, איז לאָדזש מיט אים מיטגעפאָרן, אפילו ווען ער האָט געלעבט אין וואַרשע, האָט לאָדזש פון אים אַרויסגעזונגען אויף אַלע אופנים.

איך הויב זיך אָן דערמאָנען: ווען און וואו האָב איך הענעך קאָנ׳ען דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט ? און מיין זכרון נעמט מיך טאַקע קיין לאָדזש, דאָס

יאָר 1928, ביים דיכטער משה בראָדערזאָן אין הויז, וואו איך, אַ יונגער צוציק נאָך, בין געווען געלאַדן אויף וועטשערע צוזאַמען מיט מיינע צוויי נאָענטע פריינט הינדע און מיכל געלבאַרט. אַ דאַנק זיי טאַקע, בין איך געקומען דערצו צו זיין דער גאַסט פון בראָדערזאָנ׳ען און זיין שיינער פרוי, שיינע־מרים.

משה בראָדערזאָן האָט אויף מיר געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינ־דרוק הן מיט זיין פּרינצישן פּנים און שלאַנקער פיגור, הן מיט זיין שפּילעוו־דיקייט און בליציקייט פון וואָרט און ווערטל, וואָרט־קאָמבינאַציע און וואָרט־שפּיל. אָבער נישט קיין קלענערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט אויך הענעך קאָן מיט זיינע בליציקע געדאַנקען, וואָרט־שפּילען, אַנעקדאָטן, חסיד׳ישע און פאָלקס־מעשיות, דער אופן און די תנועות פון זיין דערציילן. דאָס שענסטע איז, וואָס ער אַליין האָט אויך הנאה געהאַט אי פון זיינע אַנעקדאָטן און מעשיות אי פון זיין אופן „דערציילן״. ער פלעגט זיך אַזש פאַרקייכן פון געלעכטער. אַ חוץ וואָס הענעך קאָן פלעגט זיין אַ גאָר אָפטער „בן־בית״ ביי בראָדערזאָנ׳ען אין הויז, איז ער דעם אויפדערנאַכט ספּעציעל געקומען צו באַקענען זיך מיט געלבאַרט׳ן און כאַפּן אַ שמועס וועגן דעם מצב פון דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע, און וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע, און אויך די אידישע ליטעראַטור און די אידישע שרייבער אין אַמעריקע. איבערהויפּט האָט ער זיך נאָכגעפרעגט, פונקט ווי בראָדערזאָן, אויף די צוויי משה׳ס: משה נאַדיר און משה־לייב האַלפּערן.

הענעך קאָן און משה בראָדערזאָן זיינען געווען אַ „צווילינג״, אַ „זיווג״, רופט עס ווי איר ווילט. זיי זיינען געשוואוירען ווי צוויי „פיש אין וואַסער״, איינער האָט דערגאַנצט דעם צווייטן: דאָס וואָס איינער האָט נישט דער־זאָגט מיטן וואָרט, האָט דער צווייטער דערזאָגט מיטן קלאַנג. זיי האָבן צוזאַמען געאַרבעט צוערשט אינעם מאַריאָנעטן־טעאַטער „חד־גדיא״, שפּעטער אין „אַראַראַט״, דערנאָך אין אַנדערע טעאַטערס: בראָדערזאָן האָט געשריבן די קופּלעטן און לידער, און קאָן די מוזיק. מ׳האָט זיך געשפּילט מיט ווערטער און קלאַנגען, ווי צוויי אינגלעך פּסח אין ניס, אָדער אין פאַלאַנטע.

יאָ, איך האָב שיעור נישט פאַרגעסן: צוזאַמען האָבן בראָדערזאָן און קאָן אויך פאַרפאַסט און אָנגעשריבן אַ אידישע אָפּערע, „דוד און בת־שבע״, וואָס

איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשע, אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער. הענעך קאָן איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט פון שרייבער, פּאָעטן, הומאָריסטן, אַקטיאָרן, חזנים, בדחנים, ווייל עס האָט פון אים געשפּרודלט מיט לעבן, מיט געלעכטער, מיט שטיפערייען, זאָגעכצן און אַריינזאָגעכצן, אָפּשפּילערייען און שפּאַסערייען.

דאָס אידישע טעאַטער, אַזוי גוט ווי די גאַרע אידישע נגינה און מוזיק, אין פּוילן, האָט גאַר אַ סך געגאַסן פון הענעך קאָנ׳ען. זיין חותם איז קענטיק געווען און וועט בלייבן קענטיק. קיין שום וואַסערן וועלן עס נישט קאָנען אָפּווישן, ער האָט געלעבט און וועט לעבן אין דער טויזנט־יאָריקער געשיכטע פון אידיש לעבן אין פּוילן...

ווי שוין באַמערקט, איז הענעך קאָן געווען אַ זייל אין דעם אידישן טעאַטער אין פּוילן, איבערהויפּט אין דעם קליין־קונסט טעאַטער־וועזן, אָבער אַז ער איז געקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער זיך אַרומגע־דרייט ווי אויף אַ פרעמדער וועלט. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס גאַר אַ סך פון זיינע שאַפונגען זיינען דאָ געזונגען געוואָרן סיי אויף דער קאָנצערט־בינע, סיי אויף דער ראַדיאָ, און סיי אויף שמחות, איז ער דאָ אינגאַנצן אַן איבעריקער געווען. עס האָבן אים געפעלט עלנבויגנס, חוצפה, אָנשטעל, „יאַטעבעדאַמיקייט״, דער „אַני ואפסי עוד״, וואָס מיט אים שלאָגט מען זיך דורך אין אַמעריקע — די גרעסטע קאַליקעס אפילו...

הענעך קאָן האָט נישט געשאַפן קיין סתם אויפגעכאַפּטע, כאַפּ־לאַפּנ־דיקע מאָטיוון און טענער, נאָר גוט־דורכגעטראַכטע ניגונים פון דעם אייגענעם קוואַל, ניגונים פון אַ דורכאויס אידישן כאַראַקטער, וועזן און קאָליר, וואָס האָבן געהאַט אַ טעם און אַ פּנים — אַ אידישן פּנים, און אַ אידישן טעם. ער איז געווען אַ געזונטער מבין אויף יענעם, אָבער נאָך מער אויף זיך אַליין: ער האָט געוואוסט וואו דער „חמור״ שטייט, און ווי דער „היא״ שטעקט: מ׳האָט אים נישט געקאָנט אָפּנאַרן. ער איז געווען אַ מבין אויף גרויסקייט, אויף אָריגינעלקייט, אויף אמת׳ן טאַלאַנט. ווען ער האָט דערשנאַפּט אַ טאַלאַנטלאָזיקייט, האָט ער אים צענומען אויף ברעקלעך, אויף פּיץ־פּיצלעך, ביז עס איז פון יענעם גאָרנישט געבליבן...

הענעך קאָן איז געווען אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר מיט אחריות, סיי צו זיך אַליין און סיי צום אידישן עולם. ער האָט געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון דער אידישער נגינה, ער האָט געוואוסט וואָס

אויסצוקלייבן און וואָס אויסצובראַקירן, וואָס איז אַ „יש", (יעש) און וואָס איז ניט קיין „יש"; אויף וואָס עס לוינט זיך אַוועקצוגעבן שאַפערישע כוחות, און אויף וואָס עס לוינט זיך ניט צו פאַרלירן קיין צייט; וואָס איז „סולת" און וואָס איז „שעטנז"...

ווער עס וויל זיך איבערצייגן אין דעם, דאַרף אַריינקוקן נאָר אין די צוויי שאַפונגען זיינע: די מוזיק צו משה־לייב האַלפּערנ׳ס „דעם גאַסן־פויקער", און ז. ווייַנפּער׳ס „אין מדבר זינגט דער בעדואין". דאָס זיינען צוויי פּערל אין דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור, צוויי שאַפונגען פון אַ קאָמפּאָזיטאָר מיט אידישע געפילן, פאַרשטאַנד און פאַרקלערטקייט.

ווידער, ווי אַ שרייבער, דער עיקר וועגן מוזיק, האָט ער געשפּרודלט מיט אידישער חכמה, הומאָר, און דאָס וואָס דער פראַנצויז רופט אָן „עספּרי". אדרבא, עפּענט אויף דאָס בוך „50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע", וואָס דער אידישער מוזיק פאַרבאַנד, אין ניו יאָרק, האָט אַרויסגעגעבן און לייענט דורך זיין סעריע קורצע עסייען, אָדער פּען־פּאָר־טרעטן, פון די פאָלגנדיקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס: לעאָ ליאָוו, זאַוול זילבערטס, יעקב שייפער, לאַזאַר ווייַנער, וולאַדימיר חפץ, מיכל געלבאַרט, מאַקס העלפמאַן, לעאָ קאָפּף, משה ראוף, און איר וועט תיכף דערשפּירן אַ טאַלאַנטירטן שרייבער מיט אַ פּען אין דער האַנט, וואָס רעדט פאַר זיך אַליין. הומאָריסטיש, אָבער מיט אַ העכסט ערנסטן טאָן, איר פילט דעם ווערט פון יעדן פון די דערמאָנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און זייערע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער מוזיק, יעדן איינעמס בייטראָג צו דער אידישער פּאָעזיע.

העניך קאָן איז פון דער נאַטור געוועזן אַ באַהעם, אָבער אַ באַהעם־אַריסטאָקראַט, און דער עיקר — אַ מענטש. ער איז נישט אַרומגעגאַנגען מיט קיין „פאַרריסענער נאָז". ער האָט זיך געהאַלטן נאָענט צו דער ערד, און ער האָט געוואוסט סיי יענעמס ווערט און סיי זיין אייגענע ווערט. ער איז קיינמאָל נישט אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ פון זיין אייגענעם גבול...

אין איינער פון זיינע עסייען שרייבט ער: „כאָטש איך בין געווען אַ גביר׳ישער בחור, האָט עס מיך תמיד געצויגן צו קלעזמער, בדחנים, אַקטיאָרן און נאָך אַזעלכע ,פאַרשלעפּטע קרענק'".

יאָ, ניט אַנדערש, ער איז געבאָרן געוואָרן דערצו. דעריבער איז זיין וועלט געווען: די וועלט פון קונסט, פון לעבן און מענטשן.

„מאָרגן פרייהייט", מאַי 11, 1973, נ. י.

# דער ניגון איז די נשמה פון פאָלק

אויב מען וויל פאַרשטיין אַ פאָלק, זיין לעבן און זיין געשיכטע, זיין פרייד און זיין צער, זיינע געפילן און איבערלעבונגען, דאַרף מען זיך צוערשט צוהערן צו זיין ניגון. דער ניגון איז די נשמה פון אַ פאָלק.

אין אַלע צייטן, אין אַלע דורות און ביי יעדער געלעגנהייט האָט דער איד געזונגען. דער ניגון איז שטענדיק געווען אויף די ליפּן פון דעם אידן: ביים דאַווענען, ביים לערנען, ביים אויפשטיין, ביים לייגן זיך שלאָפן, ביים וואַשן זיך, ביים עסן, אויף חתונות, אויף ברית׳ן אויף לויות און אומעטום וואו דער איד איז געגאַנגען, איז אויך מיט אים מיטגעגאַנגען דער ניגון. דער ניגון האָט באַגלייט דעם אידן אויף אַלע זיינע וועגן און שטעגן.

איז אונז געגאַנגען גוט, איז גאָר קיין פראַגע ניט, אַז מיר האָבן געזונגען; איז אונז, חלילה, געגאַנגען נישט־גוט, האָבן מיר אַלץ געזונגען. דער ניגון איז געווען דער שטאַרקסטער „כלי־זיין" אין דעם אידנס הענט.

אָנהויבנדיק מיט אונזערע תפילות, וועמענס ברען און טרויערקייט עס האָבן פאַרכאַפּט אונזערע הערצער און נשמות; שבת׳דיקע זמירות, וואָס פאַרמאָרגן טויזנט חנ׳ען און האָבן געצונדן אונזערע פאַנטאַזיעס; חסיד׳ישע ניגונים וועמענס געזאַנג עס האָט געבראַכט פרייד און טרויער, וואו עס איז געלעגן אַזויפיל אידישער כוח און אידישע עניוות; פאָלקס לידער, פון וועלכע עס האָט אָפּגעקלונגען אַזויפיל אידישער שטייגער, אידישער מזל, אידישער פּראָטעסט, אידישער דלות, ביז צו די נייעסטע מאָטיוון אין ארץ־ישראל, פון וועלכע עס זינגען אַרויס אַ נייער אידישער לעבן, און די פּאַרטיזאַנען־לידער אין דער געטאָ, וואו דער גייסט פון אידישע ווידערשטאַנד, פון אידישער גבורה לאָזט זיך הערן — דאָס אַלץ איז איין מעכטיקער פאָלקס־געזאַנג: געגאָסן און געפורעמט דורך דער אידישער פאָלקס־נשמה.

די אידישע נגינה און מוזיק איז דער פאַרמעגן פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק. יעדער האָט אין איר אַ חלק. דאָס פאָלק האָט זי באַשאַפן. אירע שעפער און בויער, קנעטער און פורעמער, זיינען אַלע געווען — און זיינען — קינדער, פון פאָלק. יעדער איד טראָגט די אידישע נגינה ביי זיך אין האַרצן — יעדער איד מיט אַ נשמה און געפילן.

רייך און פאַרשידנאַרטיק איז אונזער נגינה און מוזיק. וואָס פאַר אַ

קוואַל פון באַגייסטערונג! ס׳אַראַ פאַרשידנאַרטיקייט פון קאָליר, פון אָפּשטאַם, פון פאַרטיפונג, פון צייט און געמיט, פון אָפּקלאַנג און טאָן!

דער אייגנאַרטיקער שטייגער פון אידישן לעבן אין פאַרשידענע צייטן, אין פאַרשידענע דורות, זינגט און שיינט רעגנבויגנדיק אַרויס דורך די טענער פון דער אידישער נגינה און מוזיק. די אידישע נגינה און מוזיק איז אַזוי אַלט, ווי דאָס אידישע פאָלק. מיט געזאַנג אויף זייערע ליפּן האָבן אידן מיט טויזנטער יאָרן צוריק אַריבערגעשפּאַנט דעם ים און מיט געזאַנג אויף זייערע ליפּן קערן זיי זיך איצט אום צוריק אין זייער אייגן לאַנד.

ווי שוין געזאָגט, דער ניגון איז די נשמה פון אַ פאָלק. דורכן ניגון הערן מיר אויפשפּילן די סטרונעס וועלכע ליגן פאַרבאָרגן אין די סאַמע טיפסטע קרעמערלעך פון אַ פאָלקס געפילן און איבערלעבונגען. פון אַלע צווייגן אָבער אין דער מוזיק פאַרנעמט דער ניגון מיט וואָרט דעם סאַמע חשוב׳סטן אָרט ביי יעדן פאָלק בכלל — און ביי אידן בפרט. שפּילט דעם אידן וואָס איר ווילט ניט אַליין, אָבער צו אַ ניגון מיט ווערטער קומט עס ניט. גאָר באַזונ־דערס איז דער איד פאַרקאָכט אין ניגון מיט תפילה־וואָרט — חזנות! חזנות ביי אידן האָט תמיד געשפּילט — און שפּילט נאָך איצט — אַ גרויסע ראָלע!

אַז חזנות איז דער יסוד פון דער אידישער נגינה, דאָס איז קלאָר. אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר וואָס מיידט אויס אָט דעם קוואַל, גייט ניט אויפן ריכטיקן וועג. חזנות איז אַ ירושה פון דורות, אין וועמענס שטייגערס אין טענער עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט מאַסן אידישע געפילן, אידישע בענק־שאַפטן, האָפענונגען און חלומות. חזנות איז קונסט און קדושה צוזאַמען און איז פאַר דורות געווען די פעסטונג פון דער שול ביי אידן. וואָרום די תפילות זיינען באַשאַפן געוואָרן דער עיקר אויף צו זינגען, נישט אויף צו זאָגן. און ווער קען נאָך אַזוי שיין אויסזינגען אַ תפילה, ווי דער חזן?!

די שטאַרקסטע אויפלעבונג פון דער ליטורגישן טייל אין דער אידישער נגינה און מוזיק, האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם צווייטן העלפט פון דעם נײַנצטן יאָרהונדערט און האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג.

עס האָט אין אַלטן רוסלאַנד צווישן אַנדערע אַ בליץ געטאָן אליעזר גורעוויטש מיט זיינע קלאַסישע כאָראַלישע אידיש־ליטורגישע ווערק און נאָך מער — דוד נאָוואקאָווסקי, דער לעצטער איז אידיש־קערנדיקער. אויך דאַרפן דערמאָנט ווערן די מער־פּאָפּולערע, מער־צוגענגלעכע, וויניקער־

איבערקלייבערישע, אָבער אמת׳ע פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס ביי אידן — ניסע בעלזער און זיידל ראָוונער.

אויף דער חזנ׳ישער אָרענע האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע חזנים ווי: ראזומני, דער „ווילנער באַלעבעסל״. קארניאָל, ירוחם הקטן, בצלאל אָדעסער, דונאַיעווסקי, מינקאָווסקי, סיראָטא, קוואַרטין, רויטמאַן, משה שטיינבערג, ראָזענבלאַט, הערשמאַן, אלתר, קוסעוויצקי, קאַפּאָוו־קאַגאַן, חגי, וויגאָדאַ. שפּעטער זיינען אונטערגעקומען נייע: פּינטשיק, גלאַנץ, ירדני, וואַלדמאַן און נאָך אַ סך אַנדערע.

גלייכצייטיק זיינען אויך אויפגעקומען אַ גאַנצע רייע שאַפערס פון חזנ׳ישע רעטשיאַטיוון, דער עיקר אין אַמעריקע, ווי: יעקב ראַפּאַפּאָרט, יהושע ווייסער, יעקב ביימעל, אהר׳לע בלום, יהושע לינד, מענדל שאַפּירא, לואיס ליפּעטץ, באַגטשעסטער, מרדכי ירדני און נאָך און נאָך.

פון די אויבנדערמאָנטע חזנים זיינען איייניקע געווען — און זיינען נאָך — ניט בלויז ווירטואָזן ביים עמוד, נאָך אויך קאָמפּאָזיטאָרס און האָבן אויך געשאַפן „שולן״ אין חזנות. אַנדערע האָבן אויך זייער פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און דער פאַרשפּרייטונג פון אידישן פאָלקס־ליד, און אויך פון העברעאישן און אידישן קונסטליד. צווישן זיי פאַרנעמען דעם אויבנאַן די חזנים: הערשמאַן, פּינטשיק, גלאַנץ, און ירדני. דער לעצטער איז געווען דער ערשטער אַריינצווזינגען פאַר דער „אר. סי. עי״. וויקטאָר רעקאָרד פירמע ארץ־ישראל לידער.

צום קרעדיט פון אַמעריקע דאַרף געזאָגט ווערן, אַז חזנות האָט דאָ דערגרייכט איר העכסטע שטופע סיי אין זין פון קונסט און סיי פון קאָמערץ. אַזעלכע הויכע פּרייזן ווי חזנים האָבן געקראָגן — און קריגן פאַר זייער דאַוונען און זינגען, איז אין דער גאַנצער געשיכטע פון חזנות ביי אידן ניט געווען. חזנות אין אַמעריקע איז היינט צו טאָג די העכסטע באַצאָלטע קונסט אין דעם אידישן לעבן. דער אַמעריקאַנער איד, אפילו דער דריטער דור שוין, קען זיך באַגיין אָן אַ סך זאַכן, אָבער ניט אָן קיין חזן. די גרעסטע אידישע קאָנצערטן אין אַמעריקע ווערן דורכגעפירט מיט חזנים. אַז מען וויל אַן „אסיפה״ זאָל זיין אַ דערפאָלג, אַנאָנסירט מען מיט גרויסע אותיות אין פאָראויס, אַז דער און דער גרויסער חזן וועט אויפטרעטן.

יאָסעלע ראָזענבלאַט איז אין אַמעריקע געווען באַליבט נישט בלויז צווישן דעם אידישן עולם, נאָר אויך צווישן דעם ניט־אידישן עולם. נאָך זיין

טויט האָבן די גרעסטע ענגלישע צייטונגען אין אַמעריקע פאַרעפנטלעכט ספּעציעלע לייט־אַרטיקלען. זיינע רעקאָרדס קענט איר געפינען אין גאַר אַ סך ניט־אידישע הייזער.

געהאָלפן אין אַמעריקע פּאָפּולער מאַכן חזנות האָבן נישט בלויז די אָפטע קאָנצערטן, דאָס דאַוונען אין די שולן און די רעקאָרדס, נאָר אויך די ראַדיאָ וואו חזנים טרעטן אויף פּערזענלעך און מ׳האַלט אין איין שפּילן חזנ׳ישע רעקאָרדס. נישטאָ קיין איין אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַם, וואו מ׳זאָל ניט שפּילן קיין חזנ׳ישע רעקאָרדס. אין דער צייט ווען דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע האַלט אין איין גיין באַרג־אַראָפּ, איז דער חשק צו הערן זינגען אַ גוטן חזן אויף אַ קאָנצערט אָדער דאַוונען אין אַ שול נאָך אַלץ גרויס. צו די שולן אין אַמעריקע זיינען לעצטנס צוגעקומען די רייכע האָטעלן אין די פאַרשידענע רעזאָרט־פּלעצער, וועלכע שטעלן אָן אויף ימים־נוראים און פּסח באַרימטע חזנים און גרויסע כאָרן.

אין קורצן: חזנות האָט געשפּילט — און וועט אַלעמאָל שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין אונזער גייסטיקן לעבן.

„די שטימע״, סעפּ. 26, 1973, נ. י.

# שעראָן ספּרינגס — אַ פּרעכטיגער זומער־ווינקל

## זומער־שפּרינקעלעך

ניו יאָרק סטעיט איז געבענטשט מיט אַ סך שיינע נאַטור־ווינקלען, אויף וועלכע גאָט׳ס ברכה ליגט אויסגעשפּרייט מיט אַלע זיבן חנ׳ען פון דער נאַטור. איינער פון זיי איז שעראָן שפּרינגס!

אַ שטעטל? אַ דערפל? שווער צו זאָגן. אָפיציעל טראָגט שעראָן ספּרינגס דעם נאָמען „ווילעדזש״, אָבער ס׳איז מער ווי דאָס. „ווילעדזשעס״, ד.ה. דערפלעך, זיינען אין ניו יאָרק סטעיט דאָ אַ סך און גרעסערע; שעראָן ספּרינגס איז אַ „קלאַס״ פאַר זיך. עס איז אַ „גן־עדן־ווינקל״, וואָס דערקוויקט דאָס אויג, דאָס האַרץ, די נשמה.

פאַרן פאָרט מען אין שעראָן ספּרינס, צוליב די „סאָלפער״ (שוועבל־

בעדער), צוליב טרינקען די „הייל־וואַסערן", קאַלטע און וואַרעמע, צוליב די „קוואַל־וואַסערן" אויף צו וואַשן זיך די אויגן, דאָס פּנים וכדומה. עס קאָן זיין, אַז די אַלע „רפואות" זיינען טאַקע אמת'ע רפואות, איך ווייס ניט. איך ווייס נאָר, אַז אפילו אָן די אַלע „רפואות", איז שעראָן ספּרינגס אַ נחת און אַ דערקוויקונג — אָן אמת'ער אַפּרופּלאַץ, מיט אַ מאַלערישער שיינקייט, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם און רופט אַרויס אַ חשק צו לעבן אויף דער וועלט.

עס קאָן נישט זיין קיין בעסערער פאַרגעניגען, ווי אין שעראָן ספּרינגס צו שפּאַצירן צווישן די אַלערליי צעגרינטע אַלייען, מיט געדיכטע באַצווייגטע און באַבלעטערטע הויכעביימער, וועלכע דערלאַנגען מיט זייערע טשופּרינע שפּיצן דעם בלויען הימל און ברענגען אַזעלכע מיאַטנע דערפרישנדיקע ווינטעלעך, וואָס צעגייען זיך אין יעדן אבר.

איך בין נישט קיין געניטער „וואַלד־עקספּערט", און קאָן נישט זאָגן גענוי וויפיל דער אָדער יענער בוים איז אַלט, אָבער איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ טיף־וואַלדיקער געגנט אין אוקראַינע, וואָלין, וואָס גרענצט זיך מיט פּאָליעסע, און קאָן, מער־ווייניקער, דערקענען אויב דער אָדער יענער בוים איז אַן אַלטער, אָדער אַ יונגער. ווי עס זעט מיר אויס, זיינען די מייסטע ביימער גאָר אַלטע, פון ששת־ימי־בראשית, אָבער ווי יוגנטלעך־פריש און צעגרינט זייערע קוטשעראַווע טשופּרינענדיקע קעפּ זיינען! ס'אַראַ סאַמעטנע גלאַנצנדיקע צעגרינטע בלעטער! און צו הערן ווי די ביימער רעדן זיך יוגנטלעך דורך איינער מיטן אַנדערן; ווי איין צווייג שושקעט אין דער אַנדערער אַריין סודות'דיג־שטיל „ליבעס־דערקלערונגען" — אויף אַן אייגענעם לשון, מיט אַן אייגענער מוזיק, וואָס לאַשטעט דעם אויער און פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן. אַ סך מאָל דאַכט זיך, ווי נישט זיי ריידן, די ביימער, נאָר ווי זיי וואָלטן בנעימות'דיק שטיל געשעפּטשעט אַ מין אייגנאַרטיקן בציבור'דיקן „קאָלעקטיוון דאַוונען" — אַ געבעט פאַר זיך, פאַר דער וועלט, פאַר דער גאַרער מענטשהייט ...

דאָס איז מיין צווייטער וויזיט אין שעראָן ספּרינגס. פונעם ערשטן וויזיט ביז דעם היינטיגן, ליגט אַ צייט־אָפּשניט פון אַ וואַסערע פינף־און־צוואַנציק יאָר. איז וואָס איז שייך דער נאַטור, האָט זיך שעראָן ספּרינגס גאָרניט געביטן, אָבער די איצטיקע געסט זיינען לחלוטין אַנדערע פון די מיט פינף־און־צוואַנציג יאָר צוריק. דעמאָלט זיינען די געסט געווען פון פאַרשיידענע מינים, היינטיקע געסט זיינען אַלע פון איין מין: אַ דורכאויס פרומער שיכט,

ווי פון איין שניט, פון איין שטיק סחורה. די מענער דורכאויס באַ׳פּאה׳טע אָדער באַבערדלטע, און די פרויען — באַשייטעלטע און מיט צוגעדעקטע קעפּ, סיי די עלטערע און סיי די יונגע, און אפילו דער לשון איז כמעט דער זעלביקער, ווייל אַלע קומען פון די זעלביקע נאָענטע מקומות, ווי קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, טראַנסילוואַניע, אונגאַרן — אַ אידיש מיט אַ שאַרפער אינטאַנאַציע, וואָס קלינגט פאַר מיין אוקראַינישן־וואָלינישן אויער אַ ביסל האַרטלעך און איינטאָניג. אָבער אידן זיינען אידן, פון וועלכן לאַנד זיי זאָלן נישט קומען — בפרט אַז אַ סך פון זיי גייען אַרום מיט געטאָ־נומערן, וועלכע די דייטש׳שע רוצחים האָבן אויף אַן אכזריות׳דיקן אופן אויף זייערע נאַקעטע הענט אויסגעברענט.

וואָס איך קען ניט פאַרשטיין איז: ווי פאָרט זיך יאַרמולקעס — מיט קאָרטן? ווי פאָרט זיך אַ בלאַט גמרא — מיט קאַנאַסטאַ? מיין מוח קאָן עס נישט באַנעמען; עפּעס פּראָטעסטירט אין מיר. אגב, פיל איך דאָס זעלביקע, ווען איך זע אידן מיט הוילע קעפּ שפּילן אין קאָרטן — בפרט מענטשן, וועלכע פּרעטענדירן אויף קולטור, אויף אינטעליגענץ, און ניט ווייניג קינסטלער, שרייבער, פּאָעטן, מוזיקער, שוישפּילער, קאָמפּאָזיטאָרס, מאָלער וכדומה?!

פאַרפאַלן. ווי האָט געזאָגט מיינער אַ באַקאַנטער ראַבאַי נאָך אַ געוויסער טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געזען אויף בראָדוועי? „סעקס איז היר טו סטעי!". כ׳האָב זייער מורא, אַז מיט קאָרטן איז דאָס זעלביקע: אַזוי וועט עס שוין בלייבן . . .

דערפאַר מוז איך אין שעראָן ספּרינגס אָפּגעבן אַ לויב דעם קאָלומביאַ האָטעל, פאַר זיינע באמת פיינע קאָנצערטן, וועלכע ווערן יעדן אויפדער־נאַכט דורכגעפירט, מיט דעם אויסנאַם פון פרייטאָג, פאַרשטייט זיך, ווייל דער האָטעל איז אַ פרומער און שבת איז שבת. למאי זאָל איך לייקענען? אויף דעם האָב איך זיך ניט געריכט! קענענדיק די אידישע האָטעלן סיי אין די קעטסקילס, סיי אין אַטלאַנטיק סיטי, מיאַמי ביטש, און נאָך אין אַנדערע רעזאָרט־פּלעצער, וואָס פאַר אַ ביליגע פּראָגראַמען, באַזאַלצען מיט „ניבול־פה", מען הערט זיך אָן, קומט דעם באַלעבאָס פון קאָלומביאַ האָטעל, מר. סמיילאָ, אַ יישר כוח פאַר אַנגאַזשירן אויפן גאַנצן סעזאָן די פיינע אידישע זינגערן שושנה ראָן, וועמעס פּראָגראַמען איך האָב מיט גרויס הנאה אויס־געהערט — אָנהויבנדיק פון אידישע פאָלקס־לידער, ישראל געזאַנגען און

אידישע דיכטערישע לידער פון אונזערע פיינסטע אידישע פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרס.

אמת, שושנה ראָן ניצט אַ ביסל איבער דער מאָס פּאָר איר זינגען און איר ריידן צום עולם ענגליש, אָבער דאָס איז דורכאויס איר זאַך — און אפשר ניט? איך מיין אַז עס איז דער חוב פון אַ אידישן קינסטלער צו ריידן צום עולם דורכאויס אין אידיש — סיידן מ׳געפינט זיך צווישן אַ אידיש־ענגלישן עולם, וואָס קאָן אויסהערן און אפילו אָפּשאצן אַ אידיש ליד, אָבער רעדט ניט קיין אידיש. איך ווייס עס אַ סך מאָל פון מיין אייגענער דערפאַ־רונג, ווען מיר קומט אויס צו זינגען פאַר אַ אידיש־ענגלישן רעדענדיקן עולם און איך מוז זיך באַניצן אין מיינע אויפקלערונגען מיט ענגליש. קיין „חטא" איז עס ניט; דער עיקר — עס זאָלן נאָר זיין צוהערער, און אויך קאָלומביאַ האָטעלן, וועלכע זאָלן זיין בעלנים אויף צו אַנגאַזשירן אַזעלכע פיינע זינגערס ווי שושנה ראָן, וואָס האָט ביי איינעם פון אירע קאָנצערטן אפילו געזונגען מאָריס ראָזענפעלד׳ס „מיין אינגעלע"!

ווי שוין באַמערקט, שעראָן ספּרינגס איז אַ „גן־עדן־ווינקל", וואָס דערקוויקט און דערפרישט דאָס אויג. אַן אמת׳ער אָפּרו־פּלאַץ, מיט אַזויפיל צעגרינטע שיינקייטן, מאָלערישע פייזאַזשן, וואָס רופט אַרויס אמת׳ע התפעלות. ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס אַזוי ווייניג מענטשן ווייסן פון אָט דעם מזל־ברכה׳דיגן אַזיל אין ניו יאָרק סטעיט! מייסטע מענטשן פאָרן אין די בערג, אין סאַראַטאָגע, אין די אַדיראָנדעקס וכדומה, אָבער פון שעראָן ספּרינגס האָבן זיי ניט געהערט. שעראָן ספּרינגס האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף „גאָט׳ס באַראָט" — און צו מבינים אויף נאַטור־שיינקייטן, און אויך צו מענטשן, וועלכע זוכן ניט קיין „עקסייטמענטס", נאָר אַן אַבסאָלוטן אָפּרו — און דאָס קאָנט איר געפינען אין שעראָן ספּרינגס מיט פולע הויפן.

„מארגנפרייהייט", יולי 24, 1975, נ. י.

# אַ געזאַנג צום ים

## פּען־שפּרינקעלעך

א... ויך דער ים האָט זיין אייגענעם ריטם, מוזיק, האַרמאָנישע־קלאַנגען, מעלאָדיעס, אַקאָרדן־פאַרבן, טאָנאַציעס, קרעשטשענדאָס און אָבליגאַטאָס, פּונקט ווי די מוזיק פון דער יבשה, פון דער ערד.

קוק איך פון מיין באַלקאָן יעדן טאָג אויפן רחבות׳דיקן ים, ווי אַ פאַרליבטער אויף זיין געליבטע, און ווער גאַרניט מיד. וואו נאָך איז דער אַנטלאַנטיק אַזוי שיין, אַזוי בלוי, אַזוי פאַרבנרייך, ווי ביי די גאָלד־זאַמדיקע ברעגעס פון מיאַמי ביטש?

מיט וואָס טיילט זיך אויס דער ים פון דער יבשה? אין וואָס באַשטייט זיין אַנדערשקייט פון דער ערד? עס איז זייער גרינג צו ענטפערן: דעם ים פאַראייניגט מענטשן, די ערד — צעטיילט ... די וואָס פאָרן אויף שיפן וועלן אייך דערציילן, אַז דער ים רופט אַרויס מער פריינטלעכקייט, צוגעלאָזנקייט, רואיקייט און געדולדיקייט. ער שפּרייט אין דעם מענטשן אַ געמיטלעכקייט, איך וועל אפילו גיין אַזוי ווייט און זאָגן אַ בנעימות׳דיקייט.

ווען איר געפינט זיך אויף אַ שיף, דאַרפט איר זיך ניט איילן, ווייל איר האָט ניט וואו צו לויפן. שפּאַצירט איר דעריבער געמיטלעך, רואיק און געלאַסן; איר האָט ניט מורא, אַז עמעצער וועט ביי אייך עפּעס אויסכאַפּן. קיינער כאַפּט ניט, קיינער יאָגט זיך ניט, מ׳שפּאַצירט געלאַסן און פאַרקלערט.

יאָ, פאַרקלערט! דער ים רופט אַרויס ביי אייך פאַרשידענע מחשבות, געדאַנקען, געפילן, עמאָציעס און איבערלעבונגען. אפילו דעם גאָרניט־טראַכטנדיקן מענטשן, פאַרוואַנדלט דער ים אין אַ פאַרטראַכטן. ער פאַרטראַכט זיך איבער דער טיפקייט פונעם ים, איבער זיינע שטורמישע כוואַליעס, איבער דעם גאַרן גרויסן אַרום, וואָס איז איינגעהילט אין טיפע סודות. ווער שמועסט, אַז עס פאַלט נאָך צו דער אָוונט און עס קומט אָן די טיפע נאַכט פול מיט סעקרעטן, מיט געהיימנישן און שושקענישן...

אָט זיץ איך אויף מיין באַלקאָן אויפן עלפטן שטאָק פון אַ הויז, וואָס ליגט אויפן שפּיץ פונעם ברעג און קוק אַריין דעם ים גלייך אין פּנים, ווי אין

אַ גרויסן געשליפֿענעם שפּיגל. און סאַראַ שיין פּנים דער ים האָט איצט! ווי טיף בלויאיש ער זעט אין דעם מאָמענט אויס! סאַראַ גרויסע, אָפֿענע בריליאַנטענע אויגן ער האָט! און כאָטש דער ים איז שוין אַזוי אַלט, אַלט ווי די גאַנצע וועלט, דאָך ווי יוגנטלעך, ווי פֿריש ער שעמערירט! סאַראַ ריט־מישקייט, עלעגאַנץ, עלאַסטישקייט און בויגעוודיקייט! אָט איז ער, ווי אַ סאַמעטנער דעקטוך, אָט ווי אַ בלויער ליילעך, און אָט ווי אַ זיידנער טול, וואָס שוועבט אין דער לופֿטן ווי אַ פֿעדער!

צי דער ים קען זינגען? נאָך ווי אַזוי! צי דער ים קען אויסשפּילן אַ מעלאָדיע? נאָך וואָס פֿאַר אַ מעלאָדיע — אַ גאַנצע סימפֿאָניע! אָט הערט איר ביי אים טענער פֿון בעטהאָווענ׳ס „עראָיקאַ״, אָט פֿון זיין „פֿינפֿטער סימפֿאָניע״, אָדער פֿון דער „פּאַסטאָראַל־סימיפֿאָנע״ און אַקאָרדן פֿון דער „עמפּעראָ פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ״: און אָט הערט איר ביי אים קלאַנגען פֿון סיבעליוס׳ס „צווייטער סימפֿאָניע״ און „פֿינלאַנדיע״: צי גאָר טענער פֿון ערנסט בלאָכ׳ס טאָן־פּאָעמע „שלמה״: פֿון טשאַיקאָווסקי׳ס „פּאַטעטיק״ סימפֿאָניע, אָדער פֿון זיין וואונדערלעכער פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ. און פּלוצים דערטראָגן זיך צו אייערע אויערן טענער פֿון מאָצאַרט׳ס זוניקער „יופּיטער־סימפֿאָניע״, אָדער פֿון באַכ׳ס אַ „פּרעליודע״, און אַמאָל אויך טענער פֿון בראַמ׳ס „פֿערטער סימפֿאָניע״ — און מאָלע וואָס און פֿון וועמען נאָך?!

ער פֿרעגט זיך וועגן זיין רעפּערטואַר ביי קיינעם ניט אָן. ער האָט ניט קיין באַלעבאָטים, קיין „באָארד אָוו טראָסטיס״, קיין רייכע דאַמען באַהאָנגען מיט בריליאַנטן, קיין שטייפֿע הערן מיט לאַנגע פֿראַקן. ער איז זיין אייגענער באַלעבאָס, ער קאָן אויסקלייבן וואָס אים ווילט זיך און ווי ער פֿילט זיך, ער זיצט ביי קיינעם ניט אויף קעסט, ער איז זיין אייגענער שפּייזער און דאַרף קיינעם ניט געפֿעלן — נאָר אים אַליין...

שוין פֿופֿצן ווינטערס און שטיקער פֿרילינגס, זומערס און האַרבסטן, אַז איך שלינג מיט די אויגן דעם כּישוף פֿון אָט דעם דאָזיגן אַטלאַנטישן ים־ברעג און מיט וועמענס חיות איך קאָן זיך ניט געניג אָנזעטיקן. יעדן טאָג קוק איך אויף אים מיט פֿאַרליבטע אויגן. זיינע כוואַליעס מיט די ווייסע טשופּריינעס, ווי ביי פֿאַרשייטע פֿערד, ברענגען מיר גרוסן פֿון ווייטע לענדער, וועלכע איך האָב באַזוכט, וועקן־אויף פֿאַרשידענע דעראַי־נערונגען און דערמאָנונגען, עפּיזאָדן און איבערלעבונגען...

אין דעם לאַנד האָב איך זיך פֿאַרליבט; פֿון יענעם לאַנד האָב איך

געוואָלט וואָס גיכער אַנטלויפן, אַוועקפאָרן: דאָ האָב איך מיט מיין זינגען געהאַט דערפאָלג, דאָרט — אַ דורכפאַל; דאָ זיינען געווען מיינע מענטשען, וואַרימע, צופרידענע, ליכטיגע, דאָרט — פרעמדע, קאַלטע, פאַרפרוירענע; דאָ האָב איך פאַרפירט אַ שטילן „פלירט", און דאָרט בין איך אויסגעגאַנגען פון אומעט און בענקשאַפט נאָך חנה'לען, וואָס האָט אויף מיר געוואַרט אין לאָנג איילאַנד, אַז איך זאָל שוין גיכער אַהיים קומען..."

עך, ים ים! ס'אַראַ גרויסער בריה דו ביסט! ווער קאָן זיך מיט דיר פאַרמעסטן אין דיין טיפקייט, אין דיין ברייטקייט, אין דיין אייביקייט, אין דיין קראַפט, מעכטיקייט און אַלטקייט — דאָך ביסטו אַזוי יונג! איך בין דיר מקנא...

און דו, בלויער הימל, וואָס הענגסט ווי אַ בלויע חופה איבער מיין קאָפ! וואָס פעלט דיר דען? דאַרפסט ניט זיין אייפערזיכטיג אויפן ים, האָסט זיך בכלל ניט וואָס צו שעמען אויך מיט דיין הויכן פאַרנעם, טוליענע קנייטשען, זיידנקייט און גלאַטקייט — אפילו ניט מיט דיינע ווייסע, פוכיגע וואָלקנדלעך! נישקשה: איך פאַרמאָג גענוג ליבע אויך פאַר דיר! דיין ניגון קאָן קיינער ניט פאַרבייטן, ער איז אַ „קלאַס" פאַר זיך — אייגנאַרטיג ביז גאָר! איך האָב דיך ליב סיי ווען דו ליכטיגסט מיט דיין זונקייט, מיט דיין לויטערקייט, און סיי ווען דו צע'כעס'ט זיך מיט דיינע בליצן און דונערן, רעגנס און מבול'ס! דו ביסט שיין אפילו ווען דו ביסט אָנגעכמורעט און ברוגז. דיינע קאַפריזן זיינען מיר ניט פרעמד און אויך דיינע חסדים; איך קען דיך ווי איך קען זייך אַליין. אויך איך, מיין ליבער הימל, בין פול מיט קאַפריזן, פונקט ווי דו — און דער ים...

אַ וואונדערלעך פאָרל זייט איר — דו, מיין הימל, און דו, מיין ים! מ'דאַרף זיין אויף אייך אַ מבין — און דער עיקר: מ'דאַרף אייך פאַרשטיין, פילן און אָפּשאַצן! רעטעניש זייט איר ביידע, פול מיט געטלעכע סודות, אָבער מורא האָבן פאַר אייך האָב איך ניט, ווייל — איך האָב אייך שטאַרק ליב!...

„מאָרגן פרייהייט", נאָוו. 19, 1975, נ. י.

# „מיכעלע״ ראָזענבערג — דער זידנדיקער אַקטאָר

אין דער חזנ׳ישער וועלט איז שטאַרק אין דער מאָדע געווען פאַר־צויגענע נעמען: יאָסעלע, בערעלע, שמערעלע, אַרעלע, האָט בערעלע אָדער אַרעלע געמעגט זיין אַ הויכער, אַ גראָבער און וועגן צען פוד, האָט מען אים אַלץ גערופן בערעלע אדער אַרעלע ...

אין דער אַמעריקאַנער אידישער טעאַטער־וועלט איז דער ניט לאַנג צוריק (ס׳איז נאָך קיין יאָר און אַ האַלב נישטאָ) פאַרשטאָרבענער אַקטיאָר מיכל ראָזענבערג, דאַכט מיר, געווען דער איינציקער, וועמען מ׳האָט גערופן מיט אַ פאַרצויגענעם נאָמען: אַז מ׳האָט געזאָגט „מיכעלע״, האָט מען געוואוסט אַז מען מיינט מיכל ראָזענבערג. און ער איז נישט געווען קיין קליין־געוואוקסיקער, קיין „נעביכל״, און אויך ניט קיין „מיאַכקעלבב׳ניק״; אַז מ׳האָט געדאַרפט האָט ער געקאָנט געבן אַ גאַנץ גוטן געשריי און זיך „צעזידן״ ווי אַ קעסל ...

מ׳האָט אים גערופן „מיכעלע״, ווייל, אָנהויבנדיק פונעם עולם אין טעאַטער ביז די בינע־אַרבעטער, די „טאָף־גאַיס״ (די „האַרטע־ניס״) אין דער אַמעריקאַנער טעאַטער־פּראָפעסיע, און פון די האָטעלן, נאַכט־קלובן אין די פאַרשידענע רעזאָרט־פּלעצער אין די קעטסקיל־בערג, אַטלאַנטיק־סיטי, מיאַמי ביטש — אַלע האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען אַ שטיק „עמך״, אַ היימישער יאַט. דערפון דער נאָמען: „מיכעלע״!

„מיכעלע, קום אַהער!״ „מיכעלע, קאָם היער!״ ס׳האָט זיך מיט אים געטומלט, מחמת מיט אים און אַרום אים איז געווען לעבעדיק, פריילעך, שטיפעריש און צאַפּלדיק!

מיכל ראָזענבערג איז געווען אַ כאַראַקטער־שוישפּילער, און אויב איר ווילט דווקא זיין ריכטיגן „אַמפּלוא״: אַ כאַראַקטער־קאָמיקער: אַ שטיק דינאַמאָ. די בינע, און וואו ער איז נישט געווען, האָט הינטער זיינע פּיס ממש געקאָכט, געברענט און געזאָדן, ווי אַ קעסל, ווי הונדערט סאַמאָווארן ... און כאָטש ער איז געשטאָרבן שוין ניט קיין „יונגערמאַנטשיק״, וואָלט ער זיכער צום ווייניגסטנס געקאָנט לעבן נאָך גוטע צען יאָר צייט, ווען ער וואָלט זיך אָפּגעהיט און ווייניקער זיך אויסגעברענט. אויף אים קאָן מען

באמת זאָגן, אַז ער האָט זיך מיט זיינע אייגענע הענט פאַרקירצט זיינע יאָרן, ווייל ער איז געווען אַן אכזר אויף זיין אייגענעם געזונט.

מיכל ראָזענבערג האָט זיך געקאָנט באַגייסטערן. ער האָט געשטאַמט פון אַ וואַרשעווער חסיד׳ישער משפחה. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ קאָצקער חסיד, און קאָצק, כידוע, האָט געמיינט: פייער, ברען, התלהבות! איך מיין אָבער, אַז אַ חוץ ירושה, האָט מיכל ראָזענבערג פאַרמאָגט גאָר אַ סך פון זיין אייגענעם פייער, זיין אייגענעם ברען און התלהבות, וואָס האָט זיך ביי אים צום בולט׳סטן אָנגעזען אין די פאַרשידענע ראָלן, וועלכע ער האָט געשפּילט אין מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט טעאַטער, און סיי ווען ער האָט געשפּילט אין אַנדערע טעאַטערס, און אויך ווען ער איז אַליין געווען אַ דירעקטאָר פון אַ טעאַטער.

דריי ראָלן זיינע, האָבן זיך מיר איינגעקריצט טיף אין זכרון: „וואַסקאַ״ פון דער פּיעסע „דער געפּאַנצערטער צוג״, דער פייערדיקער חסיד „מעכעל שטאַמלער״ פון דער פּיעסע „יאָשע קאַלב״, און „אָנקל סעם אין ישראל״. אָבער דאָ וועל איך רעדן נאָר וועגן די צוויי קרישטאָל־געצייכנטע ראָלן: „וואַסקאַ״ און „מעכעלע שטאַמלער״.

אין תוך זיינען עס געווען ניט בלויז צוויי באַזונדערע ראָלן, נאָר צוויי באַזונדערע וועלטן, אָבער ווי טיף און חושים׳דיק ער האָט זיי פאַרשטאַנען און באַנומען! מ׳קאָן זאָגן, אַז ער האָט זיי איינגעשלונגען מיט זיין גאָרער נשמה, לייב־און־לעבן, מיט אַלע זיינע אַקטיאָרישע דימענסיעס און קינסטלערישע אויפפאַסונגען. דער פאַרשייטער „וואַסקאַ״, וואָס די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געבוירן, דער „יאַטישער־שקאָץ״, האָט שיעור ניט פאַרברענט די בינע מיט זיין ענטוזיאַזם, שטיפערייען און קאָמפּלוס־טיקייט!

מיכל ראָזענבערג, וועלכער איז דעמאָלט אַליין נאָך געווען יונג, האָט די ראָל פון „וואַסקאַ״ ניט בלויז אויסגעצייכנט אויסגעמאַליעוועט, אויסגע־שפּילט, נאָר ממש אויסגעטאָקט. איך קאָן נאָך איצט הערן די „בראַוואָס״ און די האַרציקע געלעכטערס פונעם גאַנצן עולם אין טעאַטער, וואָס זיין שפּילן האָט אַרויסגערופן. יעדער באַוועג זיינער, יעדע מינע איז געווען אין פּלאַץ, און דורכגענומען מיט אַזויפיל אַקטיאָרישער בריה׳שקייט און אַקטיאָריש־געזעצלעכע „שטוקעס״, אויף אַזויפיל, אַז די דאָזיגע ראָל האָט אים אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון דער אידישער טעאַטער־פּראָפעסיע אין

אַמעריקע. די קריטיקער, די ענגלישע ווי די אידישע, זיינען אַלע אַרויס־געקומען מיט שטאַרקע לויב־געזאַנגען פאַר אים און — ער איז מיט אַמאָל געוואָרן אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר, די דאָזיקע ראָל האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף די פיס און דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע האָט פּלוצלונג צוגעקראָגן אַ נייעם כוח, אַ פרישן טאַלאַנט, אַ צאַפּלדיקן שוישפּילער!

דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט מיט זיין צווייטער דערפאָלגרייכער ראָל אין „יאָשע קאַלב" — פונעם פייערדיקן חסיד „מעכעל שטאַמלער". ווער געדענקט עס ניט זיין באַרימטן זאָג: „עטץ עט ניט אַראָן"! די חסידים פונעם ניעשעווער רבי׳ן האָבן זיך פון אַלע זייטן געשפּאַרט אַריינצוגיין צום רבי׳ן און ביי דער טיר פונעם חדר־מיוחד, וואו דער רבי האָט זיך געפונען, איז געשטאַנען דער פייערדיקער חסיד „מעכעלע שטאַמלער" און האָט הויך אויפן קול געשריען „עטץ עט ניט אַראָן"! דער דאָזיקער זאָג מיט ראָזענבערג׳ס אינטאָנאַציע איז גיך פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אידן איבער גאַנץ אַמעריקע. און נאָך אַפילו איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן שפּעטער, קענט איר גאַנץ אָפט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן הערן אידישע מענטשן אַ זאָג־טאָן: „עטץ עט ניט אַראָן"!

דערנאָך, אין סאַמע מיטן פון זיינע גרויסע דערפאָלגן אויף דער טעאַטער־בינע, פאַרלאָזט ער דעם אידישן טעאַטער און פאַרנעמט זיך מיט סאָלאָ־אַרויסטרעטונגען אויף קאָנצערטן, ביי גרויסע פאַרזאַמלונגען, און אין פאַרשידענע רעזאָרט־פּלעצער, מיט מאָנאָלאָגן און וויצן. און ער האָט געשאַפן זיין פּאָפּולערן כאַראַקטער „געצל", וואָס איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער אונטערהאַלטונג־אינדוסטריע, ספּעציעל אין די פאַרגעניגן־פאַבריקן ווי אין די קעטסקיל־בערג, און נאַכט־קלובן אין אַטלאַנטיק סיטי און מיאַמי ביטש וכדומה. אמת, ער האָט ניט בלויז געקראָגן גוט באַצאָלט, נאָר ער איז אויך געווען אַ גרויסער דערפאָלג, אָבער ער האָט דערמיט פאַרלאָרן אַ סך פון פיינערן אידישן עולם. ער האָט, חלילה, גאָרניט אַרונטערגעלאָזט פון זיין גרויסן טאַלאַנט, אָבער ער האָט דעם טאַלאַנט זיינעם צעטרענצעלט אויף „קליין געלט"...

מיכל ראָזענבערג׳ס פאַרענטפערונג איז געווען: „פּרנסה"! אַ גערעכטע טענה... און נאָך עפּעס: „אויב, — האָט ער גע׳טענה׳ט, — די ענגלישע אַקטיאָרן, וועלכע טרעטן אַרויס אין די זעלביקע קעטסקיל־בערג און אין מיאַמי ביטש, און זייערע מאָנאָלאָגן און „סעקס" וויצן, וועלכע זיינען אין

פאַרגלייך מיט זיינע, אַ סך ערגערע און ביליגערע, און דער אידישער עולם פּראָטעסטירט ניט קעגן דעם — טאָ פאַרוואָס טאָר ער דאָס זעלביקע ניט טאָן״? ווידעראַמאָל אַ גערעכטע טענה ...

זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז מיכל ראָזענבערג האָט אויף זיינע סאָלאָ אויפטרעטן ניט בלויז פאַרגעטראָגן מאָנאָלאָגן פון זיין שטאַרק פּאָפּולערן כאַראַקטער „געצל״ און דערציילט וויצן, נאָר ער האָט אויך געשמאַקט געזונגען אַ טעאַטער־ליד — און זייער מנגנ׳יש! ער איז אין זיין יוגנט געווען אַ משורר און האָט מיט אַ סך חן און זיסקייט געקאָנט „דערלאַנגען״ אַ ליד!

אַז זיין אָרט אין אידישן טעאַטער איז געבליבן ליידיק, איז גאָר קיין פראַגע ניט. אַז ס׳איז נישטאָ נאָך קיין צווייטער מיכעלע ראָזענבערג, דאָס ווייסן אַלע טעאַטער־מענטשן. אויב ער איז אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זיין לעבן פון געוויסע מענטשן שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן, טאָ זאָלן זיי אַ טראַכט געבן פון אָט יענעם אַמאָליקן מיכל ראָזענבערג אין מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט־טעאַטער; און דער עיקר זאָלן זיי זיך דערמאָנען אָן זיינע פריער־דערמאָנטע צוויי קינסטלערישע ראָלן: „וואַסקאָ״ אין „געפּאַנצערטן צוג״ און פונעם פייערדיקן חסיד „מעכעלע שטאַמלער״ און „יאָשע קאַלב״; באַזונדערס זאָלן זיי זיך דערמאָנען ביים איבערזאָגן דאָס ווערטל: „עטץ עט ניט אַראָן״! דאָס האָט אויסשליסלעך געהערט צו אים, צו מיכל ראָזענבערג׳ן, עס איז זיין אייגנטום ...

„מאָרגן פרייהייט״, דעצ. 24, 1974, נ. י.

# וולאַדמיר האָראָוויץ — דער מייסטער־פּיאַניסט

## געווידמעט מאַשאַ'ן פּייגעס

כאָטש אַן אינסטרומענט איז ניט קיין שטימע, אָבער אונטער די גענִיטע הענט פון אַ מייסטער קען אויך אַן אינסטרומענט נעמען זינגען.

וולאַדימיר האָראָוויץ, דער קיעווער איד, איז דער מייסטער־זינגער פון דער פּיאַנאָ, פון וועמעס פינגער־באַריר די סטרונעס הויבן אָן צו „ריידן" אין פאַרשיידענע מענטשלעכע קולות. הערצער, נשמות, געפילן נעמען שטראָמען ווי פאַנאַנדערגעעפנטע קוואַלן.

עס איז נישט קיין פאַרכלינען זיך, קיין פאַרשוימען זיך ביי האָראָוויץ'ן, נאָר אַן אַריינלעבן זיך, אַן אַריינפילן זיך אינעם אינסטרומענט, און אויך איז ביי אים די טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם שפּראַך פון מוזיק, פון טאָן און קלאַנג, פון ריטם און געבוי, פון קאָליר און ניואַנס.

צו ווערן אָנגערופן דער „שר" פון דער פּיאַנאָ, אָדער פון וועלכן עס איז אינסטרומענט היינט צו טאָג, איז ניט פון די גרינגע זאַכן אין דער מוזיקאַלישער וועלט. מ'דאַרף עס פאַרדינען — און וולאַדימיר האָראָוויץ האָט זיך דעם דאָזיקן נאָמען כשר פאַרדינט.

היינטיקע צייטן זיינען נישט אַמאָליקע. צו זיין היינט אַ ווירטואָז, דאַרף מען באמת זיין אַ געבוירענער זשעני. די צאָל פּיאַנאָ־שפּילער איז היינט צו טאָג מערער ווי ווען עס איז געווען. אויך די היינטיקע קאָנצערט־גייער זיינען אַנדערע ווי עס זיינען געווען אַמאָליקע צייטן. דער עולם האָט זיך אַנטוויקלט און איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן מוזיקאַלישער, ספּעציעל איז עס דער פאַל דאָ אין אַמעריקע, וואו עס פעלן ניט קיין גרויסע טאַלאַנטן און סיי קיין קאָנצערט־גייערס.

ווען מ'האָט פאַר זיך אַן אַרטור רובינשטיין, אַן אַלעקסאַנדער בראַילאָווסקי, אַ רודאָלף סערקין, אַ כאָזע איטורבי, אַחוץ נאָך אַנדערע גרויסע טאַלאַנטן, איז ניט לייכט צו ווערן פאַררעכנט פאַרן „קעניג" פון דער פּיאַנאָ!

וולאַדמיר האָראָוויץ'ן, דעם קיעווער אידישן יונגנמאַן, וועמעס נאָמען עס רופט אַרויס גרויס דרך־ארץ ביי אַלע מוזיק־קענער, מוזיק־קרייזן און מוזיק־ליבהאָבער איבער דער מוזיקאַלישער וועלט, איז צוגעטיילט געוואָרן

אַט דער כבוד. זיינער אַ קאָנצערט ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גרויס מוזיקאַליש געשעעניש, מ׳גרייט זיך ווי צום גרעסטן יום־טוב. און גליקלעך איז דער, וואָס האָט אַ בילעט, ווייל קריגן אַ בילעט צו האָראָוויץ׳עס אַ קאָנצערט אין קאַרנעגע האַל, איז ווי דורכצוברעכן די וואַנט פון יריחו. היינט ווערט דער קאָנצערט אַנאָנסירט, און אַז איר קומט מאָרגן, קריגט איר שוין ניט קיין בילעטן.

וולאַדימיר האָראָוויץ איז צווישן די געציילטע פּיאַנאָ־ווירטואָזן, וועלכע גייען צו מיט אַ הייליקן געפיל צו די ווערק, וועלכע זיי שפּילן. ער טראַכט זיך אַריין אין יעדן מחבר, אינעם מהות פון יעדן קאָמפּאָזיטאָר באַזונדער, אין זיינע געדאַנקען און געפילן, און פּרובירט אַרויסלייענען פון צווישן די שורות נאָך מערער ווי פון די שורות זעלבסט.

איר דאַרפט ניט זיין איינשטימיק מיט יעדער אויסטייטשונג, מיט זיין קאָנצעפּציע פון דעם אָדער אַ צווייטן קאָמפּאָזיטאָר און זיין ווערק. אָבער וואָס די קאָנצעפּציע אָדער אויסטייטשונג זאָל ניט זיין, מוזט איר אים גלויבן, ווייל איר פילט און שפּירט די מוזיקאַלישע ערנסקייט, זיין דורכאויס ערלעכן צוגאַנג, און ער איז אויטאָריטעט גענוג אויף צו האָבן זיין אייגענע מיינונג, זיין אייגענעם באַגריף פון דער אָדער יענער מוזיקאַלישער שאַפונג.

האָראָוויץ איז אויך באַוואוסט מיט דעם אויסוואַל פון זיינע פּראָג־ראַמען, פאַר וועלכע די קריטיקער קאָנען נישט געפינען פאַר אים לויב, ער זוכט קיימנאָל נישט צו זיין סענסאַציאָנעל, אונטער זיינע הענט קאָן אַ גאַנץ געוויינלעכע קאָמפּאָזיציע, די פּשוט׳סטע מעלאָדיע, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מייסטערווערק.

ער קאָן זיין דראַמאַטיש און ער קאָן זיין ליריש, ער קאָן זיין שטורמיש און ער קאָן זיין צאַרט, זיינע איבערלעבונגען זיינען בריליאַנטענע און קומען דורכאויס פון אינערלעכע געפילן. מוזיקאַלישע פיגורן וואַקסן פאַר אייערע אויגן, ווי שטראַלנדיקע ליכטער, ווי שטיקער זון אין אַ צעהעלטן מיט־זומער טאָג. יעדע קאָמפּאָזיציע ווערט פון אים מוזיקאַליש געמאָלן מיט די פּאַסיקסטע פאַרבן און מוזיקאַליש באַלויכטן מיט די פּאַסיקסטע קאָלירן. איר קענט לייכט פילן דעם אונטערשייד פון איין קאָמפּאָזיציע ביז דער צווייטער ניט זייענדיק קיין מוזיקער אַפילו, נאָר בלויז אַ צוהערער.

האָראָוויץ איז אויך באַרימט מיט זיין רייכן טאָן. אויסער זיין זינגעוודיקייט, צעגיסט ער זיך ממש ווי אַ רעגנבויגן, און דער זאַל וואו דער

קאָנצערט קומט פאָר, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיקן גאָרטן מיט פאַרשידענע בלומען און קאָלירן. דער האָראָוויץ־טאָן איז אַ שם־דבר אין דער גאָרער מוזיקאַלישער וועלט. ער פאַסינירט און פאַרכאַפּט אייך ביז צו פאַר׳שיכור׳טקייט.

ווייניק מוזיקער זיינען פאַראַן אין דער וועלט, וועלכע זאָלן האַלטן דעם מוזיקאַלישן עולם אַזוי געשפּאַנט, ווי וולאַדימיר האָראָוויץ. אַזוי לייכט זיך איבערגעבן צום עולם ווי עס גיט זיך איבער זיין טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם לשון פון מוזיק, איז באמת אַ זעלטנהייט.

פאַר די צוואַנציק יאָר, וואָס האָראָוויץ טרעט אויף אין אַמעריקע, האָט ער קיין איין מאָל ניט געשפּילט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין פון אַ ספּעקטאַקולאַרן כאַראַקטער, און זיין חשיבות אַלס קינסטלער זאָל דורך דעם געמינערט ווערן ביי זיין הויך־אינטעליגענטן פּובליקום. איך געדענק פּאַקטיש ניט קיין איין קאָנצערט זיינעם, וואו ער האָט געזוכט אויסצונעמען מיט עפּעס אַ ניט־כשר׳ן עפעקט. דער כאַראַקטער פון יעדן קאָנצערט זיינעם איז פון אַ מייסטער, וואָס זוכט אויף אַ העכסט־קינסטלערישן שטייגער איבערצוגעבן דעם פולן אינהאַלט פונעם קאָמפּאָזיטאָרס ווערק, די גאַנצקייט פונעם קאָמפּאָזיטאָרס שאַפונג, דעם לייב־און־לעבן, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אַהין אַריינגעלייגט. זיין טריאומף באַשטייט ניט אין זיין אַ ספּעקטאַקולאַרער ווירטואָז, נאָר ליגט דורכאויס אין זיין הויכער קונסט.

יעדער שפּילט שאָפּענס מוזיק, אָבער גאַנץ אַנדערש קלינגט שאָפּענס אַ מעליאָדיע אונטער האָראָוויצ׳עס איידעלער פינגער־באַרירונג! וואָס פאַר אַ קלאַנגפולקייט! דער ניגון זינגט ממש אַרויס פון יעדער נאָטע! די נשמה׳־דיקייט גייט אַריבער אַלע ברעגעס, צעגייט זיך ווי אַ טייך, ווען עס שטראָמען עס שימערירן קעגן דער ליכטיקער זון.

האָט איר אַמאָל געהערט האָראָוויצ׳ן שפּילן טשאַיקאָווסקי׳ס „פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ״? אויב ניט, ווייסט איר ניט וואָס שיינקייט איז! צוליב דעם אַליין דאַרפט איר גיין הערן האָראָוויצ׳עס אַ קאָנצערט! איך האָב פון קיין שום אַנדערן פּיאַניסט נאָך ניט געהערט שפּילן טשאַיקאָווסקי׳ס „פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ״ מיט אַזאַ פאַרשטעלונגס־קראַפט, מיט אַזוי פיל אימאַזשי־נאַציע פון טאָן־קאָלירן און פּרעכטיקע איבערגאַנגען, ווי פון וולאַדימיר האָראָוויצ׳ן.

אין אַלגעמיין ווייזט מיר אויס, אַז האָראָוויץ פאַרשטייט און שפּילט די

מוזיק פון די רוסישע קאָמפּאָזיטאָרס אַ סך בעסער איידער די מוזיק פון די מערב־אייראָפּעאישע קאָמפּאָזיטאָרס. דער סלאַווישער טאָן איז אים אַ סך נענטער, פיל אייגענער, און עס איז קיין חידוש נישט. ער איז געבוירן און אויפגעוואַקסן אויף דער רוסישער ערד און קאָן גוט די רוסישע נשמה, די רוסישע נאַטור, דעם רוסישן קנייטש און די רוסישע תנועה. עס פילט זיך אין זיין שפּילן די ליבע צו רוסלאַנד, די צוגעבונדקייט צו דער רוסישער ערד.

כאָטש אידן האָבן שטאַרק געליטן אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד, מ׳האָט אויף זיי געמאַכט אָפטע פּאָגראָמען און האָבן בכלל אַ סך געליטן פון פאַרשידענע צאַרישע רדיפות, דאָך איז די ליבע פון די אידן צו רוסלאַנד געווען אַ זעלטענע. די אידן האָבן געהאָלפן באַרימט מאַכן רוסלאַנד אין דער וועלט סיי דורך קונסט און סיי דורך האַנדל.

ווער זיינען די אַלע יאַשאַ׳ס, מישאַ׳ס און טאַשאַ׳ס, אויב ניט קיין געבוירענע רוסישע אידן ? און ווער זיינען די וועלט־באַרימטע דיריגענטן סערגעי קוסעוויצקי, יאַשאַ האָרנשטיין, אַלעקסאַנדער סמאָלענס, עמיל קופּער, אויב נישט קיין געבוירענע רוסישע אידן ? און ווער איז היינט־צו־טאָג דער מער־באַרימטסטער טשעליסט, גרעגאָר פּיאַטיגאָרסקי, אויב ניט קיין רוסיש־געבוירענער איד ? און וואָס מיט אַזעלכע וועלט־באַרימטע זינגער, ווי אַלעקסאַנדער קיפּניס, ראָזאַ ראַאיסאַ ?

האָראָוויץ איז דער איידעם פונעם וועלט־באַרימטן איטאַליענישן די־ריגענט אַרטוראָ טאָסקאַניני, וועלכער איז אויך אַ גרויסער אידן־פריינט. פון צייט צו צייט טרעטן אויף דער שווער און דער איידעם צוזאַמען, אַ זאַך, וועלכע רופט אַרויס די גרעסטע סענסאַציע אין דער מוזיקאַלישער וועלט. מ׳קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלן וואָס דאָס מיינט, אויב מ׳האָט קיינמאָל נישט בייגעוואוינט אַ קאָנצערט פון אָט־די צוויי גרויסע באַרימטע מייסטערס !

„נו יאָרקער וואָכנבלאַט״, מערץ 2, 1951 נ. י.

# מיכאַל מיכאַלעסקאָ — אַן אַקטיאָר מיט עלעגאַנץ

דער עלטערער דור, און אויך דער מיטליעריקער אידישער טעאַטער־גייער, געדענקט גאַנץ וואויל דעם נאָמען מיכאַל מיכאַלעסקאָ — אַן אַקטיאָר מיט עלעגאַנץ און פאַרנעם וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען אַ „סטאַר״ אין די גרעסטע אידישע טעאַטערס, פריער אין פוילן, דערנאָך אין אַמעריקע און אומעטום אין דער גאָרער וועלט.

דער נאָמען מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז געווען אַ צוציאונגס־כוח, וואָס האָט אין אידישן טעאַטער במשך פון יאָרן געבראַכט צענדליקער טויזנטער אידישע טעאַטער־גייער. מ׳האָט אים ליב געהאַט, און עס איז בפירוש געווען וועמען ליב צו האָבן, ווייל חוץ שוישפּילערישן טאַלאַנט האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ ים מיט בינע־חן, בינע־פּערזענליכקייט, אַ שטאַלטנע פיגור, אַ שיינער מאַנספּאַרשוין, מיט אַ סאַמעטווייכער באַריטאָן־שטימע און ער האָט אויך געוואוסט וואָס מיט איר צו טאָן, ווי אַזוי זי צו נוצן, און דערצו מיט אַ ראַפינירטן אַריסטאָקראַטישן אויסזען. עס האָט אים געקליידט דאָס זיין אַן אַקטיאָר, די בינע איז געווען פאַר אים, ווי אָנגעמאָסטן און צוגעשניטן . . .

איך געדענק אַ פאַרשטעלונג אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער, אויף סעקאָנד עוועניו, אין ניו יאָרק. עס איז געווען די יערלעכע טעאַטער־פאַרשטעלונג פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן און מ׳האָט געשפּילט אַן אויסצוג פון גאָלדפאַדען׳ס באַרימטער טעאַטער־קלאַסיק „עקידת יצחק״. דער טעאַטער, פאַרשטייט זיך, איז געווען געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ, מענטשן זיינען געהאַנגען אויף די ווענט און עס איז נישט געווען וואו אַ שפּילקע אַריינצוּוואַרפן. לעבן מיר איז געזעסן דער פאַרשטאָרבענער טעאַטער־קריטיקער פון דער „מאָרגן־פרייהייט״, נ. בוכוואַלד, און ער האָט ממש געגאַפט פונעם אַקטיאָר וואָס האָט געשפּילט דעם אַלטן פאַטריאַרך אברהם. בוכוואַלד איז שטאַרק פאַרכאַפּט געווען פון דער שטאַלטנער פיגור אויף דער בינע, פונעם וואונדערלעכן פאַטריאַרכאַלישן גרים, פונעם ווירדיקן קינסטלערישן שפּילן און פון דער געשמאַקער שטים, וואָס האָט קלינגעוודיק אַראָפּגערעדט צום עולם אין טעאַטער.

„ווער איז ער ?", האָט זיך בוכוואַלד גע'חידוש'ט. „וואָס־זשע, האָב איך זיך אָנגערופן, „איר דערקענט נישט מיכאַל מיכאַלעסקאָ'ן ?"

„איר מיינט עס ערנסט, צי איר שפּאַסט ?"

„ניין, איך שפּאַס ניט, ס'איז מיכאַל מיכאַלעסקאָ !"

„אוממעגלעך !", האָט בוכוואַלד זיך אַזש אַ הויב געטאָן פונעם פּלאַץ, עס קאָן נישט זיין !"

עס האָט גענומען צייט ביז איך האָב בוכוואַלד'ן איבערצייגט, אַז דער וואָס שפּילט אברהמ'ען איז מיכאַל מיכאַלעסקאָ. און דאָס וואָס מיכאַלעסקאָ'ן איז געווען ניט צום דערקענען, איז דער גרעסטער „אַטעסטאַט" פאַר אַן אַקטיאָר ! די סיבה פאַרוואָס בוכוואַלד האָט מיכאַלעסקאָ'ן נישט דערקענט, כאָטש ער האָט אים זיכער צענדליקער מאָל געזען אין טעאַטער שפּילן, איז געווען ווייל נ. בוכוואַלד האָט קיינמאָל פריער נישט געזען מיכאַלעסקאָ'ן אין אַ דראַמאַטישער ראָל, נאָר מייסטנס אין אָפּערעטעס אָדער אין מוזיקאַלישע מעלאָדראַמעס, אָדער אַ געמיש פון אָפּערעטע און מעלאָדראַמע צוזאַמען, אין וועלכע ער האָט צום מערסטנס „געקעניגט", מיט אַלע זיינע מאַנסבילשע חנ'ען און אַקטיאָרישן טאַלאַנט. ער איז געווען אַן אַקטיאָר וואָס האָט געקענט זינגען און אַ זינגער וואָס האָט געקענט שפּילן טעאַטער.

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז געקומען צום אידישן טעאַטער ווי אַ סך אַנדערע אידישע אַקטיאָרן, איבערהויפּט ראָמאַנטישע שוישפּילער, אָדער ווי זיי הייסן ליבהאָבערס, וואָס האָבן קודם געדאַרפט פאַרמאָגן אַ שטימע און קענען זינגען, פון דער שול: ער איז געווען אַ משורר ביי חזנים און האָט אין יעדער פאַרשטעלונג ליב געהאַט אַריינצופלעכטן אַ „שטיקעלע חזנות" — צי עס האָט זיך געפּאַסט אָדער ניט. דער עולם האָט עס אָבער „אויפגעגעסן", מחמת מיכאַלסקאָ האָט געהאַט דעם „קנייטש", דעם נויטיקן „גוסט" אויף צו זינגען אַ חזנ'ישע קאָמפּאָזיציע. אַז ער פלעגט נעמען זינגען דוד רויטמאַנ'ס „אַשמנו מכל עם", האָט דער גאַנצער טעאַטער גענומען גיין „כאַדאָראָם"...

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז פון דער נאַטור געווען אַ ווייכער צוגעלאָזענער־מענטש און אַ „גוטער־ברודער". ווי גרויס און באַרימט ער איז געווען, איז ער נישט געווען קיין גרויסהאַלטער, קיין „פּאַריסענער נאַז", און האָט זיך געהאַלטן פשוט, חבר'יש און קאָלעגיאַל — אויף דער בינע, הינטער די קוליסן, אין קאַפע „ראָיאַל" אויף דער גאַס, אין אַקטיאָרן־קלוב, קורץ, אַ מענטש ווי עס באַדאַרף צו זיין !

איך געדענק אַ פאַל אין אַרגענטינע, אין בוענאָס־איירעס, אין קאַפע „לעאָן". עס האָבן יענעם ווינטער־סעזאָן (ניו יאָרקער זומער) אין בוענאָס־איירעס גאַסטראָלירט: מאָריס שוואַרץ מיט אַ טרופּע, יעקב בן־עמי מיט אַ טרופּע און מיכאל מיכאַלעסקאָ מיט אַ טרופּע. אַ חוץ די דאָזיקע גאַסט־שוישפּילער, האָבן פון אַמעריקע אין בוענאָס איירעס דעמאָלט געגעבן קאָנצערטן משה אוישער, סידאָר בעלאַרסקי און מרדכי ירדני. קורץ, עס איז געווען לעבעדיק אין בוענאָס־איירעס! דער עולם האָט נישט געוואוסט וואו צו גיין פריער, אָבער סיי אין די טעאַטערס און סיי צו די קאָנצערטן זיינען געקומען מאַסן אידן. דעם גרעסטן דערפאָלג פון אַלעמען האָט געהאַט משה אוישער, וועלכער איז געווען דעמאָלט אויף דער סאַמע הויך פון זיין סענסאַציאָנעלער קאַריערע! דערצו האָבן די פילמס: „דער ווילנער באַלעבעסל", „דעם חזנ'ס זינדל", „יאַנקל דער שמיד" אים אַרויסגעהאָלפן צו זיין באַזוך אין אַרגענטינע. די דאָזיקע דריי אידישע פילמס זיינען געווען זיינע בעסטע רעקלאַמעס און מ'איז געלאָפן אים הערן און אויך זען. נאַטירלעך איז ער געווען אויפן זיבעטן הימל! הער אַ מעשה: ס'זיינען פאַראַן מאָריס שוואַרץ, יעקב בן־עמי, מיכאל מיכאַלעסקאָ, סידאָר בעלאַרסקי, מרדכי ירדני, אָבער ער, משה אוישער, איז „טאָפּס" — פון אויבן!

איז אָט זיצן מיר, מיכאַלעסקאָ און איך, אין קאַפע „לעאָן", און עס קומט אַריין משה אוישער, מיט אַ שטעל פון אַ זיגער, אַ גענעראַל, וואָס האָט אָקאָרשט אָפּגעהאַלטן אַ „נצחון" אויפן „שלאַכט־פעלד"! אַנשטאָט צוגיין צו אונזער טישל און זיך באַגריסן, האָט ער בלויז פון ווייטן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און ניט מער. מיכאַלעסקאָ'ן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן:

„זעט נאָר, איך בעט אייך, דעם גרויסהאַלטער, — האָט מיכאַלעסקאָ געזאָגט — עס שטייט אים שוין ניט אָן צוקומען און זאָגן העלאָ! איידער ער איז געוואָרן אַ סענסאַציע איז ער מיר נאָכגעלאָפן ווי אַ שיק־אינגעל, אָבער זינט ער איז אַרויף אויפן פערדל דערקענט ער שוין קיין מענטש ניט מער".

„אַ דאגה האָט איר, זאָל ער זיך האַלטן גרויס —— האָב איך אים געענטפערט —— ביי מיר זיינט איר נאָך אַלץ מיכאל מיכאַלעסקאָ, דער גרויסער אידישער טעאַטער־סטאַר — און וועט בלייבן מיכאל מיכאַלעסקאָ!"

„אַ דאַנק, אַ דאַנק !" — האָט ער אָנגעכאַפּט מיין האַנט און זי געדריקט. „איר פאַרשטייט, ס'גייט נישט אין אייפּערזוכט, נאָר אין מענטשלעכקייט !"

„איך ווייס, פריינט מיכאַלעסקאָ, אָבער איך קען משה אוישער'ן ניט פון נעכטן, אין תוך איז ער אַ וואוילער בחור, אָבער עס פעלט אים טאַקט !"

„יאָ, מיין פריינט, טאַקט איז אַן איידעלע זאַך !"

„זינט ער איז געוואָרן אַ סענסאַציע — האָב איך פּרובירט מיכאַלעסקאָ'ן באַרואיקן, האָט ער ליב צו שפּילן דעם „ביג שאָט", דעם „יאָ־טע־בע־דאַם", דאָס רעכנט ער זיך אָפּ פאַר דער צייט, ווען מ'האָט זיך אין די אידישע טעאַטער־קרייזן אויף אים ניט אומגעקוקט".

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז געווען אַ „סטאַר" אין אידישן טעאַטער נאָך אין פּוילן, איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע. אין וואַרשע און אין לאָדזש האָט מען אים פאַרגעטערט, אָבער קומענדיק אין אַמעריקע האָט ער זיך ערשט פאַנאַנדערגעבליט — אין דער הויך און אין דער טיף ! דאָ האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַזעלכע טאַלאַנטירטע און דערפאַרענע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, ווי יוסף רומשינסקי, פּרץ סאַנדלער, אַלעקסאַנדער אַלשאַנעצקי און דעם יונגן אברהם עלשטיין — אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס פון ברייטן פאַרנעם און מוסטערן פונעם אַמעריקאַנער טעאַטער אויף בראָדוועי, וואו מ'האָט אויפגעפירט פאַרנעמיקע אָפּערעטעס און גרויסע מוזיקאַלישע קאָמעדיעס. רומשינסקי און אַלשאַנעצקי זיינען געווען די צוויי אָנגענומענע „טעאַטער־פירמעס" אינעם אַמעריקאַנעם אידישן טעאַטער, מיט וועלכע ס'איז געווען סיי אַ כבוד און סיי אַ נחת פאַר אַן אָפּערעטן־אַקטיאָר צו שטיין אויף דער בינע און זינגען, בעת זיי האָבן אָנגעפירט מיט אַן אָרקעסטער ! זיי האָבן געוואוסט וואָס דער און יענער אָפּערעטן־אַקטיאָר דאַרף און קען — און זיי האָבן עס אים צוגעשטעלט.

פאַר מיכאַלעסקאָ'ן האָבן אין אַמעריקע זיך געעפנט נייע וועלטן, נייע האָריזאָנטן, מיט גאַנץ נייע מעגלעכקייטן, וואו ער האָט זיך געקאָנט אויסברייטערן, פאַנאַנדערפירן די הענט און ווייזן די אמת'ע כוחות פון זיין שוישפּילערישן טאַלאַנט. עס זיינען געווען צייטן ווען ער האָט אין איין אָפּערעטע געגלאַנצט דעם גאַנצן סעזאָן ! די פּראָווינץ האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז ער זאָל שוין קומען גאַסטראָלירן. שטעט ווי פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, דעטראָיט, האָבן אויסגעקוקט זייערע אויגן: ווען קומט ער שוין ? די רעקלאַמעס אין די צייטונגען, פלעגן פאַנאַנדערפּויקן די

דערפאַלגן פון די פּיעסן אין די ניו־יאָרקער אידישע טעאַטערס און דער עולם האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויפן טאָג, ווען זיי וועלן קאָנען זען די פאַרשטעלונגען, דעם און יענעם אידישן „סטאַר", ווי ער זעט אויס און ווי ער צייכנט זיך אויס ...

מיכאַל מיכאַלעסקאָ, דער אַקטיאָר מיט עלעגאַנץ, האָט פּונקט ווי די אַנדערע אידישע טעאַטער־סטאַרס אין אַמעריקע, ווי מאָריס שוואַרץ, לודוויג זאַץ, סעמועל גאָלדינבורג, אהרן לעבעדעוו, מאָלי פּיקאָן, דשעני גאָלדשטיין, אומעטום געהאַט זיינע „פּאַטריאָטן", הייסע „חסידים", וועלכע זיינען פאַר אים גרייט געווען צו גיין אין „פייער און אין וואַסער". מיכאַלעסקאָ'ס „פּאַטריאָטן" האָבן זיך ניט געמישט מיט לעבעדעוו'ס „פּאַטריאָטן", פּונקט ווי מאָריס שוואַרצ'ס „חסידים" האָבן זיך ניט געמישט מיט יעקב בן־עמי'ס „חסידים", אָדער סעמועל גאָלדינבורג'ס „פּאַטריאָטן" האָבן זיך ניט געמישט מיט לודוויג זאַצ'ס „פּאַטריאָטן", צי מאָלי פּיקאָנ'ס „פּאַטריאָטן" האָבן זיך ניט געמישט מיט דזשעני גאָלדשטיינ'ס „פּאַטריאָטן". יעדערער באַזונדער האָט זיך גהאַט זיין אָדער איר ווערטל, זיין אָדער איר בינטל פאַרברענטע „פּאַטריאָטן" און „חסידים", זיינע אָדער אירע הייסע אָנהענגער ...

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז אייגנטלעך געשטאַנען אויף איין „ברעטל" מיט לעבעדעוו'ן, אָבער בעת לעבעדעוו האָט דורכאויס און נאָר גשפּילט אין אָפּערעטעס אָדער מוזיקאַלישע קאָמעדיעס, האָט ער, מיכאַלעסקאָ, אַ חוץ אין אָפּערעטעס, פון מאָל צו מאָל, אויך געשפּילט מעלאָדראַמעס — פאַרשטייט זיך מיט געזאַנג! אָן געזאַנג וואָלט מיכאַלעסקאָ פאַר זיין עולם זיך ניט געקענט באַוויזן... דאָס איז געווען זיין „קאָניאַק", בעת אין דער אמת'ן האָט ער גאַנץ גוט געקענט שפּילן ניט בלויז אין מעלאָדראַמעס מיט געזאַנג, נאָר אויך אין עכטע דראַמעס. ער וואָלט געווען אַזאַ דערפאָלג אין אַ דראַמאַטישן טעאַטער, פּונקט ווי דער אַקטיאָר לעאָ פוקס, וועלכער האָט שפּילנדיק כסדר אין האַלבע־אָפּערעטעס, אָדער האַלבע קאָמעדיעס, אין מאָריס שוואַרצ'ס קונסט־טעאַטער אַ גלאַנץ געטאָן אין שלום אַש'ס „דער תהלים־איד", אין דער פּרעכטיקער ראָל פון „יחיאל", ווי אין אַן אָפּערעטן־טעאַטער, אָבער זיינע „פלאַמבעס" זיינען געווען: אַן אָפּערעטן־אַקטיאָר, אַ ראָמאַנטישער שוישפּילער, אַן עלעגאַנטער ליבהאָבער — און ער האָט זיך ביי דעם געהאַלטן: געהאַלטן מיט דערפאָלג, ביזן סוף פון זיין לעבן, ווען ער

איז פּלוצלונג, שפּילנדיק טעאַטער אין שיקאַגאָ, געשטאָרבן. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט אים געבראַכט צוריק קיין ניו יאָרק, פאַר דעם האָט שוין געזאָרגט דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דעם אידישען „טעאַטריקעל אַלייענס״, דער „בוף־קאָמיקער״, טשאַרלי קאָהען.

לסוף ווילט זיך נאָך צוגעבן, אַז מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז עטלעכע מאָל געוואָרן אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט פון די „אידישע אַרטיסטן און פריינט״, אַ שוועסטער־אָרגאַניזאַציע פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן, פּונקט ווי דער אַקטיאָרן קלוב, צו וועלכער עס האָבן געהערט און געהערן די „קאַרפּן־קעפּ״ פון דער טעאַטער־פּראָפעסיע, צווישן אַנדערע פּאָול מוני, בערטאָ גערסטין, מאַקס באָזשיק, און זיי אויף לענגערע יאָר, ציליא אַדלער, יעקב בן־עמי און נאָך אַנדערע. קאָלעגן און די גאָרע טעאַטער־פּראָפעסיע האָבן מיכאַלעסקאָ׳ן שטאַרק ליב געהאַט. אַריינגערעכנט דעם שרייבער פון די שורות.

„מאָרגן פרייהייט״, סעפּ. 7, 1973, נ. י.

# יעקב בן־עמי — דער זיידענער אַקטיאָר

## געווידמעט אָלאַ לילית

איך בין כמעט זיכער, אַז ווען אונזער גרויסער אידישער דראַמאַטורג פּרץ הירשביין האָט זיך געזעצט שרייבן זיין וועלט־באַרימטע קלאַסישע פּיעסע, ריכטיקער, קלאַסישע־אידיליע, „גרינע פעלדער״, האָט ער פאַר זיך געזען דאָס לעבעדיקע געשטאַלט פונעם הויפּט־העלד „לוי־יצחק״ אין דער פערזאָנאַפיקאַציע פון ניט קיין אַנדערן אַקטיאָר ווי נאָר פון יעקב בן־עמי — פאַר וועמען די דאָזיקע ראָל איז ממש ווי געבאָרן געוואָרן. איך האָב געזען אַ סך אַקטיאָרן, און גוטע אַקטיאָרן, אין דער ראָל פון „לוי־יצחק״, אָבער קיינעם האָט זי נישט געקליידעט און נישט געפּאַסט אַזוי, ווי יעקב בן־עמי׳ן. ער איז פאַר איר ווי פון גראַניט אויסגעשניטן געוואָרן און אויך זי פאַר אים — מיט אַלע איידעלע חנ׳ען, זיידענע מאַניערן, פּאָעטישע פאַרטיפקייטן און זינגעוודיקע טאָנאַציעס. די דאָזיקע ראָל, קען מען זאָגן, האָט יעקב בן־עמי׳ן אַוועקגעשטעלט אויף די פיס, אים געגעבן אַ

פנים, אַן „אַקטיאָרישן פּאַספּאָרט״, וואָס איז מיט גרויס אָפּשיי אַנערקענט געוואָרן אין דער אידישער טעאַטער־וועלט — סיי מצד דער קריטיק און סיי מצד דעם עולם.

דער אידישער טעאַטער־גייער האָט יעקב בן־עמי׳ן אויפגענומען בסבר־פנים יפות, מיט אָפענע הענט, מיט וואַרימע הערצער, מיט דרך־ארץ און באַגייסטערונג. מ׳האָט דערפילט זיין אַנדערשקייט, זיין אַקטיאָרישן וועזן, און זיינע דורכאויס־אייגענע אַקטיאָרישע טריט — טריט פון אַ זיידענעם שוישפּילער. מ׳האָט אין אים געזען אַ נייעם געווינס פאַר דער אידישער טעאַטער־בינע, אַ פרישן כח מיט שטילע ווייכע טריט, שושקענדיקע טענער — איינער, וועלכער זינגט זיך אין דיר אַריין מיט זיין גאַרן געשטאַלט און וועזן, איינער, וועלכער קאָן עמפּינדלעך אויסשווייגן אַ פּויזע, אַ פּיאַניסעמ־דיקן אָטעם, זאָגן אַ סך ניט דערזאָגטקייטן מיט אַזויפיל אָנוואונק, געפיל און איבערלעב, לויטערן שכל און טיפער איבערצייגונג.

ס׳איז קלאָר, ווי דער היינטיקער טאָג ביים שרייבן אָט די שורות, אַז אַזעלכע אַקטיאָרן ווי יעקב בן־עמי ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג — ניט אין אידישן טעאַטער און אויך אין ניט־אידישן טעאַטער. אויף איידעלע אַקטיאָרן מיט זיידענע טאַלאַנטן דאַרף אַ טעאַטר־וועזן לאַנג וואַרטן, — פּונקט ווי אויף אַנדערע קינסטלער פון דעם מין. זיי קומען נישט אָפט און ווען זיי באַווייזן זיך, ווערן גאָר אַ סך פון זיי „פּאַר׳שיכור׳ט״ פון זייערע גרויסע דערפאָלגן און ווערן גיך קאַליע. ביישפּילן דערפון האָבן מיר גאָר פיל סיי אינעם אידישן און סיי אינעם ניט־אידישן טעאַטער־וועזן, און נאָכאַמאָל, ווי אין אַנדערע קונסט־צווייגן.

יעקב בן־עמי איז געבליבן ניכטער — אַזוי ניכטער, אַז ער איז וואָס אַמאָל געשטיגן העכער און העכער. ער איז נישט געבליבן „שטעקן״ אין „לוי־יצחק׳ן״, נאָר ער איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער — אויף אַזוי ווייט און ברייט, אַז בראָדוועי האָט אים אויף אַ שטיקל צייט ביי אונז אויסגעכאַפּט און ער איז געווען ממש אַ סענסאַציע אויף דער אַמעריקאַנער בינע.

דערמאָנט זיך נאָר אינעם גרויסן אַקטיאָרישן דערפאָלג זיינעם אין די צוואַנציקער יאָרן אויף זיין ערשטן אַרויסטריט אויף בראָדוועי, אויף זיין דעביוט, אין סווען לאַנגע׳ס ענגלישער פּיעסע „סאַמסאָן ענד דעלאַילאַ״ („שמשון און דלילה״). וואָס פאַר אַ פוראָר ער האָט אַרויסגערופן ביי די אַמעריקאַנער טעאַטער־קריטיקער, די גרויסע לויב־געזאַנגען פון אַזעלכע

באַרימטע שרייבער, ווי העיוואוד ברון: „בן־עמי טריאָמפּס אין היז פוירסט ענגליש ראָל״ (בן־עמי טריאומפירט אין זיין ערשטער ענגלישער ראָל) — אין דער „ניו יאָרק טריביון״, דעם 18טן נאָוועמבער, 1920. אָדער אַלעקסאַנדער וואולקאָט: „דהי דעביו אָוו בן־עמי״, (דער דעביוט פון בן־עמי) — אין דער „ניו יאָרק טאַימס״, דער 18טן נאָוועמבער, 1920. וועגן בן־עמי׳ס אַ שפּעטערדיקן אויפטריט אין דער זעלביקער פּיעסע אין אידיש, האָט נ. בוכוואַלד געשריבן: „בן־עמי׳ס טריאומף אין „שמשון און דלילה״, — אין דער „פרייהייט״, אָקטאָבער דעם 8טן, 1926.

יאָ, מיט טאַלאַנט וואָרפט מען זיך ניט; טאַלאַנט דאַרף מען קענען אָפּהיטן, גלעטן און צערטלען, לאַטשען און כאַוועןן — און יעקב בן־עמי האָט זיין טאַלאַנט נישט בלויז געהאַלטן טייער, נאָר ער האָט אים אויך געכאָוועט און פאַרטיפט, אין כסדר׳דיקע פאַרמעסטן צו נייע קינסטלערישע דערגרייכונגען. וואָס פאַר אַ שפּרונג פון הירשביינ׳ס „לוי־יצחק״ אין „גרינע פעלדער״ — צו דאָסטאָיעווסקי׳ס „אידיאָט״! אָבער אויך דאָסטאָיעווסקי׳ס „אידיאָט״, האָט יעקב בן־עמי באַוויזן מיט זיין טיפן באַנעם אַרויסצוהויבן און אוועקשטעלן אויף אַזאַ הויכן קינסטלערישן פּעדעסטאַל, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן באַוואונדערונג פאַר אַן אמת׳דיקן טאַלאַנט, פאַר אַן אַקטיאָר מיט אַזויפיל סובטילקייטן און זיידנקייט, בינע־מאַניערן און טעאַטער־פאַרשטענדעניש, וועלכע האָבן דערקוויקט דאָס אויג, דאָס האַרץ און די נשמה. ס׳איז געווען שוישפּיל פון ערשטן גראַד, פון דער העכסטער מדרגה.

אויף דער זעלביקער הויכער קינסטלערישע מדרגה, האָט זיך בן־עמי אַרויסגעוויזן אין ה. לייוויק׳ס סאָציאַלער דראַמע „שאָפּ״ — ווידער אַ שאַרפער קאָנטראַסט, אָבער וואָס פאַר אַ קינסטלערישער קאָנטראַסט! ווי אַנדערש עס זיינען געווען הירש־ביינ׳ס „לוי־יצחק״ פון דאָסטאָיעווסקי׳ס „אידיאָט״ — אַזויפיל אַנדערש איז אין תוך געווען דער „העלד״ פון ה. לייוויק׳ס „שאָפּ״, און וואָס פאַר אַ קינסטלערישער פאַרמעסט דאָס איז געווען! סאַראַ קלאָרער שפּיגל פון שוישפּיל, פון אויפפאַסונג און באַנעם, פון עמאָציע און אויסטייטש! ווי אַנדערש ער האָט אַרויסגעבראַכט די אומשטענדן פון לייוויק׳ס „שאָפּ״ פאַר די אויגן פונעם עולם אויף דער בינע, שוישפּילעריש־צאַפּלדיק אויסגעשפּילט!

און אָט מיט יאָרן שפּעטער, גיט בן־עמי ווידער אַ שפּרונג אַריבער צו

דער אַמעריקאַנער בינע אויף בראָדוועי, אין פּעדי טשאַיעווסקי׳ס פּיעסע „דהי טענטה מען״ — ווידער אַ שאַרפער קאָנטראַסט, אָבער, נאָכאַמאָל, וואָס פאַר אַ קינסטלערישע דערגרייכונג! ווידער אַ נייע אַקטיאָרישע פּאַרטיפקייט, אַ קינסטלערישע קרעאַציע, וואָס מ׳זעט עס נישט צו־אָפּט אויף דער טעאַטער־בינע, בן־עמי האָט עס באַוויזן מיט זיין איינגעבאָרענעם אַקטיאָרישן חוש, טיפער אינטואיציע פון זיין נשמה, און סענסיטיווקייט פון זיין גרויסן שעפערישן טאַלאַנט.

אין אַנדערע ווערטער: בן־עמי׳ס קינסטלערישער גאַנג אין טעאַטער איז געווען, ווי עס ווערט געזאָגט, — מחיל אל חיל — פון איין דערפאָלג צום צווייטן, פון איין לייטער צום אַנדערן, פון איין פאַרמעסט צו נאָך אַ פאַרמעסט — איינער העכער פונעם צווייטן. שטיל, בנעימות׳דיק, אָן רעש און אָן טומל, אָן איבעריקער שרייענדיקער „פּובליסיטי״, נאָר ריין־קינסטלעריש, מיט מאָס און חשיבות — חשיבות צו זיך, צו דער בינע און צום עולם.

יעקב בן־עמי׳ס זינגעוודיקע טריט וועלן זיך נאָך לאַנג הערן אין אידישן טעאַטער. מ׳וועט אים געדענקען סיי אין הירשביינ׳ס „גרינע פעלדער״, ה. לייוויק׳ס „שאָפּ״, סיי אין יצחק באַשעוויס־זינגער׳ס „מיין טאַטנס בית־דין שטוב״, און סוועט לאַנגע׳ס „סאַמסאָן ענד דעלאַילאַ״, אין יעווּרעאינאָוו׳ס „די שיף מיט צדיקים״, און אין בען העכט׳ס ענגלישער פּיעסע אויף בראָדוועי, „עי פלעג איז באָרן״. דאָס זיינען טריט, וועמעס עכאָ עס וועט לאַנג אָפּהילכן אין אידישן טעאַטער־וועזן — טריט, ווי זילבערנע גלעקער, וועמעס ריינע קלאַנגען קייקלען זיך אין דער לופט איבער בערג און טאָלן.

„מאָרגן פרייהייט״, אַפּריל 2, 1975, נ. י.

# די מעלאָדיע פון דער צייט

## ראש־השנה׳דיקע געדאַנקען

ידער צייט האָט איר אייגענע מעלאָדיע. דער צעבליטער פרילינג זינגט אַנדערש ווי דער גאָלדענער האַרבסט. דער הייסער זומער זינגט אַנדערש ווי דער קאַלטער ווינטער. דער ליכטיקער טאָג זינגט אַנדערש ווי די פינצטערע — און אפילו די אויסגעשטערנטע — נאַכט. דער ראַזלעכער פרימאָרגן זינגט אַנדערש ווי דער שקיעה׳דיקער פאַרנאַכט. אויך דער אָפּגעטרייסלטער וואַלד זינגט אַנדערש ווי די נאַקעטע פעלדער. יעדער באַזונדער מיט זיין „פאָן", מיט זיין „קאָליר", מיט זיין „הימן".

און אַזוי מיט די פאַרשידענע ימים־טובים — ביי אַלע פעלקער — און ספּעציעל ביי אידן. וואָרום אידן און אידישקייט איז ניט בלויז רעליגיע, אמונה גלויבן, נאָר אויך מנהגים, שטייגער, טראַדיציע, געשיכטלעכע פאַזן, היסטאָרישע אַנטוויקלונגען, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון, וואַנדע־רונגען איבער לענדער און אָקעאַנען, איבער־פלאַנצונגען און איינ־פלאַנצונגען, איינפלוסן, איינגעבירגערקייט, דורות׳דיקע פאַרוואָרצלטקייט, געמישן פון קולטורן, לשונות — קורץ: אַן אייגנאַרטיקער פלאַנץ, וואָס מ׳קען אים ניט פאַרבייטן מיט קיין אַנדערן.

דער „קאָליר" — און דער טעם — פון פסח איז אַנדערש פון שבועות; דער „קאָליר" — און דער טעם — פון שבועות איז אַנדערש פון סוכות; דער „קאָליר" — און דער טעם — פון סוכות איז אַנדערש פון חנוכה; דער „קאָליר" — און דער טעם — פון חנוכה איז אַנדערש פון פורים; דער „קאָליר" — און דער טעם — פון פורים איז אַנדערש פון חמישה־עשר; דער „קאָליר" — און דער טעם — פון ראש השנה איז אַנדערש פון יום כיפור — דער דיאַפּאַזאָן, פאַרנעם, איז גאָר אַן אַנדערער: אַנדערע טענער, געזאַנגען, אַנדערע ניגונים, אַנדערע מעלאָדיעס.

די מעלאָדיע פון דער צייט, וועגען וועלכער איך וועל דאָ שמועסען, איז די מעלאָדיע פון ראש השנה, פונעם אידישן ניי־יאָר, וואָס ווערט יאָר־יערלעך באַנייט און צייכנט זיך אויס מיט זיין אייגנאַרט, מיט זיין דיאַפּאַזאָן, ריטם און קלאַנג. אין דעם ליגט זיין גבורה — זיין שיינקייט און באַ׳טעמ׳קייט.

ראש השנה — דער אידישער ניי־יאָר! אַ געמיש פון פּאַרטיפּקייט אָבער אויך פון דערהויבונג און יום־טוב׳דיקייט. טעג פון יום הדין אָבער אויך פון ווייס־טישטעכדיקע טישן. טעג פון רעכענונג און באַרעכענונג, אָבער אויך פון יום־טוב׳דיקע ספּעציעלע, שמעקנדיקע געקעכצן. טעג טאַקע פון שטילן ציטער אָבער אויך פון זיסע האָפענונגען, אַז דער נייער יאָר, וואָס וועט קומען, וועט זיין אַ בעסערער ווי דער פאַרגאַנגענער.

ניט בלויז מיט רעליגיע זיינען די ראש השנה׳דיקע תפילות אָנגעפּילט, נאָר אויך מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון. „ויעשו כולם אגודה אחת״ — אַלע פעלקער זאָלן פאַראייניקט ווערן אין איין פאָלק און די גאַנצע וועלט זאָל ווערן איין וועלט, די „ממשלת זדון״ — די שלעכטקייט — זאָל אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד. אַ סוף זאָל נעמען צו די אַלע גרויזאַמע בלוטיקע דיקטאַטאָרס, צו די פינצטערע אידי אמינ׳ס, צו שקלאַפעריי און עקספּלואַטאַציע, צו בלוט־זויגעריי, צו אָרימקייט און הונגער.

די מעלאָדיע פון דער צייט פירט מיך צו די פאַרשידנערליי ניגונים, וועלכע באַגלייטן די ראש השנה׳דיקע תפילות פון מחזור, וואָס ווערן יעדן יאָר אויסגעזונגען בעת׳ן דאַוונען די שחרית׳ים מיט די מוספ׳ים. זיי עסן זיך ניט צו דערפאַר, וואָס זיי ווערן אויסגעזונגען איינמאָל אַ יאָר — אָבער אויך דערפאַר ווייל זיי קלינגען אַלע מאָל ניי און פריש, ווי נייע, פרישע פּרוכט ערשט אָראָפּגעריסענע פונעם בוים. אַ גאַנץ יאָר בליען זיי ערגעץ אין אַ „באַהאַלטענעם סאָד״, און אַז עס קומט ראש השנה וואַקסן זיי אויס ווי דורך אַ „כישוף״ און צעקלינגען זיך איבער גאָר דער וועלט — אומעטום, וואו אידן זיינען. אַלע מיט איינמאָל, אַלע מיטן זעלביקן קלאַנג, נגינה׳דיקייט און האַרציקייט, מיט טאַטעשע און זיידעשע באַ׳טעמ׳קייטן.

וואויל איז דעם מנגן, וואָס קען מיט זיין האַרץ און נשמה זיך איינבייסן אין דער קאָלירקייט און זינגעוודיקייט פון די ראש השנה׳דיקע ניגונים. אונזערע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן נאָך ווייניק געשעפּט פונעם דאָזיקן רייכן אוצר. די דאָזיקע פיל־זינגעוודיקע און האַרציק־באַ׳טעמ׳טע ניגונים, וואַרטן נאָך אויף די פאַרנעמיקע מוזיק־שאַפער אונזערע. דאָ און דאָרט האָט אַ יואל ענגעל, אַ משה מילנער, אַ אַלעקסאַנדער קריין, אַ פּולווער, אַ יאַמפּאָלסקי, אַ יוסף אחרון, אַ מאַרק לאַוורי, אַ בן־חיים, אַ יעקב שייפער, אַ לעאָ ליאָוו, אַ מיכל געלבאַרט, אַ מאַקס העלפמאַן, בלויז אָנגערירט פון זיי די הויכן, אָבער ניט קיין פולע עמערס...

די מעלאָדיע פון דער צייט האָט מיך באַגלייט מיין גאַנצן לעבן. זי האָט זיך טיף איינגעקאָרנייט אין מיר זינט איך בין געווען פינף יאָר אַלט, ווען דער טאַטע מיינער, אַ האַרציקער בעל תפלה, האָט מיך, האַלטנדיק אויף זיינע קני, געלערנט זינגען „הבן יקיר לי אפרים״ — און איך האָב זיך אויסגעלערנט. איך פלעג צעקאַלעטשען די עברי, אָבער דעם ניגון האָב איך געקענט ביז צום דנאָ. בכלל האָט זיך נגינה און מוזיק אַנגעהויבן קלעפּן צו מיר זייער פרי, איידער נאָך איך האָב געקענט גוט צעקייען אַ שורה.

אַזוי בין איך אין אַ זומערדיקן טאָג, איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען לייזער דעם שוסטער׳ס שטוב. די פענצטער זיינען געווען אָפן. האָב איך פּלוצים דערהערט ווי ברוכ׳קע חיה־גיטל׳ס קלאַפּט מיטן האַמער און זינגט דערביי אַ ליד: „אַ, גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן״. און דער ניגון איז מיר גלייך אַריין אין די ביינער. ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך אויסגעפונען, אַז דעם מחבר פונעם ליד רופט מען דוד עדעלשטאַט.

אַזוי אויך, ווען איך האָב געהערט ביי מיין פעטער שלמה׳ן שפּילן אויף דעם גראַמאָפאָן אַ פלאַסטינקע „צור ישראל״, וואָס איז אין מיר ווי אַ שוואָם אַריינגעוואַקסן געוואָרן. ווידער אַמאָל, ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען דער וועלט־באַרימטער חזן זאַנוועל קוואַרטין. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט אַ מעלאָדיע, וואָס איך האָב געהערט ביי כייטישקע׳ן ברוך־אייזיק דעם שוחט׳ס אויף דער חתונה, צו דער חופּה־וועטשערע, שפּילן שמאי דער קלעזמער. איך בין ממש געוואָרן אַ פאַר׳חלש׳טער. און ווידער אַמאָל, אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען יוסף אחרונ׳ס וועלט־באַרימט געוואָרענע „קליינע״ קאָמפּאָזיציע: „העברעאישע מעלאָדיע״, וואָס ווערט געשפּילט אויף אַלע גרעסטע קאָנצערט־בינעס פון די סאַמע באַרימסטע פידל־וויטרואָזן און סימפאָנישע אָרקעסטערס.

איך קום צוריק צו דער מעלאָדיע פון דער צייט. יעדער איינער שפּירט זי — יעדער איינער מיט אַ האַרץ און נשמה, מיט אַ חוש פאַר אייגנס, וואָס שעמט זיך ניט מיט זיין דורות׳דיקער אַנזאַמלונג, דורות׳דיקע שאַפונגען, וואָס אַנטלויפט ניט פון זיך, וואָס באַהאַלט זיך ניט פאַר „לייט״, וואָס טרינקט פון זיין אייגענעם קוואַל, וואָס האָט ליב די פּרוכט פון זיין אייגענעם גאָרטן...

אייגן איז מיר די מעלאָדיע פון דער צייט, ווי מיין אייגן לייב. טאַטעס און זיידעס האָבן זיך אויף איר אויסגעכאָוועט אויסגעוויינט זייערע אויגן; טאַטעס און זיידעס האָבן זי אויסגעשמידט, אויסגעקעמפט, געטוליעט צום האַרצן און אָפּגעהיט; זיך אַרומגעטראָגן מיט איר איבער לענדער און אָקעאַנען; זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר קיינעם מיט איר קלאַנג; זיך געלאָזט וואַרפן אויף די ברענענדיקע שייטער־הויפנס; זיך אַנטקעגנגעשטעלט די גרעסטע וועלט־רוצחים, אָבער די מעלאָדיע פון דער צייט — פונקט ווי די אַנדערע ענלעכע מעלאָדיעס פון דער צייט — האָבן זיי פון מויל ניט אַרויסגעלאָזט. זיי האָבן דערמיט אַרויסגעוויזן אַ סך גבורה און נאַציאָנאַלן שטאָלץ, פאָלקס־חשיבות, און האָבן ניט אויפגעגעבן דעם קאַמף אויף צו שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם ווייטער, ממשיך צו זיין דאָס ווערטיקע, דאָס אייביקע: דעם אייגענעם פּנים פון זיין און בלייבן אַן אייגן פאָלק, מיט אַלע פעלקער צו גלייך אויף דער ערד.

שפּיל און זינג, מיין פאָלק, שעם זיך ניט פאַר קיינעם! זינג דיין ניגון, דיינע מעלאָדיעס פון דער צייט, דיינע מעלאָדיס פון אַלע צייטן, לאָז הערען דיין קול — אין כאָר צוזאַמען מיט אַלע שטאָלצע פעלקער צוגלייך! רייס ניט איבער, וואַרף ניט אַוועק דיין מעלאָדיע — ניט דיין רעליגיעזע און ניט דיין סעקולערע — ווייל אין דיין מעלאָדיע שטעקט דיין גבורה, דיין פרייד, דיין האָפענונג, דיין קוואַל פון לעבן און המשכ׳דיקייט. אַ ניגון איז אַ פּאַספּאָרט צו דער וועלט!

די מעלאָדיע פון דער צייט איז אַ נשמה־געפיל, וואָס לאָזט זיך ניט איבערזעצן. די מעלאָדיע פון דער צייט איז ניט קיין „יש־מאין", זי ווייקט טיף אין די אַדערן פונעם אידן, וואָס אַנטלויפט ניט פון זיך, נאָר זעט זיך ווי אַ חלק פון דער וועלט מיט זיינע אייגענע מנהגים, נוסחאות ניגונים, שטייגערס און טראַדיציעס. שאַפט מען אָפּ די אָדער יענע מעלאָדיע פון דער צייט, רייסט מען איבער דעם פאָדעם פון אונזער נשמה און מיר פאַרלירן אונזער פּנים. די גאַנצקייט פון אַ פאָלק דריקט זיך אויס אין דער ראָם פון אַלע זיינע קאָלירן און מאַניפעסטאַציעס — ניט אין זיין צעשפּאָלטנקייט, האָלבקייט אָדער פערטלדיקייט. די מעלאָדיע פון דער צייט איז אַ שפּיגל פון אונזער לעבן, פון אונזער געשיכטלעכן גאַנג אין אונזער היסטאָרישן גיין. זי איז מיט מיליאָנען פעדים פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אונזער נשמה — דער ניגון איז די נשמה פון אַ פאָלק!

די מעלאָדיע פון דער צייט פאַסט זיך זייער גוט אַריין אין דער ראַם פון דעם גאָלדענעם האַרבסט. די אָפּגעשניטענע פעלדער, די אָנגעכמורעטע וועלדער, די אָפּגעבלעטערטע ביימער, די אָפּגעריסענע גערטנער, די אויסגעהיילטע באַשטאַנען, די אָפּגעגריזשעטע גראָזן, די אָפּגעזעגנדיקע געזאַנגען פון די פייגל, איידער זיי פליען אַוועק אין די וואַרימע לענדער, דער מיושב׳דיקער הימל, די אָפּגעקילטע זון, די אָנגע׳ברוגז׳טע ווינטעלעך, זיינען עדות פון דער חשבון־הנפש׳דיקער צייט, אין וועלכער די מעלאָדיע פון דער צייט לאָזט זיך הערן — דער אויספּאַל פון ראש השנה, דער אידישער ניי־יאָר, וואָס איז אַנדערש פון אַ גאַנץ יאָר. ניט יעדער פילט דעם „פחד״, אָבער יעדער פילט דעם יום טוב. טאַקע חשבון־הנפש׳דיקע טעג, אָבער אויפן האַרצן איז דאָך יום־טוב׳דיק. ווייל דער גאָלדענער האַרבסט האָט אויך זיין שיינקייט, זיין ריח, זיין „פערפיום״, וואָס פאַרשמעקט דעם „אַרום״ — און עס ווילט זיך לעבן אויף דער וועלט.

יאָ, מ׳דאַרף זיך טאַקע באַרעכענען וואו מען „האַלט״ אין דער וועלט, אָבער די וועלט גייט נאָך ניט אונטער. עס איז נאָך דאָ צוליב וואָס און פאַרוואָס צו לעבן. חשבון, רעכענונג — יאָ, אָבער זיך אָפּזאָגן פון לעבן — ניין. אַ מענטש דאַרף אַוודאי וויסן צוליב וואָס ער לעבט אויף דער וועלט, אַז ער איז ניט געבוירן בלויז צוליבן עסן; אַ מענטש האָט התחיבות׳ן, פליכטן, וואָס ער דאַרף טראָגן — און אויב ער האָט גאַרניט געטאָן דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, דאַרף ער די התחייבות׳ן נעמען אויף זיך אין דעם קומענדיקן יאָר. דער עיקר, דאַרף אַ מענטש וויסן, אַז דאָס לעבן איז ניט קיין „הפקר־פעטרישקע״ — סתם לעבן און ניט פילן קיין שום פליכט אויף זיך. איז קיין תכלית ניט.

אָט דאָס איז דער רעיון פון ראש השנה; אָט דאָס איז די מעלאָדיע פון דער צייט. יעדער מענטש דאַרף זיך צוהערן און איינהערן צו דער דאָזיקער מעלאָדיע פון דער צייט, דאַרף האַלטן זיינע אויערן אָפן פאַר איר. און ווען ער וועט זי הערן — וועט ער זי דערהערן...

„מאָרגן פרייהייט״, סעפּ. 11, 1972, נ.י.

# אויף די וועגן און שטעגן פון דער אידישער ליטעראַטור

## פראַגמענטן פון אַ לעקציע אויף דער יערלעכער „איקוף"־פאַרזאַמלונג, דעם 4טן יאַנואַר, 1976, אין מיאַמי ביטש, פלאָרידע

איך וועל פאַר אייך היינט ניט זינגען, נאָר ווי אַ אידישער שרייבער אייך נעמען אויף אַ קורצן שפּאַציר איבער די פעלדער און וועלדער, וועגן און שטעגן פון דער אידישער ליטעראַטור מיט אַלע אירעביימער און פלאַנצן, פרוכטן און גרינסן, און טאַקע אויך לכבוד דער צוויי הונדערט יאָריקער פייערונג פון אונזער לאַנד אַמעריקע. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן צו־לאַנג אויף קיין איין אָרט, ווייל דערויף פאַדערט זיך צו שרייבן אַ גאַנץ בוך: מיר וועלן צוזאַמען מאַכן אַ בליץ־שפּאַציר, אַ מין טוריסטן־רייזע, אַ קוק דאַ, אַ קוק דאָרט, אַ שמעק דאַ, אַ שמעק דאָרט, און אַזוי־אַ וועלן מיר פאַרזוכן פון די טעמ'ען און זאַפטן, פון אונזער ליטעראַרישן־סאַד, ליטעראַרישן־גאָרטן.

ס'איז קלאָר, אַז אַ ליטעראַטור וואַקסט ניט אַרויס פון גאָרניט, אַ „יש מאין", סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר מ'דאַרף שווער אויף איר האָרעווען, אַריינלייגן כוחות און מוחות, כאַוועןאון קעכלען, ביז זי שטעלט זיך אויף די פיס און הייבט־אָן צו גיין און ווערט אַ „מענטש". ליטעראַטור — דאָס איז דער מענטש! דער מענטש דאַרף זיין דער צענטער פון יעדער קונסט, און מיטן מענטש מיין איך — דאָס פאָלק!

דאָס פאָלק איז דער כוח, דער רוח־החיים, דער סטימול, די טרייב־קראַפט, דער „זיידענער פאָדעם" פון אַלע שאַפונגען. דאָס פאָלק איז דער צעמענט, וואָס שאַפט געשיכטע, טראַדיציע, קולטור, ליטעראַטור, מוזיק, מאָלעריי, פּאָעזיע, סקולפּטור, כאָרעאָגראַפיע און יעדער אַנדער קונסט־צווייג.

ווי אַזוי זיינען מיר אויף דער וועלט געקומען? אויפן זעלביקן אופן ווי אַנדערע פעלקער — ניט בעסער און ניט ערגער. אָבער מיר זיינען ניט געקומען מיט קיין ליידיקע הענט: מיר האָבן געבראַכט די „עשרת הדיברות" — די „צען געבאָט"! „לא תרצח" — זאָלסט נישט הרג'נען! „לא תגנוב" — זאָלסט נישט גנב'נען! און „ואהבת לרעך כמוך" — זאָלסט ליב האָבן דיין

חבר ווי זיך אַליין! און „ואהבת את הגר״ — זאָלסט ליב האָבן דעם פרעמדן! דאָס איז געווען אונזער ערשטער „קולטור־פּעקל״, מיט וועלכן מיר זיינען געקומען צו די פעלקער פון דער וועלט. דערנאָך: „לא ישא גוי אל גוי חרב״ — איין פאָלק זאָל ניט וואָגן אויפצוהייבן די שווערד קעגן אַ צווייטן! אַזוי האָט אונז אָנגעזאָגט דער נביא ישעיה. זאָלסט אַכטונג געבן אויף דער אלמנה, אויף דעם יתום, אויף דעם אָרעמאַן; און זאָלסט ניט אַרבעטן מיט קיין שקלאַפן; טאָמער וויל איינער זיין אַ שקלאַף, פיר אים צו צום סלופּ פונעם טיר און לעכער אים דורך דעם אויער! „בזיעת אפיך תאכל לחם״ — מיטן שווייס פון דיין פנים זאָלסטו פאַרדינען דיין ברויט! דאָס איז געווען אונזער צווייטער „קולטור־פּעקל״, מיט וועלכן מיר זיינען געקומען צו די פעלקער פון דער וועלט.

אָט פון דאַנעט־אָן האָט זיך אָנגהויבן אונזער קולטור, אונזער ליטעראַטור, וועלכע איז דורכאויס געשטעלט מיטן טראָפּ, מיטן אַקצענט אויף דעם מענטש. דער מענטש — דאָס איז די וועלט! דער מענטש — דאָס איז דאָס לעבן! דער מענטש איז דאָס האַרץ מיט דער נשמה פון אַ פאָלק! דער צענטער פון געדאַנק, דער טאָן פונעם מהות פון אַ פאָלק!

אויף דעם דאָזיקן וועג, אָנגעקוואָלן מיטן אָנהויב פון אונזער קולטור און ליטעראטור, זיינען געגאַנגען אונזערע דיכטער און שאַפער איבער בריקן ביז צום מיטל־אַלטער, און דערנאָך ווייטער דורך פאַרשידענע צייטן און דורות, ווען עס האָבן געלעבט, ווער פריער און ווער שפּעטער, אַזעלכע גאונים, גרויסע קאָפּ־מענטשן, פּאָעטן, פילאָזאָפן, היסטאָריקער, וויסנשאַפטסלייט, ווי, למשל, ר׳ סעדיה גאון, רמב״ם, רש״י, איבן־גבירול, ר׳ אבן־עזרא, ר׳ יהודה הלוי, וועלכע זיינען אין זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זייערע פאָרגענגער מיטן אַקצענט אויפן מענטש, אַז דער מענטש, דאָס פאָלק, איז דאָס „אויבערשטע פון שטויסל״, די העכסטע מדרגה פון דעם וועלט־באַשאַף.

דערנאָך, ווידער, איז געקומען די „גאָלדענע טראַיקע״ פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור: ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שניאור, וועלכע האָבן צוגעטראָגן אויך זייער צושטייער, זייערע ציגל צום בנין פון אונזער קולטור, ליטעראַטור און ציוויליזאַציע; זייער וואָג און טאַלאַנט צו דער חשיבות פון פאָלק און מענטש, וועלכע האָבן געוועקט און געמאָנט, געמונטערט ניט צו זיין געפאַלן ביי זיך, נאָר מיט שטאָלצע געהויבענע קעפּ

גיין דעם לעבן אַנטקעגן, ניט אויפגעבן גאָרניט פון אונזערע ווערטן, ניט בויגן זיך פאַר קיינעם — אפילו נישט פאַר די גרעסטע קאַרדינאַלן, בישאָפן און גלחים, קעניגן, פרינצן און גראַפן.

„העכער, העכער הייבט די בעכער,
חי־געלעבט! און חי־געקוועלט!
אויף צעפּיקעניש די שונאים,
אויף צו להכעיס גאָר דער וועלט!
„הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר,
ווי ס׳איז הפקר אונזער בלוט!
אַ כפּרה הונדערט וועלטן
פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט״!

פאַר וועמען האָט דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער חיים־נחמן ביאַליק געזונגען אָט־די שורות? פאַרן פאָלק! ער האָט געזען ווי דאָס פאָלק פילט זיך געפאַלן, פילט זיך דערשלאָגן, איז ער געקומען צום פאָלק מיט זיין אויפמונטערדיקן וואָרט, מיט זיין מעטאַלישן קלאַנג: „אַ כפּרה הונדערט וועלטן פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!״. יאָ, מוטיק זיי, מיין פאָלק, פאַרליר זיך ניט, גיב זיך ניט אונטער, האַלט הויך דעם קאָפּ, זיי דרייסט און מוטיק — אויף „צעפּיקעניש די שונאים״!

ביאַליק האָט צאָרנדיק אויסגעשריען:

„איך גיי, איך קום, כ׳וועל היילן וואונדן
מיט אייך אינאיינעם וועל איך בלוטן.
כ׳וועל טרייסטן, בעטן, וויינען, וועקן —
און וועל ניט לאָזן אייך גיין צום גרונט!״

און פון דאַנען שפּאַצירן מיר אַריין אין דער עפּאָכע פון דער נייער מאָדערנער אידישער קולטור און ליטעראַטור: צו מענדעלע מוכר־ספרים, צו יצחק־לייבוש פּרץ, צו שלום־עליכם, צו די דריי ליכטיקע געשטאַלטן, אונזערע קלאַסיקער. אויך זיי, און ערשט זיי, זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון אונזער ירושה, פונעם אָנגעצייכנטן וועג, אויף וועלכן אונזער קולטור און ליטעראַטור דאַרף גיין. מענדעלע מוכר־ספרים האָט גלייך פון אָנהויב אָן אין דער נייער ליטעראַטור מיט זיין ערשטער שאַפונג „דאָס קליינע מענטשעלע״ אָנגעשלאָגן דעם סאָציאַלן טאָן, דעם יושר־געפיל, און אַזוי אויך אין אַלע זיינע אַנדערע ווערק, ווי „די טאַקסע״, „פישקע דער קרומער״, „די

קליאַטשע״, „מסעות בנימין השלישי״, און אויך אין זיינע עסייען און אַרטיקלען. שטענדיק און אומעטום האָט מענדעלע מוכר־ספרים אַרויסגעהויבן דעם אָרעמאַן, דעם קבצן אַנטקעגן דעם גביר, קעגן עקס־פּלואַטאַטאָר, דעם אַנגעבלאָזענעם סוחר, דעם שאַכער־מאַכער. ער האָט זיך באַמיט אַרויסצוטרייבן די אָרעמקייט פון די אידישע הייזער, די וואָך, דעם אומעט און דעם טרויער.

נאָך מענדעלע׳ן איז מיט זיין יום־טוב׳דיקן בליציקן וואָרט געקומען י. ל. פּרץ, וואָס האָט געזוכט אַריינצוברענגען אין די אידישע היימען דעם יום־טוב: אויס מיט דער פּראָסטער וואָכעדיקייט, וואָס גריזשעט די ביינער, וואָס ציט אַרויס דער מאַרך פון קאָפּ — יום־טוב זאָל זיין! דער אידישער פאָלקס־מענטש, דער אידישער האָרפּאַשניק, האָרוואַניק איז פּונקט אַזוי באַרעכטיקט דערצו, ווי דער גביר מיט דער ברייטער אויסגעקעמטער באָרד! יום־טוב זאָל זיין! ער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל אין אידישן לעבן הערשן אַן אייביקער שבת! און ער האָט מיט זיין פּען געשטראָפט און גע׳מוסר׳ט די אידישע בורזשואַזיע, די אידישע גביר׳אָקראַטיע, די אידישע אַסימילאַציע, וואָס גייט האַנט־אין־האַנט מיט עקספּלואַטאַציע. פּרץ האָט נישט אויפגעהערט צו דונערן און צו בליצן, צו סטראַשען און צו מאָנען:

„מיין ניט, די וועלט איז אַ קרעטשמע,
באַשאַפן פאַר וועלף און פאַר פוקסן,
פאַר רויב און פאַר שווינדל!
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
ביי פרויען די מילך פון די ברוסטן, ביי קינדער דעם שמייכל,
אָ, מיין ניט, די וועלט איז אַ הפקר!
די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלעס, די צייט וועט באַלד קומען!״

און די צייט איז געקומען: די רעוואָלוציע האָט צעשמעטערט דעם צאַריזם און געגעבן איבער די הענט דער בורזשאַזיע...

און וואָס אַזעלכעס האָט אונז געבראַכט דער געניאַלער שלום עליכם! וועלכע פּרוכטן? ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער היים דעם ליכטיקן שמייכל, דעם צעשטראַלטן געלעכטער, דעם געלעכטער סיי מיט יאַשטשערקעס און סיי מיט פּאַרקייכן זיך ביז טרערן אין די אויגן. שלום־עליכם האָט מיט זיין ליכטיקן הומאָר דערפרייט די אידישע הערצער און

נשמות און האָט פאַרטריבן די גרויקייט פון די שווערע זאָרגן און נויטן. ער האָט אויפן סאַמע שאַרפסטן אופן אויסגעלאַכט דעם נגיד, דעם גרויס־האַלטער, די פּוסטע כלי, דעם אָנגעבלאָזענעם פּענכער, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אויפרייסן, אויסשטעכן, אַרונטערשמייסן פון דער אַרענע אינעם אידישן לעבן, וואו ער האָט געשאַלטעוועט און געוועלטיקט.

אויך אָט די דריי ליכטיקע געשטאַלטן אונזערע: מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם זיינען נישט אָפּגעטראָטן פונעם אָנגעצייכנטן סאָציאַלן וועג, אויף וועלכן אונזער קולטור און ליטעראַטור דאַרף גיין. זיי האָבן אויפן סאַמע קלאָרסטן שטייגער אָרקעסטרירט דאָס גאַרע אידיש לעבן אין אַלע זיינע פאַזן, טענער און קאָלירן. „טביה דער מילכיקער״, דער גוטהאַרציקער אידישער האָרעוואַניק, דער גרויסער בעל־בטחון, אַן אויסגעהאַמערטע פיגור פון איין זייט; און פון דער צווייטער זייט — דער לופט־מענטש „מנחם־מענדל״, דער שמאַיער אויף אַלע בירזשעס, אויף אַלע מאַרקן און יאַרידן, מיט זיינע לופט־פּרנסות, שטעקל־דריידרייערי און פליגן־כאַפּעריי: צוויי אויסגעקנאָטענע כאַראַקטרן, מיט וועלכע שלום־עליכם האָט באַרייכערט אונזער אידישע ליטעראַטור.

נאָך אָט די דריי באַרימטע קלאַסיקער אונזערע זיינען געקומען, ווידעראַמאָל, ווער פריער און ווער שפּעטער: שלום אַש, אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג, דר. חיים זשיטלאָווסקי, דוד בערגלסאָן, מאָריס ראָזענפעלד, לעאָן קאָברין, ז. ליבין, משה אַלגין, ראובן בריינין, משה נאַדיר, פּ. נאָוויק, אייזיק ראַבאָי, ז. וויינפּער, דוד פּינסקי, ש. ניגער, קלמן מרמר, יוסף ראָלניק, מאַני לייב, משה־לייב האַלפּערן, ה. לייוויק, איזי כאַריק, משה קולבאַק, איציק פעפער, איציק קיפּניס, שיקע דריז, איציק מאַנגער, פּרץ מאַרקיש, נחמן מייזיל, מרדכי ספּעקטאָר, יעקב גלאַטשטיין, ב. י. ביאַלאָסאָצקי, פּרץ הירשביין, אברהם ליעסין, יונה ראָזענפעלד, ציליע דראָפּקין, בער גרין, י. א. ראָנטש, מאַרטין בירנבוים, דר. קאַראַלניק, דר. מוקדוני, משה כץ, נ. בוכוואַלד, און נאָך און נאָך — אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פּאָעטן, דערציילער, זשורנאַליסטן, פּובליציסטן, ליטעראַטור־און טעאַטער־קריטיקער, וועלכע האָבן געצויגן די גאָלדענע קייט, געשפּינט די גאָלדענע ירושה אונזערע און געהאָלפן אויסשמידן דעם אידישן גייסט, דאָס אידישע וועלטלעכע פאָלקישע לעבן, פאָלקישע אידעאַלן, טראַדיציעס און שטרעבונגען.

וואָס האָט שלום אַש געטאָן, ווען ער האָט געזען ווי אונזערע אידישע

יחסנים און גבירים גרויסן זיך מיט זייערע רביים: מיטן קאַצקער, מיטן גערער, מיטן בעלזער? ער האָט געגומען אַ פּראָסטן אידן, אַ תהלים־זאָגער, אין זיין וואונדערלעכן ווערק „דער תהלים־איד", און דערהויבן אים צו די העכסטע הויכן פון אַ פּאָלקישן רבי׳ן, צו וועמען אידן פּראָסטאָקעס, בעל־מלאכות, שוסטערס און שניידערס, סטאָלערס און קאָוואַליעס, באַלעגאָלעס און קצבים האָבן זיך געטוליעט און זיך מיט אים געגרויסט. זיי האָבן די גביר׳ישע חסידים אַרויסגעשטעלט אַ צונג: נאָט זעט, מיר האָבן אונזער אייגענעם גרויסן רבי׳ן!"

און ווי האָט שלום אַש געמאָלן דאָס אימיגראַנטישע אידישע לעבן אין אַמעריקע, אין זיין באַרימטן ראָמאַן „אָנקל מאָזעס"? ער האָט די אַרבעטער פון אָנקל מאָזעס׳עס שאָפּ געלערנט, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרוויגן פון זייער קוזמירער לאַנדסמאַן „אָנקל מאָזעס", ווייל ער איז פּונקט אַזאַ עקספּלואַטאַטאָר ווי די אַנדערע קליידער־פאַבריקאַנטן; אַז זיין שאָפּ איז ניט בעסער פון די אַנדערע פאַרשקלאַפטע סוועט־שעפּער אין ניו־יאָרק. דאָס וואָס ער לאָזט זיי אין שאָפּ דאַוונען „מנחה", אָדער דאָס וואָס ער לאָזט זיי ביי דער אַרבעט נאָכזינגען דעם חזנ׳ס „קדושה", וואָס זיי האָבן אין שול גע־הערט שבת, איז ניט מער ווי אַ שלייער, אַ קאַמופלאַזש צו פאַרדעקן זיינע אמת׳ע עקספּלואַטאַטאָרישע כוונות און נוצן.

און אברהם רייזען האָט נאָך אויף יענער זייט ים, אין דער אַלטער היים, געזען די שווערע ליידן פון דעם אַרבעטער, פון דעם אידישן האָרעוואַניק, דערפאַר האָט ער זיין צאָרן אַריינגעזונגן אין זיינע לידער, איבערהויפּט אין אַזעלכע לידער, ווי „די וואַנט", „קירכן־גלאָקן" און „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן". מיט צער און צאָרן האָט ער אויסגעשריען זיין ווייטאָק און גערופן דעם אידישן פאָלקס־מענטש, דעם אידישן האָרעפאַשניק צו צעברעכן „די וואַנט", וועלכע פאַרשטעלט דאָס ליכט, וועלכע שטייט אין וועג דעם פּראָגרעס, — די וואַנט וואָס די צאַרישע מאַכט האָט אכזריות׳דיק געהיט.

„די אויגן — פון צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,  
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט.  
מיר שטייען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנט —  
מיט העק און מיט האַמערס, או אייזנס אין האַנט —  
מיר ברעכן די וואַנט!"

און די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן האָבן אויף אַן אומדער־

שראַקענעם אופן געהאָלפן צו צעברעכן די דאָזיקע מעכטיקע פינצטערע „וואַנט״, וועלכע האָט דורך גוולאַדטאַטן געזוכט צו דערשטיקן דעם צאַרן פון די אַרבעטער־מאַסן.

אַוודאי האָט מאָריס ווינטשעוווסקי מיט זיין ליד „אַ בעזים און אַ קער״ אויפגעשטורעמט דעם צאָרן ביי די אידישע אַרבעטער־מענטשן אין אַמעריקע — און אומעטום. אַזוי אויך מאָריס ראָזענפעלד מיט זיין באַרימט ליד „מיין אינגעלע״, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער אידישער גאַס. אָדער יוסף באָשאָווער מיט זיין רעוואָלוציאָנער ליד „הייב אויף דיינע אויגן״. און דוד עדעלשטאַלט מיט זיין באַרימטער „צוואה״. אָדער לייוויק מיט זיין טיפן וואָרט און מיין אין זיינע לידער און דראַמעס. יוסף אָפּאָטאָשו מיט זיינע רעאַליסטישע שילדערונגען פון דער אָרעמער ניו־יאָרקער „איסט סייד״. יונה ראָזנפעלד, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, סיי די דערמאָנטע און סיי די ניט־דערמאָנטע אידישע שרייבער, האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור.

און דאָ קומט אַריין דער „איקוף״, וועלכער האָט זינט זיין גרינדונג ווי אַ לאַמטערנע באַלויכטן די אַלע וועגן און שטעגן פון דער אידישער קולטור און ליטעראַטור און פון דעם אידישן לעבן אין גאַר דער וועלט. די אידישע שרייבער אין ניו־יאָרק און אין וואַרשע, אין ווילנע און אין קאָוונע, אין לאָדזש און אין ביאַליסטאָק, אין ריגע און אין פּאַריז, האָבן די ערשטע דערשמעקט דעם רויך פון דעם אָנקומענדיקן גרויסן חורבן, וואָס היטלער און זיינע אַרמייען האָבן זיך געגרייט צו דערלאַנגען דער וועלט. זיי האָבן געזען די פינצטערע וואָלקנס און האָבן באַצייטנס פאַררופן דעם אידישן קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין 1937, אין פּאַריז. און זינט דעמאָלט שטייט דער „איקוף״ אויף דער וואַך און באַלייכט פאַר אונז אַלע געשעענישן, וועלכע קומען־פאָר אין דער וועלט.

דער „איקוף״ הערט נישט אויף צו האַמערן מיט אַלגין׳ס רייד וועגן דער שליחות פון ליטעראַטור. „מיר דאַרפן אַ ליטעראַטור״, האָט אַלגין געזאָגט, „וואָס איז דורכגעציטערט מיטן געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, וואָס זאָל אויפדעקן די איבלען פון דער גאַנצער וועלט און אויך די איבלען פון דער אידישער גאַס. מיר דאַרפן אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל פאַרוואַנדלען די איצטיקע וועלט אין אַ וועלט פון גערעכטיקייט און געזיכערטן פרידן — אַניט וועט די מאַסע זי ניט הערן. אַזאַ ליטעראַטור וועט דאַרפן ריידן מיט אַ

שפּראַך, וואָס דאָס פֿאָלק זאָל פֿאַרשטיין, וואָס איז נאָענט צום לעבן פֿון פֿאָלק". די דאָזיקע רייד זיינען אַ טייל פֿון אַלגין'ס רעפֿעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף דער דערעפֿענונג־זיצונג פֿון דער לאַנד־קאָנפֿערענץ אין ניו־יאָרק. דעם 28טן אויגוסט, 1937, אין טאַון האָל, אין ניו־יאָרק, ערב דעם ערשטן אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס, אין פּאַריז.

די דאָזיקע כמעט נביא'ישע רייד אַלגין'ס זיינען אויך אָנגעמאָסטן פֿאַר אונזערע היינטיקע טעג. עס רוקן זיך פֿון אַלע זייטן פֿינצטערע וואָלקנס און מיר דאַרפֿן זיי באַקעמפֿן. דער „איקוף" איז די לאָמטערנע, וואָס דאַרף אונז באַלייכטן אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אין דער וועלט און אויך אין דער אידישער וועלט. דער „איקוף" דאַרף פֿאַר אונז באַלייכטן דעם נעכטן, דעם היינט, דעם מאָרגן און דעם איבער־איבערמאָרגן. די ביז איצטיקע דערגריי־כונגען פֿון „איקוף" זיינען קאָלאָסאַלע: די זשורנאַלן „אידישע קולטור" און „זאַמלונגען", די אַלע אַרויסגעגעבענע ביכער, אַנטאָלאָגיעס, זיינען די בעסטע באַווייזן פֿאַר דעם. דער „איקוף" איז דער ליכט־טורעם, וואָס וואַרפֿט זיין שיין אויף אַלע געשעענישן אין דער וועלט — אידישע און אַלגעמיינע. לאָמיר מיט געהויבענע קעפּ מאַרשירן פֿאָראויס צו נאָך פֿיל גרעסערע פֿאַרמעסטונגען פֿון אונזער קולטור און ליטעראַטור!

„זאמלונגען", הארבסט, 1976, נ. י.

# מיט ליד און תפילה אויף מיינע ליפּן

**יאַנקעלען דעם זיידנס**

אַ וז ווידער האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין איבער ווייטע לענדער מיט ליד און תפילה אויף מיינע ליפּן. צום וויפֿלטן מאָל? ווער ווייסט זיך עס אַוועקזעצן ציילן? און וואָס איז דער חילוק? דער עיקר — אַבי מען פֿאָרט!

דער עראָפּלאַן פֿון דער פּאַן־אַמעריקען ליניע טראָגט מיך הויך־הויך איבער די וואָלקנס פֿון ניו־יאָרק קיין ווענעזועלאַ אין קאַראַקעס, וואו עס וועט זיין מיין ערשטער אָפּשטעל און אויך מיין ערשטער אַרויסטריט אויף מיין נייעם קאָנצערט־טור.

איך האָב שוין צוויי מאָל באַזוכט און געזונגען אין מעקסיקאָ, אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגוואַי, קובאַ, — אָבער אין ווענעזועלאַ וועל איך צום ערשטן מאָל זיין און וועל אויך צום ערשטן מאָל זינגען פאַר די דאָרטיקע אידן.

עס איז אמת, אַז דער וועג פון אַ אידישן קינסטלער ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין דער וועלט בכלל, איז קיינמאָל נישט געווען קיין צו גרינגער — און איצט אוודאי ניט ... אָבער אין איין פּרט איז דער אידישער קינסטלער יאָ אַ בר־מזל: ער קען מיטן אידישן ליד, אידישן ניגון, אידישער תפלה, און מיטן קינסטלערישן אידישן וואָרט בכלל, אויספאָרן די גאַנצע וועלט. ווייל עס איז ניט פאַראַן גאָר קיין ווינקל אויפן ערד־קוגל, וואו עס זאָלן נישט זיין קיין אידן! אין דעם פּרט איז דער אידישער קינסטלער באמת אַן אויסנאַם — אַ ניט־אידישער קינסטלער האָט נישט אָט־אָ דעם גליק!

אָבער ווייל אַזוי, און טאַקע דערפאַר, וואָס דער אידישער קינסטלער האָט דאָס גליק, אויסצופאָרן די גאַנצע וועלט מיטן אידישן ליד, אידישער ניגון, אידישער תפילה, און מיטן קינסטלערישן אידישן וואָרט בכלל אויף זיינע ליפּן איז, ווייל אַזוי, און טאַקע דערפאַר, טראָגט ער דעריבער אַ גרויסע אחריות — אַן אחריות וואָס ער דאַרף גאָר, גאָר שטאַרק אָפּהיטן!

דאָס באַווייזן זיך פון אַ גאַסטקינסטלער אין דעם אָדער אין יענעם יידישן ישוב, מוז דורכאויס טראָגן אַ קולטורעלן כאַראַקטער — עס דאַרף זיין אַ פייערלעכע דעמאָנסטראַציע פון בעסערן אידישן וואָרט, פון פיינערן אידישן קלאַנג, רעציטאַציע, שוישפּיל, פון אַ זייער הויכער קינסטלערישער מדרגה!

וואָרום נישט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק לאָזט זיך אַ אידישער קינסטלער אַרויס אין וועג אַריין אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער עיקר־הדבר איז: אַז נאָך זיין אָוועקפאָרן, זאָל דער אידישער ישוב וועלכן ער האָט באַזוכט, בלייבן מיט עפּעס צום געדענקען און צום בענקן! אויב אַ קינסטלער קען דאָס באַווייזן, האָט ער דערגרייכט זייער אַ סך! אַזאַ באַזוך איז וויכטיק, אַזאַ וויזיט טוט עפּעס אויף!

איך בין זיך מודה בפני כל עם ועדה, אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין מיין רעפּערטואַר געפינט זיך אַ גאַנץ גרויסע צאָל אידישע און העברעאישע לידער און חזנ׳ישע תפילות, וועלכע האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן אין משך פון מיינע צוואַנציק יאָר זינגען אויף דער קאָנצערט־

בינע, ראַדיאָ, ביים עמוד און אין פּליטן, פונדעסטוועגן האָט מיר גענומען גאַנצע דריי חדשים צייט צוצוקלייבן און צוצוגרייטן דעם רעפּערטואַר פאַר מיין איצטיקן קאָנצערט־טור איבער אַ ריי דרום־און צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער.

פאַרוואָס? ווייל איך פיל און גלויב אַז אַ אידישער קינסטלער, פון וועלכער עס איז קונסט־פאָרם, האָט אַ ספּעציעלע מיסיע, אַ ספּעציעלע שליחות, אַ ספּעציעלע אחריות פאַרן אידישן וואָרט און קלאַנג! דאָס אידישע ליד, דער אידישער ניגון, די אידישע תפילה, און דאָס קינסטלערישע אידישע וואָרט בכלל, ווערט באַדראָט פון פאַרשידענע געפאַרן, און ווען נאָך דערצו דער אידישער קינסטלער גיט זיך וועגן דעם נישט אָפּ קיין פולע רעכענונג, דעמאָלט ווערן די פאַרשידענע געפאַרן נאָך פיל גרעסער...

איינע פון די הויפּט־געפאַרן פאַרן אידישן וואָרט און קלאַנג, און דער אידישער קונסט בכלל, ליגט, לויט מיין מיינונג, אין ווערלן נאָכצומאַכן, נאָכצומאַלפּען און נאָכצובאַמקען אַ פרעמדיקן נוסח, פרעמדע סטילן, פרעמדע מאַניערן, תנועות, קנייטשן און מאַניפּעסטאַציעס...

איך האָב שוין וועגן דעם אַ סך מאָל געשריבן, אַז דאָס וואָס עס זעט אויס העכסט־נאַטירלעך פאַרן איטאַליענער, פראַנצויז, שפּאַניער, אָדער אַ לאַטיין־אַמעריקאַנער, איז העכסט אומנאַטירלעך פאַרן אידן!

למשל: עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש און העכסט־נאַטירלעך נישט בלויז פאַרן אינטעליגענטן איטאַליענער נאָר אויך פאַרן פּשוט'ן איטאַליענער, וואָס פאַרט אַרום איבער די גאַסן מיט אַ וועגעלע פאַרקויפן עפּל אָדער באַנאַנעס, צו אונטערברומען אָדער צו זינגען אַן אַריע פון „אַאידאַ", „ריגאָלעטאָ", „לאַ־באָהעם", „קאַרמען", פונקט ווי עס וואָלט געווען זייער כאַראַקטעריסטיש און העכסט־נאַטירלעך סיי פאַרן שפּאַנישן אינטעליגענט און סיי פאַרן שפּאַנישן פאָלקס־מענטש אונטערצוברומען און צו זינגען די פלאַמינגאַ־געזאַנגען, אָדער פאַר די מענטשן פון לאַטיין־אַמעריקע צו אונטערברומען און צו זינגען די טאַנגאָ־ריטמען, צי פאַר די מענטשן פון די וועסטערן־שטאַטן אין צפון־אַמעריקע אונטערצוברומען און צו זינגען די קאָו־באָי־לידער.

אָבער אַט די אַלע אויבנדערמאָנטע פאַקטן פון פאַשידענע מוזיקאַלישע מאָדעלן, וואָלטן געווען זייער אומכאַראַקטעריסטיש און העכסט־אומנאַטירלעך אויף אונטערצוברומען און אונטערצוזינגען פון אידן!

ווייל אַ איד, זאָלט איר וויסן זיין, אַ איד פון ביאַליסטאָק, פון גראָדנע, פון באַרדיטשעוו, פון קעשעניעוו, צי פון דער איסט־סייד אין ניו־יאָרק, אָדער דער וועסט־סייד אין שיקאַגאָ, צי פון באָיל־האַיטס אין לאָס־אַנדזשעלעס, אָדער פון פלעצל אין פּאַריז, צי פון ווייט־טשעפּל אין לאָנדאָן, אָדער פון קאָריענטעס אין בוענאָס־איירעס, און פון תל־אביב, ירושלים, חיפה, צי אַפילו פון מעקסיקאָ, בראַזיל, קובאַ, אָדער ווענעזועלאַ, צי קאָלאָמביאַ, פּערו, טשילי, און נאָך פון ערגעץ אַנדערש־וואו, זינגט נישט קיין אַריעס, ברומט נישט אונטער קיין פלאָמינגאָ־געזאַנגען אָדער טאַנגאָ־ריטמען, צי קאָו־באָי־לידער ...

וואָס דען יאָ? אַ איד (דאָ רעדט זיך נישט פון קיין גוי'אישע אידן, נאָר פון אידישע אידן!) זינגט זמירות, ברומט אונטער אַ ניגון; זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים; לערנט אַ פּרק משניות; איז מעביר די סדרה; דאַוונט מנחה־מעריב; איז מקבל־שבת; בענטשט; זאָגט מודה־אַני, און נאָך און נאָך! אין דעם ליגט אידישער נוסח, אידישער אייגנאַרט, אידישער שטייגער, אידישער ריטם, אידישער קלאַנג, טאָן און קאָליר, אידישע תנועה און קנייטש, חן און מאַניפעסטאַציע!

און כדי אָט דאָס אַלץ אַרויסצוברענגען אויף אַן עכט אידישן שטייגער, אין אַ ריכטיקן אידישן טאָנאַרט, צי דאָס איז געזאַנג, שוישפּיל, רעציטאַציע אָדער פאָרלייענען, צי וועלכע עס איז אַנדער קונסט־פאָרם, מוז מען געבאָרן ווערן דערצו מיט אַ אידישן מויל!

עס איז נישט פאַראַן קיין שום קונסט אָן אַן אייגענעם באַשטימטן נוסח, סטיל, קאָליר און פאַרב, טאָן און קלאַנג! ווער עס גייט אַוועק דערפון, הערט אויף צו זיין אַ טרעגער פון דער קונסט פון זיין פאָלק!

שפּילן שלום־עליכמ'ען, קען נאָר אַ דורכאויס אידישער שוישפּילער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט אַלע נויטיקע אידישע אַטריבוטן, ניואַנסן און שטריכן, טענער און ביי־טענער, קנייטשן און תנועות, קלאַנגען, אָפּקלאַנגען און ווידער־קלאַנגען!

אַ אידיש, אָדער העברעאיש ליד, און פון אַ חזנישער תפילה איז דאָך אָפּגערעדט, קען דורכאויס זינגען נאָר אַ אידישער זינגער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט אַ אידישן מויל, מיט אַ אידישן קול, טאָן און קלאַנג!

דאָס זעלביקע איז מיט אידישע וואָרט־קינסטלער, רעציטאַטאָרס, פאָרלייענער און אַנדערע מינים קינסטלער!

קיין שום קונסט און קיינע קינסטלער וואַקסן נישט אויף קייןביימער — קונסט און קינסטלער מוזן אַרויסוואַקסן פון די טיפענישן פון פאָלק! קונסט און קינסטלער מוזן אויף זיך האָבן דעם חותם פון פאָלק — דאָס אייגנ־אַרטיקע מוז אַרויסשיינען און זיך אין אַלץ אַנטפּלעקן!

יאָ, איך ווייס! עס איז נישט קיין גרינגע אויפגאַבע צו האַלטן שטרענג זיך ביים אייגענעם, ביי די אייגענע קוואַלן, אָבער קיין אַנדער וועג איז נישטאָ! דאָס אייגנאַרטיקע פון אַ פאָלק, מוז אונטער אַלע אומשטענדן אַרויסזינגען, אַרויסשטראַלן, אַרויסרעדן און אַרויסדאַווענען זיך דורכן קינסטלער — אַנדערש איז עס פאַלש און פאַרפירעריש...

דער נאָמען אידישער קינסטלער. פּונקט ווי דער נאָמען איטאַל־יענישער, פראַנצויזישער, אַמעריקאַנער, אָדער שפּאַנישער קינסטלער, איז מחייב זייער אַ סך! און ווײ איז צו אַ קינסטלער, וואָס איז אין דעם ניט אָפּגעהיט!

ווי שוין געזאָגט, דאָס אידישע ליד דער אידישער ניגון, די אידישע תפילה, און דאָס קינסטלערישע אידישע וואָרט בכלל, ווערט באַדראָט מצד פאַרשידענע געפאַרן, דאַרף מען דעריבער זען עס נאָך מער אָפּצוהיטן, נאָך נענטער טוליען צו זיך — אָפּהיטן עס, ווי דאָס אויג אין קאָפּ ממש!

דאָס, און נאָר דאָס, דאַרף זיין די שליחות פון אַ אידישן קינסטלער אין דער וועלט! אויסמיידן שעטנז — דאָס איז דער געבאָט פון דער שעה!

„די שטימע", אויגוסט 18, 1956, מעקסיקאָ.

# דר. מוקדוני׳ס בוך וועגן פּרצ׳ן

צוליב דער „מלחמה" וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן דר. מוקדוני׳ן און דעם „איקוף", ווערט צעריבן אַ גוט בוך — און דאָס איז אַ שאָד.

קיין סך ביכער בכלל, און גוטע ביכער בפרט, וועגן פּרצ׳ן, האָבן מיר ניט. איבערהויפּט איז עס דאָס ערשטע בוך וועגן פּרצ׳ן און זיין שייכות צום אידישן טעאַטער. דער נאָמען פונעם בוך הייסט טאַקע „יצחק לייבוש פּרץ און דאָס אידישע טעאַטער".

ביי יעדן פאָלק פאַרנעמט טעאַטער אַ וויכטיקן פּלאַץ. קיין שום קונסט רעדט ניט אַזוי דירעקט צום עולם, ווי טעאַטער. אידן זיינען פּונקט אַזוי פאַרקאָכט אין טעאַטער ווי אַנדערע פעלקער — און אפשר נאָך מער. אפילו דעמאָלט, ווען פון דער אידישע פרעסע און אידישן בוך, דער עיקר אין אַמעריקע, ווערט שוין ניט זיין קיין פראַך, וועלן נאָך אַלץ זיין בעלנים אויף אידיש טעאַטער און חזנות ...

דר. מוקדוני פאַרדינט אַ יישר־כח פאַר אַנשרייבן דעם בוך — און פּונקט אַזאַ יישר־כח פאַדינט דער „איקוף" פאַרן אַרויסגעבען דעם בוך. קיין פּריוואַטע פאַרלעגערס זיינען ביי אונז נישטאָ, דאַרפן מיר דאַנקען סיי דעם „איקוף" און סיי דעם „ציקאָ", וועלכע גיבן אַרויס אידישע ביכער, כאָטש ניט אַזוי אָפט ווי מיר וואָלטן געוואָלט.

ווי דר. מוקדוני דערציילט אונז, איז ער „זעקס יאָר געווען כמעט אַ טאָג־טעגלעכער אַריינגייער אין פּרצ׳עס הויז: ער האָט געזען פּרצ׳ן דעם קינסטלער, פּרצ׳ן דעם מענטשן, פּרצ׳ן דעם געזעלשאַפטלעכן סוער, פּרצ׳ן דעם רעדנער, פּרצ׳ן דעם באַאַמטן אין דער אידישער גמינע, פּרצ׳ן דעם מאַן, פּרצ׳ן דעם פאָטער, דעם זיידן און דעם פריינט און חבר פון יעדן אידישן שרייבער". די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן, זיינען גענוג אויף צו שאַפן אַ פאָרטרעט פון אַ מענטשן, אַז מיר זאָלן אים דערזען — דערזען אַ פול־בלוטיקן, מיט לייב און לעבן, מיט האַרץ און נשמה, מיט גייסט און פאַרב.

דר. מוקדוני הויבט אָן צו מאָלן פאַר אונז דעם פּרץ־פאָרטרעט גראָד ניט מיט פּרצ׳ן דעם שרייבער, נאָר מיט פּרצ׳ן וואָס „זיין עובדא איז צו פאַרקויפן קרקע, שטיקלעך פלעצער אויף דעם אידישן בית־עלמין אין דער וואַרשעווער אידישער גמינע, וואוהין ער קומט יעדן טאָג ניין אַזייגער אין דער פרי און ער האָט דאָרט אַ שטייגל מיט אַ פענצטערל". עס איז אַ פראָצעדור, וואָס חזר׳ט זיך איבער טאָג־טעגלעך „ביז דריי אַזייגער בייטאָג", אָבער נאָך דעם ווי פּרץ פאַרטיקט זיך אָפּ מיט זיינע „וויינענדיקע און פאַרצאַרנטע קליענטן" און קומט אַהיים, ווערט ער אינגאַנצן „אַ שריפטשטעלער, אַ קינסטלער". עס בלייבט „קיין זכר ניט פונעם „פאַן פּרץ" אין דער גמינע, פונעם קרקע־פאַרקויפער און פונעם זיצער אין אַ שטייגל". אַמאָל קומט פּרץ אַהיים אַ מידער, לייגט ער זיך צו אויף אַ ווייל, „אָבער באַלד שטייט ער אויף: ער איז אַן אָפגעפרישטער, אַ לעבעדיקער און אַ צאַפלדיקער".

יאָ, דר. מוקדוני גיט אונז אַ לעבעדיקן און אַ צאַפּלדיקן פּרץ. צאַפּלדיקייט און באַגייסטערונג האָט פּרץ פאַרמאָגט לרוב און דר. מוקדוני דערציילט אונז, ווי אַזוי דאָס איז ביי אים געקומען צום אויסדרוק. איבערהויפּט האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און פאַרכאַפּט די שילדערונג פון פּרץ׳ס פאַרליבטקייט אין אידישן טעאַטער.

„ווי אַלע דראַמאַטורגן״, דערציילט אונז דער מחבר, „וואָס קענען זיך ניט דערשלאָגן צו אויפפירונגען פון זייערע דראַמעס, האָט פּרץ אויך פּרובירט אַליין אויסצופירן עטלעכע פון זיינע איינאַקטערס מיט אַמאַטאָרן, ער האָט עס געטאָן, ווי זיין שטייגער, מיט ברען, מיט „עלאַן״. ער האָט אויסגעזוכט למדוואָווישע טאַלאַנטן, טאַלאַנטן, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט אַנטפּלעקן ביז ער האָט זיי מגלה געווען. ער האָט די דאָזיקע אַנטפּלעקטע טאַלאַנטן דערקלערט מיט נאַאיווער באַגייסטערונג פאַר די נייע טעאַטער־קינסטלער, וואָס וועלן ברענגען די אמת׳ע קינסטלער־ישועה, דעם אמת׳ן קינסטלערישן תיקון דעם אידישן טעאַטער״.

וואו נעמט מען איצט אַ פּרץ׳ן מיט אַזאַ פאַרליבטקייט אינעם אידישן טעאַטער, וואָס איז געפאָרן פון וואַרשע קיין פּעטערבורג אין די אינטערעסן פון דער „טעאַטער־געזעלשאַפט״ צו קריגן געלט ביי די „פּני פון דער אידישער פּעטערבורג?״ „פּרץ׳ן האָט געצויגן צום אידישן טעאַטער. טעאַטער האָט געהאַט פאַר אים דעם גרעסטן רייץ, ווייל אַליין איז ער געווען אַ שטיק טעאַטער״.

די ראַנגלנישן פון פּרץ׳ן מיט זיינע דראַמאַטישע ווערק, ווערט זייער אינטערעסאַנט אַרויסגעבראַכט דורך דר. מוקדוני׳ן, וואָס קען גוט טעאַטער, ווי וויייניק מענטשן ביי אונז אויף דער גאַס. ערטערווייז איז עס ניט בלויז אינטערעסאַנט נאָר אויך רירנדיק.

דער גרויסער י. ל. פּרץ, איינער פון די פונדאַמענט־לייגער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור, וואָס האָט לויט דער אַלגעמיין־אָנגענומענער מיינונג, באַהערשט אַלע ליטעראַרישע פאָרמען, האָט ניט געקענט גובר זיין די שווערע דראַמאַטישע פאָרם, וואָס „שרייבער מיט וויייניקער טאַלאַנט פון אים״, „באַהערשן״.

„כמעט יעדער פרייע מינוט״, דערציילט אונז ווייטער דער מחבר, „האָט ער (פּרץ — מ. י.) אָפּגעגעבן דער איבעראַרבעטונג פון זיינע דראַמען. און דאָס טראַגישע איז געווען, וואָס נאָך אַלע איבעראַבעטונגען זיינען זיי

געבליבן די זעלביקע ווי ער האָט זיי אָנגעשריבן צום ערשטן מאָל. אָן אויסנאַם איז געווען „די גאָלדענע קייט״.

דר. מוקדוני׳ס קריטישער אַנאַליז פון אַלע פּרצ׳ס דראַמאַטישע ווערק, איז אַ פיינער שטודיום ביז גאָר. מ׳דאַרף זיין ניט בלויז אַ גוטער טעאַטער־קריטיקער, נאָר טאַקע קענען טיף דעם גאַנצן עניין טעאַטער. פון יעדער שורה זינגט אַרויס ביי דר. מוקדוני׳ן דער ליידנשאַפטלעכער געפיל צום טעאַטער און אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער טעאַטער־קונסט, וואָס ער ברענגט אַרויס אַזוי קלאָר און דייטלעך. דער לייענער ווייסט וואָס ער וויל, וואָס ער איז אויסן, ווייל ער ווייסט וואָס ער זאָגט.

איך האָב זייער פיינט, אַז אַ שרייבער דרייט זיך אויפן קנאַפל און שיסט מיט פוסטע פראַזן — צי דערפאַר ווייל איך בין שטאַרק באַווירקט פון דער נייער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, צי דאָס איז ביי מיר אַ נאַטור אַזאַ. כ׳האָב ליב שרייבער וואָס רעדן קלאָרע דיבורים, אָן פאַרהוילעניש און פאַרבאַרגענישן.

טעאַטער איז דר. מוקדוני׳ס פעלד, ער קען די וואָרצלען, ער ווייסט ווי אַזוי מ׳דאַרף גיין מיט אַקער, ווי צו בראָניען, ווי צו זייען און צו שניידן. איר פילט ביים לייענען, אַז דער מחבר און דער טעאַטער זיינען איינס.

אויף דער אידישער גאַס האָט מען געשריבן און מ׳שרייבט טעאַטער־קריטיק אויף הפקר, פונקט ווי מען שרייבט ביי אונז וועגן מוזיק — הכל שוחטין ...

מענטשן וואָס האָבן קיינמאָל נישט שטודירט אין קיין דראַמאַטישער שול, קיין דראַמאַטישע קונסט; וואָס האָבן קיינמאָל ניט געשטעלט קיין פוס אויף אַ בינע; ווייסן ניט וואָס טעאַטער איז; זיינען אַבסאָלוט ניט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון טעאַטער; האָבן קיינמאָל קיין לעקציעס וועגן טעאַטער ניט געהערט; ווייסן ניט וואָס אַ דראַמע איז; וואָס אַ קאָמעדיע מיינט; וואָס אַן אָפּערעטע באַדייט; וואָס אַ זשעסט איז; וואָס אַ ליניע מיינט; וואָס רעזשי באַדייט; וואָס דעקאָראַציע איז; וואָס ליכט מיינט; וואָס דיקציע באַדייט; וואָס אַ פערטל און אַ האַלבער טאָן איז; וואָס אַ איבערגאַנג, אַ טאָן־אַרט מיינט; און וואָס עס באַדייטן נאָך טויזנט אַנדערע שלייפן פון דער טעאַטער־קונסט, נעמען זיך אונטער צו שרייבן טעאַטער־קריטיק ...

ווי דער שטייגער פון דר. מוקדוני׳ן, האָט זיך אין זיין בוך, אַחוץ אַ קלאָרן פּאָרטרעט פון פּרצ׳ן, אַחוץ אַ טיפן קריטישן אַנאַליז פון פּרצ׳ס

דראַמאַטישע ווערק, אויך אַריינגעכאַפּט אַ היפּש ביסל פּאָלעמיק ... אָבער עס שאַדט ניט, אַ גוט ביסל פּאָלעמיק מאַכט נישט אויס. און אַז דר. מוקדוני קען ליידנשאַפטלעך פּאָלעמיזירן, איז דאָך אַ באַוואוסטע זאַך!

איך האַלט אַז דאָס איז ביז גאָר אַן אַרומפאַסנדיק בוך וועגן און אַרום פּרץ'ן און — דער עיקר: וועגן פּרץ'ס שייכות צום אידישן טעאַטער און וועגן פּרץ'ן דעם טעאַטער־מענטש בכלל!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", נאָוו. 18, 1949, נ.י.

# די נשמה פון דער ימים נוראים'דיקער סימפאָניע

## מיין פעטער שלמה'ן דעם קדוש

מ'קען און מ'מעג שרייבן וועגן דער אידישער נגינה — געזאַנג און אינסטרומענטאַלע, הייס־חסיד'יש, קאַלט־מתנגד'יש, שטרענג־פאַרשעריש, טרוקן־וויסנשאַפטליך, אַנגעבלאָזן־אַקאַדעמיש; אָבער אַוועקזעצן זיך שרייבן וועגן דער אידישער נגינה און מוזיק מיט א כירורגישן מעסער אין דער האַנט — דאָס טאָר קיינער ניט. די אידישע נגינה און מוזיק איז געמאַכט געוואָרן פון בלוט און פלייש, מיט אַ האַרץ און נשמה, און אפילו דער קלענסטער „שניט" טוט ווייַ...

איבערהויפּט איצט, אין די ערב־ימים־נוראים'דיקע טעג, ווען א „פיש אין וואַסער ציטערט", דאַרף מען זיין נאָכגעביק, מילד און ווייך, האָבן איינזעעניש. וואָרום איך שטעל מיר נישט פאָר, אז דער לייענער, און ספּעציעל דער „אוהב נגינה", וועט וועלן ליידן ווען עמעצער וועט אַרויסקומען מיט אַ צו־האַרבער „שטראָף", מיט אַ צו־שטרענגן „משפט", קעגען דער אָדער יענעם „צווייג" אין דער אידישער נגינה און מוזיק. אַלע צווייגן זיינען וויכטיק, יעדער צווייג האָט זיין חן, זיינע גרינע בלעטער, זיין קאָליר און פאָרם, אָן אים איז די סימפאָניע קיין סימפאָניע נישט, דער בנין קיין בנין נישט.

אָפּגעזאָגט דאָס, קענען מיר איצט גיין ווייטער מיט אונזערע מחשבות'ן, באַטראַכטונגען, רעיונות און חשבונות פון און וועגן דער אידישער נגינה און מוזיק, פונעם גאַרן „בנין", ווי ער שטייט און גייט, אין זיין גאַנצן „טראַכט"

און „פאַסאַד״: דער קעלער און דער דאַך, זיינע אַלקערס און שפּייכלערס — און טאַקע לכבוד ראש השנה.

פאַרוואָס ניט? „חשבון הנפש״ איז אַ גוטע זאַך פאַר יעדן — און אויך פאַר דער אידישער נגינה און מוזיק. ס׳איז אַן „ענין״, וואָס לאָזט זיך וועגן און מעסטן...

אונזער אידישע נגינה און מוזיק איז ניט געבוירן געוואָרן נעכטן אָדער אייערנעכטן; זי איז אויך ניט קיין מאכל בלויז פאַרן היינט, נאָר בפירוש אַ „יש״ פאַרן מאָרגן, פאַרן איבערמאָרגן. זי איז אויסגעאַרקעסטרירט געוואָרן אַזוי, אַז זי איז גוט און וועט בלייבן פאַר אַלע צייטן, פאַר אַלע דורות... אַ פאָלק „פאַלט״ ניט אַרונטער פונעם בוים; אַ פאָלק האָט וואָרצלען, האָט ירושה, האָט אַן אייגנאַרטיקע געשיכטע מיט אָנגעזאַמעלטע ווערטן און אוצרות, וואָס מ׳דאַרף שטאַרק־שטאַרק אָפּהיטן...

די אידישע נגינה און מוזיק איז געבוירן געוואָרן אין קדושה און גבורה, אין צער און אין פרייד, אין איינגע׳עקשנ׳טן אויסדויער און אין אייביקן שטעלן זיך אַנטקעגן די שונאים און פאַרניכטער. געוויס, דער פּאַרטיזאַנען־מאַרש „זאָג קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״, וואָס האָט געוויזן דעם אידישן קידוש־השם גרייטקייט און גבורה, דעם אידישן מוט און קאַמף קעגן די דייטשישע האַרדעס, איז „הייליק״, אָבער פּונקט אַזוי „הייליק״ איז אויך דער „עלינו לשבח״, וואָס אידן אין דייטשלאַנד האָבן „געזונגען״ אין דער פינצטערער צייט, ווען עס זיינען אויפגעשטאַנען די רוצח׳ישע „צלמים־טרעגער״, די ימח־שמו׳ניקעס די „קרייצער משחיתים״, די פאַרגייער פון די שפּעטערדיקע היטלער־מערדער...

קלאָר איז, די אידישע געשיכטע, טראַדיציע, ליטעראַטור, נגינה, מוזיק, מאָלעריי, געהערט ניט צו דעם אָדער יענעם „שבט״ אַליין, נאָר צום גאַנצן אידישן פאָלק! אין די אָנגעזאַמעלטע און אָנגעהויפטע דורות־דיקע ווערטן און אוצרות, קולטור־ירושות און קולטור־פאַרמעגענס, האָט יעדער איד אַ גלייכן חלק! „קום, ברודערל, נעם וואָס דיין האַרץ גלוסט, פון דאַנען און דאָרטן, אָבער נעם — אַנטלויף נישט פון זיך, ווייל דו וועסט צו ווייט נישט דערלויפן!...

פאַרן שרייבער פון די שורות איז אַלעמאָל אַ „פאַרגעניגן״ צו נעמען אַ „שפּאַציר״ אינעם גאָרטן פון דער אידישער נגינה און מוזיק — איבערהויפּט ערב ימים נוראים צייט.

אין „צענטער“ פון דער „ימים־נוראים׳דיקער סימפאָניע“ שטייען דריי תפילות: „הנני“, „ונתנה תוקף“ און, פאַרשטייט זיך, „כל נדרי“. ווען איך זאָל וועלן אויף אַ ברייטן אופן אפילו באַהאַנדלען נאָר איין „אַספּעקט“ פון די דאָזיקע תפילות און ניגונים, וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר, זייער האַרץ און נשמה, דעם נערוו פון יעדער סטרונע זייערס, וואָלט איך געדאַרפט אָנשרייבן אַ גאַנצן „טראַקטאַט“ — אויב נישט אַ גאַנץ בוך, אָדער ווייניקסטנס אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען...

אַוודאי איז די סאַמע פּאָפּולערסטע צווישן אַט די דריי דערמאָנטע צענטראַלע תפילות, „כל נדרי“, וואָס איז באַוואוסט אויך צווישן ניט־אידן איבער דער וועלט. וועגן דער דאָזיקער תפילה, איבערהויפּט וועגן דעם ניגון, איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן, אָן איבערטרייבונג, הונדערטער, אויב ניט טויזנטער אַרטיקלען, עסייען, לידער און פּאָעמעס. קיינער ווייסט ניט „אַקוראַט“ ווען און ווי אַזוי, סיי דער טעקסט און סיי דער ניגון — און פון וועמען — זיי זיינען געבוירן געוואָרן. אַנדערע גייען אַזוי ווייט ווי ביז די צייטן ווען די אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין בבל, און אַנדערע זאָגן, אַז סיי דער טעקסט און סיי דער ניגון זיינען באַשאַפן געוואָרן אין שפּאַניע, אין דער צייט פון די צעצונדענע שייטער־הויפנס, ווען אידן האָבן זיך געלאָזט פאַרברענען אין די פלאַמען מחמת זיי האָבן זיך נישט געוואָלט שמד׳ן, און די וואָס האָבן זיך לפנים־וועגן גע׳שמד׳ט און זיינען באַצייכנט געוואָרן אַלס „אנוסים“, אָדער מיטן נאָמען „מאַראַנען“, האָבן אין דער שטיל, אין פינצטערע קעלערן און אויף בוידעמער, מיט גרויס מסירת־נפש, אין געהיים, אָפּגעהיט אידישקייט, בפרט ווען עס פלעגט קומען אַ אידישער יום־טוב, ווי פּסח, ראש השנה און יום־כיפּור — אַט דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן די תפילה „כל נדרי“ אינאיינעם מיטן ניגון...

דעם אמת׳ן אמת אָבער, ווי שוין באַמערקט, ווען און וואו און ווי אַזוי און פאַרוואָס די דאָזיקע תפילה, וואָס איז אין תוך גענומען קיין „תפילה“ ניט, נאָר לויטן „נוסח“ אַ מין „דעקלאַראַציע“, מיטן ניגון זיינען „געבוירן“ געוואָרן, וועט מען שוין, אויב מ׳האָט ביז איצט געווּי ניט פעסטגעשטעלט, קיינמאָל נישט דערגיין. אָבער דאָס איז לחלוטין נישט „וויכטיק“, וויכטיק איז דער גרויסער פאַקט, אַז „כל נדרי“ שטייט אין „צענטער“ פונעם גאַנצן ימים נוראים׳דיקן דאַווגען, וואָס איז פאַררעכענט פאַרן סאַמע הייליקסטן מאָמענט פונעם גרויסן שבת־שבתון׳דיקן טאָג ביי אידן, יום כיפּור...

און ווער עס זאָל זיך ניט צוהערן צו דעם דאָזיקן ניגון, ווערט ער פון אים פאַרכאַפּט סיי צוליב זיין קאָמפּאָזיציאָנעלער פּאַרכטיקער שיינקייט, געשניצטער אויסגעפורעמדיקייט, פּערפעקטער מוזיקאַלישער אויסגעטאָקטקייט, אויסגערונדיקטקייט, און האַרציקער אַפּעלירנדיקייט! עס איז קיין חילוק ניט צי איר הערט דעם ניגון פון „כל נדרי" שפּילן מישאַ עלמאַן, יאַשאַ חפץ, אפרים צימבאַליסט, נייטן מילשטיין אָדער אייזיק סטוירן, צי אין וועלכן עס איז אָרקעסטראַלן פאָרם און מוזיקאַלישער אַראַנזשירונג, אַ שטייגער, מאַקס ברוכ׳ס אָרקעסטראַלער באַאַרבעטונג און אַראַנזשירונג — דער רעזולטאַט איז דער זעלבער: איר בלייבט זיצן אַטעמלאָז און אַ פאַר׳כישופ׳טער! און מערקווירדיק איז דאָס, וואָס דער „גוסט" פונעם „כל נדרי" ניגון ליגט גאַרנישט אין די „ספערן" פון די אָנגענומענע אידישע „גוסטן", אַ שטייגער, דאָס וואָס פּשוט׳ע אידן רופן אָן „מאַראַליש", אָדער וואָס חזנים רופן אָן „אהבה־רבה־גוסט", צי לויט דעם מוזיקאַלישן טערמין „פרעגישער גוסט", וואָס אידן האָבן אַזוי שטאַרק ליב צו הערן, און אפילו ניט אין ריינעם „מינאָרנעם גוסט", כאָטש „עפּעס" דערפון איז דאָ אין אים, פונקט ווי ס׳איז דאָ אין אים „עפּעס" פון דעם „מאַזשאָרנעם גוסט", וואָס פאַרכאַפּט נישט בלויז אידישע הערצער אַליין, נאָר בפירוש אָן אויסנאַם אַלעמענס הערצער: עס איז אַ ניגון, וואָס רופט ביי אייך אַרויס אַ הייליקן ציטער, אפילו ווען איר וואָלט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דער קלאַסישער „כל נדרי ניגון"! אָט אין דעם, מיינע ליבע פריינט, ליגט זיין געטליכער כוח, זיין הימלישע שיינקייט, זיין כישוף און די יראת־שמימי׳דיקע אייביקייט...

נו, וואָס קען איך זאָגן צו דער תפילה „הנני"! אַז די דאָזיקע „תפילה" איז דער „לייטמאָטיוו" פון דער גאַרער „ימים־נוראים׳דיקער סימפאָניע", וואו עס רעדט זיך אין איר וועגן דער גרויסער אחריות׳דיקער „שליחות", וואָס דער חזן, דער „שליח־ציבור" האָט אויף זיך גענומען: צו פאַרטרעטן „קהל", צו זיין דער „אַדוואָקאַט" פאַר דער „עדה מתפּללים", פאַר דער גאַנצער „עדה דאַוונערס", וואָס האָט אים אויסגעקליבן: דאָס איז דאָך קלאָר פאַר יעדן איינעם וואָס האָט אָן „אָנונג", ווייסט וואָס עס טוט זיך אינעם „מחזור" און איז אַ „מבין" אויף דער גאַרער „פּאַנאָראַמע"... עפּעס אַ קלייניקייט צו „ריידן" צום „אויבערשטן" אין „נאָמען" פון א „משפחה־אידן", פון אַן „עדה", און אפילו פון אַ „יחיד"? מ׳דאַרף זיין דערצו באַרופן, מ׳דאַרף האָבן אַ פרומען געוויסן, אַ ריין האַרץ און אַ לויטערע כוונה... חוץ דעם

דאַרף דער חזן זיין אָנגעלאָדן מיט „כוח נגינה", כדי צו קענען „אויסטייטשן" דעם „תמצית" פון דער דאָזיקער תפילה אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל קענען דורך איר ווירקן אויפן עולם מתפללים, און מעורר זיין אים און אַריינברענגען אים אין דער געהעריקער ימים־נוראים׳דיקער שטימונג...

די תפילה „הנני" האָט ניט קיין באַשטימטן נוסח, קיין „פּאַרטיקן" טראַדיציאָנעלן ניגון; דער חזן גופא דאַרף אים „באַשאַפן", דאַרף אים „געבוירן", דאַרף אין זיך פאַרמאָגן די גאַנצע „גאַמע" פון אַלע נוסחאות, וועלכע גייען דורך, ווי אַ רויטער פאָדים דורך דעם ראש השנה׳דיקן און יום־כיפּור׳דיקן דאַווענען — דעמאָלט באַקומט די „ימים נוראים׳דיקע סימפאָניע" אַ „טעם" און אַ „פּנים".

און אַצינד קום איך צו דער דריטער „צענטראַלער" ימים נוראים׳דיקער תפילה: „ונתנה תוקף" — אַ תפילה, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט אַ „לעגענדאַרישקייט", וואָס איז אי שטאַרק „דראַמאַטיש" און אי אויסער־געוויינלעך „פאַנטאַסטיש"!

מיר ווייסן, אַז דער מחבר פון „ונתנה תוקף" איז געווען ר׳ אמנון, ווי ער איז באַקאַנט, און איז געשאַפן געוואָרן אין פינצטערן דייטשלאַנד, אין דער שטאָט מיינץ. איך וועל דאָ זיך נישט אָפּשטעלן אויף די אומשטענדן, געגנוי ווען און צי עס איז טאַקע ריכטיק פאַרוואָס דער מחבר האָט זי פאַרפאַסט, דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל פלאַץ. עס וועט זיין גענוג איבערצוגעבן בקיצור, אַז די דאָזיקע תפילה „ונתנה תוקף" איז געבוירן געוואָרן אַלס רעזולטאַט דערפון, וואָס בעת אַ „וויכוח" מיט איינעם פון די דייטשישע בישאָפן, אָדער איינעם אַ פּרינץ, וואָס האָט „געקיניקט" איבער דער „פּראָווינץ", וואו ר׳ אמנון האָט געלעבט, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט וואָס האָט געקאָנט פונעם בישאָף אָדער פונעם פּרינץ אויסגעטייטשט ווערן, אַז ער „ספק׳ט" אין אידישן גאָט און אין דעם אידישן גלויבן, און ער האָט אויף זיך אַליין אַרויסגעגעבן אַ שטראָף: ער האָט געהייסן די ראשי הקהל פון שטאָט, אַז מען זאָל אים דערפאַר אָפּשניידן די צונג... אַ האַרבע שטראָף, אָבער אַזוי ווערט דערציילט, און אַזוי איז עס אַריין אין דער אידישער טראַדיציע, אין די גאַנצע און האַלבע לעגענדאַרישקייטן, וועלכע וויקלען אַרום די אידישע געשיכטע, וואָס איז פול מיט מאַרטירערטום און קידוש־השם, פול מיט גייסטיקער קדושה און גבורה...

צוזאַמען מיט דעם ווערט אויך איבערגעגעבן, אַז באַלד נאָך אָט דער

„געשעעניש" זיינען אויסגעפאַלן די ימים־נוראים און ר׳ אמנון האָט זיך קראַנקערהייט געהייסן טראָגן אין שול אַריין, וואו ער האָט „בפני־כל־עם־ועדה" דאָרט פון דער בימה פאַרגעלייענט די תפילה „ונתנה תוקף" וואָס ער האָט פאַרפאַסט. זינט דעמאָלט אָן ווערט אָט די פאַרהייליקטע תפילה געזאָגט מיט די סאַמע פאַרכטיקסטע געפילן בעת אידן זיינען פאַרזאַמלט אין די שולן ימים־נוראים איבער דער גאַרער וועלט...

און וואָס איז מיט דעם „ניגון"?

ווידער אַמאָל דאָס זעלביקע: עס איז ניטאָ קיין באַשטימטער און „פאַרטיקער" ניגון פאַר „ונתנה תוקף", אָבער אַ חזן וואָס איז ווערט צו טראָגן דעם נאָמען „חזן", איינער וואָס קען לייענען מער צווישן די שורות ווי די שורות גופא, איינער וואָס קען „באַנעמען" דעם טיפן מיין סיי פון דער תפילה און סיי פון דער דראַמאַטישקייט און לעגענדאַרישקייט, מיט וועלכער זי איז אַרומגעוויקלט, קען פון די כולל׳דיקע ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות אויסשפינען דעם געהעריקן פאַסיקן פאַרכטיקן „ניגון"... גלייך פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען עס קומט די צייט און מ׳צעעפּענט פאַנאַנדער דעם „אָרון קודש" און דער חזן מיטן גאַנצן עולם שטעלט זיך אוועק זאָגן „ונתנה תוקף" — דער פאַהייליקטסטער און ציטערנדיקסטער מאָמענט נאָך „כל נדרי" ביי אידן — קומט דער ניגון „צופליען" ווי פון זיך אַליין... די דאָזיקע תפילה לאָזט זיך זאָגן, טייטשן מיט אַזויפיל כוונה און יראת שמים, אַ סך מערער, דאַכט זיך מיר, ווי „כל נדרי"...

נו, אויבנאויף קען מען אוודאי קלערן, אַז דער „גאַנג" פון דער אידישער נגינה און מוזיק איז אפשר נישט קיין גלייכער, אַ „זיג־זאַגישער", אָבער ער גייט פון דער שול אויף דער גאַס, פון דער גאַס אין שטוב צום טיש, פונעם טיש צו דער גמרא, פון דער גמרא צום ווערקשטאַט, און נאָכאַמאָל צו דער שול, און ווידער־אַמאָל צוריק פון דער שול אויף דער גאַס, ווי דאָס גאַנצע אידישע לעבן, אידישע געשיכטע — און ווי דער גאַרער לעבן און געשיכטע פון פאָלק...

מ׳דאַרף קענען אָפּטיילן דעם „סולת" פון „פסולת", אָפּרייניקן דאָס „גאָלד" פון דער „בלאָטע", דעם „ברילִיאַנט" פונעם „שטויב", די „שוואַרצע ערד" פונעם „מאָך", דעם „בלויען הימל" פונעם „וואָלקן".

אַצינד קום איך צוריק צום אָנהויב פון אַרטיקל...

עס ווערט געזאָגט: „כל הנחלים הולכין אל הים״ אַלע טייכן גייען צום ים...

זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן: אַלע וועגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק פירן צו איין ציל: אויסשמידן אַ ליכטיקן, שלומ׳דיקן מאָרגן פאַר זיך, פאַרן אייגענעם פאָלק — און פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט!

דאָס איז די נשמה פון דער „ימים נוראים׳דיקער סימפאָניע״...

„אלגעמיינער זשורנאל״, אָקט. 5, 1973, נ. י.

## יוסף בולאָוו — אַן אַקטיאָר מיט אַ סך געשטאַלטן

יוסף בולאָוו איז אַן אַקטיאָר מיט אַ סך פּנים׳ער: ער קען שפּילן דראַמאַטישע ראָלן, קאָמישע ראָלן, כאַראַקטער־ראָלן, און אויך אין מוזיקאַלישע פּיעסן. ער איז געבענטשט מיט אַ שפּרודלדיקן עלאַסטישן טאַלאַנט, וועלכן ער קען לאָזן אין גאַנג אויף פאַרשידענע ליניעס און אין פאַרשידענע „גאַלאָפּן״ און ריכטונגען. ער קומט כּסדר אָן אויף דער געהעריקער סטאַנציע; ער פאַרשלאָפט קיינמאָל ניט און פאַרבלאָנדזשעט ניט, ווייל ער ווייסט אַלעמאָל וואו ער איז אין דער וועלט. זיין אויג זעט אַלץ, און זיין אויער הערט אַלץ, און זיין מוח באַנעמט אַלץ. די טעאַטער־בינע איז פאַר אים אַן אָפענער בוך: ניט זי באַהערשט אים נאָר ער באַהערשט זי, מיט אַלע קליפּערלעך, פאָלדן און קנייטשן, סודות און מאַניפעסטאַציעס.

יוסף בולאָוו׳ס שוישפּילערישע רעפּוטאַציע, ציט זיך איבער גרעניצן דורך פאַרשידענע לענדער און אָקעאַנען. ער האָט געשפּילט ניט אין איין שטאָט, אין איין לאַנד, אין איין טעאַטער, — נאָר אין אַ סך שטעט און לענדער און טעאַטערס — אידישע און ניט־אידישע. מער ווי אומעטום אָבער האָט יוסף בולאָוו געשפּילט אויף דער אידישער בינע אין אַמעריקע, דער עיקר אין ניו יאָרק, פאַרשטייט זיך, אָנהייבנדיק מיט מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט טעאַטער אויף סעקאַנד עוועניו, און דערנאָך אין פאַרשידענע אַנדערע אידישע טעאַטערס — און אויך אין ענגלישן טעאַטער אויף בראָדוועי אין פּיעסן ווי „אָקלאַהאָמאַ״, קאָל מי זיגי״, „סילק סטאָקינגס״ און נאָך אין אַנדערע בראָדוועי־אויפפירונגען.

יוסף בולאָוו האָט געהאַט אַלע שאַנסן צו בלייבן דורכאויס אויף דער ענגלישער בינע, אויף בראָדוועי און אויך אין די פילמס אין האָליוואוד, — אָבער ער איז צוריקגעקומען צו דער אידישער בינע, פונקט ווי נאָך זיינע גרויסע דערפאָלגן אין ישראל איז ער צוריקגעקומען קיין אַמעריקע. עס „ווירט” אין אים אַן אומרו, וואָס לאָזט אים ניט צו פאַרבלייבן אין איין לאַנד און אויף איין בינע צו לאַנג. דער אומרו טראָגט אים פון דאַנען אַהין, און פון דאָרט אַהער. זאָל דאָס זיין דער אמת׳ער „סימן” פון אַ געבוירענעם קינסטלער? אפשר... יעדנפאַלס — ער איז באַוואוסט ווי אַ פּראָליפישער שוישפּילער, אַ שוישפּילער מיט אַ סך טעמ׳ען, וועלכער האָט אומעטום אויף יעדער בינע אַרויסגערופן גרויס אַנזען און באַגייסטערונג, אַרויסגעוויזן אַקטיאָרישע חשיבות און אַקטיאָרישע בריה׳שקייט.

בולאָוו האָט זיין „דעביוט” אין אַמעריקע געמאַכט אין מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט־טעאַטער, אין אברהם גאָלדפאַדענ׳ס פּיעסע „לא תחמוד”, וועלכע איז געווען איינע פון די קלאַסישע פאָרשטעלונגען, וואָס דער אידישער קונסט־טעאַטער האָט געגעבן אין זיין היסטאָריש־עפּאָכע־מאַכנדיקער עקזיסטענץ. מער פון אַלעמען און איבער אַלעמען האָט אין דער דאָזיקער פאַרנעמיקער קינסטלערישער אויפפירונג, אַרויסגעשיינט דער ניי־אַריבערגעקומענער פון יענער זייט ים, יוסף בולאָוו. ער האָט נישט בלויז „גענומען” דעם עולם, נאָר אויך די גאַרע אידישע און ניט־אידישע טעאַטער־קריטיק אין ניו־יאָרק. זיין שפּילן איז געווען אַזוי ניי און פריש פאַרן אויג, מיט אַלע זיינע דימענסיעס, אַז דער עולם אין טעאַטער איז פאַרכאַפּט געוואָרן — אָט דאָס הייסט אַן אַקטיאָר! אָט דאָס הייסט טאַלאַנט!

בולאָוו׳ס חוש פאַר איראָניע, פאַר טראַגישקייט, פאַר קאָמעדיע און דראַמע, איז זייער אַ שאַרפער, און זיינע טאַנאַציעס און קאַדענצעס קאַרבן זיך איין טיף אין זכרון און צייכענען זיך אויס מיט חכמה, פּאַטאָס און מייסטערישקייט.

ווער קען פאַרגעסן בולאָוו׳ן אין מאָליער׳ס „דער קאַרגער”? אָדער זיין שפּילן און אויך רעזשיסירן, אין דער אידישער פאָלקס־בינע, אין י. י. זינגער׳ס „די ברידער אַשכנזי”, אָדער אין זיין שפּילן און רעזשיסירן, אין דער זעלביקער פאָלקס־בינע, אָסיפּ דימאָוו׳ס „יאָשקע מוזיקאַנט”? און אויך זיין שפּילן און רעזשיסירן אין „אידען טעאַטער” אויף סעקאָנד עוועניו,

אינעם אַמאָליקן אידישן קונסט־טעאַטער, אין שלום־עליכמ׳ס „שווער צו זיין אַ איד״?

דריי פאַרשידענע ראָלן, ווי אויסגעשליפענע בריליאַנטן! אַזוי שפּאָגל־נייאיק דער צוגאַנג, דער באַנעם, די קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע, ווי אַנדערשדיק פון יענע באַרימטע אידישע שוישפּילער, וועלכע איך האָב געזען אין אידישן טעאַטער אין די זעלביקע ראָלן — פריש אין דימענסיעס, אַנטדעקונג פאַרן אויג, באַלעב פאַרן געמיט, הויך קינסטלערישע טעאַטער־געשטאַלטן און טיפע אַקטיאָרישע בריה׳שקייטן. אויך אין זיין רעזשי פון די דאָזיקע פּיעסן האָט בולאָוו געפינקלט אין פולן הסכם מיט זיין געלייטערט שפּילן — אויסגעטעסט און אויסגעהובלעט ביז צו דער גלאַטקייט, און גלאַנץ פון געשליפענעם שפּיגל. אַזאַ האַרמאָניע פון שוישפּיל און רעזשי, פון מעלאָדיע און ריטם, האָב איך זעלטן געזען ביי פאַרשטעלונגען אין טעאַטער.

שייך צו זאָגן עס האָט „געקלאַפּט״! ניין, — עס האָט געזונגען מיט אַלע כללים׳דיקע טעאַטער־פונקן און טעאַטער־מאַניפעסטאַציעס, סודות׳דיקע טעאַטער־אויפדעקונגען און אַנטפּלעקונגען, וועלכע ליגן באַהאַלטן אין די פאָלדן פון דער דאָזיקער טיפער און רייכער קונסט, אָבער מ׳דאַרף זיי קאָנען אַרויסברענגען מכוח־אל־הפועל, וואָס נאָר אַזאַ איינער ווי יוסף בולאָוו קאָן!

און וואָס איז מיט יוסף בולאָוו׳ן דעם פאַרלייענער! האָט איר אים אַמאָל געזען און געהערט פאַרלייענען י. ל. פּרצ׳עס „דאָס קליינע מלמד׳ל״? גיט זיך אַ דערמאָן וויפיל אמת׳ע קונסט בולאָוו ווייזט אַרויס אין אָט דער פאַרלייענונג! סאַראַ ניואַנסן, קאָלירן, פאַרבן, האַלבע און פערטל־טענער־דיקע טאָנאַציעס, קלאַנגען, סאַראַ האַרמאָניע פון וואָרט און פאַרשידענע אַקראָדן, וואָס פאַרכאַפּן ממש אייער אָטעם! איר זעט פאַר זיך „דאָס קליין מלמד׳ל״ מיט אַלע פאַזן פון זיינע איבערלעבונגען, פאַסאַנען פון געמיט־צושטאַנד, זיינע פאַרלעגנהייטן און וועלן אַרויסרייסן זיך פונעם „יצר־הרע״, וועלכער איז אים אַריינגעפלויגן אין אויג אַריין, מיט דעם גאַרן „מלבוש״ וואָס דער גרויסער קלאַסיקער אונזערער פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרץ, האָט אים אָנגעטאָן!

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס יוסף בולאָוו קומט אויס אַזוי אָפט איבערצולאָזן ניו יאָרק און אַוועקפאָרן — אָט אין ישראל, אָט אין אַרגענטינע, אָט אין מעקסיקאָ, און אין אַנדערע לענדער. פאַרוואָס זאָל אין ניו יאָרק ניט קענען זיין קיין שטענדיקער אידישער טעאַטער פאַר אַזאַ

גענייאַלן שוישפּילער, אַרום וועלכן עס זאָל זיך גרופּירן אַן ערשט־קלאַסיקע אידישע טרופּע אַקטיאָרן?!

און אפשר איז עס פּאַר בולאָווין גאָר אַ „ברכה״ דאָס אַרומפאָרן, דאָס „נע־ונד״ זיין, ווייל ער קומט אַלעמאָל צוריק אַ פרישער און אַ באַנייטער. זיינע אויפטריטן אין מעקסיקאָ, וואו ער האָט לעצטן יאָר געגעבן פאָר־לייענונגען, זיינען געווען פון העכסטן קינסטלערישן ווערט — אַזוי האָט מיר ערשט די טעג פאַרזיכערט דער פאָרזיצער פונעם אידישן קולטור דעפּאַרטמענט אין מעקסיקאָ, מיין אַלטער גוטער פריינט טוביה מייזעל. אָבער צי דען דאַרף איך, דאַרפן מיר ניו יאָרקער טעאַטער־גייער אויף דעם עדות? ווייסן מיר דען ניט, אַז היינט צו טאָג איז יוסף בולאָוו דער גרעסטער אידישער אַקטיאָר, וועלכן דאָס אידישע טעאַטער פאַרמאָגט!

טאָ, זאָל ער טאַקע נאָך אונז לאַנג־לאַנג לעבן און באַרייכערן די אידישע בינע מיט אַלץ נייע ראָלן, נייע קרעאַציעס, וועלכע זאָלן ברייגען כבוד דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

„מאָרגן פרייהייט״, מערץ 23, 1975, נ.י.

# אַהרן לעבעדעוו — „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״

## מיין שיינער מומע ביילקען

אַהרן לעבעדעוו, דאַרף דאָ גלייך ביים אָנהויב געזאָגט ווערן, איז געווען אַ „יחיד־במינו״, אינגאַנצן אייגנאַרטיק אין זיין גאַרן פאָרנעם און ראָל ווי אַן אַקטיאָר. ער האָט צו זיך נישט געהאַט קיין צווייטן אויף דער אידישער טעאַטער־בינע — סיי אין דער אַמעריקאַנער אידישער טעאַטער־וועלט און סיי ערגעץ אַנדערש, וואו מ׳האָט געשפּילט אידיש טעאַטער.

ער איז געווען אַ זינגער, אַ טענצער, אַ קאָמיקער, אַ שטיפער, אַ „שקאָץ״, אַ וואוילער יאָט, קורץ: אַ „כל־בו׳ניק״, מיט אַ סך בינע־חן און אַקטעאָרישן שאַרם, אָנגענעם פאַרן אויג און פאַרן אויער. ער איז געווען אַ „טעאַטער־פירמע״, איבער וועמען טעאַטער־דירעקטאָרן האָבן זיך געשלאָגן, פאַרלאָפן איינער דעם אַנדערן דעם וועג, אַלע האָבן אים געוואָלט אויסכאַפּן, אנגאזשירן, מחמת מיט אים איז די טעאַטער־קאַסע געווען אַ געזיכערטע...

סעקאַנד עוועניו, „די אידישע בראָדוועי״, דער גאָרטל פונעם אידישן טעאַטער־וועזן אין אַמעריקע, איז פונעם ערשטן טאָג אָן פון לעבעדעוו׳ס קומען אין ניו יאָרק געוואָרן זיין היים, זיין „טעאַטער־היים״, אין וועלכער ער האָט זיך איינגעפעדימט, איינגעוואָרצלט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער האָט אַלעמאָל געשפּילט אין די גרעסטע אידישע טעאַטערס פון סעקאַנד עוועניו, און דאָס מיינט נישט בלויז פון ניו יאָרק נאָר פון אַמעריקע בכלל — אָנהויבנדיק מיטן נעשאַנעל טעאַטער, דערנאָך אין פּאַבליק טעאַטער, און ווידער צוריק אין נעשאַנעל טעאַטער. ווען ער איז אַרויסגעפאָרן גאַסטראָלירן איבערן לאַנד האָט ער ווידער אַמאָל געשפּילט אין די גרעסטע אידישע טעאַטערס — אין פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, דעטראָיט, באָסטאָן. מ׳האָט אים נישט אָפּגעלאָזט: „שפּילט נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי״: די „מאַרקע״ אהרן לעבעדעוו איז געווען אַ שם־דבר סיי אויף דער ניו יאָרקער סעקאַנד עוועניו און סיי אויף זיינע אַרויספאָרן אין די אַנדערע שטעט.

און מערקווירדיק, אַחוץ אידיש און רוסיש האָט לעבעדעוו ניט געקענט און ניט גערעדט. נאָך אָפּלעבן אַזויפיל יאָרן אין אַמעריקע האָב איך זעלטן אים געהערט אַרויסרעדן אַן ענגליש וואָרט; ער האָט ניט „געהאַלטן״ צופיל פונעם ענגלישן לשון... „ס׳איז נישט פאַר מיר״, האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט. ער האָט דורכאויס זיך געהאַלטן ביי אידיש: „אידיש איז מיין לשון, כ׳האָב עס ליב, איך האָב ליב געהאַט מיין מאַמע, מיין באָבע״.

„און וואָס איז מיט אייער טאַטן, מיט אייער זיידן?״, האָב איך אים אין אַ שפּאַס אַ פרעג געטאָן.

„איר זיינט אַ „ליטעראַט״ איז געווען זיין ענטפער, „איר פרעגט אַלעמאָל ,פראַגעס׳״.

אַ „ליטעראַט״ האָט ניט געהאַט קיין צו גוטן נאָמען ביי די מייסטע אַמעריקאַנער אידישע אַקטיאָרן... דערפאַר פלעגט מען אין קאַפע „ראָיאַל״ זיצן באַזונדער: פון איין זייט זיינען אַרום די טישן געזעסן אַקטיאָרן, און פון דער צווייטער זייט זיינען אַרום די טישן געזעסן — שרייבער. מ׳האָט זיך נישט געמישט איינער מיטן צווייטן, בלויז געציילטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן זיך גע׳חבר׳ט מיט שרייבער. ס׳איז געווען — ווי זאָל איך עס אָנרופן? אַ „שבט אפרים״ און אַ „שבט מנשה״...

אהרן לעבעדעוו, איז נישט געווען קיין צעוואָרפענער, מיט קיין זאַך ניט: ער האָט געהיט די „פעני״ און האָט אויך שטאַרק געהיט זיין כבוד. ער

האָט זיך ניט געשטופּט דאָרטן וואו מ׳האָט נישט באַדאַרפט, אָבער ער איז אומעטום געווען דער ערשטער אויפן צעטל, און האָט אומעטום געשפּילט די „ערשטע פידל״. אויב ס׳האָט זיך געהאַנדעלט אין אַ ספּעציעלער גרויסער טעאַטער־פאַרשטעלונג פאַר דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, אָדער פאַר דער אידישער „טעאַטעראיקל עלייענס״, צי פאַרן טעאַטער־לעקסיקאָן, האָט מען געוואוסט אַז אהרן לעבעדעוו׳ס נאָמען דאַרף זיין צווישן די „ראשונים״, צווישן די סאַמע אויבנאָניקע, צווישן די גלאַוונע „סטאַרס״. ער האָט דעם „אויבנאָן״ כשר פאַרדינט, ס׳איז אים געקומען סיי לויט זיין סטאַזש און סיי לויט זיין טאַלאַנט און פּאָפּולערקייט.

געזען האָב איך צום ערשטן מאָל לעבעדעוו׳ן אין דער אָפּערעטע „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״, וואָס איז ספּעציעל פאַר אים געשריבן געוואָרן. געשפּילט האָט ער אין נעשאַנעל טעאַטער אויף סעקאַנד עוועניו. „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״ איז געווען זיין „ערשטער אַרויספאַר״ אין אַמעריקע: זיין „דעביוט״ פאַר אַן אַמעריקאַנעם אידישן עולם. די בינע האָט ממש געברענט אונטער זיינע פיס — שוין איינמאָל אַ „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״! דער גאַנצער טעאַטער האָט מיט אים אָפּגעקלונגען!

ער האָט געהאַט אַ קלינגענדיקן־טענאָר, וועלכן מ׳האָט געקאָנט הערן פאַר צען ווערסט. „הער נאָר אַ געמבע״, הער איך נאָך היינט ווי מ׳זאָגט, „און זע נאָר ס׳אַראַ טאַנצן, סאַראַ גרינגע פיסעלעך, סאַראַ לייכטע טריטעלעך — אַ געזונט אים אין די ביינער!״

זיץ איך אין טעאַטער און באַוואונדער דעם שפּאָגל־נייעם אַקטיאָר: זיין טאַלאַנט שטראַלט אַרויס פון יעדער מינע, פון יעדן שפּאַלט, פון יעדן בויג, פון יעדן קער, שטיפעריי און שטוקעס — אפילו פון די גלאַנציקע שטיוועלעך מיט די ווייכע כאַליעוועס, וועלכע ער טראָגט און פונעם שקאָצישן היטל מיטן גלאַנציקן דאַשיק און דער „מאַלאָרוסישער־רובאַשקע״ מיטן רויטן קוטאַס איבער די הויזן! אַז מען שמועסט אַ „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״, איז דאָך ניט שייך!

לעבן מיר איז געזעסן דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן): „וואָס זאָגט איר״, פרעגט ער ביי מיר, „ער וועט זיין אַ סוקסעס?״

דער לעבעדיקער, אַחוץ שרייבן פעליעטאָנען, הומאָרעסקעס. ליטע־ראַרישע־עסייען, קריטיק, האָט פון צייט צו צייט אויך געשריבן טעאַטער־רעצענזיעס. פאַר קיין גרויסן טעאַטער־מבין האָב איך אים ניט געהאַלטן,

אָבער ער האָט געקאָנט אָנשרייבן אַ גוטע טעאַטער־רעצענזיע, דורכגעשפּרינקלט מיט אַ דינעם הומאָר.

„לעבעדעוו! ווי קומט צו אַ אידישן אַקטיאָר, נאָך אַ ליטוואַק, אַזאַ עכט־רוסישער נאָמען?״ פרעגט ביי מיר דער לעבעדיקער.

„דאָס, מיין ליבער קאָלעגע, וועט מען דאַרפן אויסגעפינען, אָבער מיט וואָס פאַר אַ נאָמען ער זאָל זיך ניט רופן, און ווי אַזוי ער זאָל ניט הייסן, — היינט ווערט דער מענטש אין אַמעריקע אויפסניי געבוירן און וועט ערשט קריגן אַ נאָמען!״

נאָך יענעם אָוונט אין נעשאָנעל טעאַטער האָט אהרן לעבעדוו׳ס נאָמען ווי אַ גלאָק זיך צעקלונגען איבער דער גאַנצער אידישער אַמעריקע. די טעאַטער־קריטיקער האָבן צעריסן זייערע „פּענעס״ און זייערע „העלזער״ לויבנדיק אים. און נישט אומזיסט! ס׳איז אים בפירוש געקומען אַלע לויבגעזאַנגען: ער האָט זיי כשר פאַרדינט. ער איז געקומען מיט אַ „וועקסל״ פון יענער זייט ים און ער האָט דעם „וועקסל״ געדעקט — געדעקט אויף אַלע שוישפּילערישע־אופנים!

באַלד האָט ער זיך באַוויזן, ווידער, אין אַ צווייטער אָפּערעטע „קאַוו־קאַזער ליבע״, אויך אין נעשאָנעל טעאַטער, און שווימט ווי אַ „פיש״ אין פּרץ סאַנדלער׳ס מעלאָדישער מוזיק, וואָס איז טייל רוסיש, טייל ציגיינעריש, טייל קאַווקאַזיש, און האָט זיך געלייגט געשמאַק אויפן אויער. די מוזיק האָט זיך געגאָסן ווי גוטער קאַווקאַזער וויין, פריש פונעם קעלער גלייך אין מויל אַריין, און איז שוישפּילעריש־געשיקט סערווירט געוואָרן דורך לעבעדעוו׳ס ברויזנדיקן טאַלאַנט — זינגעוודיק און טאַנצנדיק, באַווירצט און באַפּעפּערט, וועלכער האָט דער אָפּערעטע געגעבן אי אַ גוטן טעם און אי אַ פּנים!

די אָפּערעטע „קאַווקאַזער ליבע״ איז געוועזן אַ סך רייכער ווי ס׳איז געווען „ליאַווקאַ מאַלאַדיעץ״. די טעאַטער־דירעקטאָרן האָבן ניט געקאַרגט קיין געלט, אַלצדינג איז געווען מיט אַ ברייטער האַנט, מיט טעאַטראַלישן־פּאַרנעם, שיק און פאַרמעסט. פּרץ סאַנדלער, דער קאָמפּאָזיטאָר פון נעשאָנעל טעאַטער, האָט אין לעבעדעוו׳ן געפונען אַ גוטע „קאַרט״: ער האָט געזען אַז ער האָט צו טאָן מיט אַן אַקטיאָר וואָס האָט אַ ים מיט טאַלאַנט און איז אַ שטיק טעאַטער. ער האָט אָנגעהויפט גאַנצע הויפן מיט מעלאָדיעס, איינע שענער פון דער צווייטער: סאָלאָס, דועטן, קופּלעטן, מאַסן־געזאַנג, און טענץ אויף דער פולער האַנט. ער האָט דאָס מאָל, סאַנדלער, געהאַט צו

זיין דינסט אַ גרויסן אָרקעסטער און מ׳האָט געפילט, אַז ער איז אויפן „זיבעטן הימל״...

לעבעדעוו, זייענדיק דער „סטאַר״, איז אויך געווען דער רעזשיסער פון דער פּיעסע. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, אַז אַ סך אַרויס־געהאָלפן אים אין דער רעזשי האָט טאַקע פּרץ סאַנדלער, וועלכער האָט געהאַט אַ סך דערפאַרונג ווי אַ טעאַטער־מענטש בכלל. קיין גרויסער רעזשיסאָרישער אויפטו האָט זיך ניט געפילט, אָבער ס׳איז געווען מער סדר, מער איינשטעל אין „קאַווקאַזער ליבע״, איידער אין דער ערשטער אָפּערעטע „ליאָווקאַ מאַלאַדיעץ״; דאָס האָט מען גלייך געקענט זען און אָנטאַפּן מיט די פינגער.

דערצו האָט ער, לעבעדעוו, זיך געפילט שוין מער אין דער היים און ניט געדאַרפט ציטערן פאַר די טעאַטער־קריטיקער; ער האָט שוין נישט געדאַרפט טראַכטן ווי אַזוי וועט מען אים אויפנעמען, ער האָט זיך געפילט פריי אויף דער בינע און די אָפּערעטע „קאַווקאַזער ליבע״ איז פאַר אים געווען ממש אַ „גן־עדן״! ערשט דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן זיין אמת׳ן טאַלאַנט, זיינע אמת׳ע טעאַטראַלע כוחות — ער האָט געשפּילט אויף אַלע „כלים״ פון זיין פאַרביקן שוישפּילערישן טאַלאַנט!

לעבעדעוו האָט ניט געקענט קיין מוזיק, אָבער ער איז געווען אַ געבוירענער מנגן. זיינע יאָרן וואָס ער האָט געזונגען ביי חזנים, ווי אַ משורר, זיינען אים גוט צונוץ־געקומען. איך האָב אים קיינמאָל ניט געהערט זינגען אַ פאַלשן טאָן, אָדער אַרונטערגיין פון טאָן. ער איז אויך קיינמאָל נישט פאַראויסגעלאָפן אָדער „אַריינגעפאַרן״ דעם אָרקעסטער אין דער מיט; ער איז אַלעמאָל אַריינגעפאַלן אין צייט און אין ריכטיקן ריטם. ער איז טאַקע געווען דער „סטאַר״, אָבער ער האָט געוואוסט ווי זיך צו האַלטן, נישט אַריבערצוכאַפּן די מאָס, נישט וועלן פאַרטונקלען יענעם — דער עיקר: עס דאַרף קלאַפּן! לעבעדעוו׳ס אַ פאַרשטעלונג האָט געמוזט קלאַפּן, ווייל ער איז דורך און דורך געווען אַן אַקטיאָר!

יאָ, לעבעדעוו איז באַשאַנקען געווען מיט מער לעבן אויף דער בינע, מיט מער וויטאַליטעט, חיות, זשוואַווקייט, ווי אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי אויף דער גאַס, אין קאַפע „ראַיאַל״, אָדער אין אַקטיאָרן קלוב. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען, איז נישט גרינג צו פאַרענטפערן. עס קאָן זיין דערפאַר, ווייל ער האָט פון זיך אַזוי פיל אַוועקגעגעבן אויף דער בינע, אַז ס׳איז פאַר

אים מחוץ דעם טעאַטער ווייניק געבליבן — ווער ווייסט? דער צוקונפטיקער אידישער טעאַטער־היסטאָריקער און לעקסיקאָגראַף, וועט האָבן פון וואַנען צו שעפּן פולע עמערס מיט ידיעות וועגן זיין רייכער קאַריערע — פון די הונדערטער עמודים און בלעטער, וועלכע זיינען וועגן אים געדרוקט געוואָרן.

אהרן לעבעדעוו, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן עטלעכע מאָל אין קלינטאָן טעאַטער אויף דער איסט־סאַיד, און שפּעטער אין אַ אידישן טעאַטער אין בראַיטאָן, האָט מיר קורץ פאַר זיין טויט געזאָגט, אַז עס ווילט זיך אים זייער נישט שטאַרבן: „וואָס וועל איך דאָרט פאַרשפּעטיקן?" אפילו ווען ער איז שוין געווען האַלב־פּאַראַליזירט, איז אַז ער פלעגט אַרויסגיין אויף דער בינע, האָט איר נישט באַמערקט אַז דער מענטש איז קראַנק, אַז ער שלעפּט אַ פוס, אַז ער קאָן זיך קוים איינבויגן. ער פלעגט זיך אַוועקשטעלן אַ „סטרוינער", גלייך ווי גאַרנישט, און איר האָט פאַר זיך געזען דעם אַמאָליקן אהרן לעבעדעוו! ער פלעגט פשוט ניט וועלן אַרונטערגיין פון דער בינע: נאָך אַ ליד, און נאָך אַ קופּלעט! אוודאי האָט זיין קול מער נישט געקלונגען ווי אין די יונגע יאָרן, אָבער נאָך אַלץ געשמאַק און חנ׳עוודיק! איר האָט געפילט דעם אַקטיאָר, וואָס וויל זיך בשום אופן ניט אונטערגעבן, וואָס וויל ניט אויסגעלאָשן ווערן, פאַרגיין; וואָס וויל ניט צולאָזן דעם געדאַנק פון שטאַרבן, אַז דאָס חיות פון די ביינער גייט אים ממש אויס...

איבערהויפּט ווען לעבעדעוו פלעגט נעמען זינגען זיין באַרימטן „שלאַגער", וואָס קיינער האָט זיך מיט אים ניט געקאָנט פאַרמעסטן: „רומעניע, רומעניע!" — פלעגן די טעאַטערס ממש גיין כאַדאַראָם! מ׳דאַרף לאַנג וואַרטן אויף אַזאַ שפּרודלדיקן אַקטיאָר!

„מאָרגן פרייהייט", פעב. 11, 1975, נ.י.

# בײַ די ראַנדן פֿון אידישן טעאַטער

## צו דער געשיכטע פֿון 100 יאָר אידיש טעאַטער

אײַנדרוקן, זכרונות, פֿאַרצײַכענונגען

הונדערט יאָר אידיש טעאַטער איז אַ ציפֿער, וואָס דאַרף מיט קלאָרער שריפֿט פֿאַרצײַכנט ווערן — איבערהויפּט, פֿון אײנעם וועלכער פֿילט זיך אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופֿן נאָענט צו דער אידישער בינע. בײַ „לײַטן" וואָלטן לכבוד אַזאַ געהויבענער און פֿײַערלעכער קולטור־דאַטע, דערשינען אַ צאָל ביכער מיט פֿאַרשידענע היסטאָרישע און האַלב־היסטאָרישע באַלויכטונגען און קריטישע אָפּהאַנדלונגען. עס וואָלטן אַוודאַי אויך פֿאָרגעקומען עפֿנטלעכע פֿײַערונגען, אַקאַדעמיעס, סימפּאָזיומס, דיסקוסיעס, לעקציעס וכדומה.

איך גלויב אָבער ניט, צי עס וועט עפּעס — בײַ אונזער הײַנטיקן קולטור־מצב, און נישט בלויז אין אַמעריקע אַליין, נאָר אין אונזער גאָרער צעזײטקייט און צעשפּרײטקייט, צעריסנקייט און שפּראַך־צעשפּאָלטנקייט — פֿון אָט די דערמאָנטע „זאַכן פֿאָרקומען. העכסטנס וועט מען בײַ אונז אָפּקומען מיט אַ לענגערן אָדער קורצערן עסיי, מיט אַ האַלב־ערנסטן און זשורנאַליסטישן אַרטיקל דאָ און דאָרט — און פּטור אַן עסק...

טעאַטער איז אַ וויכטיקער קולטור־עלעמענט בײַ יעדן פֿאָלק — און אויך בײַ אידן. געניטע טעאַטראָלאָגן וועלן אײַך באַווײַזן מיט אותות־ומופֿתים, אַז אידיש טעאַטער האָט זיך ניט אָנגעהויבן אין 1876, אין דער רומענישער שטאָט יאַס, מיטן וואָלינער אברהם גאָלדפֿאַדן, נאָר העט־העט־העט ערגעץ פֿריער אויף די הײסע מדבר־זאַמדן, אָדער בײַ די ברעגעס פֿון די מיטלענדישע ים־און טײַך־וואַסערן — מיט אונזער טאַטע־מאַמע אברהם פֿון חומש, אברהם אבינו: דער טאַטע פֿון אונזער פֿאָלק, וועלכער האָט צו ערשט געוואוינט אין אור־כשדים און איז דערנאָך געקומען אינעם לאַנד כנען, וואָס האָט זיך שפּעטער גערופֿן ארץ ישראל, מיט זײַן װײַב שרה, מיט וועמען עס זײַנען פֿאַרבונדן די אַלע וואַנדערונגען קײן מצרים און דערנאָך צוריק אין לאַנד כנען. שפּעטער קומט די מעשה מיט זײַן פּלימעניק לוט, וואָס איז געוועזן אַ שיכור. די מלחמה וואָס ער האָט געפֿירט קעגן די פֿיר

מלאכים. די געשיכטע מיט הגר׳ן זיין דינסט, וואָס האָט אים געבוירן דעם זון ישמעאל. ווי ער האָט זיך געלאָזט „מל״ זיין לויט דעם געבאָט פון גאָט, דערנאָך ווי ער האָט פאַרטריבן הגר׳ן און ישמעאל׳ן. די געשיכטע פון זיין זון יצחק און די עקידה. ווי שרה איז געשטאָרבן אין עלטער פון 127 יאָר און ער האָט זי געבראַכט צו קבורה אין דער „מערת־המכפלה״ אין חברון. וואָס פאַר אַ גרויסער מכניס־אורח ער איז געווען. ווי ער האָט אויפגענומען די דריי מלאכים. דאָס אַלץ ווערט דערציילט אין חומש: פשוט, קורץ, לאַקאָניש. און שטעלט אייך פאָר בלויז אַרום איין מענטשן. אַזויפיל „טעאַטער״, אַזויפיל מאַניפעסטאַציעס, שפּאַנונג, אַז עס קען קלעקן אויף יאָרן און יאָרן שפּילן. אַחוץ אָט די פּאַרציייטישע געשיכטעס איז די רייכע אידישע היסטאָריע, פול מיט נאָך אַנדערע דראַמאַטישע, שפּאַנענדיקע געשעענישן, עפּיזאָדן און סצענעס, איבערלעבונגען, יחיד׳ישע און פּאָלקישע, לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע, וועלכע פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע און בעטן זיך פאַרטיקערהייט אַרויפצוגיין אויף די טעאַטער־בינעס. זיי הערן נישט אויף צו מאָנען פון דראַמאַטורגן און קאָמפּאָזיטאָרס, פּאָעטן און נאָוועליסטן, דערציילער און ראָמאַניסטן, מאָלער און סקולפּטאָרס, כאָרעאָגראַפן און צייכענער — אַ תיקון!

אָבער איך וועל ניט גיין אַזוי ווייט און טיף אין דער אידישער געשיכטע, אינעם גאַנצן גאַנג פונעם אידישן לעבן, נאָר בלויז אָנוואַרפן אַלגעמיינע שטריכן און נאָטיצן, מאָמענטן און עפּיזאָדן, וועגן היינטצייטיקן אידישן טעאַטער, וועגן אברהם גאָלדפאַדן, וואָס האָט פאַרלייגט דעם פונדאַמענט סיי אין דער דראַמע און סיי אין דער מוזיק, און וועגן אַנדערע דראַמאַטורגן, קאָמפּאָזיטאָרס און אַקטיאָרן.

איך וועל אינגאַנצן פאַרבייגיין די „אינצואווישנדיקע־דראַמאַטורגן״ און אויך די „אינצואווישנדיקע־קאָמפּאָזיטאָרס״, וועמעס טריט סיי אין דער דראַמאַטורגיע און סיי אין דער מוזיק זיינען פון אַ קנאַפּן ווערט, כאָטש אייניקע פון זיי האָבן באַקומען גאַנצע זייטן אין זלמן זילבערצווייג׳ס „טעאַטער־לעקסיקאָן״, מחמת זייער גרויסער „פּיעסן־פּראָדוקציע״ און דער גרויסער צאָל אַרטיקלען אין די טעגלעכע צייטונגען אויף די ספּעציעלע טעאַטער־זייטן אין אַמעריקע און אומעטום וואָס מ׳האָט וועגן זיי געשריבן. איך וועל זיך באַמיען עס טאָן אין אַ בליציקער פאָרם, אַזוי קורץ ווי מעגלעך

נאָר, וועגן די וואָס האָבן סיי אויף מיר, סיי אויף אַנדערע, איבערגעלאָזן אַן איינדרוק.

איידער איך גיי ווייטער, וויל איך דאָ דערמאָנען נאָר איינעם, וואָס האָט טיילווייז בלויז געהערט צו די „אינצואווישנדיקע־דראַמאַטורגן“, און דאָס איז — ה. קאַלמאַנאָוויטש. ער איז דער איינציקער פון די „אינצואווישנדיקע־דראַמאַטורגן“, וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל פּנים, אַ „פּראָפייל“ פון אַן אמת׳ן דראַמאַטורג. ער האָט געהאַט דעם טאַלאַנט צו קענען כאָטש אַ ביסל אַריינקוקן אין די נשמות פון זיינע געשאַפענע כאַראַקטערן, און זיי אָנלאָדן מיט כמו־לעבעדיקע שטריכן, ניואַנסן, מער־ווייניקער לאָגישע געדאַנקען, שכל׳דיקע רייד און זיי אַרויספירן אויף דער בינע אויף אַ „לייטישערן“ אופן.

פון אַלע זיינע פּיעסן, וואָס איך האָב געזען מיט האַלב־לייטישע אינהאַלטן, געדענקט זיך מיר דריי: „אוי, די מיידלעך“, אין וועלכער דער צאַפּלדיקער, זשוואַער, מיט אַ גאָר היפּשע דאָזע טאַלאַנט, יצחק פעלד, וועמען מ׳האָט גערופן „דער וואַרשעווער קאָמיקער“, האָט געשפּילט די ראָלע פון „איציקל קלעזמער“; „אַזוי זיינען מענטשן“, אין וועלכער מנשה סקולניק האָט בלויז אויף העלפט „געסטאַרעוועט“ (די צווייטע העלפט האָט פאַרנומען דאָס טעאַטער־פּאָרל: מישאַ און לוסי גערמאַן), וואָס האָט אויף דער בינע געהאַט דעם שווישפּילערישן כוח צו שאַפן אַ „יש־מאין“, און „דער משוגענער גזלן“, אין וועלכער דער גרויסער אידישער טראַגי־קאָמיקער, דער אַקטיאָרישער ווירטואָז, לודוויג זאַץ, איז געווען דער „סטאַר“.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן יצחק פעלד׳ס אויסשפּילן און אויסזינגען, כאָטש מיט זייער אַ שוואַכינק שטימעלע, אַ פּיצל קעלכעלע, אויף אַ געטאַקטן אופן, דאָס ליד „איציקל קלעזמער“, צו וועלכער שלום סעקונדא האָט, צום טעקסט פון א. וואָלפסאָן, געשריבן די סאַמע האַרציקסטע און געשמאַקסטע מוזיק אין אַ ריין אידישדיקן גוסט, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין יעדער אבר — אַ ניגון, וואָס וועט אויף תמיד בלייבן אינעם אוצר נישט בלויז פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק, נאָר אינעם אוצר פון דער אידישער נגינה בכלל!

פונקט אַזוי, וועל איך אויך קיין מאָל נישט פאַרגעסן מנשה סקולניק׳ן, די אַלע קנייטשן און תנועות, הענט און אַקסל־באַוועגונגען, קול־טאָנאַציע און פּנים־גרימאַסן פון זיין וואונדערלעך־געשאַפענעם כאַראַקטער אין „אַזוי

זיינען מענטשן". ער האָט די דאָזיקע ראָל אויסגעשפּילט מיט אַ סך אַקטיאָרישער בריה'שקייט, תמימות'דיקייט און באַ'חנ'טקייט. ער האָט פאַרמאָגט דעם כוח מיט איין קליינינקן שטריכעלע, מיט איין קנייטשעלע זיינעם צו באַשאַפן אַ מענטשעלע, אַ כאַראַקטער, האַלב־שלימ'מזל'דיק, האַלב־טראַגישדיק, וואָס רעדט און האַנדלט אויף זיין אייגענעם שטייגער.

און אָט קום איך צו לודוויג זאַץ און זיין ראָל, אין קאַלמאַנאָוויטש'עס „דער משוגענער גזלן".

ווער עס האָט געזען אויף דער בינע שפּילן לודוויג זאַץ'ן, קען ער אַנדערש נישט ווערן באַצייכנט ווי אַ געניאַלער שוישפּילער. זיין גלייכן איז נישט געווען אינעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. ער איז געווען אַ יחיד־במינו, וואָס ווערט געבוירן איין מאָל אין אַ יאָרהונדערט!

מיט וואָס פאַר אַ פּראַכט ער האָט געשפּילט די ראָלע פון „דער משוגענער גזלן"! עס איז גענוג געווען די איינע קורצע סצענע ווי ער רעדט אויפן טעלעפאָן. אויב איר ווילט זיך אין דעם איבערצייגן, האַנדלט איין דעם זעלטענעם דיסק אין וועלכן ער האָט אַריינגעזונגען זיין רעד־זינג־ליד, צו וועלכער דער טאַלאַנטירטער קאָמפּאָזיטאָר יוסף טשערניאַווסקי האָט געשאַפן די מוזיק, וואָס ער האָט פאַראייביקט אויף אַלע צייטן.

און וואָס איז מיט זיין געשטאַלט פון „טאָדרעס" אין פרץ הירשביינ'ס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל", וועלכן ער האָט דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון טעאַטער־קונסט! עס איז געווען אַ ראָל אויסגעשפּילט אויף די סאַמע איידלסטע און דינסטע סטרונעס.

כאָטש אַ טראַגי־קאָמיקער, האָט אָבער לודוויג זאַץ אויך געקענט שפּילן אַנדערע כאַראַקטער־און אפילו ליבהאָבער־ראָלן, ווי ער האָט עס קלאָר באַוויזן אין שיינע־רחל סימקאָפס פּיעסע „זיין ווייבס ליובאָווניק", מיט מוזיק פונעם שפּרודלדיקן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, אברהם עלשטיין, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין „פאָלקס־טעאַטער" אויף סעקאָנד עוועניו, אין ניו־יאָרק. געוויס איז דער עיקר פון דער ראָל באַשטאַנען אין זאַצ'ס שפּילן אויף דער בינע, אין זיין אופן פון זינגען די לידער, אין זיין טאַנצן און דרייען זיך, און אין דער גאָרער גאַמע פון זיין גרויסן טאַלאַנט.

אַזוי איז אויך געווען מיט אַ צאָל אַנדערע פּיעסן, וואָס איך געדענק אין וועלכע ער האָט געשפּילט, ווי, צום ביישפּיל, די שטרויענע פּיעסע פון נחום סטוטשקאָוו, „אַז דער רבי וויל", נאָך אַ מאָל מיט אברהם עלשטיינ'ס מוזיק,

אינעם זעלביקן „פאָלקס־טעאַטער‟, אָבער און ווידער איז דאָ לחלוטין נישט געווען וויכטיק דער אינהאַלט פון דער ראָל וואָס זאַץ האָט געשפּילט, נאָר ווי אַזוי ער האָט זי געשפּילט און געזונגען די לידער, אַז דער עולם אין טעאַטער איז זיך צעגאַנגען פון נחת און האַרציק געלעכטער.

אָט דאָס איז געווען דער גרויסער לודוויג זאַץ. ער האָט פון גאָרניט געקענט מאַכן עפּעס: פון שטרוי — פּאַלאַוווע, פון פּאַלאַוווע — מעל, און פון מעל אויספלעכטן אַ שיינעם יום־טוב׳דיקן פּורים־קוילעטש!

בעת איך זיץ און שרייב אָט די שורות, הערט נישט אויף צו קלינגען אין מיינע אויערן אַ ליד, וואָס ווערט צוגעשריבן צו אונזער גרויסן מייסטער שלום עליכם, צו וועלכער דער פריער דערמאָנטער יוסף טשערניאַווסקי האָט אָנגעשריבן די מוזיק, „איך וויל נישט גיין אין חדר‟, און לודוויג זאַץ האָט מיט זיין זינגען אָט דאָס ליד פאַרקריצט אויף אייביק אין אַ קאָלומביאַ־פּלאַטע. דער אופן ווי אַזוי זאַץ זינגט דאָס ליד „איך וויל נישט גיין אין חדר‟ איז ווערט אַלע געלטן אין דער וועלט. נישט ער זינגט עס, נאָר ער שפּילט עס אָפּ מיט אַזויפיל קינסטלערישע קליפּערלעך, קנייטשעלעך און חנ׳דעלעך, ווי ער וואָלט פאַר אייערע אויגן געשטאַנען אַ לעבעדיקער. איר זעט דאָס אינגעלע, איר פילט זיין שטאַרק נישט וועלן גיין אין חדר, איר זעט ממש ווי עס קייקלען זיך ביי אים פון די אויגן די טרערן, איר ווערט מיטגעריסן פון זיין כליפּען. קורץ: דאָס אינגעלע וואַקסט פאַר אייערע אויגן אויס אין זיין פול געשטאַלט.

און דאָ וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף דעם מחבר פון דער מוזיק צו „איך וויל נישט גיין אין חדר‟, יוסף טשערניאַווסקי. ער איז געווען פון די גאַסט־קאָמפּאָזיטאָרן ביים אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, אָבער זיין צוטראָג איז פון אַ וואָגיקן באַדייט. זיין מוזיק האָט פאַרמאָגט שטאַרקע, העכערע שטאַפּלען אויפן לייטער פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק אין אַמעריקע. אגב, דאָס פריער דערמאָנטע ליד „איך וויל נישט גיין אין חדר‟, איז אָפּגעדרוקט אין אַ סך טעקסט־ביכער פאַר קינדער פון די אידישע וועלטלעכע שולן.

מיר געדענקט זיך גאָר באַזונדערס טשערניאַווסקי׳ס אַ „מוזיקאַלישע פאַנטאַזיע‟, געבויט אויף אידישע פאָלקס־מאָטיוון, פאַר טשעלאָ. ער איז, אַחוץ אַ קאָמפּאָזיטאָר און פיינער אָרקעסטער־דיריגענט אויך געווען אַ באַגאַבטער טשעליסט און פלעגט אויפטרעטן אויף קאָנצערטן. פּונקט אַזוי

האָט זיך מיר אויך איינגעקריצט אין זיכרון זיין געלונגענע מוזיק צו אַנסיקס „דיבוק‟, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט־טעאַטער, אין ניו־יאָרק. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן זיין מוזיקאַלישע איינאַקטיקע דראַמע „משה פידלער‟, אין וועלכער מאָריס שוואַרץ איז געשוואומען ווי אַ פיש אין וואַסער...

יוסף טשערניאַווסקי איז געווען פון די מוזיקאַלישע כוחות אין דער אידישער טעאַטער־וועלט, אויף וועלכע מ׳קוקט אַרויס, אָבער זיי באַווייזן זיך ניט צו אָפט — אַ טאַלאַנט, וואָס האָט געלעבט און געאָטעמט מיטן אידישן ניגון און אידישן קלאַנג!

און ווייל מיר גייט דאָ נישט אין „סדר‟, נאָר אין נאָטיצן און פאַרצייכענונגען, וואָס איך בין פאַראינטערעסירט דאָ אַנצוזאָגן, קום איך ערשט איצט צו אברהם גאָלדפאַדן, דעם גרונטלייגער פונעם אידישן טעאַטער, הן פון דער דראַמע, הן פון דער קאָמעדיע, אָפּערעטע, און הן דער וואָס האָט פאַרלייגט דעם יסוד פון דער כולל׳דיקער אידישער טעאַטער־מוזיק אין אַלע אירע צווייגן, פאַזעס און געשטאַלטן. דאָס, וואָס גאָלדפאַדן האָט נישט געקענט דערזאָגן אין זיינע כלערליי פּיעסן, אין זיינע כלערליי ניגונים, מחמת עס האָט אים אפשר געפעלט די געהעריקע צוגרייטונג, די מוזיקאַלישע זיכער, האָט ער געזאָגט מיט זיין פליענדיקער פאַנטאַזיע און זיינע טיפע איינגעבאָרענע פאָעטישע און מנגנ׳ישע חושים. ער האָט אויףביידע געביטן, אי דעם טעקסטועלן אי דעם מוזיקאַלישן, געגעבן אַ סך, אַ סך מער, ווי ער האָט אין דער אמת׳ן פאַרמאָגט...

די היסטאָרישע סיוזשעטן פון זיינע אָפּערעטעס — „שולמית‟, „בר־כוכבא‟, „עקידת־יצחק‟ — האָט גאָלדפאַדן אַרומגעזוימט לויט זיינע בעסטע שאַפנדיקע כוחות, און זיי האָבן אָן שום ספק אויפן אידישן עולם געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, אָבער די היסטאָרישע סיוזשעטן אַליין וואָלטן נישט געווען גענוג אויף צו פאַנגען די הערצער פונעם אידישן טעאַטער־גייער, ווען נישט די האַרציקע געשמאַקע ניגונים, וואָס זיין טיפער מנגנ׳ישער חוש האָט אים אונטערגעזאָגט פון וואַסערע קוואַלן צו שעפּן. די בריק, וואָס גאָלדפאַדן האָט פאַרוואָרפן פאַר דער אידישער טעאַטער־מוזיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט בלויז ווי די סאַמע סאָלידסטע, נאָר אויך די סאַמע לאַגישסטע.

וואָרעם, וואָס, אַ שטייגער, קען זיין מער סאָלידער און לאָגישער

דערפון, ווי אַז אַ אידישער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר — און אידישע קאָמפּאָזיטאָרס בכלל — זאָלן דורכאויס שעפּן פון די אייגענע קוואַלן! אברהם גאָלדפאַדן האָט עס קלאָר און דייטלעך פאַרשטאַנען, און דערפאַר האָט ער זיין אויער, האַרץ און נשמה, צוגעלייגט צום „קלאַפּן" פון די ניגונים ביי די דעמאָלטיקע, אין זיין צייט, באַרימטע חזנים, וועלכע זיינען אויך געווען טאַלאַנטירטע קאָמפּאָזיטאָרס. למשל: וועלוועלע שעסטאָפּאָלער, וועמען מ׳האָט אויך גערופן וועלוועלע כערסאָנער, ירוחם הקטן (בלינדמאַן), ניסן בלומענטאַל, א. דונאַיעווסקי, יעקב באַכמאַן, שלמה קאַשטאַן (וויינטרויב), פּיצע (יהושע) אבראַס, ברוך שאָר, אליעזר לעוואַנדאָווסקי, יאָשע סלאָנימער (יוסף אַלטשולער), ניסע בעלזער (ספּיוואַק), אליעזר גערשאָוויטש, זיידעלע ראָוונער (יעקב־שמואל מאַראַנאָווסקי). גאָלדפאַדן האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי די „איבערגענומענע" ליטורגישע ניגונים איבערצוגיסן פון איין כלי אין דער אַנדערער און זיי צופּאַסן צו די פאַרשידענע טעאַטער־לידער: ראָמאַנסן, קופּלעטן, דועטן, טערצעטן, קוואַרטעטן, פאַר די היסטאָרישע אָפּערעטעס, קאָמעדיעס, ווי, למשל: „די כישוף־מאַכערן", „שמענדריק", די „צוויי קונילעמעלס" וכדומה. וואָס פאַר אַ זעלטענעם מוזיקאַלישן געשמאַק און אויער ער האָט פאַרמאָגט פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון דער אידישער פאָלק־נגינה, טראַדיציאָנעלן קאָליר און פאָלקס־טימלעכן חן!

איינער וואָס איז אויסגעקאָכט מיט דער אידישער נגינה, וועט געוויס גלייך דערקענען, אַז די מוזיק צום ליד „אָנגעלאָדן מיט אַלדאָס גוטס", וואָס דער כאָר זינגט אין „שולמית", האָט גאָלדפאַדן „אַנטליען" פון חזן נאָומבערג׳ס „לך ד׳ הגדולה"; אָדער אַז די מוזיק צו דעם סאָלאָ־ליד, וואָס שולמית זינגט „לאָז־זשע דיין נס", האָט ער „אויסגעליען" פון וועלוועלע שעסטאָפּאָלס „ד׳ זכרני" (פון „הלל"); צי אַז דער מאָטיוו פונעם געזאַנג „הער דו, בר־כוכבא" שטאַמט פון ירוחם הקטנ׳ס „אהבה רבה"; אָדער אַז דער ניגון פון „אַזוי זאָגט גאָט אַצינד" (אין „בר־כוכבא"), האָט ער „אַנטליען" פון וועלוועלע שעסטאָפּאָלס „גאול מרגל"; צי אַז די מעלאָדיע פונעם באַרימטן שבועה־דועט אין „שולמית", וואָס די צוויי הויפּט־העלדן, אבשלום און שולמית, זינגען „אָט דער ברונעם, אָט דער", האָט ער „אויסגעבאָרגט" פון וועלוועלע שעסטאָפּאָלערס „לא המתים יהללו־יה" (פון „הלל"). אָבער דאָס מינערט בשום אופן נישט די גרויסע אויפטואונגען וואָס אברהם

גאָלדפאַדן האָט דערביי אַרויסגעוויזן. אויף דער טעאַטער־בינע קלינגען אָט די איבערגעגאָסענע פאַרוואַנדלטע מאָטיוון, ניגונים און מעלאָדיעס, ווי אָריגינעלע טעאַטער־קאָמפּאָזיציעס. איבערהויפּט ווייזט גאָלדפאַדן אַרויס אַן איינגעבאָרענעם חוש פון אַ קאָמפּאָזיטאָר אין די דאַזיקע באַרימט־געוואָרענע טעאַטער־לידער ווי: „אין בית־המקדש אין אַ ווינקל חדר", „אַ פּאַסטוכל איז געווען אַמאָל", „שטיי אויף, מיין פאָלק", „וויינט־זשע, ציון'ס טעכטער", וועלכע זיינען ווי באמת אָריגינעלע שאַפונגען.

וואָס פאַר אַ מיינונג איינער זאָל נישט האָבן וועגן אברהם גאָלדפאַדן, צי ער האָט יאָ אָדער נישט געקענט לייענען קיין נאָטן. אָבער איינס איז קלאָר: ער איז געווען און וועט בלייבן דער פונדאַמענט־לייגער נישט בלויז פונעם אידישן טעאַטער, נאָר אויך פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק! מיך אַרט נישט פון וואָס פאַר אַ קוואַלן ער האָט געשעפּט זיין מוזיק, אַבי זיי זיינען געווען אידישע, און ער האָט אַזוי אַרום אויסגעפלאַסטערט דעם וועג פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק.

קומען מיר צו יעקב גאָרדין. ער וועט פון אַלעמען באַצייכנט ווי דער „רעפאָרמאַטאָר" פונעם אידישן טעאַטער. דאָס איז אַ גאַנץ וואַגיקער אַטעסטאַט, אָבער, קודם־כל, איז ער געווען אַ קרעפטיקער דראַמאַטורג, כאָטש זיין שפּראַך איז פאַר מיר אַביסל צו „האַרטלעך", אַן מיין וואַלינער ווייכקייט, און ער האָט אויך אַריינגעבראַכט אַ היפּש ביסל פרעמדע גוסטן, איינפלוסן, געמיט און כאַראַקטערן פון זיינע פּיעסן.

יעקב גאָרדין האָט געקענט די בינע פון אינווייניק און האָט אויך געוואוסט ווען און וואו דער פאָרהאַנג דאַרף פאַלן. מחמת דעם, וואָס די שונד־דראַמאַטורגן האָבן ברייט געהערשט אינעם אידישן טעאַטער, אין אַמעריקע מער ווי אומעטום, האָט ער אינגאַנצן אויסגעהאַלטן נישט געקענט זיין מיט זיין דראַמאַטורגיע און האָט געמוזט מאַכן קאָמפּראָמיסן און דערפאַר געפינט מען אין אייניקע פּיעסן זיינע, טייל מאָל כמו־לעבעדיקע מענטשן, כמו־אמת'ע האַנדלונגען און כמו־אמת'ע דיאַלאָגן. מ'קען נישט זאָגן, אַז אים איז אינגאַנצן געלונגען צו געווינען דעם קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעפירט קעגן די אַלערליי שלעק, וואָס האָבן זיך אָנגעפּלאָדיעט אין און אַרום דעם אידישן טעאַטער, אָבער געזיגט האָט ער: דער נאָמען יעקב גאָרדין וועט בלייבן לדורות!

זיין דראַמע „מירעלע אפרת" וועט נאָך לאַנג בלייבן אַ גרונטווערק

אינעם קלאַסישן רעפּערטואַר פונעם אידישן טעאַטער. ווער עס האָט געזען די צוויי באַרימטע אידישע שוישפּילערינס אידאַ קאַמינסקאַ און בערטאַ גערסטין אין דער ראָל פון „מירעלע אפרת", דעם וועט די פּיעסע אויף שטענדיק פאַרבלייבן אין זיכרון!

בעת די ערשטע האָט געשפּילט מיט אַ גאַמע פון שטרענגע, אַביסל „האַרטלעכע" טענער, מיט ווייסע אָדער שוואַרצע בײַנדלעך, אָבער פּיין גראַנדיעז אויסגעשפּילט, האָט די צווייטע געשפּילט מיט אַ גאַמע פון ווייכע האַלב־פּיאַניסימאָ־טענער, און אי מיט ווייסע און אי מיט שוואַרצע בײַנדלעך, אָרקעסטרירט אויף אַ גאַר פיינעם אופן. ביידנס פאַרשטעלן „מירעלע אפרת" לאָזט זיך נישט פאַרגעסן, פּונקט ווי די פּיעסע גופא לאָזט זיך נישט פאַרגעסן.

דאָס זעלביקע קען אויך געזאָגט ווערן וועגן יעקב גאָרדינ׳ס צווייטער קלאַסישער דראַמע „גאָט, מענטש און טייוול". אויך זי וועט בלייבן אינעם קלאַסישן רעפּערטואַר פונעם אידישן טעאַטער לאַנגע יאָרן נאָך. אויך זי האָט געלאָזן אַ טיפן איינדרוק אויפן אידישן טעאַטער־עולם און אַלע וועלכע האָבן געזען אין דער ראָל פון „הערשעלע דובראָוונער" סיי מאָריס שוואַרץ און סיי מיכאל מיכאַלעסקאָ, וועלן די פּיעסע ניט פאַרגעסן.

מיכאַל מיכאַלעסקאָ האָט געשאַפן אַ קלאַסיש געשטאַלט פון „הערשעלע דובראָוונער", פּונקט ווי ער האָט געשאַפן אַ קלאַסיש געשטאַלט אין דער ראָל פון „אברהם", און גאָלדפאַדנ׳ס „עקידת יצחק", כאָטש ער איז אין תוך געווען אַן אָפּערעטן־אַקטיאָר. ער האָט בלי־ספק פאַרמאָגט אַ דראַמאַטישן טאַלאַנט מיט אַן עודף! זיין אימפּאָזאַנטע פיגור און ווייכע באַריטאָן־שטימע, האָבן אויף דער בינע אים צוגעגעבן אַ ספּעציעלע ווערטיקייט. ער האָט די ראָל פון „הערשעלע דובראָוונער" געשפּילט מיט פאַרשטענדעניש, אינטעליגענץ און קולטורעלן באַנעם, פיין אויסגעטייטשט, מיט אַ סך שוישפּילערישער וויטאַליטעט.

אַוודאַי האָט יעקב גאָרדין אין זיין צייט געהערט אַ סך בייזע קריטיק אויף זיין חשבון, אָבער בעת די דאָזיקע קריטיקער זיינע וועלן שוין לאַנג־לאַנג זיין פאַרגעסן, וועט ער און זיינע פּיעסן, נישט אַלע אפשר, נאָך אַלץ לעבן אינעם פאַנטעאָן פונעם אידישן טעאַטער.

באָריס טאָמאַשעווסקי איז געווען פונעם אַלטן שניט אידישע אַקטיאָרן, מיט אַ סך אָנשטעל, פּאָזע און פּאָמפּ אַרומגערינגלט מיט אַ סך לענטעס,

קאָלירטע לעמפּלעך און זילבערנע גלעקלעך... אָבער השגות האָט ער פאַרמאָגט גרויסע, און אַקטיאָרישע אַמביציעס אויך גרויסע. עס האָט אים נישט געפעלט קיין פּאַרנעם, קיין צעפירן די הענט, קיין וועלן זיך באַווייזן אָט מיט אַ פאַרנעמיקער אָפּערעטע מיט אַ סך נומערן מוזיק און אַ גרויסן אָרקעסטער, כאָר און אמת׳ן באַלעט, און אָט מיט אַ גוטער דראַמע פון אַן אמת׳ן דראַמאַטורג, וואָס איז ווערט זיין נאָמען.

דאָס האָט ער, טאָמאַשעווסקי, אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע דעם אידישן און רוסישן דראַמאַטורג, אָסיפּ דימאָוו, דער מחבר פון די דערפאָלגרייכע פּיעסן: „שמע ישראל״, „די וועלט אין פלאַמען״, „יאַשקע מוזיקאַנט״ („דער זינגער פון זיין טרויער״) און „בראָנקס עקספּרעס״.

און דאָס האָט ער, טאָמאַשעווסקי, ווען דער גרויסער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, לעאָ ליאָוו, איז געקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע, אַנגאַזשירט אים אין זיין טעאַטער צו שרייבן די מוזיק צו דער אָפּערעטע „דאָס מוזיקאַלישע שטעטל״, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער אַמעריקאַנער אידישער טעאַטער־וועלט.

צום ערשטן מאָל האָט מען אין אַ אידישן טעאַטער געזען אַזאַ גרויסן אָרקעסטער, און צום ערשטן מאָל האָט מען אויף דער בינע פון אַ אידישן טעאַטער געהערט זינגען אמת׳ע דועטן, טערצעטן, קוואַרטעטן, און אַ גרויסן כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון געשולטע מוזיקאַלישע זינגער.

איך האָב דעם דאָזיקן באַרימטן טעאַטער־וועטעראַן געזען אין מער ווי אין איין פּיעסע, ווי: „דער גרינער מיליאָנער״, „דאָס תורה׳לע״, „דאָס צעבראָכענע פידעלע״, „די פוילישע חתונה״, אָבער קיין איינע פון זיי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין מיין זיכרון — אַחוץ צוויי: „חד־גדיא״ און „די בר־מצווה״. צו דער לעצטער אָפּערעטע האָט דער טאַלאַנירטער קאָמפּאָזיטאָר פיליפּ לאַסקאָווסקי געשריבן די מוזיק. טאָמאַשעווסקי׳ס גרויסע ליבע צו נגינה (ווען ער איז געווען אַ אינגל האָט ער געזונגען ביים באַרימטן חזן אין באַרדיטשעוו, ניסע בעלזער), האָט באַוואויגן אים אַריבערצוברענגען פון וואַרשע קיין אַמעריקע לאַסקאָווסקי׳ן. לאַסקאָווסקי איז אפשר ניט געווען פון די אָנערקענטע קאָמפּאָזיטאָרס, אָבער ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָרקעסטראַטאָר.

פּרץ הירשביין איז ווי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן צום אידישן טעאַטער. אַ שרייבער מיט שטילע טריט, מיט ווייכע ווערטער, מיט אַ אייגן קול און

אייגענעם פּנים. ווי גאָט אַליין וואָלט אים געשיקט צו פאַר־יום־טוב׳ן דאָס אידישע טעאַטער, צו מאַכן פון וואָך שבת, און פון שבת יום־טוב, מיט זיינע פאָעטיש־פאַר׳חלומ׳טע היימישע אידיליעס, ערדישע און פאַרטראַכטע, צניעות׳דיקע און דאַרפישע געזונטע כאַראַקטערן, פון אַ יאָ־רעאַלער און ניט־רעאַלער וועלט. פון זיינע „גרינע פעלדער", אַ „פאַרוואָרפן ווינקל" האָט געטאָן אַ וויי מיט מיאָטנע פרילינג־ווינטלעך, מיט נייעם זומער, מיט פרוכטיקע סעדער און גרינע גערטנער, מיט פאַרזייטע פעלדער, גאָלדענע זאַנגען, געדיכטן וואַלד, מיט „אקדמות" און „שיר־השירים׳דיקן" געזאַנג.

„לוי־יצחק" פון די „גרינע פעלדער", אַ יאָ־און־נישט רעאַליסטישער כאַ־ראַקטער — אַ פאַר׳חלומ׳ט געשטאַלט, אָבער אַ וואַרעמער, ליבער כאַראַקטער, וואָס שניידט זיך טיף אַריין אין זיכרון לעולם־ועד, איז פון יעקב בן־עמי, דער באַרימטער אידישער שוישפּילער, וואָס איז פונעם מחבר ווי ספּעציעל פאַר אים געשריבן, אויסגעזונגען די ראָל מיט די איידלסטע קאָניוקטורן, זיידענע מאַניערן און טאָן־וואַריאַציעס. די דאָזיקע ראָלע האָט יעקב בן־עמי אַוועקגעשטעלט אויבן אָן אינעם רייסטער פון באַרימטע אידישע שוישפּילער, וואָס דאָס אידישע טעאַטער האָט אַרויסגעגעבן.

און די צווייטע „הויפּט־ראָל" אין די „גרינע פעלדער" נאָך „לוי־יצחק", ווייס איך נישט ווער פריער עס פאַרדינט דעם „יישר־כוח": פּרץ הירשביין, אָדער דאָס אויסגעצייכנטע שפּילן פון דער ערשט־קלאַסיקער טאַלאַנ־טירטער אידישע שוישפּילערין, ציליע אַדלער! מיט וויפל צאַרטקייט, זיידענער שטילקייט, שוישפּילערישער וויטאַליטעט זי האָט אָפּגעשפּילט די ראָל פון „צינע"! מיר דאַכט זיך, אַז זי האָט די ראָל אויסגעשפּילט ביזן דנאָ! נישט פאַר איר און נישט נאָך איר, האָב איך אויף דער אידישער בינע געזען נאָך אַזאַ צווייטע „צינע"!

די סאַמע לעצטע דראַמאַטישע שאַפונג פּרץ הירשביינ׳ס, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אינעם גרויסן „סעקאָנד עוועניו" טעאַטער אין ניו־יאָרק, איז געווען „אַ מעשה פון אַמאָל", אַ מוזיקאַלישע שפּיל, צו וועלכער לאַזאַר ווינער האָט געשריבן די מוזיק, מיטן באַרימטן אידישן שוישפּילער סעמועל גאָלדינבורג אין דער טיטל־ראָל.

דאָס געוועב פון „אַ מעשה פון אַמאָל" איז פאַר זיך אַליין געווען אַ שטיק זייד און סעמועל גאָלדינבורג האָט די ראָל פון „אליהו הנביא" נישט בלויז אויסגעשפּילט, נאָר ממש אויסגעזונגען. דער גרויסער שוישפּילער האָט

געשיינט מיט אַלע שאַטירונגען פון זיין ווירטואָזישן טאַלאַנט. ער איז ניט געווען קיין זינגער, אָבער ער האָט געהאַט אַ געשמאַקע באַריטאָן־שטימע און ווען ער האָט אָפּגעזונגען דאָס ליד „געווען אַמאָל אַ איד, מיט אַ אידענע״, איז דער גאַנצער עולם אין טעאַטער ווי פאַר׳כישופ׳ט געוואָרן!

איך גלויב, אַז איך בין געווען דער לעצטער אידישער שרייבער, וואָס האָט זיך געזעגנט מיט פּרץ הירשביינ׳ען קורץ פאַר זיין אַוועקגיין פון דער וועלט. עס איז געווען פּסח־צייט, פון יאָר 1948, איך בין געקומען צו פליען פון מעקסיקאָ קיין לאָס־אַנדזשעלעס, אויפן וועג קיין מיאַמי, און דערנאָך פון דאָרטן פאָרן קיין אַרגענטינע, אורוגוואַי, בראַזיל, אויף אַ קאָנצערט־טורנעי. פאָרנדיק צוריק אַהיים קיין ניו־יאָרק מיט דער שיף „דעלמאַר״ האָב איך פון דעם קליינעם מימעאָגראַפירטן שיף־צייטונגל זיך דערוואוסט, אַז דער גרויסער אידישער שרייבער און דראַמאַטורג פּרץ הירשביין איז געשטאָרבן. וועגן דער דאָזיקער לעצטער באַגעגעניש מיינער מיט פּרץ הירשביינ׳ען, וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן באַזונדער.

די פיר פּאָפּולערע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס אין אַמעריקע זיינען, לויט מיין מיינונג, געווען: יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, שלום סעקונדא און אברהם עלשטיין.

יוסף רומשינסקי, אָט דער ווילנער מנגן — ווען מ׳האָט, ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגל, גערופן „יאָשקע דער נאָטן־פּרעסער״ און וועמעס ערשטע „קאָנסערוואַטאָריע״ איז געווען די שול, וואו ער האָט געזונגען ביי פאַרשידענע חזנים — איז קיין אַמעריקע געקומען מיט אַ פאַרטיקן „סטאַזש״, אָנגעלאָדן מיט אייראָפּייאישער מוזיק־קולטור. אָבער זיין אמת׳ן תיקון, זיין אויפשטייג האָט ער ערשט דאָ דערגרייכט. אין אַמעריקע האָט ער אַרויסגעוויזן זיין אמת׳ן טאַלאַנט הן ווי אַ שול־דיריגענט, הן ווי אַ טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר. זיין נאָמען האָט זיך צעקלונגען איבער דער גאָרער אידישער וועלט.

יוסף רומשינסקי האָט זיינע טעאַטער־ניגונים געהאַט ביי זיך אויף דער האַנט, ער האָט זיי נישט געדאַרפט גיין זוכן. אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט איז אַריינקוקן ביי זיך אין האַרצן, אין דער נשמה, און זיי דאָרטן געפינען לרוב. ער האָט פונעם אידישן ניגון געקענט אויסקנעטן — און האָט אויסגעקנאָטן — וואָס פאַר אַ „טעאַטער־מאכל״ ער האָט נאָר געוואָלט און

באַדאַרפט. ער האָט דעם אידישן ניגון געקענט מאַכן וויינען, לאַכן, שטיפן, זיפצן, טאַנצן — זינגעוודיק, שפּילעוודיק, דערפרייענדיק און דערהויבנדיק.

צווישן זיינע גאָר־גאָר פּאָפּולערע און וועלט־באַרימטע אידישע טעאַטער לידער וועלכע ווערן געזונגען אויף אַלע אידישע טעאַטער־בינעס אין דער וועלט, וגם אויך וואו נאָר אַ אידישע שמחה, אַ חתונה, אַ בר־מצווה, אַ ליאַמע, וועל איך דערמאָנען בלויז אָט די דריי: „שיין ווי די לבנה", „אין מיינע אויגן ביסטע שיין", און „אוי, מלכה'לע, אוי, שלמה'לע". פאַרוואָס גראָד אָט די דריי? ווייל זיי פאַרמאָגן אין זיך אַזויפיל פאָלקסקערנדיקייט, האַרץ און נשמה'דיקייט, וועלכע לאָזן זיך תיכף דערקענען ווי נגינה פון סאַמע ריינסטען אידישן קוואַל.

מאָלי פּיקאָן, די וועלט־באַרימטע אידישע אַקטריסע, האָט מיט גאָר אַ סך טאַלאַנט, געשמאַקייט און האַרציקייט, געהאָלפן באַוואוסט און פּאָפּולער מאַכן די דאָזיקע דריי דערמאָנטע לידער, און נאָך אַנדערע רומשינסקי'ס טעאַטער־לידער, מחמת זי האָט יאָרן לאַנג „געסטאַרעוועט" אין „סעקאָנד עווענױ טעאַטער", אויף סעקאָנד עוועניו אין ניו יאָרק, אין די אָפּערעטעס וואָס יוסף רומשינסקי האָט געשריבן און האָט דאָרט אויך אָנגעפירט מיטן אָרקעסטער.

רומשינסקי איז געווען, פונקט ווי יעקב גאָרדין, פאַרעכנט פאַרן „רעפאָרמאַטאָר" פון דער אידישע אָפּערעטע, מיט אים האָט זיך אָנגע־פאַנגען אַ נייער פּעריאָד אין דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, וועלכער האָט אויך ניט ווינציק באַאיינפלוסט אייראָפּע און דרום־אַמעריקע. דעם רומשינסקי „סטיל" האָט מען גלייך געקענט דערקענען, מחמת ער איז דורכאויס געווען אַן אייגנאַרטיקער, וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעלן „רומשינסקי־חן".

דעם שענסטן שנירל מוזיקאַלישע־פּערל, וואו מ'קען געפינען רומשינסקי'ן אויף זיין העכסטן פּעדעסטאַל, איז אין דער מוזיק וואָס ער האָט געשריבן צו דער פּיעסע „הערשל אָסטראָפּאָליער" און צו די „דריי מתנות", מיט מאָריס שוואַרצ'ן אין די טיטל־ראָלן, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין אידישן קונסט טעאַטער.

וואָס איז שייך מוזיק צו דיכטערישע לידער דאַרף דאָ אָוודאי דערמאָנט ווערן זיין שוואַנען־מוזיק צו דעם „בעל שם־טוב'ס זמר'ל", אויפן טעקסט פון מ. באַסין — אַ בריליאַנט פון אַ קונסט־ליד!

אויך טאָר מען נישט פאַרבייגיין זיינע ליטורגישע שאַפונגען — דער עיקר זיין קאַנטאַטע, „אַז ישיר", פאַר אַ גרויסן מענער־כאָר, און איז צום ערשטן מאָל געזונגען געוואָרן אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן פון אַ כאָר וואָס איז באַשטאַנען פון דריי הונדערט חזנים.

דער צווייטער פּראָליפישער אידישר טעאַטער קאָמפּאָזיטאָר נאָך רומשינסקי'ן, איז געווען אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי — אַ קאָמפּאָזיטאָר, וועמעס מעלאָדיעס גיסן זיך אין האַרצן אַריין ווי גוטער וויין. אויך אָל־שאַנעצקי'ס ערשטע „קאָנסערוואַטאָריע" איז געווען די שול, און ער האָט אויך דיריגירט מיט שול־כאָרן ביי פאַרשידענע באַרימטע חזנים. ער איז געווען פון גאָר אַן אַנדער קאַליבער, אַ מער פאַרשייטער, אַ מער פאַר'שיכור'נדיקער, כמו־ציגיינעריש, אָבער אידיש באַ'טעמ'ט. ס'וועט זיין גענוג דאָ צו דערמאָנען זיין וועלט־באַרימטע טעאַטער־ליד „מיין שטעטעלע בעלז", וואָס ווערט געזונגען אויף אַלערליי לשונות פון דער וועלט. אויך זיין ליד „לכבוד שבת" פון דער פּיעסע דער „וואַסער־טרעגער", וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געשטעלט אין אידישן קונסט טעאַטער — וגם זיין ליד „שירה לד', שיר חדש" פון דער פּיעסע „שבתי צבי", אויך אין אידישן קונסט טעאַטער.

אָלשאַנעצקי וואָלט אונטער אַנדערע אומשטענדן אפשר, ניין, ניט אפשר, נאָר זיכער, געקענט אַרויפקלעטערן גאָר הויך, ער האָט פאַרמאָגט די נויטיקע מוזיקאַלישע כוחות דערפאַר. אָבער ער איז געבליבן דאָס וואָס ער איז געווען — אַן אויבן־אָניקער אידישער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר מיט אַ היכן סטאַזש. אַגב, די ערשטע וואָס האָט געזונגען „מיין שטעטעלע בעלז" און פאַר וועמען די אָפּערעטע איז ספּעציעל געשריבן געוואָרן, איז געווען די אינטערנאַציאָנאַלע באַרימטע אידישע פאָלקס־זינגערין, איזאַ קרעמער! דעם טעקסט פון „מיין שטעטעלע בעלז" האָט געשריבן דער „טעאַטער־וועטעראַן" דזשייקאָב דזשייקאָבס. די אָפּערעטע איז געשפּילט געוואָרן אין דעם „נעשאָנעל טעאַטער" אויף סעקאָנד עוועניו, אין ניו־יאָרק.

וועגן דעם אַז איזאַ קרעמער האָט געקענט אָפּזינגען אַ אידיש ליד, איז איבעריק צו זאָגן. קיין צווייטע איזאַ קרעמער אויף דער אידישער גאַס איז דערווייל נאָך ניט געבוירן געוואָרן. זי האָט דאָס פאָלקסטימלעך־ליד „מיין שטעטעלע בעלז" געזונגען מיט אַזויפיל געשמאַקייט, אַז דער טעאַטער איז צעריסן געוואָרן פון די קלאַפּערייען און בראַוואָ־געשרייען.

קום איך איצט צום דריטן פּאָפּולערן טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר — שלום סעקונדא, וועלכער איז צום מיינסטן באַוואוסט געוואָרן צוליב זיין טעאַטער־ליד „ביי מיר ביסטו שיין”, וואָס איז געזונגען געוואָרן אויף פאַרשידענע לשונות.

שלום סעקונדא האָט זיין גאַנץ לעבן געזוכט אַנצויאָגן זיינע צוויי פריערדיקע דערמאָנטע קאָלעגן, אָבער עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. פאַרוואָס? עס זעט אויס אַז ער האָט נישט געהאַט דעם טאַלאַנט וואָס די אַנדערע צוויי האָבן געהאַט. עס האָט אים געפעלט רומשינסקי׳ס שוואונג און אָלשאַנעצקי׳ס פּראַליפישקייט. דאָך האָט ער באַוויזן אָנצושרייבן אייניקע גאַנץ געראָטענע אי טעאַטער־לידער אי דיכטערישע־לידער — צווישן זיי חיים טויבער׳ס פאָלקסטימלעך־טעאַטער־ליד „עמך”, וואָלפסאָן׳ס „איציקל קלעזמער” און ה. לייוויק׳ס „אייביק”. ער האָט זיך אויך פאַרמאָסטן צו שרייבן ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס און אפילו קאַנטאַטעס אָבער זיי זיינען אַרויסגעקומען בלאַס און טיילווייז אויך באַנאַל.

און אַט האַלט איך שוין ביים פערטן אידישן פּאָפּולערן טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר אין אַמעריקע. דער „צוציק” צווישן זיי, ווייל ער איז געווען דער אינגסטער, ביים אַמעריקאַנעם געבוירענעם — אברהם עלשטיין, אָדער ווי אַלע האָבן אים גערופן „אייבעלע”. און איך וועל דאָ גלייך זאָגן, אַז „אייבעלע” איז געווען אַ אידישער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר פון גאָר אַ הויכן גראַד. ער האָט געהאַט מער טאַלאַנט, ווי ער האָט באַדאַרפט. און פלינק איז ער געווען מיט דער פּען, ווי אַ וויכער. איך האָב לאַנגע יאָרן געאַרבעט מיט אים אויף דעם ראַדיאָ־פעלד און געזען ווי דער מענטש האָט געפיבערט און געברענט, אַ שטיק פייער, עס האָט געפלאַקערט אונטער זיינע הענט סיי די פּען און סיי דאָס דיריגיר־שטעקעלע.

אייבעלע האָט געקענט לייענען „בלאַט” פון אונטן אַרויף, אַן אמת׳ער מכשף, ער האָט פאַרמאָגט אַן אויער וואָס האָט אויפגעכאַפּט דעם קלענסטן שאַרך. ער איז געווען אַן איסט־סיידער בחור, אָבער ער האָט גערעדט אַ געשמאַקן אידיש און איז געווען אויסגעווייקט אין אידישקייט. סיי ער און סיי זיין עלטערער ברודער, הערי האָבן געזונגען ביי חזנים, און זיינען דערנאָך געוואָרן דיריגענטן ביי חזנים. פאַרן סאַמע פייאַיקסטן האָט זיך אַרויסגעוויזן „אייבעלע”. ער איז געווען אַ געבוירענער מנגן און אַ טאַלאַנט. דערצו איז ער אויך יונג געוואָרן אַ פּיאַנאָ־באַגלייטער פון די באַרימטסטע

חזנים. ווען יאָסעלע ראָזנבלאַט איז געפאָרן קיין אייראָפּע, דער עיקר אין דער אידישער פּוילען, איז אברהם עלשטיין מיט אים מיטגעפאָרן.

אברהם עלשטיינ׳ס אמת׳ער דערפאָלג ווי אַ אידישער טעאַטער־קאָמ־פּאָזיטאָר האָט זיך אָנגעהויבן אין לודוויג זאַצ׳ס „פאָלקס־טעאַטער" אויף סעקאָנד עווועניו, אין ניו־יאָרק, מיט זיין מוזיק צו „זיין ווייבס ליובאָווניק", אַ כמו־אָפּערעטע. די פרישקייט פון זיין טאַלאַנט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף דער גאָרער מוזיק זיינער. עס האָט געשפּריצט מיט יוגנטלעכן פּאַרמעסט, אַרויסרוף צו די עלטערע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, מיט אַ ספּעציעלער באַ׳טעמ׳טקייט און זאַפטיקייט. ער איז געווען סיי אַ שפּרודלדיקער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר און סיי אַ שפּרודלדיקער אָרקעסטער־דיריגענט. גאָר שטאַרק אָנגעריסן האָט זיין טעאַטער־ליד „מזל, דו שיינסט פאַר יעדן איינעם".

אברהם עלשטיין האָט אויך געשריבן מוזיק צו לידער אויף די טעקסטן פון מאָריס ראָזנפעלד, יהואָש, יעקב מאַרינאָוו, עליזה גרינבלאַט. זיין סאָלאָ פאַר פידל מיטן טיטל „בית־המדרש" איז אַ פּרעכטיקע קאָמפּאָזיציע, געבויט אויף תלמוד׳ישע קנייטשן, גוסטן און נוסחאות. ער האָט אויך געשאַפן אַ סימפאָניש ווערק און האָט געשריבן אַן אָפּערע „דער גולם", צו ה. לייוויקס באַרימטן טעקסט.

אין דער הונדערט־יאָריקער געשיכטע פונעם היינט־צייטיקן אידישן טעאַטער, וועט דער אידישער קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, פון וועלכן מאָריס שוואַרץ איז געווען דער גרינדער, דירעקטאָר, „סטאַר" און אין אַ גרויסער מאָס אויך דער רעזשיסער, פאַרנעמען אַ ספּעציעלן אָרט. די אויפפירונגען ווי: שלום עליכמ׳ס „טביה דער מילכיקער", „שווער צו זיין אַ איד", „סטעמפּעניו"; שלום אַש׳עס „קידוש השם", „גאָט פון נקמה", „דער תהלים איד"; ראָמען ראָלאַנס „וועלף"; גאָגאָלס „רעוויזאָר"; י. י. זינגער׳ס „יאָשע קאַלב", „די ברידער אשכנזי"; יעקב גאָרדינ׳ס „גאָט, מענטש און טייוול"; י. ד. בערקאָוויטש׳עס „מאָשקע חזיר"; אַנדרעיעוו׳ס „אַנאַטעמא"; זלמן שניאור׳ס „דער דניעפּער"; פישל בימקאָ׳ס „דעמבעס", „גנבים"; ה. לייוויק׳ס „שמאַטעס", „בעטלערס", „דער גולם"; דוד פּינסקי׳ס „דער אוצר"; לעאָן קאָברינ׳ס „ריווערסייד דרייוו"; ה. סעקלער׳ס „יזכור"; י. ל. פּרצ׳עס „דריי מתנות" — זיינען נישט געווען קיין סתם טעאַטער־פאָרשטעלונגען,

נאָר טעאַטער־געשעענישן, וואָס סיי די אידישע און סיי די ענגלישע פּרעסע האָבן שטאַרק גערימט.

אין ברוקס עטקינסאָנס, דער לאַנג־יאָריקער באַוואוסטער טעאַטער־קריטיקער פון דער „ניו־יאָרק טיימס", צוויי ביכער, „בראָדוויי סקרעפּ בוק" און „וואָנס עראַונד די סאַן", וועט איר געפינען ספּעציעלע צוויי וואַרעמע קאַפּיטלען, וואָס ער שענקט דעם אידישן קונסט טעאַטער און מאָריס שוואַרצ'ן מיט זיינע מיט־שפּילער. אין איין אָרט זאָגט ער דאָרטן, אַז די אַקטיאָרן פון בראָדוויי דאַרפן גיין זען די פאָרשטעלונגען אין אידישן קונסט־טעאַטער פון וועלכע זיי וועלן אַ סך לערנען.

אין זיינע ערשטע יאָרן, איז דער אידישער קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק געווען אַ קונסט־טעמפּל מיט וועלכן מען האָט געמעגט שטאָלצירן. קיין שום אַנדערע עטנישע־גרופּע אין ניו־יאָרק האָט זיך ניט געקענט באַרימען מיט אַזאַ טעאַטער, און אויך ניט מיט אַזעלכע טאַלאַנטירטע שוישפּילער, ווי: מוני ווייזנפריינד (דער שפּעטערדיקער פּאָול מוני), סעמועל גאָלדינבורג, איזידאָר קעשיר, לאַזאַר פריד, פּאול באַראַטאָוו, וואָלף גאָלדפּאַדן, אַנאַטאָל ווינאָגראַדאָוו, מיכל ראָזענבערג, יעקב מעסטל, מאַרק שווייד, יחיאל גאָלדשמיד, בערטאַ גערסטין, ציליע אַדלער, בינה אבראַמאָוויטש, אַנאַ אַפּעל, אברהם טייטלבוים, יודל דובינסקי, יוסף בולאָוו און נאָך אַנדערע — אַלע שוישפּילער פון אַ גאָר הויכן קאַליבער, מיט גרויס אחריות און ליבע צום אידישן טעאַטער, צום אידישן וואָרט און דרך־ארץ פאַרן עולם.

ווער קען פאַרגעסן מוני ווייזנפרייד אין שלום עליכמ'ס „שווער צו זיין אַ איד", אין דער אויסגעסקולפּטירטער ראָל פון איוואַנאָוו? דאָס איז דאָך געווען קונסט פון העכסטן גראַד; אָדער מאָריס שוואַרצ'ן אין דער זעלביקער פּיעסע, אין דער אַטלאַסענער ראָל פון דוד שאַפּיראָ; צי פּאָול באַראַטאָוו'ן אין אַנדרעיעווס „אַנאַטעמאַ", אין דער פאַרכאַפּנדיקער ראָל פון דוד לייזער; אָדער ציליע אַדלער אין שלום אַש'עס „קידוש־השם", אין דער צאַרטער ראָל פון דבורה'לע, צי סעמועל גאָלדינבורג'ן אין י. י. זינגערס „די ברידער אַשכנזי", אין דער בריליאַנטענער ראָל פון שמחה־מאיר; אָדער חנה אַפּעל אין י. י. זינגערס באַרימטער דראַמאַטיזירטער פּיעסע „יאָשע קאַלב", אין דער שפּיגלדיקער ראָל פון דער היימישער טיקערין גיטל; אָדער מאַרק שווייד אין לייוויק'ס „שמאַטעס", אין דער ראָל פון ר' עליע; צי איזידאָר קעשירן אין ראָמאַן ראָלאַנס באַרימטער דראַמע „וועלף", אין דער

אויסגעצייכנטער ראָל וועראַ; און וואָס איז מיט מאָריס שוואַרצ׳עס ראָל אין שלום עליכמ׳ס „טביה דער מילכיקער״ ווי טביה.

האָט איר ביזן היינטיקן טאָג, ווען עס איז געזען אַ בעסערן טביה — אַ מער אויסגעפורעמטן, געטרייערן שלום עליכמ׳דיקן טביה, אַ מער היימיש־אידישן טביה ווי מאָריס שוואַרץ האָט פאַרגעשטעלט! דאָס איז דאָך געווען זיין קרוין־ראָלע. די ראָלע האָט אַרויסגעשטראַלט פון יעדן בויג און קנייטש זיינעם, פון יעדער מינע, פּאָזע, מאַך מיט דער האַנט, באַוועג מיט די אויגן, הייב מיט די אַקסלען, זיפץ און אָטעם, קער און טראָט. וויפיל שוישפּילערישע וויטאַליטעט, טעאַטערדיקייט, קינסטלערישער פּאַרמעסט, דער מענטש האָט עס אַרויסגעוויזן אין דער דאָזיקער איינער ראָלע. איך מיין, אַז קיין בעסערן טביה האָט דער גרויסער מייסטער שלום עליכם גאָר נישט געקענט זיך פאָרשטעלן!

איך בין ניט באַקאַנט מיט אַלע אַמאַטאָרן־גרופּעס, טעאַטער־ליב־האָבערס, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין ניו יאָרק, און אַוודאי נישט איבערן לאַנד, אָבער צוויי פון זיי האָבן זיך דערהויבן צו פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּעס: די „פאָלקס־בינע״ און דער „אַרטעף״. אי די „פאָלקס־בינע״ און אי דער „אַרטעף״ זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פונעם אידישן טעאַטער־וועזן אין אַמעריקע, מיט וועלכן דער טעאַטער־היסטאָריקער וועט זיך דאַרפן רעכענען.

דער „אַרטעף״ האָט צווישן זיין רעפּערטואַר אויפגעפירט אַזעלכע פאָרשטעלונגען ווי: שלום עליכמ׳ס „אַריסטאָקראַטן״ און „צוויי הונדערט טויזנט״; ליפּע רעזניק׳ס „רעקרוטן״; משה קולבאַק׳ס „בויטרע גזלן״; מאַקסים גאָרקי׳ס „יעגאָר בוליטשעוו״ און „דאָסטיגאַיעוו״; ביינוש שטיימאַנ׳ס „בוים טויער״; ה. לייוויק׳ס „קייטן״; אָסיפּ דימאָוו׳ס „איסט־סייד פּראָפעסאָר״; קושניראָוו׳ס „הירש לעקערט״.

דער „אַרטעף״ איז קינסטלעריש דערגאַנגען צו אַ הויכן מעמד, פונעם טאָג וואָס ער איז געשטאַנען אונטער דער רעזשי פונעם געוועזענעם „הבימה״־אַקטיאָר, בענאָ שניידער, אַ תלמיד פון סטאַניסלאַווסקי׳ן און וואַכטנגאָוו׳ן. די אויפפירונגען פון „רעקרוטן״, „בויטרע גזלן״ און „צוויי הונדערט טויזנט״, אונטער דער געניטער האַנט פון בענאָ שניידערס רעזשי, האָט דעם „אַרטעף״ אַוועקגעשטעלט אין דער ריי מיט די אַנערקענטסטע פּראָפעסיאָנעלע טעאַטערס ניט בלויז אויף דער אידישער גאַס אַליין, נאָר

אויך אויף דער ניט־אידישער גאַס. די טעאַטער־קריטיקער פון דער אַמעריקאַנער פרעסע האָבן שטאַרק געלויבט די דערמאָנטע פאָרשטעלונגען.

פון די „אַרטעף"־שפּילער האָבן זיך אַרויסגערוקט: דוד אָפּאַטאָשו, דזשוליוס דאַסין, מיכל גאָלדשטיין, וועלכער איז געווען דער ערשטער פון דער „אַרטעף"־גרופּע אַריינגענומען צו ווערן אין דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן און האָט געשפּילט ביי מאָריס שוואַרצ'ן אין אידישן קונסט־טעאַטער.

דוד אָפּאַטאָשו איז נאָכן „אַרטעף" צו ערשט אַריבער אויף דער אידישער ראַדיאָ ווי אַ פּראָגראַם־אַנפירער און אַנאַנסירער, און דערנאָך ווי אַ טעלעוויזיע־און פילם־אַקטיאָר אין האָליוואוד, וואו ער האָט זיך באַטייליקט סיי אין גאָר וויכטיקע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען און סיי אין גאָר וויכטיקע פילמען, אין פּראָמינענטע אַנגעזעענע ראָלן.

אין 1973, איז דוד אָפּאַטאָשו אַנגאַזשירט געוואָרן צו שפּילן אין דער באַנייטער אויפפירונג פון י. י. זינגערס באַרימטע פּיעסע „יאָשע קאַלב", אינעם „אידען"־טעאַטער אויף סעקאַנד עוועניו, וואָס איז אַמאָל געווען די היים פון מאָריס שוואַרצ'ס אידישן קונסט־טעאַטער, און וואו ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע אָריגינעלע אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב". געשפּילט האָט דוד אָפּאַטאָשו אין דער באַנייטער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב" די ראָלע, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט געשפּילט, דעם ניעשעווער רבי'ן ר' מלך. ער האָט די ראָל גאָר טאַלאַנטפול אויסגעשפּילט, מיט פאַרביקע שטריכן און טיפע שוישפּילערישע כלים, אַ פאַרמעסט אין דער טיף און אין דער ברייט. דוד אָפּאַטאָשו האָט מיט זיין געהעריקן טאַלאַנט און איינגעבאַרענער אינטעליגענץ איינגעביסן די ראָל, ווי מ'בייסט זיך איין אין אַ גוטן געשמאַקן וויניקן עפּל.

דער צווייטער „אַרטעפניק" נאָך דוד אָפּאַטאָשו'ן, וועלכער האָט געטאָן אַ הויכן „שפּרונג", איז דער פריער דערמאָנטער דזשוליוס דאַסין, וואָס איז צוערשט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָליוואודער פילם־אַקטיאָר און דערנאָך אין אַ דערפאָלגרייכן האָליוואודער פילם־רעזשיסער. געדענקט איר דעם באַרימטן פילם „נעווער אָן סאַנדעי", מיט דער באַרימטער גריכישער פילם־אַקטריסע מעלינאַ מערקורי, וואָס דאַסין האָט רעזשיסירט?

די „פאָלקס־בינע" פייערט איצט איר זעכציק־יאָריקן יובילײ. איך בין נישט באַקאַנט מיט אַלע אויפפירונגען פון דער „פאָלקס־בינע". אָבער עס האָבן זיך שאַרף פאַרקריצט אין מיין זכרון: ה. לייוויק'ס „אַ חתונה אין

פערנוואַלד״; איציק מאַנגער׳ס באַאַרבעטונג „גאָלדפאַדנס חלום״; יצחק באַשעוויס׳עס „מיין טאַטנס בית־דין שטוב״; ק. פרידריכ׳ס „יהודית״; משה דלוזשנאָווסקי׳ס „די איינזאַמע שיף״; י. ל. פּרצ׳עס „פאַרבליבן איז דער ניגון״ און י. י. זינגער׳ס „די ברידער אשכנזי״.

געאַרבעט מיט דער „פאָלקס־בינע״ האָבן די פאָלגנדיקע רעזשיסאָרן: נחום צמח, דוד הערמאַן, יעקב ראָטבאַום, דוד ליכט און יוסף בולאָוו. יעדער איינער פון די דאָזיקע רעזשיסערן האָט צוגעטראָגן זיין חלק צום אַרויפשטייג פון דער „פאָלקס־בינע״ — יעדער אויף זיין אייגענעם אופן. איבערהויפּט אין די לעצטע צען יאָר האָט די „פאָלקס־בינע״ זיך דערוואָרבן גאָר אַ סך פריינט און פאַרערער. עס קען מער קיינער ניט אָפּפרעגן איר קינסטלערישן מעמד, איר פּלאַץ אינעם אידישן טעאַטער־וועזן אין אַמעריקע.

אַזאַ פאַרשטעלונג ווי „פאַרבליבן איז דער ניגון״, לאָזט זיך שטאַרק געדענקען. דוד ליכט האָט די דאָזיקע פּיעסע אויסגערעזשיסירט מיט די פיינסטע ניואַנסן און קנייטשן, וואָס אַ טעאַטער־פאַרשטעלונג קען זיך ווינטשן. פונקט אַזוי לאָזט זיך אויך געדענקען דער אַקטיאָר מנשה אָפּענהיים אין דער ראָל פון „לייזער בדחן״, וואָס איז, לויט מיין מיינונג, געווען דער „ניגון״ פון דער פאַרשטעלונג. „אויף צו זען אַזאַ אויסגעצ׳ניגונ׳טע ראָל״, האָב איך געשריבן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״, יאַנואַר 1970, „דאַרף מען לאַנג וואַרטן״.

און י. י. זינגער׳ס „די ברידער אשכנזי״, מיט יוסף בולאָוו אי ווי רעזשיסער און אי ווי דער הויפּט־ראָליסט, וועט אַריינגיין אין דער אידישער טעאַטער־געשיכטע ווי איינע פון די פיינסטע אויפפירונגען וואָס די „פאָלקס־בינע״ האָט געשטעלט. בולאָוו האָט די ראָל פון שמחה מאיר געשפּילט, ווי זי וואָלט ספּעציעל געשריבן געוואָרן פאַר זיין שפּרודלדיקן טאַלאַנט. באמת אַ געניאַלער שוישפּילער!

מיין ערשטער איינדרוק פון יוסף בולאָוו׳ן, וואָס האָט געשפּילט ביי מאָריס שוואַרצ׳ן אין אידישן קונסט־טעאַטער אין גאָלדפאַדנ׳ס „לא תחמוד״, אין דער ראָל פונעם חסיד׳ל, איז אַ האָר ניט געמינערט געוואָרן — אדרבא! ער איז געגאַנגען „מחיל אל חיל״ — אין זיין וואוקס און אַנטוויקלונג ווי אַן אַקטיאָר! זאָל ער נאָך לאַנג לעבן און ווירקן מיט זיין טאַלאַנט!

און אַז איך האָב דאָ דערמאָנט גאָלדפאַדנ׳ס „לא תחמוד״, קען איך נישט פאַרבייגיין און ניט דערמאָנען יוסף אחרונ׳ס העכסט־געשמאַקע

קינסטלערישע מוזיק, וואָס ער האָט געשריבן צו דער פּיעסע. ער איז געווען נישט מער ווי אַ גאַסטראָל־קאָמפּאָזיטאָר אין אַמעריקאַנעם אידישן טעאַטער, אָבער עס איז געווען לטובת דער אידישער טעאַטער־מוזיק־ליטעראַטור.

יוסף אחרון האָט אין זיין טעאַטער־מוזיק זיך געשטעלט גאָר הויכע צילן און ער האָט זיי דערגרייכט מיט דעם כוח פון זיין באַוואוסטזיין, געפילן און שטרעבונג צו אַן אייגענער נאַציאָנאַלער טעאַטער־מוזיק, ווי זיין שטרעבונג צו אַן אייגענער מוזיק בכלל. ער האָט דורך זיינע דריי טעאַטער מוזיק־שאַפונגען: צו שלום אַש׳עס „קידוש השם״, שלום עליכמ׳ס „סטעמפּעניו״ און גאָלדפאַדנ׳ס „לא תחמוד״ („דער צענטער געבאָט״), וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט אין זיין אידישן קונסט־טעאַטער, אַריינגעשריבן דעם סאַמע שענסטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע, וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער אידישער טעאַטער־מוזיק אין אַמעריקע.

וואָס קאָמעדיע אין אַלגעמיין מיינט פאַר דער טעאַטער־קונסט, איז גאָר איבעריק צו רעדן. פונקט ווי הומאָר איז אַ וויכטיקער טייל פון דער ליטעראַטור, אַזוי איז קאָמעדיע אַ וויכטיקער טייל פון דער טעאַטער־קונסט.

און וועגן די אויספירער פון קאָמעדיע, קען געזאָגט ווערן אין קורצן: אויב ס׳איז שווער פאַר אַן אַקטיאָר צו שפּילן דראַמע, איז נאָך הונדערט מאָל שווערער פאַר אַן אַקטיאָר צו שפּילן קאָמעדיע. וואָרום עס איז אַ סך גרינגער זיך אויסצוגליטשן אין אַ קאָמעדיע, ווי אין אַ דראַמע. אין אַ קאָמעדיע העלפן ניט קיין גרים און קיין באָרד, מ׳מוז האָבן עכטן טאַלאַנט!...

אידישע טעאַטער־גייער אין אַמעריקע האָבן לאַנגע יאָרן הנאה געהאַט פון אהרן לעבעדעוו׳ס שפּרודלדיקן טאַלאַנט, פון זיין זינגען און טאַנצן, פון זיינע „ליאַווקע מאַלאַדיעץ־שטוקעס״ אויף דער אידישער בינע, וואָס האָט אַלעמען פאַרשאַפט פולע עמער פרייד און געלעכטער.

„ליאַווקע מאַלאַדיעץ״. דעם אמת געזאָגט, האָט ער קיין אַנדערע ראָלע נישט געשפּילט, נאָר כסדר דעם „ליאַווקע מאַלאַדיעץ״ — צי ער האָט געשפּילט „מענדל אין יאַפּאַן״, „די רומענישע חתונה״, „קאַווקאַזער ליבע״, מחמת ס׳איז ניט געווען דער וואָס, נאָר דער ווי אַזוי, אין זיין עצם דערשיינען אויף דער בינע!

ער האָט פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענעם ריטם און מוזיקאַלישקייט, געשיקטקייט און פאַרשייטקייט אויף אויסצווזינגען אַ טעאַטער־קופּלעט מיט אַזויפיל שאַרם און שפּילעווודיקייט און טאַנצנדיקע שפּרונזינענדיקע פיס מיט

לייכטע הירשן־טריט. קיינער האָט נישט געקענט זיך צו גלייכן צו אים — אַזוי „שקאָציש״־אויסטאַנצן אַ רוסישע „קאָמאַרינסקאָ״, אָדער אַזוי חנ׳עוודיק אויספערלען אַ אידישע „מצווה־טענצל״, ווי אהרן לעבעדעוו.

דער בעסטער „צושטעלער״ פאַר לעבעדעוו׳ס מוזיקאַלישן ריטם און געמיט, איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר פּרץ סאַנדלער, וואָס האָט געשריבן די מוזיק פון די אויבן־דערמאַנטע אָפּערעטעס. ער האָט געוואוסט יעדן קער, יעדע מינע לעבעדעוו׳ס. דערצו איז ער טאַקע געווען זייער אַ טאַלאַנטפולער קאָמפּאָזיטאָר מיט אַ סך מוזיקאַלישן געשמאַק און קולטור, אַ קאָמפּאָזיטאָר וואָס האָט געוואוסט ווי אַזוי אויסצונוצן אַן אָרקעסטער אי פאַר זיין געשאַפענער מוזיק און אי פאַר אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. ער האָט דורך און דורך געקענט דאָס טעאַטער און האָט פאַרמאָגט אַ סך מוזיקאַלישע טעמעס.

ווער עס האָט געזען רודאָלף שילדקרויט׳ן אין שלום אַש׳עס „גאָט פון נקמה״, אין דער ראָל פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש, אָדער אין שעקספּירס בפירוש אַנטיסעמיטיש־אַנגעהויכטער באַרימטער דראַמע „שיילאָק״, אין דער „הויפּט־ראָל״, ווועט אים תמיד געדענקען — זיין שוישפּילערישע פּאָטענץ און גבורה׳דיקן טאַלאַנט. אַז יעדער קער, יעדע גרימאַסע, יעדעס וואָרט און יעדע האַנדלונג, איז געווען אָנגעפּילט מיט זין און בינע־שאַפונג. און זיין ראָלע אין אָסיפּ דימאָוו׳ס „בראָנקס עקספּערט״ איז ער געשוואומען ווי אַ פיש אין וואַסער. דער עולם אין טעאַטער האָט געלאַכט מיט טרערן, מיטגעריסן פון זיין האַלב־קאָמישן, האַלב־טראַגישן, האַלב־ערנסטן שפּילן!

דער שוישפּילער איז דער דימענט אין דער קרוין פון דער טעאַטער־קונסט. שיינט ער — שיינען מיט אים אַלע עלעמענטן, אַלע מאַניפעסטאַציעס אינעם טעאַטער־ראָד אויף דער בינע. ער איז דער צענטער אַרום וועמען אַלץ דרייט זיך און באַוועגט זיך. דורך אים ווערט באַלעבט און באַזינגט די גאַנצע טעאַטער־פאָרשטעלונג.

עס זיינען פאַראַן אַקטיאָרן, וואָס שיינען אַרויס אפילו נאָר מיט אַן עפּיזאָדן־ראָל. צו די דאָזיקע אַקטיאָרן האָט געהערט מיכל ראָזענבערג, אָדער ווי אַלע האָבן אים גערופן „מיכעלע״! וואָס פאַר אַ שפע טאַלאַנט דער דאָזיקער מענטש האָט פאַרמאָגט: ער איז געווען אַ כאַראַקטער־שוישפּילער, ריכטיקער — אַ כאַראַקטער־קאָמיקער — און אפשר טאַקע אַ טראַגי־

קאַמיקער, ווי לודוויג זאַץ. די בינע האָט געקאַכט אונטער זיינע פיס, געברענט און געזאָטן, אַ שטיק דינאַמאַ!

צוויי ראָלעס האָבן זיך ביי מיר איינגעקריצט טיף אין זכרון: „וואַסקאַ״, אין איוואַנאָוו׳ס פּיעסע „דער געפּאַנצערטער צוג״, און דער פייערדיקער חסיד „מעכעלע שטאַמלער״ אין י. י. זינגער׳ס „יאָשע קאַלב״, אין מאָריס שוואַרץ׳ס אידישן קונסט־טעאַטער. די ראָל פון „וואַסקאַ״ איז געווען ניט בלויז אויסגעצייכנט אויסגעשפּילט, נאָר מייסטעריש אויסגעטאַקט. און אַזוי אויך די ראָל פונעם חסיד „מעכעלע שטאַמלער״.

יאָ, איך ווייס גאַנץ גוט, איך האָב ווייט־ווייט נישט פאַרנאָטירט אַלצדינג, וואָס איך האָב געזען און געהערט, איבערגעלעבט און איבערגעפּילט אין און אַרום דעם אידישן טעאַטער. דאָס נישט „פאַרנאָטירטע״, וועל איך איבערלאָזן אויף אַן אַנדער געלעגנהייט. איך האָף נאָר, אַז מיט דער צייט וועט זיך אָפּזוכן אַן אומפּאַרטייאישער טעאַטער־היסטאָריקער, אַן אמת׳דיק־אויפריכטיקער, וועלכער וועט נישט קוקן אויפן אידישן טעאַטער פון אויבן אַראָפּ, נאָר פון אונטן אַרויף, און וועט געבן דעם אידישן טעאַטער, דער עיקר דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, דעם געהעריקן ווערטיקן אָפּשאַץ, וואָס אים קומט — הן פאַר זיין צושטייער צום אַמעריקאַנער אידישן פאָלקס־לעבן, הן צום אידישן טעאַטער־וועזן אין גאַר דער וועלט, און צו דער אידישער קולטור בכלל.

„אידישער קולטור״, פעב. 1975, נ. י.

# פערזענלעכע טענער

## אַ טרער נאָך מיין חנה׳לען

איך קען זאָגן, איך בין אויסגעפּאָרן וועלטן, אָבער אַזאַ חנה׳לע ווי מיין חנה׳לע איז געווען, האָב איך אין ערגעץ נישט באַגעגנט; זי איז געווען אַ יחידה במינה.

וואָס איז חנה׳לע נישט געווען? זי איז געווען אַ געליבטע, אַ ווייב, אַ מאַמע, אַ חבר, אַ פריינט, אַ מענטש, און אַלצדינג מיט אַן אַנדער. דערצו איז זי געווען אויך אַ שיינקייט, מ׳קאָן דרייסט זאָגן אַ קראַסאַוויצע, און האָט

פאַרמאָגט אַ ים מיט חן, מיט שאַרם, מיט פרויען־רייץ. אַ ליכטיק־זוניקער פּנים, הימל־בלויע אויגן, זאַפטיקע ליפּן, אַ קאָפּ געדיכטע גאָלד־בלאָנדע האָר, אַ געטאָקטן נעזל, אַ פריידיק־אויסגעגאָסענעם שמייכל, איר געלעכטער האָט אַלעמען אָנגעשטעקט, נישט קיין הויכע, פון מיטעלן וואוקס, און אַ פיגור ווי ביי אַ טענצערין, מיט אַן אויסגעמאָדלירטן בוזעמל, און אַ ווייך־קול, אַ לירישע סאָפּראַנאָ, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ זילבער־גלעקעלע, אַ געבוירענע מנגנת, ווי עס פּאַסט פאַר דער שטאָט אין אוקראַינע, וואו זי איז געבוירן געוואָרן, בראַצלאַוו — די שטאָט פון באַרימטן צדיק ר׳ נחמן בראַצלאַווער, דער גרויסער אוהב־נגינה, וועלכער האָט געהאַלטן אַז אויב מיט געוויין און טרערן קאָן מען ברעכן מויערן, קאָן מען מיט נגינה ברעכן טויערן. חנה׳לע האָט איטליכן פאַר׳כישופ׳ט — מענער און פרויען. אַז מ׳פלעגט זי פאַרשטעלן חנה, האָט יענער גלייך געזאָגט — חנה׳לע!

יאָ, אַזאַ איז געווען חנה׳לע — געווען און נישטאָ מער. ווייַן איך אויף איר טאָג און נאַכט; מיט איר איז אַוועק מיין פרייד, מיין חשק צו לעבן, מיין שאַפערישקייט, הן אויפן געביט פון שרייבן און הן אויפן געביט פון קאָמפּאָנירן. אָן חנה׳לען איז מיין וועלט לגמרי אונטערגעגאַנגען, ווי אַ שיף אויפן גרונט פון דעם ים...

יאָ, איך ווייס, איך בין נישט קיין „תם״; איך ווייס אַז מאַן און ווייב לעבן אָפּ אַ לעבן און אַז עמיצער פון זיי מוז פריער שטאַרבן; דאָס איז אומפאַר־מיידלעך, אַזוי גייט דאָס לעבן, דאָס איז די וועלט, מ׳קאָן דערצו גאָרנישט טאָן. איך קאָן אַפילו נישט זאָגן: פאַרוואָס חנה׳לע? פאַרוואָס בין איך נישט געווען דער ערשטער צו שטאַרבן? ווען דאָס וואָלט פּאַסירט אַזוי, וואָלט חנה׳לע סיי ווי לאַנג נישט געלעבט, זי וואָלט נאָך געפילט אַ מיליאָן מאָל ערגער פון מיר, איך ווייס עס. זי וואָלט שטיל אויסגעגאַנגען און קיינער וואָלט אַפילו נישט געוואוסט אַז זי איז געשטאָרבן, מחמת זי האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט, עד כלות נפש — פונקט ווי איך זי...

יאָ, איך גיי אָן, איך לעב, איך זינג אַפילו אויף קאָנצערטן, דאַוון פאַרן עמוד, און פון צייט צו צייט שרייב איך און קאָמפּאָניר אַפילו; אָבער איך טו עס אונטער אַ שטאַרקן צוואַנג — איך צווינג זיך מיט אַלע כוחות וואָס איך פאַרמאָג. וואָלט איך זיך געקאָנט אַוועקלייגן און שטאַרבן, וואָלט איך עס גערן געטאָן, אָבער עס טוט זיך נישט, עס שטאַרבט זיך נישט. בפרט אַז

חנה׳לעס צוויי קינדער (פון איר ערשטער הייראַט), רוט און אַרטור, האָלטן מיר אין איין טעלעפאָנירן — רוט פון האָליוואוד, און אַרטור פון ניו יאָרק, — און זאָגן: „לעב, שערי, חנה׳לע וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט לעבן און פאָרזעצן דיינע אַרבעטן ווי דו האָסט געטאָן בעת זי האָט געלעבט: חנה׳לע האָט דיך צופיל ליב געהאַט אַז דו זאָלסט זיך צוליב איר טויט אינגאַנצן אויפגעבן״.

נו, אַט בין איך אין מיאַמי ביטש, אין מיין פּרעכטיקן אַפּאַרטמענט אויפן סאַמע ברעג ים, אויפן עלפטן שטאָק, וואָס איך האָב מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק געקויפט און באַצאָלט דרייסיק טויזנט דאָלער מזומן געלט, וואו ס׳איז זוניק און ליכטיק: דער אָפענער ים קוקט אַריין דורך דער גלעזערנער טיר, נאָר צום שפיגלען זיך, און שרייב אָט־די שורות ניט מיט קיין טינט נאָר מיט בלוט פון מיין הארצן און פאַרגלייזטע אויגן. די ראַדיאָ לעבן מיין טיש שפּילט, ווי תמיד, קלאַסישע מוזיק: איין סימפאָניע נאָך דער צווייטער, איין קאָמפּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, אָט דער קאָמפּאָזיטאָר, אָט יענער קאָמפּאָזיטאָר — מוזיקאַלישע ווערק וועלכע חנה׳לע און איך האָבן אַזויפיל מאָל געהערט שפּילן און צוזאַמען געשעפּט אַ סך נחת.

איך פרעג זיך: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז איך זאָל הערן שפּילן בעטהאָווען׳ס באַרימטע פידל־קאָנטשערטאָ — און חנה׳לע זאָל דערביי נישט זיין? ווי איז דאָס מעגלעך?! אָט שפּילט דער באַרימטער פילאַדעלפיער אָרקעסטער, אונטער יודזשין אָרמאַנדי, סיבעליוס׳עס צווייטע סימפאָניע — און חנה׳לע איז דערביי נישטאָ? ווי איז דאָס מעגלעך?! אדרבה, זאָגט מיר איך בעט אייך! בין איך אַמאָל געגאַנגען צו אַ קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, אָדער לינקאָלן צענטער, טאַון האָל אין ניו־יאָרק, אָן חנה׳לען? בין איך אַמאָל געגאַנגען אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז, אָן חנה׳לען? דאָס זעלביקע אויך מיט טעאַטער, באַנקעטן, לעקציעס, צו מיטינגען אין דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, אַקטיאָרן קלוב: און וואו נישט — אָן חנה׳לען?

אַ שאָד, אונזער נייער אַפּאַרטמענט אין מיאַמי, וואָס חנה׳לע האָט אַזוי אַרטיסטיש איינגעאָרדנט, שטייט איצט פאַר׳יתומ׳ט, איך גיי אַרום צווישן די ליכטיקע צימערן און זוך אין אַלע ווינקעלעך מיין ליב חנה׳־לען און קאָן זי נישט געפינען, ווייל זי איז נישטאָ מער, זי איז אַוועק אין דער אייביקייט. אויף מיינע הענט איז זי שטיל ווי אַ צדקת אויסגעגאַנגען — אָן אַ קרעכץ, אָן אַ זיפץ, אויסגעגאַנגען און שוין...

איך קוק אויף די ווענט מיט די פאַרשידענע מאָלערייען און אויף די דריי גרויסע איינגעראַמטע אַפּישן מיט גרויסע אידישע אותיות: אויף איין אַפּיש זעט זיך דריי פּאָרטרעטן: אַ פּאָרטרעט פון חנה׳לע סטראָמבערג די באַרימטע אידישע זינגערין פון פאָלקס־לידער און באַלאַדן, אַזוי ווערט דערציילט; און אַ פּאָרטרעט פון דעם קאָנצערטינאָ־ווירטואָז, גריגאָרי מאַטוסעוויטש. אויף דער צווייטער אַפּיש שטייען דריי פּאָרטרעטן פונעם אַקטיאָר וויקטאָר פּעקער, חנה׳לע סטראָמבערג און מישאַ ראַפּעל. אויף דער דריטער אַפּיש געפינט זיך אַ גאַנצע טרופּע מיט אידישע אַקטיאָרן, וועלכע דער אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעשיקט אויף אַ קאָנצערט־טורנע איבער אַמעריקע: חנה׳לע סטראָמבערג, שלום טאַנין, וויקטאָר פּעקער, מישא ראַפּעל, אַל העריס, וואָלף באַרזעל, חנה ספּעקטאָר, און משה ראַוך, דער אַקאָמפּאַניסט. אויך ליגט פאַר מיר אַ צירקולאַר, וועלכער רופט דעם ניו־יאָרקער אידישן עולם צו קומען הערן זינגען די צוויי באוואוסטע אידישע אַרטיסטן: חיים קאַטיליאַנסקי און חנה׳לע סטראָמבערג. דער ערשטער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם גרויסן „אַמבאַסאַדאָר טעאַטער”, אין דער אַמאָליקער געדיכטער אידישער בראָנזוויל.

חנה׳לע סטראָמבערג איז געווען די ערשטע פרוי־זינגערין, וואָס דער אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, האָט צוזאַמען מיטן אַרטיסט אַל העריס, אַרויסגעשיקט איבער אַמעריקע. זי האָט נישט געהאַט קיין גרויסע שטימע, אַ לירישע סאָפּראַנאָ, אָבער אַ האַרציקע שטימע מיט אַ קלינגענדיקן רעזאָנאַנס. ווען עס איז אויפגעקומען דער אידישער ראַדיאָ־פעלד, איז חנה׳לע סטראָמבערג געווען פון די ערשטע זינגערינס אויף צו לאָזן הערן איר זיס קול דורכן מיקראָפאָן אין צענדליקער טויזנטער אידישע היימען אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד. דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מאיר פּאָזנער, האָט ספּעציעל פאַר איר געשריבן צוויי סאָלאָ־לידער: „מיך ציט אַהין” פון אברהם רייזען, און „צען טויזנט פּלישתים” פון יהואש׳ן, צו דעם יום־טוב פונעם ערשטן אַרבעטער רינג כאָר־קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, מיט חנה׳לען אַלס סאָליסטקע. חנה׳לע סטראָמבערג, שפּעטער סטראָמבערג־ירדני, איז געווען אַ שם־דבר אין דער אידישער מוזיקאַלישער און קולטורעלער אַמעריקע.

יאָ, מיין ליבע חנה׳לע, די גאָרע אידישע אַרטיסטישע וועלט אין ניו יאָרק האָט דיך זייער בכבוד׳יק אַרויסגעבאַגלייט, מיט רירנדיקע הספּדים פון

הערמאַן יאַבלאָקאָוו, פּרעזידענט פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, מאַקסים בראַדין, סעקרעטאַר פון אידישן מוזיק פאַרבאַנד, סימאָר רעכצייט, סעקרעטאַר פון דער אידישער טעאַטריקל אַלייענס, חזן שלמה מאַנדעל, וויצע־פּרעזידענט פון חזנים פאַרבאַנד — אַ צונויפקום פון משפּחה, קאָלעגן אַקטיאָרן, זינגערס, מוזיקערס, שרייבער, פּאָעטן — און ווער נישט?
אוי, חנה׳לע...

„די שטימע״, יולי 5, 1975, מעקסיקאָ.

# יאָסעלע ראָזנבלאַט

## צו זיין 40־טן יאָרצייט

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם טאָג, מיט פערציק יאָר צוריק, ווען אויף די גאַסן פון תל אביב, אין ארץ ישראל, האָבן זיך באַוויזן די צייטונגען מיט דער טרויעריקער נייעס אַז דער וועלט־באַרימטער און באַליבטער חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט איז נפטר געוואָרן. אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט, האָט דער גרויסער קאָפּ מיט פעטע אותיות אויף דער פראָנט זייט פון „הארץ״ זיך געלייענט: „יוסף איננו״. אויך די צייטונגען „דבר״ וואָס איז דעמאָלט געווען ווייט פון פרומקייט און דער „דואר־היום״ פון ירושלים, זענען אַרויסגעקומען מיט גרויסע קעפּ וועגן דעם נפטר. דער קאָפּ פון „הארץ״ האָט מיך שטאַרק דערשיטערט, מחמת אַז מ׳איז יונג נעמט מען זאַכן אַנדערש ווי מען איז עלטער — און איך בין דעמאָלט נאָך באמת טאַקע געווען אַ יונגער אינגל...

אין ארץ ישראל האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויף באַזוך נאָך צוויי אַנדערע וועלט־באַרימטע און שטאַרק באַליבטע חזנים: זאַוול קוואַרטין און מרדכי הערשמאַן, אָבער גע׳רעש׳ט האָט זיך מיט יאָסעלע ראָזנבלאַט׳ן. וואו ער איז געגאַנגען זיינען מענטשן אים נאָכגעגאַנגען — אַזוי אין תל אביב און אַזוי אויך אין ירושלים. ער האָט ממש „פאַרטונקלט״ די דאָזיקע צוויי וועלט־באַרימטע און באַליבטע חזנים ביי אידן.

חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן „כישוף״, אַ ספּעציעלן מאַגנעט — הן פאַרן אויער און הן פאַרן אויג. אַ קליין אידעלע

מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, מיט צוויי קלוגע בלישטשענדיקע אידישע אויגן, און אַ זיס־קול, וואָס איז זיך ממש צעגאַנגען אין יעדן אבר. זיין דאַוונען איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון חסיד׳ישן שטייגער — אַ כעמישער געמיש פון בעלאַצערקאָוו, אין אוקראַינע, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, פאַרביסן מיט מונקאַטש און פּרעשבורג, פון קאַרפּאַטן און אונגאַרן.

נייִן, יאָסעלע ראָזנבלאַט האָט נישט געהאַט קיין „שאגת ארי", קיין „לייבן שטימע", אָבער ער האָט דעם עולם גענומען דוקא און דורכאויס מיט זיינע שטילע סאַמעטענע, מתיקות׳דיקע טענער, און מיט זיין זעלטענער פאַלצעטאָ. אַ לירישער באַריטאָן מיט אַ לירישן־טענאָרישן־טעמבער, האָבן אַ סך, צווישן זיי אויך „מבינים", געמיינט, אַז ער איז אַ געבוירענער לירישער־טענאָר. אָבער „יודעי־נגינה" האָבן פאַר זיך געהאַט אַ קלאָרן שפּיגל אי פון זיין קול, אי פון זיין אופן זינגען, און אי פון זיין גאַרן חזנות.

יאָסעלע ראָזנבלאַט׳ס חזנות וואָס איז געווען אויסגעבעט מיט האַרציקן נוסח, איינגעהיימישטן דאַוונען, פאַרפעדימט אין חסיד׳ישן שטייגער, ניגונ׳דיק אויסגעוועבט אויף אַ מוזיקאַלישער קאַנווע פון געשמאַקע טענער און קלאַנגען, האָט דערקוויקט אַ אידישע נשמה — אפילו פון פאַר־גוי׳אישטע אידן. יעדער איד מיט אַ האַרץ און נשמה, מיט אַ געפיל און אַ חוש פאַר געשמאַקייט, פאַר טעמ׳יקער אידישער נגינה, איז באַגייסטערט און מיטגעריסן געוואָרן פון אים. די באַהעפטונג פון וואָרט און קלאַנג האָט אין זיין כשר׳ן אידישן מויל געהאַט טויזנט טעמ׳ען, חנ׳ען און מאַניפעסטאַציעס. ער איז דורכאויס געווען דאָס וואָס מ׳האָט אים גערופן: „אַ געבאָרענער נעים־זמירות־ישראל"!

וואָס האָט דען יאָסעלע ראָזנבלאַט נישט געקענט אויסקנעטן מיט זיין געשמאַקן ווייכן קול, וואַרעמער פאַלצעטאָ, אָדער „ביי־קול׳כעלע", ווי אידן רופן עס אָן, און אַ האַרץ פול מיט געזאַנג! זייענדיק אַ געבוירענער מנגן, האָט ער געוואוסט וואו־איין און וואו־אויס, וואָסער ניגון, קנייטש, דריידל עס פּאַסט זיך פאַר דער אָדער אַ צווייטער תפילה. ער האָט נישט געזאָגט און געזונגען „סתם" אין דער וועלט אַריין, נאָר תמיד פאַרטראַכט, שטענדיק אין זינען געהאַט דעם וואָס און ווי אַזוי — צו געשטאַלטיקן די תפילה לויט איר „נאָמען", „שטאַם" און „פאַרנעם" אין סידור אָדער אין מחזור.

ווי אַנדערש עס האָט געקלונגען זיין „אחינו כל בית ישראל" פון זיין „הבט משמים וראה", אַזוי אַנדערש האָט געקלונגען אויך זיין „שומר ישראל"

פון זיין „רחם נא״ פון „בענטשן״. אויף דעם לעצטן רעטשיטאַטיוו שרייב איך זיך אונטער מיטביידע הענט, ווייל ער איז נישט בלויז זיין „קרוין־ווערק״, נאָר אויך זיין סאַמע גרעאַטנסטע אַריינגעזונגענע דיסק פאַר דער אר.ס.עי. וויקטאָר־פירמע צווישן אַלע זיינע „רעקאָרדינגס״.

איר האָט דאָ דעם גאַנצן מהות פון „בענטשן״, דעם געמיט, די שטימונג, די נשמה׳דיקייט און דעם „אידישן־טיש״ — אין בעסטן און שענסטן און פאַרביקסטן זין. איך ווייס נישט פון נאָך אַן ענלעכן רעטשיטאַטיוו פון „בענטשן״ אין דער גאַנצער חזנ׳ישער ליטעראַטור! אַזויפיל אידישער גוסט און גייסט, געשמאַקייט און האַרציקייט איז אין דעם דאָזיקן רעטשיטאַטיוו אַריינגעהעפט געוואָרן, וועלכן מ׳קאָן נישט אַנדערש באַצייכענען אים, ווי אַ „חד במינו״!

אַוודאי האָט חזן מרדכי הערשמאַן פאַרמאָגט אַ גאָלדענע טענאָר־שטימע; און געוויס האָט זאוול קוואַרטין געגלאַנצט און „געדונערט״ מיט זיין מעטאַלישן־באַריטאָן און זעלטענע קאָלאָראַטור; און דוד רויטמאַן וואָס האָט דערקוויקט מיט זיין פאַרוויגנדיקן געזאַנג; און פינטשיק האָט מיט זיינע לאַשטשענדיקע טענער און סאַמע אָריגינעלסטע רעטשיטאַטיוון געהויבן אידן פון די ערטער; און לייבעלע גלאַנץ איז מיט זיין לירישן פאַרגיין־זיך געפלויגן אין די הימלען אַריין; און דוד־משה שטיינבערג האָט ווי אַן „אָרגל״ אויסגעברומט זיינע „זאָגעכצן״ אָבער דער „מלך־החזנים״ פון צווישן אָט דער „פּלעיאַדע״ וועלט־באַרימטע און באַליבטע חזנים איז געווען יאָסעלע ראָזנבלאַט!

יאָסעלע ראָזנבלאַט איז געווען אַ סך מערער ווי בלויז אַ חזן, ער איז געווען אַ „שול״ פאַר חזנים, פּונקט ווי קוואַרטין, פּינטשיק, גלאַנץ און נאָך אַנדערע זענען געווען „שולן״ פאַר חזנים. דערצו איז ער געווען געבענטשט אויך מיט אַ „רעקאָרד־פּערזענלעכקייט״, גלייך ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן פאַרן „אַריינזינגג־אַפּאַראַט״ פון אַ פּלאַסטינקע. זיין קול איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַרן דאָזיקן מעדיום! ווען זיין שטימע וואָלט געקלונגען אַזוי פאַרכאַפּנדיק ביים עמוד, אָדער אויף דער קאָנצערט בינע, וואָלט ער נאָך צען מאָל מערער באַרימט און באַליבט געווען, ווי ער איז געווען.

די פּעטע ערד פון אוקראַינע, דער טיפער פאַרוואָרצלטער אידישער לעבנס־שטייגער, דער וואונדערלעכער געזאַנג פון דעם אוקראַינישן „סאָלאָוויי״, די פאַנאַנדערגעבליטע חסיד׳ישער־סביבה מיט די רביי׳אישע

הויפּן, און שפּעטער די מונקאַטשער און פּרעשבורגער צופּלוסן און איינפלוסן, יעדער באַזונדער האָט משפּיע און גורם געווען סיי דעם געבורט און סיי דעם אויפגיין און פאַנאַנדערוואוקס פון אַזאַ חזנ׳ישן פענאָמען — א „חזן בישראל" וואָס זיין גלייכן איז נישט צו געפינען. יאָסעלע ראָזנבלאַט איז געווען אַן איינמאָליקע דערשיינונג, אַן איינמאָליקער אויפבליץ, וואָס חזר׳ט זיך נישט איבער, וואָס קומט נישט צו אָפּט — איבערהויפּט איצט נאָכן גרויסן אידישן חורבן אין מזרח אייראָפּע...

כדי צו זיין אַ יאָסעלע ראָזנבלאַט, דאַרף מען דערצו געבוירן ווערן — און אַזויפיל חזנים האָבן אים פּרובירט נאָכמאַכן, אימיטירן און נאָכקרימען זיך, אָבער קיין יאָסעלע ראָזנבלאַט איז קיין איינער פון זיי נישט געוואָרן .. דער „שליאַך" צו אַ יאָסעלע ראָזנבלאַט, ליגט אין אַנדערע „ספערן", אין אַנדערע וועלטן, שטעקט אין אַנדערע וואָרצלען, טובל׳ט זיך אין אַנדערע וואַסערן — וועלטן, וואָס זענען אויסגעהאָמערט געוואָרן במשך פון דורות; וואָרצלען, וואָס זענען פאַרזייט געוואָרן מיט טייכן טרערן; וואַסערן, וועמענס לייטערונג זענען דורכגעגאַנגען ימים פאַרגאָסענעם אידיש בלוט...

„גדולה מלאכה שמכבדת את בעלי" (נדרים מ״ט). וואויל איז דער מלאכה, וואָס דערהויבט איר בעל־מלאכה, — און פאַרקערט: וואויל איז דעם בעל־מלאכה, וואָס דערהויבט זיין מלאכה.

חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט האָט די פאָן פון חזנות געהאַלטן אויף אַ הויכער מדרגה — האָט דאָס חזנות געהאַלטן אים אויף אַ הויכער מדרגה.

„קענעדער אָדלער", אויג. 10, 1973, מאָנטרעאָל

# „יאָשע קאַלב" אין אַ נייעם שפּיגל

ווייל איז דעם קינסטלער, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך אויב נישט קיין מנין איז כאָטש איין געטרייען חסיד. דער פאַרשטאָרבענער גרויסער קינסטלער און גרינדער פון אידישן קונסט טעאַטער, מאָריס שוואַרץ ע"ה, האָט געהאַט די זכיה איבערצולאָזן אַזאַ געטרייען חסיד אין דער פּערזאָן פון אַ גרויסן אידישן געשעפטסמאַן און נאָך גרעסערן טעאַטער־ליבהאָבער, מר. העררי ראַטפּערל (אַן איידעם פון באַוואוסטן חזן אליהו קרעטשמאַר), וואָס אַ דאַנק אים האָבן מיר איצט אין ניו־יאָרק אַ שפּאָגלנייע אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב", וואָס איז, כידוע, געווען איינע פון די דערפאָלגרייכסטע טעאַטער־פאַרשטעלונגען אין אַמעריקע.

נאָך מער: אין דעם זעלביקן טעאַטער וואו עס ווערט איצט אויפגעפירט די באַנייטע פאַרשטעלונג פון „יאָשע קאַלב", אויף דער צוועלפטער גאַס און סעקאַנד עוועניו, וועלכער טראָגט היינט דעם נאָמען „עדען" טעאַטער, האָט מיט גענויע פערציק יאָר צוריק מאָריס שוואַרץ צום ערשטן מאָל אויפגעפירט „יאָשע קאַלב": דעמאָלט האָט דאָס טעאַטער געטראָגן דעם קלינגענדיקן נאָמען „אידישער קונסט טעאַטער", וועלכער איז געווען אַ שם־דבר אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע און אויף דער גאַרער אידישער וועלט.

איך גלויב נישט, אויב ס'איז פאַרן אידישן לייענער און אידישן טעאַטער גייער דאָ נויטיק איבערדערציילן דעם סיפור־המעשה פון דעם דראַמאַטיזירטן ראָמאַן, מחמת דער ראָמאַן „יאָשע קאַלב" האָט זיך, קודם, געדרוקט אין „פאָרווערטס", דערנאָך אין בוך־פאָרם און שפּעטער אין אַן ענגלישער איבערזעצונג. די געשטאַלטן וואָס דער יונג־פאַרשטאָרבענער גרויסער אידישער שרייבער י. י. זינגער האָט אַרויסגעפירט אין זיין באַרימטן ראָמאַן זענען געמאָלן מיט אַ געניטער קינסטלערישער האַנט, לעבעדיק און צאַפּלדיק, סיי דעם גאַרן שטייגערישן אידישן לעבן און סיי די חסידישע סביבה מיט הונדערט יאָר צוריק אין גאַליציע.

אַוודאי איז דער ניעשעווער רבי, ר' מלך אַ גראָב־הויטיקער, אַ צופיל ערדישער־טיפ, אַן עולם־הזה'ניק, וואָס פּאַסט נישט פאַר קיין „גוטן אידן", אָבער אַזוי האָט אים י. י. זינגער געזען און אַזוי האָט ער אים פאַר־

געשטעלט. איר זעט אים און פילט דעם „דוך״ פון דעם גאַרן ניעשעוועד „רבי׳אישן הויף״ מיט דער גאַנצער סוויטע גבאים און אַלצדינג וואָס דאָרט קומט פאָר.

אין קאָנטראַסט צום גאַליציאַנער „רבי׳אישן הויף״, ווייזט אונז י. י. זינגער דעם ליטווישן רבי׳אישן הויף, וואָס איז אַזוי אַנדערש, לייטישער, רוחניות׳דיקער און בנעימות׳דיקער. אַרום דעם דאָזיקן אַקס צוזאַמען מיט נאָך אַ רייע אַנדערע זייטיקע קאָנפליקטן און אַנטוויקלונגען וויקלט זיך דער דראַמאַטיזירטער ראָמאַן.

אַ רבי, וואָס האָט שוין באַגראָבן דריי ווייבער און וויל צו ניין־און־זעכציק יאָר אַ פערטן מאָל חתונה האָבן, און נאָך דערצו מיט אַ זיבעצן יעריקער מיידל, איז נישט קיין רבי וועמען מען קען אָנרופן „הייליקער״ און רופט אַוודאי נישט אַרויס קיין דרך־ארץ, ספּעציעל געוויסע רייד זיינע מיט וועלכע ער באַנוצט זיך. אָבער אַ כאַראַקטער איז אַ כאַראַקטער צי ער געפעלט אונז אָדער נישט. דערפאַר האָט אונז י. י. זינגער מכבד געווען מיט אַ רייע סימפּאַטישע געשטאַלטן, וואָס זענען פונקט דער היפּוך פונעם ניעשעווער, ווי למשל, דער קראָקעווער רבי, דער מקובל נחומ׳טשע, וואָס ווערט געקרוינט מיטן נאָמען „יאָשע קאַלב״, דער ליזשאַנדער רבי, די פרומע סערעלע, ר׳ שכנא דיין, מאָטיע גדול, דער רבי ר׳ עזרה, ר׳ מאיר׳ל, וועלכע ער האָט אַרויסגעפירט אין זיין גרויסן ראָמאַן און אויך אויף דער טעאַטער־בינע — פריער פון מאָריס שוואַרצ׳ן אין אידישן קונסט טעאַטער און איצט אין דוד ליכט׳ס באַאַרבעטונג און אונטער זיין רעזשי אין „עדען״ טעאַטער.

זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז סיי דוד ליכט׳ס באַאַרבעטונג און סיי זיין רעזשי פון „יאָשע קאַלב״ איז אַרויסגעקומען אַ געראָטענע טעאַטער־פאָרשטעלונג לכל־הדעות. ס׳איז אַ אידישע טעאַטער־אויפפירונג, וואָס דאַרף אָנפילן מיט שטאָלץ יעדן אידישן טעאַטער־גייער — דעם מבין און אויך דעם פשוט׳ן פאָלקס־מענטש. איר געפינט דאָ סיי טעאַטראַלישע פאָר־קלערטקייט, סיי רעזשיסאָרישע פאַרטיפטקייט. ס׳איז לחלוטין אַ שפּאָגל נייע אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב״, וואָס דאַרף געזען ווערן פון יעדן איינעם וואָס האָט אַ באַציאונג צום אידישן פיינעם קינסטלערישן וואָרט, צום אמת׳ן אידישן לעבן, אידישן שטייגער, אידישע טראַדיציע, אידישע סביבה, און אידישע געשיכטע.

דערצו איז דוד ליכט באַשערט געוואָרן מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר משה

ראָוך, וועמענס מוזיק טראָגט צו אַ גאָר היפּשען חלק צו דעם גאַרן שפּיל פון דער אויפפירונג. משה ראָוכ׳ס מוזיק איז מעלאָדיש־אידיש, פאָלקסטימלעך און געשמאַק און לייגט זיך מחיה׳דיק אויפן אויער. אַ „יישר־כוח" קומט אויך יצחק דאַגים פאַר זיינע געלונגענע לידער; דער שידוך צווישן דאַגים׳ס ווערטער און ראָוכ׳ס מוזיק איז אַ גאָר געלונגענער. און אַוודאי פאַרדינט אַ דאַנק אויך ליליען שאַפּירא פאַר אירע עכט־אידישע טענץ, וואָס שטימען דורכאויס מיט דער סביבה אין וועלכער די פּיעסע וויקלט זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־געשטאַלט פון דער פאַרשטעלונג איז דער מגושמ׳דיקער און שאַרף־געמאָלענער דער ניעשעווער רבי, ר׳ מלך וואָס ווערט טאַלאַנטפול מיט פאַרביקע שטריכן אויסגעשפּילט פון דוד אַפּאַטאָשו. ס׳איז אַ שווערע ראָלע אויף וועלכער מ׳דאַרף אָנשטעלן אַלע שוישפּילערישע־כלים, אַ תּאַרמעסט אין דער טיף און אין דער הויך, אָבער אַז מ׳האָט דעם געהעריקן טאַלאַנט בייסט מען זיי איין — און דאָס האָט דוד אַפּאַטאָשו לרוב.

די צווייטע ראָלע נאָכן ניעשעווער, איז דער פרומער מקובל נחומ׳טשע — יאָשע קאָלב, וואָס ווערט געשפּילט פון דוד עלין. מ׳דאַרף זיין אַ גרויסער בריה אַזאַ ראָלע צו קענען שפּילן. די ראָלע ליגט נישט אין קיין רייד נאָר אין שווייגען, יאָ, אין קענען אויסשווייגן און דורכטראָגן זי מיט אַ זעלטענער בנעימות׳דיקייט. דוד עלין דערהויבט זיך אין דער דאָזיקער ראָלע צו אַ באמת הויכער קינסטלערישער מדרגה.

די דריטע ראָלע אין דער רייע, איז דער קראָקאָווער רבי, וואָס ווערט ווירטואָזיש אויסגעשפּילט פון דעם גרויסן בינע־קינסטלער יעקב בן־עמי, איינער פון אונזערע געציילטע איבערגעבליבענע גרויסע אידישע אַקטיאָרן, אַן אַקטיאָר וועמענס שפּילן פאַרמאָגט אַ סך חשיבות, פאַרקלערטקייט און פאַרטיפקייט, איינער וואָס קען זיך פאַרטראַכטן אין אַ ראָלע, ווי ער האָט עס מייסטעריש דעמאָנסטרירט אַלס דער קראָקעווער רבי.

די פערטע פאַרנעמיקע ראָלע, צביה, שפּילט אויס אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער, מרים קרעסין. צביה, אַ צוריקגעשטאַנענע מיידל, אַ קברנ׳ס אַ טאָכטער, וואָס וואוינט אין אַ שטיבל אויפן בית עולם, ווערט פון מרים קרעסין צאַפּלדיק פאַרגעשטעלט, געגוי ווי דער גרויסער שריפטשטעלטער י. י. זינגער האָט זי געמאָלן. ס׳איז אַ פּאַעטעטישע ראָלע אויף וועלכער מען

דאַרף זיך גוט אונטערגאַרטלען זי צו קענען צעקייען — און מרים קרעסין האָט זי צעקייט מיט אַלע אירע חושים ביזן דנאָ.

בשלמות און מיט נישט ווייניק טאַלאַנט פירן אויך דורך ראָלן לויטן פּראָגראַם ווי זייי דערשיינען: עלי פּאַטראַן, חיים לעווין, שמואל׳יק גאָלדשטיין, מרדכי יחסן, יעקב זאַנגער, יצחק דאַגים, רייזל באָזשיק, העלען בלעי, רות וואָל, שפרה לערער, רחל יוסיפון און דזשעק (יעקב) רעכצייט.

פון זייי שניידן זיך באַזונדערס אַרויס דזשעק רעכצייט אין דער ראָלע פון דעם ליזשאַנדער רבי, איז לעבעדיק און פאַרביק פאַרגעשטעלט; מרדכי יחסן אין דער ראָלע פון ר׳ שכנא דיין, איז חשיבות׳דיק און פרום רב׳נישדיק דורכגעפירט; רייזל באָזשיק אין דער ראָלע פון גיטל דער טיקערין, איז אויסגעהאַלטן און קערעוודיק; שפרה לערער אין דער ראָלע פון איידעלע, איז איידל און קלאָרעוודיק; רחל יוסיפון אין דער ראָלע פון מלכה׳לע, איז צאַרט־פאַרשייטיק; רות וואָל אַלס די פרומע סערעלע, דעם ניעשעוועער רבי׳נס טאָכטער, איז דין און אַנגענעם פאַרן אויג; העלען בלעי אַלס פייגע, איז רירעוודיק און וואַכיק.

צום גוטן דאַרפן דאָ אויך דערמאָנט ווערן וואָרען פינקוס אַלס דער ענגלישער נאַראַטער; רענעי סאַלאָמאָן אַלס די מוזיק־לייטערין און סילוויא פרידלאַנדער פאַר אירע פיינע צוגעפּאַסטע קאָסטיומען. סימאָר רעכצייט שפּילט דאָס מאָל אַ גאַנץ נייע „ראָלע״ אַלס דער גענעראַל־פאַרוואַלטער פון טעאַטער — אויך נישט קיין גרינגע ראָלע.

מאחורי־הפּרגוד, הער איך אַ שטימע פרעגן: וואָס איז מיט די פּגימות פון דער פאָרשטעלונג? אויף דעם האָב איך אַן ענטפער: די פּגימות, און אַזעלכע זענען בפירוש דאָ, זענען נישט מיין נאָר דעם רעזשיסאָרס דאגה. ס׳איז בפירוש זיין חוב די פּגימות אויסצוגלעטן און צו באַזייטיקן — און ער קאָן עס גרינג באַווייזן. דער רעזשיסאָר איז דער וואָס דאַרף האַלטן די „בייטש״ איבער אַ פאָרשטעלונג — און אויך אַ „ווירע״ און אַ „טייטל״. ער טראָגט די גאָרע אחריות...

אין סך־הכל: „יאָשע קאַלב״ איז אַ אידישע טעאַטער־אויפירונג, וואָס קיינער טאָר נישט דורכלאָזן. ס׳איז אַ אידישע טעאַטער־מאַניפעסטאַציע וואָס איז ווערט צו זען.

„קענעדער אָדלער״, יאַנ. 12, 1973, מאָנטרעאָל

# דער ניגון וועט בלייבן

## אין אָנדענק פון מיין חנה׳לען

דאָס לעבן האָט מיך געשלאָגן מיט פאַרשידענע קלעפּ: הונגער, קעלט, נויט, שרעק, פּאָגראָמען, הילפלאָזיגקייט, אָבער דעם שטאַרקסטן קלאַפּ האָב איך געכאַפּט ווען דער גרויזאַמער „מלאך־המוות״ האָט ביי מיר צוגענומען מיין חנה׳לען. איר פלוצלומדיקער טויט איז געקומען ווי מיט אַ האַק איבערן קאָפּ.

„אוי, דייניקל, איך פיל נישט גוט״!

דאָס זיינען געווען חנה׳לעס לעצטע ווערטער און זי איז בליץ־שנעל און שטיל אויף מיינע הענט אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט — אָן אַ קרעכץ, אָן אַ זיפץ. אירע בלויע אויגן האָבן שטאַר אויף מיר געקוקט: איך האָב געשריען: „חנה׳לע! חנה׳לע!״ נאָר חנה׳לע איז שוין געווען טויט...

נישט ירדני, נישט מרדכי, נישט מאָטל, און נישט אַפילו מאָטעלע, ווי אַנדערע רופן מיך, נאָר דייניק, דייניקל, דיינטשיקל, דיינעלע — מיט אָט די פיר פאַרצויגענע נעמען האָט זי מיך גערופן. און איך איר האָב גערופן: חנה׳לע, פאַנעלע, טשאַנעלע, טשאַטשאַ און ציגל. ווען איך בין געווען אונטערוועגנס, פלעגט זי מיר יעדן טאָג שרייבן אַ בריוו און זיך חתמ׳ענען: ציגל. איך אויף צוריק, פלעג איר יעדן טאָג אויך שרייבן אַ בריוו און זיך חתמ׳ענען: דייניק.

אַכט און צוואַנציק יאָר האָבן מיר צוזאַמען אָפּגעלעבט — דער שענסטער קאַפּיטל אין מיין לעבן. איך האָב קיין זאַך נישט געטאָן, אַז איך זאָל זיך נישט טיילן מיט חנה׳לען. האָב איך עפּעס אָנגעשריבן, איז זי געווען מיין ערשטע לייענערין. האָב איך פאַרפאַסט אַ נייע קאָמפּאָזיציע, איז חנה׳לע געווען די ערשטע צו הערן עס. און אַז איך פלעג דאַרפן אויפטרעטן אויף אַ קאָנצערט אָדער זינגען אויף דער ראַדיאָ, צי אַן אויפטריט אויף דער טעלעוויזיע, האָבן איך זיך גע׳עצה׳ט מיט חנה׳לען, וועלכע לידער, אידישע און העברעאישע, וועלכע תפילות איך זאָל זינגען. האָב איך זיך געגרייט צו רעקאָרדירן אַ נייעם „אַלבאָם״, האָב איך, ווידער, זיך „שואל־עצה״ געווען מיט חנה׳לען. זי איז געווען מיין רעכטע האַנט! איצט איז געקומען אַ בייזער גייסט און האָט מיר די האַנט אָפּגעשניטן — צוגענומען...

וואָס־זשע טוט מען? ווי גייט מען אָן? מיין מוח קאָן עס נישט באַנעמען.

מײַן האַרץ ווײַל נישט אָנערקענען דעם מערדערישן „געזעץ" פֿון דער נאַטור: אַז מ'ווערט געבוירן — מוז מען שטאַרבן. ס'איז נישטאָ קיין ברירה. אָט דאָס איז עס און שוין...

חנה'לע איז געווען אַ געבוירענע מנגנת, ווי עס פּאַסט פֿאַר דער שטאָט אין אוקראַינע, וואו זי איז געבוירן: בראַצלאַוו — די שטאָט פֿון ר' נחמן בראַצלאַווער, דער גרעסטער מליץ־יושר פֿון נגינה. זײַן זאָג: אויב מיט טרערן קאָן מען ברעכן מויערן, קאָן מען מיט נגינה אויפֿעפֿענען טויערן, איז באַוואוסט אין גאַר דער אידישער וועלט. חנה'לע האָט פֿאַרמאָגט אַ צאַרטע, לירישע שטימע, אַ סאָפּראַנאַ, אָבער דער עיקר פֿון אַלץ: זי האָט געהאַט אַ האַרץ פֿול מיט געזאַנג. זינגען איז בײַ איר געווען דאָס חיות מיטן לעבן. קיינער האָט נישט געזונגען אַזוי שיין און האַרציק אַברהם רייזען'ס צוויי לידער „איך קוש דיך מיט אויגן פֿאַרמאַכטע", „ווי אַ בלום" — און אויך מאַני לייב'ס „אין די וויגן ווײַנען קינדער"! זי האָט געהאַט דעם געהעריקן חוש סײַ פֿאַרן ליד און סײַ פֿאַרן געשאַפֿענעם ניגון צום ליד. נישט קיין שטאַרקע שטימע. אָבער אַ רעזאָנירטע שטימע, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ ריין זילבער־גלעקעלע. אַז זי פֿלעגט זינגען משה קולבאַק'ס פֿאָלקסטימלעך ליד „דאָס גאָלדענע רינגל", פֿלעגן מענטשן נישט קענען אײַנהאַלטן זייערע טרערן — און איך בתוכם. איך געדענק, ווען דער פֿאַרשטאָרבענער באַוואוסטער פֿאַרלייענער אַל העריס פֿלעגט איר הערן זינגען אָט דאָס ליד, פֿלעגן זײַנע אויגן ווערן ווי בעכער צוויי אָנגעפֿילט מיט טרערן.

אַגב, דערמאָנענדיק דאָ אַל העריס'ן, דאַרף פֿאַרצייכנט ווערן, אַז חנה'לע סטראָמבערג איז געווען די ערשטע פּרווו־זינגערין, וועמען דער אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פֿאַרבאַנד האָט אַרויסגעשיקט אויף אַ קאָנצערט־טור איבער אַמעריקע — און אַל העריס איז מיט איר מיטגעפֿאָרן. זי איז דערנאָך געפֿאָרן פֿאַרן אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד איבערן לאַנד אויף קאָנצערט־טורן מיט די פֿאָלגנדיקע אַרטיסטן און שוישפּילער: וויקטאָר פּעקער, וואָלף באַרזעל, שלום טאַניז, מישאַ ראַפֿעל, חנה ספּעקטאָר און משה ראַוך, דער איצט־באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט פֿון ניו־יאָרקער אידישן פֿילהאַרמאָנישן פֿאָלקס־כאָר, וועלכער איז געווען דער אַקאָמפּאַניסט. אַחוץ דיכטערישע לידער האָט חנה'לע געשמאַק געזונגען אויך אידישע פֿאָלקס־לידער, ווי: „פּאַפּיר איז דאָך ווייס", „בײַ מײַן מאַמעס הייזעלע", „איך בין שוין אַ מיידל אין די יאָרן", „מאַמעניו־ליובעניו". דער

עולם פלעגט איר נישט וועלן אַרונטערלאָזן פון דער בינע. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אידישע ראַדיאָ אין אַמעריקע, איז חנה׳לע סטראָמבערג געווען פון די ערשטע צו פאַרנעמען אַן אָרט אויך אויף דעם פעלד אונטער דער מאַרקע: „די אידישע פאָלקס־זינגערין״ — אַ לירישע סאָפּראַנאָ.

אָט קוק איך אויף דער גרויסער איינגעראַמטער אַפּישע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט איבער מיין שרייב־טיש. מיט דריי גרויסע פאָטאָגראַפיעס און פעטע אידישע אותיות, אויף וועלכן עס ווערן אַנאָנסירט: יאָסעלע ראָזנבלאַט, דער קעניג פון די חזנים אין אַמעריקע, גריגאָרי מאַטוסעוויטש, דער באַוואוסטער קאָנצערטינע־שפּילער — און חנה׳לע סטראָמבערג, די האַרציקע זינגערין פון אידישע לידער און באַלאַדן. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם „אַמבאַסאַדאָר״ טעאַטער אין דער אַמאָליקער געדיכטער אידישער באַפעלקערטער בראָנזוויל.

נישט ווייט, אויף דער זעלביקער וואַנט, הענגט נאָך אַ צווייטע איינגעראַמטע אַפּישע מיט פאָטאָגראַפיעס פון וויקטאָר פּעקער, מישאַ ראַפּעל — און חנה׳לע סטראָמבערג מיט אַ גרעסערער פאָטאָגראַפיע אין צענטער. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם „טרופּ הייסקול אוידיטאָריום״, אין ניו־הייווען, איינגעאָרדענט פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

אָט ליגט פאַר מיר אויך אַ צירקולאַר מיט אידישע אותיות, וועלכער רופט דעם ניו־יאָרקער אידישן עולם צו קומען הערן זינגען דעם באַוואוסטן אידישן פאָלקס־זינגער חיים קאָטיליאַנסקי, צוזאַמען מיט דער האַרציקער אידישער פאָלקס־זינגערין חנה׳לע סטראָמבערג.

און בלעטערנדיק ביכער, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ ליד, וואָס דער דיכטער קלמן הייזלער האָט געווידמעט חנה׳לען, און אויך אויף אַ ליד אין אַ בוך פון דעם דיכטער אהרן קורץ, וואָס ער האָט געווידמעט חנה׳לען.

יאָ, אַלע האָבן ליב געהאַט חנה׳לען. מ׳האָט זי ליב געהאַט סיי ווי אַ געשמאַקע זינגערין אין סיי ווי אַ מענטש. זי איז געווען די איידלקייט און צאַרטקייט אַליין. אַחוץ איר זעלטענער שיינקייט און באַ׳חנ׳טקייט, מיט אַ ליכטיקן זוניקן פּנים, איז זי געווען אויך אַ צוגעלאָזענע און אַ פריינטלעכע.

שלאָף רואיק, מיין ליבע, מאַצאַרטישע „קליינע נאַכט־מוזיק״, מיין גאָלד־בלאָנדע ציגל...

„מאָרגן פרייהייט״, יוני 10, 1975, נ.י. דיינ־יק.

# מאַני לייבֿ — דער בלויער דימענט פון דער אידישער דיכטונג

## צו זיין 25טן יאָרצייט

ס׳איז קיין פראַגע נישט, אַז מאַני לייב, וועמעס 25־טער יאָרצייט עס פאַלט אויס די טעג, איז געווען — און וועט בלייבן — דער בלויער דימענט פון דער אידישער דיכטונג.

ווי אַ יונג לאָשעקל אויף אַ גרינער לאָנקע, פאַרשייט און מעלאַנכאָליש, לוסטיק און פאַר׳חלומ׳ט, פריילעך און פאַרזאָרגט, שיינט אַרויס מאַני לייב׳ס ליד פון אונזער מאָדערנער דיכטונג, וואָס איז מיט אַזאַ ליכטיקער טראַ־פישער זוניקייט אויפגעגאַנגען אויפן האַרטן שטיינערנעם באָדן פון דער אידישער אַמעריקע; אַ לירישער טענאָר, — פאַר עקסעלאַנס! — אַ זינגער, וועמעס מעלאָדישע סאָלאָווייעדיקע טענער זיינען ווי יאַפּאַנעזישער זייד.

מאַני לייב האָט מייסטנס געזונגען פון זיך, אָבער נישט פאַר זיך, נאָר פאַר און צו אַלעמען, ווייל אַזאַ איז געווען דער פּאָעט פון וואַרעמען צאַרטן וואָרט און סאַמעטענעם טאָן. ער וואָלט אַרויסגערופן באַוואונדערונג אין יעדער ליטעראַטור, ווי ס׳איז די אידישע ליטעראַטור.

מאַני לייב האָט אין זיך פאַראייניקט: דאָס אידישע מיטן סלאַווישן, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן אונטער אַ אידיש־סלאַווישן הימל אויף דער פעטער אוקראַינער ערד, מיט אַ צומיש פון אַנגלאָ־סאַקסישקייט, אונטער וועמעס הימל ער האָט שפּעטער אַלס יונגערמאַן צוערשט, אַ קורצע צייט, געלעבט אין ענגלאַנד, און נאָכדעם זיין גאַנצן לעבן אין אַמעריקע, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דאָס זיינען געווען די דריי „קוואַלן”, וואָס האָבן מאַני לייב׳ן באַוועל־טיקט און שיכור געמאַכט. און דעריבער איז זיין פּאָעזיע אַ סינטעז פון אידישן זיפץ־און־פרייד מיט סלאַוויש־פּושקינישער מעלאַנכאָליע און לויטערן אַנגלאָסאַקסיש־בייראָנישן געזאַנג. מיט אָט די דריי „כלים”, האָט ער אָנגעפילט די לאָגלען פון זיין דיכטונג, וועמעס טעם און ריח עס צעגייט זיך ממש אין יעדן אבר.

דער אויבנדערמאָנטער סינטעז פליסט ביי מאַני לייב׳ן, ווי דאָס קלאָרע וואַסערל פון אַ סאַזשעלקע; ווי די לויטערע שטראָמען פון אַ קוואַל; ווי די

זון וואָס לויכט אין אַ מיטן העלן תמוז׳דיקן טאָג: ווי די בלויע שטערן וואָס שיינען כישוף׳דיק ביינאַכט. איר וועט ביי מאַני לייב׳ן נישט געפינען די קלענסטע אָנשטרענגונג, געמאַטערטקייט, אָדער געצוואונגקייט. ער איז אַבסאָלוט פריי פון ,,קאָרעק־דרייערײ״, פון בראָקן ווערטער, פראַזן, סתם אין דער וועלט אַריין, וואָס קיינער פאַרשטייט זיי נישט, נעמט זיי נישט אויף, דרינגען נישט אַריין אין קיינעם; געדאַנקען וועלכע קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט וכדומה...

אויב אַפילו בחדרי־חדרים ערגעץ, האָט דער פּאָעט, לאָמיר זאָגן, שווער געהאָרעוועט אויף זיינע גרינגע שורות, אָבער ביים לייענען זיינע לידער פילט איר עס אַבסאָלוט נישט. דער איינדרוק איז: אַז אַזוי און נישט אַנדערש איז יעדעס וואָרט, יעדעס ליד, יעדע באַלאַדע, פּאָעמע אָדער סאָנעט זיינע געבוירן געוואָרן. און דאָס איז דאָך דער סאַמע עיקר.

וואָרום, ווען מען אַ שטייגער, אינטערעסירט עס, וואָס ביי דער באַלע־באַסטע אין קיך טוט זיך, די הויפּט זאַך איז — צי דאָס געקעכטס איז אַרויס־געקומען הונדערט פּראָצענט געראָטן אָדער נישט...

העכער און מער פון אַלצדינג שיינט אַרויס מאַני לייב מיט זיינע באַלאַדן און סאָנעטן, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן זיין הויפּט־מייסטערשאַפט. דאָ איז ער אי דיכטער אי מוזיקער צוזאַמען. וואָרט און קלאַנג, געפיל און סטרונע, האָבן זיך געגעבן די הענט, האָבן זיך מזווג געווען. איר פילט דורכאויס דעם תיקון פון די ווערטער און זייער מוזיק. די האַרמאָניע פון וואָרט און קלאַנג, רעדט צו אייך פון יעדער באַלאַדע. דער כישוף פון דער אָרגאַנישער איינהייטלעכקייט מיט וועלכער די באַלאַדעס און סאָנעטן זיינען אויסגעשמידט געוואָרן, רופט אין אונז אַרויס באַוואונדערונג פאַר זייער שאַפער.

ביי מאַני לייב׳ן האָט געזונגען נישט בלויז דאָס האַרץ, נאָר די ליפּן. און די ראָל פון די ליפּן אין דער קונסט פון געזאַנג איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס האַרץ. דער וואָס האָט נישט קיין ליפּן פאַר געזאַנג — דער קען נישט זיין קיין גוטער זינגער, אָדער קען נישט זינגען בכלל.

צו זיין גרויסער איינגעבאָרענער זינגעוודיקייט, האָט מאַני לייב פאַר־מאָגט נאָך צוויי אַנדערע אייגנשאַפטן און קענטיקע גרונט־שטריכן:

אַ יאָ־און־נישט מיסטיציזם צוזאַמען מיט אַ יאָ־און־נישט רעאַליזם. עס מישן זיך ביי אים ווי ביי אַ כעמיקער דער מיסטיציזם מיטן רעאַליזם איינס

אין אַנדערן — אַזוי, אַז וואָס איר זאָלט נישט נעמען אין דער האַנט אַריין צו לייענען ביי אים, אין וועלכער פאָרם ער האָט די אָדער יענע זאַך זיינע נישט געשריבן, איז עס ביי אים אַרויסגעקומען אויף אַ מערקווירדיקן מייסטערישן קלאָרן און פאַרשטענדלעכן אופן.

אָבער מערקווירדיק, גראָד אָט די קלאָרקייט און פאַרשטענדלעכקייט זיינע, האָט „קאַליע" געמאַכט מאַני לייב'ס פּאָעטישע „דאַליע" ביי אַ סך פון זיינע קאָלעגן, ווי אויך ביי געוויסע לייענער, וועלכע האַלטן גראָד זייער שטאַרק פון אומקלאָרקייט און אומפאַרשטענדלעכקייט... וואָס מער אומקלאָר און אומפאַרשטענדלעך אַ שרייבער איז, אַלץ גרעסער, האַלטן זיי, איז זיין טאַלאַנט. נו, מילא, זאָל זיין אַזוי — כאָטש ס'איז ווייט נישט אַזוי...

אַ סימן: חיים־נחמן ביאַליק!

איך וואָלט דאָ אַוודאי געקענט ברענגען נאָך אַ סך אַנדערע באַרימטע פּאָעטן, ווי בייראָן, שעלי, רילקע, היינע, אויף צו באַווייזן ווי אומגערעכט עס זיינען, סיי יענע קאָלעגן, סיי יענע געוויסע לייענער, און אויך געוויסע ליטעראַטור־קריטיקער, אָבער אַן איינרעדעניש איז נאָך ערגער ווי אַ קרענק, זאָגט אַ אידיש ווערטל. אַן איינרעדעניש איז זייער שווער אַרויסצוקלאַפּן פונעם קאָפּ — טאָ זאָל יעדער זיך האַלטן ביי זיינס...

אָבער מיט וואָס פאַר אַ מאָס איר זאָלט נישט מעסטן מאַני לייב'ס טאַלאַנט; מיט וועלכן צוגאַנג מ'זאָל נישט צוגיין צו זיין דיכטונג; צי ער איז מער זינגער ווי זאָגער; צי די פאָרם ביי אים שטייגט אַריבער דעם אינהאַלט — דער סך־הכל בלייבט דער זעלביקער: ער איז פון קאָפּ ביז די פּיס אַ פּאָעט פונעם זעלביקן שניט, פאַרנעם, כאַראַקטער און קאָליר, ווי מען געפינט זיי אין דער רוסישער, פראַנצויזישער, ענגלישער און אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

מאַני לייב'ס אָרט אין דער יונגער אידישער ליטעראַטור, איבערהויפּט אין דער אידישער פּאָעזיע, וואָס האָט מיט אַזאַ פלאַם אויפגעשפּראָצט אין אַמעריקע, קען קיינער דערווייל נישט פאַרנעמען. ער איז אַזוי אוניווערסאַל, ווי ער איז אידיש — און דאָס איז לאו כל אדם זוכה...

„מאָרגן פרייהייט", נאָוו. 2, 1978, נ. י.

# ה. לייוויק — דער מאַנער פון דער אידישער פּאָעזיע

## צו זיין 15־טן יאָרצייט

ה. לייוויק איז נישט געקומען אין דער אידישער פּאָעזיע אַריין אויף קיין גלאַטן שליטן, אָדער מיט פּאַטשטאָווע פערד, און אויך נישט אויף קיין גלאַנציקן שאָסיי, נאָר דורך ווינטן און שנייען — סיבירער שנייען...

אָבער פון לייוויק׳ס פּראַסטיקע לידער האָט נישט געשלאָגן קיין פּאַרע, נאָר אַ וואַרעמקייט, ווי אַ דוך פון אַ מויל. זיינע לידער — אַפילו די „סיבירער לידער״ — זיינען נישט געווען קיין אַרומגעקאָוועטע מיט אייזערנע שינעס, נאָר אַרומגענומען מיט גומענע רייפן. זייער מעטאַלישקייט האָט געהאַט אַ קלאַנג און אַ לירישקייט, אַ ריטם און אַ זינגעוודיקייט.

פּראָסטע לידער זיינען עס געווען, ווי פּראָסטער געשמאַקער קאָרענער ברויט:

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,<br>
ליגט דאָס לאַנד, דאָס פאַרבאָטענע,<br>
זילבעריק בלויען די בערג<br>
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע.

איך ווייס נישט פון אַנדערע, אָבער איך ווייס פון דריי קאָמפּאָזיטאָרס וואָס האָבן אָנגעשריבן מוזיק צום דאָזיקן אויסגעקנאָטענעם ליד: דער ערשטער — פאַר כאָר — וולאַדימיר חפץ, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער מעטראָ מוזיק קאָמפּאַני; דער צווייטער — פאַר סאָלאָ — לאַזאַר וויינער, וואָס איז געשריבן געוואָרן אַ סך שפּעטער, און דער דריטער — אויך פאַר סאָלאָ — מרדכי ירדני, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אָנהויב דרייסיקער יאָרן און איז געזונגען געוואָרן פון חיים קאָטיליאַנסקי׳ן.

לייוויק האָט געהאַט מזל צו אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, אָנהויבנדיק מיט סאַלאָמאָן גאָלוב׳ס „לייג דיין קאָפּ אויף מיינע קני״; פּנחס יאַסינאָווסקי׳ס גאַר־גאַר געראָטענער מוזיק צו „דרעמלענדער אינגעלע מיינס״; מיכל געלבאַרט׳ס „גיין, דאַרף מען גיין״, איינע פון לייוויק׳ס „סיבירער לידער״,

און שלום סעקונדאַ׳ס מוזיק צום ליד „אייביק״, וואָס נעמט שטאַרק אויס ביים עולם.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז משה מילנער׳ס מוזיק צו לייוויק׳ס דראַמאַ־פּאָם „דער גולם״, וואָס פאַרדינט אַז מ׳זאָל שרייבן וועגן דעם ספּעציעל. „דער גולם״ איז לאַנגע יאָרן געווען אין רעפּערטואַר פון דער „הבימה״ — סיי פריער אין מאָסקווע און סיי דערנאָך אין ארץ־ישראל.

לייוויק האָט זיך אַ לעבן לאַנג געלייטערט ביי די פייערן פון זיינע לידער. נישט איינמאָל האָט ער זיך די פינגער, די הענט און שיעור נישט דאָס גאַנצע לייב צעברענט. עס האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, וואָרום אַז מ׳שפּילט זיך מיט פייער מוז מען זיך צעברענען, אָדער אינגאַנצן ווערן פאַרברענט...

איז גוט וואָס לייוויק איז אַלעמאָל אַרויס אַ לעבעדיקער, כאָטש נישט אַלעמאָל קיין גאַנצער. זיין גאַנג איז נישט געווען קיין גלייכער, ער איז געגאַנגען דורך וועגן און אומוועגן, אַ סך מאָל ווי אויף שטיינערנע הרודקעלעך און ער האָט זיך געמוזט צעבלוטיקן די פיס...

קיין פיזישער גיבור טאַקע איז לייוויק נישט געווען, אָבער גייסטיק איז ער געווען שטאַרק. ער האָט געקענט שפּרינגען איבער גריבער, איבער פלויטן, איבער טייכן און קאַנאַוועס, און נישט פאַלן אויפן פּנים. ער איז שטענדיק געווען פאַרפאַנצערט מיט זיין ליד, וואָס האָט אים פאַרהיט פון ערנסטע געפאַרן, פון קראַכן מיטן קאָפּ אין דער וואַנט. וואו ער איז גע־גאַנגען איז דאָס ליד זיינס, ווי אַן „עמוד־האש״, געגאַנגען פאַראויס. וואו ער האָט נישט פאַרבראַדזשעט, איז ער אַלעמאָל אַרויסגעקומען דער זיגער. ווייל ער האָט געטראָגן, ווי אַ „שם־המפורש״, זיין ליד שטענדיק אויף זיינע ליפּן...

לייוויק איז געווען דער מאַנער פון דער אידישער פּאָעזיע — און אויך דער דערמאַנער. איר וועט ביי לייוויק׳ן געפינען אַ סך לידער נישט קיין ארומגעטעסטע, אָבער די וואָרצלען זיינע, געזונטע, יסודות׳דיקע — פון די טיפענישן פון דער ערד אַרויסגעוואַקסענע. ער איז געווען אַן ערד־אויפאַקערער, שטענדיק מיט אַ שניידמעסער אין דער האַנט. ער האָט געוואָלט דאָס טעלערל פון הימל, אָבער דער הימל האָט עס אים נישט געוואָלט געבן. דעריבער האָט ער זיך כסדר געבאַרעט מיט זיינע לידער — און מיט זיך אַליין אויך. ער האָט זיך געבאָרעט מיט זיינע לידער, ווי יעקב אָבינו מיטן „מלאך״, אַ געראַנגל אין כוחות, און האָט נישט געקענט מנצח

זיין... לייוויק האָט זיך אַ סך מער געזאָרגט פאַר זיין נישט־דערזאָגט וואָרט ווי פאַר זיין דערזאָגטן אין זיין ליד. עס האָט זיך אים אַ סך מאָל געוואָלט זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל אויפרייסן די ערד, וואָס זאָל שפּאַלטן דעם הימל, אָבער דאָס טוט זיך נישט אַזוי גרינג ווי עס ווילט זיך. ער האָט אַלע יאָרן געזוכט דעם „שם־המפורש" און האָט אים נישט געקענט געפינען. ער איז צום „שם־המפורש" נישט דערגאַנגען, און איז געבליבן אויף האַלב וועג, ערגעץ אונטערוועגנס...

סיי־ווי אָבער האָבן לייוויק'ס לידער און פּאָעמעס אַנגעשלאָגן הויכן, פאַר וועלכע ער איז געבליבן שטיין ווי אַ דערשראָקן קינד. עס האָט אים פאַרכאַפּט ביים אָטעם, מחמת אַ סך פון זיינע רמזים אין זיינע לידער זיינען אים אַליין נישט געווען אינגאַנצן קלאָר. אַ סך מאָל האָט ער געפילט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער מאַמעס קליידל און ער האָט זיך געפונען אויף אַ פרעמדן שליאַך, ווייט פון זיין אייגענער היים. ער האָט שטאַמלענדיק גערעדט מיט נישט קיין פאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס האָבן ביי אים אין געדאַנק אויפגעבליצט, אָבער אָן אַ באַשייד. ער האָט נישט געקענט זיך דערביוועזן צו זייער „יסוד", אַז ער זאָל זיי קענען מסביר זיין — פאַר זיך און פאַר'ן לייענער...

מער פון אַלצדינג האָט אים געאַרט זיין אייגענער איך, זיין נישט קענען זיך אָפּגעבן קיין אמת'ן חשבון פון זיינע אַנגעשריבענע לידער. איר פילט זיין פּיין, און די שטראָפן וואָס ער האָט אויף זיך אַליין אַרויסגעגעבן, און די „מלקות" וואָס ער האָט זיך געשלאָגן. לייענדיק זיינע לידער, פילט איר, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט אַריבערשפּרינגען אָדער אַנטלויפן ערגעץ — אין די ווייס־רוסישע בלאָטעס אָדער געדיכטע וועלדער, צווישן די פאַרוואָרצלטעביימער פון פּאָליעסע, אַהין וואו ער איז געבוירן געוואָרן... עס האָט אים געפעלט די אוקראַינער וואָלינער ווייכקייט, די לאַשטשענדיקע זינגעוודיקייט, אָבער דערפאַר האָט אין זיינע לידער נישט געפעלט קיין זאָגעוודיקייט, — אַ גרויסער פליוס פאַר אים. די אָרעמקייט האָט אים געבוירן, און די כמורנעקייט פון פּאָליעסע ליגט ברייט ביי אים צעלייגט אין זיינע לידער, אָבער די ווייס־רוסישע טייכן, דער פריפּעט און דער האָרן, און נאָך אַנדערע טייכן ווי זיי הייסן דאָרטן — האָבן אים אַרומגעוואַשן, גע־לייטערט און געזילבערט, און זיין ליד האָט דערגרייכט צום לייענער. דער לייענער, אמת, האָט נישט אַלץ צעקייט און פאַרדייעט, עס האָט אים גענומען

צייט, אָבער אַז ער האָט לייוויק׳ס אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע אַרונטער־געשלונגען, איז ער געוואָרן ביי זיך חשוב׳ער און דערהויבענער.

לייוויק איז געווען אַ טיף־גראָבנדיקער, אַ טיף־זוכנדיקער און טיף־פאַרמעסטנדיקער פּאָעט. ער איז נישט געווען פון די „פּיעכאָטנע״ פּאָעטן; נישט אַלצדינג האָט ער געקענט אַראָפּשלינגען. ער האָט מיט זיינס אַ ליד אַלעמאָל געזוכט עפּעס מתקן צו זיין... ער האָט אַלעמאָל געזוכט דאָס ליד אויפהייבן העכער פון זיך. ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערגרייכן דעם „שפּיץ״: צוערשט דורך דעם מהר״ל אין זיין דראַמאַ־פּאָעם „דער גולם״, אָבער עס האָט זיך אים נאָר טיילוויז איינגעגעבן. דערנאָך האָט ער פּרובירט מיט אַהבה, מיט ליבע, וויל ער האָט געוואוסט, אַז אַהבה איז שטאַרקער פון אמונה — דורך די לידער פון „אַבעלאַר און העלואיז״, און אויך דאָ האָט זיך אים נאָר טיילוויז איינגעגעבן. שפּעטער האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין ר׳ נחמן בראַסלאַווערס זאָג „גוואַלד אידן זייט זיך נישט מיאש״, וואָס ער האָט אַריינ־געפּירט אין זיין געטאָ־דראַמע „אַ חתונה אין פערנוואַלד״, און ווידער איז ער אַרויס מיט „צעבלוטיקטע פינגער״. אַ שטאַרקע דראַמע, אָבער אַ צו פאַרמעסטנדיקע. קאָלעגן און טעאַטער־קריטיקער האָבן די דראַמע שטאַרק קריטיקירט אָבער דאָס איז דערפאַר וויל עס האָט זיי געפעלט וויזיע, מיט וועלכער לייוויק איז געווען געבענטשט. דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס קענען נישט זען ווייטער פון זייערע נעזער. מ׳דאַרף האָבן פאַנטאַזיע פאַר אַזאַ דראַמע — אַפילו ווען זי גיט זיך נישט איין...

די „סדרה״ ה. לייוויק איז נאָך נישט אינגאַנצן קיין אויפגעוויקלטע און קיין אויסגעלייטערטע. מ׳דאַרף זי ערשט גוט פאַרשטיין און אויסטייטשן — און זי לאָזט זיך טייטשן, לערנען פשט, אויב נישט מיט קיין „תוספות״, איז מיט אַ פּסוק „רש״י״. ס׳איז אַ בלאַט, וואָס איז כדאי אין איר אַריינקוקן און זיך צו פאַרטיפן. ס׳איז דאָ וואָס צו לערנען פון דער דאָזיקער „סדרה״ — אַ דורכאויס אייגנאַרטיקע „סדרה״, מיט אייגענע קנייטשן און רמזים...

אַ גוטער אָפּקלייב פון לייוויק׳ס לידער און פּאָעמעס, וואָלט געווען העכסט געוואונטשן. אָבער די אָפּקלייבער טאָרן נישט זיין קיין „שמשים״, נאָר מענטשן מיט „גאָט אין האַרצן״ — מיט ערלעכקייט און אמת׳ער ליבע צו דער אידישער פּאָעזיע און דער אידישער ליטעראַטור... מ׳טאָר די געשוואָרענע „סאַרווערס״ די „יאָר־קעסטניקעס״, נישט צולאָזן צו אַזאַ הייליקער אַרבעט...

אַט איז נישט לאַנג דערשינען אַן אַפּקלייב פון יעקב גלאַטשטיינ׳ס „כתבים״, און דער רעזולטאַט — בלאָ... פאַרוואָס? ווייל מ׳האָט דעם אַפּקלייב איבערגעגעבן אין די הענט פון די שטענדיקע „סאַרוועס״ און אייביקע „קדוש־שפּרינגער״.

סיי לייוויק און סיי גלאַטשטיין, זיינען באַרעכטיקט צו אַן ערלעכן אמת׳ן אַפּקלייב פון זייערע לידער און עסייען.

וואָס האָט לייוויק געוואָלט? ער האָט געוואָלט פון ליד אויסשפּינען אַ חצות; פון ליד אויספינקלען אַ שטערן; פון ליד אויסשטראַלן אַ זון; פון ליד אויסהאַמערן אַ באַפרייאונג; פון ליד אויסשאַלן אַן אייביקן שלום — פאַרן איד און דער וועלט! אַט דאָס האָט ער געוואָלט! אַט דאָס האָט ער געמיינט! אַט דאָס איז געווען זיין כוונה!!!

און פאַר דעם האָט ער געבלוטיקט, פאַר דעם האָט ער זיין גאַנץ לעבן און זיינע כוחות אַוועקגעגעבן. ליד איז געווען זיין לעבן, ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע אינטערעסן, קיין אַנדערע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען. דאָס וואָרט איז געווען זיין פייל און זיין פאַנצער, זיין האַמער און זיין שווערד — קיין אַנדערע „כלי־זיין״ האָט ער נישט פאַרמאָגט. מיט דעם איז ער אַוועק פון דער וועלט — אין דער אייביקייט אַריין. פופצן יאָר זיינען שוין פאַרלאָפן, אָבער פאַרגעסן אים קען מען נישט — און מ׳וועט נישט...

איך וואָלט גרינג געקענט ציען דעם שנור נאָך ווייטער, אָבער — צו וואָס? גענוג. כ׳גלויב, אַז דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, האָב איך געזאָגט. פאַר מיר איז לייוויק אי אַן אָפענע בלאַט אי אַ פאַרמאַכטער ספר — און ווי אַזעלכער וועט ער פאַרבלייבן אין דער אידישער ליטעראַטור.

„מאָרגן פרייהייט״, נאָוו. 26, 1978, נ.י.

# ביאָגראַפּישע נאָטיצן

מ. (מאָטל — מרדכי) ירדני איז געבאָרן געוואָרן אין סלאָוועשנע, אַ קליין שטעטעלע אין וואָלינער גובערניע, נישט ווייט פון זשיטאָמיר, אין אוקראַינע, רוסלאַנד, ביי אַ מאַמע וואָס האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן אָן אַ גראַם און אָן אַ מעשה׳לע, און ביי אַ טאַטן אַ שוחט, אַ גמרא־מלמד און אַ בעל־תפילה, וועלכער האָט זיך געהאַלטן מיט די זעלביקע דריי פּרנסות, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן — אויך זייענדיק אין אַמעריקע.

מאָטל — ריכטיקער, מאָטעלע, ווי מ׳פלעגט אים רופן, האָט געלערנט אין די פיינסטע חדרים, ביי די בעסטע מלמדים און לערער פון שטעטל, און איז דערצויגן געוואָרן אויף תנ״ך, גמרא און דער העברעאישער ליטעראַטור. מיט דער אידישער ליטעראַטור האָט ער זיך באַקענט ערשט קומענדיק קיין אַמעריקע, אין עלטער פון 15 יאָר, וואו ער האָט אויפסניי געקראָגן אַ דערציאונג — סיי אַ אידישע, סיי אַן ענגלישע, און אויך אַ מוזיקאַליש־דראַמאַטישע.

ער האָט אָנגעהויבן שרייבן זייער יונג, אָבער ערשט אין 1929 איז ער געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען, בעת ער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן לערנען, זוכן און נישטערן, אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״ אונטער דער רעדאַקציע פון משה קאַטץ. אַ חוץ דערציילונגען און מוזיקאַלישע אַרטיקלען וועגן אידישער נגינה און אַלגעמיינער מוזיק אונטער דעם נאָמען מ. און מאָטל שערמאַן (דעם נאָמען ירדני האָט ער אָנגענומען שפּעטער לעבנדיק אין ארץ־ישראל) האָט ער אין דער „אידישע וועלט״ אויך געדרוקט אַרטיקלען וועגן טעאַטער און רייזע־קאָרעספּאָנדענציעס פון זיינע דריי באַזוכן אין אייראָפּע, אַריינגערעכנט די אינזלען מאַדערא, גיבראַלטאַר און קאַפּרי, צוויי באַזוכן אין צפון־אַפריקע, און דעם נאָענטן אָריענט מיט ארץ־ישראל בראש.

אין אָנהויב 1930 האָט מרדכי ירדני אונטערן נאָמען מאָטל שערמאַן געמאַכט זיין ערשטן אַרויסטריט אויף אַ בינע: דאָס איז געווען אינעם „גיבסאָן טעאַטער״ אין פילאַדעלפיע אַלס אַן אַקטיאָר אין אַ יוגנטלעכער

ראָמאַנטישער געזאַנג־ראָל, אין אַן אָפּערעטע מיטן נאָמען „חסידישע יענקיס״. אינעם זעלביקן טעאַטער איז דערנאָך אויך געשפּילט געוואָרן זיין אייגענע אָנגעשריבענע מעלאָדראַמע אונטערן נאָמען „די אייביקע שטראָף״, אין וועלכער ער האָט אויך מיטגעשפּילט. זיין „שוישפּילערישע־קאַריערע״ האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ קורצע ווייל, ווייל ער האָט זיך פּלוצלונג אינמיטן אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ער איז דערנאָך צוריק געקומען קיין אַמעריקע און איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום ווידער צוריק־געפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין 1936 האָט מרדכי ירדני געמאַכט זיין ערשטן דעביוט אַלס קאָנצערט־זינגער אין ניו־יאָרק מיט אידישע לידער און ארץ־ישראל געזאַנגען און חזנ׳ישע תפילות. גלייך דערנאָך מאַכט ער זיין דעביוט אויף דער ראַדיאָ, און ווערט אויך איינגעלאַדן פון דער וויקטאָר קאָמפּאַניע אַריינצוזינגען אין רעקאָרדס ארץ־ישראל לידער און חזנ׳ישע תפילות. שפּעטער ווערט ער אויך פאַרבעטן אַריינצוזינגען אין רעקאָרדס פאַר דעקאַ, אַש און פעימאָוס אידישע און העברעאישע לידער. דערפאַר וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו זינגען ארץ־ישראל געזאַנגען אין אַמעריקע סיי אויף דער קאָנצערט־בינע, סייביים ראַדיאָ־מיקראָפאָן און סיי אַריינ־צוזינגען אין רעקאָרדס, איז ער געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „דער פאַלעסטינער זינגער״ — אַ פירמע, וועלכע איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער נישט בלויז איבער גאַנץ אַמעריקע, נאָר אויך אין אויסלאַנד. ער איז געווען דער ערשטער אַריינצוזינגען אין אַ וויקטאָר רעקאָרד דאָס וועלט־באַרימט געוואָרענע ליד: „יפים הלילות״, וואָס איז געוואָרן אַ „בעסט סעלער״.

אויף אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין אין „לייבאָר טעמפּל״, אין ניו־יאָרק, וואו מרדכי ירדני איז אויפגעטראָטן אין אַ פּראָגראַם פון אידישע לידער און ארץ־ישראל געזאַנגען, האָט ער זיך באַקענט מיטן רעדאַקטאָר פון „טאָג״ וויליאַם עדלין, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פונעם אָוונט, און ער האָט אים איינגעלאַדן צו שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען איבער אידישער און אַלגעמיינער מוזיק. ער ווערט דער־נאָך אַ שטענדיקער „פּיטשור״־שרייבער און מוזיק־קריטיקער אין „טאָג״, זיין מיטאַרבעטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן קאַרגע צוואַנציק יאָר. דורך דער דאָזיקער צייט האָט ירדני אויף די שפּאַלטן פון די שבת׳דיקע און זונטיק־

דיקע נומערן פון „טאָג“ אָפּגעדרוקט גאַנצע סעריעס וועגן אידישער און אַלגעמיינער מוזיק, וועגן באַרימטע חזנים, וועלט־באַוואוסטע קאָמפּאָ־זיטאָרס, אידישע און נישט־אידישע, אַלערליי ווירטואָזן, סעריעס אַרטיקלען וועגן באַרימטע „האָליוואודער סטאַרס“ און אַקטיאָרן פון בראָדוויי, רייזע־באַשרייבונגען פון זיינע באַזוכן אין מעקסיקאָ, בראַזיל, אורוגוואַי, אַרגענטינע, קובאַ און פון נאָך אַנדערע צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער. ער איז אויך צענדליקער מאָל אויסגעפאָרן אין דער לענג און דער ברייט די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם „טאָג“, האָט ער אַ שטיקל צייט מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס“, געשריבן פאַר די זונטיקדיקע אויסגאַבעס, דערנאָך אין „מאָרגן זשורנאַל“, שפּעטער רעגלמעסיג מיטגעאַרבעט אינעם ליטעראַרישן זשורנאַל „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“ און איז דערנאָך געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל.

אין 1940 האָט מרדכי ירדני זיך געלאָזט איבעררעדן פון זיין ניו־יאָרקער מענעדזשער, פון דער „נעשאָנעל אַרטיסט ביוראָ“, מיט וועלכער ער איז פון זיין ערשטן אַרויסטריט אָן אין ניו יאָרק געווען פאַרבונדן, אַז ער זאָל (צוליב דעם גרויסן דערפאָלג וואָס זיינע חזנ׳ישע רעקאָרדס האָבן געמאַכט) אָננעמען צו דאַווענען ימים־נוראים, פּסח, שבועות, און סוכות אין גרויסע שולן און האָטעלן (ווי ס׳איז דער מנהג אין אַמעריקע), און דער דאָזיקער שריט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אים צו זיין אַ גרויסער דערפאָלג. עס האָט אים געמאַכט אומאָפּהענגיק פון וועלכע עס איז זאָרגן פאַר פּרנסה און מער נישט געדאַרפט אַרויסקוקן אויף קיין קאָנצערטן, ראַדיאָ אָדער שרייבן.

מרדכי ירדני איז אַ מיטגליד פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין, אידישע ראַדיאָ־גילד, אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניע; אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער אידישער טעאַטריקעל עליַיענס; אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן; מוזיק פאָרום; איז צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענט און דערנאָך אַלס פּרעזידענט פון חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע. ער איז אויך צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון דער אידישער ראַדיאָ־גילד. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע מיט־גלידער פון נאַציאָנאַלן מוזיק־ראַט ביי דער אידישער „וועלפעיר באָרד“, —

און איינער פון די גרינדער פון דער „סאָסייעטי פאָר דהי אַדוועןסמענט אָוו דזשואיש ליטורדזשיקל מיוזיק״, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַרויס־געוואָקסן „די היברו יוניאָן סקול אָוו סעיקרעד מיוזיק״ ביים „היברו יוניאָן קאַלעדזש״ אין סינסינעטי. די דאָזיקע הויכע מוזיק־אינסטיטוציע האָט באַערט מרדכי ירדני׳ן מיט אַ דיפּלאָמע פאַר זיינע מוזיקאַלישע פאַרדינסטן אויפן פעלד פון דער אידישער נגינה.

ח. רייזעס

לאָנג איילאַנד, 1956

# קריטיק אויסצוגן

דער לעבעדיקער — אויפן ליטעראַרישן יאַריד. מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק, אָקטאָבער 15, 1950.

„מ. ירדני׳ס „חשבון הנפש״ אין ראש־השנה נומער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, איז ממש אַ דאָקומענט וואָס דאַרף נישט קיין „נאָטאַרי פּאָבליק״... עס איז אַ „הנני העני״ לויט אַ נייעם נוסח. אַ גאָט־זוכעניש אין אַלע אידישע ווינקלען פון איינעם וואָס שטייט ביים עמוד... אַ בייטראָג צו אידישקייט פון אַ רעליגיעזן אידן און דאָך היינט־וועלטיקן וואָס חלש׳ט צו ווערן אַן אפּיקורס און קען נישט ... עס איז אַן אָנקלאַנגע אויף אונזער אויסגעליידיקטקייט (נישט נאָר אין שול).״

א. ז. בערעביטשעז — קולטור ענינים. דער וועג, מעקסיקאָ, מערץ 13, 1948.

„ירדני איז אַן אַלטער באַקאַנטער ביי אונז אין מעקסיקאָ פון די שפּאַלטן פון „טאָג״, זיינע אַרטיקלען זיינען יחידים במינם און זיינען פון די ערשטע צום געלייענט ווערן, זיין סטיל איז אַזאַ בנעימות׳דיקער, אַזאַ זאַכלעכער און גלייכצייטיק אַזאַ ליטעראַרישער, אַז מ׳זעט באַלד אַז דער שרייבער איז גוט באַהאַוונט אין דער טעמאַטיק וועגן וועלכער ער שרייבט.״

יעקב באָטאָשאַנסקי — צווישן יאָ און ניין. איצט פאַרשטייען מיר. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אַפּריל 15, 1943.

„אין יאַנואַר נומער „אידישע קולטור״ (אָרגאַן פון נ. אַמעריקאַנער „איקוף״) איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל מיט זייער אינטערעסאַנטע דעראַי־נערונגען פון העברעאיש־אידישן זינגער מרדכי ירדני וועגן דעם סאָוועטישן אידישן שריפטשטעלער איציק קיפּניס. ירדני איז קיפּניס׳עס אַ בן־עיר און ער קען זיין אָפּשטאַם און ער דערציילט אים אומגעהויער בילדעריש און ער גיט ממש דעם שליסל צום שאַפן פון דעם דאָזיקן זייער טאַלאַנטירטן שריפטשטעלער, דער מחבר פון באַרימטן ווערק „חדשים און טעג״.״

פראָפ. סאָלאָמאָן קאָהאָן — **אַ טאָג איבער אַ טאָג. ירדני׳ס אויפטו. דער וועג, מעקסיקאָ, פעברואַר 17, 1948.**

„ס׳איז מיט אַן אַכט יאָר צוריק אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל מיט רעכט קענען פּרעטענדירן אויף דעם נאָמען „מוזיק־קריטיקער״, ביז ס׳איז געקומען מרדכי ירדני. מיט זיין באַווייזן זיך אויף איסט־בראָדוויי האָט אַ נייער ווינט געבלאָזן, וואָס איז שייך שרייבן וועגן מוזיק און קאָמפּאָזיטאָרן, ווי אויך וועגן געשעענישן, דערשיינונגען און פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט פון מוזיק. אַ זשורנאַליסט פון ערשטער מדרגה, באַקליידט ירדני אין זיינע אַרטיקלען, אין אַן אינטערעסאַנטער אָנציענדיקער פאָרם, גרינטלעכע מוזיק־קענטעניש, סאָלידן וויסן אין פראַגן פון מוזיק־געשיכטע און אַ ווייטן אויסבליק אויף דער קונסט־און קולטור־וועלט בכלל. צו דעם אַלעם באַזיצט ער די זעלטענע אייגנשאַפט, וואָס אפילו נישט יעדער גוטער זשורנאַליסט באַזיצט: אַריינצובריינגען אויף אַ דעליקאַטן אופן אין זיינע אַרבעטן דעם עלעמענט פון דעם, וואָס ס׳הייסט אויף ענגליש „היומען אינטערעסט״.

„ירדני איז „אין דער היים״ ווען ער שרייבט וועגן דער געשיכטע און דעם ספּיריטועלן ווערט פון אַ געוויסן חסיד׳ישן מאָטיוו, פּונקט אַזוי ווי, ווען ער רעדט וועגן שאָסטאַקאָוויטש׳עס נייסטער סימפאָניע; ווען ער אַנאַלאַ־זירט דעם אורשפּרינגלעכן אידישן כאַראַקטער פון אַ געוויסער מוזיקאַלישער טעמע, ווי ווען ער דערציילט וועגן דעם באָסטאָנאָר סימפאָנישן אָרקעסטער און סערגעי קוסעוויצקי, איר דיריגענט און קינסטלערישער פירער; וועגן דעם מהות פון דער ארץ־ישראלדיקער מוזיק, פּונקט אַזוי ווי, וועגן די כאַראַקטער־שטריכן פון איגאָר סטראַווינסקי׳ס שאַפונגען.

„אָט די אַלזייטיקע באַהאַוונטקייט אויף דעם ברייטן און פאַרצווייגטן מוזיקאַלישן געביט, פּליוס זיין מערקווירדיקע פעאיקייט צו שרייבן וועגן מוזיקאַלישע טעמעס גרינג און אָנציענדיק, האָבן עס ירדני׳ן געשאַפן אין דער אידישער פּרעסע פון ניו־יאָרק דעם בכבוד׳יקן פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט איצט אַלס „ספּעץ״ אין מוזיק. קיינמאָל פריער איז דאָרט נישט געשריבן געוואָרן אויף מוזיקאַלישע טעמעס אַזוי פאַכמעסיק און גלייכצייטיק אַזוי אָנציענדיק, ווי עס טוט עס מרדכי ירדני.״

מיכל געלבאַרט — מרדכי ירדני — „דער פּאַלעסטינער זינגער״. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, פעברואַר 14, 1942.

„ירדני׳ס לירישע שטימע (אַ טענאָר) און האַרציקע אויסטייטשונגען פון די ארץ־ישראל לידער, האָבן אים געשאַפן צענדליקער טויזנטער חסידים, וועלכע הערן זיך צו צו זיינע וועכנטלעכע ראַדיאָ־פּראָגראַמען.״

דר מנחם ג. גלען — אויפן שפּיץ פון דער פעדער. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, דעצעמבער 25, 1953.

„ירדני באַרייכערט אונזער ליטעראַטור מיט זיינע אינטימע, האַרציקע, מיט אַ שאַרפן־בליק און געניטער האַנט אויפגעשריבענע אַרטיקלען אין זיין סעריע „וואָרט און קלאַנג״, ווי אויך זיינע קורצע „שלאָגנדע״ רעצענזיעס איבער טעאַטער און מוזיק.״

שמואל ראָזשאַנסקי — וועגן קאָנצערטן. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, יולי 14, 1948.

„אַז אַ זינגער און אַ חזן, וואָס איז ביי אונז אינגאַנצן אַ פּנים־חדשות, זאָל גלייך צו זיין דעביוט אויפטרעטן אין אַ פול־באַזעצטן טעאַטער, איז בלי שום ספק אַ גרויסער חידוש. מרדכי ירדני איז, הפּנים, אַ גרויסער בר־מזל. אין דעם גוטן מזל האָט זיכער אַ היפּשן חלק, וואָס ער איז, ירדני, אַ שרייבער מיט אַן איידעלער באַציאונג צו נגינה און צו וועמעס ערשטן קאָנצערט אין טעאַטער „סאָלסעיל״ עס איז געקומען די גאַנצע שרייבער־ און קינסטלער־משפּחה פון בוענאָס־איירעס.

„ירדני איז אַ מתיקות׳דיקער אינטערפּרעטירער פון ליד און תפילה. אַ קליינע שטימע, אַ לירישער טענאָר, דער עיקר מיט אַ ווייכן גרונטאָן. מאָמענטנווייז דאַכט זיך אויס אַז נישט מ׳הערט זינגען, נאָר שפּילן אויף אַן אוקאַלאַלע... אַז ער הויבט אויף דאָס קול, קלינגט עס ווי אַן עכאָ, ווייט, ווייט, ווי געזאַנג אין פעלד.

„ירדני לייגט דעם אַקצענט אויפן אויסטייטשן דאָס ליד און תפילה, און ער איז שטעלנווייז פּרעכטיק אַלס פּאַרטייטשער און אַריינטייטשער. מיט יראת־הכבוד פאַר געזאַנג, מיט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר דער אוידיטאָריע, אינטעליגענט, איידל, ערנסט, מיט פּיעטעט, מיט פיינער האַלטונג, וואָס פאַרשאַפט אַ נחת־רוח.

„דער קאָנצערטיסט, אַ מיטלוואוקסיקער, איז אויסגעוואָקסן אויף דער בינע, קלאַסיש אין האַלטונג, מיט מאָס, אָן ראַשיקע זשעסטן, אידישלעך און דאָך גרויסוועלטיש. ירדני האָט אַ שיינעם פאַלצעט. ער קען בכלל די קונסט פון זינגען, נאָך דער עיקר איז ער אַ בריה אין פאַסאַזשען צום פאַלצעט.״

דר. ל. זשיטניצקי — דער ערשטער אויפטריט פון מרדכי ירדני. די פרעסע, בוענאָס־איירעס, יולי 14, 1948.

„מרדכי ירדני ווייסט וואָס און ווי און קען זינגען, אומאָפּהענגיק פונעם דיאַפּאַזאָן פון זיין שטים. ער איז אַבסאָלוט מוזיקאַליש, פאַרמאָגט אַ רייכן חוש צו וואַריאירן און צו געבן קאָלירפולקייט דער מוזיקאַלישער אינטער־פּרעטאַציע; קען און באַווייזט אַריינצודרינגען אינעם מקור פון דער נגינה; זינגט מיט האַרץ און מח, מיט סענטימענט און אינטעליגענץ; ווייסט ווי און ווי אַזוי צו שטעלן דעם טראָפּ אויפן וואָרט, אויפן בינדן די אויסגעזונגענע פראַזע; באַ׳חנ׳ט זי מיט איידלקייט און פיינקייט — און אַ דאַנק דעם איז טאַקע זיין ערשטער אויפטריט אין טעאַטער „סאָלסיעל״ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריכטיקער קולטור־ און קונסט־אַקט.״

אברהם ווייסבוים — מאַלע וואָס מ׳רעדט, דער וועג, מעקסיקאָ, אָקטאָבער 13, 1951.

„דער באַרימטער זינגער און אויסטייטשער פון אידישן און העברעאישן ליד, מרדכי ירדני, איז שוין ביי אונז געווען אין מעקסיקאָ מיט אַ דריי יאָר צוריק און האָט אַלעמען אַנטציקט אויף זיינע קאָנצערטן פון אידישע און ארץ־ישראל לידער. איצט האָט ירדני אויך באַוויזן, אַז ער איז אויך אַ גרויסער עמוד־קינסטלער.

„ער האָט געדאַוונט ימים־נוראים אין דער גרויסער „נדחי־ישראל״ שול. אַזאַ געשמאַקן דאַוונען, מיט אַזאַ טיפן געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר די ימים־נוראים׳דיקע תפילות; אַזוי זאָגן דעם „הנני העני ממעש״, מיט אַזאַ האַרציק־טיפן נשמה־ציטער, מיט אַזאַ השתפכות־הנפש, האָט מען נאָך ביי אונז אין שול נישט געהערט.״

דהי ניו־יאָרק טיימס (פון אַ גרויסן באַריכט אויף דער פראָנט־זייט) — אַפּריל 14, 1945.

„ווען מרדכי ירדני האָט געזונגען דעם טראַדיציאָנעלן אידישן רעקוויעם „אל מלא״ אויף דעם גרעסטן מעמאָריאַל־מיטינג וואָס איז ביז איצט אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין לאַנד נאָכן פלוצלונג פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט פאַר אַן עולם פון איבער הונדערט טויזנט מענער און פרויען אינעם גאַרמענט סענטער וואָס פאַרשידענע אַרבעטער יוניאָנס האָבן נעכטן איינגעאָרדענט אין ניו־יאָרק, מיט דער באַטייליקונג פונעם מעיאָר פון ניו־יאָרק, פיאָרעלאָ לאַ־גוואַרדיאַ, און הויך־ראַנגיקע מיליטערלייט פון דער אַרמיי, לופט און פלאָטע, איז געפאַלן אַ מורא׳דיקע שטילקייט אויף דער געוויינלעכער שטאַרק רוישיקער זיבעטער עוועניו.״

א. תלוש — מיינע באַגעגענישן מיט אידישע שרייבער. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, סעפּטעמבער 30, 1954.

„...האָט מיך ירדני אָנגענעם איבערראַשט, ווען איך האָב לעצטנס איבערגעלייענט זיין אַרטיקל וועגן משה נאַדיר׳ן, אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״. מען זעט, אַז ער האָט טאַלאַנט צו שרייבן וועגן שרייבער און זייערע ווערק. און אויפכאַפּן נאַדיר׳ן מיט אַלע זיינע ניואַנסן, ווי ירדני האָט עס געטאָן, אין אַ קורצן אַרטיקל, איז נישט לייכט.״

וויליאַם צוקערמאַן — ירדני׳ס מוטיקער אַרטיקל. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יוני 26, 1953.

„איך האָב געלייענט אַ סך וועגן דעם אונטערגאַנג פון „מאָרגן זשורנאַל״, אָבער קיין אַנדער אַרטיקל האָט נישט געלאָזן דעם טיפן איינדרוק ווי ירדני׳ס. דער דאָזיקער טאָן פעלט ביי אונז אין דער אידישער פּרעסע אין דער לעצטער צייט און דאָס, דאַכט מיר, איז אונזער גרעסטער פאַרלוסט.

„ירדני איז פון די געציילטע שרייבער ביי אונז, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן די שענסטע טראַדיציע פון דער אַמאָליקער אידישער פּרעסע, דעם רעבעלירנדיקן גייסט, וועלכער קען נישט פאַרטראָגן אומ׳יושר סיי געזעלשאַפטלעך און סיי אינדיווידועל, און וועלכער קען נאָך אויפגערעגט ווערן וועגן ענינים וועלכע טראָגן נישט קיין פאַרטיי־כאַראַקטער. עס איז גוט צו וויסן אַז אונזער פּרעסע אין דער לעצטער פּעריאָדע פון איר אונטערגאַנג האָט נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם יוגנטלעכן גייסט פון אַמאָל.״

מ. נעלסאָן — דער 25 יאָריקער ליטעראַרישער יובל פון מרדכי ירדני. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יאַנואַר 28, 1955.

„עס שיינט מיר, אַז מרדכי ירדני, דער שריפטשטעלער, געהערט נישט צו קיינע איזמען, אָבער אין אַלץ: זאַכן, דערשיינונגען, מענטשן, פאַקטן, אַפּעלירט צו אים דאָס שיינע, דאָס עסטעטישע, איך וואָלט זאָגן — דאָס נשמה־יתירה׳דיקע, וואָס ער הויבט אַרויס פון דאָס אַלטעגלעכע, דאָס וואָכעדיקע. ער איז דער קינסטלער־עסטעט פאַר־עקסעלאַנץ. דאָס פאַראייניקט זיך ביי אים, אויף אַ וואונדערלעכן אופן, מיט אַ צווייטן לייט־מאָטיוו — מיטן שטענדיקן אומקאָמפּראָמיסלעכן זוכן דעם אמת, ווי ער זעט אים און פאַרשטייט אים, און מיט זיין מוטיקן קאַמף פאַר זיינע איבערצייגונגען.

„זיין אופן שרייבן איז אַ דירעקטער, אָן פּאָזע, אָן אָנשטעל, נאָר פון האַרצן אַרויס. צי ער נעמט אייך אויף אַ שפּאַציר אין אַרגענטינע, אין בראַזיל, אין מעקסיקאָ, אָדער אויף די גאַסן און עוועניוס פון ניו־יאָרק, אָדער אויף אַ שמועס מיט אידישע שרייבער; צי ווען ער שילדערט כאַראַקטערן, אָדער ער נעמט אויף קונסט־פּראָבלעמען, רעאַגירט אויף סאָציאַל־קולטור־רעלע דערשיינונגען — פילט איר דעם וואַרעמען אָטעם פון דעם קינסטלער, ממש — דאָס פולסירנדיקע לעבן גופא.״

פּראָפ. סאַלאָמאָן קאַהאַן — ירדני׳ס ליטעראַריש־זשורנאַליסטישער אויפטו. לכבוד זיין 25 יאָריקן ליטעראַרישן יובל. די שטימע, מעקסיקאָ, נאָוועמבער 27, 1955.

„דאָס וואָס מרדכי ירדני, ווי אַ פּערזענלעכקייט, שטעלט מיט זיך פאָר, ווערט אין אידיש געוויינטלעך באַצייכנט מיטן נאָמען מושלם. ער איז אַ מענטש מיט אַ באַדייטנדיקן טאַלאַנט, וואָס זיינע פעאיקייטן האָבן געפונען אַן אויסדרוק אויף פאַרשידענע געביטן.

„ווען מ׳וויל באַלייכטן ירדני׳ס פּערזענלעכקייט אַלזייטיק, מוז מען אַרומריידן אירע פאַרשידענע אַספּעקטן, און זיי זיינען: דער זינגער פון אידישן אַלגעמיין־קינסטלערישן און פאָלקס־לידער־רעפּערטואַר, אויפן געביט פון ווידער־שאַפנדיקער, אינטערפּרעטינדיקער קונסט און דער עמוד־קינסטלער; און דער עסייאיסט, מוזיק־קריטיקער און פּובליציסט, אויפן זשורנאַליסטישן געביט.

„צו וועלכן ירדני מ׳זאָל נישט צוגיין: צום עסייאיסט, צום מוזיק־קריטיקער אָדער צום פּובליציסט, איז דער סך־הכל איינדרוק דער זעלבער: ירדני איז אַן אויסגעצייכנטער שרייבער. ער באַהערשט פולשטענדיק זיינע טעמעס, סיי פון שטאַנדפּונקט פון זאַכלעכקייט, סיי וואָס איז שייך די שרייבערישע טעכניק, וואָס דער ענין, וואָס ווערט אַרומגערעדט, פאָדערט, און סיי פון קוק־ווינקל פון מענטשלעכער וואַרעמקייט. ער איז אין אַלץ, וואָס ער שרייבט, טיף פאַראינטערעסירט, און פונקט אַזוי שרייבט ער מיט שטאַרקער איבערצייגונג. איך דערמאָן זיך נישט צו האָבן געלייענט צווישן די פאַרשידענע שאַפונגען פון זיין פרוכטבאַרער פעדער אַן אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן „אָפּצו׳פּטר׳ן״.

„דער קאַפּיטל „ירדני דער עסייאיסט״ ברייגנט ראשית־כל אויפן זכרון זיינע צאָלרייכע אַרבעטן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע אויף ליטורגישע טעמעס, ספּעציעל די, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די ימים־נוראים. זיי זיינען דורכגעדרונגען מיט טיפן ליריזם, וואָס ווערט נאָך בולט׳ער געבראַכט צום אויסדרוק דורך זיין ווייכן אוקראַינישן אידיש. דאָס זיינען עסייען אין בעסטן און שענסטן זין פון וואָרט. ווען זיי וועלן אַמאָל, ווי עס ווילט זיך האָפן, אַרויסגעגעבן ווערן אין בוך־פאָרם, וועלן זיי זיין גאָר אַ באַדייטנדיקער צושטייער פון אָט דעם ליטעראַרישן זשאַנר, וואָס איז ווייט נישט צאָלרייך פאַרטראָטן אין דער אידישער ליטעראַטור.

„נישט ווייניקער אינטערעסאַנט זיינען ירדני׳ס אַרבעטן וועגן שריפטשטעלער און קינסטלער אויף אַנדערע געביטן, אויך דאָ איז ער גאָר אָפט אַן עסייאיסט, דאָס הייסט, ער זאָגט ערנסטע זאַכן מיט אַ שריפטשטעלערישן שמייכל אויף די ליפּן. זיין אַרבעט אויף דער טעמע „העמינגוויי״, קען דינען ווי אַ ביישפּיל. אַזעלכע אָפּהאַנדלונגען זיינע זיינען באַהויכט פון דעם, וואָס אין ענגליש ווערט פאַרשטאַנען, נישט אין באַנאַלן, געל־זשורנאַליסטישן, נאָר אין טיפערן, פיינערן זין, ווי „היומען אינטערעסט״. ער וועבט אַריין אין זיינע באַשרייבונגען עפּיזאָדן, וואָס זיינען נישט „פּיקאַנט״, נאָר וועזנטלעך, כדי דער לייענער זאָל בעסער אַריינדרינגען אין דעם אמת׳ן, גייסטיקן „איך״ פון די כאַראַקטעריזירטע פּערזענלעכקייטן.

„ירדני, דער מוזיק־קריטיקער, האָט אויסערגעוויינטלעכע פאַרדינסטן, וואָס שטעלן אים אַוועק אַלס גאָר ערשטן אין וויכטיקייט אין דער ניו־

יאָרקער אידישער פּרעסע. זאָל דאָ קלאָר און דייטלעך געזאָגט ווערן: ביז אים האָט אין דעם ניו־יאָרקער אידישן זשורנאַליזם קיין מוזיק־קריטיק אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט, נישט עקזיסטירט. אַלס אַזעלכע זאָל דאָ פאַרשטאַנען ווערן נישט קיין סענטימענטאַליזירנדיקע איגנאָראַנץ, וואָס דעקט צו איר נאַקעטקייט מיט דעם פּייגן־בלאַט פון „הימליש", „געטלעך", „אומפאַרגלייכלעך" און נאָך אַזעלכע גאָרנישט זאָגיקייטן, נאָר קענטעניש פון מוזיק, פאַרשטענדעניש פונעם ווערק, לאָגיש באַגרינדעטע, נישט פּעדאַנטישע פאָדערונגען צום אינטערפּרעטירער, פעאיקייט זיך צו באַגייסטערן, מיט עכטער קונסט יעדעס מאָל אויפסניי, און ליטעראַרישער טאַלאַנט: דאָס הייסט חוש פאַר שפּראַך און סטיל. מרדכי ירדני האָט אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע אַריינגעבראַכט ווירדיקע מוזיק־קריטיק.

„און אחרון אחרון חביב: ירדני, דער פּובליציסט.

„אין דעם „אָנפאַנט טעריבל" פון דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע: „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — דעם פּרעסע־אָרגאַן פון דער דאָרטיקער ליטעראַרישער אָפּאָזיציע — לייענען מיר אָפט ירדני'ס גלענצנדיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען אויף טעמעס פון קולטור־געביט. נישט איינמאָל רופט ער דאָרט אָן זאַכן מיטן ריכטיקן נאָמען און זאָגט פּראָסט און פּשוט, אַז „דער קעניג גייט נאַקעט". ער טוט עס מיט אַ מערקווירדיקן מוט, מיט דער אומדערשראָקנקייט פון אַ מענטשן, וואָס קעמפט פאַר העכערע ווערטן. ווי אַ ביישפּיל פון אָט דעם בירגערלעכן מוט קען דינען דער איינלייטנדיקער טייל צו זיין דאָ לעצטנס אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" געדרוקטן לענגערן אַרטיקל וועגן ב. שעפּנער.

„סיי ווי אַן עסייאיסט, סיי ווי אַ מוזיק־קריטיקער און סיי ווי אַ פּובליציסט, האָט מרדכי ירדני וואָס צו זאָגן און סיי דעם טאַלאַנט צו זאָגן עס אויף זיין אייגענעם אופן. דאָס מאַכט זיין שרייבן וויכטיק און אינטערעסאַנט."

ל. גרוזמאַן — דער אידישער זינגער מרדכי ירדני. דער שפּיגל, בוענאָס־איירעס, יולי, 1948.

„זיינע אויפטריטן אין בוענאָס־איירעס האָבן אים שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט צווישן אַלע קרייזן פון דער היגער אידישער באַפעלקערונג און — אין גאָר אַ קורצער צייט. מרדכי ירדני איז אויך אַ

שרייבער און אויף דער זייט טאַקע ברייגנען מיר זיין שרייבערישן און אַרטיסטישן „אני־מאמין״.״

נתן סטאָלניץ — אין דער חזנ׳ישער וועלט. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, אויגוסט, 13, 1951.

„דורכשטודירנדיק די אינהאַלטסרייכע ליטעראַרישע אָפּטיילונג פונעם „חזנים זשורנאַל״, וואָס איז לעצטנס אַרויסגעגעבן געוואָרן פונעם חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע אין ניו־יאָרק, לייענט מען בדיוק דורך אָט דעם גאַנצן באַלערנדיקן מאַטעריאַל, פּראַגראַמאַטיש געריכטעט אין אַן אַקאַדעמיש־וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג, רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני, פאַרבלייבט מען מיט אַ גאַר גוטן נאָכגעפיל און טיפע נאָכדענקעניש וועגן אָט דעם גרויסן באַדייטנדיקן אידישן קונסט־צווייג, וואָס רופט זיך „חזנות״ און וואָס איז פאַר דורות לאַנג געווען צווישן די דאָמינירנדיקע באַווירקנדיקע פאַקטאָרן אין אונזער רעליגיעז־נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן און אינעם געשיכטלעכן גאַנג פון אונזער פאָלקס־קולטור.

„די מוזיקאַלישע אַרטיקלען פון לייב גלאַנצ׳ן „חזנות — דער שיר־השירים פון די אידישע פאָלקס־מאַסן״ און פון מרדכי ירדני׳ן „דער גאַנג פון דער אידישער נגינה און מוזיק״ זיינען באמת פנינים־יקירים, וואונדערבאַרע פּערלען, וואָס דאַרפן געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן.״

מ. רובינשטיין — בקיצור. סליחות, געזאַנג און זיסע נגינה. די שטימע, מעקסיקאָ, סעפּטעמבער 26, 1951.

„מרדכי ירדני זאָגט גאָר אַנדערש די סליחות. ער שרייט נישט, ער דערגייט נישט צו קיין גאָר הויכע טענער — ער זינגט זיך אַזוי בנעימות׳דיק און מיט געפילן און ער טייטשט אויס די אַלטע געבעט־זאַצן, ער לייגט זיי אַריין יעדן אין מויל; עס איז אַ מחיה צו הערן און עס זינגט זיך מיט...

„עס האָט היי־יאָר „נדחי־ישראל״ אָפּגעגליקט מיטן חזן אויף ימים־נוראים. אַזאַ זיסע נגינה און אַזאַ האַרציקן נוסח ווי עס גיט ירדני, איז זעלטן צו געפינען היינט ביי חזנים און בעלי־תפילות. מ׳דאַרף זיין אַזאַ מוזיק־ספּעץ, ווי ירדני איז, און אַזוי לעבן מיט געזאַנג, ווי ירדני טוט עס — כדי צו זיין אַזאַ נעים־זמירות ווי ער איז עס.״

פראָפ. סאַלאָמאָן קאַהאַן — אַ טאָג איבער אַ טאָג. ירדני׳ס געלייטערטע קונסט. דער וועג, מעקסיקאָ, מערץ 2 1948.

„מרדכי ירדני איז צווישן דער פּלעיאַדע פון אידישע אינטער־פּרעטירנדיקע קינסטלער אפשר דער איינציקער, וואָס האָט אַ פילאָזאָפישן צוגאַנג צו זיין טעטיקייט אויף דער קאָנצערט־בינע, ווי אויך ביים עמוד. ער געהערט נישט צו די, וואָס זינגען „פריי, ווי דער פויגל״.

„טיף אין דעם ווערזנטלעכסטן וועזן פון דער אידישער נגינה איז ער אַריינגעדרונגען. און ער האָט דאָרט געפונען דעם אידנס ספּעציפישן צוגאַנג, דעם אויסדרוק, דעם קנייטש, וואָס מאַכט איר איינציק אין דעם גרויסן אָרקעסטער פון נאַציאָנאַלע אויסדרוקן דורך דער פּענטאַגראַמע: „אַ איד זינגט נישט קיין אַריעס, אַ איד ברומט אַ ניגון.״ (פון ירדני׳ס אַן עסיי). פון אָט דער פונדאַמענטאַלער קאָנצעפּציע פליסט אַרויס ירדני׳ס ספּעצי־עלער כישוף, ווען ער אינטערפּרעטירט, נישט ווייניקער ווי די מייסטער־שאַפט פון זיין געזאַנג־טעכניק.״

שמואל ראָזשאַנסקי — דער פאָלקס־זינגער און שרייבער מרדכי ירדני פאָרט היינט אַוועק. די אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס, אויגוסט 6, 1948.

„מרדכי ירדני האָט אין דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען אין בוענאָס איירעס, געוואונען די סימפּאַטיע אין פאַרשידענע קרייזן, ווי אַ פאָלקס־זינגער און ווי אַ מענטש, ווי אַ חזן און ווי אַ שרייבער. ער האָט איבערגעלאָזט אַן איינדרוק דורך זיין איידלקייט און געמיט, מיט זיין אינטעליגענץ און וואַרעמען געפיל. דורך זיינע קאָנצערטן, מיט זיין אינטערפּרעטירן דאָס ליד און פאַרשטיין, האָט מרדכי ירדני דערנענטערט דאָס ארץ־ישראל ליד צו אונזער עולם. אין חזנות האָט ער אונטערגעשטראָכן די מעלאָדישקייט און פאָלקסטימלעכקייט אין תפילה. און ער האָט געוועקט ליבשאַפט צום אידישן פאָלקס־ליד און ליד פון אונזערע גוטע פּאָעטן. די לייענער פון „די אידישע צייטונג״ האָבן געקראָגן אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט ירדני׳ן דעם געמיטלעכן שרייבער, וועלכער באַמיט זיך צו באַשרייבן אידישע אויפטוען, טוער אין אידישער נגינה און מוזיק, ווי קינסטלער בכלל.״

פּ. ניעמאַי — פאַרבייגייענדיק. די אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס, אויגוסט 6, 1948.

„דער זינגער ירדני האָט נישט קיין זייער הויכע שטימע, אָבער ער זינגט זייער שיין, חנ׳עווריק, אָנגענעם און עס איז אַ מחיה צו הערן. אָבער נישט קוקנדיק וואָס זיין שטימע איז נישט קיין שטאַרק הויכע, האָט ער באַוויזן דעם קונץ, אַז זיין געזאַנג זאָל גלייכצייטיק געהערט ווערן פון טויזנטער אידן אין דער גאַנצער אַרגענטינער רעפובליק. יאָ, זיין שטימע האָט דערגרייכט זייער ווייט, און דאָס איז געשען אין אַן אָוונט פון פאָריקער וואָך, ווען ער האָט געגעבן אַ קאָנצערט אויף דער אידישער ראַדיאָ־שעה.״

דר. ל. זשיטניצקי — געזעגנדיק מרדכי ירדני. די פרעסע, בוענאָס איירעס, אויגוסט 6, 1948.

„ביי אַ געלעגנהייט איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז מרדכי ירדני׳ס אויפטריטן געווינען אַ קולטור־קינסטלערישן כאַראַקטער פון גרויסן באַדייט. דאָס עיקר׳דיקע ביי מרדכי ירדני׳ן איז וואָס מ׳זינגט און ווי אַזוי מ׳זינגט. די אייגנשאַפט פון מרדכי ירדני׳ן באַשטייט אין דעם, וואָס ער נעמט אויף זיין „וואָס זינגען און ווי זינגען״, ווי אַ ווירקלעכע מלאכת־הקודש.״

יצחק ליבמאַן — בויער און שאַפער פון מיין דור. מ. ירדני. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, ניו יאָרק, דעצעמבער 31, 1954.

„אין זיין שרייבן, ווי אין זיין זינגען איז געקומען צום אויסדרוק דער ליריקער: דער באַזינגער און באַוואונדערער. זיין סטיל צייכנט זיך אויס, חוץ אַנדערע מעלות, מיט קלאָרקייט און מיט הסברה׳דיקייט. אייניקע אַרבעטן פון אַ קעמפערישן כאַראַקטער, וועלכע ירדני האָט פאַרעפנטלעכט אין „וואָכנבלאַט״, האָבן אויפגערודערט אפילו אונזער פאַרגלייכגילטיקטע „אידישע גאַס״. דערצו האָט ער געהאַט אַרבעטן פון אַן עסייאיסטישן כאַראַקטער, ווי צ. ב., זיין אויסגעצייכנטע עסיי „פון כל נדרי ביז נעילה״ וואָס קען אויך אויסגענוצט ווערן אַלס אַ מוסטער־טעקסט פאַר אַ כרעסטאָמאַטיע פאַר מיטלשול תלמידים; זיינע רייזע־בילדער איבער די צענטראַל־און דרום־אמעריקאַנישע לענדער — קרעדיטירן אים מיט נאָך „אַ פעדער אין זיין הוט״.

„אין 1936 האָט זיין שטערן אויפן מוזיקאַלישן הימל אויפגעלויכטן מיט גליאיקער קלאָרקייט אַלס אָריגינעלער אויסטייטשער פון אידישע און העברעאישע לידער. „יפים הלילות״, „למולדתי״, „שיר העמק״, „זמרי לי״

און „שיר החליל״ זיינען אין אַ גאָר קורצער צייט, אַ דאַנק זיינע אָפטע אויפ־טריטן אויף דער ראַדיאָ און אויף קאָנצערטן, געוואָרן פון די באַרימטסטע לידער צווישן דער נאַציאָנאַל־אינספּירירטער אידישער יוגנט אין אַמעריקע. די אָנגעזעענסטע „רעקאָרד״־פירמעס פון אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן פּראָדוצירן זיינע לידער און תפילות, וואָס דאָס האָט זיין נאָמען — אין עלטער פון 25־26 יאָר — געגעבן נאָך גרעסערן פרסום.״

ש. טענענבוים — יצחק ליבמאַנ׳ס פּערטער באַנד שריפטן. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יוני 30, 1955.

„אַ גרינטלעכע אַרבעט האָט ליבמאַן וועגן מ. ירדני, אַ שרייבער מיט גרויסן אומרו, בונטאַרישקייט און געוואַגטקייט. ירדני׳ס אומצופּריעדענע פּען האָט אָבער אויך מאָמענטן פון פיינעם געמיט, לירישקייט און יום־טוב.״

דער וועג (פון אַ גרויסן באַריכט) — ירדני באַצויבערט תלמידים פון דער אידישער שול מיט פּרעכטיקן רעפעראַט און וואונדערשיינעם זינגען. מעקסיקאָ, מערץ , 1948.

„אין איינקלאַנג מיט איר טראַדיציע צו באַקענען אירע תלמידים מיט פּראָמינענטע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס באַזוכן מעקסיקאָ, און געבן זיי די געלעגנהייט צו רעדן צו די שילערשאַפט און לערער־פּערסאָנאַל, פון דער שול־טריבונע, האָט די דירעקציע פון דער אידישער שול איינגעלאַדן אויף אַ באַזוך דעם געהויבענעם גאַסט, וואָס ווײַלט איצט דאָ־הי: דעם מייסטער־זינגער, גרויסן עמוד־קינסטלער און גלענצנדיקן מוזיק־קריטיקער מ. ירדני. דער דירעקטאָר פון דער שול אַ. גאָלאָמב האָט אין האַרציקע ווערטער באַגריסט דעם גאַסט און אים פאָרגעשטעלט פאַר דער צוהערער־שאַפט, ווי דעם אורשפּרינגלעכן אידישן קינסטלער, וועלכער גייט צו די מקורות פון דער אידישער נגינה, פאָרשט, ברענגט אַרויס דאָס וואָס איז וועזנטלעך אידיש, און באַרייכערט אַזוי אַרום מיט זיין קונסט דעם אידישן קולטור־אוצר.

„ירדני הויבט אָן זיין רעדע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּרעכטיקן רעפעראַט מיט געזאַנג־אילוסטראַציעס, וואָס האָט געדויערט אַ שעה צייט, ביי אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג און לויבנסווערטער פּול־

שטענדיקער שטילקייט פון זיינע יוגנטלעכע צוהערער, וועלכע זיינען געזעסן ממש ווי פאַר׳כישופ׳ט פונעם פאַסצינירנדיקן רעפעראַט״.

יענטע סערדאַצקי — סערדאַצקי׳ס ווינקל. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יוני 23, 1950.

„ירדני׳ס „וואָרט און קלאַנג״ וועגן ליטעראַרישע ענינים, שאַלט ווי אַ שופר מיט יונגטלעכן ברען.״

נפתלי קראַוויץ — „לעאָ ליאָוו — מאָמענטן פון זיין לעבן און שאַפן״. אונזער וועג, שיקאַגאָ, תשרי, ראש השנה, תשכ״ב.

„דער בוך איז פּרעכטיק אַרויסגעגעבן און בעט זיך ממש צום לייענען. מרדכי ירדני איז גוט באַוואוסט אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער סיי אַלס ערנסטער שרייבער איבער מוזיק און ליטעראַטור און סיי אַלס בעל־מנגן און באַגאַבטער חזן. ער האָט געמאַכט אַ צאָל טורן איבער זיד־אַמעריקע, אייראָפּע און ישראל און האָט אומעטום געוואונען די הערצער פון די אידישע מאַסן. במשך אַ צייט איז ער געווען רעדאַקטאָר פון ליבמאַנ׳ס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך אין וועלכן ער האָט פאַרעפנטלעכט „אינטערוויוען מיט אידישע שרייבער״. זיין בוך האָט אַרויסגערופן אַ פוראָר אין ליטעראַרישע קרייזן צוליב די שאַרף־קריטישע דער־קלערונגען וועגן דעם מצב פון דער אידישער ליטעראַטור. ירדני האָט מיט־געאַרבעט אין „טאָג״, און אין „פאָרווערטס״ און אין אַ צאָל אַנדערע אויסגאַבעס.״

י. פריד — דער שפּעררישער וועג פון אַ אידישן מוזיקער. זאַמלונגען, פערטליאָר־שריפט, פרילינג, 1961, ניו יאָרק.

„ביים פאַרטראַכטן דאָס דאָזיקע ווערק, האָט מרדכי ירדני אָנגעשטעלט זיין פען אויף אַ לירישן טאָן, און ס׳האָט זיך באַקומען אַ „מזמור שיר ל׳לעאָ ליאָוו״. אויף אַ ברייטע קאַנווע האָט דער באַקאַנטער זינגער, שרייבער און מוזיקאָלאָג אויפגעשטעלט אַ פאָרטרעט, וואָס פירט אַרויס לעאָ ליאָוו׳ן אַ לעבעדיקן און שפרודלדיקן, אַריינגעטאָן אין אַרבעט און פּלענער, שיעור נישט ביז דער לעצטער מינוט פון זיין פאַרצווייגט־שעפערישן לעבן.

„ס׳וואָלט געווען אַן עוולה, ווען מיר זאָלן נישט באַטאָנען, אַז דאָס בוך

435) זייטן אויף אידיש, אַחוץ אַן ענגלישע אָפּטיילונג) איז טעכניש אַ מייסטערישע דערגרייכונג, אַבסאָלוט אַ צירונג.

„די כלל נישט גרינגע שליחות, וואָס ירדני האָט גענומען אויף זיך, האָט ער דורכגעפירט מיט קאָמפּעטענץ און אחריות. ס'איז געווען, ווי מ'זאָגט אויף ענגליש „עי לעיבאָר אָוו לאָוו". זיין איינגעבוירענע שרייבערישער טאַלאַנט איז ירדני'ן בייגעשטאַנען אין דער פולער מאָס, אַז זיין בוך זאָל זיך לייענען מיט פאַרגעניגן.

„דער באַנד „לעאָ לאָוו" האָט באַרייכערט די אידישע מוזיקאַלישע־ליטעראַטור מיט אַ ווערק, וואָס איז וויכטיק און ווערטפול."

ישראל קאָרענמאַן — מרדכי ירדני'ס בוך וועגן לעאָ לאָוו. אידישע קולטור, ניו יאָרק, מאַי, 1961.

„עס קומט אַ גרויסן דאַנק דעם שרייבער און מוזיקער מרדכי ירדני פאַר זיין בוך „לעאָ לאָוו", אין וועלכן ער שילדערט ערלעך און געטריי די פערזענלעכקייט פונעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט לעאָ לאָוו. די ביאָגראַפיע און ביבליאָגראַפישע פּרטים, מיט וועלכע דאָס בוך איז פול, באַקענען דעם לייענער מיט וויכטיקע קולטור־מוזיקאַלישע דאַטעס און מיט דעם גרויסן בייטראַג, וואָס לאָוו האָט געמאַכט צו דער אידישער מוזיק, צו דער אידישער נגינה סיי ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, סיי ווי אַ גרינדער און אָנפירער פון אידישע פאָלקס־כאָרן אין אייראָפּע, ארץ־ישראל און אַמעריקע. די שטריכן פון לעאָ לאָווס כאַראַקטער ווערן דורך מרדכי ירדני געצייכנט מיט אַ זיכערער האַנט — און דער עיקר — מיט פיל האַרציקייט און פאַרערונג פאַר דעם אַלטן מייסטער־דיריגענט, וועמעס קאָלירפולע שאַפעריש לעבן ווערט אַנטפּלעקט פאַר אונז אין דער פולער פּראַכט.

„מרדכי ירדני'ס לעאָ לאָוו־בוך איז אַ וויכטיקע צושטייער צו דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור, ער איז געשריבן אין אַ פליסיקער שפּראַך און ער איז פאַרכאַפּנדיק מיט די פאַקטן און עפּיזאָדן פון לאָוו'ס לעבן און שאַפן."

שלום סעקונדאַ — לעאָ לאָוו. פאָרווערטס, דעצעמבער 10, 1961, ניו יאָרק.

„מרדכי ירדני גיט אַ גרינטלעכע ביאָגראַפיע וועגן לעאָ לאָוו — זיין

לעבן, זיין אַלגעמיינער און מוזיקאַלישער בילדונג, זיינע ערשטע טריט אַלס פּראָפעסיאָנאַל, אַלס קאַפּעלמייסטער און אייגנאַרטיקער כאָר־מייסטער; וועגן ליאָוון אין דער סינאַגאָג און ליאָוו, דער אָרגאַניזאַטאָר פון אידישע כאָרן, וועגן ליאָוו׳ס פילע רייזעס פון ווילנע, וואַרשע, בוקאַרעסט, אַמעריקע, ארץ־ישראל. אַהין און צוריק און ווידער אַהין און צוריק, וועגן דער ווילנער שול און טלאָמאַצקער סינאַגאָגע וואָס האָבן פאַרשריבן צענדליקער קאַפּיטלעך געשיכטע אין דער ליטורגישער מוזיק; וועגן ליאָוו, דער קאָמפּאָזיטאָר און אַראַנזשירער פון אומצענדליקע פאָלקס־לידער פאַר סאָלאָ און כאָר, אָבער דער איצטיקער דור וואָלט דאָס נישט געוואוסט, און אַוודאי און אַוודאי נישט דער קומענדער דור, ווען נישט אַזאַ בוך וואָס איז אויף אַזאַ הערלעכן סיסטעמאַטישן אופן אַרויסגעגעבן געוואָרן פון מרדכי ירדני. דאָס בוך דאַרף זיך געפינען נישט נאָר אין די ביבליאָטעקן פון דער גאַנצער וועלט נאָר אין יעדן הויז וואו מוזיק האָט אַן אינטערעס בכלל, און בפרט אין יעדן אידישן הויז. אַזאַ בוך דאַרף זיין אַ טייל פון די לימודים וואָס מ׳לערנט מיט אידישע קינדער. פּונקט ווי מ׳לערנט וועגן די העלדן פון אונזער געשיכטע, אַזוי דאַרף מען אויך לערנען וועגן דעם העראָאיזם פון אַ „לעאָ ליאָוו.״

ר. יוקלסאָן — **אַ שפּיגל פון דעם אידישן לעבן אין די 80 יאָר. ניו יאָרק, „איקוף־אַלמאַנאַך״, 1961.**

„ממש פאַרכאַפּנדיק איז מרדכי ירדני׳ס זייער אינפאָרמאַטיווע, מיט אַן אַ שיעור פאַקטן־אָנגעפּיקעוועטע אָפּהאַנדלונג וועגן אידישער מוזיק און אידישע מוזיקער אין אַמעריקע. ירדני ווייזט אַרויס ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם געביט פון אידישער מוזיק, איבערהויפּט ליטורגישע מוזיק, וואָס ער גיט איר זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט, כאָטש ער רעדט אויך וועגן מוזיק פון אידישן טעאַטער און אויך וועגן פאָלקס־לידער.

„ירדני ווייזט אַרויס אויסערגעוויינטלעכע בקיאות אין דער אידישער ליטורגישער מוזיק, איר אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג, פּונקט ווי ער אַנטפּלעקט זיך ווי אַ בן־בית, ווען ער דערציילט וועגן צענדליקער חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן פון אידישער ליטורגישער נגינה. נישט נאָר לעבט ער אויף דורך אַ פּאָר שטריכן די פיזאָנאָמיע און פּערזענלעכקייט פון דער גרויסער צאָל באַרימטע און ווייניקער באַרימטע חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן נאָר ער

אַנאַליזירט אויך זייערע שאַפונגען און ווייזט אָן אויף זייערע אייגנ־אַרטיקייט.״

יצחק וואַרשאַווסקי (יצחק באַשעוויס־זינגער) — **ירדני׳ס אינטערוויוס מיט אידישער שרייבער. ניו יאָרק, פאָרווערטס, יוני 3, 1956.**

„... וועגן די שריפטשטעלער וואָס פון זיי האַלט מרדכי ירדני, שרייבט ער מיט ליבשאַפט, מיט פאַרערונג. ער ווייזט אַרויס אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר זיי און זייער שאַפן. אָבער פונקט ווי מרדכי ירדני האָט אויפריכטיק ליב זיינע שרייבער, אַזוי מאַכט ער אַש און פּאָרעך פון די שרייבער וואָס ער האַלט נישט פון זיי.״

נ. שמן — **דער מענטש און זיין ניגון. וויניפּעג, קאַנאַדע, דאָס אידישע וואָרט, מערץ 2, 1962.**

„מיט גרויס פאַרשפּעטיקונג האָב איך זיך גענומען לייענען דאָס גרויסע ווערק „לעאָ ליאָוו״ — און נישט זייענדיק פון בארוף אַ מוזיקאָלאָג, אָדער אַ מוזיק־קריטיקער, פיל איך אָבער, ווי אַ ליבהאָבער פון נגינה, אַן אינערלעכן דראַנג צו פאַרצייכענען די געפילן און זיך אַרויסזאָגן, זאָל זיין מיט נישט קיין גרויס חדשות, אָפן געזאָגט, דער עיקר וועגן מרדכי ירדני, ווי אַ מחבר און עסייאיסט, רעדאַקטאָר און אָפּשאַצער, קינסטלער און קריטיקער.

„לעאָ ליאָוו איז געוועזן איינער פון די גרעסטע מוזיקאַלישע פּערזענלעכקייטן ביי אידן און מרדכי ירדני, דער מוזיקאָלאָג „בהא הידיעה״, אַליין אַ שאַפערישע פּערזענלעכקייט אין נגינה, האָט געקענט באַווייזן צו געבן אונז אַ קלאָר בילד פון ליאָוו׳ן ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר און בכלל אונז געבן אַ וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן מוזיק און נגינה. אַ מוזיקאָלאָג ווי ירדני, האָט געקענט דורכפירן די אַרבעט בשלימות, דערצו האָט אים אַ סך געהאָלפן זיין נאָענטקייט און זיין אינטימקייט און — זיין פאַרערונג צו ליאָוון.

„דאָס בוך איז כמעט ווי אַן אוניקום אין אידיש, סיי מיט דער פּנימיות׳־דיקייט, מיטן תוך און אינהאַלט, און סיי מיט דער חיצוניות׳דיקייט, פּרעכטיק שיין אַרויסגעגעבן, לויט דער לעצטער דערגרייכונג אין דרוק און שריפט־קונסט.

„ביים שילדערן דאָס לעבן און שאַפן פון קינסטלער ווי לעאָ ליאָוו, האָט

אונז ירדני באַקאַנט מיט דער דראַמאַטישער תקופה אין דער אידישער געשיכטע אינעם לעצטן יובל־יאָרן — אָנגעשריבן אין ירדני׳שן סטיל, מיט ליבשאַפט און עקסטאַז — און געשאַפן אַ פול סינסעטיש בילד פון דעם עולם קטן וואָס האָט געהייסן לעאָ ליאָוו מיט זיין קאָסמישן געזאַנג.

„מרדכי ירדני זייענדיק אין דער היים סיי אין דער מוזיק־וויסנשאַפט און סיי אין דער ליטעראַרישער עסייאיסטיק און אין דער פאָלקס־שאַפונג, האָט געשטאַלטיקט גאָר גרויסאַרטיק און אָביעקטיוו זיין העלד.״

ישראל גיטלסאָן (אויסטראַליע) — אַ שרייבער, אַ זינגער און אַ מוכיח. מעקסיקאָ, די שטימע, מערץ 17, 1956.

„איך בויג מיין קאָפּ פאַר דעם, וואָס רעוואָלטירט קעגן יעדן מין אומרעכט, צביעות און רשעות!

„וויל איך גלויבן, אַז ירדני׳ס אַפרייאוריזם, קעמפערישער גייסט לטובת דער אידישער ליטעראַטור — איז אַן ערלעך־מיינענדיקע!

„וואָרום אַ מענטש, וואָס האָט, אַלס מוזיק־קריטיקער, קאָנצערט־זינגער, אַזאַ אָפענעם דריסת־הרגל אויף דער נישט אידישער בראָדוויי, קען מען נישט חושד זיין, אַז אים פעלט שטאַרק אויס קולטור־קינסטלערישע סביבות. אַז זיין, אַלס אַ אידישער איד, אידישער שריפטשטעלער, גייט אים שוין יאָ שטאַרק אין לעבן, אַז אין דער אידישער ליטעראַטור זאָל זיך פילן אַ ריין, עטיש מאָראַלישע, לופט...

„האָט ער זיך אויסגעקליבן אַ מנין אידישע שרייבער („אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער״, פאַרלאַג „מלכה״, ניו יאָרק, 1955, 160 ז״ז.), וועלכע פילן און האַלטן אויך, גלייך מיט אים, אַז לא זו הדרך!

„און אויף זיין רוף, ווענדונג, האָבן זיך אָפּגערופן פאָלגנדיקע שרייבער: יצחק באַשעוויס (זינגער), ב. צ. גאָלדבערג, דער לעבעדיקער, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, ב. שעפנער, א. אַלמי, יאָסל קאָהן, ש. טענענבוים, משה וויטיעס און יצחק ליבמאַן.

„כאָטש יעדער, אַן און פאַר זיך, האָט דאָס אַרויסגעזאָגטע גענומען פון אַן אַנדערן אַספּעקט, געזען פון אַן אַנדערן קוק־ווינקל, האָבן זיך די דיאַגנאָזן אַזוי ענג צווישן זיך מצרף געווען, אַזוי ווי אַ מנין אידן צום דאַווענען, אויסשרייענדיק:

„ — די אידישע ליטעראַטור איז אין איצטיקן מאָמענט, ממש אין דער

24־טער שעה, אַ חולה־מסוכן ! ! זי נויטיקט זיך אין אַ באַלדיקער הילף, אין אַ רפואת־הנפש ורפואת־הגוף !

„חוץ די מעלות טובות, וואָס דאָס בוך „אינטערוויוען מיט אידישע שרייבער" פאַרמאָגט, האָט עס מזל, וואָס דער אויטאָר, שאַפער פון דעם, פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן, וועלכע זיינען נויטיק דערצו.

„און נעמלעך: געוואָגטקייט צו קענען וועמען אָנטרעטן אויף די „הינער־אויגן", נישט מורא האָבנדיק פאַר עווענטועלע סאַנקציעס, נישט רעכענענדיק זיך, וויפיל שונאים ער וועט דערפאַר באַקומען."

ב. צ. גאָלדבערג — אין גאַנג פון טאָג. וועגן ליטעראַרישע ענינים. ניו יאָרק, „דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל", מאַי 20, 1958.

„אין שייכות מיט אַ פריערדיקן קאָלום וועגן ליטעראַרישער קריטיק אויף אונזער אידישער גאַס, וויל איך היינט וואָס באַמערקן וועגן אַ ריי ביכער איבער אידישער ליטעראַטור און שרייבער, וואָס זיינען לעצטנס דערשינען. די עטלעכע ביכער זיינען פון פאַרשידענעם באַדייט, אָבער זיי האָבן אַלע פאַרדינט, אַז דער אינטעליגענטער אידישער לעזער זאָל וויסן פון זיי, אַז זיי זיינען דערשינען און האָבן עפּעס אַ באַגריף וועגן זייער אינהאַלט.

„די ביכער וועגן שרייבער אַנטהאַלטן קירצערע אימפּרעסיעס פון אידישע שרייבער: יעקב פּאַט'ס „שמועסן מיט אידישע שרייבער", מרדכי ירדני'ס „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", סאַלאָמאָן קאַהאַנ'ס „מעקס־יקאַנער רעפלעקסן", און לעאָן קוסמאַנ'ס אין העברעאישן איבערזעץ אין ישראל „אָמנים ובונים".

„סאַלאָמאָן קאַהאַן, דער ליטעראַטור און מוזיק־קריטיקער פון מעקסיקאָ, גיט אין זיינע רעפלעקסן אַ ריי פּאָרטרעטן פון די אידישע שרייבער אין מעקסיקאָ און אויך שרייבער פון אַנדערע מקומות, ווי פרץ הירשביין, חיים גרינבערג, ה. רויזענבלאַט און אַנדערע. אָט די פּאָרטרעטן זיינען אין אייגנאַרטיקן קאַהאַן־סטיל — מיט שפּאַנישער גראַציע און אַ סך ענטוזיאַזם וואָס זוכט דעם קינסטלערישן פּינטל פון דעם מענטשן.

„יעקב פּאַט'ס און מרדכי ירדני'ס ביכער זיינען ביידע געבויט אויף באַגעגענישן מיט אַ צאָל שרייבער און געשפּרעכן מיט זיי. יעקב פּאַט איז דער ליריקער פון „בונד" און אין זיינע באַשרייבונגען איז דאָ אַ סך סענטימענטאַליטעט, נישט צו זאָגן זיסקייט. נישט געקוקט אויף אָט דעם

גוטברודערישן איבערטרייב, באַקומט זיך פאָרט אַן אַריינבליק אין דער אינטימער וועלט פון דעם שרייבער.

„מרדכי ירדני טרעט צו צו די שרייבער, מיט וועמען ער טרעפט זיך, מער אידעאיש. ער וויל וויסן וואָס דער שרייבער דענקט וועגן אַ ריי פראַגן אין שייכות מיט אונזער ליטעראַטור און קולטור לעבן. פאַרמאָגן ירדני׳ס פאָרטרעטן ווינציקער אינטימיטעט אָדער פּיעטעט, אָבער דערפאַר מער רעאַליטעט און מער קאָנצענטראַציע אויף געוויסע פונקטן, וואָס ער האַלט פאַרן עיקר.״

נח שטיינבערג — שמועסן מיט אידישע שרייבער. קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, יוני 11, 1956.

„איז געקומען אַ מענטש וועמען אידיש איז שטאַרק צום האַרצן און דערזען: אַז אונזער וואָרט האַלט אין אויסצאַנקען — איז ער געוואָרן אומרואיק און באַזאָרגט. אַ סך זעען דעם אויסצאַנקען פון אידיש, נאָר זיי קומען אָפּ מיט אַ ליטעראַרישן: אוי וויי ! דערמיט איז מען יוצא. ירדני האָט אָבער געוואָלט עפּעס טאָן — צולייגן אַ האַנט, אונטערשפּאַרן ס׳האַרץ פּרובירן ראַטעווען.

„האָט ער געטראַכט: ווער קען נאָך אַזוי וויסן וועגן דעם טראַגישן צושטאַנד פון אידיש ווי אידישע שרייבער ? איז ער אַוועק זיך דורכצורעדן מיט אונזערע וואָרט־פירער. פון די געשפּרעכן איז אַרויסגעקומען דאָס בוך: „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער״.

„ווען מען לייענט דאָס בוך זעט מען אַז דאָ האָבן מיר אַ מענטשן וואָס האָט אַ טיפן חוש פאַר דערווירקלעכקייט, אַ דראַנג פאַרן אמת, און אַ תאוה פאַר אויפריכטיקייט . . .

„אויף ירדני׳ס פראַגע: „ווער איז שולדיק אין דער ירידה פון דער אידישער ליטעראַטור ?״ ענטפערט אים יצחק באַשעוויס: „שולדיק, חבר ירדני, איז פאַרשטייט זיך די אַסימילאַציע. אָבער אַ געוויסע שולד טראָגן אויך אַ טייל שרייבער״. און ב. צ. גאָלדבערג גיט אַ גערעכטע דערקלערונג וועגן די פונקציעס פון אַ קליקע: „ווען אַ קלייזל אָדער קליקע באַקומט אַ צו גרויסן איינפלוס אין דער פּרעסע קען זי שטופּן אין פאָראויס מענטשן פון איר קרייז, וואָס פאַרדינען נישט דעם פירסום, און נישט דערלאָזן אַנדערע וואָס פאַרדינען עס יאָ. דאָס אייגענע גייט אויך בנוגע באַאיינפלוסן קריטיק

צום גוטן אָדער צום שלעכטן. בפרט, ווען עס איז דאָ ביי אונז אַ לאַגע וואָס איז ענלעך אויף אַ מאָנאָפּאָל אין געביט פון קריטיק.״

„יאָסל קאָהן האָט אָבער דעם גערעכטן קוראַזש צו וואַרפן די שרייבער אין פּנים אַריין אַזעלכע ביטערע שולדיקייטן, אַז קיינער וועט זיי נישט קענען לייקענען. ער זאָגט: „די מאַכט וואָס די דריי־אייניקייט — לייוויק, אָפּאַטאָשו און גלאַנץ — האָט געקראָגן דורך דער צייטונג, איז פון זיי אויס־גענוצט געוואָרן צו אונטעריאָכן די ליטעראַטור.״

„דאָס זיינען אַזעלכע פּיינלעכע אמת׳ן, וואָס זעלטן ווער וואָלט געוואַגט זיי אַרויסצוברענגען... יאָסל קאָהן האָט דאָס דערגרייכט מיט זיין טרעפלעכער אויפריכטיקייט...

„מזל׳דיק איז ירדני געווען מיט אינטערוויואירן קאָלעגע ש. טענענבוים. אין זיין שרייבן איז טענענבוים אַ ראָמאַנטיקער — אָבער ווען ס׳קומט צו גרונטזאַכן קען ער אויך ווערן אַ רעאַליסט. ווי טרעפלעך ווייזט ער אָן אויף דער פאַרשטעלעניש ביי טייל דיכטער: „יעקב גלאַטשטיין האָט זיך גענומען דעם בראַסלאַווער און אים אין מויל אַריינגעגעבן ניבול־פּה׳דיקע, וואולגאַרע רייד, ווי אַ שטייגער: „די ביימער שטעלן זיך מיט די זייטשע מוחל צו מיר״; „די בלומען לאָזן אַרויס אַ פינצטערע געסראָכע״; „כ׳וועל דיר דערלאַנגען אַ פראַסק, אויב דו וועסט היינט אויסקוועטשן אַ געדאַנק״: „לאָמיר כאַפּן אַ כראָפּ און אַ שנאָרך״.

„ירדני׳ס שרייבן איז נישט ווי ליידיקע מליצה אונטער וועלכע ס׳באַהאַלטן זיך אַ סך פון אונזערע שרייבער — זיין וואָרט איז עלעמענטאַר, אָפן און קלאָר. ער איז באַגייסטערט פאַרן אמת, וואָס ער זאָגט, מיינט ער — און וואָס ער מיינט, זאָגט ער. ער איז אַ זינגער און דאַרף נישט ציטערן פאַרן פרייען וואָרט צוליב פּרנסה... זיין בוך וועקט דעם געדאַנק נאָכצוטראַכטן, איבערצובייטן געוואוינהייטן, אַלע אַלטע מעטאָדן און אָנהייבן זוכן נייע וועגן, וואָס זאָל פירן צו אַ בעסערער באַציאונג פון מענטש צו מענטש — צו עכטער קולטור...״

ש. טענענבוים — פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער. מרדכי ירדני׳ס אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער, מעקסיקאָ, די שטימע, אָקטאָבער דעם 8־טן, 1955.

„יעדער אינטערוויו גיט כמעט אַ באַזונדערן אַריינבליק אין אַ ספּעציעלן

צווייג פון אונזער אידישן גייסטיק, און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. דאָס זיינען צען מעכטיקע, גליענדיק־געשריבענע באַשולדי־קונגען, קלאָר געשריבענע און הייס־אויסגעשפּראָכענע. ירדני האָט נישט ליב קיין נישט דערזאָגטקייטן, קיין „האַלבע אמת׳ן״, ווי ער רופט דאָס אָן. ער מיידט אויס אָנצוהערענעשן און פינטעלעך. ער זאָגט אַלץ וואָס עס איז ביי אים אויף דער לונג. יעדער אינטערוויו איז אַ מין „איך באַשולדיק !?״

„אין דעם בוך ווערט באַהאַנדלט וויכטיקע פּראָבלעמען, ווי צו דער געשיכטע פון דער אידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, די היגע אידישע פּרעסע און איר מצב; דער גאַנג פון דער אידישער ליטעראַטור; ווי אַזוי עס ווערן פאַרוואַלטעט היגע אידישע צדקה־אַנשטאַלטן, די צוקונפט פונעם אַמערי־קאַנער אידנטום; דאָס פּראָבלעמע פון אידישע ליטעראַרישע און געזעל־שאַפטלעכע קריטיק; ווי אַזוי לעבט, שאַפט און פירט זיך אויף דער היגער אידישער שרייבער, פּריוואַט און געזעלשאַפטלעך.

„מיר שיקן אָפּ דירעקט דעם אידישן לייענער צו מרדכי ירדני׳ס בוך.״

א. ל. בערקאָוויץ — אַ מאָנומענט פאַר אַ מוזיקער. ירדני׳ס לעאָ ליאָוו ביאָגראַפיע, ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, נאָוועמבער, 1960.

„ירדני איז פריער פון אַלץ פאַר׳קנס׳ט, אין אַן אייביקן בונד צו מוזיק — און איבערהויפּט צו אידישער מוזיק. מוזיק איז פאַר ירדני׳ן, ממש דער אָטעם פון זיין לעבן און מיט זיין ליטורגישער מוזיק איז קענטיק, אַז ער וואָרצלט טיף אין איר טויזנט יעריקער טראַדיציע.

„דער שרייבער פון די שורות האָט נאָך מיט אַ וועלכע 25 יאָר צוריק זיך באַקענט מיט צוויי קאָמפּאָזיציעס וואָס ירדני האָט געשאַפן, האָבן מיר באַוויזן אָט דעם אמת — אַ קאַפּיטל (קכ״א) תהילים „אשא עיני אל ההרים״, וואָס דער וועלט־באַרימטער עמוד־קינסטלער חזן משה קוסעוויצקי האָט שפּעטער פאַראייביקט אין אַ אַר. סי. עי. וויקטאָר רעקאָרד אונטער דער באַגלייטונג פון אַ סימפּאָנישן אָרקעסטער, און עטלעכע פּסוקים פון תנ״ך, פון ירמיה (ח׳, כ״א), אונטערן טיטל „צעקת הנביא״: ביידע קאָמפּאָזיציעס זיינען אַרויסגעגעבן אין יאָר 1931 פון דער „מעטראָ מוזיק קאָמפּאַני״, אין ניו יאָרק, וואו אין די מערקווירדיקע עלעגישע טענער פון דער קאָמפּאָזיציע האָט ירדני פאַרקערפּערט דעם טיפן ווייטאָק און צער פון נביא, וואָס קלאָגט אויף דעם וואָס ס׳איז נישטאָ קיין באַלזאַם און רופא אין גלעד — און ווי

געזאָגט, איז דאָס אַליין געווען געניג באַגאַזש פאַר ירדני׳ן צוצוטרעטן צו אַט דער וויכטיקער אַרבעט, וואָס איז ממש געשריבן געוואָרן בדחילו ורחימו.

„דער וואָס טרעט צו צו שרייבן וועגן אַזאַ קינסטלער פון קאַליבער ווי לעאָ ליאָוו דאַרף זיין גרייט אים צו קענען אויפנעמען, קענען אים דורכדרינגען אין זיין גאַנצן פאַרנעם און טיפקייט: אַזאַ איינער דאַרף איבער אַלעמען פאַרמאָגן און באַזיצן אַן אומענדלעכע ליבע צו דעם אָביעקט און צו דעם וואָס ער זוכט צו פאַרקעפערן; אַ געשליפענע פעדער און גלאַטן סטיל — און אָט די צוויי הויפּט־אַטריבוטן פאַרמאָגט מרדכי ירדני אין אַ היפּשער מאָס. דער פיינער שריפטשטעלער, פאָלקס־זינגער און עמוד־קינסטלער מרדכי ירדני פאַרדינט אַ גרויסן יישר־כוח פאַר דער אויסערגעוויינטלעכער מתנה; פאַר דער גרויסער מי וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין דעם ווערק, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַ דבר־מתוקן.״

משה דוכאָווני — אידישער אַרבעטער ערן אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ־העלדן. (אויף דער פראָנט זייט פון דער צייטונג), ניו יאָרק, מאָרגן זשורנאַל, אַפּריל 20, 1945.

„דורכגענומען מיט אַ געפיל, אַז די שלאַכט אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט געדויערט צוויי און פערציק טעג, איז געווען טראַגישער און מסירת־נפשדיקער פון דאָנקוירק און סטאַלינגראַד, באַטאַן און סאַלערנאָ, האָבן היגע אידישע אַרבעטער מיט יראת־הכבוד באַוויינט זייערע ברידער און שוועסטער — די זין און טעכטער פון דעם איינציקן פאָלק, וואָס האָט אויפגעהויבן אַן אָרגאַניזירטן אויפשטאַנד אין אַ נאַצי־אָקופּירטן לאַנד.

„אויף דער 29־טער גאַס און 7־טע עוועניו האָבן זיך, אַרום אַן אימפּראָוויזירטער פּלאַטפאָרמע, פאַרזאַמלט טויזנטער־טויזנטער אידישע אַרבעטער און ווען צו די הימלען האָבן זיך געריסן דער „אל מלא רחמים״ וואָס דער חזן האָט געמאַכט נאָך די „שנהרגו בגיטו של פוילן שהלכו לעולמם על קידוש השם״, איז די תפילה באַגלייט געוואָרן מיט יללה וואָס האָט זיך געריסן פון צעווייטאָקטע הערצער.

„קיין שום רעדע האָט זיך נישט געקענט דערהויבן צו דער ערפורכטיקייט פון מאָמענט ווי דער „אל מלא רחמים״ נאָך די קדושים וואָס חזן מרדכי ירדני האָט געמאַכט און דער קדיש וואָס ער האָט געזאָגט און דער עולם האָט אים נאָכגעזאָגט. דער גאַרמענט צענטער איז אין דעם זוניקן טאָג

פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עמק־הבכא. דאָס געוויין פון די תפילות האָט זיך דורך מיקראָפאָנען געטראָגן אין דער לופטן און אַ טויזנט־טויזנט קעפּיגע עדה האָבן געוויינט, געוויינט און נאָכגעזאָגט: „יתגדל ויתקדש.״

משה מלמד — מיטגלידער פון חזנים פאַרבאַנד ערן זייער נייעם פּרעזידענט מרדכי ירדני. ניו יאָרק, דער טאָג, זונטיק, יאַנואַר 6, 1946.

„אַ גרויסער עולם פון חזנים, מיטגלידער פון דעם ניו־יאָרקער חזנים פאַרבאַנד, זיינען געווען פאַרזאַמלט מיטוואָך אָוונט אין דעם פּלאַזאַ זאַל, 111 סעקאָנד עוועניו, צו דעם באַנקעט, וואָס איז געגעבן געוואָרן לכבוד זייער ניי־דערוויילטן פּרעזידענט, מרדכי ירדני, און די אַנדערע מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַציע. אַ יום־טוב׳דיקע שטימונג האָט געהערשט דורך דעם גאַנצן אָוונט; עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פיינע קינסטלערישע פּראָגראַם.

„אַ שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט די רעדע פון וויליאַם עדלין, רעדאַקטאָר פון „טאָג״, ווי אויך די רעדעס פון די באַרימטע מוזיקער יוסף רומשינסקי, פּראָפעסאָר זאַוול זילבערטס, און זלמן זילבערצווייג, רעדאַק־טאָר פון טעאַטער לעקסיקאָן.

„אַ גאַנץ באַזונדערן איינדרוק האָט געמאַכט דער אויפטריט פון דעם באַגאַבטן קאָנצערטינג אַרטיסט, לעאָן מאַלאַמוט, און דער אויפטריט פון דעם שוישפּילער בנימין פישביין, און דאָס זינגען פון באַרימטן חזן בערעלי חגי.

„דער סאַמע לעצטער רעדנער איז, נאַטירלעך, געווען דער נייער פּרעזידענט מרדכי ירדני, וועלכער האָט באַדאַנקט אַלע אָנוועזנדיקע און אויך די וואָס האָבן דורכגעפירט דעם אָוונט אויף אַזאַ פיינעם אופן.

„דער כבוד פון בענטשן מזומן״ איז צוגעטיילט געוואָרן דעם חזן און קאָמפּאָזיטאָר, פנחס יאַסינאָווסקי.״

העלאַ מאַרדער — 25־יאָריקער ליטעראַרישער יובל פון מרדכי ירדני, פייערלעך דורכגעפירט אין „רענד סקול״. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, דעצ. 31, 1954.

„זונטיק, דעם 28־טן נאָוועמבער, 1954, איז געפייערט געוואָרן דער 25־יאָריקער ליטעראַרישער יובל פון דעם באַקאַנטן מוזיק־קריטיקער, עסייאיסט

און פובליציסט מרדכי ירדני, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פון „יצחק ליבמאַן צווייג״ פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין קאָ־אָפּעראַציע מיטן „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״. דער גרויסער זאַל פון „רענד סקול״ איז איבערפולט געווען מיט געלאַדענע קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, זינגער, אַקטיאָרן, פאָרשטייער פון אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך ירדני׳ס מאַמע מיט אירע קינדער.

„חבר יצחק ליבמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פירט דעם פאָרזיץ, און אין וואַרעמע ווערטער שטעלט ער אָן דעם טאָן פון אָוונט.

„דער טאָוסטמייסטער שטעלט פאָר יעדן באַזונדער מיט אַ יום־טוב׳דיקער הקדמה. חברה טאָבי געלער, וואָס האָט געהאָלפן איינאָרדענען די פייערונג, האָט באַגריסט דעם יובילאַר און האָט אויך דערלאַנגט בלומען ירדני׳ס מאַמע און זיין ליבע חנה׳לען.

„אין נאָמען פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״ באַגריסט דעם יובילאַר דער שרייבער ש. טענענבוים, וואָס זאָגט צווישן אַנדערעס: „איך באַגריס דעם קאָלעגע ירדני אַלס פאָלקס־זינגער, מוזיק קריטיקער און זשורנאַליסט. ער איז אַ זשורנאַליסט אַ פּאָעט. די וואָס קענען אים האָבן אים ליב. מ׳האָט גלויבן אין זיין טאַלאַנט. מ׳האָט גרויס פאַרגעניגן פון זיין זינגען. אין דער וועלט פון רשעות ווילן מיר אים היינט צוטיילן כבוד און ליבשאַפט, כדי עס זאָל אים אינספּירירן אין זיין ווייטערדיקן לעבן און שאַפן.

„דער פיינער מאָדערנער דיכטער, יעקב סטאָדאָלסקי, באַגריסט דעם יובילאַר אויף זיין אייגענעם שטייגער. אויך דער שרייבער ירחמיאל בריקס באַגריסט מרדכי ירדני׳ן. ווי אויך דער פּאָעט לוי גאָלדבערג האָט אין לירישע ווערטער באַגריסט דעם חשוב׳ן יובילאַר.

„דער מיטאַרבעטער פון „וואָכנבלאַט״, דר. י. גלען, דערמאָנט אין זיין באַגריסונג אַן עסיי פון מרדכי ירדני, וואָס איז געווען געדרוקט אין „וואָכנבלאַט״ מיט אַ יאָר צוריק. דאָס איז געווען אינעם ראש השנה נומער „פון כל נדרי ביז נעילה״ און דער באַגריסער קען נישט פאַרגעסן ביז היינט דער רושם וואָס די עסיי האָט אויף אים געמאַכט.

„צווישן די אַלע באַגריסער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט דער שוישפּילער גוסטאַוו בערגער, וואָס האָט געבראַכט פון אידישע ראַדיאָ־אַרטיסטן פון וועלכע ירדני איז צוויי מאָל געווען וויצע־פּרעזידענט און איז

איצט דער סעקרעטאַר. בערגער דערציילט אַז ער האָט אַ סך יאָרן מיט־געאַרבעט מיט ירדני׳ן אויף דער ראַדיאָ און אין טעאַטער און ער האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גוטער קאָלעגע און אַ ליבער חבר.

„דער באַוואוסטער שוישפּילער און ראַדיאָ־דירעקטאָר, וויקטאָר פּעקער, זאָגט ווידער אין זיין באַגריסונג צום יובילאַר: „צען יאָר צייט האָב איך געאַרבעט צוזאַמען מיט מרדכי ירדני׳ן אויף דער אידישער ראַדיאָ און דאָס זיינען געווען די שענסטע צען יאָר פון מיין לעבן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען״.

„עס באַגריסט אויך דעם יובילאַר אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע פון וועלכן מרדכי ירדני איז געווען דער פּרעזידענט, חזן לייב לאַנגע.

„אינעם אַרטיסטישן פּראָגראַם האָבן אָנטייל גענומען די שוישפּילערין פון אידישן קונסט טעאַטער, הענריעטאַ שניצער, דער זינגער מאַקסים בראַדין, דער טאַלאַנטפולער קאָמיקער פון דער „פאָרווערטס ראַדיאָ־שעה״, בנימין פישביין, און די האַרציקע פאָלקס־זינגערין, ירדני׳ס פרוי, חנה׳לע סטראָמבערג.

„צוליב דער שפּעטער שעה האָבן זיך, ליידער, נישט געקענט באַטייליקן מיט באַגריסונגען דער מוזיקער און דיריגענט אָסקאַר דזשוליוס, דער רעציטאַטאָר יוסף סטרוגאַטש, דער שוישפּילער און הומאָריסטישער שרייבער וואָלף מערקור, דער דיכטער דוד קריוויצקי, די זינגערין רחל׳ע רעליס, די שוישפּילערין העלען בלעי און דער באַוואוסטער פּאָפּולערער דיכטער א. לוצקי.

„עס זיינען אויך אָנגעקומען טעלעגראַמעס מיט האַרציקע באַגריסונגען צום יובילאַר פונעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט לעאָ ליאָוו, פון די פּאָעטן און שרייבער א. אַלמי, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, חיים ערענרייך, דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מיכל געלבאַרט, פּראָפעסאָר יעקב דעיווידסאָן, און פון די באַרימטע חזנים משה קוסעוויצקי, פּ. פּינטשיק און לייב גלאַנץ.

„אַ ספּעציעלן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע האָט געמאַכט דאָס איבער־ליינען פון סאַלאָמאָן קאַהאַנ׳ס אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אין דער „שטימע״ אין מעקסיקע, לכבוד דעם יובילאַר, מיט אַן אַריינפיר פונעם רעדאַקטאָר פון דער „שטימע״, משה רובינשטיין.

„דער יובילאַר מרדכי ירדני האָט דערנאָך געענטפערט אויף די אַלע

רעדעס און באַגריסונגען מיט אַ קורצער רעדע, וואָס איז געווען אַ געזאַנג פאַר זיך אַליין. מיר וועלן דאָ נאָר איבערגעבן דעם תמצית:

„זינגען און שרייבן איז געוואָרן די כלי אין וועלכער איך גיס אַריין אַלע מיינע געפילן — עטישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע. האַלטן הויך די פאָן פון מיין זינגען, ווי די פון מיין שרייבן, איז געוואָרן דער מאָטיוו פון מיין לעבן".

„די דאָזיקע פייערונג איז געווען אַ קולטורעלע אידישע אונטער־נעמונג, וואָס וועט לאַנג געדיינקט ווערן אין ניו יאָרק."

אברהם שולמאַן — פון ביכער טיש. מרדכי ירדני: אונטערוועגנס מיט אידישע שרייבער. פּאַריז, אונזער שטימע, נאָוועמבער 27־26, 1955.

„די אינטערוויוס מיט די צען אידישע שרייבער זיינען אַן אויסרייד פאַרן עלפטן שרייבער — פאַר מ. ירדני — אַריינצוברענגען אַ ביסל פּערזענלעכן ליכט אין די באַציאונגען צווישן די אידישע שרייבער און אינעם מצב פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַלגעמיין.

„דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן מיט דערפינדערישקייט, מיט טאַלאַנט און עס איז בלי ספק אַ נוצלעך בוך."

דבורה טאַראַנט — 4 טויזנט אידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מאַנהעטן צענטער צו ערן דעם אָנדענק פון די העלדישע אידישע קעמפער פון דער וואַרשעווער געטאָ. ניו יאָרק, מאָרגן פרייהייט, מאַי, 1944.

„פיר טויזנט אידן האָבן זיך נעכטן פאַרזאַמלט אין מאַנהעטן צענטער צו ערן דעם אָנדענק פון די העלדישע אידישע קעמפער פון דער וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן 42 טעג געקעמפט אויף די באַריקאַדן, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, קעגן די נאַצי־טרופּן.

„די פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַרופן געוואָרן דורך דעם קאָמיטעט פון אידישע שרייבער קינסטלער און וויסנשאַפטסלייט, איז דורכגעפירט געוואָרן אימפּאַזאַנט און פייערלעך.

„עס האָבן גערעדט: דער גרויסער אידישער שרייבער, פּרעזידענט פון דער שרייבער און קינסטלער קאָמיטעט, שלום אַש; דער וויצע־פּרעזידענט פון דער אַמאַלגעמייטעד קלאָדינג וואָרקערס יוניאָן, לעאָן קשיצקי; ריכטערין אַנאַ קראָס; דער באַוואוסטער אידישער זשורנאַליסט ב. צ. גאָלדבערג, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פאַרזאַמלונג.

„מיט אַ קורצער אָבער טיף־רירנדיקער רעדע איז אַרויסגעטראָטן דער באַרימטער פּוילישער דיכטער יולאַן טובים, אַ איד, ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן פון שלום אש׳ן.

„אַ טיף רירנדיקער, דערשיטערינדיקער מאָמענט איז געווען, ווען אין זאַל איז געוואָרן פינצטער און איינס נאָכן אַנדערן, אָן שום אַפּלאָדיסמענטן פון עולם (לויטן פאַרלאַנג פון פאָרזיצער) זיינען אַרויס און אַראָפּ פון דער בינע די באַרימטע אידישע קינסטלער יעקב בן־עמי און יעקב ראָטבוים, וועלכע זיינען נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון חזן מרדכי ירדני, וואָס האָט געמאַכט דעם „אל מלא רחמים״. בן־עמי האָט געלייענט אַ קאַפּיטל „מאָדערנע קינות״, און י. ראָטבוים האָט פאָרגעלייענט אַן ענטפער צום אויפרוף פון דער געטאָ, אָנגעשריבן פון ב. צ. גאָלדבערג און אַ ליד פון חיים־נחמן ביאַליק. פיל מענטשן האָבן געוויינט בשעת דעם פאָרלייענען, אָבער ווען חזן מרדכי ירדני האָט געמאַכט די הזכרה האָט דער גאַנצער עולם געוויינט אויפן קול.

„צוזאַמען מיט דער אַרויסטרעטונג פון שלום אַש און פון דיכטער יוליאַן טובים איז דאָס געווען דער רירנדיגסטער מאָמענט פון דער פייערלעכער פאַרזאַמלונג.״

ג. מנחם (דר. מנחם גלען) — אויפן שפּיץ פון דער פען. אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, נאָוו. 3, 1955.

„פאָר איינציקע פון די באַטייליקטע אין די אינטערוויוס איז געווען הערּאָאיזם צו ענטפערן פראַגעס צו אַ שרייבער וואָס איז נישט פון דער „קליקע״, און לאָזן פאָראייביקן זייערע אינטערוויוס. אָבער די באַטייליקטע מעג עס טאָן הנאה, און דער מחבר מעג זיין שטאָלץ אויף דעם בוך. עס גיט אַ ריכטיגן שפּיגל און אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם וואָס עס קומט פאָר אויף דער אידישער גאַס, אַ גאַס וועלכע ווערט וואָס ווייטער און ווייטער אַלץ מער פאַר׳גוי׳אישט; אַ גאַס פון וואַנען די איינוואוינער זיינען זיך צעלאָפן און די אַלטע, אויסגעלאָשענע נשמות קומען אַמאָל זיך אַביסל אָנוואַרעמען אויף די אייוועלעך פון נאָסטאַלגישע זכרונות וואָס האַלטן ביים צאַנקן . . . איין קוק אויפן פּנים פון אונזער פּרעסע דערמאָנט אונז אָן אַ זקנה, וואָס פּודערט זיך נאָך און „בליטשט״ אירע האָר וועלכע האַלטן שוין אויך אין אויספאַלן . . .

„און ווי אינטערעסאַנט און לעבעדיק די אינטערוויוס אַליין זיינען

געשריבן, און ווי קלאָר און שאַרף ירדני׳ס פּראַגעס צו די שרייבער זיינען, קומט אַ באַזונדערער לויב דעם מחבר פאַר די אַלע אַריינפירס זיינע צו די אינטערוויוס.

„ווען איך זאָל ווען מיט אַ פּאָר קורצע שורות סומירן אָט דעם בוך ירדני׳ס, וואָלט איך געזאָגט אַזוי:

„אין זיין שרייבן ברענגט ירדני אַריין אַ טייל פון זיין זינגעוודיקייט. אַ זינגער קען נישט „בלאָפן״ אָדער דער טאָן קומט אַרויס גוט, קלאָר, פול, אָדער — עס איז נישט געזונגען. זיין סטיל לייענט זיך ווי אַ געזאַנג, קלאַנגפול און ריטמיש, זיין באַאָבאַכטונג — טיף און אַלץ־אַרומנעמענדיק, אָבער נישט שווער: אַ לייכטער טאָן! און ווי אַ לייכטער טאָן געדענקט זיך, אַזוי געדענקט זיך וואָס מען לייענט געשריבן פון אים.

„עס איז נאָר אַ פּאַרדראָס, וואָס ירדני האָט זיך באַגרענעצט נאָר צו אָט די צען אינטערוויוס. ער האָט דאָך פּאַרעפנטלעכט וויכטיקע בייטראָגן צום אידישן לעבן דאָ. איין עסיי זיינע האָט שוין דערמאָנט אונזער רעדאַקטאָר, יצחק ליבמאַן, „פון כל נדרי ביז נעילה״ אין זיין בוך „בויער און שאַפער פון מיין דור״, צווייטער באַנד, זייט 190, און אַ צווייטע זאַך וואָס איך געדענק נאָך איצט נאָכן האָבן געלייענט עס ווען עס איז דערשינען איז אַ בילד פון אַמעריקאַנער אידישן סינאַגאָג־לעבן.

„איך האָב אין זינען די דערציילונג פון אַ מעשה שהיה „נקמה אין אַ ראַביי״, וואָס האָט זיך געדרוקט ווי איך האָב איצט באַשטעטיקט אין נומער פון „וואָכנבלאַט״, מערץ 26, 1954, אַן ערשט קלאַסיק בילד פון אַמעריקאַנעם אידישן לעבן. דאָס איז אַ בילד, וואָס מען מוז לייענען און איבער־לייענען — אַ בילד פון אונזער פּאַראַמעראַצעוועטן אידישן לעבן דאָ.״

ב. צ. גאָלדבערג — אין גאַנג פון טאָג. ביכער אויפן טיש. ניו יאָרק, „דער טאָג״, מערץ 23, 1963.

„אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט אין „איקוף־אַלמאַנאַך״ איז מרדכי ירדני׳ס „אידישע מוזיק און אידישע מוזיקער אין אַמעריקע״, דאָס איז נאָך אַ טעמע, וועגן וועלכער עס ווערט ביי אונז נישט פיל און זעלטן ערנסט געשריבן. ער דערמאָנט אַ סך נעמען און גיט אָן אין קורצן אַ כאַראַקטעריסטיק פון זייער שאַפן. ווי ער אַליין שרייבט ביים ענד פון אַרטיקל, וואָס פאַרנעמט העכער צוואַנציק זייטן, האָט ער ווייט נישט אויסגעשעפּט די טעמע. ירדני האָט

געמעגט זיך נעמען אויסצושעפּן די טעמע, בעסער געזאָגט, געוויסע פּאַזן פון דער טעמע, אין אַ בוך.״

סאַלאָמאָן קאַהאַן — אַ דענקמאָל פון ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש. וועגן ירדני׳ס מאָנומענטאַלן ליאָוו־בוך. מעקסיקאָ, די שטימע, דעצעמבער 17, 1960.

„פּונקט ווי ס׳איז אַמאָל שווער צו שרייבן וועגן אַ בוך צוליב דעם וואָס ס׳ווילט זיך נישט ווי טאָן זיין מחבר און דאָך אַרויסזאָגן אַ נעגאַטיווע מיינונג וועגן זיין אינהאַלט, אַזוי איז אויך נישט לייכט צו שרייבן וועגן אַ בוך, וואָס וועגן אים שטופּן זיך סופּערלאַטיוון אין דעם רעצענזענטס שרייב־מאַשין, און מען מוז זיין איינגעהאַלטן, נישט איבערצוכאַפּן די מאָס און נישט פאַרלירן דעם זין פאַר פּראָפּאָרץ.

„אָט דער פאַל דער צווייטער, איז פאַר מיר דאָס שרייבן וועגן דעם בוך „לעאָ ליאָוו״, וואָס מרדכי ירדני האָט דאָ נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן.

„דער פאַרשטאָרבענער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט האָט געהאַט מזל. נישט נאָר האָט זיין ביאָגראַפיע נישט געדאַרפט וואַרטן יאָרן־לאַנג נאָך זיין טויט אויף דעם קוואַליפיצירטן ביאָגראַף, נאָר נאָך ביי זיין לעבן האָט לעאָ ליאָוו געהאַט דעם גרויסן נחת־רוח זיך מיט איר צו באַקענען און איר גוטהייסן.

„ווער נאָך אַזוי ווי ליאָוו, וואָס איז אַליין געווען אַ פּרעכטיקע קאָמבינאַציע פון קאָמפּאָזיטאָר, קינסטלערישן דיריגענט, אידישן פאָלקס־מענטש און מענטשן, וואָס איז שטענדיק פאַרבענקט נאָך אַלץ וואָס איז שיין און דערהויבן, האָט געקענט אָפּשאַצן און אָנערקענען מרדכי ירדני׳ס קוואַליפיצירטקייט פאַר דער אַזוי כבוד׳יקער און גלייכצייטיקייט פאַראַנט־וואָרטלעכער אַרבעט פון שרייבן זיין ביאָגראַפיע.

„איז דאָך מרדכי ירדני אַליין אַן ערשט־ראַנגיקער מוזיקער, אַ גלענצנדיקער זינגער, סיי אויפן חזנ׳ישן און סיי אויפן וועלטלעך־קינסטלערישן געביט. דערצו איז ער אַ גלענצנדיקער מוזיק־קריטיקער און זשורנאַליסט, צוויי זאַכן, וואָס מוזן גיין צוזאַמען. איז ער, ירדני, דאָך געווען דער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ „טאָלק״ אין דעם, ביז זיין קומען, אַזוי פאַרוואָרלאָזטן געביט פון מוזיקאַלישער קריטיק אין דער אידישער פּרעסע פון ניו יאָרק.

„די ליאָוו־ביאָגראַפיע איז אַזוי גוט אָנגעשריבן, אַז פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט געקענט און האָט אַן אינטערעס פאַר קונסט בכלל און פאַר אידישער בפרט, וועט זי, די ליאָוו־געשטאַלט, אויפטוכן דורך אָט דער לעבנס־באַשרייבונג, אין איר פולן גלאַנץ, סיי די פון דעם אינדיווידועלן קינסטלער, און סיי פון ליאָוו'ן, ווי אַ פּראָגרעסיוון פאַקטאָר אין דער אידישער קולטור סביבה.

„דאָס בוך איז אילוסטרירט ווי זעלטן ווען אַ ווערק אין דער געשיכטע פון אידישע ביכער. די אילוסטראַציעס זיינען אַ בוך פאַר זיך אַליין.

„אַ דענקמאָל פון ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש איז דאָס מאָנומענטאַלע ווערק פון מרדכי ירדני. דאָס איז אַבליגאַטאָ־בוך פאַר דער ביבליאָטעק פון יעדן אידישן קולטור־מענטש און פאַלקסטימלעכן אידישן אינטעליגענט.

„לעאָ ליאָוו" איז נישט נאָר אַ מאָנומענט, וואָס ירדני האָט געשטעלט דעם גרויסן קינסטלער; דאָס בוך באַלייכט אויך גאָר אַ סך אַספּעקטן פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן אידישן קולטור־לעבן פון פאַרן היטלער־מבול, ס'איז אַן ערשט־קלאַסיקער קוואַל נישט נאָר פאַר דעם פאָרשער פון אידישער מוזיק, נאָר אויך פאַר דעם היסטאָריקער פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אידישע קולטור בכלל."

ב. צ. גאָלדבערג — אין גאַנג פון טאָג. וועגן זינגער און געזאַנג, „דער טאָג", ניו יאָרק, מערץ 18, 1961.

„לעאָ ליאָוו — אַ גרויס בוך, פּראַכטפול אַרויסגעגעבן. איך ווייס נישט פון אַ אידיש בוך, וואָס איז שענער אַרויסגעגעבן און אַנטהאַלט זעקס הונדערט גרויסע זייטן מיט אַ צוגאָב פון אַ סך בילדער.

„דאָס בוך איז דערשינען צו לעאָ ליוואָ'ס אַכציקסטן געבוירנטאָג. איז גוט געווען, וואָס לעאָ ליאָוו האָט דערלעבט דאָס צוזען (ער איז געשטאָרבן קורץ נאָכדעם) מחמת עס האָט אים געוויס פאַרשאַפט אַ סך פרייד. און אויך גוט אין פרט, וואָס ער אַליין, ליאָוו, האָט געקענט העלפן מיט אָנגעבן פון זיין אַרכיוו. דאָס בוך טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ יובילייִ בוך, הגם עס איז אויספירלעך און גרינטלעך ווי אַ היסטאָריש ווערק.

„מרדכי ירדני, וואָס איז אַ שרייבער און אַ קריטיקער, אַזוי גוט ווי אַ זינגער און אַ חזן, און איז אַזוי ענטוזיאַסטיש אין זיין שרייבן ווי ער „פאַרגייט

זיך" אין מתיקות אין זינגען, האָט אין דעם בוך אַריינגעלייגט נישט נאָר אַרבעט, נאָר אויך האַרץ און ליבשאַפט".

מ. א. כ. (משה כץ) — טאָג איין טאָג אויס. אויף אַ געטאָ־מיטינג. אַפּיקורסישע געדאַנקען. ניו יאָרק, מאָרגן פרייהייט, אַפּריל 21, 1960.

„כ'בין לעצטן זונטיק נאָכמיטאָג געזעסן אין דעם גרויסן זאַל פון מאַנהעטן סענטער צווישן די טויזנטער, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן כבוד דעם הייליקן אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד; האָב זיך געפרייט דערמיט, וואָס דער זאַל איז געווען איבערגעפילט, נישט אַ שפּילקע אַריינצוואוואַרפן; האָב זיך איינגעפילט אין דעם פילהאַרמאָנישן כאָר־געזאַנג פון „מאַרטירער בלוט" פון אונזער אומפאַרגעסלעכן יעקב שייפער; איינגעהערט זיך אין די רעדעס וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן און בין צוזאַמען מיט דעם גאַנצן עולם געווען טיף, ביז טרערן גערירט פון דעם „אל מלא רחמים" פון דעם חזן מרדכי ירדני און פון דער איינדרוקספולער צערעמאָניע פון די זעקס אָנדענק־ליכט, וואָס אונזערע שול־קינדער האָבן אָנגעצונדן. און איך האָב געטראַכט, — אייניקע אַפּיקורסישע טראַכטענישן. „ס'האָט זיך געטראַכט..."

אברהם ביק — אַ ווערטפולער בוך וועגן לעאָ ליאָוו. ניו יאָרק, מאָרגן פרייהייט, נאָוועמבער 27, 1960.

„דאָס אַרויסגעגעבענע ווערק „לעאָ ליאָוו" — מאָמענטן פון זיין לעבן און שאַפן", וועגן נישט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענעם קינסטלער מוזיקער לעאָ ליאָוו, פון מרדכי ירדני, איז נישט בלויז אַ בכבוד'יקער מאָנומענט צום אָנדענק פון אַ גרויסן דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט זיין שיין און גייסטיק רייך לעבן געווידמעט דער אידישער נגינה, נאָר איז אויך אַ קאַפּיטל אידישע קולטור־געשיכטע, וואָס דאַרף פאַראינטערעסירן יעדן אידישן לייענער. פון ירדני'ס אַרומנעמענדיקן בוך וועגן לעאָ ליאָוו'ס גאַנג אין דער אידישער מוזיק, באַקומען מיר אַ רעטראָספּעקט און איבערבליק אויף דער אידישער מוזיק אין אַ סך אידישע ישובים אין אייראָפּע, ישראל און אַמעריקע, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם לעבן פון דעם פּיאָנערישן שאַפער פון אידישן געזאַנג, לעאָ ליאָוו.

„דאָס בוך „לעאָ ליאָוו" איז אַ ווערטפולער דאָקומענט צו אונזער

קולטור־געשיכטע, סיי מיט זיין קאָנסטרוקציע און סיי מיט זיין אינהאַלט. ס'איז פאַראַן האַרמאָניע אין דעם בוך. די עסטעטישע פאָרם איז צוגעפּאַסט צום אינהאַלט. ירדני'ס אָפּהאַנדלונג צייכנט זיך אויס נישט נאָר מיט אַ טיפער אַכטונג און יראת־הכבוד צו לעאָ ליאָוו'ן, נאָר איז געשריבן מיט קלאָרקייט און עלעגאַנץ, אַ שטריך וואָס איז פון גרויס וויכטיקייט אין מאָנאָגראַפישע אָפּהאַנדלונגען."

דר. נ. סווערדלין — אַ בוך מיט הלל פאַר לעאָ ליאָוו. ניו יאָרק, טאָג־מאָרגן זשורנאַל, אויגוסט 10, 1961.

„לעאָ ליאָוו האָט געהאַט פיל חסידים און פאַרערער. מרדכי ירדני איז איינער פון זיי און דאָס פילט איר ווען איר לייענט זיין בוך „לעאָ ליאָוו — מאָמענטן פון זיין לעבן און שאַפן".

„לעאָ ליאָוו האָט אַריינגעשריבן אַ ריי אויסערגעוויינלעכע קאַפּיטלען אין דער אידישער מוזיק אַלס כאָר־מייסטער און גאַנץ באַזונדערס אַלס דיריגענט פון פאַרבאַנד־כאָר. „דאָס בוך לעאָ ליאָוו מאַכט אַ גוטן עסטעטישן איינדרוק".

„פון בוך ווייעט מיט ליבע און פּיעטעט צו ליאָוו'ס מוזיקאַלישער פּערזענלעכקייט."

פנחס יאַסינאָווסקי — אין דער וועלט פון חזנות און אידישער נגינה. ניו יאָרק (דאַטע אומבאַקאַנט), דער מאָרגן זשורנאַל.

„די קאָנגרעגיישאָן „שבת אחים" פון ניו־הייווען, קאָנ., האָט אַנגאַזשירט דעם באַוואוסטן מנגן, מרדכי ירדני, מתפלל צו זיין פאַר זייער קהילה די קומענדע ימים־נוראים הבע"ל. די דאָזיקע שול איז איינע פון די עלטסטע אין סטייט.

„חזן מרדכי ירדני איז גוט באַוואוסט צום אידישן עולם נישט נאָר פאַר זיין שיין דאַוונען נאָר אויך פון זיינע ארץ־ישראל לידער, מיט וועלכע ער איז מהנה דעם אידישן עולם אַ גאַנץ יאָר, וואו ער טרעט־אויף אויף קאָנצערטן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען. ער איז אויך באַקאַנט אַלס שרייבער איבער אידישער נגינה און מוזיקאַלישע אידישע פּערזענלעכקייטן. דער פאַקט וואָס חזן ירדני דאַוונט שוין דאָרט דעם דריטן

יאָר באַווייזט וויביידע צדדים, סיי דער „שליח" און סיי זיינע „שולחים" זיינען צופרידן."

ט. וועגדי — די גרויסע דעמאָנסטראַציע אין מעדיסאָן סקוועער גאַרדן. ניו יאָרק, אייניקייט, מאַי, 1964.

„18־טויזנט מענטשן זיינען געקומען אין מעדיסאָן סקוועער גאַרדן, מיטוואָך אָוונט, דעם 27־טן מערץ, גערופן פון דעם אידישן שרייבער און קינסטלער קאָמיטעט צו דער דערשיינונג פון דעם „שוואַרצן בוך" און צו ערן די זעקס מיליאָן אידישע קדושים וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די נאַצי־באַרבאַרן.

„דער פאָרזיצער פונעם אָוונט איז געווען ראַבאַי סטיפאַן ווייז, פרעזידענט פון דעם אידישן קאָנגרעס. מיט זיין לייבן־שטימע האָט ער ממש עלעקטריזירט די פאַרזאַמלונג, ווען ער האָט דערקלערט און געזאָגט, אַז נאָר דורך אייניקייט פון אַלע כוחות אין אידישן לעבן און אַלע פרייהייט כוחות וועט זיין מעגלעך צו פאַרמיידן אַ רעפעטיציע פון דעם גרוילהאַפטן קאַפיטל אין דער אידישער געשיכטע.

„דער גאַנצער 18־טויזנט קעפּיקער עולם איז געווען דורכגענומען און דערשיטערט ווען חזן מרדכי ירדני מיט זיין כאָר האָט געמאַכט דעם „אל מלא רחמים", אַ געוויין האָט אויסגעבראָכן איבערן גאַנצן זאַל."

שלום שטערן — דאָס אידישע ליד זינגט. אידישע דיכטער אין געזאַנג, געקליבן און רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני, אַרויסגעגעבן פון אידישן מוזיק פאַרבאַנד, ניו יאָרק 1966. אידישע קולטור, ניו יאָרק, אַפּריל, 1967.

„די לידער־זאַמלונג „אידישע דיכטער און געזאַנג" וועט דערפרייען דאָס האַרץ פון איטלעך איינעם, ביי וועמען אידיש געזאַנג איז אַ טייל פון זיין קולטורעלן אויסלעבן זיך.

„די מי אַריינגעלייגט פון מרדכי ירדני וועט אָפּגעשאַצט ווערן, ווי אַ גרויסע דערגרייכונג.

„מרדכי ירדני, דער שרייבער און מוזיק שאַפער, וואָס האָט צונויפ־געשטעלט און רעדאַגירט די אַנטאָלאָגיע, האָט געטאָן זיין אַרבעט מיט פאַרזיכט און ליבשאַפט. אָן אַרבעט, וואָס איר דערגרייכונג, פאַרדינט אַ סך לויב.

„דער אָפּקלייב פון אַזאַ גרויסער צאָל שיינע לידער, ווייזט אויפן גוטן חוש פון מרדכי ירדני צו געפינען דאָס פּאָעטישע ליד. די אַנטאָלאָגיע „אידישע דיכטער אין געזאַנג״ איז אַ פאַרגעניגן און אַ פרייד פאַר אונז אַלעמען.״

אַברהם ביק — אידישע פאָלקס־כאָרן — אַן אייגנאַרטיקע קולטור־נוסח. 50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע. רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני, אַרויס־געגעבן פון אידישן מוזיק פאַרבאַנד, ניו יאָרק, 1964. מאָרגן פרייהייט, אויגוסט 9, 1961.

„דער נאָר וואָס דערשינענער בוך „50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע״, וואָס דער אידישער מוזיק פאַרבאַנד האָט איצט אַרויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פאָלקס־זינגער, שרייבער און מוזיק־קענער מרדכי ירדני, איז קודם־כל אַ געשיכטלעכער דאָקומענט פון אַ קולטור־אינסטיטוציע, וואָס איז אייגנאַרטיק אין דער געשיכטע פון דער אידיש־וועלטלעכער קולטור אין אַמעריקע.

„דער קנייטש פון אַ ניגון, אָדער אַ מעלאָדיע קען אייך דערציילן פון אַ פאָלק, אַ סך מער ווי הונדערט אָנגעשריבענע טרוקענע אַקאַדעמישע געשיכטע זייטלעך״ זאָגט דער רעדאַקטאָר מרדכי ירדני אין זיין אַרומ־נעמענדיקער עסיי, וועלכע ער רופט אָן באַשיידן „נאָטיצן צו דער געשיכטע פון אידיש געזאַנג אין אַמעריקע״ און ירדני איז גערעכט ווען ער לאָזט זיך נישט אַריין „אין פירושים, אין טייטש און אויסטייטש פון דער אָדער יענער קאַנטאַטע אָדער אָראַטאָריע, אין די טיפע לאַבירינטן פון דער אידישער נגינה״, נאָר שרייבט מיט באַגייסטערונג און מיט ליבשאַפט וועגן די אַלע שאַפער און מיטשאַפער פון אידישן געזאַנג, וועגן דער „מעכטיקע גאָלדענער קייט פון געזאַנג״, וואָס האָט געהויבן און געמונטערט דעם אידישן פאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע און ער איז אַוודאי נישט אומ־גערעכט, ווען ער זאָגט אַרויס דעם כולל׳דיקן געדאַנק, וואָס איז אייגנטלעך דער סך־הכל פון זיין עסיי וועגן דער אידישער מוזיק, אַז די אידישע פאָלקס־כאָרן האָבן מיט זייער זינגען אין גרויסע, געפּאַקטע זאַלן איבער פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע פאַר צענדליקער טויזנטער מענטשן אויפ־געטאָן פיל מער פאַרן אידישן ליד און אידישע פּאָעמע, ווי אַ סך געדרוקטע ביכער״.

„פופציק יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע״ — שרייבט מרדכי ירדני, — איז אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע, וואָס קען זיך באַרימען מיט גרויסע דער־גרייכונגען און בייטראָגן״.

שלום שטען — אַ ברייט בילד. 50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע. רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני. אַרויסגעגעבן פון אידישן מוזיק פאַרבאַנד, ניו יאָרק, אידישע קולטור, נאָוועמבער, 1964.

„אַ סך לויב פאַרדינט מרדכי ירדני, דער רעדאַקטאָר. זיין גרויסער דורכבליק אין די „50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע״ איז טאַקע אַ שנעלער לויף אויפן שטח פון אַזאַ תקופה. אָבער ער דעקט אַ סך פעריאָדן און גיט אַ געשיכטלעכע שילדערונג נישט בלויז פון מוזיק, דיריגענטן און בכלל שעפערישע מוזיקער (קאָמפּאָזיטאָרן), נאָר די אידישע ליטעראַטור און אַ היפּשע צאָל וויכטיקע אידישע שריפטשטעלער ווערן דערמאָנט אין פאַר־בינדונג מיט זייער פּאָעטישע ווערק, צו וועלכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן געשאַפן מוזיק.

„עס איז נישט בלויז געשיכטע־מאַטעריאַל, נאָר בפירוש אַ געראָטענע, פּרעכטיק־געשריבענע אָפּשאַצונג פון און וועגן אידישער מוזיק און אירע שאַפער.״

א. ל. בערקאָוויץ — פופציק יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע. אַרויס־געגעבן פון אידישן מוזיק פאַרבאַנד, רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני. מאָנטרעאַל, קענעדער אָדלער, נאָוועמבער 1, 1964.

„אַ האַלבער יאָרהונדערט אין דעם לעבן פון אַ פאָלק קען אַמאָל אויך זיין פון דער גרעסטער באַדייטונג און עפּאָכע־מאַכנדיק אַ צייט אין וועלכער דער געשיכטלעכער פּנים פון פאָלק זאָל געענדערט ווערן, ווי עס האָט טאַקע פּאַסירט ביי אונזער פאָלק מיט דעם אויפגאַנג פון אונזער זון אין מזרח, ווען די ישראל מלוכה איז אויפגעשטעלט געוואָרן צום דריטן מאָל.

„מיר האַלטן אויך, אַז איצט איז אַ צייט פון כינוס, כל־זמן עס איז נאָך דאָ צייט און די מענטשן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אידישער מוזיק, אין אַלע אירע פאַזן, זאָלן זאַמלען אַלץ, פאַרצייכענען אַלץ וואָס האָט אַ ווערט פאַר אונז, אַזוי אַז דער אידישער שאַפונגס בנין אויף אַלע געביטן, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַמעריקע, זאָל קריגן אַ תיקון.

„דעריבער דאַרף מען באַגריסן אַזאַ ווערק ווי דער אידישער מוזיק פאַר־באַנד האָט אַרויסגעגעבן צו זיין 50 יאָריקן יובל און געוויס פאַרדינט דאָס בוך אַן אָפּשאַצונג. עס קען קיין ספק נישט זיין אַז דער בוך איז אַרויס אַ געראָטן שטיקל אַרבעט און אַ גרויסן טייל דערפאַר וואָס די רעדאַקטור פון בוך איז איבערגעגעבן געוואָרן אין געניטע און זיכערע הענט, אין די הענט פון אַ פאַכמאַן. מרדכי ירדני פאַרמאָגט נישט נאָר אַ פיינעם חוש און געשמאַק פאַר אַזוינע ענינים, נאָר ער איז געבענטשט מיט טאַלאַנט און ער ווייס ווי מען רעאַגירט אַ ווערק. ער האָט שוין באַוויזן פריער, אויף אַ גאָר גרויסן שטייגער מיט דעם בוך „לעאָ ליאָוו — מאָמענטן פון זיין לעבן און שאַפן", וואָס ער האָט נישט נאָר אַזוי מייסטערהאַפט רעדאַקטירט, נאָר טאַקע אַליין געשריבן. מיט דעם ווערק אַליין האָט ער זיך קונה־שם געוועןביידע וועלטן: די וועלט פון אַ שרייבער און די וועלט פון אַן אויסגעצייכענטן רעדאַקטאָר. אין דעם בוך וועגן וועלכן מיר רעדן, איז ירדני אַליין פאַר־טראָטן מיט צוויי אַרבעטן: „פּופּציק יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע", וואָס פאַרנעמט 52 זייטן אין גרויס פאָרמאַט, און אַ צווייטע קירצערע עסיי „פיר כאָרן און זייערע דיריגענטן".

„די ערשטע עסיי איז געשריבן מיט גרויס פאַרנעם און אירע איכות וועגט אַריבער אירע כמות און איז ממש אַ וואונדערבאַרע אָדע צו דער אידישער מוזיק בכלל, צום אידישן ליד, צום אידישן כאָר און צום קאָמפּאָזיטאָר בפרט. ירדני, ווי עס זעט אויס, האָט געשלאָסן אַן אייביקן בונד פון ליבע און איז פאַר׳קנס׳ט געוואָרן לעולם ועד צו דער אידישער מוזיק פון אַלערליי שאַטירונגען. דער אידישער ניגון ווערט ביי אים צעטיילט אויף אַ סך ניגונים און ניגונים׳לעך, מאָטיוון און מאָטיוועלעך, נוסחאות און נוסחאות׳לעך, געזאַנגען און געזאַנגעלעך, זמירות און זמירות׳לעך, ברומען און ברומעלעך, וועלכע לייגן זיך אויס אין פאַרשידענע גוסטן, וואַריאַנטן, קאָלירן, קנייטשן, טאָנאַרטן, שליסלען, ריטמען, פאַלדן, טאַקטן, פיגורן און אַקאָרדן".

„די עסיי איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַן אוצר פון ווערטפולער אינפאָרמאַציע, וועגן אַ גרויסער צאָל מוזיקאַלישע ענינים. דער סטיל אין וועלכן זי איז געשריבן איז פרימאַ שבפרימאַ, אַזוי שטיל מחיה׳דיק און דערקוויקנדיק. געוויינטלעך זיינען פאַך־ענינים נישט לייכט צו פאַרדייען פאַרן געוועגטלעכן לייענער, אָבער ירדני שרייבט דורכאויס ווי אַ פאַכמאַן,

מיט גרויס ערודיציע און וויסן; ער טרעט צו צום ענין אידישע מוזיק, ווי צו אַ מלאכת־הקודש און מיט גרויס פיעטעט און פלאַמיקער ליבע.״

מנשה אַפּענהיים — אַ בריוול פון מנשה אַפּענהיים וועגן ירדני׳ס אַרטיקל. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, נאָוועמבער 24, 1950, נ. י.

„חשוב׳ער פריינט מ. ירדני:

„אייער אַרטיקל „חשבון־הנפש״ אין ראש השנה נומער „וואָכנבלאַט״ האָב איך געלייענט און געלייענט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. איך בין זייער צופרידן, וואָס אַן אייגענער אין דער פּראָפעסיע, וועלכער האָט אַ גרויסן צד און געמיינזאַמעס מיטן אידישן לעבן איבער דער גאָרער וועלט, האָט, און מעג האָבן, די „חוצפה״ און טאַקע אַרויסשרייען פון האַרצן דעם „אוי״ און זאָל מען וויסן, אַז נישט בלויז הפקר הערשט אויף דער אידישער גאַס.

„נאָכאַמאָל, אַ דאַנק פאַרן זשורנאַל און נאָכמער פאַרן אַרטיקל. איך וויל גלויבן און האָפן, אַז אַלע אַנדערע וועלן אייך פאַרשטיין צום גוטן, ווי אַני הקטן,

מיט דרך־ארץ, מנשה אַפּענהיים.״

י. פריד — מרדכי ירדני׳ס נייער רעקאָרד. ניו יאָרק, מאָרגן פרייהייט דעצ. 14, 1964.

„אַ ברייטע גאַמע פון אידישער מוזיק גייט דורך אין מרדכי ירדני׳ס נייעם פאָנאָגראַף־רעקאָרד אונטער דעם נאָמען „שירתי״ (מיין געזאַנג). אַרויסגעגעבן פון דער פירמע „פעימאַס רעקאָרדס״, אַנטהאַלט דער אַלבאָם אַ ריי ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס פון דעם פּאָפּולערן חזן און קאָנצערט־זינגער, לידער פון אידישע און העברעאישע דיכטער, פאָלקס־מאָטיוון און ישראל־מעלאָדיעס. אָט־די וואַריאַציע גיט דעם קינסטלער די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן זיין פולן פאַרנעם מיט זיין אייגענעם נוסח און צוגאַנג. אין דעם דאָזיקן פּרט וועלן די רעזולטאַטן אָן ספק באַפרידיקן די צוהערער.

„מרדכי ירדני׳ס לירישער טענאָר, מיט זיין לאַסטשענדיקן נאָכקלאַנג, לייגט זיך אָנגענעם אויפן אויער. נאָר פאַר אַ זינגער פון ירדני׳ס באַרוף איז שטימע אַליין נישט גענוג. אַליין אַ פאַרטיפטער פאָרשער פון מוזיק, איז ער שטאַרק אַ שטרייגנער מקפיד אויף דעטאַלן. דער פירוש המילות פון אַ קאָמפּאָזיציע, אַן אויסטייטשונג וואָס זאָל דורכדרינגען דעם צוהערער מיט דעם סאַמע תמצית פון דעם געזונגענעם, גילט דאָ ווי אַן ערשטער געבאָט.

נישט קיין קלענערער בייטראַג איז ירדני׳ס לויטערקייט פון דיקציע. מיר האָבן דאָ אַ קינסטלער מיט אחריות און דרך־ארץ.

אין סך־הכל — אַ געראָטענער רעקאָרד, וואָס ליבהאָבער פון אידישער מוזיק וועלן אויפנעמען מיט פאַרגעניגן און השיבות. עס ווילט זיך האָפן, אַז אין זיינע ווייטערדיקע רעקאָרדס וועט אונז מרדכי ירדני צוטראָגן נאָך אַ ברייטערן אויסוואַל פון אידישע לידער, סיי אין דער צאָל דיכטער און קאָמפּאָזיטאָרס, און סיי אין דער טעמאַטיק.״

ג. מנחם (דר. מנחם גלען) — אויפן שפּיץ פון דער פען. מימים ימימה 1954 . . . ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, דעצ. 31, 1954.

„עס זיינען דערשינען אין דעם יאָרגאַנג עטלעכע וויכטיקע אינטערוויוס מיט שרייבער און קינסטלער וועלכע זיינען אַ וויכטיקער בייטראַג צו אונזער ליטעראַטור־געשיכטע. די אינטערוויוס זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם שרייבער־זינגער־קינסטלער מיט דער פלינקער פען מ. ירדני. ער האָט אויך פאָרגעזעצט זיין „וואָרט און קלאַנג״ — אַ מעסעלאַניע פון טעאַטער און מוזיק־קריטיק, אינטימע דערציילונגען א. ד. ג. (לייענט נאָך אַמאָל איבער זיין „נקמה אין אַ ראַבאי אין מערץ־נומער).״

י. ראַבינאָוויטש — חזן ירדני גיט אַ קאָנצערט ביי חנוכה פייערונג. מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, קענעדער אָדלער, 1944.

„דער באַוואוסטער זינגער און שרייבער, חזן מ. ירדני, פון ניו יאָרק, איז לעצטן זונטיק אָוונט געווען דער גאַסט פון דער אָסטראָפּאָליער סאָסייעטי אין בוקאַרעשט זאַל.

„חזן ירדני האָט אָנגעהויבן זיין פּראָגראַם מיט אַ גרופּע ארץ ישראל לידער, אין וואָס ער צייכנט זיך באַזונדערס אויס. דערהויפּט איינדרוקספול איז געווען דער אופן ווי ער האָט געזונגען דאָס פּרעכטיקע ארץ ישראל ליד „יפים הלילות בכנען״ — שיין זיינען די נעכט אין דעם לאַנד כנען. אין זיין זינגען אָט דאָס ליד ברענגט ירדני אַריין געוויסע אַראַבישע חנ׳דלעך, אָבער ער מאַכט עס אָן יענער איבערטרייבונג וואָס אייראָפּעער זיינען געוואוינט אַריינצוטראָגן, ווען זיי אימיטירן אָריענטאַלישן שטייגער, דער רעזולטאַט איז, אַז עס קומט ביי אים אַרויס אמת׳דיק ארץ־ישראל׳דיק. ער האָט אויך פיין געזונגען דאָס ארץ־ישראל׳דיקע ליבעס־ליד „ראיתיה״ און אַ פּאָר

אַנדערע. דערנאָך איז געקומען אידישע פאָלקס־לידער און אייניקע חזנ׳ישע נומערן. צווישן די לעצטע נומערן איז דער איינדרוקספולסטער געווען „מי שעשה ניסים״. חזן ירדני איז זייער ענטוזיאַסטיש אַפּלאָדירט געוואָרן פון דעם גרויסן עולם.״

י. א. ראַנטש — מרדכי ירדני — צו זיין 40־יאָריקער יובל. ניו יאָרק, מאָרגן פרייהייט, מערץ 10, 1976.

„ס׳איז גוט צו טרעפן זיך מיט אַ קאָלעגע שרייבער, וועלכער איז גלייכ־צייטיק אַ מוזיקער און אַ בינע־קינסטלער און הויפּטזעכלעך — אַ פּערזענ־לעכקייט מיט אַ פיבערדיקן אינטערעס פאַרן צאַפּלדיקן אידישן לעבן.

„אַזאַ מענטש איז מרדכי ירדני, וועמעס פערציק יאָריקער מוזיקאַלישע און ליטעראַרישע טעטיקייט וועט געפייערט ווערן אויף אַ גאָר גרויסן אופן, זונטיק נאָכמיטאָק, מערץ 14, אין סעוויל האָטעל, אין מיאַמי ביטש.

„רעדט איר מיט אים, איז ער אַריינגעטאָן אין פערזענלעכע פּלענער פון זיין ליטעראַרישער און מוזיקאַלישער אַרבעט. ס׳איז גענוג פאַר אַ שרייבער צו פאַרנעמען זיך מיט זיין ליד, אָדער נאָוועלע, אָדער עסיי. נאָר ווען מרדכי ירדני איז אי אַן עסייאיסט, אי אַ מוזיק קריטיקער, אי אַ ליטעראַטור־קענער (און לעצטנס האָט ער אָנגעהויבן דרוקן לידער) און — וואו איז ירדני דער קאָמפּאָזיטאָר, דער זינגער, דער אינטערעסאַנטער לעקטאָר און אַפילו דער חזן — פרעגט זיך טאַקע, וואו נעמט זיך צו אים אַזויפיל ענערגיע און אויס־דויער, אַזויפיל ענטוזיאַזם און אינטערעס ?

„איז דער ענטפער, אַז ער איז פאַרליבט אין דעם וואָס ער טוט און דאָס איז זיין עצם לעבן. ער איז אַן אויסנאַם צווישן זיינע קאָלעגן. פון איין זייט איז ער אַ רעאַליסט, וואָס קען אָפּשאַצן דעם נעכטן און דעם היינט ניכטער־הייט; פון דער צווייטער זייט איז ער אַ טרוימער, וואָס וואָלט וועלן זען אַ בליענדיקן גאָרטן, דאָרט וואו דאָס געניטע אויג זעט אַ האַרבסטיקע נאַקעטקייט.

„קומט נישט איינמאָל פאַר אין אים אַ מין ויתרוצצו. איר זעט אים אויף די שפּאַלטן פון פאַרשידענע צייטשריפטן, אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָ־נימען און איר טראַכט ווי קומט ער אַהין, נאָר ווען איר לייענט איבער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט, זעט איר אַז זיין וואָרט איז ריין, געלייטערט און שטרעבט צו פּאָזיטיווקייט.

„און נאָכפאָלגנדיק אים לאַנגע יאָרן, קומט איר צום אויספיר, אַז וואו ער זאָל זיך נישט האָבן געדרוקט און וואָס ער זאָל נישט האָבן געשריבן, האָט ער זיין יוגנטלעכן אייפער נישט אָנגעוואָרן, איז ער היינט צו טאָג צו זיין 40־יאָריקן יובל, געבליבן דער בויער, דער טרוימער פון אַ בליענדיקן אידישן לעבן דאָ און דאָרט און איבער גאָר דער ערד.

„אַ צאָל לידער מיט ירדני׳ס מוזיק זיינען געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער איבערן לאַנד.

„צו זיין 40־יאָריקן יובל ווילט זיך ווינטשן דעם דינאַמיש־ענערגישן און תמיד פילבאַרן מרדכי ירדני, אַז ער זאָל אויף ווייטער זיין באַשאָנקען מיט זיין יונגטלעכן ברען לטובת אונזער קולטור. זאָלן זיינע טרוימען אויפן מוזיקאַלישן, שרייבערישן און געזעלשאַפטלעכן געביט פאַרוואַנדלט ווערן אין מעשים, פון וועלכע מיר וועלן אַלע געניסן.

„חזק, מרדכי ירדני!!״